ש. טענענבוים

# שניט פון מיין פעלד

עסייען
דערציילונגען
מיניאַטורן

אַרויסגעגעבן מיט דער קאָאָפּעראַציע פון
דעם ש. טענענבוים בוך - קאָמיטעט

ניו־יאָרק, 1949

# HARVEST

## Essays and Stories

## By S. TENENBAUM



דאָס בוך דערשיינט אין 1500 עקזעמפּלאַרן

אַדרעס פון מחבר:
S. TENENBAUM
23 West 93 Street
New York 25, N. Y.

PHOTO OFFSET BY
PASSANTINO PRINTING CO., INC.
250 WEST 49TH STREET, NEW YORK CITY
CIRCLE 6-5757-8-9

155

# ר׳ שלמה אבן־גבירול

## (היסטאָרישע דערציילונג)

די ציטאַטן פון ר׳ שלמה אבן-גבירול׳ס, ר׳ שמואל הנגיד׳ס און ר׳ יהודה הלוי׳ס פּאָעזיע — גענומען פון י. י. שווארץ׳ס „העברייאישע פּאָעזיע״-אַנטאָלאָגיע.
— ש. ט.

עס איז געווען גרויסער זון-אונטערגאַנג: ווי אומגעהייערע רויזנ-בלעטער, האָבן זיך געצונדן די הימלען, איין הימל נאָכן אַנדערן, אַזוי ווי אַ קאָסמישע בלום. אָט באַלד וועט דאָס פייער אָנצינדן דאָס האַרץ און דאָס העמד פון גאָט. גאָט וועט אַ שרעקלאַכן געשריי טון, אַז אַלע הימלען און אַלע ערדן וועלן זיך צעברעכן, וועלן זיך צערייסן, און אַרונטערפאַלן אין תהום ווי אַ שניי. ר׳ שלמה אבן גבירול איז געלעגן אויסגעצויגן איבער אַ קופּע שטיינער. איז נישט זיין ברודער אין גייסט, יעקב אבינו, געשלאָפן אין באר-שבע אויף קיזל-שטיינער און די שטיינער זיינען געוואָרן וואַרעם און אים צוגעדריקט צו זיך ווי ווי פּלאַמענדע טעכטער?

האָט נישט אַ גרויסער חלום זיך געעפנט צום יונגען יעקב און מלאכים זיינען געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ, אין גאָלדענע סאַנדאַלן, אין שטראַליקע העמדער? וועט זיך דער הימל ווידער נישט עפענען און מלאכים וועלן אַרונטערגיין צו גריסן דעם פּאָעט — זיין בריליאַנטענע נשמה אַרויפצוטראָגן צו גאָט — די דאָזיקע זיידענע, גרויסע נשמה, וואָס האָט אין זיין קערפּער דרייסיק לאַנגע יאָרן געשמאַכט און גרייט זיך איצט אַרויפצוגיין צו גאָט?

עס זיינען צוויי אַנטקעגנגעזעצטע וועגן; ער, ר׳ שלמה, וואָס טראָגט דעם נאָמען נאָכן וויזן קעניג שלמה, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט אַלע וויסנשאַפטן און אַלע פּאָעזיעס, וואָס האָט געליבט די פרויען פון אַלע פעלקער און אויפגעבויט דעם געוואַלטיקן בית המקדש אויף דער ערד; וואָס האָט זיך געשלאָגן מיטן אשמדאי און האָט פאַרפאַסט שיר השירים, משלי און קהלת — געגליכן צו די דריי פּאָזן פון מענטשלעכן לעבן — ער, ר׳ שלמה, האָט שוין אַלס קינד געטראָגן דעם שמערץ אין זיין ברוסט. ער האָט זיך זיין גאַנץ לעבן איבערגעגעבן דעם גייסט, האָט געפאָרשט די וויסנשאַפט, האָט פאַרפאַסט פילאָזאָפישע ווערק, האָט געשריבן געטלעכע פּאָעזיע — ער, וואָס האָט שטענדיק נעגירט די ליידן און די באַגערן פון זיין קערפּער. אָט איז דער קוואַל און דאָס וואַסער וואָס רינט אַרום אים און בלייבט שטיין פאַרגליווערט ווי שפּיגלען. דאָס וואַסער איז שוואַרץ ווי מאַרמאָר און ער קוקט דערין אַריין. נישט קיין זעלבסט-פאַרליבטער נאַרציז שפּיגלט זיך דערין. עס שפּיגלט זיך ר׳ שלמה אבן גבירול, וואָס גייט אין דער דאָזיקער שטונדע שטאַרבן. און איצט, בשעת ער קוקט אַריין

אין דאָזיקן טונקעלן וואַסער-שפּיגל — גייען אויף די שטערן, בלוי און בליציק, וועלכע ער וועט באַלד קענען באַרירן מיט זיינע הענט, אַזוי ווי אַ קינד, אַ קרוינפּרינץ, שטרעקט אויס זיינע הענטלעך און באַרירט די פעסטע דיאַמאַנטן און שטיקער געשמידטע גאָלד אין זיין פּאָטערס קרוין. ער וועט באַלד אָט די שטערן באַרירן מיט זיינע אייגענע הענט. און ווער ווייסט, ער וועט זיי אפשר שלאָגן. און אָט רעפלעקטירט זיך זיין געזיכט. איז עס נישט ענלאַך צו שלמה המלכ׳ס געזיכט, אין די טעג ווען ער האָט געשריבן קהלת — ווען ער האָט די וועלט געהאַט פאַרענדיקט און האָט געמאַכט זיין חשבון הנפש מיטן קאָסמאָס. עס זיינען די אויגן פונם קעניג, וואָס פלאַמען איצט מיט פיבער. מיט פייער פלאַמען זיי איצט פון אַ קראַנקהייט וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן פאַרצערט. עס איז די שווינדזוכט, וואָס האָט פילע זין און טעכטער פון זיין משפחה אומגעבראַכט און יונגערהייט געטריבן אין דר׳ערד. די קראַנקהייט פון די גייסטיקע אַריסטאָקראַטן. און אָט ראַמט אַרום זיין בלייך געזיכט — די מאַסקע פון אַ פּרינץ און קלאָון, איינגעשמירט אין בלוט, ווי אַ קלאָונס געזיכט אין רויטע פאַרבן — אָט ראַמט אַרום זיין בלאַסן פּנים — די רויטע באָרד. די פלאַמנדיגע באָרד. האָט זי נישט זיין וועג באַלויכטן אין פינסטערע נעכט, ווען ער האָט זיך אויף זיינע וואַנדערונגען געטראָגן איבער שפּאַניענס נאַכטישע בערג און אומשטערבלאַכע לאַנדשאַפטן. די רויטע באָרד, די צעפּלאָשעט-רויטע האָר, וואָס וועט בלייבן לאַנג נאָך ברענען, ווען זיין געזיכט וועט ווערן איינגאַנצן פאַרלאָשן. ווען עס וועט ווערן אָפּגעמעקט פון דעם באַריר פון טויט, אַזוי ווי אַ קעניגס געזיכט ווערט אָפּגעמעקט אויף אַ מאָנעטע, ווען הענט פון פילע דורות — ווען הענט טויזנטער פון הענדלער, ים-פאָרער, פּראָסטיטוטקעס און רויבער באַרירן עס. די רויטע באָרד וועט פלאַמען. זי וועט זיך באַזעצן אויפן געזיכט פון אַ צווייטן נביא. עס איז די באָרד וואָס באַרירט ווי אַ יראַם פון גאָלד — ווי אַ פלאַמענדער אימאַזש — אַלע נביאים פון דער ערד — ביז צו וואַן-גאָג, וואָס האָט ווידער די רויטע באָרד אויסגעמאָלן אין רויטע קאָלירן אויף זיינע פאַרצווייפלטע און האַמלעטישע זעלבסט-פּאָרטרעטן. און ר׳ שלמה אבן גבירול קוקט מיט טרערן אין די אויגן אויף זיך אליין. עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס ער האָט זיך דערזען אין טונקעלן וואַסער, אויפן אונטערגרונט פון גרויסע שטערן וואָס גלאַנצן אַזוי העל אינם ברודיקן וואַסער. און אַ

גרויסער מיטלייד באַהערשט זיין האַרץ צו זיך זעלבסט. אין אָט־דעם קופּערנעם זון-אונטערגאַנג, ווען גאָט האָט מיט אַ ברייטער האַנט אַלע האָריזאָנטן פאַרוואַנדלט אין פרעסקאָס, ווען מלאכים גייען אויף פאַרצאַפּלטע אויפן הימל, אין רויטע העמדער, ווי אין שאַרלאַך-מאַרטירערישע העמדער, און וועלכע וועלט-דערלייזער ווערן געפירט מיט זייערע קרייצן אויף די בלוטנדיקע אַטלאַס-פּלייצעס — איצט האָט זיך ר׳ שלמה אבן גבירול צום ערשטן מאָל דערזען, אין מאָמענט פון חשבון הנפש, ווען אַן אַראַבערס האַנט וועט באַלד דערשיינען און אים טויטן. לאָזט אים אַ ווײַלע רוען. לאָזט אים זיך באַטראַכטן, עפּעס ווערט צום ערשטן מאָל דער גוף — זיין גוף, צו וועלכן ער האָט קיינמאָל קיין אויפמערקזאַמקייט נישט געשאָנקען — אים טייער, אים הייליק. האָט ער נישט דרייסיק יאָר לאַנג אָט דעם גוף נישט דורכ-

געטראָגן אויף דער ערד — אין ליידן און אין יסורים, אין איינזאַמקייט און טרויער. ער זעט אים איצט, אין דער רעפלעקציע פונם וואַסער. זיין גייסט וויל אים, דעם גוף, אַרומכאַפּן, אים אויסקושן די גלידער, אים האַלזן. ער וועט זיך באַלד דאַרפן געזעגענען מיט אים. בשעת זיין נשמה וועט שטאָלץ שטייגן אין פייער צו די הימלען, צו גאָט, וועט זיין גוף פאַלן טיפער אין דר׳ערד. ער וועט ווערן אָפּגעמעקט פון דער ערד, ווי א כוואַליע אין ים, ווען זי ווערט צוריק דער גאַנצער ים. דאָס געזיכט וועט זיך פאַרלעשן, די האַנט פון צייט וועט אָפּמעקן אָט דאָס בלאַסע געזיכט. די באָרד וועט מיט דער צייט אויפהערן צו פלאַמען און ר׳ שלמה אבן גבירול׳ס גייסט וועט זוכן דורך די יאָרטויזנטער זיין גוף. ער וועט אים נישט געפינען.

ער וועט אים געפינען אין דער דערינערונג. דען אַזוי ווי די נשמה געדענקט אין די שענסטע, עקזאַלטירטע רגעס אַלע וואונדער פון די הימלען, אַלע לייכטנדע מלאכים-געזיכטער, ליכטיגע ווי גאָלדענע מנורות — אַזוי געדענקט די נשמה אין הימל, נאָכדעם ווי זי גייט אַוועק פון דעם קערפּער, אַלע איבערלעבענישן פון דער ערד. די נשמה טרוימט און אַמוזירט זיך מיט די איבערלעבעניש פון דער ערד. מיט א בליק פון א יונגער פרוי. מיט דעם וויאַנענדיגן בלאַט פון א רויז, וואָס לעבט א קורצע ווײַלע. מיט א לילא-בלייכן שמערטערלינג, וואָס שטעלט זיך אָפּ אויף א האָניג-רויטער בלום, פאַרווײַלט דאָרט א ווײַלע און טאַנצט אַוועק א שיכור׳ער אין דער לאַזור-בלויען רוים. דער גײַכט, אין אילומינירטע הימלען, שליסט אָפּט זיינע אויגן, כדי צו געדענקען אן ערדישע נאַכט, ווען זיינע אויגן האָבן אַרויפגעקוקט צו די אומגעהייערע שטערן-וועלטן און געוואָרן שיכור פון דער געוואַלטיקער קאָסמישער פּאַנאָראַמע.

און ר׳ שלמה אבן גבירול, אַזוי ווי ער וואָלט שוין געווען א הימלישער, א דערלייזטער, געדענקט זיין גוף נאָך פון דער פריער קינדהייט. פון דער צאַרטער יוגנט.

עס איז געווען ביי א פרישן, קלאָרן טייך אין מאַלאַגאַ. ער איז געווען נאָך קינד און גרייז. די אינגלאַך פון חדר האָבן אים אין א שבת נאָכן טשאָלנט מיטגערופן צום טייך. די זון, זי האָט געפלייצט מיט בראָנז, מיט ליקידן גאָלד, איבער דעם טייכס לויפנדיקן קערפּער, איבער דער באַוועגונג פון זיינע זוניגע אָדערן. איבער די גרינע לאַנקעס, וואָס האָבן זיך געצויגן אין דער ווייטקייט אַוועק, צו די בערג און צו די טאָלן די געטלאַכע. עס האָט אויסגעזען ווי גאָט׳ס גייסט וואָלט רוען איבער דער לאַנדשאַפט. דער קליינער שלמה האָט אַראָפּגעוואָרפן זיין העמדל, דאָס דינע, לופטיקע, זיידענע העמדל. א צאַרט ווען — דער ווינט — טוט אים אוים די גרינגע הייזלעך. זיינען עס דער מאַמעס הענט וואָס טוען אים אוים די הייזלעך? די דאָזיגע הענט, בלאַסע און זיידענע, האָט ער קיינמאָל פריער נישט געזען. ער איז געבליבן יונגערהייט א יתום. און עס איז פאַראַן שרעקלאַכעס אין דעם פאַקט אז א קינד, א קליין אינגל, ווערט נישט געצערטלט פון קיין פרוי, פון קיין יונגער מוטער, וואָס זאָל אים דריקן צו איר האַרץ, אָנזויגן מיט איר ווייסער ברוסט, טראָגן אויף דער האַנט אָדער איינדעקן דאָס קינד ביינאַכט אין וויגל און לאָזן איבערן קינדס מיילכל א זיסן קוש — און א מלאך, **א גוטן מלאך**, וואָס זאָל עס איינוויגן און איינ-

זינגען מיט הימלישע לידער. די צערטלאכקייט פון א פרוי, דורך דעם ליבן וועזן פון א מוטער, וואס בלייבט לעבן דורכן גאנצן לעבן אין דעם זכרון פון א מאן — האט ר' שלמה אבן גבירול קיינמאל נישט געפילט. און איצט, ווען ביימער רוישן מיט זייערע מעכטיקע צווייגן אין דער לופט, אזוי ווי כוואליעס מיט באפליגלטע וועזנס וואלטן זיך טראגן אין דער הויך — איצט האבן אין ווינט זיך באוויזן דער מוטערס הענט און ער הערט א קרעכץ, א געוויין. עס איז דער מוטערס געוויין, וואס קומט און פארגייט מיטן ווינט. ער שפרינגט אריין נאקעטער-הייט אינם וואסער. זיין גייסט ווערט פריש. די הויט ציט זיך איין. זיין לייב פארלירט די גלאטקייט פון גלאז. ער זעט זיינע חברים ברויען אינם וואסער. טאנצן אינם וואסער. זיי זיינען לוסטיק. און אט טויכט אויף אין דער דאזיקער מינוט דאס געזיכט פון זיין פא-טער, ר' יהודה... אויך ער איז שוין לאנג טויט. נאר ער לעבט. אט רעדט עס צו אים — אט צעווייגט זיך עס פאר פרייד. עס איז טאקע זיין פאטערס געזיכט. ווי פארצערט עס איז! דאס געזיכט פונם אלטן איד', וואס האט געמוזט יונגערהייט אוועקגיין פון דער וועלט, א פאר-פאלגטער פון די קריסטן, פון די געצנדינער. פון קארדאווא פליכטעט ער קיין מאלאגא. עס לעבט נאך דאן זיין יונגע פרוי. און אין מאלאגא ווערט זי שוואנגער מיט אים. מיט שלמה'ן. ווי דעם טאטנס געזיכט ציטערט אין דער לופט. ציטערט ווי א זייפנבלאז. שווער צו דער-האלטן דעם טאטן אין דער לופט. אט טראגן זיי זיך ביידע אוועק, געארעמט, געהאלזט, אין די לופטיקע בלויקייטן, די יונג-פארשטאר-בענע טאטע-מאמע...

און אט רום דער יונגער שלמה אויף דער גרינער, ווייכער און פליושענער לאנקע. און הויך דערהייבט זיך א הימל, פול מיט פריינט-לעכע, זוניקע וואלקנס. א גרויסער ענערגיע-טאנץ קומט דארט פאר. א כאר פון עלעמענטן זינגען. א גרויסע קאסמישע אקטיוויטעט גייט אן. און עס איז ווי די ערד וואלט איינגאנצן פארשוואונדן. בלויז דער אבזערווירנדיקער גייסט גייט אן מיט זיין זען, זיין וויזיע. און איז דאס אלץ נישט בלויז א פארהאנג צו א געוואלטיקער הימלישער רעאליטעט? איז עס נישט בלויז א נעפל וואס פארהילט א פאנא-ראמע, וועמענס שיינקייט קען בלינד מאכן א מענטשלעכן אויג? איז עס נישט ווערט זיך צו ווידמען צו אט דער שיינקייט פון הימל? וועט ער זיך נישט ווידמען זיין גאנץ לעבן צו דעם רויש פון די וואלקן פליגל, צו דעם כאר פון פלאנעטן, צו דער דראמע פון קאסמאס?

און צוגלייך מיט דער וויזיע פון א הימלישער רעאליטעט, גייט אויף אין זיין יונגער ברוסט א גרויס געזאנג. עמעץ שפילט דארט — א פארקליידעטער גאט — אויף א גאלדענער הארף. די סטרונעס, פעטע ווי האניג, שטראלן מיט א געהיימען זוניקן ליכט. א וואונ-דערלעכע געטין בויגט זיך איבער אים אריבער, קושט אים אריין א זים געזאנג, הויערט אין אים אריין א טראגישע מעלאדיע. א מעלא-דיע פון וועלטן-שמערץ און מענטשן-עלנט. איינזאם אויף דער וועלט, וועט ער צום ערשטן מאל זינגען וועגן מענטשן-איינזאמקייט. ער וועט שמיין בלייבן א ווילע אין זיין אייגענעם הארצן. ער וועט זיך צו-הערן צו זיין אינערלעכער שטימע. איז נישט דער מענטש די פריז-

מע צום קאָסמאָס? גייט ניט ערשט דער קאָסמאָס דורך זיין אינער-לעכע, זיין פּערזענלעכע וועלט? וועט נישט זיין ליד ווערן דער אויס-דרוק פון דעם ליידענדן מענטש אויף דער ערד? פון דעם געקרייציקטן? און ערשט דאַן, דורך ליידן געפּאַנצערט, וועט ער זיך דערהייבן צום אומענדלאַכן, צו די וואונדער פון גאָט, צום כּאַר פון קאָסמאָס.

עס איז אין יענעם שבת'דיקן נאָכמיטאג, אונטער דער הימלי-שער פּאַנאָראַמע, אויף אַן ערדיש-גרינער לאַנקע אוועקגעלייגט — ווען ר' שלמה'ס דערוועקטער געניוס האָט געחזרט פאַר זיך די פערזן:

„איך בין האר — און דאָס ליד איז מיין קנעכט,
כ'בין פאַר זינגער און דיכטער די האַרף;
און מיין ליד איז א דימענט אין קרוין
פון א מלך, — געשליפן און שאַרף.
און מיין גוף גייט ארום אויף דער ערד,
און עס שוועבט אין די הימלען מיין גייסט:
זעכצן יאָר בין איך אלט און מיין האַרץ
איז פאַרשטענדיק, ווי ס'האַרץ פון א גרייז."

דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע איבערלעבונג פונם העברעי-אישן דיכטער. ער האָט זיך באַקאַנט מיט זיינע עלטערן — דורכן פאַר-האַנג פון הימל. ער האָט זיך באַקאַנט מיט זיך — דורך זיין נאַ-קעטן קערפּער. ער האָט זיך באַקאַנט מיט א פרוי, וואס זינגט אין אים אריין טראַגישע מעלאָדיעס. ער האָט זיך באַקאַנט מיט דער נאַ-טור, וואס וועט שפּעטער ווערן די לאַנדשאַפט פון גאָט — וואָס וועט ווערן אָנגעפילט מיט גאָט, ווי א מילגרוים מיט וויין.

א פויגל איז שנעל פאַרבייגעפלויגן און האָט אין דער לופט גע-פאָטשט מיט די פליגל. נידעריק צו דער ערד, אויפן מערב-האָרי-זאָנט, איז אָפּגערונען דאָס גאָלד פון דער זון. דאָ וואו עס האָט ערשט געגליט אויפן הימל, איז אויפגעגאַנגען א בלויע אשיקייט. די וואָלקנס זיינען געוואָרן בערג אש. רואינען פון פינקלענדע פּאַלאַצן. די לבנה איז ארויפגעשוואומען — א גאָלדענער שאַרבן פון א פירש-טין, אין וועלכע די שאָטנס, די וואָלקנס, טרינקען גאָלדענעם וויין און טרעמפּעווען שיכור ארום אויף די הימלען. ר' שלמה אבן-גבירול האָט זיך דערמאָנט זיין לעבן...

* * *

עס גייט פאַר אים אויף די שטאָט סאראַגאסא און דער זיבעצן-יאָריקער בחור, ר' שלמה אבן-גבירול. זיבעצן יאָרן! ער פילט זיך וועלט-אלט — טויזנט יאָר אלט. און דאָך איז עס געווען זיין פרי-לינג, זיין יוגנט, זיין אינערלעכער אויפשטראַל. סאראַגאָסא איז פול מיט וויין, ווייב און געזאַנג. אין יעדן וויים-געקאַלעכטן הויז וואוינט א וואונדער-שיינע טאָכטער פון שפּאַנישן פאָלק, און די אידן וואָס טראָגן נאָך אויף זיך דעם הויך פון ארץ ישראל. און די נאַטור, אוי-סער סאראַגאסא, איז רייך אין פּאַלמען און אין בלומען אלערליי און — עס איז דער אויפשוואונג פון דער מארישער אימפּעריע.

אין די פינף יאָרהונדערטער, נאָכפאָלגענדיק דעם טויט פון יענעם פלאַמיקן מדבר-מענטשן, מאהאָמעט, וואס האָט פאַראייניקט ווי א פייער אלע שטאַמען און מחנות פון דעם ברענענדיקן מדבר — איז

אויפגעשטאַנען א ציוויליזאַציע, וואס איז געווען די שענסטע און די רייכסטע וואס האָט עקזיסטירט אין אייראָפּא צו יעדער צייט. די אראבישע קאַליפן האָבן באשעפטיקט די ארכיטעקטן, באַאַמטע און אינטעלעקטואַלן פון דער ביזאנטינישער אימפעריע. עגיפטן, גריכנלאַנד, פערסיע און אינדיע האָבן פיל ביי געטראָגן צו דער קולטור פון שפּאַניען. די קאַליפן זיינען געווען פאראינטערעסירט אין לערע, אין וויסנשאפט, אין נייע אנטדעקונגען, אין טעכנישע דערגרייכונגען — מער ווי אין קרעאטיווער שאפונג. זיי האָבן געהאט גלענצנדע סיסטעמען פון רעגירונגען און גוטע מעטאָדן ווי אזוי איינצומאָנען שטייערן. די וועגן פון דער אַלטער, רוימישער אימפעריע, וואס זיינען געווען פארוויסט און צעשטערט, אָפּגעמעקט פון דעם ליב פון דער ערד — זיינען ווידער געוואָרן אויפגעשטעלט און זיי האָבן געמאכט נייע וועגן, כדי די אימפעריע זאָל זיין קעגנזייטיג פארבונדן און זיין גוט אָרגאַניזירט. זיי האָבן געהאט א פיין-איינגעאָרדענטן סיסטעם פון פּאָסט-נעצן איבערן לאַנד און זיי האָבן געמאכט קאנאַלן און עס איז אַנטוויקלט געוואָרן יענער וואונדערלעכער סטיל פון ארכיטעקטור, וואס האָט ארויסגעצויבערט דעם דאַם, באדעקט מיט ריינע גאָלד וואָס לייכט אין דער זון, די גראציעזע מינאָרעטן און די רייכע אראַבעסקן, וואָס האָבן אזוי הערלעך דעקאָרירט זייערע מאָשעען. זיי האָבן געגרינדעט גרויסע אוניווערסיטעטן, וואס האָבן איבערשטיגן די יעניגע פון קריסטלעכן אייראָפּא, פאר פילע יאָרהונדערטער. די אוניווערסיטעטן פון באגדאד, קאירא און קאָרדאָווא זיינען געווען בארימט. די אוניווערסיטעט פון קאַירא האָט געהאט צוועלף טויזנט סטודענטן. און אין זיי פלעגט מען לערנען אלע וויסנשאַפטן פון דער וועלט. די גרעסטע אראבישע אויטאָריטעטן האָבן דאָרט געלערנט און די ווענט זיינען געווען דעקאָרירט מיט ליבע-פערזן פון אלטע גרויסע דיכטער. און די פענכטער פון די אוניווערסיטעטן — פול מיט וואַזאָנען, מיט לופטיגע, פארביגע, צארטע בלומען. גרויסע דענקער, דאָקטוירים און פּאָעטן זיינען פון דאָרט ארויסגעגאַנגען, און זיי האָבן געגרינדעט געוואַלדיגע ביבליאָטעקן. אַ טייל פון זיי האָבן אנטהאַלטן איבער הונדערט טויזנט גוט-געבונדענע ביכער און זעלטענע מאַנוסקריפּטן. די ביכער זיינען געווען גלענצנד קאַטאַלאָגירט און אראנזשירט. די פילע קריסטן וואס האָבן שטודירט אין דער אוניווערסיטעט אין קאָרדאָווא, האָבן פארשפּרייט קולטור און געלערנטקייט אין די לענדער כּון וואַנען זיי זיינען געקומען און האָבן געהאט א געוואַלטיקן איינפלוס אויף די אוניווערסיטעטן פון פּאריז, אקספאָרד און איטאַליע. איינער פון די בארימטסטע סטודענטן פון דער אוניווערסיטעט אין קאָרדאָווא איז געווען גערבערט, וואס איז שפּעטער געוואָרן פּויפּסט סילוועסטער דער צווייטער, וועלכער האָט א סך געטון פאר דער אַריינפיהרונג פון מאטעמאטיק אין אייראָפּא.

די מחמדנער האָבן דערפונדן די אראבישע נומעראציע. אלגעברע איז זייער באשאפונג. זיי האָבן שטארק אנטוויקלט טריגאָנאָמעטריע, „אָפּטיקס" און אסטראָנאָמיע — די וויסנשאפט פון די שטערן. זיי האָבן דערפונדן דעם פענדולום; זיי האָבן געשטויסן פּאָרויס דעם פּראָגרעס אין מעדיצין; זיי האָבן שטודירט פיזיאָלאָגיע און היגיענע. זיי האָבן דורכגעפירט די קאָמפּליצירטסטע אָפּעראציעס און האָבן געוואוסט ווי אזוי צו באנוצן אנעסטעטיק. ווען אין אייראָפּא האָט די

קריסטאַלאַכע קירכע פאַרבאָטן די נאָרמאַלע מעדיצינישע באַהאַנדלונג פון פּאַציענטן; ווען רעליגיעזע ריטואַלן, ווי דאָס אַרויסטרייבן שלעכטע גייסטער און טיילן פּונ׳ם קראַנקען, איז שטאַרק געווען אין דער פּראַקטיק; ווען שאַרלאַטאַנען האָבן זיך געהאַלטן פאַר גרויסע היילער פון מענשן — דאַן האָט די אַראַבישע וועלט אַנטוויקלט מעדיצין. און אוויצענא (980-1037) איז געווען זייער גרעסטער מעדיצינער.

די מאַהאַמעדאַנער האָבן געהאַט אַ רייכע ליטעראַטור און זיי זיינען געווען מייסטער אין פּאָעזיע, אין וועלכע די ליבע האָט געפּייערט איר וואונדערלאַכן קאַרנאַוואַל און דער טויט האָט זיך איבער אַלץ באַדעקט ווי אַ שאָטן.

די בלום פון זייער קינסטלערישער שאַפונג איז יענער פאַנטאַס-טישער וואַזאָן פון די מעשה׳לאַך פון שעכערעזאַדע, וואָס ווערן דער-ציילט אין אַ טויזנט און איין לבנה-נאַכט — אויך אונטערן אַנגסט פון טויט. די דראַמע פון מענשלאַכע קאַמפן, געפאַרן, אַוואַנטיורס, ריי-זעס און געדאַנקען — ווערן דערציילט פון אַ צום-טויט-פאַראורטיילטן, בלייכן מיידל צו דעם גרויסן קעניג שאַכריער — איר שיקזאַל, איר מאָנסטער-גורל. אין דער דאָזיקער טויט-שרעק פון אַ צאַרטער מיידל ווערט אַרויסגעוואָרפן צום אייביקן שיין אַ וועלט פון לויטער דראַמע און אַוואַנטיורע. אין די מעשה׳לאַך פון דער מיטלליידספולער שעכע-רעזאַדע קומען צום אויסדרוק די מנהגים, די פּסיכאָלאָגיע, דער כאַ-ראַקטער, דאָס אָרט לעבן פון דער מוסולמאַנישער אימפּעריע, הגם די מעשה׳לאַך זעלבסט זיינען איבערגעטראָגן פון אַלט-עגיפּטן, פון פּער-סיע און פון אינדיע און זיינען אויף עטלעכע טויזנט יאָר אויסגע-באָרגט געוואָרן פון דער שטאַרבנדיקער, טויט-אַנגסטיקער שעכערע-זאַדע, אין וועמענס שרעקנדיגן מויל די מעשות ציטערן און שוואַנקען און שניידן זיך דאַך אַריין אין די געהירן ... די מענשן מיט דעם שאַרף פון בליצן.

און די מוסולמאַנישע וועלט האָט אָנגעהויבן צו פּראָדוצירן פּאַ-פּיר — אָט דאָס געבענטשטע און פאַרשאָלטענע קאַנווע, אויף וועלכן די צוקונפט וועט אָנשרייבן איר גאַנצע קולטור. לערנענדיג עס פון די כינעזער, האָבן זיי די דאָזיגע טייערע דערפינדונג איינגעפירט אין

אייראָפּע. פריער זיינען ביכער געשריבן געוואָרן אויף פּאַפּירוס אָדער פּאַרמעט. ווען די מוסולמאַנער דעראָבערן עגיפּטן, ווערט אייראָפּע אָפּגעשניטן פון דער פּאַפּירוס-פּראָדוקציע.

די מוסולמאַנער האָבן געאַרבעט אין אַלע מעטאַלן — גאָלד, זיל-בער, קופּער, בראָנז, אייזן און שטאָל. זיי האָבן געהאַט די בעסטע טעקסטיל-פאַבריקן, פון וואַנען עס זיינען אַרויסגעגאַנגען די פיינסטע שטאָפן, דער שענסטער סאַמעט און זיידנס, די דינסטע שאַלן, די שפּינ-וועבסטיגע וואַואַלן, איינגעהילט אין צויבער פון קאָלירן. זיי האָבן געמאַכט די איידלסטע, קרישטאַלענע גלאָזוואַרג און פאַרביקסטע, קינסטלערישע „פּאַטערי". זיי האָבן געוואוסט ווי צו מאַכן אַלערליי קינסטלעכן לעדערוואַרגן. זיי האָבן געמאַכט טייערע זאַפטן און סיראָפּן. און צוקער האָבן זיי פּראָדוצירט און די טייערסטע, שטאַרקסטע, די עסענצפולסטע וויינען, וואָס האָבן דור דורות-לאַנג פאַרשיכורט די מענשהייט. זיי האָבן פּראַקטיצירט פאַרמעריי אויף אַ וויסנשאַפט-לאַכן אופן. זיי האָבן געוואוסט דעם סוד פון באַפרוכפּערן די ערד. זיי

האָבן אנטוויקלט האַרטיקולטור און האָבן ארויסגעבראכט די פיינסטע סינטעזן און קאָמבינאַציעס פון פרוכטן און בלומען. זיי האָבן פון ווייטע לענדער, פון אָריענט און אזיע, געבראכט — ווי אויף פליגל — וואונדערלאכע פלאנצן,ביימער און זיי פארפלאנצט אין דער ווייכער און רייכער ערד פון מארישן שפּאַניען.

זייער האנדל האָט פארפלייצט די גאנצע ערד, אָנגייענדיק אזש ביז כינע און די אינדישע לענדער, ביז אפריקע און רוסלאנד, און צו די לענדער ארום דעם באלטישן ים. זייערע קאראוואנען האָבן גע-צויגן פון איין ברעג פון זייער אימפּעריע צו דער אנדערער און איבער אלע אָקעאנען האָט מען געקענט זען די צעפלאַטערטע שוים אַרום מו-סולמאנישע שיפן. די מארקן וואס זיי האָבן געהאלטן אין באגדאד, סאכארא און סאמארקאנד זיינען באזוכט געוואָרן פון סוחרים פון אלע טיילן פון אייראָפּע און אזיע.

די אראבישע וועלט האָט זיך דערהויבן ווי א גרויסער, בליענדי-קער אינזל אין שפּאַניען, ווייט פון די קריסטן וואס האָבן פארדאָרבן דעם נאַטירלאכן שוואונג און בלי פון די מענשלאכע ענערגיעס, פון די מענשלאכע מוסקולן און מוחות; ווייט פון דער טערקישער אימ-פּעריע, וועמענס פאנאטיקער האָבן פארניכטעט אלע קינסטלערישע, פילאָסאָפישע און וויסנשאפטלאכע דערגרייכונגען, ווייל זיי האָבן גע-האלטן אז עס איז אין געגנזאץ צו רעליגיע. שפּאַניען האָט געבליט מיט אקציע און ענערגיע. עס איז געווען דער קולמינאַציע-פּונקט פון דער מוסולמאנישער אימפּעריע — און אידן זיינען געווען שטאַטס-לייט און דענקער, געשעפטס-פירער און אונטערנעמער; און אינמיטן פון אָט דעם געוואלטיגן אויפבלי פון לאנד — זעט זיך ר׳ שלמה אבן גבירול אין סאראגאָסא, א זעכצניאָריגער בחור, אין הויז פון ר׳ יקותיאל אבן האסאן.

ר׳ שלמה אבן גבירול איז צו 16 יאָר שוין בארימט אין בבל, מצרים און שפּאַניע. פונדעסטוועגן בלייבט ער מעלאנכאָליש גע-שטימט. געלאָזן אָן א פאמיליע, אָן עלטערן, אויף דער וועלט — האָט ער פארזאמט די צערטלאכקייט פון א מוטער, די ליבלאכקייט פון א שוועסטער, די ערנסטע באציאונג פון א פאָטער. נישט לעבנדיג מיט קיין מוטער און שוועסטער אין דער יוגנט — וואקסט ער אויס אין פרעמדקייט צו דער פרוי, צו אָט דער באשעפעניש אויף דער ערד, וואָס דעמאָנסטרירט זינד און היילינקייט. פאראט, פאלשקייט און גוטס-קייט און זעלבסאויפאָפּפערונג. יקותיאל׳ס אבן האסאנס פאלאץ איז פול מיט קאריערעסטן און אינטעלעקטואלן; פול מיט יונגע אידישע רעגירונגס-באאמטע און שטאַטסמענער.

ער ווערט רייך, באנוצט די אראבישע שפּראך. די דאמען, ווי גע-באָדן אין זון, דעקלאמירן די אראבישע ליבע-און-טויט-דיכטער. און בלייך און איינזאם פּאָרעט זיך דאָ ארום, ווי א פארבלאָנדזשעטער פּרינץ, ר׳ שלמה אבן-גבירול.

די דאמען פון פאלאץ קוקן אים אָן ווי א פרעמדן, אזוי קוקן פרעמד און פאראכטנדיג די דאמען פון די איטאַליענישע אריסטאָ-קראטישע הויפן אויף דעם בלאסן פלאָרענטינער, דאנטע אליגיערי. אויף דעם מכלומרשט-וואנזיניגן-ליידנדיגן טארקוואטא טאסאָ; אזוי קוקן די דאמען פון צארס פאלאץ אויף דעם טונקל-מעלאנכאָלישן

פּושקין און אויפן אָפּיצערישן בייראָניסט לערמאָנטאָוו.

איז נישט דער געניוס אין קאָנפליקט מיט זיין צייט, מיט די הערשער, מיט די פירער פון דער מענשלאַכער געזעלשאַפט, מיט די געזעצן פון אוניווערס, מיט גאָט זעלבסט? דער געניוס שטאַרט ארויס פון דער געזעלשאַפט ווי א. משופּעדיגער פעלז שטאַרט ארויס פון ים-פלאַך — און טויזנט שטורמס פון טויזנט יאָר לאַנג קענען נישט אָפּוואַשן זיין טונקעלן טרויער און קענען אויך נישט בויגן זיין רוקן. איינזאַם שטייט ער און קוקט ארונטער אין אָפּגרונט, צו דער אייביגער דראַמע פון געשען — מיט טרויער. דער געניוס לעבט זיין אייגענעם לעבן, אומאָפּהענגיג פון קאָסמאָס. זיין שטאָלצע אינדיווידואַליטעט קען נאָר צעבראָכן ווערן דורכן טויט.

ר׳ שלמה אבן גבירול — נישט קיין שמייכלער, און באוואוסטזיניג פון זיין געניוס, ווערט פון אלעמען פאַראַכט. די מיטלמעסיקייטן ווייסן אז א גרויס פייער ברענט אונטער אָט דעם בלאַסן שטערן. אז אונטער זיין מכלומרשט-ברודיקן העמד פלאַמט א האַרץ — ווי א לבנה אין הימל, אין א שיינער נאַכט. פאַרטונקלט פון יסורים, צווייפל, כּאַאָס און וויזיע — לייכט אין אים א גרויס פייער, וואָס וועט שלימלעך דערגרייכן זיין טריאומף, וואָס וועט פייערן זיין גייסטיגן זיג איבער די פעלקער, איבער די דורות, איבער צייט.

פּרויען גיבן זיך איבער צו דערפאָלגרייכע מענער. שטאַטסמענער וועלן פּראָטעזשירן די יעניגע וואָס שמייכלען זיי. שמייכלער וועלן זיך חברן מיט נאָך פאַלשערע פאַר זיי. אזא ווי ר׳ שלמה אבן-גבירול איז דעריבער פאַראורטיילט צו איינזאַמקייט. עס איז א וואונדער אז יקותיאל איבן-האסאַן האַלט דעם דאָזיקן פינסטערן מעלאַנכאָליקער אין הויז. שפּעט ביינאַכט, ווען געפּייניגט מיט טונקעלע אָנונגען פון זיין סוף, פון זיין טראַגישן פינאַל — גייט אבן-האסאַן שפּאַצירן אין טיפן טונקעלן גאָרטן. מיט שטערן איז דאָס קלייד פון הימל פאַרוועבט. די לבנה קוקט בלוטיג פון אונטער א וואָלקן. פּלוצלינג דערזעט ער אין שיין פון דער לבנה א בלייך געזיכט — איינגעראַמט אין א פלאַמנדיגער באָרד! וואָס טוט דאָ אין דער טיפער שפּעט-ביינאַכטיגער איינזאַמקייט ר׳ שלמה אבן גבירול? ער שטייט נעבן א סטאַטוע פון א פרוי — זיינע אויגן פאַריסן צו איר געזיכט — ער טוט תפלה. ער חזרט איבער די פערזן פון א ליד...

אין די פלאַמענד-גאָלדענע באַגינענס, ווען אלץ שלאָפט אין הויף און אין דער שטאָט סאַראַגאָסאַ, ווען דער הימל עפנט זיך ווי א בונטער דיוואַן מיט אַלערליי מאָלערייען אין רויט — אונטער א טויטריפנדיגן בוים טרעפט אבן-האסאַן דעם בלייכן פּאָעט... ער טוט תפלה צו דער שיינקייט פון דער נאַטור — צום אייביגן אידישן גאָט...

עס איז פאַראַן א געוויסע סימפּאַטיע צווישן דעם פּאָעט און דעם שטאַטסמאַן. ווייל דער פּאָעט, דער סענסיטיוו-ספּיריטועלער גייסט, פילט די טראַגיק פון א אידישן שטאַטסמאַן אין א וועלט פון שונאים.

יקותיאל איבן-האסאַן, וועמען די פּאָעטן פון זיין צייט באַזינגען אלס גרויסן שטאַטסמאַן און מעצענאַט, האָט ליב געהאַט קונסט און אין זיינע געציילטע יאָרן פון הערשאַפט — איינגעהילט אין די שאָטנס פון נאָענטן טויט, וואָס מאַכן א מענשן סענסיטיוו און אויפנעמעריש, האָט גיכער ווי אלע אין הויף פאַרשטאַנען די ערלעכקייט, די ריינקייט, די

מאַרטירערישקייט און דעם קינסטלערישן ווערט פון זיין איינזאַמען נזיר ר׳ שלמה, וועלכער וואוינט דאָ אין שלאָס, אין א חדר נאָענט צו די שטערן, און צו דער זייט וואו די זון גייט אויף — און וועלכער, דאַכט זיך, געהערט זיך דאָך נישט אָן מיט דעם הויף און מיט אַלעם וואָס געשעט דאָ. ער וואוינט דאָ ווי אויף דערוויל, כדי ווייטער צו וואַנדערן, פון גורל געפּלאָגט. ער ווייכט פון אינטריגע און פון צו-היימישער באַקאַנטשאַפט מיט מענשן, וואס ווערן א ווײַלע שפּעטער זיינע שונאים.

יקותיאל אבן האסאן, א קלוגער הערשער, האָט פאַרשטאַנען דאָס געשטאַלט פון ר׳ שלמה אבן-גבירול. און הגם זיי האבן זעלטן גע-רעדט, איז צווישן זיי געוועזן א געהיימע סימפּאַטיע. די סימפּאַטיע, די עכטע פריינטשאַפט פון גייסט מיט גייסט.

ווען אין שפּאַניען ברעכט אוים א בירגער-קריג און די רעבעלן, אַנגעפירט פון א פעטער פונם קעניג, טויטן דעם לעצטן און יקותיאל אבן-האסאן ווערט אויך הינגעריכטעט — בלייבט ר׳ שלמה ווידער הענגען אין דער לופטן. די באַהאַלטענע שונאים קומען ארוים פון דער באַהעלטעניש. זיי פאַראדירן איצט פראַנק און פריי געגן דעם פרעמדן ר׳ שלמה אבן גבירול, וואס איז אייגנטלאך געקומען אין סאַ-ראַטאַגאַ — פון אַן אנדער שטאָט, כדי צו ווייזן ווי קליינלאך זיי זיי-נען, כדי אראָפּצוּרייסן זייערע קרוינען. זיי עפּענען געגן אים א העץ-קאַמפּאַניע. זיינע שונאים זיינען איצט שטאַרק. עס איז דער אייבי-קער קאָנפליקט צווישן דער מיטלמעסיקייט און דעם גניוס. און ר׳ שלמה אבן-גבירול, אין זעלבסט-באַוואוסטזיין פון זיין ווערט, אין פאַר-אַכטונג צו די נישטיקייטן, וואס צייט וועט אָפּמעקן זייערע נעמען — איידער ער פאַרלאָזט די שטאָט סאַראגאָסא, וואו ער האָט גענאָסן א ביסל גליק אונטער יקותיאל אבן-האסאנ׳ס גנאָד — שרייבט אַן פאַל-גענדע ליד — ווי אַן ענטפער צו זיינע שונאים — אן אייביקן ענטפער פונם אומשטאַרבלאכן גניוס צו זיינע אייביקע פאַרלוימדער:

„וואָלט מיין נשמה ווינציקער באַגערט —<br>
ווי קען איך אויפגעלייגט און גליקלאך זיין,<br>
דאַן וואָלט זי טאָג ווי נאכט זיך נישט געמיט.<br>
אַז יעדע האָפנונג, יעדע טרייסט פאַרפליט?<br>
מיין לייב ווערט מיר פון טראַכטן אויסגעצערט,<br>
ווען ס׳ווערן אנדערע פון לוסט פאַרצערט.<br>
זאָל איך זיך נאָכיאָגן נאָך ווייב און וויין —<br>
אַז מיר צו וויסן בעסערס איז באַשערט.“

דאָס איז דער ענטפער — און דאָס איז דאָס ליד.

אין 1045טן יאָר, ווען ר׳ שלמה אבן גבירול איז אַלט 25 יאָר — בלויז קאַרגע פינף יאָר צו זיין טויט — זעט זיך דער העברייאישער דיכטער ווידער אין די פאַרשטעט פון סאַראגאָסא. אין די אכט יאָר וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דער שטאָט, פלעגט ער דאָ אָפט קומען און מעדיטירן ווען מענש און גאָט אין שאָטן פון די פּאַלמען, און פלעגט טרינקען מיט זיינע אויגן די קאָלירן פון די בלומען. פאַרהאַסט פון די מיטלמעסיקייטן, האָט ער אָבער קיין דאגות פרנסה נישט גע-האַט. און איצט קומט ער דאָ ווידער — אבער צום לעצטן מאָל. פול

מיט טרערן זײַנען די אויגן און דער האַלז פונם פּאָעט. און וואוהין זאָל ער גיין? אויף וועלכן וועג זאָל ער זיך קערן? וואו וואַרט אויף אים א מענטש מיט א ביסל פרײַנטשאַפט? וועט ער איבערהויפּט נישט געפינען קיין פרײַנטשאַפט צווישן די מענטשן? וועט ער ערשט דאַרפן — ווי גאָט — באַשאַפן א מענטשן, כדי אַרויסצוציִבערן ליבע פון זײַן האַרצן? וועט ער ערשט אַזאַ האַרץ מוזן באַשאַפן?

די זון פאַרגייט און אן אָנגעצונדענער טראָגט זיך דער מיטלאַל-טערלאַכער ראָמאַנטיקער איבער סאַמעטענע בערג און טאָל פון דער שפּאַנישער לאַנדשאַפט.

נאָכן אַרומוואַנדערן א שטיק צײַט, וואו דער פּאָעט האָט זיך אָנגעזען מיט דער לאַנדשאַפט פון שפּאַניען, זעט ער זיך ווידער אונ-טער דער השגחה פון א פּרעמדן מאַן, א מעצענאַט, ר׳ שמואל הנגיד.

און איצט, אין רעטראָספּעקט, גייט אויף פאַר ר׳ שלמה אבן-גבירול דאָס לעבן אין הויף פון ר׳ שמואל הנגיד און דער פּאָרטרעט פון דאָזיקן גרויסן ייִד. אין א פאַרנאַכט האָט אים ר׳ שמואל הנגיד דערציילט זײַן לעבנס געשיכטע.

אין צוואַנציק יאָריקן עלטער פאַרלאָזט ר׳ שמואל קאָרדאָווא, צוליב די רייסערייען פון די קאַליפן אין דער גרויסער אַראַבישער מלוכה. סולײַמין, דער קעניג פון בערבערי, קומט אין יאָר 1013 אַריבער מיט אן אַרמיי פון זאַפריקע און פאַרנעמט קאָרדאָווא. עס איז די אײַביקע מחנה ייִדן וואָס טראָגט זיך איבער די אומבאַקאַנטע שטרעקעס פון דער ערד. און אויבן רוישן און שטורמען די ווילדע וואָלקנס. גאָט! ווען וועסטו דורכדרינגען די דיקע וואָלקנס און אָנ-רירן מיט דײַן גרויסער האַנט די וואונדן פון ישׂראל? ווען וועסטו זיך דערבאַרמען איבער אונזער גורל? ווען וועסטו אונז אײַנהילן אין דײַן געוואַלטיקער ליבשאַפט און אונז טראָגן צו זון און צו פרײַהייט?

צווישן די וואַנדערנדיקע פון ישׂראל געפינט זיך אויך ר׳ שמואל הנגיד — דער שפּעטערדיקער שטאַטסמאַן, מעצענאַט, לערער און פּירער.

אין מאַלאַגאַ, נישט ווײַט פון דער אַלטער, קעניגלעכער שטאָט גראַנאַדאַ, באַזעצט זיך ר׳ שמואל הנגיד און עפנט א געשעפט, פון וועלכן ער ציט פּרנסה. בײַטאָג איז ער באַשעפטיקט אין זײַן געשעפט. און בײַנאַכט, ווען די לבנה רינט מיט איר ליכט צווישן די פענסטער, דורך די אײַזערנע גראַטן פונ׳ם ווײַסן הויז, ציט זיך ר׳ שמואל הנגיד צוריק אין דער אײַנזאַמקייט פון זײַן חדר. דאָ גייען אויף אַלטע, העברייאישע, גריכישע, לאַטײַנישע און אַראַבישע ספרים. זײַנע יונגע, בלײַכע הענט מישן די געלע, די אוראַלטע בלעטער פונ׳ם תּלמוד. עס איז אין גלות בבל, וואו אידן האָבן דעם דאָזיקן תּלמוד געשאַפן, אין משך פון יאָרהונדערטער. עס איז אין גלות וואו די אידן שטודירן דעם תּלמוד. די בלאַסע הענט באַרירן מיט פאָרזיכט די בלעטער פון העברייאישע ספרים, מיט געלע טאָוולען, מיט רײַך-דעקאָרירטע שער-בלעטער. אויסערלאַך — אַלט, פאַרוויאַנעט. נאָר באַרירסטו מיט דײַן גײַסט די אותיות, ווערן זיי באַפליגלט, צינדן זיי זיך אָן, און דאָס פײַער דרינגט אַרײַן אין דײַן מח און האַרצן. עס איז די פלאַמענדיקע פרישקייט פון אן אומשטערבלאַכן אידישן גאָט, באַהאַלטן אין די אַלטע בלעטער פון אַלטע ספרים. און ר׳ שמואל

הנגיד, דער וואס די השגחה האט אים באשטימט צו זיין א נגיד, א גביר, א שטיצער פון אָרעמע מענטשן, — ר׳ שמואל הנגיד איז איצט אָרעם. קוים וואס ער פארדינט אויף חיונה. נאָר ער ווייסט, אז זיין שטערן וועט אויפלייכטן. אז ער וועט שפילן א גרויסע ראָלע ביי אידן, און אין דער שפאנישער מלוכה. דערווייל רינט דאָס לבנה-ליכט איבער די גראטן. די פענסטער זיינען פארהאנגען מיט פאָר-האנגען, — דער המון זאל נישט באמערקן מיט וואס דער אָרעמער קרעמער פארנעמט זיך אין די נעכט. און אלטע פּאָעמען גייען אויף — מיט דער פרישקייט פון בעז. די אידישע וועלט-ליריק שטראלט ארויס פון די אלטע ביכער. און געהיימע וויסנשאפטן שטראלן אויף. די אל-כעמיע פון מענשלאכן גייסט, דער צויבער פון וויסן, די וואונ-דער פון ארויסשארן גאָלד פון גליענדיקע גלאָווניעס. דאָס ווידער-פארוואנדלען אש אין שטראלנדיקן, אין פינקלענדיקן גאָלד.

און עס געפינען זיך די אלטע ספרים פון דער אראבישער פּאָ-עזיע. ווי לוסטיק און טרויעריק זיי זיינען! שטענדיק מיט די גאָל-דענע בעכערס פול מיט ווייַן פאר די ליפּן — זינגען זיי אויס דאָס ליד פון טיפער בענקשאפט און איינזאמקייט אין אוניווערס. האָט נישט די יונגע, מיט לאָקן-צעפלאשעטע שעכערעזאדע ארייגעטריפט אין די דאָזיקע פּאָעטן איר טויט-טרויער? איר אנגסט און איר מידיקייט? האָט זי נישט אין זיי ארייגעטריפט דעם זיסן גיפט פון אירע צויבער-האפטע דערציילונגען, וואס דעקן אָפּ אלע לאנדשאפטן פון ווייטע לענדער, וואס לאָדן אַליין אלע ימים און אינזלען צו ווערן דראמע, צו ווערן א טייל פון איר גרויסן שיקזאל-שפּיל?

און ר׳ שמואל הנגיד פילט אז גאָט זעצט אים ארויף מיט שטראלנדיקע הענט די קרוין פון א דיכטער. געהערט ער דען נישט צו דער דינאַסטיע פון קעניג דוד, וואס האָט געשטריטן און געדיכ-טעט און האָט אויסגעוועבט פון שרעק און גלויבן, פון צווייפל און פארצווייפלונג דעם גרויסן קאָסמישן דיוואן — זיין תהלים? זיינען די עברייאישע הערשער נישט קיין דיכטער דען? און קעניג שלמה — האָט ער נישט אין זיין יוגנט אלע פלאמען פון זיין ליבע ארייגעגע-טריפט אין שיר השירים? און אלע רייכע געדאנקען פון זיין רייפע מאן-צייט ארייגעטריפט אין „משלי״ און אלע וויזהייטן — אלע סך-הכלען — אלע רעזומעס און אלע איבערלעבענישן אויף אייביק פארזיגלט אין קעניג קהלת׳עס גרויסע וויזהייטס-דיכטונג?

און באזעלט מיט דיכטערישן געפיל, אין א מאָמענט פון דער-פילן זיין קינפטיקע ראָלע, איינגעהילט אין איינזאמקייט און אינטים געבונדן אין גאָט — צייכנט ער אָן מיט א גענזענער פעדער:

„מיין גאָט, זאָלסט דיין מעכטיקן אָרעם
פאר אונדז היינט אין גבורה אנטבלויזן;
פון אדום באהיט און באשירעם
די קינדער פון פאָטער פון גרויסן.״

ר׳ שמואל הנגיד איז שיין. א שטאטסמענישע פיגור. ווען ער שטייט אין זיין קליינעם געשעפט, איז ווי דוד המלך וואלט דאָ גע-שטאנען און מען קען דערזען אז ער איז געבוירן געוואָרן מיט א גאָל-דענעם שטערן אויף זיין שטערן. שוין איז דער גלאנץ-פעריאָד נישט ווייט...

יעדן פארנאכט, ווען די זון גייט אונטער און שאָטנס גייען אויף פון דער ערד, און די פּאלמען אָטעמען אויף אין ווינט — קלאַפּט אין טיר פון ר׳ שמואל הנגיד א קליינע פרוי. עס איז די שקלאַפין פון דעם וויזיר אבן-אלאריף. זי האָט קיין שולע נישט באַזוכט, דען זי איז שוין קליינערהייט געווען א שקלאַפין. און ר׳ שמואל הנגיד מיט דער גאָלדענער האַנטשריפט, שרייבט פאר איר אירע ליבע-בריוו. באמת, ער איז דאָך א פּאָעט. די קליינע סולעימאַ קוקט אויף׳ן יונגען איד און זי וואָלט שווערן אז די בריוו וואס ער שרייבט פאר איר פול מיט ליבע צו איר געליבטן — וואָלט זי קענען אים אליין איבערשיקן. איר הארץ ציטערט ווען זיין פיין-געשניצטע האנט באַוועגט זיך איבערן פּאַפּיר און אותיות וואקסן ארויס — גראַציעזע און באַפּליגלטע, ווי אירע געפילן. און אָפט, ווען דער בריוו איז פארטיק און נאָכ׳ן איבערלייענען אים — זיצן זיי א ווײַלע און שווייגן. ר׳ שמואל הנגיד קוקט אָן די טונקעלע שקלאַפין. איז זי נישט שענער ווי דעם וויזירס ווייב? זע דעם ציטער פון אירע קני, בשעת ער קוקט אויף איר דורכדרינגנדיק. און דער ליבער צאַפּל פון אירע בריסט — נאָך פון קיין מאַן באַרירטע. און דער גלאַנצנדער, ווייכער און קוואַליעאַרטיקער קרויז פון אירע לאָקן, וואס באַרירן שאַרף די סאַמעט-הויט פון אירע אַקסלען. די אויגן אירע גליען ווי פול מיט ווײַן... הגם זי האָט נאָך קיין ווײַן נישט געטרונקען.

עס איז שטיל אין טיפן חדר. ר׳ שמואל הנגיד גייט צו צום קליינעם שענקל, וואָס איז רייך דעקאָרירט מיט אראבעסקן, מיט פּערל איינגעפאַסט אינ׳ם הארטן, טונקעלן האָלץ. ער עפנט עס פאָרזיכטיק און דער בעכער מיט קליינע, גאָלדענע כוסות שטראַלן אויף. ער גרייפט דעם בעכער מיט די כוסות און ער דערגרייכט די גאָלדענע קרוג מיט ווײַן. ער גיסט אָן. אָ, דאָס איז שיין פון דעם סעניאָר! ער וועט זי פארשיכורן...

ר׳ שמואל טראָגט אליין צו דעם גאָלדענעם כוס צו איר גאָלדענעם מויל. פון ווײַן ווערן אירע ליפּן פייכט, זיי זעען איצט אויס ווי רויזן-בלעטער — פול מיט טוי. און ווען זי טרינקט אויס — פילט זי אַזוי ווארעם און פייערדיק אין אירע אינגעווייד. עס דאַכט זיך איר, אז זי וואָלט איינגעשלונגען פייער. ווי גערן וואָלט זי וועלן דער שיינער סעניאָר זאָל איר ארומנעמען. זאָל איר שענקען א קוש...

אָבער ר׳ שמואל הנגיד שווייגט. ער איז העפלעך — אָבער ער איז פאָרזיכטיק נישט צו זיין צו אינטים מיט דעם וויזירס שקלאַפין. וועט סולײמאַ טרינקען נאָך א קליינע כוסה? עס קען נישט שאַטן. דער ווײַן איז מילד. ער אליין איז נישט קיין גרויסער טרינקער... חלילה וחס... נאָר עס צינדט אָן גאָלדענע שטימונגען אויף א ווײַלע... עס צינדט אָן די פליגל פון דער נשמה...

זי וועט נישט מער טרינקען... נאָר דאָס קליינע העלזל פון דער קרוג גיסט ארויס דעם פיינעם, קלעפּיקן ווײַן. און די כוסה בריט מיט ווײַן אינ׳ם האַלז פון דער איידעלער, טרויעריקער שקלאַפין. און ווען זי גייט אוועק — קוקט זי אויפן וואַנט מיט באַדויערן... אין גאָלד איינגעראַמט הענגט א פּאָרטרעט פון א דאַמע... איז עס די יונג-פאַרשטאָרבענע מוטער רחל? ניין... עס איז א קוזינע פון ר׳ שמואל הנגיד... זי איז ערשט זעכצן יאָר אלט... נאָר זע, ווי אירע לאָקן רינען

נאכלעסיק איבער אירע פולע, רייפע בריסט... איבער דער גאנצער פרישקייט פון איר יונג לייב... און סוליימא פארדריסט עס וואס עס הענגט דער פּאָרטרעט פון אזא שיינער דאמע ביי ר׳ שמואל הנגיד אין חדר, צווישן אזוי פיל אלטע, פארוויאנעטע ספרים — פארוויאנעט ווי די בלעטער אין קילן אָקטאָבער...

ווען סוליימא איז שוין ביי דער טיר, רופט איר ר׳ שמואל הנגיד צוריק. זי וואקלט זיך. זי איז שיכור... ער וואָלט איר וועלן פאָרליי־ענען איינס פון זיינע לידער. זי זעצט זיך איצט אוועק אויפן אָטאָ־מאַן, זי ציט זיך עטוואס נאכלעסיק אויס... א קליינע פרוי ווארפט זיך נאכלעסיק און עראָטיש ארויף אויפן אטאמאן — גרייט צו אלעם...

נאָר ר׳ שמואל הנגיד ווייסט אז זי איז דעם וויזיר׳ס שקלא־פין... ער דארף זיין פארזיכטיק... ער וועט איר לייענען א פראגמענט פון א ליד...

„קום, מיין פריינט! אין דעם גרוב פונ׳ם דרימל\
האָט דער ווייַן שוין פארשלאָסן דעם פיינט!\
מיט מיר טרינקען איצט פריינט און פארטרויטע,\
און דער ווייַן פינקלט גאָלדיק און שיינט.\
און א אינגל גיסט אָן פול די בעכער,\
און דאָס אינגל ביי דער פאס ווערט נישט מיד;\
און די האנט פון דער שיינקייט דער מיידל\
אויף די סטרונעס פון הארף שרייבט א ליד.\
און די ערד איז א שפּילעוודיק מיידל,\
און די וועלט — איז צעהוליעט און טאנצט;\
און דער נאכטיקער הימל — א לאַגער,\
מיט פייערלעך־שטערן צעגלאַנצט!״

ווען ר׳ שמואל הנגיד האָט געלייענט די פערזן פון זיין ליד, האָט ער דערהערט א לייכטן כראָפּען. ווי א קליינע געטין איז זי געלעגן און געשלאָפן — די מידע שקלאָפין. מיד פון וויין... ער האָט זיך איינ־געבויגן איבער איר און געוואָלט זייער שטארק אָפּפרעסן א קוש אויף איר ליבן שטערן... נאָר ער האָט זיך אין עפּעס דערמאָנט... און, ער האָט איר לייכט באַרירט מיט דער האנט. סוליימא האָט זיך אויפגעוועקט און — א דערשטוינטע, א פארשעמטע, ארויסגעלאָפן פון חדר...

ר׳ שמואל הנגיד האָט זיך צוגעהערט צו אירע טריט... אזוי האָט שלמה המלך זיך צוגעהערט צו די טריט פון שולמית, ווען זי האָט, נאַ־סעטערהייט, אין א העמד פון לבנה־שטראַלן, ארומשפּאַצירט אין פּיכטן גאָרטן... ווען די אינסעקטן האָבן געזוּנגען אין זייער גרויסן ליבע־כּאָר צו דער לבנה — דער הימלישער געטין...

אין עטלעכע טעג ארום ווערט ר׳ שמואל הנגיד פּלוצלינג איינ־געלאַדן צום וויזיר אין גראַנאדא... ר׳ שמואל הנגיד׳ס הארץ ציטערט. האָט נישט די קליינע סוליימא אָנגערעדט אויף אים?

דער וויזיר שטראַלט מיט צופרידנקייט וואס ר׳ שמואל הנגיד איז געקומען. ער קען זיך נישט אָפּלויבן פון זיינע וואונדערלעך־קלאָרע, פּרעציזע און קאַליגראַפיש־געשריבענע בריוו... סוליימא האָט זיי אים געוויזן... זי האָט זיי נישט געשיקט צו איר געליבטן... דער וויזיר וואָלט וועלן אז אזא קלאָרער, קלוגער און שיינער מענטש זאָל ארבעטן פאַר אים, פאַר׳ן וויזיר...

ר׳ שמואל הנגיד ווערט זיין פריוואט-סעקרעטאר און זעענדיק זיינע גרויסע פיאיקייטן — ווערט ער דער בעל-יועץ פונ׳ם וויזיר...

עס איז א גרויסער מאמענט אינ׳ם לעבן פון ר׳ שמואל הנגיד. פון אן ארעמען, פארטריבענעם איד — ווערט ער דער עצה-געבער פונ׳ם וויזיר. און ווען דער קעניג האבוס באזוכט דעם קראנקען וויזיר, פארטרויעט דער וויזיר דעם קעניג, אז ר׳ שמואל הנגיד איז עס דער יעניקער וואס האט אים גוט געעצה׳ט. און אז איצט, ווען די כוחות פארלאזן אים, זאל דער קעניג נעמען ר׳ שמואל הנגיד פאר זיין בעל-יועץ. דאס געשעט. מיט׳ן טויט פון אבן-אלאריף ווערט ער דער הויפט-וויזיר.

פון אן ארעמען קרעמער — ווערט ער דער הויפט פון דער ארא-ביש-שפאנישער מלוכה. האט ער עס געקענט ווען עס איז טרוימען? אזוי האט יוסף הצדיק נישט געקענט טרוימען אינ׳ם גרוב מיט עק-דישן, א נאקעטער, אויסגעטון פון זיין זיידענעם העמדל — אז גאט וועט אים אויפריכטן צו ווערן דער שני-למלך אין מצרים...

ווי קעניג דוד — האט ר׳ שמואל הנגיד געפירט קריגן מיט פיינטלעכע ארמייען. און אין טראגישע מאמענטן, פון טרויער און צווייפל, פלעגט זיך ר׳ שמואל הנגיד ווענדן צו גאט ער זאל אים ארויספירן פון דער סכנה. אין יענע מאמענטן, ווען מענש גיט זיך נישטיק און נאקעט איבער אין די אומגעהייערע, ווארעמע הענט פון גאט, פלעגט ער זיך ווענדן אין תפלות, און רירנדע לידער צום אל-מעכטיקן... און נאכ׳ן קריג, ווען די האנט פון גאט האט זיינע אר-מייען געפירט אין שלאכט מיט טריאומף — האט ער געשריבן דאנק-לידער צו גאט און געשילדערט אין שטארקע פערזן גאט׳ס מאכט און גבורה...

איצט, ווען ר׳ שמואל הנגיד איז געווען בארימט אלס גרויסער, ווייזער פירער פון לאנד, אלס מיליטער-פירער און דיפלאמאט, אלס דענקער און דיכטער, איצט האט זיך זיין אלטער טרוים פארווירק-לעכט — דער טרוים פון דיגען זיין פאלק ישראל מיט גאר זיין מאכט, רייכטום, גלאנץ און אנזען. ער האט געזוכט צו פארשפרייטן קולטור און שיינקייט צווישן די אידישע מאסן. זיין הויף איז בארימט גע-ווארן פאר דעם פריינטלאכן האפן וואס ער האט געגעבן צו מענשן פון גייסט, צו ארעמע אידישע געלערנטע און דענקער. דער באשיידענער מענש פון מאלאגא, וואס האט קוים געצויגן אויף חיונה פון זיין ארעמען געשעפט און האט געטרוימט צו זיין א גרויסע הילף פאר די אידן — דער דאזיקער באשיידענער מענש און אידעאליסט איז קיינ-מאל נישט פארלאשן געווארן אינם מעכטיקן שטאטסמאן, דיפלאמאט און גענעראל. און אין א געווויסן טאג, א פארשטויבטער פון וועג, מיט א פלאמענדיקער בארד, דערשיינט אין פאלאץ פון ר׳ שמואל הנגיד א מאן פון מאלאגא, ר׳ שלמה איבן גבירול. מאלאגא?... עס איז יענע שטאט וואוהין ר׳ שמואל הנגיד האט געפליכטעט פון קארדאווא, פון די בייזע אפריקאנער ארמייען פון סולאמין... עס איז דארט וואו ער האט געעפנט זיין קליין געשעפט און וואו ער האט אין די נעכט גע-לערנט תלמוד און פילאזאפיע. עס איז דארט וואו א קליינע, ליבע שקלאפין האט דורך זיין האנט געשריבן אירע ציטערנדיקע ליבע-בריוו און האט זיי אלע באהאלטן פאר אים, ר׳ שמואל הנגיד, און

האָט זיי געוויזן צום וויזיר איבן-אַלאַריף און האָט דערמיט אויפגע-פּראַלט די גאָלדענע טויערן פאַר זיין קאַריערע...

גייסט האָט דערזען גייסט... ר׳ שמואל הנגיד האָט דערזען אינם מידן, טרויעריקן און פיבעריש-קראַנקען ר׳ שלמה איבן-גבירול — אַ גרויסן מענטשן. אַ ווייזן מאַן. אַ פלאַמענדיקן געניוס און מאָדער-נעם נביא — ווי ער וואָלט ארויסגיין מיט זיין רויטער באָרד פון די ברייטע לאַנדשאַפטן פון תנ״ך, ווי ער וואָלט זיך אַ ווײַלע אָפּגעטיילט פון דער מחנה פון גאָטס נביאים, כדי צו פּריידיקן אויף דער ערד אַ גרויסע לערע, כדי אָנצוצינדן אַ פלאַמענדיקע ראָמאַנטיק אין די הער-צער פון ישראל — אויף אייביק.

אין הויז פון ר׳ שמואל הנגיד האָט ר׳ שלמה איבן-גבירול גע-לעבט עטלעכע יאָר, — די פּרוכטבאַרסטע אין זיין לעבן. דאָ, אין רואיקייט און אין זאָרגלאָזיקייט, אין איינזאַמקייט געהילט (ווייל דער גרויסער דיכטער איז שטענדיק איינזאַם) — האָט ר׳ שלמה אבן גבירול איבערגעשריבן זיינע אינטימע לידער. דער פּערזענלעכער שמערץ, די איינזאַמקייט אלס יתום, דאָס נישט פילן די וואַרעמקייט פון אַ מוטער אָדער אַ שוועסטער, דאָס נישט האָבן קיין חברים — האָבן אים גע-מאַכט פרי צו טרויערן איבער דער וועלט. פון פּערזענלאַכן צער איז ער שפּעטער איבערגעגאַנגען צום אידישן צער; און פון אידישן — צום וועלט-שמערץ.

די דאָזיקע עלעגישע לידער רייסן זיך ארויס ווי אַ פאַנטאַן פון זיין ברוסט. אין איינזאַמקייט געהילט, רייסט ער זיי ארויס פון זיך — און קען גאָר נישט שטילן דעם ווייטיק. ער גייט אליין ארום אויף די פעלדער. ער באַטראַכט די דערשיינונגען פון דער נאַטור. פונדעסט-וועגן איז ער פול מיט ווייטיק און מיט צווייפל, מיט זעלבסט געראנגל:

„נשמה, וואָס ברויזט און וואָס שטורעמט —\
וואָס ציט דיך צו הויכקייטן הויך?\
געגליכן צום ברויזיקן פייער,\
וואָס רייסט זיך דורך זיילן פון רויך.\
ביסטו אין דער הויך פון די ספערן,\
וואָס רינגלען ארום אונזער וועלט?\
ביסטו אין דער טיף פון די ים׳ען,\
וואו גרונט פון דער ערד איז געשטעלט?"

עס איז די דאָזיקע חכמה, דער אומשטערבלאַכער באַגער פון דעם אייביקן פאַוסט-מענש אויפצוהייבן דעם פאַרהאַנג פון הימל — וואָס האָט געטרייסט דעם מענש, דעם איינזאַמען יתום, ר׳ שלמה אבן-גבירול. עס איז די צייט פון גרויסע דערפינדונגען און ווייטע ריי-זעס. פילע לענדער זיינען נאָך נישט אנטדעקט געוואָרן, שלומערן נאָך אין אַ שפּינגעוועבס פון אומדורכדרינגלעכע ווייטקייטן. לענגע-דעם דערציילן פון די דאָזיקע ווייטע לענדער. ר׳ שלמה אבן גבירול איז באַהערשט פון דעם ענערגיע-שפּיל פון זיין צייט. פון דעם לוסט נאָך וויסן. עס איז ער וואָס וועט מאַכן אַ זוויטערע רייזע ווי די באַ-רימטע קאַפּיטאַנען — ער וועט וואַנדערן צו גאָט. ער וועט נעמען אַ

ראנדעוואו מיט גאָט. ער וועט באַזוכן דעם אוניווערס.

„דיינס איז, גאָט, די גרויסקייט, שטאַרקייט,
פּראַכטיקייט, אייביקייט און גלאַנץ.
דיינס איז, גאָט, די קעניגרייך, דערהויבנקייט
איבער אַלעם, און רייכקייט און כבוד.
אויף דיר זאָגן עדות אַלע באַשאַפענע פון הימל און ערד,
אַז דו לעבסט אייביק, און זיי ווערן פאַרצערט."

אַזוי הייבט ר' שלמה אבן גבירול אָן זיין באַרימטע פּאָעמע „כתר מלכות". די פרייַנט אין הויף, די שיינע דאַמען, וואָס פאַרלאָזן יעדן מאָן און שפּילן אויף זייערע געבליטן, ווי אויף האַרפנסטרונעס — זעען אַז ר' שלמה אבן גבירול איז די לעצטע טעג פלוצלינג באַלויכטן פון אַ גרויס ליכט, אַזוי ווי ער וואָלט געווען פאַרליבט. זיי ווייסן גוט, די דאָזיקע שטערבלעכע מענטשן, אַז ר' שלמה קען נישט זיין פאַרליבט אין עפּעס וואָס איז ערדישעס. די שענסטע פרוי איז שטערבלעך. איר שיינקייט ווערט מיט דער צייט פאַרצערט, אַזוי ווי אַ בוקעט בלומען, אין וועלכן אַלע קאָלירן וויאַנען און פאַרוואַנדלען זיך אין קאַלטן, אַשיקן גרוי. די שטערבלעכע זאַכן, די שיינע זאַכן, וואָס פאַרענדערן זייערע פאָרמען און זיינען אויסגעזעצט צו צייט — אין זיי קען דער פּאָעט זיך נישט פאַרליבן: זיי קען ער באַזינגען אין טרויעריקע לידער. ער קען זיי איינהילן אין זיין טיפן טרויער. אָבער ער קען זיי נישט ליבן מיט יענער אומשטערבלעכער ליבע וואָס זאָל אָנצינדן זיין נפש מיט אַזוי פיל פלאַמען!

עס איז דער גרויסער גאָט פון הימל און ערד — אין וועלכן ר' שלמה אבן גבירול באַהאַלט זיך, ווי אַ רויז פון דער רויטסטער פאַרב באַהאַלט זיך אין אַ גרויסן, אין אומענדלעכן וואַלד. ווי אַ כוואַליע באַהאַלט זיך אויף אייביק אין דעם אומענדלעכן אָקעאַן. אין דאָזיקן גרויסן גאָט איז ר' שלמה אבן גבירול געזיכערט. ער קען פאַרטראָגן אַלערליי באַליידיקונגען. דען די מענטשן אין הויף פאַרטראָגן נישט דעם יעניקן וואָס פירט זיך אויף אַנדערש ווי זיי אַליין זיינען. זיי נעפעלט נישט וואָס ער גייט שטענדיק אין אַ זייט, ווי אויף די ווענט, אַזוי ווי ער וואָלט אויסמיידן זייער באַגעגעניש אויג אויף אויג. זיי געפעלט נישט וואָס מען זעט אים קיינמאָל נישט אויף די אָפיציעלע פייערונגען און בעלער. זיי האַסן זיין איינזאַמקייט. ווי אַ שאָטן לעבט ער דאָ, צווישן די ביימער, אין די גערדיכטקייטן פונם אַלטן פּאַרק, צווישן די סטאַטועס פון גריכנלאַנד און רוים. אונטער די שטערן-אויגן פונם אייביקן גאָט.

אין דעם דאָזיקן אַריסטאָקראַטיזם פון אַ גאָט, וואָס איז העכער פון אַלע ערדישע הויכקייטן — ליגט אַן אומגעהייערע רעוואָלוציע קעגן מענטשלעכע גאווה און פוסטער גרויס. מענש ווערט — אפילו דער גרעסטער — פאַרוואַנדלט אין שטויב אַנטקעגן דעם אַלמעכטיקן. און די באַקרוינטע קעפּ; און די קאַליפן און ווזירן; און די טויזנטער באַאַמטע פונם שטאַט; און די וואָס שרייבן שטייפע און קאַלטע פערזן; און אַלע יענע וואָס שמייכלען זיך איינס דאָס אַנדערע און לעבן אין פאַלשקייט. וואָס זענט איר אַנטקעגן מיין גאָט — דעם גרויסן גאָט פון די הימלען — וואָס איך בוי מיר אויס פון די פּערל פון מיין איינזאַמקייט? פון די שטיינער פון מיין עלנט, פון די סקע-

געסן פון מיינע וואמפירישע צווייפלען און חלומות; בוי איך אים אויס פון דעם ליב פון אלע שטערן — פון הימל ביז צו דער ערד — און ער איז אריינגעטורמט אין אוניווערס ווי אן אומגעהייערער ספּי־ראל. ער איז אייביק און אומפאַרענדערלעך. איך שאַף זיך אליין מיין תהלים — איך זינג אליין מיין טריאומפאַלעם ליד. איך מאַך זיך מיין גאָט און זעץ אים מורא׳דיק און פייערדיק אוועק אויפן טראָן פון קאָסמאָס. און איך קוק צו אים ארויף און איך פריי זיך. און איר זענט בייז און איר שטוינט. איר ווילט אז איך, א געטלעך־באַהויכ־טער דיכטער, זאָל אייך אָפּגעבן כבוד. איר ווילט אז איך זאָל אייך באַגריסן. אז איך זאָל לויבן אייערע מעשים און לויבן אייערע קאַלטע לידער. אבער איך לויב גאָט! איך לויב די אומערדישע גרויסקייט. איך, גאָטס פּערזענלעכער דיכטער!

„דו ביסט שטאַרק — און נישטאָ איז קיינער
צווישן אלע באַשעפענישן דיינע, וואָס זאָלן קענען באַווייזן,
נאָכטון די גבורות דיינע און דיינע מעשים.
דו ביסט שטאַרק — און דיינס איז די אַנטגילטיקע גבורה,
וואָס וואַרפט זיך נישט אונטער טוישונג און ענדערונג פון צורה.
דו ביסט שטאַרק — און צוליב דיין גרויסער שטאָלץ ביסטו מוחל
אין צייט פון צאָרן,
און האַלטסטו דיין כעס איין אויף די זינדער, זיי זאָלן נישט
גיין פאַרלאָרן.
דו ביסט שטאַרק — און דיין רחמנות איז שטאַרק
(אויף אַלע באַשעפענישן דיינע, וואָס זיינען שטויביק—)
די העלדן, וואָס פון אייביק און פון אייביק״.

א פאַרגעניגן אין אייגענער שוואַכקייט, אין דעם געצאַפּל פון א טראַגיש ווען אויף דער ערד, צוגעוואָרפן צו די קראַשקעס ברויט וואָס פאַלן אַזועק ביים טיש פון די רייכע — אין קראַנקהייט און אין ווינט פון מענטשלעכע שטימונגען געוואָרפן ווי א שפּענדל אין ים — א פאַרגעניגן צו זינגען די שטאַרקייט פון א גאָט, אַנטקעגן וועלכע די מעכטיקסטע פון דער ערד זיינען לויטער נישטיקייטן. און ר׳ שלמה אבן גבירול וואַרפט צו די דאָזיקע דיכטונג צו די שטאָלצע און מעכ־טיקע! זיי, וועלכע האַלטן זיך פאַר די העלדן פון דער ערד — זעט מיין שטאַרקן גאָט. זעט ווי אומדערשיטערלעך ער איז — אין זיין אומגעהייערער מעכטיקייט. פעלקער און דורות פאַלן פאַר אים. און ער בלייבט שטאַרק און אומפאַרענדערלאָך! דאָס איז מיין נקמה אין אייך, שטאָלצע שטערבלאַכע! דאָס איז מיין טרייסט.

דאָס איז דער סך־הכל, און דאָס איז דער שטאָלצער דועל מיט אלע נישטיקייטן. עס איז די שאַרפע קריטיק אויף די מענטשן — און גלייכצייטיק די געוואַלטיקסטע טרייסט צו זיין פאַרוואונדעטע ווען:

„דו ביסט קלוג — און די חכמה, וואָס איז קוואַל פון לעבן,
טוט פון דיר פליסן,
און דיין חכמה איז דער מענש נאַריש זיך צו דערוויסן.

דו ביסט קלוג — דער קדמון פון אלע קדמונים,
און די חכמה איז אויפגעקומען מיט דיר אינאיינעם.״

דאָס איז אַן ענטפער צו אלע וואס האלטן זיך פאר קלוג, פאר די חכמים פון דער ערד. דאָס איז אן ארויסרוף צו אלע ערדישע „חכמים״...

און עס איז נישט קיין וואונדער וואס ר׳ שלמה אבן גבירול, זוכנדיק זיך איינצוהילן אין דער שטאַרקייט, אין דער חכמה, אין דער גערעכטיקייט און אין דעם גרויסן ליכט פון גאָט — האָט ארויסגערופן קעגן זיך דעם פארדרוס נישט נאָר פון די איינוואוינער פון פאַלאַץ, ווי די חכמים פון גראנאדא, נאָר אפילו דעם גרויסן מענשן און מע־צענאַט ר׳ שמואל הנגיד. צווישן צוויי מענשן פון גרויסן קאַליבער האָט געמוזט פּאַרקומען אַן אינערלאכער קאָנפליקט. ר׳ שלמה אבן גבירול האָט געלויבט ר׳ שמואל הנגיד אלס שטאַטסמאַן און געלערנ־טער. נאָר ווען עס קומט צו דער קונסט פון פּאָעזיע — לויבט ער זיך אליין.

ווייזן נישט די פּאָלעמישע לידער די באַציאונג פון דעם איינ־זאַמען פּאָעט צו ר׳ שמואל הנגיד:

„צי דיין שווערד, שטעך אַריין אין מיין האַרצן,
האָב קיין אנגסט נישט, באַדאַרפסט מיך נישט שוינען;
מעגסט זיין זיכער, געלאַסן און רואיק,
אַז איך וועל דיך צוריק נישט באַלוינען.

וועל די שטיינער צוריק דיר נישט וואַרפן,
און דיין פייל — וואו געפאַלן — פאַרבליבן;
האָסט אַמאָל דאָך מיט גנאָד מיך באַשאָנקען,
פון דיין טיש האָב איך ברעקלאַך געקליבן.״

„און גיב זייער שטאַרק אכט אויף דיין ליד,
קלייב צו דיינע ווערטער און קלייב זיי און שניץ.
זיי ווייסן: דיין מח איז טרוקן אין ווינטער,
היינט וואָס וועט זיין זומער, אין היץ?״...״

עס איז אין די דאָזיקע לידער אין וועלכע עס ווייזט זיך ארויס ר׳ שלמה אבן גבירול׳ס באַוואוסטזיין פון זיין געניוס. ער ווייסט, אַז קיינער קען מיט אים נישט קאָנקורירן אין פּאָעזיע־שמידעריי. אויב דו ווילסט פרידן — בין איך גרייט. נאָר עפנסטו די טויערן פון קריג — בין איך מעכטיק און שאַרף אין מיין וויץ. איך בין גע־רייצט ווי אַ לייב. ציטער פאר מיין שאַרפער, שפּיציקער פייל. דער־וואַרט נישט אַז פאר קרישקעס וואס איך האָב גענאַשט פון דיין טיש וועל איך שמייכלען און זינגען שבחים. און ווען דו באַנוצט זיך מיט מיין ליד — זיי זיך מודה! דו ביסט הערשער און געלערנטער. נאָר וואַג נישט צו גיין צום מזבח פון ליד און געזאַנג.

דו געדענקסט וואויל וואס מען האָט געטאָן צו מאַרסיאַס, ווען ער האָט געוואָגט צו קאָנקורירן מיט אַפּאָלאָ . . .

און אין אַ טאָג געפינט זיך ווידער ר׳ שלמה אבן־גבירול אין די

פאַרשטעט פון גראַנאַדאַ. די פרישע בערגלאַך, די רויטע ביימער פון האַרבסט, די גאָלדענע בלעטער — זיי זאָגן אים אַ רירנדיגן „אַדיע". זיי דערקענען אים וואויל. עס איז דערזעלבער וואַנדערער וואָס איז דאָ געקומען מיט עטלאַכע יאָר צוריק, כדי צו זוכן אַ היים אונטערן דאַך פונם אידישן שטאַטסמאַן. און איצט, בלויז עטלאַכע און צוואַנציג יאָר אַלט, טראָגט זיך דער פּאָעט ווידער אויפן אומהיימלאַכן שליאַך. זיין טאַרבע איז פול מיט ברויט און — מיט לידער. מיט פילאָסאָפישע ווערק. פיל פון זיינע מאַנוסקריפּטן זיינען געבליבן אין די הענט פון חשוב'ע באַלעבאַטים פון גראַנאַדאַ. פיל זיינען געבליבן אין הויז פון ר' שמואל הנגיד. דער רום פון ר' שלמה אבן־גבירול איז גרויס. נאָר ער אַליין, דער פּאָעט, איז אָרעם און הילפלאָז און היימלאָז. זיין גייסט צעפלאַקערט זיך. און בשעת דער גייסט פייערט אין אים זיין גרויסן זון־אויפגאַנג — ווערט זיין גוף אַלץ שוואַכער און צעצינדט זיך אין אַ פיבערישן זון־אונטערגאַנג. זיין רום איז גרויס — אָבער די שונאים זיינע זיינען פאַרמערט געוואָרן. און ער פילט זיך אַזוי אומענדלאַך־אַלט, אַזוי מיליאָניאָריג־אַלט. און וואוהין ציט זיין וועג אַצינד? קוואָ וואַדיס? וועלכן וועג זאָל ער נעמען אין דעם געוועב פון וועגן־קנוילן? ער קען גוט די מענטשלאַכע נאַטור און ער ווייסט אַלע זיינע פעלערן. און ער האָט מורא פאַרן מענטש. ער האָט מורא פאַר די פרויען וואָס רינגלען אָרום מיט אונטערטעניגקייט און פאַלשקייט די מעכטיגע, די מאַכט־באַזיצנדיגע פון דער ערד. און דאַך, וואָסאַראַ מעכטיגע געפילן עס עפענען זיך אין אים צו דער פרוי. ווי זיין האַרץ בענקט נאָך ליבע. נאָך אומענדלאַכער, פייערדיגער ליבע. אָט דער אויסגעדאַרטער, מאַרטירערישער גוף — ווי ער לעכצט נאָך דעם ווייכן, בויגיגן און גראַציעזן לייב פון אַ פרוי. אָבער וואו איז אַ פרוי וואָס זאָל ליבן דעם פּאָעט ר' שלמה אבן־גבירול? בלויז די שפּאַנישע פרויען פון דער גאַס זיינען גרייט אים צו דינען מיט זייערע פאַרצערטע, אויסגעברענטע קערפּערס. די נביאים, צו איינזאַמקייט געוואָרפן, האָבן צייטנווייז געליבט די דאָזיגע זינדיגע פרויען — די מאַרטירערינס פון דער ערד. אָבער ער, ר' שלמה אבן־גבירול, קען נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק צו שטילן זיין ליבע אין דעם שויס פון אַ זינדיגער הייליגע. עס איז ליבשאַפט, עס איז פריינטשאַפט, צו וואָס ער שטרעבט. עס איז דאָס פילן די זיסע אינטימיטעט מיט אַ פרוי, וואָס האָט נאָך צו קיין מאַן נישט געהערט. עס איז די שטרעבונג צו קושן, צו אומהאַלזן אַ פרוי וואָס געהערט בלויז צו דיר, צו דיר אַליין. אָבער וואו איז אַזאַ הייליגע? איז פאַראַן אויף דער גאַנצער וועלט אַ פרוי — וואָס וואָלט קענען ליבן ר' שלמה אבן־גבירול? אַ, ווען ער קען אַזאַ פרוי באַשאַפן. אַ גאָט האָט ער זיך באַשאַפן פון דעם געוועב פון זיין פאַנטאַזיע. אַ גאָט האָט ער זיך אויפגעבויט אין דעם גאַנצן פראַכט און גלאַנץ פון זיין געניוס. פאַרוואָס זאָל ער נישט קענען זיך באַשאַפן אַ פרוי — לויט זיין גוסט און פאַרלאַנג, לויט זיין געטלאַכער פאַרשטעלונג? פאַרוואָס זאָל ער נישט זיין אימשטאַנד מיט זיין לעבנס־ענערגיע און גייסטיגער מאַכט זיך צו שאַפן אַ פרוי — אַזוי ווי אין דער דיכטונג? אַ פרוי וואָס זאָל שטראַלן מיט ליבע צו אים? וואָס זאָל אים דינען געטריי און זאָל אים קיינמאָל נישט קענען פאַרראַטן? אַ פרוי וואָס איז — ווי זיין ליד און ווי זיין גאָט — זיין אייגענע באַשאַפונג?

עס איז שוין געווען טונקל. אַ ווינט האָט גערוישט און האָט געטריבן

די בלעטער מחנות׳וויז צו ר׳ שלמה אבן־גבירול׳ס פיס. ער האָט זיי באַטראַכטן — די בלעטער — און זיי האָבן שמערצפול געשריגן. אים האָט ווי געטאָן וואָס ער מוז איבער זיי טרעטן. וואָס דער ווינט טרייבט זיי צו אים, צו די פיס. און פלאַמענדיגע סטאַוון זיינען איבערן הימל, איבער האָריזאָנטן, געשוואומען, אָנגעפילט מיט גאָלד. מיט שטראַלנדיג גאָלד. דער זון־קאָפּ איז שוין לאַנג געווען געפאַלן. איז עס דער פאַרבלוטיגטער קאָפּ פון יקותיאל אבן־האסאַן, נאָך וועלכן דער פּאָעט האָט טיף געטרויערט און פאַרפאַסט פיל הספד־לידער?

די נאַכט איז צוגעפאַלן און האָט דעם מידן פּאָעט איינגעשלונגען. ער איז ליגן געבליבן אויף אַ פעלז, וואָס האָט זיך געעפנט און ווי אַן ארון, ווי אַ סארקאָפאג, אים אַריינגענומען אין זיך — אויף איבער נאַכט. די שטערן האָבן זיך געעפנט — אַ גרויסאַרטיגע פּאַנאָראַמע. און דער לבנה׳ס גאָלדן געזיכט גייט אויף. און זע, עס איז אַ וואונדערלאַך פרויען־געזיכט, וואָס שמייכלט אים אריין אין די אויגן. די שענסטע פון אלע פרויען. און זי שעפּטשעט: „איך בין דיינע! נעם מיך!‟ און פון אַלע שטערן ווערט איין פּרעכטיגער האַלזבאַנד פאַר דער געליבטער — און זיין צאַרטע האַנט טוט איר אָן דעם האַלזבאַנד אויפן האַלז. אירע ליפּן ציטערן. אירע אויגן זיינען פייכט ווי פּיילכן . . . ר׳ שלמה אבן־גבירול וואונדערט זיך איבער זיין אומערדיש גליק . . . אַ פרוי איז לעבן אים... ער דאַרף נאָר געפינען דעם צויבערשפּרוך — און זי וועט אַרויסקומען פון די הימלען און זי וועט מיט אים וואוינען און זיין צו אים געטריי. אַ געטלאַכע פרוי ווערט אַן ערדישעווירקלאכקייט! — האָט מיט זיינע לעדער־טרוקענע ליפּן דער פּאָעט געשעפּטשעט צו דער הימלישער דער־שיינונג.

⁂

אַ קורצע צייט איז פאַרגאַנגען זינט דעם דאָזיגן פּאָעטישן חלום, ווען ר׳ שלמה אבן־גבירול האָט איצט מער נישט געפונען קיין היים און קיין מעצענאַט. ער האָט געוואַנדערט איבערן קריסטלאַכן און מארישן שפּאַניען. ער האָט גענעכטיגט אויף די טרעפּ פון קירכן און מעטשעטן. אַ גרויס ליכט האָט אַרויסגעפלאַמט פון אים, האָט אים געדראָט צו פאַרברענען. זיין קערפּער איז פאַרצערט. נאָר די נשמה פלאַמט. אָט איז ער שוין נאָענט צו זיין באַפרייאונג. זאָגט ער דען נישט אין זיינע ווערק אַז דער גוף איז פאַר דער נשמה אַ תפיסה, וואָס לאָזט איר נישט געניסן די גאַנצע שיינקייט פון דער אידעאַלער וועלט, צו וועלכער די נשמה בענקט און וויל זי ווידער אומפאַסן? די נשמה געדענקט אין גלות פון גוף די געוואַלטיגע האַרמאַניע, די מעכטיגע וויזיע פון אַ געטלאַכן סיסטעם, וואָס איז לויטער גייסט און ווערט באַוועגט דורך גייסט. עס איז דער גוף וואָס פאַרוויַעט מיט נישטיגקייטן איר ריינעם, האַרמאַנישן בילד. עס איז דער קערפּער וואָס שטערט דער נשמה׳ס פּרעכטיגע רעמיניסענסן און העכסטער פּאָעזיע.

די נשמה איז פון פייער און זי שטרעבט זיך צו פאַראייניגן מיטן וועלט־פלאַם — מיט דעם וועלט־גייסט. דאָס איז די ליידנשאַפט פון דער נשמה — צו ווערן צוריק אַ טייל פון דעם גרויסן פלאַמענדיגן ים פון שעפּערישקייט. דער גוף טוט איר ווי. אונטערדריקט איר אינערלאַך לעבן. טרייבט איר אין אַפּגרונט פון ערדישע ליידן. אָבער די נשמה פלאַמט שטענדיג אויף מיט דער קאָלאָסאַלער, פלאַסטישער וויזיע פון אַן

אוניווערס אין וועלכן זי איז אַ **בריליאַנטענע כוואַליע**.

ר' שלמה אבן־גבירול איז נישט געווען בלויז טראַכטנדער, **רעפ־לעקטירנדיגער** דענקער. ער האָט ווירקלאַך געליטן און געבענקט צום קאָסמישן וועלט־בילד, צו דער געטלאַכער האַרמאָניע. „זיין קעניגרייך איז נישט פון דער וועלט". ער האָט זיינע שרעקלאכע ליידן קאָמפּענסירט מיט קאָסמישע איבערלעבענישן און וויזיעס. ער האָט געוואוסט אַז אָט־די וועלט איז בלויז אַ חושים'דיגע, אַן איינזייטיגע, אַן עפּעמערע. עס איז די וועלט פון פאַלשע איינדרוקן, באַווירקט דורך די זיך־טוישנדיגע חושים. די חושים באַגרייפן בלויז די דערשיינונגען פון די זאַכן, אָבער נישט די זאַכן זעלבסט, זייער אינערלאכן מהות, וועלכע קענען זיך נאָר אַנטפּלעקן צו דער נשמה, ווען אַ באַפרייטע פון דעם פינצטערן קערקער — דעם גוף. די נשמה, דער שכל, באַגרייפט אַ קאַלאָסאַלע וועלט פון אמת'ע רע־אַליטעטן, גרויסאַרטיגע, וועלכע גיבן אַרויס פון זיך אַזאַ בלענדנדיגע ליכט, אַז אונזער ברענענדיגע זון זעט אויס צו זיין באַגרענעצט, אַ טונ־קעלער פלעק. צו אָט דעם ליכט ציט ר' שלמה אבן־גבירול . . .

אין טיפע שטונדן פון איינזאַמקייט, אין דעמערנדיגע שאָטנס גע־הילט, דערמאָנט זיך ר' שלמה אבן־גבירול יענע געוואַלדיגע וועלט, אין וועלכער ער האָט געלעבט איידער ער איז געוואָרן ליידנדיגער, געקריי־ציקטער גוף. דאָס איז די גרעסטע פרייד — זיך ווידער פאַרצושטעלן די וועלט ווי זי איז דערשינען צו דער נשמה — אָבער נישט ווי זי דער־שיינט צום גוף. יענע קאָסמיש־באַוואוסטזיניגע מאָמענטן דערמאָנען זיך אַלע גרויסע פּאָעטן פון דער מענטשהייט. עס איז אין דעם דאָזיגן צו־שטאַנד, ווען זיי שאַפן זייערע גרויסע ווערק, ווען די רעמיניסענסן עפע־נען פאַר זיי די פּאַנאָראַמע פון אַ געטלאַך־געאָרדענטן אוניווערס. עס איז יענע שטונדע — ווען די קינסטלער פילן זיך אויף אַ ווײַלע באַ־פרייט פון זייער גוף.

ר' שלמה אבן־גבירול האָט זיך איצט געפילט ערב זיין באַפרייאונג. זיין נשמה פאַראייניגט זיך מיט דער גרויסער וועלט־נשמה. זיין גייסט הויבט אָן צו פונקציאָנירן אין איר פולער קראַפט. שוין קומען אים אַנט־קעגן פלאַמענדיגע הימלען. שוין שמייכלען צו אים געזיכטער — ווי טויזנט זונען צוזאַמענגענומען. עס איז ערב זיין אַגאָניע. אָט האָט ער דער־גרייכט דעם צושטאַנד ווען ער פאַראייניגט זיך ווידער מיטן וועלט־גייסט.

אָבער ר' שלמה אבן־גבירול איז געווען געוואַלטיג שעפעריש. אומ־געהייערע אוצרות פון גאָלד האָבן אין אים געגליט. זיין ספר „מקור חיים" איז נאָך נישט געווען געשאַפן. פיל לידער, אין וועלכע ער דער־הויבט זיך, טראָגט אַ טויזנט ליידן, צו קאָסמישער גליקזעליגקייט — זיי־נען נאָך נישט געווען געשאַפן. און אַ ברענענדיגע עראָטיק פּייניגט דעם דאָזיגן פאַרצערנדיגן קערפּער. און יענע געזיכט, יענע פרוי, וואָס האָט צו אים פון הימל אַראָפּגעשמייכלט — וואו איז זי? וואו איז זיין גרויסער, זיין טראַגישער חלום? האָט נישט גאָט אַליין געבראַכן די איינזאַמקייט פון אדם, ווען ער האָט אָפּגעריסן פון זיין לייב אַ פרוי — און זי אים מיטגע־געבן, דורך אַלע דורות, כדי צו ברענגען געבורט פון בייע דורות און — טויט? האָט נישט אדם, דער ערשטער מענטש, אין זיין איינזאַמען באַ־טראַכטן דאָס וועלט־בילד, געבענקט נאָך אַ פרוי?

און אין יענער נאַכט, ווען דאָס לבנה־ליכט האָט זיך ווי ווײַן אַראָפּ־

געגאָסן פון דעם הימל און זיך אויסגעמישט מיט דער ערד און רויט געמאַכט די ערד ווי פייער — אין יענער נאַכט האָט ר׳ שלמה אבן־גבירול דערפילט אין זיינע הענט אַ גוואלדיגן כח. די האַנט־פּלאַכן האָבן געברענט ווי אָנגעגליטע בלעכן. זיי האָבן זיך געריסן צו דער ערד, צו דער פייכטער, רויער, מיט לבנה־פאַרפיומירטער ערד, די ערד פון וואַנען פעלקער און נאַציאָנען און שטאַמען גייען אויף, פירן זייער געוואַלטיגען קאַמף און פאַלן צוריק, ווי כוואַליעס, צום בויך פון דער ערד. דער פּאָעט־שעפער האָט געפילט אַ מעכטיגן פאַרלאַנג צו זען ווידער פאַר זיך דאָס געשטאַלט פון דער פרוי, וועמענס נשמה ער האָט אַזוי רויזנווייך געזען אַראָפּשטראַלן פון הימל. יענע פרוי, וואָס איז שוין מיליאָנען יאָרן לאַנג אין אים פאַרליבט, וואָס זוכט אים דורך דער אייביגקייט. די פרוי וואָס שפּאַנט אויס אַלע טורמעס און אַזילן, אַלע קאַבאַרעטן און טעמפּלען און זוכט אים — איר אויסדערוויילטן.

אין יענער נאַכט, ווען אַן אומגעווייגלאַכע איינזאַמקייט איז אים באַפאַלן, און ווען אַ געהיימע קראַפט האָט אים געטריבן איינצוגראָבן זיינע פלאַמענדיגע הענט אין דר׳ערד — האָט ער זי באַשאַפן.

פון לבנה־באַגאָסענע ערד איז זי געוואָרן. זיינע הענט האָבן אַ גאַנצע נאַכט געגראָבן די ערד, געקנאָטן ווי טייג, געמישט ווי נעבולאַ, אַריינגעמישט אין איר אַלע געטלאַכע עלעמענטן, וואָס די ערד טראָגט אין זיך פּאָטענציעל, האָט אין איר פאַרקנוילט זיין איינזאַמקייט און זיין בענקשאַפט, זיין וויזיע און זיין קאָסמישן באַוואוסטזיין, זיין בלוט און זיינע טרערן. אזוי האָט גאָט אין איר צייט פון ליים אויסגעקנאָטן דעם ערשטען מענטש — אדם, און זיין גאַנצעס בענקען און דרענגען איז אין אים אַריינגעקנאָטן געוואָרן. זיין גאַנצע געטלאַכע איינזאַמקייט און טראַגעדיע. זיין שוואונג און זיין טרויער. זיין שוועב און זיין פאַלן. זיין מעכטיגקייט און זיין מידיקייט. זיין טאָג און זיין נאַכט. אַלע בערג און אלע טאָלן זיינען אין אים אָנוועזנד געוועזן. אַלע שטראָמען און אַלע פאָנטאַנען, אַלע אָקעאַנען און אַלע טייכן, אַלע קאַסקאַדן און אלע קוואלן — אַלץ האָט אין זיין בלוט זיך פארגאָסן און פאַרשוימט און פאַר׳שיכור׳ט און פאַרטאַנצט און זיך פאַרברויזט אין דער איינער קאָסמישער אדם־פּערזענלאכקייט. גאָט האָט אין אדם אָנגעצונדן אַלע שטערן און אַלע זונען — אַלע פּלאַנעטן און אַלע קאָמעטן — אַלע ליכט און אַלע פייערן — און אין אַלע וואונדן פון אדם האָט אַ ליכט געשטראַלט און אַ בליץ האָט רויט און וואַנזיניג געבליצט. אַלע וועלדער און אַלע ווינטן; אַלע פעלדער און אַלע שטורעמס; אַלע אינזלען און אַלע קאָנטינענטן; אַלע ביימער און אַלע פלאַנצן; אַלע בלומען און אַלע טאַנצן און אלע ריטמען און אַלע שוואונגען — דעם גאַנצן שוועב פון קאָסמאָס האָט גאָט אַריינגעקנאָטן אין אדם, ווען ער האָט מיט זיין שטאַרקער האַנט אָפּגעבראָכן אַ באַרג־שפּיץ און האָט אים אין טאָל געוואָרפן און האָט גענומען אין אים אַריינקנעטן דעם קאָסמאָס.

אָט אַזוי האָט אין יענער נאַכט ר׳ שלמה אבן־גבירול אויסגעקנאָטן פון רויטער לבנה־ערד זיין פרוי — זיין ווייב, זיין שוועסטער, זיין מוטער. דען פון קליינערהייט אָן האָט ער קיין מוטער נישט געהאַט וואָס זאָל אים שלאָפן לייגן און אַריינקושן איר ליבשאַפט אין אים. און נישט קיין שוועסטער, מיט וועמען ער זאָל גיין צום וואַסער־ברעג קלייבן הושענות און בלומען און נישט קיין געליבטער, צו וועמען ער זאָל שרייבן ליבע־

דיכטונגען — צאַרטע סאָנעטן און סאַנאַטאַס. און נישט קיין ווייב, אין וועמענס שויס ער זאָל קענען וואַרפן די גאַנצע לאַסט פון זיין טרויעריגן קאָפּ און רוען אַ ווײַלע אין ערדיש־פּיינפולער צייט. און איצט האָט ער זיין גאַנצע בענקשאַפט אין איר אַריינגעקנאָטן. אויב גאָט שאַפט לויט זיין ווילן — מוז מענטש אויך שאַפן לויט זיין ווילן. און מענטש האָט קראַפט צו שאַפן. זיין גייסט איז אַ טייל פון גאָט און טראָגט אין זיך דעם זעלבן פלאַם פון שעפערישקייט, פון קאָסמישער קרעאַציע.

און אין יענער ראָמאַנטיש־אָנגעצונדענער נאַכט — איז זי געבוירן געוואָרן. און ווי אַ צויבערלאַכע געשטאַלט פון דזשיאָרזשיאָנע אָדער באָטיטשעלי. בלייך און טרויעריג. קינדיש און צאַרט. אַ ראָמאַנטישע געשטאַלט פון אַ ליד. הויך און שלאַנק ווי אַ וואונדערלאַכע כוואַליע, וואָס ברעכט זיך אָפּ פונם ים אין אַ מינוט און גייט אויף אין שוידער פון וועלט איבערלעבן, אין איר שמאָלער טאַליע און שמערצפולן בוזים. זי שמייכלט טרויעריג — אַזוי האָט זי צו אים אין גאָלדענעם חלום געשמייכלט פון הימל אַרויס. און זע ווי בונט און צעוואָרפן אירע לאָקן זייבען, אַזוי ווי אַ ווינט וואָלט מיליאָנען יאָרן דורך זיי דורכגעגאַנגען. עס איז דער ווינט וואָס האָט די גרויסע איינזאַמקייט אין איר אָנגעטראָגן. און אירע אויגן — שטיקער קאָנצענטרירטע הימלען. שטיקער טיפע בלויקייטן. און זי בוקט זיך צום באַשעפער און קוקט אים אַריין אין די אויגן. ווער איז ער — איר באַשעפער? פונוואַנען קומט זי? ווי הייסט זי? וואוהין ציט זי? וואָס איז דער צוועק? שוין פייניגן אים די וועלט־פראַגן — די קאָסמישע פּראָבלעמען, מיט וועלכע די דורות ווערגן זיך און ווערן דערשטיקט, ווי מיט פּעטליעס אויף די העלזער.

ווען רחל — אַזוי האָט דער פּאָעט איר אַ נאָמען געגעבן, לויט דער ביבלישער, בלאַסער רחל, מיטן אָנדייט אַז אַזאַ שיין וועזן קען נישט לעבן לאַנג — האָט זיך דערנענטערט צום פּאָעט, האָט ער זיך אַריינגעקוקט אין א וויזיאָן וואָס איז געוואָרן צו אים רעאַל, ווירקלאכקייט, פּלאַסטישע פאָרם. זיין ווערק, זיין ליד, זיין אויסטראַכטונג, זיין דולציניי. און ווען ער האָט זי אַרומגענומען — האָט זי געקרעכצט פון פּיין פון זיין שטאַרקן האַלזן און דריקן, אַזוי ווי ער וואָלט זי צוריק אַריינגענומען אין זיך, אַזוי ווי עס וואָלט געוועזן זיין ליד — וואָס ער האָט מיט שמערץ לויז געלאָזט פון זיך, פון זיין געניוס, צו זיין אייגענעם וועלט־שמערץ געלאָזן.

ער האָט זי געהאַלזט — און עס איז געוועזן ווי ער וואָלט זיין ליד, זיין גאַנץ לעבנסווערק געהאַלזט און צו זיין האַרץ געטראָגן.

רחל האָט געטריי געדינט דעם פּאָעט. אין די נעכט האָט זי איבער אים געוואַכט, געקוקט מיט אירע טרויעריגע אויגן איבער זיין ליידנדיג געשטאַלט. זי האָט אים געליבט און געזאָרגט פאַר אים. און ער האָט זיך געפרייט מיט איר, מיט זיין שעפּפונג. מיט זיין אויסגעטראַכטער רחל. זיינען דען נישט אַלע שיינע פרויען אויסגעטראַכט? באַשאַפט דען נישט דער מענטשלאַכער געניוס די אַלע שיינקייטן, פאַרהילט זיי אין זיינע אידעאַלן און לאָזט זיי קיינמאָל נישט אַלט ווערן? איז נישט דער מאָדעל פון אַ פרוי — פון זיך אַרויסגעבראַכט? יעדער מאַן ווערט געבוירן מיט אַ קליינעם מעדאַליאָן אין זיין האַרץ. אין דאָזיגן מעדאַליאָן איז פאַראַן די מאַלעריי, דער פּאָרטרעט פון דער דאַמע. די דאָזיגע מאָדעל טראָגט יעדער מאַן אין זיך זיין גאַנץ לעבן. און צווישן טויזנטער פרויען זוכט ער דעם דאָזיגן מאָדעל, זוכט דעם פּאָרטרעט פון דער דאַמע מיט וועל־

כער ער איז געבוירן געוואָרן אין זיין האַרצן. מיט וועלכער ער טראָגט זיך אַ פלאַמענדיגער אַרום זיין גאַנץ לעבן — ווי באַהערשט פון אַ גרויס פייער. און בשעת ער האָט געקוקט אויף רחל, אויף איר בלייך, ראָמאַנ־טיש געשטאַלט — האָט ער דערקענט אין איר זיין אומשטערבלאַכע מו־זע. זיין אידעאַלן מאָדעל. אַזאַ האָט ער שטענדיג אויסגע׳חלום׳ט אין זיי־נע פאַנטאַזיעס. עס איז זי וואָס בויגט זיך נאָך איבער זיין וויגל אַריבער און זינגט אין אים אַריין זיסע מעלאָדיען; עס איז זי וואָס אינספּירירט אים צו וואונדערלאַכע לידער.

און בשעת זי באַדינט אים אין אַלע הינזיכטן, בשעת זי איז זיין ווייב און זיין געליבטע. זיין מוטער און זיין פריינדין — ווערט זי נישט פאַרעלטערט. קיין זילבער גרויע האָר שנייעט ניט אריין אין אירע פלאַ־מענדיגע לאָקן. זי איז די יוגנט זעלבסט. די ווענוס, די קרעאַטורן וואָס גאָט שאַפט, זיינען שטערבלאַך. זיי קרענקען. זיי זיינען פול מיט שטי־מונגען. זיי זיינען טרויעריג. זיי פאַרענדערן זיך און שטאַרבן. די ערד עסט אויף זייערע גופים. צייט פאַרצערט אַפילו זייערע ביינער. און דאָ, אין קאָנקורענץ מיט גאָט, האָט ר׳ שלמה אבן־גבירול געשאַפן אַ גע־שטאַלט וואָס איז אייביג. אַ וואונדערלאַך, פּאָעטיש וועזן, וואָס איז נישט אונטערוואָרפן די געזעצן פון צייט, די דראַמע פון פאַרגיין. זי בלייבט אייביג יונג. און דער וואָס האָט די יוגנט זעלבסט געשאַפן, איז אַלט און טרויעריג. ביי דרייסיג יאָר — פילט ער זיך ווי אַן אַלטער מאַן. ווי טויזנט יאָר אַלט. און ער ווערט מיט יעדן טאָג עלטער. און ווי אבישג השונמית, טוליעט זי זיך צו אים אין די טרויעריגע נעכט, ווען מחנות וואָלקן פאַרזאַמלען זיך. טוליעט זיך, ווי צום אַלטן קעניג דוד, ווען די עלטער האָט אים באַזעסן.

אין אַזעלכע נעכט דערוואַכט ר׳ שלמה אבן־גבירול און קוקט אויף זיין באַקעטער ווייב. דערקענט ער אין איר יענעם רויטן־לבנה־ליים, פון וועלכן ער האָט איר גוף אויסגעקנאָטן אין אַ נאַכט פון דראַנג און בענק־שאַפט? ניין. ער דערקענט נישט מער דעם רויטן לבנה־ליים. זי איז ווייס ווי אַ שוואַן. איר פיגור איז ווי פון ווענוס פון מילאָס, וואָס מען וועט געפינען טויזנט יאָר שפּעטער, אַן אַרעמס, וואָס אַ גאָט האָט ביי איר אַראָפּגעקושט. און אָט ליגט זי דאָ — אַ וואונדערלאַך ווייב, געטריי ווי אַ הונט צו די פיס אים. און בשעת ער וועט שוין לאַנג נישט זיין אויף דער וועלט — וועט זי זיין יונג. און זי וועט קיינמאָל נישט שטאַרבן. זי וועט אַרומבלאָנדזשען נע־ונד אויף דער ערד און טרערן וועלן זיך גיסן פון אירע אויגן, בשעת די יוגנט וועט קיינמאָל נישט דעמערן אין איר געשטאַלט.

איינמאָל קומען צו ר׳ שלמה אבן־גבירול דעם קעניגס דינער; זיי האָבן אַ באַפעל פונם קעניג צו קומען און נעמען אים און זיין שיינער פרוי אין פּאַלאַץ פונם קעניג. עס איז היינט אָוונט אַ גרויסער מאַסקן־באַל.

ר׳ שלמה אבן־גבירול איז געווען דערשראָקן. אָבער דעם קעניגס באַפעל איז — הייליג. ווער עס פירט נישט אויס זיין באַפעל, דעם קומט טויטשטראָף. און דעם קעניגס־דינער קוקן אויף רחל. זיי פאַרצערן איר מיט די אויגן. די שטאַרקע מענער קוקן אויף איר דעליקאַט, סענסיטיוו געשטאַלט — וואָס איז אָבער אייביק ווי די זון און ווי די לבנה — ווי די ערד און ווי הימל. און בשעת דעם קעניגס עקיפּאַזש טראָגט זיך אי־

בער די טונקעלע גאַסן, גייט די זון אונטער און וואַרפט בוקעטן שטראַלן, קרויזן, אויף דער בלאַסער רחל און דעם פּאַעט. און דאָס גאַנצע זון־גאָלד קאָנצענטרירט זיך אויף זייערע קעפּ.

די שענסטע דאַמען און הערן זיינען פאַרזאַמלט אין דעם קעניגס פּאַלאַץ. דער מאַסקנבאַל האָט זיך אָנגעפאַנגען. דער טאַנץ גייט אָן. ווי וואַסער — גיסן זיך אין די העלזער פון די יונגע מענטשן דער ווייַן. דער אַלטער וויין — פון גילדערנע בעכערס און באַקאַלן. און מאַסקעס אַלערליי גייען אויף: מאַסקעס פון טייוואָלים מיט פלאַמענדיגע הערנער און פון מלאכים מיט ברילי‌אַנטענע פליגל; מאַסקעס פון סולטאַנען און פּראָסטיטוטקעס; מאַסקעס פון קאַפּיטאַנען און מאַטראָזן; ביזאַרע, גראָ־טעסקע, שמערצפול־פאַרקרומטע און גלייכגילטיג־בלייכע טויטן־מאַס־קעס; מאַסקעס פון הענקער און פון געהענקטע; פון קלאָונס מיט רויט־פאַרגרימירטע געזיכטער, פון רויטער פאַרב; מאַסקעס פון קריגער און גענעראַלן; עס איז דער ווינט פון מאַסקעס, די דראַמע פון מאַסקעס, וואָס מישן זיך אויס, אַזוי ווי די בלעטער אין אַ ווירבלווינט, אין שפּעטן אָק־טאָבער, ווען די קופּערנע לבנה גייט אויף מיט אַ טראַגיש געזיכט אי־בער דער ערד. עס איז דער טראַגישער ווינט פון מאַסקעס.

און אונטער די מאַסקעס — ווייַנענדיגע און קלאָגנדיגע, היסטע־רישע און אויסגעקרומטע, מילדע און גראָטעסקע — זעען זיך פאַר־שוויצטע געזיכטער מיט בליצנדיגע אויגן, וואָס פלאַמען מיט ליידנ־שאַפט. מיט אַ ליידנשאַפט וואָס פאַרצערט זיי, וואָס פרעסט זיי אויף, וואָס טוט זיי אָן אין פייער, אַ ליידנשאַפט וואָס פאַרוואַנדלט זיי אין עלעקטרי־שע ברואים. און אַ מאָדנע מוזיק, וואָס ציט זיך אומענדלאַך, ציט זיך אַזוי ווי די ליידנשאַפט, אומגעזעטיגט, און טרויעריג וואָס זי קען נישט געזעטיגט ווערן. אַן אומדערפילטע בענקשאַפט וואָס קען קיינמאָל און דורך קיינעם נישט געשטילט ווערן.

און פלוצלינג הערשיינט דער קעניג זעלבסט און לאַדט איין רחל צום טאַנץ. זיי טאַנצן ביידע און ר' שלמה אבן־גבירול קוקט זיי נאָך. זיי וויגן זיך ווי אין אַ כוואַליע, ריטמיש און גראַציעז, אין דעם אָקעאַן פון טאַנצנדיגע. און בשעת דער קעניג בויגט זיך איין און פרעסט אָפּ אַ קוש איבער רחל'ס געזיכט — ווערט ר' שלמה אבן־גבירול טרויעריג. אַ טיפע איפערזוכט פייניגט אים. ער וואָלט מיט אַ קרומען דאָלך דעם קעניגס האַרץ דורכגעשטאָכן. ער וואָלט זיינע ליפּן, וואָס באַרירן רחל'ס הייליג לייב, אָפּגעשונדן.

און אַלע קוקן ווי אַזוי ר' שלמה אבן־גבירול זיצט אין אַ ווינקל און באַגיסט זיך מיט טרערן. און אַלע האָבן הנאה פון דעם ספּעקטאַקל, ווי אַזוי דער קעניג טאַנצט אַרויס אַליין נעענטער צום אַרויסגאַנג, צום טיפן גאָרטן, צום קעניגס אַלטן, שאָטנדיגן גאָרטן.

און בשעת אַלע לאַכן פון דעם העברייאישן פּאָעט — זוכט ר' שלמה אבן־גבירול מיט די אויגן זיין געליבטער. ער זוכט זיי און ער קען זיי נישט געפינען. ער הייבט זיך אויף פון פּלאַץ און דערנעענטערט זיך צום גאָרטן.

ווייסע, זיידענע וואָלקנס שווימען איבם הימל, ווי אין אַן אומענד־לאָכן ים. די לבנה גייט אויף — רונד און פאַנטאַסטיש, ווי אַ גרויסע שפּין, וואָס פאַרשפּינט און זויגט אויס דאָס בלוט פון אַלע שטערן. אַ

לינדער אָונט־ווינטל באַרירט ר׳ שלמה אבן־גבירול, שפּילט מיט זיינע לאַנגע, זילבער־גרויע האָר, מיט זיין לאַנגער פּראָפּעטן־באָרד, שפּילט מיט זיין קערפּער. די שטילקייט ווערט איבערגעריסן דורך מאַנכע וואונ־דערלאַכע פייגל־שטימען, וואָס האָבן קלוג אויסגעוויילט דעם קעניגס גאָרטן פאַר זייערע געזאַנגען. — און וואו איז אין דאָזיגן טיפן, שאָטנ־דיגן גאָרטן — רחל מיטן קעניג? — פרעגט מיט אַנגסט ר׳ שלמה אבן־גבירול.

און מערקווירדיג, עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס ער האָט רחל גע־לאָזן אַליין. פאַר די לעצטע חדשים איז זי מיט אים געווען, אים נישט אָפּגעלאָזן, נישט אָפּגעטראָטן פון אים, ווי אַ הונט. זי האָט זיך איינגע־קוקט אין אים, ווען ער האָט געשריבן זיינע לידער, זיין „מקור חיים", זיינע אַנדערע פילאָסאָפישע ווערק. און ווען זי האָט געקוקט אויף אים — איז ווי זי וואָלט אַריינגעשטראָמט אין אים גרויסע געדאַנקען. ער איז געווען שיכור פון איר געדאַנקענשטראָם. און אזא ליבשאַפט האָט געשטראָמט פון איר. עס איז ווי דו וואָלסט מיט איר געווען אינטים פאַר די לעצטע טויזנט יאָר. און ווי זי האָט געוואָלט וויסן וועגן דער וועלט. וועגן די שטערן און די זון. און ווען זי פלעגט זען אַ לויה, האָט זי זיך געפרעגט וואוהין מען טראָגט דעם מענטש, וואָס עס איז מיט אים גע־שען. און וואָס אַזוינס עס איז דער טויט.

ער האָט געהאַט געגנוג צייט און געדולד איר אַלץ צו דערקלערן. און וואָס ער האָט איר דערקלערט — האָט זי גוט געדענקט.

און אַזוי טראַכטנדיג, איז ר׳ שלמה אבן־גבירול אַריין טיפער אין פּאַרק. ער איז פאַרבייגעגאַנגען גריכישע און רוימישע סטאַטועס. ער האָט געזען ווי טרעפּ, נאַקעטע טרעפּ, פירן אַרונטער אין אָפּגרונטן און פירן אַרויף. די אייביגע טרעפּ פון דער ערד, אויף וועלכע די דורות טרעטן! און אין לבנה־ליכט זיינען פאַר אים אויפגעגאַנגען ביימער, ווי גאָלדענע מנורות און בלומען וואָס זיינען געשמאַק געשלאָפן. פּלוצלינג האָט ער דערהערט אַ היסטערישן געלעכטער. עס איז געקומען פון אַ טי־פער אַלייע. ר׳ שלמה אבן־גבירול האָט זיך אַהין אַוועקגעלאָזט און ווען ער האָט דורכגעשניטן געדיכטע קוסטעס, וואָס האָבן צעראַצט זיין הויט, האָט ער דערזען ווי דער קעניג דריקט מיט געוואַלט צו רחל׳ען צו זיך, בשעת זי ווערט זיך העפטיג. אין דעם מאָמענט איז דער פּאָעט דערשי־נען. דער קעניג האָט אויפגעציטערט פון כעס, וואָס מען האָט אים גע־שטערט. ער האָט אויסגעשריגן:

— איך וועל דיך לאָזן אַריינזעצן אין תפיסה און מען וועט דיר אַרונטערנעמען דעם קאָפּ. דיין שיין ווייב וועט בלייבן אין מיין האַרעם.

— אַלמעכטיגער קעניג, דו וואָס ביסט דער הערשער איבער פיל מדינות און קענסט זיך פאַרשאַפן די שענסטע ווייבער פון דער וועלט, ווייסט דאָך זיכער זיך שעמען צו נעמען פאַר אַ ווייב אַ פרוי, וואָס מענ־טשענהענט האָבן אויסגעקנאָטן, וואָס איז פון ליים געמאַכט און וואָס איך קען באַשאַפן און אומברענגען צו יעדער צייט.

דער קעניג האָט זיך פאַרשעמט. ער איז אָפּגעטראָטן פון רחל, וואָס האָט די גאַנצע צייט געוויינט.

— ווער האָט זי באַשאַפן?

— איך! — האָט ר׳ שלמה אבן־גבירול געזאָגט.

— אויב דו האָסט זי באַשאַפן, מוזטו זי צוריק פאַרטיליגן. איך

וועל נישט דולדן אין מיין קעניגרייך קיין ליימיגע פרויען . . .

— מיר אַלע זיינען פון ליים און מיר גייען אַוועק צו דער ערד, מיר שטערבלאַכע — האָט דער פּאָעט געזאָגט.

און זעענדיג די ברענענדיגע ליידנשאַפט אין קעניגס אויגן און מורא־האָבנדיג פאַר די פאָלגן, האָט ער רחל׳ען געהייסן זיך אויסציען אויף אַ שטיינערנער באַנק און געזאָגט עטלאכע שפּרוכן איבער איר. רחל האָט ביטער געוויינט. און וויינענדיג — איז זי פאַרגליווערט געוואָרען ווי שטיין. זי איז דאָ געלעגן, פאַרן קעניגס און דעם פאָעט׳ס אויגן ווי אַ מיליאָנעניאָריגער פעלז. נאָך האָט זיך דאָס געוויין און דאָס געשריי געטראָגן פון איר האַרץ. נאָך זיינען אירע אויגן געווען פייכט פון טרערן. אָבער זי איז געווען פאַרשטיינערט און קיין מענטש איז דער וועלט, אויסער ר׳ שלמה, האָט זי מער נישט געקענט אויפוועקן.

עס איז געווען אַ טראַגישער מאָמענט; דער פּאָעט האָט צוריק פאַר־לאָשן דאָס וואָס האָט ערשט מיט אַזוי פיל געטריישאַפט און ליבשאַפט צו אים — געלעבט. דער קעניג האָט זיך געפילט באַליידיגט. פון טאָנץ־זאַל זיינען אַרויסגעקומען די שענסטע פרויען און האָבן געהאָלזט דעם קעניג. פון פאַרדראָס האָט דער קעניג פאַרלאָזן די סצענע, באַפעלנדיג דעם פּאָעט זיך אומצוקערן מיט זיין טויטער פעלזיגער פרוי.

שווער איז געווען דער וועג אהיים, אונטער געדיכטע בערג מיט שטערן אין הימל, וואָס האָבן באַלויכטן דעם פּאָעט דעם וועג אויף דער ערד. ער האָט אין דער גאַנצער שווערקייט אַהיימגעטראָגן דעם באַרג מיט ליים, וואָס האָט מיט אַ ווײַלע צוריק פאַרגעשטעלט זיין פרוי, רחל. ער האָט אים געשלעפּט, ווי קריסטוס האָט געשלעפּט זיין קרייץ, געמאַכט פון אַ זוניגן, יונגן, מיט זשיוויצע־טריפנדיגן בוים. ער האָט אהיימגע־בראַכט זיין פרוי און ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער תּפילה גע־טאָן צו גאָט, וואָס ער איז ניצול געוואָרן פונם קעניגס בייזע הענט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געוואַכט ביים טויטן ליים און אין דער פרי, ווען די ערשטע שטראַלן פון דער אויפגייענדיגער זון זיינען אָנגעקומען, ווי ריטער מיט בראַנזענע טראָמפּעטן אויף גילדענע פּעגאַזן — האָט דער פּאָעט אַריינגעאָטעמט לעבן, וואַרימען אָטעם, ליבשאַפט אינם אומבאַ־וועגלאַכן ליים. די גלידער האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט לעבן. שמערצפול האָבן זיי זיך באַוועגט. דער קערפּער האָט שוין געלעבט. נאָר דער קאָפּ איז נאָך געווען פאַרלאָשן. ענדלאַך איז דער גאַנצער קערפּער ווידער געווען אָנגעצונדן מיט זון, מיט ערשט־אויפשטראַלנדיגער זון. די אויגן האָבן זיך געעפנט און רחל, דערזעענדיג דעם פּאָעט, האָט אים צוגעצויגן צו זיך און אָנגעהויבן צו קושן. עס איז געווען אַ גרויסער מאָמענט. אַזוי קושט זיך, דער פּאָעט מיט אַלע זיינע לידער, מיט זיין גאַנצן לעבנס־ווערק. און זי איז געווען אַ ליד. אַ וואונדערלאַך ליד פון אַ גרויסן דיכ־טער.

פון איצט אָן האָט דער קעניג מער נישט געטשעפּעט ר׳ שלמה אבן־גבירול׳ס פרוי. נאָר אים האָט ביטער געקרענקט וואָס אַ העברייאישער פּאָעט זאָל האָבן די שענסטע פרוי פון לאַנד. האָט נישט מאַהאַמעט צו־געזאָגט אין גן־עדן די ווייכסטע, די שענסטע מיידלאַך, מיט אויגן — שטיקלאַך סאַמעט, מיט לייבער ווי זייד, ווי באַרדאַ־זייד, און זיי גיסן כסדר אָן באַקאַלן גאָלדענע מיט וויין און שטעלן צו צו די ליפּן פון די הייליגע. און ווי זי פאַרפאָלגט אים — ווי זי איז אים אַריין אין האַרצן!

פאַרוואָס קען ער נישט פאַרגעסן דעם בליק פון אירע גרינע אויגן, וואָס זיינען קלאָר ווי טייכן אין זון־שיין, ווען דאָס זון־גאָלד מאַכט זיי טראַנספּאַרענט ביזן גרונט. און פאַרוואָס קען ער נישט פאַרגעסן דעם טונקעלן באַרדאָ־גלאַנץ פון אירע לאָקן, נאָכלעסיג צעוואָרפן איבער דעם ווייסן לייב פון אירע אַקסלען, באַרירנדיג ווי פייערדיגע זייד־פעדים די טונקל־גאָלדיגע נאָפּלען פון אירע, דורך אַ מענטשנהאַנט געטאָקטע בריסט. און פאַרוואָס איז אָט דאָס גאַנצע ווען אַזוי טייער צו אים — אַזוי צאַרט — אָ, ווען ער קען זי באַזיצן . . .

און ווען ער וועט פאַראורטיילן דעם פּאָעט צום טויט און אים צו־נעמען זיין פרוי, — וועלן אַלע לאַכן פון אים. האָט שוין נישט קעניג דוד אַזוינס אָפּגעטאָן און דאָך קענען אַלע זיינע מעשים־טובים נישט אָפּוואַשן די גרויסע זינד. אפילו נישט זיין טראַגישע תשובה, דאָס אָנ־טאָן זיין קעניגלאַכן קאָפּ אין אַש, קען נישט אויסקויפן זיין שווערע זינד.

און נישט אָן אַ כונה, וואָס איז נאָך געווען טונקל, האָט דער קעניג באַגריסט דעם הויף־פּאָעט, אלי האסאן, וואָס האָט געשריבן גענוג שלעכ־טע לידער, כדי נישט באַזונדערס אַרויסצורופן די באַגייסטערונג פונם קעניג.

אָבער איצט האָט אים דער קעניג באַזונדערס האַרציג באַגריסט, פון וואָס דער אַראַבישער פּאָעט, וואָס האָט געשריבן וועגן ליבע און וויין, איז געווען איבערראַשט.

— זיי געגריסט און געלויבט, אלי־האַסאַן, — האָט דער קעניג מיט אַ פריילאך פּנים, פאַרדעקנדיג אַ באַהאַלטענעם טרויער, געזאָגט.

אלי־האַסאַן האָט זיך טיף פאַרנויגט.

— האָסטו געהערט פונם העברייאישן פּאָעט ר' שלמה איבן־גבי־רול? — האָט דער קעניג געפרעגט.

— ער איז מיין שכן. מיין וויינגאָרטן גרענעצט זיך מיט זיינעם. און אָפט רעציטיר איך פאַר אים מיינע לידער, — האָט אַלי־האַסאַן גע־זאָגט.

— געפעלן אים דיינע לידער?

— קיינמאָל נישט. ער שוויגט פאַר'עקשנ'ט. זיין שווייגן ברענט מיר ווי אַ פייער. איך וואָלט אים פון דער ערד פאַרטריבן אויס האָס צו אים.

— אלי־האַסאַן, דיינע לידער זיינען אייביג ווי די זון און די לבנה. דיין דיוואַן איז רייך ווי די שטערן אינם הימלישן טעפּיך. דו ביסט דער איינציגער פּאָעט פון לאַנד און קיין צווייטער איז נישט גרעסער פאַר דיר.

— מען שמועסט אַז ר' שלמה אבן־גבירול איז אַ גרעסערער פּאָעט פון מיר. זיין פאַראַכטונג צו מיר קען איך נישט איבערטראָגן.

— אלי־האַסאַן, זיין גורל איז אין דיינע הענט. קענסטו אים נישט פאַרטיליגן פון דער ערד? קיין שטראָף דערוואַרט דיר נישט פאַר אַזאַ נאָבעלע טאַט. איבעריגנס, איז עס מיין ווילן און באַפעל דו זאָלסט דיי־נע וואונטשן אויספירן. אָבער אין דערזעלבער נאַכט וואָס דו וועסט דערפילן דיין וואונטש, זאָל זיין פרוי געבראַכט ווערן צו מיר אין פּאַ־לאַץ.

— דיין וואונטש זאָל אויסגעפירט ווערן. — און אלי־האַסאַן האָט זיך טיף געבויגט און געפאַלן פאַרן קעניג.

ר׳ שלמה אבן־גבירול איז געווען שטאַרק טעטיג אין דער לעצטער צייט. אַ גרויס פייער האָט אים באַהערשט, און ער האָט געשאַפן פיל לידער, פּאָעמען און פילאָסאָפישע ווערק. ער האָט געאַנט אַ גרויסע גע־פאַר און ער האָט זיך געאיילט אַרויסצוואַרפן פון זיין האַרצן אַלע פּלאַ־מען — אין דער רעאַליזירונג פון אומשטערבלאַכע ווערק.

עס איז אויפגעגאַנגען אין אים די גרויסע דערקענטניש פון גאָט, וועלכן מיר דערקענען אין זיין אומגעהויערע אָרגאַניזאַציע פון שטערן־וועלטן. אין די אַקטיוויטעטן און באַוועגונג פון יענע כוחות וועלכע רייסן זיך אַרויס פון גאָט און מאַכן זייער שעפער צו דערקענען און צו לויבן. מיר דערקענען גאָט לויט דער טעטיקייט אין גאַנצן אוניווערז. און די דאָזיגע כוחות זיינען דער כאַראַקטער, זיין עקזיסטענץ זעלבסט. די דאָזיגע דערשיינונגען זיינען אין גאָט.

גאָט איז אַן אַבסאָלוטע איינהייט. אַן איינהייט וואָס איז אומפּאַרענ־דערלאַך און וואָס שליסט איין אין זיך גאָר די עקזיסטענץ פון אוניווערז. אַן איינהייט וואָס איז גאַנץ, פּאַרענדיגט, אומצעברעכלאַך, וואָס בינדט אינערלאַך אַלע דערשיינונגען און מאַניפעסטאַציעס פון דער נאַטור. וואָס באַרעכטיגט זיי. וואָס בינדט זיי אין אייזערנע פעדים — אין געט־לאַכע שטריק.

איז נישט מענטש אַ כאַאָטיש, צעבראָכן וועזן, וואָס „דערקענט" אין דער נאַטור טויזנטער עלעמענטן, קאָנטראַסטן און קאָנפליקטן, וועל־כע צעשטערן דעם מענטשנס גלויבן אין איין גאָט, וועלכע צעברעקלען דאָס האַרץ און מאַכן דעם וויזיאָנער צו זען אַן אוניווערז פון דיסאָרגאַני־זאַציע און צווועקלאָזיגקייט? אָבער דער מענטשלאַכער געניוס שטרעבט צו אָרדענונג, צו איינהייט און איינהייטלאַכקייט. דער געניוס שטרעבט צו רו און אָרדענונג. צו שטילקייט און אָרגאַניזאַציע. און אין כאַאָס פון קאָסמאָס, מיט זיינע שטורעמס, קאַפּריזן און געזעץ־ברעכונגען — קוקט אַריין אַ ר׳ שלמה אבן־גבירול און זעט די וויזיע פון אַ מעכטיגן גאָט וואָס בינדט אַלץ מיט זיך, ווי אַ קאָלאָסאַלע אַקס, אַרום וועלכן עס דרייט זיך דאָס אוניווערסאַלע געשעען. דאָס איז די שטרעבונג פון יעדן מאַ־ניסטישן דענקער, וואָס בענקט נאָך אָרגאַניזאַציע און איינהייט. עס איז אויך אין גייסט פון אידישן רעליגיעז־מאָנאָטעאיסטישן בליק אויפן או־ניווערז.

אָבער פאַר די אידישע רעליגיעזע דענקער איז די וועלט אין דרויסן פון גאָט, בשעת פאַר ר׳ שלמה אבן־גבירול, דעם גאָט־באַטרונקענעם פּאַנ־טעאיסט, דעם פּאָעט אין דער פילאָזאָפיע — איז דער אוניווערז פול מיט גאָט. אין גאָט.

די מאַטעריע, דער יסוד, וואָס עקזיסטירט פון תמיד אָן און וואָס האָט מיליאָנען מעגלאַכקייטן — איז שטענדיג שוואַנגער מיטן ווילן, מיט גאָט׳ס טעטיגקייט, מיט גאָט׳ס שעפערישקייט. די מאַטעריע ווערט דאָס וואָס דער ווילן אינספּירירט. און אַזוי, דורך מיליאָנען יאָרן, עק־זיסטירט די געטלאַכע הייראַט צווישן שטומער מאַטעריע וואָס טראָגט אין זיך די פּאָטענץ פון וועלטן און גאָט׳ס פייערדיגן, באַפרוכפּערנדיגן, אייביג־שעפערישן ווילן.

און בשעת ר׳ שלמה אבן־גבירול, אַ באַפרייטער פון אַלע ליידן און צווייפלען, האָט אין די לעצטע בלעטלאַך פון „מקור חיים" געהאַט גע־שלאָסן זיין פילאָזאָפישן סיסטעם, אין וועלכן ער בויט אויף אַן אומגעע־

הויערן מאָניסטיש־פּאַנטעאיסטישן סיסטעם, ליבנדיג יעדעס שעפּונג וואָס טראָגט, דורך זיין עקזיסטענץ זעלבסט, גאָט'ס חתימה, גאָט'ס גרויסקייט און אייביגקייט אין זיך—אַפילו ווען עס לעבט נאָר פון איין זון אויפגאַנג ביז איין זון־אונטערגאַנג — איז אָנגעקומען מיטן שטעג פון שכנות'דיגן וויינגאָרטן — אַלי־האַסאַן. ר' שלמה איבן־גבירול האָט דער־קענט אין אַלי־האַסאַנ'ס טונקעלן געזיכט — פינצטערע מחשבות. ער האָט זיך ווי דערשראָקן פאַר אים. אָבער דער געדאַנק אַז ער האָט זיינע מערסטע לידער אָנגעשריבן און ער האָט פאַרטיג זיין קרוין־ווערק „מקור חיים", וואו ער אַנטוויקלט זיין פילאָזאָפישן סיסטעם, האָט אים באַרואיגט. דער טויט קען נאָר צונעמען פון אים דאָס קערפּערלאכע, בשעת זיין גייסט וועט זיך אומקערן צו די בריליאַנטענע פליגלען פון גאָט.

— אַ גוטן אָוונט אייך, ר' שלמה איבן־גבירול! — האָט שיכור און פאַרשטיקט געזאָגט אלי־האַסאַן, ווען ער האָט זיך מיט אַ פאַלשן שמייכל דערנעענטערט צום העברייאישן פּאָעט.

— אַ גוטן אָוונט, זייט באַגריסט אין מיין גאָרטן, אלי־האַסאַן. וואָס ברענגט אייך אין מיין גאָרטן? — האָט ר' שלמה איבן־גבירול געפרעגט און זיך געבויגן אויס העפלעכקייט צום אַראַבער.

— איך וויל הערן אייערע נייע לידער, — האָט דער אַראַבער גע־זאָגט, צולייגנדיג: און איך וויל זען ווי אייך געפעלן מיינע אייגענע לעצ־טע לידער.

— איך האָב שוין לאַנג קיין פּאָעזיע נישט געשריבן. עס קומט אַ צייט, אַלי־האַסאַן, ווען דער פּאָעט וויל אָפּשליסן זיין גאַנצן קאַמף; זיין געראַנגל מיט דער נאַטור און מיט גאָט; זיינע וויזיעס און אימאַזשן; זיינע ליבעס און זיין האָס; ער וויל אַלע זיינע לידער־בוקעטן און אידייען — אָפּשליסן, רעזומירן און סאָליד אַוועקשטעלן אין אַ גרויס ווערק. די לידער וועלן, ווי בלעטער פון אַ גרויסן בוים, צעווייעט ווערן אין ווינט פון צייטן. זיי וועלן זיך דערהאַלטן אין געבעט־ביכער און דיכטונגס־זאַמ־לונגען; זיי וועלן אַריין אין ביבליאָטעקן און פּריוואַטע הייזער. זיי וועלן פיליכט יאָרהונדערטער לאַנג רוען אין נעסטן, וואו צייט האָט נישט קיין שליטה. זיי וועלן ווידער אָנהייבן צו לעבן, אין הונדערט, צוויי הונ־דערט אָדער טויזנט יאָר צוריק. איך לאָז זיי איבער צום קאַפּריז פון דער געשיכטע. אָבער איך וואָלט וועלן מיין ווערק „מקור חיים" זאָל בלייבן לעבן. דערין האָב איך, ווי אין טייערע קרוגן, באַהאַלטן דעם ווין פון מיינע געדאַנקען. די זאַפטן פון מיינע אידייען־ווינטרויבן. און איצט, ווען איך בין מיד, און ווען מיין ווייב שרייבט איבער דעם ספר אויף עטלאַכע עקזעמפּליאַרן, כּדי עס זאָל נישט פאַרלוירן גיין טאָמער חלילה ווערט מיין ווערק פאַרלוירן — איצט קען איך רואיג שטאַרבן.

— וואָלט אירווירקלאך גרייט זיין איצט צו שטאַרבן?—האָט אַלי־האסאן געפרעגט.

— איך האָב פאַרן טויט קיינמאָל נישט געהאַט קיין מורא. דער מענטש קערט זיך נאָר אום פון אַ געמיינער וועלט — אין אַ שענערער, אַ מער רעאַלער, אין אַ וועלט וואו גאָט'ס גייסט לויכט און פאַרהילט די נשמה מיט כוואַליעס ליכט, אַזוי ווי איינער ווערט באַפאַלן אין ים, ווען ער באָדט זיך, מיט פולע נאַקעטע כוואַליעס.

— אָבער פריער וויל איך הערן דיינע לידער.

— אלי־האַסאַן, איך קען דיר נאָר לייענען פון זכרון מיינע לידער פון פריערדיגע יאָרן. איבעריגנס, דו קענסט זיי אַלע. איצט, ווען עס איז פרילינג און ווען די פייגל גיבן אָפּ קאָנצערט — האָב איך אָפּט ליב צו חזר'ן פאַר זיך אַליין דאָס ליד:

„. . . זע, ס'האָט די וועלט זיך צעשמייכלט,
און די ערד האָט זיך פריידיג צערירט;
ליגט דאָס פעלד אין אַ העמד אַ פיל פאַרביגע,
אין בליציגן שימער קאַלירט.

דאָס האָבן די וואָלקנס פון הימל
געהאָפטן דאָס העמד פאַרן פעלד:
אַ גרינער שמאַראַגד אַ צעשטראַלטער
איז מיט גאָלד דורכגעלויכט און באַהעלט".

— זייער שיין! — האָט מיט גרימצאָרן געזאָגט דער אַראַבישער דיכטער. און איך וויל דיר לייענען מיינע נייע לידער. וואָלסטו נישט וועלן נעמען אַ שפּאַציר אין מיין גאָרטן? איך וועל נעמען אין הויז די לידער.

ר' שלמה אבן־גבירול האָט, אַ געצוואונגענער, אַ קוק געטאָן אויף רחל. זי איז געזעסן און האָט איבערגעשריבן מיט איר געצירקלטן כתב די בלעטער פון „מקור חיים". איר בלייכע האַנט האָט געציטערט ביים שרייבן. אירע האָר זיינען געפאַלן איבערן פּאַפּיר ,זיך איינגענעצט אין טינט פון די בוכשטאַבן, אין בלויען הימל־טינט. און דער לינדער ווינט האָט באַוועגט מיט די בלעטלאך — אָנגעפילט מיט דינע בוכשטאַבן, מיט גראַציעזע אותיות.

שווער איז געגאַנגען ר' שלמה אבן־גבירול איבערן שמאָלן שטעג פון גאָרטן. די ביימער האָבן אים אָנגערירט און געקלאָגט פיל מיט מיט־לייד. ראָבן צווישן די צווייגן האָבן אים מיט באַדויערן נאָכגעקוקט. שוואַלבן זיינען געפלויגן נידעריג צו דער ערד און אָנגעזאָגט אַן אומ־גליק. און די גאַנצע נאַטור האָט באַוויינט און זיך געזעגנט מיטן העב־רייאישן פּאָעט.

אין אלי־האַסאַנ'ס גאָרטן האָט ר' שלמה אבן־גבירול אַ ווײַלע גע־וואַרט. אלי־האסאן איז פאַרשוואונדן אין הויז. צוריקגעקערט האָט ער זיך מיט אַ פּעקל מאַנוסקריפּטן און — אַ דאָלך אונטערן קלייד. ער האָט געלייענט ליד נאָך ליד, פון וואָס, אויס לאַנגווייליגקייט, ר' שלמה אבן־גבירול איז איינגעשלאָפן. — — —

רחל האָט דערהערט אַ שרעקלאַכן געשריי. זי איז אַרויסגעלאָפן אין גאָרטן און דערזעענדיג ר' שלמה אבן־גבירול'ס קערפּער, אַ פאַר־בלוטיגטן, אַ דורכגעשטאָכענעם פון אַראַבערס שאַרפן קינזשאַל — האָט זי אַ שרעקלאַכן געשריי געגעבן און האָט אָנגעהויבן צו לויפן.

רחל, ר' שלמה אבן־גבירול'ס ווייב, איז זינט דאַן משוגע געוואָרן. שוין טויזנט יאָר ווי זי וואָגלט אַרום איבער דער וועלט — די וואַנזי־ניגע, די שיינע רחל. זי איז נישט עלטער געוואָרן מיט אַ טאָג. צייט קען איר פיגור נישט פאַרצערן. נאָר דער טרויער פרעסט איר נשמה. און בשעת איר נשמה איז אין גאַנצן צעגריזשעט פון ליידן — שטראַלט איר קערפּער, אַזוי ווי אין דער נאַכט, ווען דער העברייאישער דיכטער האָט זי אויסגעקנאָטן פון ליים און באַלעבט. זי איז אַמאָל אַ פרינצעסין

און אַמאָל אַ דינסט; זי האָט נישט קיין פאָלק און קיין ראַסע. זי האָט נישט קיין לאַנד און קיין פאַמיליע. אין אייביגער איינזאַמקייט געהילט, שפּאַנט זי דורך דער וועלט. זי געדענקט פיל קעניגן און דינאַסטיעס; פיל הערשער און רעזשימען; פיל פעלקער און צייטן. זי האָט נישט קיין רעליגיע און קיין גלויבן. נאָר אין נעכט פון איינזאַמקייט, ביים ליכט פון דער לבנה, לייענט זי די לידער פון ר' שלמה אבן־גבירול. זי געדענקט אויף אויסנווייניג זיינע לידער. זיין גאַנצע פּאָעזיע. און די דאָזיגע גרויסע, פלאַמענדיגע פּאָעזיע איז איר גרויס פייער, וואָס גיט איר קראַפט און גלויבן.

פיל הערשער האָבן געזוכט דורך די צייטן רחל'ס האַנט. זיי דער־קענען אין איר קעניגלאַכע מאַניערן. אָבער זי אָנערקענט נישט קיי־נעמס ליבע. זי וואָלט וועלן אין אַ טאָג — שטאַרבן. אונטערגיין אין דער ערד, ווי אַ כוואַליע אין ים. אָבער זי קען נישט. זי קען נישט שטאַרבן. זי איז פאַראורטיילט צו לעבן אייביג און צו טיילן דעם גורל פון אַ פאָלק, צו וועלכן איר מאַן, ר' שלמה אבן־גבירול, האָט געהערט . . . — — — —

אלי־האסאן האָט ר' שלמה אבן־גבירול'ס קערפּער באַגראָבן אונטער אַ פייגנבוים. און דער פייגנבוים האָט אָנגעהויבן צו בליען און צו געבן פרוכטן פריער ווי אַלע אַנדערע ביימער. די פרוכטן זיינען געווען פעטע און גאָלדענע. דאָס פלייש פון די פייגן איז געווען פון דעם קאָליר פון בראַנדז און צאַרט ווי זייד. עס האָט זיך אין מויל צעשמאָלצן ווי וויין און האָט געדונען זיס ווי האָניק. ווער עס האָט פאַרזוכט פון דעם פייגנ־בוים, איז געוואָרן באַהויכט מיט גליק און ראָמאַנטישע חלומות. די לע־גענדע פון דעם זעלטענעם פייגנבוים האָט זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון דעם לאַנד. דאָס פאָלק האָט געלאָזט גראָבן אַרום דעם בוים, צו געפינען זיין געהיימניש. און דאָרט האָט מען געפונען דעם קערפּער פון אבן־גבירול. אַלע האָבן אים דערקענט, ווייל זיין קערפּער איז געווען פריש, און די ווערים האָבן צו זיין פלייש נישט גע־האָט קיין שליטה. דאָס פאָלק האָט באַשולדיגט אלי־האַסאַן, דעם אייגנ־טימער פון גאָרטן, אינם מאָרד פון העברייאישן פּאָעט און דער קעניג, כדי אָפּצעווישן פון זיך די זינד, האָט געלאָזט טויטן אלי־האַסאַן אַלס דעם מערדער.

אלי־האַסאַן האָט מען געהאַנגען אויפן גאָלדענעם פייגנבוים, אונטער וועלכן עס איז געווען דאָס קבר פון ר' שלמה אבן־גבירול.

און זייט דאַן האָט דער בוים נישט מער געבליט און געבערענט מיט קיין פרוכטן. קיין פייגן האָבן זיך מער אויף אים נישט אָנגעצונדן. און ער האָט פאַרלוירן אַלע בלעטער. אין טיפע נעכט בלויז שטעלט זיך צווישן זיינע צווייגן אַ בייזע סאָווע און זי בליקט אַן איינזאַמע אינם פינצ־טערן הימל: דאָס איז די נשמה פון אלי־האַסאַן, וואָס ווערט אין הימל נישט איינגעלאָזט און וואָס קען קיין רו נישט געפינען. — — — —

:: 0 ::

אין טיפע נעכט, אַמאָל אין אַ טוי־פייכטער, נעפּל־פאַרהילטער אַלייע, טרעף איך זיך אָן אויף רחל, די אייביג־פאַרליבטע און ראָמאַנ־טיש־אָנגעצונדענע פרוי. זי זעט דאַן אויס, אין איר טרויער און גע־פאַלנקייט, ווי אַ גרויסע, אַ טראַגישע העלדין. ווי אַ העלדין פון אַ קלאַ־סישען, גרויסן ראָמאַן. איך טרעף זי אַמאָל אַ צעפלאַמטע, ווי אַ וואַל־קיריע, אין געדראַנג פון מאַסן אויף טיימס־סקווער אָדער פלאַס דע לאַ

קאָנקאָרד; זי טראָגט זיך מיטן שטראָם פון מאַסן איבער די ערדישע שטרעקעס — איינגעהילט אין אַ ראָמאַנטישן וואָלקן, וואָס פלאַמט מיט זון־אויפגאַנג. איך טרעף זי אַמאָל אין אַ ביליגן נאַכט־לאָקאַל. אַש און רויך רינגלען איר אַרום, ווי אַ בלויע קרינאָלינע. נאָך אַ ווײַלע — און פלאַמען וועלן אַ שטראָם טאָן פון דעם גרויען, קילן אַש.

זי שווייגט. אירע אויגן — פול מיט טראַגעדיע. זי שווייגט פאַר׳־עקשנ׳ט. זי איז ווי אַ גייסט פון דער קלאַסישער טראַגעדיע. און איך וואָג נישט צו שטערן איר רו. איר שמערץ. איר קאָנצענטרירונג אויף אַ פּאָרטרעט פון אַ מאַן וואָס האָט געלעבט מיט טויזנט יאָר צוריק. אויפן פּאָרטרעט פון ר׳ שלמה אבן־גבירול. און איך זע זי אַמאָל דורכגיין אַ בית־עולם — אין פּייכטן רעגן. די בלעטער קלעפּן זיך צו קברים, צו די מצבות, אַזוי ווי זיי וואָלטן וועלן זיך פאַרטרויען צו די טויטע. צו די אויסגעטרוקנטע אין דר׳ערד. די ראָמאַנטישע דאַמע קוקט מיט אַזוי פיל טרויער אויף די קברים. איך פאַרשטיי אירע זשעדנע בליקן: זי וואָלט וועלן שטאַרבן. זי איז מיד פון טויזנט יאָר ליידן. זי וואָלט וועלן זיך זען מיט ר׳ שלמה אבן־גבירול . . . זי בענקט צו אים טויזנט יאָר לאַנג. נאָר די בלוי־גאָלדענע פאָרטאַלן פון הימל זיינען פאַר איר פאַרשלאָסן. גאָט האָט זי נישט באַשאַפן. גאָט קען זי נישט טויטן. און ר׳ שלמה אבן־גבירול באַשאַפט נישט, ווי גאָט, כדי צו טויטן . . .

אַזוי בלאָנדזשעט די טראַגישע פרוי פונם העברייאישן פּאָעט אַרום אויף דער קאַלטער ערד . . . אין אַ טאָג וועט זי געבן אַזאַ שרעקלאַכן קרעכץ, אַז הימל און ערד וועלן צעבראָכן ווערן . . .

אין מיין קורצן לעבנסשפּאַן האָב איך זי פיל מאָל באַגעגנט. און איר טרויער איז מיר אַריין אין האַרץ און ער הילט מיך איינגאַנצן איין, ווי אַ וואָלקנקלייד . . .

נו־יאָרק, יולי 10, 1944.

# שלמה שיינבערג

צו דער געלעגנהייט פון זיין נאָר־וואָס דערשינענעם בוך „גאָלד און זשאַווער" הויבן מיר אָן דרוקן אין דעם נומער „ו." טענענבוים׳ס אַ קאַפּיטל פּראָזע פון זיין „לעבנס־בוך" — אַ קאַפּיטל וואָס וועט זיך דרוקן אין עטלעכע נומערן — רעד.

איך געדענק שוין ניט גענוי וואו איך האָב איינמאָל געפונען אַ קליין, פאַרגעלבט און פאַרשטויבט ביכל, וואָס האָט מיך שטאַרק פאַראינטערעסירט. אין געהיים, אין דעמערנדיגע שטונדן, האָב איך געטרונקען די רייך־דעקאָרירטע ווערטער, די פאַנטאַסטישע רייד. מיט שרעק האָב איך עס געלייענט, פונקט ווי עמעץ וואָלט שטיין הינטער מיין רוקן און, נאָכן איבערלייענען, מיך ביטער באַשטראָפן פאַרן גענוס פון אַזוי פיל האָניק און שיינקייט. איך האָב ליב געהאַט דעם ביכל׳ס פאַנטאַסטישע געשיכטעס וועגן קעניגן — פאַרקליידט ווי בעטלער און דערווישן. וועגן פאַר׳כשופ׳טע האָלצהעקער, וואָס האָקן אויס מענטשנביימער אין אַ חלום־וואַלד פון אור־צייטן; וועגן אַלטע שטעט וואָס דער גורל האָט פאַרוואַנדלט אין שוואַרצן מאַרמאָר און באַזאַלט; וועגן פּרינצן וואָס זיינען פאַראַליזירט געוואָרן; וועגן וואונדערלעכע פּאַלאַצן וואו מיט בעטלערס רויטע האָר און גליענדיגע אויגן פאַרבלאָנדזשען אומגערעכטערהייט. ערשט — די מאָראַל פון די געשיכטן, אַז „נישט דאָס אומגליק זיינען אויף שטענדיג", אָדער אַז „אַללאַ און זיין משפט איז גערעכט". איך האָב ליב געהאַט, נאָך יעדער דערציילונג, די פּערזן פונם דיכטער, וואָס האָט אין קילקייט רעזאָנירט איבער די דראַמאַטישע פּאַסירונגען. עס איז געווען ווי דאָס אַלץ, אַט די רייכע גאַמע פון פּאַסירונגען, אַט דער קוויל פון דראַמע און קאָנפליקט — וואָלט עקסטראַ געשען, כדי דער אַלטער דיכטער, מיט דער ווייסער און וויזער באָרד און מיט די קלוגטרויעריגע אויגן זאָל רעפלעקטירן און באַטראַכטן, זאָל ציען דעם שלוס און אויסטייטשן דעם גאַנג פון די פּאַסירונגען און זאָל פאַרזיגלען דאָס פאַרגאַנגענע מיט דעם זיגל פון חכמה און גוטסקייט, מיט דעם זיג פונם גערעכטן איבער דעם אומגערעכטן.

און ווען איך האָב געקוקט אויפן שער־בלאַט פונם זעלבן געלבן ביכל — האָב איך געזען ווי פון רויך גייט אויף אַ שיינע פרוי אין נוד, אַ בלאַסע פרוי מיט צעלאָזענע האָר. עס איז שווער געווען צו דערקענען צי זי איז אַ געמיינע פאַררעטערין אָדער אַ גוטע פּרינצעסין, אָבער שיין איז זי געווען סיי־ווי. שיין און — אָנציענדיג . . . די אָריענטאַלער האָבן נישט איבעריגס פאַרערט די פרוי. זייער מאָטאָ איז אויך געווען „שערשעי לאַ פאַם", הגם מיט מער ערנסט און ביטערניש ווי די הייטערע און סאָפיסטישע פראַנצויזן — ראַבלעי׳ס און וואָלטער׳ס אייניקלאַך — זאָגן עס אַרויס, צווישן איין וויין־גלעזל און אַ צווייטן . . . איבעריגנס, די אָריענטאַלער האָבן דער פרוי באַלד נישט דערלאָזט צו זיין געפערלאַך — בפרט אין דער פּאָליטיק פון לאַנד.

איר שטויסט זיך אָן אַז דאָס זיינען געווען די געשיכטעס פון שעכערעזאַדע, די קלוגע יונגפרוי, וואָס האָט דערציילט פאַרן צערייצטן קעניג שאַכריער — רעטנדיג איר ווירגינישקייט און איר יונג לעבן — די טויזנט־און־איין־געשיכטעס . . . דורך טויזנט און איין בלייכע לבנה־ליכט . . . זי איז פיליכט די גרעסטע דיכטערין. אין טויט־טרויער האָט זי פון איר פאַנטאַזיע געצויגן דעם פאַרביגן שפינוועבס פון אירע געשיכטעס . . .

און איבערזעצט איז דאָס לבנה־געלבע בוך געווען פון צוויי מענטשען: י. מ. ווייסענבערג און שלמה שיינבערג. איך האָב נאָך דאַן נישט געוואוסט אַז שלמה שיינבערג, אָט־דער לעגענדאַרער איבערזעצער פון שעכערעזאַדע׳ס צויבער־מעשה׳לאַך — באַזירט אויפן רעאַליסטישן לעבן, מיט גרויס פסיכאָלאָגיע געשילדערט — וואוינט אין פולאַוו, אין דעם פוילישן שטעטל, אויפן ברעג פון דער זוניגער ווייכסל. אין דעם שטעטל וואו איך האָב אָנגעהויבן צו ליבן די ערשטע, יונגע ווענוס׳עס, צו דיכטן די ערשטע אומבאַהאָלפענע לידער און צו שפּאַצירן אויף די גרינע אַלטע וועגן פון פולאַווער היסטאָרישן פאַרק, רייך אין הונדערט־יעריגע, ריזיגע ביימער, מיט אייזן פאַרבאַנדאַזשירט; רייך אין שלעסער פון גראַפן און פרינצן, רייך אין אַ בלויען, ערשט מיט פרישן וואָלקנזייף־געצוואָגענעם הימל — אויבן — און רייך אין גרויסע, היסטאָרישע רעמיניסענסן . . . מיין האַרץ פלעגט דאַן קלאַפּן מיט גרויס באַגייסטערונג אַז עס פלעגט אַזש אויפרייסן מיין רעקל, איבערגעמאַכט פון אַן עסטרייכישן סאָלדאַט׳ס מונדיר . . .

⁙ ⁙ ⁙

איך בין געווען דרייצן יאָר אַלט, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו שרייבן לידער. אין דעם זשורנאַל „דער שטראַל", וואָס איך האָב עטלאַכע מאָל גענומען פון דער ציוניסטישער ביבליאָטעק, האָב איך געלייענט די פאַנטעאיסטיש־צאַרטע, מעלאַנכאָליש־ווייזע לידער פון ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע. רייזע־באַשרייבונגען פון סווען העדין, קעראָל מעי, פריטיאָף נאַנסען, זשול ווערן, קאַפּיטאַן סקאָט. איך האָב געהאָט אַ דראַנג צו פאַרשליגען גאַנצע בערג מיט פּאָעזיע. אין אַ שוואַכן פויליש האָב איך הונדערטער מאָל געלייענט, ביז איך האָב זיך אויסגעלערנט פון אויסנווייניק, סלאָוואַצקי׳ס „דער פאָטער פון די פאַרפעסטעטע". איך האָב שרעקלאַך באַדויערט דעם ביטערן גורל פונם אָרימען אַראַבער, וואָס פאַרלירט אין על־אַריש־קאַראַנטין, פּילגרימירנדיג צו מאַהאַמעט׳ס קבר, זיינע ניין קינדער. צווישן זיי — האַפנע און אַמינאַ, די צוויי צאַרטע, וואונדערשיינע טעכטער, ווענעמענס לאַנגע לאָקן קערן אויס די שטוב, ווען מען טראָגט זייערע לויכטנדיגע גופים אַרויס צום בית־עולם. די פּאָעמע — איינע פון די סאַמע עכסטע און קינסטלערישע אין דער פוילישער ליטעראַטור, האָט אויף מיר געהאָט אַ מעכטיגע ווירקונג.

איך האָב געלעזן יאַן קאַכאַנאָווסקי׳ס „טרעני", באַוויינענדיג אין רירנדיגע און פּאַטעטישע פערזן, אויסגעריסן פון סאַמע טיפעניש פון זיין האַרצן — זיין זעכצן־יאָריגע טאָכטער, אָרשולאַ, וואָס איז געווען אַזאַ שיין און טאַלאַנטפול קינד און וועמענס טויט — הגם נאָך אין 16טן יאָרהונדערט — איך האָב ביטער איבערגעלעבט. יאַן קאַכאַנאָוו־

סקי, דער פּיאָנער פון פּוילישער פּאָעזיע, איז מיר אַריין אין די ביי־
נער, מיט זיין פּאַטערלאַכן טרויער, מיט זיין דראַנג צום שיינעם, צום
ביידעם אין איראָפּע. מיט זיין הומאַניסטישן גייסט — באַרייזנדיג גאַנץ
איראָפּע, באַזוכנדיג אין אַ טאָג פּיער ראָנסאַר, דעם דעמאָלטדיגן הו־
מאַניסטיש־גרויסן פּאָעט פון פּאַריז . . . אַדאַם מיצקעוויטש — אין
זיין עפּישן „פּאַן טאַדעאוש", „קאָנראַד וואַללענראָד", „קרימער סאָ־
נעטן", „דזשיאַדי" און „די גרויסע אימפּראָוויזאַציע" האָט מיך אָנ־
געצונדן מיט זיין מעכטיגער שטימע — אַרויסגערופן פון אַ גרויס,
מענטשלאַך־נביאיש האַרץ. און, ווידעראַמאָל — דער צאַרטער און
ראָמאַנטישער יוליוס סלאָוואַצקי, דער פלאַמענדיגער ליריקער, דער
רעוואָלוציאָנער, וועמענס פּאָרטרעט איז געמאָלן אין דעם קאָליר פון
זון־אונטערגאַנג. וועמענס העלדין, ליליא ווענעדאַ, פּוילנ׳ס סימבאָל—
פּוילנ׳ס נשמה אין קאַמף פאַר פריהייט־גייסט — שטאַרבט שפּילנ־
דיג אויף דער האַרפּע, אויף די ברעגן פון דער ווייכסל, איינגעהילט
אין אַ העמד פון לבנה־שטראַלן. סלאָוואַצקי׳ס „באַלאַדינאַ" און „אַנ־
העללי" — „קאָרדיאַן" און „קשיאָנדז מאַרעק" — גאַדזשינא מישליי׳
— „קרול־דוך" און — „סמוטנאָ מי, באָזשע!" — דאָס זיינען אַלץ
פּאַטעטישע און עקסטאַטישע טענער פון דער פּוילישער ראָמאַנטיק,
וואָס האָבן געפּאָרמירט מיין וועזן, מיין גייסט, צוזאַמען מיט שאָפּענ׳ס
אַריסטאָקראַטיש־נאָקטיורנער מוזיק, מיט מאַטייקאָ׳ס הערויאיש־פּאַ־
טעטישע בילדער פון פּוילנ׳ס היסטאָריע — גלאָריפיצירנדיג אין
פלאַמענדיגע קאָלירן פּוילנ׳ס געשיכטלאַכע העלדן און סצענעס.

שפּאַצירנדיג אין אַלטן שטעטל פּולאָוו, זיך איינהערנדיג אין
דער קעניגלאַכער שטילקייט פון אַלטן פּאַרק, וואו די גייסטער פון
פירשט טשאַרטאָריסקי און פון קשיאָנדז יוזעף פּאָניאַטאָווסקי האָבן
זיך אויפגעהאַלטן, באַטראַכטנדיג די אַלטע שלעסער, אין די סטילן
פון קולטורעלן צענטראַל־איראָפּע, פון איטאַליע און פראַנקרייך, וואו
די פּוילישע פּריצים האָבן געלעבט, געליבט שווינדזיכטיג־אַנעמישע
דאַמען פון דער שטאַרבנדיגער אַריסטאָקראַטיע און פאַרשפּענדנדיג
די געלטער וואָס די פּוילישע פּויערן האָבן מיט זייער בלוט אין גאָלד
קאָנדענסירט — האָט זיך אין מיר געעפנט אַ געוואַלטיגער קוואַל, אַ
טיפע בענקשאַפט צום דיכטן. פון איין זייט — דער אַלטער פּאַרק,
מיט זיינע מאַרמאָר־בלייכע, קעניגלאַכע שלעסער, וואו עס האָבן אין
לבנה־נעכט געטאַנצט שלאַנקע דאַמען, אין ברייטע, טונקעלע קרינאָ־
לינעס און — ריטער מיט לאַנגע שווערדן, די ריטער פון שעינקע־
וויטשעס ראָמאַנען, די ריטער פון פּוילנ׳ס געשיכטע־לערנביכער, די
ראָמאַנטישע ריטער פון מיטלאַלטער — די טרובאַדורן . . . דער אַל־
טער פּאַרק מיט זיינע ריזנביימער, שטייענדיג דאָ ווי מאָנומענטן פון
אַן אַלטער צייט, אַרויסוואַקסנדיג פון אַ גרויסער עפּאָכע, מיט זיינע
טייכן פאַרגליווערטע און זיינע שוואַנען, זיינע שטאָלץ־פלעגמאַטישע,
פאַרגליווערטע שוואַנען, ווי שוואָמען איינזאַפּנדיג אין זיך דעם בלויען
טינט פון דעמערונגען — און פון דער צווייטער זייט — די זילבערנע,
קלאָרע און לעגענדאַרע ווייכסל, זיך ציענדיג פון וואַרשע ביז קראָקע
אַזש — די ווייכסל, וואו עס טאַנצט אין די נעכט אויף די זילבערנע
וואַליעס די צאַרטע, פּוילישע קעניגין וואַנדאַ — די יונגע קעניגין,
וואָס האָט זיך שוין דאַן נישט געוואָלט פאַרהייראַטן מיט אַ דייטשן

פרינץ, מיט אַ טייטאַנער פּיראַט; די גוטע, פּשוט׳ע ווייכסל, ווי אַ פֿאַמע עפּענענדיג און ציענדיג פֿאַרביי די גרינע, גאָלדיגע פֿעלדער, וואָס פּויערים האָבן זייט יאָרהונדערטער מיט אַזוי פֿיל פֿלייס און ערנסט באַאַרבעט. איבער דער בריק, וואָס איז געהאַנגען איבער דער ווייכסל, פלעגן מיר אָפּטמאָל דורכגיין, איך און מיין מוטער, אויפן וועג אַהיים. די זון פלעגט גליענדיג אונטערגיין, ווי אויף אַ שלעכט־געמאָלטער מאָלעריי, רויט־ציטערנדיג די בלייכע דאַמען־הויט פון דער ווייבלאַכער ווייכסל, באַדעקט מיט געלבע, אַרויסשטאַרטשענדיגע אינזלען פון זאַמד, וואָס פלעגן זיך טרוקענען אין דער זון. און ביסלאַכווייז פלעגט די נאַכט, ווי אַ טונקעלער שלייער, אַרונטערפאַלן פון טאַג׳ס העלע אַקסלען און זיך צעלייגן איבער פוילנ׳ס ערנסטע און נאַקטיורנע לאַנדשאַפטן.

לעבן דער ווייכסל ליגט דאָס שטעטל פולאַוו, מיט אירע אַלטע אידן, וואָס לויכטן אויף ווי פּראָפעטן צו כל־נדרי; אין זייערע ווייסע קיטלען, מיט זילבערנע עטרות, די רעמל באַוועבט מיט זילבערנע פעדים און — פולאַוו מיט איר יוגנט, שפּאַצירנדיג איבער די גאַסן, פון דער ווייכסל ביז האָפּמאַנ׳ס קינאָ, דער איינציגער קינאָ פון שטעטל, אין וועמענס עלעקטרישן ליכט מאַסן מענטשן זייבען גרופּירט. ווי שמעטערלינגען, ווי העליאָטראָפּישע אינסעקטן, וואַרעמענדיג זייערע בענקענדיגע נשמות אין ליכט פון קינאָ־רעפלעקטאָר. אין פאָרהויז פלעגן הענגען אַלערליי אַפישן, מיט גראָטעסקע געזיכטער פון מאָנסטערס און ביזאַרע ברואים. און, צווישן זיי, די בלייכע, אַנעמישע, ליירישע דאַמען פון האָליוואָאָד. עדיע פּאָלאָ און העררי פּיעל — דערשיינענדיג אויפן עקראַן אין אומצייליגע סעריעס — טריאומפירנדיג אין די געפערלאַכסטע סיטואַציעס. און געזיכטער פון דעם ריזיגן עמיל דזשאַנינג׳ס און פון דעם נערוועזן, סענסיטיוון און פּסיכאָלאָגישן קאָנראַד ווידט און די הויכע, שלאַנקע, סטאַטוע־אַרטיגע בריגיטאַ העלם און גרעטאַ גאַרבאַ — אין דעם ווייכן, דינסטמיידלשן „סוועדער", שלייכנדיג דורך די פאַרנעפּלטע און פאַררויכערטע גאַסן פון אַ פינצטערן האַפן־ווינקל אין יודזשין אָניעל׳ס אַ דראַמע און — לאָן שאַני, דער מאַן מיט אַ טויזנט געזיכטער. האָפּמאַנ׳ס קינאָ איז געווען דאָס פענצטער צו אייראָפּע, צו אַמעריקע, צו האָליוואָאָד — צו דעם איבעריגן טייל פונם גלאָבוס — אויסער פולאַוו . . . איך פלעג אָפט שטיין אין דרויסן, אין דער אידיליש־קליינשטעטלדיגער נאַכט, אונטער דעם טריפנדיגן טוי פון די שמעקנדיגע אַלייען־ביימער, היסטאָריש־חשוב׳ע ביימער און קוקן אויף די ווילדע און גראָטעסקע בילדער — ווי אויף איקאָנעס פון אַ נייער רעליגיע, פון אַ נייער הייליגקייט . . . און איך פלעג טראַכטן אַז אין אַט דעם הערלאַכן הויז גייען אויף אין זון געבאָדן די ווייטע געגנטן פון קאַליפאָרניע — אַזוי באַריג־פּיקטאָרעסק און וואונדערלאַך־אַטמאָספערי׳ש פאַר די אייביג־אומדערמידלאַכע רייטער פון די קאָובאָי־פילמען. און אָפּגעברענטע פעלדער פון נאָרטה־דאַקאָטאַ, אָקלאַהאָמאַ און מינעסאָטאַ פלעגן אויפגיין — פון דער זומער־היץ פאַרברענט. און לאַנדשאַפטן פון האָנאָלולו — פייכטע פון טריפנדיגער, פאַרפיומיגער טוי, באַגאָסענע מיטן ליקידן גאָלד פון דער זון . . .

איך פלעג שטיין אין די אַלייען, נישט ווייט פון האָפּמאַנ׳ס קינאָ — און ווען אַלע האָבן זיך געבאָדן אין ליכט — פלעג איך בלייך און פאַנטאַסטיש ווי אַרויסקוקן פון דער פינצטערניש פון אַלטן שטעטל— פון דער אַלטער, היסטאָרישער פּוילן — און קוקן און רעפלעקטירן איבער דאָס נייע וואונדער — איבער וויזיעס און פלאַמענדיגע פּייזאַזשן — וואָס קומען פון די ווייטסטע קאַנטן דאָ פּאַסירן . . . פאַר אַן אומבאַקאַנט פּובליקום . . . און איך פלעג באַוואונדערן דעם אייגנטימער פונם קינאָ, האָפּמאַן אַליין — וואָס איז דער רייכסטער מענטש אין דער וועלט, און ווי דוד המלך מיט טויזנטער יאָרן צוריק — באַפעלט ער איבער די אומענדלאכע שטרעקעס — באַגאָסענע מיט גליענדיגער זון; איבער די לאַנדשאַפטן פון דער גאַנצער ערד. ער אַבער, אַ דאַרער, אַ הויכער און ענלאַך צו אַ מין מעפיסטאָפעלעס — איז געווען ווי גלייכגילטיג צו זיינע פאַנטאַסטישע, שפּינוועבסטיגע רייכטימער. מיר האָט זיך געדאַכט אַז אין די נעכט זיצט ער איינער אַליין אין דעם גרויסן זאַל פון קינאָ און קלאָונס און קעניגן שפּילן פאַר אים געהאָרכזאַם און פאַר׳כשופ׳ט — און ער, קאַלט און אכזריות׳דיג, מיט דעם ציניִשן שמייכל אויפן געזיכט, האָט נישט קיין מיטלייד פאַר די מידע אַקטיאָרן — און ביזן באַגינען צווינגט ער זיי סאַדיסטיש צו ווייזן אים זייערע שיינקייטן און זייערע וואונדן און זייערע באַהאַלטענע טראַגעדיעס און דראַמען.

נאָר אויסערלאַך פלעגט האָפּמאַן, מסתמא אַ דייטש, ווי פאַרלייקענען דעם ביזאַרן נחת פון זיינע מאַריאָנעטן, וועלכע ער צווינגט צו שפּילן ביזן גרויען באַגינען, ביז דער האָן קרייעט. פאַרקערט, ער פלעגט ווי ציניש אָפּלאַכן פון דעם גאַנצן ספּעקטאַקל, אין וועלכן איך פלעג זען אַזוי פיל דראַמע און פּאָעזיע. פלוצלינג פלעגט ער ווערן אין מיינע אויגן ווי איינער פון די מיסטעריעזע אַקטיאָרן, וואָס ציטערן עלעקטריש אויפן עקראַן, ציטערן און שטאַרבן ביים סוף פון פילם — כדי ווידער צו ווערן שאָטן, פּראָזאַאישער מענטש, קאַלטע פיגור — אין די ניכטערע פּאַוזעס, צווישן איין פילם און דעם אַנדערן. עס איז ער אַליין — פלעג איך טראַכטן — אָט דער טייוולשער צויבערער, וואָס שפּילט אַלע העלדנראָלן, ליבט אין אַלע ראָמאַנען, קושט אַלע פּרינצעסינס און שטאַרבט אין אַלע דועלן — אין אַלע שלאַכטן מיט מוסקעטירן — אין אַלע טויטן . . .

און — צוזאַמען מיט דער אילוזיע פון דעם „אילוזיאָן", ווי מען פלעגט רופן דאָס שטעטלדיגע קינאָ — גייט אויך אויף פאַר מיר די ראָמאַנטיק פון שטעטל — אין געשטאַלטן פון די יונגע מיידלאַך פון שטעטל — די „שאַרמאַנטע דאַמען", די פּרינצעסינס און העלדינס פון דעם גרויסן שטעטלדיגן ראָמאַן — וואָס איך ווייס נישט ווער פון זיי איז איינגער און ווער שענער? וועלכע — רייצנדיגער און אַמוראַנטער? וועמענס ליפּן זיינען רויטער — ווי פון דער זון געקושט און וועמענס אויגן זיינען בלויער — ווי שטיקלאַך הימל וואָלטן אין זיי מיט טוי געטריפט? אין וועלכע בין איך מער פאַרליבט און וועלכע האָט מער רייץ און פּאָעזיע? עס איז די צאַרטע, מיידלשע יוגנט פון שטעטל — אויפגייענדיג ווי בלומען, ווי פּרינצעסינס שטראַלנדיגע אין די אַלטע, קרומע, דורכן קריג אָפּגעבראָכענע הייזער. וואָסאַראַ גרויסאַרטיגע, מעכטיגע, פלאַמענדיגע געפילן זיי וועקן אין מיר! זוי מיך ציט צו דער הויפּט־גאַס, וואו זיי גייען אָפּט דורך, אין די דע־

מערנדיגע פאַרנאַכטן, מיט אַ גראַציע וואָס קען זיך נישט פאַרשעמען פאַר פאַריזער דאַמען, פאַר די דאַמען פון די קלאַסישסטע ראָמאַנען, פאַר די דאַמען פון גריכנלאַנד, רוים און פון רענעסאַנס־פעריאָד. די קאָקעטקעס פון פולאַוו, אין זייערע באַשיידענע קליידער, אַפעלירנדיג צו מיין ראָמאַנטישער נאַטור — ווי קעניגינס — מיט בלאָנדע און מיט טונקעלע לאָקן, מיט בלויע און מיט גרינע אויגן.

און יעדעס מאָל, ווען מיר שפּאַצירן פון דער ווייכסל ביז צו האָפמאַנ׳ס קינאָ — זע איך דעם ריזיגן „האָטעל בריסטאָל”. די גרעסטע געביידע פון שטאָט — אַן אָפגעברענטע. דאָס קאָלאָסעאום פון פולאַוו. אויף זיינע אָפגעברענטע טרעפ, אין אַן אַטמאָספערע פון פאָמפּיי און הערקולאַנוס, ווי איך פלעג לייענען אין געשיכטלאַכע ביכער — זיץ איך אין די פאַרנאַכטן און דערמאָן זיך ווען איך בין געווען נאָך אינגער, מיט עטלאַכע יאָר צוריק . . . און איך האָב דאָ באַזוכט דעם „אילוזיאָן” (קינאָ) מיט מיינע שוועסטער. מיינע שוועסטער האָבן אויסגעזען ווי מלאָכים, און איך בין געווען אַ קליין אינגל. און געהיימניספולע דערשיינונגען אויפן עקראַן. גאָרנישט איז מיר געבליבן אין זכרון פון די דאָזיגע מאַסקעס און פיגורן, וואָס זיינען דערשינען . . . (יאָרן שפּעטער וועל איך זיי פילייכט באַגעגענען אין האָליוואָוד).

די לבנה רינט מיט ליכט צווישן די אָפגעברענטע חדרים פונם קאָלאָס — דעם „האָטעל בריסטאָל”. און מאָדנע, פאַנטאַסטישע פלאַנצען טאַנצן אַרויס פון דער ערד; דער באָדן — אין וועלכן מען האָט זיך אַמאָל געשפיגלט — איז איצט באַדעקט מיט אַש, ווי די לאַווע פון אַ ביזן ווולקאַן וואָלט דאָ דורכגעגאַנגען. פאַקשעווע ברעכט ברענענדיג אַרויס פון דער ערד, ביי די זייטן, בריט מיינע באָרוויסע פיס. נאָר דאָס ברענען איז מיר ליב. איך ווער געוואויר פון אַ פאַנטאַסטישע פלאָראַ־וועלט. פאַרוואָס זיינען פלאַנצן — צאָרנדיג? פאַרוואָס זיינען אַנדערע פול מיט איידעלן פאַרפיום — און אַנדערע — בייז און דאָרנדיג? און דאָס אַש הייבט זיך אויף אין לייכטן ווינט צוזאַמען מיט אַ שטויב פון אַמאָליגן רוים און גריכנלאַנד, פון טעבען און פערסעפאָליס — אויך אַזוי אָנגעפילט מיט טרויער פונם פאַרגאַנגענעם, מיט רעמיניסענסן פון טויטע צייטן? — — —

— און — מיינע ערשטע לידער — וועגן וואָס זיינען זיי? וועגן ליבע, וועמענס העלדינס זיינען די מיידלאַך פון שטעטל — אָדער וועגן פאַנטאַסטישע וועזנס, באַשטימט ווייבלאַכע, וואָס זיינען צו ראָמאַנטיש און פאָעטיש, כדי צו באַרירן און באַשענקען מיט אַ קוש, וועזנס פון ליכט, וואַלקיריעס פון עלעקטריק, מלאָכים פון געדאַנקענשטאָף געוועבט. רעזאָנירונגען און מעדיטאַציעס — וועמענס בינעס זיינען דער אַלטער פאַרק, דער קאָלאָסעאום פון שטעטל, מיט זיינע טיגערישע קעץ און זיינע מעטשלאַכע סאָוועס, מיט זיינע היימלאָזע חאַבן און זיינע זיסע זינגפייגל. און איך שרייב אָדעס צו דער נאַטור — געווידמעט דער ווייבלאַכער ווייכסל. און וועגן דער וועלט — דער גרויסער, מיסטעריעזער, דינאַמישער און טראַגישער וועלט — אַלערליי טרוימערייען, אַרויסגעלייענט אין דער מולטי־קאָלירטער וועלט־ליטעראַטור, פון יוליוס סלאָוואַצקי׳ס „ליסטי דאָ מאַטקי” דערציילנדיג פון פאַריז, שווייצאַריע, פאַלעסטינע, איטאַליע, פון ירושלים און פון קריסטוס׳עס קבר . . .

דאָס איז די אַטמאָספערע אין וועלכער איך האָב אָנגעהויבן צו שרייבן די ערשטע לידער. דאָס איז די אָוועטיורע צו דעם קאַפּיטל אין מיין לעבנס־בוך: „שלמה שיינבערג".

עס איז אינמיטן זומער. אין יולי און אויגוסט. די זון פיבערט און מאַכט פיבערן די וועלט. אין די אַלייען דערהייבן זיך די ריזיגע ביי־מער און טונקען זייערע קעפּ אין דעם גרויסן, גאָלדענעם ים פון ליכט און די בלעטער הייבן אָן צו פאַרלירן דעם גרינעם, גאָלדיגן קאָליר און צינדן זיך אָן ווי בראָנז. איך גיי אַרום אין די אַלייען און שרייב — לידער. איך בין איינגעטונקען אין גאָלד פון זומער. אין דעם בראָנז פון האַרבסט. איך טראָג דעם רייכסטן מאַנטל אויף דער וועלט — אַ מאַנטל פון זון־שטראַלן. מיין האַרץ איז רויטער ווי די לבנה סוף חודש. און די ביימער — איך קען זיי אַלע פון פיל יאָרהונדערטער, פון פיל געבורטן אָן. צוזאַמען מיט זיי האָב איך איבערגעלעבט פוילנס געשיכטע. מיר קענען די קעניגן. די פּוילישע קעניגן. מיר קענען די געשיכטע פון יאָרטויזנטער.

איך שרייב לידער וועגן מיין שוועסטער חיה'לע, די יונגע, בלאַ־סע דאַמע מיטן גאָלדענעם קאָפּ האָר, וואָס איז געשטאָרבן פון שווינד־זוכט אין איר 26־יאָריגן עלטער. די ראָמאַנטישע דאַמע, וואָס האָט די איינציגע אין שטעטל זיך אינטערעסירט מיט ספּיריטיסטישע סעאַנסן, מיט די דערשיינונגען פון גייסטער. איך אימיטיר יאַן קאָכאַנאָווסקי און סלאָוואַצקי. איך שרייב לידער וועגן קאַמפן מיט לייבן און טי־גערן — קיינמאָל נישט האָבנדיג געלעזן די פאַבלען פון עזאָפּ, לאַ־פאָנטען, קרילאָוו און שטיינבאַרג. איך שרייב ליבע־לידער — אימי־טירנדיג טאַגאָרען. און איך שרייב לירישע שטימונגען וועגן האַרבסט — אינמיטן זומער. פיל פון די אידישע דיכטער האָב איך שוין געהאַט געלעזן אין אַנסקי'ס קאַלענדאַר. דאָרט איז געווען אברהם רייזענ'ס באַרימט ליד וועגן דעם מענטש — „די קרוין דער ערדע", וואָס מוז בעטלען און זיך דערנידעריגן. וועגן דעם איד, וואָס —

„נעמט ער דאָס פידעלע
ציטערט זיין הערץ;
און שפּילט ער אַ לידעלע,
קוועלט אויף דער שמערץ".

און דער מעכטיגער מאָרריס ראָזענפעלד און עדעלשטאַט און באָווּשאָווער און דער דיכטער וואָס שרייבט אין רוסיש וועגן בלויע הימלען און אין אידיש — וועגן בדחנים און טשאָלנט — שמעון פרוג. און איך האָב שוין געהאַט פאַרנומען די שיינקייט פון דוד איינהאָרנ'ס „שטילע געזאַנגען" — וועגן דער בת־מלכה, פאַרהילט אין שוואַרצן... די אייביגע בת־מלכה פון דער פּאָעזיע — די מוזע, די דאַמע פון אַ פאַרשפּעטיגטער אידישער ראָמאַנטיק . . . און וועגן דעם איינזאַמען האַרפנשפּילער וואָס זיצט אין דער לבנה־נאַכט ערגעץ וואו אין אַ וואַלד און שפּילט אַ נאָסטאַלגיש ליד . . . דאָס אומשטערבלאָכע ליד פון דער ראָמאַנטיק, וואָס הויערט אין די טיפע וועלדער און וואָס ווערט קיינמאָל נישט פאַרשטומט . . .

איך פלעג אַרומגיין אין שטעטל מיט לאַנגע, גאָלדענע האָר און דעקלאַמירן מיינע לידער. איינמאָל, ליגנדיג מיט אַ חבר אויפן פליר־

שענעם גראַז, אין די לופטיגע „קעניגלאַכע אַלייען", אין גרויסן, זו־ניגען באַכמיטאָג, בשעת די זון איז ווי אַ גרויסער גלאָק געשטאַנען אינמיטן הימל, און דעקלאַמירנדיג פאַר מיין חבר אַ ליד וואָס איך האָב ערשט אָנגעשריבן — גייט דורך אַ יונגער מענטש. ער הערט זיך איין אינם ליד, שטעלט זיך אָפּ, קוקט מיך דורכדרינגלאַך אָן און דאַן זאָגט ער צו מיר:

— דו ביסט אַ דיכטער, ווי איך זע . . . פאַרוואָס קומסטו נישט צו שלמה שיינבערג'ן, אים ווייזן דיינע לידער?

— שלמה שיינבערג? . . . איז דאָס נישט יענער וואָס האָט איבערזעצט די וואונדערלאַכע מעשות פון שעכערעזאַדעס „טויזנט און איין נאַכט" — וואָס די געוואָגטע און קלוגע און צום טויט־פאַר־אורטיילטע שעכערעזאַדע האָט דערציילט צום שאַך שאַכריער — יע־דען בלייכן פרימאָרגן בלייבנדיג מיט אַ נישט־פאַרענדיגטער געשיכ־טע? . . .

אין עטלאַכע טעג אַרום רופט מען מיך צו מיין ברודער, יעקב, וועלכער האָט אין שטעטל פולאוו אַ ראַזורע (באַרבער־שאָפּ). אויפן שטול זיצט אַ מאַן מיט קופער־רויטלאַכע האַר, מיט קלוגע, דורכ־דרינגענדיגע אויגן, וועלכע קאָנצענטרירן זיך, פאַרזשמורען זיך, ווען זיי ווילן עפּעס גוט באַמערקן.

— דאָס איז שלמה שיינבערג, דער באַרימטער שרייבער! — זאָגט מיין ברודער יעקב. — איז עס טאַקע אמת אַז איך שרייב לי־דער? — ווי מען האָט שלמה שיינבערג'ן איבערגעגעבן.

יאָ, איך בין זיך מודה אינם פאַרברעכן. און באַלד לייען איך פאַר עטלאַכע לידער פאַר שלמה שיינבערג, וועמענס גאָמבע איז היפּש איינגעזייפט. ער הערט זיי אויפמערקזאַם אויס. ער מאַכט באַמערקונ־גען. ער ווייזט מיר אויפן אויפן מאַנגל פון קאָרעקטן ריטם, דערביי ציטירט ער פאַר מיר דאָס ריטמישע ליד פון דוד עדלשטאַט:

„עס פאַלט די באַסטיליע. עס שטורעמט און ס'קראַכט.
דאָס פאָלק האָט דערקענט זיין געוואַלטיגע מאַכט".

— איר זעט, זאָגט ער, וואָסאַראַ ריטם דאָ איז פאַראַן!

איך בין געווען באַרוישט. הייסט עס, אַז מען נעמט מיין דיכ־טונג ערנסט.

דער וואָס האָט איבערזעצט די זיס־שיינע מעשות פון דער בלאַ־סער שעכערעזאַדע — נעמט ערנסט די אומבאַהאָלפענע דיכטונגען פון אַ אינגל וואָס שרייבט וועגן ליבע און האָט נאָך קיין נאַקעט מיידל נישט געזען. וואָס דיכטעט וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, קיינמאָל נישט זייענדיג אין פּאַריז ביי דער קאָמונאַרן־וואַנט אַפילו. און וואָס וואָגט אין אַ ליד צו באַזינגען דעם שטאָלץ און דעם העראָ־אישען טויט פון סאָקראַטעס, זייענדיג יונג און אָנהייבנדיג ערשט צו לעבן.

אין עטלאַכע טעג אַרום טרעפט מיך אין גאַס שלמה שיינבערג. ער נעמט מיך אונטערן אָרעם און רעדט צו מיר לאַנג און פאַרטרויט:

— איר פאַרשטייט, איר וועט שוין זינגען. דעם פויגל קען מען נישט צוגעמען זיין ליד. ער מוז זינגען און טרילען אונטער אַלע אומשטענדן. פאַר אייך וואָלט גוט זיין צו קומען אין מיין זעצעריי, ווערן אַ בעל־מלאכה, פאַרדינען און קומען אין קאָנטאַקט מיט ליטע־ראַטור, מיט שריפטשטעלער. מיין זעצעריי איז אַ מין אוניווערסי־

טעט. פיל שרייבער, וואָס זיינען שוין איצט באַרימט, זיינען דורכ־געגאַנגען מיין זעצערײַ.

מיך האָבן זיינע רייד אינספּירירט. עס איז געווען אַ לאַנגער שפּאַציר. צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָט אַ מענטש מיט מיר גערעדט וועגן מ י ר ז ע ל ב ס ט. וועגן מיין אייגענער צו־קונפט. איך האָב זיך דערפילט קליין און מינדערווערטיק אַנטקעגן שלמה שיינבערג, וואָס נעמט מיך ערנסט און קוקט אַריין אין מיין צוקונפט . . . און איך האָב זיך געשעמט ממש וואָס ער נעמט מיך ערנסט. און איך בין געווען טיף־דאַנקבאַר. ווייל ביז אים — האָט עס נאָך קיינער נישט געטאָן. און דאָס שטעטל פולאוו האָט געברוינט, געברענט און געבראַנזט. די ביימער זיינען רויטער, פלאַמענדער גע־וואָרן. די בלעטער — גאָלדענע מעדאַליאָנען מיט בילדער פון אַל־טע דאַמען, פון אַלטע מאַרקיזן. און די דיכטונג זינגט אַרויס פון מיר, ווי פון אַ קאָבזאַרס האַרץ. איך בין אינגאַנצן איינגעהילט אין די פלאַמענדיגע פּענער פון אַ גרויסער, אַ לירישער דיכטונג. פון אַ דיכ־טונג, אין וועלכער אַזוי פיל מענטשן פאַר מיר האָבן זיך ביז קויל אויסגעברענט.

איך האָב באַשלאָסן איבערצערייסן מיין לערנען זיך אַלס זייגער־מאַכער. די מיניאַטור־וועלט פון אַ זייגערל מעכאַניזם איז פאַר מיר געווען מאָנאָטאָן. די וועלט פון ביכער — ווי אומענדלאַך־אינטערע־סאַנט. האָב איך דאָך אַמאָל געוואָלט ווערן אַן איינבינדער, כדי ביי־נאַכט, אין געהיים, צו לייענען די ביכער, די דיקע ראָמאַנען פון זשול ווערן און א. טאָננענבוים; די זיס־צויבערהאַפטע און מיט „מאַנדן״־ליכט צעלויכטענע געשיכטן פון שמ״ר, וועגן די ריטער פון מאַדריד און די אומגליקלאַכע זינגערין פייגעלע אין סטאַמבול — פון בער־דיטשעוו פאַרבלאָנדזשעט און פאַרנאַרט. וועגן דעם בערדיגן באַראָן פון דער גרויסער שטאָט וויען און דעם האַרעם־האַלטער פון קאַאירא.

און איצט, אַרבעטנדיג ביי שלמה שיינבערג, האָב איך געקענט אינמיטן העלן טאָג לייענען און זעצן די אַלע מייסטערווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור.

פונדעסטוועגן האָב איך נאָך אַלץ נישט געאַרבעט ביי שלמה שיינבערג. איך האָב געשריבן צויבערהאַפטע דיכטונג, אומבאַהאָלפן ווי די הענטלאַך פון אַ קינד, האַלטנדיג אַ שווערע פלאַש מיט וואַ־סער . . . אָבער אין דער דיכטונג מיינער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער „העלד״ פון דער וועלט־דיכטונג — די נאַטור. דאָס שטעטל איז גע־ווען אַ קליינע בינע, אַוועקגעשטעלט אינמיטן דער גרויסער ערד און דעם גרויסן הימל; די ערד — מיט אירע פעלדער און וועלדער, מיט אירע טייכן און שטראָמען, מיט אירע בערגלאַך און וואַלדיגע שטעגן — אויסגעטראָטן פון מענטשן, וואָס האָבן שוין לאַנג נישט געטראָטן אויף דער ערד. און דער הימל — מיט זיינע ריזיגע קינסטלערישע וואָלקן־אימאַזשן, וואָס אַן אומבאַוואוסטער קינסטלער — אַ טראַגי־שער גאָט — וואַרפט אַן אין די דעמערונגען, ווען אַ גרויסע זון פאַלט אַ צעגליטע ערגעץ ביים בלוי־גרויען ראַנד פון די האָריזאָנטן.

איך האָב געשריבן לידער וועגן נאַטור און וועגן מיידלאַך, די היימישע מיידלאַך — וואָס זיינען מיר דאָך געווען פרעמד און אומ־באַקאַנט, ווי פון הימל אַרונטערגעשיקט, כדי צו באַשיינען די ערד. די

מיידלאַך — וואָס איך האָב באַוואונדערט פונדערווייטנס, און וועלכע זיינען געווען פאַר מיר אַ מיסטעריע און וועגן וועלכע, איך פלאַמענדי־גע געפילן באַהערשט, איך האָב אַפילו נישט געקענט רואיג רעפ־לעקטירן.

איך פלעג נאָך נישט אַרבעטן — אָבער איך פלעג קומען אין הויז פון שלמה שיינבערג. און איינמאָל, געדענק איך, האָב איך זיך דאָך געלאָזט צורעדן און איינגעשטימט צו קומען אין דער זעצעריי.

עס איז געווען אַ גרויער, קילער באַגינען, ווען איך בין געגאַנ־גען דורך דעם שטעטל — צו שלמה שיינבערגס הויז, וואָס איז געווען לעבן דער ווייכסל. די פייגל האָבן דערוואַכט און האָבן זיסע לידער געזונגען, פריש, ווי מיט אַ טויזנט יאָר צוריק. און געשמעקט האָט די לופט מיט פּאַרפיום, מיט אידיליע, מיט טויזנט־יאָריגן ראָמאַנס. ווי עס איז באַשריבן אין אַלטן בוך פון ליבע. שיינבערג׳ס רויטע האָר זיינען געווען נאַס און צעפּאַטלט. ער האָט זיך ערשט געהאַט געוואַשן. און דורך די פּאַרהאַנגען, וואָס האָבן אָפּגעטיילט די קיך פונם סאַלאָן — האָב איך געקענט זען ווי ציפּה, זיין פרוי, איז נאָר וואָס אַרויס פון בעט — אַ וועניוס מיט פאַרשלאָפענע אויגן און אַ ברוסט איז גע־ווען ביי איר אָפּגעדעקט. אפשר איז עס געווען די ערשטע, בלייך־מאַרמאָרנע ברוסט פון אַ יונגע דאַמע, וואָס איך האָב ביז דאַן געזען... און איר געשטאַלט — אַ שלאַנקע — האָט ווי אַ רעאַליזירטער טרוים געשוועבט פאַר מיינע אויגן, אין גאַנצן לאַר פון געזעטיגטער, ליבער ווייבלאַכקייט. קיין מאַלעריי פון איטאַליענישן רענעסאַנס־פּעריאָד האָט קיין שענערע מאַדאָנע נישט געוויזן — ווי ציפּה, שלמה שיינבערג׳ס יונגער פרוי.

און דאַן זיינען מיר שוויגנדיג געגאַנגען איבער די פעלדער, צו קראַנצאָווע גאַס, וואו די זעצעריי האָט זיך געפונען. אין גאָלד זיינען אויפגעגאַנגען די פעדער. מיין האַרץ האָט געקלאַפּט. איך האָב גע־פילט אַז אַט דער מאַן, וואָס גייט שוויגנדיג לעבן מיר, מיט אַן ענערגישן טראַט און זיינע רויטע האָר ברענען און גליען אין דער וואַרעם־ווערנדיגער זון — אַז אַט דער מאַן דעצידירט מיין לעבן, מיין צוקונפט, מיין „מעטיער״ (פּראָפעסיע) . . .

⁂

עס איז געווען לעבן פּאַרק, אין אַלטן, שיינעם און הילצערנעם הויז, וואו דער פולאווער רב האָט געוואוינט, וואו שלמה שיינבערג האָט זיך באַזעצט מיט זיין יונגער פרוי, ציפל האַלבערשטאַט. ציפּה איז געווען די שיינע, שלאַנקע טאָכטער פון די האַלבערשטאַט׳ס, אַ וואַלד־סוחר, וואָס איז לעצטנס פאַראָרעמט געוואָרן. דערפאַר איז ער באַשענקט געוואָרן מיט עטלאַכע שיינע טעכטער, וועמענס עלטסטע עס איז געווען ציפּה. מיט אַ בלייך פּנים, ווי אַ מאַדאָנע, אַ הויכע און אַ דינע.

איך פלעג קומען אין הויז פון שלמה שיינבערג פאָרלעזן מיינע לידער. אָפט פלעגט ער זאָגן:

— עס וואַקסט אַ גרויסער פּאָעט ביי אידן.

ער פלעגט כאַפּן דעם מאַנוסקריפּט און הויך פאַר אַלעמען לייע־נען מיין ליד. אין הויז פלעגן זיך געוויינלאַך געפינען שלמה ראָזענ־בערג, דער איבערזעצער פון ריימאָנט׳ס „פּויערן״; מרדכי ביידין, דער איבערזעצער פון „קלים סאַמגין״, פון גאָרקי; אברהם צימערמאַן,

דער איבערזעצער פון גאָגאָל'ס אַ באַנד דערציילונגען און פון וועַ־רעסאַיעווס „די ווידוי פון אַ דאָקטאָר", און אויך דוד שיינבערג, שלמה שיינבערג'ס ברודער, אַן אַרבעטער אין דער דרוקעריי און דער מחבר פון אַ דראַמע וועגן שמוגלערס. די אַלע זיינען געווען זיינע תלמידים און פריינט. זיי פלעגן אים צוהעלפן אין זיין דרוקעריי און עסן און שלאָפן ביי אים.

איך פלעג יעדעס מאָל גיין צו שלמה שיינבערג, כדי צו קריגן נייעם מוט פאַר מיין שרייבן.

יהודית, שיינבערג'ס שוועסטער, אַן עקסצענטרישע מיידל, האָט זיך אויך געזען אין הויז. זי איז געווען אין מיין עלטער און האָט שפּעטער פאַרפאַסט אַ ליד וועגן מיר, וואָס די מיידלאַך האָבן גע־זונגען.

*

איינמאָל, אין אַ שבת נאָכמיטאָג, טרעפט מיך שיינבערג אויפן גאַס און זאָגט מיר איך זאָל שנעל אַהינקומען מיט מיינע לידער — דען דער באַרימטער ראָמאַניסט ז. סעגאַלאָוויטש איז דאָ אין זיין הויז. איך בין אַוועקגעלאָפן צו אים. און אָט זע איך ז. סעגאַלאָוויטשן, אַ טונקעלן, אַ הויכן, מיט אַ דינער טאַליע, רויכערנדיק כסדר זיין ליולקע. ער האָט ווייניג גערעדט. איז קענטיג געווען מיד, פלעגמאַ־טיש.

צום ערשטן מאָל האָב איך געטראָפן אַ באַרימטן שרייבער פּנים על פּנים. איך האָב געזען ווי ציפּה קומט יעדעס מאָל צו צו סעגאַלאָ־וויטש'ן און פרעגט אים צי ער וויל עפּעס. אַן אומענדלאַך־איידעלער טרויער האָט געצירט זיין גאַנץ געשטאַלט. איך האָב דערקענט דעם דיכטער פון „קאַזשמיערזש", פון „רייזעלע דעם שוחט'ס, וואָס איז אַזוי פיל געזונגען געוואָרן אין פּוילישע שטעטלאַך. און דער גלענצנ־דיגער דערציילער פון די „גאָלדענע פּאַווע" א.א.

גייענדיג איבער קראַנצאַווע גאַס, אין דער זעצעריי, כדי צו בע־מען די קאָרעקטורן פון זיין ראָמאַן „אייביג איינזאַם" — האָב איך געזען די גרינע, באַבלומטע פעלדער. די זון האָט הייס געברענט. איך האָב כמעט נישט געקענט פולאוו — אויסערן שטעטל. און דאָ האָט זיך מיר אַנטפּלעקט אַ רייכע פּאַנאָראַמע פון נאַטור. פונוויטנס האָט זיך געזען דער אַלטער פּאַרק. פון צווישן די הונדערטער־יאָריגע ביי־מער אַרויס — די ווייסע שלעסער, די פּעאָדאַלע שלעסער, זיך שפּיג־לענדיג אין פאַרגליווערטע באַסיינען.

וועל איך אַמאָל זיין אַזאַ גרויסער דיכטער ווי ז. סעגאַלאָוויטש? יאָ, נאָך גרעסער! איך וועל זיין אַזוי ווי סלאָוואַצקי . . . אַזוי ווי מיצקעוויטש . . . מיט מיין נאָמען וועט קלינגען ווייט און ברייט אי־בער די לענדער פון דער וועלט . . .

ווען איך האָב צוריקגעבראַכט די קאָרעקטורן — איז ז. סעגאַ־לאָוויטש געלעגן אויסגעצויגן אויפן בעט, אין ווייסע זאָקן. ער האָט געלעזן מיינע לידער און ביינאַכט האָט ער איבערגעשריבן איינס פון זיי.

— זאָל איך אים אָפּדרוקן דאָס ליד? דאַן וועט ער זיין אַ דיכ־טער, וועט ווערן אומגליקלאַך. עס איז אָבער אַ שאָד אַ דיכטער זאָל פאַרלוירן גיין . . .

עטלעכע טעג האָט ער פאַרבראַכט אין פּולאַוו, איידער ער איז אָפּגעפאָרן קיין קאַזשימיערזש, דאָס אַלטע, קעניגלאַכע שטעטל פון זיין באַרימטער פּאָעמע. מיר פלעגן שפּאַצירן אויפן בריק פון ווייכסל. סעגאַלאָוויטש האָט אַלץ מיט בייגעריגקייט באַטראַכט. אַ טיפע וואונד איז געווען פאַרבאָרגן אין זיין האַרצן . . . די וואונד פון אַ גרויסער, אַנטוישטער ליבע . . . שפּעטער איז אין זיינע ראָמאַנען געקומען צום אויסדרוק אָט־די טראַגישע ליבע . . .

⁂

איך האָב געאַרבעט אין דער זעצעריי, אויף קראַנצאָווע גאַס. עס איז געווען אַ נישט גרויסער צימער, מיט צוויי פענצטער. ווייט היב־טערן שטעטל. דאָרט האָט געאַרבעט די אידיש־באַוואוסטזיניגע, אינ־טעליגענטע יוגנט פון שטעטל, ווי געוועזמאַן, שיידנפיש, קוואַטער, מעלמאַן, מאַניש גאָלדבערג א.א. אויך די פריער־דערמאָנטע שרייבער.

דאָ איז פאַר מיר אויפגעגאַנגען די וועלט־ליטעראַטור. מאַנוס־קריפּטן פון שלום אש'ס „די מוטער" און פּיער בענואַ'ס „אַטלאַנטי־דע" האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט. דאָסטאָיעווסקי'ס „ווייסע נעכט" און לייב ביידוס'עס לידער. „טאַרטאַראַן פון טאַראַסקאָן" און אַ ראָמאַן „טויט". די דערציילונגען פון גאָגאָל און ווערעסאַיעוו'ס „ווידוי פון אַ דאָקטאָר".

בשעת דער אַרבעט פלעגן די זעצערס רעדן וועגן די ווערק. זיי האָבן אַנאַליזירט יעדעס בלעטל. זיי האָבן גלענצנדיג געקענט ליטע־ראַטור. נאָר אַ ציניזם, אַ קאַלטער ציניזם האָט פון זיי געווייעט. אי־בערלאַך פּוסט, סאַניניסטיש־געשטימט, האָבן זיי פאַזירט אַלס די באַ־העמען פון שטעטל. די צינישע באַהעמען! ביינאַכט פלעגן זיי זיך אָנ'שיכור'ן, פאַראַדירן איבער די פּולאַווער גאַסן, פאַרטשעפּען באַקאַנ־טע מיידלאַך און — בייטאָג פלעגן זיי קומען אומעטיגע, מידע, נישט־אויסגעשלאָפענע אין דרוקעריי.

אברהם צימערמאַן, אַ פאַנטאַזיאָר און אַ האַרציגער מענטש, שטענדיג פאַרליבט אין זיין צעקנייטשטן קאַפּעליוש, שרייבנדיג ליבע־בריוולאַך אין פערזן צו זיין קליינעם ווייב אין קוראָוו — פלעגט זינ־גען זיינע פאַרבענקטע רוסישע ראָמאַנסן. אויף יעדער „וויק־ענד" פלעגט ער פאַרשווינדן. צוריקקומען פלעגט ער מיט דערציילונגען וועגן דיין זעלטענעם ווייב און מיט נייע רוסישע לידער, וואָס ער האָט ערגעץ דערטאַפּט. דער קנאָפּ פון זיין האַלז פלעגט זיין געשוואָלן, ווי ביי אַן אמת'ן זינגער פון די היים. דאָס פיגורל — אַ דינס. פלעגט ער זינגען שטיל, אָבער מיטן גאַנצן האַרצן. די לידלאַך פלעגן אַלעמען רירן און פיל האָבן מיטגעזונגען, אַרויסקוקנדיג דורך די פענצטער צו די גרינע, פרייע פעלדער, צו דער זוניגקייט אין דרויסן — ווי צעמאַלענער בראָנז, צום בלויען הימל, זאַרגלאָז זיך אויסשפּרייטנדיג, אין אַ פאַסטעלישן בלוי: דאָס געזאַנג פלעגט פאַר'שיכור'ן . . .

די גאַנצע צייט פלעג איך שרייבן לידער. וועגן דער פרינצעסין נאַכט, וואָס גייט אַרויס ביינאַכט פון די בערג און שפּרייט אויס אירע שוואַרצע לאָקן. וועגן דעם איינזאַמען מיידל, וואָס קלייבט בלעטער און פאַרבאָרגט און באַהאַלט זיי אין אַ הייל, פאַר זיך, ווי גאָלד.

צווישן די לידער וואָס מען האָט געזעצט אין דרוקעריי — האָב איך באַזונדערס ליב געהאַט לייב ביידוס'עס לידער. מיר איז אין זיי

געפעלן געוועזן דער פרעמדער, אייראָפּייִשער טאָן. דאָס ליידנשאַפט־לאָכע אין זיינע פערזן. די בענקשאַפט צום מיטאָלאָגישן. דער פּול־קאַמענער חוש פאַרן עסטעטישן. די מוזיקאַלישקייט און דער פיינער, בייער, אייגנאַרטיקער גראַם. עס איז געווען אַ פאַנטאַסטישע וועלט, וואָס איך האָב נישט געזען אין שטעטל. וואָס איך האָב אָבער געפילט און געאָנט אין אַלטן, פעאָדאַלן פּאַרק, אינעווייניק פון די פּריצישע שלעסער . . . עס איז געווען אַ מין ראָקאָקאָ־ליד, ניי אין אידיש, עקסטראַוואַגאַנטיש, גראַציעז, שפּילעוודיג . . .

איך פלעג אימיטירן לייב ניידוס׳ן. איך האָב אויסגעבעטן מען זאָל מיר געבן צו זעצן זיינע לידער. צווישן די געדרוקטע מאַנוסקריי־פּטען זיינען געווען אייגנהענטיגע לידער. מיר פלעגן זיי אַלע פאַר־לייענען הויך. צימערמאַן, האָבנדיג אַ ליטווישן אַקצענט — פלעגט געבן די לידער פון דעם ליטווישן לייב ניידוס — זייער אמת׳ן טאָן.

⁂

שלמה שיינבערג איז געווען מיין ליטעראַרישער לערער. און מיין פּאַטראָן, נישט אָן קאַפּריזן. ער איז שטענדיג גרייט געווען צו לייענען מיינע לידער און צו זאָגן מבינות. פונדעסטוועגן האָט ער זיך צו מיר באַצויגן ווי צו אָן אַרבעטער, וואָס אויב איך וואַרף זיך אונ־טער זיינע באַפעלן — בין איך „אָקעי״. טאָמער נישט — איז אויך מיין דיכטערישער יחוס געפאַלן. שיינבערג אַליין איז געווען אַ מין דורכגעפאַלענער שרייבער. ער האָט געהאַט אַמביציע, כוח, פאָרם און אַ גוטן קאָפּ. אים האָט געפעלט דער פּונק וואָס מאַכט מענטשן פאַר קינסטלער. ער איז געבוירן אין פּולאַוו און האָט זיין גאַנץ לעבן דאָ פאַרבראַכט. איך ווייס נישט וועלכע געשעעניש האָט אָפּגעשטעלט זיין קאַריערע אַלס אָריגינעלן שריפטשטעלער. פיליכט די קליינע, באַ־גרענעצטע סביבה אין פּולאַוו. אפשר גאָר דער קאַמף פאַר עקזיס־טענץ. צי טאַקע יענער פּונק וואָס באַשטימט אַ קינסטלערס שעפעריש־קייט אָדער אימיטאַציע. יעדנפאַלס איז שלמה דערצויגן געוואָרן אויף די קלאַסישע רוסישע דיכטער, וועלכע ער פלעגט מייסטערהאַפט איבערזעצן. זיינע אייגענע פערזן זיינען געווען אין אַלטן זשאַנר, ליי־רישע. עס איז דאָן געקומען, נאָך דער ערשטער וועלט־קריג, די באַ־וועגונג פון מאָדערניזם אין אידיש. בראָדערזאָן און מאַרקיש, ראַוויטש און אורי צבי גרינבערג, ישראל שטערן און שמואל יעקב אימבער — זיי אַלע האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין דער ליטעראַ־טור. אַ קאַמף געגן דאָס אַלטע. דורך גאַנץ אייראָפּע איז דורכגעגאַנ־גען אַט דער שטורעם. פוטוריזם האָט באַהערשט די דיכטונגס־פאָרם. פאַר אַ מענטש ווי שלמה שיינבערג איז נישט געבליבן מער ווי צו איבערזעצן.

און, הגם אַ נישט־איבעריגס ענערגישער, האָט שלמה שיינבערג דאָך אויפגעטאָן געוואַלטיקעס אויפן געביט פון דער איבערזעצונג און בכלל — פונם פאַרלאַגס־וועזן אין פּוילן. ער האָט איבערזעצט דאָס ריזן־ווערק פון לעאָ טאָלסטאָי „מלחמה און שלום״. יאָרנלאַנג האָט ער דערויף געאַרבעט. איך פלעג אַריינקומען צו אים און ער פלעגט פאַר מיר איבערלייענען פראַגמענטן. די שפּראַך — אַ קרעפטיגע. אים איז געלונגען איבערצוטראָגן טאָלסטאָי׳ס רעאַליזם, זיין דינאַמיק און ריטם, דאָס עפּישע און דאָס נאַטוראַליסטישע. טאָלסטאָי׳ס העלדן האָבן גערעדט פריי, פּונקט ווי די אַלע פירשטן און גראַפן וואָלטן

גערעדט אויף אידיש . . .

נאָך פריער האָט שיינבערג איבערזעצט ד'אמיציס „דאָס האַרץ" — אַ ווערק מיט פיינקייט און ליריזם. צווישן זיינע שפּעטערדיגע איבערזעצונגען צייכנט זיך אויס דער פיינער אייראָפּייער אין דער רוסישער ליטעראַטור — באָריס פּילניאַק'ס „קאַלכידע", און שאָלאָכאָווס עפּישער מלחמה־ראָמאַן „שטיל פליסט דער דאָן", און לערמאָנטאָווס „דער אַנטלאָפענער", וואָס איך פלעג פיל מאָל דעקלאַמירן.

אויסער זיינע אייגענע איבערזעצונגען, האָט שלמה שיינבערג געהאַט אַ ווירקונג אין דער הינזיכט אויף זיינע אינגערע חברים־תלמידים. אין זיין הויז האָט שלמה ראָזענבערג אָנגעהויבן און פאַרענדיגט די באַרימטע איבערזעצונג פון ריימאָנט'ס „כלאָפּי", וואָס האָט צו יענער צייט געקראָגן די נאָבל־פּרעמיע. ריימאָנט, לעבנדיג דאָן אין דער שווייץ, האָט צוגעשיקט אַ קאַרטל צו שלמה ראָזענבערג. ווען יהודית, שיינבערג'ס שוועסטער, האָט געוויזן דאָס קאַרטל צו אירע פּוילישע חבר'טעס, שילערינס אין דער פּוילישער גימנאַזיע (האַללאַקנ'ס גימנאַזיע) — האָבן די פריילאַכע קינדער געקושט ריימאָנט'ס האַנטשריפט. (וועלכע אידישע מיידלאַך קושן די האַנטשריפט פון אַ באַרימטן אידישן שריפטשטעלער?)

אברהם צימערמאַן, דער פריילאַכער באַהעם און „באַרימער", מיט אַ גאָלדן האַרץ — האָט איבערזעצט צוזאַמען מיט דוד שיינבערג גאָגאָל'ן. איך פלעג זיך צוהערן צו די דיסקוסיעס איבער ליטעראַטור. דאָס לעצטע וואָרט האָט נאַטירלאַך געהאַט שלמה שיינבערג. ער איז געווען דער גלענצנדיגער קענער פון ליטעראַטור. איין אָוונט, ווינטער־צייט, ווען ער איז געווען אַליין אין הויז — האָט ער באַמערקט צו מיר, צייכענענדיג אויף אַ פּאַפּיר:

— אין מיר גייט פאַרלוירן אַ דיכטער, אַ קריטיקער און אַ מאַלער.

איך ווייס נישט וועלכע פּאַטענצן ער האָט באַזעסן אַלס מאַלער. אָבער אַלס קריטיקער איז ער זיכער געווען אַ באַדייטנדיגע קראַפט.

פון זיינע לידער געדענק איך „פליט אַ טשאַטע פייגעלאַך" און „די מלכה נאַכט" — געדרוקט אין י. מ. ווייסנבערג'ס „בלעטלאַך". אויך — איבערזעצונגען פון סערגיי יעסענין אין די וואַרשעווער „ליט. בלעטער". ער האָט אויך געדרוקט אַ ציקל לידער וועגן דער ווייכסל, וואָס צייכענען זיך אויס מיט פיינעם ליריזם און מוזיקאַלישקייט. מיט ש. ל. שניידערמאַנען, דעם פּאָעט פון היסטאָריש־פּיקטורעסקן קוזמיר, וואָס פלעגט קומען אין פולאַוו — אַ אינגער, אַן ענטוזיאַסטישער, ווי אַ העראַלד פון יוגנטלאַכקייט, האָט שלמה שיינבערג געפּלאַנט איבערצוזעצן סלאָוואַצקי'ס ראָמאַנטיש־סענסיטיווע ליריק אין אידיש.

יעדער ליטעראַרישער מענטש פון וואַרשע און פון פּראָווינץ האָט באַזוכט שלמה שיינבערג'ס הויז. איך געדענק דעם טונקעלן, מרה־שחורה'דיגן ישראל שטערן, וואָס האָט נאָך זיין אינהאַלטסרייכן רעפעראַט וועגן י. ל. פּרץ אין האָפּמאַנ'ס קינאָ פאַרבראַכט אין אָוונט ביי שלמה שיינבערג. ציפּה, די בלאַסע מאַדאָנע, מיט אירע ווייסע, אַלבאַסטערדיגע הענט — האָט געגלעט די טונקעלע, זיידענע טשופּריינע פון ישראל שטערן, בשעת ער האָט געלייענט מיין העפט לידער.

מיט אַ בלייפּעדער האָט ער אָנגעצייכנט יענע שטעלן וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר געלונגען — אין אַ פּאָעמע — אַ מין פּראָטעסט צו גאָט, זיכער באַווירקט פון דער נייער, שטורמישער פּאָעזיע, באַזונדערס פון פרץ מאַרקיש׳ס „קופּע״.

עס האָט אויך פאַרבראַכט אין שלמה שײַנבערג׳ס הויז — ש. האַראַנטשיק, וואָס איז שפּעטער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד און איז לעבן געבליבן, כדי צו שטאַרבן ביי די נאַציס, ווען זיי האָבן אָקופּירט פּוילן. איך געדענק זיין מאַסיווע פיגור. זיין רונד, ערנסט פּנים. (שפּעטער האָט מיר משה גראָסמאַן געשריבן אַז ש. האַראַנטשיק האָט אויסגעשניטן פון דער פאָלקסצייטונג מיין דערציילונג „לוסיל״ און אַריינגעקלעפּט אין זיין פּריוואַטן אַלבום, וואו ער האַלט זיינע אייגענע בעסטע זאַכן . . . )

איך געדענק מלך ראַוויטש, מיט זיין באַרימטן בערדל. דער גוטמוטיגער וועגעטאַריער האָט נישט דוקא אַרויסגעגעבן די בעסטע מיינונג איבער מיין פּאָעזיע. דערפאַר אָבער האָב איך נאָך זיין אַוועקפאָרן אָנגעשריבן אַ רירנדיק ליד, וואו איך האָב זיך באַקלאָגט אויפן דיכטערס טויבקייט און בלינדקייט צו מיין לירישן האַרץ, צו מיין דיכטערישער טרוימערישקייט. יעדער סטראָף האָט זיך פאַרענדיקט מיטן רעפריין:

„פאַרוואָס־זשע ווייַנט מיין האַרץ אַזוי?״

ווען איך האָב דאָס ליד געטראָגן צו שלמה שײַנבערג—האָבן זיי עס, ער און זיין ברודער, שטאַרק באַוואונדערט. איך האָב געהאַט מיין סאַטיספאַקציע, מיין נקמה אין מלך ראַוויטש. עס איז געווען ערב יום־כיפּור. איך בין אַהיימגעגאַנגען. מיין מאַמע האָט געבענטשט ליכט. ריזיגע ליכט — איינגעטונקען אין געלבן זאַמד, ווי אין בראַנז, וואָס איז געווען אין אַ גרויסן קאַסטן, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש. מיין מוטער האָט ביטער געוויינט. דאַן האָט זי מיך צוגעדריקט צו זיך און מיך לאַנג געהאַלזט, אַריינוויינענדיג דאָס טיפע, האַרציגע, מאַמעשע געוויין. זי האָט מיך איינגעהילט אין איר ליבשאַפט, אין איר געוויין, אין דער גרויסער, אייביגער מוטערלאכקייט.

שלמה שײַנבערג האָט אויך באַזעסן אַן אמת׳ן, קרעפטיגן הומאָר. איך געדענק אַז איינמאָל האָט ער איינגעאָרדנט אַ קאָנקורס אויף אַ ליד וואָס זאָל שילדערן אַ שרפה. איך האָב אויף מיין פּאָעמע געאַרבעט אַ גאַנצע וואָך. איך האָב געזען פיל שטעטלדיגע שרפות. פונדעסטוועגן האָב איך געדענקט אַז אַ פּאָעמע וועגן אַ שרפה דאַרף זיין בליצאַרטיג, שטורמיש, עפּיש. אַ הימישע שרפה, וואָס רייסט די שטרויענע דעכער פון די פּויערישע הייזלאַך, וואָס זעצט אַרויס פון די פענצטער ווי צעפלאַסן גאָלד און ווי די געשרייען טראָגן זיך צוזאַמען מיטן רייסנדיגן ווינט, ווי פרויען טראָגן קינדער און קישנס — דאָס אַלץ איז עפּעס צו פּשוט. צו רעאַליסטיש — האָב איך געטראַכט. בעסער איז צו באַשרייבן אַן אימאַזשינערע שרפה, אַן אויסגעטראַכטע. און אַזוי האָב איך געשריבן אַ פּאַטעטישע פּאָעמע, אַריינגענומען אין איר די העלדן פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע, זיך באַנוצט מיט אַ בילד אַפילו, מיר דאַכט פון מיצקעוויטש׳ן, ווי בליצן דעקן אָפּ פלאַמענדיגע קברים. די פּאָעמע האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי: „העפּייסטאָס האָט בליצן אין מערב געצונדן, ברענען זיי דאָרטן ווי פלאַמיגע קברים״. שלמה שײַנבערג האָט צום ערשט באַוואונדערט די דינאַמיק,

די פאַנטאַזיע, דעם הייסן אָטעם פון דער פּאָעמע. נאָר ווען די ריכטער אין הויז זייַנען געצייגט געגן מיר — ווייל זי האָט געקלונגען צו פּאַ־טעטיש — האָט שלמה שייַנבערג אַרויסגעוואָרפן אויף זיך אַ טוץ מאַנטלען, האָט פאַרבונדן די אויערן, אַנגעטאָן אַ פוטערנעם היטל און געזאָגט אַז ער גייט אַוועק צום באָרד־פאַל — צו זוכן אַן אָריגינעלע שטעלע אין מיין פּאָעמע.

אַלע האָבן געלאַכט, אייַנגעשלאָסן די דאַמען: ציפּה און איר יונ־גע שוועסטער, לאה'לע, דאָס שענסטע מיידל פון שטעטל, אַ שלאַנקע און אַ ליכטיגע, מיט וועמען שייַנבערג פלעגט אַמאָל שפּאַצירן, זי האַלטנדיק געאָרעמט און רעדנדיק צו איר שטאַרק ערנסט און מיט גרויס באַטאָנונג, פון וואָס זי פלעגט, ווי יעדער פרוי, זיין גערירט און אינערלאַך טיף־דאַנקבאַר.

☘

די טעג און די וואָכן האָבן זיך געצויגן אין פּולאַוו. איך האָב זיך צוגעגרייט צו פאָרן אין פּאַריז, וואו עס האָט זיך געפונען מיין ברודער. איך האָב געבענקט נאָך דער גרויסער וועלט, נאָך וואַנדע־רונג, נאָך אַנדערע פרויען, וואָס זאָלן מיך בעסער פאַרשטיין. אין דער זעלבער צייט האָב איך געפילט אַז איך פאַרלאָז אויף אייביק מיין געליבט שטעטל פּולאַוו; די ראָמאַנטיק. די פאַרביקייט. דען פּולאַוו האָט באַזעסן דעם אַלטן, גרויסן פּאַרק, וווּ איך פלעג אָפט שפּאַצירן און זיך פאַרטיפן אין דער טרויעריגער שיינקייט פון דער נאַטור, זיך פאַרטראַכטן איבער דער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט, איבער פּוילנס העלדן פון שווערד און גייסט. אין די קריסטלאַכע חגאות (יום־טובים) פלעגן קומען די פּויערים אין שטעטל, פון די אַרומיגע שטעטלאַך און דערפלאַך, אויסגעשלייערט און אויסגעפוצט — די יונגע שיקסעס אין דער פּויליש־נאַציאָנאַלער טראַכט, מיט פיל סטענגעס און טראַלדן. די בעטלערס ביים אַלטן קאָשציאָל, די שיכורים, זיך שלאָגנדיק מיט די לאַנטערנעס. אַלץ האָט באַזעסן שיינקייט און קאָליר. כאַראַקטער און אייגנאַרטיקייט.

שלמה שייַנבערג איז געבוירן געוואָרן אין פּולאַוו און ער האָט עס ליב געהאַט. ווען איך האָב אים איינמאָל געזאָגט וועגן פּולאַוו — אַז איך גיי עס פאַרלאָזן — האָט ער געענטפערט:

— פאַר אייך איז בעסער ווען איר וואוינט דאָ. אייער דיכטערי־שער טאַלאַנט וואָלט זיך אַנטוויקלט. איר וואָלט געקענט זיך רואיג לעבן אין דער זעלבער וואוינונג, וואו איר לעבט איצט מיט אייערע עלטערן. איר קענט ווייטער לעזן אייערע ביכער — און געניסן דאָס לעבן. איך וואָלט פּולאַוו קיינמאָל נישט פאַרלאָזן.

איך האָב יאָ פאַרלאָזן פּולאַוו. עס איז מיר געווען שטאַרק אומע־טיג. אַ נאַכט פריער האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין געליבטער, אַ יונגע שילערין. זי האָט מיך געבעטן צו שרייבן פון פּאַריז. איך בין געווען טרויעריג צו קושן זי צום לעצטן מאָל. עס איז געווען אַ לבנה־נאַכט פון אָקטאָבער. פּולאַווער ביימער האָבן געוואָרפן אַ טרויעריגן שאָטן איבער דעם ברוק פון גאַס. און די לבנה — די לבנה פון טויזנ־טער פּאָעמעס און טויזנטער דיכטער — איז אויך געווען דעם אַוונט מיין לבנה. זי האָט מיט אַ מאָדנעם ליכט געשיינט. און איך האָב זיך געזעגנט מיט שלמה שייַנבערג און מיט אַלע פריינט . . .

דאָס איז געווען אין האַרבסט 1925. 10 יאָר האָב איך פאַרבראַכט אין בעלגיע. 8 יאָר — אין אַמעריקע. און די גאַנצע צייט האָב איך מער־ווייניגער געהערט פון שלמה שיינבערג. ער האָט געעפנט אַ דרוקעריי אין אַ דראָהאָביטשער וואַלד. זלמן זילבערצווייג, דער מחבר פון „טעאַטער־לעקסיקאָן" און רעדאַקטאָר פון „אַמעריקאַנער"; פישל בימקאָ, דער באַוואוסטער דראַמאַטורג — האָבן ביי אים פאַרבראַכט, געדרוקט ביי אים זייערע ווערק. דורך דער צייט איז געשטאָרבן פון אַ קאַנסער זיין געליבטע פרוי ציפה, וואָס האָט אים געהאָלפן אין זיין אַרבעט, האָט זיך אויסגעלערנט זעצן אין דרוקעריי און האָט געהאַט אַ דעה אין דעם אויסוואַל פון זיינע ווערק צום איבערזעצן א.אז.וו. שלמה שיינבערג האָט צעטראָגן דאָס אידישע בוך אין אַלע ווינקעלאַך פון פוילן. האָט איבערזעצט די ביי־סאָוועטישע ליטעראַטור, זעטיקנדיג דערמיט דעם הונגער פאַר דער גייסטיגער נאַכפראַגע פון דער פוילישער יוגנט. ער האָט אַריינגעטראָגן אין דער אידישער ליטעראַטור ווערק פון גרויסע שריפטשטעלער, זיי איבערטראָגנדיג אין אידיש מיט קינסטלערישער קראַפט.

איצט קומט די ידיעה פון רוסלאַנד אַז שלמה שיינבערג איז טויט, אין עלטער פון 51 יאָר. ווייזט אויס אַז אַן אַלטע קרענק האָט זיך אין אים דערוועקט. דער אומדערמידלאַכער גייסטיגער אַרבעטער האָט צוריק געבליקט צו פוילן, צו פולאַוו, זיין היים. זיין פרוי איז געווען טויט. דאָס קינד — ערגעץ געבליבן שטעקן. זיינע ווערק — פאַרלוירן. דאָס פוילישע אידנטום — פאַרניכטעט. איבער פוילן — דער נאַצישער חורבן. צו וואָס בלייבט צו לעבן און צו האָפן? אויף וואָס?

און אָט אַטאַקירן די נאַצי־האָרדעס אויך דאָס סאָוועטישע רוסלאַנד, וואו דאָס פאָלק האָט זיך אַזוי פיל געאָפּפערט, כדי אויפצובויען איר אינדוסטריע, איר לאַנד. שטעט ווערן פאַרניכטעט. ריזיגע זאַוואָדן. דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק גייט אָפּ אין בלוט. אידישע ישובים ברענען זיך. דאָס אַלטע פאָלק ישראל ווערט געיאָגט און געטריבן אין זיין לעצטער פעסטונג — אין סאָוועט־רוסלאַנד.

דאָס האַרץ אין שלמה שיינבערג האָט אָנגעהויבן צו ברענען. דאָס פייער האָט עס אינגאַנצן אַרומגענומען, ווי אַן אָקטאָפּוס — זיין אומגליקלעכן קרבן. ער איז אויסגעגאַנגען אין די שרעקלאַכע זעלישע ווייען.

ווען איך דערמאָן זיך אַן אים — דערמאָן איך זיך אין מיין פריע יוגנט, מיינע ערשטע געדיכטן, דאָס ראָמאַנטישע שטעטל פולאַוו, די אינטעליגענץ פון שטעטל, די ערשטע שרייבער וואָס איך האָב באַגעגנט אין דרוקעריי אויף קראַנצאַווע גאַס, ווייט אַרויף אויפן פעלד — און די בעסטע צייטן פון אידיש אין פוילן, ווען גרויסע פאָעטן האָבן געשטורעמט אויף דער אידישער גאַס, ווען די אידישע פרעסע, דאָס אידישע בוך, די אידישע איבערזעצונג — האָט געבליט. עס איז געווען אַ גוטע, אַ שיינע צייט, וועלכע מיר האָבן פיליכט נישט געוואוסט ווי אַזוי צו שעצן גענוג. אָבער דאָס אומגליק איז דאָך געהאַנגען איבער דער וועלט, ווי אַ ריזיגע דאַמאָקלעס־שווערד — און די שווערד האָט זיך אַלץ לאַנגזאַמער אַראָפּגעלאָזט און אַלץ פאַטאַלער מיט זיין שאַרף זיך דערנעענטערט צום האַרץ פון פוילישן אידנטום, צו די נערוון פון וועלט־אידנטום.

שלמה שיינבערג איז געווען אַ קרבן פון אָט דער קאָלאָסאַלער, גלאָבאַלער קאַטאַסטראָפע. זיין ראָלע פאַר אידיש — אין איר גאַנצער גרויס און פאַרנעם — וועט דער קינפטיגער היסטאָריקער זיכער אָפּשאַצן, אויב די מאַטעריאַלן וועלן נישט געבצלאַך פאַרניכטעט ווערן.

## אַ פאַנטאַזיע...

זיבן שלאַנקע פרויען אין רויטע קליידער זיינען געווען צוגעבונדן מיט אייזערנע, שווערע קייטן צו אַ בוים; זייערע קערפּערס האָבן זיך וויטאַגדיג געדרייט אין די ענגע קייטן; זייערע פיס וואָס זיינען געוואוינט געווען צום טאַנץ און אייביגן ריטם — האָבן זיך נערוועז און שמערצהאַפט געריסן צום טאַנץ; מוזיק־ריימען האָבן זיי געוועקט, זיי געריסן און וואַנזיניג געמאַכט. זייערע רויטע, לאַנגע, געקרויזלטע האָר האָט דער ווינט באַוואויגן און מיט זיי געשלאָגן זייערע פּנים׳ער, וועלכע זיינען געווען ווייס און פאַרגליווערט ווי אין מאַרמאָר; נאָר די אויגן — ווי קליינע בלויע אָקעאַנען — זיינען געווען אַזוי שיין און טרויעריג...

איך האָב געזען זייערע לײדן און רחמנות געהאַט אויף די נשמות פון די טענץ, וואָס וואוינען אין זייערע וואונדערבאַרע קערפּערס. איך האָב זיי אויפגעבונדן און דעם בלויען הימל האָב איך צעריסן, מיט די בלויע טוך־שטיקער איינגעהילט זייערע גופים און — אוים דאַנקבאַרקייט — האָבן זיי מיך געקושט און פאַר מיר געטאַנצט דעם טאַנץ פון באַפרייאונג...

עס איז געווען ווי זיבן שלאַנקע בליצן אין בלויע הימל־טיכער געהילט וואָלטן געטאַנצט אַ ברויזנדיגן טאַנץ מיט זייערע גראַציעז־שלאַנקע קערפּערס. איך בין געווען ווי באַצויבערט פון זייערע כשוף׳דיגע ריטמען. זייערע רויטע לאָקן האָבן זיך ווי פלאַמען אין שטורעם באַוועגט, זייערע פיס האָבן קוים באַרירט די גרינע שטיגן פון וואַלד, זייערע ווייסע אָרעמס זיינען געווען ווי פליגל וואָס פליען אין רוים... אָט זיינען זיי געווען ווייסע שוואַנען — און אָט גאָר — ריזיגע אַלבאַטראָזן מיט צעשפּרייטע פליגל. אָט זיינען זיי געווען זיבן בלאָנדע דעמאָנען — און אָט גאָר ריזיגע פליגל פון מיין אומגעזעענער נשמה... איך בין געווען גליקלאַך. פון זייערע מיילער האָבן זיך קושן געריסן — ווי פלאַמען — צו דער פרייהייט און דאַן — דאַן האָב זיי אַוועקגעטאַנצט טיפער, טיפער אין גרינעם וואַלד; כ׳האָב געהערט זייער וואונדערבאַר ליד... איך בין געזעסן אַליין אין וואַלד און געזען ווי די זון גייט אַ גאָלדענע אונטער אין פלאַמען...

# רעפלעקסיעס איבער סטעפאַן צווייג

(אַ באַזוך ביי מאַדאַם פרעדעריקאַ צווייג)

דער טויט פון סטעפאַן צווייג און פון זיין צווייטער פרוי — מאַכט פיל צו רעפלעקטירן. און זייט עס איז געשען, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם פלאַץ פון דער וועלט — אַזש אין בראַזיל — אַזוי טיפיש פאַרן וואַנדערער און גלאָבוס־טרעטער סטעפאַן צווייג — הער איך נישט אויף צו טראַכטן וועגן דעם. עס איז פאַראַן עפעס אומגעוויינלאַך־מעלאַנכאָלישעס אין דעם טויט פון צוויי מענטשן, אַ מאַן און אַ פרוי, וואָס באַשליסןביידע אַז די וועלט איז שלעכט און אַז זיי מוזן ביידע פאַרלאָזן די ערד, הגם זיי קענען זיך באָדן אין זוין און אין האָניק. עס איז באַזונדערס טראַגיש און פיל באַדייטנדיג דער טויט פון אַזאַ מאַן, וואָס ביי 60 יאָר האָט ער אַ רום אַלס שריפטשטעלער וואָס שפרייט זיך אויס איבער דער גאָרער מאַפּע פון דער ערד. ער האָט אַ וועלט־רום און וועלט־כבוד. ער ווערט איבערזעצט אין דרייסיג שפּראַכן און זיינע ביכער ווערן פאַרקויפט אין די טויזנטער אין דער וועלט. ספּעציעל פאַר אַ שרייבער וואָס איז גוואַלטיג פּראָדוקטיוו. וואָס האָט געשריבן אויף אַלע געביטן פון ליטעראַטור. ער האָט צו זיין קרעדיט אַזעלכע באַוועליזירטע ביאָגראַפיעס ווי „מאַריאַ אַנטואַנעט” און „מערי — די קעניגין פון סקאָטלאַנד”, „עראַזמוס פון ראָטערדאַם”, „יאָזעף פושעי”, „מאַגעלאַן”, „אַמעריגאָ וועספּוציוש”; ער האָט ביאָגראַפישע שטודיעס פון ווערהאַרען, ראָמען ראָלאַן, דאָסטאָיעווסקי, באַלזאַק, קלייסט, העלדערלין, סטענדאַל, טאָלסטאָי, קאַזאַנאָוואַ, ניטשע, דיקענס; ער האָט עסייען איבער ספּיריטיסטישע און אָקולטיסטישע פּערזענלאַכקייטן, ווי: מעסמער, מערי בייקער עדי, זיגמונד פּרויד. ער האָט אַזעלכע נאָוועלן ווי „אַמאָק”, „24 שטונדן אין אַ פרוי’ס לעבן”, ער האָט איבערזעצונגען פון די פּאָעטן ווערלען און רעמבאָ, באָדלער און ווערהאַרן.

סטעפאַן צווייג האָט מיט גרויס לייכטקייט געשריבן זיינע פּאָרטרעטן און עסייען פון גרויסע מענטשן. ער האָט מיט אַ געוויסער עלעגאַנץ און שמעטערלינגישער גראַציע אַרומגעשוועבט אין די האַלן פון מענטשלאַכן גייסט, אין די אַלייען פון דער געשיכטע, אין די פּאָרטאַלן פון דעם מענטשנס ספּיריטועלער פאַרגאַנגענהייט.

איך דערמאָן זיך די ביאָגראַפיע פון מאַגעלאַן. צווייג ווערט זיין כראָניקער. ער גייט אים נאָך טריט ביי טריט אויף זיינע געפערלאַכע אָדיסייעס. מאַגעלאַן, דער העלד פון ים, דער קאַפּיטאַן, ווי ס’רוב זיינע פּראָפעסיע־חברים פון דער געשיכטע — רעדן נישט. בעמען אָן דעם ים’ס שווייגן. אָבער ער וועט אויסוואַקסן און רעליעף ווערן דורך דער האַנט פון סטעפאַן צווייג. דער איד פון זוין וועט נאָכגיין מיטן קאַפּיטאַן דורך די קאַלטע אָקעאַנען, פאַרפאָלגט פון זיין ציל, געטראָגן דורך זיין גורל און פאַטאַל זיך טראָגנדיג צום צוועק. קאַפּיטלאַך מייסטערהאַפטע גייען אויף. די פּסיכאָלאָגיע פון מענטשן. ווייל דער קאַפּיטאַן מוז באַהערשן אַלערליי נאַטורן. עס איז אַ גאַנצע וועלט

וואָס ער נעמט מיט. עס איז אַ מחנה פון אַלערליי אוואַנטיורעס וואָס זיינען גרייט צו פאַרראַטן דעם מייסטער — מיטן שטערן פון געניוס אויף זיין שטערן. און געטריי דער טראַדיציע פון שטרייטער און געניאַלע מענער — שטאַרבט מאַגעלאַן אין שלאַכט. פון זיין גורל געשלאָגן און געשלאָסן.

איך דערמאָן זיך אין דערציילונג „אַמאָק". אַ מאַן לויפט אָן אָטעם — געטראָגן פון אַ דעמאָנישער קראַנקהייט צו לויפן. ער לויפט ווי אַ שוואַרצער שטורעם. מיט וויפיל שפאַנונג צוויג האָט די געשיכטע אָנגעשריבן. מיט וויפיל שפאַנונג און — קאָליר. ריטם. אַטמאָספערע. סטעפאַן צוויג האָט באַזעסן דעם צויבער און טאַלאַנט פון קענען געבן זיינע העלדן אין אַן אַרעאַל פון סענסאַציע און שפאַנונג. ער האָט גוט פאַרטראַכט זיינע ווערק. ער האָט זיי אַרכיטעקטאַניש אויסגעבויט. די דערציילונגען זיינען אין טריט פון שונד. אָבער דער געניוס האָט געוואוסט ווי אַזוי דעם איינעם טריט אויסצונוצן און זיי צו פאַרוואַנדלען אין גוט־געשלאָסענע, דראַמאַטישע געשיכטן — רייך אין פאַרבן, גלענצנדיג אויסגערעכנט זייער יעדן צוג.

ווען צוויג האָט געשריבן אַ נאָוועלע — איז אים צו הילף געקומען דער ביאָגראַף און עסייאיסט, כדי די נאָוועלע צו געבן קולטור און ברייטן אָטעם. איר צו געבן — אינטעלעקטואַליזם. פונקט אַזוי איז געווען ווען ער האָט געשריבן אַן עסיי אָדער אַ ביאָגראַפיע. דער נאָוועליסט איז דאָ מיט גרויס טאַלאַנט צוהילף געקומען — און גאַנץ דערפאָלגרייך. די עסיי אָדער ביאָגראַפיע האָט באַקומען דעם אָטעם פון אמת. ער האָט זיינע העלדן געגעבן פלייש און בלוט. ער האָט זיי געלאָזט דראַמאַטיש שפילן. ער האָט זיי געגעבן אַ לעבעדיגן רוח. די רעאַליטעט פון בעלעטריסטיק. איך קען נישט פאַרגעסן זיינע דריי עסייען איבער טאָלסטאָי, סטענדאַל און קאַזאַנאָוואַ. זיי ווערן נאָענט און מיר קענען באַטראַכטן זייערע באַוועגונגען. דער מעכטיקער רוסישער ריז גייט־אויף ווי אַ קעניג עדיפוס — אין זיין גאַנצער גרויסקייט און מעכטיגקייט; ריזיג אין זיינע לוסטן; געוואַלדיג אין זיינע אַמביציעס, אין זיינע ליידן, אין זיינע געראַנגלען און קאַמפן. מיר דערזעען פאַר זיך אַ פאַרבלוטיגטע אור־אַלטע חיה — פאַטעטיש און קאָלאָסאַל אין איר צווייפל. אָדער די עסיי וועגן הענרי בייל (סטענדאַל) — דער איינזאַמער מוזיקער, מיליטער־מאַן, קאָנסול און פריינט פון בייראָן. דער אַריסטאָקראַט מיט אַ גאַנץ מעלאַנכאָלישער נשמה. אָדער — קאַזאַנאָוואַ. דער פראָפעסיאָנעלער דאָן זשואַן. דער אייביג־פאַרליבטער, וואָס לעבט אין די בעסטע באַציאונגען מיט זיינע דאַמען, קיינמאָל זיך נישט צעשיידנדיג ווי שונאים, ווייל ער קען זיי און ווייסט זייערע פאַרלאַנגען און זיי קענען אים און ווייסן זיינע פאַרלאַנגען. און ווי ער ווערט אַלט און „אויסגעשפילט" און זיצט אין דער ביבליאָטעק, וואו ער אַרבעט אַלס ביבליאָטעקאַר זיינע לעצטע יאָרן — און לעבט אויפסניי איבער זיינע ליבעס, שרייבנדיג די מעמואַרן פון זיין לעבן . . .

סטעפאַן צוויג האָט געשריבן היסטאָרישע מיניאַטורן. מיר איז געבליבן אין זכרון אַ גלענצנדיגע מיניאַטור איבער נאַפאָלעאָנס דורכפאַל אין וואַטערלאָ. די היסטאָרישע פערספעקטיוו קען ער וואונדערלאַך נאָענט און רעאַל מאַכן און עס אַנטשטייען סיטואַציעס; היסטאָרי־

שע העלדן מיט זייערע איביגע פעלערן, וואָס דעצידירן דעם גאַנג פון דער געשיכטע.

איך דערמאָן זיך סטעפאַן צוויג׳ס פאָרוואָרט צו זיינע איבער־זעצונגען — און אויך פון אַנדערע — פון ווערלענס און רעמבאָס פּאָעזיע. זיין פאָרוואָרט — אַ פּולקאַמענע עסיי — גליט מיט פייער. מיט אינטעלעקטועלן ענטוזיאַזם. די מענער פון גייסט — ווי צוויי בערהאַפּט דאָס איז — זיינען פאַר אים נישט געווען טויט. ער האָט זיי מיט דעם מינדסטן באַריר פון זיין וואָרט געקענט אויפוועקן און מאַכן האַנדלען. זיי ווידער מאַכן לעבעדיג און פול מיט אַקציע־לוסט. ווייל סטעפאַן צוויג איז געווען דורך און דורך קינסטלער, וואָס באַוועגט זיך מיט דער זעלבער גראַציע און לייכטקייט אין דער וועלט פון רעאַלן לעבן — און אין דער וועלט פון גייסט — גוף, לעבן, אַקציע, אַמביציע, ליידנשאַפט און — טויט . . .

סטעפאַן צוויג האָט געקענט שרייבן עטלאַבע ווערק מיט אַמאָל. אין יאַנואַר 15, 1942 — זאָגט ער צו אַ פריינט אין ניו־יאָרק אַז ער אַרבעט איבער פיר ביכער און ער האָט פאַרטיג די פּלענער פון פיר אַנדערע ביכער אין מוח. ער האָט געלאָזן אויפן שרייב־טיש צוויי ניט־פאַרענדיגטע מאַנוסקריפטן איבער דעם סקעפּטיקער און פראַנצויזישן חכם מאָנטעין און — דעם גרעסטן ראָמאַניסט פון אַלע צייטן, באַלזאַק, וועלכן ראָדען האָט פאַרגעשטעלט ווי אַ פּיראַמידע, ווי אַ באַרג־מאַסע, וואָס דערהויבט זיך פון דער ערד אין געוואַלדיגער קראַפט.

צוואַנציג יאָר אַרבעט סטעפאַן צוויג איבער זיין באַלזאַק. אין זאַלצבורג, אין דער „איטאַליענישער שטאָט נאָרד פון די אַלפּן״, זאַמלט ער אָן אַ ריזיגע ביבליאָטעק וועגן אים. אויטענטישע מאַטע־ריאַלן. ער האָט ליב באַלזאַק׳ן אפשר מער און טיפער פון אַלע זיינע העלדן — אָט דעם טאַלענטן, סקעפּטישן, ענערגישן חכם פון דער פראַנצויזישער פּראָזע. באַלזאַק פאַראינטערעסירט אים מיט זיין געוואַלדיגער ענערגיע, מיט זיין פאַרנעם, מיט זיין אַמביציע.

אין אַן אַרטיקל פון אַ געוויסן פעדער (אַ דייטשער זשורנאַליסט, וואָס האָט געוואוינט לעבן סטעפאַן צוויג און וואָס האָט געזען די צוויגס אין די לעצטע וואָכן פון זייער לעבן) ווערט דערציילט, אַז סטעפאַן צוויג האָט אים געזאָגט מיט אַ טרויעריגער איראָניע:

— קיינער פון באַלזאַק׳ס ביאָגראַפן האָבן נישט געענדיגט די ביאָגראַפיעס איבער באַלזאַק׳ן . . .

איז דעם דייטשן זשורנאַליסט נישט איינגעפאַלן אַז דאָס איז אַן אָנצוהערעניש אַז אויך ער וועט די ביאָגראַפיע נישט פאַרענדיגן . . .

צום זעלבן הער פעדער באַמערקט סטעפאַן צוויג וועגן זיין ביטערן גורל, אַז ער, אַ דייטשער שריפטשטעלער, מוז לעבן אין דער פרעמד, וואו ער מוז רעדן אַן אַנדער שפּראַך — און ער דער־מאָנט היינריך היינע׳ס טראַגעדיע, וואָס לעבנדיג אין גלות, אין פּאַריז, מוז ער אַפילו צו זיין מעטרעסע, אין די שפּעטע נעכט, שעפּטשען ווערטער אויף פראַנצויזיש.

צו היינריך היינע׳ן איז סטעפאַן צוויג נישט געווען ענלאך אין דאָזיגן פרט אַליין.ביידע זיינען געווען אידן — און ביידע אייראָפּייער. ביידע זיינען געווען די העראָלדן פון פריהייט. ביידע זיינען די בריקן וואָס האָבן געצונדן — געוועקט — די וועלט. אין דער זעלבער צייט

ווען היינריך היינע האָט אין די „אויגסבורגער אַלגעמיינע צייטונג״ באַקאַנט געמאַכט צו די דייטשן דעם פּאַריזער סאַלאָן — האָט ער צו די פראַנצויזן דערציילט די וואונדערלעכע מערכען פון דייטשן פאָלקלאָר און פון גערמאַניש־טייטאָנישן ניבעלונגען־ליד. ביידע האָבן — קינסטלעריש און זשורנאַליסטיש — מיט גרויס טאַלאַנט און מיט גרויס וויסן — פּאָפּולאַריזירט די אייראָפּיאישע קולטור און אַליין געווען גרויסע אייראָפּייער.

און אייראָפּייער זיין — האָט געמיינט פאַר זיי — זיין מאָדערנע פּראָפעטן, נביאים פון גערעכטיקייט. אין דעם אייראָפּיאיש־גאַלאַנטן און גראַציעזן טאָן, אין אַן אייראָפּע פון מאַניערן און אָפּגעזעסענע מנהגים און שיינע רייד — האָבן זיי אַריינגעטראָגן דעם אורגייסט פון דער ביבל — דעם פּאַטאָס פון פּראָפעטן. ביידע האָבן געוואָגט צו זוכן גערעכטיקייט. ביידע האָבן געשליידערט צו די אויגן פון די אייראָפּיאישע אינטעלעקטואַלן און מאַכטהאָבער — די אידעאַלן פון פריהייט און גלייכקייט. ביידע זיינען געווען קינדער פון תנ״ך — און פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס איז די דראַמע — ערשט אַרויסגעגאַנגען פון פּאַריש און פלאַמענדיג פונם תנ״ך.

אידיש אַלזאָ — אין זין פון זיין די בריק פאַר די וועלט־קולטורן. אידיש — אין זוכן גערעכטיקייט. אידיש — אין דעם פלאַקערדיגן גייסט פון תנ״ך. אידיש — אין דעם גיין אין גלות און שטאַרבן אין דער פרעמד.

הגם סטעפאַן צווייג איז נישט געווען קיין אויסגעשפּראָכענער קעמפער — אַזאַ ווי לאָמיר זאָגן הוגאָ און זאָלאַ, אָדער אַפילו בערנע און היינע — איז ער אָבער געווען אַ גרויסער הומאַניסט און מענטשן־פריינט. זיין ליבע איז געווען אַן אוניווערסאַלע. ער האָט געשריבן גלענצנדיגע בלעטער וועגן מאַקסים גאָרקי און דעם אַרבעטסזאַמען, מעכטיגן רוסישן פאָלק. ער האָט אַרומגענומען מיט די פלאַמענדיגע פליגל פון זיין זשעני — אַלע שפּיצן פון דער וועלט׳ס קולטור. אַלע ווינקלען פון מענטשלעכן גייסט.

אָבער — עפּעס איז אין אים געבליבן פון דער זאַרגלאָזער ווין, דער קייזערשטאָט ביים שיינעם בלויען דונאַי. ער האָט געהערט צו דער גרופּע פון פּעטער אַלטענבערג, ריכאַרד בער־האָפמאַן, הוגאָ פאָן האָפמאַנסטאַל, אַרטור שניצלער, יאַקאָב וואַסערמאַן און רייבער מאַריאַ רילקע. ער האָט זיי אַלע איבערשטיגן אין וועלט־פּאָפּולאַריטעט. אין אימפּעט און סטיכיע פון וואָרט. אין ליטעראַרישער פּראָדוקטיוויטעט. אויך אין זיין דינאַמיק און אַרבעטסזאַמקייט, אין זיין וואַנדערלוסט און אינערלאַך־גייסטיגער אומרו. די וועלט האָט אים אויסגעזען צו זיין האָפענונגסלאָז און פאַרלוירן. ער האָט, אַלס ווינער קינסטלער, געהאַט עפּעס אַזוינס וואָס גיט נישט קיין מעכטיגן ווידערשטאַנד דעם שלעכטס און דעם גורל. אין דער ערשטער וועלט־קריג האָט ער זיך העפטיג אַנטקעגנגעשטעלט די מיליטערישע אַוואַנטיורעס פון קייזער ווילהעלם און פראַנץ יאָזעף. ער האָט ווי אַ העראָלד פון קאַמף געגן קריג, פון פּאַציפיזם — אַרויסגעשטעלט ראָמען ראָלאַן אין אַ גלענצנדיגער עסיי. ער באַגריסט פּאַטעטיש אַנרי באַרביוס׳עס „פייער״ — ווי אַ נאַוועלע וואָס דעקט־אָפּ דעם גרויל פון קריג — אין קעגנזאַץ צו די פאַלשע גלאָריפיקאַציעס פון „שטאַרבן פאַרן פאַטערלאַנד״.

ער איז נישט דער איינציגער פון די דייטשע שריפטשטעלער וואָס באַגייען זעלבסטמאָרד; איר האָט אַ לאַנגע רשימה פון דייטשע שריפטשטעלער וואָס ברעכן זיך אונטערן באַרבאַריזם פון די נאַציס; קורט טוכאָלסקי, יאַקאָב וואַסערמאַן, ערנסט טאָלער, ערנסט ווייס, יאָזעף ראָט, וואַלטער האַזענקלעווער, וואַלטער בענדזשאַמין, א.אז.וו.

און בשעת ער שפּילט די לעצטע צוויי שאַך־פּאַרטיעס מיטן זשורנאַליסט פעדער — שוין טראַגנדיק דעם באַשלוס פון זעלבסט־מאָרד אין זיין געניאַלן קאָפּ — זאָגט ער גאַנץ רואיק אַז אַ מאַן פון 60 יאָר מעג זיך נעמען דאָס לעבן, אויב זיין פאָטערלאַנד — אייראָ־פּע — איז צעשטערט. שרייבט ער דאָך אין זיין לעצטן בריוו:

„נאָכדעם ווי איך האָב געזען פון מיין שפּראַך, פאָלק און מיין ספּיריטואַל לאַנד — אייראָפּע — זיך זעלבסט פאַרניכטן, און איך האָב דערגרייכט מיין 60 יאָריגן עלטער — וואָלטן זיך געפאָ־דערט געוואַלדיגע אַנשטרענגונגען צו רעקאָנסטרואירן מיין לעבן. און מיין ענערגיע איז אויסגעשעפּט דורך פיל יאָרן פון וואַנדערן — פון איינעם אָן אַ לאַנד". סטעפאַן צווייג פאַרענדיגט זיין בריוו — „עס איז צייט צו מאַכן אַן ענדע צו אַ לעבן וואָס איז געווען געווידמעט הויפּטזעכלאַך צו גייסטיגער אַרבעט, באַטראַכטנדיג מענטשלאַכע פרייהייט — און מיין אייגענע — אַלס דאָס גרעסטע רייכטום אין דער וועלט".

דער סענסיטיווער, אוניווערסאַלער, ווערסאַטילער סטעפאַן צווייג האָט אַליין געשלאָסן זיין לעבן — געבנדיג אויך צו טרינקען פון דעם אייביגן סאָקראַטעס־בעכער, פון וועלכן אַזוי פיל ליפּן פון העלדן און מאַרטירער האָבן געזופּט דעם ביטערן גיפט — צו זיין ווייב... די יונגע פרוי, וואָס האָט באַוויזן אַזוי פיל קוראַזש איר יונג לעבן — דאָס לעבן פון אַ טענצערין — צו ענדיגן אין די אָרעמס פון איר שטאַרבנדיגן מאַן.

* * *

אַ נאַכט פריער האָב איך געלייענט דעם אַרטיקל פון דעם דייט־טשען זשורנאַליסט פעדער — וועגן סטעפאַן צווייג'ס לעצטע טעג. צווייג שענקט אַ בוך וועגן נאַפּאָלעאָן — פון באַנוויל געשריבן — צו אים, נישט אויפגעשניטענערהייט. ווען פעדער וואונדערט זיך און זאָגט אים אַז ער האָט כמעט דאָס בוך נישט געלעזן, אַז ער דאַרף עס פאַרענדיגן לייענען — פאַרקוקט זיך צווייג ערגעץ אין דער וויט־קייט... ער האָט געזען די האָריזאָנטן פון אַ פיל גרעסערע אימפּע־ריע ווי נאַפּאָלעאָנס — די אימפּעריע פון דער אייביגקייט — פון גאָט...

אין דער לעצטער וואָך פאָרן צווייג און זיין יונגע פרוי — ביידע שוין איינגעהילט אין די שלייערן פון טויט — אין די באַנדאַזשן פון טויט — ווי מומיעס — צו זען אַ נאַציאָנאַלע פאָלקס־פייערונג, אַ מין קאַרניוואַל. צווייג האָט די פייערונג אַמאָל באַשריבן. איצט זעט ער עס מיט די אייגענע אויגן — ווי ער פרייט זיך. דער וואָס איז שוין שאָטן — פרייט זיך מיטן ספּאָנטאַן־פאָלקלאָרישן, נאַאיוו־אימפּולסיוון פאָלקס־אויסדרוק פון לײדנשאַפט און פרייד...

און מיר קענען נישט פאַרגעסן ווי ערגעץ אין בראַזיל, אונטער גרויסע שטערן מיט יונגע וויעס, זיצט אַ צום־טויט פאַראורטיילטער מאַן, מיט זיין פרוי און — ער שפּילט שאַך מיט די ציטערנדיגע

פינגער. די שטערן, וואָס וועלן זיין נשמה באַלד איינזאַפּן אין זיך, ווי דעם ריח פון אַ בלום — שמייכלען איבער דער פּאַרטיע שאַך. צוויג טראַכט זיך נאָך אַריין אינם ערדישן . . . אינם מיליטערישן שפּיל — שוין אוראַלט . . . און די ריחות פון דער טראָפּישער נאַכט טראָגן זיך מיטן אײדעלן ווינט . . . און די בלעטער רירן זיך קוים, כדי דורכצולאָזן דער לבנה'ס בלענדנדיק, מאַדאַניש געזיכט. און די שמעטערלינגען טאַנצן אויפן שאַך־ברעט, באַרירן הימלאָך די פיגורן . . און אין דער פּיקט־הייסער נאַכט זינקען די אינסעקטן פון ליבע — צו דער לבנה, זייער הימלישע ווירגינע. און אין די שאָטנס פון די ביימער, פון די געדיכטע צווייגן באַהאַלטן — זיצט אַ מאַן און שטרענגט אָן זיין שוין־הימלישן געהירן צו צווי פּאַרטיעס שאַך . . . די בלאַסע, אָפּגעצערטע הענט — זיי באַוועגן מיט די פיגורן . . . ער האָט ביידע פּאַרטיעס פאַרשפּילט. דער קעניג, דער קעניג איז געפאַנגען . . . אויך — די קעניגין איז אין געפענגענשאַפט. אַ גוטע נאַכט, וועלט . . . דער קעניג און די קעניגין גייען שלאָפן אַ זייער לאַנגע נאַכט — אין פּאַקט — אָן אייביקייט . . .

* * *

כדי עפּעס צו געפינען פון סטעפאַן צוויג'ן — כדי צו קענען באַשרייבן גרינטלאַכער דאָס רעטעניש צוויג — בין איך אין דער פּרי אוועק באַזוכן מאַדאַם פרעדעריקאַ צוויג. זי האָט ליטעראַרישע ביוראָ אויף פּאַרק עוועניו, ניו־יאָרק — וואו זי העלפט פּליכטלינג־שרייבער.

מאַדאַם צוויג — אַ זייער אײדעלע, מיט בלויע, ווייכע, גוטע אויגן און בלאָנדע האָר, נעמט מיך וואַרעם אויף. איך בין ניט דרייסט צו באַרירן די רויע וואונד אירע — סטעפאַן צוויג . . . עס מוז זיין אַ טיפע וואונד אין איר האַרצן.

עס איז נישט לייכט צו רעדן מיט אַ פאַר־איר־פרעמדן מענטשן — וועגן אַ מאַן, וואָס די וועלט קען אַלס אַ דערפאָלגרייכן שריפט־שטעלער — אָבער וואָס האָט פאַר איר באַדייט — יוגנט, ראָמאַנס, ליבע, אינטימיטעט . . . פּיליכט טראָגט זי אונטער איר שאַרבן — די פיינסטע רעמיניסענסן פון אים. פון אים — אַלס מאַן, אַלס דראַמאַנטיקער . . . דען סטעפאַן צוויג איז שליסלאָך געווען איינער פון די לעצטע גרויסע ראָמאַנטישע פּערזענלאַכקייטן פון אַלטן, ליבעראַלן אייראָפּע, פון אַן אייראָפּע וואו עס האָבן געוואָגט צו זאָגן דעם אמת און ווערטער פון יושר אַזעלכע פּערזענלאַכקייטן ווי טאָלסטאָי און אַנאַטאָל פראַנס. אַזעלכע מענער ווי זשאָרעס און גאַנדי. אַזעלכע קעמפער ווי ראָלאַן און גאָרקי . . .

ווער ווייסט צי עס איז נישט פיל לייכטער צו שטאַרבן מיט סטעפאַן צוויג — ווי זיין צווייטע פרוי האָט געטאָן — ווי צו בלייבן לעבן נאָך אים — — — אַליין — — אײנזאַם אין דער גרויסער וועלט..

אויפן טיש ביי מאַדאַם צוויג ליגן אַרטיקלען פון שרייבער־פּליכטלינגען; אַן עסיי איבער הוגאָ פאַן האָפמאַנסטאַל. אַרטיקלען וועגן חסידיזם. פּאַראַדאָקסן און עפּיגראַמען פון דער פילאָסאָפיע. מאַדאַם צוויג איז פּאַראינטערעסירט אין עלנטע שריפטשטעלער. זי העלפט. זי באַזיצט ענערגיע. פרויען זיינען געדולדיגער, אָפט — דויערהאַפטיגער . . .

די יונגע, סימפּאַטישע טאָכטער פון מאַדאַם צווייג זאָגט מיר אַז סטעפאַן צווייג איז געווען גוט צו קינדער. ער האָט שטודירט, אָב־סערווירט . . . ער האָט געוואָלט וויסן די רעאַקציעס פון קינדער. ער איז געווען פאַרליבט אין יוגנט, אין לעבן — — אינם אייביגן לעבן'— —

סטעפאַן צווייג'ס העלדן זיינען טראַגישע, איינזאַמע; פאַנטאַסטי־שע קרעאַטורן; מענטשן פון פלאַמענדיגן פיבער; געטריבענע פון פאַטום צו בלוטיגן און צו לײדן. מענטשן מיט פערוועזע ציגונגען. מיט ליבעס, וואָס זיי וואַגן נישט צו אַנטפּלעקן צו די יעניגע וועלכע זיי ליבן — אָבער וועלכע וואָלטן אימשטאַנד געווען צו הילן די גאַנ־צע וועלט אין פלאַמען פון זייערע ליבע־געפילן. סטעפאַן צווייג האָט געשטעלט אַלס מאָטאָ צו אַ בוך איבער די דעמאָנישע גייסטער אין דער דייטשער ליטעראַטור — ניטשע'ס אַ פּראָזע: „איך ליב די יע־ניגע וועלכע וויסן נישט ווי אַזוי צו לעבן — די וואָס קענען בלויז פאַרניכטעט ווערן . . . "

סטעפאַן צווייג געהערט צו די יעניגע וואָס פאַרניכטן זיך אַליין — הגם ער האָט יאָ געוואוסט ווי אַזוי צו לעבן . . .

* * *

מאַדאַם צווייג און איר ליבע טאָכטער — און דער פּאָרטרעט פון סטעפאַן צווייג—בלייבן אין הויז. איך פאַרלאָז זיי — וויסנדיג אַז זיי קענען פיל דערציילן — — אָבער — איך טאָר נישט פרעגן — — — עס איז צו פרי — — די וואונד איז צו רוי — — —

סטעפאַן צווייג האָט געלאָזן אַ פולע אויטאָביאָגראַפיע — אין מאַנוסקריפּט. ער האָט געוואוסט אַז ער אַליין געהערט אויך צו יענע כאַראַקטערן וואָס לעבן אַלס שטרייטער — ווי די העלדן פון זיינע ביאָגראַפיעס; וואָס לעבן אין פאַרניכטונג — ווי די העלדן פון זיינע נאָוועלן — — ער האָט געוואוסט אַז ער געהערט שליסלאַך צו די גרויסע גאַלעריע בייראָניסטישע נאַטורן: צו שטאָלצע — צו לעבן אין שאָטן . . . צו אומגעדולדיגע — צו לעבן אין שקלאַפעריי; צו ראָמאַנטישע — צו לעבן אין אַזאַ טיראַנישער רעאַליטעט; און צופיל גאָט און אייביגקייט־באַטרונקענע—כדי ניט צו וועלן ווערן אַ טייל פון דער גאָטהייט און פון דער אייביגקייט . . . די פולקאָמענע כוואַליע — זי איז שטענדיג גרייט צו ווערן דער גאַנצער ים . .

# אַנאַטאָל פּראַנס

(צו זיין הונדערט־יאָריגן געבורטסטאָג־יובּיליי)

די וועלט פייערט איצט דעם הונדערט־יאָריגן יובּילײ זייט דעם געבורט פון אַנאַטאָל פראַנס, דעם גרויסן פראַנצויזישן שריפטשטע־לער. באַזונדערס איצט, ווען פיל אייראָפּייאישע לענדער ליגן צע־שמעטערטע אונטער די חורבות, וואָס דער נאַציזם האָט פאַראורזאַכט — דאַרף אַנאַטאָל פראַנס געפייערט ווערן, ווייל ער, מער ווי וועלכער עס איז אַנדער שריפטשטעלער אין אייראָפּע — האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך די סומע, דעם רעזולטאַט, די רייפקייט פון דער אייראָפּייאי־שער קולטור און קונסט. ער איז געווען איר שוואַנען־געזאַנג. ער האָט איינגעאָטעמט אין זיך די בעסטע טראַדיציעס אירע.

אַנאַטאָל פראַנס איז געווען אַ גרויסער מאַן — הן אַלס שריפט־שטעלער, הן אַלס וועלט־חכם, הן אַלס מענטש. מאָנטעינס און וואָל־טערס ווייזהייט האָבן זיך נישט אָפּגעטאָן פון דאָזיגן גרויז־גרויען חכם, ער האָט געוואָגט צו שליידערן דעם אמת אַ וועלט אין פּנים אַריין. אַ וועלט וואָס איז שוין געווען ערבֿ איר גוואַלדיגע קאַטאַסטראָ־פע. מען האָט אים געזען אויף די טריבונעס צוזאַמען מיט זשאַן זשאָ־רעס, דעם גרויסן קעמפער פאַר פרייהייט. אַנאַטאָל פראַנס האָט גע־קענט אינטים אַלע מענטשלאַכע שוואַכקייטן. ער האָט שטודירט די מענטשלאַכע נאַטור — אין די ביכער פון אַ טויזנט יאָר צוריק און אין גרויסן, אַלטן ספר — דאָס לעבן. און ער האָט אויך געקענט די שוואַכקייטן פון לענדער און אימפעריעס . . .

פראַנקרייך קען אַליין איצט נישט פייערן איר גרויסן מאַן, אַנאַ־טאָל פראַנס. אָבער דאָ וואו עס הערשט די מעגלאַכקייט צו פייערן אַ פריי־דענקענדן מאַן, דאַרף מען אָנצינדן ליכט צו ערן אייבעם פון די לעצטע פראָפעטן, וואָס איז ערשט נישט לאַנג צוריק אַוועק פון אונז.

אַזעלכע ווי אַנאַטאָל פראַנס זיינען גאַנצע און פולע נאַטורן. זוכן פעלערן ביי זיי וואָלט זיין אַן אומזין. זיי געניסן דאָס לעבן. זיי שאַפן מעכטיגע ווערק. זיי באַטראַכטן זאַכן אין זייערע טיפסטע טיפענישן. זיי נידערן אַראָפּ צום מענטשלאַכן שטאַם און זיי דערהויבן זיך הויך צו דער צוקונפט פון דער מענטשהייט. זייער גרויס, לאַנג לעבן שליסט איין אַ ריזיגע טעטיגקייט. אַנאַטאָל פראַנס געהערט צו יענע נאַטורן, וואָס זיינען טעטיג און שעפעריש אַ גאַנץ לעבן. זיי גייען מיט ריזן־טריט צו זייער פולקאָמענקייט.

עס איז גוט וואָס די וועלט האָט זיך דערמאָנט אין אַנאַטאָל פראַנס — אין איצטיגן טרויעריגן מאָמענט. מען דאַרף אים לייענען... מען דאַרף זיך אָפּפרישן מיט אים . . . אָט וועל איך איצט אַרויסגע־מען דאָס ווערק וואָס איך האָב ביי דער האַנט צופעליג —

„לא רעוואָלט דעז אַנזש" — (דער אויפשטאַנד פון די מלאכים).

ווען מען לייענט אַנאַטאָל פראַנס׳עס ביכער — האָט מען דעם איינדרוק אַז ער זיצט אין אַ ריזיגער ביבליאָטעק — און שרייבנדיג זיין ווערק — ווערט ער הערווייל צוגעצויגן פון די פּרעכטיגע בענדער, פון די פאַרביגע וואָלומס, אין גוטע לעדער געבונדן, מיט גאָלד אַריינגעטריפט אין די בוכשטאַבן, מיט וויניעטן און אילומינאַציעס אויף די געלבע בלעטער. אַנאַטאָל פראַנס, דער מאַן וואָס זיצט אין ביבליאָטעק, מיט דעם קאַפּל אויפן שפּיץ־קאָפּ, מיט דעם געזיכט וואָס האָט אין זיך פון אַ רעליגיעזן הייליגן און פון אַ תלמיד פונם שאָטן — לייענט אין אָט־די וואונדערלאַכע אַלטע ספרים. ער האָט זיי צונויפגעקליבן אין משך פון זיין גאַנצן לעבן ביי דער סען, ביי די בוקאַניסטן, וואָס שטייען יאָר־איין, יאָר־אויס, דורך אַלע וועטערן, מיט זייער סחורה. אין זוניגע טעג דערשיינט דער חכם פון פּאַריז, אַנאַטאָל פראַנס, ביי דער סען און מיט זיינע לאַנגע, איידעלע פינגער זוכט ער צווישן די אַלטע ביכער. און טרעפט ער אָן אויף אַ באַנד לעקרעץ, אַ באַנד האָראַץ אָדער אָן אַלטן טאַציטוס, צי גאָר אַ פיינעם בוך פון הערעדאָט — קויפט ער אים איין, טראָגט אים שנעל אַהיים אונטער דער פּאָלע. ער שטויבט אים אָפּ פון וועג — פון די וואַנדערונגען פון בוך דורך פאַרשיידענע קאָלעקציאָנערן, וואַרימט אים אָן מיט זיין וואַרימען אָטעם, שטעלט אים אַוועק אין אַ חשוב׳ן וויבקל אין זיין ביבליאָטעק און — געניסט אים.

אין זיין בוך „דער אויפשטאַנד פון די מלאכים״ — מאָלט אַנאַטאָל פראַנס אַ געוויסן מאַנסיער סיוריעט, דער ביבליאָטעקאַר פון אַן אַלטער, גרויסער ביבליאָטעק. אין שילדערן דעם דאָזיגן נפש וואָס האָט ליב ביכער — איבערטרעפט זיך אַנאַטאָל פראַנס. ער שילדערט זיין ליבשאַפט און זיין ווייטאָג ווען געוויסע ביכער פאַרשווינדן פון דער ביבליאָטעק. מאַנסיער סאַריעט איז אינגאַנצן באַשאַפן פון ליבע צו די אַלטע, זעלטענע, פּראַכטפולע אויסגאַבן. אין אים האָט אַנאַטאָל פראַנס זיך אַליין געמאָלן. אָבער מאַנסיער סאַריעט האָט נישט געלעזן זיינע ביכער. ער האָט זיי אויך ניט איבערגעשריבן. אַנאַטאָל פראַנס האָט אַ סך אין זיין לעבן געשריבן. נישט האָבנדיג אָפּטמאָל צו טאָן מיט רעאַלע העלדן, זיי אויסטראַכטנדיג אַלע און — איבערשרייבנדיג פון די אַלטע ווערק, האָט אַנאַטאָל פראַנס לייכט געקענט שאַפן אַזוי פיל ביכער.

ער שרייבט וועגן דעם ערדישן לעבן מיט דער זיסער איראָניע און די פיינע אַראַגאַנץ פון אַ רואיגן, קלוגן, וויזן מאַן, וואָס זיצט ערגעץ אויף אַ זילבערנעם שטערן און קוקט אַרונטער אין דער נאַכט און אָבסערווירט דאָס ערדישע לעבן. דערביי ציטירט ער אַ וועלט פון אַלטע ספרים. דערביי צינדט ער אָן דיין פאַנטאַזיע מיט דער געוואַלטיגער קענטעניש פון דער וועלטלאַכער ליטעראַטור. און אַלץ וואָס ער ציטירט — פּאַסט אַריין אין זיין ווערק, ווי קאָלירן אין אַ גוטער אַמאַליע.

אַנאַטאָל פראַנס האָט געשריבן ראָמאַנען. אָבער גיכער זיינען עס גייסטרייך געשריבענע עסייען. עסייען — אויסגעפילט מיטן פיינסטן, איראָפּיאישן הומאָר, מיט אַ לייכטזיניגקייט וואָס איז וואונדערשיין, מיט אַן איראָניע וואָס איז געבאָדן אינם האָניק פון דורות. די טיפּיש־פראַנצויזישע וויזהייט און איראָניע. ער פאַרשלעפּערט דיך מיט אַ וועלט פון שיינקייטן.

טראַכסט — ער האָט זיי אַרויסגענומען פון דער אַפּאָקאַליפּסע — איבערלאָזנדיג דאָס ביטערע און גרויזאַמע און נעמענדיג מיט זיך דאָס זיסע און דאָס פאַנטאַסטישע. זיינע העלדן רעדן שיין. זיי רעדן אַלע מיט דער שפּראַך פון אַנאַטאָל פראַנס. ווי שנעל זיי האָבן זיך דאָס אויסגעלערנט אַזוי גאַלאַנט זיין גייסטרייכע שפּראַך!

און ווי ער גיט אַלעמען גאַנצע ביבליאָטעקן — זיי זאָלן אַריינקוקן אין די זעלטענע ביכער. און אַפילו קורטעזאַנען און פּראָסטיטוטקעס רעדן ביי אים אויף אַ ראַפינירטן אופן וועגן קונסט און ליטעראַטור.

אויף ווי וויט זיינע ווערק זיינען עסייען — וועל איך באַווייזן דעם לייענער מיטן ציטירן געוויסע שטעלן:

„נאָר די פּרימיטיווע האָבן דערזען דעם הימל. שיינקייט געפינט מען נאָר צווישן דעם 13־טן און 15־טן יאָרהונדערט. די אַנטיקע צייט, די זינדיגע אַנטיקע צייט, וואָס האָט געהאַט איר פאַרדערבלאכע השפעה אויף די מוחות פון 16־טן יאָרהונדערט, האָט אינספּירירט פּאָעטן און מאָלער מיט פאַרברעכערישע אידייען און אויסגעלאַסענע פאַרשטעלונגען, מיט שרעקלאכער אומזיבערקייט און שווינעריי. אַלע קינסטלער פון רענעסאַנס זיינען שווינען, נישט אויסצושליסן אַפילו מיקל אנדזשעלאָ".

אַנאַטאָל פראַנס לאָזט זיינע העלדן רעדן וועגן קונסט אָפט זאַכן וואָס פראַנס וואָלט עס נישט געזאָגט. פונדעסטוועגן זאָגט אַנאַטאָל פראַנס אַרויס אָפטמאָל גאַנץ געוואַגטע געדאַנקען, וועלכע שטימען נישט מיט דער אָנגענומענער מיינונג . . . אָבער דאָס איז דאָך זיין ראָלע אַלס לץ — אַלס ראַפינירטער לץ־דענקער . . . ווען אנאטאָל פראַנס שילדערט עראָטישע מאָמענטן — און דאָס טוט ער דאָך אָפט אין זיינע ווערק — דען זיינע ווערק זיינען דאָך אייגנטלאַך אַ קאָמפּאָזיציע פון קולטור און געשלעכט — מוז עס שטענדיג געשען אין דער אַטמאָספערע פון קונסט און קולטור:

„זיי האָבן זיך אַריינגעשלייכט אין אַ פּאַרטיפונג פון פענצטער, הינטער אַ ריזיגן הימלישן גלאָבוס, אויף וועלכן עס זיינען געווען אויסגעקריצט די מזלות און די פיגורן פון די שטערן, און דאָרט, מיטן בליק אָנגעשטעלט אויפן לייב. אויף דער בתולה און אויף דער וואַגשאָל, אין אָנגעזיכט פון אַ גרויסער צאָל ביבלס, פאַר די ווערק פון די גריכישע און לאַטיינישע פּאָעטרס, אונטער די געשטאַלטן פון האָמער, עסכיל, סאָפאָקלעס, איירפּידעס, העראָדאָט, טוקידיצעס; סאָקראַט, פּלאַטאָ, אַריסטאָטעל, דעמאָסטען, ציצעראָ, ווירגיל; האָראַציוס, סענעקא און עפּיקטעט, האָבן זיי זיך צוגעזאָגט צו ליבן זיך און זיך געגעבן אַ לאַנגן קוש אויף די ליפּן". אַנאַטאָל פראַנס מאַכט דאָ פּשוט חוזק פון ביידע — פון דער קולטור און פון ליבע. מען דערקענט גלייך אַז דער שאַרפער לץ שטעלט דאָ אונטער די אַלטע, ריזיגע מייסטער — דאָס יונגע פּאָרל און זאָגט זיי: איר, מיט אַלע אייערע לאָרבערן, מיינע פאַרעלטערטע הערן — איר ווערט אַפילו נישט באַמערקט פון די וואָס זיינען יונג און שיין און רייצפול . . . זייער קוש איז זיי טייערער ווי אַלע אייערע ווערק. אָסור אויב זיי וויסן ווער איר זענט" . . .

אין דער זעלבער צייט מאַכט ער חוזק פון דער ליבע . . . די

אַלטע לייט פון עלאַדעלאַנד און פון רוים — זיי ווייסן וואָס ליבע איז! זיינען זיי ניט אומשטערבלאַך אַדאַנק זייערע העראָאישע דראַמען וועגן ליבע? אַפילו די היסטאָריקער האָבן געזען זייערע העלדן דורך דער כראָניק פון ליבע . . . זעט דען נישט פּלוטאַרק — יוליוס צעזאַר, אַנטאָניוסן — דורך די באַציאונגען צו קלעאָפּאַטראַ, דער מיאוס־באַזיגער, שיינער קעניגין? „איר וועט פאַרגיין ווי די שמעטערלינגען" — שיינען צו זאָגן די אַלטע אויגן פון האָמער און העראָדאָט — נאָר מיר וועלן בלייבן. מיט אונזערע טויטע אויגן וועלן מיר בליקן אין דער אייביגקייט . . . " און איבער דער שיינקייט פון דער יוגנט און דעם פלאַם פון ליבע — גייט אויף דעמאָקריט׳ס פאַרקריפּלט און שרעקנדיג געשטאַלט — ענלאַך צום הויקערדיגן געשטאַלט פון דעם פּאַבעליסט עזאָפּ . . .

אָט ווי אַנאַטאָל פראַנס טוט זיך אַ שפּיל מיט דער עוואָלוציאָנס־טעאָריע — מיט וויסנשאַפט און מיט תנ"ך:

„איך וועל אייך, מאַדאַם, מאַכן אויפמערקזאַם דערויף, אַז לויט דער וויסנשאַפט פון אָרגאַנישע מעטאַמאָרפאָזן, געשאַפן פון לאַמאַרק און דאַרווין, זיינען די פליגל פון פייגל נאָכאַנאַנד טראַנספאָרמירט געוואָרען אין פאָדערשטע פיס ביי די פירפוסיגע און אין אָרעמס ביי די פרימאַטן. און איר וועט זיך אפשר דערמאָנען, מאַריס, אַז צוליב אַ פאַרדרעסיגן פאַל פון אַטאַוויזם האָט מיס קעט, אייער ענגלישע גוואַווערנאַנטין, וועלכע פלעגט האָבן אַזויפיל פאַרגעניגן אייך צו שמייסן, פאַרמאָגט אָרעמס, וואָס זיינען געוועזן שטאַרק געראָטן אין די פליגל פון אַן אָפּגעפליקטן עוף. מען קאָן אפילו זאָגן, אַז אַ באַשעפעניש, וואָס האָט צוגלייך אי אָרעמס, אי פליגל, איז אַ מאָנסטער, אַן אָביעקט פאַר דער טעראַטאָלאָגיע. מיר האָבן אין גן־עדן כרובים אין דער פאָרם פון באַפליגלטע אָקסן, אָבער דאָס זיינען די האַמעטנע שאַפונגען פון אַ גאָט, וואָס איז נישט קיין קינסטלער. עס איז אמת אַז די פיגורן פון זיג אין דעם טעמפּל פון דער ביקישער אַטענאַ, אויף דעם אקראָפּאָליס פון אטענס, זיינען שיין מיט זייערע אָרעמס און פליגל. עס איז אויך אמת אַז דער זיג פון ברעסציא איז שיין מיט די אויסגעשטרעקטע אָרעמס און מיט די לאַנגע פליגל,, וואָס פאַלן אויף אירע מעכטיגע לענדן. דאָס איז איינער פון די וואונדער פון דער גריכישער גאונות צו קאָנען באַשאַפן האַרמאָנישע מאָנסטערס. די גריכן האָבן זיך קיינמאָל נישט אָפּגענאַרט. די מאָדערנע נאַרן זיך שטענדיג אָפּ".

מיר זעען ווי אַזוי אַנאַטאָל פראַנס, כמעט אויף יעדן בלאָט פון זיינס אַ ראָמאַן — און „דער רעוואָלט פון די מלאכים", איז אבסאָלוט ניט קיין אויסנאַם אין דעם פאַל — פירט אַריין די וועלט־קונסט און ליטעראַטור.

די פריסטער זיינען פאַר אים יענע פריסטער פון דער קריסט־לאַכער קירך וואָס האָבן ליב געהאַט קונסט, האָבן אַרויסגעזאָגט אינ־טערעסאַנטע געדאַנקען וועגן קונסט. די קונסט איז אויך געוועזן אַ מין רעוואָלט, אַ ספּיריטועלער אַרויסטריט געגן דער קירך. די קונסט איז געווען געצנדינעריש — און דער קריסטנטום, וואָס איז אגב פול מיט גריכישער מיטאָלאָגיע — האָט נישט געפילט ווי זי פאַרנעמט זיך מיט אַ זאַך וואָס איז דורכאויס אַנטי־קריסטלאַך. אַנאַטאָל פראַנס איז אַן עסטעט, אַ געצנדינער, אַ גריך — און אין זיין דורכגיין די

געשיכטע פון רעליגיעס, סאָציאַלע באַוועגונגען — אין זיין איבער־בליק איבער דער היידנישער וועלט, וועלכע ער שילדערט אַזוי גליענדיג און אַזוי פּאָעטיש — אין דעם אויפגאַנג פונם פאַרדאַרבנ־דיגן קאַטויליציזם מיט זיין פינצטערניש און אַסקעטיק — דאַן דעם אויפגאַנג פון אידנטום, גייט דורך די רענעסאַנס־באַוועגונג און די רעפאָרמאַציע־באַוועגונג אונטער מאַרטין לוטער — אין זיין איבער־בליק איבער אַט־דעם שטיק וועלט־געשיכטע, איבערהויפּט פונם איראָפּייאישן טייל פון דער מענטשהייט — פילט זיך זיין ביטערע פאַראַכטונג צו דער קריסטלאַכער וועלט. אין דעם זין איז זיין „רע־וואָלט פון די מלאכים״ אַ ביטערער פּאַמפלעט געגן קריסטנטום, געגן פּויפּסט, געגן דער קאַטוילישער הערארכיע.

ווי עס האָט עס ליב געהאַט צו טאָן וואָלטעיר, און דאַן היינריך היינע — ציט אַנאַטאָל פראַנס דאָס געטלאַכע אַרונטער אויף דער ערד. דורך די מלאכים — דערזען מיר די קאָמעדיע פון דער ערד. אַלע ווינקלען פון מענטשלאַכן צוזאַמענלעבן ווערן נאַקעט אָפּגעדעקט. אַנאַטאָל פראַנס קען דאָס לעבן — ווייל ער אַליין איז געווען אַ גאַנ־צער, פולער, ריזיגער מענטש — אַ מין מאסטאָדאָן, וואָס האָט ליב געהאַט דאָס לעבן אין אַלע זיינע מאַניפעסטאַציעס.

ער איז געווען אַ ראַפינירטער פראַנצויז — און דאָס האָט גע־מיינט אַ לאַטיינער. אָבער די לאַטיינער האָבן שפּעטער איבערגענו־מען די גאַנצע תורה פון לעבן און קונסט פון די גריכישע שקלאַפן. פון אַט אַזאַ גריכישן שקלאַף — אַ דענקער, אַ פּאָעט, אַן אַקטיאָר — שטאַמט אָפּ אַנאַטאָל פראַנס.

און אַזוי — דורך דער פּריזמע פונם געטלאַכן — גייט אויף דאָס לעכערלאַכע פון די מענטשן. דערביי מאַכט אַנאַטאָל פראַנס אַ קולט פונם לעכערלאַכן. דאָס „אַלצו־מענטשלאַכע״ האָט זיין חן און זיין רייץ, זיין שמייכל און זיין פּאָעזיע.

צוזאַמען מיט דער געשיכטע פון רעליגיע — גייט דורך די גע־שיכטע פון קונסט. דעלאַקרוא מיט זיין פלאַמענדיגקייט. ענגר מיט זיינע פיגורן, מיט פיינע היפטן — אַלץ גייט ווידער אויף אין פיינע, רייצנדיגע פראַזן. אַנאַטאָל פראַנס — זאָגט מען — איז נישט בלויז געווען אַ קאָלעקציאָנער פון קונסט און ביכער — נאָר אויך פון פּאָרנאָגראַפישע בילדער. זיין שרייבן האָט אין זיך עלעמענטן פון פּאָרנאָגראַפיע — אָבער ניט צו וואולגאַריזירן — נאָר די פּאָרנאָ־גראַפיע זעלבסט קומט אַרויס אין דער פיינסטער, עסטעטישסטער פאָרם. דאָס איז איבעריגנס געווען די מאָדע אין פראַנקרייך — זייט יאָרהונדערטער. אַפילו מיראבאָ אַליין האָט געשריבן פּאָרנאָגראַפישע זאַכן . . . ווער שמועסט נאָך — מאַרקיז ד׳ע סאד . . . און ווער האָט נישט געלייענט די זעלטענע לידער פון ווערלען — אין זייער אָפּ־שיילאַכקייט. פּאָרנאָגראַפיע גייט האַנט אין האַנט מיט עכטער, אמת׳־ער, ראַפינירטער קונסט . . . און אַנאַטאָל פראַנס איז דאָס פיינסטע פּראָדוקט פון אַט דעם מין.

ער איז בודואַריש. פאַרפיומיג און עלעגאַנט. אַ גאַנצער, פולער, הומאַניסטישער מענטש. הומאַניסטיש ניט נאָר אין זין פון אַנזאַמלען אין זיך די קלאַסישע קולטורן — נאָר אין זיין סאָציאַלן בליק אויף דער געזעלשאַפט. אַנאַטאָל פראַנס איז אי דער דאָזיגער וואָס מאַכט

חוזק פון די מענטשלאַכע שוואַכקייטן אויף אַ גוטמוטיגן אופן — אי דער וואָס פאַרט אַרום צוזאַמען מיט זשאַרעסן צו פריידיגן סאַציאַליזם און פאַציפיזם. ער איז, ווי געטע — נישט קיין שאָוויניסט, קיין פאַטריאָט פון זיין לאַנד. ער איז אַ בירגער פון דער אינטעלעקטועלער מענטשהייט — וואָס האָט זיך שוין גענוג אָנגעזאַפּט מיטן וויסן פון די פאַרגאַנגענע גענעראַציעס — כדי צו קענען זען זאַכן אין זייער קלאָרער דערשיינונג.

⁂

אויף צו שליסן די עסיי מיט אַ געשמאַקפולן קאָמפּאָט — וואָלט איך וועלן ציטירן עטלאַכע צאַרטע זאַצן פון אַנאַטאָל פראַנס׳עס „דער אויפשטאַנד פון די מלאכים״:

⁂

„. . . דאָס איז געווען דער גורל פון וויוויאַן דע נאַן, וואָס האָט באַגלייט באַנאַפּאַרטן קיין מצרים. אין טעבעס, אין אַ קבר, וואָס די אַראַבער האָבן געהאַט פאַרשוועכט, האָט ער געפונען אַ וואונדערלאַך־שיין, קליין פיסל פון אַ מומיע. ער האָט עס באַטראַכט מיט אויסער־געוויינלאַכער באַגייסטערונג.

„דאָס איז דער פוס פון אַ יונגער פרוי, — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין, — פון אַ פרינצעסין, פון אַ צויבערדיג וועזן. קיין שוך האָט קיינמאָל נישט פאַרדאָרבן זיין פערפעקטע פאָרם״.

אָט איז אַ ציטאַט וואָס שילדערט דעם אָנהייב פון רענעסאַנס־פעריאָד:

„ . . . אָבער איינמאָל, אונטער די ווענט פון רוים, האָבן אַרבע־טער, גראָבנדיג די ערד ביים ראַנד פון אַן אַנטיקן וועג, געפונען אַ אַ מירמלשטיינערנעם סאַרקאָפאַג, וואָס האָט געהאַט אויסגעקריצט אויף זיינע ווענטלאַך געמעלן פון דעם גאָט פון ליבע און באַקכוסעס טריאומפן. ווען מען האָט געהאַט אויפגעהויבן די דעק — האָט זיך באַוויזן אַ יונגפרוי, וואָס איר געזיכט האָט געשיינט מיט אַ בלענדי־גער פרישקייט. מיט אירע לאַנגע האָר פונאַנדערגעשפרייט איבער די ווייסע אַקסל, האָט זי געשמייכלט אין שלאָף. אַ געזעמל בירגער, דורכ־גענומען מיט באַגייסטערונג, האָט אויפגעהויבן דעם אָרון און אים אַוועקגעטראָגן אין קאַפּיטאָל. דאָס פאָלק איז געקומען אין מאַסן צו זען די אומבאַשרייבלאַכע שיינקייט פון דער רוימישער יונגפרוי און געבליבן שטיין אין שטיל־שוויגעניש, אַרויסקוקנדיג אויף דער דער־וואַכונג פון דער געטלאַכער נשמה, וואָס אָט די וואונדער־פאָרם האָט אויפגעהאַלטן אין זיך . . . ״

⁂

אַנאַטאָל פראַנס קען מיט דערזעלבער לייכטקייט מאַכן אַ סצענע פון קאָסמאָגאָניע: „ . . . אין דערזעלבער צייט איז די ערד געבוירן געוואָרן. איר ריזנדיגע נעפלהאַפטע קויל איז פון שעה צו שעה גע־וואָרען אַלץ מער צונויפגענומען און פאַרפעסטיגט. די וואַסערן, וואָס האָבן געהאַט גענערט וואַסער־גראָזן, שטערנקאָראַלן, פאַנצערפיש און געטראָגן אויף זיך די לייכטע פלאָטיליע שיף־מושלען, האָבן זי מער

נישט באַדעקט איינגאַנצן. זיי האָבן זיך איינגעזאַמלט אין פּלוסבעטן און עס האָבן זיך שוין באַוויזן קאָנטינענטן, וואו אין וואָרימען שליים האָבן אַרומגעפּויזעט אַמפיביעס. דערנאָך האָבן די בערג זיך באַדעקט מיט וועלדער, און פאַרשידענע מינים חיות האָבן אָנגעהייבן זיך פּי־טערן מיט גראָז, מיט מאָך, מיט יאַגעדעס און מיט חזיר־ביסלאָך".

***

יעדער בלאַט אין אַנאַטאָל פראַנס'עס אַ ווערק בעט זיך צו ציטירען. פון שטאַנדפּונקט פון שיינקייט — איז עס דאָס שענסטע בוך וואָס איך האָב געלעזן. פיל שענער ווי די גלאַנצפולע שפּראַך און פאַנטאַזיע פון אָסקאַר ווילד'ס „דאָס בילד פון דאָריאַן גריי". פראַנס־עס פּראָזע — איז ראַפינירטע סאַטירע אויף די קעפּ פון די גרויסע, פון די באַקרוינטע קעפּ, גלחים און אַריסטאָקראַטן. עס איז אַן אָפּ־גלאַנץ פון וואָלטעירס מיסיע. אַנאַטאָל פראַנס פליקט די טייערע קליי־דער און קרוינען פון די זעלבסט־געקרוינטע — און ווייזט זיי אונז — נאַקעט . . . דערביי האָט ער ליב דאָס לעבן און באַזונגען עס מיט די ליבע, גאָלדענע שטראַלן פון זיין געניוס . . .

# משה יונה האַימאָוויטש

(40 יאָר ליטעראַריש שאַפן)

אין אונזער אידישער ליטעראַטור, מיט איר אַסקעטיזם און וועלט־פרעמדקייט, מיט איר געשלעכטסלאָזיגקייט און נאַטור־אָפּוועזנקייט — איז משה יונה האַימאָוויטש אַ מערקווירדיגע דערשיינונג, מיט אַ פּערס־פּעקטיוו פון שוואַכן דערפאָלג שוין ביים אָנפאַנג פון זיין ליטעראַרישער קאַריערע. אין אונזער אידישער ליטעראַטור איז ער געקומען צוזאַמען מיט די „יונגע", און ווי אַ געטרייער פּיאָנער, האָט ער טייער געהאַלטן, קיינמאָל נישט פאַרראַטן זיין קרעדאָ. ער איז געבליבן איינזאַם אין דעם מאַרק פון אידישער ליטעראַטור. ער איז פאַרבליבן אַן אינדיווידואַליסט און אַ מענטש מיט זיינע שטימונגען און ניואַנסן. לעבנדיג פיל יאָרן אין אַמעריקע, האָט ער נישט אין וואָרט, אין קליידונג, אין האַנדלונג — פאַרלוירן זיין אייראָפּייאישן געמיט און עלעגאַנץ. אַזוי ווי ער וואָלט נישט געקומען פון קליינעם שטעטל מיר, נאָר פון פּאַריז, פון דעם האַרץ פון פראַנצויזישער קולטור און קונסט. אין זיין שרייבן איז קיינמאָל נישט פאַראַן קיין איבעריגע, קיין פאַלשע נאָטע. קיין גרילץ. זיין פּראָזע איז אויסגעהאַלטן — אין מינאָרנעם טאָן און געמיט — פון אָנפאַנג ביזן סוף.

איינזאַם און טרויעריג אין זיין לעבן. איינזאַם און טרויעריג אין זיין קינסטלערישן שאַפן. ער איז דער אמת'ער, אידעאַלער עסייאיסט. און די עסיי פילט זיך אין זיין „בעל לעטר", אין זיין פּראָזע. אין דער עסיי איז ער מייסטער. גלאַט און פאָלירט. פילאָזאָפישער געדאַנק פּאָרט זיך מיט פיינסטער שטימונג. זיינע געדאַנקען זיינען אין גע־

דאַנק: אַ מין בודאַ־פילאָזאָפיע. דער אוניווערז ווערט רעדוצירט צו פאַרגענגלאַכקייט. און דאָס פאַרגענגלאַכע איז דער אינהאַלט פון דער וועלט־ליטעראַטור. דאָס וואָס פאַרגייט; דער וועלט־אונטערגאַנג דרינגט דורך ד'י גאַנצע קונסט פון דער וועלט. און מ. י. חאַימאָוויטשעס עסיי איז אַ וואַריאַציע, כמעט אַ לעבנסלאַנגע וואַריאַציע אויף דערדאָזיגער טעמע. ער איז רואיק אין זיין עסיי. געמיטלאַך. אייראָפּייאיש־ווייז. ער באַזיצט דעם פילאָזאָפס סאַרדאָנישן געמיט. קיין מיטלייד, אפילו נישט צו זיך זעלבסט. אַלץ פאַרגייט. עס ציט זיך אין פאַרנאַכט אַ טרויעריגע פּראָצעסיע. פון געטער און האַלב־געטער. פון מיטאָלאָגי־שע געשטאַלטן. דער מערב־האָריזאָנט ברענט. די זון — אַ רונדער גלאָבוס — אַ רויטער טאָץ — זינקט צום אָפּגרונט. דער עסייאיסט איז איינגעהילט אין אַן אַרלעקין־מאַנטל פון שטראַלן. און מיטן טינט פון די צעפּלאָסענע ליכט צינדט ער אָן זיין פּורפּורנע אילומינאַציע פון וועלט־אונטערגאַנג — זיין עסיי.

די פילאָזאָפיע פון גאָרנישט איז אוראַלט. זי האָט זיך אין דעם סאַמע רעליגיעזסטן בוך פון דער וועלט — אין תנ"ך — איינגעג'גנב'עט מיט אַזאַ מעכטיגער אויטאָריטעט פון קעניג שלמה — אַ מחבר מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ . . . זי טריפט אַראָפּ פון די וועלט־וויזע קהלת־פּראָ־ווערבן. זי גליט קלוג אין דעם רובאַיאַט פון דעם אַסטראָנאָם, אָמאַר כאַיאַם, דעם אַלטן פּערסער. דער סקעפּטיציזם און די איראָניע איז פאַראַן אין אַנאַקרעאָנס ווייַן, ווייב און געזאַנג־לידער, וואָס ער האָט שיכור געזונגען אין די גערטנער פון גריכנלאַנד, ביז צו יענעם מאָמענט ווען אַ פויגל האָט מיט זיין שאַרפן שנאָבל, אין אַן איינזאַמען פאַרנאַכט, אַ פּיק געטאָן אין זיין הוילן שאַרבן. די דאָזיגע קלאַסישע איראָניע אויף גאָר דעם וועלט־געשען; דער סקעפּטיציזם און די טרויעריגע וויז־הייט פון אַלץ־פאַרגענגלאַכן ציט זיך פון דעם אידעלן, געלב־בראָנזענעם פּרינץ בודאַ אָן, וואָס האָט צו זיינע אינדישע תלמידים געפּריידיגט דעם נירוואַנאַ־מאָטיוו, אונטער די קילע שאָטנס פון די פּאַלמען, ביים געלבן, טריפנדיגן ליכט פון דער לבנה־מאַסקע . . . גריזשעט זיך נישט איינער דעם אַנדערן, אין געיעג נאָך מאַכט און פּראָפיט. זוכט נישט צו באַ־הערשן אַנדערע. שפּרייט נישט קיין האַס און קיין שנאה. פון דער ניר־וואַנאַ־פילאָזאָפיע דרינגט אַרויס אַ טיף, עטיש געפיל, וואָס באַלויכט מיט ליבשאַפט און סימפּאַטיע גאָר די ליידנדיגע פון דער ערד . . .

נירוואַנאַ — דאָס איז די פילאָזאָפיע פון משה יונה חאַימאָוויטש'ס עסייען. יאָגט זיך נישט נאָך ערדישע גיטער! אַלץ איז פאַרגענגלאַך. און אין דעם דאָזיגן גלאָבוס פון פאַרגענגלאַכקייט — אויב איר ווילט זוכן וועלכע עס איז טרייסט, זוכט זי אין דער פּרוי . . . טרייסט זיך מיט דער וואונדערלאַכער פּייזאַזש וואָס גאָט צינדט אָן אויף דער ערד!

מ. י. חאַימאָוויטש האָט זיך נישט דורך אַ צופאַל פאַרשאַפט די דאָזיגע פילאָזאָפיע. ער איז אַ קינד פון דער גרופּע „יונגע". ער האָט איבערגענומען זייער איינזאַמקייט. זייער אופן פון שרייבן. זייערע בלויע, פריידלאַכע געוויינען. זיי האָבן זיך אָפּגעגעגעצט פונם רעאַלן. ער איז געטריי געבליבן זייער אידעאָלאָגיע, זייער מאָנאָטאָניע. ווי זיי, איז ער פרעמד צום לעבן. זיין פילאָזאָפיע ווי זייערע — איז אַ נעגאַטיווע, אַ פרעמדלאַכע צום לעבן, אַ פלעגמאַטישע. אַלץ פאַרלעשט זיך, אַלץ איז פאַרגענגלאַכקייט.

די „יונגע" — מיט משה יונה חאַימאָוויטש, מאַני לייב, יוסף ראָל־ניק, דוד איגנאַטאָוו, א. ראַבאָי, דוד קאַזאַנסקי, משה נאַדיר, ה. לייוויק און משה לייב האַלפּערן — זיינען געווען אַ פּראָדוקט פון די רוסישע פּאָעטן, וואָס זיינען געקומען באַלד נאָך דער דערשטיקטער רוסישער רעוואָלוציע פון יאָר 1905. אַ טייל האָבן זיך איבערגעגעבן צו עולם־הזה־מאָטיוון, האָבן געפּריידיגט דעם סאָניניזם. אַ צווייטער טייל, ווי די מיסטיקער און סימבאָליסטן, האָבן זיך געווענדט צו מעטאַפיזיש־מיסטי־שע און מיסטעריעזע האָריזאָנטן. די אידישע פּאָעטן, וואָס זיינען מער־סטענס געקומען פון צאַרישן רוסלאַנד, זיינען נאַטירלאָך געווען באַ־ווירקט פון די דאָזיגע רוסישע דיכטער. דאָ האָבן זיי געעפנט די פּאָן פון קאַמף געגן די דעקלאַמאַטאָריש־באָמבאַסטישע לידער פון די רע־וואָלוציאָנער־ראָמאַנטישע דיכטער, ווי באָוושאָווער און עדעלשטאַט, און זיי זיינען געוואָרן די ריטער פון פאָרם, פון סוביעקטיווער, ניואַנסנריי־כער, קאָלאָריסטישער דיכטונג.

מ. י. חאַימאָוויטש'ס עסיי, ווי זיין פּראָזע, האָט דעם רויטלאַכן גליי פון עראָטיק. דאָס עראָטישע איז אָן אילוזיע . . . אַ שפּיל צווישן דעם פאַרגענגלאַכן פּאָרל — אדם וחוה. אָבער עס איז אַ צוויבערהאַפּט שפּיל. אין אַ וועלט פון מאַנאָטאָניע, אין אַ וועלט פון אלץ־פאַרגענגלאַכקייט — גייט אָן דאָס דאָזיגע צויבערהאַפטע שפּיל . . . דאָס שפּיל פון ליבע. דאָס איז די איינציגע אילוזיע אין דער וועלט־„רעאַליטעט" . . .

ליבע — און נאַטור. די נאַטור־לאַנדשאַפטן זיינען ווי וויניעטן צו אַ שיין־אַרויסגעגעבן ספר. וויניעטן פון פּראַגאַנאַר, פון בושער — די זעלטענע, לוקסוריעזע אויסגאַבן . . . די נאַטור — מיט אירע האַרב־סטיגע פאַרנאַכטן — איז דער וויניעט צו מ. י. חאַימאָוויטש'ס עסיי. ער עפנט די סצענע פון זיין עסיי — מיט נאַטור־שטימונג. אַזוי ווי אין אַן אָפּערע. און ער שליסט זיין עסיי — מיט אַ פיינער נאָקטורנע־שטימונג.

פון אַלע יאָר־סעזאָנען קליבט מ. י. חאַימאָוויטש אויס דעם האַרבסט. דעם סעזאָן פון אונטערגאַנג. די בורשטיניגע קאָלירן. ווייל עס איז אין איינקלאַנג מיט זיין פילאָזאָפיע. מיט זיין שטימונג. מיט זיין נירוואַנאַ־טאָן. זיין ניהיליזם. דער האַרבסט — ווען די נאַטור צעטיילט ווידער איר גאַנץ דעקאָראַטיוו לעבן צו די באַשטאַנד טיילן, ווי עס איז געווען פאַר געבורט.

און זיין באַליבטסטע שטונדע פון טאָג — איז די לעצטע שטונדע, ווען די זון פאַרגייט.

ווען די לבנה ציטערט אויף אין הימל, ווי אין וואַסער־קאָלירן, ווי אַ בלייכע בודאַ־מאַסקע . . . חאַימאָוויטש קלייבט אויס דעם „האַרבסט" פון טאָג — פאַרנאַכט. די דעמערונג־מאָמענטן. דעם איי־בערגאַנג צווישן טאָג און נאַכט. די צאַרטע, מיסטישע בלויקייט וואָס עפנט זיך אין דער נאַכט אַריין. דער מאָמענט פון אונטערגאַנג פון טאָג.

דער האַרבסט און די לעצטע שטונדע פון טאָג — זיינען די ניואַנ־סענרייכע וויניעטן צום פּראָזע און עסייען־ספר פון דעם איינזאַם־ראָפּי־נירטן משה יונה חאַימאָוויטש.

אַ געוויסע מאָנאָטאָניע איז פאַראַן אין מ. י. חאַימאָוויטש'ס פּראָזע. דאָס איז אויך אַ רעזולטאַט פון זיין פילאָזאָפיע. פון זיין קרעדאָ פונם אַלץ־פאַרגענגלאַכן. אַזאַ שריפטשטעלער איז נישט פאַראינטערעסירט צו געבן דראַמע צו זיין דערציילונג אָדער עסיי. פאַרקערט — ער רע־

דוצירט יעדער דראַמע און קאָנפליקט פון לעבן — צו דער סטאַטיק פון זיין שאַפן. ער שערט אַרום, פוצט אָפּ, רעדוצירט צו מאָנאָטאָניע — דאָס לעבן. ראַפינירט און וויז, האַסט ער יעדן גרילצנדיגן טאָן אין לעבן, ווי אין דער ליטעראַטור. אָפּגעפוצט, נישט פּאַצעטיש, אָבער רו־איג און באַשיידן, ברענגט ער אַריין אין דער אידישער ליטעראַטור זיין ראַפינירטע שאַפונג, וואו דאָס וואָרט איז קעניג. אָבער נישט דאָס עקסטראַוואַגאַנטע וואָרט, נאָר דאָס געמיטלאַכע, ריינע, ערלאַכע און סאָ־מעט־מאַטע וואָרט. ער האָט פיינט רעש/איגקייט. ער האָט פיינט פאַר־טייען. און ער האַסט רעליגיעזע עקסטאַטיקער. ער פאַרטראָגט נישט קיין וואָרט־דזשאָנגלערן און קיין קונצנמאַכער און פלינקע דראָט־גייער.

ער איז דורך און דורך ראַפינירט. און אין אונזער אידישער נישט צו־ראַפינירטער סביבה — איז אַזאַ מאַן ווי מ. י. חאַימאָוויטש היפּש איינזאַם.

מען וואַרפט פאַר מ. י. חאַימאָוויטש וואָס ער האָט נישט צו זיין קרעדיט קיין קרויןווערק, וואָס זאָל זיך אויסטיילן פון אַלע אַנדערע ווערק. מען זאָגט אַז ער איז כסדר אַן „אַמאַטאָר”. די דאָזיגע טענות קומען פון יענע קרייזן, וואָס קענען נישט פאַרטראָגן דאָס יעניגע וואָרט, וואָס זוכט נישט קיין „תכלית”, וואָס פּריידיגט נישט קיין אידייען. די שריפטשטעלער פונם חאַימאָוויטש־זשאַנר זיינען אייביגע שפּאַצירער אינם גאָרטן פון שיינקייט. זייערע ווערק — דאָס זיינען שפּאַצירן דורך אַ וואונדערלאַך־גרינער אַלייע. אַן אייביג־רויטע, האַרבסטיגע אַלייע. דאָס זיינען די דענקער אין דער פּראָזע, די רעפלעקטירער און רעזאָני־רער. זיי עפענען נישט קיין האָריזאָנטן. זיי פרעגן נישט און ענט־פערן נישט, ווי עס איז אָסקאַר ווילד'ס פאָרמולע פון די מערסטע בי־כער. זיי ציען נישט אַרונטער קיין פאַרהאַנגען מיט אַ מינע פון אַלץ־ווייסער און אַלכעמיקער, וואָס ווייסן וואָס אונטערן פאַרהאַנג טוט זיך און וואָס וועלן באַלד מאַכן רעגענען מיט מן . . .

אין אידיש איז מען נישט געוואוינט צו דעם פיינעם סאָרט דיכטער. צו דעם פרייען, פּאָעטישן זשאַנר. מען זוכט „גרויסע אידייען”. אָבער אין קונסט איז דער עיקר — די פאָרם. די פאָרם איז דער העכסטער און פּאָזיטיווסטער ווערט אין קונסט. די העכסטע פּראָפּאַגאַנדע. די פאָרם איז דער ריינסטער צוועק. זי פאַרשענערט דאָס לעבן. אינהאַלט — לערנט גאָרנישט. איז ביליגע פּריידיגונג. יעדער קלענסטער גייסט־לאַכער האָט אַ וועלט מיט "אידייען". יעדער גראַפאָמאַן גלאַנצט מיט פּעק אידעאַלן. פאָרם אָבער איז דירעקטע איבערצייגונג. פאָרם, שיינ־קייט, האַרמאָניע, דיסציפּלין — איז דירעקט דער מאָדעל, וואָס דאָס לעבן דאַרף אימיטירן. איז דער לעבעדיגער ביישפּיל צום אוניווערז פון דער צוקונפט.

שריפטשטעלער ווי מ. י. חאַימאָוויטש באַהערשן אייך מיט שטי־מונג. וואָס איז סוף־כל־סוף אַן אַנטאָן טשעכאָוו, אויב נישט האַרבסט־שטימונג?! די שטימונג פון דעמערונג, פון האַרבסטיגן רעגן, פון בית־עולמ'ס וועמענס גראָז, בוימער און בלומען — וויאָנען . . . קונסט איז נאָך אַלץ — שטימונג. יענע בלויע קאָסמישע בענקשאַפט; דאָס וועלן זיך טוליען צו אַ געליבטער אין סאַמעטענעם אָוונט; די אַטמאָספערע פון אַנגעצונדענע נעכט אין אַן אַלטן שלאָס . . . דאָס פּנים פון אַ דאַמע אין דעם פאַרטרעט מיט אַ רויטער ראַם, וואָס ווערט באַלעבט אין לבנה־ליכט . . די פּראָזע פון מ. י. חאַימאָוויטש ווייעט מיט שטימונג . .

די בעסטע שטעלן אין גרויסע ראָמאַנען איז סוף־כל־סוף יענע, וואו דער אויטאָר זעלבסט קומסט צום פּאַרשיין. ווען דאָס שפּיל פון ליבע און האַס, פון לעבן און טויט, פון אידיליע און דראַמע, פון קאַמף און שלום, פון קאָנפליקטן און קאָנטראַסטן — קומט צו זיין סוף. ווען מיר ווערן מיד פון דעם בלוטיגן און געפערלאכן שפּיל פון די כאַראַקטערן — קומען מיר צו צום אָאַזיס פון עטלאכע רעפלעקטיווע געדאַנקען. ווען מיר דריקן די האַנט פון דעם אויטאָר — פּערזענלאך, נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך צוזאַמען מיט אים אָנגעמאַטערט אויף די געפערלאַכע אָדיסייעס, צווישן נימפן און ציקלאָפּן אַריינפאַלנדיג. מענער ווי געטע און סערוואַנטעס, ווי באַלזאַק און טאָלסטאָי — די בעסטע נאָוועליסטן פון דער וועלט — רעדן זיך פלוצלינג פּערזענלאך אַראָפּ פון האַרצן. מיר בלייבן שטיין, מענטשלאך־געררירטע, מיט טרערן אין די אויגן — זיך באַקאַנענדיג מיטן אויטאָר . . . בעסער און דירעקטער געזאָגט: דאָרט וואו די נאָוועלע קומט צו צום פּונקט וואו זי ווערט עסיי אָטעמען מיר גליקזעליג אויף . . .

סוף־כל־סוף איז האַנדלונג נישט וויכטיג. וויכטיג איז די פילאָזאָפיע. וויכטיג איז דער מוסר־השכל . . . צוליב דעם אַליין האָבן מיר געשניטן אָקעאַנען און קאָנטינענטן, זיך געשלאָגן מיטן שיקזאַל, כדי אַרויסצובאַקומען די לויטערקייט פון אַ פּאַרנאַכט, ווען מיר קאָנווערזירן מיטן מחבר איבער די אייביגע פּראָבלעמען פונם מענטש.

מאַנכע וואַרפן פאַר מ. י. חאַימאָוויטשן זיין פּראָווינציזישקייט, הגם ער איז קיינמאָל אין פראַנקרייך נישט געוועזן. זיי ווייסן נישט אַז פראַנץ קאַפקאַ האָט אַ גלענצנדיג בוך „אַמעריקע" — און ער איז אין אַמעריקע נישט געוועזן. מען וואַרפט אים פאָר, חאַימאָוויטשן, זיין נישט־אידישקייט. מיינע פריינט, אַ דיכטער ווערט געשעצט פאַר דעם נייעם זשאַנר וואָס ער ברענגט אַריין אין זיין נאַציאָנאַלער ליטעראַטור. מען קען וואוינען אין אַלאַסקאַ — און לעבן און פאַנגען דעם פּראָווינציזישן זשאַנר. די מוזיק פון פּראָווינציזישער קונסט און קולטור. די בלוטמישונג פון פעלקער ברענגט צו די זעלבע גליקלאכע רעזולטאַטן אין דער ליטעראַטור און קונסט — ווי אין לעבן. עס איז די געגנזייטיגע סטימולאַציע וואָס דערפרישט דעם גייסט פון נאַציאָנאַלער קולטור — בפרט פון ליטעראַטור.

מען וואַרפט פאָר מ. י. חאַימאָוויטשן זיין מכלומרשטע מיטליידסלאָזיגקייט צו די מענטשן. זיין אָפּגעפּוצטקייט. אויף מיר פּערזענלאך ווירקן זיינע עסייען און דערציילונגען — וואַרעם און אינטים. ווייל ער פּאַרראַט געגערן זיין פילאָסאָפיע און זיין גייסטיגע מעבל. ווייל ער באַהאַלט גאַרנישט פון זיין לעזער. ווייל אים בלייבט גאַרנישט וואָס ער זאָל האָבן באַהאַלטן נאָכן אָנשרייבן אַן עסיי פונם לייענער. זיינס אַן עסיי איז אַ טרונק פון שאַמפּאַניער. מיר טוט לייד פאַר די יעניגע וואָס קענען קיין עכטן שאַמפּאַניער נישט געניסן.

אין זיין נאָוועליסטישער פּראָזע שיילט ער אָפּ די דיקע פאַרבשיכטן פון מאַנכע היסטאָרישע געשטאַלטן. ער וויזט דעם מענטש. ער שיילט אַזוי לאַנג דעם אַלטן פּאָרטרעט, ביז עס טוט אַ לויכט דאָס פּשוט׳ע, מענטשלאכע לייב, אַזש ביז בלוט . . .

געוויינלאך איז שווער אַז אַ גוטער עסייאיסט, פאַר וועלכן איך האַלט מ. י. חאַימאָוויטשן הויפּטזאַכלאך — זאָל אויך זיין אַ גוטער דער־

ציילער. די עסיי — דער פייַנסטער פּראָדוקט אין אַ ליטעראַטור — איז געוויינלאַך פּאַסיוו, רעפלעקטיוו. איז אַ פּראָדוקט פון ראַפינירטן, פּאַסיוון, באַאָבאַכטנדיגן גייסט. בשעת די דערציילונג איז אַקטיוו, דינאַמיש, פרימיטיוו. דער פרימיטיווער שרייבער קען פועל'ן ביי זיך צו מבטל זיין אויף זיין פּערזאָן, צו קענען זיך שטעלן אין אַ ווינקל און געבן אָנשטאָט זיך — די אַנדערע העלדן. דער עסייאיסט איז צופיל ראַפינירט, כדי נישט צו קענען שרייבן אַקטיווע, פרימיטיווע פּראָזע. ער אַליין „האַנדלט" פאַר אַלע זיינע העלדן. און די „האַנדלונג" איז אַ מין אַרטיפיציעלע. ווען זיי רעדן — רעדן זיי אין זיין, דעם עסייאיסט'ס, שפּראַך. זיי רעדן אין עסייען — ווי די העלדן פון אַנאַטאָל פראַנס רעדן — פאַרטיגע עסייען.

ווען מען רעדט, דעריבער, וועגן דאָס שאַפן פון מ. י. חאַימאָוויטש — האָט מען אין זין דעם עסייאיסט, דעם שיינשרייבער, דעם עסטעט. פונדעסטוועגן האָט מ. י. חאַימאָוויטש גלענצנדיגע פּראָזע־זאַכן, אין וועלכע ער דערגרייכט אַפילו צו עכטן נאַטוראַליזם. דאָס איז באַזונדערס קענטיג אין די דערציילונגען וואו ער שילדערט די ניו־יאָרקער אַרבעטער־סביבה, ספּעציעל פון דעם שניידער־פאַך, ביים סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.

מ. י. חאַימאָוויטש'ס ראָמאַן וועגן דעם לעבן פון קריסטוס האַלט איך פאַר דאָס סאַמע באַדייטנדיגסטע אין דער אידישער ליטעראַטור. ווייל אַלץ וואָס מען האָט געשריבן וועגן דער דאָזיגער געשטאַלט — איז אין פיבער און פלאַם פון רעליגיעזער עקסטאַטיק. קיין איינציגער, אַפילו נישט אַזאַ קאָמוניסט ווי אַנרי באַרביס; אָדער אַזאַ איד ווי שלום אַש; אָדער אַזאַ איטאַליענער ווי דזשיאָוואַני פּאַפּיני; קיין איינציגער האָט זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון דעם טאָן פון דער אָנגעצונדענער עוואַנגעליע. בלויז מ. י. חאַימאָוויטש האָט געוואַגט צו שילדערן דאָס געשטאַלט, און זיינע אַפּאָסטאָלן, אין אַ מענטשלאַך־רעאַליסטישן אופן, אָן דער פאַרטיגער באַמבאַסטיק און רעליגיעזער אילומינאַציע, וואָס שטערט צו זען שטערבלאכע, ליידנדיגע און פון צייט פאַרצערטע מענטשנגעשטאַלטן. ער האָט פאַר אַ ווילע אויסגעלאָשן די אַרעאָלן אַרום די קעפּ פון די הייליגע, כדי דאָס ליכט זאָל נישט פאַרבלענדן אין די אויגן און מען זאָל קענען באַטראַכטן די האַלב־געטער — מען זאָל קענען זען די פּשוט'ע מענטשלאכע פּנים'ער און פיגורן פון בלוט און פלייש.

אָט ווי מ. י. חאַימאָוויטש שרייבט אין אַן אַרטיקל אין שייכות צו דער קריסטוס־געשטאַלט:

„אַפילו לויט זייערע דערציילונגען וועגן דעם מאַן פון גליל באַקומט זיך אַן איינדרוק, אַז דער מענטש איז פון געבורטסטאָג אָן געווען געדריבט פון די באַגערן פון בלוט און לייב. אָרעם־בלוטיג, אָנגעפילט מיט אַזאַ קראַנקהאַפטיגע איינזייטיגקייט, שייך אַלע נאַטורן וואָס באַזיצן נישט קיין כוח־גברא. אַזאַ ווייבערישקייט, אַזאַ אומאָנגענעמע גלאַטקייט, אָן וועלכן ס'איז קנייטש און סוק אָן וועלכן מען זאָל זיך קענען אָנהאַלטן, און וואָס ס'זאָל אים מאַכן אַ טראָפּן מענטשלאַך: — אַ בלאַסע דערשיינונג, אַ סאָמנאַבוליסט. און ס'איז דאַרום קיין חידוש נישט, וואָס ס'איז אַזאַ דערשיינונג שווער אויפצוכאַפּן. מ'קאָן פון אים גאָרנישט מענטשלאכעס מאַכן, און אויב מען וויל עפּעס יאָ מאַכן, דאַרף מען

אים אַריינזעצן אין אַ פּולבלוטיגע, פּילפאַרביגע אומגעבונג, און דאָס וואָס די גענטילן האָבן געטאָן: געמאַכט אים פאַר א טעמע פאַר אַלערליי געצאַצקעטע הינטערגרונטן. ס'איז אויך אינגאַנצן נישט אויסגעשלאָסן, אַז ער זאָל נישט קאָנען דינען פאַר א טעמע פאר אידישע קינסטלער, מיטן אונטערשייד, וואָס אין דער צייט ווען פאַר די גענטילן איז נאַטירלאַך אין אים צו זען דאָס, וואָס זיי ווילן זען, איז פאַר אונז נאַטירלאַך אין אים צו זען אַ געוויינלאַך אידישן יונגערמאַן, איינער פון טויזנט אַזוינע, וועלכע האָבן צו יענער צייט אָנגעפילט דעם אומצופרידענעם קליינעם לאַנד יהודה. די גענטילן מעגן צו אים האָבן אַן אַנדער צוגאַנג: פאַר זיי איז ער אַ דערלייזער. זיי מעגן אויף אים אַלץ אָנקלעפּן וואָס ס'וועט אים מאכן געטלאכער; אָבער מיר, — מיר די ניכטערע, וועלכע האָבן פון אייביג אָן פיינט געהאט צוצושרייבן צופיל געטלאכקייט צו אונזער משה, קאָנען זיך נישט דערלויבן אים צו אָנקוקן דורך פאַרביגע ברילן צוגעפּאַסט צו אנדערע אויגן. פאַר אונז איז ער די סיבה פון די אַלע קריסטלאַכע רדיפות. פאַר אונז איז ער דער וואָס האָט גורם געווען, אַז אונזער וועג אין לעבן פאַר טויזנטער יאָרן זאָל זיין אַ דערנערדיגער. פאַר אונז איז אויך זיכער, אַז ווען זיין טויט וואָלט נישט געווען אַזוי ספּעקטאַקלדיג־דראַמאַטיש, אַזוי שאַרף אונטערגעשטראָכן פון די ספּעציעלע אומשטענדן, וואָלט ער פאַרגעסן געוואָרן ווי טויזנטער אנדערע אידישע פריידיגער פון יענער צייט". („ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" — 24טן נאָוועמבער, 1939, „אַרום שרייבער", פון מ. י. חאַימאָוויטש).

איך האָב ספּעציעל ציטירט אַ לענגערן זאַץ פון אַן עסיי איבער דעם קריסטוס־פּראָבלעם, וואו מען קען זען דעם צוגאַנג פון אַ אידישן שרייבער צו דער קריסטוס־געשטאַלט — פון אַ שרייבער וואָס עקסהיביציאָנירט וויניג זיינע נאַציאָנאַל־פּאַטריאָטישע געפילן און ער פאַרנעמט זיכער נישט די ראָלע פון אַ נביא־פירער ביי אידן, אין פאַרגלייך צו אַ צווייטן אידישן שריפטשטעלער וועלכער פאַרטרעט יאָ דאָס אויבנאָנגעוויזענע — און ווי דער לעצטער האָט לעצטנס אָנגעשריבן אַ ווערק וועגן קריסטוסן, אינגאַנצן אין גייסט און אין דער טראַדיציע פון דער קאַטוילישער קירכע און פונם נייעם טעסטאַמענט.

מ. י. חאַימאָוויטש האָט ליב פון צייט־צו־צייט אַ שפּיל צו טאָן מיט די היסטאָרישע פיגורן. ער האָט הנאה ארונטערצורייסן די פּלאַסטן, די דיקע שיכטן גלאָריע וואָס דורות האָבן אַרומגעקלעפּט אַרום דער היסטאָרישער געשטאַלט. (מען דאַרף דאָ דערמאָנען זיינע פראַגמענטאַרע אַרבעטן אַרום דער שבתי־צבי־פיגור — (געדרוקט, ווי די מערסטע ווערק פון מ. י. חאַימאָוויטש אין די לעצטע יאָרן, אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט").

בכלל באַהאַנדלט מ. י. חאַימאָוויטש די היסטאָרישע פיגורן ווי אַ בעלעטריסט, וואָס נעמט מענטשן פון דער גאַס, לאָדט זיי איין פאַר סטאַטיסטן אין דער היסטאָרישער דראַמע. דאָס לעבן האָט שטענדיג געאָטעמט מיט דיזעלבע העראָאיזמען און שוואַכקייטן. געשיכטע ווערט געמאַכט פון דיזעלבע אינדיווידואומס וואָס פאָרען זיך אַרום אין די גאַסן, וואָס מען זעט זיך באַוועגן אויף דער ערד. דער מענטש איז תמיד געווען דערזעלבער. מען דאַרף נאָר איבערטאָן די פאַרביגע קאָסטיומען, איבערגרימירן די פּנים'ער, אָנטאָן מאַסקעס — און מען פאַרטראַגט זיך קינסטלעריש־אינטואיטיוו צו אַ ווייטן דור פון צייט.

היסטאָרישע ראָמאַנען זייַנען פּערסקאָס פון דער געגנוואַרט. צום בעסטן וואָלט עס משה יונה חאַימאָוויטש אַליין געקענט דעפינירן אין דערזעלבער עסיי:

„די באַציאונגען פון שאַפער צו טעמען פון געשיכטע איז דיזעלביגע ווי צו טעמען פון טאָג־טעגלאַכן לעבן פון איצטיגער צייט — אַ ריין־קינסטלערישע, פולשטענדיג־לעגאַלע. געשיכטע איז אַ רעקאָרד, געהאַלטן פון די דורות פאַר די דורות. אַ בוך, וואו ס'ווערן רעקאָרדירט אַלע געשעענישן, ביז אַהער אומפּייאיג רעקאָרדירט צו ווערן פון פאַרפרווירענע הענט. ביז אַהער האָבן זיך גענומען צו פאַרשרייבן אין פנקס אַזוינע, וועלכע זייַנען אַבסאָלוט געווען גערויבט פון וועלכע ס'איז פאַרשטעלונגס־קראַפט און קינסטלערישע פייאיגקייט צו איבערגעבן עס אין אַן אופן אַז ס'זאָל זיך באַקומען אַ פולסירנדיגער, מענטשלאַך־ דאָקומענטאַלער כראָניק. זייער אָפּטיק האָט נאָר געקאָנט אויפכאַפּן דאָס וואָרשיינלאַך אַנזעענדיגע, דאָס פּראָמינענט בולט'ע, האָט אָבער פאַרפעלט אויפצוכאַפּן דאָס, וואָס איז פאַרהוילן פאַרן פיזישן אויג: די פולסירונג פון נשמה, די אינערע אַנאַטאָמיע פון גייסט, די קנייטשן פון עמאָציאָנעלן לעבן. זיי האָבן אומפּייאיג רעקאָרדירט דעם פועל־יוצא; אַלץ גענומען אַהולנע. ביי זיי האָבן דערהויפּט ווי אויף אַ קאַרניוואַל פיגורירט די מגושמ'דיגע מאַסקן, ניט די — הינטער די מאַסקן. זיי האָבן דערמאָנט נעמען פון די הויפּט־אַקטיאָרן, און געלאָזט שטעקן דאָס פאָלק, דעם אמת'ן דינאַמישן כוח אין הינטערגרונט פאַר דעקאָראַטיווע צוועקן. האָבן קיינמאָל זיך ניט געגעבן די מי צו אָנטאַפּן דאָס ריין־מענטשלאַכע אין יעדער געשעעניש, די פּרוזשינעס, וואָס באַוועגן אַלע האַנדלונגען. פאַר זיי איז דער גאַנג פון מענטשלאַכער אַנטוויקלונג אַ פּראָטאָקאָלפאַרציייכניש. מיט איין וואָרט — אַן אינדעקס".

ליטעראַטור — היסטאָרישע נאָוועלע — ווי אַן אַנדער היסטאָרישער ראָמאַניסט, לעאָן פויכטוואַנגער, האָט עס ריכטיג דעפינירט — איז געבן די געגנוואַרט אין דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו. דער נאָוועליסט האָט פאַר זיך די פאַרגאַנגענע עפּאָכע — אַ געשלאָסענע. ער קען דעריבער פון אַ זיכערן פונקט אויס באַוועגן און שפּעקולירן מיט די פּראָבלעמען פון דער געגנוואַרט. היסטאָרישע ראָמאַנען דאַרפן אויסגעפילט ווערן מיט אַקציע, מיט באַוועגונג, מיט מענטשלאַכע כאַראַקטערן. און דער מענטש פון דער געגנוואַרט איז פונקט דערזעלבער ווי אין די צייטן פון רוים; דער קאַמף צווישן פּלעבייער און פּאַטריציער איז דערזעלבער ווי צווישן סאַנקיולאָט און פעאָדאַל; צווישן קאַפּיטאַליסט און פּראָלעטאַריער. און די „סעטינג" — דער הינטערגרונט — די וועלט, די ערד מיט אירע לאַנדשאַפטן — איז אויך דיזעלבע. דער עיקר איז, אַקצענטירט חאַימאָוויטש, אין אַ קינסטלערישער געשטאַלטונג פון כאַראַקטערן און דראַמע. דער קינסטלער וואָס האָט כוח צו מאַכן גלויבן דעם לייענער אין דעם אמת וואָס עס געשעט. דאָס הענגט אָפּ פון זיין בילדלאַכער, זיין וויזיאָנערער, זיין פּסיכאָלאָגישער קראַפט און מעגלאַכקייט דאָס פאַרגעשטעלטע צו מאַכן רעאַל.

משה יונה חאַימאָיטש איז אַ וויכטיגער פּסיכאָלאָג אין זיין פּראָזע. און איך בין איבערצייגט אז איינע פון די באַדייטנדיגסטע ווערק וואָס באַלייכטן די אידישע עמיגראַנטן־פּעריאָדע אין אַמעריקע וועט זיין — ווען עס וועט דערשיינען אין פולן — זיין באַנד „מיט צייט און זון".

אורטיילנדיק פון די פראַגמענטן, פון צייט־צו־צייט פאַרעפנטלאכטע, שטעלט עס מיט זיך פאָר אַ זייער אייגנאַרטיגן פּראָזע־צושטייער. עס איז אַ קרעפטיגע, לירישע, און ראַפינירט־געשריבענע פּראָזע וועגן דער שניידער־סביבה אין ניו־יאָרק, ביים אָנפאַנג פון צוואַנציגסטן יאָרהונ־דערט.

---

פערציג יאָר ליטעראַריש שאַפן פון משה יונה חאַימאָוויטש איז אַ גרויסע געשעעניש אין אונזער פיינערער ליטעראַטור. ערשט איצט ווערט געשאַפן אַ פאַנד אַרויסצוגעבן די ערשטע צוויי בענדער פון משה יונה חאַימאָוויטש׳ס שאַפן. דאָס ווערק פון פערציג יאָר איז צום פאָלק נישט דערגאַנגען. עס ליגט אין פרעציז־געשריבענע מאַנוסקריפּטן אין דער היים פונם שריפטשטעלער. דאָס איז דער נעטער באַלאַנס פון דער לעבנסאַרבעט פון אַ ווירטואָז, פון אַ גרויסן מייסטער אין אונזער אידי־שער פּראָזע. פון אַ שריפטשטעלער, וואָס איז נישט פּאָפּולער געוואָרן, וואָס איז גיכער געווען אַ פיינע שפּייז, אַ גוטער געטראַנק צו אינטעלי־גענטע שרייבער־ספערן. איינזאַם, נעט און אַריסטאָקראַטיש־אידל, פעלט משה יונה חאַימאָוויטשן אינגאַנצן דער קרעמער־לשון, מיט וואָס מאַנכע שריפטשטעלער זיינען אזוי שטאַרק באַשאַנקען, כדי צו מאַכן פאַר זיך זעלבסט־רעקלאַמע.

דאָס איז די סיבה פאַרוואָס חאַימאָוויטש איז געבליבן אין שאָטן, בשעת מענטשן וואָס קענען זיך נישט פאַרגלייכן צו אים אין אינטעלי־גענץ, טאַלאַנט און נאָבילִיטעט — האָבן געמאַכט קאַריערע.

אָבער די האַנט פון משפט העגגט איבער מענטשן און פעלקער. מ. י. חאַימאָוויטש האָט זיין חשוב׳ן פּלאַץ אין דער אידישער ליטעראַטור פון אַמעריקע. ער שטייט פעסט אין איר — מיט זיין וואַגיקער פּראָזע — אָוועקגעשטעלט אַזוי ווי אַ מאָנומענט וואָס איז געהאַקט אין רויען גראַניט — און קיינער קען אים נישט מאַכן ציטערן. זיין גראַניט ווערט באַלויכטן פון דעם פלאַם פון דער זון.

ניו־יאָרק, אַפּריל 28, 1945.

# חיים קרול

(אַ קראַנץ אויף זיין פרישן קבר)

נאָך 10 יאָר פון אומבאַשרייבלעכע ליידן איז אין ברוקלינער היים פאַר אומהיילבאַרע געשטאָרבן דער פּאָעט חיים קרול — לעצטנס כמעט אַ פאַרגעסענער. ווי אַ קראַנץ אויף זיין פרישן קבר פאַר־עפנטלעך איך דאָ מיינע איינדרוקן פון זיינע ווערק — אַן אַרטיקל וואָס איך האָב אָנגעשריבן מיט עטלעכע יאָר צוריק.

דער ערשט־פאַרשטאָרבענער טראַגישער דיכטער חיים קרול האָט מיר מיט עטלעכע יאָר צוריק צוגעשיקט איינעם פון זיינע ביכער, וואָס איז דערשינען נאָך מיט 10 יאָר צוריק. איך האָב צום ערשטן געלעזן דעם ראָמאַן „פון מיין טאַטנס שטוב.״ זעלטן־ווען אַ שטיק אידישע פּראָזע זאָל מיך האָבן אַזוי גערירט און פאַראינטריגירט. עס איז אַ שטיק היינע־אַרטיקע פּראָזע. עס האָט דעם חן פון „די ליידן פון יונגן ווערטער״, פון יענעם געטע ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער, סענטימענטאַלער ראָמאַנטיקער, אַ „בייראָניסט״...

די העלדין פונם ראָמאַן — איז חיה־שרה — אַ מיידל פונם שטעטל. די טעמע — אַ ליבע צו אַ פּאָעט פון חיה־שרהן, די קליין־שטעטלדיקע בעאַטרישע. די סביבה — זיין פאַמיליע, די טיפּן פונם שטעטל, אין פאָלקלאָר און ראָמאַנטיק. דער קריג גייט דורך אין בוך מיט זיין גרויזאַמקייט. די קאַפּיטלעך זיינען קורצע, עלעגאַנטע, צאַרטע...

איך האָב דאָס בוך געלעזן מיט גרוים נייגיר. כ׳האָב פאַרזיכ־טיק אויפגעשניטן די בלעטלעך, געהיטן דאָס געלבלעכע בוך, וואָס איז צעגריזשעט פון מייז און דערציילט עפּעס פון דער טראַגיק פון אַ אידיש בוך, וואָס מוז ליגן יאָרנלאַנג אין קעלערן...

פּשוט־און־פּראָסט מאָלט חיים קרול זיין פאַמיליע, זיין ליבע צו חיה־שרהן, אַ מיידל וואָס האָט זיכער ניט אַלע מעלות וואָס עס האָבן אַ בעאַטרישע, אַ סאָפיע קין, אַ לאָטטע אָדער אַ מאָנא ליזא... אָבער — האָבן יענע דען יאָ געהאַט זייערע מעלות? דאָס זיינען אידעאַלע געשטאַלטן — געבוירן אין טרוים פונם שעפערישן געניוס. ווען איך באַגעגן אין רוים אָדער אין פלאָרענץ — די „דזשיאָקאָנדאַ״ — איך וואָלט זיכער זיך נישט אומגעקוקט אויף איר... בלויז דער קינסטלער פאַרוואַנדלט זיין העלדין אין אַן אינטערעסאַנטער, הערלעכער גע־שטאַלט, גיט איר מאָנומענטאַלישקייט, סימבאָל... עס איז דער קינס־לער וואָס באַשאַפט פון זיך אַרויס — פון זיין פאַרשטעלונג — אַ הערלעך געשטאַלט, דעם מאָדעל פון זיין גאַנץ לעבן — אין אידעאַל...

פּשוט און אידיליש דערציילט חיים קרול וועגן זיין ראָמאַן. עס האָט אַלע חנען פון אַ פאָלקס־לעגענדע, פון אַ שטעטלדיקן ראָ־מאַנס, פון אַ פאָלקס־מערכען, פון דאַנטעס „וויטאַ נאָוואַ״, וואו ער דערציילט זיין ראָמאַן מיט דעם צאַרטן, בלאַסן מיידל, וואָס האָט אים מיט איר טויט אינספּירירט צו דער אומשטערבלעכער „געטלעכע קאָ־מעדיע״.

שיין איז ווי קרול גיט זיין העלדין צו לעזן מעטערלינג, איבסען, היינע, זשעשקאווא. ווי זיי רעדן וועגן דעם אין שיינע געשפּרעכן. ווי חיימס שוועסטערלעך, פּאָעטישע נאַטורן, מישן זיך אַריין, רעדן וועגן ליבע, וועגן דער „ים־פּרוי", דער פּרינצעסין פון אָקעאַן, וועגן העלדן וואָס זיינען זיך מקריב, באַזיצן גרויסן אידעאַליזם. צו די יונגע מיידלעך אַפּעלירט דאָס אידעאַלע, ראָמאַנטישע, העלדישע, גלאַררייכע. חיה־שרה פאַרלאַנגט אפילו פון חיימען ער זאָל אוועק אין אויסלאַנד, ווערן אַ כאַראַקטער, ווערן אַ העלד...

דאָס אַלץ וויקלט זיך אויף אויפן הינטערגרונט פונם אידילישן שטעטל און פון אירע טריוויאַלע אינטערעסן. דער קריג ברעכט אויס. די היימישע סעדער, וואו מען קלייבט בלומען און מען רעדט וועגן מעטערלינקס בלייך־פּאָעטישע, לבנהדיק־מיסטישע ביכער — ווערן באַשאָסן און פאַרברענט פון דעם שונאס קאַנאָנען. די הייזלעך ווערן אָפּגעברענט. דער בלויער הימל אַליין, דאַכט זיך, וועט זיך אָנצינדן און פאַרברענט ווערן אין קריג. עס טוישן זיך אין היימישן שטעטל — פרעמדע אַרמייען. אָבער מענטש טראָגט אין האַרץ זיין אידילישע ליבע צו זיין מיידל. גאַרנישט קען צעשטערן די וואונדערלעכע מוזיקהאַרמאָניע פון ליבע. אַלץ בלייבט אין האַרץ אידיליש, צאַרט און — פול מיט צערטלעכקייט צו דער קעניגלעכער העלדין — פּרינצעסין חיה־שרה... מענטש — בפרט דער פּאָעט — פאַר אים קומט אייגנטלעך גאַרנישט פאָר — אויסער די אייביקע שיינקייט פון דער נאַטור און פון די מענטשלעכע בענקשאַפטן, וואָס לויכטן אויף אין אים—פאַר אים...

ערלעך און שיין מאָלט חיים קרול זיין שטילן, פיינעם פאָטער, זיין ברודערל דודל, זיינע צוויי חנוודיקע, געטרייע שוועסטערלעך. די אידישע פאַמיליע בלייבט גאַנץ, אומדערשיטערט. די מוטער איז געשטאָרבן — האָט יעדער איינער איבערגענומען אַ טייל פון דער מוטערלעכקייט... אַ טייל פון דער הייזאַמער, וואַרעמער, האַרציקער באַציאונג...

פון איין זייט — די אייביקע ברוטאַלע רעאַליטעט פון קריג, מאָרד, הונגער, סאָציאַלן חורבן, אומגליק פונם פאָלק; פון דער צווייטער זייט — פרילינג אין שטעטל, אויפשפּראָץ פון גרינעם גראָז, דאָס בליען פון די סעדער, דאָס היימישע מיידל, די נאַאיוויטעט פון די פאָלקס־פּאָליטיקער, די שטילע קריגערייען צווישן די מענטשן, די לבנה וואָס לייכט מאַדאָנא־בלייך איבער אַלץ, די ראָמאַנטישע ווערק פון מיסטיקער... דענקער... פּאָעטן... דאָס אייביק־אידילישע, פּאַסטאָראַלע שפּיל פון דער וועלט...

די דאָזיקע שטילע, לירישע האָט נאָך דער לבנהדיק־זילבערנער לי־טיי־פּאָ באַזונגען... דאַן די אַלע פּאָעטן אין די לעצטע פאַר טויזנט יאָר... דאַן דאַנטע, פּעטראַרקע, היינע...

חיים קרול האָט אַ פאָלקסטימלעך לירישן סטיל. ער זייערט אָפּ די פאָלקס־אידיליע צו ריינער פּאָעזיע, לאָזט איבער דאָס גאָלדענע גאָלד אין זייער... מיט די פּשוטסטע שילדערונגען רופט ער אַרויס די שענסטע עפעקטן. ער איז נישט מעכטיק, נישט ווילד, נישט היסטעריש, נישט שטורמיש. ער איז אַ טייל פונם פאָלק וואָס לעבט רואיק איבער אירע טראַגעדיעס און אירע לידן... זיין פּראָזע האָט דעם שמאַראַגדענעם גלאַנץ פון פּאָעזיע. עס איז פאַראַן אין זיין פּראָזע איידעלע,

סענסיטיווע קאָלירן—און אַ לירישע נאַקטיורנע מוזיק. גאָלד־מאָטילן, פליוש־שמעטערלינגען ליגן אויף צווישן די שורות. אַזוי איידל איז די דערציילונג, אַז איר פילט זיך הייליק און ריין, געליטערט און זילבערנדיק — לעזנדיק די קליינע בלעטער. דאָס קען נאָר אַ דיכטער מיט אַ זייער גאָלדענער האַרץ, מיט אַ מוזע פון אַן אַסטראַליש־צאַרטן קערפּער...

אַ סך פּוילישע ווערטער לאָזט דער אויטאָר איבער בכיוון, עס זאָל נישט פאַרלירן דעם קאָלאָריט. אַזאַ וואָרט ווי „דזשאַד" (אַלטער בעטלער.) — דערמאָנט מיך אין אַזוי פיל דערינערונגען פון פּוילן. אַזוי פיל צאַרטע איבערלעבענישן... „דזשאַד" — וואָסאַרא אַלטע, קעניגלעך־רעמבראַנדישע, מיסטעריעזע געשטאַלט — אויפן פאָן פון פּוילישע קאָשציאָלן, מיט גרינעם גראָז און הויכע, גרינע בוימער אַרומגערינגלט...

אינטערעסאַנט, ווען מיר לעזן די צייטונגען פון איצטיקן קריג —איז זיך צוצוקוקן צום קריג אין קרולס צייט... כמעט אידיליש זעט ער אויס אַנטקעגן איצטיקן גרוייזאַמען קריג. חיים קרול שילדערט אַ דייטש, שולצע; אַן אויפזעער איבער אַרבעטער — איז ער אַ „צדיק" אַנטקעגן די היינטיקע דייטשן. די איצטיקע דייטשן זיינען סאַדיס־טישע ציניקער, וואַמפּירן וועלכע לאַכן אין מאַסקעס פון בלוט, פינס־טערלינגען פון מעפיסטאָס טיפ. נישט פאַוסט, דער דורשטיקער העלד נאָך קולטור, קונסט, שיינקייט אין דעם גרויסן שטורמישן לעבן — האָט אין דייטשלאַנד געזיגט — נאָר דער שפּיציקער מעפיסטאָ־פעלעס...

בכלל איז דער ראָמאַן — צאַרט און אידיליש, פאָלקסטימלעך און האַרציק. חיים קרול איז אַ ליריקער פון גרויס שיינקייט, איינגע־אַרטיקייט, טיפער אינערלעכער טראַגיק. און איצט — איצט וועט מען לעזן די לידער אינם זעלבן שיינעם בוך „אַרום זיך"...

***

געלעזן די לידער... אין ווייסן פערז, מיט אַ סך אַלט־מאָדישע מעטאַפאָרן, וועלכע האָבן אָבער זייער גאָלדענעם חן...

בכלל איז חיים קרול אַ פּאָעט וועלכן מען מוז ליב האָבן, זיך קוויקן מיט זיין יעדן פערז, וואָס איז קורץ, צאַפּלדיק, צאַרט און פול מיט געפילזאַפט. איר האָט דעם איינדרוק אַז מען האָט שוין ערגעץ אַזוי געזונגען, אַז עס זיינען אַלטמאָדישע פאַרגלייכן, אַז די לידער זיינען אָן גרויסער, קינסטלעריש־קאָמפּליצירטער פאָרם. אָבער — דאָס טאָקע אימפּאָנירט אין זיין דיכטונג. עס איז ווי איינער וואָלט שרייבן אַ טאָג־בוך אין פערזן, אַ טאָג־בוך פון זיינע עמאָציעס... און מיט עמאָציעס איז קרול רייך. עס זיינען נישט קיין צו שטאַרקע, פּראָמעטעאישע עמאָציעס. עס איז קליינשטעטלדיקע פּאָעזיע. אָבער איז דען ראָאַבערט בוירנס נישט קליינשטעטלדיק?... עס זיינען נאַאיווע לידער, נאַאיווע געפילן, פול מיט תמימותדיקייט, שטילקייט. עס מערקט זיך דאָס קליינשטעטלדיקע אינגל, וואָס איז פאַרליבט אין דער וועלט־ליטעראַטור, באַנעמט אירע שיינקייטן. ער איז בכלל מעטער־לינקיש־לבנהדיק באַהויכט, בלייך און דעליקאַט... אָבער ער האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו זיין נאַאיוו, ענטוזיאַסטיש, עקזאַל־

טירט. ווען די צינישע וועלט איז צו אים צוגעטראָטן, חוזק געמאַכט פון זיינע טרוימען — האָט ער פּיזיש צוזאַמענגעבראָכן, נישט גע־קענט אויסהאַלטן.

ווי דער נאַאיווער יונגערמאַן — איז ער פאַרליבט אין מיידלעך, איצט שוין אין מער ווי איין חיה־שרה. די מיידלעך זיינע זיינען אייגנטלעך אַלע גלייך, אַלע — פונם זעלבן זילבערנעם טייג געקנאָטן, מיט דינע טאַליעס, ווי געטעס „רחל", ווי באַטיטשעלים „סימאָנעטאַ", ווי דאַנטעס „בעאַטריטשע". צאַרטע, בלאַסע, שלאַנקע, צאַפּלדיקע מיידלעך. אָבער צו די מיידלעך באַציט ער זיך קיין מאָל נישט מיט — זינד־באַגערן. נאָר מיט הייליקע, שטראַלנדע, צאַרטע, געלייטערטע געפילן. ער איז שטענדיק מינע־זינגער, טרובאַדור. און זיין גיטאַרע ציטערט שטענדיק מיט די צאַפּלענדיקסטע, פאַרחלומטע סערענאַדעס — צו דער אויסדערוויילטער... איר האָט דעם איינדרוק אַז זיינע מיידלעך ווערן קיין מאָל נישט רייפע פרויען, פאַרראַטן אים קיין מאָל נישט מיט קיין מאַן... דאָס זיינען אייביקע ווירגינען, זילבערנע לבנה־פּרינצעסינס, פאַרצעלייענע פיגורן אויף וואַזעס און קרוגן, פּערלדיקע געשטאַלטן אין בלומען־זייד געוויקלט. ער איז אַמאָל, נאָר זעלטן־ווען דער צדיק וואָס בענקט צו זינד און פאַרשייטקייט. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון זיין גרויסער בענקשאַפט וואָס זוכט נקמה צו נעמען אין זיך אַליין...

ער האָט אָפטמאָל אַ פּאַיאַצישע שטימונג וואָס קומט אַלס רע־זולטאַט פון איבערפולטן פאַרדראָס און אומגעשטילטער ליידנשאַפט:

„ווי אַ קלאַאון
וויקל איך זיך
אין מיין שטימונג."

נישט־נאָר טאָג־ביכעריש — נאָר טאַקע דירעקט אויטאָביאָגראַ־פישעס איז אין זיינע לידער. זיי זיינען אַ רעקאָרד פון אַ דינעם, סענ־סיטיוון, פלאַנצנאַרטיקן גייסט, וואָס ווערט פאַרברענט פון בענקשאַפט צום שיינעם, צום אומענדלעכן. ער האָט אינטימע, רעליגיעזע לידער — וואו גאָט ווערט ביי אים זיין חבר און ער דערציילט אים די אינ־טימסטע זאַכן. אין ווערלענס און אין רילקעס ווידוי לידער דערמאָנען זיי, הגם זיי באַזיצן נישט זייער פאָרם־ראַפינירטעט.

איר פילט אַז אַ גייסט שליידערט מיט דינע פערזן פון זיין פאַר־וואונדעטער נשמה. איר ווייסט אפילו נישט וואָס דער מענטש וויל, פאַרוואָס ליידט ער, צוליב דעם וואָס ער איז שוואַך און סענסיטיוו? באַדלער איז געווען אַ שוואַכער מענטש, אַ צאַרטער. נאָר זיינע עמאָ־ציעס האָט ער געפּאַנצערט אין אייזן. האָט זיי געגעבן, מאַרמאָרנע פאָרם. האָט זיין פּיין געשמידט ווי אַ סקולפּטאָר. האָט אין פלאַמען נעבוירן זיינע לידער. חיים קרול איז זייער דעליקאַט, צו ליריש פאַר דער דאָזיקער ברוטאַלער וועלט און ער דערהייבט זיך נישט דיכטע־ריש איבער דער דאָזיקער סענסיטיוויטעט. ער וויינט און יאָמערט און בענקט צום טויט וואָס ער פערסאָניפיצירט צו אַ ווייב און וואָס רייצט אים צו שטילקייט. ער האָט ליב דאָס שיינע, ליבט די דיכטונג, באַנוצט זיך פאַר אַ מאָטאָ מיט בערנעס „אָן דיכטונג — וואָלט דאָס לעבן געראָסט", וואָס איז אָגב זייער שיין און זייער ריכטיק. אַלע שיינקייטן פון אונזער וועלט — זיינען דיכטונגען...

***

און איצט — אז איך בין פארטיק מיט דעם טייל פּאָעזיע אין חיים קרולס בוך — וועלן מיר איבערגיין צו די עסייען אין מיניאַטור וועלכע זיינען פאראַן צום סוף פונם בוך.

***

דורכגעלעזן די עסייען...

וואונדעלעכע שטיקער צירונג. בריליאַנטענע ביזשוטעריע. אין דער קורץ־געפּאַסטער מיניאַטור גיט ער איבער דעם כאַראַקטער און דעם עסענץ פון א דיכטער. זעלטן־ווען געלינגט א דיכטער איבער־צוגעבן דעם מהות, דעם אַראָמאַט, די אייגנטימלעכקייט און דעם פּאַרפיום פון א שריפטשטעלער — אין אַזא קורץ געשלאָסענער שטיקל פּראָזע.

פּאַראַן מיניאַטורן — צאַרטע, זילבערנע צייכענונגען אויף בלויען הימל־הינטערגרונט. לייכט אָנגעוואָרפן ווי וויניעטן. גאָלדיקע מאָלע־רייען ווי פּערסישע מיניאַטורן אין שטייפן גאָלד, בלוי און פּורפּור. גרויסע אידישע קינסטלער זיינען דאָ גרויזאַם־שאַרף פּאַרצייכנט, גע־נוי און קלאָר ווי ווייסע בעריאָזעס אין זיידענע קליידלעך — אין זוניקסטן טאָג. יעדער מיניאַטור — איז א ליד אין ליניעס, א גאָלדענע שטיקל דיכטונג, א וואָזע פון א זעלטענער קלאָרקייט, שיינקייט, סי־מעטריע־שפּיציקער צייכענונג.

דער פּאָעט חיים קרול באַנעמט די פּאָעטן — אימפּרעסיאָניס־טיש, לעבט זיי איבער ווי בלומען, ווי וואָלקנס, ווי געשליפן קריש־טאָלענע פּאַליעס, ווי מאָזאַאיק־שאַרפע בילדער אין שויבן פון הויכע קירכעס אין לבנה־ליכט לייכטנדיק.

דער פּאַרליבטער פונם ראָמאַן „פון מיין טאַטנס שטוב" — איז געבליבן דער זעלבער ווי אַלע לעזער, לייענענדיק די אידישע פּאָעטן און פּראָזאַאיקער. אין ראָמאַן האָט ער לבנהדיקע איבערלע־בעניש, לייענענדיק די וועלט־דיכטער. אויך איצט, אַלס רייפער לע־זער, לעבט ער זיי איבער ווי נאַטור־דערשיינונגען.

און קינסטלער זיינען — נאַטור־דערשיינונגען. קומען פון נאַ־טור, דערשיינען ווי בלומען, וואָלקנס, נעכט לבנהדיקע, זוניקע אָדער אָסיאַניש־גרויע טעג, זינגען אויס זייערע לידער און גייען צוריק אוועק מיטן געשלענגלטן וועג אין דער אוּמענדלעכקייט אַריין.

# אַרום דעם דר. הערצלס געשטאַלט

דאָס הערצל־געשטאַלט האָט מיך אין דער יוגנט ווייניק אינטערי־
גירט. דו ביסט גרייט צו קניען פאַר די העלדן פון דער געשיכטע.
פאַר ספּאַרטאַקוס און האַניבאַל. פאַר שמעון בר גיורא און בר כוכבא;
פאַר באַקונין און נעטשייעוו און דער איידעלער, אַכטצניאַריקער סאָ־
פיאַ פּעראָווסקאַיאַ... פאַר די העלדן פון טעראָר און רעוואָלוציע. אין
דער יוגנט ביסטו ווידער גרייט צו מישן די בלעטער פון פּרינץ קראָ־
פּאָטקינס און זשאַן זשאָרעסעס געשיכטע פון דער פראַנצ. רעוואָלו־
ציע. דו קניסט, אַן עקזאַלטירטער, צו מאַראַט און ראָבעספּיער. דו
טראַגסט זיך צוזאַמען מיט די אויפגערעגטע פּאַריזער מאַסן צום פּלאַץ
דע לאַ באַסטיל. מיט איין וואָרט — דו שענקסט דיין יוגנטלעך־ענטו־
זיאַסטישע באַוואונדערונג צו די מענער פון טאַט און גוואַגטקייט.
צו די רייך און פּאַמפּעז־געמאָלטע פּאָרטרעטן פון היסטאָרישע העלדן.
דו ביסט פאַרליבט אין דעם העראָאישן ראָמאַנס פון דער וועלט־
געשיכטע...

און אויב שוין יאָ באַוואונדערן די העלדן פון דער אידישער
געשיכטע — ביסטו גרייט זיך צו בויגן פאַר יענע פייערדיקע זיילן,
וואָס האָבן זיך דערהויבן דורך די פינצטערע און שטורעמדיקע נעכט
פון דער אידישער מאַרטירער־געשיכטע, ווי די פּראָפעטן און די
משיחים. יאָ, די שבתי צבי־געשטאַלט האָט דיך אָנגעצונדן. געבוירן
פון אידישע ליידן — צינדן די דאָזיקע קאַלירפולע העלדן אַן פאַרן
אידישן פאָלק אַזוי פיל האָפנונג. דו פאַרטראַכסט דיך איבער די העלדן
פון דער געטאָ, וואָס האָבן זיך אין פינצטערע צייטן פאַרטיפט אין
זוהר און פון דאָרט האָבן זיי אַרויסגעבראַכט די בריליאַנטענע ווי־
זיאָנען פון גאולה. וויפיל מאָל וועסטו אין ביבליאָטעק נעמען דעם
ראָמאַן וועגן דוד הראובני — דעם געהיימעגישפולן שטאַטסמאַן, וואָס
קומט פון די וואָלקנס, כדי צו שאַפן אַ אידישע אַרמיי, צונויפצו־
שטעלן אַ אידישן פּלאַט, אַפּצוזעגלען צום גרויסן אידישן לאַנד, דער
פאַנטאַסטישער מדינה פון אידישע גבורים, כדי אָפּצונעמען ארץ־
ישראל פון די טערקן...

יעקב פראַנק אינטערעסירט דיין יוגנטלעכע פּסיכאָלאָגיע —
מיט זיין אַוואַנטור און קאָליר, מיט דער דראַמע און אָרגיע פון זיין
לעבן. און דו לייענסט די לידער פון יענע גרויסע ראָמאַנטישע דיכ־
טער וואָס האָבן געבענקט נאָך ירושלים און האָבן זיך יאָרנלאַנג גע־
שלאָגן מיט ווינט און מיט ים, כדי צו שטאַרבן אין ירושלים —
גאָטס שטאָט...

נאָר דר. טעאָדאָר הערצל — ער האָט נישט אינטריגירט מיין
יוגנטלעכער פאַנטאַזיע...

און דאָך וואַקסט ער מיט די יאָרן אַריין אין דיין הארצן, אַט דער אַפּגעפּוצטער בודאַפּעשטער זשורנאַליסט און פּראָפּעסיאָנעלער אַד־וואָקאַט, וועלכן דו האָסט שוין אַלס קינד געזען אויף די פּאָרטרעטן פון די קרן היסוד־מאַרקעס... דו הייבסט אָן צו פאַרשטיין, אַז דער דאָזיקער איד, וואָס איז אַגב, ענלעך צו אַן אַסירישן גענעראַל, וואָס איז שטיין געבליבן אויף אַן אָפּגעקרישעלטן באַז־רעליף ערגעץ אין די זאַמדן פון דער שטאָט פּערסעפּאָליס — איז נישט געווען קיין צופאַל, קיין קאַפּריז אין דער געשיכטע פון די אידן. ער איז געווען אַ געזעצלעך קינד פון זיין צייט.

עס איז אייגנטלעך געווען די עפּאָכע נאָך דער גרויסער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָט דערלאַנגט אויף אַ פייערדיקער טאַץ צו די פעלקער זייערע רעכט. אין עגיפּטן, אויף זיין פאַרביק־דראַ־מאַטישן מאַרשרוט דורך די פּיראַמידן, פון וועלכע עס רעדן אַרונטער פערציק יאָרהונדערטער — פּראָקלאַמירט נאַפּאָלעאָן דער גרויסער די צוריקקערונג פון די אידן קיין ירושלים (ער דערפילט זיך אין דער ראָלע פון כורש און די אַנדערע פּערסישע קעניגן...). די פעלקער פון אייראָפּעאישן קאָנטינענט האָבן אויפגעציטערט פון אַ גרויסן געפיל — נאַציאָנאַלע פרייהייט. עס גייט דורך איבער אייראָפּע דער שטור־רעם פון מענטשנרעכט און נאַציאָנאַלן זעלבסט־באַוואוסטזיין. אַמע־ריקע קעמפט קעגן אירע בריטישע און שפּאַנישע דעראָבערער. די לאַ־טייניש־אַמעריקאַנער פעלקער בונטעווען זיך קעגן דעם יאָך פון די באַנדיטישע קאָנסקוויסטאַדאָרן. עס קלינגט הויך אָפּ דער קאַמף פון גענעראַל גאַריבאַלדי אין איטאַליען. אונגאַרן הויבט אויף אַ קאַמף קעגן דער אימפּעריע פון די האַבסבורגער.

דאָס יאָר 1848 איז אין פּוילן שוואונג — אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד — פון בונטן און רעוואָלוציעס. פאַרגעסט אויך נישט אין פּוילנס קאַמף קעגן צאַר... אין איין וואָרט — ביי די פעלקער פון אייראָפּע וועקט זיך אויף דער דראַנג צו זייער ערד, צו זייער שפּראַך, צו זייער קולטור.

און דו טראַכטסט פון דר. הערצל — אויפן הינטערגרונט פון דער דאָזיקער עפּאָכע — דו זעסט אים איינזאַם שפּאַצירן אין דער נאַכט אויף די בודאַפּעשטער שיין־געפּוצטע בולוואַרן. דער דאָזיקער נעטער יונגערמאַן האָט דערהערט די שטימע פון דער עפּאָכע. דער דאָזיקער איידעלער אַדוואָקאַט און זשורנאַליסט הערט זיך צו אין דער נאַכט צו די קרעכצן פון אַן אוראַלט, צעבראָכן פאָלק. און — ישראל? פאַרוואָס זאָל ישראל נישט אויפהויבן זיין קאַמף פאַר זיינע נאַציאָ־נאַלע רעכט? פאַרוואָס זאָל ווידער נישט אויפגעריכט ווערן די היי־ליקע שטאָט ירושלים? פאַרוואָס זאָלן די מחנות פון די גלות־לענ־דער נישט ציען צו דער הייליקער ערד? —

און שפּעט ביינאַכט קומט אַהיים דר. הערצל... ער עפנט דאָס ספר פון אַלט־העברייאישע שירים. ער לייענט ר׳ יהודה הלוי... מעכ־טיק קלינגען אָפּ אין דר. הערצלס האַרץ די פלאַמענדיקע פערזן פון דעם פּאָעט וואָס ווערט פאַרברענט אין בענקשאַפט נאָך זיין לאַנד... ער לייענט — ער לייענט — און ווען ער שלאָפט איין — דעקלאַמירט אַ פייער־גייסט אין דער נאַכט די גרויסע ראָמאַנטישע דיכטונג פון די אַלט־העבראַישע פּאָעטן. עס דעקלאַמירן צום טרוימענדן הערצל

די נביאים — און צווישן זיי הערט זיך לאַרד בייראָנס שטימע — ער דעקלאַמירט די „העברעאישע מעלאָדיען"...

און ערשט יאָרן שפּעטער, ווען פון דעם אוניווערסאַל־ענטו־זיאַסטישן קינד ווערסטו באַוואוסטזיניק, פון דיין איד־זיין — ווערסטו פון די פעלקער געטריבן, ווי א הונט, צו ווערן איד און צו פילן דיין אידישקייט און ווערסט צום קינד פון ירמיהו און פון שיילאָק — ווען די פעלקער טוען דיר אָן אויפן שטערן דעם מאַרטירער־קראַנץ — דאַן ערשט הייבסטו אָן צו באַקומען דרך־ארץ פאַר דעם דר. הערצל געשטאַלט. דאַן ערשט דערזעסטו דעם ראָמאַנטיקער און דעם פּראַק־טיקער. דעם אדוואָקאַט — וואָס ווערט צו דעם אדוואָקאַט פון זיין פאָלק. עס גייט אויף א מאַן וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט א הויכער, שלאַנקער פיגור — כדי דורך די צייטן צו שטייגן און זיך ספּי־ראַליש אריינצוואַקסן אין דער אידישער געשיכטע. דו דערזעסט אים ערשט אין דער גאַנצער סטאַטור.

ווידעראַמאָל — ווענן זיין צייט. עס איז אויך די צייט ווען דער מכלומרשט „וויסנשאַפטלעכער" אנטיסעמיטיזם צעבלאָזט זיך ווי א פייער־שטורעם. דער דאַזיקער „וויסנשאַפטלעכער אנטיסעמיטיזם", וואָס וואַקסט זיך פאַנאַנדער אין הערצלס צייט — ווערט אין אונזער צייט געפינען זיין קולמינאַציע־פּונקט אין די גאַז־קאַמערן פון מאַידא־נעק און טרעבלינקע. און דר. הערצל, דער יונגער סטודענט, אדוואָ־קאַט, צייטונגסמאַן און שריפטשטעלער — קומט אין קאָנטאַקט מיטן דאַזיקן אַנטיסעמיטיזם אויף שריט און טריט. אָפּשטאַמענדיק פון אַן אסימילירטער בודאַפּעשטער פאַמיליע, האָט ער גענוג מעגלעכקייט זיך צוצוקוקן ווי די אַסימילאַציע, באַווירקט דורך משה מענדעלסאָנס השכלה־אידעען, רייסט אָפּ שטיקער לייב פון אידישן נאַציאָנאַלן גוף. וואָס שייך די אָרטאָדאָקסישע אידן — שיקן זיי זייערע זקנים קיין ירושלים, צום שטאַרבן. די אַלטע, גרייז־גרויע אידן ציען אין הייליקן לאַנד אריין — צו געפינען דאָרט זייערע רויט־ערדיקע קברים, כדי זיך אָוועקצולייגן ביי דער זייט פון ר' שמעון בן יוחאי...

אין יאָר 1895 קומט פאַר א פּראָצעס אין פּאַריז וואָס ווייזט די אידן זייערע טרויעריקע קעגנוואַרט און זייער צוקונפט. אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק זיצט א פאַרפייניקטער פראַנצויזישער קאַפּיטאַן מיט שיילאָקס פּנים, וואָס ווייגט מיט טרערן זעענדיק צווישן פּובלי־קום זיין פרוי און זיינע צוויי צאַרטע קינדער. דער מאַן הייסט — קאַפּיטאַן דרייפוס... און דר. הערצל דער צייטונגסמענטש, וועלכער האָט יענעם זומער פאַרבראַכט אין פּאַריז, האָט גענוי און פּאָרזיכטיק נאָכגעפאָלגט אין די צייטונגען דעם דרייפוס־פּראָצעס...

און אויך די פּראָפעטישע שטימען פון א געוויסן נאָוועליסט וועמענס נאָמען איז געווען — עמיל זאָלא... און די בייזע שטימען פון די צאָרנדיקע אנטיסעמיטן וואָס האָבן אין דער פּערזאָן פון קאַפּי־טאַן דרייפוס באַשולדיקט אַן אַלט פאָלק וואָס האָט צו דער קולטור און ציוויליזאַציע פון דער וועלט מער צוגעטראָגן וויפיל עס האָט פון איר גענומען און גענאָסן... פון דעם אַלעם האָט דר. הערצל געמאַכט זיינע ריכטיקע שלוסן און חשבונות...

עס איז די צייט פון צאַר, פון קייזער, פון קעניג און פון סול־טאַן... און וואָס קען שוין זיין ראָמאַנטישער ווי צו טרעפן דעם בו־דאַפּעשטער זשורנאַליסט אויף די גאַסן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל — וואַרטנדיק אויף אַן אוידיענץ ביים הערשער פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע ?... אַזוי האָט זיך מיט יאָרהונדערטער פריער אַרומגעדרייט א מאַן אין די גאַסן פון גראַנאַדאַ, פון ליסאַבאָן, פון רוים, דוד הראובני — זייענדיג דער שליח פון דער אידישער מלוכה, ביי די ברעגן פון סמבטיון... און ווי מאָדנע און פאַנטאַסטיש דאָס אַלץ זעט אויס! עס איז נאָך ביז איצט נישט געקומען דער גרויסער נאָ־וועליסט וואָס זאָל אויפבויען דאָס פּיראַמידאַלע פּראָזע־ווערק „דר. הערצל". די באָרד — די פיל־באַשריבענע באָרד פון צייט־חברים און צייטונגס־מענטשן — איז נישט צעשפּרייט אין ווינט. דר. הערצלס באָרד איז גלאַט פאַרקעמט. א באָרד פון שטאָל. וויפיל געקרייזטע פאַלדן אין איר — אַזוי פיל דורות פאַרטרעט ער פון געפּייניקטע אידן.

אייגנטלעך איז ער דאָך דער איירָאָפּעאישער אינטעליגענט. אייגנטלעך דאַרף ער דאָך זיין מיט די אַלע הערשער — אָטאָמאַנישע און איירָאָפּעאישע — דער קלוגער דיפּלאָמאַט. וואָרום — אין דער אמתן גערעדט — וועמען פאַרטרעט ער דען? מאָהאַמעט האָט די צעזייטע און צעשפּרייטע בעדואינער, ווי פלעוועס אין ווינט, גע־געבן היים געווער. דר. הערצל קען זיינע צעשפּרייטע און צעזייטע אידן געבן — דעם שקל. דעם אידישן נאַציאָנאַלן פאָנד־חוב...

און אַזוי, אין שניי און אין ווינט — פאָרט אַרום דר. הערצל אויף זיין מאָדנער דיפּלאָמאַטישער מיסיע, אויף וועלכער קיינער האָט אים נישט געשיקט און נישט דעלעגירט. ער פאָרט אין נאָמען פון א מעכטיקן טרוים — וועלכן ער דאַרף ערשט אַליין אָרגאַניזירן און אַריינפירן אין די מוחות און הערצער פון מענטשן וואָס זיי־נען שוין צוגעוואוינט זייט צוויי טויזנט יאָר צו זיין ציוויליזירטע שקלאַפן — צו דינען צו די גייסטיקע און מאַטעריעלע רייכטימער פון די פעלקער — פון די זעלבע פעלקער וועלכע בריקעווען זיך אַזוי הינטיש קעגן די אידן...

⁂

עס איז פיל צו שרייבן און פיל צו רעדן וועגן דעם דר. טעאָ־דאָר הערצל־געשטאַלט. זיין באַדייטונג וואַקסט. זיין גרויסע פּער־זענלעכקייט ווערט וואָס אַמאָל מער מאָנומענטאַלער. געשיכטע באַ־שטעטיקט אים. און דאָס איז דער פּייער־פּרואוו פון גרויסן מענטשן.

נאָך עפּעס: ער ווערט אפילו נישט אַלט אין יאָרן. ווי יעדער פּיאָנער — ווי יעדער גרויסער מאַן — ווי משה, וואָס דערזעט קוים פונדערווייטנס דאָס צוגעזאָגטע לאַנד — לויכט דר. הערצל אויף כדי אין איילעניש אָנצוואַרפן די קאָנטורן פון זיין טרוים. און ווי נאָר אָנגעוואָרפן מיט פּייער די קאָנטורן — רופט מען אים שנעל צוריק אין הימל אַריין... און דר. הערצל, ווי סרוב גרויסע טרוימער און דיכטער, שטאַרבט אין 44־טן לעבנס־יאָר...

און ווען ער גייט אַוועק — דערזעען ערשט די נאָכפאָלגער דעם שרעקלעכן פאַרלוסט. עס איז ווי א באַרג וואָלט אויסגעריסן

געוואָרן פון דר'ערד...

און ווי שוין געזאָגט — דו הייבסט אָן צו ליבן זיין געשטאַלט. ער ווערט דיר נאָענט. און דו שטעלסט אים אוועק — נאָך די גאַזקאַמערן פון אַשוויענטשים און בערגען־בעלזען — צווישן די פיגורן פון די גרויסע קעמפער און נביאים וואָס זיינען פון ערגעץ געשיקט געוואָרן כדי צו טרייסטן און צו דריקן צום האַרץ און צו קעמפן פאַר זייער פאָלק...

דר. הערצלס סטאַטוע איז פון ריינעם גאָלד — און מיט אירע פלאַמען־פליגל גייט זי אַריין אין דעם ריזיקן האַרץ פון פאָלק. —

ניו יאָרק, ו׳־טער פעבר. 1946

# וואָרט־קאַריקאַטורן

דאָס מענטשלעכע געשטאַלט אין דער וועלט־ליטעראַטור — ווי עס ווערט אַרויסגעבראַכט אינם גראַנדיעזן אָדער לעכערלעכן — מיט דעם געטער־געזיכט אָדער די חיהשע מאַסקע — איז אַ ריין סימבאָלישעס. עס דאַרף רעפּרעזענטירן אַ געוויסן טיפּ פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. עס דאַרף אינספּירירן. עס דאַרף באַלערנען. עס איז אַ ביישפּיל פון מוט און טאַפּפערקייט. עס דאַרף וועקן דעם געוויסן. עס דאַרף דערמוטיקן דעם מענטשלעכן גייסט צו קאַמף פאַר פרייהייט.

יעדעס געשטאַלט אין דער וועלט־ליטעראַטור איז קינסטלעריש אויפגעבויט. איז געשאַפן דורך דורות. געשטאַלטן ווי בעטהאָווען, בודאַ, משה, קריסטוס, מאַהאַמעט, דאַנטאָן, זיינען סקולפּטירט געוואָרן דורך דורות. ס'האָט יעדער דור צוגעלעגט אַ שטיין צו זייער פּיראַמידע. ס'האָט יעדער דור אַ שניט געטאָן אין דעם מאָנומענט און פאַרשענערט, געריייניקט, קריסטאַליזירט דאָס געשטאַלט. ווען אַפילו עס זיינען היסטאָרישע פיגורן, וואָס האָבן געלעבט אויף דער ערד ווערן זיי אויסגעטראַכט, זיינען זיי די שאַפונג פון קאָלעקטיוון, ווערן זיי סקולפּטירט דורך דורות, ווערן זיי דורכן פאָלקס־זשעניע אויפסניי איבערגעשמאָלצן אין פייער פון ניי־געשטאַלטונג און דער העלד ווערט אַ ניי געשטאַלט, דינענדיק דעם צוועק פון דער צייט, דעם צוועק פון דעם קינסטלער, ענטפערנדיק אויף די פּראָבלעמען פון אַ יאָרהונדערט.

ווען פּלוטאַרך שאַפט און שניצט די פּאָרטרעטן פון גריכישע, רוימישע צעזאַרן און שטאַטסלייט — איז נישט וויכטיק וואָס זיי זיינען ווירקלעך געווען אין דער געשיכטע. דעם אינטעליגענטן לייענער אין די לעצטע דריי טויזנט יאָר אינטערעסירט נישט צו די פּאָרטרעטן פון צעזאַר, טעמוסטאָקלעס אָדער קלעאָפּאַטראַ האָבן אַנטשפּראָכן די לעבנס־פאַקטן. גיכער זיינען זיי ליטעראַרישע פּראָדוקציעס — אַנטשפּרעכנדיק דעם קינסטלערישן ווילן און כאַראַקטער פון פּלוטאַרך און ווי זיילן פון אַ פּאַלאַץ — אַזוי דאַרפן זיי פאַרשטעלן אַן עפּאָכע.

מיר ווייסן אַז דאַמיער האָט געוואָלט שליידערן די ביטערע קריטיק פון דעם דאַמאָלסט זיך אַנטוויקלענדיקן קאַפּיטאַליזם. דאַמיער האָט געשניטן אין שאַרפע ליניעס די קריטישע פּאָרטרעטן פון

מענטשן וואָס עקספּלואַטירן דעם אָרעמען קלאַס און זייגען אויסן זיין בלוט. זיי אַלע האָבן דעריבער מער אָדער ווייניקער דעם אויסזען פון ראַבן.

אין דער ליטעראַטור דינט דאָס לעבן דער קונסט. און פון אַ גאַנצע ריטער־עפּאָכע האָט סערוואַנטעס אויפגעבויט דאָס טראַגיש־טרוימענדיקע געשטאַלט פון דעם ריטער דאָן קיכאָט. און גאַנצע דורות גייען שלאָפן — כדי אויפצוגיין אין אַן אומשטערבלעך ווערק.

ווען איך לייען דעריבער די פּאָרטרעטן וואָס א. לוצקי האָט דינערהייט אויסגעקריצט אויף די בלעטער פון זיין בוך — אינ־טערעסירן מיך נישט די נעמען און די פּערזענלעכקייטן, וואָס עקזיסטירן אין לעבן. מיט זייערע גרויסקייטן און שוואַכקייטן בלאָנ־דזשען זיי אַרום אין מאַנכע הייזער — אויף מאַנכע גאַסן, אויף מאַנכע פאַרזאַמלונגען — און ווען שוין ווי עס איז דערפירן זייער עקזיסטענץ צו אַ פינאַל. וויכטיק איז וואָס א. לוצקי האָט געוואָלט באַצוועקן מיט דער גאַלעריע פון זיבן און זעכציק פּאָרטרעטן — „פון שרייבער, מאָלער, מוזיקער, אַקטיאָרן און אַרבעטער־פירער (די פּני פון דער אידישער וועלט)".

צי האָט ער געוואָלט מאָלן פון יעדן איינעם פון די פּערזענלעכ־קייטן אַ באַזונדערן, אייגנאַרטיקן פּאָרטרעט לטובת אים, דער פּער־זענלעכקייט זעלבסט? אויב אַזוי, וואָלט עס לגמרי נישט געווען אינ־טערעסאַנט צום לייענער, בפרט ווען דער לייענער קען נישט זיין פּאַראינטערעסירט אין די אַלע פּערסאָנאַזשן. אויב איינער איז גענייגט צו דיכטער, קען אים אינטערעסירן אַ געוויסע צאָל דיכטער. אויב איינער איז אַ טוער אין אַ געוויסער פּאַרטיי — אינטערעסירן אים די פירער פון זיין פּאַרטיי. די פּערסאָנאַזשן שטעלן דעריבער נישט פאָר קיין אינטערעס צום אַלגעמיינעם לעזער.

ווען מען לייענט דורך אַלע פּאָרטרעטן — בלייבן נישט קיין כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער אָדער יענער פיגור. עס בלייבט דער פּאָרטרעט פון איין פיגור, איין מענטש, איין געשטאַלט. אַזוי ווי אַלע 67 פּאָרטרעטן וואָלטן געבילדעט איין כאַראַקטער. עס איז דעריבער קענטיק אַז דאָס איז — באַוואוסטזיניק אָדער אינסטינק־טיוו — געווען דער צוועק פון דעם פּאָעט. צו געבן איין מענטש.

און הגם יעדער איינער פון די פּאָרטרעטן קען ביי זיך פילן געשמייכלט וואָס א. לוצקי ווידמעט אים פאַר אַ מאָמענט זיין שאַרף קריציקע פעדער — איז אָבער דאָס בוך אַלס גאַנצעס אַן אָנקלאַגע אויף די אַלע פּערזענלעכקייטן. אַן אָנקלאַגע אויף דעם מין מענטש — אויף די פירער — אויף די גרויסהאַלטערישע זשעסטן. דאָס בוך „פּאָרטרעטן" איז איין גרויסע קאַריקאַטור אויף דעם פי־רער, דיכטער און געזעלשאַפטלעכן מענטש. עס ווייזט זיי אַלעמען — אין זייערע פּאַרריסענע זשעסטן — אין אָנגעבלאָזענער פּאָזע — אין באָמבאַסטיק, אין זשעסט — מיט איין וואָרט: עס איז אַ שאַרפע קריטיק אויף דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט.

ווען מען זאָל דאָס בוך איבערזעצן — פּאַרלירט עס זיין באַ־דייטונג אַלס דאָקומענטאַריש בוך פון פּאָרטרעטן, ווייל קיין איין גוישער לעזער האָט ניט קיין אינטערעס פאַר די פאַרגעשטעלטע אידישע פּערזענלעכקייטן. אין הונדערט יאָר אַרום וועט דאָס בוך

— ריין דאָקומענטאַריש — אויך פאַרלירן זיין אידישן אינטערעס, ווייל אי די דערמאָנטע פּערסאָנאַזשן — אי דאָס פּובליקום וואָס האָט וועלכן עס איז אינטערעס צו זיי — וועט זיין טויט. דאָס בוך מוז אַלזאָ צוריק געפירט ווערן צו זיין ריין־קינסטלערישן צוועק.

אַ שאַרפע סאַטירע אויפן אַדרעס פון דעם מענטשלעכער פאַר־זענלעכקייט. דאָס איז, אָן צוויפל, זיין זין און זיין „עקזיסטענץ רעכט”.

ווי אַזוי דערגרייכט א. לוצקי זיין ציל? וועלכע איז זיין מע־טאָדע — ביים רעאַליזירן דעם צוועק?

ער וואַרפט אָן אין דינע, לופטיקע ווערטער, אַזוי ווי איינער וואָס וואַרפט און קלעפּט שטיקלעך פאַרב אויף פאַרב. ביז עס באַ־קומט זיך אַ פּנים, אַ פיגור. ער איז קודם כּל אַ גוטער פּסיכאָלאָג און ער ווייסט יענעמס שוואַכקייטן. ער דערפילט אינסטינקטיוו די שוואַכקייטן פון יעדער פיגור — קענענדיק גענוי די שוואַכקייטן פון דעם מין מענטש. און ווי גרוים אַ מענטש זאָל נישט זיין, איז ער דאָך נישט פריי פון די פעלערן וואָס איז אייגן צום מענטש בכלל.

עס איז אַ דינע, אַן איידעלע קונסט. די פּאָרטרעטן זיינען ווי מאַריאָנעטן, וואָס טרעטן אויף אויף דער קליינער בינע פון א. לוצקים טעאַטער. זיי קומען, פאַרנויגן זיך, בוקן זיך צום פּובלי־קום, טוען אויס נאַקעט אַלע זייערע אייגנשאַפטן און פאַרשווינדן — כדי ווידער צו שפּילן אין לעבן....

אָבער נישט אַליין דאָס נעגאַטיווע ברענגט א. לוצקי אַרויס. אויך — דאָס פּאָזיטיווע, דאָס מענטשלעכע און דאָס גרויסע. מאַנכע קליינע פּאָרטרעטן פון דיכטער און פירער זיינען גרויסע מאָנומענטן פאַר די דערמאָנטע פּערזענלעכקייטן. און אָפטמאָל — עכט־מענטש־לעך און עכט־קינסטלעריש — מישן זיך אוים גוטע און שלעכטע אייגנשאַפטן פון איינעם און דעם זעלבן מענטשן — אויף דעם זעלבן פּאָרטרעט. און דאָס מאַכט א. לוצקים בוך ווערטפול — ווייל געשריבן פון אַן אָביעקטיוון מענטשן, אַן אַנאַליזירנדיקן דיכטער — וואָס באַהאַנדלט מענטשן אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען קליינע פיגורן אין זיין מיניאַטורנער וועלט־מענאַזשעריע... אַזוי ווי ער באַהאַנדלט פליגעלעך, גרעזעלעך און פּאַפּירלעך...

אַזוי ווי א. לוצקי האָט זיך אין דעם בוך הויפּטזעכלעך באַמיט אַרויסצוברענגען וואָס מער די אייגנשאַפטן, די טיפּישע שטריכן, די סאַמע כאַראַקטעריסטישע קנייטשן פון זיינע „העלדן” — איז דאָס בוך אַן אויסשליסלעך בוך פון מענטשן־קאַריקאַטורן — און ס'האָט נישט קיין זין דערין צו זוכן אַנדערע גוטע אייגנשאַפטן פון פּאָעזיע. עס איז אַ זשאַנר וואָס הינקט אַ ביסל אונטער בנוגע פּאָעזיע — עס שמעקט מיט זינד קעגן דעם ערנסטן אָפּגאָט פון פּאָעזיע... אין אידיש איז עס בכלל אַ זייער אייגנאַרטיקער זשאַנר, וואָס האָט צו טאָן מיט הומאָר, מיט עפּיגראַם, מיט בליצצייכענונג, מיטן שנעלן פעדער־שטריך... פאַראַן דערפאַר אָבער אַ וועלט מיט פּסיכאָלאָגישער שאַרפקייט און מענטשנקענטניש. ערטערווייז דער־מאָנט א. לוצקי אין יענער פּסיכאָלאָגישער מענטשנקענטעניש און קלוגשאַפט וואָס צייכענען אוים די פאַבלען פון דעם לעגענדאַרן עזאָפּ...

# „אַ אידישער מעצענאַט"...

(פאַרצייכענונג)

מיט א יאָר צוריק זאָגט צו מיר אַ אידישע פּאָעט, איינער פון די לעצטע באָהעמען וואָס זיינען פאַרבליבן אויף סעקאָנד עוועניו:

— פאַרוואָס שיקסטו ניט קיין „גאָלד און זשאַווער" צום מע־צענאַט פון ברוקלין? ער האָט ליב א אידיש בוך — און עס איז גוט דו זאָלסט זיך דערנענטערן צו אים...

איך האָב דערפילט אַ טרויעריקייט אין מיין האַרצן. פון דערפאַ־רונג ווייס איך ווי אומעטיק עס איז צו האָבן צו טאָן מיט אידישע מעצענאַטן... איך ווייס נישט פון די באַציאונגען פון דעם קלוגן פּאָעט האָראַץ מיט זיין רוימישן מעצענאַט, אין דער צייט פון אָקטאַוויאַנס אימפּעריע, ווען רוים איז געווען אין זעניט פון איר גרויסקייט. דאַנטע, האָב איך אַמאָל געלייענט, איז אַרומגעגאַנגען אַ טרויעריקער אין הויף פון זיין פּרנסה־געבער... מיר ווייסן ווי טראַגיש מיקל־אַנד־זשעלאָ האָט זיך געפילט, אויספירנדיק די באַשטעלונגען פון די פּויפּסטן — פּאַראייביקנדיק זיי אין מצבות, פרעסקאָס אין קירכן און בראָנזענע דענקמעלער. כדי צו האָבן ברויט — רעכנט אויס לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי אין אַ בריוו צו אַ געוויסן פירשט — זיינע דרייצן קענטעענישן און מלאכות...

פונדעסטוועגן זיינען יענע מעצענאַטן געווען קעניגן... פירשטן... מיט געוואַלטיקע אַמביציעס. און זיי האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען פּלאַטאָס אידעע אַז כדי צו שאַפן — מוז דער קינסטלער אויסגעהאַלטן ווערן פון עמעצן... פאַר פּלאַטאָ איז רעכט אַז דער שקלאַף, וואָס איז גייסטיק און פּראָדוקטיוו, זאָל דינען זיין הער — וואָס איז גייסטיק שעפעריש. אין מיטלאַלטער האָט די קירכע געשטיצט אירע שעפער. אין רענעסאַנס־פּעריאָד האָט דער שטאַט—פירשטן ווי די מעדיצים—ברייט געשטיצט יענע גרויסע קינסטלערישע און ראָמאַנטישע כאַראַקטערן, וואָס האָבן געבויט קאַטעדראַלן און פּאַלאַצן; וואָס האָבן מיטן גלי פון דער זון געמאָלן זייערע אומפאַרגלייכלעכע מאָלערייען. וואָס האָבן אין גראַניט אויסגעהאַקט דאָס געשטאַלט פון פּראָמעטעאוס. וואָס האָבן דורך זייערע פלאַמענדע ווערק פאַראייביקט דעם רענע־סאַנס־פּעריאָד אין דער געשיכטע.

אין די מאָדערנע צייטן איז סאָוועט־רוסלאַנד דער בעסטער ביי־שפּיל ווי אַזוי דאָס פּראָבלעם ווערט געלייזט. עס דערשיינען דאָרט אין ריזיקע אויסגאַבן די ווערק פון פּושקין און טאָלסטאָי, פון די קלאַסיקער. אַ מיליאָן עקזעמפּלאַרן פון אַ נאָוועלע פון אַ מאָדערנעם ראָמאַניסט איז דאָרט קיין נייס נישט. דאָס רוסישע פאָלק ווערט גע־בילדעט און צוגעגרייט צו ווערן דער קאָנסומענט פון זיינע אינטעלעק־טועלע און קינסטלערישע שעפער. די מלוכה שטיצט דעם קינסטלער, גלייכצייטיק אויסשמידנדיק אַ פּובליקום, וואָס אַנטוויקלט ריזיקע באַ־דערפענישן פאַר דעם קינסטלערס ווערק.

ביי אידן איז לײַדער קיין ריטערטום און קיין אַריסטאָקראַטיע נישט געווען. אַ אידישער „מעצענאַט" איז אַ מאָדנע באַשעפעניש, אָפטמאָל אָן בילדונג, וואָס האָט נישט קיין אייגענעם אויסוואַל. מע־צענאַס פון רוים האָט געהאַט זיין אינטימען פריינט און ליבלינג, האָ־

ראַש. יעדער באַרימטער מעצענאַט אין דער געשיכטע האָט זיך אויס־געקליבן זיין אומשטערבלעכן... ער האָט געמוזט באַזיצן קולטור — דער מעצענאַט. ער האָט געמוזט גלענצנד רעדן און זיך באַטייליקן אין רייכע קאָנווענזאַציעס — אין סעודות פון גייסט. אָפּגעבן אַ ווילאַ פאַר אַ דיכטער וואָס שרייבט אָדעס און וויין־לידער איז געווען אַ גע־ווינלעכע זאַך... ער, דער מעצענאַט, האָט געוואוסט אַז אין דער גע־זעלשאַפט פון שיינע דאַמען, אין שאָטן פון קילע פּאַלמען, מיט אַ רייכער פּאַנאָראַמע פון בערג און פעלזן אין דער דיסטאַנץ — וועט אַ קאַטוללוס אָדער אַן אָוויד היפּש דערפרישט ווערן — און ער וועט אַלע בוימער און אַלע בלומען און אַלע שיינע דאַמען — איבערזעצן אין פערזן פון לידער...

פון די דאָזיקע געדאַנקען בין איך אָפּט באַהערשט... און אוועק־שיקנדיק אַ בוך אויפן אַדרעס פון דעם ברוקלינער מעצענאַט, איז מיך אַ טרויער אינסטינקטיוו באַפאַלן... ווער ווייסט וועלכע צינישע הענט וועלן באַטאַפּן מיין נאַקעטן בוך... און ווי שאַקירט דער גביר וועט ווערן פון דעם וואָרט „זשאַווער" אויפן טיטול פון מיין בוך... אַ גאַנץ לעבן געווייכט פון זשאַווער — און געצווינגן צו גאָלד — און איצט קומט דאָס זשאַווער אַריין אין זיין הויז...

עס זיינען דורך אַ פּאָר חדשים און פון דעם מעצענאַט איז נישט געווען קיין שפּור. ווען איינמאָל, אין סוף זומער, ווען די בוימער שטייען ווי באַלזאַמירטע מיט זייערע בראָנז־בלעטער — גיי איך פאַר־ביי אַ גאָס פון דאַון־טאַון. ערשט עמעץ רופט מיך ביים נאָמען...

עס איז געווען אַ ציגאַר־געשעפט. און דער מאַן האָט מיר געזאָגט אַז ער איז דאָס דער... באַרימטער מעצענאַט. און וואָס שייך דעם בוך — האָט ער אים קיינמאָל נישט דערהאַלטן...

— נישט דערהאַלטן?... עס איז אַלזאָ אַ טרויעריקע „קיים"... גיי צייג איבער דעם מעצענאַט אַז ער האָט דאָס בוך יאָ דערהאַלטן... איבעריקנס, איך וועל אים שיקן אַ צווייטן בוך.

דורך דער גאַנצער צייט האָט מיך דער מעצענאַט זייער אומ־פריינטלעך באַהאַנדלט. עס איז אים געווען לאַנג די מינוט וואָס איך שטיי ביי אים. און דאָס אידיש וואָס איך האָב מיט אים גערעדט — האָט אים געשטאָכן די אויערן... און עס האָט געשטראָמט מיט האַס פון דעם דאָזיקן מעצענאַט, קולטור־טוער און כלל־ישראל־פאַרזאָרגער צו אַ אידישן שרייבער...

עטלעכע מאָנאַטן זיינען דורך. דער האַרבסט האָט אָפּגעקעניגט מיט אַלע זיינע קאָלירן. און עס איז געקומען דער ווינטער מיט זיינע שניי־באַלעטן. יעדער בוים — אַ ווייסער שניי־קלאָון. וואָלקנס זיינען ווי פוך געגאַנגען אויף דער ערד. זיך געלעגט צו די פיס פון צאַרטע דאַמען — כדי צעטראָטן צו ווערן. און אין איינעם אַ טאָג פון דעם מאָנאַט דעצעמבער — ווען איך האָב זיך אַגב דערהאַלט פון אַ קראַנק־הייט — האָב איך גענומען אַ קלאָרן „גאָלד און זשאַווער", איינעם פון די לעצטע, טייערע ביכער — דען עס ווערט אומעטיק זיך צו שיידן מיט אַ בוך ביי וועלכן מען האָט געליטן און געוואָרן באַליידיקט און דורך מאַנכע אויך געלויבט און דערהויבן געוואָרן — און איך בין אוועק זיך זען מיטן מעצענאַט...

ווי נאָר ער האָט מיך דערזען, האָט ער אַרויפגעצויגן אַ געמיינע

מאַסקע פון אומהיימלעכקייט אויף זיין אַזוי אויך אוממענטשלעכן געזיכט. ווען איך האָב אים געאָפּפערט דאָס בוך, האָט ער עס נישט געוואָלט נעמען, מיר געבנדיק אַ נייעם אַדרעס פון זיין וואוינונג... איך האָב איינגעשטימט אים ווידעראַמאָל צוצושיקן דאָס בוך אויף נאָטס באַראָט — נאָר איך האָב געוואָגט אים צו בעטן אַז ער זאָל מיר איצט באַצאָלן... דער מעצענאַט, דערפילנדיק אַז עס האַנדלט זיך וועגן עטלעכע דאָלער — האָט מיר געזאָגט אַז דאָ, אין זיין געשעפט, זאָל איך אים נישט „באַדערן" מיט אידישע ביכער...

איך בין אַוועק פון אים — אָן אַ וואָרט צו זאָגן. איך האָב אים געוואָלט באַליידיקן, נאָר עטלעכע גויים זיינען געווען אין געשעפט. אַ קרומער גריף מיט אַ שוואַרצער באָרד... אַ כינעזער מיט אַ פּאָר־צעלייענעם לבנה־פּנים... איך האָב נישט געוואָלט זיי זאָלן זען ווי צוויי יידן קריגן זיך...

מיטן בוך דעם פאַרשעמטן אין האַנט — בין איך געגאַנגען אי־בער די פאַרשנייטע גאַסן. געגאַנגען בלינד און טרויעריק.

דער שניי האָט שוין אָנגעהויבן ברודיק צו ווערן, און די נאַכט האָט געעפנט שוואַרצע פלעשער טינט און פאַרגאָסן דעם שניי. און איך בין געלאָפן „אַמאָק" איבער די גאַסן... געלאָפן פון דעם מעצענאַט — פון זיין שרעקלעכן פּנים — פון דער אומהיימלעכקייט וואָס האָט געלויערט פון אים — פון דער גייסטלאָזיקייט פון זיין פּנים — פון דער גראָבקייט פון זיין באַנעמונג...

און אין דער נאַכט — אין אַ פרעמדער געגנט, ביי לישייעדיקע ווענט — און אַ ווינטיקער קעלט — איז פּאַר מיר אויפגעגאַנגען דאָס אויסערגעוויינלעך־איידעלע געשטאַלט פון ר׳ שלמה בן גבירול... אויך ער איז געלאָפן אַ טרויעריקער פון אַ מעצענאַט... איך האָב זיך אַרומ־גענומען מיט שלמה בן גבירול... זיין טרויער — דורך דער שטרעקע פון אַ יאָרטויזנט — איז מיר געוואָרן נאָענט און אייגן... מיר זיינען ביידע געגאַנגען דורך ניו יאָרקס גאַסן — צוויי געפּייניקטע ברידער...

און דער העברייאישער פּאָעט האָט געמורמלט פאַרביטערטע פערזן קעגן זיין שטאָטסמענישן מעצענאַט: — —

„דיין ענטפער זאָגט עדות: ביסט שולדיק,
דיין וואָרט אַזוי אָרעם און פלאַך.
דו האָסט מיינע פערזן גענגנב׳עט,
און ס׳ציטערט דיין קני און איז שוואַך.
נאָר וואָג נישט צו גיין צום מזבח
פון ליד און געזאַנג — האָב פאַרשטאַנד.
ווי נאָר וועסט די טרעפּן באַשטייגן,
וועט באַלד זיך אַנטפּלעקן דיין שאַנד —
פרידן צו דיר, גיי געזונט, זיי געזונט —
און זיי נישט פאַרעקשנט און שווער.
זיי שטיל און נישט רייד הויכע ווערטער,
און נישט וואָג מיך באַליידיקן מער.
און גיב זייער שטאַרק אַכט אויף דיין ליד,
קלייב־צו דיינע ווערטער און שלייף זיי און שניץ.
זיי וויסן: דיין מוח איז טרוקן אין ווינטער,
היינט וואָס וועט אין זומער, אין היץ?"...

# דאָס מאָנומענטאַלע געשטאַלט — פּרץ

(דרייסיג יאָר נאָך זיין טויט)

נאָטיץ:

— אונזער איצטיק יאָר — 1945 — שטייט אונטערן צייכן פון אונזער גרעסטן שריפטשטעלער — יצחק לייבוש פּרץ. א ליטעראטור פאנגט זיך נישט אָן מיט דעם אָדער יענעם שריפטשטעלער. זי שלומערט און זי וואָרצלט יאָר־הונדערטער לאנג אונטער דער צונג און הארץ פון פאָלק. אָבער מיט פּרץ׳ן הייבט זיך אָן די ליכטיגע תקופה פון קלאַסישער אידישער ליטעראטור. עס פאנגט זיך אָן דער סטיל פונאונזער וואָרט. ער איז איר פייערזייל. לאָמיר אין איצטיגן מאָמענט אָנווארפן נאָטיצן צו דער גרויסער מאָנאָגראַפיע — י. ל. פּרץ״ — אליין, און לויט דעם וואס עס איז ביז איצט מיט אים געשען און געזאָגט געוואָרן ארום אים.

— ש. ט.

30 יאָר נאָכן טויט פון י. ל. פּרץ דעם פלאַמענדיגן ספינקס. עס איז שוין אזוי פיל, אזוי פיל געזאָגט און געשריבן געוואָרן וועגן י. ל. פּרץ. ביי יעדן יאָרצייט חזר׳ט מען איבער און מען גיט צו נייע און נייע געדאנקען. אבער קיין אויספירלאכע ארבעט איבער פּרץ איז נאָך אלץ נישטאָ. ביי אנדערע פעלקער וואָלטן נישט נאָר אין אזא צייט־דיסטאנץ שוין געוועזן ריזיגע ארבעטן איבער אזאַ קלאסיקער, נאָר מען וואָלט שוין געהאט צונויפגעזאמלט זיינע אלע בריף, רעדעס, וועש־צעטלעך אפילו. אָבער ביי אידן איז נאָך נישטאָ דער גרויסער קריטיקער, ווי א בראנדעס, א היפּאָליט טען, א ביעלינסקי. איך האָב ערגעץ־וואו געלייענט אז ה.ד. נאָמבערג האָט געטרוימט וועגן אָנשרייבן א פּרץ־ארבעט. אָבער אָט דער קליינער מאַן מיטן גרויסן האַמונקולוס־קאָפּ און ביטערן שמייכל — האָט געריסן שטיקער פלייש פון דער דאַמע וואס הייסט „לעבן״, האָט געוואָלט אויסטאַנצן אויפן שאַרבן פון דער ערד זיין עראָטישן טאַנגאָ און דער טויט האָט אים צופרי איינגעלאַדן אין זיינע שווארצע פּאַלאַסטן, וואס זיינען געבויט אויף דעם פונדאמענט פון סקעלעטן. און אזוי איז מיט דעם טרויעריגן נאָמבערג וואס רייסט זיך היסטעריש צו לעבנס־פרייד — געשטאָרבן א פּרץ־מאָנאָגראַפיע...

עס איז שוין אפילו, איידער מען האָט געגעבן א פונדאמענטאלע אָפּשאַצונג פון דעם ריזיגן מאַן פּרץ — געבוירן געוואָרן א רעוויזיאָניסטישע באוועגונג. מען האָט געוואָלט בטל מאַכן פּרץ. ווי געוויינלאָך, דעקט דער שאָטן פון צייט צו די רעוויזיאָניסטן — בשעת די זון ווארפט א זייל מיט ליכט אויפן מאָנומענט פון דעם ריז... אָבער יעדער רעוויזיאָניזם שליידערט אזעלכע קליינע פיילן אינם קאָלאָס,

וואָס געלינגט דאָך צו צעראַצן זיינע באַקן... די ראַצן בלייבן. מען קען קיינמאָל נישט פאַרניכטן דעם גאַנצן מאָנומענט... אָבער געוויסע צייכנס מוזן בלייבן. ס'זיינען שטענדיג קליינע ·אמת'ן אַנטקעגן אַ גרעסערן, אייביגן אמת... געוויינלאַך אַנשטייען רעוויזיאָניסטן אַ דאַנק געוויסע אומפאַרענדיגקייטן אָדער אומקלאָרקייטן פונם גרויסן שרייבער. דאָס איז דער פאַל מיט י. ל. פּרץ. אַ סך שפּאַלטן זיינען געבליבן אין זיינע ווערק... דער דיכטער האָט נישט באַוויזן צו פאַרקיטעווען אַלע לעכער... אַזוי ווי אינסעקטן האָדעווען זיך אויף אין די לישייעס פון די ווענט, אַזוי האָדעווען זיך רעוויזיאָניסטן אין די שפּאַלטן - לישייעס פון אַ קלאַסיקערס ווערק... עס איז שטענדיג לייכטער צו באַטאָפּן דאָס נעגאַטיווע, ווי זיך צו פריי̇ען מיטן פּאָזיטיוון... אָבער אויך קריטיק פונם נעגאַטיוון איז באַרעכטיגט...

יעדעס מאָל אַז איך לייען פּרץ, האָב איך דעם איינדרוק אַז פּרץ איז גרעסער ווי דאָס וואָס איך לייען פון אים... אַזאַ מין מאָדנע געפיל, פון וועלכן איך קען זיך נישט באַפרייען... איך בין איבערצייגט אַז דער מאַן האָט באַזעסן מעכטיגע פּאָטענצן, פיל גרעסערע ווי די וועלכע ער האָט פאַרקערפּערט אין זיינע ווערק. דער מאַן איז געווען אַ זשעניע! און אין זיינע ווערק איז דאָ אַ סך טאַלאַנט בלויז... דער מאַן האָט געהאַט פאַרנעם, איקאַרישע פליגל, דאָס פייער פון אַ פּראָמעטעאוס, דעם ווילדן כח פון אַ הערקולעס. אָבער אַרום אים איז געווען — זומפּ, קליינלעכקייט, בטלנות. דער ריז פּרץ איז געזונקען. ער האָט געבענקט צו זון און געשטעקט אין שאָטן. „באַנטשע שווייג" איז אָט די טראַגישע פאַרקערפּערונג פון זיין סביבה. פּרץ איז נישט געווען אַ „באַנטשע שווייג". ער האָט אים געהאַסט. פּרץ איז געווען זיין גרעסטער קעגנזאַץ. פּרץ האָט צופיל געוואָלט. פאַראַן אין אים אַ וועלט מיט פאַרלאַנג — מיט סטיכיע און אורעלעמענט. אַ גרויסער פאָלקסגייסט וועקט זיך אין אים אויף — עס איז ווי דאָס פּוילישע שטעטל מיט טויזנט יאָר טראַדיציע וואָלט זיך אָנגעצונדן אין דאָזיגן שריפטשטעלערס האַרץ — ער עפנט פּלוצלונג די אויגן — וואַנזיניקצעלויכטענע פון צופיל זעאונג.

אין רעאַקציע צו אָט דעם זומפּ און פיליסטערטום שליידערט פּרץ זיין „גאָלדענע קייט", וואו דער העלד פאָדערט די אוניווערסאַלע דערלייזונג, דעם אומשטערבלאַכן „שבת". אין אָט דעם דראַמאַטישן ווערק פלאַקערט פּרץ אויף צו אַ הערויִשן פלאַם. ווי אין אַלע גרויסע ווערק פון טראַגעדיע, ווערן אויך דאָ די העלדן פאַרברענט אין זייער ריזיגן פייער. די וועלט איז וואָכעדיג און קאַלט און גרוי. (אַ משוגענער פּאָעט האָט מיר אַמאָל אין אַ שווערן צושטאַנד צוגעוואָרפן אַ שטיקל ציגאַרעטן-פּאַפּיר מיט פאָלגנדער אויפשריפט אין דייטש: „עס איסט זאָ קאַלט אויף דיזען קאַלטען ערדען"... איך געדענק עס נאָך ביז איצט... צוויי מאָל באַטאָנט דער עקזאַלטירטער פּאָעט אַז עס איז קאַלט, קאַלט... און פּרצ'ן, דעם גרויסן פלאַקערער, דעם ענטוזיאַסט, דעם באַגייסטערער — איז געווען זייער קאַלט און ביטער „אויף דיזען קאַלטען ערדען"... אַזוי האָט ניטצשע געטרוימט דעם העלד זאַראַטוסטראַ וואָס שליידערט שלאַכט-פייער צו די מענטשן. אַזוי האָט נאָוואַליס, דער שווינדזיכטיגער טרובאַדור פון דער דייטשער ראָמאַנטיק, אויפגעוויקלט די וויזיע פון דער „בלויער בלום", דעם סימבאָל

פון גליק פאר די מענשן. אזוי האָט מעטערלינק, דער וואונדערלאכער סימבאָליסט, אויסגעוועבט דעם טרוים פונם פאנטאַסטישן „בלויען פויגל"... אבער אלע בלויקייטן צערונען פאר דער איינער ביטערער רעאַליטעט פונם קאלטן, גרויען, שרעקלעכן לעבן... קיינמאָל וועט דער בלויער פויגל זיך נישט דערנענטערן צו דער ערד... און ווען ער וועט זיך שוין יאָ דערנעענטערן, וועט ער נישט זיין מער בלוי... די רויז פון נאוואליס׳עם בענקשאפט איז קראנק, איז אייביג-קראנק... און פּרץ — אָט דער דורשטיגער פּאַוסט אין דער אידישער ליטעראטור — ער געהערט אין דער רייע פון די גרויסע ראָמאַנטיקער, וואס האָבן כסדר געווארעמט די מענשהייט מיט א זון וואס זיי האָבן אליין אָנגעצונדן — מיט זייער הארץ... פּרץ געהערט — לויט זיין הארץ און פעלערינע — לויט זיינע שטימונגען און וויזיאָנען — צו דער וועלט-ליטעראטור, צו אירע גרויסע ראָמאַנטיק-פּערזענלעכקייטן.

דער בייראָניסטיש-אינדיווידואַליסטישער העלד פון די „גאָלדענע קייט" ווערט פארברענט. און פּרץ, דער פארצווייפלטער, טוט אַ זוך אין די גאָלדענע אוצרות פון פאָלק — און ער ווערט דער פּאָעט פון חסידיזם וואס איז אין זיין צייט נאָך פּורפּור-שיין. די דיסטאַנץ צינדט אָן די העלדן נאָך שענער. אַרעאָלן פון אידעאַליזם פלאַקערן ארום די קעפּ פון יענע וואס האָבן דער קאלטער גרויקייט צוגעוואָרפן דאָס פייער פון באגייסטערונג. דער חסידיזם האָט יום טוב אָנגעצונדן אין דעם גרויסן מיטנוואָך... דער אָרעמער וואסערטרעגער איז געוואָרן קייסער... דער קבצן איז אויפגעריכט געוואָרן... דער גראָבער יונג האָט געקראָגן א הארץ — און אויב אזוי, האָט אים גאָט געהערט און געלויבט... דאָס פּאָלק האָט באקומען א תיקון... זיין מיט גרייזן געזאָגטער תהלים איז אַ סימפאָניע צו גאָט... זיינע פּסאַלמען קלינגען זיסער ווי דעם געלערנטנס רעטאָרישע רייד. די פרוי איז דערלייזט געוואָרן. א מין פּאַנטעאיזם האָט פאראייניגט אלע מענשן אין חשוב׳ע גאָטס קינדער... אַ באַפרייענדיגער גייסט האָט צעפּאָכעט אירע זוניגע, ווארעמענדיגע פליגל. דאָס וואס די רעפאָרמאַציאָנס-באַוועגונג און שפּעטער די פראנצויזישע רעוואָלוציע איז געווען פאר די פעלקער — דאָס איז דער חסידיזם געווען פאר די אידען. דער אָטעם פון גלייכקייט און פרייהייט האָט אויפגעוועקט דאָס פּאלק און האָט עס אין ביטערע צייטן פון פּאָגראָמען און אומגליק געברענגט טרייסט. פון די הימלען האָבן די רביים אראָפּגעצויגן דאָס געטלאכע אויף די זיידענע פּעדים פון זייערע תפילות און אריינגעטריפט אים אין יעדן פּאר׳חלש׳טן, אָרעמען הארץ. וואָסאַראַ געוואלטיגער פּאטאס דער חסידיזם האָט געבראכט. וואָסאַראַ פּאָעטישע שיינקייט! וואָסאַראַ גראנדיעזע זון עס איז געוועזן די נשמה פון אָט דער הערלאכער באַוועגונג!

און פּרץ ווערט דער וואונדערלאכער דערציילער פון אָט דער באַוועגונג. אין „פאָלקסטימלאָכע געשיכטן", לויפט ער אויף אין אומגעוויינלאכעם שיינקייטן! וואָסאַראַ ליכטיגער הערויזם און נאַאיווע העלדן! וויפיל פּאָעזיע עס איז אין אָט די פּאָלקסטימלאכע לעגענדן! און וויפיל גערעכטיגקייט! וויפיל סאָציאלער זין! וועלכע פּאָעזיע און שיינקייט און הייליקער קולט צום לעבן!

אויף די פליגל פון דער פאַנטאַזיע — ווי פרייט זיך פּרץ! ווי שעפּעריש איז ער דאן! מענשן וואָס זיינען ענלאך לויט זייער גייסטיגער דערהויבנקייט צו געטער — קומען אויף דער ערד כדי צו

העלפן די באליידיגטע און דערנידעריגטע.

און אזוי האָט אין זון אונטערגאַנג פון חסידיזם א מענש ווידער אַנגעצונדן איר גרויסע ראָמאַנטיק — אין וואָרט. איזהייסן, פּאָעטיש וואָרט! געוואָרן איר האַמער...

„ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק“. א גרויזאם בוך! נאָך ביז איצט ווייסט מען אייגנטלאך נישט קלאָר וואס פּרץ האָט דערמיט געמיינט. האָט ער אין א פּעריאָד פון רעוואָלוציאָנערן קאמף קעגן, צאַר, געוואָלט שליידערן די סאטירע און אומזין פון אָט דעם קאמף? האָט ער זיך אנטוישט אין די רעוואָלוציאָנערע מעטאָדן? האָט ער גאָר, ווי אַנדערע ווייזן אָן, געוואָלט אנטפּלעקן דאס מיזעראבעלע אידישע לעבן וואָס לעבט מיט מתים, וואָס האָפּט אויף תחית המתים, וואָס פויזעט אַרום אויפן מאַרק און לאָזט זיך אויסלאַכן דורכן גראָטעסקן געץ?

איך גלויב נישט אין דיביידע קריטישע היפּאָטעזן. פאַר מיר איז די שוידערלעכע קאָמעדיע אויפן אלטן מאַרק — א קאָשמאַר, אַ שרעקלאַכער קאשמאר פון א פאַרצווייפלטן גאון. מיר דוכט אז פּראַגמענטנווייז איז דאָס ווערק שוואך. ביים לייענען עס ווייסט מען ניט וואָס צו זאָגן באַשטימט. מען ווערט גיכער אנטוישט. אבער אינגאַנצן גענומען, נאָכן לייענען — ווערט עס שוידערלאך. די וויזיעס פון רעוואָלט פון די טויטע צעשמעטערן, לעכערן די געהירן. ערשט שפּעטער ווערט דער קאשמאר לעבעדיג און איר דערפילט אַז אַ שרעקלאכער זשעניע האָט אייך באַהויכט מיט א פינצטערע מרה שחורה. אז עפּעס גרוילהאַפּטעס האָט אייך בערירט מיט א ביינערדיגער האַנט און איר ציטערט פון שרעק און קעלט...

און דאן דערזעט איר דאָס ציניש-לעכערלאכע פון דעם גאַנצן לעבן אויף דער ערד. „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק“ ווערט דער שרעקלאכסטער פאַרס אויפן לעבן פון דער מענשהייט. אַלע אַנשטרענגונגען ענדיגן זיך מיט צוזאַמענברוך. אַלע רעוואָלוציעס זיינען אומפּרוכטבאר. נישטאָ קיין אויסוועג... עס איז דאָס פּעסימיסטישע בוך וואס איך האָב ווען געלייענט. טויטע זיינען פון פאַראויס פאַרמשפּט צו פאַלן. טויטע זיינען צעפוילט. און אזוי שפּילן די טויטע אַ קליינע ווײַלע די ראָלע פון לעבעדיגע... עס איז לויטער חוזק!

אין „פאוסט“ קומט פאַר אָט די זעלבע טראַגעדיע: פאוסט, דער העלד, ווייל דערגרייכן איבערמענשלאַכעס. אָבער דורכן גאַנצן גראַנדיעזן לעבן פון פאוסט קרייצט זיך דורך די צינישע געשטאַלט פון אייביגן חוזק: מעפיסטאָפעלעס! מעפיסטאָפעלעס. זעט דאָס לעכערלעכע אינם גראַנדיעזן. זעט דעם אייביגן דורכפאַל אין יעדער העראָישער טאַט. זעט דעם פוילנדיגן סקעלעט אינם בליענדיגן לעבן. מעפיסטאָפעלעס איז די אבסאָלוטע נעגאציע פון מענשלאַכן לעבן און קאמף.

די געשטאַלט פונ'ם לץ אין פּרץ'ס דראמאטיש ווערק שפּילט אָט די מעפיסטאָפעלישע ראָלע. דער לץ איז דער וואָס קוקט זיך צו פּאַסיוו צו דער גראַנדיעזער קאָמעדיע — און לאַכט אינערלאך אָפּ פון אַלץ. דער לץ איז די פאַרקערפּערונג פון פּרצ'ס סקעפּטיציזם, פון זיין אייביגן שמייכל. אין פּרצ'ן האָבן געלעבט צוויי נשמות, ווי געטע לאָזט זאָגן וועגן „פאוסט“. פּרץ איז געווען דער פייערדיגער ענטוזיאַסט, דער חסיד, וואָס פאַדערט דעם קאָסמישן „שבת“ — און

גלייכצייטיג האָט ער א שנייד אויף געטאָן מיט א בליצאַרטיגן „אינ-דערוואַכן" און האָט ארויסגערופן געשטאַלטן פון דער ערד, צעפויל-טע און צעבראָכענע, פון ווערם צעגריזשעטע — און האָט זיי געלאָזט אָפּשפּילן דעם „דאַנס מאַקאַברע", דעם שרעקלאַכן טאַנץ פון זינלאָ-זיגקייט און לעבערלעכקייט. דאָס מאָרדידע און דעקאַדענטישע האָט פאַר א ווײַלע באַהערשט דעם גאון! דער גרויסער גלויביגער האָט באַזעסן אין זיך דעם מעפיסטא פון אייביגן פאַרלייקענער.

* * *

און — אַזוי טוישן זיך די פאָרמען, די געפילן, די וויזיעס און די עמאָציעס; פון פעלעטאָניסטיש-לייכטזיניגן — צום גראַנדיעז-דערהויבענעם. פונם טייוויליש-לעבערלעכן — צום העראָאיש-ענטוזי-אַסטישן. ער טרינקט זיך אָן, ווי באָדלער, מיטן גאָרן לעבן און שליי-דערט עס ארויס אין פאַרשיידענע געשטאַלטונגען — שקלאַפיש זיך איבערגעבנדיג צו דער באַווירקונג, שטימונג, קאַפּריז, צייט-שטימונג, סביבה... אָט איז ער באַהערשט פון היינע'ס ראָמאַנטיק, לעגענדאַריש-קייט, לייכטקייט, איראָניע, קלוגשאַפט, גראַציע, רעוואָלוציאָנערישקייט און לעבנס-דורשטיגקייט — און, ער אימיטירט אים, נישט זייענדיג צופיל אָריגינעל-שעפעריש, אין ליבע-לידער, אין נאַטור-לידער, אין ראָמאַנסן, וועבער-מאָטיוון און פאָלקס-לידער. (לייענט זיין באַנד לידער — „פון שטוב אין גאַס". אָט שרייבט ער מעשה'לאך ווי אָסקאַר ווײַלד און זעצט טאַקע איבער דעם טראַגישן ענגלישן עסטעט און לאָרד פון שיינקייט. אָט גיסט ער אָן פּרעכטיגן טאָקאַיער ווײַן אין מיאוסע, אַלטע, ליימיגע כלים — און אָט פילט ער אָן פאַנטאַס-טיש-שיינע בעכערס מיט לבנה'דיג-ראָזן ווײַן; אָט לייכט דין און אומ-דרייסט אויף דאָס עראָטישע — און אָט פלאַטערט אויף דער בליאַסק פונם מיסטישן און אָקולטיסטישן. דאָס מעטאַפיזיש-פילאָסאָפישע.

און — אין פיבער פון אָנגיסן אַלע פאָלקס-בעכערס אין גאָלדענע קריגן מיט ווײַן — האָט זיך אָפט אריינגעטראָפן — וואַסער. אין שנעלער שעפערישער ארבעט — האָט אָט דער ריז זיך נישט זעלטן פאַרפלאַכט. אָבער — ער איז כאַראַקטעריסטיש אין זיין שטורעמ-דיקייט, דעמאָנישקייט, אַל-אומפאַסענדיגקייט; ווי ער ווערט באַ-הערשט פונם מאָמענט און דינט אים געטריי; ווען ווערטן און פעס-טונגען קראַכן — שאַפט ער אין עקזאַלטירטן און אפשר אויך סאַרדאָ-נישן זשעסט — דאָס פשוט'ע ליד פאַרן קינד. ער איז אקטיוו אלס רעד-נער, טעאַטער-מענש, פאָלקס-טריביון. דאָס איז א מאַן וואָס קען נישט קיין רו — און פאַלט טויט, ווי עס פאַסט פאַר אַזאַ פּראָמעטע-אוס, מיט א צעריסן האַרץ...

און — דאָס איז אויך דער סוד פאַרוואָס ער איז די טעמע פאַר דיסקוסיע און דער דיכטער וואָס באַווירקט צום מערסטן — די שפּע-טערדיגע קינסטלער. רייך אין וואַריאַציעס, פאַרשידנאַרטיג, א פאַנ-טאַסטישער סאַד מיט אַלערליי פרוכטן, א קאָלאָסאַלער גאָרטן וואו עס וואוינט גאָט צוזאַמען מיט אַלע מיטאָלאָגישע האַלב-געטער, אַ דענ-קער; מיסטיקער, איראָניקער, צווייפלער, סקולפּטאָר, ליד און קולטור-מענש, באַווירקט פון מעטערלינק, פון ריכאַרד דעהמעל — דעם ערשטנס שטרעבונג צום מיסטישן און דעם צווייטנס — צום אקטו-אַלן און אַל-אומפאַסנדן — אָט דער בונטער קאָמפּלעקס פון פּראָב-

לעמען, אַט די קאָמפּליצירטע דראַמע פּרץ — איז נאַטירלאַך און זעלבסטפאַרשטענדלאַך דער העלד פון אַ סך מענשנס ענטוזיאַזם, מחשבות׳ן, צווייפלען, רעאַקציעס און רעפלעקציעס. יעדער געפינט זיך — לויט זיין אייגענעם מהות און טעמפּעראַמענט — אין פּרץ׳ס אַ געוויסן אַספּעקט, דערשיינונג, געביט. וואָס ברייטער און קאָמפּליצירטער פּרץ איז — אַלץ געווינשטער דער באָדן פאַר אַלערליי דיכ-טער, דענקער, מעדיטאַטאָרס אים צו גנעניסן, צו ווערן באַווירקט — אָדער: אָפּצולייקענען, רעווידירן, זיך אַנטקעגנשטעלן, וואָס דאָס איז אויך אַ גרויסער שעפערישער קוואַל, אַן אַרענע פון אַקטיוויטעט.

אָט דאָס — מיר דאַכט — איז דאָס כאַראַקטעריסטישע אין י. ל. פּרץ. דאָס אייביג-דינאַמישע, באַוועגלאַכע שטורמדיגע, זיך-ענדערנ-דיגע אין אים. ער איז אין דעם אַלעם — מענש. דאָס מענשלאַכע איז נישט סטאַטיש, נישט געפּרוירן, נישט פאַרגליווערט.

אין אָט די אומאויסשעפּלאַכע און אומשטערבלאַכע אַקטיוויטעט, אין אָט דעם אייביג-דינאַמישן כח און זשפּיל פון ענערגיעס, אין דער פאַנטאַסטישער סימפאָניע פון אַלערליי שטימען, מעלאָדיעס, אין אָט דעם טריומפאַל-הערויִשן רעגנבויגן פון זיין זשעניע — איז י. ל. פּרץ גלייך צו קאָסמאָס, צום אוניווערס און זיין קאָלאָסאַלער, אומדערמיד-לעכער ענערגיע - און - פאָרם-מאַניפעסטאַציע און שפּיל...

* * *

פּרץ איז געווען פאַר דער אידישער, אַלטער קולטור פון תנ״ך. ער איז אויך געווען פאַר מאָדערנער, וועלטלאַכער קולטור. פּרץ האָט געהאַט אַ טיפן אריינבליק אין זאַכן. ער האָט געוואוסט וואָס עס איז עכט און פאַלש. ליבנדיג דעם אמת און דאָס פייערלאַכע, דאָס העראָ-אישע, דאָס פּראָפעטישע — האָט ער געפילט די גרויסקייט פון תנ״ך, פון דער אַלט-העברייאישער קולטור. האָט אויך באַוואונדערט די נייע קולטור-ווערטן. ביידע קולטורן האָט ער פאַרקערפּערט אין „ווע-נוס און שלמית״. ווענוס — אַ קאַלטער מאַרמאָר-קערפּער, פּאַסיוו און שיין. זנות, מאָרד און רציחה — איז פאַרבונדן מיט איר עק-זיסטענץ. בשעת שלמית איז היים-בלוטיג, געזונט, ערדיש און אייביג.

אַ פיינע אויפפאַסונג איז פּרץ׳ס איבער גאָט. גאָט איז אַקציע, אַקטיוויטעט, בענקשאַפט צום שאַפן, דינאַמיק. לעבן — איז גאָט. דאָס הייסט — האָבן אַ געטלעכן ווילן, געטלעכע פאַרשטעלונגען, דעם פאַרלאַנג אויסצופירן דאָס אַרומיגע לויט דער געטלאַכער קאָנצעפּ-ציע, לויט דער אידיי עס צו ענדערן, אַריינפירנדיג וואָס אַמאָל נייע פאָרמען, אַ שותף זיין צו מעשה בראשית.

ווער עס זעט די געוואַלדיגע אָרדנונג אין דער נאַטור, איר סיס-טעם — ווערט מיטגעריסן מיט איר, מיט גאָט. ער וויל זיין אַ טייל פון אין-סוף. ער וויל זיך אויפלעזן אין אוניווערס. ער איז גליקלאַך צו זיין אַ טייל פונם געוואַלטיקן וועלט-אַל.

נאַטור באַווירקט פּרץ׳ן — גייסטיג. ער אָטעמט אָפּ אין אירע ריזיגע אַלעיען. אַבער כדי צו שאַפן — מוז ער שעפּן מאַטעריאַל פון לעבן. (אויך טאָראָ, הגם שטענדיג אין איינזאַמער, פאַרברייננגנדיג אויף דער נאַטור, ביים וואַלד, פעלד און טייך — מוז קומען צום מענשלאַכן לעבן. די נאַטור דאַרף, לויט טאָראָ, אָפּשפּיגלען דאָס מענשלאַכע).

רעליגיע — לויט פּרץ — איז גוט. זי עפנט גוואַלטיגע קוואַלן פון אַספּיראַציעס פאַרן מענש. זי גיט אים זין, רואיגקייט, אייביג-קייט. אבער רעליגיע ווערט פון די מענשן פאַרקריפּלט. פּרץ איז אַ פריידענקער אין דעם זין וואָס ער דענקט פריי — אבער ער איז נישט קיין אַטעאיסט.

בכלל גלויבט פּרץ אין טאָלעראַנץ, אַלס דער פונדאַמענט פון די באַציאונגען צווישן מענש און מענש. ער גלויבט אויך אין אויפ-קלערונג, כדי אָפּצורייניגן דאָס אומריינע פונם ריינעם. נאָר אַ קול-טורעלער, באַוואוסטזיניגער מענש קען באַגרייפן דאָס שיינע אין רע-ליגיע, קונסט, נאַטור און לעבן.

קריסטוסן באַנעמט פּרץ ווי אַ טיפּישער איד, וועלכן די קריסטן האָבן ביז היינט נאָך נישט פאַרשטאַנען און פאַר די אידן איז ער קיין נייעס נישט געווען. זיין לערע איז געווען — מיטלייד. ליבע. ריינקייט. לייטערונג. הויך שטייגן.

פּרץ האָט אַ שטילן מיטגעפיל צו די אָרעמע, שטילע, באַהאַל-טענע אינם פאָלק, וועלכע פילן טיף, ליידן און קרעכצן און ווערן באַהאַנדלט ברוטאַל פון דער געזעלשאַפט. ער שילדערט די טיפּן אין יוחנן וואַסער-טרעגער, אברהם דער באָס, מאַטיע פישער. טיפּע דראַנ-גען און פאַרלאַנגען הייערן אין זיי, ווי פאַר׳עקשנ׳טע שטראָמען וועל-כע רייסן זיך ערגעץ. דאָס זיינען די צאַרטע צדיקים אַלס קליינ-שטעטלדיגע אידן — די ל״ו׳ניקעס.

דאַגעגן — האָסט ער באַנטשע שוויג, אַ מאַן מיט וואונדער-שיינע אַספּיראַציעס, וועלכער פאַרלאַנגט גאָרנישט פון בית דין של מעלה. בלויז אַ בולקע מיט פּוטער... וואָסאַרא ביטערער חוזק!

פּרץ רעכנט אויס די דרייערליי העלדן פון די מענשן. פאַראַן מענשן — געניאַלע — וועלכע גייען דורך בערג-שפּיצן און פלאַמען, אָפּגרונטן און פעלזנשפּאַלטן. דאָס זיינען סיסטעמענבויער, שעפעפ-רישע נאַטורן, וועגן-לייגער, פּיאָנערן.

פאַראַן מענשן — אָן סימבאָלן, אָן צייכן, פאָרמען; אָבסטראַקט זיינען זיי און גייסטיג. זיי זיינען שטיקער נשמה, זייער לעבן אליין איז געדאַנק און געבעט.

און — מענשן מיט ווילן. דאָס לעבן, די וועלט, איז פאַר זיי ליים, ווי פאַרן סקולפּטאָר. זיי פאָרעמען עס, פאָרמען, שאַפן. אַלטע מוזן אָפּטרעטן. דאָס ליים מוז אויפסניי איבערגעקנאָטן ווערן.

**פּרץ** — וויל שטענדיג זיין פייערלאַך, שיכור, ענטוזיאַסטיש, עקסטראַטיש.

פּרץ איז דער דיכטער פון דער יוגנט. ער זוכט די פערזענלאַכ-קייט אינם מענשן. ער וויל שאַפן אַ אידישע ליטעראַטור — צו בילדן די מאַסן. ער באַאַרבעט אפילו צום דאָזיגן צוועק, פאָפּולער-וויסנשאַפטלאַכע ווערק.

ער איז פירער פון יידישן פאָלק. פירער פון די שריפטשטעלער, פון דער יוגנט. זיין וואָרט פלאַמט און צינדט.

ער אַרבעט אין מלחמה-צייט פאַר די היימלאָזע. בכלל איז פּרץ פון יענע קינסטלער-געשטאַלטן וואָס קענען זיך נישט בלויז אויס-לעבן אין שאַפן. זיי מוזן שאַפן אין לעבן. זיי מוזן זיין אַקטיוו אין לעבן.

ווי אלע גרויסע מענשן און נביאים — איז פרץ געווען א טרוי-מער, האָט געגלויבט אינם אידעאַלן, האָט ארויסגעבראכט דאָס עטישע און דאָס קאָסמיש-באַוואוסטזיניגע.

א. י. זאקוסקי — אין זיין נישט-לאַנג צוריק-אַרויסגעגעבענעם ווערק איבער פרץ — רעזומירט פּרץ'ן ווי א שריפטשטעלער, וואס האָט געשריבן קינדער-לידער, ליבע-לידער, אלעגאָריען, פאבלען, אקדמות. האָט איבערזעצט היינע, ביאליק, אָסקאר ווײַלד, די מגילות. איז גע-ווען א פירער, א דענקער, א לערער, אן אָנרעגער פון אלע קולטור-אַקטיוויטעטן ביים פאָלק. האָט אויסגעפּרואווט די רעאַליסטישע שול, די ראָמאַנטישע, סימבאָליסטישע, דעם פּסיכאָלאָגישן אנאַליז. געווען סקעפּטיקער, אידעאַליסט און ראַציאָנאַליסט. איז געווען דראַ-מאַטורג, עסייאיסט, פּעדאַגאָג, טעאַטראַל, פּובליציסט, פּאָעט, פּעליע-טאָניסט, נאָוועליסט. הכלל — א ריזיגע פיגור פון א סך פאַרב און זשעסט, דראַמאַטישקייט און קראַפט.

* * *

אויף פּרצ'ן איז אויסגעפאַלן דערזעלבער גורל ווי אויף געטע און פּושקין: צו שאַפן אין פארשידענע ליטעראַרישע פאָרמען, ווייל ער איז דער פּיאָנער-קלאַסיקער אין דער אידישער ליטעראַטור. אזוי האָט ער געשאַפן אין דראַמאַטישער פאָרם. אין דער קורצער, מאַפּא-סאַנישער דערציילונג. אין דער גאַלאַנטער עסיי, אין עפּאָס, אין ליבע-ליד. אין דער איבערזעצונג, אין קינדער-ליד, אין יעדער ליטעראַרי-שער פאָרם גילט ער און לויכט מיט א בליצאַרטיגן פייער. ער וואַרפט זיך כסדר פון איין פאָרם צו דער אַנדערער. ער קען נישט רוען. נישט שטענדיג אפילו באַהערשט ער מייסטערהאַפט די פאָרם. דער גרויסער אומרו ציטערט אין זיין נשמה. ער טראָגט זיך כסדר אויף איקאַריש - בריליאַנטענע פליגלען צו דער זון, צו דער גרויסער זון פון פייער..

דורך אלע פאַרמען גליט איין הערלאכער רעגנבויגן — דער רעגנ-בויגן פון שיינקייט, די בענקשאַפט צו האַרמאָניע, צו עסטעטיק. אין אַלע פאָרמען איז ער שאַרף און פּלאַסטיש. מיט א קורצער פראַזע באַ-שאַפט ער אַפטמאָל א וויזיע. ער האָט פּשוט נישט קיין צייט צו שיל-דערן לאַנג. ער אַפּעלירט דורך זיין געשליפנקייט און קורצקייט צו דער פאַנטאַזיע פונם לעזער. ער דערזאָגט קיינמאָל נישט... יעדער זאַך איז אייגנטלאך א סימבאָל... דאָס טיף-ערדישע מוז דאָך זיין די אָפּשפּיגלונג פון הימלישע אידייען... דאָס מענשלעכע איז אפשר א קאַמף פון געטער... מענשלאכע גראַנגל — א שפּיל פון הימלישע טיטאַנען. ווער ווייסט...

אין דער צייט פון קריג ווערט ער קראַנק, אַלט און גרוי. ער זעט צופיל ליידן און מאַטערניש. ער קען נישט שאַפן מער. ווי קען מען אין אזא ברוטאַלער צייט שאַפן שיינקייט, האַרמאָניע, ווען אלע ווערטן ווערן געשענדעט. ווי קען מען טרוימען דעם אידעאַלן מענש, ווען מענש איז חיה און נאָך גרוילזאַמער, נאָך צינישער, נאָך מער צו-להכעיסדיגער! אזא זשעניע ווי פּרץ מוז פּלוצלינג דערזען דעם שווי-דער פונם שרעקלאכסטן אָפּגרונט אין דער וועלט-געשיכטע. ער מוז שווידערן אין די קאַלטע נעכט פון בלוט און גרויל... זיין האַרץ ווערט אָפּגעשוואַכט. אונטער די אויגן ווערן זעקלאך געשוואָלן. דער שטענ-

דיגער אריסטאָקראט און גייסט-ענטוזיאַסט — פּרץ — ווערט דער-דריקט און צעבראָכן, ווי א ריזיגע סטאַטוע ברעכט זיך, ווען פיילן צעשמעטערן אירע גלידער...

די מוזע פון פּרץ האָט זיך באהאלטן אויפן אייביגן פּארנאַסוס און זאָגט איר צו טויזנט זונען — זי קומט ניט מער אראָפּ פונם געטער-בארג...

אין אָט דעם פינסטערן פּעריאָד, בלייבט פּרץ'ן צו טאָן איין זאַך: צו שרייבן קינדער-לידער פאַר דער אידישער שול... ער טוט עס מיט ליבע... ווען די מענשהייט האָט צוזאַמענגעבראָכן, געוואָרן ווילד — בלייבט איבער אַלע האָפענונגען פארן קינד, פארן נייעם דור... און אָט דעם אומשולדיגן קינד זינגט פּרץ זיין לעצט, שיין ליד...

די נשמה פונם זשעניע איז א בליץ. דער בליץ בענקט צום קאָסמאָס, צום הימל, צו דער אוניווערסאַלער שיינקייט. אָבער זיך דורכטראָגנדיג אין דער נאַכט איבער דער ערד — דערזעט ער אַזוי פיל ליידן און ביטערניש, ער באַלייכט אַלץ, פאַרגיסט מיט זיין גאָל-דענעם ליכט דעם טרויעריגן טאָל. ווי יענער הערלאכער נביא, זעט ער אינם טאָל בלויז ביינער און טרויער. בלויז שמוץ און שרעק. אין דעם שיין פון זיין בליצאַרטיג ליכט ווערט דאָס מיזעראַבעלע נאָך בולטער. אין ביטערער פאַרצווייפלונג פּרוּווט ער וועקן די ביינער, פּרוּווט ער אָנצינדן מיט לעבן די וויזיעס. דאָס איז א טראַגישע ראָלע! די טראַגישסטע אויף דער ערד! דער בליץ טראָגט אין זיך הימלישע האַרמאָניע... ער איז פאַראורטיילט, ווי שעללי זינגט אין איינער פון זיינע פּאָעמען, „צו פאַרבלוטיגן" אויף דער ערד. עס קומט פאָר א ביטערער גראַנגל צווישן גייסט פונם נביא און די גלע ביינער אין טאָל... דער אייביגער גראַנגל פון ליכט און נאַכט... דאָס הערלישע מוז זיך ענדיגן טראַגיש. מוז פאַרברענט ווערן אין זיין אייגענעם פייער...

און פּרץ שיינט מיר צו זיין איינער פון יענע קאָסמישע בליצן, וואָס פאַרבלוטיגן אין גראַנגל אויף דער ערד. דער אייביגער געגנ-זאַץ צווישן אידעאַל און ווירקלאַכקייט איז אויך זיין טראַגעדיע. ווי עס איז די טראַגעדיע פון לעאָניד אַנדרייעוו, פון אינערלאַך-צעריסע-נעם, ראָמאַנטיש-בלייכן האַמלעט. פון שלאַנקען, אין פאַרזשאַ-ווערטן פאַנצער-געשמידטן דאָן-קיכאָט. פון עסכילאָסעס אומשטערב-לעכן געטער-העלד — פּראָמעטעאוס...

בשעת איך שרייב די שורות, איז בין-השמשות-צייט... א בלויער הימל פאַרציט זיך איבערן אוניווערס... מיר דאַכט אַז איך דערזע אין דער בלויקייט א גראַנדיעז געזיכט פונם וועלט-גייסט. דאָס געזיכט וויינט... איך זע טרערן אין זיינע אויגן. דאָס געזיכט דריקט אויס מיטלייד צו דער ערד, צו דער קאַלטער ערד, וואו אַזוי פיל ליידן זיי-נען פאַראַן... דאָס געזיכט ווערט בלייך און בלייכער, פאַרשווינדט ווי די זיידענע קאָלירן פון א רעגנבויגן...

איך בין מיד. איך קוק אויף א פּרץ-בילד; דער דאָזיגער גרויסער אידישער שריפטשטעלער האָט אויסגעזען ווי א פּעאָדאָל, מיט פלאַמנ-דיגע אויגן. עס איז דאָ עפּעס זיגערישעס אין אים. עס איז דער גרויסער זיג פון דער טראַגעדיע וואָס דערהויבט זיך איבער זיך אליין

און דערגרייכט צו קאָסמישער פרייד. עס איז דער זיג פונם בליץ, וואָס טראָגט די ערדישע וויזיעס צו די הימלען און שליידערט מיט געוואַלט א נייע וויזיע פון הארמאָניע און פרייהייט... עס איז דער זיג פון דעם בעטהאָוון-העלד — וואס אין פארמעסט מיט דער רעאַ־ליטעט, מיט דער אונפולקאָמענקייט פון מענשלאכן לעבן — שטורמט ער אוים זיין סימפאָניע פון פרייהייט און גליק—שליידערט ער זיין מאָ־דעל פון אַז אוניווערס וואס איז שענער און הארמאָנישער ווי גאָטס שאפונג — אונזער וועלט. אין זיין געזאמטן ווערק — און אין דער ווירקונג פון זיין ווערק — האָט פריץ טריאומפירט און אויף אייביג אוועקגעשטעלט זיין מאָנומענט אין ברענענדיגן הארץ פון אונזער אידיש פאָלק.

ניו-יאָרק, פעברואר 2, 1945.

# איציק מאַנגערס נייע לידער

איציק מאַנגערס נייע דריי ציקלען לידער אין די שיקאַגער „ליטעראַרישע זאַמלונגען” צייכענען זיך נישט אוים מיט קיין ספּע־ציעל נייע אייגנשאַפטן. זיי צייכענען זיך אָבער אוים מיט די אַלטע אייגנשאַפטן פון דעם רומעניש־אידישן פּאָעט, וואָס שטעלן אים אוועק אין דער סאַמע אויבנאָן פון ריינער אידישער ליריק. דער שרייבער פון די שורות האָט שטענדיק געהאַלטן אַז איציק מאַנגער איז אונזער גרעסטער לירישער זינגער. איציק מאַנגער איז טיפּיש אידיש. און צו דערזעלבער צייט איז ער אַ פּארביק און עקזאָטיש געוויקס, וואָס מען דאַרף נאָכפּאָלגן זיינע וואָרצלען אין דער גאַנצער דיכטונג פון דער וועלט.

עס וואָלט געווען כמעט אוממעגלעך די עקזיסטענץ פון אַן איציק מאַנגער — אָן דער דייטשער ליריק, מיט היינריך היינען בראש, מיט ריכארד דעמעל, מיט ליליענקראָן, מיט אַלע יענע ראָ־מאַנטיקער און רעוואָלוציאָנערע פּאָעטן. היינריך היינעס וויץ און שארפזין, סאַטירע און איראָניע, טראַגיק און וועלט־שמערץ, אידישן פּיין און בענקשאַפט צו גאָט, ראָמאַנטיק און שעפערישקייט — האָט שטאַרקע ריטמען אין דער מאַנגערישער פּאָעזיע. עס וואָלט געווען שווער די עקזיסטענץ פון איציק מאַנגער זיך פאָרצושטעלן אָן דער פראַנצויזיש־פּארנאַסיסטישער און סימבאָלישער פּאָעזיע — ספּעציעל אָן ווערלען, וועמענס מוזיק און רירנד ליד ביז טרערן פילט זיך אין מאַנגערס פּאָעזיע. די פראַנצויזישע קולטור — וואָס האָט באַווירקט די קולטור און ליטעראַטור פון רומעניע, פון די בעסערע אינטעלעקטועלע קרייזן פון רומעניע — האָט אויך גע־פונען זיין אָפּקלאַנג אין מאַנגערן.

אַפּילו דער אַלט־כינעזישער פּאָעט, לי־טאַי־פּאָ, איז פארטראָטן אין אָט דער ליריק — צוזאַמען מיט די ציגיינערישע טענצער און דיכטער פון בעסאַראַביע און מאָלדאַוויע. איציק מאַנגערן איז זיך אוממעגלעך פאָרצושטעלן אָן רומעניעס ראַפינירטער ליטעראַטור — אָן די בראָדער זינגער — די ערשטע אידישע נאַכטיגאַלן וואָס האָבן געזונגען און געשפּילט אין רומענישע קרעטשמעס אין פּאָ־

ריקן יאָרהונדערט. און אָן גאָלדפאַדנס טעאַטער. אָן די פּוילישע בדחנים וואָס האָבן — די ערשטע שוואַלבן — פאַרשפּרייט די פליגל פון אידישער דיכטונג. אָן די מאַפּע פון רומעניע — די פאַר־ביקע מאַפּע, פול מיט בלומען און מיט פלאַנצן, מיט גערעטענישן פון תבואה און פרוכטן. אָן דעם אָריענטאַליש־באַלקאַנישן באַלדאַכין וואָס האָט באַווירקט רומעניע און אָן דעם פּאָעטישן כישוף פון יענער שטיק לאַנד — וואָס גרענעצט זיך מיט דייטשלאַנד און אונ־גאַרן און סאָוועט־רוסלאַנד און דעם פאַרביק־בונטן באַלקאַן — און רירט אָן געאָגראַפיש און אינטעלעקטועל פילע לענדער, פעלקער און קולטורן. איציק מאַנגער איז אַלזאָ אַ פּראָדוקט פון די אַלע ווירקונ־גען — און זיין גרויסער טאַלאַנט האָט אים דאָך אַרויסגעהויבן ווי איינעם פון די ערשטקלאַסיקע פּאָעטן — וואָס האָט ניט קיין גלייכן צו זיך אין מוזיק פון ליד, אין דער זינגעוודיקייט פון זיין נאַכטי־גאַל־ליריש ליד און אין זיין אמתער, האַרציקער, אידישער פאָלקס־טימלעכקייט.

און — אַזוי זיינען אויך זיינע נייעסטע לידער. איציק מאַנגער קען דינען ווי אָן אילוסטראַציע צו דער אומבאַרירלעכקייט און הייליקייט פון פּאָעט. דורך די וואָלקן־ברוכישע בלוט־שטראָמען פון איירעפּעאישן אידנטום — דורכלעבנדיק דעם קריג אין פּאַריז, וואַרשע און לאָנדאָן — האָט זיך דער פּאָעט נישט געענדערט. בעז־פּריש איז פאַרבליבן דער פּאָעט. די רויז פיגורירט אין זיינע לידער ווי ביז איצט — ווייס און לבנהדיק און צו די ליפּן מיט קושן צאַרטע געפּרעסט... פאַרן פּאָעט האָט זיך גאָרנישט געענדערט. די נאַטור איז פריש ווי מיט טויזנט יאָר צוריק — ווי מיט אַ מיליאָן יאָר צוריק — און דער פּאָעט, דער גרויסער טרוימער פון דער וועלט, גייט אַרום אין דעם גרויסן סאָד און פליקט זיינע רייפע לידער, ווי מילגרוימען סאַמעט־שוואַרצע פון נידעריקעביימער.

דאָס לעבן איז אייביק. און דער פּאָעט איז דער וואָס זעט די קליינע, מכלומרשט אומוויכטיקע זאַכן פון לעבן. די אַרמייען און זייער משוגענער פוריע צעטרעטן פעלדער, וועלדער, פּרעכטי־קע לאַנדשאַפטן. אָבער דער פּאָעט איז דער יעניקער וואָס וועט אַריינגיין אין די וועלדער און זוכן דאָס ליד פון דער קוקאַווקע, זוכן די מאָן־בלום וואָס פלאַמט ווי אַ פאַרליבט האַרץ, זוכן די דינסטע גרעזלעך ווי שטיקלעך זייד, זוכן דעם כישוף פון אומשטערבלעכער נאַטור און ראָמאַנס. ער איז דער נאַר, דער אייביקער נאַר, וואָס שטייט פאַרכישופט פון ליבע און פון שיינקייט. און נאָך בלוטיקע צייטן קומט ער ווידער אַרויס, דער פּאָעט, מיט זיין הייטער, מיט זיין פריילעך פייפל, און ער שפּילט אַ הייטערן ליד, און ער פרישט אָפּ דער וועלטס נערוון...

אַנאַקרעאָן — איז דער העלד פון דעם ערשטן ציקל לידער. אַנאַקרעאָן איז אַ גריכישער פּאָעט. ער האָט ליב געהאַט וויין, ווייב און געזאַנג. די לעגענדע דערציילט אַז אַנאַקרעאָן איז געשטאָרבן אין פעלד, נאָכדעם ווי אַ פויגל האָט מיט זיין שאַרפן שנאָבל אים אַ פּיק געטאָן אין שאַרבן. (עס איז יעדנפאַלס אַ מער נאַטירלעכער טויט ווי צו שטאַרבן אין מלחמה — טויטנדיק יונגע מענטשן). אַנאַקרעאָן איז אַ וואַנדערער איבער דעם לאַנדס סעדער און גערט־

נער. אנאקרעאן איז דער אייביקער נאַר. פראַגמענטן פון זיינע זיסע לידער זיינען פיצלעכווייז פאַרבליבן אין אַנטאָלאָגיעס. די מערסטע לידער האָט ער אַוודאי געלאָזן דאָ וואו ער האָט געטרונקען וויין און געגעסן פרישע אויבס. דאָ וואו עס איז אונטער דער לבנה געווען זיין געלעגער.

און איציק מאַנגער ווילט זיך אויס דעם דאַזיקן הייטערן שיכור — פאַר אַ פּאַסיקן ברודער. אנאקרעאן — דאָס איז איציק מאַנגער מיט עטלעכע טויזנט יאָר צוריק. איציק מאַנגער, דאָס איז אנאקרעאן מיט עטלעכע טויזנט יאָר שפּעטער.

די וועלט איז פריש ווי אין ערשטן טאָג, ווען איציק מאַנגער זינגט אויפן חשבון פון ברודער אנאקרעאן — „מיידלעך מיט זילבערנע קריגלעך לאָכן מיין פענסטער פאַרביי, דאָס געלעכטער ברויזט אין דער לופטן און שמעקט ווי אַ שטענגל מאַי. איך אָטעם טיף, און ווער ווידער אַ יינגל פון דאָס ניי. איך ווער יונג און יינגער. — אַ וואָלקן שיפט זיך אַהער און אַהין. ער טרינקט די הימלישע בלויקייט, איך זשליאָקע דאָס ערדישע גרין. און מיר וואַנדערן ביידע בגילופין און מיר ווייסן ניט וואוהין".

און דאָס ווייכטיקסטע איז וואָס אנאקרעאן איז נישט מער גריך — נאָר אוניווערסאַלער איד. אנאקרעאן זינגט אַ אידיש פאָלקס־ליד. אנאקרעאן פילט זיך אויפן אידישן פאַרנאַס ווי ביי זיך אין דער היים.

„קוקו, קוקו, זיסער פויגל
כ'קוק און זע און האָב הנאה
ווי די וואַסער־בתולות שווימען
אין די וואַסערן די בלויע.

כאָטש מיין באָרד איז ווייס און ציטערט
ווי ביי אַלע אַלטע מענער,
ווייס איך אָבער זיסער פויגל
וואָס ס'איז שיין, און וואָס ס'איז שענער.

און אָט איז איין קורצער שפּרונג פון אנאקרעאן, דעם דיכטער פון אייביקן פרילינג און וויין און ליד און ווייב, צום קעניג דוד און צו זיין תהילים. און דער תנ"ך ווערט אונז היימיש און ליב. שוין אין חדר איז דער תנ"ך געווען אַ פּשוטע היימישע זאַך. די העלדן און קעניגן — נאָענט צו דער פּסיכיק פונם איינגל. אָבער דער פּאָעט מאַכט נאָך נעענטער דעם תנ"ך, דורך דעם געהיימען אַלכעמישן עלעמענט פון דאָס אייביק־מענטשלעכע. אַ יאָרטויזנט, צי צוויי, צי צען, ענדערט ניט די פונדאַמענטן פון הימל און ערד. דער פּאָעט האָט זיין קליינעם טעאַטער — זיין ראָמאַנטיש קליינע בינע און די קעניגן און קעניגינס זיינען פּיצלעך מאַריאָנעטן, און זיי טאַנצן און שפּילן און זינגען אין איציק מאַנגערס רעפּערטואַר. זיי ווערן קיינמאָל נישט אַלט. אַ ביסל שטויביק, פאַרלעגן, נאַפטאַ־ליניש? אָט רייצט דער פּאָעט אָן דעם פיינסטן ווינט און ווי אַ בערשטל יאָגט ער אָפּ דעם שטויב און תנ"ך ווערט אַ היימיש לעבנס־

שפּיל... דאָס איז איציק מאַנגערס כּישוף, דאָס איז דער געהיימער וויטאַמין פון דעם איציק מאַנגערישן הומאָר.

וואָס קען שוין מער זיין אין עכטן פאָלקסטימלעכן טאָן און אין זיסקייט פון מוזיק — ווי דאָס ליד „אבישג":

„אבישג מוסרט דעם דערנער קוסט וואָס האָט ביי א לעמעלע־מעע אָפּגעצופּט א בינטל וואָל:

— 'פע דו לאָבוז, פע".

אָט אַזוי זינגט און שפּילט איציק מאַנגער אויף א תנ"ך־מאָטיוו. וועלכע ווייכקייט און מעלאָדישקייט פון וואָרט! וועלכע גאָלדענע הארציקייט! וועלכע דיכטערישע שטימונג! וועלכע ליב־לעכקייט פון אַטמאָספערע, פון פויגל, זשאַבע, זון, אַרום דער לי־בער אבשג. און ווי אַלץ איז פּשוט, פאַרהיימישט געוואָרן, מיטן מאַנגעריש־ליבן, גאָלדענעם הומאָר!

און אין אָט דעם ציקל דערשיינען לידער, פון ריינסטן דיכטע־רישן גאָלד. די לידער זיינען ווי אַרויסגעריסן פון דעם הייליקן אַלבאָם פון פאָלקסלידער, ברחנישע געזאַנגען, היימישע מעלאָדיען.

„מיר זיינען געגאַנגען איבערן פעלד
און איבער גרינעם גראָז,
דו האָסט מיר געגעבן א פינגערל
און א שאַליקל א בלאָס.

דאָס פינגערל איז פון גאָלע גאָלד,
און דאָס שאַליקל איז פון זייד.
נאָר דו אַליין מיין אייגן האַרץ
ביזט אַוועקגעפאָרן ווייט.

דו ביזט געפאָרן מיט דער באַן.
און געפאָרן מיט דער שיף.
איצט שטיי איך ביי מיין פענסטערל
און וואַרט אויף דיינס א בריוו." —

***

דאָס זיינען די פּרעכטיקע לידער פון איציק מאַנגער אין דעם נייעם דריטן זאַמלבוך אין שיקאַגאָ. און זיי באַווייזן, אַז דער פּאָעט קען זיך נישט ענדערן. און נאָך חורבן און פאַרוויסטונג שטייט ווידער דער אמתער פּאָעט אויפן באַרג אין גרויסן זון־אויפגאַנג, אַן איינגעהילטער אין די פלאַמען, און ער זינגט דער וועלט זיין אייביק־יונג, זיין פאַסטוך־זאַרגלאָז און טראַגיש־נאַציאָנאַל און אוני־ווערסאַל ליד, זיין פליט טרעלט מיט פרייד און מיט טרויער און זאָגט אָן פרילינג צו דער וועלט, טראָץ אַזוי פיל אומגליק און טרערן. די נאַטור האָט א גרויסן כּישוף, אייביקע יוגנט. אייביקע באַנײַ־אונג און דער עכטער לירישער קען זיך נישט העלפן. ער איז א קינד פון דעם אייביקן פרילינג פון דער ערד... און זיין פליט איז אויסגעשניטן פון א צווייג, פון א בוים, פון אַלע וועלדער פון דער גרויסער וועלט...

# דיכטונג און — תפלה

איך צווייפל שטאַרק צי אַ פרומער איד, ווען ער מישט די צאַר־טע, די געלבע בלעטער פון זיין געטרייען סידור — וואָלט געדולדעט די נעמען פון די דיכטער, פון די „אויטאָרן", וואָס האָבן אין משך פון יאָרטויזנטער אויסגעשמידט די גרויסע, די רירנדע, די קאָסמישע דיכ־טונג פון סידור. פאַרן איד, וואָס בייגט זיך אין טיפן שמערץ איבער זיין סידור, וואָס איז די קאָלעקטיווע תפלה פון גענעראַציעס — ווע־מענס זיסע און ביטערע דיכטונגען ער שליידערט ווי אַ לויב און ווי אַ פראָטעסט צו די פיס פון גאָט — עקזיסטירן נישט קיין איינצלנע דיכטער און שעפער. עס איז ווי גאָט אַליין וואָלט אָט־די דיכטונג איינ־געהילט אין זיין האַרצן. עס איז ווי גאָט וואָלט געזונגען דאָס גרויסע ליד צו גאָט. אפילו דער ראָמאַנטיש־פילאָסאָפישער, דער רירנד־צאַר־טער, דער שווינדזיכטיק־בלאַסער ר' שלמה איבן גבירול — איינגע־הילט אין אַ פלאַמען־טלית פון זון־אונטערגאַנג — דיכטנדיג זיין אינ־טים ליד צו גאָט — אפילו אַזאַ רייַנע, נאָבעלע געשטאַלט וואָלט נישט אויסגענומען ביים אַלטן איד, ווען זיין נאָמען וואָלט זיין גע'חתמ'עט אונטער אַ תפלה . . . דער סידור איז נישט פון איינצלנע. ער איז געקאָוועט פון די ליידן, פון די טרערן פון אַ פאָלק. ער טראָגט אין זיך דעם גרויסן, הייליגן סוד פון יענע קאָלעקטיווע שאַפונגען — וועמענס איינצלנע אויטאָרן באַהאַלטן זייערע מאַסקעס אין נעפּל פון צייט. וועמענס דיכטער לייזן זיך אויף אינם גרויען און טיפן שמערץ פון פאָלק — לייזן זיך פרייוויליג אויף — כדי צו ווערן דאָס פאָלק זעלבסט . . .

דער סידור — דאָס איז נישט די מעכטיגע „איליאַדע" וועגן אַכיללעס'עס און אַגאַמעמנאָנ'ס קאַמפן . . . וועגן די בלוטיגע שלאַכטן פון די טראָיער קריגער . . . דער סידור איז נישט דאָס ניבעלונגען־ליד — וועגן העלדן, פינצטערע ווי די כמאַרעס, געוואַלטיגע ווי די בערג. דער סידור איז די אינטימע, געוואַלטיגע דיכטונג פון אַן אַלטן פאָלק צו זיין אַלטן, גרייז־גרויען גאָט . . .

***

זייט יאָרטויזנטער בענקען די דיכטער צו גאָט. עס איז די גרוי־סע בענקשאַפט פון די מיט וואונדן און מיט ליכט־אילומינירטע קינ־דער, וואָס זיינען אַמאָל געווען רוי און גאַנץ און האָבן גאָט'ס געזיכט געזען אין בליצן און אין שטורעמס. די דיכטער זיינען געווען די אָרגלען פון פאָלק. זיי זיינען געווען נאָענט צו קרעאַציע. אויף די ערשט־באַשאַפענע מעשה בראשית־לאַנדשאַפטן איז נאָך געבליבן דער וואַרימער הויך פון גאָט'ס פלאַמענדן גייסט. די דיכטער זיינען געווען פריש ווי די נאָך אַנגעגליטע טייכן און פעלזן. זיי האָבן ממש באַרירט מיט די הענט — גאָט. גאָט האָט נאָך גערעדט אַ „מענטשלאַכע" שפּראַך צו מאַנכע פון זייערע קאָלעגן — ווי דער שריפטשטעלער משה רבינו. וועמענס מאַוזאָלעאום זיינען די וואָלקנס און די זונען, די שטערן און די לבנה.

אָבער פילע שטראָמען זיינען זייט דאַן אָפּגעשוואומען. די מאַס־טאַדאָנען פון דער ערד זיינען געגאַנגען שטאַרבן אין די טיפע אור־וועלדער. האָבן זיך געלייגט שלאָפן אין די פעלזן ביי די פיס פון די בערג. זייערע סקעלעטן — זיי שטעקן אַרויס די ביינער פון בערג און טאָלן. און אַזוי זיינען אַוועק די אַלטע, אַנאָנימע דיכטער. די דיכ־טונג — וואָס איז געוועזן תפלה — אינטימע תפלה צו גאָט — איז פאַרשאַוואונדן. די גרויסע דיכטער — וואָס האָבן אַרומגענומען הימל און ערד און זיי געדריקט צום האַרצן — די וואָס זיינען געוועזן ריין ווי דאָס וואַסער פון טייכן ווען די זון גילדעט עס דורך און מאַכט עס טראַנספּאַרענט — זיינען אַוועק. אַנשטאָט צו זען גאָט — האָבן די דיכטער אויפגעלויכטן מיט אַ נייעם גרויסן געפיל — זיי האָבן דער־זען דעם מענטש. די אָפּגרונטן פון מענטשנס דראַמאַטישע ליידן.

***

אין יעדער דור קומט ווידער אַ רעליגיעזער דיכטער און שלייַ־דערט זיין ליד צו גאָט. איך קען זיי אָפּציילן אויף די פינגער: דאַנטע, מילטאָן, ווערלען, רילקע, מערסטנס — קאַטוילישע פּאָעטן. דאָס רע־ליגיעזע ליד — ווי עס איז אין תהלים — ווען מען פּאָעט איז באַ־שענקט געוואָרן מיט אַ קעניגס־קרוין — דאָס אוניווערסאַלע ליד — צוגעפּאַסט צו די געפילן פון דער גאַנצער מענטשהייט — איז נישט מער פאַראַן. דער איצטיגער גאָט פון דיכטונג איז פאַרליבט אין דער פאָרם. אין דעם פּאָעטישן עקספּערימענט. דאָס וואָרט פאָדערט איצט צו אָפּט — אַנשטאָט דאָס בלוט פון האַרצן — געווינלאַכן גלאַנץ. אַנ־שטאָט דעם פּראָפעטישן פּאַטאָס — וואָס קומט פון גרויסן פייער אין דער ליידנדער ברוסט פון דעם אַנאָנימען פּאָעט, ווען מענס גורל איז דער גורל פון זיין פאָלק — לייכט איצט די גלענצנדע איראָניע, דער קילער ראַציאָנאַליזם, דאָס איראָנישע שפּילן זיך מיט מענשלאַכע עמאָ־ציעס. אָפּט איז די אָפּערע פון הימל און ערד — פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ בורלעסק־טעאַטער, וואו אַנשטאָט מלאכים — טאַנצן וואולגאַרע „סטריפּ־טיזערס".

***

מאַנכע איצטיגע דיכטער ווילן זיך צוריק איינהילן אין די געלבע בלעטער פון אַלטן סידור. אָבער דאַוונען זיי אַליין אין גרויען באַגי־נען, ווען גאָט ווייזט זיין געזיכט אין דער אויפלויכטנדער זון? און ווען זיי איינשטימען צו ווערן אַנאָנים — ווי יענע גרויסע, אור־אַלטע פּאָעטן וואָס האָבן אין שאָטן באַהאַלטן זייערע מאַסקעס — און האָבן בלויז געלאָזן זייערע לידער אין סידור? און צו וואָס ווען אַריין אין דעם הייליגן געצעלט פון רירנדן סידור — ווען זייער גלויבן אין גאָט איז נישט מער יענער מעכטיגער גאָט־גלויבן וואָס נעמט אַרום ווי אַ פייער און פאַרברענט זייערע הערצער — ווי שמעטער־לינגען ווערן פאַרברענט אין פייער — אַרום ווען זיי טאַנצן פאַר־ליבט און שיכור? און פילן זיך די דאָזיגע דיכטער אונזערע ווירקלאַך געלייטערט און ריין — דורך ליידן דורכגעברענט — פריי פון זייער „קאַפּע ראַיאַל"־ציניזם און קליינלאַכקייט — פילן זיי זיך באמת גע־רייניגט אין וויטריאַל — ראוי אַריינצוגיין אין דעם פשוט'ן, מענטש־לאַך־געטלאַכן סידור — אין וועלכן דורות אידן האָבן אַריינגעטריפט זייער שמערץ — אין וועלכן יעדער בוכשטאַב איז נאַס פון טרערן —

איז איינגעהילט אין די ליידן פון אַלע אידן פון אַלע צייטן . . .

אַ צופעליג־רעליגיעזער מאָטיוו איז נאָך ניט יענע גאַנצע, נאַ־איוו־ווירגינישע דיכטונג פון די פאַרגאַנגענע צייטן. דער טראַגישער קלאָון — דער פאַרוואונדעטער פּיעראָ — דער אייביג־נישט דעצי־דירטער האַמלעט — זיי זיינען נאָך אַלץ נישט די פּראָפעטן. בפרט קענען דיכטער נישט ווערן אריין אין סידור — וועלכע האָבן געשפּילט און חוזק׳דיג דזשאָנגלירט מיט גאָט־מאָטיוון — מיט תנ״ך-מאָטיוון — וואָס האָבן זיי געדינט פאַר פּורים־מאַסקאַראַד און ציגישן פאַנ־טאַזיעס . . .

***

דער שרייבער פון די שורות איז נישט אינטים מיטן סידור און מיטן סידור־איד. דאָס שפּילן זיך מיט געטאָ־ביטערניש — ווי מיט זיסע טרוימען — האָט אים קיינמאָל נישט אימפּאָנירט. די מאָפּע פון גלאָבוס איז אָן אָפענע און נישטאָ קיין איינציג ווינקעלע פאַר קיין געטאָ — וואָס זאָל זיין באַשיצט און באַפאַנצערט פאַרן ברוט פון רעאַקציאָנערע כוחות. דאָס זוכן פון מאַנכע שריפטשטעלער איינצו־הילן די אידישע ליטעראַטור אין אַ טלית פון רעליגיע — איז פאַר מיר שטענדיג געווען א האַטענטאָטישע אידייע. מיר איז נישט באַ־קאַנט אז עמעץ זאָל וועלן מאַכן פון דער רייכער פראַנצויזישער לי־טעראַטור — פון פלאָבער, באַלזאַק, אנאַטאָל פראַנס, זשאָרזש סאַנד — אַ רעליגיעזע אינסטיטוציע. די קונסט האָט זיך שוין לאַנג באַ־פרייט פון דינען בלויז ווי אַ רעליגיעז שפּיל אָדער צערעמאָניע־מיסטעריע. קונסט האָט אירע אייגענע ווערטן. די קונסט ווערט אַלץ מער באַוואוסטזיניג פון אירע אייגענע געזעצן און לאָגיק. זי איז אַ וועלט פאַר זיך. זי לייגט איר טראָפּ — אויפן עסטעטישן.

דאָס וועלן פון מאַנכע אידישע דיכטער אריין אין סידור — איז ווי דאָס וועלן פון א דזשאָר־לואיס-פיגור צוריק אריין אין זיין מוטער׳ס טראכט און ווערן אַן עמבריאָן. די קונסט — אין איר עמבריאָנישן צושטאַנד — איז געווען דורכאויס רעליגיעז. האָט געדינט דער רעלי־גיע. פונקט ווי מוזיק, טאַנץ, סקולפּטור, מאָלעריי האָבן געדינט דער רעליגיע און זיינען אַנטשטאַנען אין רעליגיעזן הויז.

פונקט ווי מאָדיליאַני האָט אין דער מאָלעריי אריינגעפירט די נעגער־קונסט, פונקט ווי גאָוגען האָט אויפגעזוכט די ערד — די גע־טער — די לאַנדשאַפטן פון טאַהיטי, וואָס האָבן דערהאַלטן זייער מעשה-בראשית׳דיגע פרישקייט, זייערע בראָנז־קאָלירן, זייער פרי־מיטיוויטעט.

דאָס געזעץ פון עוואָלוציע הערשט אויך אין קונסט. אין ליטעראַ-טור. ליטעראַטור איז דעם מענטשנס גייסטיג שפּיל מיט זיך זעלבסט. עס איז אַ מין דעמאָנישער פלירט מיטן אוניווערס. און דאָס מאָדער־נע רעליגיעזע דיכטן איז אַ מין אַטאַוויזם פון דער רעליגיעזער אור־דיכטונג — אַ דעקאַדענטישער צוריק־שפּרונג צו זיין אָנפאַנג. אָבער ניט מער . . .

# אנדריי ספיר

(גרויסער אידיש־פראנצויזישער פאעט — אן אימיגראנט
אין ניו יארק. א באזוך אין הויז פון פאעט)

יעדעס מאל, אז איך קום אין הויז פון מיין זייער געשעצטן פריינט, דעם אידיש־פראנצויזישן פאעט אנדריי ספיר — מיט מיין פראנצויזישע פריינדין, פילן מיר זיך זייער געהויבן. געווען א צייט, ווען אנדריי ספיר איז געווען קראנק. דאס אנטלויפן פון פראנקרייך האט אים אויסגעמאטערט. ער איז געלעגן צו בעט מאנאטן לאנג. אבער עס איז געווען א גרויסע וויטאליטעט אין אנדריי ספיר, וואס האט אים דערהאלטן ביים לעבן און וואס האט אים געשטעלט אויף די פיס.

מיר טרינקען טיי. מיר ברעכן הארטע קיכלאך. אנדריי ספיר איז גליקלאך צו רעדן פראנצויזיש. מיין פריינדין אליין איז א פראנצויזישע שריפטשטעלערין, וואס איז איצט באשעפטיקט מיטן שרייבן א בוך וועגן דער יונג־פארשטארבענער, רוסישער מאלערין, מאריא באשקירטצעף. מיר לייענען לידער פון אנדריי ספיר און מיר שפילן זיך מיט דער קליינער טאכטער.

פילייכט איז דער סעקרעט פון אנדריי ספירס קוראציע אין צוויי זאכן — אין זיין קליינער טאכטער מארי־ברונעט און אין זיין פאעזיע. עס איז זייער פאטעטיש צוצוזען ווי אזוי די קליינטשקע מארי־ברונעט קוקט מיט אירע צעלויכטן־שווארצע אויגן אויף דעם גרייז־גרויען שמייכלענדיק־ליבן פאטער. דער פאטער — אלט, טרויעריק, פארטריבן פון זיין פאטערלאנד. געווען קראנק פילע מאנאטן. אין ניו יארק — אן איינזאמער. און די טאכטער? — זי איז געבוירן געווארן, ווי מיר דאכט, אויפן שיף. עס איז דאס איינציקע קינד — געקומען אין די שפעטע יארן, ווי צו טרייסטן דעם גרויסן דיכטער. די קליינע איז „שארמאן"... זי איז ווי א קליינע מאנא־ליזא, צארט און אמוזאנט. זי שפיזט דורך מיט אירע אויגן. זי איז די מוזע פונם פאעט. אין זיין לעצטן בוך לידער — א קאלעקציע פון די בעסטע שאפונגען פון דעם פאעטס לעבנסווערק — זיינען פאראן פילע לידער צו דער זיסער מארי־ברונעט. דאס זיינען הייסע ליבע־לידער — פון א פאטער צו זיין קינד... ווייל אנדריי ספיר האט ליב קינדער. און דורך פילע קליינע בענדער פון זיינע ווערק — דערשינען אין פאריז — גייט דורך דער מאטיוו פון דעם קינדער־ליד... ער האט ליב אויף אן ענטוזיאסטישן אופן — קינדער — די קליינע כוואליעס פון לעבן, די זוניקע פלאמען פון באוועגונג, די בלומען פון אוניווערס.

אין אנדריי ספירס פאעזיע הערן מיר בכלל אן אפקלאנג פון דער גרויסער, פיזיש־עטישער ליבע צו דער וועלט, צום לעבן, צו נאטור און צו אלע שיינע און איידעלע מאניפעסטאציעס פון לעבן... פילע האבן אים פארגליכן צום מעכטיקן דעמב, צום גרויסן הומאניסט און דעמאקראט פון דער אמעריקאנער פאעזיע, וואלט וויטמאן. אבער מיר דאכט זיך אז ביידע — ספיר און וויטמאן — זיינען פראדוקטן פון תנך. זיינען גייסטיקע ברידער פון אונזערע מעכטיקע נביאים, וואס

האָבן געפּלאָמט מיט אַ גרויסער ליבע צום לעבן. וואָס האָבן געלויכטן אין ליבע צו די ליידנדע. וואָס זיינען געווען ברענענדיקע שטורקאַצן פון גערעכטיקייט.

פון דעם דאָזיקן קוואַל — דעם קוואַל פון מענטשנליבע, פון פאַנטעאיזם און נאַטור־שיינקייט און געטלאַכקייט — טרינקט דער גאָט־געבענטשטער פּאָעט אַנדריי ספּיר. און אַנדריי ספּיר איז דאָך אַ איד און נאָענט צו די קוואַלן פון וועלט־חכמה און וועלט־גערעכ־טיקייט.

די קליינע מאַרי־בּרונעט — און זיין פּאָעזיע — דאָס זיינען די סעקרעטן פון זיין קוראַציע און לעבנס־עקזיסטענץ. ווייל פון דעם פאַרשאָלטענעם היטלער־קריג, פון אַן אייראָפּע וואָס איז געלעגן אַ צעטראָטענע און דערשראָקענע צו די פיס פון דעם טיראַן — אַנט־לויפט דער מענטש נאַקעט און באָרוועס. וואָס דער פּאָעט טראָגט מיט

מיט זיך — איז זיין פּאָעזיע. זיין אײדעלע מוזע. אָבער אַנדריי ספּיר איז געווען אַזוי דערדריקט אַז ער האָט יאָרנלאַנג נישט געקענט דיכטן קיין ליד. ווען איך האָב אים דאָס ערשטע מאָל באַזוכט, האָט ער מיר דערציילט פון פיר לידער וואָס ער האָט פאַרפאַסט. איין ליד האָט ער נאָך אָנגעהויבן אין פּאַריז און פאַרענדיקט אויפן ים. צוויי — האָט ער פאַרפאַסט אין ניו יאָרק. און דאָס פערטע ליד — איז דאָס שענסטע ליד — מאַרי־בּרונעט...

דעריבער האָט מיך שטאַרק געפרייט איצט צו קריגן אַ מתנה פון אַנדריי ספּיר זיין ניי בוך „פּאָעמען פון דאַנען און פון דאָרטן"... געבונדן אין אַ זייער שטאַרקן רויט —און איבערגעצויגן מיט אַ שטילן, פאַרנאַכטיקן פּורפּור, וואָס באַרואיקט די נערוון, ווי די שטי־מונג פון דעמערונג. ראָמאַן ראָלאַן שרייבט צו אַנדריי ספּיר: „איך זענט איינער פון די גרעסטע פּאָעטן, איינער פון די זעלטנסטע פּאָעט־מוזיקער פון לעבעדיקן פראַנקרייך." ער לויבט די רייכע אָרקעסטראַ־ציע פון זיין פּאָעזיע און ווי עס בלענדן זיך דורך אין זיין ליד הו־מאָר און סענטימענט אַזוי ווי די כוואַליעס אין אַ פליסנדיקן טייך, וואָס קומען און גייען און ברעכן די שטראַלן פון דער זון...

ווען מען לייענט דאָס ווערק פון אַנדריי ספּיר — פילט מען זיך געלייטערט און דערהויבן. אינמיטן פון וועלט־חורבן און וועלט־פאַרברעכן — כ'וואָלט געזאָגט: קאָסמישן פאַרברעכן — גייט אויף די פּאָעזיע פון אַן אייביק יונגן מענטשן, וואָס שטייט אָבסערווירנד אין אַ ווינקל פון דער וועלט און זעט דאָס געשפּיל פון כוואַליעס, דעם ריטם פון ביימער און ווינט, דאָס פאַלן פון איידעלן שניי. דאָס שפּאַצירן פון דאַמען אויף דעם בריליאַנטענעם וועג פון אומענדלעכ־קייט, די וויבראַציע פון נעפּלען פון דער ערד, די מוזיק פון קינדער־שע שטימען, די גאַנצע אָרקעסטראַציע פון אַ הערלאַכער וועלט פון מוזיק און קאָליר. יעדעס ליד האָט זיך זיין ריטם — דעם ריטם פון די זאַך וועלכע עס באַהאַנדלט. דאָס גאַנצע בוך איז שיכור. די פערזן זיינען שיכור מיט זייער אייגענער מוזיק — מיטן צויבער פון אוני־ווערסאַלן לעבן.

די איידלסטע לידער זינגט דער פּאָעט צו דער פרוי. ווידער און ווידער — דורכן גאַנצן בוך — גייען אויף הערלאַכע לידער צו איר. די פרוי — די אינספּיראַטאָרין פון פּאָעזיע. די פרוי — וועלכע דער

פּאָעט באַזינגט זייער אינטים, זייער פּיזיש. זי איז אין זיינע לידער נישט קיין פאַנטאַזיע. דו פילסט אַז זי איז פאַראַן אין זיין ליד. אַז דו קענסט זי אָנרירן און פילן. און דאָך איז עס די פרוי וואָס שמעקט מיט קאָסמישקייט. מיט וועלט־מוטערלאַכקייט. די פרוי וואָס פירט און פאַרפירט. די פרוי — די פריינדין און אַנטיילנעמערין אין קאַנווער־זאַציע. די פרוי — וואָס איז מאַנס גורל און מאַנס פאַרגעניגן. די פרוי — אונזער פריינדין דורך די טעג און נעכט פון אונזער עקזיס־טענץ. מיר שפּאַצירן מיט איר — דער אומשטערבלאַכער חוהן — דורכן אוניווערס. אַנדריי ספּירס פּאָעזיע וועגן דער פרוי איז טיפּיש פראַנצויזיש — אין דעם קולט צו פרוי און אויך תנך׳יש אין דער פּאָזיטיווער באַציאונג צו פרוי.

אַנדריי ספּירס פּאָעזיע — הגם זי אָטעמט מיט דעם אייביגן גאָלד פון פּאָעזיע — מיט ליבע און מיט שיינקייט — מיט מיטלייד און מוזיק — מיט נאַטור־וויבראַציעס און פאַנטאַסטישע געדאַנ־קען — אַנדריי ספּירס פּאָעזיע איז אָבער גלייכצייטיק ניט אַזאַ וואָס ווייַנט אין אַ העלפאַנט־ביינערנעם טורעם. זיין פּאָעזיע איז פול מיט אינהאַלט. קודם־כל האָט ער דעם געבענטשטן טאַלאַנט, ווי די גרויסע פּאָעטן, ווי וואָרדסוואָרטה און וויטמאַן, וועלכע האָבן איינגעפירט די פּראָזע אין דער פּאָעזיע. ער האָט די פּעאיקייט דאָס ליד צו באַלאָדן מיט פּראָזאַאישע שילדערונג. מיט אינהאַלט. ער זעט פיל. אין זיינס אַ בוקעט מיט פערזן קאָנצענטרירט ער אַ שטיק לעבן. ער גיט קיין מאָל נישט קיין ליד איבער אַן איינציקער זאַך — נאָר ער נעמט אַריין אין אַ ליד די גאַנצע וועלט. זיינע דיכטערישע אויגן זעען נישט נאָר די זאַך אויף וועלכער זיי זיינען קאָנצענטרירט — נאָר אויך די זאַכן ביי די ברעגן. און נאָך ווייטער. אין סך־הכל — זיין פּאָעזיע איז ניט גלאַט אַזוי קיין זיס־סענטימענטאַלע, וואָס אָפּערירט מיט די אייביקע עסענצן פון פּאָעזיע — ווי ליבע, שיינקייט, לעבן און מוט — נאָר ער איז אויך העכסט־אַקטועל. ער אָפּערירט מיט פּאָליטישע געשעע־נישן. אין דאָזיקן בוך לידער איז פאַראַן די ווירקלאַכקייט פון 20־טן יאָרהונדערט.

פילע לידער זיינען געווידמעט צו פּאַריז, וואָס איז טייער דעם פּאָעט, ספּעציעל בשעת די וואַנדאַלן — די הונען־נאַציס — האָבן דאָרט געהערשט. פאַראַן לידער — געווידמעט דעם אידישן פאָלק. און אַנדריי ספּיר — הגם ער שטאַמט פון אַן אַסימילירטער, אַלטער, פראַנ־צויזיש־אידישער פאַמיליע, וואָס האָט זיך באַזעצט אין פראַנקרייך נאָך פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע — האָט קיין מאָל זיין אידישקייט נישט באַהאַלטן.

נאָך מיט יאָרן צוריק — אין דער צייט פון דרייפוס־פּראָצעס — האָט אַנדריי ספּיר געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער עפנט־לאַכער מיינונג מיט אַ זאַמלונג לידער „לע פּאָעם זשוויף" — (אידי־שע פּאָעמען) — וואו עס הערט זיך דאָס אַלטע, אומשטערבלאַכע קול פון ישראל — די גערעכטיקייט. זיינע לידער האָבן נביאישן פּאַ־טאָס. צאָרן, פייער. און פונקט אַזוי ווי אַנדריי ספּירס פערז האָט איידלקייט און סענטיטיווויטעט — אַזוי קען ער זיין פּראָפעטיש און שטאַרק און לאָזן הערן זיין שטימע ווי אַ גלאָק. ווי אַ בראָנזענעם גלאָק פון גערעכטיקייט.

פאַראַן לידער וואו דער פּאָעט לאַכט אויס די „עליטעי", די ריי־כע גראַבּיאַנעס וואָס צו זיי געהערט די וועלט — די וועלט פון קונסט, וויין, מעטרעסעס, אויטאָמאָבּילן און קלאַסישע קאָנצערטן. און וואָס פאַר אַ מעכטיקע איראָניע — ווי אין פייער — דער פּאָעט טוט זיי אָן!

ציטירן פון דעם בּוך לידער וואָלט זיין אוממעגלעך, ווייל מען וואָלט בּאַדאַרפט ציטירן אַ גאַנצן בּוך מיט גלענצנדע פערזן.

אַנדריי ספּיר איז אַ מייסטער פון דער פאָרם. אַ קריסטאַליזירטער מייסטער!! ער קען בּאַווייזן אין פערז צו רעפלעקטירן די גאַנצע וועלט. געבּוירן דעם 2־טן יולי, 1868, אין נאַנסי — און פאַרבּראַכט זיין קינדהייט לעבּן דער שיך־פאַבּריק, וואָס זיין פאָטער האָט גע־עפנט — האָט ער זיך בּאַקאַנט מיט אינסטרומענטן, מאַשינען, מיט שיך און — מענטשן, מיט אַרבּעטער און מיט די בּירגער פון שטאָט. די דאָזיקע „זאַכן", די קענטניש פון לעבּן — קומט אים שפּעטער צו־נוץ. זיין מוזע דערהויבּט זיך בּיז צו דער זון, בּיז צו די בּלויע הימ־לען — אָבּער זי זעט די קלענסטע דעטאַלן פון דער ערד.

זי זעט דאָס ערדישע לעבּן — און דאָס מאַכט זיין פּאָעזיע — סאָליד, פראַזאַאיש, גאַנץ און פול מיט אינהאַלט, דאָס גיט זיין טאַנצנ־דע, שוואונגפולע און מוזיקאַלישע פּאָעזיע — די וואָג פון רעאַליטעט. די סאָלידקייט פון רעאַלע זאַכן. זיין פּאָעזיע בּאַקומט די וואָגיקייט און די ערנסטקייט פון גוטע, מייסטערהאַפטע פּראָזע.

⁂

עס איז מיר אָנגענעם צו שרייבּן די דאָזיקע שורות וועגן מיין געשעצטן פריינט, דעם גרויסן אידיש־פראַנצויזישן פּאָעט, אַנדריי ספּיר. עס זיינען די דאָזיקע עמיגראַנטן פון דער וועלט, וואָס היטלער האָט פאַרטריבּן קיין אַמעריקע — צו וועמען איך וואָלט וועלן בּרענגען טרייסט און גוטע ווערטער.

ניו יאָרק קען זיך בּאַרימען איצט מיט אַ גאַנצע רייע גרויסע איי־ראָפּעאישע פערזענלאַכקייטן. אַמאָל איז פּאַריז געווען דער צענטער פון די פאַרטריבּענע פון אייראָפּע. איצט קומען פּאַריזער קיין ניו יאָרק...

# פרענסים אַדלער

(פּאָרטרייכענונג)

א הויכע, אָן אימפּאָזאַנטע, אין א טונקעלן קלייד — דערמאָנט זי מיך אין ראַשעל, אין דער טראַגישער ראַשעל, וועלכער איך האָב קיינמאָל נישט געזען — פערזענלאַך... נאָר אזוי האָט די ראָמאַנטישע ראַשעל — אין איר קלאַסישן רעפּערטואַר — געמוזט שטיין אויף דער סצענע, אין א טונקעלן קלייד, ווי אין א שטיק נאַכט געהילט — א מאָנומענטאַלע געשטאַלט, נעבן א זייל פון ווייסן מאַרמאָר. אויף דער שוועל פון אַן אַלט־רוימישן פּאַלאַץ.

איך האָב זי — פּרענסים אַדלער — קיינמאָל פריער נישט געזען — ווי נאָר אויף דער קאָנצערטן־בינע פון די „וואַכנבלאַט"־אוונטן אין לייבאָר טעמפּל. און איך וועל זי מער אין קיין אַנדער פּלאַץ נישט אוועקשטעלן — ווי נאָר אויף דער בינע. דאָרט איז איר פּלאַץ. דאָרט איז זי געבוירן געוואָרן. דאָרט וועט זי פאַרלוירן ווערן — זי, די פּרינצעסין־טאָכטער פון דעם קיניג יעקב פּ. אַדלער — די טראַגישע פּרינצעסין — וואָס טעאַטער איז איר שיקזאַל, וואָס טעאַטער איז איר — קאָסמאָס.

און וואָס זי שפּילט, — געוויינלאַך אין גאָרדינס רעאַליסטישן רעפּערטואַר — לאָדט זי אוים אירע עמאָציעם מיט אזא עקספּלאָזיווער קראַפט און נערוועזן ציטער. עס איז יענער גרויסער ציטער, ווי אַן ערד־ציטערניש אין איר קערפּער — וואָס גייט דורך פון איר שאַרבן ביז צו די שפּיץ־פינגער. עס איז דער ציטער פון מענטש־שיקזאַל.

זי לאָדט אוים אַן ענערגיע וואָס דערמאָנט אין אַן עלעמענטאַלער קראַפט, אין א נאַטור־סטיכיע, אין א שטיק ערדיש־הימליש כוח וואָס רייסט זיך אָפּ פון זיינע קייטן און פּאַראַדירט א לויז־געלאָזטע — אָבער אויך א קינסטלעריש־געבונדענע — אין איר טריאומפאַלן אַפּאָטעאָז.

די דאָזיגע גרויסע אַקטריסע, פרענצים אַדלער — באַזיצט א געוואַלטיגע ענערגיע. און דו — איך — א שטיק פונם פּובליקום, פון דעם אייביקן פּובליקום, וואָס קוקט צו עקזעקוציעם און היסטאָרישע סצענעס; וואָס קוקט זיך צו צו גראַנדיעזע ספּעקטאַקלען, צו דעם אויפגיין און אָפּגיין פון דורות, ווי כוואַליעס — שטייסט אין רעספּעקט פאַר דעם אויסלאָד פון איר וואולקאַנישער ענערגיע. באַוואונדערסט ווי זי קאָנטראָלירט זיך. באַוואונדערסט ווי זי קען פּלוצלונג אָפּברעכן איר ליידנס־אויסברוך — און ווידער איינצווימען אין זיך אזוי פיל לייד און שמערץ.

דו שטייסט פאַר איר מיט דעם זעלבן ציטער ווי דו שטייסט פאַר א נאַטור־סטיכיע — פאַר א שטורעם, וואָס שטילט זיך איין און ווערט ווידער — די סטאַטיק פון א לאַנדשאַפט, ווערט די אומבאַוועגונג, וואָס מאַכט דיר צו שווער צו זען אָרדענונג און דיסציפּלין און צו פורעמען א קינסטלערישע לאַנדשאַפט.

פאַר דעם דאָזיקן מין — פאַר דער ראַסע פון אַקטריסעס ווי

פרענצים אדלער איז דאָס טעאַטער — דאָס ווירקלאַכע לעבן. פּונקט אַזוי איז די „ליידיגע צייט", צווישן איין אויפטריט און דעם אַנדערן, פאַר איר בלויז אַ פּויזע, וואָס דויערט אָפטמאָל שמערצפול לאַנג... צו לאַנג... און אין די פּויזעס — טרוימט זי אויך — טעאַטער; און ווען זי זיצט „רואיק" — שיידט זי זיך אויך נישט מיט אירע ראָלן, מיט אירע מאַסקעס און קאָסטומען...

אַזאַ קינסטלערין ווי פרענצים אַדלער פאַראַט קיינמאָל נישט די העלדן וואָס זי האָט מיט אַזוי פיל פּיין אַרויסגעבראַכט אויף דער בינע... זי טראָגט זיי מיט זיך — אַן אומזעבאַרע סוויטע — אירע אינטימע קרעאַציעס — אירע ווייבלעכע קלאָונס און פּיעראָס — אירע אָנגעצונדענע געשטאַלטן. זיי שפּילן, זיי שפּאַסן מיט איר — זייער האַרנטע...

אין אַ יידישן רעפּערטואַר — דערשיינט זי אָבער מיט איר פאַרנעם און טראַגישער פּאָזע — נישט־אידיש כּמעט... טראַכסט פון די וועלט־דראַמאַטורגן — ווען דו קוקסט אויף איר. טראַכסט פון שעקספּיר, מאָליער, איבסען און סטרינדבערג... דו טראַכסט פון אָנ־געצונדענע כאַראַקטערן און ראָמאַנטיש־ליידנדע געשטאַלטן — מענטשן וואָס זיינען אַזוי הויך ווי זי, אַזוי פּאַטעטיש און טעמפּעראַמענטפול ווי זי, אַזוי ענערגיש און פלאַמענדיג — ווי זי. ווי פרענצים אדלער — אַ פלאַם — אינם טונקעלן קלייד; ווי אַ בליץ וואָס איז איינגעהילט פון די פיס ביז צום האַלז אין נאַכט, אין אַ פינצטערער נאַכט...

אַזוי זע איך זי. אַזוי דערשיינט צו מיר דאָס געשטאַלט פון פּרענסים אַדלער, וואָס וואָלט, ביי אַ געהעריגער, נישט־ציניקער אי־דישער געזעלשאַפט — ווידער געקענט אָנצינדן אין גאַנצן פייער און אין גאַנצן לאַר —דאָס אידישע וואָרט, אַזוי ווי ראַשעל האָט אַמאָל אויף דער פּאַריזער סצענע אָנגעצונדן די שיר־פאַרשטאָרבענע קלאַ־סישע דראַמע פון פראַנקרייך.

דאָס אידישע וואָרט — ווען עס איז אויף די ליפּן און לעפּצן פון פּרענסים אדלער — ווערט מוזיק; ווערט פלאַם; ווערט פייער פון פּראָטעסט און פּראָפעטעריי. עס באַקומט ווידער לעבן. קינסטלעריש, ענערגיש, דראַמאַטיש לעבן!

# די קעמפענדע שפּאַניע

רעפּאָרטאַזש

עס איז געווען אַ האַרבסטיקער סעפּטעמבער אָוונט, ווען די בלעטער פאַלן פון דיביימער, ווי פאַרבלוטיקטע פייגל. דער אָוונט איז צוגעפאַלן ווי אַ וואואַל פון אַ שפּאַנישער גרעפין, וואָס איז אומענדלאַך־דין און אומענדלאַך־שיין, און צעשפּרייט זיך ווי אַ נעפּל־שפּינוועבס איבער דער ערד. דער קליינער פּאַרק פון גרעניטש־ווילעדזש איז געווען פול מיט איינזאַמע דאַמען, מיט מידע און אַלטע לייט, מיט מיידלעך וואָס האָבן אויף פרישער לופט אַרויסגעפירט זייערע הינט, מיט האַבאַס וואָס פאַרפלייצן שטענדיק די פּאַרקן פון דער וועלט, מיט פאַרגעסענע קינסטלער וואָס זיינען אַמאָל געווען באַרימט, מיט אַרבעטסלאָזע וואָס האָבן ערשט נישט לאַנג צוריק גוט פאַרדינט פון אַרבעטן ביי אַמוניציע, פון גאַסנפרויען וואָס לויערן אויף אדם וואָס בלאָנדזשעט אומעטום אַרומזוכנדיג די חוה...

דער פּאַרק איז געווען האַרבסטיק. בלעטער זיינען ווי די רויטע קאָנפעטי אויף אַ מאַסקנבאַל געפאַלן איבער די קעפּ פון די צום טויט־פאַראורטיילטע, דען יעדער מענטש גייט אַרום אויף דער ערד ווי אַ צום טויט־פאַראורטיילטער פאַרברעכער...

גרעניטש־ווילעדזש איז דעם אָוונט געווען פול מיט לופטיק־לעסבישע מיידלעך. צוויי מיידלאַך זיינען אַרויס פון אַ רעסטאָראַן. זיי זיינען געווען פאַרהילט אין שטיקער רויך־וואָלקנס... און פּלוצלונג האָט איינע אָנגעהויבן קושן די אַנדערע און זי אַרומנעמען ווי אַ כוואַליע. זי האָט אויסגעדריקט אַזוי פיל דאַנקבאַרקייט צו איר פאַרן מיטאָג, פאַר דעם שיינעם קאַבאַרעט, פאַר דער ציטערדיגער צאַרטער פריינטשאַפט וואָס זי ווייזט איר אַרויס. עס איז געווען פּאַטעטיש. איך האָב שפּעטער געטראָפן נאָך גרופּעס לופטיק־פאַרפּיומירטע מיידלעך זיך קושן צאַרט און אינטים...

אַן אויטאָבוס איז געשטאַנען ביי אַ גאַסנראַג און אויסגעקלאַפּט שפּאַניש רעוואָלוציאָנערע מאַרשן. מיך האָט עס מיט אימפּעט אַהין פאַרטראָגן. כ'האָב זיך אויסגעשטעלט אין פראָנט פון אַ טאַבאַק־געשעפט. איינער אַ טונקעלער מאַן, מיט ברייטע פּלייצעס, האָט גערעדט וועגן די שפּאַנישע רעוואָלוציאָנערן אין פּאַריז. קענטיג אַז ער איז געווען אַ איד. נאָר זיין ענגליש איז געווען אָן אַן אַקצענט. בשעת ער האָט גערעדט, האָב איך זיך דערמאָנט די מלחמה אין שפּאַניען. אין דעם ווירוואַר פון מלחמה, אין דעם וואָגלען און וואַנדערן פון פעלקער, אין דעם וואָלקנבורך פון טייכן בלוט, אין דעם רויך פון קרעמאַטאָריומס וואָס פאַרפלייצן מיט זודיגע נשמות די ברענענדיגע וואָלקנס און די קאַלטע שטערן אין די פינצטערע נעכט, אין דעם שטורעם פון מאָרד איבער דער ערד, אין דעם שטראָם פון גאַז וואָס פאַרסמ"ט די לופט און וויל דערשטיקן די מענטשהייט. איך האָב כמעט פאַרגעסן אין דעם שפּאַנישן בירגער־קריג, וואָס איז געווען די רעפּעטיציע פון די וועלט־מאָנסטערס פאַרן בלוטיגן וועלט־ספּעקטאַקל. און בשעת דער אומבאַקאַנטער איד רעדט און אַפּעלירט מען זאָל געבן ניקלס, דיימס און קוואָדערס, הייב איך זיך פּלוצלונג אָן צו דערמאָנען דעם שפּאַנישן בירגער־קריג.

אויפן אויטאָבוס־פּלאַטפאָרם איז געשטאַנען א צאַרטע, בלאָנדע מיידל. איך האָב זי געהאַלטן פאַר צו צאַרט צו שטיין אויפן איי־זערנעם אויטאָבוס. נאָר אָט נעמט זי דאָס וואָרט. דער „לאָוד־ספּי־קער" צעטראָגט ווי א ווינט איר שטימע. איר מיידלש־זינגענדע שטימע — און אַזוי קעמפעריש־פאַרביסן. דאָס מיידל איז א רעד־נערין — אָן צווייפל.

דאָס וואָס זי רעדט — איבערחזרונג פון טויזנט פּראָקלאַ־מאַציעס. טויזנט רעדעס. טויזנט ראַדיאָ־געשרייען. טויזנט ווענדונ־גען. אָבער די דעגענעראַטן גייען פאַרביי ווי אומבאַרירט. עס איז נייטיק זיי אַריינצוקלאַפּן אין די מוחות מיט טשוועקעס די דאָזיגע מכלומרשט־פּאָפּולערע אידעען. וואָלט די וועלט דאָס געוואוסט פרי־ער — דעם געפאַר פון פאַשיזם — וואָלטן איצט נישט געדאַרפט פאַלן פופציק מיליאָן קרבנות... דאָס מיידל איז צאַרט, דעליקאַט, מכלומרשט בלייך — אָבער זי רעדט ווי א דבורה הנביאה... זי איז אפשר די צוקונפטיקע וועלט־פרוי־פירערין — און זי שטעלט צום סוף פאַר א שפּאַנישן טענצער־פּאָרל. זיי וועלן טאַנצן שפּאַנישע טענץ. שפּאַניערם טענץ, פון די צייטן פון סערוואַנטעס אָן — ווען שפּאַניע האָט אונטער גילדערנער זון געטאַנצט, ווען שפּאַניע איז נאָך געווען זאָרגלאָז, ווען מיט סערענאַדן־קלאַנגען איז נאָך געווען די נאַכט פול, ווען שפּאַניע איז געווען דאָס טרוים־לאַנד, דאָס ראָמאַנטישע כישוף־לאַנד... און דער מיידלס זיידענע קלייד ציטערט אין ווינט... ציטערט ווי א זעגל און ציט זיך צוריק איין ארום איר ליבער, נעטער פיגור... עס ציטערן אין אַקאָמפּאַניאָן פון אירע העפטיק־פּאַטעטישע רייד אירע איידעלע בריסט... עס ציטערן צאַרט און טרויעריק די הארבסטיקע בלעטער איינגעביסענע פון די אייזערנע ציין פון טויט....

דאָס פּאָרל טרעט אַרויס... ער, א שפּאַניער, מיט קליינע וואָנ־סעלעך, מיט א טונקעלן בליק און ענערגישן געזיכט. זי — אוודאי א זעכצניאָריק מיידל. בלאָנדע און גילדערנע האָר, אין געדיכטע קרויזן פאַרוואָרפן איבער איר קאָפּ. זי טראָגט א בלויע קלייד, א זיידענע קלייד. אפשר פאַרן דאָזיגן קליידל טאַנצט זי, איז זי גליק־לאַך... קיין גרויסע קונסט אינם טאַנצן, אָבער דאָך אַן אָפּקלאַנג פון שפּאַניען.... פון סעווויליא, גראַנאַדאַ, באַרסעלאָנאַ, קאַטאַלאַניען, פון שפּאַניעס זונפעלדער, וואָס דער הויכער און אויסגעדאַרטער דאָן־קיכאָט רייט דורך אויף זיין פאַרזשאַווערטער קליאַטשע מיט זיין געטרייען סאַנטשאָ פּאַנטשאָ... שעמעוודיג טאַנצט דאָס פּאָרל. ער — שפּאַניש בלוט. זי — אוודאי א האָלענדישע יוגנט־סאָציאַ־ליסטיקע. די מענטשן שטעלן זיך אָפּ. באַטראַכטן די טאַנצנדע. הערן זיך איין אין די מעלאָדיעס. די מענטשלאַכע פּנימער — ווי הארבס־טיקע בלעטער, פון פיין צעבויגן, פון וועלט־ווינט צעגריזשעט.

עס רעדט א מאַן פון דער אמעריקאַנער לינקאָלן־בריגאַדע. ער האָט געקעמפט אין שפּאַניען. ווען ער רעדט דאַכט זיך מיר אַז איך זע די שפּאַנישע הימלען, פול מיט עראָפּלאַנען און פאַרהילט אין בלוט און אין פלאַמען. אַז איך הער די לופט — פול מיט קאַנאָנען־קראַך. אַז איך הער דאָס קרעכצן פון די פאַרוואונדעטע. ער רעדט — און די וועלט־וואונד ווערט פריש און בלוטיגט אונז... עס צעוויקלט

זיך די עפּישע פּרעסקאָ פון קאַמף — ביים אָנפאַנג פון וועלט־קריג נומער צוויי. און דאַן שטעלט ער פאַר דעם האַרמאָניקע־שפּילער.
מענטשן גייען און קומען. עס פירן שלאַנקע בחורים זייערע צאַרטע מיידלאַך. עס שטעלן זיך אָפּ די פּראָסטיטוטקעס. שפּאַניענס קאַמפּס־מאַרשן אָט הילכן זיי. זיי ציטערן אויף אין דער לופט. אַ שוואַרצער בחור באַוועגט און באַהערשט די האַרמאָניקע. מעלאָדיעס פון דער צייט פון קאַמף פלאַקערן אויף. ער איז געווען ביי די לאָיאַליסטן. ער איז געווען אינם אָרקעסטער וואָס האָט אין שלאַכט געררופן און צום שלאַכט באַגלייט מיט קאַמפּס־מוזיק. זיי ציטערן אויף. און ערשט איצט גייען אויף מאַסקעס פון פאַרבלוטיקטע שטרייטער — פאַרוואונדעטע פּנימער פון רעבעלן־חברים וואָס זיינען ליגן געבליבן אויפן פעלד. נאָענטע קאַמעראַדן וועמעס לעצטע קרעכצן דער ווינט האָט צעטראָגן איבערן פעלד.
עס גייען אויף מיינע יאָרן אין בעלגיע. וואָס אַלץ עס איז געשען דורך דער צייט. וואָס עס איז דאָרט אַלץ פאָרגעקומען! וויפיל זיינען פאַרניכטעט געוואָרן אין שפּאַנישן קריג — שפּעטער אין די קריגן מיט היטלער און מוסאָליני, דאַן אין די גאַז־קאַמערן. און עס ווילט זיך גיין אין מלחמה — קעמפן פאַר אַ בעסערער וועלט...
און ווען דער בחור שפּילט אויף דער האַרמאָניקע —דוכט זיך אים אַז עס זיינען צוריקגעקומען יענע טעג און נעכט, יענע גרויסע מעשים, און ניט אויפן אויטאָבוס שטייט ער, נאָר אינמיטן פון דער בלוטיקער שלאַכט. און דער אָרקעסטער קלאַפּט — און די שלאַכט פלאַקערט...
צאַרטע צוויי מיידלאַך גייען אַרום מיט פושקעס — פאַרקליידעטע אַלס קאַרמענסיטאַס... דינע, זייד־לופטיגע קליידלאַך, שוואַרצזיידענע שלייערן, שפּאַנישע פריזור, אָפּגעצערטע פּנימער. און די דיימס גייען פאַרלאָרן אין זייערע פושקעס, וואָס קלינגען ווי זיי וואָלטן האַלטן קאַסטאַניעטן אין די דינע הענט. און מיט זיי איז די פּאָעזיע פון דער נאַכט—דער כישוף פון נעפּל. דאָס ליד פון קאַמף.
און שפּאַניעס ראָמאַנטיק פלאַקערט אויף אין דעם ווינטיגן פלאַטער פון זייערע רויט־קליידער. און עס ציטערן אויף אין דער לופט בילדער פון דער „קאַרמען"־אָפּערע — די פייערדיקע קאַרמען — אויפן הינטערגרונט פון אָנגעצונדענע בערג און גראַניטן... קאַרמענס ברוטאַליטעט און צערטלאַכקייט — איר קינזשאַל און איר גלעטנדיקע כישוף־האַנט.
ווען דער אויטאָבוס פאָרט אַוועק, איז מיר אומעטיק. זיי פלאַטערן מיט די הענט אין דער לופט: אַדיע! אַדיע! נאָר מיך גלוסט זיך זיי נאָכצולויפן, זיך אַרויפצוכאַפּן אויפן אויטאָבוס, קיינמאָל נישט צו פאַרלאָזן די דאָזיגע סימפּאַטישע טרופּע, וואָס דערמאָנט אין אַ צייט וואָס איז שוין איצט געשיכטע. און אַזוי איז דאָס לעבן. אַלץ ווערט געשיכטע. אַלע לעבנס גייען אַריין אין דעם גרויסן אַלבום פון וועלט־געשיכטע...
עס איז האַרבסט. די לבנה שניידט זיך ענדלאַך אַרויס פונם נעפּל — אַ רויט פאַרבלוטיגט געזיכט פון אַ קראַנקן־שוועסטער — פון יענער וואונדערלאַכער אידישער פריינדין, וואָס ווען איר געליבטער, מיין חבר, איז צוזאַמען מיט זיין ברודער געפאַלן אין שפּאַנישן קאַמף, אַלס אָנפירער פון דעם פראַנצויזישן באַטאַליאָן —

האָט זי וואָלונטירט אַלס קראַנקן־שוועסטער און האָט איר העמד צעריסן און מיט די העמד־באַנדאַזשן פאַרבונדן די וואונדן פון די קעמפער. איר געזיכט רונד און טרערן־פאַרגאָסן — שניידט זיך איצט אַרום אויפן הימל, און דורכן נעפּל־וואָאַל קוש איך עס און היל עס איין אין מיינע ציטערנדיגע הענט.

און דער האַרבסטיגער ווינט ווייעט און דורך די ביימער־בלע־טער גייט דורך אַ רעוואָלוציאָנערע מעלאָדיע. — — — — —

# כוואַליעס

דער אַטלאַנטישער אָקעאַן מאַרשירט אין מיליאָנען מעכטיגע כוואַ־ליעס צו דער זון; אַ גראַנדיעזע קאַנאָנאַדע פון אַלפּן־כוואַליעס צום אומענדלאַכן טויט. איך ליג אויפן דעק פון דער שיף און איך טרוים פלאַמענדיגע אַרמייען איבערן ים, וואָס טראָגן זיך אין באַוואָפענונג איבער די שטרעקעס פון אייראָפּע. הויך שטייגט די זון און בינדט אַרום מיט אומענדלאַכע שטריק פון פלאַמענדיגע שטראַלן דעם שטאָלענעם קערפּער פון ים. איך זע וויזיעס פון קאָלאָסאַלער שיינקייט. די כוואַליעס שיינען מיר ווי גראַניטענע טרעפּ צו דער זון, אויף וועלכע עס טרעטן מיינע מעכטיגע אַרמייען. איך בין דאָס געוואַלטיגע זונען־קינד פון אוניווערז. ריזן־רויט־האָריגע פרויען פלעכטן פון אומענדלאַכע רעגנ־בויגנס אַ קראַנץ פאַר מיין בלאַסן, מאַרמאָרנעם שטערן. איך עמפינד דעם רואיגן זשעני פון אַ גאָט. און די כוואַליעס שטייגן אויס ווי צעווילדעוועטע פערד און שטירצן מיט זוניגע ריטער און גאָלד צום אָפּגרונט. מיינע אַרמייען פאַלן אין דער געוואַלטיגער שלאַכט. די וואָלקנס — רויטע, צעפּלאַמטע, שטייגן ווי אומענדלאַכע פענער פון פלאַמען און בלוט. איך בין דער אייזערנער אימפּעראַטאָר פון דעם אוניווערז. איך קען נאָר שטורעם, אָפּגרונט און טויט. געטער־שלוחים בעטן הילף, צו מיינע פיס געפאַלן. און דער ים רוישט, די ווילדע מוזיק גיט מיר די קראַפט צו באַהערשן לעבן און טויט. איך בין דער שטאָלצער אימפּעראַטאָר פון אַטלאַנטישן אָקעאַן!...

# מיין טאָג

מיין טאָג, מיין טאָג מיט בלאָנדע לאָקן איז היינט געשטאָרבן זיין בריליאַנטענעם טויט. בין איך אַ שניידער געוואָרן און מיט אַ וויסער שער האָב איך אויסגעשוירן אַ שטיק פּליוש פונם פּליושענעם הימל און דאָרטן איינגעוויקלט דעם צאַרטן קערפּער פון מיין טאָג, מיין טאָג, מיין שלאַנקן אינגל מיט די גאָלדענע לאָקן. אויפן פעלד דעם גרויען האָב איך אים געלייגט און דאַן האָבן די וואָראָנעס מיט בלויע שנאָבלען זיין ברוסט געפּיקט און זיינע סאַמעטענע אויגן צעריסן. אָבער ווען זיי האָבן זיך צוגערירט צו זיין האַרץ — האָט דאָס האַרץ פון זיך אַליין אָנגעהויבן בלוטיגן... דאָס האַרץ בין איך אַליין געווען...

# מיין פאטער - דער עסטעט...

(דערציילונג)

איך פאָר איבער די אָריענטאַליש־דעקאָראַטיווע שטרעקעס פון קאַליפאָרניע און דאָס זון־גאָלד רינט ווי גאָט'ס בלוט איבער די גע־דיכטע פּאָמעראַנצן־גערטנער, און איבער די טונקל־גרינע פּאַלמען, וועלכע וועלן שוין קיינמאָל נישט אויפגעבן זייער מעלאַנכאָליע. איך פאָר איבער די זוניג־פאַרברענטע שטחים פון ניו־מעקסיקאָ און איך זע די פעלקער וואָס וואָלטן דאָ זיך געקענט באַזעצן און געניסן דאָס לעבן אין זיין גרויסקייט און זיסקייט. איך טראָג זיך אַן אומעטיגער איבער אריזאָנאַ'ס וויסט־שטיינערנע, אומענדלאַכע לאַנדשאַפטן. יע־דער רויטער שטיין האָט זיין געהיימניספול געזיכט פון א נביא אָדער א רויבער, פון אן אוואַנטוריסט אָדער א הייליג קינד. אָט לויפט פאַר־ביי דעם צוג — דאָס טרוקענע לאַנד פון טעקסעס מיט זיין געלער זאמדיגקייט און קרומע, געבויגענע, גרינע קוסטעס. איך בין שוין אין אָקלאַהאָמאַ, וואו אַלץ איז גרוי און שטויביג; אָ, וואו עס הערשט דער ברוטאַלער מלך שטויב... שוואַרץ־געפלעקטע, פעט־ריזיגע חזרים באַ־וועגן זיך שווער איבער די קאַלטע, אומעטיגע פעלדער. קופער־ברוינע קי קוקן פלעגמאַטיש צו דער אייביגער פאָרם־דיכטונג פון די וואָלקנס; סטאַאיש און קאַלט קוקן זיי צום ספּעקטאַקל וואָס דעם ווינטס מייס־טער־האַנט פאָרמט איבער די ווייטע, גלייכגילטיגע הימלען — די העמ־דער פון גאָט...

מיר איז שרעקלאַך אומעטיג. עפּעס פון זיך אליין קלינגט אין מיר א מעלאָדיע פון דעם אַלטן פּאַריזער פּאָעט בעראַנזשער. איך פאָר א היים. ערשט נישט לאַנג איז מיין פאָטער געשטאָרבן. איך וויל זען וואָס עס איז געבליבן פון זיין לעבן און זיין טויט...

⁂

וואו זיינען די אַלע אַנטיקן, וואָס מיין גרייז־גרויער פאָטער האָט אָנגעקויפט אין די קראָמען פון דעם אומהיימלאַכן ניו־יאָרק? אַסך, א סך פון זיי זיינען שוין פאַרכאַפּט געוואָרן, נאָך איידער איך האָב די שוועל פון אַלטן הויז באַטראָטן. אָבער נאָך פיל זאַכן זיינען דאָ פאַר־בליבן, מיטן קאַלטן פּליוש־שטויב באַדעקט. געבליבן איז אין הויז די קליינע מוטער, א גרויע, א קליינע, אן איינגעשרומפּענע. אין נעבכט פרעג איך זי מיט ליבשאַפט:

— מאַמע, געדענקסטו נאָך ווען דו ביסט געווען א קליין מיידל? ווי שיין ביסטו געווען? זיינען דיינע האָר געווען בלאָנד? איז דיין געזיכט געווען רונד?...

זי שמייכלט דין און ווערט פאַרשעמט. דאַן שילדערט זי ווי זי האָט אויסגעזען אַלס מיידל. איר געשטאַלט פאַרשווינדט — און ווי אין אן אַראַביש מעשה'לע — טויכט אויף פאַר מיר איר לאַרעליי־גע־שטאַלט, מיט גאָלד־האָר רייך פאַרפלייצט איבער אירע שולטערן. אָ, איך עקזיסטיר נאָך נישט... דאָס יונגע מיידל ראָמאַנסירט מיט די שטערן — און די וועלט איז יונג און שיין...

מיט פינף יאָר צוריק בין איך דאָ געווען. ביינאַכט פלעגן די שווערע זייגערס מיך נישט לאָזן שלאָפן. ווי אין אַן אַלטער, פאַרזונ־קענער קירכע, פלעגט עס קלינגען. זייגערס מיט שווערע, הייזעריגע טע־נער. זייגערס — לייכט און אַמוזאַנט, נישט וועלנדיג אַנערקענען זייער עלטער. זייגערס — אַלט־מאָדישע, קאַלאָסאַלע, טונקל־ברוינע, שווערע און אומהיימלאַכע. דאָס קלינגען פלעגט מיך שטיקן, אויפרעגן. מיין פאָטער האָט ליב געהאַט די זייגערס. ער איז געווען פאַרליבט אין זייע־רע ציפערבלאַט־געזיכטער, אין זייערע פנים׳ער — פון על־גרעקאָ־אַס־

קעטן, פון דאַ־ווינטשי רונדע פרויען פנים׳ער, פון דאַן זשואַנען מיט פאַרדרייטע ווייזער־וואָנצעס. אין אַ וועלט פון אומעט און פון פאַלש־קייט — האָט ער געלעבט צווישן זיינע זייגערס און געווען זייער הער, זייער אַלט־פּרענקישער וועכטער... די זייגערס זיינען געווען זיין וואונ־דערלאַך משוגעת...

פון אַלע זייגערס — זיינען בלויז געבליבן עטלאַכע... און צווישן זיי — ווי דער איראָנישער גורל וואָלט זיך דאָ אריינגעמישט — שטייט אַ שפּיציגער זייגער מיט אַ שטייפן טורם; אין זיין שפּיציגקייט און טונקלקייט, ווי פון ציטן טויטע אָפּגעגריזשעט, ווי געלעקט פון ווינט און רעגן און ווי געריסן פון זאַווערוכעס — זעט ער אויס ווי אַ קיר־כע, אַן איינגעהויקערטע קירכע צווישן פעלזן; נאָר ווען מען קוקט זיך לאַנג איין אין אָט דער קירכע — דערזעט מען עפּעס שטוינענדעס: דער זייגער האָט ביי די זייטן צוויי דינע שפּיצן, ווי צוויי פינגער אָדער הערנער; איצט זעט דער זייגער אויס ווי דער טייוול אין אַ צינישער מיץ מיט צוויי הערנער שאַרפע, אָדער ווי ער וואָלט מיט די שפּיציגע פינגער זיך האַלטן ביי די שלייפן... (איז נישט אָט דער זייגער — אַן אימאַזש פון קריסטנטום, אין וועמענס קעניגרייך עס וואוינט דער טייוול און ראַנגלט זיך, מיט אירע הייליגע נזירים?...)

⁂

מיין פאָטער׳ס זייגערס האָבן באַזעסן מעלאַנכאָליע, אומעט בלייערנעם, עפּעס קירכלאַכעס און איינזאַמעס. אָבער מיין פאָטער האָט ליב געהאַט שיינקייט. ער איז געווען אַ גריך. וואָס זאָל איך טאָן אַז ער האָט נישט געגלויבט אין דעם גרויסן, געאַכפּערטן, גרייז־גרויען אי־דישן גאָט?... ער האָט ליב געהאַט דאָס עסטעטישע און איז אַליין גע־ווען שיין ווי אַפּאָלאָ. אמת, זיין יוגנט איז שוין לאַנג געווען טויט. אָבער זיין עלטער איז געווען מאַיעסטעטיש און שטאָלץ. צוליב זיין פיל וואַנדערן איבער ים און יבשה, האָט ער גוט געקענט די פעלקער פון דער ערד און איז געווען אַ קאָסמאָפּאָליט. נאָר מענטשן האָט ער דאָך ווייניג ליב געהאַט. קונסט איז געווען נישט בלויז זיין אידעאַל — נאָר זיין ווירקלאַכקייט. סקולפּטור־קונסט — די געפּרווירענע מו־זיק, ווי געטע רופט זי אָן — האָט ער אומענדלאַך געליבט און זיין הויז איז געווען אַ מוזיי פאַר וואונדערלאַכע פיגורן און פאַר וויזיעס אין קאָליר געמאָלן.

ער האָט פאַרנאַכלעסיגט זיין פאַמיליע. האָט זיך זאַגאַר מיט האַס באַצויגן צו ווייב און קינדער, וועלכע ער האָט געשאַפן קאַפּריציעז, באַהערשט פון לוסט, וואָס נאַטור צווינגט אַרויף אויף אַלע אירע טראַ־גישע קרעאַטורן. אויך איך אַליין האָב אים געהאַסט. ער איז געווען אַ טיראַן אין לעבן. נאָר איך פאַרער אים פאַר זיין מעכטיגן כאַראַק־

טער, פאר דעם שטארקן ווילן, פאר דעם געראנגל, ווי א בייראָניסטי־שער העלד, מיט די נישטיגע שונאים פון אונזער ווירקלאכקייט, און פאר זיין הערלאכן קולט צום שיינעם.

אויב דאָס לעבן איז צום דאָזיגן עסטעט און גייסט־מענטש גע־ווען ביטער ווי דער ביטערער גאלגן צו דעם געהענקטן — איז אים דער קאלטער מארמאָר און דער גאָלדיג־זוניגער בראָנז געווען זים ווי א גן־עדן. באַדליער האָט זיין גן־עדן אויסגעטרוימט אין וויזיעס פון האשיש. מיין פאָטער האָט דאָס גהינום פון לעבן אָנגעפילט מיט מאכמעד׳ס טרוימענדיגע יונגע פרויען פון קאָראַן, אין די שילדערונ־גען פון גן־עדן.

⁂

איצט, ווען ס׳איז טרעמפיש־הפקר זיין וואוינונג, זיין פריוואט־מוזייאום — זיץ איך אין איינגעטוליעטער און פיל די ביטערע פאר־אכטונג פון די שטיין־פרויען, וועלכע ער האָט דאָ געלאָזן. זיי וויינען טראגיש אויפן גורל פון מיין פאָטער — זייער דאָן זשואן. זיי ווילן מיך נישט קענען. און וויפיל שיינע, טראגיש - העראאישע פיגורן שטייען דאָ ווי אין א הארבסט געהילט און וויינען נאָר מיט טרערן, ווען די לבנה שיינט און גיט זיי פאר א ווײלע צוריק זייערע נשמות. אָ, אזוי פיל דיאנאס, אפראָדיטיס, פסיכעס און אמאָרס, קלעאָפּאט־ראס, בעריניקעס און מענלאכע פיגורן פון באקכוס, אפאָלאָ, פערסע־אוס און לעאָנדער — שטייען דאָ, פון שטויב באדעקט און שווייגן שטום און שטאָלץ, ווי געטער פארגעסענע. אין שטיין געשניטן, אין מעטאל געגאָסן, אין גאָלד געשמידט און אין האָלץ געשניצט — רינג־לען זיי מיך ארום, די נאקעטע פון גן־עדן, און זייערע פאָרמען טויטן אין מיין קערפער אָפּ די אייביגע לוסטן צום פליישיגן און פלאמענדי־גען... נייע תאוה׳ס שטראלן אויף אין מיר, באגערן צינדן זיך צום פולקאָם־הארמאָנישן און די שעדוועערם פון קערפערלאכע פאָרמען. שעלמיש און געהיים ווינקען זיי צום גייסט פון מיין פאָטער, צו זיין שטאָלצן פאָרטרעט, וואָס הענגט אינמיטן שטוב — און איך בין זי־כער, אז ער באהערשט זיי נאָך איצט, אז ער בינדט זיי אין שטאָל־קייטן און אז זיי קושן אים פאר דער זיסער געפאנגענשאפט, זיי קושן אים די בלייכע הענט מיט בלוט און טרערן, וואָס רינען ווי הארבסט־קאָלירן...

⁂

די איינציגע וואָס וויינט מענטשלאך און טרויעריג איבער מיין פאָטערס טויט — איז מיין מוטער, די וועלכע ער האָט אמווייניגסטנס געליבט... זי וויינט און רעדט וועגן זיינע לעצטע טעג...

און עפעס שוידערלאכעס קומט פאָר: די אלטע פרוי צעברעכט די סקולפּטורן, די סטאטועטקעס און ביוסטן. צעשמעטערט די מארמאָר־ווערק, בראָנזווארג, שטיינפיגורן און אלערליי קונסטווערק. יאָרנלאנג האָט זי געדריקט אין זיך און געווען אייפערזיכטיג אויף זיין ליבע און קולט צו די הארמאָנישע געטינס, טענצערינס, צירק־מיידלאך און נאַ־סען־פרויען... איצט, ווען דער געצנדינער איז טויט — נעמט זי צום ערשטן מאָל נקמה און טויטעט די קעפּס־ווייבער פון מיין פאָטער דעם פירשט...

און איך זיץ אין איינזאמער אין הויז און הער זיך צו צו א וויי־

טער, היילנדער מוזיק וואָס קומט פון ערגעץ אין דער נאכט.. עס איז שאָפּענס טויטן־הימן; עס איז דער וואונדערלאכער לויה־מארש, און איך זע א לויה; צום בית־עולם ווערט געטראָגן מיין פאָטערס קערפּער — אין אן אלט־שטיינערנער, עגיפּטישער טרונע; מען קומט צו צו א טעמפּל און מען שטעלט אוועק אויף א הויכן סארקאָפאג די טרונע פון בלייכן מארמאָר; ליכט ברענען ארום דעם קאָפּ פונם געצנדינער. און שלאנקע, צארטע, אריסטאָקראטיש־שיינע פרויען גייען פארביי, שטעלן זיך אָפּ, באטראכטן דעם שטאָלצן מת — און קושן אים צאַרט און שטיל און פארשווינדן אין דער נאכט... איך דערקען זיי אלע — די שטיינערנע און בראָנזענע און גאָלדענע פיגורן פון מיין פאָטערס אינטים מוזייאום...

און דאן לעשט זיך אוים די וויזיע, ווי עס לעשן זיך די בלומען־אינזלען אין א זון־אונטערגאנג; נאָר דער לויה־מארש פון שאָפּען קלינגט אוים זיין אומהיימלאכקייט און טראגישע פייערלאכקייט אין מיין נשמה, אין מיר, דעם זון פון דעם קעניגלאכן געצנדינער.. דינער..

(ניו־יאָרק, נאָוועמבער, 1939)

# מיניאַטור

## די קעניגין האַרבסט

ביים בלויען ים, אויפן גאָלדענעם פעלזן אינזל הענגט אַ צויבער־לאַכער שלאָס מיט קופּערנע קופּאָלן וואָס שטייגן אין די וואָלקנס. דאָרטן וואוינט די משוגע׳נע קעניגין מיט די גאָלדענע לאָקן און דעם רויטן קלייד פון האַלבע לבנות און שטערן גענייט. די משוגע׳נע קעניגין האָט איר איינזאַמען שלאָס מיט גערטנער און קוואַלן און רויזן גערינגלט און קיינער נישט, קיינער קען ניט צוקומען צו דעם מאַגישן שלאָס וועמענס גאָטישע פענצטער צינדן זיך ביים שטערענם שיין. איינזאַם און איינזאַם שוין טויזנטער יאָרן וואוינט דאָרט אין צויבער באַהאַלטן די אייביג־יונגע פרינצעסין. נאָר אין האַרבסט, אין האַרבסט, ווען עס יאָמערן די פאַליעס מיט ווילד־שיינע לידער אַרויס גייט די קעניגין שטיל און פאַר׳חלומ׳ט. אַריבער די פעלזן און בערג און קוואַלן און מאַגישע בלומען און רויטלאַכע פעלדער וואַרפט זי אירע לאָקן און רויט ווערט זי און פלאַמענד ווי מיט גאָלד אויסגעשיט. שטיל גייט זי און גייט אַרום איר איינזאַמען שלאָס און דאַן נאָר — אַך, דאַן, קום איך צו לעבן איר און איך בעט איר אַ קוש... די וואַנזיניגע קעניגן שמייכלט און שמייכלט. דאַן בויגט זי זיך איין און מיטן מויל דעם רויטן גיט זי מיר אַ קוש אינמיטן שטערן — און דאַן פאַרשווינדט זי... איך אָבער זעץ זיך אויפן פעלז לעבן ים און טויזנטער לידער פליען פון מיין בוזעם ווי כוואַליעס אויפן ים און כ׳זינג צו מיין קעניגין, צו דער וואַנזיניגער קעניגין מיט די רויט־רויטע האָר, מיינע לידער, מיינע באַגייסטערטע לידער פון איר אומשטערבלאַכן קוש אין האַרץ געבוירן.

# וואָרט־קאָמפּאָט

אין פּאַריז האָב איך געוואוינט אין אַ קליינער מאַנסאַרדע וועמענס דאַך איז געווען גאָטיש אויסגעבויגן, ווי דאָס צימער פון דעם מיטלאַלטערלאַכן דר. פאַוסטוס. אויפן וואַנט איז געהאַנגען אַ בילד וואָס האָט פאָרגעשטעלט אַ יונגע פרוי, אין אַ בלויען קלייד מיט באָרוועסע פיס, וואָס זיצט אויף אַ גלאָבוס און שפּילט אויף אַ האַרף. אירע אויגן זיינען פאַרבונדן מיט אַ ווייסן טיכל.

שוין פילע יאָרן ווי איך טרעף אָן דאָס בילד אין דער וועלט. נעכטן אָוונט, גייענדיק אויף לעקסינגטאָן עוועניו, צווישן קליינע אַנטיק־געשעפטן, צווישן פראַנצויזישע רעסטאָראַנען און גרינע בוימער — מיט אייזערנע שטאַכעטן פאַרצוימט, האָב איך ווידער אָנגעטראָפן אויפן בילד פון דער בלויער פרוי מיט די פאַרבונדענע אויגן... איך האָב געהאַט אַ שרעקלעכן פאַרלאַנג איר אויפצובינדן די אויגן. זאָל זי זען דעם צופאַלנדיקן אָוונט, וואָס שמעקט מיט בעז און מיט גרינע בלעטער, וואָס שמעקט מיט פּאַרפיומען פון די לאָקן פון די פאַרבייגייענדיקע דאַמען... און ווייסט איר וואו נאָך איך האָב דאָס בילד געזען — איינמאָל, אין ברוגע, אין דער פלעמישער ווענעציע, האָט די פרוי בלוי אַרויסגעלויכטן פון אַן אַנטיק־געשעפט — מיט פאַרבאַנדאַזשירטע אויגן.

ווען די זון פאַרגייט, פאַרבט זי אויף רויט אירע באָרוועסע פיס, אַזוי ווי די זון וואָלט איר אָנטאָן זיידענע, דינע זאָקן — זאָקן פון שפּינוועבס.

און ערגעץ אין לאָנדאָן, אין אַן איינזאַמען האָטעל, האָב איך דאָס בילד געזען. אַלץ קומט צוריק אין לעבן. פון אַלע פרויען, מיד און טרויעריק, קום איך צוריק צו דער פרוי אין בלויען...

***

איך האָב דערמאָנט מיין דאַך־צימער. דערנעבן איז געווען אַ צימער און פון דאָרט האָב איך שטענדיק, ספּעציעל אין די שפּעטע אָוונטן, געהערט אַ וואונדערלאַך שפּילן פון אַ פידל. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, קומענדיג שפּעט אַהיים, ווען די לבנה האָט ווי אַ רוימישע קופערנע מטבע, מיטן קאָפּ פון אַ צעזאַר — אַריינגעלויכטן דורכן פענצטער, אַז אַ יונגער מענטש שפּילט איינזאַם אין זיין צימער די קאָמפּאָזיציעס פון מאָצאַרט, פון מענדעלסאָן. עס איז געווען ענג אין מיין צימער. נאָר באַלד פלעג איך זיך פאָרשטעלן גערטנער גאָלדערנע, מיט שוימיק־שפּריצנדיקע פאָנטאַנען, וואָס זיינען ווי ריזיקע גלעזערנע רויזן. עס שוועבן אַרום אין גאָרטן גאָלדערנע מלאכים, מיט גילדערנע טראָמפּייטן און שאַלן אויס הימלישע ראַפּסאָדיעס אין דער בלויער לופט. צו די האָריזאָנטן זיינען צוגעשפּיליעט שטיקל וואָלקנס, באַגאָסענע מיט טעפּ מיט פאַרבן. די זון פאַלט אין אָפּגרונט פון דער נאַכט — מאַריאַ אַנטואַנעטס אָפּגעשניטענער קאָפּ. צווישן אירע לאָקן גליווערן שווערע טראָפּן בלוט.

אין שפּעטע נעכט פלעג איך הערן שפּילן געטלעך פון שכנות־דיגן צימער. וועלכער צאַרטער פּאַגאַניני וואוינט דאָרט און שפּילט אַן נאָטן אַ ליד אויף דער רויט־געצונדענער פידל?

— מאַדאַם, איר וועט מיר אַנטשולדיגן פאַר זיין אינדיסקרעט?

— האָב איך איין פרימאָרגן געפרעגט דער באַלעבאָסטע פון הויז.

— מען שפּילט אַזוי שיין אין נעקסטן צימער. וועלכער פיינער מו־זיקער וואוינט דאָרט?

מאַדאַם האָט מיך וואַנזיניק אָנגעקוקט און איז אוועק.

— אָבער ווער פּאָרט וואוינט דאָרט? — בין איך איצט געווען נייגעריג נאָך מער.

—מעסיער, אייך דאַכט זיך אויס... דאָס צימער איז שוין ליי־דיג זייט עטלאַכע יאָר. דער לעצטער לאָקאַטאָר איז געווען אַ שפּאַ־נישע וויאָליניסטקע, וואָס האָט אויסגעהויכט דאָרט איר נשמה פון שווינדזוכט.

— אָרעמע פרוי! — האָב איך געזיפצט. עס איז איר שרעק־לאַך אומהיימלאַך אויפן בית־עולם, צווישן קברים פון גנבים און גאַסנפרויען. קומט זי אין די אָוונטן אהיים און — שפּילט אויף דער אַנגעצונדענער פידל...

די מאַדאַם האָט צוגעגעבן אין איילעניש:

— יאָ, די פידל איז געבליבן הענגען אויפן וואַנט. איך האָב נישט קיין האַרץ אַרויסצוואַרפן די צעבראָכענע פידל...

***

אין שפּעטע נעכט, לייען איך מיין גוטן פריינטס, דעם פראַנ־צויזישן קאָמפּאָזיטאָרס בוך מיט פעליעטאָנען און רעוויוס איבער מוזיק — העקטאָר בערליאָז׳ס בוך „אָוונטן אין אָרקעסטער”. עס איז ניט נייטיק צו זאָגן אַז העקטאָר בערליאָז, דער דאָזיגער גלענצנ־דער מוזיקער, איז אפשר נאָך מער ווי מיט זיינע אָפּערעס — פאַר־אייביקט געוואָרן מיט זיין טיפּיש־פראַנצויזישן עספּרי פון וואָרט. מיט זיין לייכטן זשאַנר פון גראַציעזער פּראָזע וועגן מוזיק. אינם דאָזיגן בוך לויכט אויף אַ פאַרגאַנגענער יאָרהונדערט פון מוזיק אפשר דער רייכסטער מוזיק־יאָרהונדערט. עס גייען אויף גע־שטאַלטן ווי שאָפּען און ליסט, הלוי און ביזעי, וועבער און שו־מאַן. עס איז געווען דער גלאַנץ־פּעריאָד פון דער אָפּערע און דער קלוגער, איראָנישער, שאַרמאַנטער בערליאָז טאַנצט אַרום פון אָר־קעסטער צו אָרקעסטער — ווי אַ גאָלדענע בין אין די פאַנ־טאַסטישע גערטנער פון דער קעניגין סעמיראַמיז, טאַנצנדיג גראַ־ציעז פון בלום צו בלום... פאַרזוכנדיק פון אַלע גאָלדענע נעקטאַרס.

***

מוזיק איידלט די געמיטער. פאַרהילט אין מעלאַנכאָלישער שטימונג. וועקט דאָס שיינע און דאָס ראַפינירטע. מוזיק רופט צו תשובה. עס צינדט אָן די פיינערע עמאָציעס אין דער פערזענ־לאַכקייט.

צו אַלע צייטן האָבן מענטשן געגלויבט אַז מען קען דורך מוזיק מאַראַליש ווירקן אויף די מענטשן.

ווער נאָך ווי די הערשער פון דער וועלט, די אַמאָליקע קעניגן, זיינען אַרומגערינגלט פון מוזיק, פון טאַנץ, געזאַנג און שיינע, גראַציעז־שוועבנדיקע דאַמען — און דאָך זיינען זיי ניט בעסער געוואָרן.

דער אמת איז אַז אינם גוטן מענטש וועקט מוזיק אויף די גוטסקייט, דעם ווילן צו היילן די ליידנדע, צו ברענגען טרייסט צו די אָרעמע. צו ליבן די הילפלאָזע. — בשעת אינם פאַרברעכער וועקט זי אויף די פינצטערע אינסטינקטן. מוזיק איז דאָס שאַמפּאַ־ניער צום מענטשלאַכן גייסט.

⁂

אַנומלט — אויף אַ קאָנצערט — האָב איך געזען שפּילן אַ באַרימטן מוזיקער אויף דער ווילאָנטשעל... ער האָט ברוטאַל און צערטלעך באַהאַנדלט די ריזיגע, די רויטע וויאָלאָנטשעל — ווי אַ געליבטער...

מיט אומגעהויער־דעליקאַטע, מיט אַ סך נאָבּיליטעט אין זיינע ליבע־טריפנדיקע הענט, האָט ער איידל באַרירט די סטרונעס פון דעם רויטן וועזן — די וויאָלאָנטשעל — — וואָס האָט איר אייגן געמיט און פערזענלאַכקייט... און זי — אַ פאַרשיכורטע פון דעם עלעקטרישן ציטער פון זיינע איידעלע הענט, האָט אַרויסגעבראַכט קלאַנגען פון איר האַרצן — אומגעוויינלעך שיינע און טרויעריקע, ווי ס'האַרץ וואָלט אין איר געוויינט. פּלוצלונג האָט ער זיך אָפּגעריסן און געפּליקט אירע סטרונעס, ווי ער וואָלט געפּליקט די גאָלדענע, צעפלאָשעטע האָר פון זיינס אַ געליבטער... ער האָט זי אַ נאַקעטע געשלאָגן איבערן לייב. די וויאָלאָנטשעל האָט אַרויסגעבראַכט קלאַנ־גען — טראַגישע, אימהדיקע, אומרואיקע, נערוועזע, און דאַן — איז ער צוריק איבערגעגאַנגען צום איידעלן ראָמאַנס, צום לייכט־זיניקן פלירט, צום ראָמאַנטישן טאָן — מיט דער רויטער, דער פלאַמענדער וויאָלאָנטשעל...

דאָס פּובליקום איז געווען שיכור פון מוזיק. און עס האָט האַר־ציק אַפּלאָדירט דעם קינסטלער און זיין אינסטרומענט — אַזוי ווי עס אַפּלאָדירט אָפט אַ פּאָרל וואָס פירט דורך אַ פּרעכטיקן טאַנגאָ־טאַנץ צוזאַמען... עס האָט איצט אַפּלאָדירט דעם וויאָלאָנטשעליסט און זיין וויאָלאָנטשעל — זיין מעטרעסע...

# אַ ייד — אַ „שפּיאָן"...

דער שרייבער פון די שורות איז פון די סאַמע לעצטע צו זוכן חטאים אויף סאָוועט־רוסלאַנד. און דערפאַר טוט אים ווי צו וואַרפן איצט אַ שלעכט וואָרט אויפן אַדרעס פון אַ רוסישן רעזשיסאָר — ערגעץ אין מאָסקווע — וואָס וואָגט אין די איצטיקע טעג צו פאַר־שטעקן אַ מעסער אין האַרץ פון בלוטנדיקן ישראל...

עס איז געווען אין אַן אָוונט פון אָקטאָבער, היינטיקן יאָר, ווען איך בין אַוועק אין „אַפּאָללאָ", אויף 42־טע סטריט, צו זען אַרטקינאָס אַ בילד „מיליטערישע סודות". עס איז איבעריק צו זאָגן אַז דער פילם איז קינסטלעריש קיין פאַרגלייך ניט צו דעם גרויסן עפּישן ווערק פון אייזנשטיינס „אַלעקסאַנדער וואָסילעווסקי" און די אַנדערע גרויסע סאָוועטישע פילמען, וואו קינסטלערישע קרעאַציע פּאָרט זיך מיט סאָ־ציאַלן פּאַטאָס.

דער „פּלאָט" פון פילם איז אַן איינפאַכער: שפּיאָנאַזש צווישן די סאָוועטישע אַרמייען און די נאַציש. דער פילם האָט שונדיסטישע עלעמענטן. אָבער נישט וועגן דעם איז וויכטיק צו רעדן.

אין דעם בילד ווערט אַרויסגעבראַכט אַ איד — אַלס אַ שפּיאָן וואָס אַרבעט פאַר די נאַצים. ווען דער רוסישער רעזשיסאָר וויל אַרויס־ברענגען רוסישע שפּיאָנען — זיינען עס: 1) אַ רוסישע, אַלטע פרוי, וואָס איז אין דער אמתן אַ היטלעריסטישע דייטשקע; 2) צוויי רוסי־שע מיידלעך — מאַראַליש־געפאַלענע, וואָס האָבן געוואוינט אין רוס־לאַנד און זיינען נאַציכעס; 3) זיינען עס רוסן — האַלבע אידיאָטן און 4) עפּעס אַ טענצערין וואָס איז אַ דורכפאַל.

אָבער דער איד — אין געגנזאַץ צו די „רוסן", איז אַן אינטע־לעקטועלער מענטש, אַן אידעאישער קעגנער...

דער רעזשיסאָר האָט געוואָלט אַרויסברענגען אַ אידן, וואָס זיצט אויף איין וואָגן מיט היטלער־שפּיאָנען. אָבער דאָ איז פאַרגעקומען עפּעס ענלעכס ווי אין שעקספּירס שיילאָק. דער העלד פון דער דראַ־מע שטעלט זיך אַנטקעגן דער אידעע פון דעם דראַמאַטורג. שיילאָק שטעלט זיך אַנטקעגן מר. וויליאַם שעקספּיר — און לאָזט זיך נישט פאַרוואַנדלען אין אַן אַנטיסעמיטישער קאַריקאַטור. פון אַ „בלוט־זויגער" און „פּראָצענטניק" וואַקסט אויס דאָס געשטאַלט פון אַ נביא, וועמענס פייער דער ענגלישער געניוס קען נישט מער פאַרלעשן. די פלאַמען שפּאַרן אַרויס פון די ראַמען פון זיין דראַמע און צינדן אָן די באָרד און די קליידער פונם דראַמאַטורג. דער נביא ברעכט אַרויס אין אַ שטורעם פון געררעכטיקייט און רעוואָלטירט קעגן זיין שעפער...

דאָס זעלבע קומט פאָר אין בילד „מיליטערישע סודות". סאָ־פּראַנסקי, דער אידישער „שפּיאָן" וואָס דינט די נאַצים — לויט די וואַנזיניקע אידעען פון דעם אַנטיסעמיטישן רוסישן רעזשיסאָר — סאָפּראַנסקי איז אַן אויסגעמאַטערטער איד, אַ קליינער, אַ פאַרצער־טער און אומגליקלעכער איד, וואָס רעוואָלטירט אין דער דראַמע — אין דעם פילם זעלבסט — קעגן זיין פאַרגוואַלטיקער...

סאָפּראַנסקי שרייט, שטומערהייט, אַרויס פון בילד מיט אַ ביי־טערן געשריי:

— פאַרלוימדער! ווי אַזוי האָב איך געקענט זיין אַ נאַצי־שפּיאָן,

ווען מיינע ברידער און שוועסטער זיינען אלע געגאנגען דעם גאנג צו דער שחיטה? ווען מיינע ברידער און שוועסטער זיינען אוועק אין קאנצענטראציע-לאגער, אין גאזיקן טויטן-קאמער, אין קרעמאטאריום, און אזש צו די הימלען און — צו גאט? ווי אזוי קענט איר מיך צווינ־גען צו דינען די נאציס — אפילו אין א פאלשן, אומקינסטלערישן בילד?

און סאפראנסקי, דאס אויסגעמוטשעטע, קראנקע און דערשטיק־טע אידל — וואס וואקסט אויס צו א נביא — רעוואלטירט אינם בילד זעלבסט קעגן זיין שענדער. דער עלנט פון זיין פנים איז אזוי שטארק, אז אפילו דער רעזשיסאר האט אים נישט געקענט פארגרימא־זשעווען — און אט דער געפאטשטעטער און געשמיסענער און פון אלע ווינטן און אלע שטורעמס און אלע בליצן געשלאגענער איד — אט ער, און נישט קיין אנדערער פון די צענדליקער רוסישע נאציאנאלי־טעטן — דינט דעם נאציזם — דאנקט אפ פאר דעם מארד פון די אידן! וועלכער בלוטיקער חוזק!

און בשעת אויפן עקראן ציטערן די בילדער — און שטיקער זון פון גרויסן רוסלאנד, שטיקער פשוטע וואלד און פעלד, אויפריכ־טיקע ביימער און גראז און די פשטות פון א רוסישן טאג — ציען פארביי אויפן לייוונט פון אן אמעריקאנער קינא — צוזאמען מיט רוסישע פנימער, מיט רוסישע מיליטער פאר וועלכע דו האסט די וואַ־רעמסטע סימפאטיע אין דיין הארצן — ווייל סוף כל סוף איז עס דיר נאענט, איז עס דיין אייגענע קינדהייט וואס ציט פארביי, זיינען עס די וואלד־פראגמענטן און די פעלד־שפיל־פלעצער וואו דו האסט אלס קינד זיך געשפילט, זיך געפרייט און געטאנצט און זיך פארקוקט צום פלוצלונג מיט נאכט פארצויגענעם הימל־האריזאנט — בשעת דאס אלץ ציט פארביי — דערזעסטו פלוצלונג דעם שטומען, דעם דערוואר־גענעם איד אויפן הינטער־גרונט פון דער בונטער רוסישער לאנד־שאפט — און דיר שניידט ביים הארץ פון דער שרעקלעכער פעלשונג — וואס איז נישט נאר א פעלשונג קעגן דעם אמת פון לעבן — נאר איז אויך א דורכפאל קינסטלעריש, ווייל דער אמת פון לעבן לאזט זיך נישט פארבינדן די אויגן און פארוואנדלען אין קינסטלערישן ליגן.

און דאס פובליקום פון אמעריקע שמייכלט אונטער... די אנטי־סעמיטן פאסמאקעווען זיך מיט א פיין ביסל אימפארטירטן אנטיסע־מיטישן שונד. די מער אינטעליגענטע ווייסן נישט וואס דא איז גע־שען... פון סאוועט־רוסלאנד זאל קומען אזא „שטאך"...

עס טוט ווי ביים שרייבן די דאזיקע שורות. טאפל ווי—צו־ליב דער פאלשער פארשווערונג פון א אידישער מאסקע — פון אן עכט אידיש פנים. און צוליב דעם וואס עס קומט פון סאוועט רוס־לאנד, א לאנד וואס האט זיך ערנסט פארמאסטן צו דערשטיקן דעם אנטיסעמיטיזם — וואס האט אלע נאציאנאלע מינדערהייטן, און די אידן איינגעשלאסן, געגעבן זיין ערד צום לעבן און זיין הימל צום אטעמען.

די סאוועטישע פילם־צענזור וואס וואלט זיכער נישט פארזען ארויסצושיקן קיין אויסלאנד א בילד מיט ווייס־גווארדייאישע פרא־פאגאנדע — האט דא יא פארזען א בילד מיט אנטיסעמיטיש־נאציס־טישער פראפאגאנדע. און דערפאר איז דער פארדרוס אזוי ביטער — אזוי ווייטיקדיק.

# דער זילבער־בראסלעט

(מיניאטור)

מיר גייען ביידע, אין לייכטן אקטאבער־רעגן דורך בראדוויי. דאס ליכט פון רעקלאמעס טריפט איבער אונזערע קעפ, ווי גרויסע פעסער מיט האניק. און איבער די ווענט לויכטן די עלעקטרישע רעקלאמעס. די נאקעטע פרויען זיינען פארגעשטעלט הונדערט מאל אזוי גרויס ווי אין לעבן. דאס זיינען ריזיקע פרויען, פון וועלכע שארל באדלער האט געטרוימט. די רעקלאמע — דער פאנטאסטישער נאמען פון דער מואווי, וואס איז אנגעצונדן געווארן אין עלעקטרישע בוכשטאבן — די פאטאגראפיעס פון די אקטיארן און די אקטריסעס — אפאקאליפטיש פארגרעסערט — דאס אלץ איז פיל אינטערעסאנטער ווי די ווירקלעכע מואווי... שטענדיק איז דאס פראזאאישע לעבן הינטער די קוליסן אינטערעסאנטער ווי דער קורצער מאמענט פון שפיל אויף דער סצענע. דאס שפיל איז אן אפגעבראכענער שפליטער פון דעם גיגאנטישן בארג פון לעבן. די רעקלאמעס זיינען פאנטאסטיש. די פרוי — די פרוי אין וועלכער קעניג דוד, צעזאר, טיטוס, אנטאניוס, דאנטע, פעטרארקע, היינע, פעטיעפי, קאמאענס — און אלע יענע טרובאדור־דיכטער און דאן־קיכאטן האבן זיך פארליבט — די פרוי פארנעמט א שמייכלענד־לויכטנדיקע דעם גאנצן האריזאנט, פון איין עק וועלט ביז צום אנדערן... א נאקעט־פיבערנדע, א פלאמענדיקע, צו רייצן די מענער פון ניו יארק — צו רייצן אלע ראסן, צו רייצן אלע דורות, און זי שטארבט קיינמאל נישט. זי ווערט געבוירן אין טויזנט זונען געהילט... גאט אליין — דער דאזיקער אומשטערבלעכער גאלדשמידט און פאעט און מאטעמאטיקער און ארכיטעקט — האט פאר איר געשמידט די קאסמישע בראשקע פון אלע שטערן־בריליאנטן...

און דער גאנג אויף טיימס־סקווער איז א שרעקלעכער. מיליאנען מענטשן. עס ציט צו דאס גרויסע זון־פייער פון בראדוויי — אלע מיידלעך פון די פארשטעט. און דו שלאגסט דיך קעגן יעדן מענטשן. דיר איז שווער דער גאנג. א גאנג — א געשלעג. די אויגן ווערן מיד צו קוקן אויף טויזנט פרויען. דו ווערסט מיד אפצושלאגן טויזנט מענער אין גאנג. און דער גאנג איז אזא פאטאלער, דו פארלירסט דיין ציל. דו גייסט דעם גאנג מיטן קאלעקטיוו. דו גייסט א פינצטערן גאנג. און דו פילסט אין דער ענגשאפט די שווערקייט פון געשלעכט. די לופט פון געשלעכט. דו פילסט דעם פלאם — די שאפונג, דעם ריח, די אור־תאווה פון דער פרוי, פון מאן. עס איז אן ארגיע פון ראסן. דו דערפילסט די אורצייט — דעם טיף־דזשאנגל — און דעם טויט. דו פילסט ווער עס וועט דעם נעקסטן מארגן זיין טויט נעבן דיר. דו פילסט דאס פאלן פון מענטשן, ווי זיי וואלטן אראפפאלן פון הויכע לייטערס, מידע פון בויען דעם טורעם פון בבל — מידע פון דעם כאאטישן און שטומען און פינצטערן און מיט בליצן דורכגעמישטן גאנג אין הימל אריין — זיי צעקלאפן זיך די שארבנס אין דעם אספאלטענעם ברוק פונם הימל...

און גייענדיק דערציילט מיר מיין פריינט, דער גאָלדשמיד: — זי קומט אריין אויף קוליעס. זי וויל אָנמעסטן א בראַסלעט אויף איר רעכטן פוס. נאָר דו קוקסט אויף איר לינקן פוס וואָס איז ניטאָ. איר לינקער פוס מוז זיין אין גן־עדן, צווישן די צדיקים און הייליקע. א מאָדנער גורל פון א פוס, אָנצוקומען אין גן־עדן פילע יאָרן פריער ווי זיין באַלעבאָס... און איך קוק אויף אירע קוליעס — פון א האָניקדיקן האָלץ געמאַכט. איך טראַכט פון דעם וואַלד וואו דער בוים איז געשטאַנען — דער בוים פון וואַנען די קוליעס זיינען געמאַכט. דער פייכט־גרינער בוים, די מאַיעסטעטישע צווייגן, די פייגל וואָס זינגען ליבעס־לידער, די נאַכטיגאַל וואָס זינגט אין דער לבנהדיקער נאַכט, די האָניקדיקע זון וואָס פאַרוואונדעט זיך אין אַלע צווייגן און דער בוים וואָס בעט זיך ביי גאָט: זעג מיך נישט ארויס פון דער ערד! און זיין מאָדערנער גורל — ווי זיינע גלידער ווערן צעשניטן — א שטיק פאַר די קוליעס, א שטיק האָלץ הויך אויפצוציען א רויטע פאָן איבער אים — אין קאַמף, אין מאַרש... און א שטיק האָלץ פאַר א ראַם — צו זיין א ראַם פאַר א וואונדערלעכן פאָרטרעט פון א פרוי — א רענעסאַנס דאַמע, וואָס ווען זי איז געגאַנגען אין גאַס, האָבן אויף איר געקוקט מיט גיריקע בליקן ראַפאַעל און לעאָנאַרדאָ... עס האָבן איר געמאָלן די קינסטלער — מיט פאַרבן פון זון־ליכט... מיט קאָלירן פון זון־אונטערגאַנג און זון־אויפגאַנג... עס האָבן איר אריינגעגליט זייערע קאָלירן — און די ראַם צירט איר בילד, פון איינעם פון די קינסטלער געמאָלן, און הגם זי איז שוין לאַנג פאַרפוילט — לויכט זי דאָ ארוים ווי א פייער. איר פּנים איז א זון אין מיניאַטור. און — די קוליעס פאַר דער אַלטער פרוי זיינען פון דעם בלענדנדן בוים געשניטן געוואָרן. און — א טרומנע. א געוויינלעכע טרומנע פאַר א האָבאָ, וואָס איז אין שיכרות געשטאָרבן... פאַרגליווערט געוואָרן אויפן שניי פון וועג — און דער שניי האָט קלאָר איבער אים געשנייט און אים געמאַכט א ווייכן העמד פון שניי...

און זי די פאַרזשאַווערטע דאַמע מיט די קוליעס — וויל אַז איך זאָל איר אָנמעסטן א זילבערנעם קייטעלע — א בראַסלעט אויפן רעכטן פוס... עס איז איר איינציקער פוס — און מער קיין פוס אין דער וועלט האָט זי נישט. און איך בויג זיך איין און פאָרע זיך ארום איר... און איך מעסט איר אָן זילבערנע און גילדערנע בראַסלעטן — צאַרטע און דינע, געמאַכט צום כישוף פון גראַציעזע דאַמען־פיס... און קיין איין פון די קייטלעך פאַסט נישט צו איר פוס — וואָס איז שטאַרק ווי א טאָפּעלער, אַן אייזערנער פוס... ער מוז טאָן די אַרבעט פאַר צוויי... און ער גורט זיך אָן מיט קראַפט. דער פוס האָט עפּעס פון א פערדישן פוס — אין זיין מעכטיקן געשטעל. עפּעס פון די גראַניטענע פיס פון גענעראַלן, וואָס זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרן מאָנומענטאַל אויף פיעדעסטאַלן. און איך וואָלט שוין לאַנג רעזיגנירט פון דער אַרבעט, פון אָנמעסטן די ציטערדיקע גאָלדענע קייטלעך, פון בויגן זיך ארום איר און קניען...

און די גאַנצע צייט רעדט זי מיט דער דינער שטימע פון אַן אכטציקיאָריקער... און ווען זי גייט אַוועק — שמייכלט זי צופרידן... א מאַן האָט זיך איבער איר געבויגן. איר פוס איז באַרירט געוואָרן

פון מיינע הענט — פון דעם קילן און ציטערדיקן זילבער און גאָלד... זי האָט געהאַט דעם איינדרוק אַז עס קניט צו איר אַ ריטער. און דער פלירט האָט איר דערפרישט... זי איז אַוועק מיט די קוליעס אין דער באַלויכטענער נאַכט, וואָס איז געווען באַגאָסן מיט גלאַנציקן בלויען טינט פון אָוונט... די בוימער — אָקטאָבערדיק־קופערנע — האָבן איר באַוואָרפן מיט פייכטע רויט־בלעטער — ווי מיט אַ מאָדנעם קאָנפעטי אויף אַ באַל... — און שפּעטער זיצן מיר אין אַ קינאָ. אויפן עקראַן — ריטשארד טאַובער, שפּילנדיק „פּאַגליאַטשי"... און בשעת עס טוישן זיך מאַסקעס און קאָסטיומען — שטייסטו אין ערפורכט פאַרן בלוטיקן שפּיל פון ליבע און אײפערזוכט. פאַרן שפּיל פון קונסט און לעבן... דען מאָדנע איז דאָס פּובליקום וואָס דו זעסט אין קינאָ — אַרום דיר — זיך צוקוקנדיק צום פּאַיאַצנשפּיל... מאָדנע איז דאָס פּובליקום וואָס זיצט ערגעץ אין זאַל פון פילם, דאָרט אין דער טיפעניש פונם עקראַן — און קוקט זיך אויך צו צום פּאַיאַצנ־שפּיל... און דו ווייסט ניט מאַנכעסמאָל צו וועלכן פּובליקום דו אַליין געהערסט.. מאָדנע איז אויך די האַנדלונג: דו ווייסט קוים וואו עס פאַנגט זיך אָן שפּיל — און וואו האַנדלונג.. וואו קונסט און וואו דאָס לעבן... דו זעסט אַז די אַקטיאָרן בלוטיקן... דו זעסט אַז דאָס לעבן איז באַפאַלן דער בינע. דו זעסט אַז קונסט און לעבן האָבן זיך איינער אָן אַנדערן פאַרשטאָכן — און דער אויסוועג איז — טויט... און ווען דער גייסטערהאַפט־ווייסער קלאָון — ציטערנדיק ווי דער הארבסט־ווינט־בוים — אַנאָנסירט: „פיני דע לאַ קאָמעדי!" — דערמאָנסטו זיך אַז בעטהאָווען האָט עס געזאָגט פאַרן טויט... און אַז גראָד דאָס לעבן איז אַזאַ בלוטיג כישוף־שפּיל — אַ קאָמעדיע דעל אַרטע...

און נעבן אונז זיצט אַ זייער אַלט פּאָרל און זיי ליבן זיך. אומ־געלומפּערט פאַרוואָרפט זי די האַנט יעדעס מאָל איבער זיין קאָפּ און פליקט אים אויס די האָר... זי — איינגעשרומפּן. ער — אַ סקעלעט. און ביידע האָבן באַשלאָסן ביים פינאַל זיך צו ליבן...

און ווען מיר גייען אַהיים — איז דער הימל ווי אַ פּורפּורנער פאָרהאַנג פון אַ קאָסמישן טעאַטער... אַלע זעלן פון דער ערד גייען שפּילן אין הימל — אונטער דעם פאָרהאַנג... און שווער, אין דער אומענדלעכער פּראָצעסיע, באַוועגט זיך די מאָנומענטאַלע דאַמע מיט די קוליעס... און מיט איר אייזערנעם פוס וואָס איז ווי דער פּלאַנעט סאַטורן — נאָר אָן אַ רינג...

# אַש...

עס איז געקומען די ליבע פריינדין, שאַרלעט. איך האָב שוין פון די טרעפּ די קרומע דערהערט איר גאַנג, דעם קינדישן, לוסטיקן, מאַדאָנישן און זינדיקן גאַנג פון שאַרלעט. ווען זי איז אַריינגעקומען האָט זי אויסגעטאָן דעם לייכטן, רויטלעכן מאַנטל מיט דער ראָזער „פּאָטשעווקע"; און דעם דינעם, וואָלענעם שאַל, דעם בלויען שאַל. מיין צימער איז געוואָרן צו אַ גאָרטן. און איך האָב געטראַכט אַז די דאָזיקע וועלט איז צוגלייך, ווי דער מענטש, אַ ווייבלעכע און אַ מענלעכע. די בערג, די בריקן, דע פעלזן — די גיגאַנטישע לאַנדשאַפטן — זיינען מענלעך. בשעת די וועלט איז אויך ווייבלעך און די בלומען, די זון־שקיעהס, די וואונדערלעכע פאַרבן אין דער לופט, אויף דער ערד — פאַרבן וואָס באַהערשן דעם מענטש, רופן אין אים אַרויס פיינערע שטימונגען...

שאַרלעט האָט זיך געלייגט אויפן בעט, נעבן מיר. און זי האָט פאַררויכערט אַ ציגאַרעט — און באַלד האָט זי אָנגעהויבן צו אַראַנזשירן מיין צימער אַזוי אַז עס זאָל ווערן אַ ליבע־סאַלאָן. זי איז געלעגן אויפן בעט אין אירע גרוי־וואָלענע „סלעקס" און האָט מיינע פעק מיט ביכער און זשורנאַלן נישט געקענט ליידן. — פאַרוואָס זיי נישט טראָגן אין קעלער אַריין? — האָט זי עטלעכע מאָל געפרעגט מיט איר דינעם קולעכל. און דעם אַלטן שפּיגל — צו וואָס פאַרנעמט ער דאָ אַ פּלאַץ? און דאָס בעט — מען דאַרף עס צושטעלן צו דער וואַנט. אָט דעם גרויסן טיש — מען דאַרף אים אַרויסשטעלן. און דעם פייערפּלאַץ דאַרף מען לאָזן פריי... זאָל דאָ ברענען אין די אונטן אַ קליין פייער... און דו קענסט דיר דאָ באַקוועם לעבן — האָבן שיינע מיידלעך — מאַכן ליבע — — — —

איך האָב געטראַכט פון די ביכער, די זשורנאַלן. וויפיל פאַרגעניגן איך האָב געהאַט פון זיי, מיט וויפיל מי איך האָב זיי צונויפגעקליבן. און עס איז גלייכצייטיק געווען אָנגענעם צו האָבן אַ פרוי אין הויז, זי זאָל שפּרייטן דאָס ווייבלעכע, ווי אַ טעפּיך. די פּראַקטישקייט אירע האָט זיך אויסגעמישט מיט אינטימיטעט. אויפן מאָמענט בין איך גרייט צו פאַרראַטן דיינע ביכער — צו פאַרלאָזן דיינע זשורנאַלן — זיך איבערצוגעבן דעם ווילן פון אָט דעם ליבלעכן טיוול — פון אָט דעם ערלעכן ווען. דו בענקסט נאָך ווייבלעכקייט...

— און וואָס מאַכט די קליינע פּאולאַ? — פרעג איך אויף איר ליבער טאָכטער.

פּאולאַ איז געווען שטאַרק אַנטוישט וואָס דו האָסט נישט געקענט קומען. — זי האָט געוואַרט אויף דיר... זי איז אוועק שלאָפן מיט אַ קאַפּווייטיק.

— איך ווייס... איך האָב זי זייער ליב. ווען איך וואָלט פילן גוט, וואָלט איך זיכער צו איר געקומען. די קליינע איז לויטער זון,

קאָנצענטרירטע ענערגיע. ליכטיק פייער. זי איז אַ וואונדערלעכע כוואַליע וואָס לויפט אַנטקעגן...

— יאָ, אַלע האָבן ליב פּאָולאַ. אַנומלט האָט מיר דער לערער דערציילט אַז פּאָולאַ איז שטאַרק פאַראינטערעסירט אין אים... זי דרייט זיך אַרום אים מיט אַזוי פיל גראַציע... זי טאַנצט פאַר אים...

— דאָס איז נאַטירלעך. זינט פּאָולאַ האָט פאַרלוירן איר פאָ־טער, זוכט זי אַזאַ אין יעדן מאַן. זי זוכט דעם אידעאַל פון איר פאָטער. דעם מאָדעל. אין יעדן מאַן ווילט זי אויס איר חבר — איר קאָלעגע — איר שפּיל־אינגל — איר קעניג...

שאַרלעט איז אַליין אַ קליינע מיידל. זי האָט שוין צוגעזען דעם לאַנגזאַמען טויט פון אַ מאַן. זי האָט שוין געזען אַדמען שטאַרבן. און דאָך איז זי געבליבן זאָרגלאָז. עס איז שווער אַ פריילעכן מענטשן צו דערשטיקן. דו ווייזט איר אַלע טרויערן פון לעבן — און זי לאַכט. און פּלוצלונג ווערט זי אַלט און פאַרענדערט. דאָס געשעט מיט פריי־לעכע מענטשן. זיי ווערן איבערנאַכט — אַלט און ווייס, אַזוי ווי עמיץ וואָלט אויף זיי אין אַ חלום געשאָסן.

שאַרלעט זינגט הארציקע לידער. מעלאָדיעס פון רוסלאַנד. ענג־לישע לאָוו־סאָנגס. אַ קליינע מיידל זינגט דיר קליינע לידער אין אויער אריין. און די קאָלדרע דעקט אונז ביידע צו. די קאָלדרע? — איך האָב זי גענומען פון מיין מוטער. אַ טונקל־רויטע קאָלדרע. אין שפּעטע נעכט פיל איך ווי מיין מוטער הילט מיך איין — מיין מוטער, מיט איר גוטסקייט און ליבלעכקייט. און איצט אויך היל איך זיך איין אין מיין מוטער. אין איר וואַרעם לייב. און דאָרט — דער זייגער. דאָס רונדע ציפערבלאַט־פּנים פון מיין מוטער. עס איז געשטאַנען אינמיטן קיך ביי איר. עס האָט געציילט און געזופּט אירע לעצטע עלטער־שטונדן. אין נעכט לייכט דאָס פּנים פון מיין מוטער צו מיר. די פאָספאָרישע בוכשטאַבן — ווי אירע טרערנפולע אויגן. און קענסטו זיך פאָרשטעלן אַז מיין מוטער איז געוועזן אַזוי יונג ווי דו, שאַרלעט? און איר קול האָט אויך אפשר אַזוי געקלונגען. און עס איז מאָדנע וואָס זי איז אַוועק אין דער ערד — און זי קומט קיינמאָל נישט צוריק צו מיר. אין אַ נאַכט ווי היינט, פון ווינט און רעגן, פאַרוואָס קומט זי נישט זיצן דאָ אויף אָט דער ציטערנדער, אַלטער שטול? קען זי נישט גיין? זיינען אירע פיס פאַרפוילט געוואָרן אין דר׳ערד? אָבער איר האַרץ איז גאַנץ — איר וואונדערלעך, איר לויכטנ־דיק האַרץ, ווי אַ לאָמפּ לויכט עס אַרויס פון קבר — לייכט דורך די ערד, דאָס גראָז — — —

די גאַנצע צייט פילט מען די אַנוועזנקייט פון אַ פרוי אין צי־מער. דאָס איז די פרוי פון דעם פּאָרטרעט. זי קוקט אַרויס פון אים ווי אַ לעבעדיקע — אַן אייפערזוכטיקע — אַ פּאַטעטישע. אַ מאָדנע פרוי — אין אַ פּאָרטרעט, וואָס איז געמאָלן ווי אין פריען איטאַליע־נישן רענעסאַנס — מיט גרויס כאַראַקטער. די פרוי קוקט אַרויס פון אים אין איר גאַנצן דורשט — אין איר גאַנצן שטורעמדיקן הונגער. די פרוי וואָס פּאָדערט, וואָס קעמפט און וואָס איז מאַדאָננאַ — פאַרערעין — געבוירן צו דינען און צו וואַשן דעם פּאָעטס פיס מיט אירע טרערן...

אָבער דער פּאָרטרעט — איז אַ ראָמאַן פאַר זיך. יעדער זאַך

סען דערציילן א געשיכטע פון א מענטשן. יעדער זאך איז א דער־ציילונג. א ראמאן. א נאוועלע אין פילע בענדער. אין פילע טויזנט בלעטער...

איצט איז שוין אלץ באדעקט מיט אש. די קאלדרע, די ווייסע קישנס, די קליינע רויטע בלוזקע פון שארלעט, די פארלאגע, מיין רויטער סוועדער — אלץ איז פול מיט אש באדעקט. א שניי פון אש. און איך פיל ווי דאס וואלט זיין דאס אש פון מיינע פילע ראמאנען. מיינע אלע ליבעס. אויך — די איצטיקע...

איך צינד אן דאס עלעקטרישע פייער. איך גרייט צו טיי. דער־ווייל שלאפט זי איין. זי טוליעט זיך איין אין בעט. אין דער רויטער קאלדרע — אין מיין מוטערס ווארעמקייט. זי ווערט אלץ קלענער און קלענער און קלענער. זי ווערט אזוי קליין ווי די קליינע פאולא. זי ווערט נאך קלענער — נאך קינדישער. זי שלאפט. און ווען דו גיסט אן די הייסע טיי, ווילסטו זי נישט אויפוועקן. וואלסט זי לאזן שלאפן א יארטויזנט אויף דיין קליינעם בעט. אין דיין צימער וואס איז קאלירפול ווי א גארטן...

ווען זי דערוואכט, טרינקט זי די טיי. איך ווייז איר די בילדער וואס איך האב פאר איר גענומען פון א מאלער. איין קליין בילד — פארן צימער פון פאולא. א בוים וואס טאנצט ארויס פון דער ערד — און ציט צוריק אראפ צו דער ערד מיט זיין גאנצער שווערקייט. מיד אין אלע זיינע פיזישע גלידער. און דאס צווייטע צימער פאר איר, פאר שארלעטס צימער... צוויי בוימער — איינגעהילט אין דע־מערונג. די בוימער זיינען ווי די מענטשן — טרויעריקע. די לאנד־שאפט איז נישט קיין ערדישע לאנדשאפט. דער מאלער האט זי געזען אין זיין קינדהייט. אין זיין עקזיסטענץ אלס גייסט... עס איז א לאנד־שאפט פון הימל — פארבליבן אין זיין זכרון... געבליבן שטעקן — א שטיקל הימל — אין זיין זכרון.

און אט ווערט שפעט. שארלעט גרייט זיך צום אהיימגיין. פאולא ווארט אויף איר. זי נעמט צו די בילדער, דעם מאנטל, דעם וויכן, וואלענעם שאל... זי נעמט צו די ווייבלעכקייט פון צימער... און ווען זי גייט אוועק — בלייב איך אין א שניי פון אש געהילט. אין רויך. און איך טראכט: — דאס איז דאס אש פון אלע פרויען. פון מיין גאנץ לעבן. פון אלע טרוימען און פון אלע אידעען. דאס אש — פון אלע מלחמות און רעוואלוציעס... זי איז אוועק — און דער אש הילט מיך איין, ווי אן אומענדלעכער גרויער, בלויער נעפל... אלץ ווערט צו אש פארוואנדלט...

און ווען איך לעש אוים דאס ליכט פון לאמפ — לויכט דער זייגער מיט זיינע פאספארישע בוכשטאבן... עס איז מיין מאמעס גע־זיכט — איר הייליק פנים — וואס קוקט אויף מיר...

# נחום אראַנסאָן

"Les hommes de génie sont sans héritiers; Ils portent et emportent tout evec eux'.

*—Honoré de Balzac.*

ער איז געווען דער לעצטער גרויסער אייראָפּייער. פון דעם אייראָפּע וואָס האָט געשטריטן פאַר גערעכטיגקייט און שווערדן געבראָכן פאַר פרייהייט. ער איז געווען אייראָפּייער און פראַנצויז. ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך דאָס בעסטע פון דער מענטשלאכער קולטור־טראַדיציע. גייסטיגער אַריסטאָקראַט. די וועלט — אַ סאַלאָן, וואו מען מוז זיין ציכטיג מיט העמד און מיט וואָרט.

גאַלאַנט צו מענטשן ווי אַ פּאַריזער פון קאַרטיעי לאַטען. דענדי און עסטעט. פון זיין סאַמעטענעם בערעי אַרונטער האָבן געלויכטן די לאָקן פון זילבער. אין אַ מאַנטל, אַ מין לויזע פּעלערינע, לויז ווי אַן אָריענטאַלער — האָט ער שפּאַצירט. אַז דו האָסט שפּאַצירט מיט אים — האָט אייראָפּע מיט־שפּאַצירט.

אָבער נישט בלויז עסטעט און דענדי און גייסטיגער אַריסטאָקראַט. נישט בלויז דער גרויסער קינסטלער מיט איינגעבוירן־איינגעקריצטע מאַניערן און ווירדיגער האַלטונג — נאָר אויך א י ד. איד — פון תנ"ך. זיין בלאַס געזיכט — ווי ארויסגעריסן פון דער ביבל. סענסיטיוו און אידל. מיט אַ ווייסער באָרד פון אַ פּראָפעט. מיט אויגן — דער שענסטער גלי אין זייערע שוואַרצאַפּלען. אויגן פון אַ נביא. און עס איז געווען אידישע עטיק. אידישע באַציאונג. און אונטער זיין וועסט — דאָרט האָט וואולקאַניש אַ אידיש האַרץ געגליט. דאָס שענסטע האַרץ — פון פיינסטער קוואַליטעט. דאָס האַרץ פון אַ טייערן מענטשן. איד — אין זיין נאַציאָנאַל געפיל, אין זיין וועלט־סאָלידאַריטעט מיט די ליידנדיגע. אין זיין אינטערנאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין. אין זיין גערעכטיגקייטס־טעמפּעראמענט. דו ביסט געווען אונטער דעם מאַגנעטיזם פון אַ וועלט־פערזענלאכקייט. דער איד אין אים האָט אים געטריבן קיין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ — צום רוסישן פּראָפעט, גראַף טאָלסטאָי. טאָלסטאָי האָט פּאָזירט נישט אין די מאָמענטן פון רו — נישט צו באַשטימטע שטונדן — נאָר צו יעדער צייט, מיט זיין צאָרן און מיט זיין גוטסקייט. מיט זיין שטילקייט און זיין קאַמף. טאָלסטאָי — דער קעניג עדיפּוס אין וואַלד, ווען שטראַלן ברעכן זיך בלוטיג איבער די ביימער — האָט „פּאָזירט" צום קינסטלער מיט זיין גאַנץ לעבן. מיט זיין פאַמיליע. מיט זיין גוט. מיט זיינע ווערק — וואָס האָבן זיך ווי פלאַמענדיגע בוכשטאַבן פון עוואַנגעליעס — געעפנט צום יונגן איד. און א גאַנץ לעבן וועט דער קינסטלער מאָדולירן דאָס מעכטיגע און דאָס גראַניטענע טאָלסטאָי־מענטשלאכע געזיכט. —

און איד — אין זיין ארומנעמען אלע דראַמאַטישע און העראָאישע געשטאַלטן פון דער מענטשהייט — פון טאָלסטאָי, דורך בעט־

האָוועז, וואָס סימבאָליזירט דעם מענטשלאַך־טיטאַנישן גערעאַנגל און קאַמף מיטן שיקזאל — דורך טורגעניעוו — דעם מעכטיגן שריפט־שטעלער, וואָס האָט אין דער רוסישער פּראָזע אריינגעשריבן אַ טיף־וואַרעמען, הומאַניסטיש־איידעלן בלאַט, פול מיט לופטיגקייט פון זון און פּאָעטישן פייזאַזש — דורך שאָפּען, בערליאָז, איזאַדאָראַ דונקאַן — דורך משה וואָס האָט געשריבן מיט פייער פון הימל די געטלעכע געזעצן אויף דער ערד. דורך שפּינאָזאַ — דורך שיילאָק — דורך אור־ריאל אַקאָסטאַ — דורך דער גאַנצער דראַמאַטיש־טראַגישער און העראָאישער גאַלאַקסע פון מענטשלאַכע טיטאַנען וואָס האָבן אויפ־געהויבן זייערע פויסטן געגן שיקזאל — און אויף וועמענס שטערנס עס איז געשריבן דער ראָמאַנס פון נאַציאָנען, פעלקער און ראַסן.

אידיש — אין זיין היבּרייסן זיך צום וועלט־גייסט, אין זיין עק־זאַלטאַציע צום וועלט־הערצן. אין זיין עקסטאַז און קולט צום פּראָ־פעטישן — צו די העלדן פון קאַמף פאַר גערעכטיגקייט און שיינ־קייט.

פּראָנצויז. אייראָפּייער. קאָסמאָפּאָליט אין בעסטן זין פון וואָרט. גייסטיגער אַריסטאָקראַט. און — איד. איד — איבער אַלץ.

און — גרויסער קינסטלער. וועלט־קינסטלער. פון זיין אידיש שמערץ — האָט ער געבראַכן שטיקער בראָנז. שטיקער מאַרמאָר. דעם ריינסטן מאַרמאָר. די פאָרמען זיינען געפלאָסן ווי מוזיק. ווידער האָבן אונטער זיין דלאָט אויפגעלעבט די גריכישע געטינס. פרויען זיי־נען אַרויס — ווי אַפראָדיטעס, פון ים־שוים. די האַרמאָנישסטע גלי־דער. די פּאָעטישסטע מאַדאָנאַס. די הייליגסטע פלאַנצן פון גאָט. ווי די ליליעס. און ער האָט זיך געבאָדן אין אָט־דער שיינקייט. ער האָט זיי אָפּגעבראָכן פון זיך — די שטיקער מאַרמאָר — פון זיין פלייש. און אָן אַ סימן פון נערוון זיינען זיי געוועזן. רונדע ווי די כוואַליעס. קאַלט און לויטער ווי קאַסקאַדעס אין זון־שיין.

זיין כאַראַקטער — נחום אַראָנסאָנס — האָט האַרמאָנירט מיטן מאַרמאָר. מיט זיינע קרישטאָלענע ווערק, וואָס האָבן באַזעסן דעם ריטם פון כוואַליעס.

און אזוי האָט זיך זיין געניוס געטוישט — צווישן די פליסנדיגע מאַרמאָר־פאָרמען פון פרויען, אין גריכישן גייסט און סטיל — און מעכטיגע, קאָנצענטרירטע, סאָלידע קעפּ פון גאונים; לואי פּאַסטעור, באַרימטער באַקטעריאָלאָג — וואָס ער האָט פערציג מאָל געשאַפן און צעשמעטערט — כדי פון די רואינען פון פראַגמענטן אַרויסצובאַקו־מען אַ פולקאָמע גלייכונג צום הומאַניסט און מענטשן־רעטער. דער 41־טער קאָפּ — אין אַ קורצער ווײַלע אויפגעבליצט — איז געווען דער ריכטיגסטער; אין אים האָט אין דער גאַנצער קראַפט זיך באַוויזן דאָס העלדנגעשטאַלט פון אַ מאַן — אַ שטרייטער! און בעטהאָווען — ער האָט אים פון די שאָטנס פון זיין געבורטספלאַץ, באָן, ווידער אויפ־געשטעלט, ווידער סאָליד געמאַכט. אַ קאָלאָסאָלע בעטהאָווען־סטאַטוע — אויסגעהאַמערט אין עקסטאַז פון זיין מוזיק — אויפגעכאַפּט אין בליץ און אין געדונער פון זיין שטורעמדיגער מוזיק.

זוניג פליסט דער אָקטאָבער־טאָג, אין דער גאַנצער לירישער פּראַכט פון האַרבסט — און די לעצטע הספד־ווערטער פּאַרווייען, ווי דאָס גאָלד־געבלעטער און געשאָרך פון פיבער־קראַנקע בוימער. און נחום אַראָנסאָן — דער טייערער מענטש — ווערט געפירט צו זיין קבר. וויפיל שיינקייט איז אין יעדער מינוט פון טאָג וואָס פליסט רוי־שיק דורך פאַר דיין געשטאַלט — און וויפיל טרויער און אומפאַר־שטענדעניש אין די מיליאָנען יאָרן וואָס דו וועסט פון איצט אָן טויט זיין, גרויסער פּריינט, גרויסער איד, נחום אַראָנסאָן. און אומעטיק איז עס אין אָקטאָבער־טאָג. פריינט — שריפטשטעלער — באַגלייטן דיך. דאַמען רעדן א גראַציעזן פראַנצויזיש. און מיר דערמאָנט זיך דיין גרויסע סטודיאָ — פול מיט פאָטאָגראַפיעס. וואָסאַרא איראָניע! האָסט צוגעשלאָסן זעקס סטודיאָס אין פּאַריז און האָסט בלויז מיט־גענומען מיט זיך אָ פּעקל פאָטאָגראַפיעס פון שוואַנענבליכע נודס און קאָנצענטרירטע העלדן־קעפּ אין קילן בראָנז און אין גראַניט. און די סטודיאָ איז געווען ריזיק — לופטיג — און די ווענט באַצירט מיט פאָטאָגראַפיעס. און דו האָסט זיך דאָרט באַוועגט — גראַציעז און לי־ריש — מיט אײדעלע ווייסע הענט, מיט צאַרטע, זילבערנע רייד! —

— — — — — —

עס פליסט דער אָקטאָבער־טאָג ווי שאָפּענס אַ נאָקטורן. די שוואַ־נען אויפן וואַסער אינם נאָענטן פּאַרק לאָזן איבער לאַנגע פּאַווע־עקן, ווי דאַמען־פעכערס. אַ פעלז הויערט אַרויס פון וואַסער — אָ גיב־ראַלטאַר אין מיניאַטור. און נחום אַראָנסאָן — ער ליגט שוין אין דער ערד — אויף מיליאָנען יאָרן לאַנג . . .

און יעדעס וואָרט איז בלייך און מיזעראַבל — אין פאַרגלייך צום פאַרלוסט, ווען אַ מאַן ווי נחום אַראָנסאָן ברעכט זיך אָפּ פון לעבן — פון דער זון — און זינקט אַריין אין שוואַרצן מאַרמאָר־ים פון טויט. —

ניו־יאָרק, אָקטאָבער 3, 1943.

# ווען דאָס קינד וועט גרויס זיין

מיר טרוימט זיך אַז איך בין אַ קעניג, אַ מעכטיגער קעניג, און אַרמייען שלאָגן זיך פאַר מיר אין גראַנדיעזע שלאַכטן. איך אַליין גיי יעדן אָוונט אַוועק אין אַ קליינער כאַטע, אין אַן אָרעמער גאַס און איך וויג אַ קליין קינד, וואָס וויינט אינם הילצערנעם וויגל און וויל געוויגט ווערן. די מוטער איז אַוועק, אַזוי גייט זי אַוועק יעדע נאַכט... די אַרמייען שלאָגן זיך פאַר מיר — אָבער איך וויג אַן איינזאַמער דאָס וויינענדיג קינד און איך גלעט עס די גאָלדענע הערעלאַך איבערן קליינעם שטערן. און ווען דאָס בלאָנדע קינד שלאָפט איין, גיי איך אַהיים צו די לויכטנדיגע פּאַלאַצן, געהילט אין מיין בעטלערישן מאַנטל, און דורך די בליצנדיגע קאָרידאָרן גיי איך געאיילט דורך, מיינע וועכטער זאָלן מיך נישט באַמערקן...

אַמאָל, ווען דאָס קינד וועט גרויס זיין, וועט ער מאַכן אַ רעוואָ־לוציע און דאַן וועט ער מיך פאַראורטיילן צום טויט. מיין קאָפּ וועט פאַלן אונטערן בלויען גילאָטינע־מעסער... אָבער איך וויג דאָס גאָלדענע קינד יעדע נאַכט...

# פראָלאָג צו דער ענריקאַ גליצנשטיין־דראַמע

(געבוירן: 1870. געשטאָרבן — 1942.)

ענריקאָ גליצנשטיין איז געווען אַ פּראָדוקט פון דער פוילישער קולטור פון איין זייט — און פון אידישן פאָלק פון דער צווייטער זייט. די העראָאישע פּאָעזיע פון מיצקעוויטש און סלאָוואַצקי; די אידיל־מעלאַנכאָלישע, נאָקטיורנישע מוזיק פון שאָפּען און די פּאַטעטיש־גליענדיגע מאָלערייען פון נאַציאָנאַל־גרויסן מאָלער מאַטייקאָ — צו־זאַמען מיט דער העלדישער ריטער־פאַרגאַנגענהייט — געשילדערט אין העגריק שיענקעוויטשעס ראָמאַנען — האָבן אין אים אָנגעצונדן דאָס העראָאישע; דעם דראַנג צו אומפאַסן די מענטשהייט. זיין ווערק: צו שענקען דער אידייע פון דערלייזונג. צו שילדערן דעם מאַרטירער — דעם אייביגן העלד — דעם אינדיווידועלן, נאַציאָנאַלן און אוני־ווערסאַלן.

די פוילישע קולטור און — דאָס אידישע פאָלק. די ליידן פון אידישן פאָלק דורך די יאָרטויזנטער. דער משיח־טרוים — גע־וואַרעמט אין דער פאַנטאַזיע און אין די הערצער פון די ליידנדע. דער תנ"ך, מיט זיין פּאַטעטיק און שטאַרקער עפּיק, מיט די גליענ־דיגע פּראָפעטן־פּערזענלאַכקייטן און די פּאַטריאַרכאַלישקייט פון די אבות; די פּאָעזיע און דער ליריזם. די פשטות און די קורצקייט פון זאָץ. דער תנ"ך — וואָס האָט באַווירקט די וועלט־ליטעראַטור — האָט אויך אַריינגעשניטן זיין פלאַמיגן בלאַט אין גליצנשטיינס שע־פערישקייט. ער וועט אַ גאַנץ לעבן — פון זיין וויגל אָן — לערנען דעם תנ"ך.

זייענדיג אַ רעליגיעז־אָרטאָדאָקסישער איד, וועט ער גיין יעדן טאָג אין שול. ער וועט יעדן באַגינען פאַרברענגען צווישן אידן, וואָס האָבן אַ קנאַפּע אַנונג פון זיין ווערק. אָבער ער וועט שטענדיג באַ־טאָנען:

— איך גיי אין סינאַגאָגע, ווייל איך האָב ליב די תורה. איך מוז יעדן טאָג לערנען אַ פּרשה חומש. עס פרישט מיך אויף און לייטערט מיין גאַנצן טאָג.

עס איז די פוילישע קולטור. דער תנ"ך. די גריכישע מיטאָ־לאָגיע מיט ריזיגע פיגורן, מיט וואולקאַנישע, דראַמאַטישע און טראַ־גישע כאַראַקטערן — און אויך די וועלט־ליטעראַטור מיט אירע וועלט־שמערץ העלדן, באַזונדערס פון בייראָניסטישן 19־טן יאָר־הונדערט — וואָס עפענען די פּאַנאָראַמע פון זיין וועלט; זיין פאַר־קער אין דעם גאָרטן פון דער וועלט־קולטור — וואָס האָבן אים געטריבן צו זיין אזוי אוניווערסאַל און אזוי וואַריאַציע־רייך אין טעמעס און אין פאָרם. די קולטור פון וואָרט, געדאַנק און גייסט—

צוגלייך מיט דער קולטור פון קונסט; דען גליצנשטיין האָט אין קונסט געוואוסט אזוי פיל ווי א רעמבראנדט אָדער א דאָמיעי. און ער האָט מיט אָט דעם קאָלאָסאַלן סכום וויסן אָפּערירט אין זיין ווערק, אין זיין יעדער נייער סטאַטוע, אין זיינע עטשיגגס; אין זיין מאָלעריי.

דער איד פון טורעק, ביי קאַליש, וואָס האָט ביז 17 יאָר פאַר־בראכט אין דעם קליינעם, שאַגאַלישן שטעטל — האָט זיך מיט אַן אימפּעט אַרויסגעריסן אין דער גרויסער וועלט און איינגעזאפּט אין זיך איר קולטור און איר קונסט; אירע מאָטיוון און פּראָבלעמען. איר צייטוויילינקייט און איר אייביגקייט.

עס איז אָט דער ריזיגער סכום פון וויסן; אָט די וועלט-קול-טור — וואָס רעפלעקטירט זיך אזוי קלאָר און אזוי אויגנשיינלאך אין זיין ווערק — אין דעם ווערק פון 50 יאָר שאפן. דאָ באַווייזט זיך אויך זיין קאָלאָסאַלער אינטערעס.

אָנהייבנדיג מיט זיין ערשטן גרעסערן ווערק „אַריאָן", וואָס שטעלט פאָר דעם העלד פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע — די פאַר־קערפּערונג פון פּאָעזיע און מוזיק — פאַר וועלכן ער קריגט אין 1895 דעם „פּרי דע ראָם" — גייען מיר דורך די ריזיגע גאַלע־ריע פון זיינע העלדן.

אין 1905 שטעלט גליצנשטיין אַוועק אויפן באַזעלער ציו־ניסטישן קאָנגרעס זיין משיח־געשטאַלט. עס איז דאָס ערשטע גרוי־סע ווערק וואו די האָפענונגען און די פאַנטאַזיע פון אידישן פאָלק אין אַלע צייטן — ווערט פאַרקערפּערט. דער משיח — מיט זיין גראַניטענער פויסט — ווארט אויפן גרויסן מאָמענט. ער איז פאַר־טיפט אין צייט. ער דענקט. ער איז געשמידט פון לויטער געדולד. אין אים האָט גליצנשטיין פאַרקערפּערט זיין נאַציאָנאַלן אידעאַל — און זיין סאָציאַלן געפיל. ווייל ער האָט שטענדיג איבערזעצט דאָס נאַציאָנאַלע אינם אוניווערסאַלן. ער האָט שטענדיג דורכגעדרונגען די גרענעצן פונם אַקטועלן און לאָקאַלן — צום אייביגן און צום אַל־מענטשלאכן.

עס איז מערקווירדיג ווי דער טורקער איד ווייסט אזוי כאַראַק־טעריסטיש צו באַרירן די פּראָבלעמען פון אייביגע קאָנפליקטן און טראַגעדיעס. דורך אַלע זיינע ווערק גייט דורך די טראַגעדיע פונם העלד, פון דעם קעמפער און שטרייטער, וואָס שלאָגט זיך מיט דער פאַרגליווערטער סביבה, שלאָגט זיך מיט די געזעצן פון דער נאַטור. דער טיפּ פון פּראָמעטעאוס, דער העלד וואָס קען נישט צופּאַסן זיין לעבן פון שיינקייט און פאַנטאַזיע צו אַ רעאַליטעט פון גרויקייט און פּוסטקייט — גייט דורך דורך אַלע זיינע ווערק. צי איז עס בעט־האָווען, מיט דער שטייניגער מאַסקע פון טראַגעדיע, זיך שלאָגנדיג מוטיג מיט זיין גורל — צי איז עס מילטאָן — מיט דער אומגע־הויער־ברייטער ברוסט, אין וועלכן אַ גאַנצער הימל אָטעמט. צי איז עס לואידזשי לוצאַטי, וואָס קוקט אַרויס פון אונטער זיינע געע־דיכטע ברעמען אין דער טיפער צוקונפט אַריין. צי איז עס משה — וועמענס געשטאַלט ער האָט אַרומגעטראָגן אין זיין הארצן זייט זיין קינדהייט. צי איז עס פּאַדערעווסקי, וואָס הערט זיך איין מיט זיין גאַנץ וועזן אין אַן אומגעוויינלאכער מוזיק פון די ספערן. צי איז

עס שפינאָזאַ — שמערצפול־דעליקאַט, ווי אַ פּאָעט, מיט זיין גע־דאַנק אומפּאַסנדיג דעם אוניווערז ווי אַ קאָלאָסאַל שפּינגעוועבס.

עס איז אין אַלע אָט־די העלדן וואו עס קומט צום אויסדרוק גליצנשטיינס זין פאַר דעם קאַמף פון דעם אינדיוויד געגן קאָסמאָס. דער קאַמף פון דעם העלד — זוכנדיג דערלייזונג נישט בלויז פאַר זיך — נאָר פאַר דער מענטשהייט. אויפדעקנדיג דאָס גוטע, ווי סט. פראַנציס פון אַסיז, דאָס גוטע — דאָס איז געווען דער לייט־מאָטיוו פון גליצנשטיינס שאַפן און לעבן, פּונקט ווי עס איז געווען די איינציגע פילאָסאָפיע פון בעטהאָווען.

דער פּויפּסט, דער קעניג, דער שטאַטסמאַן, דער דיפּלאָמאַט, דער קאַרדינאַל, דער פילאָזאָף, דער פּאָעט, דער וויסנשאַפטסמאַן — זיי אַלע, מיט זייערע פאַרשיידענע מאַסקעס — גייען דורך דורך גליצנשטיינס ווערק. און מיר קענען זיי אָנרופן ביי די נעמען — צו אילוסטרירן די טעזע ווי אַזוי ער האָט געפּרואווט געבן די עפּאָ־פּייע פון גייסט, פון פּאָליטיק, פון מלוכה־לעבן, פון קולטור. איר האָט צווישן זיינע מאָדעלן אַ וועלט וואָס איז איצט שוין טויט און וואָס האָט רעפּרעזענטירט דאָס אַלטע אייראָפּע, מיט אירע אידעאַלן און אַמ־ביציעס.

הערמאַן קאָהען, שפּינאָזאַ — אין דער ריי פון דענקער; פאַן הינדענבורג, לודענדאָרף, גראַף לערכענפעלד, אַמבאַסאַדאָר פאַן בולאָוו, אַמבאַסאַדאָר יאַגאָוו, קעניג וויקטאָר עמאַנועל, מוסאָליני — אין דער ריי פון פּאָליטישע פיגורן, באַזונדערס פון ערשטן וועלט־קריג. צווישן זיי — דער ביוסט פון פרענקלין דילאַנאָ רוזוועלט — דער פון גאָט־באַרופענער היסטאָרישער קאַפּיטאַן פון דער גרעסטער שלאַכט פון דער געשיכטע. צווישן די פּאָעטן זעען זיך די פיגורן פון דער ליידנדער עלאַנאַראַ דוזע, פון דער דייטש־אידישער פּאָע־טעסע שילער; פון דעם שטאָלץ־צעזאַרישן ד׳אַנונציאָ; און די הונ־דערטער דיכטער און אַקטיאָרן וואָס ער האָט אין משך פון זיין לעבן געצייכנט — האָבנדיג אַ באַזונדערע ליבע צו קינסטלער, צו קאָ־לעגן, וועמענס ווערק ער האָט שטענדיג געשעצט. איר קענט צורעכע־נען צו זיין גאַלעריע פון באַרימטע פּערזענלאַכקייטן — דעם היס־טאָריקער טעאָדאָר מאָמזען; גליצנשטיין האָט געהאַט דעם זין פאַר געשיכטע און זיינס אַ פיגור, זיינס אַ מאָנומענט איז צוגעגרייט גע־וואָרען אין משך פון יאָרן־לאַנגער מעדיטאַציע, אין הסכם מיט די אייגנשאַפטן און שטריכן — וואָס די דורות האָבן אים צוגעגעבן, אים שמידנדיג אין זייער אייגענע שעפערישקייט.

גליצנשטיין האָט געגעבן די ביוסט־פּאָרטרעטן פון דר. לודוויג מאָנד — דעם פאָטער פון איצט־פאַרשטאָרבענעם לאָרד מעלטשעט; ער האָט זיך דערשלאָגן צו לאָרד באַלפור, וועמענס ביוסט איז אויס־געשטעלט אין ירושלימער אוניווערזיטעט. ער האָט פּאָרטרעטירט זשאַבאָטינסקין, וויצמאַנען און נחום סאָקאָלאָוון. דאָס איז אַלץ נישט געווען קיין צופאַל — נאָר אַן אומפאַרמיידלאַכער רעזולטאַט פון זיינע דראַנגען און בענקשאַפטן. ווייל דאָס אידעאַלע און דאָס העראָאישע האָט זיך אָנגעהויבן וועקן אין אים צוזאַמען מיט די ציוניסטישע אי־דעאַלן, וועלכע האָבן אין זיין צייט, אין די ערשטע יאָרן פון זיין לעבן, זיך אָנגעהויבן וועקן אין פאָלק. פון דער צווייטער זייט האָט אים באַ־

גייסטערט דער קאַמף קעגן צאַר, וואָס האָט געפונען זיין אויסדרוק אין די היסטאָרישע באַוועגונגען פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און מיט די „איסקראַ"־אָרגאַניזאַציעס.

די אידיש־נאַציאָנאַלע באַוועגונג צוזאַמען מיט דער פויליש־סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג — פאַר באַפרייען זיך פון צאַרישן יאָך — די פויליש־ראָמאַנטישע ליטעראַטור און בכלל דער רעוואָלוציאָנערער גייסט וואָס האָט זיך ווי אַ פייער דורכגעטראָגן איבער איראָפּע — אַט דאָס איז דער לייט־מאָטיוו צו זיין גאַנץ לעבן. נאָר אין דעם נאַציאָ־נאַל־רעוואָלוציאָנערן ליכט קען מען זען די וואונדערלאַכע אויפוואַ־כונג פון אידישער קונסט, וואָס האָט זיך אין דאָזיגן קליינעם אינגל פון טורקע מיט אַזאַ פייער צעפלאַמט.

עס דאַרף זיך אָבער נישט באַקומען דער איינדרוק אַז גליצנ־שטיין האָט זיך נאָר אָפּגעגעבן מיטן ראָמאַנטיש־דערלייזערישן העלד. זיין קינסטלערישע אויג האָט ארומגענומען גאָר דאָס לעבן. ווי אַ באַל־זאַק, ווי אַ דאָמיעי, ווי אַ באָדלער — איז ער געווען וואַך צו די פשוט'ע לעבנס־בויטן און דערשיינונגען פון אַלע שאַטירונגען אינם געוויינלאַכן לעבן פון די מענטשן. דערין ליגט גליצנשטיינס גרויס־קייט — אין זיין אַלגעמיינקייט. דען פונקט אַזוי ווי ער האָט אין לעבן ליב געהאַט וויין און פרויען, שיינקייט און נאַטור, גוטע שפייזן און פייערלאַכקייטן, רום און כבוד — האָט ער אויך אין זיין קונסט אַרומ־גענומען אַלע לעבנס־דערשיינונגען. דורך זיינע מערסטע עטשיונגס גייט דורך אַ טראַגישער מאָטיוו פון דעם פאַרגענגלאַכן. דאָס שטאַרבן פון צייט האָט גליצנשטיין באַנומען מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט. ער פלעגט זיצן ביי בלומען־בוקעטן — און זיי מאָלן, ווייל ער האָט באַדויערט די בלומען וואָס פאַרלירן זייערע קאָלירן און ווערן אַרויס־געוואָרפן אין דער פרי — אָן געמאָלן צו ווערן. מענטשלאַכע געזיכ־טער האָבן פאַר אים געוויאַנעט ווי זיידענע, סענסיטיווע בלומען. און אָפטמאָל פלעגט ער אפילו צייכענען אָט די מאַניפעסטאַציעס פון לעבן — וואָס ענדערן זיך מיטן מאָמענט. ווי דאָמיעי, האָט ער אַרומ־גענומען אין דעם ריזיגן פרעסקאָ פון זיין שאַפן — גאָר די מענטש־הייט. ער פלעגט זיינע מאָדעלן געפינען אויף וועלפעיר־איילענד — וואו ער האָט געשאַפן זיינע צוויי לעצטע סטאַטועס, „עקצע האָמאָ" און „די מוטער און קינד". דאָרט פלעגט ער צייכענען די אַלטע, אַגאָ־ניענדיגע פרויען; די קראַנקע זקנים; די קריפּלען וואָס זיינען פאַר־לוירן צום לעבן; די אומהיילבאַרע וועמענס בליק איז פינצטער. די פאַרגעסענע און די פון לעבן אוועקגעוואָרפענע צו די שפּיטעלער און די אַזילן. ער האָט זיינע מאָדעלן געפונען אין די ניו־יאָרקער סאָב־וועיס, די מידע נעגראָס; די אויסגעשעפּטע מענטשן — זיך אהיימ־טראָגנדיג אַנעמישע פון די פאַבריקן. ער פלעגט צייכענען זיינע געסט און די פריינט וועמען ער פלעגט באַזוכן. ער פלעגט לויפן צו לוויות און אַרויסרייסן די לעצטע מאַסקעס פון טויט; אָפטמאָל פון די יעניגע וואָס האָבן ביים לעבן נישט געהאַט גענוג געדולד פאַר אים צו פאָזירן. ער פלעגט אַרומלויפן אויף חתונות און באַנקעטן און זוכן זיין קרבן. דען ער האָט געוואוסט אַז דער מאָמענט פאַרגייט און פליקט דאָס לעבן שטיקערווייז. ער האָט געוואוסט אַז זיין פאַטאַלע ענדע קומט אָן אַלץ נעענטער, ווי אַ געביידעטע אויף אַ וויטער דיסטאַנץ, צו וועלכער מען

דערנעענטערט זיך אלץ נעענטער. קונסט האָט פאַר אים באַדייט — קאַמף מיטן טויט. דאָס לעבן וואָס וועלקט און פאַרגייט מיטן מאָמענט — האָט ער שטענדיק אַנטקעגן געשטעלט דאָס סאָלידע און דאָס מאָנומענטאַלע פון דער קונסט. דאָס אייביקע. עס איז מערקווירדיק ווי אזוי אַ מענטש וואָס איז אזוי אריינגעטאָן אין לעבן, שטענדיק פאַרבלייבנדיק וואך און ענטוזיאסטיש — האָט אזוי געקענט שטענדיק טראָגן מיט זיך דעם באַוואוסטזיין פון טויט. אָבער דאָס איז שוין דער סוד פון דעם קינסטלער וואָס קומט קעמפן מיטן טויט. ווי דער עכט-גרויסער קינסטלער — האָט גליצנשטיין נישט געזען קיין מיאוסקייט אין לעבן — אויסער דאָס סאָציאלע שלעכטס. ער נעמט ארום דאָס עפּישע און דאָס לירישע, דאָס העראָאישע און דאָס פּראָזאַאישע פון לעבן. ער איז פון די קינסטלער וואָס לעבן פול און גאַנץ און שטורמיש — כדי דאָס לעבן צו קענען קינסטלעריש געשטאלטיגן. אויך מיט זיינע פעלערן, קאָנטראסטן, קאָנפליקטן און פולקאָמענקייטן — בלייבט גליצנשטיין אַ גאַנצע און פולע פערזענלאכקייט, אראָפּגעוואָרפן פון גאָט אויף דער ערד — צו דערפילן זיין מיסיע מיט אן אומגעהויערער ענערגיע.

דאָס ראָמאַנטיש-העראָאישע און דאָס רעאַליסטיש-פּראָזאַאישע — אָט איז די גאַנצע וועלט וואָס גליצנשטיין האָט ארומגענומען. און דאָס נישט אויף אַ צופעליג-נאַטירלאכן אופן. ער האָט זיין ווערק געפּלאַנט און אויסגערעכנט יאָרן לאַנג. ווען ער פלעגט זיך ענדלאך נעמען צו דער עקזעקוציע פון זיין ארבעט — איז עס געווען מיט א שפּאַנונג און אן ענערגיע וואָס איז אייגן א מייקל אַנדזשעלאָ, א בעטהאָווען, — די ענערגיע פון דעם ברוטאַלן געני, וואָס פאָרט זיך אָפּט מיט חיה׳ש־קייט און קאָסמישער עקשנות. די פּאָטענצן פון א שטארקער פאַמיליע, ווייזט אויס קאָנצענטרירט אין אים פון דורות — האָבן מיט א געוואַלטיגער ווילנסקראַפט אויסגעפירט דעם ספּיריטועל־קינסטלערישן פּלאַן פונם שעפער. ער פלעגט פון זיינע ווערק נישט אָפּטרעטן אויף אַ מינוט. ער האָט געארבעט מיט א געוואַלטיגער ליבע צו זיין ווערק. עס איז געווען זיין קינד. האַלב נאַכט פלעגט ער אויפשטיין און אוועק צו וועלפעיר־איילענד — ארבעטן. קיין שטורעם און קיין דונער, קיין שניי און קיין האָגל האָבן אים ניט געקענט אָפּהאַלטן פון זיין באשלוס. אינסטינקטיווע קראַפט פונם אור-מענטש און ראַציאָנאלע פּלאַנירונג פון א קינסטלער וואָס גייט באַוואוסטזיניג צו זיין ציל — דאָס איז די כאַראַקטעריסטיק פון זיין ארבעטס-מעטאָד.

און אין אָט-די בלעטער האָב איך, ווי איך דענק, געצייכנט די איינלייטונג, געגעבן די אוווערטיורע צו דער פערזענלאכקייט גליצנשטיין. לאָמיר עס איבער׳חזר׳ן אין געשלאָסענע פראזן: ווירקונג — די וועלט-ליטעראטור; תנ״ך; פויליש-נאַציאָנאַלע דערוואַכונג. רענעסאַנס פון אידיש-נאַציאָנאַלן געדאַנק. מאַטייקאָ און מיצקעוויטש. רוסיש-טעאָרעטישער קאַמף קעגן צאַר. אָרגאַניזירטע סטרייקן און הירש־לעקערט-אטענטאטן; אָט דאָס זיינען די אימפּולסן, די טריבן וואָס פאַרעמען זיין מענטאַליטעט, זיין רעוואָלוציאָנערן געפיל. זיינע ראָמאַנטישע העלדן זיינען א פּראָדוקט פונם ראָמאַנטיש-רעוואָלוציאָנערן גייסט פון 19-טן יאָרהונדערט און אָנפאַנג צוואַנציגסטן.

דאָס ארומנעמען דעם העלד פון דער מיטאָלאָגיע און פון תנ״ך;

דאָס שילדערן די געשטאַלט פונם אייביגן איד וואָס בויגט זיך נישט פאַר די פּאָגראָמען און ליידן; וואָס שטייט ווירדיג און געדולדיג און אויסגעגלייכט פון הימל ביז צו דער ערד — אָן דעם מינדסטן־נערוון־ציטער און איבערלאַכן צווייפל. און דאַן — דאָס אַר׳מנעמען מיט א טראגישן מאָטיוו גאָר דאָס לעבן און אָפּטמאָל עס צו באַגיסן מיט דינע שטראַלן פונם פיינסטן, ראַפינירטסטן הומאָר — אָט־דאָס זיינען, ווי מיר דאכט, די קאָנטורן פון דעם פראָלאָג צו דער דראַמע וואָס הייסט: „ענריקאָ גליצנשטיין" . . .

# על שעמיום — סימבאָל פון אונזער צייט

(עטלאכע איילינע ווערטער וועגן דעם ניט־לאנג פארשטארבענעם קינסטלער)

די כראָניק איז, אייגנטלאַך, דיזעלבע צי פון וואַן־גאָג, מאָצאַרט, שובערט, פראַנסואַ וויליאָן און היינריך היינע; לויט מיטשעל על שע־מיום איז פופציג יאָר לאַנג געוועזן אַמעריקעס באַרימטער קינסטלער. און דאָך האָט ער געלעבט ווי דער איינזאַמסטער מאַן אויף 57־טע גאַס, דער קונסט־צענטער פון ניו־יאָרק. מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז נאָך געווען יונג און געהאַט שטאַרקע פיס, האָט ער עטלאַכע מאָל פאַרלאָזן אַמעריקע, כדי צו וואַנדערן איבער די זוניגע לענדער פון אייראָפּע. ער האָט באַזוכט אפריקע, די סאַוט־סי־איילענדס. און — ער האָט געקענט אַלע ווילדע לאַנדשאַפטן פון אייראָפּע.

שפּעטער מיט יאָרן האָט ער געמאָלן טויזנטער בילדער פון זיין רייכן לאַנדשאַפטן־רעפּערטואַר, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אין זכרון. און אַזוי האָט ער איינזאַם געלעבט. קיינער וואָלט זיך נישט געוועזן דערמאָנט אָן אים, ווען נישט זיין — טויט . . . ער איז קראַנק געוואָרן אויף לונגענאָנצינדונג. מען האָט אים גענומען אין באַרימטן בעלוויו־האָספּיטאַל. דאָרט האָט ער זיך געבייזערט, פאַרוואָס מען

האט אים אוועקגענומען פון זיין היים און אלס רעזולטאט פון זיין בייזערן זיך, האט מען אים אריינגעגעבן אין דער אפטיילונג פאר גייסטיק־קראנקע. אזוי איז על שעמיום געשטארבן אין משוגעים־הויז . . .

די גאנצע געשיכטע וואלט אבער אויך פארשוויגן געווארן, ווען נישט די עקסצענטריש־ביזארע פערזענלאכקייט פון על שעמיום. האבנדיג צו טאן מיט א טויבער וועלט — האט על שעמיום קיין אנדער מעגלאכקייט נישט געפונען ווי אזוי צו דערוועקן די אויפמערקזאמקייט פון פובליקום — ווי דורך ביזארע קונצן, קליידונג, זשעסטן און ווערטער. ער האט צו דער ניו־יארקער „סאן" געשריבן 10 טויזנט בריוו איבער פארשיידענע פראגן. זייער ווייניק פון די בריוו זיינען געדרוקט געווארן. און שטענדיג — מיט קאמישע באמערקונגען. איצט זיינען די בריוו — אויב זיי זיינען אלע געזאמלט געווארן — ווערט פיל מער וויפיל על שעמיום האט פארלעבט דורך זיין גאנצן לעבן. קריסטמעס האט נאך דער קינסטלער דערהאלטן אין בעלוויו־האספיטאל — 500 ווינטשקארטן.

בלויז איין מענטש האט על שעמיום געהאט צו וועמען ער האט געקענט רעדן אין די טריבע שטונדן — דאס איז געווען זיין טויבער ברודער. אבער דער טויט האט נאך טויבער געמאכט אט דעם אלטן מאן — און על שעמיום איז איצט געבליבן אליין אינם איינזאמען הויז אויף 118 איסט 57־טע גאס, ניו־יארק. דאס ברוינע שטיין־הויז איז געווען שולדיג 21 טויזנט דאלער אין טעקסעס און „מארטגעדזשעס". אין 1929, אינם בארימטן קראך, האט על שעמיום פארלוירן דאס ביסל געלט וואס ער האט געהאט א ירושה פון זיין פאטער.

40 יאר צייט האט ער ביטער געקעמפט מיט דער קונסט־קריטיק. ביי זיין 58־יאריגן עלטער איז רום געקומען צו אים. א פראנצויזישער מאלער האט אים שטארק געלויבט. אויך די אמעריקאנער קונסט־קריטיקער האבן אים געלויבט. ארימער על שעמיום! ער האט איצט אלע זיינע בילדער געהאט ביי „פריינט", וואס האבן זיי ביי אים געקויפט פאר גראשנס. די קונסט־הענדלער זיינען רייך געווארן און ער — אלץ ארימער. און וואס ארימער ער איז געווארן — אלץ מער פאיאצישער. ער איז איצט געווארן דער קלאון פון ניו־יארק. א „פעסט פאר די קונסט־גאלעריעס" — האט ער אנגעהויבן צו מאלן אלערליי אקראבאטישע שטיק, כדי צוצוציען אן עולם. ער האט גוט געוואוסט, אז מיט גוטע, מיט שטארקע בילדער קען מען נישט צוציען קיין עולם. אויב זיינע קרעפטיגע קונסטווערק, וואו ער איז געווען דירעקט און האט שטענדיג געגעבן דעם קווינטעסענץ פון זאכן, דעם לעצטן סך־הכל — קענען אים נישט ברענגען קיין געלט — האט ער אנגעהויבן צו שרייבן . . . ווי וועלנדיג דערמיט באווייזן אז נישט טאלאנט — נאר רעקלאמע איז נייטיג, כדי א קינסטלער זאל ווערן בארימט. און ער האט געשריבן וועגן — זיך . . .

ער האט זיך אליין אנגערופן: „דער מעכטיקסטער געדאנק פון דער מענטשהייט"; „דער געוואלדיקסטער גייסט פון אוניווערז"; „דער

שטאַרקסטער קונסט־גענייס פון אַלע צייטן". און אויב דאָס העלפט אויך נישט, אַ, מיינע גנעדיגע דאַמען און הערן, דאַן מאָלט ער בע־סער ווי רעמבראַנדט. קאָמפּאָנירט ער בעסער ווי בעטהאָווען, שרייבט ער בעסער ווי שעקספּיר. אָדער — ער איז דער מאַהאַטמאַ פון מאַנהעטנס מאַנפּאַרנאַס. און אויב דאָס איז אויך נאָך ווייניג, אַ, מענטשן טויבע און בלינדע — דאַן ציטיר איך נאָך פון אַ צײַ־טונג:

„ער האָט אַרויסגעגעבן מאָדנע פּאַמפּלעטן. איינער פון זיי, למשל, האָט געהאַט אַזאַ שער־בלאַט: „געוויסע נייע אַנטדעקונגען אין די קונסטן און וויסנשאַפטן" פון דר. לואי מ. על שעמיוס, מ.א., געבוירן אין לאָרעל מענשאַן, ניו־דזשוירזי. האָט געררייזט איבער דעם גאַנצן מערב־העמיספער. ער איז דאָס וואונדער פון דער וועלט (אַזוי האָט געזאָגט דער געלערנטער טמאַפּי פון טריוואַנדריום, דרום אינדיע)" א. אַז. וו., אַ. אַז. וו., „סופּער אַרטיסט". זיין וויזיט־קאַרט איז געווען זעקס אינטשעס לאַנג, און צווישן די אַלע זאַכן, וואָס ער האָט אויף איר אָנגעגעבן, זיינען געווען: „דערציער, עקס־אַקטיאָר, אַמאַטאָר־דאָקטאָר פון אַלץ, נביא און מיסטיקער, אַ לייע־נער פון הענט און פּנים'ער, קענער פון פינף שפּראַכן, גראַפּאָלאָג, דראַמאַטורג, סקיצן־שרייבער, גרויסער הומאָריסט, אַ נאָכמאַכער פון מענטשלאַכע און חיה'שע קולות, אַ געוועזענער אַטלעט, אַ גע־וועזענער איבער־קריטיקער, אַ געוועזענער דאָן־זשואַן . . . גרעס־טער מאָלער, בעסטער שיסער, גרעסטער וויסנשאַפטסמאַן . . . דער וואונדערלאַכסטער און פאַרשידנאַרטיגסטער מאָלער פון נאַקעטע גרופּן אין דער וועלט . . . זיין מיטלסטער נאָמען איז „פאַרשידנ־אַרטיגקייט."

פון דעם אַלעם איז קלאָר אַז אויב משוגע — איז עס גיבער גע־ווען דאָס פּובליקום ווי על שעמיוס. אַ משוגע'נער באַזיצט פּאַרט נישט קיין גענייס. אַ משוגע'נער קען דאָך נישט מאָלן יענע צאַרטע און מעכטיגע לאַנדשאַפטן, וואָס זיינען פול מיט פּאָעזיע און וויר־קלעכקייט פון אומאַנטדעקטער און אומבאַטראַכטענער נאַטור. אַ משוגע'נער קען זיך נישט קאָנצענטרירן צו מאָלן 5,000 בילדער, קאָמפּאָנירן 200 מוזיקאַלישע ווערק, שרייבן 300 דערציילונגען . . .

ביי זיין לויה איז געצאָלט געוואָרן טריביוט צום גרויסן קינסט־לער דורך דער צ. איי. אַ. פּאַראייניגטע אַמעריקאַנער אַרטיסטן — און ריכטיג זאָגט דער הספּד אַז על שעמיוס, אַ גרויסער קינסטלער, וואָס האָט געקענט דאָס פּאַריז פון פּאַסאַראָ און האָט באַזוכט די סאָוט־סי־איילענדס נאָך פּאַר גאָגען — אַ מאָלער וואָס האָט געמאָלן פּשוט און ליריש זיינע אימפּרעסיאָניסטישע לאַנדשאַפטן, האָט נישט געקענט לעבן גוט מיט 57־טער גאַס, וואָס זוכט שטענדיג דאָס וואָס באַצאָלט זיך און ליידט נישט דאָס אָריגינעלע און דאָס נאַוואַטאָרישע. על שעמיוס — אַ קלאָון, אַ פּאַיאַץ, אַ שטריק־גייער און דראַמז־טענ־

צער אין לעבן — איז אבער געווען פשוט און שיין און גאנץ נאר־מאל אין זיין שאפונג.

די „צי־איי־א“ ווייזט אן אז זיין מיזעראבל לעבן, ווי דער פאל פון א סך אנדערע יונגע קינסטלער, וואס האבן ניט געקענט לעבן אין די ביטערע באדינגונגען פון אונזער געזעלשאפט — באווייזן דעם באנקראט פון דעם גאלעריע־סיסטעם און פון פריוואטן פאטראנאזש.

דער קינסטלער אין אונזער צייט מוז זיין א ביזנעס־מאן. אויב נישט איז ער פאראורטיילט צו הונגער און נויט. און על שעמיוס איז קיין ביזנעס־מאן נישט געווען. און ווען ער האט דאס אויס־געפונען — האט ער אנגעהויבן ווערן היסטעריש. האט ארויפגעצויגן אויף זיך א משוגעים־יאקע, אזוי ארום צוצוציען דאס פובליקום וואס איז אזוי נאבל און געערט . . . ער פלעגט אזוי שטיין לעבן זיין הויז און בעטן מענטשן אז זיי זאלן באזוכן זיין סטודיא — און ווען די בילדער זיינע פלעגן נישט אפעלירן, פלעגט ער טאנצן און לאכן און וויינען . . . און אמת'ער פאיאץ . . . א פאיאץ וואס וויינט אונטער דער רויטער מאסקע . . .

און דאס אלץ געשעט — בשעת על שעמיוס איז בארימט. פאר מיר ליגט א פראגראם פון זיין אויסשטעלונג אין אקטאבער, 1941. אין די „פינאקאטעק“ "נאך א האלבן יארהונדערט—שרייבט זיך אינם פראגראם — איז ער נישט בלויז אנגענומען געווארן, נאר אפלאדירט אלס איינער פון די גרעסטע מאלערס פון אונזער צייט“. דאן גייט ווייטער אן דער שרייבער:

„די הויפט־טייל פון אט־דער אויסשטעלונג קומט פון א פרי־וואטער קאלעקציע, וואס ווערט אויספארקויפט מיטן ציל צו זאמלען א פאנד פאר מיסטער על שעמיוס, וועמענס מאטעריעלע באדינגונגען זיינען אין שארפן קאנטראסט מיט זיין רום אלס מייסטער־מאלער“...

אלזא — ווער איז משוגע? די געזעלשאפט — אדער על שע־מיוס? הערט: א בארימטער מאלער — און מען קען אים נישט פארזארגן צו קענען עקזיסטירן! אלזא — על שעמיוס האט בא־שלאסן אין א זוניגן פרימארגן — אדער אין א טריבער רעגננאכט— אז נישט ער איז משוגע — נאר די געזעלשאפט. און — ער האט זיך איבער איר געלאזט וואוילגיין . . . זיין גאנץ לעבן איז איצט סא־טירע און חוזק . . .

און די מענטשן האבן הנאה געהאט פון אט־דעם ביזארן חוזק. אדער זיי האבן הנאה ווען מען מאכט פון זיי חוזק — אדער ווען זיי מאכן חוזק פונם קינסטלער. האבן זיי נישט, די איידעלע בירגער, מורא געהאט אז דער „משוגע'נער“ וואן־גאג וועט זיי דערמארדן? און על שעמיוס, ווי וואן־גאג, האט זיך פארלאזט א רויטע בארד און פאראדירט זיין משוגעת אין די רייכע צענטרען פון ניו־יארק, דארט וואו דאמען גייען שפאצירן אין רייכע, רויטע, ווייכע פוטערס און דריקן צו די קילע הערצער צו ווארימע הינטלעך . . .

נאר דער איינציגער וואס נעמט ניט ערנסט דעם חוזק און די משוגעת — איז דער טויט. און דער הער טויט האט באשלאסן אז על שעמיוס, אט־דער דאן־קיכאט פון קאליר, לעבט שוין צו לאנג זיין מיזעראבל לעבן . . . און — ער האט אים איינגעלאדן אין זיינע שווארצע שלעסער . . . דער קלאון על שעמיוס האט שרעקלאך נישט געליטן צי מוזן פארברענגען זיין קריסטמאס אין בעלוויו־

האספיטאל. מיט איבער הונדערט פיבער — האט ער געוואלט שפאצירן איבער די גוט־באקאנטע גאסן פון ניו־יארק . . . די גאסן וואס ער האט געקענט מער ווי א האלבן יארהונדערט . . . אויף וועמענס טראטוארן ער האט צוזאמען מיט זיינע קאמעראדן, קינסט־לער, וועמען ער האט לאנג איבערגעלעבט מיט זיינע טרויעריגע יארן. ער האט אנגעהויבן שרייען, זיך בעטן און וויינען מען זאל אים צוריק אהיים פירן . . . אבער דאס האט אים נישט לייכטער געמאכט דעם גורל. ער איז אויסגעגאנגען צווישן די משוגעים. און פארן טויט, אין דעלירויום, האט ער זיך זיכער דערמאנט די לאנד־שאפטן פון אפריקע, פון די אינזלען אין פאסיפישן אקעאן, אויף וועלכע עס פאלן איצט יאפאנישע באמבעס. פון די פייזאזשן אין עסטרייך, אונגארן, איטאליע, שפאניע און אנדערע פאעטישע לענ־דער, וואס זיינען פול מיט זון און פרוכטן און ווין און שיינקייט פון נאטור — אמאל געווען . . . ער האט זיכער פון זיי אלע עקס־טראוואגאנטיש געטראכט און באטראכט — און, דער טויט האט אין זיין זעל, אין דעם קאמפאזיטארס זעל, ארייגעזונגען א נאקטיורנישע מעלאדיע . . .

דאס איז אין קורצן די טראגיק פון על שעמיום׳עס לעבן, צו־נויפגעקליבן פון די צייטונגס־נאטיצן. די ניו־יארקער פרעסע האט מער געשריבן וועגן זיין טויט — ווי וועגן זיין לעבן. אבער דער ווינט און דער שניי מאכט שמוציג די אלטע צייטונגען און עס איז שוין א פארגאנגענע כראניק . . .

צו זיין ברוינעם שטיין־הויז האט זיך על שעמיום מער נישט צוריקגעקערט. ער וועט נישט מער באטראכטן זיינע בילדער — פול מיט די רונדע, ראזע, רענואר־ישע פיגורן פון נאקעטע פרויען... ער ליגט פארגליווערט ערגעץ אין א רויעז, קאלטן קבר . . .

# פארנאכט...

**פארנאכט. די בערג גיסן זיך אן מיט א ווילדן אורטרויער; טוליען זיך איין אין זיך, ווערן שווער און נידעריג, ליגן פעסט פאראנקערט אויף דער ערד, ווי טויטע שיפן אויפן גרונט פון ים; דער הימל פון דער אנדערער זייט בערג־קייט איז רויט און בליצארטיג. ערגעץ דארטן וויינען געטער און קאכן איצט זייער געקעכץ און בראטן א מיליאן ריזיג־רויטע אקסן — אדער א פלאנעט מיט קליינע קינדער; אויף דער זייט בערג ווינט די טרויעריגע מענטשהייט, פינצטערט און מיזעראבל און ליידנדיג פון ליבע און שנאה... די בערג טרויערן, פארמאכן זיך מיט אייזערנע שלעסער און זינקען פינצטער אין זיך; נאכט קומט אראפ אויף שווארצע וואלקנפליגל און שפייט מיט שווארצע ברונעמס בלוט איבערן פלאנעט... דער טרויער אין דער נאכט ווערט געשוואלן ווי א ריזן־פיגור... גאטס ליסע קאפ — די לבנה — גייט אויף גע־דאנקענלאז איבערן טעפיך פון טויטע, מעלאנכאלישע שטערן־גאלאק־סיעס...**

# יואל סלאָנים

(צום טויט פון דעם פיינעם ליריקער: 1884—1944)

די נאַכט וואָס דער קערפּער פון יואל סלאָנים האָט געוואַרט אין אַ פיונעראַל פּאַרלאָר, כדי אין דער פרי צו ווערן צוגעגרייט צו דער לויה — האָב איך געהאַט אַן אָוונט לכבוד דעם דערשיינען פון מיין נייעם בוך „גאָלד און זשאַווער". רעדנער האָבן גערעדט; זינגערינס אין דינע, באַלאָווע און לופטיגע קליידער האָבן געזונגען. נאָר אויף מיר איז די גאַנצע צייט געלעגן אַ שאָטן . . . דער שאָטן פון טויט . . . ווידער איז אַ אידישער דיכטער אוועק אין דער אייביגקייט.

איך האָב יואל סלאָנים קיינמאָל ניט געקענט פּערזענלאַך. ווען איך בין פאַראַיאָרן געשטאַנען ביים ריווערסאַיד־דרייוו מיטן פיינעם פּאָעט א. ניסענזאָן, האָב איך געזאָגט אַז איך וואָלט וועלן באַזוכן יואל סלאָנים — אַמאָל . . .

א. ניסענזאָן האָט מיך פאַרוואונדערט אָנגעקוקט:

— דאָ וואוינט ער דאָך . . . ער איז זייער קראַנק . . .

ביידע זאַכן זיינען פאַר מיר געווען אַן איבעראַשונג.

דער פאַקט אַז ער וואוינט אָט דאָ, אַז ער איז מיינס אַ שכן . . . און — אַז יואל סלאָנים איז קראַנק — — — קראַנקהייט האָט זיך נישט געפּאַרט מיט דער דינאַמישער פיגור פון יואל סלאָנים, דער פּאָעט, זשורנאַליסט, צייטונגס־מענטש און געזעלשאַפטלאַכער טוער. איך האָב נישט געגלויבט אַז דער מאַן וואָס האָט פאַר פערציג יאָר צייט געקענט אינטים און אויסגעבונדן אַלע ווינקלען פון ניו־יאָרק, פון לאַנד, אַלע פּאָליטישע פירער און געזעלשאַפטלאַכע טוער; וואָס האָט, ווי מיר שיינט, געלעבט אַזאַ אַקטיוו לעבן — זאָל זיין קראַנק. ווי פּאַרט זיך קראַנקהייט מיט זיין ווילדן אימפּעט?

אין זיינע צייטונגס־אַרטיקלען האָט מען געקענט אַ ניכטערן פּאָליטיקער און זשורנאַליסט: אַ מענטש וואָס קען דאָס לעבן. איך געדענק פאַראַיאָרן זיין סעריע אַרטיקלען וועגן דעם גענגסטער לעפּקע. איך האָב געלייענט שפּעט ביינאַכט אין סאָבווי יואל סלאָנים'ס אַרטיקלען. און דער יעניגער וואָס האָט זיך געטראָפן מיט שטאַטסמענער און דענקער מיט באַרימטע לאָיערס און אַמבאַסאַדאָרס — האָט סימפּאַטיש געשריבן ווי ער האָט זיך באַקענט מיט לעפּקען אין וואַרשע, פּאַריז, מאָנטעקאַרלאָ [sic] . . . און לייענענדיג די אַרטיקלען — האָב איך געפילט דאָס סמאַליען זיך פון פלייש, אויפן עלעקטריק־טשער . . .

ווי געזאָגט, איך האָב יואל סלאָנים קיינמאָל ניט געזען. און איצט האָב איך אויף אייביג פאַרשפּעטיגט אים צו זען . . .

נאָר נעכטן פאַרנאַכט, אין דעם ווינטיקן טאָג, בין איך ווידער צוגעגאַנגען צו ריווערסאַיד־דרייוו. איך האָב זיך געשטעלט אויפן ברעג פונעם שטורעמדיגן טייך. שיפן האָבן זיך באַוועגט אויף און אָפּ. דאָס וואַסער האָט זיך געאיילט. די כוואַליעס — מיט זילבערנע גריוועס. פון דער אַנדערער זייט ברעג — רויטע אָקטאָבער־ביימער. קליינע הייזער. און די זון גייט אונטער, גריסט די פענצטער, פאַרבט זיי, צינדט זיי אָן — ווי זי האָט זיי אָפּט געפאַרבט, ווען דער פּאָעט יואל סלאָנים האָט דורך זיי געקוקט צו דער וועלט — — — איך האָב זיך איצט דערמאָנט פיל, פיל לידער פון יואל סלאָנים — — — און דער זילבערנער האַדסאָן איז אויפגעגאַנגען אין זיינע לידער — — — די **פרישקייט פון די כוואַליעס. ער האָט זיך אָפּט פאַרטראַכט איבער דער** פאַרגאַנגענהייט — ביים האַדסאָנס שפּיגל, ווען די זון צינדט זיך אָן **און גאַנץ געלעבט.**

פון איין זייט — אין לעבן — פולע און שטורעמדיגע אַקטיוויטעט, גרויסער אימפּעט, אַן אייביגער אומרו. אַן אומאיינגעזעסנקייט און אַ ציען ערגעץ־וואו — — — פון דער צווייטער זייט — אין זיין דיכטונג — אַ ליריקער, איבער׳חזר׳ט זיך אָפּט אין זיינע הונדערטער לידער, געדרוקט אין צייטונגען און זשורנאַלן. יואל סלאָנימס אַלע לידער — דאָס זיינען איין ליד — — — איין ליד וועגן אַן אומבאַקאַנטער מיידל, וואָס דערשיינט ווידער און ווידער צו אים אין די פּאַרקן פון בראָנקס, אויפן ברעג פון האַדסאָן. יואל סלאָנים, ווי קאָלעגן דערציילן, האָט געהאַט אַ רייכע היים, אַ שיינע פרוי, צוויי זין, וועלכע דינען אין דער אַרמיי. און דאָך האָט ער אין זיין ליד געטראָגן דעם סעקרעט פון אַ דאַמע — אַ דאַמע וואָס דו האָסט אירע קאָנטורן נישט געקענט זען. וואָס דו האָסט זי אינטים נישט געפילט — — אַ דאַמע וואָס גייט דורך אַלע זיינע ריטמיש־כוואַליענדיגע לידער — כוואַליענדיג ווי די כוואַליעס פון דעם האַדסאָן — — — טאַנצנדיג — אין זיין פּאַטעטיש־נערוועזן, פליבקן און ווינטיגן אימפּעט — ווי די בלעטער אין האַרבסט — — — ווי די בלעטער אין אָקטאָבער־חודש — — — יואל סלאָנים האָט זיין „דאַמע" אָפּט באַגעגנט אין האַרבסט, אין אָקטאָבער, ווען די בלעטער זיינען רויט ווי קופּער — — — און דעם דאָזיגן מאָנאַט — אָקטאָבער — האָט ער זיך אויך אויסגעקליבן צום שטאַרבן — — — און די „סעקרעט דאַמע" האָט זיין אָרון באַגלייט — אין אַ קרוין פון רויטע בלעטער אויפן קאָפּ — — — די דאַמע וועמעס אימאַזש יואל סלאָנים האָט אַזוי ריטערלאַך — נישט דאָן־זשואַ־

אָבי מיין נשמה האָט ליכטיגע טרוימען,
און ס׳גליען אין האַרצן נאָך מוטיגע פלאַמען,
וועל איך ניט אַנטלויפן צו מיסטישע רוימען,
ניט זעגלען אויף אַפּיום־וויגנדע ים׳ען.

כ׳וויל בלייבן אין שטאָט, אין געברויז פון די מאַסן.
מיט זיי וועט מיין גורל זיך פעסטער פאַרבינדן,
כ׳וועל גיין אין די אָרעמע, טרויעריגע גאַסן,
די פינצטערע הערצער מיט האָפענונג אַנצינדן.

דעם שונא פון פאָלק וועל איך ביטער פאַראַכטן,
און דעם וואָס איז טמא וועל איך נישט באַגריסן.
און דער וואָס וועט פירן מיך פלאַמיג אין שלאַכטן,
וועט זיין מיין געוויסן.

דאָ אַנטפּלעקט זיך דער רעאַליזם פון יואל סלאָנימס פּערזענלאַכ־קייט. אַ שטאַרקער דראַנג און אַנהאַלט אין לעבן. דער אימפּעט פון דער מעטראָפּאָליע איז געווען אין זיין בלוט.

איך האָב אפשר פאַרשווענדט אַ סך פון מיין לעבן,
איך האָב קיין חרטה אויף דעם,
ווי שלעכט איז צו נעמען, ווי גוט איז צו געבן,
און קיינמאָל ניט זיין אין אַ קלעם.

אין די דאָזיגע שורות אַנטפּלעקט זיך נאָך אַ מער סימפּאַטישער שטריך פון זיין כאַראַקטער: קיין חרטה. דער גאַנצער, פולער מענטש וואָס האָט זיין גורל אַריינגעקוקט אין די אויגן אָן שרעק. קיין פאַלש־קייט. קיין מורא. קיין מאַסקע. ער איז זיך מודה אין מאַנכע פאַר־בלאָנדזשענישן. אָבער אַזוי איז דאָס לעבן צו דעם וואָס וויל עס אומ־פאַסן. וואָס וויל עס אויפנעמען גאַנץ. יואל סלאָנים האָט זיין לעבן פול און גאַנץ געלעבט.

פון איין זייט — אין לעבן — פולע און שטורעמדיגע אַקטיווי־טעט, גרויסער אימפּעט, אַן אייביגער אומרו. אַן אומאיינגעזעסנקייט און אַ ציען ערגעץ־וואו — — — פון דער צווייטער זייט — אין זיין דיכטונג — אַ ליריקער, איבער׳חזר׳בדיג זיך אָפט אין זיינע הונדער־טער לידער, געדרוקט אין צייטונגען און זשורנאַלן. יואל סלאָנימס אַלע לידער — דאָס זיינען איין ליד — — — איין ליד וועגן אַן אומבאַ־קאַנטער מיידל, וואָס דערשיינט ווידער און ווידער צו אים אין די פאַרקן פון בראָנקס, אויפן ברעג פון האָדסאָן. יואל סלאָנים, ווי קאָלעגן דער־

ציילן, האָט געהאַט אַ רייכע היים, אַ שיינע פרוי, צוויי זין, וועלכע דינען אין דער אַרמיי. און דאָך האָט ער אין זיין ליד געטראָגן דעם סעקרעט פון אַ דאַמע — אַ דאַמע וואָס דו האָסט אירע קאָנטורן בישט געקענט זען. וואָס דו האָסט זי אינטים נישט געפילט — — אַ דאַמע וואָס גייט דורך אַלע זיינע ריטמיש־כוואַליענדיגע לידער — כוואַליענדיג ווי די כוואַליעס פון דעם האָדסאָן — — — טאַנצנדיג — אין זיין פּאַטעטיש־נערוועזן, פליבקן און ווינטיגן אימפּעט — ווי די בלעטער אין האַרבסט — — — ווי די בלעטער אין אָקטאָבער־חודש — — — —

יואל סלאָנים האָט זיין „דאַמע" אָפּט באַגעגנט אין האַרבסט, אין אָקטאָבער, ווען די בלעטער זיינען רויט ווי קופּער — — — און דעם דאָזיגן מאָנאַט — אָקטאָבער — האָט ער זיך אויך אויסגעקליבן צום שטאַרבן — — — און די „סעקרעט דאַמע" האָט זיין אָרון באַגלייט — אין אַ קרוין פון רויטע בלעטער אויפן קאָפּ — — — די דאַמע וועמעס אימאַזש יואל סלאָנים האָט אַזוי ריטערלאַך — נישט דאָן־זשואַניש, נאָר דאָן קיכאָטיש — געטראָגן אין זיין האַרצנס־מעדאַליאָן . . .

יואל סלאָנים האָט געהערט צו דער גרופּע „יונגע" אין דער אידישער פּאָעזיע. פון איר זיינען די לעצטע יאָרן אַוועק אין דער אייביגקייט די וואונדערלאכע שטערן, וואָס האָבן אַזוי טראַגיש־אַרלעקיניש פּאַראַדירט מיט זייערע קאָלירן און וואָרט־צויבערייען אויפן אידישן פּאַרנאַס. מ. ל. האַלפּערן — דער גלאַדיאַטאָריש־אַנגעצונדענער פּאָעט, מיט זיין פייערדיג און איראָניש וואָרט; זישאַ לאַנדוי — מיט זיין ראַפיניטעט, געשמאַק, פאָלקסטימלאכקייט און פּאַרפיומיגן וואָרט, הייס פון ערלאָטיק. א. מ. דילאָן — וואָס האָט דורכגעטראָגן דורך ניו־יאָרק, דורך נאַכט און ווינט, זיין אומהיימלאַך, זיין טרויעריג וואָרט. משה נאַדיר — דער וואָס האָט מיט ווערטער ווי געטאָן און מיט ווערטער וואונדערלאַך און בלוטיג געלויכטן און געשפּילט. א. ראַבאַי — וואָס האָט אריינגעפירט די זון אין דער אידישער פּראָזע — דאָס פעלד־לאַנדשאַפט און די ליבשאַפט צו דער שטוב־חיה.

די „יונגע" ציילן איצט דעם אָפּגעהיטענעם וואָרט־און־סטיל־מייסטער משה יונה חאַימאָוויטש און דעם סאַמעטענעם ליריקער מאני לייב און דעם מיסטיש־פאַנטעאיסטישן ה. לייוויק און — י. י. שוואַרץ, דעם אויפאַקערער פון אַן אַלטער, גרויסער דיכטונג . . .

די „יונגע" האָבן געעפנט די פּאַנאָראַמע פון פאָרם; דעם קולט פון וואָרט; די קאָלירן און די שטימונגען פון מענטשלאַכן געמיט. און הגם יואל סלאָנים האָט זיך אָפּט איבערגע'חזר'ט, האָט צופיל, און עקסטראַוואַגאַנט געפלאָטערט מיטן וואָרט און האָט זיינע שטימונגען צו אָפּט אויסגעשטעלט אין זיינע לידער — אַנשטאָט בלויז אָנצודייטן, ווי פיל פּאָעטן פון די „אינגע" האָבן עס געטאָן — דאָך קען מען אין זיין וואָרט־

שיכרות און וואָרט־קולט דערקענען די ווירקונג פון די „יונגע". ער איז אַרויס פון זייער שול. ער האָט ווייטער געטראָגן די פאָן, פון דיכ־טונג צוליב דיכטונג, הגם אין פיל פון זיינע לידער איז ער נעענטער צו דער וועלט, צום לעבן — און איז רייכער מיט אַ סאָציאַלן געפיל — ווי עס זיינען געווען די פרינצן פון דער וואונדערלאַכער און שאַרמאַנטער גרופע „יונגע". אין יואל סלאָנימס דיכטונג קען מען דערקענען די קאָנ־טורן פון לעבן, די איסט־סאַיד, דעם ריטם פון דער מעטראָפּאָליע, דאָס שטייגער־לעבן פון אַמעריקע. די „יונגע" זיינען אין אַלגעמיין אידיש־אוניווערסאַל. סלאָנים — טיפּיש־אַמעריקאַניש.

יואל סלאָנים, הגם ער האָט געהאַט די מעגלאַכקייט פאַר דעם — האָט קיין בוך־זאַמלונג פון זיינע לידער נישט אַרויסגעגעבן. אפשר איז עס געווען אַ פּרינציפּ אַזאַ? דאָס ליד — ווי די שטימונג אין פאַרנאַכט — זאָל גיין פאַרלוירן?... יעדער פּאָעט וואַרפט אַן זיין־טרוים, זיין אימאַזש אין פערזן — אַזוי ווי דער מאָלער פון הימל מאָלט אין פאַר־נאַכט אויף די האָריזאָנטן הערלאַכע אימאַזשן, וואָלקן־מלאכים און בליי־ענדיגע דאַמען, צאַרטע און ראָמאַנטישע געשטאַלטן — וועלכע לעשן זיך אויס מיטן מאָמענט, פאַרוואַנדלען זיך אין אַש — — —

דער פּראַקטישער, ניכטערער און פּאָזיטיווער צייטונגס־מענטש האָט זיינע לידער צו דער וועלט געוואָרפן, ווי די נאַטור וואַרפט אירע קלאָרע שנייען, און איצט, ווען ער איז אַוועק, איז קיין בוך־זאַמלונג נאָך אים נישט געבליבן. דאָס איז אויך די כאַראַקטעריסטיק פון אונזער אידי־שער קולטור און פאָלקס־עקזיסטענץ. קיין פאַרלאַג, וואָס זאָל דורכן לעבן פון אַ דיכטער ביט אַרויסגעבן קיין זאַמלונג פּאָעזיע זיינע. קיין זאָרג פאַר דער דערהאַלטונג פון אירע גייסטיגע רייכטימער — — —

און אפשר האָט יואל סלאָנים געוואָרפן זיינע לידער — ווי עס וואַרפן פאַרלעך קאָלירטע אויף אַ מאַסקנבאַל — קאָנפעטי? קאָנפעטי — וואָס ווערט אויסגעקערט אין באַגינען, ווען דער מאַסקנבאַל איז געענדיגט און אַלץ איז פאַרוואַנדלט אין גרויען אַש — אין רעמיניסענס?

אין זיין גלענצנדיגן בוך „נאַדיר־גאַנג" — זאָגט דער ווירטואָז פון די „יונגע", משה נאַדיר — פאָלגנדיגעס וועגן זיך:

„ניין, איך האָב נישט דעם „בראָנז־קאָמפּלעקס". איך דערוואַרט נישט, אַז נאָכן טויט זאָל מען מיך פאַראייביגן אין בראָנז. (מיין לאַנגע בראָנזענע נאָז וואָלט אפשר צוניץ געקומען אויף אַנצורייבן אַ שוועבע־לע). דער פּיעדעסטאַל — פאַר אַן אָרט, וואו אַ פאַרליבטער בחור וואָלט אונטער דער לבנה געוואונען זיין געליבטע (מיט דער הילף פון מיינע אַמאָליגע עראָטישע לידער). מיר קומט אָפּט אַן שווער זיך צו דער־מאָנען אַפילו די נעמען פון מיינע אייגענע ביכער, מיינע אַרבעטן זיינען צעוואָרפן אויף אַלע זיבן ימים, און נאָר זעלטן צינדט זיך אין מיר אַ

געפיל, אַז איך וואָלט געוועזן זען מייַנע שרייבערייען צונויפגעזאַמלט, זיי זאָלן נישט פאַרלוירן גיין. ס'רוב אָבער בין איך גלייכגילטיג צו אַלע „קונסטן" (צו ליטעראַטור אויך), און אַז איך לעב אין אַט אַזאַ מין היי־נערפלעט, וואָס פאַר אַ ווערט האָט שוין ביי מיר די — — — אויפ־שריפט אויף מיין מצבה?" —

אפשר האָט יואל סלאָנים געהאַט דיזעלבע באַציאונג צו זיין ווערק? איבעריגנס, די באַציאונג איז אַ רעזולטאַט פון דער „באַציאונג" פון פאָלק צום דיכטער. די „באַציאונג" פון דער יוגנט, פון אידישן פובליקום צו זיין פּאָעזיע.

:: : ::

פיל פון די שטאָטסמענער וואָס יואל סלאָנים האָט געקענט, זיינען טויט, און ער זעט זיך ווידער מיט זיי. אין גוטמוטיגן טאָן טרעפט ער זיך ווידער מיט לעפקען און מיט אַנדערע אָפּגעבראָטענע גענגסטערס און — אים באַגעגנט אפשר אויך די געהיימניספולע דאַמע פון זיין גאַנ־צער לעבנס־ליריק — די צאַרטע, ליכטיגע, טרויעריגע דאַמע — אין אַזוי פיל לידער באַזונגען; איצט אומהאַלזט זי אים און פירט אים אין די גרויסאַרטיגע אַלייען, אונטער בלויע הימלען, וואו האָניק־טייכן פליסן שווער און וואו בראַנזענע פייגל זינגען צאַרטע מעלאָדיעס . . .

# דער אידישער וועלט רחמנות

**Angelica Balabanoff, "Tears," E. Laub Publishing Co., New York, 157 pages.**

מיר פון א גאנץ לעבן פון קאמף און שטורם, פון אומגליק און אנטוישונג — האָט מאדאם אנגעליקא באלאבאנאָף איצט פאַרעפנט־לאכט א בוך לידער — „טרערן" — אין פינף שפּראכן. דאָס איז אַ סימבאָל — אַן איראָניע פון אידישן גורל. דען, מאדאם באַלאַבאַנאָף, געבוירן אין רוסלאנד, דערצויגן אין איטאַליע, געשפּילט א גרויסע רעוואָלוציאָנערע ראָלע אין אייראָפּעאישע לענדער און לעצטנס צוזא־מען מיטגעארבעט מיט לענין, טראָצקי בשעת דער רוסישער רעוואָ־לוציע; אַן אינטימע פריינדין פון מוסאָליני — און שפּעטער זיין פאַרביסענע געגנערין; א פרוי מיט גרויסע פייאיקייטן צו אָרגא־ניזירן און צו וועקן די ארבעטערשאפט פון גאָר דער וועלט — האָט איצט זיך אוועקגעזעצט, אין איינזאמקייט, און אָנגעשריבן די דאָזיגע לידער — „טרערן".

ווען פילע פון אירע קאמאראדן זיינען שוין שאָטנס פון טויט; ווען דער פּראָלעטאריאט פון דער וועלט איז דערטרונקען אין א טייך

בלוט; ווען דער פאַשיזם מיט מוסאָליני בראש האָט געטויטעט מאַטע-אָטין און פילע פון אירע טייערסטע געגנאָסן, און ווען דאָס איטאַליע-נישע לאַנד איז חרוב, וואו דאָס צאַרטע, כאַראַקטערפולע מיידל האָט פאַרבראַכט איר יוגנט — איצט איז די צייט צו דיכטן אין איינזאַמקייט די לידער וועגן ליבע צו די ליידנדע. וועגן מיטלייד צו די מאַרטירער. איצט זינגט זי אויס אין פינף וועלט-שפּראַכן — אין ענגליש, דייטש, פראַנצויזיש, רוסיש און איטאַליעניש — אירע לידער.

זינט דעם גרויסן חורבן פון בבליש'ן טורם, ווען די מענטשן-שפּראַכן זיינען אויסגעמישט געוואָרן אין 70 לשונות — מאַכט דער קינסטלער, דער פּאָעט, די איינע מענטשנשפּראַך, יענע גרויסע שפּראַך וואָס האָט אַמאָל פאַראייניגט אַלע פעלקער — כדי אין דער דאָזיגער איינהייטליכער שפּראַך צו רעדן ווידער צו אַלע פעלקער. צו דיכטן, צו זינגען דאָס ליד פון דער גאַנצער מענטשהייט. פאַראַן אין יעדן דיכטער דער דראַנג צו רעדן צו אַלע פעלקער. און די לעגענדע דער-ציילט, אַז קעניג שלמה, וואָס האָט גערעדט אין שיר השירים, משלי און קהלת — צו אַלע דורות — צו אַלע ראַסן — האָט אויך פאַר-שטאַנען די שפּראַכן פון די חיות און פייגל... אָט דאָס איז די פול-קאָמענקייט פון אַ דיכטער... ער פאַרשטייט נאָר די שפּראַכן פון אוני-ווערס...

און דאָס טוט מאַדאַם אַנגעליקאַ באַלאַבאַנאָוואַ. אין אירע קורצע, דראָבנע פערזן — עהנלאַך צו טרערן וואָס פאַלן פון איר גע-מיט, פון איר בלוטנדיגן, ווייבלאַכן און מוטערלאַכן האַרצן — הערט מען די פינף וועלט-שפּראַכן; עס רעדט די געבוירענע קינד פון רו-סישן סטעפּ — אין רוסיש... עס רעדט די מיידל — דערצויגן געוואָרן אין איטאַליע; אין דאַנטעס איטאַליעניש; עס רעדט די קולטור-פרוי — צום גרויסן דיכטער באַדלער — אין שאַרמאַנטן פראַנצויזיש... עס רעדט די גרויסע אַרבעטער-קעמפּפערין, וואָס דערמאָנט אין ראָזאַ לוק-סעמבורג, אין קלאַראַ צעטקין — אין געטע'ס דייטש; עס רעדט די רעדט די עמיגראַנטין פון אייראָפּאַ, די איינזאַמע, אָבער קיינמאָל נישט אַנטוישטע, די וואָס גלויבט אַז די וועלט וועט דערגרייכן איר האַרמאָניע און שיינקייט — אין ענגליש...

אָבער די אידן? אין וועלכע שפּראַך רעדט די אידין? אין קיין איינער פון די אידישע שפּראַכן — נישט אין העברעאיש, די שפּראַך פון די נביאים און פון ניי-פּאַלעסטינאַ, און נישט אין אידיש — די שפּראַך פון די אידישע אַרבעטער...

די דיכטערין ווידמעט צאַרטע און רירנדע לידער צו די ליידנדע פון דער ערד; צו די מאַרטירער פון פאַשיזם; זי רעדט צו די גרויסע דיכטער גראַף דזשיאַקאָמאַ לעאָפּאַרדי און שאַרל באַדלער. זי ווידמעט אַ ליד צום גרויסן טריביון און קעמפּפער פאַר פרייהייט — זשאַן זשאָ-רעס... אָבער קיין איין ליד נישט וועגן די אידן... וועגן די גרויסע, אומ-געהויערע ליידן פון גרויסן, פון אידישן פאָלק.

און די ערד דרייט זיך דאָך... און מאַדאַם אַנגעליקאַ באַלאַבאַנאָף איז דאָך אַ אידין... און דאָס בוך — וואָסאַראַ מעכטיגע איראָניע פון גורל! — פון וועלט-שיקזאַל! — איז דאָך אידיש. אידיש — אין דעם אינהאַלט. אין דער טעמאַטיק. אין דראַמע און גאַמע פון געפילן.

אין דער גרויסער מוזיק פון איר האַרץ.

שוין אין איר פאָרוואָרט זאָגט די דיכטערין, אַז זי איז געוואָרן אַ סאָציאַליסטקע, ווייל זי האָט פּראָטעסטירט מיט איר האַרץ און מוח געגן די ליידן פון די מענטשן. און ווייל זי האָט געוואָלט ענדערן די וועלט, אַזוי אַז זי זאָל זיין אַ רעאַליזירונג פון אַלעמען — און געניסן די פריידן און די שיינקייטן וואָס דאָס לעבן קען שענקען. זי איז פאַראייניגט מיט אַלע די קרבנות פון אומגערעכטיגקייט. די טרערן פון איר האַרצן — זיינען זייערע טרערן. די ליידן זיינען די ליידן פון די פּילע, וועלכע זי האָט געטיילט מיט אַלע פאַר פּילע יאָרן קאַמף און אַרבעט.

אָט דאָס — אין דאָזיגן קורצן פאָרוואָרט — איז דער קרעדאָ, די עסענץ, דער לייטמאָטיוו פון גאַנצן בוך לידער. די איבעריגע לידער — געשריבן אין פאַרשידענע צייטן, טייל דאַטירט פון 1922, 1925, 1924, 1934, 1927, 1926 ביז צום יאָר 1943 — און געדיכטעט אין פּאַריז, ווין, ניו-יאָרק, שיקאַגאָ, שטאָקהאָלם, גאָלף זשואַן, געשריבן אויף די שלאַכטפעלדער פון איר סאָציאַלן און אונערמידלאַכן קאַמף — די דאָזיגע לידער אילוסטרירן בלויז דאָס פאָרוואָרט — דאָס פאָרוואָרט פון אַ מין דבורה הנביאה וואָס בעט זיך ביי די נביאים, ביי די אַלטע, פלאַמענדע נביאים.

„אָ פּראָפעטן, פּאָעטן פון דער וועלט,
לעבעדיגע און טויטע,
גיט מיר אייער שטימע
אַז איך זאָל קענען אויסשרייען
דעם טרויער פון אונזערע טעג
און אונזער אומגליק.
גיט מיר אייער שטימע
אַז איך זאָל קענען וועקן די שקלאַפן
און ברעכן זיינע קייטן,
אַז מענטשלאַכע פּיין
זאָל ווידעראמאָל
געפינען אַן עכאָ אין אונזערע נשמות,
געפינען אַן עכאָ אין אונזערע נשמות.
און טרערן אין אונזערע אויגן,
און טרערן אין אונזערע אויגן.“

אין אַ דייטשן ליד זאָגט די דיכטערין:

„אָ דיכטער, וואָלט איר מיר
געקענט לייען אייערע טרערן,
כדי איך זאָל קענען וויינען?
איך האָב נישט מער קיין טרערן
איך האָב צופיל געוויינט.
די טרערן פון מיין זעלע האָבן מיינע אויגן פאַרברענט“...

און וויפיל איראָניע קלינגט אין דער דאָזיגער דייטשער שפּראַך, די פאַרהאַסטע שפּראַך פון די נאַציס —

„דער מענטשנשמערץ איז איבעראל,
דער מענטשנשמערץ איז איבעראל,
מיר זעען אים נישט,
דען ער איז איבעראל,
דען ער איז איבעראל.“

ווען מיר לייענען די דאָזיגע לידער — קענען מיר אַנדערש נישט דענקען ווי וועגן די אידישע נביאים — וועגן ירמיהו הנביא, ווייל מאדאם באַלאַבאנאָף׳ס לידער זיינען דאָס אויסגעשריי פון אונזער צייט. די שטימע פון מיליאָנען ליידנדע. זי איז די לעצטע סאָציאַלע דיכטערין — ווייל לאַנג האָבן מיר שוין נישט געהערט דאָס סאָציאַלע ליד, זינט פרייליגראטה אָן. די עסטעטיק — דער פאָרם-קולט — די דראַמע פון געשלעכט — דאָס ראַפינירטע האָט אין די לעצטע יאָרן געמאכט שווייגן דאָס מענטשלאַכע הארץ. דער געשריי פון דער נשמה, וואס רייסט זיך ארויס אין טיפן, אין ביטערן ווייטאָג — איז פארשטומט געוואָרן.

אין באַלאַבאנאָף׳ס לידער, וועלכע זיינען פריי פון דער ראַפיניטעט, פון דער אקראָבאטיק, פון דעם פוסטן מאָדערניזם — רעדט ווידער די מענטשהייט איר פשוט׳ע שפראך — איר מעכטיג ליד פון שמערץ. אירע לידער רעדן צום געמיט — ווי די שטריכן פון קעטא קאָלוויטץ צייכנונגען און עטשינגס רעדן צום געמיט פון יעדן מענטש — רעדן וועגן די סאָציאַלע איבלען, וועגן דער אומגערעכטיגקייט אויף אונזער וויסטער מענטשנערד...

מאדאם באַלאַבאנאָף שרייט אויס אין א פראנצויזיש ליד: „איך טראָג אין מיין הארצן דעם אייביגן שמערץ“. אין זעלבן ליד זאָגט זי: „דער שמערץ איז היינט אוניווערסאַל“. און זי גיט-צו — די דאָזיגע אַלע ליידנדע — זיי שווייגן. זיי זיינען שטום. דער פּאָעט דאַרף רעדן פאר זיי. און באַלאַבאנאָף רעדט טאקע פאר די מיליאָנען ליידנדע.

אין א ליד „מוטערס“ — גייט אויף צו די דיכטערין איר אייגענע מוטער-געשטאַלט — ווארעם און באַשיצנד: די אידישע מוטער — „זי קומט. זי בארירט מיינע הענט, זי קוקט אריין אין מיינע אויגן און שטייט איבער מיין בעט. איך האָב נישט קיין מורא פאר׳ן טויט. איך פיל איר אָטעם, איך שלאָף און איך טרוים, און זי איז מיט מיר. אָ, מוטער! האָבן אנדערע קינדער א מוטער ווי דו? ווער שטילט איין זייערע פיינען? ווער ראטעוועט זיי פון שרעק און אומהיימלאַכקייט? די כוואַליעס יאָגן. איך בין אַליין און איינזאם — זאָגט די דיכטערין — איך הער נישט מער די טריט פון מיין מוטער. דער טויט איז געקומען — און האָט די דיכטערין געלאָזט אליין... און וואס געשעט מיט די אַלע אָרימע קינדער, וואס זיינען איינזאם און קיינער העלפט זיי נישט? וואס קען געשען ווען די מוטער איז ווייט... בלייבע קינדער זיינען אליין... די מוטערס קענען ניט טרעפן אויב זייערע קינדער לעבן נאָך — ווען זי קומט אהיים, מיד און צעבראָכן...

אין אַלע פינף שפראכן האָט באַלאַבאנאָף דאָס ליד „מוטערס“ — געדיכטעט... און זי וואקסט אויס אין דאָזיגן טיף-מענטשלאַכן

רירענדן און טראַגישן ליד צו אַ וועלט-מוטער...

אויסער דעם סאָציאַלן מאָטיוו, וואָס גייט דורך די מערסטע פון אירע לידער — פילט זיך אויך אין מאַדאַם אַנדזשעליקאַ באַלאַבאַנאָף — די דענקערין, די פילאָזאָפישע נאַטור, די מעדיטאַטיווע פרוי, וואָס פאַרטראַכט זיך וועגן די פּראָבלעמען פון לעבן, וועגן די אייביגע טראַגישע פּראָבלעמען פון אוניווערס. שאָפּן און זשאַרזש סאַנד — באַדלער און לעאָפּאַרדי — זיי רעגן איר אָן אין איינזאַמע דעמערנדיגע שטונדן צו פאַרטראַכטן זיך איבער דעם זין פון מענטשלאַכן לעבן... אין אַ פראַנצויזיש ליד זאָגט זי — ווי דער אַלטער קעניג קהלת—

„דאָס לעבן לאָזט נישט
קיין צייכן
נישט אין צייט,
נישט אין רוים.
פאַרוואָס עס ליבן ?
פאַרוואָס עס פאַרטיידיגן ?
צו וואָס פּרעטענדירן
אַז מען איז גליקלאַך ?“

אין אַ צווייטן ליד פּרוּווט זי זיך באַרואיקן. איר זעענט אין קעניגרייך פון טויט. וואָס דער מענטש איז גֶעווען — ווערט צו אַש... און ווערט עס בלום און לעבנדיגע פלאַנץ, דאַן ווידער אין אַש פאַרוואַנדלט... אַזוי אַלץ... קיין טויט... אייביגע פאַרוואַנדלונג. קיין טויט !

דער לייטמאָטיוו פונם גאַנצן בוך איז אין דעם באַוואוסטזיין אַז זי האָט געקעמפט פאַר פרייהייט. און אַלץ וואָס האָט איר געוואָלט בייגן און ברעכן — האָט זי פאַראַכטעט און צעבראָכן. זי וועט שטאַרבן רואיק, ווייל זי האָט געלעבט אומרואיק.

דאָס וואַריאַציע-רייכע בוך לידער פון מאַדאַם אַנדזשעליקאַ באַלאַבאַנאָף איז אַ קאָנפעסיע, אַ חשבון הנפש פון אַ גרויסן מענטשן. דער אמת דאָמינירט אין די לידער — און עס איז נישט וויכטיג ווי הויך טאַלאַנטפול זיי זיינען. וויכטיג איז דאָס גרויסע האַרץ. די פּאַטעטישע לײדנשאַפט צו אומהאַלזן אַלע מאַרטירער פון דער ערד.

דאָס גאַנצע בוך איז דורכאויס אידיש — אין דעם טיפן נערעכטיגקייטס געפיל אין איר מוטערלאַכער ליבע צו די אומגליקלאַכע. אין דעם אומבויגזאַמען כאַראַקטער אירן ; אין דעם גלויבן — טראָגט אַלע וועלט-קאַטאַסטראָפעס — אין אַ גרויסן, אין אַ הערלאַכן מאָרגן פאַר אַלע פעלקער פון דער ערד...

ניו-יאָרק, מאַי 22, 1944.

# ווערטער וועגן שלום אַשן

די וועלט־קינסטלער האָבן געמאָלן דעם איד פון נאַזאַרעט אין פלאַמענדע קאָלירן. דער דאָזיגער מאַרטירער, איבער וועמעס קאָפּ די רוימער האָבן אויפגעקלעפּט אַן אויפשריפט „דער אידישער קעניג" איז אַריין אין דער וועלט־קונסט מיט זיינע לויכטנדע וואונדן. אָבער אַ אידיש אינגל פון פּוילן האָט פון קינדהייט אָן געטראָגן אַן אימה פאַרן קאָשציאָל. מיר האָבן פאַר „זיי" געציטערט אין די פּוילישע נעכט. און נאָך ציטערן מיר. זייערע איקאָנעס, ווי מולטו־פאַרביק שיין זיי זיינען ניט געווען, האָבן אונז דערמאָנט אָן אונזערע ליידן. און נאָך ציטערן מיר פאַר „זיי". און אויב ער האָט פאַר זיי געלויכטן ווי „גאָטס זון" — האָט ער פאַר אונז באַדייט שרעק און פּאָגראָם. די דאָזיגע שרעק איז אַריין אין אונזערע הערצער.

שלום אַש קומט פון פּוילן, וואו אַ איד האָט געציטערט פאַר דער טומאה. אַ אידיש קינד האָט געציטערט פאַר זייערע פּראָצעסיעס ווי פאַר פייער. און דווקא שלום אַש, דער אידישער שריפטשטעלער פון פּוילן, וואו די אידן האָבן אים שטענדיג אָפּגעגעבן גרויס כבוד, אים אויפגענומען ווי אַ קעניג, וואו אידישע מאַסן האָבן אים געלייענט און פאַרערט — דווקא אין אים איז פאַראַן פאַרראַט צום פּוילישן אידנטום...

נאָך דעם ווי אַש באַמיט זיך אין זיין לעצטן בוך — „איין שיקזאַל" — צו באַווייזן אַז דער אידישער משיח און זייער „משיח" איז איינס און דאָס זעלבע — נעמט ער זיך דאָס רעכט צו זאָגן אַז די זעקס מיליאָן מאַרטירער זיינען געגאַנגען אין זייערע גאַז־קאַמערן מיט איין געדאַנק: מיטן געדאַנק פון משיח און תחית המתים. ווילט זיך זאָגן: ווי אומקינסטלעריש איז פון שלום אַשן צוצוקלעפּן זיין „משיח" צו די זעקס מיליאָן — דורך ליידן צו וואַנזין, צו פאַרצווייפלונג, צום ביטערן געשריי, צו רעזיגנאַציע, צו דערנידעריקונג, צו געפאַלנקייט־געבראַכטע אידן! האָט שלום אַש דאָס דערפאַרן דורך קאַצענעלסאָנס מעכטיגער דיכטונג וואו ער שילט גאָט? ווייסט נישט דער קינסטלער אין שלום אַשן אַז זעקס מיליאָן מענטשן — ווען זיי גייען צום טויט — פאַראַכטן די וועלט און גאָט און זייערע שריפטשטעלער און האַסן אַ וועלט וואָס פירט זיי אָפּגעבראָטן צו ווערן? שלום אַשן איז גרינג זעקס מיליאָן אָפּגעבראָטענע אידן צו דערלאַנגען זיין „משיח" און זיין תחית המתים. ווי קען מען אַריבערציען אַזוי לייכט אַ ליילעך איבער זעקס מיליאָן שטאַרבנדע און זיי געבן איין אידעע? אידן זיינען געווען רעזיגנירטע — באַליידיקטע — צעבראָכענע. יעדער מין האָפענונג, לעגט זיך אויפן שכל, איז געווען טויט אין זיי. און צו וואָס תחית המתים? כדי אויפצושטיין צו אַנייעם קרעמאַטאָריום? כדי אויפסניי אָפּגעבראָטן צו ווערן? כדי שלום אַש זאָל פון קאָנעקטיקוט זיי דערלאַנגען זיינע טעאָלאָגיעס אונטער די פאַרברענטע צינגער? ווי לייכט שלום אַש טראָגט עס אונטער זעקס מיליאָן הייליקע נשמות צו דער קירכע! הערט ער דען ניט ווי פון די פאַרגאַזעוועטע הימלען שרייען זיי: לאָזט אונז צורו. שפּעקולירט

נישט מיט אונזערע גופים — צו אש פארוואנדלט. צעברענט נישט אונזערע שארבנס מיט אייערע אידעען, וואס פירן צום וואטיקאן!

צו מיר האט קיין מאל נישט אפעלירט דאס משיח געשטאלט, די משיח־אידעע, וואס שלום אש איז פאר איר אזוי ענטוזיאסטיש אין זיין „איין שיקזאל". די משיח־אידעע האט געבראכט די אלערליי סארטן צעזארס, קעניגן, דיקטאטארס, פירער, דערלייזער, דעספאטן און טיראנען. עס איז אין יעדן מענטשן פאראן די פאטענץ פון דער־לייזונג. און ביז די מענטשהייט וועט נישט פארשטיין אז יעדער דארף אנפאנגען פון זיך — וועט צו קיין גאולה נישט קומען. עס האט אין גרויסן רוסלאנד געלעבט א גרויסער מענטש, אויך א שריפטשטעלער, לעוו טאלסטאי. האט ער אנגעהויבן פון זיך... טארא, אן אמעריקאנער דענקער, האט אנגעפאנגען מיט זיך אליין — צו ווערן בעסער. רוסא, וויליאם בלייק,—דאס זיינען געוועזן ריזן, סיי קינסטלעריש, סיי פי־לאסאפיש — אבער וועלכע באשיידנקייט! זיי האבן פארשטאנען אז אויב מען וויל פרעדיקן דאס „הימלישע קעניגרייך" — מוז מען אנ־פאנגען פון זיך אליין.

קריסטוס אליין האט איין זאך גוט געטאן — און דאס איז זיין גרעסטער קרעדיט — ער האט אויך אנגעפאנגען מיט זיך...

און איר, שלום אש, אויסער פאמפ און באמבאסטיק; אויסער זיך ווארפן מיט געטער און מיט געטינס — וואס קענט איר אנווייזן אזוינס וואס איר האט געטאן פאר מענטשן כאטש איין גוטע טאט— אויסער אייער ווערק וואס באלוינט אייך היפש? וואלט וויטמאן האט געשריבן לידער, וואס האבן געהיילט די וואונדן פון דער מענטש־הייט, פונדעסטוועגן האט ער אין צייט פון בירגערקריג אליין אי־בערגעבונדן די וואונדן פון די קראנקע סאלדאטן... ער האט אויך — את דער איינזאמער בחור — אנגעהויבן פון זיך אליין...

דער אמת רעליגיעזער, מיסטישער מענטש ווייסט אז פון דער קירכע קען קיין גוטס נישט קומען. דער אמתער מיסטיקער אפערירט מיט דער נאטור, מיט מענטש, מיט הימל און ערד — אן קירכן און אן טעמפלען. עס האט געגומען דעם גאנצן 18־טן יארהונדערט — מיט וואלטערן בראש — צו צעשטערן די דאגמען פון דער קריסטלע־כער קירכע.

יעדער פראגרעסיווער גייסט האט אטאקירט דעם קריסטנטום. קומט צוגיין שלום אש און בײַ אים איז רעכט צו זאגן אז דאס אידי־שע פאלק איז איצט מער ווי שטענדיג סימפאטיש צום קריסטנטום. פארוואס? ווייל זיי האבן געראטעוועט עטלאכע הונדערט קינדער, וואס וועגן דעם זיינען אויך פאראן פארשיידענע פארדעכטיקטע קלאנ־גען...

טרויעריק איז דאס אפערירן מיט רעליגיעס און מיט געטער. ווער בעט שלום אשן צו שרייבן צו פילסודסקין און „עפיסטעלס" צו די קריסטן? ווייסט דען נישט דער קינסטלער־דענקער אז מיר אלע בלאנדזשען, אז עס איז נישט פאר אונז אפצוואווארפן און צו אקצעפ־טירן געטער און געטינס? וועלכע שרעקלעכע אומבאשיידנקייט עס איז אין דעם יא־באשטעטיקטן דעם „אידישן גאט" און אין נישט בא־שטעטיקן!

שטערבלאַכער! וואָס קאָמאַנדיר, ועט איר אַזוי פיל מיט די געטער? און וואָס ברענגט איר אידן צו אַזאַ ביטערן נסיון—מוזט איר זיך ארויסזאָגן וועגן זאַכן וואָס מען האָט זינט דעם יאָר איינס—בעסער פאַרשווייגן, ווייל דאָס מינדסטע וואָרט איז געווען אַ פּולווער־פאַס!

סאָקראַטעסעס מיינונג אַז קינסטלער טאָר מען נישט אָנגעטרויען די מלוכה־פירונג איז נאָך אַלץ אַ ריכטיקע. אָבער זאָל ווידעראַמאָל געזאָגט ווערן, אַז גרויסע קינסטלער האָבן נישט אָנגעטון קיין פּאָר־טיקע רעליגיעס אויף זייערע פּלייצעס. אין איינזאַמקייט האָבן זיי מעדיטירט וועגן וועלט און מענטש. זיי האָבן די אָפּיציעלע גייסט־לעכע אויסגעמיטן. אונזער האָפענונג בלייבט פּאָרט אויף וועלט־פּראָגרעס און קולטור. שלום אַש טרוימט פון אַ טאָטאַליטערע רעלי־גיע... אָבער מיר אָרעמע שטערבלאַכע, אויב מיר צינדן נאָך אַלץ די פאַקלען פון האָפענונג אין אונזערע הערצער — איז עס אויף אַלע מענטשן. די גאולה קומט נישט פון אויבן און נישט פון אַ „משיח־פירער" — נאָר פון די ליידנדע און ערלאַכע רעוואָלטירנדיגע דאַרף קומען גוטסקייט און שיינקייט. און זאָל יעדער איינער געדענ־קען: הייבט אָן פון זיך אַליין. הייבט אָן אַליין בעסער צו ווערן...

# ספרים פון דייטשלאַנד

עס איז געווען אין אַ אידישער שטוב, וואו איך האָב געהערט לייענען די בריוו פון דעם עלטסטן זון, אַ זעלנער אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי אין דייטשלאַנד. די קריג אין אייראָפּע איז געווען געענדיגט. און אין מיר זיינען אַריין די ווערטער פונם בריוו, ווי שטיקער פייער.

די הייזער—פאַרברענט. נאַקעטע פאַרסאַזשעוועטע ריפּן שטייגן צום הימל—מאָנומענטן פון דייטשער געניאַליטעט... און דער רעגן האָט טרויעריק געקאַפּעט. זיי האָבן געזוכט אַ שול און נישט געפונען. אַלץ איז געווען פאַרברענט. נאָר אָט איז אַ קליינע שול אויף אַ בית־עולם. די מצבות — צעבראָכן. די אותיות צעבראָקלט. און די ערד פון די קברים — די הייליגע מענטשנערד — פאַרגאָסן. עס איז דאָ דורכגע־גאַנגען אַ שטורעם פון געמיינע מענטשן. אַלץ איז געווען צעטראָטן. דאָס גראָז — צעפּליקט, ווי אַ זיידענער פאַרהאַנג... די ביימער צע־שניטן. זייער קאָרע — ווי מענטשלאַכע הויט — צעריסן, פאַרוואונ־דעט. קיין פויגל איז צווישן די צווייגן נישט געזעסן, הגם עס איז געווען פרילינג... די זון האָט זיך נישט געשעמט צו לויכטן אויף דייטשער ערד... אין דער קליינער שול האָבן די אידישע סאָלדאַטן געדאַווענט... דאָרטן האָבן זיי קדיש געזאָגט...

פּלוצלונג דערזע איך אַ ביבליאָטעק פון דייטשע קלאַסיקער אין אַ ווינקל.

— פון וואַנען האָט איר די ביכער? — פרעג איך. און מיין האַרץ קלאַפּט פון אויפרעגונג.

— דאָס האָט אונז לוסיען געשיקט פונם נאַצי־לאַנד...

עס איז שפּעט ביינאַכט. איך הייב אָן אַדורכצוקוקן די ביכער.

אָט איז אַ „סעט" פון שילער... איך קוק אויף זיין בילד — די לאַנגע, געלאָקטע האָר, דאָס בלייכע בילד פון דעם סטודענט מיט די גרויסע אויגן, שאַרפער נאָז און אַסקעטישע שטריכן. מיידלעך האָבן אים באַוואונדערט. יונגע פּאָעטן האָבן אים אַלס אַן אידעאַל גענומען — אַמאָל... נאָר איצט שעם איך זיך אים אָנצוקוקן. מיר דאַכט, אַז אידן שטייען איבער מיר — אידן גלאָצן אַרויס פון פייער זייערע אויגן צו מיר — פון בערג מיט אַש — און איך דערפיל אין מיינע הענט אַ ברי. ווי פאַרט זיך דער אויטאָר פון „ווילהעלם טעל" און „די גלאָקע" מיטן נאַצי־לאַנד?

און אָט איז אַ בוך פון גראַף פאָן פּלאַטען — מיט זיין קלאַסיש פערזן! איך לייען אַ ליד וועגן פרילינג — אַזוי ווי עס וואָלט געווען דעם פּאָעטס ערשטער, באַוואוסטזיניגער פרילינג... דער ערשטער פרילינג פון דער וועלט... וועלכע בלומען טאַנצן אַרויס פון דער ערד, דער ווייכער, גרינער, שוואַנגערער ערד! וועלכער ליבער ווינט — ווי אַ גרויס ליבע־געפיל פון אַ גאָט — טאָגט זיך דורך די וועלט! און ווי פאַרט זיך אָט דער נאַאיוו־פּאָעטישער פרילינג פון אַ פּאָעט — מיט נאַצי גאַז־קאַמערן? מיטן אייזערנעם טרעט איבער דער ערד — צעטרעטנדיג פעלקער און שטעט! וועלכער געמיינער פאַרראַט צו איר פּאָעזיע — צו איר פילאָזאָפיע! און מיך פאַרדריסט וואָס דער פראַנצויזישער מאַן, שאַמיסאָ, האָט געשריבן דייטשע לידער. מיך פאַרדריסט וואָס זיין פאַמיליע איז אַוועק פון פראַנקרייך, אַנטלאָפן פון דער גרויסער רעוואָלוציע. איך קוק אויף זיין בילד — אַזוי שטרענג... אַזוי שטרענג...

און אָט איז אַ בוך פון גאַף פאָן פּלאַטען — מיט זיין קלאַסיש שטייפער פּאָעזיע, מיט זיין גריכישן גייסט און עסטעטיק. איך דערמאָן זיך ווי דער לעצטער ראָמאַנטיקער פון דייטשלאַנד, הענריך היינע, האָט געשטרייט מיטן דאָזיגן שטאָלצן גראַף. דער גראַף האָט היינען באַליידיגט, פּילנדיג דעם ריח פון קנאָבל פון זיין מויל... היינע האָט אָבער דעם גראַף פאַרגעוואָרפן זיין האָמאָסעקסואַליזם...

און אָט איז אַ קליינער באַנד פון הענריך היינע — „בוך דער לידער". עס איז אין גרינעם פּליוש געבונדן. מיט אַ זילבערנעם מאָנאָגראַם — פון וועלכער אידישער פרוי?... „בוך דער לידער" — היינעס גרויסע זון לייכט דאָ אויף. היינעס נאַכטיגאַלן צעקלינגען זיך... הייסט עס, אַז דאָס פייער וואָס האָט פאַרברענט אַנטי־נאַצי־ווערק — האָט היינען נישט געקענט פאַרברענען. ער האָט דאָרט געלעבט. מען האָט אין געהיים געלעזן זיין שאַמפּאַניער־פּראָזע. מען האָט געטרונקען דעם וויין פון זיין ליריק. אין אַ קאַלטער נאַכט האָט מען זיך געוואָרעמט ביים פייער פון זיינע רעוואָלוציאָנערע מעלאָדיעס. מען האָט אין טרויער זיך געטרייסט מיט זיין סאַרדאָנישן הומאָר...

אין אַ ווינקל דערזע פלוצלונג עטלעכע אַלטע ביכער. עס איז אַ דיקער באַנד האַראַץ איבערזעצט אין פראַנצויזיש. געבונדן אין ווייסן פּאַרמעט. איז עס נישט אין מענטשנהויט געבונדן? — לויפט דורך אַ געדאַנק אין מיר. איז עס נישט אַ בוך פון יענער דייטשער אָפיצירן־פרוי וואָס האָט געשענקט צו אירע פריינט אַבאַזשורן געמאַכט פון מענטשנהויט?...

און אַט איז אַן אַלטער טעסטאַמענט — אין לאַטיין, געבונדן אין גוטע לעדער, מיט פיינע אילומינאַציעס — אין קאָלירן־ליכט געזונדענע. ווי אַזוי האָבן זיך די נביאים און די אָבות—אָנגעטאָן אין לאַטייניִשע קאָסטומען — זיך געקענט דאָ האַלטן — אין אַ דייטשן הויז, וואָס שמעקט מיטן ריח פון בלוט? זיי, די נביאים, וואָס האָבן קעניגן אין פּנים אַריין געוואָרפן זייערע מעשים — זייער מאָרד!

און אַט דערזע איך אַ העברעאיש־ענגלישן ווערטער־בוך, אַרויס־געגעבן אין ניו יאָרק, אין יאָר 1809...

איך האָב אויפגעציטערט... ווי קומט דער דאָזיגער דיקער העב־רעאיש־ענגלישער ווערטער־בוך אין אַ דייטשן הויז?! וועלכער נאַ־צי האָט אים צונגערויבט פון אַ אידישער פאַמיליע, טויטנדיג דעם איד, טויטנדיג די גאַנצע פאַמיליע — און צעשטערנדיג זיין פּרעכטיגע ביבליאָטעק... באַרויבנדיג זיין אוצר הספרים — וואָס ער האָט אוודאי געזאַמלט אַ לעבן לאַנג...

איך באַטאַפּ מיט ציטערנדיגע הענט דעם ספר... די בלעטער זיינען פאַרפלעקט, ווי פון טרערן... אויסגעריבן זיינען אויף דעם שער־בלאַט געשריבענע העברעאישע בוכשטאַבן... פּיללייכט וואָלט אַ נאָמען פון אַ אידישער פאַמיליע אויפגעלויכטן... אַ דאַטע.... אַ שטאָט... איז דאָך דאָ אַריינגעשריבן געוואָרן די געבורט פון קינדער, די דאַטעס פון הייראַטס־נעכט, דעם טויט פון פאַמיליען־מיטגלידער, איז דאָך דאָ די כראָניק פון אַ פאַמיליע געוועזן איינגעקריצט...

וואָס האָט דער נאַצי־רויבער גערדאַרפט דעם ווערטער־בוך — צו לערנען די שפּראַך פון די יעניגע וועלכע ער האָט געטויטעט? צו לערנען די שפּראַך פון די נביאים — וועמענס לערע ער האָט פאַר־ניכטעט? וועמענס קינדער ער האָט צעשאָסן און צעברענט און גע־שאָטן זייער הייסן אַש אויף די פעלדער פון פוילן?!

איך האָב דעם דיקן ספר געדריקט צום האַרצן, ווי עס דריקט אַן אַלטער איד אין שמחת־תורה — זיין אַלטע תורה — אינם סאַמעטע־נעם קלייד.... איך האָב דעם ספר אַ שמערצפולן קוש געטאָן... איך האָב מיין קוש געשיקט צו דעם גייסט פון זיין אייגנטימער... וואָס באַהאַלט זיך אַ קרעכצנדיגער צווישן די בלעטער פונם ספר — וואָס איז ווידער אָנגעקומען, דורכן גרויסן גאָט פון שיקזאַל — אין אַ אידיש, היימלאַך הויז... — — —

ווען איך בין אַהיימגעגאַנגען, האָבן איבערן הימל געצויגן זיך שווערע וואָלקנס. איך האָב געזען דאָס נאַסע בית־עולם — וועמענס ביימער שרייען און קרעכצן אין ווינט, ווי זיי וואָלטן אויסדריקן די ליידן און דאָס געוויין פון די אומגעבראַכטע, וואָס זיינען געלעגן אין דער ערד, אָן מצבות. און אין דער נאַכט האָט דער ווינט געמישט די בלעטער פון אידישע ספרים—געמישט די בלעטער פון ביבליאָטעקן. שמות געלע, פלאַמענדע, זיינען געפלויגן אין דער לופט... אַ קלינגע־ריי, אַ גרויסער יאָמער איז דורך דער וועלט. און דורות — פּנימער פון דורות — געזיכטער פון נביאים, פון אונזערע הייליגע אָבות, די פּאַטריאַרכאַלישע פּנימער — מיט פלאַמענדיגע בערד — און דאָס בלייכע געזיכט פון מוטער רחל — אַלע זיינען אויפגעגאַנגען פאַר מיר אין דער נאַכט.

דער ווינט האָט געמישט די בלעטער פון די ספרים — און איך

האָב געלייענט הויך און יאָמערנדיק קאַפּיטלעך אידישע געשיכטע — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## דער גאָרטן פון אייזן

הארבסט. די בלומען אין גרויסן גאָרטן וויאַנען און וויאַנען. איבער די בלומען, איבער די פעט־גרינע גראָז און פאַרדרייטע פלאַנצן ליגן קופּעס געלע, פאַרזשאַווערטע אייזן ווי מיט בלאָנדע פּליוש איבערגעצויגן. די אייזן־שטיקער זיינען פון אויטאָמאָביל־סקעלעטן, פון אויל־קוואַלן־רערן און אַלערליי אַלטע אינסטרומענטן און מעכאַנישע זאַכן. רעגן גייט איבער דעם אייזן און שיכטן רויטע ראָסט וואַקסן אָן; די בלומען זעען אויס ווי אייזן־שטיקער און די אייזן — ווי פינצטערניש־עקספּרעסיאָניסטישע בלומען מיט פליגל, מיט בעכערס און מיט קליינע, גאָלדענע הענטלאַך. דאָס גרינע גראָז בילדעט א דיסאָנאַנס; די קרומע פלאַנצן דרייען זיך אַרום די אייזן־שטיקער, פלעכטן און בינדן זיך צוזאַמען ווי אין ליבע; איבערן הימל שיינט די לבנה — א שטיק פון א פליגל — און באַגיסט מיט א זילבערנעם פּעטראָל דעם פאַנטאַסטישן גאָרטן. דער ווינט באַרירט די טויטע גלידער פונם אַלטן אויטאָ, באַוועגט זיי א סעקונדע און זיי קרעכצן אומעטיג אין דער נאַכט ווי זשאַבעס און ווי ווערים אין זומפּן...

א קליין טייכל גייט דורך איבערן גאָרטן; די שמוציגע כוואַליעס באַרירן, קושן און לעקן די שטיקער אייזערנע בלומען; געלע בלעטער, מיט גרינע פלעקן, ווי איינגעביסן פון הארבסט, ראַשן אויף די טרויעריגע קופּעס; אַלץ בילדעט א מין משוגענעם גאָרטן וואו ס'איז נישטאָ קיין אָרדענונג און קיין סימעטריע — דאָך איז פאַראַן אין אַלעם שיינקייט, ווילדע, פאַרביגע שיינקייט און אָן א שיעור פּאָעזיע! עס איז ווי א וואַנזיניגער דיכטער וואָלט אויסגעטרוימט דעם דאָזיגן אומעטיגן גאָרטן! דען דאָ הערשט נישט גאָט, דאָ הערשט דער טרוים פון א דיכטער ווען ס'איז קאַלט און אומעטיג...

א פּאָס ליכט פון א פענצטער וואַרפט א גאָלדענעם שיין איבער א טייל פון גאָרטן; דאַן זעט עס אויס ווי סקעלעטן וואָלטן זיך באַוועגן, קריכן ווי רויטע ראַקעס איבער דער ערד, פרעסן די וויאַנענדיגע בלומען וואָס ווילן אַנטלויפן פון אייזן...

און איך בעט דעם דיכטער, ער זאָל צוריקנעמען זיין טרוים, אויפלעזן דעם אַנאַרכיש־שיינעם גאָרטן; איך בענק נאָך סימעטריע, נאָך קוואַדראַט און סיסטעם. דאָך — איך ליב דעם גאָרטן פון גריינע, פעטע גראָז, פון רויטע בלומען און פליוש־באַצויגענע אייזן...

# „אידן, נקמה!"

אין דעם גרויסן קלאָון און מאַרטירער־שפּיל פון דער געשיכטע, וואָס כמעט יעדן אידישן דור קומט אויס צו שפּילן אין דעם וועלט־צירק, פאַרן פּובליקום פון די פעלקער — האָבן די אידן כמעט גאָר־נישט געלערנט. פאַרקערט, עס שיינט אַז די אידן האָבן אַ ספּעציעלן געניוס גאָרנישט צו לערנען פון געשיכטלעכע פאַקטן.

דאָס זאָג איך אין שייכות צו די אַלערליי פרעמד־שפּראַכיקע זשורנאַלן, פעריאָדישע שריפטן און אויסגאַבן, וואָס איך דערהאַלט יעדער וואָך — צווישן זיי די פּוילישע „נאַשאַ טריבונאַ", דעם דייטשן „אויפבוי" און פילע פראַנצויזישע און אַנדערש־שפּראַכיקע שריפטן.

אין שפּעטע נעכט, ווען די שטערן־קאָנסטעלאַציעס, וואָס זיינען געווען פונקט אַזוי באַקאַנט צו ישעיה דעם פרינץ און צו עמוס דעם פּאַסטוך — לייכטן און גליען אין הימל ווי אייביקע וואונדן, נעם איך די דאָזיקע אויסגאַבן לייענען. און עפּעס ווערט מיר אומגעוויינלעך־אומהיימלעך... יעדעם דייטשע וואָרט — יעדעם פּוילישע וואָרט — איז ווי אַ באַיאָנעט אין הארץ פון ישראל. מיט באַפעלן אין די דאָזיקע שפּראַכן האָט מען אונדז אומגעבראַכט. מיט פּראָפּאַגאַנדע אין די דאָזיקע שפּראַכן האָט מען אונז פאַרוואַנדלט אין פּראָצענטניקעס, בלוטזויגערס, פּאַראַזיטן, פּחדנים, שוועבלינגען און וואָס נישט. פון יעדער דייטשן און פּוילישן אות גייען אויף — וועלדער אין פרימאָרגן, ווען די פייגל זינגען, ווען די זון טריפט מיט טייכן ליכט, וואו מען פירט אונזערע קדושים — צום שיסן, צום הענגען, צום דערשטיקט ווערן, צום שטאַרבן אויף די קני, אויף דער תליה, דערוואָרגן און פאַרגאָסן צו ווערן מיט אייגענעם בלוט. עס גייען אויף שטיקער לאַנד — פּשוטע ערד, גרינע ערד, וואו עס איז אונזער היים בלוט גערונען. אַ אידיש הארץ שוידערט אויף — ווען ער באַרירט מיט זיין צונג די פּוילישע און די דייטשע שפּראַך! שפּראַכן — וואָס האָבן אַמאָל גע־אָטעמט מיט דעם פּאַטאָס פון פּוילנס נביאים, מיט אירע אָנגעצונדענע פּאָעטן, מיצקעוויטש און סלאָוואַצקי. מיט אונזער היינריך היינעס פאַנטאַזיעס געשוימענדער און גראַציעז־טאַנצנדער פּראָזע — מיט שיל־לערס הייסע, רעוואָלוציאָנערע ריטמען — נאָך וואָרעם מיט דעם פייער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע... מיט לעסינגס גרויסע הומאַניסטישע אידעען — מיט געטעס שפּינאָזיסטישן פּאַנטעאיזם און מענדעלסאָנס פילאָסאָפיע פון דעם מענטשנס השארת הנפש....

אָבער די גאַנצע וועלט־קולטור איז געווען מאַכטלאָז אונז צו באַשיצן און צו רעטן אונזערע זויג־קינדער, אונזערע בכבודיקע אַל־טע לייט, אונזערע ריינע און צאַרטע און ערלעכע שוועסטער—אונזערע גרויסע מאַמעס און אונזערע ווייזע און וואונדערלעכע זיידעס — אונזערע טאַטעס וואָס האָבן אין געשלעג פאַר פּרנסה די פּוילישע ערד מיט בלוט פאַרשפּיגן און מיט טרערן פאַרגאָסן — שפּאַנענדיק אויף איר זינט די צייטן פון דעם קעניג מיט דער ברייטער, שוואַרצער באָרד, קאַזשימיערזש דעם גרויסן. און אַלע, אַלע אונזערע אידן וואָס האָבן געלעבט מיט אַזוי וויניק און האָבן דער וועלט געגעבן אַזוי פיל — — — —

און איצט זיינען די דאָזיקע שפּראַכן צו קללות געוואָרן. אַ אי־ דיש האַרץ קראַמפּט זיך נערוועז צונויף ביים הערן — ביים לייענען אין די דאָזיקע שפּראַכן. אין דייטש האָט זיך דער פּוילישער אויסערן־ מיניסטער יאָזעף בעק, מיט אַ געמיין־דיפּלאָמאַטישן שמייכל, זיך צוזאַמענגערעדט מיטן דייטשן הונט גערינג וועגן געמיינזאַם לייזן דאָס „אידנפּראָבלעם” דורך אויסראָטונג. אין פּויליש, און אוקראַ־ איניש, אין ליטוויש, אין דייטש, און אויך אין פראַנצויזיש האָט מען אתּנו געזידלט און געשאָכטן און צו שאַנד און שמאַך געמאַכט.

נאָר אידן, זעט אויס, האָבן נישט קיין נאַציאָנאַלן און אינטע־ לעקטועלן שטאָלץ. אַנשטאָט מיר זאָלן זיך אין אונזער היימישן, טויזנטיאָריקן אידיש — די שפּראַך פון אַלע אונזערע מאַרטירער, די שפּראַך אויף וועלכע אונזערע קדושים רעדן אין גן־עדן און מאָ־ נען פון גאָט גערעכטיקייט, דאָס לשון וואָס איז צעבראָכן און צע־ שאָסן געוואָרן אין אידישע מיילער, העלזער און הערצער ווען זיי האָבן געשריגן און געוויינט און צו די הימלען הויך געיאָמערט — אַנשטאָט מיר זאָלן זיך אין אידיש צוזאַמענרעדן און זיך דערנעענטערן — גייט יעדער גרופּע דאָ אָן מיט איר אייגענער שפּראַך. עס פרעגט זיך: — וועלכן נוצן האָבן אידן צו רעדן צו אידן אין פּויליש און אין דייטש? און מיט וואָס זיינען דען די דאָזיקע אויסגאַבן אויסגע־ פילט — אויב נישט מיט רשימות פון דערוואָרגענע און פאַרבּרענטע אידן אין אייראָפּע? צו וואָס טויגן די נעמען פון די אומגעקומענע — נאָך אַלץ צו דרוקן אין די שפּראַכן פון זייערע אינקוויזיטאָרן? פון די אַלע פרעמדשפּראַכיקע אויסגאַבן רינט דאָך מיט אידיש בלוט — אַלע צייטונגען זיינען איין ריזיקער נעקראָלאָג אופין דערמאָרדעטן טייל פון אונזער פאָלק.

מיך שאָקירן — איך זאָג עס אָפן און דירעקט — די דאָזיקע דייטשע און פּוילישע שריפטן. מיך שאָקירט דאָס פּאַראַדירן מיט פרעמדע קולטור — ווען דער נאָמען פון אַ אידישן פּאָעט איז צו די דאָזיקע אידן פרעמד און אומבאַקאַנט. מיך שאָקירן אָט די „אויפ־ בּוים” און די „טריבּונאַס” — ווייל זיי שטעלן מיט זיך נישט פאָר קיין שום שעפערישקייט. אידן דאַרפן זיך אַרויסציען פון די דאָזיקע שפּראַכן — פּונקט ווי זיי ווילן זיך אַרויסציען פון די דאָזיקע לענדער. זיי זיינען דאָרט נישט וועלקאָמען... אידן דאַרפן האָבן אַ ביסל ערנ־ געפיל אויך! די אידישע יוגנט וואָס וואַקסט אויף אין אַמעריקע — וועט זיך סיי ווי אָפּטרייסלען פון פּויליש און פון דייטש. צו וואָס אומזיסט פאַרספּענדן אידישע ענערגיע? פאַרוואָס זאָלן אידן נישט אויפהערן צו זיין סנאָבן? — דאָס שעמען זיך מיט אידיש און מיט אידישע ליטעראַטור איז — סנאָביזם.

אין בעלגיע האָבן אידן פּאַראַדירט מיט פראַנצויזיש. זיי האָבן דערשמעקט אַז פראַנצויזיש — מיינט מער קולטור ווי פלעמיש. די פלעמער האָבן קרום געקוקט אויף די יעניקע אידן — פאַרן נישט פאַרשטיין זייער רעכט זיך אויסצולעבן אין פלעמיש. אידן האָבן אי־ בערגענומען די שפּראַך פון גרעסערן גלאַנץ און לוקסוס... דייטשע אַנטיסעמיטן האָבן שטענדיק געזאָגט אַז היינריך היינעס פּאָעזיע האָט אַ אידישן בייגעוויין — עס שמעקט מיט קנאָבל... אַ פּוילישער פּראָ־ פעסאָר האָט געהאַלטן אַז יוליאַן טואַווימס ווערק קענען קיין מאָל

נישט ווערן אָרגאַניש־פּויליש, ראַסיסטיש־פּויליש — ווייל... ווייל ער איז געבוירן אַ איד!

איך פאָדער פון אידן זעלבסט־רעספּעקט און גרויס־זשעסט... קריכט נישט אויף די קני פאַר דעם שונא מיט אייער „שאַנאָווני פּאַניע"... היינט איז דער אינקוויזיטאָר נאָך „העפלעך" מיט אייך, מיט אונז — און מאָרגן לעגט ער צו אַ רעוואָלווער צו אונזער שלייף —

— אידן, זייט פּשוטער, יאָגט זיך נישט נאָך פּוסטן גלאַנץ! נאָך וואַגנערס מוזיק, וואָס איר אַפּלאָדירט מיט אַזאַ הייליקן ענטוזיאַזם — וואַגנערס מוזיק, וואָס האָט צוזאַמען מיט מאַשין־געווער־קנאַל געדינט צו באַטויבן און דערשטיקן דעם אידישן מאַרטירער־קרעכץ!

— אידן, זייט שטאָלץ און באַוואוסטזיניק! פאַרווענדט אייער ענערגיע אויף דעם לשון און קולטור פון אונזערע אָבות — פון אונזערע מאַרטירער, וועמענס שטורמיש בלוט שטילט זיך נישט איין...

— דערמאָנט זיך שטענדיק, אַז יענעם געפּייניקטנס אידנס רוף — וואָס האָט מיט זיין בלוט, אין אַגאָניע, צו אייך געשיקט דעם לעצטן געשריי — איז געווען אין צוויי שפּראַכן געשריבן:

— „אידן, נקמה!"

דערמאָנט אייך אין זיין רוף — און אין די ביידע שפּראַכן!

## טויט

**שוואַרצע, אומענדלאַכע פאַרהאַנגען; ווייסע מאַרמאָרנע זיילן אינם אומענדלאָכן צויבער־שלאָס; בלויע לאָמפּן צעגיסן בלויע ליכט־שטראָמען. אין בערג אָנגעוואָרפענע ליגן די טויטע קערפּערס, איינגעהילט אין גריך־זיידענע פּעלערינעס, אין רויטע שלאַפראָקן, אין פּיאַלעטן פּליוש און אין גאָלדענעם טיול. אונטער די קערפּערס פלאַמט רויטער סאַמעט, פּורפּורנע טעפּיכן מיט טיגערן באַמאָלן. ס'איז זון־אונטערגאַנג. ווי שלאַנגען פאַלן די שטראַלן און וויקלען זיך אַרום די אַלבאַסטער־געשטאַלטן. העלפאַנטביינערנע פיגורן, וואָס דער טויט האָט אָנגעוואָרפן איינע איבער די אַנדערע, אין שווידערלאַכע בערג. רויטע, געקרויזטע האָר פון פּרינצעסינס און געלע צעפּ פון אומשולדיגע מיידלעך. מיילער קליינע ווי גאָלדענע פּונקען און אויגן געשלאָסענע, פיאַלעט־לייכטנדיגע, ווי גאָלדענע שטיינער. די קעפּ אַרויפצו פאַרוואָרפן, ווי וועלנדיג אָטעמען, שרייען. קרוינען, שווערדן, קאַרעלן און ברילינאַנטן ליגן צווישן די צערטלאַכע פּרויען־קערפּערס, די ברוסטן, ווי געשוואָלענע בערגלאַך פון זילבער־נאַקעט. אָטלעטן, העלדן און קעניגן ליגן צווישן די פּרויען ווי שכור'ע נאָך אָרגיענ־סטישע נעכט. זינד און אומשולדיגקייט האַלזן זיך און זייד און לייוונט ליגן נאָכלעסיג צעוואָרפן. דער זיגער־טויט האָט באַזיגט די זיגער. שלאַנגען וויקלען זיך אַרום ווי ברילינאַנטענע גאַרטלען אַרום די שלאַנקע געשטאַלטן און מתנות'ווייז, בערגווייז ליגן זיי אין זון־אונטערגאַנג און ווערן צום לעצטן מאָל באַגילדעט. די שיינקייט ליגט צו דר'ערד אין מאַרמאָרנע פאַרמען געוואָרפן. קיין שום קינסטלער וועט זיי שוין נישט באַלעבן און שאַפן. גאָט האָט זיי אין וואַניזיניגע מאָמענטן געדיכטעט און געפאָרמט. גאָט האָט זיי אין מעטאַל צעשמאָלצן. די שוואַרצע פאַרהאַנגען פאַלן. איך זע גאָרנישט מער.**

# דער מלאך וואָס שנעלט אין נאָז

ווי אָפט קומט מיר אויפן געדאַנק דער מלאך, וואָס האָט געשנעלט אונטער מיין נאָז... אַ טרויעריגער, ווי דער איינזאַמער דאָקטאָר פּאָוסט פון מיטלאַלטער, אַנטוישט אין מיין וויסן און וועלנדיג אויפרייסן דעם פּאָרהאַנג וואָס פּאַרשטעלט מיר, ווי אַ געדיכטער נעפּל, דאָס וויסן, דערקען איך פּלוצלינג יענעם מלאך, יענעם אכזריות'דיגן מלאך, וואָס האָט זיך איינגעשניטן מיט זיין שאַרפן, מיט זיין אייזערנעם נאָגל, ביז בלוט, אין מיין געזיכט... זיינע רויטע האָר פּלאַטערן אין ווינט, ווי די לאָקן ביי אַ שיכור'ן; און זיין געזיכט, הגם רונד אין פאָרם און קינדיש־צאַרט און מיידליש־מאָלעריש, איז דאָך אויסגעקרימט, ביטער און טרויעריק... דו קענסט קיינמאָל נישט אַריינקוקן אין זיינע אויגן, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיין מיט טרערן־אויסגעווייקטע־פּאַרהאַנגען... און זיי זיינען געווענדט ערגעץ־וואו — נישט אין דיין ריכטונג; זיי שעמען דיך אָנצוקוקן. און אַלט איז ער יאָרטויזנטער. זיי זיינען, די ליכט־יאָרן, אויסגעשניטן אין די קנייטשן פון זיין קינדיש, פון זיין טרויעריק געזיכט. און דאָס זייד איז אויף אים, אויף זיין קליינעם, ציטערנדיקן קערפּער — צעריסן. דאָס אַלטע, טונקעלע זייד, אַזוי ווי שפּינוועבס, און די פליגל — צעהאַקט פון פילע ווינטן, צעבראָכן און צעשטערט פון פילע שטורעמס און שנייען און האָגלען און געזאַלצן־פייכטע נעכט...

איך זע אים אָפט אין חלומות — דעם טרויעריקן מלאך, וואָס נעמט צו דעם זכרון פון קינדער... נעמט צו די בריליאַנטענע רעמיניסענסן פון וועלטן און קאָסמאָסן... און הגם איך האָב רחמנות אויף אים, אויף זיין אומהיימלעך־ווילדער און גרויזאַמער מלאכה, דאָך טרעפט אַז איך שלאָג אים ביטער, ביז בלוט, און ווען איך זע אים אַ פאַרבלוטיקטן, פון מיינע אייגענע ברידערלעכע הענט געשלאָגן, וויין איך ווי אַ קינד, ווי אַ מלאך, ווען גאָט ווערט פאָטערלעך־בייז און שלאָגט אים מיט זיינע געטלעכע הענט...

דאָס גאַנצע לעבן בין איך בייז אויפן מלאך, וואָס האָט מיר געשנעלט אין נאָז. איך האָס אים ביטער. און איך פּייניג זיך צו דערמאָנען יענע גרויסע טייכן, וואָס זיינען געפלאָסן פאַר מיינע אויגן, אין זייער ווילדן און שוימיגן גערויש, אין זייער האָניק־ברוינעם קאָליר... איך פּרואוו ווידער בלינד ווערן פון דעם ווילדן אויפגלאַנץ פון זונען, פון די אָנגעצונדענע קאָלומנען און זיילן ליכטער, וואָס האָבן געשטראָמט בלוטיג און כוואַליענדיג פון יענע גאָלדענע זונלייכטער. איך פּרואוו זיך דערמאָנען די אומענדלעכע, פייכט־גרינע, פליושענע אַלייען, וואָס ציען זיך אין פּולקאָמענער סימעטריע איבער די אומענדלעכע שטרעקעס, און וועלכע קילן מיינע נערוון מיט זייער פייכטער רואיקייט און צויבער פון אָרדענונג און פאָרם... איך דערמאָן זיך קוים די בערג פון גאָלד און די טאָלן פון ציין, וואו עס שפּראָצן בלומען, ריזיגע, ווי ביימער־בוקעטן, פון אַ בלייכקייט פון אַלימיניום און אומענדלעך־שיין, איינגעהילט אין אַ טויזנט צויבערייען. און די פרויען, וואָס זיינען געווען ווי באַשאַפן פון ליכט און שאָטן, און ווי זיי האָבן געטאַנצט און געזונגען אַרום מיר אין כאָרן, מיט זייערע

געטלעך־זיסע לידער... איך פּרואוו זיך דערמאָנען וויזיאָנען, וואָס זיינען געווען די רעאַליטעט פון הימל — די נביאים, די הייליגע, די זעערס און די שטראַלנדיגע מענטשן, וואָס האָבן גלייכצייטיג געלעבט אין טרויער אויף דער ערד און מיט די קעפּ געשטיגן אין די הימלען, זיך דערהייבנדיג ווי די רעגנבויגנס צום געטלעכן ליכט — און אַלע יענע שיינע און גרויסע זאַכן, וואָס די שפּראַך פון דעם שטערבלעכן איז נישט אימשטאַנד צו שילדערן און צו אומפאַסן...

איך האָב זיי אַלע געזען. איך האָב זיי אַלע באַנומען. איך האָב געלעבט אין זיי ביז מיין געבורט — אין דער אייביקייט... ביז דער מלאך האָט אין אַ נאַכט מיך געפונען און מיט זיין שניידענדיגן פינגער אַ שרעקלעכן דריק געטאָן איבער מיין געזיכט — און ווי פּאַלאַצן וואָס צעפאַלן אין אַ פייער, ווען די זיילן קראַכן און די געזימסן מיט די שענסטע פיגורן קרימען זיך אויס — אַזוי האָט אָנגעהויבן מיין וועלט צו קראַכן און אַלץ מיט וואָס איך האָב געלעבט איז פאַר־זונקען געוואָרן אין אַ כאַאָס, אין אַן אומקלאָרן חלום. אין איינצלנע מאָמענטן פון מיין לעבן פּרואוו איך זיך דערמאָנען אַ ווייטע, אַן אומ־ערדישע רעאַליטעט. מיט גרויס אָנשטרענגונג. איך דערמאָן זיך קוים פראַגמענטן, טראָפּנס ליכט פון אומגעהייערע זונען... און דאָן, אין ליידן געוואָרפן, באַגעגן איך דעם מלאך, וואָס נעמט צו דאָס הימלישע פון די ערדיש־געבוירענע. איך שטויס אים מיט מיין פויסט. איך שלאָג מיין קאָפּ אין זיין קאָפּ... מיר פאַרבלוטיקן זיךביידע אין אַן אומערדישן, אין אַ וויסטן קאַמף. און צום סוף נעמט מיך אַרום אַ געוואַלטיג רחמנות צו אים. און אין מאָמענט פון קעגנזייטיגער פאַרשטענדעניש האַלז איך און קוש אים מיט טרערן אין מיינע אויגן. דער מלאך שווייגט. ער קוקט מיך אָן מיט אַ מיטליידנדיקן בליק און שוועבט אַוועק — גערופן פון זיין שיקזאַל. און די נאַכט איז גרויס. וואָלקנס אויף וואָלקנס רייטן פינצטער, ווי אויפגערייצטע, געשלעכטס־הונגעריגע חיות. און די לבנה, דאָס ריזיגע אויג פון גאָט, קוקט טרויעריג אויף דער ערד און דעקט־אויף מיטן בליק גאָר די לאַנד־שאַפטן און גאָר די מיזערע פון די טאָלן פון ליידן...

# צוויי מיניאַטורן

(לכבוד שבועות)

## אלחנן בן־יצחק

אין שפּעטער נאַכט — ווען דו הערסט דעם אָטעם פון דער שלאָפנדיקער מענטשהייט און ווען דו פילסט, אַז אין דער נאַכט וועבן זיך געפערלעכע קאָנספּיראַציעס — נאָכן גאַנצן טאָג פון טומלדיגן רעדן און דיסקוטירן — נעמסטו אין דיין מידער האַנט דאָס אַלטע בוך פון אַלטע לידער. עס איז דאָ, וואו דו שליסט איין דעם טאָג — אין סאַמעט פון די לידער. אין דעם פּליוש פון די דיכ־טונגען. עס איז דאָ, וואו געשעענישן געפינען זייער באַשייד. עס איז

דאָ, וואו דו הערסט אַן עכאָ פון דיין פאָלק, פון דיין אוראַלט פאָלק, וועמענס גוף איז באַלייגט מיט וואונדן פון אויבן ביז אַראָפּ. עס איז פון די דאָזיקע בלעטער פונוואַנען עס קוקן אַרויס געזיכטער און מאַסקעס פון דיינע ברידער־דיכטער און זיי רעדן צו דיר מיט דער שפּראַך פון אייביקייט — פון דיכטונג...

דו קומסט צופעליק אויפן נאָמען פון אלחנן בן־יצחק, וואָס איז אומגעקומען אין דייטשלאַנד, אין יאָר 1184, בשעת די קרייץ־צוגן. איינער פון די זעקס מיליאָן געשאָכטענע און דערשטיקטע אידן, וואָס דיזעלבע דייטשן האָבן אומגעבראַכט מיט אַן ערך אַכט הונדערט יאָר צוריק. און עס רעדט צו דיר אַ וואונדערלעך קול — עס רעדט צו דיר אַ קול, וואָס קלינגט אי נביאיש און אי מאָדערן — אי פּראָ־פעטיש און אי ליריש..).

„דיין פרוי דו יוגנטלעכע און באַליבטע
פאַר׳קנס׳ט אין רייכקייט און אין גוטס —
ווי זיצט זי היינט אַן עלנטע, באַטריבטע,
פאַרלאָזט, פאַר׳מיאוס׳ט און פאַרשמוצט.

וואָס דו האָסט זי אַמאָל געלאָזט פאַרצירן,
ווען דו האָסט זי געבראַכט צו זיך אין בונט —
ווי לאָזטו קלאַפּן זיך אין אַלע טירן,
זיך וואַלגערן אין מיסטן, ווי אַ הונט?

זי פלעגט אַרויסשיינען פון ליין און זיידנס,
באַרימט געוועזן אַמאָל פון לאַנד צו לאַנד —
ווי האָסטו היינט זי אָפּגעשטופּט פונוויטנס
אויף לייטנס בייזער פלוך און שפּאָט און שאַנד?

די פרוי, וואָס דו האָסט אויף די הענט געטראָגן,
די פינגל דיינע איבער איר פאַרשפּרייט —
היינט טוט זי אין די בערג די פיס צעשלאָגן,
די קינדער אירע זוכנדיג אין לייד.

אָך, גרויסער גאָט, פון איר זיך נישט דערווייטער,
דו זעסט דאָך: זי איז דיינע, דיינע בלויז —
פאַרלאָזט זיך נישט אויף כוח, נישט אויף רייטער,
נאָר אויף דיין חסד, וואָס איז גרויס.“

און אַזוי, לייענענדיג דאָס ליד אין דער שפּעטער, סאַמעטענער נאַכט — איז פאַר מיר אויפגעגאַנגען די וואונדערלעכע פרוי — אין איר יוגנט... עס איז אָן אַ צווייפל, אַז דער מאָדעל פאַרן דאָזיקן לירישן ליד האָט געלעבט און איז אַרומגעוויקלט געוואָרן מיט די טרוימען פון דעם פּאָעט אלחנן בן־יצחק... עס איז אויפגעגאַנגען פון כוואַליעס און פון שוים אַ וואונדערלעכע און אַ צאַרטע שיינקייט. אָפּגעבראָכן פון דעם גוף פון אלחנן — **אַזוי ווי חוה איז אָפּגעבראָכן** געוואָרן פון דעם גוף פון אדם — אַזוי ווי יעדע געליבטע איז אָפּגע־בראָכן פון דעם הארץ און מוח און פון דער שיינקייט פון איר שעפּער. פון איר טרוימער און דיכטער — איז ער איר דאָס גאַנצע לעבן נאָכגעגאַנגען. איז ער איר געווען געטריי און פאַרליבט ביזן טויט. און אַלע לידער — וואָס דער ווינט האָט פון צייט צו צייט צעווייעט אין ווינט — זיינען געווען געווידמעט צו איר, צו רחל׳ען... און ווען

די שטערן ציטערן — גייט־אויף צו מיר דאָס געשטאַלט פון דער פרוי און פון פּאָעט... און אויפן פייערדיגן הימל־האָריזאָנט ציטערן זיי... און די ערד גליט פון זייערע טריט... און זיי ציען אַוועק געאָרעמטע און געשלאָסענע אין דער אייביקייט...

מיט אַכט הונדערט יאָר צוריק ווענדט זיך אַ פּאָעט צו גאָט מיט געבעט און מיט פּראָטעסט. און אין די אַכט הונדערט יאָר האָט גאָט צייט געהאַט איבערצוטראַכטן דעם גורל פון אידישן פאָלק... און אַכט הונדערט יאָר שפּעטער קומען אום זעקס מיליאָן אידן — און פילע דיכטער צווישן די קדושים, ווי אלחנן בן־יצחק...

און איך האָב זיך געקלאַמערט אין דעם ליד. ווי ווייניק די וועלט האָט זיך געענדערט! דאָס ליד איז ווי אַרויסגעריסן פון די הענט פון איינעם, וואָס איז אַוועק אין אַ לאַגער אין טרעבלינקע אָדער מאַי־דאַנעק. ווי איינע פון די לידער פון יענע פּאָעטן, וואָס איידער דאָס קרעמאַטאָריום שלינגט זיי איין — פרעגן: „ווי אַזוי וואַרפן אַ קראַנץ אויף דיין קבר, געליבטע, וועמענס טרומנע איז אין אַלע פיר זייטן פון דער וועלט?!...“

און אין דער נאַכט זע איך אַ ווירבל־ווינט פון גייסטער — אַ שטורם פון די זעקס מיליאָן אומגעקומענע מענער און פרויען — און אין דעם שטורם פון וויינענדיגע נשמות טראָגן זיך אלחנן בן־יצחק און די געליבטע; זיי טראָגן זיך געהאַלזט און געשלאָסן — צו איין לייב... און אייביג אַרום גאָט — אין אַן עליפּטישן יאָמער־טאַנץ — דרייט זיך דער שטורם פון נשמות... דרייט זיך דער שטורם פון יאָמערנדיגע נשמות אַרום דעם פייערדיגן געשטאַלט פון גאָט — גאָט׳ס געשטאַלט, וואָס טורעמט אַריין אין אַלע רוימען ווי אַ קאָלאָ־סאַלער פייער־זייל...

* * *

## חוני המעגל

די לופט איז לויטער, ווי קרישטאָל. און די פייגל זינגען אויף די צווייגן פון די ביימער הייטערע לידער. און אויפן וועג גייט חוני המעגל אַ פאַרטרויערטער. אַלע פייגל גילדערנע, אַלע פלאַנצן גרינע — גאָר דאָס לעבן פון דער לופט קען חוני המעגל און ווי אַרום אַ פייער דרייען זיך אין טאַנץ אַרום זיין קאָפּ די שמעטערלינגען. ווייל חוני המעגל איז דאָך דער, וואָס איז געשלאָפן זיבעציג יאָר... חוני המעגל איז דאָך דער לעגענדאַרער חוני המעגל — און ער איז אַ פאַרטיג מעשה׳לע צו די קינדער פון דער נאַטור. און ער אַליין האָט אויך געהערט פון חוני המעגל... און ווי ער גייט אַזוי — זע, עס שטייט אַ מאַן און פלאַנצט אַ באָקסער־בוים אין דער ווייכער, אין דער וואַרעמער ערד. ער גראָבט טיף אויס אַ גריבל אין דער ערד און ער באַגיסט עס מיט וואַסער. די ערד איז פייכט און פעט און גאָלדיג ווי ליים און דעם מאַנ׳ס הענט זיינען ווייס ווי שניי און פאַרזיכטיג פאַרזייעט ער דעם קערן פונם באָקסער־בוים...

— עס וועט דויערן זיבעציג יאָר ביז דער בוים וועט אויס־וואַקסן — זאָגט חוני המעגל — און דעמאָלט וועלן ווערים שוין לאַנג האָבן אויפגעגעסן דיין געביין.

— מיינע זיידעס האָבן געפלאַנצט אַ באָקסער־בוים פאַר מיר

און איך געניס פון זיינע פירות. און איצט פלאַנץ איך דעם באָקסער־בוים פאַר מיינע קינדער און קינדס־קינדער! — האָט געזאָגט דער מאַן.

עס איז זון־אונטערגאַנג. טייכן פון שוימיגן וויין, פון גליענדיגן האָניק צעגן זיך פאַסמעזווייז אויפן בלויען הימל. עס ברענט דער האָריזאָנט רובין־רויט. ווי פון ליים, ליכטן אין הימל גרויסע מלאכים, וואָס שפּילן אויף גאָלדענע פידלען און בלאָזן אויף מעשענע פלייטן. א האַנט מאָלט אויפן הימל פאַרביגע אימאַזשן. א ציטערנדיגע האַנט מאָלט איידעלע פרויען אויפן הימל — געלע און ציטערנדיגע געשטאַלטן — וואָס בליען־אויף אין אַל׳ דער שיינקייט און צעפאַלן ווי רעגנבויגנס — צעשטאָכענע און פאַרוואונדעטע... און בלומען שפּראָצן אַרויס אין דער לופט און פאַרגייען שנעל... דער גאַנצער הימל און די גאַנצע ערד ווערט צו א פאַנטאַסטישע אָפּערע...

און א מידקייט באַפאַלט חוני המעגל׳ען. די פיס גיסן זיך אָן מיט בליי. עס דריקט אים אַראָפּ די לופט צו דער ערד. און ביי א שווערן שטיין בלייבט ער ליגן. עס איז ווי א מלאך וואָלט אים גענומען אין זיינע שטאַרקע אָרעמס און צוגעטראָגן צו דער ערד — אויף זיבעציג יאָר לאַנג צו שלאָפן.

און זיבעציג יאָר צייט שלאָפט חוני המעגל. וועלכע געוואַלטיגע חלומות־טייכן ריזלען דורך זיין מוח! זיבעציג פרילינגען גייען אַרויס פון דער ערד ווי קלאָר־געוואַשענע הימלען און ער זעט זיי דורך פלאַמען. עס גייען דורך אויף זיין געביין זיבעציג ווינטערס מיט זייערע וואַנזיניגע וועטערן און קאַפּריזן פון שניי און ווינט און קעלט און האָגל. דער האַרבסט פלאַמט פאַרביי — די גרויסע אָפּערא פון דער ערד — מיט זיינע מאַלערישע דעקאָראַציעס, מיט זיינע בונטע לאַנדשאַפטן פון שטאַרבן. און זיבעציג זומערן זינגען חוני המעגל׳ען מיט זייערע זיסע נאַכטיגאַלן. און מאַנכעסמאָל גייט־אויף א קלוגער, פאַעטישער פויגל און ער קלאָגט אויף חוני המעגל׳ס שטאַרבן זיבעציג יאָר צייט...

און ווען ער דערוואַכט — זע, ער איז אַן אַלטער, גרייז־גרויער מאַן. ער האָט זיך געלייגט צו דער ערד — א קרעפטיג־יונגער מענטש. און איצט איז ער אַלט. און ער דערזעט זיין באָרד — קילער שניי. און ער זעט, ווי ביים באָקסער־בוים שטייט א מאַן און ער עסט דעם באָקסער. און ער פאַרשטייט פּלוצלינג דעם זין פון זיין שלאָף. אַז כדי אים צו לערנען אַן אמת, האָט אים גאָט אַלט און גרוי געמאַכט איבער נאַכט. און די וועלט צו אים — צום אַלטן מאַן — איז קאַלט און פרעמד. חוני המעגל וואַנדערט איבער א וועלט וואָס איז נישט פון זיין צייט. ער האָט דאָ נישט געלעבט. ער איז געשלאָפן — כדי צו פאַרשטיין אַן אמת פון לעבן. — — — און ווער ווייסט, אויב אַנדערע שלאָפן נישט טויזנטער יאָרן — כדי עפּעס געוואויר צו ווערן פון דער וועלט. — —

און עס איז ווידער זון־אונטערגאַנג. די זון איז א גילדערנע ראָד, וואָס א מלאך טרייבט איבערן גרויסן קאָסמישן וועג. אָט באַרירט דאָס ראָד די ערד — און ביידע ראָלן זיך אַראָפּ אין אָפּגרונט. און חוני המעגל איז מיד — שרעקלעך מיד און דער לעצטער גרויסער און אייזערנער שלאָף באַפאַלט אים...

# זשאַק צוקער

צו זיין אויסשטעלונג אין דער „ביגניאַ״־גאַלעריע, ניו יאָרק

„אַ צווייג פון אַ בוים וואָס הענגט אין מיין סטודיע איז גענוג מיך צו מאַכן פילן אַז איך בין אין אַ גרויסן וואַלד...
(פּאָווים דע שאַוואַן).

אין תנך שטייט אַז גאָט האָט געפאָרעמט דעם מענטש לויט זיין געשטאַלט. דאָס מענטשלעכע געזיכט איז גאָטס מאַסקע. אין דער אמתן איז ניט נאָר דעם מענטשנס פּנים — אויך דאָס געזיכט פון דער חיה טראָגט דעם פּלאַמענדיקן צייכן פון גאָט. און זייט די ערד באַשטייט — גייען אַלע פּנימער פון דער ערד שלאָפן זייער אייביקן שלאָף. די מענטשלעכע געטער מאַסקעס וואָלטן אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד — ווען ניט דער קינסטלער. עס איז דער קינסטלער וואָס שניידט אין מענטשנס פּנים אַריין זיין שמערץ און זיין פרייד. דער קינסטלער גיט דעם מענטשנפּנים זיין אויסדרוק און זיין גרויסקייט. די מענטשנפּנימער פאַרגייען שמערצפול, ווי די כוואַליעס אין ים.

נאָר צווישן די מענטשנמאַסן וואַנדערט אַרום דער איינזאַמער לעאָנאַרדאָ צו זוכן דאָס פּנים פאַר זיינס אַ הייליקן, פאַרן לעצטן מאָלצייט. דער קינסטלער איז עס, וואָס גיט דעם מענטשנפּנים אַ תּיקון. גיט עס אויסדרוק, אויסטייטש, גיט עס זיין פייער און זיין שטרעבן, זיין שטורעם און זיין טרויער, ערשט דורכן קינסטלער צינדט זיך אָן דאָס מענטשנפּנים צו זיין גאָט־גרויסקייט. פון טויזנטער און מיליאָנען מענטשן ברעכט דער קינסטלער אָפּ זיין מאַסקע — און עס ווערט די מאַסקע פון נביא — פון מאַרטירער, פון קעניג און פון איוב...

אָן דעם קינסטלער — ווערן די מענטשן פאַרלוירן אין דעם ווינט און ווי פון דער ערד אַלץ גייט צו גרונט. עס איז דער קינסטלער — דער רעמבראַנדט — וואָס שמידט אויס פון מענטשנטרויער זיין אומשטערבלעכן פּנים...

און אַזוי איז עס אויך מיט דער נאַטור, מיט דער לאַנדשאַפט, מיטן שטימונגספולן פּייזאַזש. אין דער וועלט איז פאַראַן דאָס געשריי, דער זיפץ, דאָס געזאַנג, נאָר מענטשלעכע געניוס מוז דאָס שמידן, צו מוזיק און דיין אויער צינדט זיך אָן ביים ציטער פון דער וועלט־מעלאָדיע. אין דער נאַטור זיינען פאַראַן בערג און פעלזן, און גראָטעס און היילן — וואו מיט גרויס געדולד האָט די נאַטור ריזיקע סקולפּטורן אָנגעוואָרפן. נאָר עס מוז קומען דער מענטשנקינסטלער, וואָס שלאָגט זיך מיט דער שטומער און האַרטנעקיקער מאַטעריע — כדי אַרויסצובאַקומען זיין געשטאַלט — זיין הערקולעסישע פיגור. זיין וויזיאָן מוז דער סקולפּטאָר מיט מי אויסהאַקן — און ער גיט דעם שטיין זיין צוועק, זיין זין. טויזנט יאָר האָט די נאַטור אים צו אַ געץ געמאַכט. נאָר דער מענטשנקינסטלער — נאָר ער אַליין קען דעם

שטיין געבן אויסדרוק, סימעטריע, מאַטעמאַטיש־אויסגערעכנטע ליניעס און צוועק.

און אויך די מאָלעריי איז פאַראַן אין דער נאַטור — יעדער טאָג איז אַן אָפּערע פון טויזנט דעקאָראַציעס. לאַנדשאַפטן שפּרייטן טאָג איז אַן אָפּערע פון טויזנט דעקאָראַציעס לאַנדשאַפטן שפּרייטן זיך אויס איבער ריזיקע שטרעקעס פון דער ערד, און דאָך מוז קומען דער מענטשלעכער מאָלער — בדי די לאַנדשאַפטן איבערצומאָלן. דאָרט וואו די נאַטור וואַרפט אָן מיט גרויס קראַפט און נאַכלעסיקייט, מוז דער מאָלער קריסטאַליזירן און מאָלן לויט פּלאַן און אָרדענונג, און וואָס עס איז דער עיקר — ער מאָלט מענטשלעך. פון זיין קינדהייט אָן טרינקט דער מאָלער די רייכע ליקערפאַרבן פון זונאונטערגאַנג. ער זאַפּט זיך אָן מיט אַלע נאַטור־דערשיינונגען. און שפּעטער וועט דער דאָזיקער מאָלער מאָלן די נאַטור־אימפּרעסיעס מיט דעם כּישוף פון זיין פּערזענלעכקייט. דער מאָלער וועט צו דעם נאַטור־מאַטעריאַל צוטראָגן זיין געמיטס־צושטאַנד, זיין שטימונג, זיין איבערלעבעניש — אין איין וואָרט, עס וועט ווערן צו קונסט ווען דער קינסטלער וועט די וועלט דורכטראָגן דורך זיין האַרץ. — עס איז יענער עלעמענט פון דאָס מענטשלעכע וועלכעס דער קינסטלער טראָגט צו אוניווערס. און וואָס מער פּערזענלעכקייט דער קינסטלער באַזיצט, אַלץ היפּנאָטיזירנדיקער וועט אונדז זיין זיין ווערק — ווייל די וועלט וועט טראָגן דעם צייכן פון זיין עקזיסטענץ, וועט האָבן דורכגעגאַנגען די פּריזמע פון זיין פּערזענלעכקייט.

די דאָזיקע געדאַנקען זיינען מיר איינגעפאַלן — שטייענדיק פאַר די בילדער פון דעם ראַפינירטן מאָלער זשאַק צוקער. דו פילסט אַז דאָס איז די וועלט פון זשאַק צוקער — און נישט קיין אַנדערע. זינט ער האָט זיך באַנוצט פאַר זיינע בילדער מיט די ביימער פון פּאַרק — מיט די קינדער פון שפּיל־פּלאַץ — מיט דער דאַמע ביים פּיאַנאָ — מיט דער פּאָזירנדיקער מאָדעל, מיט דער אַטמאָספערע פון אַ זוניקן טאָג — מיט דעם ליכט פון דער זון, אָבער אַלץ איז דורכגעגאַנגען דורך זיין האַרץ — דורך זיין פּערזענלעכקייט. יענער געהיימער רעזשיסאָר אין זשאַק צוקער וועלכער אַראַנזשירט אַלע סצענאַציעס און איבערלעבענישן וואָס דער קינסטלער נעמט אויף מיט זיינע חושים — האָט די וועלט אַזוי אַראַנזשירט — טיפּיש זשאַק צוקעראַרטיק...

עס איז אַן אומגעהייער איידעלע און שטימונגספולע וועלט. צי איז עס דאָס בילד פונם פענצטער — אין אַ גרויען און קאָלאָסאַלן זומער־טאָג. אַ פענצטער איז פול מיט שטימונג — פול מיט אַטמאָספערע, זשאַק צוקער פּאַקט אַריין אין זיין פענצטער — דעם פולפאַרביקן וואַזאָן, וואָס איז אַ פראַגמענט פון אַ גאָרטן און דעם גאָרטן זעלבסט. אינם פענצטער ברעכט זיך אָפּ אַ שטיק ערד — אַ שטיק הימל, אַזוי ווי דאָס מענטשלעכע אויג קאָן אַריינגעמען אין זיך די גאַנצע זון — אַזוי קען אַ טענצער — דאָס אויג פון הויז רעפלעקטירן אין זיך די גאַנצע קאָסמישע עקזיסטענץ. און דורך דעם מאָלערישן פענצטער קוקסטו ווירקלעך אַרויס צו דער גאַנצער ערד — צום גאַנצן גרויסן זומער־טאָג.

צו איז עס דער פּאָרטרעט פון דער אײדעלער דאַמע — אָרומ־גענומען מיט דעם זעלבן כּישוף פון שטימונג — איבערלעבעניש — קאָליר. מענטש ווערט געמאָלן סענסיטיוו — ציטערנדיק — אײדל — רעספּעקטיוו צו אַטמאָספערע — רעספּעקטיוו צום מאָלערס שטימונג. פּרוי — מענטש — איז דאָך אַן אַלבאָם פון געפילן — איבערגעגעבן צום צויבער און צו דער פאַרענדערונג פון צייט — אומשטענדן — געשעעניש און אַטמאָספערע. און ווי אַ בוקעט מיט בלומען — ווי אַ בוים — ווי אַ לאַנדשאַפט — איז אויך מענטש — דאָס אײדלסטע וועזן פון דער ערד. דעריבער שטייסטו פאַר זשאַק צוקערס אַ קינד־פּאָרטרעט — ווי דער פון זיין אינגעלע — צי פאַר דער פרוי ביים פּיאַנאָ — מיט דעם זעלבן זעעליש־דורכגענומענעם געפיל ווי פאַר אַ לאַנדשאַפט — וואָס איז דורך דעם קינסטלערס וואַרעמקייט צו מענטש־לעכקייט געוואָרן.

און וואָס זיינען שליסלעך די דאָזיקע אַלע בילדער — אויב ניט שטימונג. שטימונג אין קאָליר, און זשאַק צוקער איז אַ פּאָעט, ווייל — סוף כּל סוף — אונטער דעם פאָרהאַנג פון מאָלעריי, מוזיק, פּאָע־זיע, סקולפּטור, באַלעט, דראַמע — איז דער קינסטלער — פּאָעט. שטימונגספולער מענטש — וואָס ציטערט אויף ביים שאַריען פון טאָג — ציטערט אויף ביים בלויען דעמער — ווערט סענסיטיוו געלייטערט אין לבנה ליכט טרילער — איז ווי אַ מוזיקאַלישער אינסטרומענט, וועמענס נערוון־סטרונעס ציטערן ביים באַריר פון דער נאַטור, און פון ליבע און פון דער רייכער גאַמע פון געפילן און געדאַנקען אין רעפלעקסן.

ערשט ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף — גייט יעדער קינסט־לער צו זיין געביט — אינסטרומענט — מעדיום. און זשאַק צוקער — הגם ער איז מאָלער — איז פריער פון אַלץ פּאָעט פון די אײדלס־טע שטימונגען פון מענטש.

פּאָעט און מאָלער. ווייל ער ווייסט דעם באַהאַלטענעם צויבער פון מישן קאָלירן. ער מישט זיי בעסער ווי די נאַטור. זיינע קאָלירן זיינען שטענדיק פריש. עס קעניגן אין זיין מאָלעריי דער בלוי און דער גרין — די הויט־קאָלירן פון דער וועלט — דער בלויער הימל און די גרינע ערד. אָבער מער פון אַלץ שטייסטו ציטערנדיק פאַר יענע אומבאַשטימטע קאָלירן וואָס ווערן נישט גאַנץ אַרויסגעבראַכט — פאַר די ניואַנסן — פאַר די אײדעלע האַלב־טענער — פאַר דער אייגנאַרטיקער אַראַנזשירונג פון קאָלירן — וואָס דאָס איז זיין סוד — דעם קינסטלערס סעקרעט. אין דאָזיקן זעלטענעם כּישוף פון קאָ־לירן ווערט דעצידירט דעם קינסטלערס שאַפונג, פּונקט ווי די שיינ־קייט פון אַ פרוי איז דעצעדירט דורך איר געהיימער שטריכן־אַראַנ־זשירונג — וואָס נאַטור און פּערזענלעכקייט שענקען איר.

דער בלוי און דער גרין און די האַלב־טענער — ווערן באַהערשט פון נאָך אַן עלעמענט: אַ שטענדיקער גלי פון זון־אונטערגאַנג. דו פילסט אַז אין אַלע זיינע בילדער פון אונטער די פאַרבנפלעקן און פאַרבנלאַטעס — איז געבליבן שטעקן אַ פיבערישער זונאונטערגאַנג. אַז פלאַמען לייכטן אַרויס פון אונטער דעם דעקאָר — און זיי וועלן קיינמאָל נישט אויפהערן פון דאָרט צו לייכטן און צו צינדן די אײ־

דעלע און לופטיקע אטמאָספערע. אַלע פּענדזלען פון זשאַק צוקער טראָגן אַריין אַ געהיים, זוניק ליכט אין זיינע בילדער — וואָס מאַכט זיי גאָלדן, פיבעריש, אינערלעך ווארעם און אָנגעצונדן.

— — — — — — — — — — — — — —

דאָס איז זשאַק צוקערס מאָלעריי, און דאָס איז די וועלט פון זיין מאָלעריי דאָס איז זיין שטילע, רואיקע, רייך־קאָלירטע וועלט — וואָס גייט אַרויס פון די ראַמען פון זיינע בילדער און באַהאַלט זיך אין זיין האַרצן, אין זיין געמיט — כדי אין דיר צו לויכטן און דיך צו טרייסטן און צו באַרואיקן...

# מיניאַטור

## מענטשן...

**איר זעט מענטשן שטאַרבן אין די שלאַכטן, פּאַרפּוילט ווערן אין טראַנשייען; איר זעט מענטשן זיך אַרומשלעפּן אַלס טרעמפּס איבערן לאַנד, אין שמאַטעס געוויקלט; איר זעט שמוציגע, פּאַרוואָרלאָזטע מענטשן אין די אַזילן, אין די שפּיטעלער און סאַנאַטאָריומס, טרינקען אין די פּאַרקס מיט קעפּ צעפּלאַשעטע האָר אין לופט; איר זעט מענטשן אין די קאַזאַרמעס, קאָנצענטראַציע־לאַגערן און טורמעס; אָבער איר טראַכט קיינמאָל נישט אַז דאָס זיינען קינדער פון פּאַרליבטע... איר טראַכט נישט קיינמאָל אַז מיט יעדן איינעם שמוציגן מענטש איז אַ יונגע, צאַרטע פרוי געווען שוואַנגער און אַז זי האָט מיט האַרץ־ציטער זיך צוגעהערט צו דער געהיימניספולער מוזיק פון איר טראַכט; איר דערקענט נישט אויף די דאָזיקע מענטשן די טרערן פון בלאָנדע מיידלאַך, דאָס בלוט פון סענטימענטאַלע, קינדערישע פרויען. קענט איר אין זיי נאָך דערזען דען — קינדער? קינדער צאַרטע, מיט דינע הענט און גאָלדענע זיידענע האָר, מיט אויגן וואָס פינקלען? און ווען דער גרויזאַמער הענקער הויבט אויף די האַק איבער אַן אַרבעטערס קאַרק — ווערט דערמיט נישט באַאַנגעגען דאָס שרעקלאַכסטע פאַר־ברעכן אין אוניווערז? ווער האָט דאָס רעכט צו טויטן אַ קינד פון אַ פרוי? איר זעט די אַלע טויזנטער און מיליאָנען מענטשן? די אָרעמ־קייט און קראַנקהייט פרעסט זיי קאַניבאַליש אויף... מיליאָנען פרויען האָבן מיט שמערץ זיי געבוירן, מיט טרערן זיי געוואַשן, זיי געבאָדן, געוואַכט איבער זיי אין די נעכט, צערטלאַך איינגעשטילט זייערע גע־וויינען, מיט ציטערנדיגע ליפּן זיי געקושט...**

**אָ, מענטשן, איר, איר זענט די טראַגישע קינדער פון ליבע! נאָר דער האַס באַגייט זיך מיט אייך אַזוי ברוטאַל און אכזריות'דיג, איר, בלו־מען פון דער נאַטור, איר שפּל'דיגע פלאַנצן!...**

# די תפילה פון דער דיכטערין גליקל...

(געבוירן אין 1702)

עס איז שוין געווען שפּעט בײַנאַכט ווען די לבנה האָט דורך די פאַרקראַטעוועטע פענסטער באַלויכטן די נידעריקע שטוב וואו גליקל איז געשטאַנען בײַ אַ קאַסטן שריפטן און געזעצט. די לבנה האָט באַלויכטן די בלײַענע שריפט, וואָס זײַנען געווען אַנגעוואָרפן אין פאַרשידענע אָפּגעטיילטע קעסטעלעך פון דער הילצערנער קאַסע. און אָט רירט זיך צו דאָס ליקידע ליכט צו אירע הענט. וועלכע מערקווירדיקע הענט! דין־געשניצטע, בלייכע, ווי ליליעס וואָס ציטערן בײַם וואַסער הענט וואָס האָבן נאָך באַדאַרפט קינדיש ציטערן בײַם רײַסן בלומען ערגעץ אין פּייכטע, טוי־טריפנדיקע טאָלן... פינגער וואָס האָבן באַדאַרפט רײַסן פולע קאַרשן פון די איידעלע און ציטערנדיקע צווייגן פון קאַרשנבײמער, אין רײַכן און גילדערנעם ליכט פון דער זון. און דאָס לבנה־ליכט דעקט אָפּ אירע הענט, וואָס כאַפּן נערוועז, און דאָך פול מיט קינדערישן חן און מיידלשער גראַציע, די בלײַענע בוכשטאַבן — און איר גאַנצע פיגור גייט אַרויס פון דער האַלב־טונקלקייט, אַזוי ווי די איידעלע דערשיינונג פון אַ פרוי, וואָס דערשיינט אין דער טיפקייט פון אַ סאָד, אינמיטן גרויסן און גאָלדענעם זומער...

גליקל, אַזוי רופט מען זי, איז די לעצטע חדשים שטאַרק פאַרנומען מיט זעצן דעם סידור „תפלת משה”, וואָס איר פאָטער האָט איבערגעזעצט. בײַטאָג גייט זי אין שול, וואו זי לערנט וועגן דײַטשע ליטעראַטור און פּאָעזיע. און מערקווירדיק, זינט זי האָט אָנגעהויבן צו זעצן דעם סידור, טרעטן אָפּ די גערמאַנישע מינעזינגער אין אַ זײַט. ווען זי איז געווען קליין, האָט זי זיי ליב געהאַט — ווי זיי טרעטן אַרויס פון דער טיפעניש פון צײַט מיט זייערע גאָלדערנע גיטאַרעס און לאַנגע שווערדן, און דורך דײַטשע וועלדער און פעלדער ציען זיי דורך — באַזינגענדיק די שיינקייט פון דער צאַרטער און שלאַנקער פרוי... אין יענער צײַט, האָבן זיי, די מינעזינגער, איר אײַנגעהילט אין אַ ראָמאַנטישן שלייער. זי האָט זיי אַלע גוט געקענט און ווען זי פלעגט שפּאַצירן בײַ די אַלטע קוואַלן, נעבן די פעלזן אין געבירג, אויפן ברעג פון רהיין, אין דעמערונג און אײַנגעהילטע, פלעגט זי אָנטרעפן פלוצלונג אויף מאַנכע פאַרבלאָנדזשעטע מינעזינגער און עס איז ווי ער וואָלט פאַר איר געשפּילט אַ הערלעך ליד, פאַר איר, פאַר דער צאַרטער גליקל... זי האָט זיי באַגעגנט און פאַרלוירן... דען קיין אײַנציקער איז פאַר איר נישט געווען באַזונדערס נאָענט... די ריזיקע פעלדער און וועלדער, פון וואַנען זיי שטײַגן אויס, פון וועמעס אורַאַלטע קברים זיי גייען אַרויס אין די נעכט — זײַנען נישט די לאַנדשאַפטן פון ארץ־ישראל, פון אַרום ירושלים... און פון די געזאַנגען פון די מינעזינגער קלינגט נישט דער אַלט־העברעאישער שמערץ. די תפילה צו גאָט — פון דער טיפעניש פון דעם קעניגלעכן האַרץ אויסגעזונגען — ווי אין מאַיעסטעטישן תהלים...

זינט די לעצטע חדשים זעצט גליקל אין איר פאָטערס דרוקערײַ דעם סידור „תפלת משה”. און וועלכע גרויסע לידער גייען אַרויס

פון די אַנאָנימע לידער פונם סידור! וועלכע אומגעהייערע דיכטונ־גען — וואָס ווערן די דיכטונג פון אַ גאַנץ געפּייניקט פאָלק. זי נעמט זיי אַלע אַרום. ביינאַכט, ווען די לבנה שיינט אָנצוצינדן די בלייענע שריפט, און די אותיות, די אַלט־העברעאישע, ברענען אין די פינגער, גייען זיי אַרויס, די פּאָעטן פון די צעקנייטשטע און געלע בלעטער פונם סידור. ריזיקע אידן, פּאַטריאַרכאַלישע געשטאַלטן, מיט בערד — שטיקער שניי. מיט נעזיכטער — פלאַמען. און זייער וואָרט איז פייער פון האַרץ. און פון זייער וואָרט שטראָמט גלויבן און קראַפט. און נישט צו קיין שטערבלעכער געליבטער זיינען געווענדט זייערע לידער, זייערע האַרצנס־געזאַנגען — נאָר צו אַ גאָט, צו אַ גרויסן גאָט, אַן אייביק־לעבעדיקן גאָט אין די הימלען... ווי ספּיראַלישע זיילן פון פייער דערהייבן זיי זיך אין זייער געבעט צום אויבערשטן — פאַר זייער ליידנדיק פאָלק. און אָט שטייען די דיכטער ביי איר זייט, זיי קושן אירע ציטערנדיקע הענט וואָס קלייבן די שריפט, וואָס זעצן אויפסניי אויס זייערע תפילות, זייערע אומשטערבלעכע דיכטונגען. און זיי פאַרלאָזן איר נישט דורך די נעכט — די דיכטער, מיט קרוינען אויף די קעפּ, דיכטער ווי בעטלערס, דיכטער ווי פּרינצן, דיכטער ווי טרו־באַדורן — פאַרליבטע אין גאָט. און דאָס גאַנצע לייב און זעל פון געליע, די צוועלף־יעריקע דיכטערין, ציטערט אויף אין עקסטאַז. און זי דערקענט אַן אומשטערבלעכן שעפער — דעם גרעסטן דיכטער פון אַלע — גאָט אַליין. און איר ווערט ליכטיק אין האַרצן. אַ גרויסע דור־איקייט באַזעלט איר. אַ פייערזייל גייט איר אַנטקעגן און האָט מיט איר חתונה. גאָטס שכינה נידערט אַראָפּ צו איר.

און געליע, זעצנדיק איר פּאָטערס, משה בן אברהמס, סידור, טראַכט אין די שפּעטע נעכט אַז זי וואָלט ווען בלייבן אין דאָזיקן סידור... זי וואָלט וועלן, זי, אַ שטערבלעך־פאַרגייענדיקע, אַזוי ווי די אַנדערע דיכטער, ארייננגיין אין דעם סידור. אין דעם פּשוטן און גילדערנעם בית־המקדש פונם סידור. זי וואָלט וועלן איר ווייבלעך־איידעלע, איר שמעטערלינגישע עקזיסטענץ באַהאַלטן אין דעם דאָזיקן מעכטיקן ספר און פאַרקניפּן איר גורל מיטן גורל פונם סידור און פון דעם אַלטן, גרייז־גרויען, אָבער פלאַמענדיקן אידישן פאָלק... און איינ־מאָל איז איר פּלוצלונג, אינמיטן נאַכט, ליכטיק געוואָרן אין דער זעל. גאָט אַליין האָט געעפנט איר האַרץ און ס'האָבן אַרויסגעקוואָלט ווער־טער אָנגעצונדענע פון ליבשאַפט. און די קליינע געליע, מיט רויט־לעכע האָר, מיט דעם פיינעם פּנימל וואָס איז געווען ווי פון אַ הייר־ליקער, מיט עקסטאַטיש־בלויע אויגן, האָט אין אַ נאַכט אויסגעזעצט פאָלגנדיקע תפילה פון איר האַרצן: —

„דיזי שינה תפלה פון אָנפאַנג ביז צו ענד,
האָב איך גיזעצט אַלי אותיות מיט מייני אייגני הענד,
געלה בת הר"ר ישראל כ"ץ ז"ל,
דיא האָט מיך צווישן צעהן קינדר ש"י גיבאָרן,
איך בין איין בתולה נאָך עטוואַש אונטר צוועלף יאָרין.
נעמט אייך קיין חידוש, דאַש איך מוז אַרבייטן,
הרכה והענוגה בת ישראל זיצט אין גלות לאַנגי צייטן.
איין יאָר גיט אַהין און דאַש אַנדרי טוט קומן,
אונ, מיר האָבן פון קיינר גאולה נאָך ניט פר נומן,

מיר שרייען און, מיר בעטין אן גאט אלי יאר,
ער וואלט דאש אונזרי תפלות ביים השם ות" זולטן קומן פאר,
וויא וייל איך מוז שווייגן שטיל,
איך אונ' מיין פאטערש הויז טארין ניט רידן פיל,
וויא עש כל ישראל וירט דער גין,
אלזו זאל אונז אויך גישעהן,
דען דער פסוק טוט זאגן, עש ווערן זיך פרייען אלי לייט,
דיא אויף דאס חורבן פון ירושלים האבן גיטון קלאגן,
אונ' דיא אויף דאס גלות האבן פר טריבן גרושי לייט,
דיא ווערין מיט דער גאולה האבן גרוש פרייד..."

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

און אויסזעצנדיק די תפילה, האָט די קליינע געליע זיך צעטאַנצט אין דער דרוקעריי. זי האָט געהאָפּקעט און הויך אויפן גאַנצן קול געזונגען די ווערטער פון איר תפילה. זי האָט אַזוי הויך געזונגען און געטאַנצט, אַז איר פאָטער, וואָס איז שוין געשלאָפן, האָט זיך אויפֿ־געוועקט און ער הערט אַזאַ רירנד געזאַנג... ער ווייסט אַז זיין טאָכטער געליע האָט ליב די תפילות. שנעל טוט ער אָן דעם כאַלאַט און גייט אַריין — ערשט ער זעט ווי געליע טאַנצט... און אין דער גרויסער פרייד, דערזעענדיק איר פאָטער, גרייפט זי אים פאַר די הענט און דרייט זיך מיט אים אין טאַנץ. און ווי צום ערשטן מאָל זעט זי זיין אַלט געזיכט. עס איז ווי דער שמערץ פון אַלטן פאָלק וואָלט אַריינגעקריצט געוואָרן אין זיין פּנים, אין זיין בלייכער הויט, אין דעם מאָמענט ווען ער האָט אָנגענומען דעם אידישן גלויבן און ווען ער האָט באַשלאָסן צו דינען זיין ניי פאָלק מיטן איבערדרוקן דעם סידור, און דעם תהלים, און די אַלטע גרויסע ווערק פון אונזערע תנאים און צדיקים... ער טאַנצט — און פּלוצלונג פאַלט ער צו צו דער ערד...— וואָס איז געשען? איז איר פאָטער קראַנק? ער האָט עס ביז איצט קיינעם נישט דערציילט... און ווען געליע פאַלט צו צו איר פאָטערס גוף, זעט זי אַז זיינע אויגן זיינען פאַרגלייזט. אוי, אַ גרויס אומגליק איז געשען — איר פאָטער איז געפאַלן טויט צו דרערד — — — און אין דער נאַכט פון שמחה מיט איר איינציק לעבנס־ליד — איז איר פאָטער געשטאָרבן. און אין דער אידישער דיכטונג, צווישן וויינזינגער און פורים־שפּילער, צווישן בדחנים און אַקטיאָרן, צווישן לידערשאַפטלעכע לידער און תחינות, צווישן טיפע געבעטן און הומאָ־ריסטישע פערזן, — אין דער גאַנצער עפּאָכע פון די קלאַסיש־ראָמאַנ־טישע פּאָעטן, וואָס שטעלן צוזאַמען די דיכטונג צווישן 16־טן און 17־טן יאָרהונדערט, אין דייטשלאַנד — גייט אויף די קליינע און צאַרטע געליע און גייט צוזאַמען מיט זיי אונטער. זי שטייט ביים אָנפאַנג פון 18־טן יאָרהונדערט. פיל פון די גרויסע קלאַסישע פּאָעטן און פערזן־שפּאַסער זיינען שוין טויט. די יידישע דיכטונג אין דייטש־לאַנד — געשריבן אויפן דייטש־אידישן דיאַלעקט — שליסט אָפּ איר גרויסע דיכטונג, די דיכטונג פון הונדערט יאָר שאַפן. דורך דער ציית זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אַזעלכע קלאַסישע דיכטונגען ווי דאָס „בבא־בוך", „דאָס שמואל־בוך", „די מגילת־וינץ", „די מעשה

פון קעניג ארטיש הוף", „אקטא אסתר המלכה" און „מכירת יוסף".
און כמעט ביים סאמע סוף דערהייבט זיך א פרויענגעשטאלט — נאך א קינד — איינע פון די צען קינדער פון א אידישן דרוקער — און שליסט אפ דעם גרויסן ראמאנס פון אידיש־דייטשער דיכטונג — פון יאמער און וויץ, עראטיק און גאולה־בענקשאפט, קעניגס־שפיל און פלירט, נאציאנאל געזאנג און עפיגראם — שליסט אפ די דיכטונג מיט א תפילה פון איר קליינעם, יונגן הארצן — און מיט אירע אייגע־נע הענט זעצט זי די תפילה אוים און קריצט איר אויף אייביק אריין אין מאדערנע אנטאלאגיעס און זי ווערט דאס שוואנען־ליד פון א גרויסער עפאכע און ווערט דער אנפאנג פון א גרויסער אידישער ליטעראטור, ווען מוזע דערהייבט הויך אירע פליגל — איבער דער גאנצער ערד — איבער אלע לענדער וואו אידן לעבן — ביז צו די האריזאנטן, ביז צו די בלויע הימלען — ביז צו גאט דעם אל־מעכטיקן.

ביבליאגראפיע און ליד גענומען פון מ. באסינס אנטאלאגיע „פינף הונדערט יאר אידישע פאעזיע".

## ברויט...

איך בין געזעסן אויף דער ווערענדע פון א קאפע אין ליעזש, די בעלגישע אינדוסטריע־שטאט. אלץ איז געווען גרוי און אומעטיג. א רויך האט זיך פויל געצויגן פון די פאבריק־קוימענס אין דער לופט, ווי לאנגע פרויען־העלזער... איך האב גערויכערט א פייקע און געוואלט אז פון דינעם רויך זאל אויפגיין א מיידל... זאל זי מיך פרייען א ווײלע אין צופאלענדיגן אוונט... זאלן די פונקען פון מיין פייקע איר אנטאן רינגען אויף די פינגער... דער הונגער האט מיך גענאגט ווי א גילדערנער וואָרם...

אנטקעגן מיר איז געווען א שוי־פענסטער פון א בעקעריי. גאלדענע ברויטן האבן זיך געפארבט ווי מאדנע, רויטע בלומען. מיין גאט! ווען א שטערן פון הימל ווארפט מיר אראפ אזא ברויט!... א קליין מיידל מיט ווייכע, זיידענע האר איז אריינגעקומען אין דער בעקעריי, געגעבן א מטבע — מען האט איר דערלאנגט א טונג, שמייכלענדיג ברויטל. איך בין געווען הונגעריג.

א יונגע פרוי איז אריינגעקומען, אין א בלויען קלייד פון דינעם זייד, געקויפט א ברויט א ווארעמען, עס צוגעדריקט צום בוזם; — עס האט געקושט און געווארימט איר הייסע, רונדע ברוסט... איך בין געווען הונגעריג נאך דער צארטער, שלאנקער פרוי, מיט דינע ארעמס וועלכע זיינען געווען מיניאטור־קערפערס פון מארמאר... איך בין געווען הונגעריג נאך ברויט... דער רויך פון מיין פייקע איז געגאנגען כאאטיש... נישט געוואלט בילדן קיין צארטע מיידל מיט וואונדערלאכע, מיט פורפורנע האר, אין דינע כוואליעס צעשמייכלט...

א געלער בעטלער איז אריינגעקומען און געבעטן מיט דער געלער האנט א נדבה. מען האט אים דערלאנגט אן אלטע זעמל. ער האט געשמייכלט און אין דרויסן האבן זיך זיינע רויטע ציין איינגעביסן אין זיסן פלייש פון דער זעמל. איך בין געווען הונגעריג און די מעלאנכאליע — די פרוי אין דער שווארצער פעלערינע געהילט — האט מיך געקושט אין מויל...

# אליעזר שערמאַן

(אויפן פרישן קבר פון דעם באַשיידענעם שרייבער)

עס טרעפט — דו באַרירסט קיינמאָל נישט געוויסע ביכער אין דיין ביבליאָטעק. דיך ציט נישט צו זיי. דו ווייסט אַז חכמה און וויץ און קאָסמישע איראָניע איז פאַראַן אין אַ בוך פון מאָנטעין אָדער אַנאַטאָל פראַנס. דו ווייסט אַז „זשאַן קרישטאָף" האָט דעם העראָאישן קאַמף פון דער גיגאַנטישער פּערזענלעכקייט אַנטקעגן דיין שיקזאַל. אין דער שטונדע איידער דו גייסט פאַלן אין די אָרעמס פון שלאָף — ווילסטו נעמען דאָס זיכערסטע ספר — דאָס ספר מיט דעם אָטעם פון דאָס אייביקע — וואו דאָס טראַגישע און קאָמעדיאַנטישע לייזן זיך אויף אין אַן אַפּאָטעאָז צום קאָסמישן. און דו ווייסט וועלכע ביכער צו נעמען — אויסער אָמאַר כאַיאַם, אויסער פּלוטאַרך און ליווי — אויסער אַפילו דעם תהלים... דו קענסט די אוצרות פון דער וועלט־ליטעראַטור. —

נאָר נעכטן אָוונט האָב איך אַרויסגענומען אליעזר שערמאַנס צוויי דינע ביכלעך — „דער מענטש ביאַליק" און „שעפער און בויער" — צוויי אַרבעטן איבער אחד־העם און אַ. ד. גאָרדאָן.

די ביכער זיינען ווי רייף געוואָרן דורך דעם טויט, דעם טראַגישן טויט פון דעם שטילן, באַשיידענעם און איידעלן אליעזר שערמאַן. עס קומט דער טויט און נעמט אַוועק, הייליקט דעם מחבר. דו קריגסט פאַרן אויטאָר דרך־ארץ. ערשט האָט ער געקענט זינדיקן מיט אַ מענטשלעכן וויץ. ערשט האָט ער געקענט זיין מענטשלעך. נאָר שוין איז ער אויף אַן אַנדערן פּלאַנעט. ער געהערט שוין צו דער ספער רע פון גאָט. און זיינע דינע ביכלעך באַריר איך איצט מיט אַ שטילן געמיט — מיט הייליקן ציטער. אָטאָ וויינינגער זאָגט אין זיין „געשלעכט און כאַראַקטער" אַז די אומגעהויערע ליידן מאַכן פון דעם שטאַרבנדן — אַ גאניוס...

און די צוויי ביכלעך זיינען אין מיין אָוונט געוואָרן מיין לעקטור. איך האָב צום ערשטן געלייענט די עסיי וועגן אַ. ד. גאָרדאָן. און איך מוז זאָגן אַז די עסיי האָט מיך אומגעהויער פאַראינטריגירט. איך האָב דערזען אַ. ד. גאָרדאָן — אַ אידישן רוסאָ, טאָראָ, טאָלסטאָי. אַ. ד. גאָרדאָן דערשיינט ווי אַ נאַטור־מענטש — פאַרוואָרצלט און פאַרקניפּט מיט דער ערד, ווי אַ בוים. איך האָב נעקראָגן רעספּעקט פאַר אַ מאַן וואָס האָט די קראַפט, ווי אַ מיקל־אַנדזשעלאָ־געשטאַלט, צו פורעמען זיין גורל, צו מאָדולירן זיין צוקונפט און דאָס לעבן פון אַנדערע. איך האָב דערזען ווי אַ רוסישער איד דערהויבט זיך אין זיין וואָלקאַנישער ליידנשאַפט צו אַרבעט — צו פורעמען די ערד. צו שטיין מיט דער יוגנט אין אַן אַלטן לאַנד און איבערטראָגן די בערג און די פעלזן. איך האָב דערזען פאַר זיך אַ כאַראַקטער וואָס איז פאַרטיקערהייט געוואָרן ליטעראַטור — נאָך ביים לעבן. און עס איז נישט קיין וואונדער ווען דער גרויסער אי־

דעאַליסט און שריפטשטעלער י. ח. ברענער האָט א. ד. גאָרדאָן אי־בערגעטראָגן — ווי ער שטייט און גייט — אין זיינס אַ ראָמאַן.
די דאָזיקע מענטשן — די גאָרדאָנס — זיינען דאָס מעטאַל, די פעלזן, דאָס ערץ פון אַ פאָלק. זיי זיינען די שטאָם־פאָטערס, וואָס שטאַרבן קיינמאָל נישט. א. ד. גאָרדאָנס אופן פון אַרבעטן אין פעלד. זיין שרייבן אין באַגינען, ווען אַלע שלאָפן, ווי ער וואָלט שרייבן מיטן טוי פון דער לופט. זיין רעדן אין אָוונט וועגן ליטעראַטור ווי טאָלסטאָי רעדט. זיין איינלאַדן זיינע פריינט צום „סאַלאָן" — דאָס הייסט צו דער גרינער לאָנקע. זיין זיצן אויף דער ערד און זיך אָנ־שפאַרן די פלייצע אָן דער וואַנט פון הויז — ווי אין אַ פאָטעל — זיין טרינקען דאָס ליכט פון זון־אונטערגאַנג און זיין אַרבעטן ביז צו זיין קראַנקהייט — און זיין רואיקן אויפנעמען דעם טויט — דאָס איז אונטערוואָרפן דעם אומגעהויערן געזעץ פון קאָסמאָס.
דאָס אַלץ האָט מיר אין דער נאַכט צוגעפירט אַ זייער גרויסן געשטאַלט צום רייסטער פון מיינע קאָסמיש־באַוואוסטזיניקע העלדן. אַזעלכע ווי א. ד. גאָרדאָן זיינען גרעסער ווי ליטעראַטור. זיי וואַקסן מיט זייערע פליגל ווייט אַריבער די פּאַלאַצן פון ליטעראַטור.
זיי וואַקסן אַריין אין הימל ווי ביימער אין דער זון־פאַרנאַכט. און לייענענדיק האָב איך נישט אונטערשיידט וואו אליעזר שערמאַן ציטירט און וואו ער זאָגט אייגנס. דער אמת איז, אַז אליעזר שערמאַן האָט כסדר ציטירט. זיין „רעכט" אויף צו שרייבן וועגן א. ד. גאָר־דאָן, אחד העם אָדער ביאַליק באַזירט ער אויף עטלעכע באַגעגעניש; מיטן העלד. וויסנדיק אָבער אַז דאָס אַליין איז ווייניק כדי אויפצו־שטעלן אַ פּאָרטרעט פון אַ מאַן — באַנוצט ער זיך מיט די אַרבעטן, רעמיניסענגסן, ליטעראַרישע פיקציעס פון אַנדערע. ער ציטירט אָן אָן אויפהער — און דאָס איז גוט. קודם כל איז עס נישט מאָנאָטאָן. דאָן העלפט עס ווירקלעך צו פאַרגאַנצן דאָס בילד פון אַ מאַן. און דאָן איז מען דעם גוטן אליעזר שערמאַן מוחל פאַר זיין נאַאיוויטעט. מערסטנס זיינען די „גענזנפיסלעך" פון די ציטאַטן — איבעריק... פשוט, מען לייענט אַלץ ווי עס וואָלט זיין פון איין מחבר. און זיין פאָרוואָרט צום בוך „שעפער און בויער" זאָגט א. אַלמי ריכטיק אַז אליעזר שערמאַנס מעטאָדע פון שרייבן איבער אַ מאַן איז אַ סינ־טעטישע.
עס ליכט פונדעסטוועגן אַרויס שערמאַנס ליבשאַפט צו זיין העלד. אליעזר שערמאַן, וואָס איז געווען אַ פאַרברענטער אידישיסט, איז נאָך זיין באַזוך אין ארץ־ישראל אַ ביסל „באַקערט" געוואָרן צו די העברעאיסטן. פונדעסטוועגן שטערט עס אים ניט צו דערציילן ווי אַזוי ביאַליק, ביי דער אַרבעט מיט י. ח. ראַווניצקי איבער דעם „אגדה־בוך" — האָט מיט אים גערעדט אידיש. און ווי אַזוי א. ד. גאָרדאָן — אַ פּרינציפּיעלער קעגנער פון אידיש — האָט ליב געהאַט דאָס אידישע לשון און אַפילו פאַרפאַסט לידלעך אויף אידיש. מיט אַ ביסל פאַרוואורף דערציילט שערמאַן אַז אחד־העם האָט מיט זיין פרוי נישט געוואָלט רעדן קיין אידיש...
אין זיין ביאַליק־אַרבעט האָבן מיר ווידער די סימפּאַטישע פאַר־צייכענונג פון כראָניק — דאָס ציטירן פון אַלערליי קוואַלן כדי מיט ליבשאַפט אויפצושטעלן דעם בונטן פּאָרטרעט פון אַ גרויסן דיכטער

— א שטיק וואולקאנישע שאפונג פון זיין פאלק. אין דאזיקן פאר־טרעט לויכט אויף דאס געשטאלט פון א מאן וואס איז געווען א רעא־ליסט־שעפער, אזא וואס איז ערדיש און פארנעמט אלע שיינקייטן, אלע ציטערנישן, אלע ענערגיעס פון דער ערד. א מעכטיקע פיגור. וואס האט זיך אפגעריסן פון זיין פאלק ווי א פייער און האט נאך א לאנגן שטילשווייגן א שטורעם־געטאן מיט דינאמישער פאעזיע.

ביאליק איז געווען דאס געוויסן פון ארץ ישראל. און אליעזר שערמאן וואגט צו פארצייכענען ביאליקס רייד, נישט לאנג פאר זיין טויט:

„דער ישוב איז קראנק, און דאס זיינען די סימנים פון זיין קראנקהייט: א) בנוגע צו אונדזערע ברידער, וואס האבן זיך אהער געראטעוועט פון דייטשלאנד און אנדערע לענדער. אנשטאט צו זארגן פאר זיי, צוגרייטן פאר זיי א מקום מנוחה, א דאך איבערן קאפ — זאל זיין כאטש אין צריפים, הילצערנע באראקעס, — האבן מיר אויסגענוצט זייער אומגליק. מיר האבן געהעכערט דאס דירה־געלט און אוועקגעריבעט ביי זיי זייערע לעצטע פרוטות. ב) די העסלעכע ספעקולאציע, וואס פרעסט אונדז אויף ווי פארצייטן. דער בלאנק פון גאלד האט אונז פארבלענדט. מיר בארימען זיך מיט אויפשטייג, מיט אויפבלי, בעת ס'איז דא בלויז א פוסטע מהומה פון ספעקו־לאציע. איין דונאם ערד גייט איבער צען מאל פון האנט צו האנט, יעדעס מאל מיט א געהעכערטן פרייז — און מיר מיינען אז דאס איז „פראספעריטי"".

יעדער דונאם באדן איז ווערט נאר אזוי פיל, וויפיל ער ליפערט שפייז דעם מענטשן בעת ער איז אין א נויט", אאז"וו.

אין אזעלכע רייד קלינגט ביאליק ווי א צארנדיקער נביא. —

ווען מען לייענט אליעזר שערמאנס ביכער, האט מען דעם איינ־דרוק אז דאס שרייבט אן אלטער מאן זיינע דערינערונגען וועגן א פארגאנגענעם יארהונדערט. געשיכטע באוועגט זיך מיט נערוועז־שנעלע טריט אין אונזער צייט. און די געשטאלטן וואס ער בא־שרייבט — זיינען שוין ווייט, זייער ווייט, און ביי זייער זון־פארגאנג איז דער הויכער, שלאנקער שערמאן געשטאנען — און די לעצטע שטראלן פון זייער גייסט — און האט פארנומען די חכמה פון די ווייזע מייסטער...

די זון האט איר אייגן ליכט. און דאך ליבן מיר אויף א ראמאנ־טישן אופן די לבנה, וואס רעפלעקטירט דאס ליכט פון דער זון... און דאס קען מען זאגן וועגן אליעזר שערמאן. מיר זיינען אים מוחל פאר זיין מאנגל אין אייגן ליכט... דערפאר שטייט ער אין יראת הכבוד פארן מייסטער, פון וועלכן עס טראגן זיך שטראמען ליכט... מיר טראכטן דערביי: וואלטן מיר געהאט די דאזיקע טרייע עדות נעבן די געשטאלטן פון א ר' שלמה בן גבירול, א ר' משה אבן עזרא אדער א יהודה הלוי — ווי טייער וואלט אונז געווען יעדעס ווארט, יעדער פערזענלעכע באאבאכטונג פון דעם לעבן פון די דאזיקע גרוי־סע דיכטער און חכמים... ווי דורשטיק וואלטן מיר געשלונגען רע־מיניסענסן וועגן ר' שלמה בן גבירולס וואונדערלעך געשטאלט, וועמעס פייער בארירט אונז ווי א גרויסער פרילינג — טויזנט יאר שפעטער...

— — — — — — — — — — — — — —

אין אין דער נאכט האָב איך זיך געָרן דערפּרייט מיט דער אינ־טימער באַקאַנטשאַפט פון מיין ברודער־איד א. ד. גאָרדאָן, און מיט ביאַליק — דורך אליעזר שערמאַנס מיט ליבשאַפט געצייכנטע שטי־קער כראָניק... און דורך דעם טויט פון דעם מחבר האָבן די ביכער באַקומען זייער מאָדנעם טראַגישן טאָן — זייער אייביקייטס־ווערט — זייער גרויסן ערנסט און דעם אָטעם פון אמת — דורכן טויט פון דעם מחבר רייף געמאַכט. —

כבוד דעם אָנדענקען פון דעם איידעלן מענטש און באַשיידע־נעם שריפטשטעלער אליעזר שערמאַן. —

ניו יאָרק, 14־טן מערץ, 1946.

## טויט...

איך שעם זיך איך צו דערציילן וועגן זיין טויט. נישט ער האָט געהאַלטן מיט ליבשאַפט דעם גלחס הענט, נישט ער האָט געבעטן צום אַלמעכטיגן גאָט, נישט ער האָט זיך געזעגנט מיט זיין געליבטער, נישט ער האָט געקושט פאַרן גיין אויף יענער וועלט די רויטע רויזן אויפן גלעזערנעם טישטאָך פון טישל, נישט ער האָט געשריבן זיין צוואה... באמת, וואָסאַרא געוויינלאַכער טויט!...

ער האָט געהוסט און געהוסט, ביז ער האָט אַרויסגעהוסט די לונגען — און האָט געשמייכלט... און איינמאָל ווען אַ מיידל מיט אַ פּנים ווי אַ בלום איז צו אים געקומען, האָט ער געשמייכלט און געהוסט...

אין לעצטן מאָרגנרויט האָט דער הימל געברענט מיט אַ קופּ־פערנעם פלאַם פאַר זיין פענסטער ער איז געווען גלייכגילטיג; פּלוצ־לונג האָט ער זיך אויפגעהויבן פון בעטל, אוועק צום פענסטער, דאָרט אַ ווײַלע געשטאַנען, צוריק געקומען. זיך געלעגט אויפן בעטל און — שוין אויף אייביג געשוויגן...

איך זאָג אייך: — אַ געוויינלאַכער טויט. דער קופּער־פלאַם פון הימל האָט געבלייכט, קיין גרעזל האָט זיך נישט באַוועגט. דער הענקער־טויט האָט מיט אים נישט געהאַט קיין פיל אַרבעט — און ערגעץ אין אַ קניפּע איז דער טויט איצט געזעסן, געכאַפּט אַ שנעפּסל און די נשמה פונם פרישן קרבן האָט אויף זיין, לאַץ ווי אַ רויטע בלום — געוויינט...

# אברהם מאַנעוויטש

(צו זיין קונסט־אויסשטעלונג אין „פּרעננטיש אַרט גאַלעריס״
51 איסט 57טע גאַס, ניו־יאָרק, נ. י.)

צו זען די בילדער פון אַברהם מאַנעוויטש איז ווירקלעך אַן איבערלעבעניש פון גרויס באַדייטונג. קוקסט זיך איין אין זיינע לאַנדשאַפטן און נאָך דעם דורכקוקן אַלע — טראַכסטו: **איך האָב געזען בלויז איין ריזיקע, איין קאָלאָסאַלע לאַנדשאַפט.** אַלע בילדער, מיט קליינע וואַריאַציעס, זיינען איין ריזיקער פּאָרטרעט פון דער נאַטור . . .




אברהם מאַניעוויטש

וואָס איז דער צויבער, די מאַגישע קראַפט, אין מאַנעוויטשעס שאַפן וואָס מאַכט אַז דו זאָלסט שטיין פאַר זיינע בילדער מיט אַ ציטער אין האַרצן און זאָגן צו זיך: אַזוינס האָב איך אין דער נאַטור נאָך נישט געזען . . .

אברהם מאַניעוויטש גיט אַריין אין זיינע בילדער דעם טייער־סטן עליקסיר פון אַלע עליקסירן: בלוט! יאָ, ער מאָלט מיט בלוט זיינע לייוונטן. דאָס זיינען וויזיעס — אומגעווײנלעכע אין זייער פאַנטאַסטיק און שיינקייט. איך וואָלט געזאָגט, אַז אברהם מאַניעוויטש אימיטירט ניט די נאַטור אין איר פאַרבנמישונג — נאָר די נאַטור לערנט זיך ביי אים, זוכן די נאַטור אין זיינע אייגענע בילדער. אַזאַ שלל מיט פאַרבן און אַזוי קינסטלעריש צוזאַמענגעשמאָלצן — איז זעלטן אין מאָלעריי. ער זעט נישט קיין באַזונדערע אָביעקטן



מאַניעוויטש     נעגערשער קוואַרטאַל אין פּיטסבורג

אין נאַטור. קענסט נישט פאַנאַנדערשיידן אַ בלום פון אַ בוים, אַ הויז פון אַ הויז. דיביימער זיינען ריזיקע בוקעטן בלומען.

ביימער — ווי פאַרביקע שפּינגעוועבסן, וואָס שטייגן אין דער הויך, וואָס שוועבן און באַוועגן זיך. ביימער — נערוועזע, פלינקע, סענסיטיווע, איידעלע.

עס איז ווי די וועלט וואָלט זיין אַ גאָרטן פון רויטע און בלויע קאָלירן. מאָלנדיק ס'רוב דעם האַרבסט — איז מאַניעוויטש שיכור, פאַרכליניעט, פאַרכישופט און פאַרטרונקען אין אַ ים פון רויטע, איידעלע קאָלירן, וועלכע ברעכן דורך אַלע צוימען, רייסן זיך אַרויס פון הימל, פון דער ערד, פון די ביימער־וואַזאַנען. פון די בלומען־



מאַניעוויטש — ווינטער אין קאַנאַדע

ביימער. מענטשן, רוענדיג אין די גערטנער, אויף די אַלטע „ראָקינג־טשעירס״ — זיינען קליין, נישטיג, ווי מאַריאָנעטקעס, אַנטקעגן אָט דעם מעכטיגן דזשאָנגל פון קאָלירן, אָט דעם שטורעם פון פאַרבן, וואָס ווייסן נישט קיין גרענעץ און עפענען זיך ווי איבערערדישע צויבערן . . .

אפילו אין זיינע בילדער פון גאַסן — דאָמינירן די קאָלירן דינגע, וואָס זיינען שטענדיק פאַראַן אין דער לופט, וויברירן און רעפלעקטירן די וועלט. קיטענע ווענט, צעגאַנגענע דעכער, קרומע באַלקאָנען. די ביימער, די זון, די לופט — פאַרבן די הייזער, די אומגעגנט.

מאָלט מאַנעוויטש אַ בלומענבוקעט — איז נאָך וויניק די קאָלירן סימפאָניע פון די בלומען זעלבסט — מאָלט ער זיי אויף דעם הינ־טערגרונט פון אַ פלאַמענדיקן גאַבעלין. מאָלט ער אַ הינטער־הויף — איז ווי ער וואָלט אַנטפּלעקט אַלי באַבאָס אוצרות פון קאָלירן. עס איז ווי אַ ווינקעלער וואָלט זיך צעגאָסן, די פעסער פולע ווייִן וואָלטן געפּלאַצט און דער פעטער, גאָלדיקער ווייִן רינט אין אַלע ווינקלען . . .

ביי אָט דעם קעניגרייך פון פאַרבן — איז מאַניעוויטש קיינמאָל נישט וואולגאַר. קיינמאָל נישט — קיין איבערטריבענע נאָטע. אַלץ איז מייסטערהאַפט באַהערשט און קאָנצענטרירט. און איבער אַלע פאַרבן־טענער — דאָמינירט דער טיפער, מענטשלעכער אומעט. די מעלאַנכאָליע פון אַ מענטש וואָס איז געפאַנגען אין דער גרויסער נאַטור ווי אַ פליג אין אַ שפּינוועבס. די נאַטור איז אי רייצנד, אַלע־גאַריש, פאַטעטיש און — אי פרעמד און מעכטיג און גלייכגילטיג.

פרעמד און מעכטיג און גלייכגילטיג. זי דערמאָנט אין יענע לעגענ־דארע בלומען וואָס זויגן וואַמפּירישׁ דאָס בלוט פון מענטשן קרבנות...

מענטש איז ווייניג פאַרטראָטן אין אָט דער רייצנדער, דעקאָראַ־טיווער לאַנדשאַפט. און דאָך דאַכט זיך אז אָט די נאַטור־וויזיעס זיינען אילוסטראַציעס צו א גרויען מעשה־בוך פון דער מענטשהייט. צו עפּעס א פאַנטאַסטישער אלעגאָריע. עס דאַכט זיך אז דער קינסט־לער ווינקט דאָ אָן פילאָזאָפישע געדאנקען. ווינקט אָן אויפן לעבן פון דער נאַטור זעלבסט, אין וועלכן מענטש האָט נישט קיין טייל, נאָר איז א צופאַל, ווי די בין, ווי דער אינסעקט, ווי אַלץ וואָס לעבט . . .



מאַניעוויטש „שטיל לעבן“

עפּעס איז אָט די קונסט אויך ניט אידיש. עפּעס פרעמד צו אונזערע באַגריפן פון גערטנער, פון קליינע שטעטלעך, פון היימישע סעדער און אויבס. מאַניעוויטשס נאַטור לאַנדשאַפט איז אַ צויבער־האַפט־מענטשלעכע, אַ כמעט קינסטלעריש־אויסגעטראַכטע. דען צו־גלייך מיט איר שיינקייט — וואַרפט זי אָן אַ מורא, עפּעס אַן אַטאַוויס־טישע אורשרעק אויפן נישטיקן פאַרגענגלאַכן מענטשן...

אברהם מאַניעוויטש איז אַ גרויסער פאַרבן־מכשף און אומפאַר־געסלעך איז דער איינדרוק פון זיין בילדער־אויסשטעלונג אויפן עס־טעטישן חוש פונם צושויער...

# וואָלט וויטמאַן אין אידיש

וואָלט וויטמאַן איז נאָך אַלץ צווישן די ווירקנדיקע, לעבע־דיקע פּאָעטן אין דער וועלט. בשעת אַמעריקאַנער קריטיקער און עסייאיסטן דערלויבן זיך אַ שאַרף וואָרט קעגן עדגאַר עללען פּאָו, דעם צווייטן גרויסן אַמעריקאַנער פּאָעט — איז אָבער די סטאַטור, דער פאַרנעם פון וואָלט וויטמאַן אַזאַ, אַז מען קען אים מער נישט רירן פון אָרט, ווי אַ דעמב. אמת, פאַר אַ טייל סטודענטן נאַאיווע איז וואָלט וויטמאַן נישט קיין פּאָעט. זיינע לידער גראַמען זיך נישט. אָבער פאַר אַ טייל אינטעליגענטן איז ער מער ווי אַ פּאָעט, ער איז אַ נביא, אַ ספּיריטועלער פירער, אַ מיסטיקער, אַ פילאָזאָף. פאַר די טעאָסאָפישע געזעלשאַפטן אין אַמעריקע איז וואָלט וויטמאַן אַ גרויסע, גייסטיקע קראַפט, פון וועלכן מען קען פיל לערנען וועגן דעם פאַרשטיין פון מענטשן, נאַטור, גאָט, לעבן און טויט. פאַר אונז אידן איז וואָלט וויטמאַן אַ מאַן וואָס איז געווען נאָענט צו די אידעאַלן פון תנ"ך. זיין געשטאַלט איז פון אַ פּראָפעט. זיין ברייטע הארץ, וואָס ליבט אַלע פעלקער פונם קאָנטינענט. דער פּאַטאָס און די קראַפט פון זיין שטימע, געווענדט צו ראַסן; זיין גלויבן אין אַ מעכטיקער דעמאָקראַטיע, באַזירט אויף די אידעאַלן פון תנ"ך; זיין רעליגיעזע נאַטור — דאָס אַלץ שטעלט אים אַוועק צווישן די נביאישע געשטאַלטן.

וואָס שייך די אַרבעטער — האָט וואָלט וויטמאַן געדיכטעט וועגן אַרבעט. אַרבעט איז פאַר אים אַ הייליקע זאַך, פונקט ווי זי ווערט הויך געהאַלטן אין תנ"ך. די מענטשהייט וואָס אַרבעט — איז געזונט. די נאַטור — דער קאָסמאָס — ווייסט נאָר פון אַר־בעט, פון אומענדלעכער טעטיקייט. דער הימלישער באַשעפער האָט געבאָטן יעדן צו אַרבעטן און צו עסן דאָס ברויט אין שוויים פון זיין מי. וואָלט וויטמאַן האָט מיט זיין פּאָעזיע נישט געזונגען קיין זיס קינדער־ליד — נאָר דאָס איז אַ מאַכטיק געזאַנג צו די פעלקער — צו פרייהייט — דאָס איז אַ הערקולעסישע הימנע צו קאַמף, אַקטיוויטעט, ענערגיע און פרייהייט. זיינע לידער — דאָס זיינען די ריטמען פון וועלט־ענערגיע. און די ראָלע פון וואָלט וויטמאַן וואַקסט. באַזונדערס ווערט זיין באַדייטונג גרעסער, וואָס מער אַמע־ריקע שפּילט אַ ראָלע אין דער באַוועגונג פון פעלקער. וואָס מער די שטימע פון דעמאָקראַטיע רעדט — אַלץ שטאַרקער פילט זיך אין איר וואָלט וויטמאַנס קול. דען אויגוסטוס האָט געהאַט זיין ווירגי־ליוס. צעזאַר — זיין האָראַץ. און אייבערעהעם לינקאָלן האָט גע־האַט זיין פּאָעט — וואָלט וויטמאַן.

אין אידיש זיינען פאַראַן פילע איבערזעצונגען פון וואָלט וויטמאַן. אין 1940 איז דערשינען אַ באַנד וואָלט וויטמאַן — מיט זיין פּאָעזיע און פּראָזע — איבערזעצט פון ל. מילער. דר. אברהם אייסען האָט אַ קליינעם באַנד וויטמאַן. אין יצחק ליבמאַנס „אונזער בוך" און אין פאַרשיידענע אַנדערע זשורנאַלן זיינען דערשינען

פון צייט צו צייט שטיקער ערדישע וויטמאַן־פּאָעזיע. און איצט זיינען דערשינען צען זייטן לידער אין די שיקאַגאָר „ליטעראַרישע זאַמלונגען״ — אפשר לכבוד דעם 150 יאָריקן געבורטסטאָג פון וואָלט וויטמאַן.

צי ווערן פּאָעטן אידישע געפאַנגען פון דער מכלומרשטער לייכטקייט פון וואָלט וויטמאַנס פּראָזאַאישע פּאָעזיע? אויב אַזוי, מאַכן זיי אַ גרויסן טעות. די שטרויכלונגען זיינען שטענדיק גרע־סער דאָ וואו מען דערוואַרט קלענערע שוועריקייטן. אין דער אמתן איז וואָלט וויטמאַנס פּאָעזיע שווערער צום איבערזעצן ווי גע־וויינלעכע געגראַמטע פּאָעזיע. זיין פּאָעזיע — וויטמאַנס — דאָס איז נישט קיין סימעטרירטע, גוט־געאָרדנטע, פיין־געמאָלן פעלד אָדער פּייזאַזש. גיכער איז וויטמאַנס פּאָעזיע אַ וואַלד. אַן אוראַלטער, געדיכטער, מעשה־בראשיתדיקער וואַלד. יעדעס וואָרט — אַ קוסט, אַ בוים, אַ שטעכיקע פלאַנץ, אַ בלום. יעדעס פערז איז אַ שטיק וואַלד — פאַרקנאָטן מיט ליכט פון טאָג, מיט שטיקער קאָכעדיקע זון — מיט אַלע שאַטירונגען פון דער לופט.

די דאָזיקע מעכטיקע פּראָזע מוז ווערן איבערגעטראָגן אין אַן אַנדער שפּראַך צוזאַמען מיט איר ערד און זון — מיט איר אַטמאָס־פערע. ווען אין דער דאָזיקער פּראָזע כאַפּן זיך אַריין געוויינלעכ־קייטן, צעשטערט עס דעם ריטם. וויטמאַן האָט זיינע „בלעטער פון גראָז״ פילע מאָל רעווידירט — ביז צו זיין טויט. עס זיינען דער־שינען פילע רעווידירטע אויסגאַבן פון דעם מעכטיקן ספר פּאָעזיע. און די ווערטער דאָ שפּילן אַ ראָלע — אין זייער האַרמאָניע צום ליד. אין זייער מוזיק און קאָליר.

לאָמיר פּרוּוון פאַרגלייכן מאַטעס דייטשס אידישן טעקסט צו וואָלט וויטמאַנס אָריגינאַל. די פאַרגלייכן וועלן ריידן פאַר זיך אַליין.

אין דעם ערשטן ליד פון מאַטעס דייטשס סעריע — „מורמלע־נישן פון הימלישן טויט״ — זעצט מאַטעס דייטש איבער דעם פערז:

"Footsteps gently ascending, mystical breezes wafted soft and low"

„איידעלע פוסטריט שטייגן אויף, מיסטישע ווינטלעך מילד און שטיל״. פאַר אַן אינטעליגענטן לייענער קלינגט אין אידיש היפּש־זיסלאַך „מיסטישע ווינטלעך״... און אין דעם ענגלעכן פערז איז לויטער מוזיק און גראַציע — בשעת אין דער אידישער איבערזעצונג פאַרלירט עס דעם כישוף און גראַציע פון וואָרט.

וואָלט וויטמאַן שרייבט:

“I see, just see skyward, great cloud-masses,
Mournfully slowly they roll, silently swelling and
mixing,
With at times a half-dimm'd sadden'd far-off star,
Appearing and disappearing.”

מאַטעס דייטש זעצט איבער:

„איך קוק, קוק בלויז קעגן הימל, גרויסע וואָלקנמאַסן,
טרויערפול שלעפּן זיך פּאַמעלעכן,
שווייגנדיק אָנגעשוואָלן און מישנדיק,

פון צייט צו צייט, מיט אַן האַלבטונקעלעם טרויעריקן, ווייטן שטערן."

פרעגט זיך: פאַרוואָס האָט מאַטעס דייטש איבערזעצט דעם איידעלן „סי, סי" — זעען, אויף „קוקן". זען — מיינט אַרומנעמען מיטן אויג די גאַנצע וועלט. קוקן מיינט — קוקן אויף אַ זאַך. זען — איז נעענטער מוזיקאַליש צום ענגלישן וואָרט „סי". קוקן — ווערט אַפילו אין אידישער פּאָעזיע ווייניק גענוצט, ווייל עס איז האַרט און אָפּגעהאַקט. ווען וואָלט וויטמאַן שרייבט:

"Mournfully, slowly they roll,
silently swelling and mixing"

האָט איר נישט נאָר אַ בילד פון די וואָלקנס. איר פילט אויך זייער מוזיק. די ווערטער זיינען ווי דאָס באַוועגן זיך פון די וואָלקנס. די ווערטער שילדערן דאָס ווייטע, דאָס וואַטעאַרטיקע, דאָס באַוועגלעכע, דאָס שטומע און דאָס נאַכלעסיקע דרייען זיך פון די וואָלקנס. וואָס טוט מאַטעס דייטש — ער זעצט איבער זייער טייטש — אָן דער ווייכער מוזיק פון וואָלקנס; ער שרייבט: „שווייגנדיק אַנגעשוואָלן און מישנדיק". גיט עס דעם אימאַזש פון וואָלקנס? האָבן די ווערטער אַן עלעמענט פון דאָס וואָלקנדיקע? פילט איר די ווייכקייט, די פּאָעזיע פון כמאַרעס?

מאַטעס דייטש האָט אויך איינגאַנצן אָפּגעשניטן „אַפּירינג ענד דיסאַפּירינג". וואָלט וויטמאַן רעדט וועגן אַ שטערן — און דער „אַפּירינג ען דיסאַפּירינג" גיט דעם שטערן זיין ציטער און זיין צאַפּלען זיך אין די ווייטע רוימען. אויסער דעם שליסן די ווערטער אָפּ דאָס בילד. זיי ענדיקן עס. פאַרוואָס וואַרפט עס מאַטעס דייטש אַרויס?

אין ליד „גייסט וואָס האָט באַשאַפן די דאַזיקע סצענע" שרייבט וואָלט וויטמאַן:

"I know thee, savage spirit –
We have communed together."

מאַטעס דייטש זעצט איבער אויף אַן אומגעלומפּערטן אופן: „איך קען דיך, דו פּרימיטיווער גייסט, מיר האָבן זיך כולל געווען באַנאַנד". פרעגט זיך — וואָס איז עס פאַר אַ דיכטונג „כולל געווען באַנאַנד?" „ווי העוו קאָמיונד טוגעדער" — איז אַזוי קורץ, שאַרף און דירעקט און עס לאָזט איבער אַזאַ געוואַלטיקן איינדרוק. און צו וואָס איבערזעצן „סעוועדזש ספּיריט" אויף „פּרימיטיווער גייסט" — ווען דאָ קלינגט מער וויטמאַניש „ווילדער גייסט". און אַ גייסט קען נאָר זיין „ווילד". פּרימיטיוו קען קיין גייסט ניט זיין. פּרימיטיוו קען זיין אַ מענטש, אַ חיה — נישט קיין גייסט. אַזאַ פערז וואָס האָט זיין אייגענעם קלאַנג און וואָרט־האַרמאָניע —

"To fuse within themselves its rules precise and
delicatesse"

זעצט דייטש איבער — אַן דעם וויטמאַנישן וואָרט־כישוף — „פון זיך אַליין צעצונדן די רעגלען גענוי און מחיהדיק". דאָס איז ווערטלעכע — אָבער נישט קיין דיכטערישע איבערזעצונג. אַ שורה פון וויטמאַן — "The wrought-out temples grace" — וואָס גיט אין פעלזיק־געהאַמערטע ווערטער דאָס גאַנצע בילד —

זעצט איבער דייטש: „דעם טעמפּלס אויסגעצאַצקעטע פּראַכטיקייט״. די איבערזעצטע ווערטער שוואַכן אָפּ דעם איינדרוק — מאַכן ווייך די דירעקט־געשניטענע שורות פון אַמעריקאַנער פּאָעט, וואָס ווערן צו וואָלקנס באַנוצן וואָלקנדיק ווייכע ווערטער — און צו פעלזן — די גראַניט־האַרטע ווערטער — קורץ און געשלאָסן.

אין דער ליד „די לעצטע בקשה״ שרייבט וואָלט וויטמאַן:

"Let me glide noiselessly forth"

מאַטעס דייטש זעצט איבער: „לאָז מיך בליאַסקן אומטומלדיק אַהינ־צו״. פרעגט זיך: ווי קומט דאָ אַהער „בליאַסקען?״—ווען וואָלט וויטמאַן וויל גאָר איינשטילן, ־געבן דעם מינאָרנעם טאָן? „בליאַס־קען״ איז בכלל נישט אינם טאָן פון וואָלט וויטמאַן פּערז — וואָס ווען ער וויל זיין ווילד און מעכטיק — איז ער ווי אַ קאָלאָראַדער ראָקי־לאַנשאַפט — און ווען ער וויל זיין רירנד — רירט ער טרערן. און צו וואָס באַנוצן אַ וואָרט וואָס פּאַסט נישט אַריין אין קיין ליד — ווי „אומטומלדיק״ — ווען מען קען שרייבן „גערוישלאָז״ — וואָס וואָלט זיין נענטער צום אָריגינאַל! און צו וואָס „אַהינצו״ — ווען עס איז גיכער „אַוועק״ אָדער „פאָראויס״.

דאָס ליד „נאַכט אויף די פּריירים״ איז דווקא גוט איבער־זעצט — ווען נישט די לעצטע אומגליקלעכע שורה. וואָלט וויטמאַן שרייבט קורץ און קאָנקרעט:

"I see that I am to wait for what will be exhibited by death."

מאַטעס דייטש זעצט איבער די זעלבע שורה — אין אַ געבראָכע־נער, לאַנגער און כמעט פּעלעטאָניסטישער שפּראַך: „איך זע שוין, אַז איך בין עס גאָר דער, וואָס דאַרף וואַרטן, פאַר דעם, וואָס וועט ערשט באַוויזן ווערן פונעם טויט״. ווי געפעלט אייך אַ העכסט־אומדיכטערישע איבערזעצונג פון אַ פּערז — דעם לעצטן פּערז פון אַ ליד — וואָס רעזומירט דאָס ליד און שליסט עס אויף אייביק? און איך חזר איבער — ווען נישט די דאָזיקע שורה — וואָלט דאָס ליד געווען גוט איבערזעצט.

אין ליד „וואַגסטו אַצינד אַ נשמה״ — זעצט איבער מאַטעס דייטש וואָלט וויטמאַנס נאָמען פונם ליד:

"Darest thou now, O, Soul,

אויף — „וואַגסטו אַצינד, ווי, נשמה״. צו וואָס דאָס טויטשן דעם דיכטערישן „אָ״ — וואָס פּאַסט זיך אַגב אַזוי גוט אַריין אין וואָלט וויטמאַנס פּאַטעטישן סטיל — מיט „ווי״ — קען איך נישט פאַר־שטיין. וואָלט וויטמאַן שרייבט:

Walk out with me toward the unknown region."

מאַטעס דייטש זעצט איבער: „וואַגסטו אַצינד, אוי נשמה, אַרויס־גיין מיט מיר קעגן דעם אומבאַקאַנטן געגנט״. וואָלט נישט בעסער געווען דאָס וואָרט „רעדזשיאָן״ איבערזעצן אויף — „אומבאַ־קאַנטע שליאַכן״ אָדער „אומבאַקאַנטע מרחקים״ אָדער אפילו זיך צו באַנוצן מיט וואָלט וויטמאַנס וואָרט — „אומבאַקאַנטע רעגיאָ־נען״. „געגנט״ איז אַ לאָקאַלער פּלאַץ — וואָלט וויטמאַן מיינט דאָ ווייטע, קאָנטינענטאַלע, קאָסמישע שטחים.

וואָלט וויטמאַן שרייבט:

"Then we burst forth, we float."

מאטעם דייטש שרייבט: „דעמאָלט גיבן מיר א קראך ארויס, מיר פליען". צו וואָס האָט מען די שורה געדאַרפט אָפּשוואַכן מיטן אויסציען זי — ווען מען האָט געקענט זאָגן: „דאַן שטורמען מיר אויף" אָדער „דאַן שטירצן מיר ארויס" אָדער גאָר: „דאַן ברויזן מיר אויף".

וואָס שייך „פלאָאָט" — איז פּאַסיקער, ווי מיר דאַכט, דאָס וואָרט „שוועבן" — ווי „פליען". הגם די ווערטלעכע איבערזעצונג איז — זיך טראָגן גערוישלאָז איבער דער אויבערפלאַך. עס איז א טראָגן זיך אָן ענערגיע, אָן אָנשטרענגונג.

איך וועל מער נישט ברענגען קיין ביישפּילן ווי אזוי מאטעם דייטש האָט אין פילע שטעלן אָפּגעשוואַכט דעם גייסט, דעם פּאַ־טאָס, דעם העראָאישן סטיל, און די דיכטערישע שפּאַנונג — די מוזיק — פון וואָלט וויטמאַנס פּאָעזיע. אָן איבערזעצונג, מיר ווייסן וואויל קען קיינמאָל זיך נישט פאַרגלייכן צום אָריגינאַל. אָבער ביי מער געדולדיקן שטודיום, ביי מיפולער אַרבעט, האָט מאטעם דייטש פאַרזיכטיקער געקענט איבערזעצן וואָלט וויטמאַן און דאַן וואָלטן די איבערזעצונגען געווען ווערטפולער. איך ראָט צוקונפטיקע וויט־מאַן־איבערזעצער זיך אריינצולעבן אין דער וועלט פון וואָלט וויט־מאַן. און דעם געהויבענעם סטיל. איבערהויפּט — אין זיין שפּראַך. וואָלט וויטמאַנס שפּראַך איז די שפּראַך פון דער נאַטור, פון וועלט־קרעאַציע. זי רירט אָן די פונדאַמענטן פון הימל און ערד.

שפּראַך איז אין פּאָעזיע — אַלץ. אין דיכטונג איז דער גאַנצער כישוף — דאָס וואָרט. און וואָלט וויטמאַן איז געווען דער גרוי־סער אַרכיטעקט פון וואָרט. ער האָט דאָס וואָרט געברענט און גע־שניטן און אַרומגעשיילט — ווי דער סקולפּטאָר באַאַרבעט דעם רויען פעלז. און וואָס פאַר א מוזיק און מעכטיקע גראַציע וואָלט וויטמאַן האָט מיט זיין וואָרט דערגרייכט!

בונם צוקער

# שרעק

זיינען טירן שוין פאַרשלאָסן
און די טויערן אויך פאַרמאַכט;
נאָר עס ציטערט אַלץ דער אומרו
ביים אָנקומען פון דער נאַכט.

אויך די ליכטער שוין פאַרלאָשן —
זיצט מען איצטער אין דער שטיל;
וואַקסט די מורא אין דער שטילקייט,
מיט די שאָטנס אויפן דיל.

זאָגט ווער איינער: מאָדנע תפיסה...

און פֿאַרענדיקט נישט דעם זאַץ;
הויבט זיך אויף און שפּאַנט אַרומעט
און זעצט זיך ווידער אויפֿן פּלאַץ.

ווערט די שטילקייט טיף און טיפֿער
און דער זייגער שאַרפֿער קלאַפּט.
דאַכט זיך יעדן, אָט־אָ איז עס!
און דערזעט זיך שוין געכאַפּט.

בריסל, 1943

# אַ וואָרט וועגן בונם צוקער

בונם צוקער, דער מחבר פונם אויבן־געדרוקטן ליד „שרעק״, האָב איך גוט געקענט אין בריסל, בעלגיע. שפּעטער האָט ער מיט זיין פרוי און קינד אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל, וועלכע ער האָט שפּעטער פאַרלאָזט און צוריקגעקומען קיין בריסל. בונם צוקער איז דער אויטאָר פון אַ בוך לידער און אויך פון פּערזן, וואָס זיינען אַרום 1930 דערשינען אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער", „בעלגישע בלעטער" (אַרויסגעגעבן פון דעם דורך די נאַציס דערמאָרדעטן פּאָעט ביינוש זילבערשטיין) — און אַנדערע אויסגאַבן.

אומפּרעטענציעז — זיינען זיינע פּערזן פול מיט דער גרויקייט פון לעבן. זיי ווילן נישט אַריבערלייכטן דאָס לעבן. אַ צייט זיך אויפֿהאַלטנדיק אין דער קווילנגענט, שאַרלערואַ, געדענק איך בונם צוקערס אַ ליד וואו ער שילדערט דעם הימל וואָס פאַלט ווי אַ צעבראָכענע קופּע בליי אויף דער ערד.

בונם צוקערס לידער זיינען עכט — ווייל ערלעך און געטריי צו זיין שטימונג, זיין גרויע און טריבע שטימונג.

„שרעק", ווי מען זעט פונם דאַטום, איז געשריבן אונטער דער היטלער־אָקופּאַציע...

אין זיין בריוו פון בריסל, דעם צווייטן מערץ, שרייבט דער פּאָעט בונם צוקער:

„איך שיק דיר דאָ איינס פון אַ ריי לידער פון אַ פאַרשאָלטענער צייט, וואָס היינט, אַז איך טראַכט, זע איך ווי איך בין געווען פאַרטעמפּט. דאָס גאַנצע פאַרדאַמטע לעבן האָט אַזאַ נאַרישן צוועק געהאַט. אמת, צוליב אַ פּשוטן צופאַל בין איך היינט דאָ, און נישט אין קרעמאַטאָריום פון אוישוויץ. אָבער די אַלע לידער, וואָס כ'האָב דעמאָלט געשריבן, זיינען אַזוי בלאָס אין אַנבליק מיט דעם חורבן וואָס כ'בין שפּעטער געוואויר געוואָרן. וואָס שייך היינט ביי מיר, בין איך פּערזענלעך נישט אָפּגעברענט געוואָרן, בין נישט געווען אין בירקענאַו — אָבער אָפּגעזענקט בין איך דאָך געוואָרן. די פּאָר יאָר האָבן אויף מיר אַ סך געווירקט. איך בין שטאַרק נערוועז און כ'האָב צו גאָרנישט קיין געדולד, אויסער, נאַטירלעך, צו די זשורנאַלן וואָס דו האָסט מיר געשיקט — וואָס איך הער נישט אויף צו לייענען און אפילו איבערלייענען."

# דער עגיפּטישער פּרינצעסינס
# לאַנגע האַנט...

עס איז אַ זוניגער טאָג, וואָס פליסט אַף מיט שוימיגן, מיט קאַ־כעדיגן בראָנז. און דער נילוס — דער אַלטער נילוס־טייך, איז פול מיט דעם שימער פון דער זון. די הייסע שטראַלן ברעכן זיך אין די אומצייליקע כוואַליע־פּריזמעס. און די קראָקאָדילן אויף די נילוס־אינדזלען וואַרעמען זיך. וואַרעמען זייער דיקע הויט, ווי קאָרע פוןביימער, און פּאַסמאַקעווען זיך מיט די נאַקעטע, רענוואַרישע לייבער פון פּרעה׳ס טאָכטער, די יונגע פּרינצעסין — און אירע הויף־דאַמען...

די פּרינצעסין איז שיין. זי איז אַ טונקעלע עגיפּטערין — אָפּגע־ברענט פון דער זון. זע ווי אירע ווייסע ציין רעפלעקטירן דער זון׳ס ליכט. זע ווי איר שמייכל פּאַרוואַנדלט זיך אין איבערראַשונג ווען זי דערזעט דאָס בלייכע פּימסנהאָלץ־קעסטעלע, וואָס שווימט זיך צי־טערנדיק אויפן וואַסער, אויף דעם געלבלעכן נילוס. זע ווי אירע טונקעלע לאָקן גלאַנצן אין כוואַליעס אַראָפּפליסנדיק איבער איר ברייטן, פּרעכטיגן נאַקן פון בראָנדז. זע אירע בריסט — מיט די טונקעלע וואָרצלען, ווי שוואַרצע רויזן. ווי פּראָפּאָרציאָנעל זיי זיינען פּאַרטיילט אויף דער טעריטאָריע פון איר לויכטנדיקן בוזם.

וועט די פּרינצעסין געבוירן אַ דור? וועט זיך איר שיין לעבן פּאַרטזעצן אין דער אייביקייט אַריין? וועט די פּרינצעסין לעבן בלייבן אין דער צוקונפט? וועט די פּרינצעסין מיט אַ דור זיך אַריינשניידן אין דעם מעכטיקן שטראָם פון דורות — אין דער צוקונפט אַריין, און אירע פיס — צוויי דעליקאַטע, אָבער אויך מעכטיגע געשטעלן אונטער אַ מעכטיגן קערפּער — מיט אַלע ווייבלעכע חנ׳ען...?

און די כוואַליעס — זיי פרייען זיך מיט דער נאַקעטער פּרינ־צעסין. זיי שפּילן נאַאיוו מיט איר ווייבלעך לייב. עס טאַנצט דאָס וואַסער אַרום איר און רעפלעקטירט דאָס גאַנצע פייער פון דער זון...

דאָס קעסטעלע פון פּימסנהאָלץ דערווייטערט זיך מיטן שטראָם, ווי דער ווינט וואָלט עס געטריבן. די פּרינצעסין איז פאַרצווייפלט. און אויסציענדיק די האַנט — ציט עמעץ, אַן אומזעבאַרער גייסט, אויס איר האַנט אין דער ווייטקייט... עס איז אַ וואונדערלעכע פרויען־האַנט, וואָס ציט זיך אויס אין דער דיסטאַנץ צו גרייפן אַ גרויסן מאַן — דעם געזעצגעבער פון די אידן: משה — וואָס וועט אינטים רעדן מיט זיין פריינט, גאָט — וואָס וועט שטאַרבן אויף דער ערד און האָבן זיין קבר אין הימל...

די וואונדערלעכע האַנט ציט זיך אויס, ווי אַ רעגנבויגן. און ווען זי גרייפט אַ ציטערנדיגע דאָס קיישעלע — ציט זי זיך צוריק איין, ווערט נאָרמאַל. אַ צאַרטע פּרינצעסינס בלאַסע האַנט.

און די דינסטמיידן דעקן אַף דאָס קינד. און אַלע פרייען זיך דערמיט. — — — און דערווייל פאַלט צו אַ זון־אונטערגאַנג. די זון — אַ גרויס, גאָלדן ראָד, דערנענטערט זיך צום האָריזאָנט, צום ראַנד פון דעם נילוס.

געלב און טרויעריק ווערט דער נילוס. שטראַלן־בוקעטן, ווי פלאַמענדע בלומען, פאַלן אויף אים, מישן זיך אויס מיט זיינע טיפענישן, האַלדזן און קושן זיך מיט זיינע געהיימניספולע כוואַליעס. די זון זעצט זיך פאַרטראַכט — און דער נילוס דערמאָנט זיך, גייט אויף אַ בורשטין־ברוינער מיט טויזנטער יאָרן געשיכטע. ביי זיינע ברעגן זיינען געבוירן און פאַרלוירן געגאַנגען פעלקער. זיי האָבן זיך געשפּילט ביי די ברעגן, געקוקט מיט ליכטיקע אויגן צו דער זון, געפאַנגען די שענסטע פיש אין זיינע טיפענישן, און זיך אויסגעמישט מיטן רויטן זאַמד אויפן ברעג. פעלקער און קעניגרייכן, אַרמייען און לענדער, זיי זיינען דאַ דורכגעגאַנגען — פאַר די כוואַליעס־אויגן פונם נילוס. און עס איז ווי זייערע פאַרבלוטיגטע שאַרבנס וואָלטן, איצט אויפגעלויכטן, וואָלטן זיך שלאָגן אין די כוואַליעס, וואָלטן זיך אין כעס צעבראָכן איינע אָן די אַנדערע. און אָט דערשיינט אין אַ טאָג ביי די ברעגן פון נילוס אַ מאָדנע פאָלק, מיט טונקעל־ברוינע אויגן, פול מיט עקסטאַז, פול מיט דעם בליק פון אייביקייט. נישט צו דער זון און נישט צו שטערן דינען זיי — נאָר צו אַ גאָט, וואָס איז הויך אין די הימלען און צו וועלכן זיי דערהייבן זיך אין עקסטאַז, ווען באַגאָסענע מיט בלוט און טרערן און שווייס, בויענדיק פּיראַמידן און שלעסער צו די שטערבלעכע קעניגן. אַ מאָדנע, אַ האַרטנעקיק פאָלק, וואָס קוקט דורך דער זון און דורך די שטערן, ווי דורך טעלעסקאָפּן — צו גאָט, צו אַ לויכטנדיקן גאָט מיט ליבשאַפט און מיט רחמים. און ווען די זון פאַרלעשט זיך, מידע און צעבראָכענע, ליגן זיי ביי די פּיראַמידן מיט אָפענע אויגן צו די שטערן און סאַמעטענעם הימל אַריינגעזייט און זיי זינגען קאַפּיטלעך תהלים — לידער פון זייערס אַ גרויסן קעניג־דיכטער...

אַ מאָדנע, אַ פאַנטאַסטיש פאָלק פון שקלאַפן, וואָס וועט אין אַ טאָג ווערן אין כעס און פאַרלאָזן די פּיראַמידן און גיין זיין געטלאַכן גאַנג איבער ים און יבשה...

— — — — — — — — — —

און אין דער נאַכט האָט דער נילוס זיך געריבן זיין שטערן, דערמאָנענדיק זיך פעלקער און קעניגרייכן ביי זיינע ברעגן. און די יונגע, די עגיפּטישע פּרינצעסין שטאַרבט אין אַ קורצער צייט אַרום פון שווינדזוכט. און די דינסטמיידן האָבן חתונה און האָבן קינדער, און דורות ציען זיך פון זייערע טראַכטן, ווי פלאַמענדע טייכן, אין דער וועלט אַריין. גרויסע, היסטאָרישע פּאַסירונגען וועלן אויפגיין. — — — — — און דער נילוס, ביז אויף אונזערע טעג, שווימט זיך כמורנע און רואיק אין זיינע פעלזיגע בעטן. זיין געלבלעך־גאָלדיגער אָפּגלאַנץ דערציילט פון דער וועלט׳ס געשיכטע. דערציילט פון דער טרויעריגער פּרעה׳ס טאָכטער, וואָס איז יונג געשטאָרבן און מען האָט איר וואונדערלעכן לייב געלייגט אין דער טיפעניש פון אַ פּיראַמידע, אין אַ גאָלדענער טרונע... דערציילט פון די דינסטמיידן, וואָס האָבן זיך נאַקעט געבאָדן אין די וואַרעמע וואַסערן פון נילוס — דער שפּיגל פון פאַרגאַנגענע פעלקער, ראַסן און קולטורן... דער נילוס דערציילט פון דעם באַשיידענעם מאַן משה, וואָס לעבט־איבער אַלע קעניגן, צעזאָרן און פּרעה׳ס — מיט זיינע שטיינערנע לוחות,

מיט זיין וואָרט, וואָס ברענט ווי אַ שטורם צווישן די פעלקער און גיט זיי נישט קיין רו. דערציילט פון מאַן משה, וואָס לויכט פון דער ערד ביז צום הימל — ווי אַ זייל פון פייער...

# נאָטיצן וועגן ליטעראַטור

## פּאָעזיע און פּראָזאַ

עס איז מאָדנע וואָס מאַנכע דיכטער היטן זיך אָפּ פון צו שרייבן אַ שטיקל פּראָזע. זייער דיכטונג בלענדט. דורך דעם רעגן פון קורץ־געהאַקטע פּערז־קאַטלעטן דערגייען זיי צו רום. זייערע פּערזן פאַלן אָפּט אויף אונזערע קעפּ ווי אייזערנע שטיקער האָגל. נאָר מיר זיינען נישט געוואָגט געווען זיי צו דערזען אין ריכטיקן ליכט. ערשט ווען זיי כאַפּן זיך אומפאָרזיכטיק אַרויס מיט אַ שטיקל פּראָזע — דעקט זיך אָפּ אַ מאָדנע ליידיקע לאַנדשאַפט, אַן אָפּגעגריזשעטע פון הייזעריקן, ווי עס וואָלט אַ ביבלישער שטורמווינט ערשט דורכגעגאַנגען.

עס איז שווער צו שווינדלען אין פּראָזע. גוטע פּראָזע איז — סובסטאַנץ. איז סטיל. איז דאָס אויסהאַמערן פון אַ פּעלזיק־רייכן געשטאַלט. איז — יענע קינסטלערישע אַטמאָספערע, וואו דו קומסט אַריין אַלס לייענער, אַלס „וויזיטאָר", און בלייבסט שוין דאָרט שטעקן ווי אַן אָנטיילנעמער, ווי אַ מיטגליד פון דער משפּחה... דאָס לעבן — די האַנדלונג פון די העלדן — האָט דיר אויסגעברענט לעבער אין האַרצן, ווי מיט שטורקאַצן.

און ווען אַ שווינדלערישן פּאָעט קומט אויס צו שרייבן פּראָזע — „דעמאַסקירט" ער זיך צום גוטן אָדער צום בייזן. מען מוז מודה זיין, אַז מאַנכע פּאָעטן, וועמענס פּאָעטישע רעפּוטאַציע איז געווען אונטער אַ פֿראַגעצייכן — האָבן איבערראַשט מיט גלענצנדע פּראָזע־שאַפונגען. דאַקעגן ווערן מיר דערשטוינט ווי באַרימטע פּאָעטן — קאַנאָניזירטע דורך דער קריטיק און דורך דער עפנטלעכער מיינונג — זיינען בלייך אין דער פּראָזאַ־שאַפונג.

די סיבה?

אַן פּראָזע איז קיין גוטע פּאָעזיע נישט מעגלעך. אפילו דאָס לירישע ליד פאָדערט אַ מעכטיקן כאַראַקטער, אַ שטאַרקן געפילס־מענטש. ווען מיר לייענען האָמער, אַריאָסטאָ, טאַסאָ, דאַנטע, מילטאָן, לוקרעץ, וואָרדסוואָרטה און שעקספּיר — זעען מיר אַז זייער פּאָעזיע האָט די וואַגיקייט, די דראַמע, די סובסטאַנץ פון פּראָזע. די עפּיק פון גרויסע, רויע כאַראַקטערן און געשעענישן. עס איז נישט אינטימע שטימונג — נאָר די אַטמאָספערע פון אַן עפּאָכע. עס איז די געשטאַל־טונג פון דורות.

און פונקט אַזוי ווי אַ לאַנדשאַפט באַשטייט נישט פון בלייכע רויזן און מאָגערע פלאַנצן — נאָר פון געהאַמערטע גראַניטן און טיפע טאָלן און ווילדע שטראָמען — אַזוי איז אַ פּאָעטיש ווערק אַ קאָמפּאָ־

זיציע פון דער וועלט — פון טויזנטער לעבנס — און דערצו פאַדערט זיך טאָלסטאָישער און באַלזאַקישער כח.

אַט דערפאַר געלינגט מאַנכע פּאָעטן צו גלאַנצן אין די קורצע, געפּלעקטע שורות. נאָר קומט דער מאָמענט פון אויפשרייבן אַ שטיקל קרעפּטיקע פּראָזע — קומט עס אַרויס אַנעמיש, בלוט־אָרעם און גע־מאַטערט.

דער פּראָזאַאיקער קוקט מיט איראָניע אויף אַזעלכע פּאָעטן — און מיט רעכט. ווייל אויב ער איז אַ גוטער פּראָזאַאיקער — ווייסט ער אַז פּראָזע איז דער סקעלעט און דאָס פלייש פון ליטעראַטור. און פעלקער לעבן לאַנג און שטורמיש — כּדי צו קענען פּעאיק זיין צו שאַפן פּראָזע.

גוטע פּראָזע ביי אַ פאָלק — איז איר אַטעסטאַט פון רייפקייט. איז איר צייכן פון אַ באַרעכטיקטן פּלאַץ אונטער דער זון — אויף דער ערד...

און מיט רעכט האָט דער ענגלישער עסייאיסט קאַרלייל געזאָגט אַז ווען פאַר ענגלאַנד זאָל שטיין דער אויסוואַל: שעקספּיר אָדער אינדיע — וואָלט ער געהייסן לאָזן פאַלן אינדיע — און דערהאַלטן אין איר גייסטיקער אימפּעריע דעם סטראַדפאָרדער אַקטיאָר...

## „פאַרשטענדלעכקייט" און ליטעראַטור

אומפאַרשטענדלעכקייט אין ליטעראַטור איז אַ קללה וואָס איז נישט צו אַנטשולדיקן. דו נעמסט אָפּט אין האַנט אַריין דאָס בוך פון אַ גראַפאָמאַן — און די געדאַנקען זיינע פליען ביזן הימל. אָבער איך טרייסט זיך שטענדיק: וואָלט דער דאָזיקער מין שרייבער געווען פאַרשטענדלעך — וואָלט קיין שום נוצן נישט אַרויסגעקומען. זיין פאַרשטאַנד איז — נישטיק. און וואָס, מ'שטיינס געזאָגט, קען ער שוין באַווייזן אין דעם קעניגרייך פון געדאַנק?

וואָס שייך געדאַנק — האָבן מיר קיין גרויסן פּראָגרעס נישט געמאַכט אין די לעצטע פינף טויזנט יאָר. די גרעסטע געדאַנקען האָט דער אוראַלטער חכם אויסגעפונען נאָך לאַנג פאַרן חלום פון אונזער געבורט. געדאַנקען פון גאָט. פון ליבע. פון טויט. געדאַנקען אַז די וועלט איז לויטער געטלעכקייט — און דעריבער הייליק. דער געדאַנק פון פרייהייט. געדאַנקען פון דער איינהייטלעכקייט פון קאָסמאָס. געדאַנקען פון מאַנאָטעאיסטישן כאַראַקטער — וועגן איין ריזיקן גאָט־זייל, וואָס טורמט אַריין אין דער אומענדלעכקייט. מיט די דאָזיקע געדאַנקען אָפּערירט דער שעפערישער מענטש פאַר די לעצטע פינף טויזנט יאָר — און ער מאָדיפיצירט זיי. די ערשטע מענטשן וואָס האָבן אָנגעקלאַפּט אין בלוי פון הימל און אין גראַניט פון דער ערד — האָבן די שענסטע געדאַנקען אַרויסגעבראַכט. און מיר זיינען די „פּאַראַזיטן" וואָס חזרן איבער די דאָזיקע גרויסע געדאַנקען.

אויך רעליגיע — וואָס עלטער זי איז — אַלץ מעכטיקער איז איר פאַרנעם. יענע אורמענער און אורפרויען וואָס האָבן אין בליץ געזען גאָט'ס פייערדיק פּנים און אין דונער געהערט זיין שטורמישן קרעכץ — האָבן געהאַט אַ מער־אומגעהייערע קאָנצעפּציע פון גאָט ווי מיר, אין אונזער אַנעמישער צייט. די ערשטע געזעצגעבער — די אָבות — די נביאים — האָבן ממש מיט פרייער־טריפנדע און

ציטערנדיקע הענט באַרירט גאָט'ס האַרץ — גאָט'ס פּולס. משה האָט געהאַט ראַנדעוואוען מיט זיין עקסעלענץ — דעם, רבונו של עולם.

דעריבער — אַרט מיך נישט וואָס געוויסע שלעכטע פּאָעטן זיינען אומפאַרשטענדלעך. ווי וואָלט זיין ווען מען דערזעט זייער געדאַנק — זייער פאַרשטאַנד — מען וואָלט באַדאַרפט דערפינדן אַ מיקראָסקאָפּ...

איך ווייס אויך נישט וועלכער פון די מאָדערנע דענקער קען אַזוי רייך און שיין דענקען ווי פּלאַטאָ. ווי געזאָגט — דער מענטש־לעכער מח — וואָס האָט די פאָרם פון אַ גלאָבוס — האָט נישט פּראָגרעסירט אין די לעצטע פאַר טויזנט יאָר. די ערשטע גרויסע געדאַנקען פון די אוראַלטע פעלקער — שפּייזן אונזער גייסט פאַר די לעצטע פאַר טויזנט יאָר.

און אין שפּעטער נאַכט — נאָכדעם ווי איך לייען די לעצטע לידער־בענדער און זשורנאַלן און צייטונגען — מוז איך שליסן מיין נאַכט־לעקטור — כדי צו קענען גייסטיק־באַרוישט פאַלן אין די אָרעמס פון שלאָף — מיט כאָטש עטלעכע שורות פון אַן אַלטן גרויסן ספר — וואָס איז מער מאָדערן און מער אַקטועל ווי דאָס סאַמע לעצט־דערשינענע לידער־בוך.

דאָס איז די קראַפט פון אַ קלאַסיש ווערק — און דאָס איז די אימפּאָטענץ פון אַ מאָדערן בוך...

## אידיש — אונטער קרייץ־פאַרהער

מאָדנע איז דער גורל פון אונזער יידיש — אַזוי ווי פון יידן וואָס רעדן אויף יידיש — מוז עס נאָך אַלץ זיך באַרעכטיקן און אונטער־שפּאַרן מיט אַרגומענטן־סלופּעס און די טענות קומען נישט פון די גויים — נאָר פון די יידן גופא. און — דווקא אויף יידיש און מערסטנס פון מענטשן וואָס וועלן שוין קיינמאָל אין קיין צווייטן לשון נישט אַריין — פּונקט ווי דערוואַקסענע מענטשן וועלן שוין קיין עמבריאָנען צוריק נישט ווערן.

אַנומלט באַפאַלט מיך אין אַ יידיש הויז אַ באַנומענע פרוי:

— יידיש איז נישט די שפּראַך פון יידישן פאָלק...

— פון וועלכן פאָלק? — האָב איך איר געפּרוּווט אַריינקלאַפּן אין אייזערנעם קאָפּ. — אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, האָבן טרע־גערס און בלאַכאַרזשעס און גנבים און בעטלערס און צירונג־הענדלער און דאָרפסגייער גערעדט אויף אונזער זיסן און פּראָסטן יידיש. די קורווּעס פון וואַרשע האָבן גערעדט אויף יידיש. און פיש אויף שבת האָט מען געקויפט אויף יידיש. און אייזיק וואַליק האָט אין 16טן יאָר־הונדערט געשריבן זיינע פּורים, וויין און כלה־לידער אויף יידיש. די גראָזן פון אוקראַאינע האָט דער בעש"ט געקושט אויף יידיש. און ר' נחמן בראַסלאַווער — אָט דער צעצונדענער ראָמאַנטיקער — האָט אַלע מעשיות פאַרפאַסט אין יידיש — שוין אפילו אויף דער הייליקער ערד פון ירושלים. און שלום אַש האָט וועגן דעם „גאָט פון די גויים" געטראַכט אין יידיש. און פון העברייאיש און פּויליש איז דער קלאַסיקער פון זאַמאָשטש איבערגעגאַנגען אויף יידיש. באמת, אויב דאָס איז נישט דאָס פאָלק — טאָ וועלכעס פאָלק מיינט זי?

און נאָכמער — איך בין זיכער, אַז מרדכי האָט צו אסתר'ן

אין קעניגס פּאַלאַסט — איינגערוימט אַ סוד אין זיסן אויער — אויף יידיש... און ווען אַברהם האָט צו יצחקן צערטלעך גערעדט, איידער ס'האָט זיך אין זייד פון די וואָלקנס באַוויזן גאָט'ס איידעלער מלאך און געהייסן אָפּשטעלן די שחיטה — האָט ער צום זון גערעדט אויף יידיש. און יעקב און עישו האָבן זיך אין דער מוטערס בויך געקריגט אויף יידיש. און — געשעצטע פרוי! — זעקס מיליאָן יידן האָבן גע־רעדט און געשריגן און געשאָלטן און געוויינט און געקרעכצט אויף יידיש — און מענדעלע האָט פּישקע דעם קרומען אַריינגעזעצט יידישע רייד אין פאַרקרומטן מויל — און ס'האָט אפשר יידיש גערעדט אונזער משה רבינו צום אַלמעכטיקן מכח דאָס נייע ווערק — די תורה. און בערל בראָדער און וועלוול זבאַראַזשער האָבן אין רומענישע קרעטש־מעס אויף יידיש געזונגען און געשפּילט און געטאַנצט — און אַפילו דער פּאַלקלאַרישער אליהו הנביא — רעדט ער דען אַן אַנדער שפּראַך ווי יידיש צו יידישע קינדערלעך? !

אויב דאָס איז נישט דאָס פּאָלק — טאָ וועלכעס פּאָלק מיינט זי?..

אָ, דו, פאַרשנייעט און פאַררעגנט און פאַרהאָגלט און פאַרשרפה'ט יידיש לשון — ווי־און־ווינד אַז דו דאַרפסט דיך נאָך אַלץ פאַרענטפערן פאַר דיין פּיצל מיזערנעם לעבן! און נישט פאַר גוים — נאָר פאַר יידן!

עס איז פּשוט געשמאַקלאָז — אָן קולטור — צו קענען וואַרפן שטיינער אויף דיר, לשון־יידיש, דו אמת'ער לשון קודש, וואָס מיט טויזנט וואונדן איז דיין לייב פאַרקריצט!

ניו־יאָרק, אַפּריל 6, 1946.

# דער מאַמעס שבת'דיגער קאָמפּאָט

(מיניאַטור)

עס איז געווען פרייטאג ביינאַכט. די ליכט האָבן זיך שמערצפול געבויגן, האָבן גאָלדן געטריפט און געטרערט איבער די אַלטע, צע־בויגענע לייכטער, איבער די ברעגן פון דער מאַמעס געלן, טייטש־חומש מיט זיינע אויסגעמאַטערטע בלעטער, מיט זיינע אָפּגעריבענע טאָוולען. דאָס טישטוך איז געווען פול מיט קאָלטן חלה. פון אַ פאַר־טרעט קוקט אַרויס אַ פאַרגאַנגענער זיידע — מיט אַ באָרד פון שניי — אַן אויסגעקרומטער פון ליגן יאָרהונדערטער אין דער פוילישער ערד — צווישן פוילישע ווערם — אונטערן פוילישן רעגן און שניי און צעווייקטע ליימיגע ערד. און איך, אַ קליין, ציטערדיג אינגל, מיט גאָלדענע האָר, מיט העלנטלעך גרינע ווי גראָז — איך בעט ביי דער מאַמען אַביסל קאָמפּאָט.

איך לייען אין דער שבת'דיגער נאַכט נאָכלעסיג דעם דיקן, פוילישן ראָמאַן. און די בלעטער עפענען זיך מיט זשול וועדנס אינ־דיאַנישע דערפער פון געלע ליים און מיט פאַנטאַסטישע פרימאָרגנס, אַזוי ווי געוועבט פון זייד. און בשעת מיין מוטער טראָגט צו דעם טעלער מיט קאָמפּאָט — באַוועג איך אומפאַרזיכטיג מיטן אָרעם

און דער גאַנצער טאָפּ מיט קאָמפּאָט גיט זיך אַ גאָס אַרויס, אַזוי ווי אַ זון וואָלט זיך אַרויסגעגאָסן פון אַ האָריזאָנט — דער ערדענער, געטרייער טאָפּ מיט קאָמפּאָט אויף שבת...

מיין מאַמע האָט אַ ציטער געטון — און איך האָב פאַרשטאַנען איר שרעק. שרעק פאַרן טאָטן, וואָס ווען ער וועט דאָס דערזען, וועט ער פאַרשטערן די הייליקייט, די שטילקייט פון שבת... און וואו וועט די מאַמע נעמען קאָמפּאָט פאַר די איבעריקע מאָלצייטן פון הייליקן שבת?...

און דערווייל שטראָמט דער קאָמפּאָט ווי אַ ברוינער, ווי אַ גאָלדענער, ווי אַ האָניגדיקער טייך איבער דעם טישטוך. גיסט זיך אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע. דער מאַמעס טייערע, אויסגעאַרבעטע הענט זיינען פאַרגאָסן מיטן קלעפּיגן און נאָך וואַרעמען, ערשט־גע־קאָכטן קאָמפּאָט. די צעשניטענע עפּל און די טונקל־ברוינע פלוימען פון ערגעץ אַ היימישן, אידישן סאָד — איך האָב געזען ווי די מאַמע האָט זיי צעשניטן מיט קליינעם מעסער, כ'האָב געזען דער מאַמעס ראַדעניש־איידעלע, צער'פולע הענט...

און איצט איז זי געשטאַנען אַ צעבראָכענע ביים טיש... און זי האָט שנעל אָפּגעווישט דאָס טישטוך און אויסגעווישט דעם באָדן... און איך האָב זיך פאַר מיין מאַמען געפילט אַזוי שולדיג... איך בין געוואָרן פאַר איר, פאַר מיין טייערער מאַמען, נאָך קלענער, נאָך אינג־גלישער, ווי איך בין געווען... אין שרעק פאַרן טאָטן — אין געמיינ־זאַמע ליידן — האָבן מיר זיך ביידע אַרומגעכאַפּט און געקושט. און מיר האָבן זיך צוזאַמען געשוואוירן קיינמאָל נישט צו דערציילן וועגן דעם אויסגעגאָסענעם קאָמפּאָט... און דער אוראַלטער שניי־זיידע אויפן פּאָרטרעט — איינגעשלאָסן אין דער ברוינער, דורך מילבן־צעלעכערטער האָלץ־ראַם, האָט צוגעזאָגט קיינמאָל אונז נישט צו פאַרראָטן. מיר אַלע דריי האָבן געטראָגן אין זיך דעם שרעקלעכן סוד...

און אַ גאַנצע נאַכט האָבן פאַר מיינע אויגן געלויכטן קאַנדע־לאַבראַס גאָלדענע מיט טריפנדיקע ליכט פון טרויעריקן חלב. און ברוינע טייכן האָבן זיך געגאָסן און געשטראָמט איבער ברוינע טאָלן — אַזוי ווי די האָניג־טריפנדיגע טייכן וואָס שטראָמען אויפן האָרי־זאָנט אין זון־אונטערגאַנג, זיך ציענדיג פון דעם גאָלדענעם לייב פון דער זון. איך האָב געזען פון טייטש־חומש אַרויסשטראָמען אין האָניג־געלע שטראָמען, פאַרגיסן די דורשטיגע מצרים־פעלדער, אָנכאַפּן ביי די קניעס אַ ריזנבוים און אים קושן די פינגער פון די פיס און דעם דאַרן גוף פון קלעאָפּאַטראַ'ן האָב איך געזען אויף אַ זאַמדיק־גילדער־נעם ברעג — זיך באָדן אַ נאַקעטע אין וואַרעמען נילוס — אַרומ־גערינגלט פון גוטע קראָקאָדילן וואָס שלינגען די וואָלקנס און פון צעזאָרן מיט אַלטע קרוינען אויף די קעפּ — לויטער־נאַקעטע —

און אָט איז די מלכה שבא הויך אויפהייבנדיג די טונקעל־זייי־דענע קרינאָלינע איבער אירע מיט טונקעלע האָר באוואַקסענע פיס און גאַלאַנט בויגט זי זיך צו איר קעניג דוד — און דער קעניג איז אָנגעטאָן אין שאָטנס און אין גאָלד — און ער שמייכלט, אַזוי ווי ער וואָלט זיין באַלזאַמירט און דו דערקענסט אים דאָך פון רעמבראַנדט'ס

אומשטערבלעכן פּאָרטרעט — אָט אַזוי ווי ער איז איינגעהילט אין רעמבראַנדט'ס צירונג און אין רעמבראַנדט'ס טרויער... און אָט זיינען מיין מוטערס הענט וואָס בליען אין יעדן ווינקל פון דער ערד... מיין מוטערס גאָלדענע הענט וואָס זיינען געוועבט ווי פון וואָלקן און פון אייזן און פון ערץ פון דער ערד און פון פייכטן ליים און פייכט מיט גאָט'ס פייכטן אָטעם... און אַלע ביימער טראָגן מיר צו מיט אַזויפיל ליבשאַפט זייערע געפאַרבטע עפּל, אַזוי ווי קליינע לאַנד־שאַפטן, האַנט־געפאַרבט פון גאָט אַליין, און זיי רייכן מיר זייערע אין בליען טוי געטונקענע פלוימען און אַלע אויבסן פון דער וועלט'ס סעדער האָבן זיך פריוווילדיק — און ווי צו אַ טאַנץ — געשאָטן אין פאַרטוך פון מיין מוטער. מיין מוטער האָט געשמייכלט — אַ באַגאַ־סענע מיט טרערן... און קאַנדעלאַבן עס וויגן זיך אין ווינט און דער סמבטיון זעלבסט שטעלט זיך אָפּ מיט אַלע זיינע טויזנט זאַווערוכעס און שמייכלט צו מיר און צו מיין מוטער און אין אַ ווינקל פון דער אַלטמאָדישער און געקאַלעכטער שטוב וויינט דער ערדענער טאָפּ — שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנט... ווי אַ מענטשנ'ס פנים איז דער טאָפּ און זיינע ליפּן רעדן צו מיר אין חלום:

— נישטאָ קיין קאָמפּאָט אויף שבת... עס איז אַ פאַרשטער־טער שבת... אָ, עס איז אַ צעבראָכענער שבת...

און איך זאָג צו אים:

— ביסט משוגע, ערדענער קאָפּ... דו ביסט פול מיט קאָמ־פּאָט, אַזוי ווי אַ מילגרוים איז פול מיט וויין. אַזוי ווי די זון איז פול מיט ליכט. אַזוי ווי מיין מאַמעס האַרץ אַז פול מיט ליבע... דו ביסט פול מיט קאָמפּאָט... אָט, אומישנע טו אַ ציטער — און דו וועסט פילן די שווערקייט אין דיר פון דעם ברוינעם, גאָלדענעם קאָמפּאָט... אָט, טו זיך נאָר אַ טרייסל...

דער ערדענער טאָפּ פאָלגט מיך און טוט זיך אַ טרייסל און וואונדערלעך שפּאַרט פון זיין האַלדז דער שבת'דיגער קאָמפּאָט... דער וואונדערלעכער שבת'דיגער קאָמפּאָט... און די מאַמע לייכט־אויף — די מאַמע זעט אויס אַזאַ גליקלעכע — און אויפן הימל שפּאַצירט די לבנה — מלא שמחה... די באַקן זיינען ביי איר פורים־דיג אויסגעריסט און מיט סאַזשע פאַרשמירט... און אין שבת'דיגן גאָלדן קלייד שפּאַצירט זי פון דאַך צו דאַך — טוט אַ לויכט ביים ערדענעם טאָפּ מיט גאָלדענעם קאָמפּאָט און טוט אַ טרונק פון זיין פולן בויך און דאַן ציטערט זי אויפן הימל און טאַנצט — די לבנה — שיכור פון מיין מאַמעס שבת'דיגן קאָמפּאָט — און טויזנט מלאכים וויגן זיך ריטמיש צווישן די וואָלקנס — און צווישן די מלאכים לויכט די שענסטע מיין מאַמע — אין אַ וואונדערלעך־ברוינעם קלייד — מיט עפּל און מיט באַרן און מיט פלוימען אויסגעוועבט אינם וואונדערלעכן קלייד...

# מיין פעטער משה'ל און יאַן קאַבאַנאָווסקי

## פאַנטאַזיע

**באַמערקונג:** לויט די ידיעות איז אין זוואָלין אומגעקומען מיין פעטער משה'ל מיט זיין גאַנצער משפּחה. — יאַן קאַבאַנאָווסקי איז דער פּאַטער פון דער מאָדערנער פּוילישער פּאָעזיע. ער האָט געלעבט אין זעכצנטן יאָרהונדערט. זיין קבר געפינט זיך אין שטעטל זוואָלין, וואו מיין פעטער משה'ל האָט געהאַט אַ ווייַנהאַנדל. **ש. ט.**

---

ניין. די נאַציס האָבן נישט פאַרניכטעט אין זוואָלין מיין קראַנקן פעטער משה'ל מיט זיין הויז־געזונט. אָט שטייט ביים ראָג פון גאַס דאָס נידעריקע, ווייס־געקאַלכטע הויז מיט די צעבויגענע ווענט און קרומע פענצטער, ווי אויף אַ מאָלעריי. דער דאַך פון שטרוי, פון אַלטע, צעפּוילטע שטרוי, צינדט זיך אָן יעדען פאַרנאַכט אין זון־אונטערגאַנג. און אָט לייכטן היינט פאַרנאַכט די פענצטער אין אַלטן הויז. ווי שטענדיק, שטייט מיין פעטער משה'ל, אַ בלייכער, מיטן איידל־געשניצט פּנים ווי אויף אַ רעמבראַנדט־מאָלעריי, ביים בופעט. אָט זיינען די וויין און ביר־פלעשער. דורך די מוטנע און שטויביקע שויבן רינען אַריין ווי פון צעריסענע אַרטעריעס פון דער זון — די שטראַלן, די שטראָמען ליכט, און דורשטיקע פאַלן זיי צו צו די פלעשער וויין; דער וויין ווערט דורכזיכטיק אין די דיקע פלאַשן ווי רובין — ווי בורשטין — ווי אַמעטיסט — ווי די דורכזיכטיקסטע איידעלשטיינער. די שטראַלן זשלאָקן די ווייַנען און די בירן און פאַלן שיכּורע און פאַרחלשטע אַוועק צופיסענס פון די פלעשער.

אַ געדיכטער רויך פון טוטין הענגט אין דער לופט. אפשר אין דאָזיקן רויך באַהאַלטן זיך די נשמות פון אומגעבראַכטע זוואָלינער אידן. זיי זיינען געקומען פון די וועגן און די וועלדער, אַזוי ווי די זון האָט זיך נאָר גענומען לעשן און נידערן נידעריק צו די ווייס־געקאַלכטע קאַרשנביימער, זיינען זיי געקומען דאָ זיך באַהאַלטן ביי ר' משה'ל אינ'ם רויך. עס איז חרוב אַלץ. די שול און דאָס בית המדרש און דאָס בית עולם און די מקוה און דער הימל און דער גן־עדן און גאָר דאָס שיינקייט פון דער וועלט. אַלץ איז חרוב... נאָר מיין פעטער משה'ל'ס קרעטשמע איז געבליבן שטיין — ווי דורך אַ נס — אין מיין חלום.

דער רויך הענגט געדיכט און ביי די צעשניטענע טישלעך, ביי די טישלעך מיט צעראַטענע טישטוכער, פון צעפּוילטע האָלץ פון די וועלדער געדיכטע אַרום זוואָלין געמאַכט, ביי סטעלמאַכערס וואָס זיינען שוין פאַרברענט — זיצן פּוילישע פּויערן און זשלאָקן שוימיק־גרינעם, פעטן ביר פון שווערע קופלעס פון געצאַצקעטן גלאָז. דער רויך איז געדיכט. די פּויערן זיצן אין שווערע קאַזשובעס (פּוטערס), וואָס זייערע עלטערן האָבן זיי געלאָזן.

ר' משה'לעס ציטערדיק־בלייכע האַנט גיסט אָן פון ציטערנדע, דורכזיכטיקע פלעשער — בריליאַנטענעם, איידל־שטיינעריש־צעלויכטענע וויינען אין דינע, געבויגענע גלעזער. אָט גיסט ער אָן אַ זילבערנע

כוסה — אַ פּסח׳דיקע ווישניאַק־כוסה — פאַרן חשובן פּאַן, דעם פּוי־לישן פּאָעט פון זעכצענטן יאָרהונדערט, יאַן קאָכאַנאָווסקי. שוין זייט פילע יאָרן ווי יאַן קאָכאַנאָווסקי קומט אַריין אין דעם דאָזיקן איינציקן וויין־האַנדל און קרעטשמע פון שטעטל. עס איז נישט פון נחת וואָס דער פּאָעט האָט זיך גענומען טרינקען שנאַפּסן און ליקערן. זינט אָרשולאַ, זיין געליבטע טאָכטער, זיין טאַלאַנטפול קינד און לויכטענ־דיקער מלאך איז געשטאָרבן — האָט דער פּאָעט שוין אָנגעשריבן אַ סך עלעגיעס נאָך איר טויט. יעדעס מאָל קומט ער אין דער קרעטשמע און ציטירט צו ר׳ משה׳ל אין אויער די פערזן פון זיין „טרעני” (טרערן), יענע גרויסע, שמערצפולע פּאָעמע, וואו דער טויט אויף אַ טייערער טאָכטער ווערט פאַר אַלע צייטן אויסגעזונגען פון אַ פּאָטערס קרעכצנ־דיקן האַרצן.

יאַן קאָכאַנאָווסקי זעצט זיך אַוועק מיט דער זילבערנער כוסה, אויף וועלכער עס איז געצייכנט אַ גרויסער מגן־דוד, אין אַ ווינקל פון דער קרעטשמע, כדי די פּויערים זאָלן אים נישט דערזען און דער־קענען אַז ער איז שוין דריי הונדערט יאָר טויט — און פּאַמעלעך זופּט ער פון דער זילבערנער כוסה דעם שטאַרקן אַקעוויט און ער קוקט מיט טרערנפאַרגאָסענע אויגן אין דער ריכטונג פון דער טיר...

און זע — די טיר עפנט זיך. די טיר צו פעטער משה׳ל היימישע שטוב. און פון דאָרט גייט אַרויס נעמי, די זעכצניאָריקע טאָכטער פון ר׳ משה׳ל.

נעמי גייט צו צום פּאָעט און טוט אים אַ קוש אין האַנט, אין דער אַלטער, ערדישער האַנט — און דער פּאָעט בייגט זיך איבער איר אַריבער און ער קושט פּאָטערלעך איר בלאָנד, מיידלישע קעפּל, פון וועלכן צוויי איידעל־געפלאָכטענע צעפּלעך ציען זיך אַרונטער ביז צו דער לענג פון אירע הענט. נעמי׳ן רופט דער פּאָעט — אָרשולאַ... אזוי ווי זיין טאָכטער האָט געהייסן. „אָרשולאַ, מיין וואונדערלעכע!” — טיטולירט ער נעמי׳ן מיטן אָנפאַנג פון זיין באַרימטער פּאָעמע. און צו נעמי׳ן רוימט ער איין אויפן אויער די שענסטע מעשה׳לעך, וואָס ער טראַכט אויס, וואָס ער אימפּראָוויזירט אויפן מאָמענט. ער ציטירט צו איר זיינע לידער, וואָס דער געשעצטער פּאָעט קען פון אויסווייניק זייער גוט. און נעמי לאַכט און קוויטשעט און אימיטירט אויף אַ קאָמישן אופן דעם פּאָעט, וואָס אַמוזירט זיך מיט איר, ווי עס וואָלט געווען זיין יונגע טאָכטער אָרשולאַ — פּונקט ווי פּאָטער און טאָכטער וואָלטן דאָ געזעסן און זיך אַמוזירט... — — —

עס איז שפּעט ביינאַכט. און די לבנה — אַ פּויעריש־ליימיקער זייגער — מיט צעבויגענע ווייזערס, מיט אָפּגעריבענע רוימישע ציפערן אויפן אָפּגעבלאַקירטן פּנים — לייכט איבער זוואָלין. זוואָלין איז אינגאַנצן אָפּגעווישט פון דער ערד. שטיקער גראָז שפּראָצן אַרויס פון די ליימיגע פּלעצער, וואו אידישע היימען זיינען געשטאַנען. נאָר דאָס ווייס געקאַלכטע הויז שטייט נאָך — און אינעווייניק זיצן די פּויערים מיט אייזערנע געזיכטער, מיט אויגן ווי גרינער ביר, און אין זייערע אייזערנע הענט האַלטן זיי די אויערן פון די קופלעס ביר; און ליולקעס ברענען מיט געלע מאַכאָרקע, מיט פייכטן, בורשטין־קאָלירטען טוטין; און אין ווינקעל זיצט דער פּאָעט יאַן קאָכאַנאָווסקי מיט נעמי׳ן — און פון דער וואַנט איבער זיי לויכט אַראָפּ אַ געמאָלטע בילד פון קבר רחל

—און אן אראַבער מיט זיין קעמל ציט פּאַרטראַכט אופן וועג קיין בית לחם; און ביים בילד, איבער דער געקאַלכטער וואַנט, טריפט אַ ליכט — אַ יאָרצייט־ליכט — אויפגעשטעלט נאָך עמעצן... און דאָס ליכט וואַרפט אַ שוואַכן שיין אויף מוטער רחל׳ס קבר — אויפן לויז־אָנגע־טוענעם און פאַרביגן אראַבער — אויף דער טונקל־גרינער פּאַלמע פון דער ארץ־ישראל׳דיגער לאַנדשאַפט — אויף דער וואונדערלעכער פּאַלמע און אויף די שטרעקעס פרומע גראָז, ווי שטיקלעך תהלים וואָס שפּראָצט גרין און פרום אויף דער הייליקער ערד... — — — —

דאָן הייבן זיך די פויערים אָן צו צעגיין. ווי נאָר זיי טרעטן אריבער די שוועל — כאַפּט זיי אויף דאָס לבנה־ליכט און זיי ווערן נישט. און אָט איז דער פּאָעט — נאָר ער אַליין שפּאַצירט אין דער גאָלדיק־בלויער נאַכט צום קבר — צו זיין קבר פון זעכצנטן יאָר־הונדערט... וואו עס ליגט אויך די איידעלע, די מאַדאָנישע אָרשולאַ, זיין געליבטע טאָכטער. און ער גייט געהילט אין אַ פּעלערינע פון לבנה־שטראַלן — און אָט טרעטן ארויס נעמי און איר מוטער און ר׳ משה׳ל — איר פאָטער... אָט שטייען זיי אַ ווייַלע ווי פאַרגאַפט — ווי זוכנדיק אָרום זיך דאָס שטעטל זוואָלין — נאָר עס דויערט נישט קיין רגע און זיי ווערן אויפגעכאַפּט פון די לבנה־שטראַלן און זיי ווערן נישט — און אויך דאָס אַלט־געבויגענע הויז פאַרשווינדט — נאָר אין דער לופט זען זיך רעגנבויגנס — שטראָמען קאַלירן — פון דעם אויסגעגאָסענעם ביר און וויין און שנאַפּס — און עמעצער טרינקט דעם וויין אין דער לופט — פאַרברענטע, דורשטיקע אידן קילן זיך די פאַרברענטע העלזער און הערצער מיט די טייערע און איידעלע געטראַנקען. — בלויז די ערד איז רעאַל. די היימישע, די מיט אידיש בלוט און אידישע טרערן אויסגעוווייקטע ערד איז — רעאַל. די פּוילישע, די ליימענע, די פּשוטע ערד — איז ווירקלעך. און צו איר פאַל איך צו און קוש די ביינער — קוש די קנאָכן — פון אונזערע טייערע מאַרטירער — קוש דאָס אַש און שטויב פון טויזענט יאָר אידיש לעבן אין דער מדינה פוילן. —

# אידישע איראָניע אין דער וועלט־ליטעראַטור

**אין שייכות צום באַזוך אין ניו־יאָרק פון אידיש־רוסישן שריפטשטעלער**
**איליא ערענבורג**

אין ניו־יאָרק האָט לעצטנס פאַרבראַכט — און אויפגעטראָטן אויף מיטינגען און באַנקעטן — דער באַרימטער אידיש־רוסישער שריפטשטעלער איליא ערענבורג. טראַכטנדיג איבער דער דערשיינונג פון אַן איליאַ ערענבורג אין דער רוסישער ליטעראַטור, איבער זיין גלענצענדן סטיל און בליציגן וואָרט, איבער זיין פיינער איראָפּעאיש־קייט און דעם ראַפינירטן הומאָר, וואָס מאַכט אים נישט צופעליג פאַר אַ ברודער פון היינריך היינע; איבער זיין קלוגער און אינטריגירנדיגער נאָוועלע און יענע רעפּאָרטאַזשן פון קריג, רופנדיג צו נקמה אַנטקעגן די נאַציס, — רעפּאָרטאַזש, געשריבן מיט טעמפּעראַמענט און נביאישן צאָרן, מיט דער דינאַמיק פון אַ שלאַכט און דעם ריטם פון געשיכטע; איבער זיין פּראָזע וואָס האָט די אַל־קלאַנגיקייט פון אַ פולן אָרקעסטער, — טראַכטנדיג איבער דער מערקווירדיגער דערשיינונג פון אַן איליאַ ערענבורג, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ער איז נישט קיין צופאַל און אויך נישט קיין איבעראַשונג. איך האָב דאַן געמאַכט פאָלגענדע פאַרצייכענונגען איבער דעם איד אין דער וועלט־ליטעראַטור. די קייט פון אידישן שאַפן אין דער וועלט, אין וועלכן איליאַ ערענבורג איז אַן איינציגער גאָלדענער רינג.

עס איז פאַראַן אַ אידישער סטיל אין דער וועלט־ליטעראַטור. דער סטיל פון פּאָלעמיק. אידן האָבן זיך געדאַרפט קריגן מיט די פעלקער. אידן האָבן אין פאַרלויף פון דער געשיכטע אַרגומענטירט מיט נאַציאָנען. עס זיינען אָנגעגאַנגען רעליגיעזע דיספּוטן. אין קאַמף מיט אַלע רעליגיעס, פילאָסאָפישע סיסטעמען, באַוועגונגען, אַנטי־סעמיטישע פאַרלוימדונגען — האָבן די אידן זיך אויסגעלערנט אין שריפט צו דיסקוטירן.

דער איד האָט דאָס וואָרט באַנוצט קעגן מענטש און גאָט. געדענקט יענע מעכטיקע קאַפּיטלעך, וואָס ישעיה וואַרפט אויפן אַדרעס פון די פעלקער. ער זאָגט פאָרויס פייער און טויט, וואָס וועט קומען אַלס רעזולטאַט פון זייערע זינד און פּאָליטישע פאַרברעכנס. די נביאים אַמפּערן זיך מיט גאָט. די נביאים זיינען אַ מעכטיגע, אַ טראַגישע פּאָלעמיק מיטן שיקזאַל. דאָס אידישע וואָרט איז ווי אַ בלום פון מדבר. עס איז געבוירן צו זיין צאַרט און ווייבלעך און ליבט זיך צו צירן אין די זיידענע שטראַלן פון דער זון. נאָר די באַדינגונגען אין מדבר זיינען מורא׳דיגע. די בלום מוז זיך אָנטאָן אַ פּאַנצער מיט שווערדן. די פיינסטע און דעליקאַטסטע בלום מוז זיך אָנטאָן אין אַ פּאַנצער, ווי אַ ריטער, אין געווער — ווי אַ קריגער. דאָס אידישע וואָרט איז געוואָרן צום פּאָלעמישן וואָרט. צום קאַמפּס־וואָרט. עס גייט אַ פייער און אַ רויך פון אידישן וואָרט.

* * *

אידן זיינען אַ קאָסמאָפּאָליטיש פאָלק. לעבנדיג צווישן אַלע פעל־

קער און שטאַמען — פאַרזוכנדיג מיט דער צונג דעם טעם פון אַלע קולטורן — זיינען אידן געוואָרן אַנגעשטעקט מיט וועלט־קולטור. אידן געדענקען די וועלט־געשיכטע — ווען זיי קוקן אריין אין תנ״ך. אידן זיינען געשטאַנען ביי וויגעלעך פון פעלקער אין די גרויע, אַלטע צייטן. זיי האָבן געזען דעם בין־השמשות פון קולטורן. אידן זיינען פאַרקנעכט געוואָרן פון נבוכדנאצר דעם אימפּעראַטאָר — און דער בלייכער דניאל האָט געדאַרפט לייענען די חלומות פון דעם וואַנזיניקן הערשער. אידן זיינען די בריקן צווישן די קולטורן. היינריך היינע זיצט אין פּאַריז און ער דערציילט די פראַנצויזן פון דייטשע רעליגיע, פילאָסאָפיע, פאָלקלאָר און ליטעראַטור. עמיל לודוויג עפנט די גאַלעריע פון דער וועלט׳ס צעזאָרן און שטאַאַטסמענער. סטעפאַן צווייג צינדט אָן פאַר דער וועלט די גרויסע געשטאַלטן פון קאַמף, געוויסן און גערעכטיקייט. איליאַ ערענבורג דערציילט צו דער וועלט פון רוסישער מלחמה און רוסישן מוט. ישראל זאַנגוויל פירט אַרויס די טרוימער פון דער געטאָ — אויף דער אַרענאַ פון אייראָפּעאישער ליטעראַטור. אידן זיינען די בריקן — און די בינען. די בינען, וואָס רייבן די עלנבויגנס און אַלע גלידער אין די סאַמעטענע זוימען פון די בלומען און טראָגן זיי פאַנאַנדער אין די וועלדער ווי אַ שטורם פון גאָלד. אידן זיינען די זוימען־פאַרשפּרייטער פון דער וועלטס־קולטור. אַ איד קען שרייבן וועגן אַ שפּאַציר איבער אייראָפּעאישע הויפּט־שטעט און ער רופט אָן אירע בולוואַרן ווי גאַסן פון זיין געבורטס־שטעטל. אידן קענען שפּאַצירן איבערן גלאָבוס. דער איד שרייבט ראַפינירט, אינטעלעקטועל, אייראָפּעאיש. די קולטור פון דער וועלט רעפלעקטירט זיך אין זיין וועלט־אַנשויאונג. אין זיין וועלט־בליק. זיין פּען — זי איז גוט געשליפן געוואָרן דורך די שטורעמס פון וועלט־געשיכטע. זיין פּען — זי האָט דעם עלעקטרישן שאַרף־און־ציטער פון אַ בליץ אין דער נאַכט — וואָס זעט מיט זיינע עלעקטרישע אויגן — גאָר די וועלט, גאָר דעם טאָל פון לעבן.

* * *

אידן זיינען וויציג, ביטער, איראָניש, סאַרדאָניש, סאַרקאַסטיש. אידן פּלייצן מיט אַ בריליאַנטענעם הומאָר. די פּיליסטער און די שלעבטע — האָבן פיינט איראָניע. דער טיראַן, דער מושל — פאַרטראָגט נישט דעם קלאָון. אידן האָבן נישט קיין מאַכט. אידן האָבן נישט קיין קעניגן — אויסער אין תנ״ך... אידן האָבן נישט קיין קרוינען. זיי זיינען געגליכן צום קלאָון — וואָס איז דער קלענסטער אינם קייסערס פּאַלאַץ. נאָר פון דער שוועל פון פּאַלאַץ הערט זיך זיין קול — דאָס קול פון אַ דונער. דאָס קול פון געוויסן. די שטימע, וואָס גיסט־אָפּ ווי מיט הייסער לאַווע, די מעכטיקע האַרן פון דער ערד. דאָס קול, וואָס איז אַ משפּט. דאָס קול, וואָס איז אַ געריכט פון די פעלקער. ווי דער קלאָון — האָבן אידן נישט קיין מאַכט. אידן האָבן דורך די יאָרטויזנטער ביטער געוויינט. דאָס געוויין האָט געגרייכט צו די טיפעניש פון די אָקעאַנען. עס האָט באַרירט די ברעגן פון די וואָלקנס. נאָר אידן האָבן זיך באַטראַכט: עס איז בעסער צו לאַכן, ווי צו וויינען. קינדער וויינען. די טרערן זיינען אויסגעטריקנט אין די העלזער פון אַלטע פעלקער. אַן אַלט פאָלק קען לאַכן. און אידן לאַכן.

אין אַלע פאַרבן פון זון־אונטערגאַנג איז אויסגעשמירט דאָס פּנים
פונם איד — דאָס פּנים פון שײַלאָק. דאָס אַריסטאָקראַטיש־שטאָלצע,
דאָס אידיש־איידעלע פּנים פון איד־זוס... עס שמייכלט אין רויך
און פלאַם פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע דער באַנקיר ראָט־
שילד... עס שמייכלט סאַרדאָניש און טרויעריק אַ בריטישער
שטאַטסמאַן, לאָרד דיזראַעלי, ווען ער שרייבט אין שפּעטער נאַכט,
אין ליכט פון קאַלטע שטערן, דעם ראָמאַן וועגן דוד אלראי. אידן
קענען מער נישט וויינען. אין דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור עפנט
זיך אַ גראַנדיעז בלאַט פון יענעם אידישן זשעניע, וואָס האָט די פעל־
קער נישט געלאָזט רואיג שלאָפן אין די נעכט: איינס ביי איינס
גייען זיי דורך — גלענצנדע געשטאַלטן: היינריך היינע און לודוויג
בערנע, לעאָן טראָצקי, קאַרל ראַדעק און איליאַ ערענבורג. אין
פאַריז — אויפן מאַטראַצנקבר — איז היינע געווען אַ געפאַר צו זיינע
ליטעראַריש־פּאָליטישע שונאים. זיין וויץ האָט געפלייצט — געטונ־
קען אין טרויער פון אייגענעם בלוטנדיגן האַרצן. זיין איראָניע האָט
פאַרוואונדעט די קעגנער אַריבער די גרענעצן פון דייטשלאַנד. אין
קאָיאַקאַן איז געזעסן אַ מאַן, אַ מאָדערנער נביא, און, האָט געשריבן
געשיכטע און פּאָליטישע פאַמפלעטן מיט אַ געניאַלער און בליציקער
האַנט, וועלכע קיינער האָט נישט געהאַט גענוג מוט און גענוג כוח
צו צעברעכן — פונקט ווי מען קען נישט צעברעכן די האַנט פון
מייקל־אַנדזשעלאָ׳ס אַ סטאַטוע. זיין כוח פון מאַכן אַ רעוואָלוציע,
די קראַפט וואָס האָט געקענט אָנצינדן אַ פייער אין געשיכטע, דער
מוט וואָס איז געווען אַ געפאַר צו דער פאַמיליע פון די ראָמאַנאָווס,
דערזעלביקער אייזערנער ווילן און טעמפּעראַמענט וואָס האָט גע־
שמידט און געקאָוועט פון דעזערטערן און הונגעריגע מענער אַן
אַרמיי פון אייזערנער דיסציפּלין — דערזעלבער כוח פון לעאָן
טראָצקי האָט זיך געפילט אין זיין שרייבן; דער שאַרפער אַנאַליז
פון היסטאָרישע פיגורן, וואָס זיינען נאָך געווען פערסאָנאַזשן פון
אַ לעבעדיגער דראַמע. די מעכטיגע קריטיק אויף פּאָליטישע פערזענ־
לעכקייטן; די בייסיגע פעדער וואָס בייסט ווי אַ טיגער. און דער־
מאָנט אייך אָן קאַרל ראַדעק, דער אידיש־פּוילישער אינטעלעקטואַל
— וואָס, אויב זיין לאַנדסמאַן דזשערזשינסקי איז געווען די בלוטיגע
נקמה פון דער רעוואָלוציע — איז ער געווען איר בריליאַנטע־
נער שרייבער, איר פּרעכטיגער און קלוגער פּאָלעמיסט, איר דיסקור־
טאַנט, איר פיין־שרייבער און איר חכמה. דאָס איז דער אידישער
געניוס. ראַפינירט, בריליאַנט, גראַציעז און אייראָפּעאיש־עלעגאַנט
— און סאַרדאָניש ווי סאַטאַן. פון די בלעטער פון דער אייראָפּע־
אישער ליטעראַטור לייכטן זיי אַרויס — אָנגעצונדענע בלעטער מיט
הייליגן אידישן צאָרן — אָנגעטאָן אין שאַרלאַך־רויטן אַרלעקין־
מאַנטל — אָנגעטאָן אין די פלאַמען פון גערעכטיקייט, ווי אין אַ
טלית.

* * *

וואָס עס מאַכט די דאָזיגע געשטאַלטן טראַגיש־גרויס — איז די
גערעכטיקייט, מיט וועלכער עס זיינען דורכגענומען די דאָזיגע פּאַ־
טעטישע געשטאַלטן. דער אידישער שעפּפער איז ווי דער גלאַדיאַטאָר
וואָס טאַנצט זיין בלוטיגן טאַנץ אויף די אָנגעגליטע בלעכן פון

רוימישן צירק — פאַרן פאַרנעמען פובליקום פון צעזאַר, קאָנסולן, אַראַטאָרן און דאַמען געהילט אין זיידנס און געצירט אין גאָלד.

די פעלקער האָבן פיינט די אידן. נאָר זיי אַטראַקטירט דער אידישער גניוס. זיי הערן זיך צו צו דער אידישער דעקלאַמאַציע. זיי שאַצן געוואַלטיק־הויך דעם אָלימפּ געטע מיטן פאַרשטיינער־טען געזיכט — פון ווירקלאַכן מאַרמאָר, אין אָנגעזיכט פון וועלט־ליידן און מענטשנמיזערע! — אָבער זיי לייענען געשמאַקפול און זינגען היינריך היינען. זיי קריגן ליב דעם אידישן וויץ — דעם העברע־אישן הומאָר — נאָר זיי קענען נישט העלפן זיך גלייכצייטיק אָנצור־זאַפּן מיט אונזער טרויער. זיי מוזן באַרירן מיט די טריפה'נע ליפּן דעם גאָלדענעם בעכער אידישע ביטערניש. וואָרים אונז טוט וויי. אַ, אונז טוט שרעקלעך וויי. זיי קענען זיך נישט העלפן צו באַרירן אונזער גאָל — וואָס פלאַצט צוויי טויזנט יאָר — אונזער ציטער־ניש, אונזער פּיין, אונזער טראַגעדיע. מיר שטייען אויף דער וועלט־בינע אין קעסטלעכע קליידער — פון פאַרבן פאַרגאַסן. נאָר די מינ־דעסטע אומפאַרזיכטיקייט, און פון האַרצן פאַלט דער זייד און אַ שטיק פלאַם־לייב דעקט זיך אָפּ — אַזוי ווי עס דעקט זיך אָפּ אַ פלאַנעט אין דער נאַכט — מיט זיין פייער אויפן נאַכטיגן הימל. אָן אומ־פאַרזיכטיקייט — און מיר ווייזן אונזער פייער און אונזער שמערץ און — זיי ציטערן־אויף...

מיר זיינען, סוף־כל־סוף, די אייניקלעך פון די פּראָפעטן. מעג זיין אונזער צירק־אַרענאַ רוים אָדער ירושלים, אַטען אָדער וואַרשע, פּאַריז אָדער ניו־יאָרק, לאָנדאָן אָדער מאָסקווע — מיר קענען אונזער פּנים־אויסדרוק, אונזער אייזערנעם שמערץ נישט פאַרשמירן. קיין רעגן קען נישט אָפּוואַשן אונזער מאַסקע, די צייכנס פון פּיין וואָס דורות לאָזן אונז בירושה, די קאַרבן און די שניטן פון פינצטערן שמערץ — געהאַמערט איבער אונזער לייב דורך די אינקוויזיטאָרן פון די פעלקער. אונזער איראָניע איז געמישט מיטן פּאַטאָס פון די נביאים. אונזער הומאָר איז געפּאַרט מיטן אמת פון גערעכטיקייט. אין נייע קאָסטיומען טרעטן מיר אויף — פאַר נייע פובליקומס — אָבער מיט דער אַלטער וואונד אין האַרצן און מיטן אַלטן, אומפאַר־שעקספּירן — וואָס האָט פון אים געוואָלט מאַכן אַ ביליקן שפּעקו־סטיל און אונזער קאַליר. מיר וואַרפן אריין ווי פייערדיגע כוואַליעס דעם דאָזיגן פּאַטעטישן הומאָר אין דעם ים פון דער וועלט־ליטע־ראַטור. און וואָס מיר באַרירן מיט אונזערע ברענענדע הענט — צינדט זיך אָן. מיר קענען זיך ניט העלפן — דאָס איז אונזער אינ־סטינקטיווע נקמה. ווי קלאָונען אַטראַקטירן מיר די פעלקער. זיי אַמוזירט אונזער וויץ. נאָר, קומען זיי צו אונז, מוזן זיי הערן די גרויסע לעקציע וואָס שרייט אַרויס פון אונזער בלוט. דאַן גייען מיר אויף ווי מאַרטירער, אַזוי ווי שיילאָק איז פלאַמענדיג אויפגעגאַנגען צו שעקספּירן — וואָס האָט פון אים געוואָלט מאַכן אַ ביליגן שפּעקו־לאַנט — און עס איז אונטער זיינע הענט געבוירן געוואָרן אַנביא — אַ פּראָפעט, וואָס שרייט פון ביטערן ווייטיק. און שעקספּירן האָט געבריט פון די פלאַמען וואָס זיינען אויפגעגאַנגען פון שיילאָקן. פון אַלע זיינע גלידער האָבן געוויעט זיילן פלאַמען.

אַט־אַזוי גייען־אויף פלאַמען פון דעם אידישן גניוס אין דער

גרויסער וועלט־ליטעראטור. צום ערשט אמוזירן זיי זיך, די פעלקער, און פלוצלינג קריגן זיי בראנד־וואונדן פון אידישן ווארט. אומבאַמערקט, אומדערוואַרט — פאַרוואַנדלט זיך דער קלאַון אין אַ נביא און פון זיין צעבראָכענעם גאַרגל, וואָס ווערגט זיך אויף דער תליה — טראָגט זיך אַזאַ שמערצפולער „שמע ישראל!" — אַז עס מאַכט ציטערן די פעלקער.

און זאָלן זיי ציטערן, די פעלקער. זאָל דאָס פייער זיי אָנרירן. זאָל עס זיי מאַכן שווידערן, אַט־דער בלוטיגער הומאָר, אַט־דאָס טראַגישע קול פון אַן אוראַלט־פאָלק, וואָס וועט קיינמאָל נישט אַראָפּ פון די בינע־ברעטער פון דער ערד!

# ר' נחמן בראַסלאַווער

## I

ווען ר' נחמן בראַסלאַווער האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער שרה, האָט ער געטאַנצט דעם „רקוד לפני הכלה". מענטשן זאָגן, אַז עס איז דער שענסטער טאַנץ וואָס זיי האָבן ווען געזען. און מיר קענען זיך פאָרשטעלן וועלכע שיינקייט דער שלאַנקער, דער בלאַסער און פריצישער ר' נחמן בראַסלאַווער האָט אַרויסגעבראַכט. מיר קענען זיך פאָרשטעלן די סצענע. די כלה — אַ בלייכע און אַ צאַרטע, ציטערט אין דער נאַכט, ווי אַ בלאַט אין האַרבסט. און ווער איז דאָ צווישן פובליקום צו זען איר שיינקייט, צו זען די וואונדערלעכע שיינקייט פון אַ יונגער דאַמע אין טרויער פאַרהילט — ווי איר אייגענער פאָטער, ר' נחמן בראַסלאַווער? און אָט טראָגט ער זיך אין. דער לופט ווי אַ גייסט. האָט ער דען נישט זיין גאַנץ לעבן זיך געטראָגן אין דער הויך ווי אַ גייסט, וואָס וואָלט שוועבן צום ריטם פון אַ געטלעך ליד, צום שפּיל פון אַ האַרף?

עס איז נאַכט און עס רוישן אומהיימלעך די האַרבסטיגע ביימער. און עס איז אַ גרויסע פרייד אין הויז פון ר' נחמן. עס ברענען די ליכט און שפּרייטן געהיימנישפולע ליכטער אויפן פובליקום. עס זיינען אָנוועזנד די קרומע און די לאָמע און שטומע און בלינדע פון שטעטל, עס זיינען אָנוועזנד מלאכים מיט פליגל אויף די פּלייצעס און גייסטער פון בית־עולם. ר' נחמן טאַנצט היינט ביינאַכט. איז נישט דער טאַנץ — דאָס שטייגן צו דער זון? דריקט טאַנץ נישט אויס דאָס וועלן באַזיגן די ערדישע גראַוויטאַציע? דעם רעוואָלט קעגן דער ערד — דאָס דערהייבן זיך הויך אין קאָסמאָס? איז נישט דער טאַנץ — דער עליפּטישער שוועב אַרום דער זון? איז פול מיט פרייד און רעגונג איז ר' נחמנ'ס טאַנץ. דאָס פּנים — אין דבקות. די הענט — פליגל וואָס טראָגן אים צום אויבערשטן. די פיס — קוים באַרירן זיי די ערד. דער גוף — אַסטראַליש־גרינג. אַ רבי טאַנצט זיין גרויסן טאַנץ צו די שטערן.

ר' נחמן האָט געגלויבט אין דער קראַפט פון מוזיק. מוזיק — מעלאָדיע — קומט פון האַרצן און גייט דורך דעם גאַנצן גוף אין פייערלעכקייט. דער מענטש איז אַ טייל פונם גרויסן געזאַנג פון די ספערן. ער איז אַ שטיק אָפּגעבראָכן ליד פון דער קאָסמישער סימפאָניע.

## II

ר׳ נחמן בראסלאווער* האט ליב געהאט די איינזאמקייט פון דארף, פון נאטור. יעדעס מאל וואס ער האט דערפילט אויפן פייכטן, גראזיקן און פשוטן פעלד די נשמה פון דער נאטור, איז די וועלט פאר אים געווארן א באנייטע, אן אפגעוואשענע ווי פון טוי. דער מענטש באדט זיך אין די הימלען. ער שפיגלט זיך אין די טייכן. ער פרייט זיך מיט דער קאמפאזיציע פון לאנדשאפטן. דער קינסטלער, דער פאעט, דער מיסטיקער אין ר׳ נחמנ׳ען האט דערפילט אין דער נאטור דעם כישוף פון גן־עדן. דער מעלאנכאליקער האט זיך באהאלטן אין דער נאטור און זיך געקילט אין איר טרויער.

ר׳ נחמן האט ליב געהאט צו גיין פון דארף צו דארף. אפצושטעלן מענטשן, ווי סאקראטעס, מיט זיי שמועסן און איינטענה׳ן וועגן גאט. עס איז אין דעם פשוטן מענטש וואו ער האט געפונען ריינקייט און שיינקייט. און עס איז א געוואלדיקע פרייד אין אנצינדן מענטשן מיטן אייגענעם ליכט. דער וואס דערקענט די שיינקייט און די גרויסקייט, וואלט וועלן פון זיינע אוצרות פארטיילן צו גאר די מענטשהייט. ער וואלט, ווי האניק, זיין ליכט געטריפט אויף גאר די ליידנדע. עס איז א גרויסע פרייד ווען מען קען די בלינדע באלויכטן די נשמה. ווען מען קען אפטיילן פון זיך שטיקער ליכט און זיי צעטיילן צו די וואס זיינען געהילט אין פינצטערניש. די באקעגעניש מיטן פשוטן מענטש איז גוט. אין יעדן מענטשן באגעגנסטו זיך מיט א גאטהייט. מיט א קאסמאס. אין יעדן מענטשן זינגט דוד׳ס גילדערנע הארף. יעדער מענטש איז א שול מיט כארן פון מלאכים. נייג צו דיין אויער, הער זיך איין אין דער מוזיק. ר׳ נחמן בראסלאווער הערט די מוזיק אין יעדן מענטשן...

## III

ר׳ נחמן בראסלאווער איז געווען א קינד פון דער אוקראינע. און פון איר, פון דער אוקראינישער ערד, האט ער געטראגן אין זיך א סלאווישן נאטור־טרויער, אזוי ווי די לאנדשאפטן פון דעם איידעלן מאלער לעוויטאן. הארבסט האט זיך איינגעגעסן אין זיינע ביינער מיט זיין טרויער און מיט זיין מעלאדיע. א הויכער און א דינער, טראגט ער שווינדזוכט אין די לונגען. די דאזיגע קראנקהייט, וואס מאכט איידל און סענסיטיוו דעם גייסט, פארשארפט די חושים, צינדט אן די פאנטאזיע, לויטערט דעם גייסט און מאכט אים אומרואיג — האט ר׳ נחמן בראסלאווער׳ן געמאכט צום גרויסן קינסטלער און וויזיאנער; א מענטש וואס אטעמט מיט גייסט און מיט שיינקייט. מיסטיקער און ראמאנטיקער. קבלהניסט און אינטעלעקט. וואנזיניק און אנגעצונדן. מיט אטאקעס פון מעלאנכאליע און שטורעמס פון פרייד, וואס זיינען די רעזולטאטן פון דערקענטעניש פון דאס קאס־מישע. אן אוראייניקל פון דעם גרויסן פאנטעאיסט ר׳ ישראל בעל שם־טוב — טראגט ער אין זיין בלוט די סימפאניע פון קאסמאס. איז ער גלייכצייטיג די דעקאדענץ פון דעם געניוס וואס נעמט מיט זיינע פליגל ארום די וועלטן. דער פרינץ פון א מעכטיגער דינאסטיע.

באהערשט פון טראגישע שטימונגען; אין דעם לאנד וואו אידן האבן פארגאסן אזוי פיל בלוט; מעלאנכאליש־שטארבענדיגער פרינץ; ראמאנטיקער פון דאס שיינע, וואס שטארבט, ווי אלע גייסטיגע פרינצן, אין יונגען עלטער — זעען מיר אין זון־אונטערגאנג ר׳ נחמן

בראסלאווער. צי איז עס דער צארטער איגנל, וואס וואנדערט אן אפשטעל איבער אוקראינער פייכטע לאנדשאפטן? צי איז עס דער רייפער מאן, וואס וואנדערט איבער אקעאנען — קיין ארץ־ישראל; וואס קעמפט מיט שטורמווינטן און מיט גייסטער? נערוועז, גע־רייצט, סענסיטיוו, און — מיט דער וואונד אין הארצן וואס טריפט מיט בלוט. פיבערנדיג, טרוימענדיג — דערגרייכענדיג די העכסטע ספערן פון פאנטאזיע — דערציילענדיג צו די דורות דאס וואונדער־שיינע, דאס בריליאנטענע מעשה'לע פון פרינץ און בעטלער...

## IV

די נאטור בעננקט נאך ליבע. איינזאמקייט הילט איין גאר די ביימער, די פלאנצן, די בלומען. יעדער בוים וויל געצערטלט ווערן. און ווען א ווינט טוט זיי א באריר, וועקן זיי זיך אויף, שפילן ווי הארפן, פול מיט דאנקבארקייט.

די נאטור איז נישט טויט. זי איז אן אקטיווע, לעבעדיגע וועלט. „ווינטער איז אין דער בחינה פון עיבר און אלע גראזן און שפראָ־צונגען זיינען טויט. אבער אז עס ווערט זומער, וואס איז געבורט, דעמאלט וואכן זיי אויף. איז גוט דעמאלט ארויסצוגיין שפאצירן אליין אין די פעלדער. דאס שפאצירן אליין איז א תפילה און א געבעט, און א גלוסטונג און א בענקעניש צו גאט. אלע גרעזעלעך פון פעלד, וואס הייבן אן צו לעבן און שפראָצן, ווערן באהאפטן און ווערן אריינ־גענומען אין דער תפילה און אין דעם געבעט."

דאס ווערן איינס מיט דער נאטור, דאס זיך צוזאמענגיסן מיט איר גרויסער סימפאניע — איז די כאראקטעריסטיק פון אלע ראמאנ־טישע פערזענלעכקייטן. א טייל גייען אויף אין איר גרויסער פרייד־שירה צו די הימלען. א טייל ווילן זיך אויסלעשן אין איר טאל פון טרויער. א טייל באהאלטן זיך אין איר הייליגער לאנדשאפט — אנטלויפנדיג פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט. א טייל ווילן זיך רייניגן פון זינד אין איר. און א טייל ווילן זייער גרויסע גוטסקייט אויסלאדן אין צערטלעכקייט צו דער נאטור, ווי ר' נחמן בראסלאווער.

## V

פארשטייענדיג די נשמה פון דער נאטור — האט ער פאר־שטאנען זיינע קינדער. די שיינקייט פון דער פרוי האט אים איג־ספירירט. ער האט זיי געליבט מיט א פלאמענדיגער ליבע — זיינע קינדער, זיינע צארטע מיידלעך. צו זיין טאכטער שרה, ווען זי איז אוועק פון דער היים, בענקט ער אומגעהויער און ער שרייבט איר וואונדערשיינע בריוו. „דו ביסט דאך דארטן, — שרייבט ער, — ווי א הדס אין א מדבר, וואו עס איז נישטא ווער עס זאל אויפנעמען זיין גוטן אראמאט." ער בענקט נאך איר, זי זאל דעקארירן ווי א בלום זיין הויז. זי זאל ווי א מלאך לייכטן אין זיין גארטן. זי זאל ווי א דער־שיינונג כשופן און באצויבערן דעם פאטער.

ר' נחמן בראסלאווער איז געווען א זינלעכער מענטש. ער האט פיל געקעמפט מיט זיינע תאוה'ס. אט ווי ער אנאליזירט עס: „דער יצר־הרע איז געגליכן צו איינעם, וואס גייט אום מיט א צוגעמאכטער האנט און קיינער ווייסט נישט וואס ער האלט דארטן. וואס האלט איך? — פרעגט ער פארפירעריש יעדן איינעם, און יעדערער מיינט, אז ער האט אין זיין האנט דאס, וואס אים וואלט זיך וועלן

האָבן. דערפאַר יאָגן זיך נאָך אים אַלע. אָבער שפּעטער, אַז ער עפנט אויף די האַנט, זעט מען, אַז ס׳איז אין איר גאָרנישט דאָ.״

## VI

ס׳האָט יעדער דאָן קיכאָט זיין סאַנטשאָ פּאַנטשאָ. דער ער־שטער — אָנגעצונדענער ריטער, וואָס לייענט קאָסמישע סעקרעטן אויף די זון־אָנגעצונדענע האָריזאָנטן; און דער צווייטער — דער פּשוטער פאָלקסמענטש, וואָס גלויבט דעם טרוימער. ס׳האָט יעדער גרויסער לערער זיין תּלמיד. זיין שמש. און דער וואַגנער פון ר׳ נחמן בראַסלאַווער — איז ר׳ נתן.

ר׳ נתן פאַרשרייבט דעם לערערס מעשה׳לעך און שפּרוכן, עפּיגראַמען און געדאַנקען. נתן זעט, ווי זיין רבי פיבערט און טרוימט. ווי זיין רבי ברענט אין העכערע וועלטן. און לערער פילט אַז אָן נתנ׳ען איז זיין לערע ווי קערנער אויפן וואַסער געוואָרפן. ר׳ נתן גייט דורך די גאַנצע וועלט־געשיכטע. ער פאַרשרייבט די רייד פון קעניגן און נביאים. נתן גייט מיט מיטן אָנגעצונדענעם רבי׳ן אין ארץ־ישראל — דורך ים־שטורעם און ירושלימער גאַסן — נתנ׳ס פּעדער איז תּמיד פייכט — איינגעטונקען אין טינט פון דער נאַכט — כדי צו שרייבן דאָס ליד פון דעם שעפערישן געניוס.

הגם ר׳ נחמן איז פּאָעט, קינסטלער, שעפער — איז דאָס שרייבן אַ צו־נידעריגע זאַך פאַר אים. שרייבן איז אַ פאַרשוועכונג. דער געניוס רעדט, דערציילט, וואַרפט אין ווינט זיינע עלעקטרישע רייד און וויזיאָנען. ער שפּילט און זינגט און טאַנצט. ער איז נביא און אַקטיאָר. ער איז אָריענטאַלישער מעשה־דערציילער און שפּרוך־זאָגער. ער צינדט זיך אָן מיטן מאָמענט און פאַרגייט מיטן מאָמענט. וויפיל נביאים זיינען פאַרלוירן געגאַנגען ווייל זיי האָבן קיין נתנ׳ס נישט געהאַט!

נתן פאַרשרייבט אין די שפּעטע נעכט, ביים ליכט פון אַ דרייער־לעמפּל, די צויבער־מעשה׳לעך פון זיין רבי׳ן.

ר׳ נחמן האָט געליבט זיין תּלמיד, ר נתן שטערנהאַלץ. ווען איינמאָל האָט ר׳ נתן אים באַזוכט, און מיינענדיג אַז ער איז נישט ווילקאָמען צום רבי׳ן, קומענדיג צו אָפּט — האָט ר׳ נחמן אים געזאָגט:

— „איך וויל פאַר דיר פרייל אָזן די וועגן פון שכל, באופן דו זאָלסט זיך מאַכן אַ שפּאַציר אויף די וועגן פון מיינע תורות, אויף דעם זעלבן שטייגער פון איינעם וואָס שפּאַצירט זיך געמיטלעך דורך צימערן פון אַ וואונדערלעכן בנין, פון אַ פּרעכטיגן פּאַלאַץ, און גייענדיג אַזוי פון איין חדר צום צווייטן, שטייגט ער פון עליה צו עליה, פון איין חידוש צו אַ צווייטן גרעסערן חידוש, און נאָך איידער ער באַוויזט איינצוזאַפּן איין חידוש, אַנטפּלעקט זיך פאַר אים אַ צווייטער חידוש, וועלכער שטראַלט אויס אומצאָליגע גרעסערע חידושים, חידוש אין חידוש געקניפּט און געבונדן לויט אַ וואונ־דערלעכן סדר פון טיפער חכמה, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך דעם תכלית פון שיינקייט און כבוד... דו אָבער שפּאַצירסט אויף אָט־די דאָזיקע דרכים ווי אַ גאַסט, ווי אַ פרעמדער, ווי אַ צו שווער בלויז. און איך וויל דאָס דיר אוועקשענקען במתנה עס זאָל טאַקע זיין דיין אייגנטום״...

און רבי און תלמיד גייען צוזאמען אריין אויף אייביג אין דעם אומגעהייערן גאָלד־טויער פון וואָרט־דיכטונג.

## VII

ווי יעדער שעפּפערישער מענטש, שטייט ר׳ נחמן בראסלאווער אין שטוינונג פאַר זיין אייגענער פּערזענלעכקייט. ער ברינט זיך אָפּ די הענט אין די הייסע שטראַלן פון זיין גייסט. ער פלאַמט און מאכט וואונדן אין זיין הארץ פון די פייערן. ער איז ווי א ראַדיום, וואָס ברעכט אָפּ פון זיך שטיקער פייער. ער לויכט און ער ווערט פאַר־ברענט.

ער האָט באוואונדערט זיין אייגענע שעפּערישקייט. זיין אייביגע באנייאונג. יעדער מאָמענט איז באנייאונג. נייע עלעקטרישע כוחות פון שעפּערישקייט שטראָמען אין אים. „ווען איך זאָל פילן אז אין מיין לעבן איז אוועקגעגאנגען איין שעה אין וועלכער איך האָב זיך נישט באנייט, וואָלט איך באדויערט מיין געבוירן ווערן אויף דער וועלט.“

און, אייביגע באנייאונג האָט ער אויך פאָרלאנגט פון פאָלק. יעדער דור מוז צינדן א נייע וויזיאָן. יעדער דור מוז זיין שעפּעריש. די מענטשהייט — איין געניוס. איר לעבן — אלץ נייע מייסטערווערק. צוגלייך מיטן טייער־האַלטן די גייסטיגע ירושה — צינד אָן נייע שעפּונגען. אן אייביק פייערווערק פון געדאנקען, מיסיעס, צילן און צוועקן. קיין מאָמענט רו. קיין סטאַטיק. אזוי ווי די וועלטן זיינען אין ראָטאציע ארום דער זון — איז יעדער מענטש אין עליפּטישן טאַנץ ארום דעם וועלט־גייסט.

דאָס אמת׳ע לעבן פון א שעפּפער — איז ר׳ נחמן בראסלאווער׳ס לעבן.

## VIII

און אויך נאָכן טויט וויל ער האָבן אקטיוויטעט ארום זיך. ער האָט געקענט רוען אין דער הייליגער ארץ־ישראל־ערד. אידן זיינען דאָך אהין געפאָרן שטארבן. אָבער ער וויל ליגן אין אומאַן, וואו זיינע חסידים וועלן קומען און תפילה־טאָן אויף זיין קבר. ער וויל נישט אויפהערן צו זיין רבי. מיט זיין טויט שליסט זיך נישט אָפּ זיין ווירקונג. ער וויל אויך שטראַלן נאָך זיין טויט. (די זון, ווען זי גייט אונטער — לויכט זי דען ווידער נישט אויף אויף אן אנדער טייל פון פלאנעט?) זאָלן די ענטוזיאסטישע חסידים קומען און אין שאָטן פון געדיכטע ביימער — צוזאמען מיט נאכטיגאַלן — זינגען צו די הימלען. טאַנצן מיט זון און מיט מלאָכים און מיט שמעטער־לינג און גייסטער. און דער רבי באהערשט ווי א גייסט זיינע חסידים. קיין גלאַנץ און פּראכט — נאָר דער גייסט פון א „טויטן“ רבי פירט זיי און באלויכט זייערע וועגן...

דער געניוס וויל אריבערלויכטן זיין טויט — אין צייט, אין אייביקייט אריין... ער וויל מיט זיך — ווי מיט פלאַמען — באלויכטן שטיקער מענטשהייט, דורות. וויפיל מענטשן עס לאָזט זיך — אבי זיך נישט אויסצולעשן — ווי א זון, וואָס קוים לויכט זי אין איין טייל וועלט — יאָגט איר דער אומרו צו באלייכטן א צווייטע טייל וועלט — די נאכט, די אורפינצטערניש פון קאָסמאָס צו פאַר־טרייבן...

ר נחמן בראסלאווער — ער איז איינער פון יענער ראסע פון צוקונפטס־מענטשן. אין יעדן דור קומען זיי — ווי אפגעבראכן פון דעם גרויסן זון־פעלז פון דער צוקונפט. זיי באלייכטן מיט זיך די גאנצע וועלט. זייער לעבן איז — פלאם. זיי לעבן אין אן אייביגן עקסטאז. זיי זיינען א טאנץ — אפט א טויטנטאנץ אין אפגרונט אריין...

זיי זיינען די פיאנערן פון א וועלט וואס וועט אמאל רעאליזירט ווערן. א וועלט פון לויטער גאונים. זיי זיינען די פארגייער פון א צייט ווען די ערד וועט באוואוינט ווערן פון לויטער מענטשן פון בריליאנט. זיי קומען און פארגייען — כדי אין א גרויסן טאג ווידער צו קומען און אויף אייביג צו לויכטן...

---

# א גרוס פון פוילן

## (אימפרעסיעס פון מיטינג פון דער דעלעגאציע פון פוילישן אידנטום)

די זון איז פארנאכט פלוצלינג פארגאנגען. איבער ניו־יארקער גאסן לויפט מיט גהינום'דיקער איילעניש א ווינט — ער לויפט כאפן א שטורעם — ער לויפט ערגעץ צו א ליידיקן פעלד כאפן די בליצן. א פלאמענדיקע זעג טוט א בליץ־אויף אויפן הימל — זעגט איבער די געשוואלענע בלויקייט פון א פרומען הימל. וואלקן אויף וואלקן רייטן, ווי געשלעכטס־הונגעריקע חיות. אזוי האט געבליצט אין דער וועלט'ס היסטארישע מאמענטן. אזוי האט געבליצט ווען משה מיט זיין ציטער־דיגער, גיישט־דרייסטער צונג האט פון פייער און נעפל באוויזן די לוחות פון גראניט אויף דעם קליינעם בארג סיני. דו זאלסט נישט טויטן! — לויכטן די העברעאישע אותיות איבער די האריזאנטן. יעדער בוכשטאב — א דור מיט אויסגעשאכטענע אידן. אויף אלע פעלזן פון דער וועלט רינט דאס אידישע בלוט וואלקנבורוכיש. און משה'ס פנים איז צעקרימט און שמערצפול. די איראניע פון דער געשיכטע איז גרויזאם. דו זאלסט נישט טויטן! — דונערט עס איצט פון אלע זיבן הימלען.

און איידעלע, צארטע דאמען ציטערן אין דעם אומהיימלעכן, מורא'דיקן אור־ווינט. זיי ציטערן מיט זייערע זיידענע קליידער אין דעם געבריאזג פון דונער. אין דעם ברעכן זיך ערגעץ־וואו פון פעלזן. ליכט צינדט זיך אן אין איייניקע וואלקנקראצערס. נאר דאס ליכט פון די בליצן מאכט פינצטער דאס מעכאנישע ליכט. דו זאלסט נישט טויטן! — לאמיר זען וואס די פעלקער טוען מיטן דאזיקן געבאט. זינט די צייטן פון ערשטן מארד — פון קין'ס אייזערנע הענט. זינט די צייטן ווען איבער דער ערד טראגט זיך דער איינזאמער גיגאנט — קין, א פארשאלטענער.

עס רעדט דער פּאַרטיזאַן. פאַר דיינע אויגן ציטערן פּוילישע ביימער. עס טריפט טוי פון די אין טוי־געבאָדענע צווייגן. פאַר דיינע אויגן גייען־אויף שטיקער פּוילישע נאַטור — פון דיין קינדהייט — ווען דו האָסט צום ערשטן מאָל דערזען דעם שניי — אַזוי ווי דו האָסט צום ערשטן מאָל דערזען דאָס מיידל. ווען אין דיר קריצט זיך איין אין אַ נאַכט דער לבֿנה׳ס צעשניטן פּנים — ווי מילך־בלאָס. פּוילישע ביימער — פּוילישע ביימער ביי די סטאַוון געבויגן, ביי די וועגן וואָס דרייען זיך קרום און צעשניטן און זומפּיק איבערן פּוילישן לאַנד, וואו דו זוכסט אין ליים די טריט פון דיינע קינדערטע פּיס. וואו עס זיינען פאַרצייכנט די טריט פון טויזנט־יאָריקן פּוילישן איד. עס רעדט דער פּאַרטיזאַן — און יהודה המכבי׳ס פּנים לויכט־אויף, און כמעט קינדיש, מיט טרערן פאַרגאָסן, ציטערט פאַרן דערשאָסן ווערן נפתלי באָטווינ׳ס קליין, אינגלעריש פּנים. עס רעדט דער פּאַרטיזאַן — און אַ קוקו־פויגל פון אַ פּוילישן וואַלד ציטערט־אויף אַ ווערבעל טוט אַ טאַנץ אַרוים — און זיי דערשרעקן זיך, די פּאַרטיזאַנען, די מענטשן וואָס זיינען נאָך טויזנטער יאָרן פון קולטור — צוריק פאַרטריבן געוואָרן אין וואַלד אַריין. מען וואַשט זיך די מיט בלוט־פאַרשמירטע פּנימער ביי אַ פּוילישן סטאַוו. עס ציטערן די כוואַליעס און וויברירן צאַרט. אַן איידעלע פרוי איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין קאַמף — ווי אַ מאַן. נאָר ביים וואַשן זיך אין באַגינען ציטערן אירע ווייסע, מילכדיקע בריסט. אַ פרוי ליגט שוואַנגער אויף אַ בעט פון צווייגן, ווי אין אורוואַלד, אין דזשאַנגל. ווי חוה איז געלעגן, נאָכדעם ווי זי איז אָפּגעבראָכן געוואָרן פון מאַנס ריפּ. עס רעדט דער פּאַרטיזאַן — און קופּערנע מאַסקעס שטייגן אַרויס — פון העלדן. פון העלדן, וואָס זיינען אַריין אין דר׳ערד מיט צעפּלאַמטע פּנימער — און מעדאַלן אויף זייערע פאַרבלוטיקטע ברוסטקאַסטנס האָבן געקריצט די שטערן פון הימל. עס רעדט דער פּאַרטיזאַן — הערט צו די שטימע פון אידישער העלדישקייט. דאָס איז די פאָרטזעצונג פון די העלדן וואָס ווערן געבראַכט אויף די גרויסע בלעטער

* * *

עס רעדט חיה׳לע גראָסמאַן. דאָס דינע מיידל. מיט דעם לירישן קול. עס רעדט אַ פרוי. דו ציטערסט־אויף. די שענסטע טעכטער גייען־אויף פאַר דיר. די טעכטער וואָס זיינען געשטאַנען נאַקעטע אין רייען — אין קאַלטע, ווינטערדיקע טעג — כדי צו וואַרטן אויפן גאַז פון די גאַז־קאַמבערס. כדי קרעמירט צו ווערן. איידעלע, אידישע מיידלעך, פון די אַלטפּרענקיש־פּוילישע שטעט; בלומען פון גריכנלאַנד און בולגאַריע; טעכטער בליענדיקע פון פּאַריז און פון וואַרשע; זיי זינגען די „התקוה" און דעם „אינטערנאַציאָנאַל". עס רעדט די שטימע פון די אידישע פרויען — פון רחל׳ס שוועסטער. ווי עס נעמט דיך דורך איר קול! זי רעדט — און דו הערסט פאַרצווייפלטע געשרייען. דו זעסט די דורות וואָס זיינען פאַרפלאַמט געוואָרן אין די טראַכטן פון די אידישע פרויען. דו הערסט ווי אַ שטימע פון יענער וועלט — אידן: נעמט נקמה!

און פּלוצלינג טיילט זיך אָפּ פון די מיליאָנען אידן אַ קליין

מיידל — מיט אַ ליבן פּנימל — דו דערקענסט דיין ערשטע געליבטע. דו ציטערסט־אויף — זי קוקט צו דיר — זי ווערט זיך — אייזערנע הענט גרייפן איר און פאַרשלעפּן צום קרעמאַטאָריום. דו ציטערסט־אויף! זי האָט דיך גערופן ביים נאָמען: ראַטעוועט מיך! נקמה!

חיה'לע גראָסמאַן רעדט. עס ריידן דיינע שוועסטער. די כלה־מיידלעך. עס רעדט די גרויסע אידישע מאַמע, וועמענס ליבע צו אירע קינדער איז גרעסער ווי די ערד און דער הימל צוזאַמען.

* * *

עס רעדט דער החלוץ. עס גייט־אויף אַן אָרעמע פּוילישע שאָפּע. די שענסטע מיידלעך פון פאָלק — די שענסטע בחורים — פאַר־זאַמלט. דאָס קליינע פעלד שפּראָצט שוין מיט די ערשטע גרינע בלעטלעך פאַרזייטע. די זון וואַרפט פלעקן פון גאָלד און זילבער איבער דער ערד. די צווייגן ברעכן איבער דאָס גאָלד פון דער זון. אידישע מיידלעך זינגען. עס רעדט דער חלוץ. זיי זיינען אַלע אוועק אין קרעמאַטאָריום. זיי זיינען פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע חלוצישע לידער. זיי זיינען אַלע אומגעקומען אין די פלאַמען.

עס רעדט דער חלוץ — ער איז געקומען אַנזאָגן, אַז אַלץ איז פאַרשוואונדן. שטעט זיינען אַראָפּ צום גרונט, ווי אַ בייזער חלום. גאַסן האָבן אוועקגעמאַרשירט, און צוריקגעקומען — רואינען. ישובים זיינען, ווי נאָך אַ שטורעם — אָפּגעמעקט געוואָרן. דער רוצח האָט דאָס וויגל און דאָס קבר פאַרניכטעט. ער האָט צוזאַמען מיט דער ערד אָפּגעריסן הייזער און מענטשן און זיי געשיקט אין גהינום. — און דער הימל איז געווען אידיליש־בלוי. די זון האָט געשיינט. ס'האָבן, ווי אין די לירישע לידער, געזונגען די פייגל. עס האָבן זיך געשמעלט טעג — מייסטערווערק. די נאַטור איז אַנגעגאַנגען מיט איר שיינקייט. מיט איר גרויסן אָרגל־שפּיל. שוין לי־טאַי־פּאָ, דער כינע־זישער פּאָעט מיט פינף טויזנט יאָר צוריק — זינגט וועגן בלוטיגע מלחמה און דעם זילבערנעם קאַרשנבוים און דער בלום'ס פאַרפיום.

* * *

עס ווערן אויסגעלאָשן די ליכט. דער חזן ירדני ציטערט־אויף אין אַן אל מלא רחמים. דו האָסט ביז איצט געהערט קדיש איבער אַן איינציגלנעם. דו האָסט געהערט טריפן אַ קאַפּיטל תהילים פאַרן אָרון פון אַ מת. איצט הערסטו איבער מיט גראָז־פאַרצויגענע קברים דעם אל מלא רחמים.

דאָ לעשן זיך אויס די ליכט. כוואַליעס פינצטערניש — וואָלקנס חושך — הילן איין די ריזיקע מאַסע. דער חזן ציטערט מיט זיין שטימע אין דעם שוואַרצן קאָסמאָס. דאָס איז אַן אל מלא רחמים איבער מיליאָנען. עס דאַכט זיך, אַז אַ ים גיסט זיך איבער דיר אַרי־בער. עס פאַלט איבער דיר דאָס געביין פון מיליאָנען. אַ גהינום עפנט אירע פלאַמענדיקע פאַרטאַלן און דו דערזעסט מיליאָנען. עס ציטערט דעם חזנ'ס שטימע. אַ ים טריקנט אויס — און דאָס בעט פון ים איז דאָס קבר פון די מיליאָנען. דו שטייסט געבויגן ביים ראַנד — דו קוקסט אַראָפּ איבער חורבן פון מענטשן און ישובים.

דאָ ליגן שטעט באַגראָבן און פאַרוויסט. דאָ ליגן די מאַסן אידן און זייערע דיכטער. דאָ ליגן די אידישע שטעט, און זייערע זינגער און נאָך־גרימירטע אַקטיאָרן. דאָ ליגן די טענצער און די בדחנים. דאָ ליגן די כלות און די חתנים און די שדכנים. דאָ ליגט צו אַש אַ גאַנץ פאָלק: און ווי איין משפחה שטייען ביים ראַנד פון וועלט־קבר — אַלע אידן פון אַלע פיר זייטן פון דער וועלט.

איך קען זיי גוט — די דאָזיקע אידן. איך האָב זיי געזען ביים באַרג סיני — אַנטפאַנגען דאָס גרויסע פייער־קינד — די תורה. זייערע פּנימער האָבן געציטערט ביים דונער און ביים בליץ. איך האָב זיי געזען ביים ברענען פון דעם עגל — ווען פרויען האָבן זייערע גאָלדוואַרגן געוואָרפן אין די פלאַמען. זייערע פּנימער זיינען צע־בויגן געוואָרן פון שמערץ. איך האָב זיי געזען ביי דעם טומל אין ירושלים, ווען נביאים האָבן געשליידערט זייערע אייזערנע רייד. די דאָזיקע אוראַלטע פּנימער — זיי שטייען איצט ווידער פאַר זייער קאַטאַסטראָפע. און ווילד איז זייער טרויער און זייער שמערץ — דער שמערץ פון דעם אייביקן איד — אומפאַרגענגלעך דורך די צייטן פון דעם פּנים פון דער ערד.

* * *

שפּעט ביינאַכט גייסטו אַהיים — געהילט אין וואָלקנס. איז די וועלט צוריק וועלט? לויכטן די פענצטער פון הייזער נאָך אַלץ? לויכטן גילדערנע ברויטן אין אַ בעקעריי־פענצטער? גייען אַ מאַן און אַ פרוי נעאָרעמט? ציטערט אַ מעלאָדיע אין דער נאַכט? איז עס מעגלעך, אַז די וועלט נעמט אַזוי טויב און שטום אויף אַ גיגאַנטישע טראַגעדיע? — — —

עס רעדט דער פּאַרטיזאַן — עס רעדט דער החלוץ — עס רעדט דער אינטעלעקטואַל — עס ריידן פאַרטייען — עס ריידן אַלע פון אַ אידנטום, וואָס איז געווען און איז מער נישטאָ.

און, הערט איר זיך אַלע צו אויפמערקזאַם? זעט איר ווי זיי ברענען נאָך מיט די פייערן פון פוילישן אידנטום? ווערט איר נישט אַרויסרייסן אַ באַרג פון דר׳ערד — זיי צו לעשן? ווערט איר נישט אין אַ ים פון טרערן פאַרלעשן די ברענענדיקע אידן? דאָס פייער פלאַקערט פון זיי — אַט באַרירט עס דיך — אַט נעמט עס דיך אַרום.

* * *

און ווען איך קום אַהיים, לייכטן פון אָפענעם תנ״ך — פון תהילים — די ברענענדיגע רייד:

**נ. ט.—פאַר דעם געזאַנג מייסטער ; אַ מזמור פון דודן.**
**די הימלען דערציילן דעם כבוד פון גאָט,**
**און די ווערק פון זיינע הענט זאָגט דער הימלוועלב אָן.**
**אַ טאָג צו אַ טאָג רעדט אַ וואָרט,**
**און אַ נאַכט צו אַ נאַכט גיט צו וויסן,**
**ניטאָ אַ וואָרט און ניטאָ קיין געשעעניש,**

וואו זייער ווידערקול ווערט ניט געהערט;
איבער דער גאַנצער וועלט גייט אַרויס זייער קלאַנג,
און ביז עק וועלט זייערע רייד.

נישטאָ קיין זאַך וואָס גייט פאַרלוירן פאַר די אויגן פונם אַל־מעכטיגן. גאָט ווייסט פון דעם אומקום פון אידישע קינדער — גאָט וועט באַצאָלן די פעלקער. אונזער גאָט האָט אַ גרויסע מעלה — ער נעמט נקמה. און זאָל די נקמה קומען וואָס שנעלער! זאָל דער פיין פון אייניאיינציק קינד — אין קאַנוואולסיע פון גסיסה — נישט פאַרלוירן גיין אונטער דיינע הימלען, גאָט! צו דיר רופן מיליאָנען קרבנות! נקמה! נקמה פאַר די מיליאָנען יאָרן וואָס זיינען פון אונדז — מיליאָנען אידן — גערויבט געוואָרן! נקמה!

ניו־יאָרק, 12־טער יוני, 1946.

# יוסף מ. לעווינסאָן

## (צו זיין ערשטן יאָרצייט)

איך ווייס ניט פאַרוואָס איך האָב זיך פלוצלינג דערמאָנט אין דעם זשורנאַליסט יוסף מ. לעווינסאָן. און ערשט איבער גאַנצע צוועלף לבנות נאָך זיין טויט. עס שטאַרבן אין אונזער צייט אַזוי פיל מענטשן. וואָס גרעסער עס ווערט די מענטשהייט, אַלץ מער מענטשן שטאַרבן. די מענטשהייט איז ווי אַ ים. און גאַנצע ריזיגע כוואַליעס רייסן זיך אָפּ פון דעם ים פון לעבן און גייען צו־גרונט. זינקען צום בריליאַנטענעם גרונט פון ים. מיליאָנען מענטשן ווערן ברוטאַל פאַרניכטעט. טאָ צו וואָס זיך דערמאָנען אינם טויט פון איינעם אַ זשורנאַליסט, בפרט נאָך פון איינעם, וואָס איז ניט דווקא געווען פון די סאַמע גלענ־צענדיקסטע.

און דאָך... דער דיכטער דערמאָנט זיך דאָס, וואָס אַלע האָבן ליב צו פאַרגעסן. עס איז אין די איינזאַמע און פאַרשעמטע, אין וועלכע ער דערמאָנט זיך. עס איז אין די צעבראָכענע און שטומע, וועלכע דער דיכטער טוט אָן יאָרן שפעטער — צייטן שפעטער — אין אַ וואָרט, אין אַן ערלעקין־מאַנטל פון טראַגישע און הערשאישע פראַזן. דער פלייץ פון צייט ברענט איבער העלדן. זיי ווערן ווידער־געבוירן צו אַ ניי לעבן.

יוסף מ. לעווינסאָן האָב איך צום ערשטן מאָל געטראָפן אין לאָס אַנדזשעלעס. עס איז געווען אַן אָוונט ביי דער דיכטערין ברכה קודלי אין הויז, לכבוד ה. לייוויק, וואָס האָט דאַן געוויילט אין קאַליפאָרניע. עס איז געווען אַ טראַפישע נאַכט. רעדעס זיינען געהאַלטן געוואָרן. איך האָב ליבערשט צו קוקן אויף מאַסקעס, ווי צו הערן רעדעס. רעדעס קען מען מאַסקירן און פודערן מיט פיינע רייד און זיסע גע־ווירצן. מען קען אָבער דאָס מענטשלעכע פנים ניט מאַסקירן. אין דער טראָפיש־פייכטער, הייסער נאַכט קענסטו דאָס פנים ניט שענער אָדער מיאוסער מאַכן. די צייט האַקט אויס, ווי אין מעטאַל, די געשיכטע פונם מענטש. יעדער מענטש איז אַ פאַרטרעט פון זיין לעבן. און, טאַקע נאַכדעם ווי איך האָב געהערט פילע רעדעס, האָט מיך געצויגן צום קליינעם גאָרטן. צום כישוף פון פאַספאָרישע זשוקלעך, אַזוי ווי

די לאמטערנעס פאר די זעלן, וואס צינדן זיך פלוצלינג אן און לעשן זיך שנעל אויס. עס האט מיך געצויגן צו דער פייכטער שאטנדיקייט פון פלאנצן פארהילט אין שטיקער וואלקנוואטע. צו דער לבנה, מיט איר צעשניטן געזיכט, ווי א גענגסטערס פנים — דער עדות פון ליבע אויף דער ערד פאר די לעצטע פאר טויזנט יאר. און צווישן קליינעם פובליקום זיצט יוסף מ. לעווינסאן, זיצט מיט זיין בלייך פנים און מיט זיין הויקער. אויפן ערשטן מאמענט טראכט איך פון דעם איטאליענישן גראף, דזשיאקאמא לעאפארדי, וואס האט די גאנצע וועלט אפגעפארבט אין זיין טרויער. אין דעם קאליר פון זיין טרויעריק לעבן.

יוסף מ. לעווינסאן האט שטארק געליובט מיינע אן עסיי איבער אוספענסקי'ס מאטעמאטיש-מיסטיש ווערק „טערציום ארגאנום". ער האט א סך געלייענט פון דעם, וואס איך האב געשריבן. ער האט געהאט א מאדנע פארלאנג צו רעדן וועגן זיך. און צווישן אנדערן דערציילט ער מיר וועגן א געליבטע, וואס לאזט אים ניט אוועק פון לאס אנדזשעלעס. דאס איז א אינגע, בלענדעדיק-שיינע איטאליענערין... וועלכע איז אין אים פארליבט. איך האב פארשטאנען, אז דעם מאדעל פון א געליבטע האט דער זשורנאליסט ארויסגעגנבעט פון א בוך פון קונסט-געשיכטע. פון איינע פון די פרעכטיג'ע און גאלד-געמאלטע פארטרעטן פון זשירלאנדאיא אדער קארדוטשי, צי גאר פון פרא אנדזשעליקא אדער קארפאטשא; יענע פרעכטיקע מאלערס פון רענעסאנס, וואס האבן געמאלן זייערע מאדאנאס פאר די קירכן פון די טעכטער פון פאלק — געפארבטע אין דער רייכער און קאנצענטרירטער זון פון זייערע גרויסע טעג... ווארים וועלכע לעבעדיגע איטאליענערין וועט זיך פארליבן אין א אידישן זשורנאליסט, וואס ארבעט אין דער קאליפארניער „אידישע שטימע" און בארימט זיך מיט זיין קארעספאנדענץ מיט ניו-יארקער בארימטע שריפטשטעלער און רעדט וועגן דער פון ליבע שטארבנדיגער מאנא ליזא, וואס לאזט אים ניט אוועקפארן פון דער שטאט פון מלאכים?!...

עס זיינען אדורך עטלעכע יאר און איך האב לעווינסאנען ניט מער געזען. דורך דער צייט האב איך געלייענט זיינע ארטיקלען וועגן מוזיק. און איך האב דערקענט, ווי דער דאזיגער זשורנאליסט, וואס ווערט דורך זיין הויקערס געוויכט געצויגן צו דר'ערד — יוסף מ. לעווינסאן האט געהאט א סך קראנקהייטן. שטענדיג פלעגט ער קרענקען, באזיצנדיג קראנקהייטן וואס זיינען רעזולטאטן ווי אזוי אים ציט אין דער אמתן צו די הימלען. ווי אזוי ער פארגעסט זיך אין מוזיק. און איינמאל איז מיר באזונדערס געפעלן זיינס אן ארטיקל וועגן בעטהאווענס „די ניינטע סימפאניע". איך האב שטארק הנאה געהאט פון דעם.

אין ניו-יארק האב איך יוסף מ. לעווינסאנען געטראפן אין „קאפע ראיאל". דארט איז געווען זיין אפרו-פלאץ און זיין היים. ער איז געווען א דזשענטלמען און ער פלעגט איינלאדן צו טרינקען א ביר אויף זיין חשבון... דארטן פלעגט ער זיצן און טרוימען וועגן דער איטאליענישער בעאטריטשע... און דא פלעגט ער דערציילן אלערליי וויצן וועגן אקטיארן. ער האט גוט געקענט דאס

הינטער־די־קוליסן־לעבן פון טעאַטער. ער האָט געדענקט די גאַלאַקסיע פון די קעניגלעכע העלדן — אַדלער, מאַגולעסקאַ, מאַשקאָוויטש, טאָמאַשעווסקי. און בשעת האָט האָט דערציילט די פּיקאַנטע עפּיזאָדן, די גראָטעסקע וויצן, די סאַרדאָנישע סצענעס — האָבן זיך אין „קאַפע ראָיאַל" אַרומגעדרייט די אַקטיאָרן, די טרויעריקע, די פאַרעלטערטע אַקטריסעס, דער גאַנצער אַנסאַמבל פון אידישן וועלט־טעאַטער. און גייסטער פון פאַרשטאָרבענע שריפטשטעלער און אַקטיאָרן האָבן דאָ אויפגעבליצט. ווי געזאָגט, יוסף מ. לעווינסאָן האָט זיך דאָ אויסגעלעבט באַהעמיש.

געוואוינט האָט ער אין פאַרשיידענע האָטעלן. און איינמאָל האָט ער מיך און נאָך אַ קאָלעגע איינגעלאַדן פאַר אַ טרונק. עס איז געווען אַ גרויס, אָבער אַ טונקעל צימער. אויף אַ געקאַלעכט־שפּינוועבסטיגער וואַנט איז געהאַנגען אַן אָפּגעבלאַקירטער פּאָרטרעט פון אַ דאַמע. די דאַמע האָט עפּעס געשמייכלט, אַזוי ווי אַ היימישע פּרימאַדאָנע פון דער „ראָיאַל". געשמייכלט צו לעווינסאָנען. אירע פאַנאַנדערגעלאָזטע רויטע האָר זיינען געווען שטאַרק אָפּגעריבן. זי האָט געטראָגן אַ זיידן קלייד, אַזוי ווי זי וואָלט זיך גרייטן גיין צו אַ „דענס". און מיר איז איינגעפאַלן, אַז דאָס איז זי, בעאַטריטשע, אָדער מאָנאַ ליזאַ — די אויסגעטראַכטע כּלה זיינע — די הייסע איטאַליענערין...

פון אַן אַלטן, דורך מילבן אויפגעגעסן שענקל האָט לעווינסאָן אַרויסגענומען אַ געלע פלאַש מיט ווייַן. דער קליינער גאָלד־געמאָלטער פּאַפּיר אויפן פלאַש האָט געהאַט אַ „פּענסי" נאָמען, פון זוניקער איטאַליע. „רובי־פּאָרט" — איז געווען זיין אונטערטיטול... און „רישעליעי" — זיין הויפּט־נאָמען... פּראָדוצירט, ווי געזאָגט, אין טיציאַנס און ראַפאַעלס גילדערנער מדינה. לעווינסאָן האָט אויסגעזוכט אַ גלעזל, וואָס ער האָט געריבן מיט זיינע בלאַסע פינגער. ווען מיר האָבן, לויט דער ריי, געטרונקען „לחיים" — איז לעווינסאָן געווען בגלופין און ער האָט פאַרבענקט געקוקט צו דער גילדערנער, אָפּגעבלאַקירטער דאַמע... איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער וויל עפּעס זאָגן וועגן דער לאַס אַנדזשעלעסער זינגערין, וואָס האָט, לויט אים, אַמאָל געזונגען אין דער „לאַ סקאַלאַ"...

איינמאָל, דאָס איז געווען אין לעצטן זומער פון זיין לעבן, האָט לעווינסאָן מיך איינגעלאַדן צו גיין צוזאַמען אין לואיסאָן סטיידיום. עס האָט דאָן געשפּילט „קאַרמען". עס איז געווען אַ טינט־בלויער אָוונט, פון סוף יולי. דאָס פּובליקום אויף די שטיינערנע בענק, אין פאַרביגע בלוזקעס און העמדער, האָט אויסגעזען ווי אַ פאַנטאַסטיש־באַוועגלעכער גאָרטן. פרויען און מענער, ס'רוב יונגט, האָבן געשאַפן דעם רייכן, בונטן גאָרטן. קאַרמענסיטאַ — אינם פייער־רויטן קלייד, די לײדנשאַפטלעכסטע פרוי אין דער וועלט — האָט זיך באַוועגט אויפן הינטערגרונט פון דער בערג־דעקאָראַציע, ווי די לבנה צווישן די וואָלקנס. אין דער יוליגער נאַכט האָבן געבלענדט די פאַרבן און די בליטן פון די באַסקישע העלדן. דער הימל — די האָריזאָנטן — זיינען געווען אַ נאַטירלעכע דעקאָראַציע צום באַסקישן לאַנד. איך האָב געטראַכט פון פּראָספּער מערימעי, וואָס האָט קיינמאָל אין זיין

לעבן ניט געשמייכלט, כדי ניט אויפצוזוען לעכערלעך.

פראַספּער מערימעי, וואָס איז געווען אינטעלעקט, מיניסטער, דיפּלאָמאַט, אַרכעאָלאָג, היסטאָריקער, עסייאיסט, פריינט צו דער קעניגין, איינזאַמער בחור — האָט צו דער איבערראַשונג פון אַלעמען גאָר געשאַפן אַזאַ רייך־פאַרביגן ראָמאַנס פון ליבע און אַדוועניטיור, ווי קאַרמען... און איך האָב געזען ווי יוסף מ. לעווינסאָן, לעבן מיר, זיצנדיג אויף דער שטיינערנער באַנק, ווי אַ גריך פון די צייטן פון אַריסטאָפאַנעס — האָט זיך געבאָדן אין די גאָדיכטע און בונטע טענער־פלאַמען פון ביזעי...

זומער־ און ווינטער־וועטערן יעדעס מאָל האָט מען אויפגעגעבן זיין לעבן — אָבער פלוצלינג פלעגט ער ווידער דערשיינען אין די „ראָיאַל״ און אין גוטמוטיגן טאָן דערציילן ווי אַזוי ער איז אַנטלאָפן פון טויט... מיט וועלכער סאַרדאָנישער סאַטיספאַקציע ער פלעגט דאָס דערציילן! און ווען ער איז טאַקע אין די „ראָיאַל״ איינמאָל געפאַלן פון אַ פּאַראַליזש־אַטאַקע און מען האָט אים גענומען אַ שווער־קראַנקן אין דערבייאיגן בית־ישראל־האָספּיטאַל, האָט קיינער מער ניט געגלויבט, אַז דער שטאַרבנדיגער לעווינסאָן — שטאַרבנדיג זינט זיין געבורט אָן — וועט טאַקע שטאַרבן. ווייל יעדעס מאָל פלעגט ער דאָך אַנטלויפן, ווי פון אַ שרפה, אָן אָפּגעשרפהטער... נאָר דאָס איצטיגע מאָל איז, ווייזט אויס, ניט געווען קיין טשאַנס...

און עס איז געווען אין אַ גרויען, שנייאיגן טאָג, ווען לעווינסאָן איז געשטאָרבן, צו דער אומהיימלעכער איבערראַשונג פון זיינע גוטע פריינט (אויב ער האָט אַזעלכע געהאַט). און ווי נאָר דער הויקערדיגער יוסף מ. לעווינסאָן איז באַגראָבן געוואָרן, האָט דער פאַלנדיגער שניי אים צוגעדעקט, ווי אַ גאָדיכטער, ווייסער קאָנפעטי, אויפן גרויען, טרויעריגן באַל... עס האָבן אים באַגלייט דער באַאַמטער פון פיונע־ראַל־הויז, די צוויי באַגרעבער זיינען פלוצלינג אויסגעוואַקסן אויפן בית־עולם, מיט פאַרזשאַווערטע רידלען און — מאַנאַ ליזאַ, די איטאַ־ליענישע זינגערין, וואָס איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען פונם ווינטש־לאַנד — פון לעווינסאָנס אויסגעטראַכטן קעניגרייך — כדי אים צו באַגלייטן מיט אַ געבראָכן האַרץ... און ס'האָט דעם גאַנצן טאָג געשנייט, ·דעם גאַנצן ווינטער — אַזוי ביזן פרילינג, ווען די זיסטע טענער קלינגען ווידער אויף איבער דער שיינער און טרויעריקער ערד... טרויעריק, יעדנפאַלס, פאַר אַזעלכע איינזאַמע און אומ־גליקלעכע מענטשן ווי יוסף מ. לעווינסאָן איז געווען.

נאָר צו זיין קרעדיט מוז אומבאַדינגט געזאָגט ווערן, אַז ער האָט זיין טרויער קיינעם ניט אָנגעוואָרפן, אַז ער איז אויף קיינעם ניט געפאַלן צו לאַסט און אַז ער האָט פון זיין לעבן, ווי מען זאָגט, געזוכט צו מאַכן „די בעסט״ און אַז אַפילו נאָך זיין טויט איז ער אומגעהויער באַשיידן און ער פאַרנעמט אויפן גרויסן פלאַנעט אַ זייער קליין קבר — אין פאַקט — דאָס קבר פון אַ קינד...

ניו־יאָרק, יולי 18, 1946.

# ליטעראַרישע נאָטיצן

## גאַבריעלאַ מיסטראַל

א פריינט האָט מיר צוגעשיקט אַן אויסשניט פון א צייטונג וועגן א רעדע וואָס די טשילעאַנישע פּאָעטעסע, גאַבריעלאַ מיסטראַל, האָט געהאַלטן פאַר אַן אָרגאַניזאַציע פון פרויען אין דער אַמעריקאַנישער הויפּט־שטאָט פון די פּרעזידענטן. גאַבריעלאַ מיסטראַל, וועמענס נאָמען קלינגט זייער איידל און פּאַסט פאַר א פּאָעטעסע, האָט געווידמעט איר רעדע צו די ליידנדע קינדער פון גריכנלאַנד און איטאַליע, וואָס זי האָט געזען אויף איר רייזע קיין שוועדן, ביים אָפּנעמען דעם נאָבל־פּרייז.

איך האָב נאָך ביז איצט ניט געלייענט די פּאָעזיע פון גאַבריעלאַ מיסטראַל, וואָס איז אָריגינעל אין דער שפּאַנישער שפּראַך. איך צווייפל צי זי איז פיל איבערזעצט געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן. אָבער דאָס וואָס זי האָט שפּעטער גערעדט אין שפּאַניש, פאַר אירע פריינד — וועגן דער פונקציע און ראָלע פונם פּאָעט — הגם ניט קיין נייס פאַר די לעצטע פאַר טויזנט יאָר — איז געווען אין גייסט פון א פּאָעט. זי האָט געזאָגט אַז דער פּאָעט איז די שטימע פון שטומע זאַכן — פון שטיינער, פון בלומען, פון בערגלעך, פון טאָלן, פון מענטשן, וועלכע קענען אַליין ניט אויסדריקן זייערע געפילן און שטימונגען, זייערע איבערלעבענישן און וויזיאָנען. עס איז דער פּאָעט וואָס גיט זיי זין און אויסדרוק. עס איז דער פּאָעט וואָס גיט זיי זיין שטימע און ברענגט זיי צום פאַרשיין.

קיין נייעס ניט אין די דאָזיקע ווערטער. אָבער עס איז נייטיק זייער אייביקע אַקצענטירונג. דער פּאָעט איז די שטימע פון די שטומע זאַכן. און מען טאָר נישט פאַרגעסן אַז בלויז דער מענטש איז פון גאָט פאַרשאָלטן אָדער געבענטשט געוואָרן מיט שפּראַך, מיט לשון. בשעת די גאַנצע אומגעהויערע נאַטור שווייגט אין א שטומען און קאַלטן שווייגן. די נאַטור ווערט דערשטיקט אין שווייגן. און וויפיל מענטשן קענען אפילו קיין וואָרט ניט אויסריידן. וויפיל טראָגן פעלזן אויף זייערע הערצער און קייטן אויף זייערע גלידער. בלויז ווייניק מענטשן קענען זיך אויסדריקן ווי די נביאים, ווי ישעיה און משה און מילטאָן. די מערסטע מענטשן קומען אום, גייען אין דר'ערד — מיט שטומע, צעבראָכענע פּנימער. זיי ווערן פאַרלוירן אין קאַמף. אין געשלעג מיטן שיקזאַל. און אויך דאָס ריידן, דער אויסדרוק פון דער נאַטור — דאַרף מען פאַרשטיין און אויסטייטשן. דער פּאָעט שטייט אויף דער גרענעץ פון פעלקער און קולטורן. פון אימפּעריעס און ציוויליזאַציעס. דער פּאָעט איז די האַרפע, צו וועמענס סטרונעס עס ציען זיך דורשטיקע די שטומע, די פּאַראַליזירטע, די איינזאַמע, די פאַרשעמטע, די באַליידיקטע פון דער ערד. דורות ציען זיך צו אים — צו זיין דער טראָמפּעט פון זייער קאַמף און צער און זייערע אידעאַלן און שטרעבונגען.

גאַבריעלאַ מיסטראַל האָט דערציילט, אַז איינמאָל איז זי געזעסן

אין אַ גאָרטן און זי האָט אָבסערווירט אַ שפּין וואָס האָט געוועבט (געשפּונען?) אַ שפּינוועבס־בריק צווישן די צווייגן פון צוויי ביימער. דער שפּינוועבס איז געווען צו דין צו באַרירן. אַפילו צו דין אים צו באַמערקן. און דאָך האָבן זיך באַוועגט אויף דער ציטערנדיק־בונטער ליניע מיקראָסקאָפּישע וועזנס — די איינציקע פאַרבינדונג צווישן די צוויי ביימער...

דער פּאָעט איז דער זיידענער באַנד — די זילבערנע בריק — וואָס פאַרבינדט פעלקער און קולטורן. גאַבריעלאַ מיסטראַל האָט רעכט! דער פּאָעט איז די שטימע פון דעם לעבן אויף דער ערד — אויף די פּלאַנעטן — אויף די שטערן. דער פּאָעט איז די בריק צווישן מענטש און מענטש — צווישן פּאָעט און פּאָעט — צווישן פאָלק און פאָלק. דער פּאָעט — דאָס איז די איידלסטע און וויכטיקסטע סאָציאַלע מיסיע.

טייל פעלקער ווייסן שוין פון לאַנג דעם ווערט און באַדייטונג פונם פּאָעט. און טייל פעלקער ווערן עס קוים געוואויר...

ניו־יאָרק, אויגוסט, 22, 1946.

## דער מאָדערנער דיאָגנעס

די טעג האָב איך געקראָגן צוגעשיקט אַ פּראָספּעקט וועגן אַ בוך מיטן טיטול:

"Why Work or the Coming Age of Leisure and Plenty,' by Roger Payne.

איך לייען אין פּראָספּעקט אַז דעם מחברס פילאָזאָפיע באַזירט זיך אויף די לערעס פון דער קלאַסישער גריכישער פילאָזאָפיע. אויך אויף טאָראָ, דעם אַמעריקאַנער שריפטשטעלער, מאָראַל־פילאָזאָף, אַנאַר־כיסט און איינזאַמער דאָרפס־מענטש. דער אופן ווי אַזוי ראַדזשער פּעין לעבט איז אַזוי ענלעך צו דעם לעבנס־אופן פון דעם אַלטן גרי־כישן ציניקער־דענקער, דיאָגנעס, אַז מען רופט אים אָפּט „דער מאָדערנער דיאָגנעס". אַזוי ווי דער גריכישער פילאָזאָף, האָט ראַד־זשער פּעין פאַרבראַכט אין דער וועלט אַלס אַ היימלאָזער וואַנדערער. (מיר דאַכט אַז דאָס וואָרט „היימלאָז" האָט פאַרלוירן זיין באַדיי־טונג צוליבן אַזוי פיל עס באַנוצן. היימלאָז מיינט — אַ מענטש וואָס האָט ניט קיין היים). ער טראָגט אַרום מיט זיך אַ „ראַניעץ" מיט עט־לעכע קיך־טעפּלעך און לעפל־מעסער און אַ „בעג" אויף אונטערצו־לעגן אונטערן קאָפּ. זיינע מאָלצייטן גרייט ער צו ביי אַ קעמפּ־פייער. ער שלאָפט אונטער טוי־פייכטע ביימער אָדער אונטער די פּאָרטי־קאָס פון טעמפּלען אָדער שולן.

זיין לעבן לעבט ראַדזשער פּעין, קודם כל, כדי צו באַפרידיקן זיין אייגענעם לעבנס־נוסח. כדי צו לעבן פּשוט און מענטשלעך. און כדי צו אילוסטרירן די אידייע אַז עס איז ניט נייטיק צו זיין אַ שקלאַף און אַרבעטן שווער די גאַנצע פרייע צייט, כדי צו קענען עקזיסטירן. ער באַווייזט, אַז מיט דער אַרבעט פון איין לאַנגן, ליכטיקן טאָג קען מען זיך מפרנס זיין די גאַנצע וואָך. די איבעריקע שיינע טעג אויס־נוצנדיק צו לייענען פּאָעזיע, צו קוקן צו די אוצרות פון דער נאַטור,

צו לערנען פון ווייזע מענטשן און צו לערנען אַנדערע מענטשן וואָס מען האָט אָנגעזאַמלט פון אוצר פון וויסן אין דער וועלט.

א פרייער, שיינער מענטש קען זיין צייט פאַרברענגען אין רעפלעקציע איבער דער פאַרגאַנגענהייט. אין טרוים איבער דער צוקונפט. ער קען שטודירן קונסט און פילאָזאָפיע און מעדיטירן אונטער א האָניק-ברוינעם בוים, ווען די זון שטערט דעם רואיקן געמיט מיט אירע שאַרפע שטראַלן.

ראַדזשער פעין דענקט אַז אין אונזערע צייטן, מיט דעם פּראָגרעס פון דער טעכניק, מיט אירע מאָדערנע אינדוסטריעלע מאַשינען, וואָלטן מיר געקענט פּראָדוצירן ניט נאָר די סאַמע נייטיקסטע זאַכן פאַרן מענטשלעכן געברויך, נאָר אויך וואָלטן מיר געווען אימשטאַנד צו שענקען דער מענטשהייט קאָמפּאָרט און לוקסוס, מיט א פאַרשווענדונג פון זייער ווייניק מענטשלעכער אַרבעט און כוח, אויב נאָר מיר וואָלטן זיך באַנוצן מיט דער זעלבער אינטעליגענץ צו אָפּערירן די פּראָדוקטיווע מעכאַניזמען — ווי מיר האָבן זיך באַנוצט פאַר זייער אַנטוויקלונג.

נישט קיין שלעכטע געדאַנקען. דורך אַלע צייטן זיינען געווען מענטשן וואָס האָבן פּראָפּאַגאַנדירט די דאָזיקע אידעען. דער מענטש וואָס אַרבעט שווער א גאַנצע וואָך, מאַכט אייגנטלעך נישט רייך זיך אַליין — ווייל ער בלייבט אַן אָרעמאַן און א שקלאַף דאָס גאַנצע לעבן. ער אַרבעט אין דער אמתן פאַרן פּראָפיט פון זיין אונטערנעמער, זיין מייסטער—ער שאַפט מיט זיין שווערער מי און אַרבעט — רייכטום פאַר אַנדערע. דאָס איז ניט קיין נייער געדאַנק. אַפילו נאָך פאַר קאַרל מאַרקסן האָבן עס מענטשן געוואוסט. און די געשיכטע ווייסט צו דערציילן פון א סך מענטשן, ביז צו די צייטן פון דיאָגענעס, וואָס האָבן אַרויסגעזאָגט דעם דאָזיקן געדאַנק. עס איז נאָך גוט וואָס אין יעדן דור געפינט זיך א „משוגענער", וואָס חזרט איבער די אַלטע תורה. עס איז גוט וואָס די דיאָגענעסעס גייען ניט פאַרלוירן. זיי גיבן איבער זייערע געדאַנקען בירושה צו דרייסטע מענער. דיאָגענעס האָט געהאַט די חוצפה צו ווייזן דעם גרויסן אַלעקסאַנדער פון מאַקעדאָניע, וואָס האָט געוואָלט איינשלינגען די גאַנצע וועלט, אַלע אירע פעלקער, קולטורן, רייכטימער — אַז ער וויל פאַר זיך גאָר נישט. בשעת דער פיבערישער קעסאַר האָט זיך געטראָגן אין מאַכטוואַנזין איבער שטעט און לענדער, שטירצנדיק דינאַסטיעס און מלוכות, האָט דיאָגענעס געוואוינט אין א הילצערן פעסל, און האָט אינמיטן טאָג אויפן אָטענער מאַרק געזוכט א מענטש — מיט א ברענענדיק ליכט אין האַנט. עס איז א גאַנץ פיינער פּאַטש אין פּנים דעם אַמביציעזן אימפּעראַטאָר. און אַזוי האָבן ביידע זייערע תּלמידים אין דער געשיכטע: אַלעקסאַנדער האָט זיינע היטלערס. דיאָגענעס— זיינע רוסאָס, פּרודאָנס, באַקונינס, מאַרקס, טאָלסטאָיס, טאָראָס, וויטמאַנס, קראָפּאָטקינס, מעדעמס, לעונינס...

ראַדזשער פעין זאָגט אַז דאָס לעבן קען זיין א פּאָעמע, א ליד אָדער א טאַנץ — אָבער עס טאָר קיינמאָל ניט פאַרספּענדט ווערן אין שקלאַפעריי צו אַרבעט. אונזער לעבן איז אונז געגעבן געוואָרן צו לעבן. אונזער אַרבעט — וואָס דאַרף אונז בלויז דערנערן —ׂ דאַרף פאַרנעמען בלויז א קליינע טייל פון אונזער צייט, אַרום איין טאָג א

וואָך, בשעת די איבעריקע זעקס טעג דאַרפֿן געווידמעט ווערן צו דער קונסט פֿון לעבן. ביי אַזעלכע באַדינגונגען פֿון לעבן, ביים אָפּשאַפֿן פֿון קאַפּיטאַליסטישן פּראָפֿיט־סיסטעם; ביים אויסנוצן פֿאַרן מענטש־לעכן וואוילזיין די נאַטירלעכע רעסורסן פֿון דער נאַטור און די מעג־לעכקייטן וואָס די מאָדערנע טעכניק ליפֿערט אונז; קען די געזעל־שאַפֿט ווערן אַ פֿרייע און אַ שיינע און די צוקונפֿט פֿון די מענטשן — אַן אידעאַלע און אַ פֿאַרנונפֿטיקע. מיט איין וואָרט — עס קען רעאַ־ליזירט ווערן דער טרוים פֿון די נביאים, פֿון די טרוימער און סאָ־ציאַלע קעמפֿער פֿון אַלע ציימן.

די מערסטע מענטשן, וויל איך דאָ צוגעבן, האָבן ניט נאָר ניט געלייענט די שענסטע ווערק און געהערט די פֿיינסטע מוזיק; די מערסטע מענטשן ווייסן נישט ווי דער הימל זעט אויס. זיי האָבן אַפֿילו נישט דעם חוש פֿאַרן רואיקן באַטראַכטן און געניסן זאַכן. די ערד, אויף וועלכע זיי לעבן איז זיי פֿרעמד — ווייל די ערד, אַנ־שטאָט צו זיין אַ טייל פֿון דעם הימל, איז פֿאַר די מערסטע אַ טורמע, אַ טאָל פֿון יסורים.

ניו־יאָרק, 23 אויגוסט, 1946.

# צוויי מיניאַטורן

דער נעפּל — דאָס איז אַ גרויער גיפּס, ווייך און צאַרט; די אָרעמע פֿון די ניו־יאָרקער גאַסן פֿרעסן אָפּ זייערע פּנימער אין בלויען נעפּל; עס ווערן מיליאָנען און מיליאָנען מאַסקעס פֿון צער און פּיין; דאַן פֿליט דער נעפּל אַרויף איבער די וואָלקנס צום הימל, לאָזט ליגן פֿאַר גאָט די טרויעריקע מענטשן־מאַסקעס; גאָט באַטראַכט זיי, קוקט זיי אָן — און לויט זיי באַשליסט ער ווער עס זאָל פֿריער שטאַרבן, ווער עס זאָל קומען צו אים...

מיינע אָרעמע! פֿרעסט ניט אָפּ אייערע געזיכטער אין נעפּל! ער פֿאַראַט אייך! ער טראָגט אייך צו גאָט, כדי די פּאָליציי פֿון הימל זאָל אייך גלייך שיקן אין איינלאַדונגס־צעטל!...

●

אַ מאָדנער חלום האָט זיך מיר גע'חלומ'ט פֿאַרנדיק אין סאָבוויי; מיר האָט זיך געדאַכט אַז איך טראָג אין אומענדלאַך־גרויסן זאַק, אַ גרויען, לייוונטענעם זאַק און איך קלייב אויף מענטשלאַכע ליידן; איך גיי צו די אָרעמע פֿון די ניו־יאָרקער פֿינצטערע קוואַרטאַלן, אין האַרלעם, אין כינעזישן קוואַרטאַל, אויף דער איסט־סייד; איך קלייב ליידן־שטיקער אין מיין גרויען זאַק... איך קלייב מענטשלאַכע האַרבסטן, אָפּגענוצטע זאַכן ווי, האַרטע העמדער, פֿאַרלוירענע האָפֿ־נונגען, אומאויסגעווײנטע געוויינען; איך קלייב אין אַ ריזיקן זאַק די ליידן פֿון דער וועלט און איך שלעפּ אים אויף מיין דאַרער פּלייצע איבער די שטערן, איבער די פּלאַנעטן, אין גרויען אוניווערזום!...

# ה. לייוויק איז אין טרעבלינקע ניט געווען...

ה. לייוויק: „אין טרעבלינקע בין איך ניט געווען", לידער און פּאָעמעס, אַרויסגעגעבן פונעם ה. לייוויק יובילײ-פאָנד דורכן „ציקאָ"-פאַרלאַג, ניו-יאָרק, 1945.

„...די וואָלקנס ציִ אַראָפּ פון הויך צו נידער,
און ליג זיי אויס אין קופּעס וואָס געדיכטער,
און שים אַריין אין זיי די פייל פון געטאָ-לידער,
די ווערטער פון אַן אָפּגעשרפהטן מאַידאַנעק-דיכטער.

איך ווייס ניט ווי צו אָנגיין מיט מיין לעבן ווייטער
און ווי זיך צו פאַרענטפערן פאַר אַלע קדוש-השמער,
כ'בין שולדיק קעגן אַלע אומגעקומענע ווי שטרייטער,
און מער נאָך — קעגן אַלע אויסגעקווילעטע, ווי לעמער."

ה. לייוויק

ה. לייוויקס נײַ בוך לידער האָט דעם טיטול „אין טרעבלינקע בין איך ניט געווען". אַזוי הייסט אויך דער ערשטער ציקל — פון אַרום זעקס און פערציק לידער. און נאָכן דורכלייענען דעם ערשטן אָוונט דעם ערשטן ציקל לידער — פאַרטראַכט מען זיך איבער ה. לייוויק, איבער די לידער און איבערן טיטול. „אין טרעבלינקע בין איך ניט געווען" איז דער מאָראַלישער פאַרוואורף פונם פּאָעט צו זיך זעלבסט. אָבער אומפאַרמיידלעך איז עס אויך דער אמת בנוגע דער קראַפט און דער ענערגיע און דער דיכטערישער ווירקונג פון די לידער. ה. לייוויק — מוז מען מודה זיין — איז אפשר מאָראַליש יאָ געווען אין טרעבלינקע. אָבער דיכטעריש — נישט. ווייל וואָלט ער דיכטעריש געווען אין טרעבלינקע — וואָלט זיין בוך געווען פאַרכאַפּט פון די פלאַמען פון גהינום. וואָלט זיין ספר געווען דורכגעווייקט אין טרערן. וואָלט אַן אַרגל־כאַר זיך געריסן פון זיין גאַרגל. וואָלטן די לידער געווען פול מיט בילדלעכקייט. וואָלטן פאַר די אויגן געפלאָמט גזפים און ברע־נענדיקע בערד. עס וואָלטן געווען אָנוועזנד יענע וואַנזיניק פאַרצווייפל־טע מאַסן, אַזוי ווי זיי זיינען אָנוועזנד אין יצחק קאַצענעלסאָנס לידער — וואָס זיינען געשריבן געוואָרן מיטן ריטם פון דעם מאַרש פון אידן צום קרעמאַטאָריום און אונטערן דיקטאַט פון מיליאָנען אומגליק־לעכע.

די גרויסע דיכטער פון דער וועלט, ווי דאַנטע, האָמער, שעקספּיר און מילטאָן האָבן געווירקט נישט אַזוי דורך זייערע געדאַנקען און אָנשויאונגען — וואָס דאָס מוז דער גרויסער דיכטער איינשליסן אין זיין ווערק — נאָר דורך דער געשטאַלטיקונג און האַנדלונג פון כאַ־ראַקטערן, דורך דער געוואַלטיקער באַוועגונג פון מענטשן. דורך דער קראַפט פון בילד און פאַרשטעלונג. דורך אַרויסברענגען העלדן פון בלוט און פלייש. און מען מוז מודה זיין, אַז אין ליטעראַטור איז דער שטאַרקסטער וואָפן און ווירקונג — דער מענטש. עס איז דער העלד

וואָס שמידט צו אונזער אויפמערקזאַמקייט. קונסט אָפּעריִרט דורך דעם איינצלנעם מענטש. און ווען ה. לייוויק האָט אין די „באַלאַדע פון דענ־ווער סאַנאַטאָריום" אַרויסגעפּירט איין מענטש — און אים געוויזן אין זיין אומגעהייערן גערא‌נגל מיטן טויט — און מיר זיינען אים נאָכגעגאַנגען אויף אַלע פּלאָנטער־וועגן און פינצטערע שטימונגען און גע־לייטערטע מאָמענטן — איז ער אַריין אין אונזער מאַרך און זעל. ליטעראַטור מיינט — נישט קיין טויזנטער העלדן, נישט קיין מיליאָנען, נאָר די איינצלנע געשטאַלטן, דורך וועלכע דער שריפטשטעלער ווירקט, דענקט, שאַפט, שטירצט די פונדאַמענטן פון אָפּגענוצטע געזעלשאַפט־לעכע יסודות און שטעלט פאַר די וויזיע פון דער קעגנוואַרט און צוקונפט. —

די אַפּוועזנקייט פון אידן אין „אין טרעבלינקע בין איך ניט גע־ווען" — מאַכט דאָס בוך מאָנאָטאָן. עפּעס אַזוי ווי די גאַנצע צייט וואָלט דער אַזוי אויך צמצומדיקער, עקספּרעסיע־קאַרגער און שווייגנדיקער ה. לייוויק זיך אָפּגעהאַלטן פון אָפּצודעקן אַ אידנס פּנים, אַ שטיק פון אַ געשטאַלט, אַ ברענענדיקן ישׂראליק.

וועלכע זיינען די מאָטיוון פון דעם נייעם בוך פון ה. לייוויק?

די מאָטיוון זיינען אַן איבערחזרונג פון ה. לייוויקס פריערדיקע בענדער פּאָעזיע און דראַמעס. קודם כל — דער מאָטיוו פון שולדי־קייט אַנטקעגן די קרבנות פון טרעבלינקע, מאַידאַנעק און אַשוויענ־טשים. אין צענדליקער לידער קומט דער דאָזיקער מאָטיוו אויפסניי צום אויסדרוק. ה. לייוויק איז געבוירן געוואָרן צו זיין אַ קדוש, אַ הייליקער, אַ מאַרטירער. „צופעליק" איז ער געוואָרן אַ פּאָעט. עס איז זיכער ערגעץ־וואו פאַראַן אַ שייכות צווישן מאַרטירער און פּאָעט. הענגען אויף אַ תליה איז אפשר די טיפסטע פּאָעמע. אויסדריקן אין אַ ליד דעם שטורעם פון געפילן און געדאַנקען פון דער מאַסע איז גלייך צום מקריב זיין זיך פאַר דער זעלבער מאַסע. אין סיביר, אין איינזאַמע צעלן פון טורמעס, ביים שיין פון אַ קאַגאַנעץ וואָס באַלויכט די בלויע פּיס פון אַ וואַקסענעם נאַזאַרענער — איז ביים פּאָעט גע־בוירן געוואָרן די אידעע, דער פיזישער פאַרלאַנג — צו וויגן זיך אויף דער תליה. אויסצולייזן די מענטשהייט. און דער דאָזיקער מאָ־טיוו איז איצט ביים פּאָעט מער אַקטועל ווי שטענדיק. פילע ציטאַטן וואָלטן געקענט באַקרעפטיקן די טעזע. דער פּאָעט פילט אַז ער איז מינדערווערטיק אין אַנבליק פון די פלאַמען וואו אידן ברענען. אַז ער איז אַ קלענערער איד ווי זיי. און די שולדיקייט וואַקסט. נישטאָ קיין אָרט אויף דער ערד וואו אויסצוקויפן די גרויסע זינד. בלויז אין דער דיכטונג יאָמערט דער פּאָעט אַריין זיין שמערץ און זיין שולד־געפיל.

דאָס דאָזיקע געפיל איז דורכאויס אויפריכטיק און ערלעך. און צו אים האָט בלויז דער פּאָעט איין טרייסט:

„און איצט קומט מיר אויס מיט קנאה צו טראַכטן
פון חנינה בן תרדיון און ישׂראל שטערן,
און מער נאָך קומט אויס זיך אַליין צו פאַראַכטן,
ווען קלויזנמוט אויך היינט טוט די טעג מיינע נערן.

אַ טרייסט נאָר: אין מיטן פון כלומרשט־תענוגים
נעמט ברענען אַ טרוקענער פלאַם אויף מיין גומען;

און כ'העט קלאָר אַ בת-קול פון קדושים-הרוגים:
ניט זאָרג זיך, דיין ריי וועט נאָך קומען, נאָך קומען."

**דער מאָטיוו פון יצחק אויף דער עקידה — דער מאָטיוו פונם מאַרטירער, פונם געקרייציקטן — איז זיך ה. לייוויק מודה — האָט אים מער געררייצט ווי די קעמפנדע העלדן —**

„און שפּעטער, אין יאָרן און טעג נע-ונדע,
אויף נארעס פון תּפיסות און אייזיקע קריעס,
האָבן מער פון די העלדן אויף דער באַריקאַדע
געלאָקט מיך די גייער ביינאַכט צו די תּליות."

פאַראַן אין דעם סאַלידן און דיקן בוך לידער, נאָך אַנדערע מאָטיוון, וואָס טונקען זיך אַלע אָפּ אין דעם גרויסן שטראָם פון שולד־באַוואוסטזיין. דער פאַרגלייך צווישן שחיטות אין דער רואיקער נאַטור — „און די זון איז לויטער, אַנגעלאָדן מיט אַן איבערגוס פון פלאַמען, וואָס פון זייער פלאַקער שטאַמען אַלע פייערצונגען פון מאַידאַנעק"...

גאָט קומט בעטן דעם פּאָעט אַ וואָרט פון שולדיקייט — גאָט שטומט — „רחמים קומט דער שעפער בעטן ביי זיין שאַפונג". גאָט איז מענטשלעך־אָרעם און הילפלאָז און פול מיט הכנעה און ער מאַכט אַ נעבעכדיקן איינדרוק. דיכטעריש איז דאָס ליד איינס פון די שטאַרקסטע. גאָט קומט צום דיכטער בעטן, זוכן דאָס וואָרט דורך וועלכן ער זאָל קענען אויסשרייען פאַר דער וועלט זיין שולד. ה. לייוויקס אומגעהייערער שולד־באַוואוסטזיין ברענגט אויך אַראָפּ גאָט אויף דער ערד — צו בעטן שולד־ווערטער ביים פּאָעט.

און פאַראַן אַ ליד וואו דער טאַטע אין פּאָרטרעט בעט זיך ביים זון אַז ער זאָל אַריין אין ראַם פון פּאָרטרעט — זיך צו באַשיצן פאַר די נאַציס — און ער אַליין, דער פאָטער, וועט זיך לעגן אויפן בעטל. די טעמע פונם ליד דערמאָנט אין אָסקאַר ווײַלדס „דער פּאָרטרעט פון דאָריאַן גרעי".

צו די שטאַרקסטע לידער געהערט אויך „אין דיין זכות, י. ל. פּרץ". — אין שמערץ, אין חורבן — באַגעגענען זיך פּרץ און — פּאָעט.

דאַנטע אַליגיערי, אַ פּאָעט וואָס איז געשטאַנען צום סוף פון מיטלאַלטער אין דעם אָנפאַנג פון רענעסאַנס־פּעריאָד — האָט אויסגעטראַכט די פלאַמען פון גהינום, כדי מיט זיי צו בראָטן און נקמה צו נעמען אין די הערשער, טיראַנען, דעספּאָטן און פייניקער. ביזן בויך גייט דאַנטע אַרום מיט זיין רוימישן קאָלעגע, ווירגיל, אין די פלאַמען פון גהינום. ער האָט דאָרט אריינגעזעצט — אין פייער און אין שניי — טויזנטער מענטשן און מיט אַ מערקווירדיקער סקולפּטורישקייט אַנטפּלעקט ער מאַסקעס און פיגורן. די דאָזיקע „אויסגעטראַכטע" סצענעס שטייען נאָך פאַר אונזערע אויגן ווי אויסגעהאַקט אין פעלזן.

זעקס הונדערט יאָר שפּעטער האָבן די דייטשן אימיטירט דאַנטעס אויסגעטראַכט גהינום — און האָבן עס אַראַנזשירט לויט די נייעסטע וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן — אויף אונז אידן. און ווען דאָס גהינום איז רעאַל, מיליאָנענפאַכיק רעאַליסטיש ווי דאַנטעס—איז דער פּאָעט אומבאַהאָלפן צו שילדערן פּלאַסטיש דאָס ווירקלעכע גהינום. ה. לייוויק קען דאָס אמתע גהינום נישט זען. וואָס ער טוט יאָ — איז דאָס

געבן זיין מאַראַליש־דיכטערישע רעאַקציע — דריי טויזנט מייל פון ווירקלעכן גהינום.

און איך וויל צוגעבן אַז נישט נאָר די אידישע מאַרטירער זיינען נישטאָ אינם בוך — נאָר אויך ניט די דייטשן, אונזערע תליונים. — ה. לייוויק רופט נישט צו נקמה, צו קאַמף. און דאָס פאַרדריסט אַ אידישן לייענער. וואָס ער אָפּערט יאָ — איז זיין אייגענעם גוף. אָבער דער פּאָעט וואָס האָט די הייליקייט פון לעבן דערהויבן צו אַן אַפּאָטעאָז אין זיין דיכטונג — איז קעגן דעם לעבן זעלבסט, ווען ער אָפּערט זיין אייגענעם האַלז צום תליה־שטריק. עס איז נישט קיין אויסוועג און אויך דיכטעריש — קיין לייזונג.

דאָרט וואו עס ווערט נישט געפּרעדיקט דער געטלעכער כוח פון לעבן, דאָרט וואו עס ווערט נישט געצונדן דער שטורעם פון די לעבנס־ענערגיעס קעגן מערדעריי — דאָרט ליידט אויך דאָס ווערק קינסטלעריש. און ה. לייוויקס ווערק — טראָץ איינצלנע מייסטער־שאַפונג ליד — ליידט קינסטלעריש און פאַלט אויפן לייענער ווי אַ שניי פון בלייערנער מאָנאָטאָניע.

***

אין צווייטן ציקל לידער „אויפן בוידעם קלאָגט דער דאַך" עפּנט דער פּאָעט מיט אַ רייע פאָלקסמאָטיוון „פאַר גאַסנקלעזמער צו זינגען". דאָס זיינען מאָטיוון וואָס רייסן ביים האַרץ. דער אויסגעפּרוּווטער פאָלקסטאָן איז פון אַזאַ כאַראַקטער אַז עס מאַכט דיך צום שוידערן. און אין די לידער שלאָגט דער פּאָעט אָן אַן אויפריכטיק, יאָמערנדיק געפיל.

בכלל איז אין דעם פאַל — די אידישע טראַגעדיע — דער דיכ־טער אומבאַהאָלפן. געגבן די ברוטאַליטעט אין דיכטונג איז פאַר אים אוממעגלעך — ווייל די גרויזאַמע רעאַליטעט איז שטאַרקער. אַ בראָ־שור ווי יאַנקל וויערניקס „אַ יאָר אין טרעבלינקע" איז שטאַרקער פון יעדער דיכטערישער סובלימירונג.

אָפּצושוואַכן די רעאַליטעט און זי אויף וועלכן עס איז אופן סוב־לימירן — איז אויך אין דעם פאַל נישט ריכטיק, ווייל דער לייענער קען נישט פאַרטראָגן קיין פאַלשע האָפענונג און עס טוט אים ווי דער מינדעסטער פּרוּוו פונם דיכטער אָפּצושוואַכן דאָס גרויל־האַפטע.

פאַראַן אַ ליד אינם צווייטן ציקל — „סדר נאַכט 1944 אין וואַר־שעווער געטאָ" — אילוסטרירט עס ווי אומבאַהאָלפן אַ גרויסער פּאָעט קען זיין ווען ער באַרירט דעם מאַסנמאָרד פון די אידן. אליהו הנביא קומט אין אַ הויז וואו עס האָט געוואוינט אַ איד. אַדאָלף פריטץ, דער דייטש, וואָס וואוינט אין הויז, רעדט בלייכע פערזן — אין אידיש — צו אליהו הנביא. און אליהו הנביא רעדט צום דייטש אין די זעלבע בלייכע פערזן. אליהו הנביא רעדט אַזוי אַז מיר ווערן נישט איבער־צייגט אין זיין געטלעכער אויטאָריטעט. בכלל קומט דאָ נישט פאַר אַזוינס וואָס זאָל קענען דעם לייענער דערהויבן. עס איז וויכטיק צו ברענגען דאָס ליד — הגם עס איז אָן אַ צווייפל אַז ה. לייוויק האָט אין בוך פיל שטאַרקערע, און עכטערע לידער — כדי אָבער צו אי־לוסטרירן ווי ווייניק די פערזן טרייסטן דיכטעריש און מאָראַליש און ווי אַזוי ביידע — נאַצי און נביא — רעדן כמעט די זעלבע אומבאַ־

דייטנדיקע רייד.
איך ציטיר:

אַדאָלף פריטץ:

ווער קלאַפּט אין טיר?

אליהו הנביא:

איך, אליהו הנביא.
ס׳איז דאָך היינט די ערשטע פּסח־נאַכט.
פאַרוואָס איז די טיר ביי דיר פאַרמאַכט,
אַפילו צו שפוך חמתך,
ישראל, ישראל?

אַדאָלף פריטץ:

אַוועק פון דאַנען איידער איך גיב דיר שמיץ.
דאָ וואוינט ניט מער ישראל יודע־מיץ,
דאָ וואוינט ווילהעלם אַדאָלף פאָן־פריטץ.
ווי קומט ישראל? ווער ישראל?

אליהו הנביא:

איך וועל ניט אַוועק פון דער דאָזיקער טיר.
כ׳געדענק נאָך ריכטיק, כ׳געדענק נאָך קלאָר,
אין דער זעלבער נאַכט צוריק מיט אַ יאָר
האָט רחל, ישראלס פרוי, פאַר מיר
די טיר צעעפנט מיט אַ ברייטער האַנט,
און איך בין אַריין און צוגעשפּאַנט
צום סדר־טיש, וואו אויבנאָן
אין ווייס איז געזעסן אָנגעטאָן
ישראל, ישראל!

אַדאָלף פריטץ:

אַוועק פון מיין טיר, דו דום־קאָפּ־היץ,
ניטאָ מער קיין ישראל, נאָר אַדאָלף פריטץ;
מיט מיר דאָ מיין פרוי, מיין פרוי מאַטילדע,
מיט מיר דאָ מיין טאָכטער, מיין טאָכטער ברווינהילדע.
ווי קומט ישראל, ווער ישראל?

אליהו הנביא:

ביסט אַ אַדאָלף פריטץ, צי ניט אַדאָלף פריטץ,
איך וויל ניט וויסן, איך וויל ניט הערן, —
ישראלס שטוב איז ניט קיין וויץ,
ישראלס שטוב איז ניט צו צעשטערן.
דער סדר, ווי שטענדיק, מוז אָפּגעריכט זיין
מיט מצות, מיט מרור, מיט כוסות וויין,
און אויך מיט אַ כוס פאַר מיר, אליהו.
דעריבער שטיי איך אויף געגנשע דאָ־הי,
און וואָס ס׳זאָל אין דער נאַכט דאָ ניט טרעפן,
וועל איך קיינמאָל ניט אויפהערן צו רופן: עפן, ישראל, ישראל!

אַדאָלף פריטץ:

איך שיק די געשטאַפּאָ אויף דיר באַלד אָן,
און זי וועט שוין וויסן מיט דיר וואָס צו טאָן.
געזען אַזוינס — אַ פרעכקייט א מין!

ניט ווען גאָר צוגעבן, אַז פריטץ איך בין,
אַז אידיש האָב, אַז אידיש גוטס
געהערט נאָר צו מיר, צו מיין באַנוץ;
הער אויף דאַרט צו קלאַפּן מיט אַזוינע קלעפּ
אין מיטן דער נאַכט אויף מיינע טרעפּ.
ווי קומט ישראל? ווער ישראל?
אליהו הנביא:
געשטאַפּאָ אַהער, געשטאַפּאָ אַהין —
דו ווייסט נאָך אַלץ ניט, ווייזט אויס, ווער איך בין;
דו ווייסט נאָך אַלץ ניט אַז כ׳קען אַליין
די טיר צעעפענען כדי אַריינצוגיין.
אָט עפן איך אויף, אָט עפן איך אויף,
און כ׳קום אַריין נאָכן אַלטן רוף.
ביסט טאַקע דאָ, פאָן אַדאָלף פריטץ,
ישראלס הויז אין דיין באַזיץ,
דו זיצסט און עסט זיך שטיקער ברויט
מיט חזיר־פעטס, מיט ביר און קרויט.
כ׳פאַרנעם מיין אויבנאָן ביים טיש,
ביים טיש צוריק די לופט ווערט פריש.
מיין כוס פון פאַראַיאָרן נאָך
אַ פולער שטייט. איך נעם דעם כוס,
איך הויב אים אויף, איך גיב אַ גאָס
אויף אַלע ווענט. — אַ גאָס מיינט שפוך,
אַ שפוך חמתך — שפוך און שפוך,
און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל,
ווייל אייביק זיצט דאָ אויבנאָן
אין ווייסן קיטל אָנגעטאָן
און זאָגט די ווערטער אויפן קול —
ישראל, ישראל.״

פון אַזאַ מין דיאַלאָג ווערט אונז ניט גוט אויפן האַרצן. די גאַנצע סצענע מאַכט טרויעריק. דעם נאַציס גראַמען פון „שמוץ״, „יודע־מיץ״ און „אַדאָלף פאָן־פריטץ״ זיינען לעכערלעך. און דעם נביאס אימפּאָטענטן סטראַשען אַז ער „וועט״ — מאַכט אונז אויך נישט אי־בעריקס גליקלעך און דעם נביאס איבערחזרן, ביסט יאָ אַדאָלף פריטץ צי ניט אַדאָלף פריטץ״ — אָדער „געשטאַפּאָ אַהער, געשטאַפּאָ אַהין״ — דאָס אַלץ איז אַ קנאַפּער טרייסט.

עס קלינגט אויך ווי חוזק ווען אַ בת־קול זאָגט אָן די דריי אי־בערגעבליבענע אידן פון גאַנץ ווילנע: —

„אַזוי ווי ער זאָגט עס, דערהערט זיך אַ קול,
אַ קול ווי אַ בת־קול פון אַלטן אַמאָל:
אַז ווייל דו האָסט דיין איינציקן זון ניט פאַרמיטן,
אַ בונד האָב איך ווידער מיט דיר היינט פאַרשניטן,

און בענטשן כ׳וועל בענטשן צווישן פעלקער דיין נאָמען,
און הייליקן וועל איך דיין פרוכטבאַרן זאָמען,
ווי זעמדער פון ים, ווי אין הימל די שטערן,

אזוי וועל איך מערן דיין זאָמען און מערן."

אויך דאָס קלינגט ווי צופיל חוזק — דער דאָזיקער נאָבעלער, געטלעכער צוזאָג. קאַצענעלסאָנס מעכטיקער פאַרוואורף צו גאָט — פון דעם טאָל פון פייער און טרערן — קלינגט אונז מער צום האַרצן און צום דערשיטערטן געמיט...

הכלל, אויך די ווייטערדיקע ציקלען לידער האָבן מיך נישט באַפרידיקט. די אורזאַך איז אַ פשוטע: דער מאַטעריאַל איז נישט פאַר קיין דיכטונג פון אונזער צייט. „פאַרברעכן באַצאָלט זיך נישט" — זאָגט דער פאָליצייאישער מוסר השכל. דאָס זעלבע קען גילטן אויך אין דיכטונג — פאַרברעכן באַצאָלט זיך נישט אין דיכטונג. דיכטונג האָט צו טאָן מיט בויען, שאַפן, מיט לעבן און לוסט. דער שפּיל פון די מענטשלעכע ענערגיעס איז די מוזיק אין דער דיכטונג. דיכטונג פאַרטראָגט נישט קיין מאַסנמאָרד. און דער מענטשלעכער געניוס — ווי הויך ער זאָל נישט זיין — בלייבט שטיין שטום און קאַלט פאַרן קבר פון מיליאָנען — בלויז הימל און ערד קענען וויינען און קרעכצן אין דונערן און בליצן. דיכטונג שטייט אימפּאָטענט פאַר אונזער אומגעהויערן בראָך. נישט זי איז געדעכט ווען זי פּרואווט מינערן דעם בראָך — נישט זי איז גערעכט ווען זי פּרואווט העכערן דעם בראָך. פינצטער און איינזאַם שטייט מענטש — שטייט איד — פאַר זיין נאַציאָנאַלן אומגליק — פאַר די פאַרבלוטיקטע האָריזאָנטן. און בלויז דער אוראַלטער נביא ירמיהו קען עפענען די קוואַלן פון טרערן.

יחזקאל, ישעיה און ירמיהו — רופן מיט אַ געוואַלטיקן געשריי צו נקמה. ה. לייוויק — נישט! דאָס איז אַ לוקסוס — דאָס איז צופיל פאַרלאַנגט פון אַ אידישן לייענער פון אונזער צייט. אפשר — טויזנט יאָר שפּעטער: אָבער טויזנט יאָר לאַנג וועט רופן אונזער נפש צו קאַמף און צו נקמה קעגן די פּייניקער פון אונזערע קינדער און זקנים, פון אונזערע מאַמעס, ברידער און שוועסטער.

# מיניאַטור

א דאַמע אין עלעוויטאַר דרימלט; אין איר האַנט זיינען וואַך אַ בוקעט מיט קאַלירפולע בלומען; צו וואָס, גנעדיקע דאַמע, האָט איר מיטגענומען די בלומען אין עלעוויטאַר — זיי זאָלן וויאַנען און וויאַנען? נאַכט העגנגט איבער ניו־יאָרק; די פרוי אָטעמט מיד. איך גלעט די גאָלדענע בלומענקעפּלאַך און שפּאַציר אין טרוים אויף יענע אַלייען וואו זיי האָבן אמאָל געשפּראָצט; אמאָל ערשט מיט שטונדן צוריק... אָבער פאַר די בלומען איז עס שוין אַזוי לאַנג! די פרוי דערוואַכט און עפנט וואונדער־שיינע אויגן, טונקעלע, מיט הונדערט נעכט אין די שוואַרצאַפּלען. איך גרים זיך צו דער פרוי, מיר קענען זיך דאַך — איך האָב דאַך זיך באַקאַנט געמאַכט מיט איר ראָמאַנטישער נשמה דורך די צאַרטע רויזן־און־טולפּאַנען־מעדיומס!...

# ה. ג. וועללס

1866—1946

די ליטעראַטור פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין ענגלאַנד איז געווען אין רעאַקציע צו די פּאָעטן און פּראָזאַיקער פון דער פּרע־ראַפּאַעליטישער ריכטונג, וואָס זיינען ווידער פון זייער זייט געווען אַ רעאַקציע צו דעם קאָנווענציאָנאַליזם פון דער ליטעראַטור פון דער וויקטאָריאַנישער עפּאָכע. די פּרע־ראַפּאַעליטיקער, אין די פּערסאָנאַזשן פון דאַנטע גאַבריעל ראָזעטי, וויליאַם מאָריסי, אַלדזשערנאָן שאַרל סווינבורן, האָט די פּרע־ראַפּאַעליטישע ברידערליכקייט גערופן צוריק־צוגיין צו דער פּשטות און דעם אמת פון נאַטור. זיי זיינען געווען אַ גרופּע פון אָריגינעלע, שעפּערישע, נייע אידעען־זוכענדיקע, ענטוזי־אַסטישע און סענסועלע קינסטלער. דער באַגער אויסצומיידן פאַלשע באָמבאַסטיק און קאָנסערוואַטיזם, האָט זיי געבראַכט צו דער נאַטור ווי צו אַ גרויסן, וואונדערליכן גאָרטן, וואו מען דאַרף מאָלן מיט גרויס זין פאַר דעטאַל, וואו מען דאַרף מאָלן פּרעציז די אָדערן פון אַ לעבע־דיקן, פול־אָטעמדיקן בלאַט. און די מאָלערס וואָס האָבן געשאַפן פאַר ראַפּאַעל, אין איטאַליע, האָבן זיי געפונען זייער אינספּיראַציע. זיי זיינען געווען פאַרליבט אין דער גרויסער רעליגיעזער קונסט. צו זיי האָט אַפּעלירט דאָס ראָמאַנטישע פון מיטלאַלטער; דאָס מיסטישע פון די אודענקמעלער פון מיטלאַלטער; די פּרע־ראַפּאַעליטן, וואָס זיינען ארומגעגאַנגען אויף דער ערד ווי אין ווייכע סינדערעלאַ־שיכלעך פון גאָלד — אויף דער ערד וואָס איז איינגעהילט אין פּליוש — האָבן, ווי אונזערע „יונגע", געווייכט פון פּאָליטיק און פון וויסנשאַפט, פון עקאָנאָמיק און די נויטן פון פאָלק. זיי זיינען געווען ראָמאַנטישע פּרינצן, די אויפלעבער פון דער גאָטיק, די ריטער פון מיטלאַלטער, וואָס האָבן געעפענט נייע עסטעטישע וויסטאַס, נייע וויזיאָנען אין דער וועלט פון קונסט. זייער פאָרם איז ראַפינירט און ריין. זיי זיינען דאָס וואונדערשיינע אינדזל אין דער ענגלישער ליטעראַטור. זייער אָפּגאָט איז געווען קיטס, וואָס האָט אין זיין יונגען לעבן איינגעזאַפּט אין זיך די שיינקייטן פון פאַרגאַנגענע וועלטן און האָט פאַר דער קעגנוואַרט נישט געהאַט קיין אינטערעס, און אויך נישט קיין צייט, ווייל ער האָט באַלד באַדאַרפט צו שטאַרבן.

ה. ג. וועללס איז געווען דער טיפּישער פאָרשטייער פון דער ליטעראַטור פון 19טן יאָרהונדערט, וואָס איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע ווי די פּרע־ראַפּאַעליטישע און די וויקטאָריאַנישע גרויסע פּאָעטן ווי טעניסאָן און וואָרדסוואָרטה. מיט'ן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, מיט דער אַנטדעקונג פון גרויסע זאַכן אין דער טעכניק, אין דער וויסנשאַפט, אין דער מעדיצין; מיט אומגעהייערע און פונדאַמענטאַלע ענדערונגען אין דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער וועלט; מיט אַ וועלט וואָס האָט אָנגעהויבן ווערן קלענער אַ דאַנק די פאַנטאַס־

טישע קאָמוניקאַציע־מעגלעכקייט — מיט אַ וועלט וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אָפּצודעקן פֿאַר׳ן אויג פֿונ׳ם נ. וועליסט; מיט אַ פֿאַרמערונג פֿון דער מענטשהייט וואָס האָט באַדאַרפֿט געלעזט ווערן סאָציאָלאָגיש; מיט׳ן אויפֿגאַנג פֿון אַזעלכע ריזן ווי איינשטיין און פֿרויד און לענין; מיט אַ וועלט־פּערספּעקטיוו וואָס איז פֿול מיט די שוואַרצע פֿייגל פֿון נקומעגדיקע שטורמס; מיט רעוואָלוציעס און מיט סטרייקס און מיט אויפֿשטאַנדן אין פֿאַרשידענע טיילן פֿון דער וועלט; מיט אַט דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פֿון נייע בונטע פּראָבלעמען און דערשיינונגען און אויפֿגאַבן פֿאַר דער מענטשהייט — איז אויפֿגעקומען אַ ליטע־ראַטור, וואָס איז געווען אַ טיפּיש קינד פֿון איר צייט, אַ פּראָדוקט פֿון דעם דראַמאַטישן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ביי וועמענס אָנפֿאַנג ה. ג. וועלס איז געשטאַנען און וועמענס זעניט פֿון אומגעהויערע צעטרייסלונגען פֿון פֿעלקער און סיסטעמען דער שריפֿטשטעלער האָט קוים דערצויגן ביז צו זיין לעצטן טאָג, אַוועקגייענדיק אין אַ ווירוואַר און אין אַ צייט פֿון אומזיכערקייט און סאָציאַלע קאַטאַסטראָפֿעס. זיין אַזאַ צייט האָט נישט געקענט אויפֿקומען קיין צווייטער סווינבורן, מיט וועמענס טויט (1909) עס איז אַוועק דער לעצטער כּישופֿדיקער טרובאַדור פֿון די פּרע־ראַפֿאַעליטן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף אַן אינדזל און האָט אין זיין פּאָעזיע די גאַנצע ענגלישע שפּראַך פֿאַר־וואַנדלט אין אַ וואונדערליכן געשפּיל און געמורמל פֿון כוואַליעס; וואָס האָט אין זיין פּאָעזיע אַריינגעבראַכט די מוזיק, די ניואַנסן, די צאַרט־טענער, די זיך ברעכענדיקע פֿלוסקערייַ, די בלויע אָקעאַן־שטימונג, וועלכע ער האָט אַלס קינד און קליין אינגל אין זיך אַריינ־געזאַפּט.

ה. ג. וועלס, מער ווי וועלכער עס איז אַנדער שריפֿטשטעלער, איז געווען אַ געזעצליך קינד פֿון זיין עפּאָכע, אין דעם זין וואָס ער האָט פֿאַרשטאַנען צו פֿאַרקערפּערן אין זיינע ווערק דעם זין פֿאַר די נידעריקערע קלאַסן און שיכטן פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט, וואָס ער האָט פֿאַרשטאַנען זיך צו ווענדן צו די נייע נויטן און באַדער־פֿעענישן פֿון דער צייט.

ה. ג. וועלס איז געווען דער אַסיסטענט אין דער לאַבאָראַטאָריע פֿון דעם באַרימטן וויסנשאַפֿטסמאַן האַקסלי. עס איז דעריבער נישט קיין צופֿאַל וואָס אין משך פֿון זיין לאַנג לעבן (1866—1946), האָט דער ענגלישער שריפֿטשטעלער אַרויסגעבראַכט אַ נייעם זשאַנר אין דער אייראָפּעאישער נאָוועליסטיק — די וויסנשאַפֿטלעכע נאָוועלע. זיין אַרבייט אין דער וויסנשאַפֿטלעכער לאַבאָראַטאָריע האָט אין וועלס׳ס מוח געעפֿנט נייע וויסטאַס — וויסטאַס פֿון גאַרן לעבן אויף דער ערד. פֿון דעם צוזאַמענלעבן פֿון די מענטשן. פֿון די סאָציאָלאָגישע, עקאָנאָ־מישע און פּאָליטישע סטרוקטור פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט. עס האָט זיך פֿאַר אים געעפֿנט די וואונדער פֿון דער וויסנשאַפֿט און אירע קאָלאָסאַלע מעגלעכקייטן. די וויסנשאַפֿט האָט זיך אָפּגעדעקט צום אויג פֿון ה. ג. וועלס אין איר גרויסער צוקונפֿט. אין איר גרויל פֿון מאָנסטעריעזע קריגן און אוטאָפּישע גן־עדנס. אין איר נוצן פֿאַר דער מענטשהייט — און אין איר טייפֿלישן ש דן. ראָמאַנען ווי „די צייט־מאַשין" און „אין טעג פֿון קאָמעט" זיינען פּראָדוקטן פֿון וויסנ־שאַפֿטלעכער אַדווענטשור אין גרויסער פֿאַנטאַזיע. ער האָט פֿאָרגעשטעלט די געזעלשאַפֿט ווי זי איז איצט — אין איר גהינום׳דיקער פּעריאָדע —

און ווי זי וועט דערשיינען אין דער צוקונפט — אין איר אוטאָפּישער שיינקייט און ריינקייט. ער האָט פאַרגעשטעלט די מלחמה — ווי זי איז פאַרגעקומען און ווי זי וועט ווידער דערשיינען — דורך דער משוגעת פון די מענטשן, אין דער אַטאָמישער פעריאָדע.

ה. ג. וועללס האָט אין זיין שאַפן נישט געהאַט קיין צייט צו שפּילן זיך מיט העלדן, ווי טאָמאַס האַרדי אָפּילו; אָדער גאַלסוואָרטהי, וואָס האָט געמאָלט די ענגלישע העכערע קלאַסן. ער האָט נישט געהאַט קיין צייט אויסצוהאַמערן מענטשליכע געשטאַלטן, ווי דענקמעלער. גיכער זיינען זיינע געשטאַלטן, ווי בערנאַרד שאָו׳ס — אידעען, אוטאָפּיעס, אידעאַלן. אַ מענטש וואָס האָט געהאַט פאַר זיך דעם „אָס־מאָס אין זיין גאַנצן פאַרנעם, ווי ער לעגט זיך אויס צום וויסנשאַפטלער און דענקער — צום טעכניקער און לאַבאָראַטאָריע־מאַן — האָט נישט קיין צייט געהאַט אויסצואַרבעטן די פרעסקא פון אַ לאַנדשאַפט, פון אַ פּייזאַזש וואָס איז אַ שטיק מאָלעריי פון גאָט געמאָלט.

ער האָט געהאַט גרויס אַמביציע. ווי אַ בירגער פון דער גרויסער בריטישער אימפּעריע, און ווי אַ בירגער פון דעם שוין דערמאָנטן בונטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — האָט ער געעפנט ברייטע האַרי־זאָנטן אין זיין נאָוועלע. און ער האָט זיך נישט באַדאַרפט שיידן מיט עפּעס טייערס און אינטימעס, ווען ער האָט אויף יאָרן־לאַנג פאַרלאָזט די נאָוועלע און זיך געווידמעט צו אַ באַשרייבונג פון דער וועלט־געשיכטע — אָדער צו אַ ריזיקן ווערק וועגן דער מאַניפעסטאַציע פון לעבן — אין אַלע אירע פּ רמען און דערשיינונגען — מיט דער מיטאַרבעט פונם וויסנשאַפטסמאַן האַקסלי. ער האָט אויך נישט פאַרפעלט אָנצושרייבן אַ געשיכטע פון זיין אייגענעם לעבן — „עקספּע־רימענטן אין אויטאָביאָגראַפיע״.

אין זיין פינף־און־זעכציקסטן לעבנס יאָר האָט זיך ה. ג. וועללס גענומען שרייבן די דאָזיקע אוימאָביאָגראַפיע, אין זיין פאָרוואָרט באַמערקט ער אַז ער שרייבט זיין אויטאָביאָגראַפיע, ווייל ער וויל זיך באַפרייען פון דער לאַסט פון איבערלעבענישן. ווייל ער וויל אַריינ־ברייגען אָרדנונג און ל גיק אין זיי. ער וויל דורכגיין אויפסניי דורך זיין גאַנצן לעבן, אין אַלע זיינע קאַמפן, שטרעבונגען און דראַנגען. ווידער איבערלעבנדיק, אַנאַליזירנדיק און זיך באַפרייענדיק פון דער ריזיקער לאַסט פון איבערלעבענישן — ווערט דער גייסט קלאָר, געלייטערט און ער פילט זיך פריי פון דעם פאַרגאַנגענעם.

דאָס צווייטע גרויסע שטרעבן איז זיין דראַנג פאַר שטילקייט, פאַר איינזאַמקייט. ער טרוימט וועגן אַ שטילן הויז מיט אַן איינציקן טעלעפאָן, מיט אַ סעקרעטאַר און אַ ביבליאָטעק, וואו ער זאָל קענען רואיק אַרבעטן. שרייבן די לעצטע ווערק וועלכע לעבן אין זיין גייסט, אָפּמאַכן, קאָמפּענסירן פאַר די מינדער־וויכטיקע ווערק וואָס ער האָט שוין געשאַפן. וועללס באַמערקט אַז יעדער קרעאַטיווער גייסט שאַפט שנעל, געאיילט, רעאַגירט ניט פּולקאָם, ברענגט אַרויס אונפולקאָמע ווערק — און דאָס האָט ער אַליין אויך געטאָן אין אַ גרויסער מאָס.

איך ווייס נישט צי ה. ג. וועללס האָט אין די לעצטע יאָרן, אינמיטן פון מלחמה, וואָס ער האָט נביאיש פאָראויסגעזען און געשילדערט — געפונען מער רו ווי אין די פאַרגאַנגענע פינף און זעכציק יאָר. (רו איז אַ זאַך וואָס קרעאַטיווע מענטשן געפינען אין דער אייזענער „רואיקייט״ פון טויט).

מען מוז באַוואונדערן די געוואַלדיקע אַרבעטסזאַמקייט פון ה. ג. וועלס. אין דער יוגענט — אַ קראַנקער און אַ סענסיטיווער — ליידנדיק אויף שווינדזוכט — האָט ער דערלעבט אַ גרויסע עלטער און האָט זיין לעבן פאַרוואַנדלט אין געוואַלטיקער אַקטיוויטעט.

ביים אָפענעם קבר האָט דער ענגלישער שריפטשטעלער, פּריסטלי, געזאָגט: „וועלס האָט אונז קיינמאָל נישט ווי געטאָן. ער האָט אונז געמאַכט פילן ווי מיר לעבן אויף אַ שטערן". דאָס מוז אַקצענטירט ווערן: אין זיין אומגעהזיערער ענערגיע איז וועלס געטריבן געוואָרן פון איין גרויסן פאַרלאַנג: אין כאַאָס — צו זוכן דאָס גוטע פאַר דער מענטשליכער געזעלשאַפט. אין אַלע זיינע ראָמאַנען באַשעפטיקט ער זיך מיטן פּראָבלעם ווי אַזוי צו ברענגען שלום, האַרמאָניע און גליק אויף דער ערד. ער האָט געמאַכט וויטע רייזעס — אין צייט און אין דיסטאַנס. ער האָט באַזוכט די לבנה און אַנדערע פּלאַנעטן. כדי אויס־צוּוועבן פון אייזערנע פּעדים אַ בריק פאַר אַ נייער, מער רואיקער, מער גליקליכער געזעלשאַפט. אויב דזשאָן פּריסטלי האָט געמיינט צו זאָגן אַז ה. ג. וועלס האָט געוואָלט אונזער לעבן מאַכן אַזוי אידעאַל ווי אויף אַ שטערן — ווי אין אַן אוטאָפּיאַ — האָט ער געהאַט רעכט.

אין די לעצטע וואָכן האָט דער ענגלישער שריפטשטעלער געהאַט דעם מוט און דעם קוראַזש צו באַשולדיקן די בריטישע קעניגליכע פאַמיליע אין סימפּאַטיעס צום גערמאַנישן נאַציזם. דאָס איז אַ זשעסט וואָס האָט געקרוינט דאָס ווערק און דאָס לעבן פון ה. ג. וועלס. שוין מיטן שאָטן פון טויט אויף זיך — זעט עס איצט אויס ווי דאָס וואָגן פון אַ נביא, וואָס שטייט אויף דער ערד און שעפּט זיין מוט און צאָרן פון דעם אָפּשייך פון אַן אַנדער, מער אמת'דיקער וועלט. ענגלאַנד'ס אַ שריפטשטעלער וואָגט אין די טעג פון זיין אַגאָניע צו שליידערן די שטאַרקסטע באַשולדיגונג צו די געקרוינטע קעפּ, אַ באַשולדיגונג וואָס איז געבויט אויף פאַקטן און פּראַקטיק פון דער באַציאונג פון בריטישע שטאַטסמענער צו גריכן און יוגאָסלאַוויען — צו הינדוסן און מוסול־מענער — און, גאָר באַזונדערס, צו די אידן פון ארץ ישראל.

זאָל דאָס אויך פאַרצייכנט ווערן אויפ'ן חשבון פון ה. ג. וועלס, וואָס האָט די אידעאַלן פון סאָציאַלאָגן, קעמפער און טרוימער — אַריינגעבראַכט אין זיין גרויסער נאָוועלע.

# פּרעה אַכנאַטאָן

(אַ קאַפּיטל געשיכטע)

אין די לעצטע וואָכן איז געווען אַ באַריכט אין די צייטונגען, אַז ענגלאַנד האָט אָפּגעזאָגט די ביטע פון דער עגיפּטישער רעגירונג איר אָרויסצוגעבן דעם פּאָרטרעט־ביוסט פון נעפערטעטע, וואָס געפינט זיך אין אַ בערלינער מוזעאום... לייענענדיג די נייעס, האָב איך זיך דערמאָנט אַז נעפערטעטע איז געווען די געשעצטע ווייב פון דעם דענקער און פּאָעט, פּרעה אַכנאַטאָן, וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע נישט נאָר ווי אַ רינג אין דער קייט פון עגיפּטישע פּרעהס, נאָר וואָס עס איז נאָך וויכטיקער, ווי אַ דענקער פון סאָציאַלן ווערט, ווי אַ רעליגיאָנס־רעפאָרמער און גרינדער; ווי אַ מאַן וואָס האָט נאָך אין טיפן אַלטערטום געטרוימט וועגן גליק פאַר די מענטשן. זיכער איז נישט דער פּלאַץ פון נעפערטעטע צווישן די הינטישע דייטשן. נעפערטעטע האָט זיכער געהאַט אַ חלק אין איר מאַנס גוטע אידעען און זי האָט געמעגט צוריק זיך געפינען אויף עגיפּטישער ערד, וואו די אַמאָליקע נאַצים האָבן איר מאַנס הויפּט־שטאָט פאַרניכטעט און זיינע אידעען אויסגעלאַכט.

דער ביוסט פון נעפערטעטע איז אויסגעגראָבן געוואָרן אין יאָר 1912 אין טעל־על־אַמאַרנע, די הויפּט־שטאָט פון פּרעה אַכנאַטאָן. קונסט־קריטיקער באַשרייבן דאָס ווערק ווי די סאַמע לעבנס־געטרייע קונסט־ווערק פון דער גאַנצער עגיפּטישער קונסט. זיי פאַרגלייכן דעם ביוסט צו די פיינסטע קונסט־אַרבעטן פון וועלכן עס איז לאַנד און פּעריאָד.

אָבער לאָמיר זיך פאַר אַ ווײַלע פאַרטראַכטן וועגן איר נאָבעלן מאַן, דעם מחבר פון דעם אומשטערבלעכן ווערק פון דער אַנטיקער צייט — „די הימנע צו דער זון".

פון די אַמאָליגע עגיפּטער זיינען געבליבן ספינקסן און פּיראַמידן, די דאַטעס פון באַרימטע שלאַכטן און קברים פון קראַנקע פּרינצעסינס. אָבער דאָס לעבן פון עגיפּטן, די פּסיכאָלאָגיע, דער געדאַנקען־גאַנג פון די מענטשן אין יענער צייט — איז אונז געבליבן אומבאַקאַנט. נאָך מער איז דאָס אמת וועגן די מעכטיקע פּרעהס. מיר ווייסן גאַרנישט וועגן זייער לעבן, וועגן זייערע אינערלעכע געפילן און געדאַנקען. די כראָניק־שרייבער, שרייבנדיק אויף שטיינער, האָבן נישט געקענט זיין עקסטראַוואַגאַנט און שרייבן וועגן אינטימע געפילן פון די קעניגן און די הויפלייט, ווי מען האָט עס געטאָן אין די מאָדערנע צייטן. אין קעגנזאַץ צו ניקאָלאַי דעם 2טן, לודוויג דעם 16טן, יעקאַטערינע די צווייטע — האָבן די אַמאָליגע פּרעהס נישט געפירט קיין טאָג־ביכער. קאַלט און שטום זיינען זיי געבליבן פאַרבונדן מיט די מאָנומענטן וואָס זיי האָבן זיך געבויט ביי זייער לעבן און ביי וועלכע הונדערטער טויזנטער שקלאַפן האָבן טאָג און נאַכט געאַרבעט.

פון די פּרעהס פון אַלטן מצרים טיילט זיך אָבער אָפּ איין פּרעה, אַמענהאָטעפּ דער 4טער (אַכנאַטאָן, מאַן פון אַטאָן, „אַטאָן" איז דער זון־טאָג פון די סיריער — 1358—1375, פאַר דער נייער צ. ר.) זיין אומשטערבלעכקייט איז אין קעניגרייך פון אַ פּאָעמע, אין וועלכער

ער האָט אויף אייביק געצייכנט די קאָנטורן פון אַ גרויסער רעליגיע.

אָט די רעליגיע פון אַכנאַטאָן, ווי עס איז אָנגעצייכנט לויט זיין פּאָעמע, איז באַלד נאָך זיין טויט געשטאָרבן. די שטאָט, וועלכע ער האָט געלאָזט בויען פאַרן צענטער פון זיין רעליגיע — איז חרוב געוואָרן. זיין נאָמען איז געוואָרן אויסגעמעקט פון די דאָקומענטן. אין זיין אייגענעם קבר האָט מען אים נישט געלאָזט רוען. און פונדעסטוועגן איז ער אַליין, מער פון אַלע אַנדערע פּרעהס, אונז געבליבן נאָענט און באַקאַנט, בשעת אַלע זיינע פאָרגייער און נאָכגייער, אַלע בלאַסע פּרעהס, זיינען אַוועק אויף אייביק אין דער פאַרגאַנגענהייט, אָן צו לאָזן די שפּורן פון זייערע אינדיווידואַליטעטן און כאַראַקטער־אייגנשאַפטן.

ווען אַמענהאָטעפּ דער פערטער איז געוואָרן פּרעה — איז עגיפּטן געווען אין גלאַנץ און לוקסוס. די 18טע דינאַסטיע, צו וועלכער אַכנאַטאָן האָט געהערט, האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַמאָן דעם ערשטן אין 1580 פאַר קריסטוס. די פּרעהס פון דער דערמאָנטער דינאַסטיע האָבן מעכטיג געהערשט און אויסגעברייטערט די גרענעצן פון מצרים — זידלאַך — צו סאָמאַלילאַנד און — נאָרדלאַך און צו איסט־זייט — צו מעסאָפּאָטאַמיע. שטייערן זיינען געקומען פון קרעטא און קיפּרוס און פון אַלע פאַרשקלאַפטע לענדער. טעבעס, די הויפּט־שטאָט, איז געווען רייך און גלענצנד. די פּריסטער פון גאָט אַמאָל זיינען געווען די הערשער אין טעבעס.

אָבער די פּרעהס האָבן געזוכט זיך צו באַפרייען פון דעם טעבעסישן קלער און האָבן זיך געווענדט נאָך שוץ קיין העליאָפּאָליס, צו די פּריסטער פון רא, אַן אַמאָל גרויסער גאָט, וועמענס זין די פּרעהס זיינען געווען.

די פּרעהס פון 18טער דינאַסטיע האָבן גענומען אָפּט ווייבער פון די אַסירירער. אַכנאַטאָנס מוטער, טו, איז געווען אַ סעמיטין און אַזוי איז אויך געווען זיין פאָטערס מוטער. דער סירישער גאָט אַטאָן („אדאָן", „אדאָניס") איז געווען דער גאָט פון דער זון און האָט זיך אידענטיפיצירט מיטן גאָט רא, וועלכן מען האָט גערופן רא־אַטאָן. די פּרעהס, צו צעמענטירן זייער אימפּעריע, און צו צעברעכן די הערשאַפט פון די טעבעסישע פּריסטער — האָבן נאַטירלעך אונטערשטיצט דעם גאָט רא־אַטאָן.

אַכנאַטאָן האָט געלעבט אין דער אַטמאָספערע פון אָט דעם פּאָליטיש־רעליגיעזן קאַמף. און זינט זיין קינדהייט, האָט אין אים געווירן יענער קאַלאָסאַלער קערן, מיט וועלכן ער האָט געפּרואווט אויסשמידן אַ רעליגיע, אַ רעליגיע — אין גייסט און אין דער גראַנדיאָזיטעט פון די אַלטע עגיפּטער. אַ רעליגיע וואָס נעמט אַרום גאָר דעם אוניווערס.

אָבער די אַלטע עגיפּטישע רעליגיע איז געווען פול מיט געטער און טייוולאָנים, וואָס עס איז קוים מעגלעך געווען פאַרן געוויינלעכן בירגער צו דערטראָגן אויף זיינע אָרעמע פּלייצעס. זיי האָבן געגלויבט אין אַ מולטיפּליצירונג פון געטער, וואָס האָבן זיך גערופן רא, דער זון־גאָט; אָזיריס דער מאַן־גאָט, וואָס איז אויפגעשטאַנען פון די טויטע, איז געוואָרן דער ריכטער פון יענער וועלט און דער קעניג אין טויטנלאַנד. איזיס, זיין פרוי. האָרוס, זייער זון. און סעט, דער פּרינציפּ

פון שלעכטס, דער שונא פון אָזיריס.

יעדער שטאָט און שטעטל האָט געהאַט אַ גאָט מיט אַ ווייב און אַ זון און אַ טייוול... אַזוי אַרום האָבן זיך אין אַלטן מצרים אָנגעזאַמלט צוויי טויזנט מיט פינף הונדערט געטער. אַכנאַטאָן האָט זיך פאַרטראַכט אין איינזאַמקייט איבער דעם ווירוואַר און טומל פון געטער — און ער וועט שפּעטער פּראָקלאַמירן איין גאָט, אַטאָן, איבער דער גאַנצער אימפּעריע, אין אַפריקע און אַזיע. די טעמפּלען פון אַמאָן־רא, אין קאַרנאַק, זיינען פאַרמאַכט געוואָרן. פון די ווענט האָט מען אָפּגעקראַצט די נעמען און די פאַרביקע סימבאָלן און די צייכנס פון די אַלטע געטער, וואָס האָבן זיך געמערט ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן.

אינטערעסאַנט, אַז אַכנאַטאָן איז אין קערפּער געווען דעליקאַט און סענסיטיוו. ער האָט געליטן פיזישן ווייטאָג. און דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע געוואַלדיקע דעראָבערער, גוזעצגעבער, צעזאַרן, דענקער, קינסטלער און דיכטער. פון טיפעליידן, מינדערווערטיק און דערשלאָגן — דערהויבן זיך אַט די ליידנדע צו קאָלאָסאַלע הויכן, שמידנדיק שיינקייט און גייסט אין פאָרמען, שטאַרקער און דויערהאַפטיקער ווי בראָנז.

אַכנאַטאָן איז געווען אַ שוואַכער און פאַרטרוימטער אינגל. מיר קענען זיך אים פאָרשטעלן — געבוירן אין לוקסוס, זיך איינהערנדיק אין די רעליגיעזע דיספּיוטן, קענענדיק די מיסטישע פילאָזאָפיעס פון די אַרומיגע לענדער, פון אָריענט און פון אַזיע און לייענענדיק אַלטע דיכטער — האָט ער זיך פאַרטראַכט איבער די גרעסטע פון אַלע פּראָבלעמען — פון גאָט. און זיך איינהערנדיק אין דעם געזאַנג פון ווינט, פאַרנעמענדיק די שיינקייט פון די שטערן — גאָטס גלידער, זיך איינקוקנדיק אין דעם פרישן געזיכט פון דער לבנה און אין פרילינג זיך פאַרטראַכטנדיק איבער דעם געוואַלדיגן כח פון דער זון, וואָס רופט אַרויס גראַנדיעזע און מאַגיש צום לעבן גאַר דאָס קעניגרייך פון לעבן — איז אין אים געבוירן געוואָרן דער דיכטער, דער קעניגלעכער דיכטער, און אַזוי ווי דיכטונג אַליין האָט פאַר אים נישט עקזיסטירט, ווייל בכלל האָט אין יענער צייט דיכטונג נישט געהאַט קיין קיום — האָט ער געפּרואווט צוזאַמענבינדן דאָס ריין־דיכטערישע געפיל מיט דער רעליגיעזער אַנשויאונג.

ווען אַכנאַטאָן איז געוואָרן נאָמינירט אַלס פּרעה פון דער עגיפּטישער אימפּעריע — איז ער אין גאַנצן אַלט געווען דרייצן יאָר, אַ דרייצן־יאָריגער פּאָעט און קראַנקער אינגל... זיין מוטער, טו, האָט געהערשט אַלס רעגענט, ביז אַכנאַטאָן איז אַלט געוואָרן ניינצן יאָר. דערווייל האָט זיך דער רעליגיעזער קאַמף צעפלאַקערט. די פּריסטער פון טעבעס האָבן אַגיטירט זייערע רעליגיעזע אידעען, פּינקטלעכט פונקט מיט אַזאַ פאַרביסנקייט און פּאַמפּע ווי אין אונזערע מאָדערנע צייטן. מער האָט שוין דער קאַמף נישט געקענט אַזוי פריי אָנגיין. אַכנאַטאָן, ווי געזאָגט, באַווירקט פון דער סעמיטישער טעאָלאָגיע, דערצויגן אונטער די פליגל פון זיין אַסירישער מוטער — האָט געגלויבט בויען אַ שטאָט, וואָס זאָל זיין דער רעליגיעז־פּאָליטישער צענטער פון עגיפּטן — און נישט טעבעס. אַזוי אַרום האָט ער געשטרעבט אַרויסצוציען די איניציאַטיוו און די מאַכט פון אַמאָנס פאַרביסענע פּריסטער.

צו דעם צוועק האָט אַמענהאָטעפּ אויסגעוויילט אַ פּלאַץ ביים

אַלטן, פּרוכטבאַרן נילוס־טייך און דאָרטן האָט ער געלאָזט בויען די נייע הויפּט־שטאָט, מיט פּאַלאַצן און טעמפּלען. ער האָט זי אָנגערופן „אכעטאַטאָן" — דער האָריזאָנט פון אַטאָן. ער האָט אויך געענדערט זיין אייגענעם נאָמען פון אַמענאָפיס („דער שלום פון אַטאָן") — אויף אַכנאַטאָן. (אַטאָן איז באַרויִגט).

אין אַכעטאַטאָן, דער האָריזאָנט פון אַטאָן, איז געפייערט געוואָרן דער געבורט פון דער נייער רעליגיע. דער סינטעזיס פון רא־אַטאָן האָט דאָ באַקומען לעבן און שוואונג.

אַכנאַטאָן איז געווען דער גייסט און די פּאָעזיע פון דער נייער רעליגיע. ער האָט פאַרפיינערט אירע געזעצן. ער האָט זי דערהויבן צו אַן אַלץ אַרומנעמענדיגן סיסטעם. ער האָט דער ערשטער אפשר קאָנדענסירט די מאָנאָטעאיסטישע שטרעבונגען, וואָס האָבן זיך נאָך פאַר אים, ווי זון־שטראַלן, אַרומגעטראָגן אין דער לופט און וואָס האָט שוין דאַן באַהערשט די רעליגיע און די נשמה פון אַ גרויס, גייסטיג פאָלק — די אידן. אַטאָן איז איצט, אַנשטאָט אַ פירער פון די געטער — געוואָרן דער איינציקער גאָט. קיין אימאַזשען האָבן פון אים נישט גע־טאָרט געמאַכט ווערן... ווי דער אידישער גאָט, האָט מען אים נישט געקענט פאַרקערפּערן — נאָר באַגרייפן ווי אַ גייסטיגע, אַלמעכטיגע קראַפט. די זון איז געוואָרן זיין סימבאָל.

אמת, ניי איז געווען פּרעה אַכנאַטאָנס אויפפאַסונג פון דער זון. שוין די אַלטע עגיפּטער האָבן געהאַט דעם זון־גאָט רא.

אָבער דער גלויבן אין דער זון איז נישט געווען פון די סאַמע אינטעליגענטסטע אין מצרים. די כוחות פון דער זון האָבן מער געדינט צו שרעקן, ווי צו טרייסטן. איינע פון די לעגענדן דערציילט אַז רא — די זון — האָט געשיקט די געטין האַטאָר צו פאַרניכטן די מענטשן. רא האָט אינגאַנצן נישט געלאָזט אָפּטאָן דאָס דאָזיקע שטיקל אַרבעט, אָבער ער איז געווען מיד און קראַנק פון די מענטשן. ער האָט זיך דעריבער צוריקגעצויגן אין די עליזייאישע פעלדער, וואו ער האָט געקענט זיך רואיק צוטיילן פונם פאַרגעניגן און הנאה האָבן פון זיינע פאַר יאָר — פון זיין אייביקייט... אַכנאַטאָנס זון־גאָט איז דאָגעגן פריינט־לעך צו די מענטשן, ווי זייער גרויסער פאָטער. אָפילו די פייגל ווייסן פון זיין גוטסקייט און צעשפּרייטן זייערע פליגל אין דער לופט, אים צו דאַנקען און לויבן. אין זון־אויפגאַנג און זון־אונטערגאַנג, ווען דער זונס שטראַלן זיינען צום שענסטן, דעמאָלט דאַרף מען תפילה טאָן צו גאָט.

אַנשטאָט די כהנים, וואָס האָבן פריער אָפּגעשראָקן די מענטשן מיט זייערע געהיימע צערעמאָניעס, פאַרשטעלנדיג דעם זון־גאָט מיט טעראָר און מיט ווילדע מאַניפעסטאַציעס — האָט אַכנאַטאָן יעדן מענטשן געלאָזט באָדן אין דער זון און געניסן איר גוטסקייט... די כהנים זיינען היפּש רעדוצירט געוואָרן, די רעליגיע געמאַכט צו פּשוטער תפילה און קרבנות פון פאַרביקע פרוכטן און גרינצייג זיינען צו גאָט געבראַכט געוואָרן. אַכנאַטאָן האָט גערעדט פון גאָט ווי פון אַ פאָרמלאָזן וועזן, אַ געטלעכע עסענץ וואָס דריקט דורך דעם קאָסמאָס עטעריש. און איצט, דריי טויזנט יאָר שפּעטער, שטייט מען אין באַוואונדערונג פאַר אַכנאַטאָנס טעאָריע אַז דער זונס שטראַלן גיבן לעבן צו דער ערד. אַז דער זונס ליכט איז דער קוואַל פון לעבן, שיינקייט, כח און ענערגיע

צו אַלץ וואָס באַוועגט זיך און אָטעמט. אַכנאַטאָן איז אינסטינקטיוו דערגאַנגען צו אַ געוואַלדיקן וויסנשאַפטלאַכן אמת, פון וועלכן מיר קענען גאָרנישט אַראָפּנעמען און צוגעבן אין אונזערע צייטן.

„שיין איז דיין אויפגאַנג אויפן ראַנד פון הימל,
אַטאָן ליבנדער, אָנפאַנג פון לעבן!
בעת דו גייסט אַרויס פון מזרח, ביי די ברעגן פון ליכט,
ווערט יעדעס לאַנד פאַרפול פון דיין פראַכט.
שיין ביסטו, גרויס ביסטו, הויך שיינסטו איבער אַלע לענדער,
דיינע שטראַלן רינגלען אַרום די ערד
ביז צו דעם לעצטן פון אַלע באַשעפענישן.
דו ביסט דער אַל־גאָט, אַלע ברואים האַלטסטו געפאַנגען,
דו בינדסט זיי צו זיך מיט דיין ליבע,
ווייט ביסטו. און דיינע שטראַלן זיינען אויף דער ערד,
הויך ביסטו, און דיינע פוס־טריט זיינען דאָס ליכט פון טאָג.
ווען דו פאַרגייסט אין מערב־לאַנד פון הימל,
ווערט טויט־פינסטער אויף דער ערד.
מענטשן שלאָפן אין זייערע צימערן, דעם קאָפּ איינגעהילט,
זיי זעען נישט איינער דעם צווייטן.
אַז מען וואָלט זיי באַגנבעט צוקאָפּנס. וואָלטן זיי אויך
נישט געזען".

אַזוי הויבט אָן דער קעניג־געזעצגעבער אַכנאַטאָן זיין הימנע צו דער זון — דעם סימבאָל פון זיין גאָט אַטאָן, דעם געבורט־געבער צו אַלץ וואָס לעבט אויף דער ערד.

אַטאָן איז געוואָרן דער נייער גאָט פון זון און לעבן. אַלע דער־פרייען זיך מיט זיין וואַרעמער ליכט. מענטשן אין די פעלדער. „פייגל פלאַטערן איבער זייערע זומפּן". „טאַנצן שאָף. פליען פייגעלאַך". די בהמה פרייט זיך מיטן גרינעם גראָז. נאָר דאָס לעבן לויבט דיך און טריאומפירט, אַטאָן!

„שפרינגען פיש אין דעם גרינעם ים
ווייל דיין ליכטיקייט דערגרייכט זיי".
דו באַשאַפסט בויך־פרוכט פאַר שוואַנגערע פרויען,
דו מאַכסט זוימען פאַר די מענער,
דו היטסט אָפּ דעם זון אין בויך פון זיין מוטער,
דו באַרואיקסט זיין זעל ער זאָל נישט וויינען.
אָן אָם ביסטו אין מוטער־טראַכט!

און נאָכדעם ווי אַכנאַטאָן רעכנט אויס אין זיין באַרימטער זון־הימנע אַלערליי קרעאַטורן, ביז צום איי:

„אַ געזעץ האָסטו געמאַכט,
זי זאָל אויפברעכן איר שאָלעכץ אין צייט,
זי זאָל אַרויס,
און פּישטשען אויף אַ קול
און אַרומשפרינגען אויף דער ערד".

נאָכדעם ווי ער שילדערט דאָס אַלץ, ווענדט ער זיך צום זון־גאָט אַטאָן אין אַ נאָך־מער געוואַלדיקער שפּראַך:

„אַ טייך אין הימל האָסטו געמאַכט
וואָס נידערט אויף די בערג, שלאָגט כוואַליעס ווי אַ ים.

זעטיגט לענדער און מאַכט זיי באַוואַקסן מיט פּלאַנצן.
ווי פילזייטיג זיינען דיינע געדאַנקען, גאָט פון אייביקייט!
דאָס ליכט אין הימל האָסטו געגעבן צו אַלע לענדער,
און צו דער חיה וואָס וואוינט אין די בערג, —
אין אַ טייך פון אונטערוועלט שטראָמט פאַר מצרים!
דיינע ליכט־שטראַלן טוען אָנזויגן אַלע פלאַנצן, גיבן זיי
לעבן.
אַז דו גייסט אַרויס, לעבן זיי פאַר דיר און וואַקסן".

וואָס פאַר אַ ליבע צו גאָר די באַשעפענישן פון דער ערד שטראָמט דאָ אַרויס פון אַכנאַטאָנס הימנע. ווי ער נעמט אַרום אין אַ קורצער פּאָע־מע גאָר דאָס באַשאַף פון דער ערד! און ווי די זון גרייכט פאַר אַלעמען גלייך. נישט בלויז צו די פעלקער פון מצרים. נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט, אַפילו פאַר דער ווילדער חיה!

אין געגנזאַץ צו די רעאַקציאָנערע כוהנים פון טעבעס — האָט אַכנאַטאָנס רעליגיע געשפרייט פרייד און ליכט. מען מוז זיין אַ געניאַ־לע נאַטור צו קענען טרייסטן אַזוי די מענטשן און גאָר די וועזנס — ווי אַכנאַטאָן טוט עס אין זיינע פערזן. מען מוז באַזיצן אַ סך ליבע אין האַרצן, צו קענען שפּרייטן ליבע אויף דער וועלט, אין דער פאָרם פון שטיקער צאַפּלענדיגע זון, פון פלאַמען וואָס בויען, טרייסטן, גיבן כוח און ענערגיע.

אין דער קראַפט פון ליב צום באַשעפער — איז דער הימן ענלעך צו איובס מעכטיגן ליב צו גאָט, נאָכדעם ווי ער דערקענט אים אין זיין גרויסקייט און שיינקייט, איבערוועגנדיג זיינע אייגענע ליידן. די רייכקייט פון געפיל, דאָס דערהויבן זיך צו די הימלען — דערמאָנט אין קעניג דודס תהלים־געזאַנגען... ווי פּאָעטיש איז אַזאַ מין ווענדונג:

„טויזנטער מיליאַרד בילדער האָסטו באַשאַפן פון דיר זעלבסט,
אין באַרג, אין דאָרף, אין פעלד, אין וועג, אין טייך,
יעדער אויג זעט זיי, ווייל דיין ליכט לויכט איבער דער ערד".

און פונם גראַנדיעזן און קאָלאָסאַלן — גייט דער פּאָעט אַרונטער צו אינדיווידועלע פערזן, וואָס רירן טיף מיט דער עכטקייט פון זייער געפיל:

"אָ, דו ביסט אין מיין האַרץ,
קיינער קען דיך ניט ווי דיין זון אַכנאַטאָן.
אים האָסטו געלערנט דיינע ווערק.
אין דיין האַנט האַלסטו די ערד וואָס דו האָסט באַשאַפן;
דו שיינסט אויף — לעבן זיי; דו פאַרזינקסט — שטאַרבן זיי".

וואָס פאַר אַ רעליגיעז־אינטים געפיל, וואָס מען געפינט ביי ר' שלמה אבן גבירול, ר' ישראל בעל שם טוב. וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלער פאַרנעם — און אויך ווי דין־ליריש, דיכטעריש־צאַרט...

„ביי דיין שיין אַרבעטן אַלע הענט,
לויפן אַלע פיס"...

ווי לעבעדיג און פשוט און — פּלוצלונג ווערט דיר נאָענט דאָס לעבן, דערפילסט דאָס לעבן פון אַלט־מצרים, די פאַר טויזנט יאָר צעריסן זיך ווי שפּינוועבס און דו זעסט ווי אַלע פיס לויפן ביים שיין

פון דער זון און אַלע הענט אַרבעטן... און דאָס האָט געזען אַ מענטש וואָס האָט פאַרשטאַנען דעם זין פון אַרבעט, די שיינקייט פון דעם זונס וואַרימען היילנדן ליכט...

זייער פּאָפּולער איז געווען „דאָס בוך פון טויט", און „דאָס בוך פון די טויערן", וואו עס זיינען געגעבן געוואָרן אינסטרוקציעס צו די גייסטער ווי אַזוי צו וואַנדערן צו „יענער וועלט", צו די געריכטס־אַלייען פון אָזיריס. דער אַרעמער מת, וואָס אויב עס איז ווייניק וואָס ער איז געטראָפן געוואָרן פון טויט — האָט געמוזט וואַנדערן דורך טויזנט הינדערנישן און שרעקן. ער דאַרף דורכגיין די ריזיקע שלאַנג אַפּעפּ, וואָס ווערט געהיטן פון פיר געטער, וואָס האָבן אין זייערע הענט קרומע קינזשאַלן. און פיר אַנדערע געטער, וואָס האָבן שלאַנגען־קעפּ. אויב דאָס איז נאָך נישט גענוג, זיינען פאַראַן אַנטקעגן דעם געשוואָלענעם מת זעכצן ביזאַרע געטער, וואָס ווערן געהאָלפן פון פינף נייע אויבערשטע געטער. מען קען זיך וואויל פאַרשטעלן אין וועלכן מיזעראַבלען צושטאַנד די געפּלאָגטע נשמה דערשיינט פאַר אָזיריסן, דעם ריכטער פון לאַנד פון שאָטנס. אויב אַזאַ נשמה האָט נאָך מוט זיך זעלבסט צו פאַרטיידיקן, דאַרף זי קריגן אַ „פּורפּור־הארץ"־מעדאַל פאַר העלדישקייט.

אַזאַ זינדיקע נשמה איז געוויינלעך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חיה, וואָס האָט געמוזט האָבן אַ נישט צו אַנגענעם געשטאַלט — דען זי איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון אַ לייב, אַ קראָקאָדיל און אַ היפּאָטאַמוס... אסור, צי די קרבנים וואָלטן אַזאַ נשמה דערקענט נאָך איר אַדיסייע און מעטאַמאָרפאָזע...

אַכנאַטאָן האָט אָפּגעשאַפט דעם דאָזיקן ריזיקן באַלאַסט פון מאָנסטערס, שדים, רוחות, חיות און אַפילו אָזיריסן אַליין. לויט זיין קאָנצעפּציע, איז די נשמה אַן אומנאַטירלעכער גייסט, טיילמאָל רוענדיק און די פּאָעטישע גערטנער פון הימל, טיילמאָל מיט טרערן אין די אויגן באַזוכנדיק די געליבטע פלעצער פון דער ערד, וואו עס האָט געלעבט און געליבט און געליטן. די נשמה האָט געקענט געניסן די פּאָעזיע פון נאַטור, די וואַרעמקייט פון דער זון, די פרויענצאַרטע פּנימער פון בלומען... מיט איין וואָרט — אַזאַ נשמה איז נאָך געווען אַ שטיקל מענטש.

אַכנאַטאָן האָט אָפּגעשאַפט דעם גלויבן אין גהינום. וואָרים ער האָט נישט געקענט גלויבן אַז אַ נשמה, אַפילו ווען זי זאָל שוין יאָ האָבן געזינדיקט, מעג פון גאָט געפּייניקט און געמאַטערט ווערן. די איינציקע שטראָף פאַר די זינדיגע, לויט אַכנאַטאָן, איז געווען פולקאָמע נישט־עקזיסטענץ. אויך איז אין דער פּאָעמע נישט פאַראַן קיין מלחמה און קיין קריגעריי. נישט אין פירן גרויסע קריגן, צו פאַרשקלאַפן פעלקער, איז געווען פרעה אַכנאַטאָנס ראָלע — נאָר דאָס פּשוטע און היימישע פאַמיליען־לעבן צו פייערן. אַרבעט און מענטשלעכע מי צו גלאָריפיצירן. אָפט דערשיינט פרעה אין דער געזעלשאַפט פון זיין פרוי נעפרעטעטע און זיינע ליבע קינדער... אַכנאַטאָן האָט, די לענדער וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן מיט געוואַלט פון זיין אימפּעריע, נישט געזוכט צוריקצוגעווינען מיט קיין באַוואָפנטע אַרמייען... בעסער די פעלקער זאָלן זיין פריי, לויט זייער ווילן...

אָבער די טראַגעדיע פון אַכנאַטאָן און זיין רעליגיע איז די זעל־

בע ווי אַלע פּריצייטיגע, הערלעכע אידעען, סאָציאַלע סיסטעמען, אוטאָ־פּיעס און אידעאַלן. עס איז געווען אַ צו שיינע רעליגיע. די מענטשן האָבן דאָס גוטע און שיינע פּשוט נישט געקענט פאַרדייען. דאָס גוטע — ווי די סאָציאַלע עקספּערימענטן פון אונזער צייט; און אין די אַלטע צייטן — ווי די רעוואָלוציע פון ספּאַרטאַקוס — דאָס גוטע לייכט אויף, כדי באַלד אונטערצוגיין, ווי די זון, אין גרויסן, שטימונגספולן פאַר־נאַכט פון דער וועלט.

און דאָ קומט צו דער טראַגעדיע. די אַזיאַטישע פּראָווינצן ווערן איבערגעפאַלן פון אַ שונא. זיי שיקן צו עגיפּטן נאָך הילף. אָבער — צו וואָס קריג, ווען מען קען לעבן אין זון־שיין און אין שלום? איז נישט אַטאָן, דער גאָט פון רו און פרוכטבאַרקייט? צו וואָס צעשטערן און טויטן מענטשן, צו וואָס פירן קריג — ווען אַטאָן איז דער גאָט פון שיינקייט און גליק? און — וועט ער דען נישט באַשיצן די מענטשן, מצרים און זיין זון אַכנאַטאָן?

די אַכצנטע דינאַסטיע פון פרעהס האָט אָנגעהויבן איר הערשאַפט מיט קריג און נצחונות. דאָס לאַנד איז זאַט געוואָרן. רעגולער פלעגט דער נילוס אויסגיסן זיינע פרוכטבאַרע כוואַליעס איבער די פעלדער פון עגיפּטן און זיי אָנצינדן צו געבורט און בלומען־דעקאָראַציע. און אַכנאַטאָן איז פון דער נאַטור אַ שוואַכער מענטש. פול מיט פיינען — אַ פּאָעט. אַ קעניג־פּאָעט, ווי קעניג דוד און ווי קייסער שלמה...

און אַזוי האָט אַכנאַטאָן אָפּגעהאַלטן זיין לאַנד פון קריג. די אַזיאַ־טישע מחנות האָבן זיך דערנענטערט צו מצרים. די אַלטע אַרמיי־פירער זיינען געווען אין אַנהויב אומגעדולדיג. שפּעטער—גרייט צו אַ רע־וואָלט. די רעאַקציע, פאַרקערפּערט אין די טעבעסישע פּריסטער, האָבן פאַרשפּרייט אַ מין אומצופרידנקייט, ווי די „5טע קאָלומניקעס" אין אונזער צייט... אַכנאַטאָן ווערט אין כעס און הייסט פאַרניכטן אַלע געטער פון טעבעס. די אָבערגלויבישע מאַסן ווערן אין כעס און בשעת דער אויסערלעכער שונא אַטאַקירט עגיפּטן און דער אינערלעכער שונא — די רעאַקציע, דער קלער — הויבט אויף זיין קאָפּ — שטאַרבט דער פּאָעט־אימפּעראַטאָר אַכנאַטאָן דער פרעטער...

איצט ווערן די טעמפּלען און די פּאַלאַצן פון אַטאָן צעשטערט און פאַרניכטעט. די פּריסטער פון טעבעס פאַרניכטן אַכטאַנאַנס נאָמען מיט אַ באַזונדערער אַכזריות און וואַנדאַליזם, ווי די שפּאַנישע קאַטאָ־ליקן האָבן פאַרניכטעט די פּאַגאַניסטישע קונסטווערק און טעמפּלען, און שלעסער, אין די מעקסיקאַנישע און פּערואַוויאַנישע ישובים. דער הויף טראָגט זיך איבער אין טעבעס. אַכנאַטאָן — אַ באַלזאַמירטער — ווערט אַרויסגעוואָרפן פון זיין קבר און געבראַכט צום קבר פון זיין כעמיטישער מוטער, טו.

„די פּריסטער האָבן מיט אַזאַ פאַרביסנקייט פאַרפאָלגט זיין אָנ־דענק, אַז מען האָט פון אַלע טעמפּלען פאַרמעקט זיין נאָמען, כדי מען זאָל נישט דינען צו אים. די פּריסטער האָבן אים קיין שטיין אויף „יענער וועלט" נישט געשענקט, אַז ער זאָל זיין מידן קאָפּ דאָרט נישט קענען אָנשפּאַרן... זיי האָבן פאַרפאָלגט דעם מאַן וואָס האָט געפּריי־דיקט פון אַ טראָן אַרונטער — פּשטות, ערלעכקייט, אויפריכטיקייט. ער איז געווען דער ערשטער הערשער וואָס איז געווען אַ הומאַניסט. דער ערשטער מענטש אין וועמענס האַרץ עס איז נישט געווען קיין

באַרבאַריזם. ער האָט דער ערשטער געגעבן אַ ביישפּיל, מיט דריי טויזנט יאָר צוריק, וואָס אַ מאַן און אַ פאָטער דאַרף זיין, וואָס אַן ערלעכער מענטש דאַרף טאָן, וואָס אַ פּאָעט דאַרף פילן, וואָס אַ פּריידיקער דאַרף לערנען, וואָס אַ קינסטלער דאַרף שטרעבן, אין וואָס אַ וויסנשאַפטסמאַן דאַרף גלויבן, וואָס אַ פילאָזאָף דאַרף דענקען". אַזוי אַנאַליזירט אים איינער פון זיינע ביאָגראַפן פון די לעצטע יאָרן.

די אידן, לויט מאַנכע היסטאָריקער, בויענדיג שלעסער פאַר פּרעהס, הערן פון אַכנאַטאָנס רעליגיע. זיין פּאָעטישן פּאַנטעאיזם, זיין טעאָלאָגישן מאָנאָטעאיזם. אָט די שקלאַפן־פּאַסטוכער פון פּאַלעסטינע װעלן באַפרייט ווערן דורך אַ גרויסן מאַן, משה. אָבער אַוועקגייענדיג פון עגיפּטן—וועלן זיי מיטנעמען יענע שטיקער זון־שטראַלן וואָס האָבן אַמאָל באַלויכטן די גאָלדענע דעכער פון אַכנאַטאָנס טעמפּלען און שלעסער. אַכנאַטאָן וועט זיין באַלזאַמירט און געצוואונגענערהייט ליגן לעבן זיין אַסירישער, טויטער מוטער. נאָר אַ ציטער וועט דורכגיין זיין לייב. איבערן ירדן טראָגן זיך 600,000 שקלאַפן און זייער מיסיע איז צו פאַרשפּרייטן דעם מאָנאָטעאיזם איבער דער וועלט. און עס איז זייט דאַמאָלסט, אַז אַכנאַטאָנס פּאָעטישע רעליגיע זוכט איר תיקון אויף דער ערד. דער קראַנקער פּאָעט פון עגיפּטישן הויף פירט נאָך אַלץ זיין שטרייט מיט די פעלקער. און עס זיינען די אידן וואָס טראָגן פאַראויס זיינע פלאַמענדיגע געדאַנקען מיט אַן עקשנות וואָס איז אומצוברעכלעך און שטאַרק ווי די שטאַרקייט פון שטאָל און ווי די אומפאַרלעשבאַרקייט פון דער זון — די זון, דער סימבאָל פון אַכנאַטאָנס רעליגיע. די זון — דער סימבאָל פון אַלע פרייע גייסטער, פון רוסאָ, סאָקראַטעס, טאָלסטאָי, טאָראָ, פון לעאָנאַרדאָ דא ווינטשי און קאָלומבוס, פון משה און קאַרל מאַרקס, פון זאראאסטער און היינע, פון אַלע העלדן פון רעליגיע, קונסט, מוזיק, ליטעראַטור און — לעבן...

# מיט רעמסס דעם צווייטן

(פסח־מעדיטאַציעס)

אַנומלט לייען איך אַ רעפּאָרטאַזש וועגן דעם מוזעאום אין קאַ־איראָ. און מאָדנע — אין דער זעלבער נאַכט האָט זיך מיר גע'חלומט אַז איך באַזוך דעם גרויסאַרטיקן מוזעאום אין דער גרויסער שטאָט, וואָס רופט זיך דאָס „פּאַריז פון אַפריקע". רעמסס דער צווייטער, דער פּרעה פון עגיפּטן, וואָס האָט געזען, ווי פון משה'ס פאַנטאַסטישן שטעקן ווערט אַ גאָלדענע שלאַנג, וואָס קאַרטשעט זיך, ציט זיך אָן — גרייט צו אַטאַקירן דעם מעכטיקן פּאַראָ — ליגט זיך אין אַ גלעזערנעם קאַסטן. זיין קערפּער איז קליין און נישטיק און געל, איינגעהילט אין תכריכים פון לייוונט. דער טויט האָט אים צעריבן און קליין געמאַכט. די מעכטיקע מצרים איז איצט דאָס קליינע, טרו־קענע עגיפּטן. די ספינקסן ווערן איצט צעבערעקלט פון באַמבעס. די פּיראַמידן האָבן ווידער באַקומען זייערע מתים.

יאָ, די ענגלישע רעגירונג האָט די מיינסטע מומיעס צוריקגע־פירט אין די טיפע היילן, אין די טונקעלע קאַטאַקאָמבן, ווייל דאָרט זיינען זיי זיכער פון באָמבעס . . . וואָס פאַר אַ איראָניע פון דער געשיכטע! . . .

מאַסנוויין האָט מען די קעניגלאַכע מומיעס, די שווינדזיכטיגע פּרינצן און פּרינצעסינס, די סיפיליטישע פּרעה'ס און הויף־דאַמען — מאַסנוויין האָט מען זיי אַלע צוריקגעבראַכט אין זייערע אָריגינעלע קברים און עס איז געווען, ווי נאָך טויזנטער יאָרן, וואָלט אויפ'ס ניי פאָרגעקומען זייער לויה . . . אַ רירנדע, אַ טראַגישע לויה.

איך האָב געפילט אומענדלאַך טרויעריג. איך האָב זיך איינ־געקוקט אין די גאָלד־בלאָנדע האָר פון דעם מעכטיגן קעניג רעמסס דעם צווייטן, אין זיין מאָגער געזיכט, אין די פאַרשטיינערטע גלי־דער, וואָס פילן ניט מער קיין ווייטאָג — און ווען די זון האָט געוואָרפן גאָלדענע פאַסן אויף זיינע אַלטע שמאַטעס און ווען דורך דער אָפע־נער טיר האָט זיך געשפּאַרט אַ בראָנזענער זייל פון זון־שטראַלן — האָט אין מיר פּלוצלונג דערוואַכט אַ סאַרדאָניש געפיל. איך האָב געשמייכלט צום אלטן קייסער און צו אים געזאָגט:

— געדענקסטו נאָך דעם שלאָנקן משה, וואָס האָט געליטן אויף אַן אינפעריאָריטי־קאָמפּלעקס" און האָט זיך פאַרהאַקט ביים רעדן; דער, וואָס האָט, אַלס קינד, געוואָגט צו באַרירן דיין ריזיגע קרוין פון גאָלד? יענער בראָווער געזעצגעבער האָט ניט זיין קבר, אַזוי ווי דו, שטערבלאַכער, אין שמאַטעס איינגעהילטער . . . ער, דער אַלטער, אידישער גאָט, אויף וועלכן דו פלעגסט שרייען פאַטעטיש: „ווער איז דאָס דער גאָט פון ישראל? איך קען אים נישט!" — האָט אים מיט אַ קוש געטויטעט אין די הימלען, יאָ, די גרויסע, מאַ־יעסטעטישע הימלען, פון וועלכע די זון לייכט איצט אין גאָלד אָרונ־טער — זיינען זיין קבר. ער איז געהילט אין וואָלקנס און אין רעגנבויגנס, נישט ווי דו — אין שמאַטעס . . . דער גאַנצער הימל, דער קאָסמאָס, איז איצט זיין קבר . .

רעמסס דער צווייטער האָט זיך ווי צוזאַמענגעקאָרטשעט, הגם דאָס איז אים געווען שווער צו טאָן. ער האָט זיינע גלידער מער ניט געפילט. עפּעס האָט ער אַ קרעכץ געטאָן הייזעריג אין זיין קאַלטער ברוסט. ווען די זון האָט באַלויכטן זיין בלאַס געזיכט, איז ער רויט געוואָרן, פּונקט ווי ער וואָלט זיך פאַרשעמט פאַרן בורלעסקעווען דאָ אין נאָבעלן מוזעאום, צווישן זיין משפחה, צווישן קראַנקע הויף־דאַמען, פאַרסמ'טע מיניסטאָרן, יונג־פאַרשטאָרבענע קינדער . . .

איך האָב באַטראַכט די גראַנדיעזע מאָנומענטן אין שטיין, אין קילן מאַרמאָר. מאַנכע שפּעטערדיגע שטיקער בראָנז, קאַלט און סאָליד, האָבן אין דער זון ווי אָנגעהויבן צו שמעלצן, צו פאַרוואַנדלען זיך אין ליקידע גאָלד־פיגורן, וואָס וועלן זיך יעדער ווײַלע טאָן אַ גאָס און צעשווימען.

— ווי מאָדנע דאָס איז, — האָב איך ווידער אָנגעהויבן רעדן צו זיין מאַיעסטעט, רעמסס דעם צווייטן, — ווי דיינע פּריסטער און דאָק־טוירים האָבן זיך באַמיט צו באַלזאַמירן דעם טויטן קערפּער, צו טויטן די באַצילן פון פוילונג, נאָך איידער זיי הויבן אָן זייער צעשטערערישע אַרבעט . . . אָבער מען קען אָן אימפּעריע נישט באַלזאַמירן . . דאָס וואָס דער טויט נעמט צו — דאַרף מען לאָזן צום טויט . . . די מאַסקע, אַפילו פון אַ פּרעה, פאַרקרימט זיך און ווערט מיאוס. אויב מען קען ניט מאַכן פּראַמענאַדעס אין די הימלען, ווי דער באַשיידענער פּרינץ משה, וואָס איז געווען אַ פּאָעט און האָט פאַרשטאַנען אַז גליענדיגע קוילן לייכטן פּונקט אַזוי ווי אַ גאָלדענע קרויך, דאַן מוז מען פוילן אין דער ערד . . .

דער קעניג פון מצרים האָט זיך פאַרשעמט. די זון האָט נאָך רוי־טער אויף זיין פלעגמאַטיש געזיכט געלויכטן.

— ווייסטו יאָ וואו דו ביזט אומשטערבלאָך, אַלמעכטיגער פּרעה? דו ביזט זעלטן שיין באַלזאַמירט אין אַ קליינעם ראָמאַנס, אין אַ געלן ביכל, געל פון אייער־געלכעלאָך — אין אונזער ליבעסווירדיגער „הגדה" . . . דאָרט פאַרנעמסטו אַ חשוב'ן אָרט מיטן ווייזן זון און מיטן אידיאָט, מיטן רשע און מיטן איגנאָראַמוס . . . אמת, דו ווערסט זייער שלעכט און אומבאַהאָלפן פאַרגעשטעלט אין די צייכענונגען . . . דיין קרוין איז אומגעלומפּערט און ריזיק גרויס. זי איז אַזוי שווער, אַז זי לאָזט די געהירן נישט דענקען . . .

אָבער אין אָט דעם ראָמאַנס ביזטו געבליבן לעבן . . . דאָ ביזטו געבליבן גאַנץ און באַלזאַמירט . . . נישט ווי אַ קאַריקאַטור — נאָר ווי אַ טיראַן . . . און אָנשטאָט אָט די פוילנדיגע, מידע, קראַנקע גוף'ן פון דיינע קינדער — ווי שיין איז דיין טאָכטער געבליבן אין דעם געלבלאַכן ספר! ווי אָפט פלעג איך זי, קליינערהייט זען, אַ הויל־נאָ־קעטע, ווי אין אַ ניו־יאָרקער בורלעסק־טעאַטער, שטיין ביים ברעג פון פאָפּולערן טייך, דער נילוס, וועגן וועלכן עמיל לודוויג האָט געשריבן אַ גוטן ראָמאַן . . . די פּרינצעסין איז געווען אַרומגערינגלט פון אירע הויף־דאַמען — די נאַקעטע דינסט־מיידן . . . אַ סוד וועל איך דיר זאָגן, עקסעלענץ פּאַראָאָ, אַז די דינסטמיידן זיינען געווען שענער ווי די פּרינצעסין? . . . נאָר ווער האָט עס געוואָגט צו דענקען? דאָס דאַרף, איבעריגנס, פאַרבלייבן אַ סוד צווישן אונז ביידן . . . און אָט אַזוי ווי די נאַקעטע דאַמען נעמען אַ זון־באַד און דער נילוס שווימט פאַר זיי דורך איז זיין גאָלדענעם קאָליר — שווימט אָן דאָס קעסטעלע

פון פימסנהאָלץ . . . אַ זיס קינד ליגט דאָרט און גרויסע טרערן רינען פון זיינע קליינע אויגן . . . אַ, ווי די פרינצעסין איז גערירט . . זי בויגט זיך איבער דעם קינד — און אירע פולע בריסט באַרירן דעם קינד'ס מיילכל . . . ווי וואונדערלאך דאָס איז! די דינסטמיידן נעמען עס ארויס און פלוצלונג פאַרשעמען זיי זיך פאַר א נאקעטן מאַן, פאַר דעם געזעצגעבער און פראָפעט משה, און זיי גייען אלע אַרונטער אין וואסער, כדי אין די כוואַליעס צו פאַרהילן זייערע קערפּערס, ביז צו די פולע, רייפע בריסטן . . .

קעניג רעמסס איז איבערגעראַשט פון מיין וואונדערלאכן זכרון... זיין שטערן פאַרקנייטשט זיך... ער וויל זיך דערמאָנען. פלוצלונג דערמאָנט ער זיך אז ער האָט נישט די געהירן אונטערן שאַרבן. אז די באַלזאַמירער האָבן עס אַרויסגעצויגן צוזאמען מיטן בלוט פון זיין מוח . . . דעריבער טאַקע איז פרעה רעמסס — אַנעמיש . .

פלוצלונג דערפיל איך אז עס איז שפּעט . . (אין רעלאַטיוויטעט־לשון הייסט עס אז עס איז נישט שפּעט אין צייט — נאָר שפּעט אין רוים, אַז דער ארטיקל פאַרציט זיך . . . ) איך האָב נאָך א סך זאכן צו זאָגן צום טרויעריגן פרעה . . . נאָר איך פיל אַז ער איז נישט אומשטאַנד מיר צו ענטפערן . . . געבליבן איז אין אים דאָס הארטע, דאָס סאָלידע, ווי ביינער, ציינער, נעגל . . . אָבער די ווייכע צונג איז עחגעץ פאַרלוירן געוואָרן צווישן די פאַר טויזנט יאָר . . . אַרימער קעניג! ער איז איצט שטומער ווי משה, וואָס פלעגט זיך פאַרהאַקן ביים רעדן, ווי מאַנכע צייט־גענאָסן, באַזונדערס פרינץ אהרן, געדענקען עס...

די זון איז פאַרגאַנגען און אין קעניגרייך פון טויט איז געווען שטיל, ווי אויף א בית־עולם. דאָס לעצטע זון־גאָלד איז געפאַלן הויך אויף די קעפּ פון די ריזיגע מאָנומענטן . . . די שטראַלן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין הארטן שטיין און אראָפּגערונען ווי בלוט . . .

שטילערהייט בין איך אַוועק, זאָגנדיג „אַדיע" צום קעניג, און העפלאַך זיך פאַרנייגנדיג . . . האָט דער פרעה באַוועגט מיט א ברעם? ווער ווייסט? אפשר האָט דער ווינט באַוועגט די עטלאכע האָר פון זיין טויטער ברעם . . . — — — — — — —

ווען איך האָב דערוואכט, האָב איך געשמייכלט איבערן מאָדנעם

חלום. פאַר מיר, ביים בעט, איז געלעגן א קליינע הגדה . . . דער ווינט האָט געמישט אירע בלעטער . . . און אין די איבערגעמישטע בלעטער האָב איך אין חלום געזען רעמסס דעם צווייטן און די טאָכטער פונם פרעה און משה דעם באַשיידענעם, וואָס האָט זיין קבר געבויט אין די שטורמישע הימלען, צווישן וואַלקן־ספּיראלן און זונען־טריאומפבויגנס . . .

# דער גורל פון אידן און אידיש

(ביי דער געלעגנהייט פון י. ל. גרוזמאַניס באַזוך אין ניו־יאָרק)

עס איז מאָדנע ווי די אידישע שפּראַך איז געבוירן געוואָרן ביים אידישן פאָלק אויף זיינע וואַנדער־וועגן. און ווי אַזוי דער גאָט פון געשיכטע באַוועגט אַזוי דאָס אייזערנע, דאָס פאַרזשאַווערטע ראָד, אַז דאָס וואָס עס איז געבוירן געוואָרן אין וואַנדער, פאַרבלייבט אויף צו וואַנדערן ווייטער אין דער וועלט. אידיש האָט שוין זיין אַלט פּנים. דער בוים פון אידיש האָט שוין זייט יאָרהונדערטער זיינע אַלטע צווייגן און זיינע אַלטע וואָרצלען. אידיש האָט אין דייטשלאַנד געהאַט זיינע וויין־און־טרונק און פּורים־לידער; עס האָט דאָרט געהאַט זיינע ליריקער און זיינע עפּיקער. אויף אידיש האָבן שוין אין מיטלאַלטער אידישע מוחות קהלת'דיק רעפלעקטירט און אידישע דיכטער האָבן צו די ליפּן צוגעטראָגן דעם גאָלדענעם כוס וויין און געזונגען דאָס כלה און דאָס באַדעקנס־ליד; און דאָס דאָזיקע לאַנד, וואו עס האָבן געלעבט אונזערע אייזיק וואַליד'ס און טובה פּאַנס, וואו עס איז אַנטשטאַנען אונזער לירישע דיכטונג — דאָס דאָזיקע לאַנד האָט אונז אין די צייטן פון די קרייץ־צוגן געטריבן צו פּיין און אומגליק און אין אונזערע צייטן זיינען זעקס מיליאָן אידן — מערסטע אידיש־באַוואוסטזיניקע עלעמענטן — געגאַנגען צו זייער לוויה. אידיש איז נאָך אַלץ אַ וואַנדער־שפּראַך. אידישע רייד טריפן אַריין אין ים צוזאַמען מיט אידישע מענטשן. אידיש קלינגט שוין איצט אין לענדער וואו דו האָסט אפילו נישט געטרוימט אַז אַ אידיש פּנים וועט זיך באַווייזן. איבער נייע לענדער און אינדזלען גייט אויף דאָס אידישע וואָרט. לעצטנס קלינגט אידיש אפילו אויפן אינדזל ציפּערן — וואו ענגלאַנד פאַרשיקט די אידישע „פאַרברעכער", וואָס זיינען געקומען צו די ברעגן פון ארץ־ישראל, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך דורכגעטראָגן דעם אייראָפּעאישן שטורם ווי בלעטער אין אַ גרויסן, אימה'דיקן ווינט.

טרויעריק איז דער שיקזאַל פון אידיש. אין פרעמדע לענדער געפינען די אידן זייער אידיש וואָרט מיט האַרציקער פרייד. אַנדערע פעלקער, ווען זיי קומען אָן אויף נייע טעריטאָריעס — שטעלן איבער דאָס מעבל פון דער נאַטור, לויט זייער היימלאַנד. לויט דעם געליבטן לאַנד פון זייער קינדהייט. זיי בויען פון יונגע ביימער, אויסגעהאַקט פון די אור־אַלטע וועלדער — טעמפּלען און הייזער אין סטיל פון זייערע אייגענע טעמפּלען און הייזער. זיי טראָגן איבער אויף דער נייער ערד אַ לאַנד מיט אַלע קאָלירן. זיי טראָגן איבער אפילו דעם קלימאַט, דאָס וועטער, דעם באַגינען און דעם בין־השמשות. דעם רעגן פון זייער היימלאַנד לאָזן זיי רעגענען פון די נייע וואָלקנס און דעם שניי כישוף'ן זיי אַרויס פון דעם הימל — אין בענקשאַפט נאָכן שניי פון דער קינדהייט, וואָס פאַלט אין בלויער נאַכט — און ווערט די נייע מאַסקע און דאָס נייע קלייד פון דער ערד. זיי גיבן צו די טייכן און צו די אינדזלען און צו די וועלדער די נעמען פון זייערע אייגענע, פון זייערע פאָטערלענדישע טייכן און אינדזלען

און וועלדער.

אָבער דער איד נעמט נישט מיט קיין לאַנדשאַפטן פון זיין לאַנד. זיינע לאַנדשאַפטן זיינען בית־עולם'ס אויף וועלכע עס דרייט זיך מיטן ווינט דאָס אַש פון זיינע נאָענטסטע. די לאַנדשאַפט פון זיין יוגנט איז פול מיט בלומען פון האַס. איז פול מיט אייזערנע, שטעכנ־דיקע דערנער פון זייער ווילדער משוגעת און צאָרן. דער טייך איז פול מיט אונזערע הרוגים. דער פלאַמענדער פרימאָרגן איז געמישט מיט אונזער בלוט.

דער איד טראָגט מיט אויפן נייעם קאָנטינענט זיין תנך — זיינע האַניקדיק־גילדערנע צדיקים — זיין אליהו הנביא און זיין ר' ישראל בעל שם טוב; ער טראָגט מיט זיין אידיש וואָרט, זיין אידיש ליד, זיין אידישן פאָלקלאָר — זיין אידיש־צעשעניטענעם און דורך צוויי טויזנט יאָריקע וואונדן־צעקאַרבטן פנים — זיין אידישן טרויער.

אידיש — מעג עס קלינגען ווי איראָניש און ווי טראַגיש — איז געוואָרן אַן אוניווערסאַלע שפּראַך — אויפן גאַנצן וועלט־קאָנ־טינענט. אַ לשון וואָס האָט אַ מאָדנעם יחוס — וואָס האָט זיין גרעסטע צאָל מאַרטירער וואָס האָבן אויף איר געשריגן ביזן גאַז־קאַמער... אידיש דערגרייכט פאַנטאַסטישע רעגיאָנען — אַזש ביז צום געלן טייך פון כינע — אַזש ביז שאַנכאַי, וואו עס עפענען זיך צו גלייכער צייט די ישיבה און די אידישע צייטונג. וואו לובלינער ישיבה־בחורים און וואַרשעווער שריפטשטעלער זיינען צוגלייך פאַר־וואָגלט געוואָרן.

דאָרטן באַקעגענען זיך די פוילישע מיט די לעצטע איבערבליי־בענישן פון כינעציזירטע אידן אַזש פון די צייטן פון חורבן בית שני.

דאָס איז דער מאָדנער און פאַנטאַסטישער שיקזאַל — די איראָ־ניע — די אומפאַרשטענדלעכע מעטאַמאָרפאָזע פון אַ לשון וואָס הייסט אידיש און וואָס האָט זיינע מערסטע לייענער אין גן־עדן — אין גאָט'ס הימלישער ביבליאָטעק.

נישט מיט אַ ספּעציעלן שטאָלץ אויסערט דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות די פאַקטן פון אָט־דעם אידיש־גורל. דער אוניווער־סאַליזם פון אידיש איז דער רעזולטאַט — אויבערפלעכלעך געזען — פון זיינע נאַציאָנאַלע אומגליקן. פונקט ווי דער אוניווערסאַליזם פון אידישן פאָלק — איר וועלט־געשיכטע — איז נישט קיין גליק פאַרן פאָלק היסטאָריש. עס איז פיל געזונטער זיך צו טוליען צו איין לאַנד־שאַפט — צו איין וואַלד און טייך און פעלד און פאַרנאַכטיק־דעמערנ־דיקער האָריזאָנט וואָס שלאָפט איין אויף די אָרעמס פון גאָט — ווי זיך אָנצוטאָן אין דער פילפאַרביקער פעלערינע פון וועלט־געאָגראַ־פיע און וועלט־פּאָן.

דעם אידנס קערפער איז צעשניטן פון זיינע וואונדן פון צוואַנ־ציק יאָרהונדערטער גלות! — זאָגט שאַרל פּעגי, אַ פראַנצויזישער שריפטשטעלער. דער איד איז מיד פון זיין אוניווערסאַליזם. ער איז מיד פון טוישן האָריזאָנטן און פּייזאַזשן. ער איז מיד פון דעם וועלט־וואַנדער. ער דאַנקט פאַר די קאָמפּלימענטן מצד זיינע אייגענע מיסטיקער און חכמים וועגן דעם אידנס געהיימען צוועק — וועגן זיין קאָסמישער ראָלע — וועגן זיין גאַנג דורך די אַלייען פון די פעלקער מיט זיין גאָליבטער — דער צעפלאַמטער תורה — אין האַנט.

דער איד איז שוין מיד זיך צו ווארפן מיט זיין מאראל צו א שיכור'ער, א צעיושעטער, א ווילד־צעהוליעטער און צעכוואליעטער וועלט, וואס גייט מיט זיין וואנדאליזם, מיט זיין צעשטערונגס־לוסט אנטקעגן אלע שיינע זאכן פון דער ערד און טונקט איין דאס קורצע, פאעטישע און סיי־ווי שטערבלעכע לעבן אין לויטער טויט — אין פערמאנענטער צעשטערונג. דער איד בענקט צו רו, צו איינזאמקייט. ער איז מוחל דער וועלט איר באנקעט און איר שחיטה; איר מכלומרשטע העפלעכ־קייט און באנדיטישקייט.

און דאך איז אט־די וואנדערונג — זיין איינציקע מעגלעכקייט פון בלייבן לעבן כאטש גלידערווייז — אפגעהאקטע פון זיין פאלקס־ארגאניזם.

די מענטשהייט — די סומע פון פילע פעלקער — איז א פאר־שאלטענער געץ מיט פילע מעטאלענע מאסקעס און פנימער. און ווען איין פנים דארנט און דונערט מיט גערמאנישער רשעות — מיט מיטאלאגישער בלוט־דורשטיקייט און וואגנערישער ווילדקייט — שמייכלט מיט א קרומען שמייכל אן אנדער פנים פון דעם דאזיקן נאבעלן שד — די מענטשהייט. דאס דערמעגלעכט דעם אידן אפצו־אטעמען קורצע אדער לענגערע מאמענטן אונטער די וואנסעס פון איינעם פון דער מענטשהייט־געצ'ס מכלומרשט־שמייכלענדיקן פנים. דאס איז זיין גאראנטיע פאר צייטווייליק לעבן — פאר צייט־ווייליגן ארבעטן, טרוימען, וועבן און שאפן...

און דאס אידישע ווארט ווערט דערווייל געהערט אין א נייער קאנטינענטאלער ספערע. אזוי — ביזן נעקסטן שטורם פון לענדער — ביז דער נעקסטער פינצטערער שטימונג פון די פעלקער.

*

# איינזאַמקייט און די הייליקייט פון לעבן

## אַליין

דער וועכטער גייט אין קאָרידאָר,
די וואַנצן גייען אויפן שעניק;
איך שפּיל זיך ווילד מיט מיינע האָר,
איך רייס אַ זשמעניע נאָך אַ זשמעניע.

דער לאַנגווייל רייסט און ווערט נישט מיד,
מיין האַנט, זעט אויס, שוין מיד אַוודאי;
פאַרנעם איך זיך מיט וועכטערס טריט
און מיט דער שעניק־פּראָמענאַדע.

איך ווייס, עס איז דעם וועכטערס גאַנג
און כיוויל נישט ער זאָל שטילער ווערן, —
ס'איז איינציק־לעבעדיקער גאַנג, ... ... ... ... ... ......
וואָס כ'קאָן דאָ איצט אין תפיסה הערן...

דעם שעניק טו איך נישט קיין רירן,
איך לאָז די ברוגים רואיק שפּאַנען —
ס'איז איינציק לעבן דאָ מיט מיר,
וואָס איז נאָך, אויסער מיינס, פאַראַנען"...

(„לאַ סאַנטעי", לידער, „יידישע קולטור", איקוף, אָקטאָבער, 1946.)

•

דאָס דאָזיקע ליד פון דעם פּאַריזער פּאָעט משה שולשטיין האָב איך געלייענט אין אַ סעריע לידער אין „יידישע קולטור", אונטערן נאָמען „לאַ סאַנטעי" (דאָס געזונט). „לאַ סאַנטעי" איז דער נאָמען פון אַ טורמע אין וועלכער דער פּאָעט איז געזעסן אין די יאָרן פון דער נאַצי אָקופּאַציע אין פּאַריז. נישט האָבנדיק קיין מאַטעריאַלן צום שרייבן לידער — אַ צו גרויסער לוקסוס אין אַ פראַנצויזישער טורמע הינטער דער הערשאַפט פון די נאַצים — האָט דער פּאָעט זיינע לידער אויסגעשטאָכן מיט נאָדלען אין אַלטע צייטונגען און דעטעקטיוו־ראָמאַנען. שפּעטער האָט ער זיך איינגעחזרט די לידער און ווען ער איז אַרויס פון דער טורמע, האָט ער זיי איבערגעשריבן פון זכרון. איינס פון די לידער איז דאָס אויבנציטירטע.

אפשר וועלן אַנדערע לייענער אויסזעצן קעגן ליד, אַז עס איז אומעסטעטיש, אומציכטיק אאז"וו. לויט מיר איז עס צופיל אמת, אַז עס זאָל זיין אומעסטעטיש. עס פאָדערט זיך אַ גרויסע איינזאַמקייט, כדי צו קענען אָנשרייבן אַזאַ ליד. די וואַנצן — דאָס זיינען די איינציקע שטיקלעך לעבן אין דעם פינצטערן קערקער. לעבן — וואָס בייסט, וואָס גריזשעט, וואָס זויגט אַרויס דאָס בלוט פון די ביינער ווען דער

קרבן כאַפּט זיין מידן דרימל. זיי זיינען די ווערים וואָס עסן ביים לעבן. (אָבער ווי אומפאַרגלייכלעך ריינער און מענטשלעכער זיינען די וואַנצן — אין פאַרגלייך צו די מאָנסטער־וואַנצן — די דייטשן, די נאַציס — די אייזערנע מאָנסטערוואַנצן, וואָס זויגן דאָס בלוט פון פעלקער.)

אָבער דער מענטש וואָס לעבט, קאָן אָן לעבן ארום־זיך נישט לעבן. אין איינזאַמקייט איז טייער יעדער שאָרך פון לעבן; יעדער קרעכץ און געוויין־אויסברוך. אין איינזאַמקייט קענסטו פאַרגעטערן אַ קינ־דערשן געשריי פון דער גאַס. דער קוויטש פון אַ משוגענעם איז ווי אַ סימפאָניע. דו זאַמלסט יעדער גערויש און געפּילדער פון דער וועלט, וואָס איז ווי תהלים צו דיינע אויערן.

די וואַנצן זיינען די איינציקע דערשיינונגען פון שטיקלעך לעבן. און נישט נאָר זיי. דעם וועכטערס טריט זיינען אים נאָענט. דער נאַצי־אָנגעשטעלטער וועכטער, וואָס היט טאָג און נאַכט זיין קרבן — זיי אויך זיינען צייכנס פון דעם גרויסן לעבן פון דער ערד. מאָרגן קען דער דאָזיקער וועכטער אים טויטן. אָבער היינט זיינען זיינע טריט דער אָפּהילך פון לעבן... פון דעם גרויסן לעבן, וואָס איז אַמאָל געווען...

ווען מען לייענט די בריוו וואָס די אייִדעלע ראָזאַ לוקסעמבורג האָט געשריבן אין טורמע, ווערט מען געוואויר וואָס עס מיינט איינזאַמקייט; ווי טייער עס איז צו דער סענסיטיווער פּאָעטעסע און מענטשן־פריינדין געווען דער ציטער פון אַ בלאַט — דאָס שימערן פון אַ שמעטערלינג ביי די גראַטעס פון דער טורמע — דער רויש פון ווינט וואָס באַרירט די פולע צווייגן פון די ביימער — דאָס שפּילן פון אַ פייגעלע אין דעם וואונדערבאַרן פרימאָרגן. ראָזאַ לוקסעמבורג, די גרויסע מאַרקסיסטין — אַנטפּלעקט זיך דאָ אַלס מוטער און אַלס געליבטע — זאַכן, וואָס זי האָט אוודאי אין לעבן נישט קיין צייט געהאַט צו רעאַליזירן. די פאָרגייער פון די איצטיקע נאַציס האָבן זי אומגעבראַכט אין יאָר 1918, אַלס די אָנפירערין פון דעם דייטשן ספּאַרטאַקיסטן־אויפשטאַנד, צוזאַמען מיט קאַרל ליבקנעכט. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם שמערצפולן ליריזם פון אירע בריוו פון טורמע וואו די גאַנצע פּאַנאָראַמע פון לעבן — פון ליב־שאַפט צום לעבן — גייט אויף אַזוי רירנד־עקזאַלטירט. אין די דאָ־זיקע בריוו — אַ געפאַנגענע אין טורמע, דערהויבט זיך די גרויסע יידישע הומאַניסטקע צו אַ ליבשאַפט, וואָס נעמט ארום נישט נאָר צו אַלע מענטשן — נאָר צו אַלע לעבעדיקע ברואים, צו גאָר דעם לעבן אויפן פּלאַנעט. זי דערהויבט זיך צו קאָסמישער גרויסקייט. זי דערגייט צום קאָסמישן באַוואוסטזיין, וואָס מאַכט איר וועזן און געשטאַלט עקזאַלטירט.

פראַנציסקוס פון אַסיסי האָט געמוזט זיין זייער איינזאַם כדי מיט אַזאַ עקזאַלטאַציע ליב צו האָבן די פייגל פון פעלד; זיי צו רופן — שוועסטער און ברידער. און בלויז וועגן אַזאַ מאַן קאָן געשאַפן ווערן יענע לעגענדע, וואָס האָט נישט קיין גלייכן צו זיך. עס ווערט דערציילט, אַז אין אַ זוניקן טאָג זיינען די ווערים פון פראַנציסקוסעס קרעציקן לייב אַרויס אויף דער זון און זיך אָנגעהויבן צו קריגן צווישן זיך. פראַנציסקוס האָט עס נישט געקענט פאַרליידן און האָט זיי צוריק איינגעלאַדן זיך צו באַזעצן בשלום אין זיין

ליידנדיקן גוף. שרעקלעך איז די דאָזיקע לעגענדע. זייער איינזאַם האָט געמוזט זיין דער קריסטלעכער הייליקער כדי מיט אַזאַ עקזאַל־טאַציע צו ליבן דאָס לעבן פון פייגל און חיות, פון בלומען און פלאַנצן. עס זיינען נישט די גליקלעכע וואָס עפענען זייערע אויגן צו דעם לעבן פון קאָסמאָס. עס זיינען נישט די זאַטע וואָס זיינען סענסיטיוו צו די ליידן פון די שטומע און אומגליקלעכע. עס זיינען נישט די יעניקע וועמענס הערצער זיינען פאַרגאָסן פון פעטס — וואָס קענען צונייגן אַן אויער צו די קרעכצן פון די יעניקע, וואָס זיינען אייביק אין שאָטן און ווערן קיינמאָל נישט באַלויכטן פון דער זון.

און בלויז אין ליכט פון דער דאָזיקער גרויסער ליבע צו דער אַלוועלט קענען מיר פאַרשטיין דזשיאָוואַני בעלינים מאַלעריי „סט. פראַנציסקוס אין עקסטאַז". ווער עס האָט עס געזען אין דער ניו־יאָרקער פריק־קאָלעקציע, קען זיך דערמאָנען ווי דער בלייכער, אויס־געדאַרטער און שווינדזוכטיקער סט. פראַנציסקוס שטייט אין פייער־דיקער עקזאַלטאַציע אַנטקעגן אַ ריזיקע פּאַנאָראַמאַ פון פאַרביקע בערג און וואָלקן און שטיקער הימלישע לאַנדשאַפט. די הענט אין תפילה פאַנאַנדערגעשפּרייט — נעמט ער אַרום מיט זיין געפיל דעם קאָסמאָס. נעמט אַרום אין עקזאַלטאַציע גאָר דאָס לעבן פון דער ערד.

משה שולשטיינס ליד דערמאָנט מיך אין אַ צווייטן פּאָעט פון פּאַריז — פראַנסואַ ווילאָן. צוויי מאָל איז דער פראַנצויזישער דיכטער פון מיטלאַלטער ניצול געוואָרן פון דער תליה. און זיינע מערסטע פּאָעמען האָט ער געשריבן אין טורמע. ער איז געווען דער ערשטער פראַנצויזישער פערזן־מייסטער וואָס האָט איבערגעריסן מיט דער מיטאָלאָגישער אַלעגאָרישער דיכטונג פון מיטלאַלטער. און ער האָט דער ערשטער אַריינגעפירט אין זיין ליד זיין פּערזענלעכן שמערץ און פרייד. זיין אייגענע רייכע געפילנוועלט. ווילאָן האָט אין זיינע דראַמאַטישע און רירנדיקע באַלאַדן אַריינגעפירט דעם הומאָר — דאָס גראָטעסקע — די שטאַרקע אַפּעטיטן — די ריזיקע פאָלקסגעשטאַלטן — די גאַרגאַנטואַס פון מיטלאַלטער. אין קעגנזאַץ צו דער דאַמאַלסט־אומאָרגינעלער, אימיטאַטאָרישער דיכטונג, וואָס האָט אָפּערירט מיט געטער און געטינס, מיט היסטאָרישע שלאַכטן און דועלן, מיט לויטער „העלדן" — פירט ווילאָן אַריין דעם מענטש, דאָס פאָלק, די ליידנשאַפטן און די אַפּעטיטן פון פאָלק. די וויצן און די צוויי־דייטיקע שפּריכווערטער, די גראָבע שפּראַך פון די מאַסן, אַזוי אַז זיין פּאָעזיע ווערט אי די פרעסקאָ פון זיין צייט, אי עס אַנטהאַלט שוין דאָס ליריש־סוביעקטיווע ליד, וואָס וועט זיך שפּעטער רייך פאַנאַנדערבליען, ווי אַ בלומענגאָרטן, אין דער אייראָפּייאישער פּאָעזיע.

אין איינע פון זיינע באַלאַדעס שילדערט פראַנסואַ ווילאָן אַ טורמע, וואו ער איז געווען אַן אָפּטער אורח און וואו עס איז אין אַ נאַכט געבוירן געוואָרן אַ דור פון שצורעס. די דאָזיקע באַלאַדע איז נישט קיין צופאַל. דער איינזאַמער פּריינץ פון רויבער און פרינצן, דער וואָס פלעגט אין די נעכט צונגבענען די דיאַמאַנטינע אויגן פון דער מאַדאָנאַ און קושן אירע באָרוויסע פיס און אירע ליליענבלייכע הענט — דער יעניקער וואָס האָט אוודאי געוואַרט געהענקט צו ווערן אויף דער תליה פאַר רויבעריי — האָט געמוזט זיין שרעקלעך איינזאַם

כדי צו קענען באַזינגען מיט אַזוי פיל סענטימענטאַליזם און צו ליבן און שעצן דאָס לעבן פון דער נייער פאַמיליע פון שצורעס אין זיין פינצטערן קערקער...

די וועלט־ליטעראַטור — די שענסטע ווערק — זיינען אפשר אַלע געבוירן געוואָרן אין איינזאַמקייט. אין אַזילן און אין טורמעס. שפּי־טעלער. סאַנאַטאָריומס. קערקערס און קאַזעמאַטן. דערפאַר דער גרויסער ציטער, די בענקשאַפט און די אינספּיראַציע פון לעבן. דערפאַר די געוואַלטיקע ליבשאַפט צו די מינדעסטע טענער פון לעבן. דערפאַר יענע גרויסע דראַמע פון איבערלעבעניש פון דעם לעבנס טריט פון מינוטן און שטונדן מיט אַזאַ הייליקן ציטער — מיט אַזאַ פרומקייט — מיט אַזאַ גרויסע צערטלעכקייט צו דעם גרעסטן פון אַלע מיראַקלען און כישופן — דאָס לעבן.

און בשעת אין אַ פּאַריזער טורמע, לאַ סאַנטעי — זיצט אַ פּאָעט און ציילט די טריט פון דעם וועכטער און באַרירט נישט מיט עקל דעם שעניק כדי די וואַנצן זאָל נישט אָפּשטעלן זייער פּראָצעסיע — בשעת אַ אידישער פּאָעט שטעכט אויס מיט אַ נאָדל אין אַלטע דע־טעקטיוו־ראָמאַנבלעטער זיינע לידער וועגן די זשידנעקייטן פון לעבן — מאָרדעט אַ פאָלק אויס מיליאָנען פון אַן אַנדער פאָלק; שיקט עס וואָך־איין, וואָך־אויס מיליאָנען זעלן אין די גאַז־קאַמערן — צום פייער פון קרעמאַטאָריום. אַ פאָלק שעמט זיך נישט צו פאַרגיסן דאָס בלוט פון טויזנטער אידישע קינדער; אַ פאָלק שעמט זיך נישט אַרויסצורייסן צאַפּלענדיקע קינדער פון הייליקע מוטערס אָרעמס און צו צעשמעטערן זייערע קעפּלעך. דאָס פאָלק פון הערדער, וויעלאַנד, קלאָפּשטאָק און העלדערלין שעמט זיך נישט אויפצובויען ריזיקע פאַבריקן פון מאָרד — און שיקט פעלקער צום טויט. און פאַרלייגט זיך מיט אַן אייזערנער עקשנות אויסצוראָטן דאָס לעבן אויף דער ערד. אַ פאָלק וויל פאַרניכטן דאָס הייליקסטע וואָס גאָט האָט געשאַפן — דאָס לעבן. — — — — — — — — — — — — — — —

דערפאַר איז דיכטונג גרויס. ווייל די יעניקע וואָס דיכטן — די אמת׳ע דיכטער — ווייסן דעם ווערט פון לעבן. דען דיכטונג איז די הימנע צום לעבן. דער דיכטער האָט ליב דאָס לעבן און ער פייערט זיין שיינקייט און זיין אַקטיוויטעט אין ענערגיען־שפּיל־און־טאַנץ. און דערפאַר איז דאָס ליד פון משה שולשטיין אַזוי כאַראַקטעריסטיש אונטער אייזערנע גראַטעס האָט מענטשלעכער גייסט — האָט דיכטער געזונגען וועגן לעבן. אין אַ וועלט פון חורבן און טויט זינגט דער פּאָעט וועגן דער געטלעכער און אומשטערבלעכער מאַניפעסטאַציע פון לעבן...

ניו־יאָרק, אָקטאָבער, 29, 1946.

# עזאָפּ — דער סימבאָל פון קעמפנדיגן דיכטער

עזאָפּ האָט געלעבט 320 יאָר נאָך האָמערס טויט. קריזוס, קעניג פון לידיא, האָט אים פאַרערט און געשיקט אויף אַ וויכטיגער שליחות צו פּערנאַנדעז, קעניג פון קאָרינט. אַזוי איז עזאָפּ'ס נאָמען פאַרבונדן מיט לעגענדאַרע קעניגן, וועמענס נעמען קלינגען שיין. עס איז מערקווירדיג, ווי אַזוי ביים לעבן זיינען די פּאָעטן שקלאַפן און קבצנים. ווילאָן איז אַ רויבער און אַ מערדער, אַ גנב פון גילדערנע לייכטער אין קאַטעדראַלן און פון צאַרטע פּערל פון צאַרטע און פּערלדיקע דאַמען־העלדזער... עזאָפּ איז אַ שקלאַף און האָט אַ הויקער. פיזיש דעפאָרמירט. אָבער די לעגענדעס וואָס דאָס פאָלק שאַפט פאַרבינדט די פּאָעטן מיט די קעניגן.

כמעט יעדער לעגענדאַרער פּאָעט ווערט פאַרבונדן מיט עפּעס אַ קעניג — פּונקט אַזוי לעגענדאַר און פאַנטאַסטיש. דער אמת איז, אַז די קעניגן האָבן שטענדיג אַ נטיה אונטערצוזינדיגן מיט דער פעדער. קעניג דוד און קעניג שלמה זיינען געווען געניאַלע דיכטער און חכמים. אָבער די געשיכטע ווייסט פון פילע קעניגן וואָס האָבן געפּאָכטן גלענצנדע שלאַכטן — אָבער געהאַט קנאַפּן טאַלאַנט אָנצושרייבן אַ סאָנעט.

יעדנפאַלס זיינען די קעניגן מקנא זייערע דיכטער... און מאַנכע האָבן זיך אַפילו באַרימט געמאַכט דורכן זאַמלען די פאַרגעלטע באַלאַדן און ראָמאַנסן פון דיכטער — הונדערטער יאָרן שפּעטער. וואָס שייך די פּאָעטן — באַגערן זיי זייער זעלטן די קרוין פונם הערשער. מיטן אויסנאַם פון וויניגע, ווי לאָרד בייראָן, האָבן פּאָעטן זיך צופרידנגעשטעלט מיט זייער קעניגרייך פון שטערן... און מיט זייער איינזאַמקייט אויף דער ערד...

עזאָפּ, וואָס האָט געלעבט 550 יאָר פאַר קריסטוס, און איז געווען אין אַטען אָדער אין סאַמאָס, האָט געהאַט אַ געוואַלטיגע ווירקונג אויף דער וועלט־ליטעראַטור מיט זיינע פאַבלען — די דראַמען אין מיניאַטור, וואו דער מענטש האָט געוואָגט אַרויסצוזאָגן דרייסטע געדאַנקען און סאָציאַלע אידייען, ווי אין קיין שום אַנדער פאָרם פון ליטעראַטור. דאָס וואָס שפּעטער איז פאַרשריבן געוואָרן אין שווערע, פילאָזאָפישע ווערק — האָט עזאָפּ געלערנט דורך זיינע פאַבלען. אויף אַן אַמוזירנדיג־עלעגאַנטן אופן האָט ער געגעבן זיין דאָקטרין, זיין פילאָזאָפיע, זיין דרייסטע און אוראַלטע וויזהייט. און אַזוי וואַקסט אַרויס עזאָפּ, מיט זיין הויקער, מיט זיין פאַרקריפּלטן גוף — מיט זיין שקלאַפן־ייחוס — ווי דער קלאָון פון די אַלטע צייטן, וואָס איז דורך דער געשיכטע אָוועקגעשטעלט געוואָרן אין איין ריי מיט די אַנטיקע סטאַטוען פון האָמער און עאוריפּידעס, פון סאָפאָקלעס און אייסכילאָס. אין אַ פּשוטן, פּרימיטיוון אופן — האָט ער אַרויסגעבראַכט סאָפיזם און חכמה. ער האָט גוט געקענט די שוואַכקייטן פון דער מענטשלעכער נאַטור און ער האָט זיי אַרויסגעבראַכט מיט אומשטערבלעכער איראָניע — זיך קלוג באַהאַלטנדיג אונטער די מאַסקעס פון חיות, עופות און פייגל.

אויב עזאָפּ איז געווען אַזוי עקלהאַפט אין פיזישן אויסזען — איז אַ וואונדער ווי אַזוי קעניגן האָבן אים געהאַלטן אין זייערע הויפן, אָדער ווי אַזוי ער איז געווען אַפילו אַ שקלאַף ביי פאַמיליעס. ווי אַזוי אייגנטלעך האָבן זיי אים געקענט פאַרטראָגן — די שיינע דאַמען, די פּרינצעסינס, די סנאָבן פון פריען אַ־טערטום. גיכער האָט ער באַזעסן דעם חן און די ראַפינירטע פון אַ קלאַון, וואָס זאָגט דעם מלך דעם אמת אין פנים אַריין. דער שעקספּירישער קלאַון, אין וועמען ווייזהייט איז פאַרקערפּערט, דען אונטער זיין שפּיציג־צינישער מיץ איז פאַראַן מער חכמה ווי אונטער דער שווערער, מיט לויכטנדע דיאַמאַנטן־באַזעצטער קרוין — אויפן בלייענעם קאָפּ פונם קיסר...

די פאַבל איז געווען די ערשטע פאָרם פון ליטעראַרישן הומאָר. אַ פאָרם, וואָס איז איצט פונקט אַזוי אַקטועל און ראַפינירט, ווי אין די אוראַלטע צייטן. דאָס פאָלק האָט דורך דער פאַבל אויסגעדריקט זיין פּראָטעסט קעגן די פעטע בייכער פון די פּאַטריציער, אין רוים. און נאָך פריער, אין די צייטן פון עזאָפּ, קעגן די מאַכטהאָבער פון עגיפּטן, מעסאָפּאָטאַמיע, בבל, פּערסיע, און אַלע יענע אימפּעריאַלע הערשער, וואָס מאָדערנע געשיכטע ווייסט זייער ווייניג צו דערציילן, אויסער לעגענדאַרע כראָניקעס, גענומען פון די ערשטע אַלטערטימלאַכע היסטאָריקער.

דער קעניג האָט געהערט די שאַרפע און בייסיגע באַמערקונגען פון דער פאַבל, די געוואַגטע אידייען, די קריטיק אויפן אַדרעס פון די הערשער — און ער האָט עס רואיג פאַרדייט, נישט קענענדיג זיך אָפּן אַנטקעגנשטעלן קעגן דעם שניידיגן הומאָר און אָנדייטונג — שאַרפער ווי אַ שווערד. די מענטשן פון אַלע קלאַסן — באַזונדערס די העכערע שיכטן — האָבן זיך געפילט געטראָפן אַזוי שאַרף, ווי פון דאָמיער׳ס קאַריקאַטורן מיט טויזנטער יאָרן שפּעטער, אין דער פראַנקרייך פון רעוואָלוציע און — האָבן געשוויגן. זייערע אָפּאַלע־געטן האָבן בלויז פאַרקריפּלט דאָס געשטאַלט פון דעם פאַבעליסט, נקמה נעמענדיג אין זיין אָנדענק.

עפּאָכן פון גרויסער קולטור, פון רעוואָלוציאָנערן אינטעלעקטואַליזם — ווי פשוטע צייטן, פון פּרימיטיווער צוריקגעשטאַנענקייט, האָבן גלייך גענאָסן פון דעם וויץ און די פאָרם פון דער פאַבל. זי איז געבליבן גאַנץ אַפילו אין די מאָדערנע צייטן. אין דער קליינער דראַמע פון חיות האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די גרויסע דראַמען פון די מענטשן, פון דער וועלט. אין די פשוטע, מכלומרשט־נאַאיווע דערציילונגען פון חיות — איז פאַראַן קענטעניש פון לעבן, פּסיכאָלאָגיע, וויסן פון דעם מענטשנס נאַטור.

עס איז אָט־דאָס געוואַלטיגע וויסן און די קענטעניש פון די מענטשן — וואָס מאַכט, אַז די הערשער, דער פּריסטער־קלאַס, דער קלער און די רייכע זאָלן זען אין זייערע טויט־געפערלעכע קריטיקער — קריפּלען און וואַנזיניגע. די קענטעניש פון אַ דאָמיער, פון אַ דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ, פון אַ גאַלילײ, פון אַ פּאַגאַניני — פאַרוואַנדלען זיי אין טייוולישע מאַניפעסטאַציעס. פּאַגאַניני ווערט נישט אַנדערש ווי געלערנט פון טייוול. דאָמיערס לעבן ווערט פאַרטונקלט אַזוי — אַז פון אַ רייכער פערזענלעכקייט וואָס אָטעמט מיט ליבשאַפט, מיט ערלעכקייט, מיט ערנסט און מיט אומדערמידלעכער אַרבעט — וואַקסט אויס אַ מאָדנע וואַמפּיריש געשפּענסט. און אַזוי דערשיינט

אויף דער שקלאַף עזאָפּ — וועמענס ווייזע און ליכטיגע ווערק די פינצטערניש פון צייטן האָט נישט געקענט פאַרטונקלען — ווי אַ פּיזיש עקלהאַפטער קריפּל. וויסן און קענטניש — לויט אָט־דער קאָנצעפּציע — מוז קומען פון מאָנסטערס און מכשפים; פון בייזע העקסן און פון מאַגיקער.

עס איז איבערגענוג איבערצולייענען איין פאַבעל פון עזאָפּ — כדי צו דערזען דעם מחבר אין זיין קלאָרן און מענטשלעכן געשטאַלט, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט וויסן — ווי אַ האָמער און אַ סאָפאָקלעס. וויסן — וואָס צייכנט אויס די קלאַסישע געשטאַלטן פון די אַנטיקע צייטן, אויסטרעטנדיג דעם וועג פאַר אַ וואָלטער און אַ היינע, פאַר אַן אַריסטאָפאַנעס און אַ מאַרק טוועין. פאַר אַ גאָגאָל און אַ שלום־עליכם.

אויב דעם הויקער וואָס מען האָט אָנגעטאָן דעם קלוגן עזאָפּ איז אַ קליינע שטראָף מצד די הערשנדיגע קלאַסן — דערציילט נאָך די לעגענדע, אַז אין דעלפאָס איז עזאָפּ פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט — דערפאַר ווייל מען האָט אים אונטערגעוואָרפן אַ גאָלדענעם בעכער אין זיין באַגאַזש און מען האָט אים באַשטראָפט כלומרשט פאַר גנבה.

דער ליידנדער קערפּער פון דעם אַלטן, גריכישן חכם עזאָפּ איז אַזוי אַרום פאַרניכטעט געוואָרן, ווערנדיג אַראָפּגעוואָרפן פון אַ הויכן פעלז אין אַן אָפּגרונט. ווי עס זאָל נישט זיין די זאַך: דער אָרעמער עזאָפּ האָט קיין צופיל נחת ביי זיין לעבן נישט געהאַט.

פונדעסטוועגן האָט מען שוין אין די אַלטע צייטן פאַרשטאַנען זיין ווערט — און גרויסע גריכישע און רוימישע שריפטשטעלער האָבן אים אומענדלעך ליב און ציטירן פון זיינע ווערק. דאָס טוט באַזונדערס דער קלוגער האָראַץ, וועלכער האָט געלעבט אין דער אויגוסט־פּעריאָדע — ווען רוים איז געווען זיגרייך און שטאַרק, זיך בויענדיג אונטער דער באַפעלנדיגער האַנט פונם סענסיטיוון, דע־ליקאַטן, אָבער פּראַקטישן צעזאַר אָקטאַוויאַן.

און אַזוי קוקן מיר אויף דער פּראָצעסיע פון גריכישע דענקער, ווי פּלאַטאָ, פּיטאַגאָראַס און סאָקראַטעס; אויף די פּאָעטן האָמער, העסיאָד, פּינדאַר, סימאָנידעס, אַנאַקרעאָן און די איידעלע און האַר־ציגע סאַפאָ פון לעסבאָס; אויף די שטאַטסמענער, ווי פּעריקלעס; אויף די סקולפּטאָרן פּידיאַס און פּראַקסיטעלעס; און אין דער פּראָצעסיע זעט זיך עזאָפּ׳ס — דורך זיינע שונאים פאַרקריפּלטע — געשטאַלט. אָבער ער דערשיינט פונקט אַזוי מאַיעסטעטיש, ווי די אַנדערע דענקער און דיכטער. זיין קענטעניש פון די מענטשלעכע עמאָציעס איז אַ פענאָמענאַלע. זיין קלוגשאַפט — לעגענדאַר. ער געהערט צו יענע קינסטלערישע ריזן וואָס זיינען געווען פּיאָנערן אין זייער געביט, און דאָס מיינט אַז זיי האָבן געפּיבערט מיט דעם ריזיקן מאַטעריאַל וואָס איז פאַר זיי רווערהייט געלעגן און זיי האָבן אים אויסגענוצט מיט אַ געוואַלטיקן פאַרנעם און ענערגיע. זיי האָבן אין זייער שאַפן אַרומגענומען די גאַנצע וועלט — ווייל זיי זיינען געווען די ע ר ש ט ע, די פּיאָנערן, די מאַסטאָדאָנישע פאַרגייער. — און דאָס וואָס עס איז אויפן געביט פון דער אַלטער פאַבל געשאַפן געוואָרן, דורך לאַפאָנטען און קרילאָוו — איז נישט קיין נייעס. עזאָפּ דער

„הויקער” האָט פולשטענדיג אויסגעשעפּט זיין געביט אויף יאָר־טויזנטער לאַנג.

די קינסטלער פון אַלע צייטן פאַרשטייען זיך גלענצנד, דען די באַדינגונגען אין וועלכע זיי קומט אוים צו לעבן; די באַציאונג פון דער געזעלשאַפט צו זיי — איז, מיט קליינע אויסנאַמען, די זעלבע. אַזוי, למשל, האָט דער שפּאַנישער קינסטלער, גאָיאַ, געצאָלט צינז צו עזאָפּ'ן דורך זיינער אַ צייכענונג. אין גאָיאַ'ס געצייכענטן פּאָרטרעט פון דעם פאַבעליסט — איז עזאָפּ נישט קיין הויקער. פאַרקערט, ער שטייגט אויף פון זיין צייט און סביבה — ווי אַ טיטאַן. דער שפּאַנישער רעוואָלוציאָנערער מאָלער, וואָס האָט היפּש געליטן פון די פאַרפאָלגונג פון דעם שפּאַנישן קלעריקאַלן קלאַס און פון די מאָנאַרכיסטן — שטעלט פאָר עזאָפּ'ן ווי אַ גייסטיגן ריז — וואָס דערהייבט זיך שטאָלץ און מעכטיג. זיינע אויגן בליקן מיט פּראָטעסט און מיט נביאישן צאָרן. דאָס איז נישט קיין קריפּל — נאָר אַ נביא. אַזוי האָט עזאָפּ ווירקלעך אויסגעזען, ווי אין דעם פּאָרטרעט פון פראַנציסקאָ גאָיאַ — מיט זיין מאָנומענטאַלער פיגור; מיט זיין מאַרמאָרענעם פּנים. ווירקלעך, די קינסטלער קענען און פאַרשטייען זיך קעגנזייטיג, ווען אפילו זיי טיילט פאַנאַנדער שטרעקעס פון יאָרהונדערטער. זייערע אידעאַלן פאַרבינדט זיי. און הויפּט־זעכלאַך פאַראייניקט זיי אַ זאַך פאַר וועלכער זיי קעמפן געמיינזאַם — און דאָס איז דער אמת, פאַר וועלכן מען מוז שווער און מוטיג קעמפן.

# אברהם רייזען דער פּאָעט

(לכבוד זיין 65־יאָריקן געבורטסטאָג־יובילײ)

עס איז געווען אין די יאָרן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, ווען אברהם רייזען האָט אָנגעהויבן צו זינגען זיינע לידער. דאָס זיינען געווען לידער — רעוואָלוציאָנערע, פול מיט דעם אימפּעט פון רעוואָלוציע און קאַמף. דאָס זיינען געווען לידער וואָס זיינען נישט באַשטימט געוואָרן צו בלייבן אין אַלבומען פון לידער, באַצייכנט מיט זיידענע בענדלעך און מאַסקירט מיט געלע בלעטער, וואָס פיינע און בלאַסע דאַמען־הענט לייגן אריין ווען עס איז הארבסט. די מאַסן, די יידישע אַרבעטער־מאַסן, קעמפנדיג קעגן צאַר און צער, שטורמענדיג די אייזערנע וואַנט — האָבן זיינע לידער פאַרוואַנדלט אין קאַמפּס־כאָרן און אין מאַסנדעקלאַמאַציעס. און אַזוי, דורך אַלע יאָרן, פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אָן ביז צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע — איז אַברהם רייזען פאַרבליבן ווי איינער פון יענע רעוואָלוציאָנערע דיכטער, מיט וועמענס געזאַנגען עס איז געלונגען צו באַזיגן און צו צעברעכן די אייזערנע וואַנט.

אָבער אַברהם רייזען וואָלט זיכער געהערט צו די דעקלאַמאַטאָריש־רעוואָלוציאָנערע דיכטער, ווען ער וואָלט בלויז געזונגען דאָס דאַזיקע מין ליד. רעוואָלוציע איז אַ קורצע פּויזע פון פאָלקס־אימפּעט און צאָרן אין דער לאַנגער צייט פון שטילקייט און רו. און עס איז דער פּאָעט פון די ליידן אין דער שטיל, פון די שאָטנס פון דער ערד

— צו וועלכע אברהם רייזען האָט זיך זינט דאַן געווידמעט.

אַ גרויסער שטראָם פון צייט איז אָפּגעפלאָסן. פילע דיכטער האָבן זיך אָנגעצונדן און אויסגעלאָשן, ווי בונטע פייערווערק. ער איז, ווי געזאָגט, אַרויסגעוואַקסן פון דער צייט פון רעוואָלוציע און פון די דעקלאַמאַטאָריש־רעוואָלוציאָנערע פּאָעטן. ער קען אָנגע־רופן ווערן אַ צייט־חבר פון דוד עדעלשטאַדט, יוסף באָוושאָווער, מאָרים ראָזענפעלד, מאָרים ווינטשעווסקי און ש. פרוג. פילע פּאָעטן האָבן עקספּערימענטירט און געגאַנגען אויף אַלערליי טרעפּ און רעשטאָוואַניעס צום שמייכלענדיגן געץ פון דיכטונג. וועלטן האָבן זיך איבערגעקערט. און דאָך האָט עס רייזענען ווי נישט באַרירט. זיין סטעזשקע אין דעם גאָרטן פון דער אידישער דיכטונג איז גע־בליבן ריין פון בלעטער.

וואו איז דער סעקרעט פון זיין דיכטונג?

דער סעקרעט איז אין זיין דיכטונג זעלבסט. ער האָט אָנגעפאַנגען מיט מאַסנכאָרן־לידער. אָבער ער האָט זיין ליד נישט באַלאָדן מיט רעוואָלוציאָנערער פראַזע. ער האָט זיך געווידמעט דעם קעמפער און רעבעל — אָבער ער איז פאַרבליבן מיט אים אויך נאָכדעם ווי דער רעבעל און בונטאר איז אַוועק אַן אַנטוישטער און אַן איינזאַמער, האָט חתונה געהאַט און האָט זיך באַהאַלטן ביים ווערקשטאַט, ביי דער ניי־מאַשין, ביים שוסטער־בענקעל, ביים וויגעלע פונם קינד, ביים אַקסל פון זיין שטילער פרוי. ער האָט דעם אינסטרומענט — דאָס וואָרט — נישט באַהאַנגען מיט קיין גלעקער און צווייטן און טאַשמעס, און קוטאַסן, עס זאָל רייצן, בלינד מאַכן די אויגן, קלינגען און פאַרקלינגען דעם האַרצן. ער איז געבליבן מיט די זעלבע מענטשן און ער האָט דעם טרויער און די בענקשאַפט פון די מענטשן פאַר־צייכנט אין זיין ליד.

ער האָט דעם מענטש נישט פאַרראַטן. ער האָט נאָך דער רעוואָ־לוציע נישט געדאַרפט באַגיין קיין זעלבסטמאָרד, ווייל ער האָט זיך קיינמאָל אויף קיין צו הויכע טענער נישט פאַרנומען.

אַ ר ע אַ ל י ס ט פון דער קעגנוואַרט. קענענדיק גענוי דאָס לעבן פון דעם אָרעמאַן, אַמאָל אויך צווייפלענדיק אין דעם מין מענטש, ווייל ער האָט צופיל שלעכטס געזען באַגיין פון דעם זעלבן מענטש — אַמאָל מיט לייכטן און צאַרטן הומאָר אין זיין דינעם ליד — איז רייזען אויך דער ראָמאַנטיקער פון דער צוקונפט. ער האָט, אמת, אין לעבן, אין דעם א י צ ט, וועלכן ער גייט דורך אַלע זיינע טעג, אַ לעבן פון זיבעציק פיינפולע יאָר — נישט פאַרזען קיין איין וויכטיקע גע־שעעניש, אָדער אַ מכלומרשט־אומוויכטיקע פאַסירונג, ווי דאָס בויען פון אַ הויז, דאָס מידע שלאָפן פון אַ יונגע מוטער, דאָס שפּילן זיך פון קינדער, דאָס אַקערן פון אַ פעלד, די גאַנצע אַקטיוויטעט פון דעם גרויסן און מאָנאָטאָנעם לעבן. — אָבער דאָס קעגנווערטיקע ווערט פון אים שטענדיק פאַרהילט אין דעם כישוף פון דער צוקונפט. די צוקונפט, די פרייהייט, די שיינקייט, די גוטסקייט — דעם אידעאַליזם און די האַרמאָניע פון דער צוקונפט הערט ער נישט אויף צו זינגען. אַזוי פאַרבינדט ער שטענדיק די גרויע קעגנוואַרט אין דעם זייד פון האָפענונג — אין דער ראָמאַנטיק פון בענקשאַפט — אין דער וויזיע פון אַ ליכטיקער צוקונפט. דאָס חזרט זיך זייער אָפט איבער. דער פּאָעט ווערט נישט מיד דאָס ווידער און ווידער צו באַטאָנען, צו אַקצענטירן.

באשיידן אין דער פאָרם פון זיין ליד. קאַרג אין דעם וואָרט — מיט וועלכע אַנדערע בלישטשען און גלאַנצן און עקסהיביציאָנירן און טאַנצן עקסטראַוואַגאַנט אויף עסטראַדעס. אָבער ווען זיי גייען אוועק — בלייבט אַ מאַסקאַראַד פון ווערטער, וואָס צעפאַלט און ווערט צערטרימערט.

דאָס וואָרט איז גאָלד. שטומע און לײַדנדע זײַנען קאַרג מיט ווערטער. די הערצער זײַנען ביי זיי פאַרקלעמט. דאָס וואָרט איז אויך הייליק, ווי אין תנ"ך. און אברהם רייזען פאַרענטפערט זיך:

„ווי קום איך צו זינגען? פון וואַנען, מיין קינד!
ביי אונז האָט אין קוימען געברומט נאָר דער ווינט;
די קינדער — זיי פלעגן נאָר זינגען: האַם-האַם!
און אָפטמאָל די מאַמע — אַ קללה צום גראַם.

ווי קום איך צו שיינקייט? פון וואַנען, מיין קינד!
דער וועג צו די פעלדער — דורך גויים און הינט...
די גאַס איז געוועזן אַזוי אָרעם און וויסט,
ביי איטלעכער טיר נאָר — אַ בערגעלע מיסט..."

און דאָך — עס איז די דאָזיקע אָרעמקייט און באַשיידנקייט וואָס האָט אברהם רייזענען קיינמאָל נישט אָפּגעריסן פון די מאַסן. עס איז די דאָזיקע שטילקייט און קאָלירן-קאַרגשאַפט וואָס האָט זיין ליד געמאַכט פאַר דעם אויסדרוק פון די אָרעמע און שטומע און די לײַדנדע, וואָס ווערן געבוירן ביים ברום פונם אומהיימלעכן ווינט אין קוימען און וואָס ווערן פאַרלוירן ביים קרעכץ פון אַ שטומען, נאַענטן מענטשן. די וועלט-ליטעראַטור — איינגעשלאָסן די עפּישע ווערק פון די פעלקער, די מיטאָלאָגיעס — איז פול מיט דער באַ־שרייבונג פון די אַבילעסעס און שמשון הגבורים, מיט די שילדע־רונגען פון געטער און מענטשנהעלדן — די זיגפרידס און די ראָ־לאַנדס; די וועלט-ליטעראַטור איז דער פּאַנטעאָן פון די צעזאַרן אין לעבן — אונטער וועלכע עס זײַנען געשטאַנען, און פאַרגאַנגען, ווי די כוואַליעס אין ים —·די שטומע מאַסן, וואָס האָבן די שלאַכט געפאָכטן און זיך פאַרבלוטיקט. אָבער פון צייט צו צייט שטייגט אויס אַ מאַן וואָס זינגט דאָס ליד פון די שטומע און שאָטנדיקע פון דער ערד; פון די אומדרייסטע, וואָס האָבן נישט קיין הערא־לדן מיט גילדערנע טראָמפּעטן. און אברהם רייזען איז איינער פון די טרובאַדורן פון די אָרעמע שאָטנס פון דער ערד.

די באַשיידנקייט פון זיין ליד; די קאַרגשאַפט פון וואָרט; די איינטאָניקייט ווי פון אַ גריל; די דינקייט פון די טענער; די איידלקייט פון די פערזן; דער צמצום פון קאָלירן — האָט אים גע־מאַכט, אַז ער זאָל בלייבן מיט די מאַסן, אַז ער זאָל זיי נישט איבער־ראַשן און אַז זיי זאָלן אים נישט נמאס ווערן. דאָס איז דער סוד פון זיין דיכטונג — די דיכטונג פון מענטש.

אָבער בלייבנדיק מיט די מאַסן — איז זיין ליד נישט געוואָרן קיין וואולגאַר מאַסן-ליד. ער האָט געפונען אין זיין דיכטונג דעם גליק־לעכן סינטעז צווישן מאַסע און יחיד: ער איז אריין אין דעם פּאַלאַץ פון ריינער ליריק. זיין וואָרט — זיין ליד — איז איידל און שמערצ־פול מיט די לײַדן און דער איינזאַמקייט פון דעם פּאָעט אין אַ וועלט פון שלעכטס און ברוטאַלן רעאַליזם. זיין ליד איז שטענדיק קענטיק מיט זיין אינדיווידואַליזם — וואָס איז נישט דאָס אַנטלויפן פונם

ראָמאַנטישן יחיד אין דער איינזאַמקייט פון שוואַרצע שלעסער. ער איז עטיש, סאָציאַל, אַלמענטשלעך אין זיין אינדיווידואַליזם. ער זינגט וועגן דעם שמערץ פון די מאַסן — דורך דער פּריזמע פון זיין אייגענעם לירישן האַרץ. ער זינגט וועגן זיך — ווי וועגן איינעם פון די מאַסן. ער איז דער שטילער צווייפל, דער סקעפּטישער טאָן, דער אײדעלער הומאָר, די דערקענטעניש פון אַלעם פאַרגענגלעכע — וואָס אינספּירירט אים צו אַ ליד־סינטעזע פון מאַסע און יחיד.

אין זיין פּערזענלעך־לירישן טרויער הערט זיך שטענדיק דער אָפּקלאַנג פון דער וועלט. דער עכאָ פון די ליידן פון די מאַסן, וועלכע דער פּאָעט פאַרראַט קיינמאָל נישט. עס איז אַ נישט־ספּעקטאַקולערע, דראַמאַטיש־באַמבאַסטישע ליבע. עס איז אַ צוזאַמענוואַקסן זיין מיט זיין פאָלק — מיטן מענטש — אָן שום פאַלשע חנ'דלעך און אייגנ־נוצן און פּראַזן און זשעסטן:

„ווי מיד איך בין, מיין גאָט!
נאָר ניט פון אייג'נעם מיען;
די שווערע בייזע טעג —
זיי קריכן און זיי ציען.

— — — — — — — — — — — — —

ווי קראַנק איך בין, מיין גאָט!
נאָר ניט פון אייג'נע ליידן;
אויף וואָס עס ליידט די וועלט —
דאָס קען איך ניט באַשיידן.

— — — — — — — — — — — — —

ווי טונקל איז מיין בליק!
נאָר ניט פון מיינע טרערן;
פון אַלע עקן וועלט
אַ וויינען לאָזט זיך הערן.

איך וואָלט געוויינט פאַר ווײ
און לייכטער וואָלט געוואָרן,
נאָר אויסגעברענט מיין טרער
האָט מיר פון האַרץ דער צאָרן."

דער באַלאַנס צווישן פּאָעט־אינדיווידואַליסט און דעם קאָלעקטיוו האָט אים זיכער גליקלעך אויסגעהיטן פון אַלערליי עקספּערימענטן — און האָט זיין ליד געמאַכט עכט — שמערצפול — דין־ליריש און באַשיידן. און ער איז געשטיגן — אויב נישט פאָרמאַליסטיש — איז ריין־אידייאיש אין זיין ליד. פּערזענלעך, ווי מיר דאַכט, נישט קיין רעליגיעזער מענטש, זייענדיק און פאַרבלייבנדיק אַן אַרבעטער־פּאָעט — איז אברהם רייזען דערגאַנגען אויף די שטאַפּלען פון זיינע פיינע טויזנט לידער — צום גרויסן זוניקן טעמפּל פון מענטשנ־ליבשאַפט און מענטשנשיינקייט און מענטשן־יום־טוב. ווי אַ מוסטער אויף ווי ווייט אברהם רייזענס ליריק איז פול מיט מענטשנליבשאַפט — און ווי אין אים טליעט דער פּאָעט פון דעם נביא־מין, וואָס פאַרלאָזט נישט זיין שטאַם, וואָס גייט מיט די אומגליקלעכע אין גלות, וואָס פאַרראַט קיינמאָל נישט דעם קאָלעקטיוו.

אין געמיינזאַמען שמערץ; אין דערקענטעניש פון דעם גורל פון

מענטש וואָס לײַדט און פאַרגײט — אין גערױַנגל און ווינט אין ווייטיק — שטענדיק אויף די וועגן און שליאַכן פון די פאַרטרײַבענע, זיצנדיק בײַ פּילע טײַכן, נישט בלויז בײַ די טײַכן פון בבל — און „זוכנדיק אַ הויז" — איז אברהם רייזען דערגאַנגען צום טיפֿסטן אמת פונם ליד: צום טרייסט און רחמים. צום גלויבן אינם מענטש — ווען אַפילו נישט פֿולקאָם אין אַלעם — און אים אַרומצונעמען און דריקן צו זײַן רחמימ'דיק האַרץ. מיט אַן אײביקע בענקשאַפט צו פרײַהייט — און דאָך פֿאַראַטנדיק אַ קיום־מעגלעכע נייגונג צום פאַטאַלן — ווי אין די דאָזיקע פערזן —

„וואָרף זיך, קינד, ניט און ניט פּלי —<br>
ס'וועט אומזיסט דיר זײַן דײַן מי:<br>
ביסטו קלײן, צי ביסטו גרויס —<br>
קענסט ניט פון דער שטײַג אַרויס.

שאַ, מײַן קינד, קיין קלאַנג, קיין שאָרך!<br>
דאָרט אין שטײַג דעם אָדלער האָרך;<br>
איז פון קלאַפּן באַלד שוין מיד,<br>
פֿליגלען העלפֿן אים אויך ניט.

וויין ניט, קינד מײַנס, שטיל און שאַ,<br>
ס'איז מען מזל אויך אַזאַ;<br>
אויך געפאַנגען האָט מען מיך,<br>
שווײַג-זשע שטיל, אַזוי ווי איך!..."

— בלײַבט אברהם רייזען דער דיכטער פון גרויס רחמים צו די לײַדנדע. אין געמיינזאַמען אומקום — וועלכע פֿליגל פון ליבשאַפט וואַקסן אים שטראַלנדיק אַרויס — און אַרומנעמענדיק אַלעמען.

פון דער דערקענטעניש, אַז אַלע לײַדן — אַז אַלע זײַנען קליינע קינדער — דערגייט ער צום געבעט צו גאָט — בעטנדיק ער זאָל אים לערנען „ווי מענטשן צו באַהאַנדלען, צו וויסן ווי אַזוי דאָס בייז אין גוטס צו פאַרוואַנדלען." ער אַנטוויקלט אַ ליבע צום גאָרן לעבן און ער דערגייט צו דער הייליקייט פון לעבן.

„אָ, לעבן, פיר מיך אום<br>
אויף דײַנע בונטע וועגן;<br>
איך פרעג ניט: גלײַך צי קרום,<br>
איך וויל קיין ציל ניט פרעגן.

פאַראַיר מיך און פאַרוויר,<br>
מעג וואָס עס וויל זיך טרעפן;<br>
נאָר פיר מיך ווײַטער, פיר<br>
און גײַע וועגן עפן.

פאַרפיר מיך און פאַרדריי<br>
אין ווינקלען אין געהיימע;<br>
איך קוק זיי אָן און גיי<br>
אָן פחד און אָן אימה...

פאַרשטעלט אַ באַרג אַמאָל, —
איך שטייג אַרויף מיט לידער;
און קומט דערנאָך אַ טאָל, —
איך זינג דיר פון דעה נידער.״

— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

און אַזוי איז אברהם רייזען נישט פאַרגעסן געוואָרן, ווי פילע דיכטער וואָס האָבן אָנגעהויבן מיט אים אין איין צייט און פיל שפּעטער אפילו. דאָס פאָלק פילט אינסטינקטיוו, אַז אברהם רייזען איז זייער פּאָעט און עס טראָגט אים אַנטקעגן יענע גרויסע ליבע, וואָס פלאַמט שטיל און צויבערהאַפט אין זיין ליד — צום פאָלק. אויסגעדריקט אין איידעלן געמיט, אין דעמערונגס־שטימונג, אין זונפאַרגענגלעכן טרויער, אין ליריש־באַשיידענעם טאָן — אין נאַכטיורנעם אומעט — דאָס ליד פון דעם אָרעמאַן וואָס זיצט ביי דער טיר פון דער וועלט־חתונה — איז ער געבליבן מאָנומענטאַל. ער האָט זיך דערהויבן צום מענטש — צום מענטש פון דער וועלט. צו די ליידן פון גאָרן לעבן. זיין ליד באַרירט דעם שיקזאַל פון אַלע מענטשן. און ווען די ליכטיקע צייט וועט קומען — יענע גרויסן צוקונפט, פון וועמענס זייד עס זיינען כסדר געוועבט רייזענס לידער — אפילו ווי שטאַרק די קאָנטורן פון דער קעגנוואַרט זאָלן נישט זיין — ווען יענע גרויסע צייט וועט קומען — וועט רייזען אַוועקגעשטעלט ווערן ווי דער דיכטער נישט נאָר פון די ליידנדיקע יידישע מאַסן — נאָר ווי דער פּאָעט פון דער ליידנדיקער מענטשהייט, וואָס איז געפאַלן פאַרבלוטיקט צו דער ערד, און ווי דער איינזאַמער, זיך ראַנגלענדיק אויף די טרעפּ פונם טעמפּל, אַלץ העכער שטייגנדיק צו גאָט — האָט ער זיך דערהויבן צו אוניווערסאַלער דערלייזונג. און געקרוינט ווערן וועלן יענע פּאָעטן, וואָס זיינען דעם מאַרטירער־וועג געגאַנגען מיט די מאַסן, מיט דער מענטשהייט — אַזוי ווי די העברעאישע נביאים, וואָס האָבן געציטערט ווי רעגנבויגן־האַרפעס, מיט דעם שטורעם פון שמערץ און פון פרייהייט.

דורך קאַמף און געראַנגל, דורך צווייפל און אַנטוישונג — דערגאַנגען צו מענטשנליבשאַפט און אוניווערסאַלן לעבנס־רחמים און וועלט־עטיק און וועלט־ווייזהייט — גייט אַברהם רייזען אַריין אין יענעם פּאַנטעאָן, וואו בלויז געקרוינטע זיצן — ווייל זיי האָבן אין דער פינצטערער נאַכט געשפּאַנט מיט די מאַסן צום מאָרגנרויט פון פרייהייט און גליק פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

# בעטהאָווען

דאָס אוירווינג פּליים מואווי־הויז, אונטער דער דירעקציע פון מר. גרין, האָט אַ גוטע טראַדיציע צו ווייזן ערנסטע רוסישע און פראַנצויזישע קינאָ־בילדער. ווי ״אַלעקסאַנדער נעווסקי״ און „פּעטער דער גרויסער״ — שניידען זיך איין אויף אייביק אין זכרון. דאָס זיינען עפּישע מייסטערווערק. דער געניאַלער רוסישער

רעזשיסאָר, אייזענשטיין, ווייסט דעם סעקרעט פון רעזשי. פון מענטש־לעכע מאַסקעס. פון מאַסנסצענעס.

אַריינגיין אין אוירווינג פּליים טעאַטער און זיך אָפּפרישן גייסטיק מיט אַן אויסלענדישער מאַווי, וואָס ווייזט דאָס לעבן און דאָס קעמפן פון אַנדערע פעלקער; וואָס ברענגט אַרויס דאָס שאַפן און דאָס מענטשלעכע פון אַנדערע נאַציאָנען — איז אַ גוטע זאַך. עס איז פאַראַן דערין אַ גרויסע מיסיע: דאָס באַקענען די פעלקער מיט זייערע העלדן און גייסטיקע אוצרות. דאָס פ א ר ב ר י ד ע ר ן פעלקער פון פאַרשידענע טיילן פון דער ערד.

*

הערי בויער וואַרפט אָן די געשטאַלט פון דעם מעכטיקן בעט־האָווען. אַזוי ווי ראַדען וואַרפט אָן די געשטאַלט פון באַלזאַק. הערי בויער באַזיצט אַ ריזיקן קערפּער. זיין פּנים איז ווי פון אַ פעלז; זיין פיגור — ווי אַ באַרג. און ער ווירקט מיט דער מאַסע פלייש וואָס ער פאַרקערפּערט אין זיך. די דאָזיקע וואולקאַנישע סטיכיע, די דאָ־זיקע אוממענטשלעכע ליידן, דאָס דאָזיקע גרויסע געוויין — דאָס דאָזיקע שטורמען און שטירצן — קען נישט פאָרקומען אין קיין דאָר מענטשעלע, וואָס וואָלט פאַרצערט געוואָרן אין אַ מינוט. בעטהאָווען — דאָס איז אַ באַרג. דאָס איז אַ פעלז. בלויז דער טויט קען אים פאַרניכטן. אָבער דאָס לעבן ראַנגלט זיך מיט אים ווי מיט אַ באַרג פון פעלז. די דאָזיקע וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן צו שלאָגן זיך מיטן שיקזאַל — זיי זיינען נישט קיין שלאַנקע אינגלעך. דאָס זיינען ריזן. און וואו בעטהאָווען טוט זיך אַ קער — פּילסטו די באַוועגונג פון דער נאַטור. פילסטו — ערדציטערניש. דו פילסט ווי אַ וואולקאַ־נישער באַרג.

די געליבטע, דזשוליעטע, מיט איר בלייכקייט ווי פון אַ מאַלעריי אַרונטער, מיט אירע בלאָנדע האָר, מיט איר איידל קול און איר איידעלער פיגור — דאָס דאָזיקע שוואַכע ווייבלעכע וועזן שטייט אַנטקעגן בעטהאָווען׳ען ווי אַ ריז אַנטקעגן אַ דעמב. ווי אַ בלום אַנטקעגן אַ וואַלד מיט ביימער. די צאַרטע און זילבער־בלייכע ווייב־לעכקייט שטייט אַנטקעגן אַ מאַן, וואָס איז ווי אַ קאָנצענטראַציע פון פילע דורות קלאַנג און טאַן און שטורעם. פון פילע דורות ווילן און כאַראַקטער. פון פילע דורות כוח און קאַמף. און דאָך איז די פרוי זיין מוזע און זיין מוזיק. זי איז זיין וועטער און זיין זון. אירע רייד באַוועגן דעם גאון. איר שמייכל לויטערט זיין ווילד וועטער. איר ציטערן מאַכט שטורעמען דעם גיגאַנט. דו שטייסט און דו קוקסט אויף אַט־דער קללה און אויף אַט־דער ברכה: ווי פרוי באַוועגט די סטרונעס פון דעם וועלט־האַרץ אין אים. ווי פרוי מאַכט אים אומגליקלעך. ווי פרוי פירט אים צו רואינע. ווי פרוי דיריזשירט מיטן דאָזיקן וועלט־אַרקעסטער — בעטהאָווען.

און ווען דו זעסט ווי זי פירט אים צו רואינע; ווען דו זעסט ווי זי באַוועגט דעם ריז ווי מיט אַ געהיימען עלעקטרישן כוח — קריגסטו אַ שרעקלעכע פאַראַכטונג צו דער פרוי, וואָס האָט פילע גענייאַלע קינדער געפירט צו פאַרניכטונג. דו האַסט די פרוי וואָס שעצט נישט אָפּ די קראַפט און דעם גניוס פון אַ מאַן.

בעטהאָווען — דער קעניג, דער טיטאַן, דער גאָט פון מוזיק — ווערט טויב. וועלכער גרויזאַמער וויץ! ער זעט אין די וועלדער ווי די

מענטשן זענען ביימער — און ער הערט נישט דאָס זעגן. ער זעט ווי כלי־זמר שפּילן אויף פידל — און ער הערט נישט דאָס שפּילן פון דעם איידעלן אינסטרומענט. ער זעט ווי וואַסער־פאַלן שטורעמען צו אַן אָפּגרונט — און ער הערט זיי נישט רוישן. בעטהאָווען איז טויב.

אָבער איינמאָל אין אַ נאַכט ברעכט אויס דער שטורעם און בעטהאָווען דערהערט אים. עס איז העריי בויער'ס נאָענטסטער מאָ־מענט צום דייטשן גאון. ווען ער ברעכט אויס ווי אַ שטורעם אין עקסטאַז. עס איז נאַכט. דער הימל כלאַפּעט מיט צעבערס. די וואָלקנס גייען נידעריק אַרונטער און זיי באַרירן די ערד. די בליצן זעגן דורך דעם פינצטערן הימל. עס ברעכט אַלץ אויף אין דער נאַטור. אַ גרויסער געטלעכער צאָרן גייט דורך די ערד. און דעמאָלט דער־הערט דער נאַטור־גאון דאָס געשריי פון דער נאַכט. ער דערהערט און ער ווערט געוועקט צו זיין דיכטונג. עס איז די נאַטור וואָס באַרירט אים. עס איז די נאַטור וואָס וועקט דעם גאון — וועקט די פּרימיטיווע כוחות אין אָט־דעם ווילד־מאַן — אין אָט דעם בראשית־מאַן — אין אָט דעם אור־מענטש — אין אָט דעם מאַמאַנט פון ליידן — לודוויג פאַן בעטהאָווען.

און בעטהאָווען שרייט אויס צום שטורעם: „איך וועל דיך איבערשטייגן.“ עס איז פאַרמעסט פון כוחות. עס איז דועל צווישן מענטש־גאָט און גאָט־שטורעם. עס איז די אַמביציע צו דערהערן אויפסניי אין דער אייגענער זעל די מוזיק פון די שטורמישע ספערן.

בעטהאָווען ווערט אויף אַ ווייל צוריק מייסטער פון זיין אינער־לעכער וועלט. די פינגער — עלעקטרישע, באַזעלטע, שטורמישע, באַרירן די קלאַווישן. פון די פינגער שפּריצט מיט פייער. עס איז ווי וואָלקנס וואָלטן זיך געדרייט צווישן די פינגער. ווי כוואַליעס וואָלטן דורכגעשניטן זיין זעל. ער ברעכט אַרויס אין מוזיק — פאַר אַלע ליידן — אין מוזיק. פאַר אַלע דורכפאַלן אין ליבע, פאַר אַלע פיזישע פיינען — טריאומף און מוזיק. און זי — זיין דזשולייעטע — ווי אַ שטראָם ליכט — שטייט לעבן אים — זוניקט דורך זיין שאַפונג — לויטערט דורך דאָס ווילד־ליד פון אַ געפּענטעטן גיגאַנט — פון אַ פאַרוואונדעטן שמשון הגבור.

און דעמאָלט גייט אויף דאָס וואונדערלעכע פון דער נאַטור — די אידיליע פון זון אין פעלד. די דאָרפישע פּאַסטאָראַלע. יעדע ווייסע בלום גריסט דעם גאון. יעדער שטיק זון איז אַ לאַטע אויף זיין וואונד — אַ באַנדאַזש צו זיין זעלע. די פייגעלעך קלינגען — די פייגעלעך זינגען — דער גאון רוט זיך אָפּ פאַר אַ ווייל, כדי זיינע קלעפּ פון גורל צו קריגן — כדי געשמעטערט צו ווערן פון זיינע קלעפּ.

די מיל אין וועלכער בעטהאָווען וואוינט, אין אין הייליגענ־שטאַדט, איז די מיל פון רעמבראַנדט. דער רעזשיסאָר האָט גוט געטאָן וואָס ער האָט אַריינגעפלאָכטן אין בעטהאָווענס לעבן — רעמבראַנדט'ס באַרימט בילד פון דער מיל. אין דער אמת'ן איז זייער ביידנס גורל אַזוי שטאַרק ענלעך — אַזוי פאַרקניפּט — בעט־האָווען און רעמבראַנדט. נאָר רעמבראַנדט האָט אין די ערשטע יאָרן פון זיין רום געהאַט גאָלד און פרויען, ווין און לוקסוס. בעט־

האָוועז איז געווען איינזאַם דורך זיין לעבן לאַנג — ביז צום קבר.
און בעטהאָווען גייט אַנטקעגן דעם טויט — ווי ער שרייבט אין אַ בריוו — פּנים צו פּנים. קיין הילף איז נישטאָ. גאָט האָט פון אים צוגענומען דאָס טייערסטע פון זיין לעבן — די אויערן. די הער־קראַפט. ער, בעטהאָווען, וואָס שאַפט גרעסערע סימפאָניעס פון גאָט — קען נישט הערן דאָס זינגען פון די פייגל, דאָס זשומען פון דער בין, דעם רויש פון וואַסערפאַל, דאָס קול פון דער געליבטער. איינזאַם שטאַרבט בעטהאָווען — פאַרוויסשיקנדיק צום טויט זיין פויסט. די פויסט, מיט וועלכער ער האָט אַ לעבן לאַנג זיך געשטעלט אַנטקעגן זיין גורל. ער שטאַרבט ווי אַן אַטלעט — קעמפּפענדיק. קיי־נער איז נאָך נישט געשטאָרבן מיט דער אויפגעהויבענער פויסט — קעמפּנדיק — שטרייטנדיק קעגן דעם טויט.
דאָס איז בעטהאָווען.
און הערי בויער האָט אים אַריינגעטראָגן אין רוים אַריין מיט זיין ריזיקער פיגור. הערי בויער האָט אים פאַרגעשטעלט מיט קראַפט און מיט שטורעם — אַזוי ווי ער באַוועגט זיך אין דאָזיקן אוניווערס מיט דער מעכטיקייט פון דער וועלט — יעדער ווילע אַנגעלאָדן און טראַגיש־ענערגיש — אָט וועט ער אַ שטורץ טאָן זיך אין קאָסמאָס — און די זיילן פון דאָזיקן קאָסמישן פּאַלאַץ וועלן קראַכן!
בעטהאָווען — דע רהייליקסטער סימבאָל פון מענטשלעכן פאַר־מעסט — פון מענטשלעכן געראַנגל מיט זיין שיקזאַל — מיט זיין קאַטאַסטראָפע — מיט זיין מעפּיסטאָ און מיט זיין גאָט! בעט־האָווען — דער פאַוסט און דער שמשון הגבור!

# דער אַקטיאָר פון סטראַטפאָרד

אַברהם טייטעלבוים: „וויליאַם שעקספּיר", „איקוף"־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1946. 320 זייטן.

דאָס לעבן פון וויליאַם שעקספּיר, ווי דאָס לעבן פון יעדן גרויסן געשטאַלט אין דער געשיכטע פון קונסט און ליטעראַטור, איז נישט קיין צופאַל אָדער אַ קאַפּריז פון דער נאַטור. אַזאַ לעבן וואַרצלט מיט טויזנט פעדים אין זיין צייט. עס איז פאַראַנקערט אין זיין עפּאָכע. עס ציט זיין יניקה פון די טיפע זאַפטן פונם פאָלקס־לעבן. עס איז דורכגענומען מיט די געשעענישן פון זיין עפּאָכע.
אַזאַ איז געווען די רענעסאַנס־עפּאָכע. אַ שטיק געשיכטע וואָס לויכט אַרויס פון דער אַלגעמיינער געשיכטע ביז יענער צייט — ווי אַ וואולקאַנישער אינדזל מיט זיינע פלאַמען און זיינע וואַנ־זיניקייטן. דער רענעסאַנס־פּעריאָד האָט זיך געהאַט באַפרייט פון דער טויזנט־יאָריקער מיטלאַלטערלעכער נאַכט, וואָס האָט געהאַלטן אין קלעם די אַנטוויקלונג, דעם פּראָגרעס פון אייראָפּע. ריזיקע כוואַליעס פון פרייע געדאַנקען און קונסט, פון מענטשלעכער אַדווענטור און דורשט נאָך געשלעכט, פון וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס און סאָציאַלע אוטאָפּיעס — האָבן זיך אַ ריס געטאָן פון די הערצער און מוחות פון דער מענטשהייט. דער רענעסאַנס־פּעריאָד איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון קאַמף צווישן דער יונגער אויפגייענדיקער בורזשואַזיע קעגן דעם אַלטן קלאַס — דעם פעאָדאַליזם — מיט זיינע אָפּגעלעבטע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען. עס זיינען אין דאָזיקן קאַמף אַרויסגע־

טראַטן, אין די רייען פון דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע — די פּויערים און די האַנטווערק־אַרבעטער.

ענגלאַנד איז געשטאַנען אין צייכן פון דאַזיקן קאַמף, וואָס האָט זיך געשלאָסן אין יענער גרויסער דראַמע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און וואָס האָט זיך ביז דאַן אָפּגעשפּיגלט אין די מעכטיקע פּויערים־קאַמפן איבער די צענטראַל־אייראָפּעאישע לענדער, און די היסטאָרישע און אַלבינגענזער און אַלערליי־הערעטיקער־מלחמות, און קראָמוועלס רעוואָלוציע קעגן שאַרל דעם 1־טן און אין אַלע יענע אומגעהייערע קאַמפן, וואָס האָט געמאַכט ציטערן יענע עפּאָכע, די עפּאָכע פון וויליאַם שעקספּיר.

אין ענגלאַנד האָט געהערשט די בתולה־קעניגין עליזאַבעטה. אונטער איר הערשאַפט ווייסט די ענגלישע ליטעראַטור־געשיכטע צו דערציילן פון אַ גרויסן, אויב נישט דעם גלענצנדסטן קאַפּיטל פון דער ענגלישער ליטעראַטור און קונסט. נישט אַזוי דורכן דירעקטן פּאַטראָנאַזש האָט זי געבראַכט דערצו, אַז קונסט און ליטעראַטור זאָל בליען אין איר צייט, ווי דורך די לעבנס־באַדינגונגען וואָס זי האָט געבראַכט אויפן לאַנד. ענגלאַנד איז געווען רואינירט און מיזעראַבל. זי האָט געבראַכט שלום און פּראָספּעריטי. די רעליגיעזע רייסערייען האָבן אויפגעהערט דורך קלוגער טאָלעראַנץ. די מעטאָדן פון פאַרמעריי זיינען פאַרבעסערט געוואָרן. אויסאַרבעטונגען פון מאַנופאַקטור זיינען אַנטוויקלט געוואָרן. דער האַנדל איז אויסגעברייטערט געוואָרן. די מענטשן האָבן געלעבט באַקוועמער. הייזער זיינען געבויט געוואָרן באַקוועם. גלאָז־פענצטער האָבן באַרייכערט די הייזער מיט ליכט. אַרומגערינגלט מיט איטאַליענישע גערטנער. די דאָזיקע הייזער זיינען פאַרטויִשט געוואָרן מיט די מיטלאַלטערלעכע פעסטונגען, און ווערכע די פּריצים האָבן געלעבט. קעניגין עליזאַבעטה האָט ליב געהאַט פּאָמפּ און לוקסוס. אירע שלעסער זיינען געווען רווישיק מיט באַנקעטן און מיט בעלער. אירע הויפלייט זיינען געווען פּרעכטיק געקליידעט, לויטן איטאַליענישן סטיל, אין סאַמעט און אין זייד, און האָבן געלויכטן מיט ביזשוטעריע. קעניגין עליזאַבעטה איז געווען קאָקעטיש און ברוטאַל, שטרענג און שמייכלענדיק. זי האָט געהערשט מיט אַן אייזערנער האַנט און האָט ליב געהאַט, ווי אַ יונגע מיידל, פיינע פראַזן. מיט אַ קנאַפּער קענטניש פון ליטעראַטור, האָט זי אַליין פונדעסטוועגן געשריבן פּאָעזיע און האָט געוואוסט דעם ווערט פון ליטעראַטור.

עס איז פאָרגעקומען אין די אַנאַלן פון דער ענגלישער געשיכטע אַ גרויסע זאַך: מיט איין שלאַכט קעגן דעם שפּאַנישן פלאָט איז פאַרניכטעט געוואָרן דער געפערלעכער שפּאַנישער אימפּעריאַליזם, וואָס האָט אַזוי ערנסט באַדראָט די בריטישע אימפּעריע. שפּאַניענס רוקנביין איז זינט יענער היסטאָרישער שלאַכט אויף אייביק געבראָכן געוואָרן. די שלאַכט אויפן ים האָט דעצידירט דעם אויפגאַנג פון ענגלאַנד. עס איז געווען אַ צייט פון פרייד און טריאומף פאַר די ענגלענדער. דער פאַרפּיום פון אַ נייער צייט האָט זיך צעטראָגן אין דער לופט, וואו עס האָבן נאָך צייטנווייז געפלאַקערט שייטערהויפנס פאַר מכשפות, וואו שטיקער מיטלאַלטער האָבן נאָך פינצטער געהערשט אין דעם גרויסן טאָג פון דער נייער צייט.

די נייע צייט — שעקספּיר׳ס צייט — האָט געבראַכט איבער

די ענגלענדער א נייעם גייסט. דעם גייסט פון האפענונג, יוגנט, ענטוזיאזם, טריאומף. זיי האבן געאטעמט מיט א פאר'שיכור'נדיקער לופט. די פאנטאזיע האט זיך פריי צעלאזט, דעראבערנדיק נייע ווייסטאס און האריזאנטן פארן מענטשלעכן שעפערישן גייסט. די מענטשן האבן באקומען א גרויסן נייגיר, א געוואלטיקן דורשט צו וויסן וואס עס קומט פאר אין ווייטע לענדער. אויפצוהייבן דעם פארהאנג פון מיסטעריע — אריינצוקוקן אין דעם הימל. צו דערגיין צו דער באוועגונג פון מיסטישע פויגל־פליגל. צו דער געהיימעניש פון טאן און קאליר. די קאפיטאנען זיינען געקומען אין לאנדאנער האפן מיט מאדנע נייעס פון פאנטאסטישע פעלקער, פייגל, אינזלען און קאנטינענטן. עס איז געווען א דראנג נאך טעאטער, נאך גרויסע ראמאנטישע זשעסטן, נאך דרייסטע העלדן און צוימען־ברעכער, נאך ליבע און סעודה און וויין און מוזיק. דער דראמאטיזם פון היסטארישע קאמפן און געשעענישן האט אינסטינקטיוו געפאדערט דאס טעאטראלישע רעפלעקטירן פון זיי. דאס פובליקום האט געבענקט נאך דער בינע, וואו דער צעהיצטער מוח און צעפלאמטע הארץ לעבט זיך אויס אין קינסטלערישן אימאזש און חלום. קעניגין עליזא־בעטה אליין פלעגט איינלאדן פארשידענע טרופעס — און שפעטער, שעקספירן מיט זיינע אקטיארן — אין קעניגלעכן הויף.

די דאזיקע עפאכע, די רענעסאנס־עפאכע, האט ארויסגעבראכט גיגאנטן אין דער קונסט. מענער מיט ריזיקע אמביציעס אלץ צו קענען, צו פארשטיין, צו פארשן און צו אומפאסן. אלץ אויסצודריקן און צו ארגאניזירן אין זייער שאפונג. ווען מיר זאגן די „רענעסאנס־קינסטלער", מיינען מיר דערמיט צו באטאנען זייער כאראקטער און פארנעם, זייער אומפארגלייכלעכן סכום וויסן און זייער אבסאלוטע קענטעניש. זייער אוניווערסאלן אינטערעס. זייער אומגעהויערע אמביציע צו שאפן דאס פולקאמענסטע. זייער אינטעלעקט און עמאציע. דעם דראנג ארומצונעמען אלע געביטן פון דער וועלט. דא ווינטשי איז מאלער, אסטראנאם, מוזיקער, אינזשעניער, מאטעמאטיקער, סקולפטאר, פילאזאף, בויער פון פעסטונגען, פאלאצן און בריקן־לייגער. דער רענעסאנס־פעריאד האט ריזיקע ארכיטעקטארן און בויער, גרויסע מאלער און דיכטער, אסטראנאמען און פיזיקער. ווי זייער צייט איז געווען דראמאטיש און קאלירפול, אזוי זיינען געווען אירע קינסטלער. און וויליאם שעקספיר איז געווען א קינד פון דער דאזיקער גרויסער עפאכע. אין אים רעפלעקטירט זי זיך ווי אין א שטיק גלענצנדן קרישטאל.

*

די געלערנטע טוען אלץ שעקספירן אנצוטאן אין דעם שטויב פון לעגענדע. מען וויל פון שעקספירן צונעמען זיינע שאפונגען. אמת איז, אז א סך טונקלעס איז פאראן אין דעם לעבן פון שעקספיר'ן. אבער צום נאוועליסט איז שעקספיר א לעבעדיקע געשטאלט. און אויב מאנכע שטעלן זיינען טונקל, באהעלפט זיך דער נאוועליסט מיט זיין פאנטאזיע. די יעניקע וואס האבן ליב א מענטשן, באשאפן אים צוריק ארויס פון דער פארגאנגענהייט. אברהם טייטעלבוים האט ליב שעקס־פירן. שעקספיר איז אריין אין דער וועלט־ליטעראטור ווי א הייליקער. זיין געשטאלט בלייבט שטיין ווי פון א ווירדיקן דזשענטלמען, וואס

וועט קיינעם נישט ווי טאָן, אַפילו נישט זיינע העלדן — אין זיינע שאַרפסטע קאָמעדיעס אַפילו נישט. אַברהם טייטעלבוים דערלאַנגט שעקספּירן דעם יידישן לייענער — מיט גרויס ליבשאַפט און האַרציקייט. פון דעם שפּינוועבס פון פאַרגאַנגענער צייט רופט ער אַרויס דעם אוניווערסאַלן קינסטלער צו אַ מאָנומענטאַלער עקזיסטענץ.
ער פאָלגט אים נאָך פון די ערשטע צייטן אָן, פון זיין קינדהייט אָן. מיר ווייסן נישט צופיל פון דער קינדהייט פון קיין שום גאָניוס. מיר ווייסן נישט פון יענע גרויסע טרוימען, וואָס נעמען אַרום און קושן די קינדישע נשמה. מיר ווייסן נאָר, אַז אַלץ וואָס דער גאָניוס שאַפט שפּעטער, זיינען עס רעזולטאַטן פון זיין קינדהייט, פון די ערשטע יאָרן, פון די גרויסע פייערן פון דער ערשטער ליבע. זיינע ערשטע איינדרוקן. די מעשות פון מכשפות און כישוף און וואונדער. דער גאַנצער לאָר און פאָלקלאָר פון פאָלק, די פּראָווערבן, די חכמה וואָס ווערט אויסגעדריקט אין קורצע זאַצן, די ווייזהייט פון דורות וואָס דאָס פאָלק קלייבט, ווי האָניק, דורך די צייטן — דאָס אַלץ גייט שפּעטער אַריין אין דעם רעדנס־אַרט פון די העלדן פון זיינע דראַמען.
אין זיין ריזיקן רעפּערטואַר. מיר זעען אין די פיינע נאָכמיטאָגן די ערשטע טעאַטער־שפּילן. די מאָראַליטעטס־מיסטעריעס, די ראָבינהוד־שפּילן, די היסטאָרישע און די וועלטלעכע דראַמען און די קעגנווערטיקע שטיקער לעבן וואָס ווערן געשפּילט פון אַקטיאָרן אין די איינפאָר־הייזער און הייף. די ענגלישע דראַמע איז דורכן מיטלאַלטער געגערט געוואָרן דורך דער קירכע. די גריכישע און רוימישע דראַמע האָט געהאַט ווייניק ווירקונג אויף דעם קירכלעכן שפּיל. די ערשטע שפּילן זיינען געווען די ליטורגישע, אין דער לאַטיינישער שפּראַך, זינגענדיק לידער, פאָרשטעלנדיק די יונגפרוי, דאָס פּאַסיאָנסשפּיל, דאָס שטאַרבן פון דערלייזער. אין שעקספּירס צייטן האָט שוין די ענגלישע דראַמע פיל דערגרייכט, איבערטרעטנדיק פונם רעליגיעזן צום וועלטלעכן. דזשאָן העיוואָוד פירט אַריין דאָס סאַטירישע. ער קען שוין נישט העלפן זיינע נאָך אַלץ קירכלעכע פּערסאָנאַזשן צו געבן וויץ און שפּריכוואָרט. עס לעבט אויף די קאָמעדיע פון פּלאַטינוס אין אַן ענגלישער ווערסיע. עס דערשיינען קאָמעדיע־שרייבער. ביסלעכווייז לייטערט זיך אויס די ענגלישע דראַמע צו ווערן וועלטלעך, ליטעראַריש, רעאַליסטיש.
דער יונגער שעקספּיר אָטעמט אין זיך אַריין יענעם פלאַמענדיקן כישוף פון דער דראַמע פון זיין צייט. און פון גריכישע מיטאָלאָגיע און די איטאַליענישע קלאַסיקער. פּלוטאַרך און די מעשות פון באָקאַטשאָ. אַלע יענע לופטיקע און פאַנטאַזיעפולע העלדן, יענע גראַציעזע דאַמען, יענע צויבערוועזנס און באַשעפענישן פון אימאַזש און פאַרוואַנדלונג — אַלאַ אָוויד — וואָס באַפעלקערן שפּעטער דעם מייסטערס קאָמעדיעס און טרויערשפּילן. שעקספּיר וועט אַריינגעמען אין זיין אינטעלעקטועל־שעפערישן באַגאַזש די קולטור פון זיין צייט, די מאָלערס און סקולפּטאָרן פון רענעסאַנס, די געשיכטע פון ענגלאַנד, די פּסיכאָלאָגיע, מעדיצין, די ליטעראַטור און וויסנשאַפט און פילאָסאָפיע און ער וועט עס — ווי באַלזאַק — שפּעטער איבערקאָכן, פאַרדייען, פאַרוועבן אין זיינע ווערק און עס וועט אַרויס אַ גיגאַנט — אַ סינטעזע פון יאָרטויזנטער קולטור און דאָס לעבן פון דורות.

אין פאַל פון שעקספּיר האָבן מיר אַ מאַן וואָס קען זיינע העלדן. ווי גאָט, קוקט ער אַריין אין דעם ווערקשטאַט פון דער נאַטור. אין דער לאַבאָראַטאָריע פון לעבן. ער קען זיינע העלדן — פון די קנייפּעס און שענקען, פון די מערק און די יאַטקעס. פון די קריגערייען און גע־שלעגן. (אין זיין יוגנט זאָל שעקספּיר האָבן געאַרבעט ביי אַ קצב.) שעקספּיר האָט געשעפּט זיינע דראַמאַטישע פּערסאָנאַזשן פון פאָלק. ער האָט געוואוסט אַז ער שפּילט פאַרן פאָלק. שילדערנדיק אין ריזיקע פרעסקאָס די קעניגן און די אַריסטאָקראַטן פון דער פעאָדאַלער עפּאָכע און אויך די העלדן פון דעם אויפקומענדיקן בורזשואַזן קלאַס, אין וועלכע ער האָט היפּש געשילדערט די פאַלשקייט, געלט־יאָגעניש, ברוטאַליטעט און תאווה, — האָט ער נישט פאַרגעסן צו שילדערן דאָס פאָלק. ער איז געווען אין גרונט אַ פאָלקס־שרייבער. דאָס פאָלק האָט זיך אַמוזירט נישט אַזוי פיל מיט די קעניגן, ווי מיט זיך אַליין, וואָס עס האָט דערקענט — ווי אין אַ שפּיגל — אין זיינע אויפפירונגען. שעקספּיר האָט געטריי געשילדערט דאָס לעבן, אין אַלע זיינע שאַ־טירונגען. ווי אַ גרויסער קינסטלער, האָט ער פאַרשטאַנען דעם ווערט פון רעאַליסטישער, נאַטור־געטרייער, לעבנס־עכטער שילדערונג — וואָס ער האָט אַנגעטאָן אין גאָלדיקער קלוגשאַפט, איראָניע, וויץ, ליב־שאַפט צום לעבן און זין פאַר גערעכטיקייט.

סוף־כל־סוף האָט ער געשפּילט פאַרן פאָלק. עס איז דאָס פאָלק וואָס האָט אויסגעהאַלטן זיין טעאַטער און די טרופּעס אַקטיאָרן פון יענער צייט. אַפילו די קעניגין האָט ליב דעם פּחדן, העלד, ליגנער און אַלטן, פרייליכן פאַלסטאַף. ער פירט אַריין אין זיינע קאָמעדיעס פריי־לעכע, אַרבעטזאַמע פאַרשוינען. די קלאָונען, די וויצלער, טראַדיציאָנעל זינט צייטן אין דער ענגלישער דראַמע. זיי ברעכן־איבער די פּאָמפּעזע סצענעס מיט זייער פּריש־קוואַלנדיקן געלעכטער.

שעקספּיר האָט פאַרשטאַנען דעם ווערט פון שילדערן דעם אמת פון לעבן. מיטן אויסנאַם פון זיינע צוויי פּאָעמען און די סאָנעטן, זיינען צו יענער צייט די דראַמען נישט באַטראַכט געוואָרן ווי קיין ליטעראַ־טור־שאַפונג, נאָר ווי פּיעסן צום שפּילן. אין אַזעלכע טעאַטער־שאַפונ־גען מוז מען געבן אַ געטריי בילד פון די מנהגים, שטרעמונגען און שטרעבונגען, סאָציאַלע אידייען און שטימונגען פון אַ פאָלק, פון אַן עפּאָכע.

שעקספּיר האָט געקענט, ווי שוין באַמערקט, אַזוי ווי דאַנטע, אַזוי ווי באַלזאַק, די גאַנצע סומע פון דער וועלט־קולטור. גאָר די שאַפונג פון קונסט און ציוויליזאַציע. ער איז פּיאָנער אין פילע געביטן. ער איז שעפער פון פּאָרויסגייענדיקע אידייען און טעאָריעס. ער איז מייס־טער אין דערקענען די פּסיכיק פונם מענטש, די מעכאַניק פון זיין גייסטיקן מעכאַניזם. ער קען דעם מענטש פון אַלע פּאָזעס און זשעסטן. פון אַלע סיטואַציעס און געשעענישן. ער קען דעם מענטש פונם וועלט־טעאַטער. ער האָט דורכגעקוקט דורך זיין פלייש. ער האָט געהערט דעם ריטם פון זיין בלוט. ער זעט דעם סענסיטיווון ציטער פון זיינע נערוון. ער קען דעם מענטש געניי פון דער פּראַקטיק. ער האָט אים געזען אין ליבע און אין האַס. אין מענטשלעכער פאַרלאָזנקייט און אין געפאַלנ־קייט. ער האָט אים געזען שטייגן ווי די זון און פאַלן ווי אַ שטערן. ער קען דעם מענטשנס געהירן און ביינער. ער שטייט איבער אים ווי אַ באַשעפער און ער באַפעלט זיינע צוגן. ער איז דער אַבסאָלוטער

קענער פון זיין, דעם מענטשנס, האַנדלען. ער טראָגט אין זיך דאָס גוטע און דאָס שלעכטע. דעם טייוול און דעם גאָט. דעם זינדיקן און דעם הייליקן. ווי אַ גאָט שאַפט ער עמפּאָר פון זיך אַ מעכטיקע וועלט. ער ציט אַרויס פון זיך זיינע העלדן. ער עפנט אויף די דראַמע פון גאַרן לעבן. ווי אַ גאָט — עפנט ער ברייט די טויערן פון זיין וועלט, פון זיין מאַגישן און שטורמישן שאַפן און ווירקן — און אַ וועלט גייט אַרויס פון זיין דמיון. אַ וועלט וואָס וועט זיך שלאָגן און דועלירן, וועט זיך ברעכן און שליידערן, וועט פייניקן און צערטלען — וועט לעבן שפּעטער אומאָפּהענגיק פונם מייסטער. דער מייסטער — אַלט און געבראָכן, וועט זיך צוריקקערן קיין סטראַטפאָרד, צו קויפן זיך אַ שיינע הויז, צו געניסן די נאָענטקייט פון זיין פאַמיליע, צו ווערן דער חשובער בירגער פון שטאָט, צו טראָגן דעם פאַמיליען־הערב. צו שטאַרבן אויפן 'היימישן, אייזערנעם בעט, וואָס ער לאָזט איבער אין טעסטאַמענט צו זיין ווייב. נאָר זיין וועלט וועט לעבן. זיין וועלט וועט נישט אויפהערן צו עקזיסטירן. זי וועט זיך פאָרטזעצן אָן איר פאַרפאַסער — מיט דער קראַפט פון איר אייגענער אינערציע. די וועלט זיינע וועט לעבן, וועט ווירקן, וועט מאַכן רעוואָלוציע, וועט לערנען די מענטשן — ווען אַפילו דער מייסטער וועט שוין לאַנג זיין טויט. אָבער דער מייסטער וועט לעבן אין זיין ריזנוועלט.

*

שעקספּיר, ווי שוין געזאָגט, האָט אין דער סעריע דראַמאַטיש־היסטאָרישע כראָניקעס געגעבן אַ גראַנדיאָז בילד פונם אָפּשטאַרבנדיקן פעאָדאַליזם און פונם אויפגייענדיקן בורזשואַזן קלאַס — אין זיינע סאָציאַלע דראַמען (קעניג ליר, שיילאָק, מאַקבעט, ראָמעאָ און דזשוליעט, האַמלעט, אָטעלאָ, פעריקלעס, צימבעלין, אַנטאָניוס און קלעאָפּאַטראַ). ער האָט אַרויסגעהויבן די העלדן פון ביידע קלאַסן, שילדערנדיק דאָס ברוטאַלע און דאָס גוטע, דאָס עגאָאיסטישע און דאָס העראָאישע. ער האָט געדינט דעם מענטש. ער האָט געגלויבט אין פּראָגרעס און אין זיג פון די הומאַניסטישע אידעאַלן. זיינע העלדן שטאַרבן פאַר דער צוקונפט. ער איז געשטאַנען אָן ספק אויף דער זייט פון די רעוואָלוציאָנער־פּראָגרעסיווע כוחות פון זיין צייט. שעקספּיר האָט דורך האַמלעט געלאָזט זאָגן דער וועלט, אַז דער מענטש, דאָס איז „די שיינקייט פון דער וועלט, דער קראַנץ פון אַלדאָס לעבעדיגס”. שעקספּיר האָט אין זיינע ווערק דערלאַנגט אַ פּרעסקאָ פון זיין עפּאָכע — אומפאַרגלייכלעך אין דראַמאַטישן שוואונג און אין גראַנדיאָזיטעט פון פאַרנעם.

און עס מעג אויך צום סוף געזאָגט ווערן אַז הגם קאַרלייל האָט געזאָגט, אַז ווען מען זאָל אים געבן די ברירה: צי ענגלאַנד זאָל לאָזן פאַלן שעקספּיר אָדער אינדיע — וואָלט ער אינדיע געלאָזט פאַלן פאַרן פּרייז פון שעקספּיר, פונדעסטוועגן איז שעקספּיר אינם איצטיקן ענגלאַנד — טויט. זיכער ווערט ער דאָרטן באַהאַנדלט מיט גרויס כבוד... אָבער זיינע פּיעסן ווערן נישט געשטעלט. דאָס איצטיקע ענגלאַנד פון ירידה, פון אימפּעריע־אונטערגאַנג, פון שפּאַלטן, ריסן און סכנות אין איר ריזיקן אימפּעריאַליסטישן גוף — קען זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס פון שטעלן אויף דער בינע ווערק פון גרויסן, סאָציאַלן געראַנגל און פון מעכטיקן רעאַליזם, אָפּדעקנדיק

מיט א געוואלטיקער קראפט די אמת'ע פנימער פון מאנכע בורזשואזע מיטער און פעאדאלע העלדן. דעם איצטיקן ענגלאנד דוינט זיך בכלל נייט אויפצואוועקן שעקספירן, א מאן וואס האט בליצארטיק געשילדערט דעם קאמף פון מענטשלעכע כאראקטערן און האט אריינגעבראכט אין דער ענגלישער געזעלשאפט פון זיין צייט נישט ווייניק שטורעם, דיסקוסיע און קריטיק. אזעלכע זאכן זיינען פאר קיין אימפעריע נישט צו געזונט...

*

עס בלייבט צו זאגן אברהם טייטעלבוימען אז ער האט אין אידיש געשאפן א פיין, ערלעך, אויפריכטיק ווערק וועגן שעקספירן, וואס איז א רעזולטאט פון עטלעכע יאר ארבעט, פון שטודיום איבער דעם ריזיקן שעקספיר־מאטעריאל. זיין פארדינסט איז, וואס עס לייענט זיך נישט ווי א קאמפילאטאריש בוך — נאר ווי א שאפונג. עס איז דורכגעפירט געווארן אין זייער א חנ'עוודיקער, ווייך־לירישער און גראציעזער פראזע. אברהם טייטעלבוים בלייבט שטיין ווי א פיאנער אין שרייבן די ערשטע אויסשעפנדיקע מאנאגראפיע איבער דעם גיגאנט וויליאם שעקספיר, וועמענס ווירקונג אין אידישן טעאטער איז גאנץ באדייטנדיק. וואס שייך איבערזעצונגען פון זיינע דראמען — זיינען זיי אין אידיש געמאכט געווארן פון א היפשע צאל דיכטער. זאל אברהם טייטעלבוימ'ס ארבעט דינען ווי אן אנפאנג צו גרינטלעכער און ערנסטער באקאנטשאפט מיט דעם געשטאלט פון איינעם פון דער וועלטס ריזן, מיט וויליאם שעקספיר.

# א ווארנונג צו די פעלקער

**(פאו'ס דערציילונג „די מאסקע פון רויטן טויט". — א משל פון דער וועלט-געשיכטע. — א ווארנונג פון דעם מעגלעכן חורבן פון דער מענטשהייט אין אונזער אטאמישער עפאכע.)**

עס איז מאדנע ווי דו קומסט צוריק צו א בוך, אזוי ווי א מאן קומט צוריק נאך יארן צו זיין ערשטער יוגנט־געליבטע. צו די טרעפ וואס פירן אים צו איר צימער, צו איר שוועל, צו איר בעט, צו איר טרויעריק געזיכט וואס האט דורך פילע יארן פארוויאנעט און איז דאך געבליבן דאס וואונדערלעכע געזיכט פון זיין ערשטער ליבע...

די ביכער וואס מיר לייענען אין אונזער יוגנט — רופן אונז אפט צוריק אין די רייפע טעג פון אונזער לעבן. מיר קערן זיך ווידער צוריק צו א בוך, מיט אן אלטן באנד, מיט א זיידענעם בענדל, מיט א בלעטל פון א פארטריקענטער רויז צווישן אירע געלע בלעטער...

היינט לייען איך ווידער די דערציילונג פון עדגאר עללען פאו א"נ „די מאסקע פון רויטן טויט". עס איז געווען אין יאר 1924, אין פאריז, ערגעץ אין א האטעל־צימער, הויך צום הימל — האב איך געפונען די דערציילונג אין א אידישער איבערזעצונג. איך בין געווען פארכאפט פון איר פארבנכישוף, שווידער, שפאנונג און פאעזיע. נאר די מיינונג, דעם באדייט פון דער זאך האב איך נישט פארשטאנען. איך בין געווען ענטוזיאסטיש איבער איר שיינקייט — אבער נישט איבער איר טיפן זין. עס האבן באדארפט דורכגיין צוויי און

צוואנציק יאר אין מיין לעבן, און אין לעבן פון דער וועלט, כדי איך זאל דערגיין צום זין פון דעם ווערק פון פאו. די צווייטע וועלט־מלחמה האט זיך גערדאַרפט עפענען מיט אלע אירע אפאקאליפטישע סצענעס און גרויל'ן כדי איך זאל פארשטיין די באדייטונג פון א פאנטאסטיש ווערק וואס איז אין דער אמת'ן פון רעאליסטישן כאראקטער און באזירט אויף גוטער מענטשנקענטעניש און פסיכאלאגיע.

קודם־כל, וואס איז דער אינהאלט פון דער דערציילונג?

„די מאסקע פון רויטן טויט" עפנט זיך מיט דער אייזיקער פאנאראמע פון רויטן טויט. די פעסט האט פארוויסט דאס לאנד. די מענטשן זיינען געפאלן ווי די פליגן. אין משך פון א האלבער שעה האט א מענטש דורכגעמאכט די ערשטע סימפטאמען, דעם פראגרעס און דעם סוף פון דער קראנקהייט. די פורפורענע צייכנס אויפן קערפער האבן שוין פאכזאגט יעדן איינעם נישט צוצורירן זיך צו זיין קרבן. דער רויטער טויט האט פראנק און פריי פאראדירט איבער דער מדינה.

אבער דער פרינץ פראספערא איז געווען גליקלעך. ווען זיינע דאמיניאנס זיינען געווארן ליידיק פון דער אויסשטארבנדיקער באפעלקערונג, האט ער איינגעלאדן א טויזנט פון זיינע ריטערלעכע פריינט, פון די פריצים, פון די שענסטע און שלאנקסטע דאמען, אין גאלד און פערל און זיידנס, און זיי האבן זיך צוריקגעצויגן אין איינעם פון זיינע שענסטע שלעסער. דאס איז געווען א גוט־קאנסטרואירטער שלאס, געבויט לויט פרינץ פראספעראס אייגענעם פלאן, פאנטאזיע און אמביציע. א מעכטיגער „כינעזישער" מויער האט ארומגערינגלט דעם שלאס. די טויערן זיינען געווען פון אייזן. פראוויאנט איז אין דעם פאלאץ געווען גענוג. און בשעת די דרויסנדיקע וועלט איז אויסגעגאנגען אונטער די אייזערנע קלעפ פון דעם רויטן טויט — איז אין פאלאץ אנגעגאנגען פרייד און לוקסוס. די מענטשן, פארפאנצערטע אין דעם שלאס, האבן זיך נישט געזארגט און נישט געשראקן. דער פרינץ האט צוגעגרייט אלע פארגעניגנס: בופאנען און דעקלאמאטארס, באלעט־טענצער און מוזיקער, גראמענמאכער און קלאונען. עס איז געווען שיינקייט. עס איז געווען ווייַן. דאס אלץ, און אויך זיכערקייט איז געווען אינעווייניק... און אין דרויסן, איר ווייסט שוין וואויל, האט פאראדירט ציניש דער רויטער טויט.

עס איז געווען צום סוף פון פינפטן אדער זעקסטן חודש ווען פרינץ פראספערא האט אראנזשירט אין זיין שלאס א פרעכטיקן מאסקן־באל. דער נאוועליסט באשרייבט אויסגעצייכנט די זאלן פון פאלאץ אין וועלכן דער מאסקן־באל איז פארגעקומען. דאס זיינען נישט קיין זאלן פון שטיין און גראניט — נאר ריזיקע קאנסטרוקציעס פון א געניאלן נאוועליסט'ס געדאנק. דאס זיינען מעכטיגע דענקמעלער פון א פאעט.

אין איינעם פון די זאלן שטייט א גיגאנטישער זייגער פון עבאני־האלץ וואס קלינגט אויס די שטונדן אזוי ווי ער וואלט אויסקלינגען דעם גאנג פון אייביקייט. זיין אומרו האט זיך באוועגט מיט א שווערן, מאנאטאנעם קלאנג הין־און־צוריק, הין־און־צוריק. און ווען דער ווייזער האט פארענדיקט זיין גאנג ארום דעם גרויסן ציפער־בלאט, איז פון זיינע אייזערנע לונגען ארויס א קלאנג וואס איז געווען קלאר און הויך און טיף און אויסערגעוויינלעך מוזיקאליש, אבער פון אזא

מאָדנעם טאָן און כאַראַקטער, אַז די מוזיקער פון אָרקעסטער האָבן געמוזט זיך אָפּשטעלן אַ ווײַלע און זיך צוהערן צום דאָזיקן מעכטיקן קלאַנג. און צוזאַמען מיט זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט די וואַלסערס אין די זאַלן. און אַ שווידער איז אַריבער איבער די רוקנס פון דער דאָזיקער פרייִלעכער קאָמפּאַניע. און די שטאַרקסטע זײַנען געוואָרן שוואַך, בשעת די קלאַנגען האָבן געהויערט אין דער לופט. און די עלטערע, מער־ערנסטע מענטשן, האָבן זיך מיט די הענט פאַרשטעלט די געזיכטער, ווי וועלנדיק נאָכדענקען און רעפלעקטירן. ווען דער קלאַנג איז געווען אינגאַנצן אײַנגעשטילט, איז ווידער געוואָרן אַ לוסטיקע באַוועגונג. די מוזיקער האָבן זיך אָנגעקוקט שמייכלענדיק, ווי זיך וואונדערנדיק איבער דעם אײַנדרוק וואָס עס האָט אויף זיי געמאַכט דאָס קלינגען, דערבײַ מורמלענדיק איינער צום אַנדערן אַז דאָס נעקסטע קלינגען זאָל אויף זיי קיין שום אײַנדרוק נישט מאַכן... ביים נעקסטן קלינגען פון דעם ריזיקן אייביקייטס־זייגער איז אָבער דאָסזעלבע פאָרגעקומען.

עדגאַר עללען פּאָו שטעלט אַוועק אינמיטן פון דער פרייִלעכער קאָמפּאַניע דעם זייגער — ווי אַ סימבאָל פון מאָנונג און געוויסן. דער זייגער איז דער פּראָפּעט וואָס ציטערט אויף די געמיטער פון די לוס־טיקע, וואָס לאָזן נישט צו דעם מענטשלעכן שמערץ צום האַרצן. וואָס קוקן נישט אַרויס דורך די פאַרביקע פענצטער כדי נישט צו זען די פאַרקראַמפּטע געזיכטער פון די יעניקע וואָס באָדן זיך אין זייער בלוט און טרערן. דער זייגער איז דער קלאָון וואָס אַמוזירט נישט דאָס פּובליקום — נאָר שרייט אויס זײַן בלוטיקן קרעכץ צו די פאַר־זאַמלטע. דער זייגער — דאָס איז די מומיע וואָס שטייט אײַנזאַם אין אַ ווינקל, אין דעם עגיפּטישן הויז פון סעודה און אָרגיע, און דערמאָנט דער געזעלשאַפט וואָס פּרעסט און זויפט — דערמאָנט און שרעקט זיי מיטן טרויעריקן סוף...

עדגאַר עללען פּאָו שטעלט אַוועק דאָס מאָנומענטאַלע געשטאַלט פונם זייגער אינמיטן פון פלאַמענדיקע לוסטערס וואָס רעפלעקטירן לוקסוס און לוסט — כדי צו מאָנען, צו וועקן, צו רופן, איבער די קעפּ פון די זינדיקע. צו שלאָגן מיט זײַן מעכטיקן פּענדולום — ווי מיט אַן אײַזערנער פויסט. די פויסט פון געוויסן. די האַנט פון דעם נביא.

אָבער, טראָץ די דאָזיקע דערמאָנונגען, איז עס געווען אַ פרייִלעכע און לוסטיקע שפּיל. דער פּרינץ פּראָספּעראָ איז געווען אַ מערקוויר־דיקע פּערזענלעכקייט. ער האָט געהאַט אַ פײַן אויג פאַר קאָליר און עפעקט. ער האָט געהאַט אַ מאָדנעם געשמאַק. זײַנע פּלענער זײַנען געווען פאַנטאַסטישע און געוואַגטע. פילע האָבן געדענקט אַז ער איז אַ וואַנזיניקער. ער האָט אַליין דירעקטירט דעם געבוי פון די זאַלן און פון זייער רײַכער אויסשטאַטונג. ער האָט אַליין אָנגעפירט מיטן בונטן און אימאַזשינערן מאַסקאַראַד. ער האָט אַליין אויסגעפּאַנטאַ־זירט די מאַסקעס און די קאָסטיומען. זיי זײַנען געווען גראָטעסקע. עס איז געווען אין זיי לוקסוס און אימאַזש, חן און דאָס פּיקאַנטע. עס איז געווען אין זיי אַ וועלט מיט פּאָעזיע און מיט קינסטלעריש־קייט. עס איז געווען אין זיי אַ סך פון דאָס שיינע און דאָס ביזאַרע און דאָס שרעקלעכע און אויך אַ סך פון דעם ציניש̈ן און פון אָפּשײַ־לעכן כאַראַקטער. אין די זאַלן האָבן זיך שטענדיק באַוועגט טרוימען

און חלומות און די מוזיק איז געווען ווי דער פאַנטאַסטישער עכאָ פון זייערע טריט.

און אינמיטן פון דעם דאָזיקן לוסטיקן מאַסקנבאַל — זע, עס קלינגט ווידער אויס זיין שטורמגלאָק דער זייגער פון עבאָני — דער מעכטיקער זייגער... און פלוצלינג בלייבט אַלץ ווידער שטיין שטיל — די טרוימען ווערן פאַרפרוירן ווי אייז. אַלץ בלייבט אומבאַוועגלעך — בלויז כדי דער זייגער זאָל הייזעריק און שטורמיש אויסקלינגען זיין קול. אָבער מיטן שטאַרבן פון די קלאַנגען — פון דעם דערוואָרגענעם געשריי פון דעם נביא — הייבט זיך ווידער אָן צו באַוועגן דאָס גראָטעסקע שפּיל... דאָס לוסטיקע באַוועגן זיך פון דאַמען און הערן — אין די שענסטע קאָסטיומען — פאַנגט זיך ווידער אָן ווי קיינמאָל ניט פריער...

אָבער, ביים זיבעטן זאָל באַוועגט זיך איצט נישט קיינער. די נאַכט שטאַרבט אַוועק און דורך די פענצטער גייט אויף אַ בלוי ליכט — וואָס דערמאָנט אין דעם דרויסן, דערמאָנט אין דעם טאָג וואָס גייט אויף איבער אַ פינצטערער וועלט... דערמאָנט אין דעם גרויל און טויט פון דרויסן. דערמאָנט אין דעם שרעק פון דעם רויטן טויט. און, אויסערדעם, איז גלייכער צו זיין אַלץ ווייטער פון דעם זאָל וואו דער ריזיקער זייגער שלאָגט אויס זיינע שעה'ן...

אין די דאָזיקע זאַלן האָט זיך באַוועגט, בונט און הייס, דאָס לעבן. עס איז געווען אַ ווירבלווינט פון לעבן. עס איז אָנגעגאַנגען ביז צום מיטנאַכט. און דער זייגער הייבט אָן אויסצוקלינגען די האַלבענאַכט שטונדע. און דעמאָלט ווערט די מוזיק שטיל, און די פאָרלעך האָבן זיך אָפּגעשטעלט. און עפּעס אַ מאָדנע שטימונג באַהערשט אַלעמען.

צוועלף שווערע קלעפּ דאַרף דער זייגער אויסשלאָגן. די מענטשן האָבן מערער צייט זיך צו פאַרטראַכטן און ערשט איצט האָבן זיי אַ מעגלעכקייט צו באַטראַכטן אַ געהיימענישפולע מאַסקירטע פיגור וואָס איז פיליכט די גאַנצע צייט געבליבן אומבאַמערקט פונם פובליקום. די מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דער דאָזיקער פיגור. עס איז דורכגעגאַנגען אַ מורמלעריי דורכן פובליקום. אין אָנפאַנג: אייבערראַשונג, סענסאַציע, נייקייט און וואונדער. צום סוף האָט עס זיך אַנטוויקלט אין שרעק. די אייביקע שרעק פון די מענטשן. די שרעק פון יעדן מענטש פאַר יעדן טאָג פון זיין לעבן. די שרעק פון דעם מענטשנס פינאַל — פון זיין טויט.

מען קען זיך וואויל פאָרשטעלן אַז אין דער פאַנטאַסטיק און רייכקייט פון פאָרמען — וואָלט קיין געוויינלעכע פיגור נישט געקענט איבערראַשן דעם עולם. די פיגור וואָס איז דאָ פאַר אונז געווען האָט אָבער איבערגעשטיגן אַפילו דעם פרינצ'ס גראָטעסקע פאַנטאַזיע און פלענער. אַלע האָבן געפילט, אַפילו די מוטיקסטע, געוואַגטסטע און הפקר'דיקסטע, אַז דער דאָזיקער מאַסקירטער מאַן טראָגט נישט קיין גוטס מיט זיך. די פיגור האָט אויסגעזען ווי דער טויט. און די דינע מאַסקע וואָס האָט צוגעדעקט זיין פּנים — איז געווען ווי דאָס פּנים פון אַ פאַרשטייפטן, אייזיקן מת. ביי די דאָזיקע לעבע־יונגען, ציניקער, מערדער און אויסגעפּרוּווטע הולטאַיעס וואָלט אַפילו דער טויט נישט געקענט אַרויסרופן קיין שרעק. ווען נישט דאָס די דאָזיקע

פיגור האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך די אַבסאָלוטע ענלעכקייט צום „רויטן טויט"...

פרינץ פּראָספּערא, דערזעענדיק דעם דאָזיקן אומגעוואונטשענעם גאַסט, וואָס האָט זיך באַוועגט צווישן די וואַלסערס מיט לאַנגזאַמע און ערנסטע באַוועגונגען — האָט זיך אויפגעקאָכט פון שרעק און פון אויפרעגונג. ער האָט זיינע דינער באַפוילן:

— ווער וואַגט אונז צו באַליידיקן מיט אַזאַ וואולגאַרן וויץ? גרייפט אים און דעמאַסקירט אים — כדי מיר זאָלן וויסן וועמען מיר דאַרפן הענגען אין מאָרגנרויט!

אין אָנפאַנג האָבן די דינער און די נאָענטסטע פון פּרינץ'ס סוויטע זיך באַוועגט אין דער ריכטונג פון רויטן טויט. אָבער אַ שרעק האָט זיי אַרומגענומען און וואָס מער זיי האָבן זיך צו אים דערנענטערט — אַלץ אוממעכטיקער זיינען זיי געוואָרן. דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן צוצורוקן צו די ווענט, וואָס מער דער געהיימנישפולער מאַן האָט זיך דערנענטערט מיט מעכטיקע טריט צום בלאַסן פּרינץ.

פּרינץ פּראָספּעראָ איז געווען שוואַך און דערשראָקן. נאָר ער האָט צוזאַמענגענומען זיין גאַנצע מענלעכע קראַפט און גרייפנדיק אַ דעגען האָט ער אָנגעהויבן אַנטקעגנצוגיין זיין ריוואַל. עס איז געווען אַ שפּאַנענדער, אַ בלוט־פאַרגליווערנדיקער מאָמענט. אָבער אין דער מינוט ווען ער איז געווען אין פראָנט פון רויטן טויט, פאַלט פּרינץ פּראָספּעראָ אַ טויטלעכער צום באָדן. דער רויטער טויט האָט אים געפאַנגען. די פּעסט האָט אים געטראָפן.

די מענטשן, אין שרעקלעכן אַנגסט, האָבן איצט געפאַנגען דעם מאַסקירטן מאַן און אַרונטעררייסנדיק זיין מאַסקע, האָבן זיי אין זייער מיטן דערזען דעם „רויטן טויט". און זיי זיינען געפאַלן איינס ביי איינס — באַהערשט פון דער מגפה. דער רויטער טויט האָט אַלעמען פאַרשניטן און האָט זיגרייך געהערשט איבער דער ערד.

*

דאָס איז די געשיכטע פון פּאָ'ס סימבאָלישער דערציילונג „די מאַסקע פון רויטן טויט." איר זין און איר מאָראַל, ווי געזאָגט, איז מיר ערשט קלאָר געוואָרן אין די לעצטע יאָרן. מענטשן, פעלקער און ראַסן דענקען אַז זיי וועלן זיך אַרומרינגלען מיט ריזיקע מויערן, מיט גראַניטענע זיילן, מיט אייזערנע טויערן, מיט דיקע ווענט, און אַז זיי וועלן אימשטאַנד זיין זיך צו באַשיצן קעגן מיזערע, קראַנקהייט, אָרעמקייט און טויט, וואָס זיי גרייטן צו און שיקן צו אַנדערע פעלקער. מענטשן, דיפּלאָמאַטן, שטאַטסמענער, דעמאַגאָגן, פּאָליטישנס און „פאָלקס־פירער" דענקען אַז זיי וועט געלינגען צו העצן אויף אַנדערע פעלקער, צו פאַרשפּרייטן האַס און שנאה, בשעת זיי אַליין וועלן זיך לעבן אין אָנגעזאַמלטער שפע און לוקסוס און אַקומולירטן רייכטום. אָבער די פּראַקטיק באַווייזט אַז דער טויט, די פּעסט און דער הונגער טרעפן אַזוי ווירקזאַם די פעלקער וואָס באַהאַלטן זיך אויס אונטער אייזערנע טויערן און גראַניטענע מויערן. נישטאָ קיין אַנטרינונג פון דעם שלעכטס וואָס איר גרייט אָן פאַר אַנדערע. דער רויטער טויט־דרינגט אַריין אינמיטן דער נאַכט ווי אַ גנב. דער זייגער

שלאָגט אָן פון זיין הערשאַפט און ער דערשרעקט די זאַטע און די צו־פרידענע. דער זייגער — ווי אַ נביא — זאָגט אָן צו די פעלקער זייער גורל: פון דעם פאַרסמטן געקעכטס וואָס איר גרייט צו פאַר די אַנדערע פעלקער, וועט איר אַליין פאַרזוכן די שפּייז און איר וועט פאַרסמט ווערן. עס איז איין וועלט.

און פּאָו האָט נביאיש געשריבן די דאָזיקע דערציילונג, פאַר דער עפּאָכע פון דער אַטאָמישער באָמבע, וואָס רייסט־אויף אויף הונדערטער מיילן פעלזן און בערג און פאַרוואַנדלט זיי אין דאַמף וואָס פאַרברענט די פעלקער!

פּאָו, דער גרויסער הומאַניסט און דענקער, האָט געוואוסט אַז דער רויטער טויט פאַראַדירט פריי אַרום און עס איז נישט פאַראַן קיין שויץ־וואַנט זיך צו באַשיצן אונטער זיין אייזערנעם גאַנג אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

אין קעגנזאַץ צום רויטן טויט — קען בלויז שלום און שפע פאַרזיכערן דאָס גליק פון אַלע פעלקער, וואָס ווילן עס פריי געניסן. דאָס גוטע — ווי דאָס שלעכטע — איז פאַר אַלעמען גלייך און קיין פאָלק קען נישט זיין גליקלעך, אויב אַן אַנדער פאָלק איז אומגליקלעך.

דאָס איז דער צוועק און די מאָראַל פון עדגאַר עללען פּאָו׳ס זינפולער מעשה׳לע — אַ משל אויף דער וועלט־געשיכטע און ספּעציעל, אַ וואָרנונג צו די מענטשן וואָס לעבן אין אונזער אַטאָמישער עפּאָכע.

# דער רעזשיסאָר פון צייט

(אַרום מאָריס שוואַרצ׳ס אויפפירונג פון שלום עליכמס
„בלאָנדזשענדיגע שטערן")

עס איז אינטערעסאַנט ווי דאָס לעבן האָט אַ מאָדנעם רעזשיסאָר — אַ מין גרויסמייסטער אינם וועלט־צירקוס — וואָס פאַרוואַנדעלט בסדר דאָס לעבן אין ראָמאַנטיק. וואָס טוט אָן פאַרביגע שלייערן די געשטאַלטן פון נעכטן. דאָס, וואָס עס איז געווען נעכטן — ווערט מומיפיצירט. ווערט פאַרוואַנדלט אין פאַלקסטימלאַכקייט. אינם לעגענדאַרישן געוועב. אין מיטאָס. צייט וואָס פאַרגייט — איז ווי אַ זון־אונטערגאַנג. עס פאַרבט אָפּ אַלע זאַכן. עס ווערט צו אַלטפּרענקישקייט. עס ווערט צו אַלט־גאָלד און אַלט־זילבער. דער רעזשיסאָר פון צייט פאַרוואַנדלט דאָס לעבן אין קאָסטיום, אין כאַראַקטער, אין סימבאָל, אין פיל־באַדייטונג.

ווען דו זירסט אָן דאָס געשטאַלט פון גאָלדפאַדען — זירסטו אָן אַלטע וועלט. אַ פאַנטאַסטישע גאַלעריע אַקטיאָרן, וואָס זיינען אַזוי געוואָרן צו איין לייב מיט זייערע ראָלן, און די קאָסטיומען זיינען אַזוי צוגעוואַקסן צו זיי, ווי די קליידער פון משה און אהרן. גאָלדפאַדען, דער „פאָטער פון אידישן טעאַטער" — גייט אַריין אין דער גאַלעריע פון זיינע העלדן. עס איז קוים מערקלעך צו אונטערשיידן ווער עס איז שעפער פון אידישן טעאַטער, ווער עס איז אַקטיאָר, ווער עס איז „ראָלע", ווער עס איז דער קעגנוואַרטיגער אַקטיאָר וואָס שפּילט דעם אַלטן אַקטיאָר. פאַרפאַסער און פאַרפאַסטע העלדן — זיי ווערן אַלע צו פאָלקלאָר. פאַרפאַסער האָט גרויסע זכיה, ער קריגט

דאָס גן־עדן. ווען ער הערט אויף צו פאַרפאַסן און ווערט אַליין דער פאַרפאַסטער העלד פון אַ גרעסערן פאַרפאַסער פון אים — פון דעם דראַמאַטורג פון צייט, וואָס אַראַנזשירט אַלע פאַרשטעלונגען אויף דער ערד. ווען ער שטייט צווישן זיינע העלדן — צווישן קעניגן און נביאים, צווישן אַרענדאַרן און סטראַזשניקעס, צווישן דאָן קיכאָטן און בעל־חלומות, צווישן טרוימער און שלימזלען — ער שטייט ווי אַ־ע — אין גרים און אין קאָסטיום, און דער פּראָזשעקטאָר טיילט אים צו דאָס נייטיגע ליכט, ווי צו אַן אַקטיאָר.

זיצנדיג אויף דער פאָרשטעלונג „די בלאָנדזשענדע שטערן" — טראַכסטו דאָס אַלץ איבער. און ווען דו רירסט אָן שלום עליכם — רירסטו אויך אָן ווי מיט מאַגישע פינגער יענע צייט. רירסט אָן שמר'ן און מענדעלען און יצחק יואל לינעצקין. צייט פאַרמעקט רייסערייען און זינד. „שמר'ס משפט" איז איצט אַ זאַך וואָס פאַרדריסט. אויף אַ דיס־טאַנץ גיבן זיך שמ"ר און שלום עליכם די הענט. דאָס פאָלק לאָדט זיי אַלע איין אין זייער פאָלקסליד. אין זייער פאָלקלאָר. זיי ווערן דעם פאָלק טייער, ווי הייליגע.

איז דען שמר'ס „פּיינעלע" וואָס פאַרבלאָנדזשעט אין קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל — נישט ענלעך צו שלום עליכמ'ס רייזעלע, דעם חזנ'ס טאָכטער — וואָס פאַרבלאָנדזשעט קיין לעמבערג, קיין לאָנדאָן, קיין ניו־יאָרק? ! איז נישט דאָס סטאַמבול פון שמר'ס שלעכט־פאַרפאַס־טע ראָמאַנען נישט ענלעך צו ווייטשעפּעל און די בויערי פון ניו־יאָרק? שמר'ס פאַנטאַסטישער העלד פליט איבער די דעכער פון דער וועלט, איבער שטעט און פּאַלאַצן — פּונקט ווי שלום עליכמ'ס העלד שפּאַנט איבער די וואָלקנס. אויף אַ דיסטאַנץ דריקן אויס דעם תוך צוויי פאַרשידנאַרטיגע קינסטלער...

מאָרים שוואַרץ האָט מיט דעם פאַרבינן, ספּעקטאַקולערן „בלאָנ־דזשענדע שטערן" געבראָכן די טראַדיציע פון ערנסטער ליטעראַרי־שער דראַמע. מעג נישט דער קלאַסישער אַקטיאָר אָפּאָטעמען? מעג ער נישט פון זיך אַליין — פון זיין אַקטיאָרסקן שיקזאַל — אַביסל הוזק מאַכן? עס קומט דער מאָמענט און דער אַקטיאָר וויל אויפ־בינדן העמד און קראַוואַט און אָן אָטעם טאָן די לופט פון קאָמעדיע — פון פאַפּירענע הימלען און פאַפּירענע חלומות. פונם גראַנדיאָזן ביז צום לעכערלעכן איז איין קורצער שפּאַן. טשעכאָוו האָט אין זיינע קורצע דערציילונגען פּונקט אַזעלכע מאָנומענטאַלע העלדן פון רוסישן פאָלקס־פּערסאָנאַזש ווי טאָלסטאָי און פּושקין. שעקספּיר האָט געמוזט שאַפן אין דער קאָמעדיע און ער איז באַרימט מיט זיין אַנטקעגנשטעלן אין די קלאַסישע טראַגעדיעס דעם לץ אַנטקעגן דעם קעניג. אַקטיאָר ברעכט זיך אויף און ווערט לץ, ווערט קאָמעדיאַנט, ווערט פּורים־שפּילער, קלאָון, טרוימער, טענצער און שווערמער — טאַנצט און וויינט און קושט די טריט פון דער לבנה.

טראַגעדיע און קאָמעדיע האַלזן זיך. די שטאַרקסטע סצענעס פון „האַמלעט" זיינען ווען די אַקטיאָרן ריידן און פילאָסאָפירן וועגן די אַקטיאָרן און די טעאַטער־קונסט. ווען די אַקטיאָרן שפּילן מאַסקעס און קאָסטיומען פון די אַקטיאָרן. דאַן דערקענען מיר שעקספּירן אינטים. דאַן טוט אַ הויך אויף אונז שעקספּיר'ס פּערזענלעכקייט — פון דער נאָענט...

„בלאָנדזשענדע שטערן" איז דאָס ספּעקטאַקל פון אַקטיאָרן — אַלאַ „פּאַיאַצי". עס איז שלום עליכם'ס קאַפּריז־ווערק. זיין אינ־טערמעצאָ. דאָס נייע טעאַטער שפּילט דאָס אַלטע טעאַטער — פּלוס אַקטואַליטעט. עס איז נישט פאַראַן קיין מער רירנדע פאַרשטעלונג: ווי ווען אַקטיאָר רעזאַנירט וועגן גורל פונם אַקטיאָר. ווען אַנשטאָט די אַקטיאָרן שפּילן דאָס לעבן פון דער ערד אין אַלע זיינע מאַניפעס־טאַציעס — פון וויגל ביזן קבר — שפּילן די אַקטיאָרן דאָס טעאַטער און זיין גורל. דאָס איז ספּעקטאַקולאַר און טראַגיש. עס איז שוין אַ טראַדיציע אינם וועלט־רעפּערטואַר אַז, רירט דער אַקטיאָר זיך צו צו דער גרעסטער פון אַלע ראָלן — דעם גורל פון אַקטיאָר — ברעכט זיך אַרויס דער ווילדער חוזק און דער מעכטיקסטער טרויער. אַקטיאָר רירט דעמאָלט אָן זיין אייגן לייב. אין טויזנט מאַסקעס און קאָסטיומען זיך געוואָרפן — רירט ער איצט אָן אין חשבון הנפש זיין אייגענעם שיקזאַל. זעלבסט־חוזק און זעלבסט־באַדויערן ציטערט־אויף אויף די איידלסטע קלאַווישן. ער שפּילט זיין לעבן און ער שפּילט דאָס טעאַ־טער. דאָ טרעפן זיך קונסט און לעבן — וואָס האָבן אַ גאַנץ לעבן זיך אויסגעמידן צו באַקעגענען. און דאָ רירן זיי זיך אָן — און טרערן קוואַלן־אויף. דער אַקטיאָר וויל אַריינשפּרינגען אין פּובליקום מיט זיין פּערזענלעכן טרויער. אַ גאַנץ לעבן געשפּילט דיינע שיקזאַלן, פּובליקום! איצט נעם איך נקמה און צעריים דאָס העמד אויף מיין לייב — קוק אַריין אין מיין האַרץ. עס זיך אָן מיט מיין געזאַלצענעם טרויער. אַזוי ווי צוויי לויפנדיקע צוגן טרעפן זיך צוזאַמען — אַזוי טרעפן זיך דאָ דאָס לעבן וואָס דער אַקטיאָר שפּילט שקלאַפיש, און די קונסט — דאָס טעאַטער — אין וועלכן דער אַקטיאָר ווערט דורכן פּובליקום אַריינגעפּאַסט, כדי אים, דעם פּובליקום, צו אַמוזירן.

דאָס איז דער מאָמענט פון חשבון הנפש — ווען דאָס פּובליקום בלייבט זיצן קאַלט און פאַרשולדיגט. אַקטיאָר וואַרפט אין פּנים אַריין פון פּובליקום:

— איר האָט זיך אַמוזירט מיט מיין שמערץ. מיט מיין קרעכצן. מיט מיין וויינען. איר האָט געמיינט אַז איך „שפּיל" בלויז. אָבער, זעט, ווי דאָס שפּילן איז מיר אַריין אין האַרצן. זעט ווי עס האָט מיך אויסגעקרימט. זעט ווי ווייניג איך שייך אונטער „שפּיל" פון לעבן. זעט — איר מיינט נאָך אַלץ אַז דער דאָלך וואָס מען האָט מיר אַריינ־געשטעקט אין האַרצן, איז אַ פּאַפּירענער. אַז איך וועל אָפּוואַשן די וואונד. אָבער, ניין, עס איז אַ ריכטיגער דאָלך — אַן אמת'ע וואונד — אַ סימן: איך שטאַרב פון איר אָט־דאָ פאַר אייערע אויגן...

מאָריס שוואַרץ דערשיינט אַ מאָמענט אַלס די באָבע יאַכנע פון גאָלדפאַדען. קלוג און ציניש. גראָטעסק און טראַגיש. אונטער דעם אומגעוויינלעכן קאָסטיום, פילסטו, קרעכצט אַן אַקטיאָר. נאָר די מאַסקע שמייכלט. דער טאַנץ — אַ צינישער — צו־להכעיס די שמערצן. האָסט מורא זי זאָל נישט פאַלן אין מיטן בינע — פון ליידן דער־שטיקט.

ווידעראַמאָל: דאָ האַלזן זיך דאָס לעבן און די קונסט פון איין זייט — און קונסט און „שונד" פון דער צווייטער זייט. „שונד" — וואָס מיינט: מנחם מענדלשע פאַנטאַסטיק; גאָלדענע גליקן; האַצ־מאַכ'דיגע רירעוודיקייט; די טרויעריגע פּערספּעקטיוו פון אַ פאָלק און זיין צוקונפט. פון זיין טעאַטער און זיינע א י ד י ש ע אַקטיאָרן.

דאָס איז אַ טיף־פּערזענלעך שפּיל וואו אַלע מאַסקעס זיינען אָפּגעריבן און דאָס מענטשלעכע פּנים מיט זיין טרויער ברעכט אַרויס און יאָ־מערט הויך און מעכטיג!

# מיניאַטורן

1

אויף „פּאַרק עוועניו", איבער די ברייט־צעלייגטע הייזער פון דער ניו־יאָרקער פינאַנץ־וועלט — דאָרטן לויכט אין די נעכט אַ רויט־געפאַרבטע לבנה, וואָס איז אַ טייל פון דער אַלגעמיינער, רייכקייטס־דעקאָראַציע! די לבנה איז דאָרט אַ שטיק מעבל פאַר יעדער איינער דיקער מאַדאַם. דאָרט איז זי פאַרחלומט, ראָמאַנטיש, דעקאַדענטיש־רויט און זייער טרויעריק; זי טרויערט אודאי אויפ'ן אונטערגאַנג פון קאַפּיטאַליסטן־קלאַס. זי וויינט מיט גאָלדענע טרערן!...

אָבער איבער דער אידישער „איסט־סייד" — וואָס פאַר אַ וואָ־בעדיקע לבנה הענגט דאָרט! די דעכער דאָרט זיינען פויל מיט שוואַנגערע קעץ און אַלטע ביינדלאַך; די דעכער זיינען אַ טרויעריגע דעקאָראַציע פון דער אידישער אָרעמקייט. די לבנה איז דאָ געל, דאַר, אומעטיג און טובערקולאָז; און אַ כמאַרנעם הימל קריכט זי אַרויס, באַשיינט מיט ניקלנע שטראַלן די אידישע אָרעמקייט; אַ טרויעריקע לבנה אויף אַ טרויעריקער דעקאָראַציע; בלייכע באַקן, אַ געל, פאַרצויגן מויל; די לבנה איז דאָ אַן אַלטע פאַרזעסענע מויד; מסתמא טראָגט זי אין דער אַנדערער זייט אויך אַ גראָען צאָפּ...

2

אַ קליין מיידעלע אין פּוילישן צירקל, אויף 10טע סטריט, פירט אין אַ וועגעלע אַ קליינע ליאַלקע. דאָס קליינע קינד האָט אויסגעצייכנטע מוטער־געפילן; זי בעט איבער דאָס בעטל, מאַכט ווארעמער דעם גוסס'ענעם קינד'ס קערפּערל, הילט עם איין; דאָס „קינד אין מיניאַטיור" שלאָפט מיט פאַרמאַכטע אויגעלאַך; דאָס לעבעדיגע קינד איז גליקלאַך. ערגעץ אַרבעט אַ דינסט, אַ וועשין אָדער אַ קעכין די עכטע מוטער — די מוטער פונ'ם קינד...

אַ צינענע זון גיסט הייסע בליי איבער דער גאַס; איך זע די רויטע האַרטע לאָקן פון דער ליאַלקע; דאָס לעבן איז דאָך אַזוי שיין אפילו אין דער אימיטאַציע! שאַ, שאַ! דאָס ליאַלקעלע שלאָפט! אין דאָזיקן קליינעם ליאַלקעלע שלאָפט די פאַרקערפּערונג פון דריטן דור...

# ליטעראַטור — און דער קאַמף פאַר פרייהייט

(רעדע געהאַלטן ביים 1־טן „וואָכנבלאַט"־סימפּאָזיום)

מיר דאַכט אַז דער טיטל פון אונזער היינטיגן סימפּאָזיום „וואָס פאָדערן מיר פון דער ליטעראַטור אין דער איצטיגער צייט" — איז אַ גאַנץ פּיקטיוּוער, אַ מין ליטעראַריש־אויסגעקלערטער. ווייל עס איז נישטאָ אַזאַ מין רעאַל פּובליקום, וואָס האַלט ווירקלאַך אין פרעגן די דאָזיגע אור־אַלטע פראַגע. עס איז נישטאָ ביי אונז אַ פּובליקום, וואָס זאָל בכלל אַטעמען מיט אונזער ליטעראַטור און קונסט. אַזוי ווי מיר טראַכטן אויס איינצלנע העלדן און סיטואַציעס, טראַכן מיר אויך אויס אַזאַ מין קאָלעקטיוון געץ ווי אַ פּובליקום. מיר לייגן אונטער זיין פּאַפּירענער צונג אַרונטער אַ פּראָבלעם און מיר דענקען אַז ער וואַרגט זיך מיטן פּראָבלעם. אין דער אמת'ן זיינען מיר, שריפטשטעלער, די שטעלער פון דער פראַגע און מיר רעדן איצט אויך פאַר די אימאַזשי־נערע פאַנטאָמען — אונזער פּיקטיוו, אונזער אויסגעטראַכט פּובלי־קום. דאָס איז אַ באַזונדערס טראַגישע קאָמעדיע. אָבער אַזוי ווי דאָס פּראָבלעם איז נישט אַ ריין־אידישעס, קען מען בכלל רעדן איבער דער ראָלע פון ליטעראַטור אין אַלגעמיינעם לעבן.

מיר דאַכט, כדי אַ ווילע צו פאַרבלייבן ביי דער אידישער סביבה, און כדי די ליטעראַטור זאָל זיך באַשעפטיגן מיט די פּראָבלעמען פון אונזער צייט — איז נויטיג צו זען ליידן אויף די פּנים'ער פון די אידישע שריפטשטעלער. איך בין זיך מודה, אַז איך האָב אַזאַ זאַך ווי ליידן נישט געזען אויף די מערסטע פון זייערע געזיכטער. אויף איסט בראָדוויי, וואו עס גרופּירן זיך יענע שריפטשטעלער וועלכע אַרבעטן אין די אידישע טאָג־צייטונגען — האָב איך קיין ליידן נישט געזען. פאַרקערט: איך האָב געזען פעטע מאַסקעס, זעלבסט־צופרי־דענע מענטשן, וועלכע זיינען צופרידן מיט זייערע פּערזענלאַכע דער־גרייכונגען און וועלכע האָבן זיך נאַרציסטיש־ליב. ווי אַנדערש זיי־נען זייערע געזיכטער אין פאַרגלייך צו דער בלייכער מאַסקע פון אַ דאַנטע, וואָס וואַנדערט אַרום אויף די גאַסן פון ראַווענאַ. אַ מעלאַנ־כאָלישער אומרו ווייעט פון זיינע אויגן, פון זיין אויסגעצערטן געזיכט. אָדער ווי אַנדערש פון אַ בייראָן, וואָס טראָגט זיך ווי אַ שוואַרצער בליץ איבער די אָקעאַנען און דערמאָנט די פעלקער אין זייער אַמאָלי־גער גלאָריע און רופט צו פרייהייט.

איך בין זיך מודה אַז איך זע נישט אין קיין שום ספּעציעלן אידעאַליזם צווישן די מערסטע אידישע שרייבער, און, ווי געזאָגט, די לאַגע פון דער אידישער ליטעראַטור איז אַן אומנאַרמאַלע. פאַראַן אַ היפּשע צאָל שריפטשטעלער וועלכע באַשעפטיגן זיך אָדער מיט קריס־טוס'ן, אָדער מיט משיח'ן. דער אונטערשייד פון די ערשטע ביז די צווייטע באַשטייט דעריך, וואָס די ערשטע טענה'ן אַז משיח איז שוין

געקומען. די צווייטע — אַז משיח זיינען זיי אַליין.

אָבער, ווי געזאָגט, די פראַגע איז נישט אַ ריין אידישע. מיטן אַוואַלאַנש פון נאַציזם און פאַשיזם — איז די וועלט געבליבן איבער־ראַשט און צעטומלט — איך האָב געהאט א געלעגנהייט, וואוינענדיג אין בעלגיע ביים אויסברוך פון היטלעריזם, צו זען און צו הערן אין ברוסעל, ליעזש און אנטווערפּן אַ רייע דייטשע שריפטשטעלער, זשור־נאַליסטן, מאָלער. עס האָט געהערשט צווישן זיי א שרעקלאכע אפּאַ־טיע. און דאָס איז געווען ערשט ביים אָנהויב פון נאַציסטישער הער־שאפט אין גערמאַניע. אייראָפּע איז נאָך געווען א פרייע — אָבער שוין אַ דערשראָקענע. די פּאָליטיק פון די דעמאָקראַטישע לענדער, וואָס האָט געפונען איר פאַרקערפערונג אינם טרויעריג־באַרימטן טשעמבערלעין און איר קלימאקס אינם מינכענער אָפּמאַך — האָט זיך שוין געפילט זייער שטארק אין דער לופט. אויף אַלעמענס פּנים׳ער איז געווען אויסגעדריקט אַנטוישונג. אַנשטאָט א סאָציאַלע רעוואָלו-ציע קעגן קאַפּיטאַליזם, האָט דער דורכגעפאלענער קינסטלער אַדאָלף היטלער און זיין לאַמער אינטעלעקטואל — געבעלס — גאָר אויפגע־וויקלט דעם האַקנקרייץ און ווי א גראנדיעזע שפּין האָט זי געפלאָטערט קעגן אונזערע אויגן.

איך האָב געהערט אין אָוונט רעדן יאַקאָב וואַסערמאַן. זיין גע־זיכט איז געווען טרויעריג. עס האָט געווייעט פון אים מיט אומעט. איך האָב איינגערוימט מיין פריינט אין אויער: — וואַסערמאַן וועט באַלד שטארבן. קענסט ניט לעזן אויף זיין אומעטיגער מאסקע — דעם טויט?

און אין צוויי וואָכן שפּעטער איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין האָלאַנד. אים האָט לעצטנס אימיטירט סטעפאַן צוויג, דער אינטע־לעקטואַלער ביאָגראַף און נאָוועליסט פון דער וואַלסער־שטאָט ווין, דער שטאָט פון די הייטערע פעטער אַלטענבערג, די מוזיקער שטראוס, וואו אַמאָל האָבן געפלאַמט שעפעריש די געניוסעס פון בעטהאָוון, מאָצאַרט און שוּבערט. עס איז קענטיג פון אים, פון דעם רייכן און דערפאָלג־רייכן סטעפאַן צוויג, פון דעם וועלט־באַרימטן פּסיכאָלאָגישן ראָמאַ־ניסט יאַקאָב וואַסערמאַן — אז די אידישע אינטעליגענץ האָט קאַפּי־טולירט. אָפּגעריסן פון זייער סביבה, האָבן זיי אין וייטע לענדער געזוכט אַרויסצוברענגען פון דער פאַרגאַנגענהייט — גרויסע העלדן, ווי אַ טרייסט פון אונזער צייט. גוטס און שלעכטס האָבן אין אַלע צייטן ביטער געקעמפט; שטענדיג האָט דער העלד זיך אנטקעגנגע־שטעלט דער סאָציאַלער אומגערעכטיגקייט.די רעאַליטעט פון לעבן, אין וועמענס קאַלטע פעלזן זייערע אידעאַליסטישע פליגל האָבן זיך אָנ־געשלאָגן.

און ווי אזוי דען האָבן די דאָזיגע שריפטשטעלער געקענט אָנ־האַלטן זייער מוט, ווען דאָס קינסטלערישע וואָרט האָט בכלל פאַרלוירן דעם מין מענטש. זיין רייץ און ווערט, זיין ווירקונג און טרייסט? זיכער האָבן אזעלכע געוויסנס־גיגאַנטן ווי טאָלסטאָי און זאָלאָ געקענט ארויס־טרעטן מיט געוואַגטע מאַניפעסטן, מיט אויסגעשרייען ווי „ז׳שאַקוז!“ און — „איך קען נישט מער שווייגן!“ . . . די וועלט האָט זיך צו־געהערט צו אַזעלכע ריזן ווי גראַף טאָלסטאָי, ווי פּרינץ קראָפּאָטקין, ווי דער גלענצנדער זשורנאַליסט און רעפּאָרטער פון אַן עפּאָכע — זאָלאָ, און אנדערע באַרימטע גייסטער. אין אונזער צייט וואָלט אַן

אַרויסטרעטונג פון אַ זאָלאַ געווען לעכערלאַך. קיינער באַציט זיך נישט ערנסט צום וואָרט.

פאַרטרייבן נישט די נאַציס זייערע גרעסטע שריפטשטעלער אין אויסלאַנד? האָבן זיי נישט גענומען אין קאָנצענטראַציע-לאַגער דעם ראָמאַניסט פויכטוואַנגער? האָבן זיי נישט צום טויט פאַרפייניגט אַזאַ נאָבעלן הומאַניסט ווי קאַרל פאָן אָשעצקי? אַ פּערזענלאַכע אַרויסטרעטונג פון ליטעראַרישע שעפער וואָלט איצט נישט געהאַט אַזאַ ווירקונג ווי אין יענע צייטן, ווען די מענטשן האָבן געהאַט רעספּעקט פאַרן קינסטלער. מיט דער צייט איז דעגענערירט געוואָרן די ווירקונג פון דער פּערזענלאַכקייט. נביאים אין אונזער צייט, וואָס זאָלן זיך אוועקשטעלן אויף טאַימס-סקווער און שליידערן דעם אמת מיט אַ פלאַמענדיגן ענטוזיאַזם — וואָלטן אַרויסגערופן אַלעמענס שמייכל.

עס איז באמת געווען אַ צייט ווען גייסטיגע פירער האָבן געטרייסט און געפירט דאָס פאָלק אין צייט פון געפאַלנקייט און אומגליק. דערמאָנט אייך די ראָלע וואָס מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי, קראַשינסקי און דער מיסטיקער טאָוויאַנסקי — האָבן געשפּילט פאַרן פּוילישן פאָלק, ווען די רוסן און די דייטשן האָבן צעטיילט פּוילנ'ס מלוכה. אין פּאַריז, אין דער פּוילישער קאָלאָניע, האָט ביי די פרייע פּאָליאַקן געפלאַקערט דער פרייהייטס-גייסט. פּאָעטן האָבן אָרגאַניזירט לעגיאָנען. שיענקעוויטש האָט דערמאָנט פּוילן אָן אירע אַמאָליגע ריטערהעלדן, שרייבנדיג זיינע עפּישע ריטער-ראָמאַנען פון פּוילנ'ס געשיכטע. און ווען דאָס פאָלק איז פריי געוואָרן — האָט זי די שריפטשטעלער געשטעלט מאָנומענטן און זייערע טויטע קערפּערס געהילט אין זילבערנע טרונעס, זיי געשטעלט אין טיפע קאַטאַקאָמבן פון מאַוועל, וואו עס רוען פּוילנ'ס דראַמאַטישע און היציגע קעניגן . . .

אָבער, ווען פּוילן איז פריי געוואָרן, האָט שוין געהערשט אַן אַנדער גייסט. אירע מערסטע שריפטשטעלער, אַנשטאָט צו דינען דעם אמת, האָבן גאָר געדינט דעם האַלב-פאַשיסטישן פּוילן-שטאָט און זיך נישט אָנגענומען די קריוודע פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, באַזונדערס פון די אידן.

איצט איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון פראַנקרייך, אַז געוויסע שריפטשטעלער זייענן פראָ-נאַציסטיש. צווישן זיי געפינען זיך אַזעלכע גלענצנדע גייסטער ווי לאַקרעטעל, וואָס איז אַמאָל געווען סימפּאַטיש צו אידן. עס איז קאַלט אין פראַנקרייך. יענע געוואַלטיגע גייסטער, וואָס האָבן אַמאָל מיט האַמערס געשלאָגן אין די מוחות פון פראַנצויזישן פאָלק און זיי געוועקט צו שטירצן די באַסטיליע — אַזעלכע סאַנקיולאָטן ווי רוסאָ און אַזאַ אַטעאיסט ווי וואָלטער — זייענען נישט מער ווירקנד אין פראַנקרייך. אויך קלינגט נישט מער דאָס שטאָלצע און מעכטיגע וואָרט פון זשאַן זשאָרעס, דעם ענטוזיאַסטישן טריביון. אַנאַטאָל פראַנס געדענקט מער קיינער נישט. ער, וואָס האָט איבער פופציג יאָר געלייטערט דעם פראַנצויזישן גייסט מיט זיין ראַפינירטן הומאָר און עסטעטישער סאָפיסטיק. מען הערט נישט פון אַ הוגאָ, וואָס וואוינט איינזאַם אויף אַן אינזל און שרייבט זיינע פייערדיגע פאַמפלעטן קעגן קליינעם נאַפּאָלעאָן.

פונדעסטוועגן זייענען פון דייטשלאַנד אוועק אַזעלכע שרייבער ווי טאָמאַס מאַן, היינריך מאַן, אַרנאָלד צווייג, אַלפרעד דעבלין, סטעפאַן צווייג. געבליבן זייענען דאָרט גערהאַרדט הויפּטמאַן, וואָס האָט ליב

יעדן טאָג צו פאַרצערן אַ פלאַש גוטן ווײַן און וואָס איז שוין זייער אַלט און פון וועמען מען הערט בכלל נישט אין דייטשלאַנד. געבליבן זיינען בלויז אַזעלכע סענסאַציע־זוכנדיגע און ביזאַרע טעמעס־פאַר־פאַלגער — ווי האַנץ היינס עווערס, דער פאַרפאַסער פון 'אַלראונע". געבליבן זיינען די טויטע שריפטשטעלער אין די קברים, וואָס קענען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער נישט געגומען ווערן און וואָס קענען פון דייטשן גהנום נישט עמיגרירן.

פרעגן, אַלזאָ, וואָס מיר פאָדערן פון דער ליטעראַטור אין דער איצטיגער צייט — געפין איך פאַר זייער נישט ריכטיג. די וועלט איז צעטומלט. די ליטעראַטור איז צעטומלט. מאָנומענטאַלע, וואָגיגע ווערק וועגן אונזער צייט וועלן ערשט געשריבן ווערן אין דער צו־קונפט, אויב מען וועט בכלל אין דער צוקונפט קענען שרייבן ליטע־ראַרישע ווערק. אַ קינד וועט פאַרשטיין אַז אין דער איצטיגער צייט מוז די ליטעראַטור, די פרעסע, די קונסט, דאָס טעאַטער — דינען דעם קאַמף פון די דעמאָקראַטישע לענדער קעגן די פאַשיסטישע. און אַזעלכע צייטן רוט דאָס מ ע ד י ט א ט י ו ו ע וואָרט. עס איז איצט בכלל נישט קיין צייט פאַר דער גרויסער דראַמע, דעם עפּישן ראָמאַן. אין געאייל און אין שרעק מוזן די שריפטשטעלער שאַפן. אַלץ דאַרף מאָביליזירט ווערן צום קאַמף קעגן פאַשיזם, נאַ־ציזם און דעם געלן אימפּעריאַליזם. פאַרן שריפטשטעלער פון אַלע צייטן איז געשטאַנען די אויפגאַבע, פונקט ווי איצט, אויפצואווייזן און באַוואוסטזיניג מאַכן די ראָלע און די מיסיע פון דעם מענטשן אינם קאַמף פאַר אַ מער פולקאָמענער וועלט. דער קינסטלער האָט גע־זוכט זיך צו דערגרונטעווען צום זין פון דער מענטשלאַכער עקזיס־טענץ און צו דער מעכאַניק פון זיינע דראַמעס, טראַגעדיעס, זיין ענער־גיע און געהיימנישפולע כוחות. פאַרן קינסטלער, ווי פאַרן קולטור־מענטש בכלל, איז געווען די אויפגאַבע אָנצואווייזן אויף דער באַזונ־דערער ראָלע וואָס דער מענטש, מיט זיין זעלבסט־דערקענטנישפולן און אַנאַליזירנדיגן גייסט, שפּילט אין דער עוואָלוציע פון דער וועלט, פון קאָסמאָס. די פילאָזאָפיע, די סאָציאָלאָגיע, די ליטעראַטור, די קונסט, די קולטור אַלס גאַנצעס — האָבן געזוכט די וועגן, די שעפערי־שע כוחות אינם מענטש, אים צו מאַכן באַוואוסטזיניג פון זיין גרויס־קייט און זיין אינערלאַכער האַרמאָניע, די גוטסקייט וואָס ער קען דערגרייכן דורך אַ העכער, ריין און עטיש לעבן. אָט די דאָזיגע אומ־שטערבלאַכע ראָלע פון דער קולטור שטייט אויף פאַר אונז היינט פאַר, מער ווי שטענדיג. און דאָס איז די ריכטונג, מיר דאַכט, וואָס די קולטור וועט האָבן פאַר זיך אין דער צוקונפט. אין אונזער צייט, מער ווי ביז איצט, דאַרף אַלזאָ די ליטעראַטור וועקן דעם גלויבן אינם מענש פאַר אַ פולקאָמענער וועלט. מער ווי שטענדיג נייטיגן מיר זיך אין טרייסט. אין קאַלאָסאַלער טרייסט. און עס איז די קונסט, די קול־טור, וואָס דאַרף זיין דער באַנדאַזש, וואָס זאָל בינדן אונזערע וואונדן, וואָס זאָל זיי פריער רייניגן און כירורגיש באַהאַנדלען.

דאָס ווייס יעדער איינער. די אויפגאַבע, די הויפּט־זאַך איז — די שריפטשטעלער אַליין זאָלן נישט פאַרזען די וויכטיגקייט און די גרויסקייט פון זייער ראָלע. זיי מוזן זיין דערוואַקסן צו זייער אויפגאַ־בע. קיין נאַרציסטישע קאָמפּלעקסן וועלן דאָ ווייניג העלפן. די וואָס דענקען אַז זיי זיינען משיחים — זיינען אין דער אמת'ן טיראַנען. די

וואָס האַלטן זיך פאַר פּראָפעסיאָנעלע פּרעדיקער פון אמת — זיינען היפּאָקריטן. און דאַן צו ריינינגן אַנדערע. און דאָס איז חל אויף יעדן איינעם מענטש. מען מוז אַליין זיין ריין. די קאַטאַסטראָפע פון דער איצטיגער צייט איז אַ רעזולטאַט פון דאָס שלעכטס, דאָס פאַלשע און דאָס בייזע אינם מענטשן זעלבסט. וואָרים ווען דאָס זאָל נישט זיין דער פאַל — וואָלט נישט מעגלאַך געווען די מאַכט און די עקזיס־טענץ פון אַזעלכע מאָנסטערס און קרעציגע ברואים ווי היטלער און מוסאָליני.

צו וועקן די מענטשלאַכע פּאָטענצן, נישט צו פאַרצווייפלען, נישט צו באַגיין זעלבסטמאָרד, נישט צו ווערן היסטעריש — נאָר רופן צו רעוואָלט, וועקן דאָס גוטע אינם מענטש; דאָס זיינען די אויפגאַבן פון דער ליטעראַטור אין דער איצטיגער צייט און אין אַלע צייטן פון דער מענטשלאַכער עקזיסטענץ אונטער דער זון.

# דער קינסטלער אין לעבן און אין דער ליטעראַטור

(רעפעראַט געלייענט ביים סימפּאָזיום פון „נ. י. שרייבער־קלוב״)

איך האָב אַ גאַנצע וואָך געטראַכט וואָס אייגנטלאַך מען קען זאָגן וועגן דעם „שרייבער אין לעבן און אין דער ליטעראַטור". איך האָב זיך אַליין, קודם־כל, געפרעגט: פאַרוואָס דוקא דער שרייבער און ניט דער קינסטלער בכלל? איז דען נישט קונסט איינע און די נעמלאַכע זאַך — אָן אונטערשייד צי עס איז סקולפּטור, מאָלעריי, מוזיק, לי־טעראַטור און באַלעט? אין די אוראַלטע צייטן איז קונסט געווען איין געביט. די רעליגיעזע צערעמאָניע אָדער ריטואַל איז געווען די כאָר־מוזיק; דאָס וואָרט — די לויב צו גאָט; דער טאַנץ — עקסטאַז דורך ריטם, באַוועגונג; די פילאָסאָפיע — די פאָרשטעלונג פון גאָט; די רעזשיסאָרישע מאַסקע — דאָס פּנים פון עקסטאַטיקער; רעטאָריק — די פלאַמענדיגע פּראָפעצייאונגען. אין יענע אוראַלטע צייטן, ווען דער מענטש האָט אין דעם שניט פון דעם בליץ אויפן שוואַרצן הימל גע־זען דאָס געזיכט פון גאָט און אין דונער געהערט דעם קרעכץ פון זיין אייגענער ליידנדיגער ברוסט. אין יענע צייטן איז קונסט געווען איין זאַך. און אַלע קונסט־געביטן האָבן זיך אַנטוויקלט צו באַזונדערע פאָרמען. אין אָנהויב — דינענדיג רעליגיע, דעם בית־המקדש, די כוה־נים — איז זי שפּעטער געוואָרן דיפערענצירט. עס איז פאָרגעקומען אין דער עוואָלוציע פון קונסט דאָס זעלבע ווי אין דער עוואָלוציע פון לעבן בכלל: אין אָנהויב איז אַלץ געווען איין פאָרם, איין וואָרצל. פונם וואָרצל האָבן זיך אויסגעטיילט פאַרשיידענע צווייגן. קונסט איז נישט נאָר אַרויס פון דער אויפגאַבע פון נוצלאַכקייט — נאָר איז

געוואָרן א זאך פאר זיך זעלבסט. פאר עטישן און עסטעטישן פאַרגע־ ניגען. דער מענטשלאכער גייסט האָט אָנגעקוואָלן פון זיין אייגענעם געניוס. געטע און בעטהאָווען דערהויבן זיך צו דער העכסטער פאָ־ טענטיק — אויס פרייד מיט דער זעלבסט־דערקענענדיגער קראפט פון דענקען, פילן, פאַרשטעלן זיך, אָנען, אומפאַסן. אָט דער זיך זעלבסט־ דערקענענדיגער געניוס האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערבליען. מיט דער באַרייכערונג פון קונסט, מיט דער אויסברייטערונג פון די געביטן — איז קונסט געוואָרן דיפערענצירט. יעדעס געביט — א וועלט פאַר זיך. און אזוי האָבן מיר היינט באזונדערע קונסט־פאָרמען. ארכי־ טעקטור, וואָס האָט אמאָל בלויז געדינט צו דער קאָנסטרוקציע פון הייזער, צו זייער פלאַנירונג און פארשענערונג — איז געוואָרן סקולפּ־ טור, וואָס האָט שוין פאר זיך אליין ריין־עסטעטישע צילן. דער כאָר, וואָס האָט געלויבט גאָט אין די הימלען — האָט זיך אנטוויקלט צו מוזיק. תהלים, וואָס האָט געזוכט צו דערגרונטעווען גאָט אין מענטש־ לאכן הארצן וואָס האָט מורא און וואָס באזינגט די הימלען וואָס זיינען אייביג אין זייער גיגאנטישער קאָנסטרוקציע — האָט אָנגעהויבן צו ווערן פּאָעזיע: דידאַקטישע, עפּישע, לירישע, דראמאטישע, סאָציאלע, מאָראלישע, עראָטישע, רעליגיעזע. פון פארצייכענען אויף גרויע פעלזן, וואָס ווערן געוואשן פון שטורמישן ים־שוים, א כראָניק, א פּאַסירונג, איז געוואָרן מאָלעריי, צייכענונג, ראַדירונג. און אזוי האָבן זיך די קונסטן אויסגעברייטערט.

דאָס אַלץ איז ווי אן איבוואָקאַציע צו באווייזן אז פאר מיר עק־ זיסטירט נאָך אלץ דער קינסטלער — און נישט דער שרייבער אליין. פון צייט־צו־צייט קומט א מאן און פאראייניגט ווידער אלע קונסט־ געביטן אין זיין שאפונג. ער דארף האָבן געוואלטיגע לונגען, א ריזן־ הארץ, א מעכטיגע פאַנטאַזיע, העראָאישע קראפט — דאָס צו קענען באווייזן, צו בינדן דאָס, וואָס יאָרטויזנטער טראדיציע האָבן באוויזן פאנאנדערצוטיילן, צו דיפערענצירן. אזא איז געווען אין רענעסאנס־ פּעריאָד — לעאָנאַרדאָ דע ווינטשי. אָבער נישט וועגן אים מעגן מיר איצט פארלירן אפילו אן איינציג וואָרט. די טעמע איז צו ים־טיף און וועלטן־ברייט צו קענען זיך אויף איר גענוי אָפּשטעלן.

איצט שטעלט זיך די פראַגע: וואָס איז אזוינס שאפונג און וואָס איז אזוינס לעבן? מיר ווייסן נאָך אלץ נישט צי לערנט דאָס לעבן דער קונסט, אָדער די קונסט — דעם לעבן? און וואָס איז בכלל קונסט וואָס קאָפּירט, אנאליזירט, מאָדיפיצירט און אידעאליזירט דאָס לעבן? אָדער האָט קונסט אירע אייגענע געזעצן און איר אייגן לעבן? איז קונסט די פאַרלוירענע האַרמאָניע, וואָס מענטש ברענגט אין דער אומהארמאָ־ נישער וועלט — פון ווייטע פארגאנגענע צייטן? וואָס איז קונסט? וואָס איז דער קינסטלער? וואָס איז דער פּראָצעס פון שאפן? וואו איז די מיסיע? צי איז קונסט א מיסיע? צי איז „מיסיע” בכלל א זאך וואָס די וועלט טראָגט. אלס גאנצעס — אָדער צי איז עס, צוגלייך מיט אנדערע שאפונגען, א שאפונג פונם מענטשן זעלבסט?

שווער צו ענטפערן אויף אָט דעם קאָמפּלעקס פון פּראָבלעמען, מיט קאָמפּליצירטע פראגן און אויפגאבן.

איינס איז זיכער — ווען מענטש האָט געקריצט זיין כראָניק אויף פעלזן פון ים מיט די שארפע ביינער פון זיינע טויטע פאמיליע־

מיטגלידער, אָדער פון חיות, — אין יענע ערשטע צייטן איז דער קינסטלער געווען א מער האַרמאָניש וועזן. עס איז נישט געווען אַזא שאַרפע גרענעץ צווישן קונסט און לעבן, ווי אין אונזער צייט. דער קינסטלער איז געווען רעליגיעזער פירער, פאָלקס־אַמוזירער, אַריגי־נעלער מענטש, עצה־געבער, פּראָפעט, גייסטיגער היילער, פּיליכט אויך הערשער פון די מענטשן. דערפון, דאַכט מיר, קומט עס פאַרוואָס קעניגן אין דער פאַרגאַנגענהייט זייַנען ס׳רוב תהלים־מאַכער און פּראָ־ווערבן־זאָגער. זייַנען אָפּט ווייזע ריכטער און זעלבסט־פּראָפעטן. די קונסט איז נישט געווען דיפערענצירט. דער קינסטלער איז געווען גאַנץ. ער איז נישט געווען קיין צווייענדיגע פערזענלאַכקייט. דאָס קען אמבעסטן אילוסטרירט ווערן מיט די נביאים. קיינער ווייסט גאָר־נישט וואָס עס איז מיט זיי געשען אין לעבן. פון כראָניקעס, פון שטיקלאַך פאַקטן, פון אומבאַשטימטע דאַטן שטעלן מאָדערנע שריפט־שטעלער, ווי די צווייגס, ווערפעלס און קלויזנערס צוזאַמען זייערע העראָאישע לעבנסגעשיכטעס. די נביאים, די אוראַלטע דענקער און סאָציאַלע טעאָרעטיקער, די פלאַמנעדע פּאָעטן און גייסטיגע וויזיאָ־נערן — האָבן נישט דערציילט פון זייער אייגן לעבן. זייער מיסיע איז געווען צו דערשייַנען אויף די מויערן פון די שטעט, צו שליידערן מיט זילבער־שוים אויף די ליפן דאָס וואָרט פון גאָט. דאָס וואָרט איז געבליבן. זייער גייסט האָט זיך מיטן וואָרט ביז אויף אונזערע טעג דערהאַלטן. אָבער זייער געביין איז אוועק אין די היילן פון די מדבריות, אויפגעגעסן צו ווערן, אויב נישט פון די ווערעם אין דער ערד איז פון די שלאַנגען אין די דזשאָנגלס, פון די פאַרביגע טיגערס און קעניגלאַכע לייבן, פון די שוואַרצע וואָראָנעס און ווייס־געפלעקטע אָדלערס. די דאָזיגע נביאים זייַנען געווען גאַנץ אין זייער קונסט. אָבער זייער לעבן איז אונז אומבאַקאַנט. עס איז דערפאַר, ווייל זייער לעבן איז געווען זייער קורצע עקזיסטענץ אלס פּראָפעטן. האָט זיך געענדיגט דער פּעריאָד פון זייער פּאָליטישער טעטיגקייט, האָט זיך זייער נבואה רעאַליזירט — זייַנען זיי ווי אַלטע פרויען, וואָס געבוירן פיל קינדער צו דער נאַטור, אוועק אין דער טונקלקייט און פאַר אונז מער ניט געלעבט. זייער לעבן האָט זיך אָנגעהויבן און געענדיגט דאָרטן, וואו זייער קונסט האָט געפלאַמט, האָט געהאַט זייַן באַדייטונג, זייַן קיום און זייַן ווירקונג.

דאָס איז געווען אין א פּרימיטיווער פאָרם די עקזיסטענץ פון די פּראָפעטן, פון די ערשטע באַוואוסטזיניגע קינסטלער, וואָס האָבן שוין געליטן אין זייער צייט צוליב זייער איינזייטיגקייט, ערלאַכקייט, מיסיע.

ווען איינער פון די נביאים האָט פון אָט־דער מיסיע זיך גע־פּרוּווט דערוווייטערן — איז ער ביטער געשטראָפט געוואָרן. מיר פאַרטראַכטן זיך מעלאַנכאָליש איבערן גורל פונם ראָמאַנטישן, אומ־רואיגן נביא יונה. האָט ער געוואָגט צו פּראָטעסטירן געגן גאָט׳ס אור־טיילן, האָט ער זיך באַמיט אויסצומיידן זייַן מיסיע, האָט ער געזוכט צו אַנטלויפן — פון גאָט, האָט ער זיך ביטער אַנטוישט. אין די גליענדיגע פּראַכטן פונם פיש׳ס אינגעווייד, אין די טיפעניש פונם פּאַספאַריש-קאַלטן ים, האָט ער ווידערגעפונען גאָט און נאָך אין א גרעסערער מאָס און קראַפט. און דער ראָמאַנטישער נביא יונה, דער ערשטער רעוואָלוציאָנער צווישן די פּראָפעטן געגן גאָט׳ס וואָרט,

האָט זיך געמוזט אומקערן צו גאָט מיט תשובה אין הארצן, מיט טי־פער, פּאַטעטישער חרטה.

אָבער די נביאים זיינען נישט איינגאנצן אָפּגעשטאָרבן. נאָכפאָלגער זיינען געבליבן אין אלע צייטן. אזעלכע גרויסע דיכטער ווי וויטמאַן, טאָלסטאָי, געטע, היינע, בייראָן, שעלי, דאנטע און הונדערטער אנ־דערע דיכטער פון אלע צייטן און אלע נאציאָנען, זיינען געגאנגען אין די פוס־טריט פון די פּראָפעטן: פּריידיגן דעם אמת, ברענגען טרייסט די אונטערדריקטע. ווען וויטמאַן שרייבט אין זיין „סאַלוט־אַ־מאָנד" און ווענדט זיך צו די פעלקער פון דער ערד, אָדער ווען בייראָן שליידערט זיינע פרייהייטס־רופן אין זיינע דערמאָנונגען פון דער העב־ראַאישער פארגאנגענהייט פון די, אין זיין צייט, פארשקלאַפטע פעל־קער, איז עס געשריבן אין טאָן און אין פּאַטאָס פון די נביאים, וואָס האָבן, ווענדנדיג זייערע געזיכטער צו די געזיכטער פון די העברעי־אישע מאסן אין ארץ ישראל — פאקטיש זיך געווענדט און גערעדט צו די קומפטיגע פעלקער.

שפּעטער האָט זיך דער קאָנטראסט צווישן דעם דיכטערס, אָדער בעסער געזאָגט, דעם קינסטלער'ס שאַפונג אין זיין לעבן, פארשארפט. מיטן אָפּפאַלן פונם ריין־רעליגיעזן געפיל, האָבן זיך פארשאַרפט די קאָנטראסטן אינם לעבן זעלבסט. די אומפאַלקאָמענהייט פון אוניווערס איז באזונדערס געוואָרן קלאָר און בולט צו די סענסיטיווע נאטורן, וואָס האָבן פארלוירן דעם פּראָפעטישן גלויבן אין דעם גוטן סדר פון דער וועלט. עס איז געבליבן דער עלעמענט פון קאמף. אָבער די וואונדן פון דער מענטשלאכער געזעלשאַפט האָבן זיך פארשארפט. דער קינסטלער איז אָפט געווען אין דיסהאַרמאָניע מיט דעם נידעריגן ניוואָ און די אקטועלע שטאנדאַרטן פון דער מענטשהייט, אָדער אין דער ספּערע פון זיין פאָלק, וואו ער האָט געוואגט צו ווירקן. פון דעם מאָמענט אָן, ווען דער קינסטלער האָט אָנגעהויבן צו דיסהאַרמאָניזירן מיט דער מענטשלאכער געזעלשאַפט, אָפט אויך מיט גאָט, מיט די געזעצן פון דער נאטור — איז געבוירן געוואָרן די טראַגעדיע פונם קינסטלער, דער קאמף צווישן דעם קינסטלער און דער וועלט.

דער דאָזיגער קאמף האָט אָפט דערפירט קינסטלער צו גרויסע טראַגעדיעס, צום פריען אונטערגאנג. צו שאַפן א נישט אנערקענטער. צו ווערן בארויבט פון זיין רעכט צו זיין אָפּגעשעצט.

הגם אין קונסט איז געבליבן דער עלעמענט פון קאמף און הגם קונסט איז גייסטיגע טאַט, דאָך איז פאר מאנכע קינסטלער, באזונ־דערס פאר די אמביציעזע, די העראָאישע נאטורן געוואָרן ענג דער מעדיום פון קונסט פאר זייערע ריזיגע פערזענלאכקייטן. בייראָן, נאָכ־דעם ווי ער האָט יאָרנלאנג פאָזירט פאר די העלדן פון זיינע ווערק, פאַרן שטאָלצן און ציניש דאָן־זשואַן, פאַרן תנ"ך־רעוואָלוציאָנערן קין, פאַרן איינזאמען אַריסטאָקראַט מאנפרעד, פאר דעם אינדיווידוא־ליסטישן קאָרסאַר, פאַרן מעלאנכאָליש־שטאָלצן וואנדערער איבער די אָקעאנען — טשאילד האַראָלד, נאָכדעם אלזאָ ווי ער האָט אָפּגעפּאָ־זירט פאר זיין אייגענעם געניוס אינם געשטאַלט פון דעם וועלט־שמערצלאכן רעוואָלטירער, פּראָטעסטירער און פעסעמיסט — ווערט אים ענג די דיכטונג און ער וואגט צו פאָזירן אלס בריטישער לאָרד, וואָס אָרגאַניזירט לעגיאָנען אין גריכנלאַנד'ס קאמף קעגן טערקיי.

טערקיי ווערט דער סימבאָל פון טיראַניי. גריכנלאַנד, דאָס אַלטע, גלאָררייכע העלאַדע־לאַנד, וועגן וועלכן ער לייענט זיך אָן אין זיין יוגנט, ווערט ביי אים דער סימבאָל פון דער אַנטיקער וועלט. ער אַליין ווערט דער מאָדערנער גריך, וואָס, ווי פּלאַטאָ, ווי סאָקראַטעס, קעמפט ער קעגן די באַרבאַרן פאַרן גייסטיקן גריכנלאַנד. טויזנטער פאַקטאָרן שפּילן דאָ א ראָלע: בייראָנס אַוואַנטוריסטישער גייסט און זיין טרוים צו באַזיצן די גריכישע קרוין, זיין סאַרדאָנישער זשעסט פון א קעמפער, וואָס פירט נישט בלויז ראָמאַנסן אין ווענעציע אונטער דער לבנה, נאָר וואָס קעמפט פאַר זיינע אינדיווידואַליסטישע אידעאַלן. נאָך אין איטאַליע איז ער פאַרבונדן מיט דער טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע — די „קאַרבאָנאַריער".

בייראָן איז בלויז א סימבאָל צו אָט די אַלע העלדן, פאַר וועמען דיכטונג ווערט צו־ענג און ער מוז זיך ווענדן צו דער טאַט פון לעבן. אין מאַנכע טרויעריגע שטונדן בענקט בעטהאָווען צו זיין א פעלד־מאַרשאַל און באַזיגן נאַפּאָלעאָנען, אָנצופירן ריזיגע אַרמייען. רעמבאָ וועט אויפהערן שרייבן פּאָעזיע און ער וועט וואַנדערן אין עטיאָפּיע, זוכן צו באַוואַסערן די סאַהאַראַ, אָנפירן געשעפטן מיטן אַביסינישן קעניג, בויען שטעט, אויפשטעלן פאַבריקן, זאַמלען גאָלד און — שטאַרבן פון א קאַנסער. אָסקאַר וואַילד וועט פּשוט וועלן פאַרוואַנדלען דאָס לעבן אין קונסט. סטאַטועס זאָלן זיין אונזערע פריינט; אָרעמקייט זאָל אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד, נישט ווייל עס איז אַנטי־סאָציאַל, נאָר אומעסטעטיש; אויף די ביימער זאָלן וואַקסן מעטאַלענע פרוכטן; די לבנה זאָל לייכטן בייטאָג און די זון — ביינאַכט.

הכלל, מיר זעען אַז מיטן שוואונג פון ליטעראַטור, מיט דער אַנטוויקלונג פון קונסט, שטייט אויף א ריי פּראָבלעמען און קאָמפּליקאַציעס, וואָס מאָדיפיצירן דאָס לעבן פונם קינסטלער. די פּרימיטיווע גאַנצקייט שטעלט זיך אָפּ פאַרן מאַרש פון קאָמפּליקאַציעס.

ווי געזאָגט, עס זיינען געווען קינסטלער, ווי בייראָן און רעמבאָ, וואָס האָבן באַזעסן די פּייאַגקייט פאַר אַוואַנטיורע, פאַרן טאָן די טאַט פון לעבן, אַפילו אַזאַ זיס־סענטימענטאַלער שריפטשטעלער ווי ד'אַנונציאָ, וואָס האָט זיך געפירט אין דעם מאַניר פון דעם רענעסאַנס־אַוואַנטוריסט, בענווענוטאָ טשעליני, האָט געגנומען די שווערד אין האַנט און האָט פאַראורזאַכט א סענסאַציע אינם ערשטן וועלט־קריג. ברעכן א פרויען־האַרץ איז ווייניג. ברעכן א באַפעסטיגטע שטאָט איז אָפּט זייער אַמביציע. ד'אַנונציאָ האָט געגלויבט, אַז ער געהערט צו יענע מענטשן פון רענעסאַנס, וואָס זיינען באַקאַנט אין די עניינים פון גיפט און קענען שמייכלען גאַלאַנט און העפלאַך ביי דער סעודה — בשעת זיי פאַר'סמ'ען מיט גיפטיגע קיכלאַך און רויטן וויין — דעם גאַסט . . .

מאַנכע פון יענע קינסטלער, וואָס קענען ניט שלום מאַכן מיט דער געזעלשאַפט, פּראָטעסטירן קעגן דער נאַטור, פאַרצווייפלען, און שליידערן גאָט זייער בייזן פּראָטעסט — מאַנכע פון זיי דעגענערירן, נעמען זיך צו פאַרטרונקען זייערע ביטערע ליידן. אָסקאַר וואַילד פאַרטרישט די לערע פון גאָלד, ווייין און האַניג מיט דער בייער עסטעטיק פון מאַרטירערשאַפט און ליידן. איינטונקען אין אש דעם אַמאָל בא

קרוינטן קאַפּ. מאַנכע שפּרינגען שיכור'ע אין ים און ווערן זאַפּאַרט צעשניטן פון הונגעריקע שאַרקס. ווי עס האָט עס געטאָן האַרט קרעין, דער אַמעריקאַנער דיכטער. מאַנכע טויטן זיך, ווי מאַיאַקאָווסקי, יעסענין, אַנדרעי סאַבאַל. מאַנכע זוכן דעם דועל, דורך וועלכן געטויט צו ווערן, ווי פּושקין און לערמאָנטאָוו. מאַנכע ווערן פאַרצערט אין זייערע ריזיגע געוועטן, פּאַרמעסטן און אַטלעטישע אָנשטרענגונגען, ווי א באַלזאַק און א דזשעק לאָנדאָן. מאַנכע פּרעדיגן פּעסימיזם און לעבן אויס זייערע יאָרן אין טונקעלן פיליסטעריזם, ווי שאָפּענהויער.

אָבער דאָס זייַנען יענע עלעמענטן, וואָס ווערן געבוירן ווי מעטעאָרן און, להיפּוך צו פּלאַנעטן, האָבן זיי ניט קיין אָרביטס, וואַנדערן פּלאַמענדיקע אין פּוסטן רוים און ווערן צעזעצט, אויפגעפרעסן פון זייער אייגענער רייכקייט און שיינקייט. דאָס אייגענע ליכט מאַכט זיי בלינד אויף די וועגן אין דער נאַכט פון דער מענטשהייטס געשיכטע.

וואָס מער קונסט איז געוואָרן א מאַסן־פּראָדוקציע — איז פאַרביליגט און פאַרבאַנאַליזירט געוואָרן, פּראַפּאַנירט אָפּטמאָל צום בלויזן פאַלשן גלאַנץ פון פלינקייט אין טעכניק — אַלץ מער האָבן זיך אַרייַנגעכאַפּט ביליגע מענטשן, פאַלשע, וואולגאַרע ברואים און האָבנדיג צו זייער דיספּאָזיציע א וועלט מיט דערפאַרונג אין היגזיכט פון אימיטאַציע און זייענדיג מענטשן פון קאָמערציע־לוסט און שאַרלאַטאַנסטווע, געלינגט זיי צו הערשן א געוויסע צייט אויפן קונסט־מאַרק און צו שפּילן די ראָלע פון מאָדערנע פּראָפעטן. אָבער פאַלשע נביאים זייַנען שוין געווען אין די צייטן פון די אמת'ע נביאים. די יעניגע וואָס האָבן מיט גוטע צוזאָגן און מיט פאַלש חנפ'ענען געדינט זייערע הערשער — זיי האָבן מיט דעם אויסגענומען און דערפאַר געלעבט אין לוקסוס, בשעת די יעניגע, וואָס האָבן געוואָגט צו שלייַדערן דעם אמת אין פּנים פונם קעניג, אַפילו ווי שוואַרץ און גרויזאַם דער אמת זאָל נישט געווען זיין — די יעניגע זייַנען געוואָרפן געוואָרן אין קערקערס, טורמעס, קאַזעמאַטן און — קאָנצענטראַציע־לאַגערס.

אין אונזערע צייטן איז קונסט, ליטעראַטור, געוואָרן (מיט קלייַנע אויסנאַמען) דאָס וואָרט וואָס האָט זיך געשניטן שאַרף און פייַליג דורך די מיט שוים־פאַרבלוטיגטע ליפּן פונם נביא, דאָס דאָזיגע וואָרט ווערט איצט באַנוצט דורכן פּלאַכן, פלינקן זשורנאַליסט און רעפּאָרטער פון סעקס־מאָרדן און ביליגע סענסאַציעס.

אָבער די טראַדיציע פון די פּראָפעטן, פון די גאַנצע, פולע, כאַראַקטערפולע קינסטלער, וואָס האָבן נאָר געלעבט אין זייער קונסט — און אויסער זייער קונסט נישט געלעבט — די דאָזיגע נאָבעלע און הערָאָאישע טראַדיציע ציט זיך ביז אויף איצטיגע טעג. און ווען מיר גייען דורך די געשיכטע פון דער מענטשלאַכער קונסט, געפינען מיר אומעטום יענע גרויסע פּערזענלאַכקייטן, וועמעס פּריוואַט־לעבן — אויב מען קען אָנרופן זייער לעבן פּריוואַט — איז דאָס לעבן פון דער מענטשהייט, דאָס לעבן פון דער וועלט, דאָס לעבן פון זייער קונסט. קיין אַנדער לעבן האָבן זיי נישט באַזעסן.

די דאָזיגע פּערזענלאַכקייטן, די דאָזיגע ל"ו צדיקים, לעבן אין יעדן דור און אין יעדן לאַנד. אַמאָל באַווייַזן זיי זיך אין דער געשטאַלט

פון אַ וויטמאַן אָדער טאָלסטאָי, אַמאָל אין דער געשטאַלט פון אַ טאָראָ אָדער אַ רוסאָ. מאַנכע פון די דאָזיגע פערזענלאַכקייטן וואַריאירן אין גאַנצקייט. דער אידעאַל איז געווען דער פּראָפעט. אָבער ווידער און ווידער ברעכט זיך אָפּ פון, דער מענטשהייט, ווי אַ רויער פעלז פון אַ באַרג, אַ מענטש וואָס טראָגט ניט קיין שום מאַסקע, אויסער זיין אייגן פּנים, לייכט מיט זיינע אייגענע אויגן, רעדט מיט זיין אייגן מויל, וואָגט צו שליידערן דעם אמת אינמיטן דעם געזעמל, דעם פעבל, דעם רייכן קלאַס, דעם שיכט פון הערשער.

אַמאָל איז עס אַ בעטהאָווען מיטן רויען געזיכט פון אַ פעלז, וואָס ברעכט אויס אין געוואַלטיגע סימפאָניעס פון זיין האַרצן — צו גאָט, ווי ער וואָלט זיין אַ נייער קעניג דוד; אַמאָל איז עס אַ גליצענשטיין, וואָס בלאָנדזשעט איינזאַם אַרום אויף דער וועלט און שליידערט דעם העלד פון אַלע צייטן—דעם משה, הערמאַן קאָהען, פּרעז. רוזוועלט, בעטהאָווען, דעם אייביגן איד, דעם איד, וואָס שטייט אויף די שייד־וועגן און שליידערט זיין „קוואָ וואַדיס". עס איז דער געניוס, וואָס קען נישט אַנדערש ווי פאַרקערפּערן זיין לעבן און זיין ענערגיע אין אָט־די הערא‌איש־דראַמאַטישע געשטאַלטן. וואָס איז אומבאַהאָלפן אין לעבן און אַזוי איז ער פאַרשאָלטן גיכער ווי געבענטשט, צו ראַנגלען זיך מיט גאָט'ס טונקעלן מלאך און אויסצושמידן העלדן פון גאָלד, פון ליכט, פון אינערלאַכער אויפשטראַלונג.

אָט־דער העלד, אָט דער קינסטלער, ווייסט נישט פון קיין אַנדער פאָרם פון לעבן, ווי אין דער קונסט, און די, ביי וועמען עס איז פאַר־ראַן אַ מין דואַליזם, אַ טאָפּעלע עקזיסטענץ, אַ מר. האַיד און דר. דזשעקל־קאָמפּלעקס, די דאָזיגע געהערן נישט צו די אמת'ע גרויסע, אומשטערבלאַכע קינסטלער, וואָס זיינען איינהייטן, וואָס זיינען גאַנץ און אַרכיטעקטאָריש אויסגעשמידט, ווי קאַטעדראַלן, ווי פּיראַמידן, ווי גאָטישע קונסטווערק, וועמעס גייסט ציט אין הימל אַריין, שניידט זיך אַריין אין דער סטראַטאָספער, אין דער אַטמאָספערע פון אמת און — אייביגקייט.

# אויפן ים

דער אומענדלאַכער ים איז פּונקט ווי אַ מענטש: ער ענדערט יעדעס מאָל זיין שטימונג; ער איז אַ מייסטער פון דעקאָראַציע און מימיק; ווען די זון שיינט איבערן געוואָלטיגן הימל, פליוסקען זיך די אומצייליגע כוואַליעס אין אַטלאַנטיק ווי טויזנטער פרויען וואָלטן זיך נאַקעטע געבאָדן און געבלענדט מיט די גלאַנצנדיגע שולטערן און די ווייסע שוים־לאָקן. אַט דאַכט זיך, אַז דער ים באַווייזט איצט זיינע טויזנטע בראַנז־אויסגעגאָסענע קערפּערס געבויט פון געהיימע קינסטלער, וואָס זיצן אין די באַהאַלטענע שטעט אויפן גרונט פון וואַסער און זיי שטעלן כסדר אויס זייערע קונסטווערק פאַר די צושויער אויף דער אויבערפלאַך. דער ים ענדערט זיינע פאַרבן, טוישט זיך פון גלאָז־גרין אין בלוי, דאַן אין פּורפּור און ענדלאַך ווערט אַ פינצטערע אומענדלאַכע כוואַליעס־וויזיע: — טונקל, גרויזאַם, בייז און טרויעריג.

צווישן די אַלפּן־כוואַליעס, וואָס ווערן געבוירן בלויז כדי אָפּ־צושפּיגלען אין זיך דעם הימל און צו שטאַרבן באַלד האָבנדיג דורכ־געלעבט אין זיך דעם גאַנצן אָקעאַן, איז געשוואומען די גיגאַנ־טישע שיף „אָלזענשטיין", אויפן וועג פון אייראָפּע קיין אַמעריקע. דאָס איז געווען אַ ריזיגע שטאָט, וואָס האָט שוין צוזאַמען מיט די שלאַנקע דאַמען און דיפּלאָמאַטן, געוואויגן 21 טויזנט טאָן.

דאָס לעבן אויף דער שיף איז, ווי געוויינלאַך, לאַנגווייליג. דעם ערשטן טאָג זיינען די מענטשן ווי צעשיידט, ברוגז צווישן זיך און איינער צום צווייטן קאַלט. די מענטשן וואָס שטייגן אַרויף אויף דער שיף, זיינען פול מיט די דעראינערונגען פון די נאָענטע פריינט, פאַמיליע און נאָך אינטימערע גוטע מענטשן... יעדער איינער האָט דאָך ערגעץ וואו אימיצן, וואָס באַהאַלט אין זיך אַלע זיינע אידעאַלן און צילן. זיך האָבנדיג ערשט צעשיידט מיט זייערע גע־ליבטע פריינט, זיינען זיך די מענטשן שונאים די ערשטע עטלאַכע שעה'ן אָדער אפילו טעג. צום ערשט פירט מען יעדן פּאַסאַזשיר אין זיין קאַיוטע, אַוועקצולייגן דעם באַגאַזש, זיך אָפּצורוען. די מענטשן וואַרפן געוויינלאַך אַ בליק צום נומער אויפן טירל, און אַ קוק אַריין אין דער קאַיוטע, טראַכטן מיט לייכטער נייגעריגקייט איבער דעם אומבאַקאַנטן שכן — און גייען צוריק אויפן דעק.

ערשט ווען די שיף דערווייטערט זיך פון די היימישע ברעגן, ווען דער שוים אַרום איר פון די רעוונדיגע כוואַליעס ווערט אַלע־

מאָל גרעסער, ווייסער און חוצפּה'דיגער און די ברעגן פון לאַנד זעען פון ווייטן אויס ווי גרויסע געלע פיש מיט גרינע שופּן, דאָן טוליעט זיך יעדער איינער איין אין דעם מאַנטל פון איינזאַמקייט, קוקט צום ים, זעט ווי די כוואַליעס שטייגן אויף, פאַרגייען, טוישן כסדר זייערע קאָלירן, גלאַנצן ביים ווערן כוואַליעס און ווערן אומעטיג־מאַט ביים אונטערגיין, ביים שטאַרבן; ווי פרייליך א מענטש זאָל נישט זיין פון נאַטור — ווערט ער דאָך טרויעריג ביים אָנבליק פון א געוואַלטיגער נאַכט, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אויף דעם אָקעאַן־אויבערפלאַך. ווי רעאַליסטיש א מענטש זאָל נישט זיין, בענקט ער נאָך א פריינט און ער ווערט אומעדיג, ווען ערגעץ ווייט, ווייט, אויפן ברעג פון גרינעם לאַנד, גייט אונטער די זון, פאַרבט דעם טונקעלן ים אין עטוואָס ראָזע פאַרבן און געזעגנט זיך אַזוי טרויעריג מיט די מיליאָנען כוואַליעס, וואָס האַלטן אויף אין זיך די פאַרברייטקייט פון זון־אונטערגאַנג.

אויך אין א שטאָט קענען זיך נישט אַלע איינוואוינער; בפרט נאָך אויף א שיף, וואו עס זיינען דאָ פאַרשיידנאַרטיגע מענטשן מיט פאַרשיידענע שטימונגען. ד ער ים טוט אָבער זיין אַרבעט; ער מאַכט שווער די הערצער; ער איז טונקל ווי בליי און שווער מורא'דיג. ווינטן בלאָזן און קנייטשן די כוואַליענדיגע הויט; עפּעס פינצטערע זינגער זינגען אַרוים מיט שוואַרצע מיילער פון דער טיפעניש; א מורא'דיגע שטימונג. יעדער איינער האָט בלויז א קליין, רויט האַרץ און דאָס האַרץ בענקט אייביג נאָך פריינטשאַפט.

א פרוי אין א גרינעם, לייכטן קלייד איז געזעסן אויפן דעק; אירע אויגן זיינען געווען גרין, קלאָר גרין און די האָר רויט, העל־רויט און פריש, פונקט ווי א מאָלער וואָלט נאָר וואָס א שמיר געטאָן מיטן פּענזל אירע האָר. דער ווינט האָט זיי צעפּלאָנטערט און זיי האָבן נישט פאַרגעסן אַרומצונעמען איר שיינעם האַלז, א שטאַרקן האַלז, ווי ביי די אַנטיקע מענער־העלדן, —א האַלז וואָס שטעקט אַרויס פון מעכטיגע שולטערן און טראָגט א שטאַרקן, גרויסן קאָפּ. די פרוי, פון א יאָר 30, מיט אַן אָפּגעברענטער הויט פון דער זון, איז איינזאַם געזעסן אויפן דעק, מיט די גרינע אויגן געקוקט צו די כסדר'דיגע טוישנדיגע כוואַליעס, וואָס האָבן ווי אויסגעקלאַפּט איר נאָמען.

צוויי הויכע, שלאַנקע ענגלענדער, נאָך זייער יונגע, צוריקפאָרנדיג פון אַן עקסקורסיע אין אייראָפּע, זיינען אַרוים אויף די ווייס־געקאַלעכטע טרעפּ וואָס פירן צום דעק; זיי האָבן מיט זייערע קליינע, שאַרפע אויגן דערזען די רויט־האָריגע פרוי מיט די אויסגעהויטע פּלייצעס. זייער מענער־אינסטינקט האָט זיי פאַרטראָגן צו א ראַפינירטער, שיינער, גרין־אויגיגער טיגערין.

דער ים האָט מורא'דיג געליאַרעמט, ווינטן האָבן געפּאַטשט דאָס וואַסער, די כוואַליעס האָבן באַשפּריצט די רויט־געמאָלענע פּלייצעס פון דער שיף; דאָס שטורעם־ליד פון ים איז איצט געווען א גראַנדיעזע, פינצטערע דעקלאַמאַציע וואָס א קאָסמישער פּאָעט האָט געדיכטעט. אכזריות'דיג און שטאָלץ האָט יעדער כוואַליע־סטאַטיסט אַנטייל גענומען אין גרויסן שטורעם־כאָר. בלויז איין וועזן האָט געשוויגן. זי איז געזעסן אומבאַוועגלאַך, ווי א ספינקס. די צוויי סטודענטן זיינען צוגעגאַנגען, זיך אַנידערגעזעצט אויף דער בלויער

באַנק, זיך געשפּילט מיט די גלע שטריק וואָס זיינען ווי פאַרגלי־ווערטע שלאַנגען געווען אַרומגעוויקלט אַרום שטאַלענע באַלן און — די פרוי האָט איינעם, דעם שיינעם, שלאַנקן, שמייכלענדיגן ענג־לענדער געענטפערט. באַלד איז דאָס געשפּרעך געוואָרן לעבעדיג. געוויינלאַך שפּילט נישט קיין ראָלע אין אַזאַ פאַל דער אינהאַלט. מען רעדט איבערן וועטער, רייזע א. א. וו. שוין האָט איינער פון זיי געזינגט און פאַראינטערעסירט די טיגערין — אָבער דאָ איז געשען עפּעס אומגעריכטעס. דער צווייטער יונגערמאַן איז געזעסן שטיל, פאַרכמורעט און נידערגעשלאָגן. זיין פריינט איז דער זיגער. די יונגע פרוי האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צום שטילן מאַן, אים אַריינגעקוקט טיף אין די אומעטיגע אויגן און געזען ווי שיין ער איז. זי האָט אַ שמייכל געטאָן, צו אים גערעדט מיט אַ קלאַנגפולער שטימע. ער האָט אויפגעלעבט, געלאַכט. שוין איז ער געווען דער זיגער... און פּונקט אַזוי ווי פריער — ער, האָט זיך דער צווייטער פאַרכמורעט, אָנגעבלאָזן און — אוועק אַליין... זייט דאַן גייען זיי שטענדיג צוזאַמען, לאַכן און פאַרברענגען די יונגע פרוי און דער שלאַנקער יונגערמאַן: די סקולפּטאָרשע און דער פּאָעט זיינען געוואָרן פריינט...

* * *

אַ פרוי אין טונקל־רויטן מאַנטל זיצט אויפן דעק פון דריטן קלאַס; לעבן איר זיצט אַ קליינער אינגל פון אַכט יאָר און איר טאָכטער פון זיבעצן יאָר. די פרוי איז אומעטיג, מעלאַנכאָליש און עפּעס געהיימניספולעס שמערצט איר וועזן. זי איז אַ יאָר פערציג, שוואַרץ; סמנים פון אַמאָליגער שיינקייט זיינען נאָך פאַראַן אויף איר געזיכט; די דאָזיגע סמנים זיינען די לעצטע בלומען אין איר האַרבסט. אָבער לעבן איר זיצט איר טאָכטער, אַ יונגע שיינקייט. מערקווירדיג, זי איז נישט אויף קיין האָר אַנדערש ווי איר מוטער, די זעלבע פיגור, די זעלבע צאַרטע שטריכן אויפן געזיכט, די זעלבע טונקעלע פאַרב און דער זעלבער שמייכל. אָבער איינע וויאַנעט — און די צווייטע בליט. אַלע באַוואונדערן די טאָכטער. דער קליינער אינגל לאָזט קליינע פּאַפּיר־שיפן אויפן ים, וואָס גייען באַלד אונטער אין די שטורמישע כוואַליעס. די מוטער קוקט נאָך דאָס אונטערגיין פון איר זונס שיפן; זי קושט דעם אינגל — אָבער באַהאַלטענע אייפערזיכטס־בליקן וואַרפט זי צו דער טאָכטער, וואָס איז שטענדיג פריילאַך; וואָסערע גרויזאַמע רעפּראָדוקציע; די זעלבע צווייג, אָבער וואָס מער די טאָכטער בליט און שטראַלט, אַלץ מער וויאַנעט, פאַרגייט, שטאַרבט די אָרעמע פרוי וואָס האָט איר שיינקייט איבערגעגעבן צו אַ שטיק פאַרטזעצונג פון איר און וואָס זעט דעם געוואַלטיגן דערפאָלג פון איר שיינקייט אויף אַן אַנדער געזיכט; דאָס לאַכט מען דאָך נישט צו דער טאָכטער — דאָס באַוואונדערט מען איר פאַרלוירענע שיינקייט... און די עלטערע פרוי זיצט מעלאַנכאָליש. זי איז דאָס נעגאַטיווע בילד פון דער טאָכטער.

אַן אַמעריקאַנער יונגער ספּאָרט נעמט די טאָכטער פאַרן האַנט, גלעט אירע האָר, לויפט מיט איר אַוועק איבערן דעק. דער אינגל לאָזט לויפן זיינע שיפן וואָס גייען באַלד אונטער. דער ווינט פייפט. די כוואַליעס ווערן פינצטערער און אכזריות׳דיגער. די געהיימע נאַ־

— און לעבן איר איז געזעסן איר מוטער, א פּראָוויאַנעטע שײנקייט, און טרויעריג געבליקט צום ים...

* * *

א דייטש, אן אַלטער דייטש, מיט זיין קופּער־רויטער ליולקע, פּאָרט פון זיין געבורטסלאַנד קיין מינעסאָטאַ. ער האָט באַזוכט דייטשלאַנד — און אים איז אומעטיג. ער רויכערט אין בלויען ים־אָוונט זיין רויטע ליולקע, דרעמעלט אונטער און דערציילט פאַר זיינע פריינט, אויך דייטשן, אז מיט הונדערט יאָר צוריק זיינען זיינע עלטערן געפאָרן קיין ברעמען פון ניו יאָרק, זען זיך מיט זייערע עלטערן. האָרט ביי ברעמען, דורכמאַכנדיג אין 90 טעג דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, זיינען זיי באַגעגנט געוואָרן פון א שטורם. זיין אַלטער פאָטער, מוטער און א יונגע, 18 יאָריגע קוזינע, זיינען דערטרונקען געוואָרן אין די שוימיגע כוואַליעס און זייערע קערפּערס זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן. נאָך היינט זוכט דער אַלטער דייטש אין וואַסער מיט די קליינע אויגן. אים דאַכט זיך אז די טויטע קערפּערס פון זיינע עלטערן שווימען אַרום אין אָקעאַן און די יונגע קוזינע האָט ער דאָך געליבט, און ער געדענקט אירע לאַנגע, פלאַקסענע צעפּ... דער אָוונט איז גרויזאַם, יעדער איינער פאַררוקט זיך אין א ווינקעלע — בלויז דער אַלטער דייטש רויכערט זיין קופּער־ברוינע ליולקע, דער רויך שלענגלט זיך, צעגייט זיך אין דער לופט... א מאַטע לבנה וואַלגערט זיך אַרום צווישן די שוואַרצע וואָלקנס...

* * *

דער ים פאַרוויגט די מענטשן פון פאַרשיידענע נאַטורן און אינטערעסן. אָבער ווען דער ברעג פון לאַנד דערנעענטערט זיך, טיילן זיך די מענטשן ווידער פאַנאַנדער. יעדער איינער דערמאָנט זיך זיינע אייגענע געשעפטן און פריינט... יעדער איינער שטעלט זיך אויפן דעק, צו זען דעם אָנקומענדיגן גאָלדענעם זאַמד־ברעג. בלויז איינצלנע פאַרבינדן זיך אויף אייביג... דאָס לעבן אויפן ים, ווי אויף דער ערד, איז דאָס זעלבע. אומעטום זוכן די מענטשן באַקאַנטשאַפט, פריינט, זיך צו פאַרנעמען אין דער גרויסער אומגעהויערער איינזאַמקייט...

טור־סטיכיעס שרייען און ליאַרעמען. איינזאַם זיצט די פרוי און טרויעריג. אן אַלטער מאַן, מיט א הויכן קאָפּ און א ווייסער באָרד, א געוועזענער מיליטער־מאַן, וואָס קריגט פּענסיע, זעצט זיך צו צו איר. מען רעדט וועגן וועטער. קיין איינער פון זיי רעדט ווירקלאָך נישט וועגן דעם, וואָס זיי וואָלטן אַזוי גערן געוואָלט רעדן. פּליצים דערמאָנט זיך די פרוי אז אַמאָל איז זי פּונקט אַזוי פריילאָך, ווי איר טאָכטער היינט, געפאָרן מיט איר מוטער קיין ענגלאַנד, צו אירע קרובים; דאָן האָבן אויך די יונגע מענער צו איר געשמייכלט

# דער פּירשט פֿון וואָרט — מיט דער וואונד אין האַרץ

## (צום פֿריצייטיקן טויט פֿון משה נאַדיר)

מיר דאַכט, אַז אין וואָרט־מייסטערשאַפֿט האָט משה נאַדיר נישט געהאַט קיין גלייכן אין דער אידישער ליטעראַטור. ער האָט דעם גוף פֿון וואָרט סאַדיסטיש געשלאָגן, עס דרעסירט ווי אַ צירק־מייסטער, עס ביז בלוט געקאַטעוועט, ביז עס האָט באַוויזן אַלע פֿאָספאָרישע און עלעקטרישע פֿראַכטן. ער האָט ברוטאַל אַראָפּגעפּליקט די העמ־דער פֿון ווערטער, האָט זיי אָפּט פֿאַרקריפּלט, בכיון פֿאַרגריזט, צע־בראָכן און אָנגעטאָן ענגע שיכלאַך — ווי עס טראָגן כינעזישע פּרינ־צעסינס — אַבי דאָס וואָרט זאָל באַקומען זיין צויבער און זיין צאַפּל, זיין שימער און זיין געפֿינקל. משה נאַדיר׳ס שפּראַך־אוצר איז געווען ווי אַ דזשאַנק־יאַרד, וואו אַלערליי מעטאַלן זשאַווערן און בליען, און פֿון אונטער דער ערד פּלאַצן אַרויס בלומען — די שענסטע בלומען — מיט פֿייכטע בעכערס, מיט בלעטער זיידענער פֿון זייד. ער האָט אין זיין וואָרט־אָפּעראַ — וואָרט־אָרקעסטער — וואָרט־רעפּערטואַר און וואָרט־האַרם זיך פֿרעך און סולטאַניש אַרומגעדרייט, מיט אַ בייטש אין די הענט און זייערע גליענדע מיילער געשמיסן. ווייל משה נאַדיר, הגם ער איז געווען וואָרט־שיכור, וואָרט־לייכטזיניג — איז אויך גע־ווען וואָרט־פֿרעך. ער האָט זיך נישט גערעכנט מיט די קאָנסעקווענ־צען. צוגלייך מיט די ריינסטע שטיקער גאָלד־דיכטונגען — האָט אָט דער צויבערער־ציניקער געשליידערט אַ ווילדע לאַווע פֿון זידלערייִ און אָפּטמאָל אויך פֿאַרנאָגראַפֿיע. טייוול און גאָט האָבן צוזאַמען אים געשענקט זייערע קושן — און זייערע אייגנשאַפֿטן. דער מאַן פֿון נאַראַיעוו, פֿונם קליינעם גרינעם אינדזל אין גאַליציע — האָט מיט־געבראַכט קיין ניו־יאָרק גאַנצע שטיקער פֿאָלקסטימלאַכקייט, גאַנצע גרודעס גאָלדענעם הומאָר, גאַנצע בערג מיט פֿאָלקס־נאַאיוויטעטן און פֿאָלקלאָריזמען.

נאָר דאָ, אינמיטן פֿון איסט־סייד, פֿון אומנאַרמאַלן אידישן לעבן — האָט ער זיך פּיעראָ׳אַרטיג אַרומגעדרייט, מיט אַ וואונד אין האַרצן, מיט אַ גאָלדענער וואונד אין האַרצן, און ער האָט זיין הומאָר, זיין סאַ־טירע, זיין איראָניע פֿאַרוואַנדלט אין ציניזם און ער, דער קינסטלער מיט דער גאָט־באַזעסענער לירע, מיט אַן אומדערזעטלאַכער ליבע צום שיינעם און מיט אַ מאַגישן באַריר אין זיינע הענט — פֿאַרוואַנדלענ־דיג אַלץ, צו וואָס ער רירט זיך צו אין פֿינקלענדיגן גאָלד, אין זיך זעלבסט־פֿרעסנדיגן ראַדיום — האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרלירן זיין מאָראַל, זיין אינדיווידואַליטעט. אין געטויש און אין געטאָש פֿון מאַסקעס — ווי קאָרטן — האָט ער צום אָפּגרונט אַרונטערגעלאָזן זיין אייגענע מאַסקע, זיין פֿליישיג געזיכט — און ער האָט אָנגעהויבן

זיך דאָ אַרומפאָרן ווי אויף אַ פאַרביגן, גראָטעסקן מאַסקנבאַל, פאַר־וואַנדלענדיג זיין אָפּערא אין אַ בורלעסק־ספּעקטאַקל.

אָבער בשעת זיין גועלכטער איז געוואָרן אַלץ הילכיגער און צי־בישער און בשעת ער האָט אָפּט געטראָפן ריכטיג אין ציל — מיט זיינע אַטאַקעס (נישט שטענדיג זייענדיג אומגערעכט) — האָט די וואונד אין האַרצן זיך צעבליט. און משה נאַדיר איז איצט אַרומגע־גאַנגען ווי אַ פאַרוואונדעטער פּיעראָ — מיט טרערן אין די אויגן. שטענדיג אַ ראָמאַנטיקער און פּעסימיסט; שטענדיג אַ סענטימענטאַ־לער און אַן אינדיווידואַליסט — מיט אַ באַגאַזש פון דעם אינדיווידואַ־ליסטיש־ראָמאַנטישן 19־טן יאָרהונדערט — אונטערן שוואַרצן, הער־ראַאישן שאָטן פון לאָרד בייראָן — איז ער איצט געוואָרן טרויעריג. אין זעניט פון זיין לעבן — ביי 50 יאָר — פילט ער זיך קראַנק. איינזאַם. פאַרלאָזן. זיין הומאָר באַקומט אַ נאָקטיורנישע נאָטע. זיין ווערטער־געניוס און ווערטער־אַמוזירונג — ווערן פול מיט מאָטיוון פון טויט־מעלאַנכאָליע. און די קרעפּע־האָריזאָנטן פון אידישן פאָלק — און די וועלט אין קאַטאַסטראָפע — עסן אים אויף. אָבער דאָס איז אַן אינדיווידואַליזירטער טרויער. דאָס פאָלקס אומגליק שטייגט מיט דעם פּערזענלאַכן שמערץ.

אין אידיש איז משה נאַדיר געווען מאָדנע: אַ ראָמאַנטיקער פון איראָפּע; מיט איינפלוסן פון פּעטער אַלטענבערג און היינריך היינע; ווינעריש־זאַרגלאָז און לייכטזיניג; אַ ציגיינער פון פאַריזער „קאַר־טיעי לאַטען" און מאָנמאַרט; מיט אַן אָסקאַר ווילד'ישער זונען־רויז אין לאַץ; מיט אַ שניפּס פון אַ דענדי; מיט אַ הילכיג געלעכטער — וואָס ער האָט זיכער אַרויסגע'גנב'עט פונם גאָרגל פון מעפיסטאָפע־לעס — פון דער „פאַוסט"־אָפּערע; מיט אַ ליידנשאַפט צו פאַרשרייבן הימל און ערד אין גאַנצע טאָגן טאָגן פּאַפּיר און ימים טינט — מיט זיי־נע טאָג־טעגלאַכע איינדרוקן און גאַסן־סצענעס. ווייל די וועלט איז פאַר משה נאַדיר'ן שטענדיג געווען אַ ספּעקטאַקל, אַ ציניש שפּיל, אַן אַמאַטאָרן־טעאַטער — אַ פּאַיאַצנשפּיל. און ער, דער פּאָעט און זשורנאַליסט, האָט פון אַרבל אַרויסגעצויגן זיינע פאַרביגע סטענגעס — זיינע ווערטער־צויבערייען — זיינע פּאָעטישע זידלערייען.

מאָדנע איז געווען זיין פּאָטעטישער האַס צו דער בורזשואַזיע — אַליין זייענדיג אַ מין בורזשואַזער באָהעם, אַ מין „סאַנקיולאָט". מאָד־נע איז געווען זיין רעוואָלוציאָנערער פּאַטאָס — ווען אין האַרצן איז נישט געווען קיין ברעקל גלויבן. מאָדנע איז געווען דאָס טוישן פון זיינע קולטן און רעליגיעס און — צום סוף — דאָס פאַרוואַנדלען זיך אין אַ נאַציאָנאַלן בעל־תשובה. מען האָט אים נישט געגלויבט. ווייל צו לייכט און לייכטזיניג האָט משה נאַדיר פאַרשווענדט זיינע ווער־טער — אין ליבע און אין האַס — אין זעלבסט־פאַר'שיכור'ונג און פאַרזויפנקייט פון זשעסטן און גליענדע עמאָציעס.

וואָלט משה נאַדיר וויניגער באַזעסן די קראַפט און די שיינקייט און דעם שימער פון וואָרט — וואָלט ער געוועזן פיללייכט באַשיידענער. נאָר ער איז געווען צו רייך. און ער האָט זיך געניי‌טיגט אין שטורעם — אין סקאַנדאַל — כדי דאָס וואָרט זאָל בונט און עקסטראַוואַגאַנט

און ראַדיום־אַרטיג אויסשטראַלן פון אים.

און אַזוי האָט זיך דער ווערטער־מייסטער געלייגט אויפן בעט און — געשטאָרבן. זיין ריזיגע פיגור — זאָגט מען אויף סעקאָנד עווענין — איז געוואָרן קליין און זיך באַהאַלטן אין אַ קליינער טרונע. און פאַרן טויט האָט זיך געמוטשט בייגן און בוקן—ביז צו דר'ערד . . .

— אַזוי משה נאַדיר. פאַרן טויט בויגן זיך אין פאַרכט, אין ציטער־ניש, די מעכטיגע זיילן פון דער ערד . . .

מיד פון שטורעם — אײַנזאַם, ווייל יעדער גייט נאַקעט און אַליין אַוועק צום טויט — איז געלעגן משה נאַדיר, אַ פירשט פון וואָרט, וואָס האָט, ווי אַן אינדישער מאַהאַראַדזשאַ, דאָס וואָרט־גאָלד פאַר־שווענדט אין אַלע קרעטשמעס, אונטער אַלערליי ווייַנען און בירן־שוים . . . און אַרום אים זיינען געשטאַנען זיינע ברוין־בלאָע ווערטער און ביטער געוויינט נאָך זייער מייסטער, וואָס האָט זיי ווי פינקלענדע כאַלצעדאָנען און אַלעקסאַנדריטן געזעצט אויף קרוינען און אויף סצעפּטערס און האָט זיי אָפט ביז רוביניש בלוט געשלאָגן אין די לייבער און צו נאַרן געמאַכט און צו אַרלעקינישע פּורים־שפּילער. נאָר זיי האָבן געוויינט — זיינע ווערטער־מחנות — געוויינט אין אַ גרויסן גריכישן כאָר — און צום שוואַרצן קבר באַגלייט זייער קעניג — מיט דער אומבאַנדאַזשירטער וואונד אין האַרץ . . .

ניו־יאָרק, יוני 14, 1943.

# כאָאָס און האַרמאָניע *

(וועגן א. אַלמי'ס „געזאַנג און געוויין")

דורות לעשן זיך, ווי שטערן
און צינדן זיך שוין מער נים אָן:
מיט קינ'ס צייכן אויפן שטערן
זיצט אל־שדי אויפן טראָן.

איוב שטייט פאַר אים אַ שטאָלצער
און מאָנט חשבון, ווי אַ האַר —
פאַר דורות טרויער, טויט און אומגליק,
פאַר יאָרהונדערטער פון צער.

איוב הויבט אַ פויסט: „באַשעפער,
אין בלוט פון דורות זינקט דיין טראָן;
פאַר אַלע דורות מאָן איך חשבון,
פאַר שרעק און טויט קלאָג איך דיך אָן"

שטערן לעשן זיך, ווי דורות.
שטאָק־פינצטערניש. געוויין. קאָשמאַר.
גאָט שטייגט־אַראָפּ פון טראָן און בוקט זיך
פאַר איוב'ן, זיין שטאָלצן האַר.

מיט וויפיל איראָניע און סאַרקאַזם אַ אידישער פּאָעט זינגט אויס זיין שמערצפולן פּראָטעסט געגן דעם כאָאָס פון אונזער צייט; געגן פירן אַ גאַנץ פאָלק, דאָס אַלטע ביבלישע פאָלק, צו דער שחיטה; — געגן דעם גאָט, וואָס אין זיין געשטאַלט האָט ער אונז באַשאַפן — און דער פּאָעט שרייט אים אין פּנים אַריין: זע, גאָט אַלמאַכטיגער, ווי דיין שיינקייט פוילט אין דר'ערד . .. צו וואָס האָסטו אונז באַשאַפן,

כדי פאַרצוקט צו ווערן פון חיות־רעות?

דער אוראַלטער דיכטער פון „איכה", פון יענעם מעכטיגן קלאָג־ליד, וואָס רייסט זיך פון דער פאַרוואונדעטער ברוסט פון א פאָלק — זינגט:

„זינדיגן האָט געזינדיגט ירושלים, דעריבער איז זי געוואָרן ווי אַן אומריינע; אַלע, וואָס האָבן זי געאָכפּערט — פאַראַכטן זי, וואָרן זיי האָבן געזען איר באַקעטקייט; זי אַליין טוט אויך זיפצן און האָט זיך געקערט אַהינטער". אָבער דער מאָדערנער פּאָעט גלייבט ניט, אַז די אידן האָבן געזינדיגט. עס איז גאָט — וואָס זינדיגט. און א. אַלמי, געטריי דער טראַדיציע פון ווענדן זיך צו אַ פאַרזענלאַכן גאָט — שלידערט זיינע פּראָטעסטן אויף אָט־דעם אַדרעס מיט איראָניע און פיין:

> וואָס שפּילסטו זיך מיט אונז, אָ, גאָט?
> דאָס פייער, וואָס פאַרצערט אַ שטאָט,
> דער פולוועד, וואָס צערייסט אַ לייב —
> זיי זיינען דיין — דיין צייט־פאַרטרייב.
>
> נישטאָ איז דאָך קיין אַנדער קוואַל
> פון לוסט און פרייד, פון גיפט און גאַל,
> פון ווילדן אויפברויז און פון רו
> חוץ דיר, אָ, גאָט — דען אַלץ איז דו.
>
> — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
> — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
>
> מיך עקלט דער, וואָס ליגט אין שטויב
> און שיקט דיר פאַר זיין צער אַ לויב,
> אַ לויב פאַר בלוט, פאַר ווי און ווינט,
> פאַר אַ געשאַכטן ווייב און קינד.
>
> — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
> — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
>
> פאַרשאַפט דיר דאָס הנאה, גאָט?
> הער! פון דער ברענענדיגער שטאָט
> קייכט ווילד אַ חוזק'דיגע שטים:
> „דאָס ברענט דער צלם־אלוהים!"

אַזעלכע שטיקער פּראָטעסט — אַזאַ מעכטיגער פלוס פון צאָרן — אַזעלכע לויז־געלאָזטע געפילן אויפן אַדרעס פונעם אַלמאַכטיגן — קענען זיך נאָר אָפּרייסן, ווען דאָס האַרץ איז איבערפולט מיט וויי־טאָג. עס איז גאָט — דער איביגער פעלז — אַן וועלכן די פּראָטעסטן שלאָגן זיך אָן, ווי אייזערנע פויסטן פון די לײַדנדיגע. עס איז צו גאָט, וואָס מיר שמידן אים אויס אַן איינהייטלאַך געשטאַלט — כדי צו טרעפן אין ציל אונזערע פיילן.

עס איז אַ טראַדיציע, וואָס גייט־דורך די גאַנצע וועלט־פּאָעזיע — פון די ערשטע פּרימיטיווע דיכטער און — דורך ביראָן און שעלי — ביז צום פּאָעט פון דער „שחיטה־שטאָט" — ביאַליק. עס איז די טראַדיציע פון די פּראָפעטן, וואָס האָבן פאַר זיך שטענדיג געהאַט די אָרגאַניזאַציע, די איינהייטלאַכקייט פונעם אוניווערס — און די פּער־זענלאַכקייט פון גאָט, וואָס אין זיינע פלאַמען האָבן זיי זיך איינגעהילט און אין ווענעם האַרץ זיי האָבן זיך געבאָדן; אין וועמענס צאָרן זיי

*) א. אַלמי: „געזאַנג און געוויין". „שרייבער־פאַרלאַג", ניו־יאָרק, 1943.

האָבן זיך פאַר זייער פאָלק — אין שמערץ געקאַרטשעט.

אין אונזער צייט, ווען פעלקער האָבן אונז פאַרלאָזן, ווען ווילד טראָגט זיך אונזער גסיסה־געשריי דורך אַלע רוימען און קיינער שטעלט ניט אָפּ דעם רוצח מיט דעם לאַנגן מעסער; ווען אונזער בלוט שטראָמט — דאָס הייליגע בלוט פון אונזערע מאַמעס, פון אונזערע שוועסטער און ברידער, פון אונזערע אַלטע און אונזערע קראַנקע; פון אונזערע געזונטע מענער און פרויען — איצט, ווען די פאַר־צווייפלונג האָט אונז מיט טויזנט פליגל פון פּחד אַרומגענומען — שריט אויס אַ פּאָעט זיין טיפסטן שמערץ און ער ווענדט זיך ווידער צום אַלטן, צום גרייז־גרויען מייסטער פון די הימלען — צו דעם רחמנות׳דיגן גאָט פון ישׂראל . . .

א. אַלמי האָט אין זיין זאַמלונג „געזאַנג און געוויין" — וואָס דער שער־בלאַט דערפון טראָגט אויף זיך אַ בלוט־פלעק — עטלאַכע לי־דער, וואָס קענען זיך פאַרגלייכן צו די שטאַרקסטע לידער אויפן אומ־גליק פון אונזער פאָלק. „געטאָ", „שמע ישׂראל" און דער „שטאָט־משוגענער" — זיינען אומפאַרגעסלאַך — ווייל זיי קריצן זיך איין אין האַרצן מיט פייער־קריץ; ווייל זיי זיינען קאָנצענטרירט און געשמידט און אָרגאַניזירט אין צאָרן־גליענדיגע ריטמען; „דער שטאָט־משוגע־נער" — אַ סימבאָליש געשטאַלט — ווערט דער געץ פון חורבן; דער גאָט פון פאַרניכטונג. דער לץ פון טראַגעדיע קיניגט ציניש. ער איז:

א גאָט אין שמאָטעס, מיט אַ געלער לאַטע
און מיט אַ מגן־דוד אויפן אָרעם — —
דער גאָט פון חורבות און פון שייטערהויפנס,
דער גאָט פון הונגער, טיפוס און פון קברים.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

שטייט־אויף איר הונגעריגע, וויסטע,
אַרויס קומט פון די חושב׳דיגע תפיסה־שטיבער;
געהאַנגענע, אַראָפּ פון אַלע תליות,
קומט גוסס׳דיגע — אין דעם טיפוס־פיבער!

געשאָכטענע, פאַרגוואַלטיגטע — איר אַלע,
איר מאַנצביל, ווייבער, אייניקלאַך און זיידעס —
קומט אַלע איצט אַרויס אין גאַס, אין חושך,
און זייט אויף אַלע דורות — מיינע עדות!

דאָס איז אַ מין נייער „דאַנס מאַקאַבער". דער שטאָט־משוגענער, דער, פאַר וועמען עס אַנטפּלעקט זיך מיטאַמאָל דער גאַנצער גורל פון דער רעאַליטעט; וואָס זעט ווי „דער האַקנקרייצלער האָט געשפּרייט אַ קבר פאַר אונזער אומה איבער צוואַנציג לענדער"; דער סאַרדאָני־שער טויט־און־חורבן־קיניג פון דער געטאָ — מיט דעם טויט־קנאַכן איבער זיין צעפרעסענער ברוסט — פאָדערט אַרויס גאָט פון די הימלען. עס איז אַ געוואַלטיגער מאָמענט ווען דער בלוטיגער געטאָ־גאָט פאַרמעסט זיך געגן דעם אייבערשטן:

און דו — וואו ביסטו איצט, אל מלא רחמים?
אל מלא רחמים — שטיינער מוזן לאַכן!
נישטאָ קיין רחמים און נישטאָ קיין חסד —
בלויז האַס און בראַך און פּלוד אויף אַלע שליאַכן!

בלויז האַס און בראַך — און איך, דער שטאָט־משוגענער,
בין גאָט, דער מלך פון מלכים;
דיין טראָן איז מיינער פון איצט אָן אויף אייביג
און מיר געהערן אַלע תפלות, אַלע שבחים!

דאָס ליד דערגרייכט צו אַפּאָקאַליפּטישן וואָגזין, ווען דער שטאָט־משוגענער פּראָקלאַמירט זיך פאַר דעם מלך־עליון, רעדנדיק צו הימל און ערד, ווייל דער פאַרנעם פון בלוט און מאָרד איז אַזוי גרויס ווי דער פאַרנעם פון לעבן און וואַקסן — און ער זאָגט: „אני — דער גאָט פון אומזין און פון חורבן — וועל פון דער געטאָ־מויער פליצן וואונדער". ער שפּרייט־אויס זיינע הענט איבער מיליאָנען: „איבער זיי אַ פייערדיגער מגן־דוד; אונטער זיי — צעשפּאָלטן זיך די רויטע ימ'ען". און ער רופט צו טאַנצן דעם געוואַלטיגן טויטן־טאַנץ — מיט דער לבנה אין הערמיטן „אין ווילדע, פייערדיגע קראַנצן", שליידערנדיג אַ קדיש, אַ קאָלאָסאַלן־אוניווערסאַלן קדיש.

די וויטערדיגע לידער אין א. אַלמי'ס זאַמלונג זיינען איבטימער אין כאַראַקטער. דער דיכטער קומט צוריק צו זיך פון זיין גרויזאַמער אָדיסייע — און ליריש־פילאָסאָפישע מאָטיוון גייען־אויף מיט די שאָטנס פון דעמערונג . . . אַזאַ ליד ווי „יעקב גייט" — מיט דער גאַנצער אָרנאַמענטיק פון דער תנ"ך־לאַנדשאַפט — באַרואיגט און גלעט די נערוון. יעקב גייט — און מיט אים „קינדער, רינדער, עפות, לעמער, הוליען, טוליען זיך מיט פרייד צו זיין קליד".

די סעריע „אמר יוחנן הסנדלר" שליסט די לידער־זאַמלונג מיט אַ פיינעם עפּילאָג פון פילאָסאָפישער גליקזעליגקייט — אין אַן אַרומ־נעמען פּאַנטעאיסטיש די וועלט. די מאָטיוון זיינען ווי שטיקער פּליוש, ווי ווייסע באַנדאַזשן אויף אונזערע ערשט מיט זאַלץ־באַריבטע וואונ־דען. דער שטילער, רואיגער חכם באַרואיגט אונז מיט דעם סאַמעט פון זיינע תפלה'דיגע, צאַרטע רייד. עס אַנטפּלעקט זיך אַ צויבערהאַפט־רייכער דענקער און דיכטער, וואָס אין די פּשוט'ע וואָרט־ריינגען זיי־נע הערשיינען כשוף'דיגע וועלטן פון האַרמאָניע, איינהייטלאַכקייט, געשלאָסנקייט און אָרדענונג. אַ מעכטיגע אָרגאַניזאַציע פון אוניווערס גייט־אויף — אין געגנזאַץ צו דעם כאַאָס און דיסהאַרמאָניע אין יע־נע לידער, וואָס שילדערן דאָס אַקטועלע. יוחנן דער שוסטער זאָגט — אין אַלמי'ס ווערטער:

קוק זיך גוט ארום, בן־אדם,  
צו דער ערד און צו דעם הימל:  
וויפיל חכמה, וויפיל שיינקייט  
איז פאַראַן אין קלענסטן בלימל.

וויפיל חכמה, וויפיל שיינקייט  
אין דעם שטיינדל און אין גרעזל;  
אין דעם וואַסער־טראָפּ, אין פויגל,  
אין דעם קראַליק און אין העזל.

ס'קלענסטע איז ביים בורא־עולם  
אַזוי חשוב ווי דאָס גרעסטע;  
ס'נידעריגסטע, ווי דאָס העכסטע,  
דאָס געמיינסטע, ווי דאָס בעסטע.

ווי ביים מענטשן איז גלייך חשוב  
יעדעס גליד זיינס, אַלע גלידער;  
ווי אַלע אותיות און ווערטער  
זיינען הייליג גלייך אין סידור.

וואָרן אַלץ איז איין האַרמאָניע,  
אַלץ פאַרוועבט איז אין גאָט'ס מוסטער —  
אַזוי זאָגט אני הקטן,  
איך, רב יוחנן דער שוסטער.

דאָס בלוטיג־גראָטעסקע פון אַן אָרדענונגסלאָזן אוניווערס, וואָר דאָס שלעכטע טריאומפירט — פאַרענדיגט דער פּאָעט א. אַלמי מיט

**דאָס אידיליש־אינטימע און האַרמאָניש־געטלאַכע פון רב יוחנן הסנדלר'ס גלויבן און אָפּטימיזם, מיט זיין זוניג־פּאַטעטישן גאָט־וועלט און מענטש־באַנעם. דער איד, דער מענטש, וואָס גלויבט און שאַפט בעמט דאָ איבער א. אַלמי'ן די אויבערהאַנט. יוחנן הסנדלר — דאָס איז די קרעאַטיווע געשטאַלט פון א. אַלמי'ן פּאַרטראַכט. ער איז — ער אַליין — אין די מאָמענטן, ווען איראָניע און סקעפּטיציזם טרעטן־אָפּ — און ווען פילאָסאָפיע און אָפּטימיזם טרעטן־אויף . . .**

# יוסף סטרוגאַטש

דאָס ליד — ווי אַ קאָנצענטרירטער אויסדרוק פון די אינטענסיווע געפילן פון מענטש; פון זיינע צאַרטערע איבערלעבענישן, שטימונגען און אינטימיטעטן; דאָס ליד — וואָס האָט זיין זין און זיין צוועק אין זיך זעלבסט — אין דער שיינקייט, אין דער מוזיק, אין וויזיע, אין קאָליר, אין דער סינטעטיזירונג און סימבאָליזירונג פון אַלע קונסט־מעדיומס — דאָס אידישע ליד איז נאָך אַלץ איינזאַם; האָט נישט זיין אינטעליגענטן קאָנסומענט. ווען דאָס ליד איז געווען קאַמפּס־אינסטרומענט — האָט עס געהאַט זיין סאָלדאַט — זיין געניסער. ווען דאָס ליד איז געוואָרן אינדיווידועל־סוביעקטיווער, עסטעטיש־דראַמאַטישער אויסדרוק פונם מענטש — באַדאַרף עס האָבן־דעם פיינערן, קולטיווירטן לעזער. אַזאַ פעלט ביי אונז. דאָס ליד איז דעריבער מער באַעולה'ט ווי די אַנדערע זשאַנרן אין דער ליטעראַטור.

⁘ ⁘ ⁘

יוסף סטרוגאַטש האָט זיך געשטעלט די היפּשלאַך־שווערע אויפגאַבע: אַרטיסטיש אויסטייטשן דאָס אידישע ליד. אַרויסברענגען די דראַמע פון ליד. עפענען אירע קוואַלן און ענערגיעס — פון חכמה, איראָניע, ליבע, טרייסט, רחמנות, מעדיטאַציע און — קאָסמישן באַוואוסטזיין. צוטראָגן דאָס אידישע ליד דעם אידישן פּובליקום — זעט וואָסאַראַ ראַפינירטע פּאָעזיע איר האָט! ווילט אויס אַ שטונדע — ריין פון טריוויאַליטעטן — און פאַרטיפט זיך אין זאַכן, וועגן זאַכן און פּראָבלעמען — אייביגע. דערהייבט אייך אין סובלימער ליריק, וואָס איז די סומע פון דורות געזאַנג און לעבנס־דערפאַרונג. פּאָעזיע וועט אייך דורכטראָגן דורך זעלטענע קאָנטינענטן פון שיינקייט און רעליגיעזן געפיל. פּאָעזיע איז אוניווערסאַל. עס בינדט אַלע פעלקער — אין די זעלבע געפילן און באַגערן, אידיין און — צוועקן.

⁘ ⁘ ⁘

— ווי אַזוי איז יוסף סטרוגאַטש'ן געלונגען צו לייזן זיין קינסטלערישע אויפגאַבע?

ווי יעדער עכטער קינסטלער פּרואווט לייזן זיין פּראָבלעם — דורך ערלעכער אָנשטרענגונג פון זיין טאַלאַנט. ער וואַרפט אָפּ אַלע ביליגע עפעקטן. ער ברענגט אַרויס דאָס ליד מיט אַ קלאַסישער קלאָרקייט. עס איז ביי אים פאַראַן אַ גלענצנדיגער סינטעז פון דיכטער און רעציטאַטאָר. דער רעציטאַטאָר שטערט נישט דעם דיכטער צו קומען צום אויסדרוק. ער אַנטבינדט אים. ער העלפט אים. זיין

דיקציע — אַ קלאָרע מימיק—בלויז די אַבסאָלוט־נויטיגע. די הויפּט־זאַך איז — עפּענען די פּאַנאָראַמע פון וואָרט. אַנטפּלעקן — אָפּדעקן די פאָלקייט, רייכקייט, קרעפטיגקייט פון וואָרט. פון לירישן און דע־לירישן וואָרט. יוסף סטרוגאַטש ברענגט אַרויס פּאָעזיע — קלאָר, גע־זונט. ער אַקצענטירט זיין זין, צוועק, זיין דינאַמישן, שעפערישן צוועק.

:: :: ::

דער רעפּערטואַר פון יוסף סטרוגאַטש איז גלענצנדיג. ער שליסט איין די בעסטע שאַפונגען פון די עלטערע דיכטער — דורך די „יונ־גע" און „אינזיכיסטן" — ביז צו די מאָדערנע פּאָעטן פון ווילנע און פּוילן און רומעניע.

עס איז אַ בוקעט מיט לידער — וואָס גיט דעם קאָלירן־פּייזאַזש — דעם כאַראַקטער און עסענץ פון דער אידישער פּאָעזיע.

דאָס איז יוסף סטרוגאַטש'ס פאַרדינסט.

# אויב איר ווילט זיך שטערן אייער רו, מיינע פריינט...

לכבוד דער פייערונג דעם 20־טן מאַי, אין ניו־יאָרקער טאַון־האָל, פאַר מיין טייערן פריינט, גוטן קאָלעגע און רעדאַקטאָר יצחק ליבמאַן — צו דער געלעגנהייט פון זיין לידער־באַנד „וואַריאַציעס", דערשינען אין פאַרלאַג „וואַכנבלאַט", נ. י.

. . . „אַ, מענטשן־זון, אין טאָג פון פורכט און חשבון גיב זין צו דיין זיין אונטער שוץ פון זון, לבנה!

זע: פון אַלע טונקלע היילן, אויף אַלע באַרגיגע וועגן ציען זיך גע־בויגענע מענטשנברידער צו דיין וואָרט, צו דיין בליק;

טאָ הער: פרומער שמייכל דיינער, אויגן־צערטל, אייד'לער קנייטש פון ריינסטער כונה

ליינדערן וועט דיין גוטן שכנ'ס נויט, אילוזיע אין זיין צעלט אים ברענגען — דינסטע אילוזע פון גליק".

(יצחק ליבמאַן — „וואַריאַציעס").

אין דער קליינער ביבליאָטעק פון אידישער און וועלט־ליטעראַטור, וואָס איך האָב זיך פאַרשאַפט אין משך פון די לעצטע יאָרן, דערהאַלטב־דיג ביכער פון געשעצטע קאָלעגן און קויפנדיג פיל ביכער אויף דער שטויביגער פערטער עוועניו, וואו איך וואַנדער אָפט, אַזוי ווי מיין אינ־טימער פריינט אַנאַטאָל פראַנס פלעגט וואַנדערן ביי די לעגענדאַרע בו־קאַניסטן פון דער סען, און וואו איך באַגעגן זיך שטענדיג אויף אַ ראַנ־דעוואו מיט די וועלט־קלאַסיקער, מיט די מייסטער פון גריכנלאַנד און רוים, מיט אַלט־ענגלישע אויטאָרן, מיט די פען־שעפער, געשיכטע־מאַ־כער און גלאָבוס־טרעטער פון פראַנקרייך, מיט די נעמען פון דער אַמע־

ריקאַנער ליטעראַטור — וויטיער און לאָנגפעלאָו, עדגאַר עללען פּאָו און וואַלט וויטמאַן, הערמאַן מעלוויל און האָטאָרן — אין אַט־דער קליינער און געקליבענער ביבליאָטעק פּאַסט זיך עפּעס נישט אַריין יצחק ליב־מאַנ׳ס בוך „וואַריאַציעס״.

ווייל מיר זיינען אַלע געוואוינט אין די שפּעטע נעכט צו נעמען אַ ווייך און ווייבלעך בוך מיט פּאָעזיע; איר דערמאָנט אייך די איידעלע בי־כער פון פּאָעזיע, געבונדן אין דעם פיינסטן און פאַרביגסטן פּראָם־לע־דער, אַזוי ווי די צאַרטע און ווייך־נאָכגעביגע און ציטערדיג־זיידענע הויט פון אייערס אַ ליבע פריינדין, וואָס איר שעצט באַזונדערס . . . די בלעטער זיינען ווייך ווי געפּרעסטער נעפּל . . . און צווישן די קילע בלעטער באַהאַלט זיך אַן אויסגעפּרעסטע רויז, פון יאָר 1897 . . . די צאַרטע ליפּן וואָס האָבן געקושט דער רויטער רויז זיינען שוין לאַנג פאַרוויאַנעט און וועגן די קושן פון דער העלדין דערציילט זיך טאָקע אין דער ליריש־צעשוואומענער, און דער דעמערונדיג־נאָסטאַלגישער פּאָעזיע — אַ פּאָעזיע וואָס איז געדרוקט מיט בלויע בוכשטאַבן, אויף די דין־זיידענע בלעטער, אַזוי ווי שטיקער טונקעלע אָוונט־וואָלקנס אויף אַ פיבערדיג־פאַרטראַכטן האָריזאָנט . . . און איר קענט אינם בוך פון פּאָעזיע געפינען אַ לאָק פון בלאָנדע האָר, וואָס זיינען אַמאָל געוועזן שוואַרץ — נאָך צייט האָט אָט דער גריכישער פּרינצעסין אָפּגעטאָן אויף טערקיש און האָט אין שטויב געפאַרבט אירע האָר אויף גאָלד . . . און טאָקע דאָרט איז פאַראַן אַ ליד וועגן דער פּרינצעסין אַרטעמידאַראָס׳ טונקעלע לאָקן, ווי אַ שוואַרצער שטראָם וואָס שטראָמט מיט נאַכט און מיט ווילדער שטימונג דורך פעלזיגע בעטן, אין ווילדן געבורג . . .

און אויב דאָס איז נאָך אַלץ ווייניג — און איר זענט פויל אליין צו זוכן די דעליקאַטע לידער, וואָס פליסן מיט האָניק פון ראָמאַנס, איז פאַ־ראַן אינם קליינעם פּראַכטבאַנד אַ זיידענע, אַ ראָזע בענדל וואָס איז געבליבן הענגען צווישן די דעליקאַטע בלעטער . . . ווער ווייסט וועל־כע צאַרטע האַנט האָט עס דאָרט געלאָזן דאָס דינע שנירל — ווער ווייסט אויף וועלכן פּרעכטיג־אָנגעצונדענעם ליד — אַן אָנווייז צו דיר, פּאָעטיש־געשטימטער לעזער, אויף אַ שיין ליד — אַן אָנווייז פון אַ ריי־צענדיגער דאַמע פון אַכטצנטן יאָרהונדערט . . . אַן אָנווייז פון אַ פאַר־גאַנגענעם דור — דורך דעם דינעם פינגער פון אַ קליינע פרוי . . . (געערטער לעזער, ביטע, באַנוצט אייער פאַנטאַזיע . . .).

אַנטשולדיגט, ליבע פריינט, וואָס איך האָב אייך אַביסל געמאַ־טערט מיטן אויסערלאַכן אויסזען און כאַראַקטער פון די דאָזיגע טראַ־דיציאָנעלע לידער־ביכער . . איך האָב אייך נישט דערציילט, כדי צו קירצן די שילדערונג, פון די פּרעכטיגע וויניעטן — אָפטמאָל פון אַזאַ מייסטער ווי פראַגאָנאַר אָדער בושער; און פון די גאָלד־בוכשטאַבן ביים אָנפאַנג פון יעדן ליד — בוכשטאַבן ווי פאַרביגע שפּינען, וואָס ציען זיך דעקאָראַטיוו אין אַלע זייטן, אַזוי ווי דער ברוך אין אַ שויב פון אַ פענצטער, וואָס נעמט ספּאָנטאַן אָן די פאָרם פון אַ פאַנטאַסטישן שפּין.

אויב, מיינע געשעצטע דאַמען און הערן, איר זענט צוגעוואוינט מיט אייערע איידעלע מאַגנס צו די דאָזיגע רייך־אָרנאַמענטירטע און ברי־ליאַנט־דעקאָרירטע לידערביכער — וועט געדויערן לאַנג ביז איר וועט זיך צוגעוואוינען צו יצחק ליבמאַנ׳ס בוך „וואַריאַציעס״. הגם עס האָט דעם אויסערלאַכן אַלבום־פאָרמאַט און ריינער גאָלד איז אַריינגעטריפט אין די שער־בלאַט־בוכשטאַבן — איז עס אַן אַבסאָלוטער ברוך — מיט

זיינע שטייפע טאָוולען, מיט זיינע שטייפע בלעטער און מיט דעם אָפּטפאַר'עקשנ'טן אינהאַלט פון די לידער — איז עס, איך חזר איבער, אַ ברוך מיט דער טראַדיציע פון ווייך־ווייבלאַכע, בויגיג־גראַציעזע בענדער פּאָעזיע און מיט דער סודות'דיג־פּליסטערנדיגער דיכטונגס־קונסט, וואָס פּאַטשט אונז ווייך און אַנגענעם איבער די בעקלאַך און קושט אונז מיט די פּייכט־אויסגעצויגענע קושן פון דער דאַמע מוזע . . .

„וואַריאַציעס" איז אַ ברוך מיטן אויסערלאַכן אויסזען פון די נעמלאַכע, באַרימטע לידער־ביכער — און אויך אַ ברוך אין דער טראַדיציע פון אײדעלער, ליריש־אידילישער, ראָמאַנטיש־וועלט־שמערצלערישער דיכטונג. עס איז — הן לויט זיין אויסזען, והן לויט זיין אינהאַלט — אַ דורכאויס מענלאַך בוך מיט פּאָעזיע. און דאָס, וואָס עס זאָל נישט זיין די באַציאונג צו דער קינסטלערישער קוואַליטעט פון די לידער — איז דאָס סאַמע וויכטיגסטע אין יצחק ליבמאַנ'ס בוך „וואַריאַציעס".

ער גייט אַבסאָלוט־נישט אין די פּיס־טריט פון יענער דיכטונג, אויף וועמענס שטעגן און שליאַכן דער זינגענדיגער מענטש גייט שוין זייט יאָר־טויזנטער — זייט דער ערשטער מאַן אדם, דער קיניג פון דער גאַנצער ערד, אין זיין מעכטיגן געשלעכטלאַכן הונגער, און אין זיין אומגעהויערער איינזאַמקייט, האָט, דערזעענדיג חוה'ן, אויסגעזונגען צו די הימלען דעם ערשטן העלאַכן סאָנעט.

עס גייט אויך נישט אין דעם וואָר עס באַזיצט מער פּאָעטישן טאַלאַנט. דען איר מוזט אַראָפּרעכענען פון גאַנץ גרויסע דיכטער אַלע יענע פּאַרטיגע פּאָעטישע פראַזן, מעטאַפאָרן, ווענדונגען, געדאַנקען, עמאָציעס און טעכנישע דערפינדונגען — דעם גאַנצן פּאָעטישן אינווענטאַר וואָס איז נישט זייער אייגנס און וואָס איז אויף אייביג אויסגעבאַרגט געוואָרן פון די פריערדיגע דורות דיכטער — אַזוי ביז צום ערשטן גרויסן וועלט־מייסטער — גאָט.

דאָס איז אַ קאָלעקטיווער אוצר מיט וועלכן יעדער טאַלאַנטפולער מענטש, מיט דער הילף פון קולטור, באַנוצט זיך און געגן וועמענס ירושה־טראַדיציע פילע פּאָעטן האָבן אָפּט רעוואָלטירט, וועלנדיג געפינען אַ בייעם פורעם פאַר די לייַדן און פריידן, פאַר דער גאַנצער גאַמע פון עמאָציעס און איבערלעבענישן פון אַ מענטש —אין דער דיסטאַנץ פון דעם קליינעם, זיך כוואַליענדיגן וויגל און דער אַריבערהענגענדיגער מוטער'ס מילעכדיגער ברוסט -- ביז צום רויען און רויטן ליימערד פון קבר.

די דאָזיגע טראַדיציע־ברעכער האָבן נישט קיין לייכטע אויפגאַבע — ווייל דאָס פובליקום איז געווייַנלאַך געגן זיי, זייענדיג צוגעוואוינט צו דער ווידערשטאַנדלאָזער, דאָמענאַרטיגער דיכטונג, וואָס איז אַנגענעם צום געמיט און וואָס באַרואיגט דאָס געוויסן. —

מיינע געשעצטע פריינט, עס איז פאַראַן אין יצחק ליבמאַנ'ס בוך „וואַריאַציעס" — אויסער מאָטיוון פון בענקשאַפט נאָך ליבע און אומעטיגע שפּאַסן און די פאַרלוירנקייט פון מענטש אין דער איינזאַמקייט פון דער מעטראָפּאָליע — אַן עלעמענט פון אומרו, וואָס וועט אייך זיכער נישט באַרואיגן . . . און דאָס איז — נאָכדעם ברעכן די טראַדיציע פון לירישן ליד און דאָס אַריינפירן דעם מענלאַכן פערז — דער צווייטער הויפּט־פאַרדינסט פון די דאָזיגע לידער. דאָס בוך טראָגט אַן אומרו צווישן די שורות. עס איז אַן אויסגעשריי פון אַ מענטש — אין דער גרויסער שטאָט, זיך שטיקנדיג אין איר עלנט און רעוואָלטירנדיג

געגן איר שטיינערנער ברוטאַליטעט, וואָס רעוואָלטירט געגן דער אָפּ־געפרעמדקייט פון מענטש צו מענטש. די לידער זייַנען אייך נישט גע־קומען באַרואיגן, נישט גלעטן אייך ווייך איבער די קעפּ. אָפטמאָל זייַנען עס שאַרפע באַשולדיגונגען — געגן דעם מין מענטש וואָס ווייזט אייך נישט קיין פרייַנטלאַך פּנים.

אויב איר קענט פאַרטראָגן פּאָעזיע וואָס זאָל אייך נישט קומען ווייך גלעטן — רעקאָמענדיר איך צו אייך יצחק ליבמאַנ׳ס בוך „וואַריאַציעס". און ווען מען זאָל מיך פרעגן וועלכעס ליד איך רעקאָמענ־דיר — אַלס דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישסטע — וואָלט איך אָנגעוויזן אויפן ליד „די עוועניו באַוויינט דעם דיכטער", ווייל דערין ווערט גע־שילדערט די גאַנצע טראַגישע קאָמעדיע ווי אַזוי אַ גרויסער פּאָעט וואָס איז אויסגעגאַנגען אין אַ פינצטערער נאַכט פון הארצווייטאָג און פון הונגער — ווערט טויטערהייט אייַנגעלאַדן, אין אַן ערשט־געהויב־ליעוועטן קאַסטן, אויף איסט־בראָדוויי, וועלכע האָט אים ביים לעבן היפּש פאַרנאַכלעסיגט, און ווי אַזוי, מיט זייער פאַרשידנאַרטיגן זשעסט, טיפּאַזש און פאַלש־אָנגעשטעלטער, מכלומרשט־טראַגישער פּאָזע עס דערשייַנען די „מחותנים" פונם גרויסן פּאָעט, פון דער קאָמעדיע־ארטי־גער און מאַרבידער „חתונה". אין דאָזיגן ליד ווערט געצייכנט קאַרי־קאַטוריסטיש־איראָניש אַן איסט־בראָדווייער לויה פון אַ גרויסן פּאָעט. די גאַנצע טראַגישע קאָמעדיע, די פאַלשקייט און די חניפה, און די כאַ־ראַקטעריסטישע האַלטונג פון די הויפּט־באַקלאָגערס — די ווירדיגע, אַביציעלע שריפטשטעלער, די „פינעף און צען סענט מעצענאַטן", און די „סאַלאָנישע דאַמען" — זיי אַלע גייען אויף דורך דער סאַרדאָניש־קאַריקאַטוריסטישער פּריזמע געזען . . .

די דאָזיגע פּאָר ווערטער האָב איך איצט געוואָלט זאָגן, מייַנע חשוב׳ע דאַמען און הערן, לכבוד דעם בוך „וואַריאַציעס", פון מייַן גע־שעצטן פרייַנט, דעם חשוב׳ן רעדאַקטאָר און דיכטער יצחק ליבמאַן.

# יהואָש דער פילאָסאָפישער פּאָעט

1927—1870

(צו זיין צוואַנציקסטן יאָרצייט)

יהואָש איז געווען אַ פּראָליפישער פּאָעט. ער האָט אין דער רייכער אָפּערא פון זיין דיכטונג אַלע גאַמען, טענער און נואַנסן פון לעבן. ער נעמט אַריין אַלע מאַניפעסטאַציעס פון לעבן. וואָרים דער פּאָעט איז ווי דאָס קינד — אומגעהייער נייגיריק צו די לעבנס־דערשיינונגען. צו די יאָר־סעזאָנען. צו דעם קאָליר און צויבער און טרויער פון לעבן, וואָס דעקט זיך ביסלעכווייז אָפּ צום פּאָעט, ווען ער ווערט רייף און פול מיט דיכטונג. דער דיכטער, דער גרויסער דיכטער, ווערט געוויינלעך געבוירן מיטן אייביקייטס־זין — מיטן זין פאַר דעם גאַנג פון דורות. ער זעט דאָס לעבן אַזוי ווי אַ מאַיעסטעטיש שוימען אין ווילדן מאַרש פונם ים מיט זיינע כוואַליעס. ער אומפאַסט ביידע — די פאַרגענגלעכקייט און די אייביקייט פון לעבן.

און גלייכצייטיק מיטן זין פאַר דעם אייביקן, פאַר דעם קאָסמיש־קלאַסישן — אַנטוויקלט דער אמת׳ער פּאָעט דעם זין פאַר דאָס פאַרגענגלעכע. פאַר די פּאָעטישע מאָמענטן פון פרילינג, פול מיט קאָלירן און שטראַלן־כּישוף. פאַרן האַרבסט, מיט זיין פאַרוואַנדלען זיך אין אַ פלאַמענדיקער פרעסקאָ. דער פּאָעט פילט דאָס רוישן פון די כוואַליעס פון פאַרגענגלעכקייט. ער האָט דעם מיטליידס־געפיל פאַר דעם מאָמענט פון דעמערונג, ווען די וועלט ווערט איינגעהילט אין טונקעלן טרויער. ער דערזעט דאָס דאַמענגעזיכט אין אַ טונקעלן וואואַל, וואָס וויאַנעט אין דעם ווינט פון טרויער. ער איז דער ליריקער פון די פאַרליבטע, דער צויבערער פון אינטימע שטונדן, פון מיטלייד, באַדויערן, אייפערזוכט, ליבע און — טויט.

די דאָזיקע פּאָעזיע — מיט דער באַוואוסטזיניקער באַציאונג צו צייט, צו צייט וואָס וויקלט אויף די איידעלע שטימונגען און געשעענישן פון גייסטיקער קוואַליטעט. די מאָמענטן פון פילאָסאָפישקייט, ווען טרויעריק שמייכלט פון אַ מיידלס געזיכט די בודאַ־מאַסקע אַרויס — די פּאָעזיע פון שטאַרבן פון די זאַכן — דאָס איז דער אינהאַלט פון דער לירישער דיכטונג. און הגם די „יונגע“ אין דער יידישער פּאָעזיע האָבן זיך שפּעטער פּראָקלאַמירט אַלס די יעניקע וואָס האָבן געעפנט דאָס קעניגרייך פון מענטשלעכן געמיט — דאָך מוז מען מודה זיין, אַז יהואָש, ווי אַ פאָרגייער פון די „יונגע“, וואָס שטייט אויף דער בריק צווישן דער פאָלקסטימלעך־קלאַסישער אידישער פּאָעזיע, דער רעוואָלוציאָנער־ראָמאַנטישער — טראָגט שוין אין זיך די מאָטיוון פון דער ריינער ליריק, פון דער באַציאונג פון דעם פּאָעט צו זיין איידעלן שפּראַך־אינסטרומענט און ווי אַ ליריקער וואָס פאַרנעמט זיך מיט דעם אינטימען איבערלעבן פונם יחיד אין די פיינערע שטונדן פון איינזאַמקייט.

און דאָך, ווען מען וועט כאַראַקטעריזירן דעם אמת׳ן עסענץ פון יהואָש׳ס ליד — מוז מען איבערגיין צו אַ וועלט, וואָס דער פּאָעט האָט אומפאַסט, וואָס איז נישט דווקא אינטים־אינדיווידואַליסטיש. די סענסיטיוויטעט פון דעם פּאָעט׳ס פּערזענלעכקייט; זיין אינערלעכע איידעלקייט; דאָס פילן אַזוי אינטים־ליריש און שמערצפול

זיין פערזענלעכע עקזיסטענץ; זיין גייסטיקער אַריסטאָקראַטיזם; זיין ווערן נאָך מער אויסגעאיידלט דורך זיין שווינדזוכטס־קראַנקייט; דאָס פאַרברענגען פיל צייט פון זיין לעבן אויף דער נאַטור, אויף דער אָפענער לאַנדשאַפט — האָט יהואָש'ן געגעבן די מעגלעכקייט צו ווערן דורך זיך—דער מעדיום פון דער נאַטור. צו ווערן דער אינטעלעקטועל־לירישער פּאָעט, וועמענס פּאַנטעאיסטיש וועלט־בילד דעקט זיך אָפּ אין זיין יעדן פילאָסאָפישן ליד און עפענט אַן אומגעהייערע, קאָסמישע פּערספּעקטיווע פון זיין דיכטונג.

„איבער אַלע דורות איז מיין וועג" — זינגט ווי אַ מאָטאָ דער פּאָעט צו זיין ליד. עס איז כדאַי דאָס זעלבע ליד צו ציטירן ווי יהואָש'ס דיכטערישער קרעדאָ:

„איבער אַלע דורות איז מיין וועג,
איבער אַלע דורות, אָן אָנהויב, אָן ענד,
איבער אַ ים וועלבט זיך מיין וועג.
אונטער מיר איז דער ברייטער, דער רוישיקער,
דער טונקעלער, דער אייליקער ים,
און איבער מיר איז דער הימל,
דער ברייטער, דער רואיקער,
דער פעסטער, דער לויטערער הימל.
מיין זעל ציט זיך צום הימל,
צו דער רואיקייט, צו דער לויטערקייט,
צו דער ליכטיקייט,
און נערט זיך פון איר,
און שטאַרקט זיך אָן איר,
און אייביקט זיך אָן איר."

אין דעם ליד איז געעפנט דעם דיכטער'ס גאַנג דורך דער וועלט. אונטן — דער ים וואָס איז אין אייביקער דינאַמיק און שטורעם. דעם הימל, דאַקעגן, פּאַסט דער פּאָעט נישט אויף ווי אַ צווייטן זיך באַוועגנדיקן, שטורעמדיקן ים — נאָר ווי אַ פעסטגעזעצטן, סאָלידן, אויף אייביק אַוועקגעשטעלטן הימל — מיט אַן אָנדייט צו דער אייביקייט פון זיין הערשאַפט. מיט אַ דראַנג דאָס ערדישע, שטערבלעכע לעבן צוזאַמענקניפּן מיטן אומפאַרענדערלעכן און אייביקן פונם הימל. זיין זעעל ציט צום הימל, צו דעם רואיקן, לויטערן און פעסטן. אין הימל האָט דער סענסיטיווער פּאָעט געפונען זיין פּאַרטיפיקאַציע. אין זיין אומצעררעכלעכער סאָלידקייט האָט דער קאַפּיטאַן פאַראַנקערט זיין שיף.

די בענקשאַפט פון דעם איינזאַמען, אומרואיקן מענטש, וואָס בענקט נאָך אַ האַפן, וואָס וויל זיך אָנהאַלטן אין דעם קלייד פון הימל, וואָס וויל זיך ראַטעווען פון די כוואַליעס פון צווייפל, פאַרגענגלעכקייט און פיין — קען מען זען אין אַ צווייט ליד, וואָס איז אויך ווי אָפּגעבראַכן פון דעם פּאָעט'ס קרעדאָ:

„ביז אַלע אייביקייטן
וועלן דיינע ברעמען בלייבן אָפן.
דיין מח וועט זיין לאַוואַ,
דיינע גלידער וועלן פאַלן אין אַ קנויל,
דיין פיבעריש בלוט וועט שרייען:
רו...

און די אויגן וועלן שטאַרן אָפן,
אַלזוכנדיק,
אַל־זעענדיק,
אָן אויפהער,
אָן מנוחה..."

דאָס שטרעבן פון דעם שטערבלעכן צום אומשטערבלעכן דריקט זיך אויס אין די מערסטע לידער פון יהואש. נישט שטענדיק איז די שטרעבונג צום פעסטן און סאָלידן — גלייך באַלויגט. דער פּאָעט אין יהואש, וואָס פילט די עקזיסטענץ פון די שטורעמס אין יעדער פּיצל מאַטעריע; וואָס ווייסט די באַוועגונג פון אַטאָמען, דאָס געשלעג אין דעם שאַרייט פון מאָלעקולן; דאָס טוישן זיך פון פאָרמען און מאַסקעס; דאָס אונטערגיין און אויפגיין; דאָס ווערן און דאָס צעשטערט ווערן; יהואש דער פּאָעט — וואָס פילט שטאַרקער אָביעקטיוו ווי עס איז זיין אינטעלעקטועל־געדאַנקלעכע שטרעבונג צום פעסטגעזעצטן — ווייסט, אַז דער אוניווערס איז אַן אייביקער שטורעם פון די עלעמענטן.

„איך וועל קיין וואָרצלען ניט אין ערגעץ שלאָגן,
איך וועל ניט רופן „מיין" קיין הויז און דאַך;
איך וועל זיך ווי אַ זומער־פאָדעם טראָגן,
און ווי אַ שטרוי אויף ווייטן וואַסערפלאַך.

כ'וועל אומגיין גרינג אין קעניגרייך פון לעבן,
און גיין באַרוט אין קעניגרייך פון טויט;
כ'וועל שטיין ביים שטול פון פליקן און פון וועבן,
אי גריסן גלייך אי אַש אי פלאַם פון קנויט.

כ'וועל זען די אייביקייט פון פלאַטער־פליגל,
און זען דעם אויסגיי פון אַ זון־געשפאַן;
אַ טוי וועט זיין פון גרויסן ים דער שפּיגל,
און ווי אַ שטויב אַ שטערן־קאַראַוואַן.

געעפנט בריוט די קליינע שוואַרצע פעסטונג,
און ליכטן פלייצן ווי אַ שטראָם פון בערג;
ניטאָ קיין טויט, ניטאָ קיין רו און נעסטונג,
נאָר גאָט אין וואַנדל ווירבל פון זיין ווערק."

וועלכע פּאַנאָראַמא פון וועלטן־ווירבל! נישטאָ קיין אינדיווידועל לעבן. נישטאָ קיין פּערזענלעכער טויט. ווען אַ פּאָעט דערגרייכט צום דאָזיקן גראַנדיאָזן וועלט־בילד, צום דאָזיקן אומגעהייערן באַוואוסטזיין פון דעם ווירבל פון פאָרמען און עלעמענטן — קען ער נישט זיין מער נאַאיוו און גלויבן אינם אייגענעם פּיצל מענטשנגליק. דאָס העכסטע גליק איז אין דערקענען דאָס שפּיל פון די קאָסמישע קרעפטן.

אָט ווי אַזוי דער פּאָעט וואַקסט פיזיש אַריין אינם וועלט־בילד — געמאָלן פּרעסקאָ'אַרטיק, הגם אין דינאַמישן צושטאַנד, אינם אויבנ־ציטירטן ליד. אין די איצט־ציטירטע פערזן איז עס נישט מער דאָס זען דעם מאַרש פון די קאָסמישע עלעמענטן דורכן אַרכימעדעס־פּונקט. דער פּאָעט לעבט נישט איבער ריין־אינטעלעקטועל דאָס וועלט־בילד — נאָר ער וואַקסט פ י ז י ש אַריין דערינען:

.1

„איך ווייס ניט ווי אַזוי דאָס איז געווען.
איך בין געלעגן אונטן
איינגעדעקט אין וואָר'מער זומערנאַכט.
פון קאָפּ ביז פוס,
האָבן גראָזן אונטער מיר
און צווייגן אין דער הויך
גערעדט צו מיר,
און עמעצער אין מיר האָט די געענטפערט,
און איך האָב צוגעהערט זיי ביידן,
און ניט פאַרשטאַנען...

.2

מיין צוקאָפּנס זיינען
האַרטע איינגעדרייטע וואָרצלען,
זאָג איך זיך: אָט וועט געשען,
איינער פון די איינגעדרייטע וואָרצלען
וועט מיר איינוואַקסן אין לייב,
און דורך מיינע בלוטן וועלן זאַפּן
וואַסערן פון אונטערערדישע טייכן,
און זאַפּטן פון שטומע טרויעריקע זאַכן,
וואָס ריידן ניט, און טראַכטן ניט,
נאָר וואַקסן, וואַקסן, וואַקסן..."

דער פּאָעט לעבט איבער סוגעסטיוו דאָס, וואָס יעדער מענטש טראַכט, אַז עס וועט מיט אים געשען נאָכן טויט. ער לעבט איבער די ערד אין זיין געביין. עס גייען טייכן דורך זיינע אַרטעריעס. וואָרצלען דרייען זיך אַריין אין זיין לייב. און אין די לעצטע פּערזן מערקט זיך אַ מין פּאַטאַליזם: די שטומקייט פון די זאַכן, וואָס זיינען פונדעסט־וועגן איינגעהילט אין ט ר ו י ע ר. עס איז דאָך אוממעגלעך פאַרן פּאָעט זיך אינגאַנצן אָפּצורייסן פונם טרויעריקן געמיט פון מענטש, וואָס פּאַסט אויף די גאַנצע נאַטור לויט זיין געמיט. דער פּאַטאַליזם דריקט זיך אויס אין זיין שטומקייט. אין זייער נישט רעדן און נישט טראַכטן — נאָר אין דעם דריימאָל אַקצענטירטן: וואַקסן, וואַקסן, וואַקסן... פּונקט ווי וואַקסן, לעבן, שטורעמען, ווירבלען — וואָלט זיין די נאַטור פון גאָט, וואָלט זיין דער כאַראַקטער פון דער סובסטאַנץ, וואָלט זיין דער קאָסמישער באַפעל. און פון דעם ליד — ווי פון יהואש'ס אַנדערע לידער — ווערט קלאָר דאָס באַוואוסטזיין פון דעם קנויל פון לעבן. פון דעם אומגעהויערן שפּינוועבס וואָס פאַרציט זיך איבער אַלעמען — פאַטאַל. אַזוי ווי גאָט וואָלט געשפּרייט שפּינוועבס־נעצן איבער גאָר דאָס צייטלעכע, איבער אַלע פאָרמען און געשטאַל־טונגען פון דער מאַטעריע, אַריינגעפּאַסט אין דער פּערמאַנענטער ראָטאַציע פון „צייט". אין דער נישע פון צייט־לויף. אַלץ איז אָרגאַ־ניש געבונדן אין די אייזערנע פעדים פון קאָסמאָס. אַמאָל — אין אַרטעריעס פון דער ערד. אין נעצן פון שיקזאַל. אין שטראַלן פון די הימלען. אין ליכט וואָס שטראָמט דורך אַלע וועלטן. אין דעם גע־היימנישפולן, עוואָלוציאָנערן וואַקסן פון אַלע זאַכן אין דער וועלט. אין דאָס וואַקסן פון אוניווערס.

יהואש דערציילט ווייניק פון זיך אַליין. דערפאַר איז ער באַוואוסטזיניק פון דער אומגעהויערער אַ ק ט י װ י ט ע ט פון קאָסמאָס. ער איז דער פּאָעט פונם נאַטור־קאָלעקטיוו. פון דעם ווערקשטאַט, אין וועלכן נישט נאָר ריזיקע געשטאַלטן ווערן געהאַמערט, נאָר וואו עס גייט אַן אַן אומאויפהערלעכע באַוועגונג, די אייביקע אַקציע פון לעבן:

„אין שוואַרצן תהום פון בלעטער איבער מיר
האָט שטילערהייט געשאַרט אַן אומגעזעענע מחנה,
דאָ און דאָרט איז אַן עפּל
געפאַלן דורך די געדיכטע צווייגן,
און אין נאָענטן ברונעם האָט געטריפט
דאָס וואַסער פון דעם אַלטן עמער ...

די נאַכט האָט זיך געדריקט צו מיר פאַרטרויט און ווייך,
און צוגעהערט מיט גרויסע אויגן וואָס איך טראַכט...
די גרילן האָבן אין די קליינע, גרינע וואַרשטאַטס
געשליפן און געפּיילט פון אַלע זייטן...

אַ פראָש איז אויפגעשפּרונגען אונטער מיינע פיס,
און זאַט געקרעכצט האָט אונטער מיר דאָס פייכטע גראָז.
דער ווינט איז ערגעץ אויף די בערג
געלעגן איינגעוויקלט אין די סאָסנעס און געשלאָפן.

און איבער די באַוואַלדטע טאָלן,
און איבער אַלע בערג, געוועזן איז דער שומר
דאָס שמאָלע וואַסערל אַרום דער פאַרם,
וואָס האָט נים אויפגעהערט צו פּלאַפּלען
מיט די קליינע שטיינדלעך...
און אומגעריכט
האָט אויפגעציטערט לעבן מיר די נאַכט,
און איינער האָט גענומען אויפקלייבן די שטערן —
אַזוי ווי איך האָב נעכטן אויפגעקליבן
דעם פאַרמערס קאַרשן אין אַ קויש —
ערשט לאַנגזאַם, און דערנאָך אַלץ גיכער, גיכער ...
איבער ווייטע שפּיצן בוימער,
האָט דורכגעריסן זיך אַ גרויע הויב,
און זיך צעשוויבערט און צעפלאַכטן
אין אַלע זייטן, הויך און נידער ... .
פון די שאָטנס איז אַרויסגעקראָכן
אַ גרויער, קילער וועג, וואָס גייט אַליין מיט זיך
באַרג-אויס, באַרג-איין ...
און גרוים און ווייס און איינזאַם אויפן הימל
געהאַנגען איז דער מאָרגנשטערן ...“

דער פּאָעט, דער פּראָמעטעאוס פון ליידן, טרעט אָפּ זיין אָרט פאַרן באַוואוסטזיין פון אַן אומגעהייערער אַקטיוויטעט, אין וועלכן ער איז בלויז אַ מילב — הגם פאַר זיך אַליין איז ער אַ טיטאַן, איז ער אַ פיגור פון אַ מיקל־אַנדזשעלאָ־סטאַטור. דער פּאָעט דערגרייכט

זיין העכסטע גליקזעליקייט — ווען ער פארלייקנט זיך ווי אַן אָפּגע־טיילט וועזן פון דער נאַטור — און ווערט ווידער איינס מיט איר, איינס מיט דעם ים פון עלעמענטן, מיט דעם וועלט־בילד פון שטורעם, פון קאָסמישע ענערגיעס און שעפּערישע ווינטן, ווינטן וואָס טראָגן אַרום אין זייערע פּאָלעס די זוימען פאַר נייע וועלטן — ווינטן פון לעבן, וואָס שפּרייטן דאָס לעבן אין דער צוקונפט.

אין אַ ליד „אייגן" דערציילט דער פּאָעט אַז —

„הונדערט דורות
זיינען אויף דער ערד געזעסן אין די נעכט,
און פאַר קליינע צאַנקנדיקע ליכט
געיאָמערט אויף דעם גלות פון גאָט'ס שכינה
צו מאַכן דיינע אויגן שיין..."

און, ווי יעדער גרויסער דיכטער, וואָס פילט זיין אייגענע פאַר־געגנלעכקייט אין דעם ים פון פאָרמען און לעבנס וואָס קומען נאָך אים, פילט יהואש אַז ער איז די בריק, דורך וועלכער עס גייט דאָס לעבן אויף זיין מאַרש צו דער צוקונפט.

„בין איך די בריק...
איבער מיין געניק
די מחנה ציט פון ברעג צו ברעג,
צו גרויסע טעג,
צו גליק...
בין איך די בריק, און הענג
אויף פינצטערע און שוואַרצע היילן,
און זע דעם תהום, און זע די שלענג,
און טו עס ניט דערציילן...

בין איך די בריק און נאָכאַנאַנד
די מחנה ציט צום שיינעם לאַנד,
מיט פרייד און מאַכט...
און טאָג און נאַכט
און פרי און שפּעט,
אויף מיינע ליפּן וואַכט
און ציטערט אַ געבעט:
גאָט, גיב מיר קראַפט,
איך זאָל ניט ווערן אָפּגעשלאַפט."

פילאָסאָפיש — דער דינאַמישער פּאַנטעאיזם פון אוניווערס. אַ געהאָרכזאַם זיך אונטערוואַרפן דעם פאַטאַליזם פון אַקציע, פון באַוועגונג. אַ צעפרידן זיך פאַרלירן אין דעם וועלטן־געווירבל פון עלעמענטן. אַ זיך „פאַרלייקענען" אינדיווידועל אין דעם אוניווערסאַלן קאָלעקטיוו. דעם קאָסמאָס — אַן אומגעהויערער בית־המקדש, ווע־מענס ווענט זיינען פון זוניקע לופט; וועמענס פונדאַמענט איז דער שטורעמדיקער ים, די מיט לעבן־דורכגעזומענע ערד.

יהואשעס סופיט איז דער הימל, פונוואַנען עס לייכט מיט גייסט און מיט פאַטאַליזם. מיט באַפעל און מיט שיקזאַל; וועמענס קאַנדע־לאַברעס זיינען שטערן, זונען, לבנות, סאַטעליטן און לויכטנדיקע קאָמעטן — די קאָלאָסאַלע בירגער פון הימל. וועמענס אָרגלען איז די

מוזיק פון די ספערן; די קלאַנגען פון ווינטן, שטורעמס און טייפונען; די כאָרן פון מענטשן, חיות, פייגל און אינסעקטן. און וועמענס גאָט איז — באַוועגונג. די נשמה פון אַקציע. דאָס אייביקע פאַרגיין און דאָס אייביקע ווערן, דער טאַנץ פון די אטאָמען וואָס גייען אויף אין מיליאָנען פאָרמען און געשטאַלטונגען. דאָס פייער פון אייביקן פרילינג. דער אייביקער טויש און שטורעם פון מאַסקעס און פאָרמען.

דאָס איז יהואש'ס דיכטונג — פילאָסאָפיש־אינטעלעקטועל און — ליריש־אינסטינקטיוו. אַ פּאָעט ביי וועמען אינסטינקט און אינטע־לעקט האָבן דערגרייכט צו אַ זעלטענער האַרמאָניע. דען אינסטינקטיוו פילט יהואש דאָס לעבן פון דער גאַנצער ערד — און דאָס גיט אים שטאָף אינטעלעקטועל זיך צו דערהויבן צו דער פאַנטאַסטישער אינטערפּרעטאַציע פון דער וועלט־מאַטעריע, איינגעשלאָסן אין צייט און רוים. דאָס מאַכט אים אויך צום גרויסן דיכטער, פון שטאַנדפּונקט פון דעם פאַרנעם און אַמביציע פון זיין פּאָעזיע. אין דער וועלט־ליטע־ראַטור גייט אַמביציע, דראַנג אומצופאַסן דאָס קאָלאָסאַלע — האַנט ביי האַנט מיט טאַלאַנט, מיט די אָביעקטיווע פּאָעטישע מעגלעכקייטן פון „דעקן" די אַמביציעס.

און זיין שפּראַך פּאַסט יהואש צו צו זיין געמיט, גיכער — צום קאָסמישן געמיט. זיין שפּראַך איז געבראָכן און טראָגט אין זיך די די־נאַמיק, די פיל־קלאַנגיקייט, די וואַריאַציע פון פאָרמען פון דער נאַ־טור. מיר האָבן פאַר זיך אַ נאַוואַטאָר אין דער אידישער פּאָעזיע פון וואָרט־ניואַנס און ריטם — פון פערזנטאַנץ און לידער־סימפאָניע. אַ באַמיאונג די וועלט צו פאַקוסן אין זיין ליד — זי מוזיקאַליש איינצו־פאַסן אין דער נערוועזיטעט, אין דעם אומרו, אין דער עלאַסטיציטעט און בויגעוודיקייט פון וואָרט. זיינע פערזן זיינען קורצע, דראַבנע, אַזוי ווי טראָפּנס רעגן, טראָפּנס טוי און זיי באַוועגן זיך ווי דורכן ווינט געטריבן — געיאָגט דורכן שטורעם פון לעבן — דורך דעם קאָסמישן ווינט געבויגן און געבוקט צום וועלט־שיקזאַל.

און אַ גרויס געאייל גייט דורך זיינע לידער. עס איז דער ריטם און דאָס געאייל פון דער גאַנצער וועלט. דער שוואונג פון דעם אויפגיין פון זאַכן וואָס דאַרפן איינגעפּאַסט ווערן אין פערז. הגם הויך־פּאָעטיש און פון דער קריסטאַליזירטסטער באַציאונג פון דיכטערישן סוביעקט צום אָביעקט — איז זיין ליד אַ מין קאָמפּאַקטער בוקעט פון וועלט־זאַכן. ער רעכנט אויס — ער לעגט פאַנאַנדער — ער דעקט אָפּ — ער שליסט איין און ער אומפאַסט מער ווי וועלכער עס איז אַנדערער פּאָעט אין אידיש — די וועלט. זיין ליד נעמט אַרום ברייטע שטרעקעס. ריזיקע דיסטאַנצן. נישטאָ ביי אים קיין לידער — אויסגעפּילט בלויז מיט געפיל און מיט געדאַנק. זיין ליד איז רייך באַפעלקערט מיט די־נאַמישער מאַטעריע. מיט אַ וואַקסן, ברעכן זיך, בליען, מערן, גרויס ווערן, טיילן זיך — מיטן גאַנצן קאָסמישן לעבנספּראָצעס. זיין פערז איז די בילדלעכקייט פונם וועלטאַל. נישט מיט פלאָם און מיט פליגל ברענט זיין וויזיע — נאָר מיט אַ מאַטעריעלער עקזיסטענץ — אין אייביקן קאַמף און געראַנגל און סטיכישן פּראָצעס און שלאַגנדיקער באַוועגונג.

און עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער וואָס אָט דער פּאָוסט, אין דער אידישער פּאָעזיע, וואָס האָט געזוכט איבערצולעבן גאָר די

דראַמאַ פון געשען — וואָס האָט זיין סוביעקט פאַרטרונקען אין דער גאַנצער סומע פון קאָסמישע אָביעקטן און וואָס האָט זיך אויפגעלעבט אין דעם דיאָניזיש־זוניקן און עלעמענטאַרן טאַנצן פון דער זון — האָט ער אויך אין דער ליטעראַטור געזוכט צו אומפאַסן אַלע פאָרמען און אַלע זשאַנרן פון דער וועלט־ליטעראַטור. ער האָט געהאַט, ווי עס אַנט־פּלעקט זיך אין זיין בונט־פאַנטעאיסטישער פּאָעזיע — גרויסע קינסט־לערישע אַמביציעס. און עס איז ביידע — דער איד און דער פּאָעט — וואָס האָבן זיך גענומען צו דער איבערדיכטונג פונם תנ״ך — ווי דאָס אוניווערסאַלע ספר פון דער וועלט — ווי די אָפּעראַ וואָס פאַראייניקט אַלע ליטעראַרישע סטילן און זשאַנרן — אין וועלכן ער האָט זיך גע־וואָלט אויף אייביק פאַראַנקערן.

אין תנ״ך האָט ער דערזען די געשיכטע פון דער מענטשהייט. דעם מיטאָס פון פעלקער. די דראַמע פון אידישן פאָלק. דעם קוואַל פון קינסטלערישער אינספּיראַציע. די גענעזיס פון די קונסטן. די עטישע, פילאָסאָפישע און רעליגיעזע באַציאונג צו גאָט.

אין דאָזיקן אומגעהייערן פעלזיקן בית המקדש — מיט גאָלד־גאָט געפאַנצערט — האָט ער זיך אין דעם שטורעם פון די עלעמענטן, אין דעם ים פון פאַסירונגען, געשעענישן און אייביקער וואַקכאַנאַליע פון אַטאָמען — באַהאַלטן.

עס איז געווען אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. ער האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן טויט. נאָכדעם ווי ער איז, ווי פאַוסט, דורכגעגאַנגען אַלע מדרגות פון אוניווערסאַלן פאַרגעניגן, פון דעם תענוג פון שילדערן אַלע לוסטן און שטראַמען, אַלע ליידנשאַפטן און פאַרפלייצונגען פונם אַלוועלטלעכן מאַטעריעלן — האָט ער זיך געוואָלט באַהעפטן און פאַר־אייביקן מיט דער ריזיקער עפּיק פון דער מענטשהייט — דעם תנ״ך.

און דאָ איז ער שטיין געבליבן, דער אידישער פאַוסט. פון דעם ספר פון נאַטור איז ער אַוועק צום ספר פון דעם מענטשן. צום ספר וואָס איז דער זין פון דער נאַטור. די דיסציפּלין איבער דעם קאָסמישן שטורעם. די אינטערפּרעטאַציע פון מענטשן אויפן ספּעקטאַקל פון דער נאַטור. אויף דער דראַמע פון פעלקער און ראַסן. איבער דעם פּאַטאַ־ליסטישן נאַטור־כוואַליען זיך פון די ענערגיעס אין דער צוקונפט אַריין — גייט אויף דאָס העראָאיש־פּראָפעטישע. פון דעם אינטעלעק־טועל־אינסטינקטיוון צוזאַמענגיסן זיך מיט דאָס עלעמענטאַרע און פּרימיטיווע — צוריק צום מענטשלעך־מאָנומענטאַלן. אַזוי ווי פאַוסט קערט זיך אום פון דעם שטורעם פון פאַרגעניגן, פון דעם ווינט פון לוסטן, פון די פליגל פלאַמענדיקע פון מעפיסטאָפעלעס און פון דער גריווע פון גאָלדיק־פייערדיקן פערד — צו דער וויזיאָן פון יועלט־רו און וועלט־דערלייזונג. צו דער פּאַנאָראַמאַ פון האַרמאָניע און פעל־קער־פרייהייט.

און עס איז אין תנ״ך — וואו יהואש האָט זיך פאַררייגלט קעגן טויט. דאָרט האָט ער געקעמפט זיין טיטאַנישן קאַמף — און ווען דאָס לעצטע אות פונם לעצטן בלאַט פון תנ״ך איז געשריבן געוואָרן אין אידישן הייליקן לשון — האָט דער פּאָעט זיך געלייגט צום שטאַרבן. אַזוי די נביאים האָבן זיך געלייגט צום שטאַרבן. אַזוי ווי די נביאים

האָבן זיך געלייגט צום שטאַרבן — שאָטנס און פאַרצערטע, נאָכדעם ווי דאָס וואָרט פון גאָט האָט זיך אָפּגעטאָן פון זיי און דאָס פייער פון דער געטלעכקייט איז געווען אין זיי אויסגעלאָשן.
אין תנ״ך האָט יוהאש אָוועקגעשטעלט זיין פּיראַמידע אין דער אידישער ליטעראַטור.

מיניאַטורן

צוויי אַלטע אידן ליגן אויף זייערע אייזערנע נאַניקעס, אויף סעקאָנד עוועניו; די אייזערנע שטאָפּעטן זיינען פּונקט אַזוי אַלט ווי די אידן; ערגעץ, פון צוויי קליינע שטעטלאך אין פּוילן געקומען; אין דער היים האָבן זיי שפּאַצירט אויף גרינע פעלדער; דאָ ברענט און בראָט אַרום; די זון „פּאַזשעט״; אַ גרויער שטויב הענגט אין דער לופט ווי אַ קעניגינס לופטוך קלייד; די אויגן פון די אידן רינען מיט פּליסנדיקן צער; זייערע מיילער זיינען קרום; באַלד וועלן זיי שטאַרבן; זעלטן זעט מען אין ניו יאָרק זקנים, עס איז די מעכטיקע שטאָט פון יוגנט; עס וועט ווערן טונקל — וועלן די צוויי אידן ליגן אין אייזערנע בעטלאך, אויף אייביק איינשלאָפן! בעסער! בעסער!...

איך זיץ אין ביבליאָטעק-זאַל אויף דער 69טער סטריט; אַ קליינער גאָרטן; פאַר מיר, איבער די ווענט, ריזיקע עגאַלן מיט דיקע ביכער; וועלט-גייסט, וועלט-קולטור, וועלט-קלוגהייט! — אָבער איך קוק אַריין אין קליינעם ווינקל-גאָרטן; רעגן, זילבערנע טראָפּנס, די בלעטלאך ווערן שוין געל, די צוויי ביימער זיינען אומעטיק, געלבע בלומען וויאַנען שוין, אַ פויגל זינגט אין אַ וואַנט-ווינקל, עס רעגנט און עס רעגנט איצט אין מיין נשמה, אין מיין הארץ... שוין איז הארבסט; איך לעז די וועלט-געשיכטע, איך לעז די געשיכטע פון אוניווערזום אויף אַ קליינעם בלעטל אין גאָרטן פון דער ביבליאָטעק... אַרום מיר זיצן שיינע מיידלאך, לעזן, לעזן — און איך בין אַזוי אומעטיק!...

# דער שמייכל

עס איז אַ גרויער פאַרנאַכט אין אויגוסט, אין אָנפאַנג אויגוסט. די זון גייט אונטער אַזוי ווי אין יאַנואַר — ווינטערדיק און רויט — שטיקער זון פאַלן צופוסנס פון די פאַרבייגייערס. עס איז ווי מענטשן וואָלטן טרעטן אין בלוט און פלאַמען, ווי אין אַ גהינום. די בוימער זיינען פאַרכאַפּט פון די פלאַמען. און אין דער קאַפע־טעראַ, וואו איך זיץ, זיצן די טרויעריקע מענטשן, עס זיצט אַ מיידל און זי שרייבט אַ בריוו אויף דער ציטערדיקער קני. זי האַלט אין מויל דעם שפּיץ פון אַ בלייפעדער און זי קלערט. זי קלערט וואָס צו שרייבן אַהיים — צו איר קליינער מוטער — פון דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק. אין איר היים־שטעטל אין פענסילוואַניע איז זיכער פאַראַן אַ גרעסערער זון־אונטערגאַנג. יעדעס מאָל רייסט זי אָפּ דעם פענסל פון מויל און איר איידעלע האַנט ציטערט אַ וואונדערלעך וואָרט אויס אויפן צעקנייטשטן פּאַפּיר. פון דעם וואָרט וועט ליכטיק און וואַרעם ווערן עמיצן. — זי קוקט אַרויס. דורך די פענסטער פון די הייזער לייכטן גאָלדיק. אַלע פענסטער זיינען ווי פון הייליקע הייזער. איז טאַקע ליטער פרומקייט אין זיי?

אין קאַפע־טעראַ זיצט אַ יונגער גלח מיט אַ דינעם קאָלירטן תנך. די בלעטלעך ברעגן זיינען גאָלד געפאַרבט. דער גלח מישט די דינע, זיידענע בלעטער. נאָר ער קוקט יעדעס מאָל אַרויס פון תנך דעם כישוף פון מיידלעכס צאַרטע קניעס — וואָס דעקן זיך אָפּ פון קאָלירטע קליידער. דער תנך ציטערט אין זיינע הענט. די קניעס זיינען ווייס ווי די לבנה. דין זיינען די קליידער ווי טרוימען — וואָס דעקן צו אומסקולפּטורטע נשמות. דער גלח זעט אין דרויסן די אַלטע קורטע מיט די טויבן. פאַרבייגייער שענקען זיי אַרנעס — קרישקעס גילדענע־וואונדערלעכע שטיקלעך ברויט. די טויבן זיינען איידעלע רונד־געפאַרעמטע.

דער „ער“ בלאָזט זיך אָן — גייט נאָך מיט פּרעטענזיע דער זי, דער פּליושענער זי. דער גלח לייענט די בלעטלעך פון דער עוואַנגעליע. ער זעט די קורטע מיט די טויבן. ער זעט גרויסע מלאכים מיט פליגל פון ריינעם גאָלד. ער זעט די אַפּאָסטאָלן — פישער־יונגען, פאַסטעך־יונגען — אין ריזיקע העמדער פון מאָרגן־טוי אַרויסגיין — וואונדערלעכע שטיקער טוי זיי באַקליידן. און אַ קני פון אַ זעגער־מיידל איז אומפאַרזיכטיק־אויפגעדעקט דער זוים פון איר זילבער האַלקע ציטערט אין דעם גלחס דמיון — און זיין רייפער אָריענטאַלישער לאַנדשאַפט. — דער גלח זעצט דעם גאָלדענעם צלם — מאַסיוו געשמידט — צווישן די פולע ברוסטן פון אַ יונגער מעגאַקאַזערין — אַ ווי ער וואָלט קושן וועלן דעם צלם — די קריסטין —

אין דרויסן לויפן צעכראַסטעט די וואַנזיניקע וואָלקנס — זיי באַרירן די דעכער פון די הייזער — נאַפּאָלעאָנס צוריקטרעטנדע אַרמייען, גרויע, קאַלטע מונדירן קענען מיר — שטיקער ערד. געשיכטע גייט אויף אויף די דעכער. שטיקער קאַלטע געשיכטע. די וואָלקנס לויפן הענדום־פּענדום איבער דער וועלט — צעריסענע — צעיושעטע — בלייבן שטיין ביי דער קוטע מיט די טויבן — ווילן עפּענען דעם דאַך — דערזען די מאַדאָנע צווישן חלב־טריפנדיקע, טרערנפול־

פרומע ליכט.
און איך קוק אויף אַ טישל, וואו עס זיצן צוויי מיידלעך. איינע איז
רויט געפאַרבט און אַלט. זי איז ווי אַ הייליקע מומיע — טויזנטער יאָרן
אַלט. איר חברטע איז אַ יונגע מיידל. און ווען זי רעדט — שמייכלט
זי מיט אַ מאָדנעם שמייכל. מיט אַן אומשולדיקן שמייכל. קינדיש. טוי־
באַהויכט. מלחמהדיק. אַ שמייכל ווי פון גאָלד. אַ וואונדערלעכער שמייכל.
דער גרויסער מענטשן־עלנט האָט איר זאַך נישט באַרירט. עס האָט איר
נישט באָרירט דאָס גריזשען פון לעבן. עס האָט איר נאָך נישט גע־
שלאָגן דער גרויער מענטשן־צער. זי איז נאָך נישט געפּאַטשט געוואָרן
פון ווינט, פון רעגן, פון שטורעם. זי איז נאָך קינד. מענטש. נאָך האַר־
ציקע מיידל. און אַזוי קוקנדיק צו איר, אין רויך פון קאַפע־טערוא,
אין גרויען דינק פון טויזנטער אויסגערויכערטע ציגאַרעטן, ציגאַרן
און לולקעס — דערזע איך איר מאָדנע ענלעכקייט צו אַ גאַסן־פרוי.
דו גלויבסט נישט דיינע אויגן. די דאָזיקע יונגע שיינקייט — דאָס
קינד מיטן שענסטן שמייכל — איז גאָר ענלעך צו אַ פּראָסטיטוטקע.
צו אַ זינדיקע, צו אַ פרוי וואָס פאַרקויפט זיך פאַר געלט. און עס גייען
אויף די נעכט — די אָרגיעס און די און יענע האָט אויך אַזוי אומ־
שולדיק געשמייכלט. ווען דו קוקסט אויפן מיידל, זעסטו די אומ־
שולדיקייט פון יענער. די דאָזיקע שטעלט פאָר יענערס יוגנט. איר
קינדהייט. ווען זי האָט אַזוי פאַרליבט־יונג־מיידלעריש־סענטימענ־
טאַל געשמייכלט. אַזוי האָט „יענע" אויסגעזען מיט פיל יאָרן צוריק
— ווען יעדער האָט געפילט גליקלעך מיט איר דעקאָרירן אים, אָ,
ווי שיין זי איז. ווען יעדער שויפענסטער איז געווען איר שפּיגל.
ווען די נאַטור האָט זיך געפילט גליקלעך מיט אירן דעקאָרירן אים
אַ פּאַרק, אירס אַ גאָרטן. ווען אַלע מענער האָבן צו איר געשמייכלט.
ווען אַלע שטערן האָבן איר צוגעזאָגט אָנטיילצונעמען אַלס ברילִיאַנטן
אין אירס אַ שטיקל צירונג. ווען די וועלט איז געווען צו איר ראָז גע־
מאָלן — אָט אַזוי, ווי דאָס דאָזיקע מיידל, האָט זי געשמייכלט. — —

שפּעט ביינאַכט גיי איך אַהיים — דורך מידע, צעבויגענע גאַסן.
**עמיץ רייסט ציניש די וואָלקנס** — ווי דער ווינט רייסט די בוימער,
ווי די צייט רייסט דאָס לעבן, ווי דאָס לעבן רייסט די שיינע פרויען,
ווי די רייפקייט רייסט די יוגנט, ווי די עלטער רייסט די רייפקייט.
איך גיי אַהיים — ווי שיכור — געיאָגט פון די כוואַליעס פון ים —
פון ווינט און פון רעגן. אַ גאָט צערייסט די וועלטן און עמיץ — אַ
בייזער מאָנסטער צערייסט די געטער פון דער ערד...

# עטלעכע ווערטער וועגן אַנטיסעמיטיזם

אין אַ נאַכט, גייענדיק אויף די טרעפּ צו מיין צימער, האָב איך דערהערט עמעצן אויסרופן מיין נאָמען. עס איז געווען אַן אַלטער, איינזאַמער איד, מיט קענטיקער פאַרצווייפלונג אין די אויגן. מיטן אייביקן צווייפל צי מיר זיינען טאַקע גערעכט. ווייל אויב עס זיינען פאַראַן ביי אונז געשטאַלטן ווי איוב, וואָס שרייען צו גאָט — „פאַרוואָס אַזוי פיל ליידן און אומגליק אויפן קאָפּ פון אַן אויסדערוויילט פאָלק?״ — האָבן מיר אויך געשטאַלטן ווי האַמלעט, וואָס צווייפלען און פרעגן זיך: — „לוינט דער דאָזיקער ים פון בלוט און טרערן פאַר אונז אידן? וועלן דען די מענטשן בעסער ווערן? איז נישט אונזער קאַמף אַרויסגעוואָרפן? לוינט פאַר אונז אידן צו טראָגן די אידישע מאַסקע און קאָסטיום און צוליב איר געשלאָגן און געפּאַטשט צו ווערן?״

דער דאָזיקער איד געהערט צו דער ראַסע פון די בלאַסע האַמלעט־פּרינצן. און לעצטנס, צוליב זיין פּערזענלעכער טראַגעדיע, איז זיין שאַרבן אויסגעקרומט פון פראַגן און פון צווייפל. זיין פּערזענלעכע טראַגעדיע:

פערציק יאָר צייט האָט ער געוואוינט מיט אַ קריסטין. ער האָט איר באַדינט פינף און צוואַנציק יאָר אין איר קראַנקן צושטאַנד. ער איז געווען איר קנעכט. ווען זי איז געווען קראַנק, האָט ער געטראַכט אַז, ווען זי וועט שטאַרבן, וועט ער דאָ זיצן אין זיין איינזאַמען הויז און נישט אַרויסגיין אין ערגעץ. איר אייזערנע בעט וועט דאָ שטיין. די בילדער, געמאָלן פון לאַנג־שוין פאַרגאַנגענע פריינט, וועלן דאָ הענגען. ער וועט לעבן אין איר, געזעלשאַפט. נאָר אָט שטאַרבט זיין ווייב און באַלד נאָך איר לוויה געפינט ער אויס אַז דאָס צעפּוילטע הויז האָט זי אָפּגעשריבן צו אַ קריסטלעכער פרוי, אַפילו נישט קיין קרובה. דער אַלטער איד מוז איצט זוכן אַ נייע היים. זיין פרוי האָט פערציק יאָר צייט אים געהאַסט. און איצט רופט ער מיך אַריין. ער האָט געפונען אַ בוך וואָס זיין פרוי פלעגט לייענען אין געהיים. דאָס בוך הייסט — „אַי מעריד עי דזשוי״. עס איז נישט אָנגעגעבן דעם נאָמען פונם מחבר. און, געטריבן פון נייגעריקייט ערשט איצט, נאָך איר טויט, צו דערגיין צו זיין פרויס געדאַנקען און אידייען, וועלכע זי האָט זיך אָגב ביי איר לעבן נישט געמיט צו באַהאַלטן — לייענט ער דאָס בוך.

— איר ווייסט, — ווענדט ער זיך צו מיר, — פאַראַן אין דעם בוך עטלעכע זייטלעך וועגן אידן וואָס זיינען ריכטיק...

איך קוק אויף זיין אַלטן פּנים. איך זע ווי צעבראָכן ער איז. איך טראַכט דערביי: ווער ווייסט צי ער האָט נישט אויסגעטוישט דעם אידישן גלויבן אויך?... אָבער דער איד פון זיין פּנים איז נישט אָפּגעמעקט געוואָרן. נאַטור האָט נישט קיין מעקער געגוג שטאַרק אויף אָפּצומעקן אַ פּנים. צו פאַרמעקן די שפּורן פון אידישער געשיכטע. צו פאַרווישן די צייכנס פון צוויי טויזנט יאָר ליידן. דער דאָזיקער איד זעט אויס ווי ער וואָלט זיך געוואָרגן אויף אַ תליה. איך קען דעם בליק פון זיינע אַלטע אויגן נישט אויסהאַלטן. ערגעץ־וואו האָב איך די אויגן און דאָס פּנים געזען — ביי רעמבראַנדט.

צווישן זיינע פינגער — דאָס בוך „איך האָב געהייראַט מיט אַ איד." און מיט וואָס אַזוינס איז די געהיימע אויטאָרין „געדערכט" בנוגע אידן? ער לייענט מיר פּאָר עטלעכע זייטן. קיין נייעס נישט פּאַר מיר. געוויינלעך געשריבן. מיט די גוט־באַקאַנטע אַלטע טענות. וואָס איז די הויפּט־טענה?

— דער איד איז פריער אַ איד און שפּעטער אַן אַמעריקאַנער בירגער. פאַרוואָס מישן זיך די אידן נישט אויס מיט אונז? פאַרוואָס האָבן זיי אַ באַזונדערע רעליגיע און אַן אייגענע קולטור? פאַרוואָס ציען זיי זיך שטענדיק צוריק אין זייער אייגענער וועלט?

— און איר גלייבט, ר' איד, אַז זי איז גערעכט? פעלקער באַרייכערן די קולטור פון אַ לאַנד ווען זיי ברענגען מיט אויף דער נייער ערד זייער מיטאָלאָגיע, זייערע מעשות, זייערע גרויסע אינטעלעקטועלע און מאָראַלישע דערגרייכונגען, זייערע אידייען וועגן דער באַציאונג פון די מענטשן צו גאָט, זייער פאַרשטעלונג פונם וועלט־באַשאַף, זייער עטיק פון קעגנזייטיקע פעלקער־באַציונג, זייערע געזאַנגען און קינדער־לידער. אַמעריקעס ציוויליזאַציע איז אַ רעזולטאַט פון אייראָפּע. פון די ענגלענדער און האָלענדער און סקאַנדינאַווישער און אידן. פון די פּוריטאַנער און רעוואָלוציאָנערן, פון די יעניקע וואָס האָבן געפאָדערט זייערע רעכט צו דינען זייער גאָט לויט ווי זיי פאַרשטייען. פון די אידן וואָס זיינען אַנטלאָפן פון די אינקוויזיציעס אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. פון די שעפערישע כוחות פון אייראָפּע וואָס האָבן געזוכט עקספּאַנסיע פּאַר זייערע ענערגיעס און דראַנג נאָך טעטיקייט. דזשעפערסאָן און לינקאָלן, די גרויסע פירער פון דער אַמעריקאַנער רוואָלוציע און פון בירגער־קריג זיינען געווען באַזעלט פון תנ"ך. פון די פלאַמיקע אידעאַלן פון די נביאים. אידן, וואו זיי קומען, ברענגען מיט זייערע אייגענע קולטור און גייסטיקע טראַדיציע. דאָס רייך־מאַכן די לאַנדס־קולטור באַשטייט אין סינטעזע. אין פאַרבינדן דאָס נייע מיטן אַלטן. אין קאָנפליקטן און קאָנטראַסטן איז די געבורט פון קולטור, ליטעראַטור און קונסט. אידן זיינען אַ שעפערישער, באַפרוכפּערנדיקער עלעמענט, וואָס בשעת זיי דערהאַלטן זייער אייגן פּנים — באַרייכערן זיי מיט פרישע שטראָמען ענערגיע די וועלט־ציוויליזאַציע. אידן ציען זיך צוריק? דאָס איז פאַלש. אידן זיינען שטענדיק גרייט צום פאַרמעסט. נישטאָ נאָך אַ פאָלק וואָס זאָל אַזוי גיך גרייט זיין איבערצוגעבן און איבערצונעמען וויכטיקע ראָלן אין פינאַנץ, אינדוסטרי, מעדיצין, טעאַטער און קונסט בכלל. מיר רעדן אין פראַנקרייך בעסער פראַנצויזיש ווי די פראַנצויזן. מיר האָבן אין דייטשלאַנד גערעדט שענער דייטש ווי די דייטשן, ווי די פירער פון דער „הערנראַסע". מיט אונזערע אידישע זומען ברענגען מיר אַריין דינאַמיק און ענערגיע אין דער וועלטס־קולטור. אַזוי אַרום העלפן מיר צום שעפערישן פּראָצעס פון דער מענטשהייט. וואָלטן מיר אויפגעגעבן אונזער אידישקייט, וואָלטן מיר געוואָרן גוייש — און דאָס מיינט — טויט פון אונזער היסטאָרישער שעפערישער ראָלע.

דער אַלטער איד שטעלט איצט די צווייטע פראַגע, אין נאָמען פון דער שרייבערין פונם בוך: „פאַרוואָס אָנערקענען די אידן נישט דעם קריסטלעכן משיח?

— פון דער דאָזיקער פראַגע, מיין ליבער פריינד, ווערט מיר

גאַנץ אומהיימלעך. וואָס זאָלן מיר לערנען פון די קריסטן? מלחמה? פאַרברעכן? מאָרד? בלוט־פאַרגיסן? מיסיאָנערן־עקספּעדיציעס? וואָס קענען מיר לערנען ביי גויים? מיר ווילן קיין „פּרימיטיווע" פעלקער נישט באַקערן צו אונזער גלויבן. קאָלאָניאַל־פּאָליטיק איז נישט אונזער טעטיקייט. מיר זיינען נישט קיין אימפּעריאַליסטן, ווי די קריסטלעכע פעלקער. דאַרפן מיר אַנערקענען די קריסטלעכע קירך? פּילע פון די פאַרטרעטער פון קריסטלעכן גאָט אויף דער ערד — די פּויפּסטן — זיינען געווען מאַכט־גיריק, אויסגעוויקלט אין בלוט פון זייערע קרבנות. איר דאַרפט גאָרנישט לייענען קיין מאָדערנע געשיכטע פון די פּויפּסטן, כדי צו זען וויפיל זינד און פאַרברעכן עס האָט געהערשט דורך די יאָר־הונדערטער אין וואַטיקאַן. ווען איר קוקט אַריין אין דאַנטעס „געטלעכע קאָמעדיע", געשריבן מיט זיבן הונדערט יאָר צוריק — זעט איר ווי די קריסטלעכע וועלט פּרעגלט זיך אין די פייערן פון גהינום אין וועלכער דער ערלעכער קריסט. דאַנטע האָט זיי אַריינגעוואָרפן פאַר זייערע זינד פון פאַרראַט און פאַרברעכן.

די אידן רעספּעקטירן די מאָראַלישע אידעאַלן פון קריסטוסן, וואָס זיינען נישט קיין צופאַל און קיין איינצל־דערשיינונג — נאָר זיינען הויך, איבער אַלע דורות, פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך די נביאים. די קריסטן לערנען און נערן זיך מיט אונזער תנ"ך און זיי שרייען אַז מיר אַנערקענען נישט קריסטוסן. אונזערע אידעאַלן האָבן מיר געשאַפן און מיר ליידן פאַר זיי דורך די מערסטע יאָרהונדערטער פון דער מאָדערנער געשיכטע. מיר דאַרפן זיי ערשט איצט נישט אַנערקענען, ווייל מען ברענט און מען בראָט אונז פאַר אונזערע אידעאַלן.

— און ווען מיר אַנערקענען קריסטוסן פון דער רעליגיעז־דאָגמאַטישער זייט, שעכטן זיך דאַן די קריסטלעכע פעלקער דען נישט אויס? ווען אידן אַנערקענען די קירך — איז די וועלט דאַן אַ גן־עדן? נאָר די אידן שטייען זיי אין וועג צו דעם הימלישן רייך? פאַר די נאַציס זיינען די אידן געשטאַנען אין וועג צום דריטן רייך. נו, האָבן זיי זעקס מיליאָן אידן פאַרברענט און אומגעבראַכט מיט טויזנט טויט־מעטאָדן— און וואָס איז דאַן געוואָרן פון „דריטן רייך?" וואָס קרענקט אייך אַזוי פיל וואָס אידן אַנערקענען נישט קריסטוסן? וואָס האָט איר, קריסטן, אויפגעטאָן צווישן זיך אין די אַלע יאָרן פון 1947 יאָרהונדערטער אָן? איר האָט זיך קעגנזייטיק געשניטן די העלדזער! און איר שעמט זיך נישט צו פאָדערן אַז די אידן זאָלן אַנערקענען קריסטוסן. מיר ווערן פאַרפאָלגט אי ווייל מיר אַנערקענען נישט קריסטוסן — אי ווייל מיר האָבן קריסטוסן געבראַכט אויף דער וועלט. פאַר דעם באַרימטן עסייאיסט האָקסלי, אין אַ לעצטנס־דערשינענעם בוך עסייען זיינעם — ווערן מיר געשטראָפט פאַר ברענגען אויף דער וועלט קריסטוסן, דעם קריסטנטום, די מאָראַלישע אידייען, וועלכע לאָזן נישט די פעלקער זיך אויסלעבן אין זייערע רויבערישע, מכלומרשט פּאַגאַניסטישע, אַפּעטיטן.

די קריסטלעכע וועלט האָט אונז געשיקט צום שייטערהויפן פאַר זיין די הערעטיקער, די פאַרלייקענער פון קריסטוס. די נאַציס האָבן אונז געשיקט אין מאַידאַנעק פאַר דעם וואָס מיר האָבן דער וועלט געוואָגט צו זאָגן מאָראַלישן מוסר דורך קריסטוסן. אָט אַזוי גייט אָן די בלוטיקע קאָמעדיע מיט אונז. מיר ווייסן פּשוט נישט פאַר וועלכע זינד מיר ווערן געהאַסט. — — —

ווען איך האָב גערעדט צום אַלטן איד, איז מיר געקומען אין זכרון אַן עסיי וואָס איך האָב מיט עטלעכע יאָר צוריק געלייענט אין אַ רוסישן זשורנאַל. די עסיי האָט געהייסן „פּערזענלעכקייט" און איז דערשינען אין אַן ערשטן נומער פון „זאַריאַ", אַ רוסישן זשורנאַל אין ניו־יאָרק. די עסיי איז געווען געשריבן פון דער קולטור־רייכער פעדער פון דעם רוסיש־אידישן שריפטשטעלער ש. פּאָליאַקאָף־ליטאָווצעף. איך האָב נישט געהאַט דעם זשורנאַל ביי דער האַנט. נאָר זיין אַרגומענטאַציע איז מיר געבליבן אין זכרון.

אינדיווידואַליזם, לויט אָט דעם שרייבער, איז איינע פון די פּילע מאָדוסן פון אָריגינאַליטעט. בלויז דאָס אויטענטישע און דאָס עכטע האָט אַ ריכטיקן ווערט. אין ליטעראַטור און קונסט פאַרבלייבט בלויז ווערטפול דאָס וואָס האָט עכטקייט און אייגנאַרטיקייט. צווישן מענטשן איז עס געוואַלטיק וויכטיק. דער מענטש ווערט טאָג און נאַכט אָבסער־ווירט דורך די אַרומיקע מענטשן. אַ מענטש וואָס האַנדלט נישט לויט זיין אייגענער נאַטור, ווערט נישט געטרויט און נישט רעספּעקטירט.

נאַציאָנען און פעלקער זיינען פאַרשידנאַרטיק. אַן איטאַליענער וועט אַנדערש האַנדלען און זשעסטיקולירן ווי אַן ענגלענדער אָדער אַ פראַנצויז. ווען אַ גריך זאָל רעדן און אימיטירן אַ טערק, וואָלט עס געווען לעכערלעך. מיר פאַרלאַנגען יעדער זאָל האַנדלען לויט דעם טעמפּעראַמענט און די מאַניערן פון זיין ראַסע און פון זיין קולטור־טראַדיציע.

די אידן זיינען אַנדערש אין רעדן, מאַניערן, זשעסטן און גייסט ווי די גויים. לאָרד ראָטשילד איז געווען דורך און דורך אַן ענגלענדער. נאָך עטלעכע מינוט רעדן האָט מען לייכט אין אים געקענט דערקענען דעם היסטאָרישן איד. לאָרד רעדינג, לאָרד סעמועל, פיליפּ גוּעדאַללאַ, הערבערט לאַסקי — דאָס זיינען אַלע הויך־קולטורעלע און פּאַטריאָטישע ענגלענדער. אָבער מיט אַ באַזונדערער אידישער פּערזענלעכקייט. מאַר־סעל פּרוסט האָט געהאַט די שטריכן פון אַ סעמיטישן פּרינץ, און קיין איינציקער קריטיקער האָט נישט אויסגעמידן צו אַקצענטירן אין זיינע שעדעווערן שטריכן פון סעמיטישקייט. לעאָן בלום, וואָס רעפּרע־זענטירט די רעזולטאַטן פון דער פראַנצויזישער קולטור, האָט דער־האַלטן זיינע אידישע כאַראַקטעריסטיקס.

פעלקער וואַריאירן נישט נאָר אין פיזישן טיפּ — נאָר אויך אינטע־לעקטועל און פּסיכאָלאָגיש, אין טעמפּעראַמענט, אין אינטואיטיווער ריאַקציע, אין דעם גייסטיקן גרים. עס איז נישט וויכטיק וועלכע זיי־נען „העכערע" און וועלכע „נידעריקערע" פעלקער, וואָס דאָס עקסיס־טירט בכלל ניט. וויכטיק איז, אַז אַ פאַרשידנקייט פון נאַציאָנאַלע טיפּן עקסיסטירן און דאַרפן נישט באַהאַלטן אָדער מאַסקירט ווערן.

עס פאָלגט דעריבער אַז דער איד וואָס פּרוּווט אַראָפּוואַרפן זיין העברייאישע טראַדיציע פון זיך, כדי צו ווערן אַ גוי מיט גויים גלייך — דאַרף מאַכן אַ פּיינפולע און אומנוצלעכע אָפּעראַציע אויף זיך. ער מוז אויסשניידן אין זיך ביזן וואָרצל דאָס נאַטירלעכע אין אים. ער מוז אַרויסוואַרפן היסטאָרישע רעמיניסענסן פון זיין נשמה. ער מוז פאַרניכטן זיין אינטעלעקטועלע ירושה. ער מוז אַרויסוואַרפן די זאַכן וואָס זיינען אַן אָרגאַנישער טייל פון זיין מוח און געדאַנקען־גאַנג. און ער מוז דאָס אַלץ אויספּילן מיט זאַכן — געבאָרגטע פון דער גוישער וועלט.

אָבער דער דאָזיקער גויאישער שטאָף האָט זיין אייגענעם נאַציאָנאַלן צייכן און מאָס. אַ איד, וואָס באַנוצט זיך נישט מיט אים מיט זעלבסטבאַהערשטער נאַטירלעכקייט און רואיקייט, ווי ער וואָלט געוועזן דערמיט געבוירן, מעג אַמאָל מאַכן זיינע שכנים צו וואונדערן זיך, צו פאַרדעכטיקן אזיב עס זיינען נישט אַמאָל קיין געגנבעטע זאַכן... ווירקלעך, וואָס איז וועגן דער פאַרגאַנגענהייט? קען אַזאַ מין איד עמאָציאָנעל רעאַגירן ווי אַ קריסט ווען מען דערמאָנט אין זיין אָנוועזנקייט די שלאַכט פון העסטינגס? אָדער זשאָען אָף אַרק אָדער טאָמאַס פון אַקווינאָ? אָדער הונדערטער אַנדערע היסטאָרישע פּאַסירונגען? פּונקט ווי פּאַר אַ קריסט איז שווער עמאָציאָנעל צו רעאַגירן ווען מען דערמאָנט די מכביאישע פּעריאָדע אין דער אידישער געשיכטע. די פּערזענלעכקייט פון דעם דאָזיקן אַסימילירטן איד איז אַלזאָ אַ געצוימטע, איר אָריגינאַליטעט איז פאַרלוירן. און אַפילו די יעניקע וועמען עס איז יאָ־געלונגען מער־ווייניקער זיך אַריינצופּאַסן אין דער קריסטלעכער סביבה — זיי פילן זיך טיף אין זייערע הערצער ווי טיפן פון צווייט־קלאַסיקער באַדייטונג, וואָס זיי זיינען אין דער אמתן, ווייל זיי האָבן פאַרקריפּלט זייער נאַציאָנאַלע, אינדיווידועלע פּערזענלעכקייט, פאַרווישנדיק איר שעפערישן גלאַנץ אָנן איר עכטקייט. און אַלס צווייט־קלאַסיקע פּערזענלעכקייטן ווערן זיי אָנגענומען מצד זייערע שכנים...

צו תיין געטריי צו דער אייגענער פּערזענלעכקייט, ד. ה. צו אַלע גוטע קוואַליטעטן מיט וועלכער די נאַטור, ירושה, קולטור און טעמפּעראַמענט האָט אים באַשאָנקען — איז די הויפּט־אייגנשאַפט פון דער עכטער פּערזענלעכקייט. אָן די דאָזיקע אייגנשאַפטן האָט די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט קיין ווערט נישט. די סאַמע געלערנטסטע מאַלפּע וועט נישט שאַפן גאָרנישט פון אמתן ווערט. — — — — — — — — —

איך בין זיך מודה אַז איך האָב דאָ קאָמפּילאַטאָריש זיך באַנוצט מיט פּאָליאַקאָף־ליטאָווצעפּס עסיי. איך האָב געפּרואווט איבערזעצן זיינע געדאַנקען. און איך האָב גאָרנישט וואָס צוצוגעבן צו זיי. מען וואָלט די עסיי געדאַרפט לערנען אין אידישע, און אין אַלוועלטלעכע שולן, כדי די שילער וואָס טרעטן אַריין אין לעבן פון פאַמיליע, געזעלשאַפט און פעלקער — זאָלן זיין באַוואָפנט מיט איר נאַטירלעכן געזעץ: — דו ביסט אַ ציל פון חוזק ווען דו פּרואווסט זיין דאָס וואָס דו ביסט נישט. דו ווערסט רעספּעקטירט ווען דו ביסט עכט און פּשוט און דו האַנדלסט לויט דיין אייגענער נאַטור, אַזוי ווי דיינע עלטערן האָבן געהאַנדלט פּשוט און עכט אין אָנבליק פון פאַרשידענע היסטאָרישע סיטואַציעס.

שפּעט ביינאַכט האָב איך פאַרלאָזן די וואוינונג פון דעם אַלטן, געפּייניקטן איד. איך האָב אפשר פאַר אים געעפנט אַ שטיק האָריזאָנט, וואָס האָט קלערער געמאַכט זיין לעבן, זיין דענקען, זיין עקסיסטענץ אַלס איד.

# פּאָעט׳ס באַנקעט...

(צום זעקס און צוואַנציגסטן יאָרצייט פון לייב ניידוס)

(די ציטאַטן פון לייב ניידוס׳עס לידער — גענומען פון „ליטעראַרישע זאַמלונגען”, 2, רעדאַקטירט פון מ. גיציס און מאַטעס דייטש, שיקאַגע, 1944).

עס איז געווען שפּעט ביינאַכט, ווען איך האָב געהאַט דורכגעלייענט לייב ניידוס׳עס אין מאַרמאָר־ און אין מעטאַל אויסגעגראַווירטע לידער, אין דעם זאַמלבוך נומער צוויי „ליטעראַרישע זאַמלונגען” און די גלענצענדע עסיי פון מאַטעס דייטש: „לייב ניידוס — איינס ליכט פון אונזער מאָדערנעם אידישן ליד־וואוקס” — ווען איך האָב דערפילט אַ מידקייט און בין איינגעשלאָפן. אָבער באַלד האָב איך ווידער דערוואַכט און איך האָב זיך געפונען אין אַ פּרעכטיגן זאַל. עס איז געווען אַ מאָדנע פּובליקום, וואָס איז דאָרט געזעסן, צווישן סטאַטועס אין מאַרמאָר און אין בראָנז. אַ פּובליקום פון הערן און דאַמען, צווישן וועלכע איך האָב דערקענט פּריינט וואָס זיינען שוין לאַנג נישטאָ אויף דער ערד. פרויען וועמענס שיינקייט האָט פאַרוויאַנעט און אויף יענער וועלט איז זייער גלאַנץ ווידער אַנגעצונדן געוואָרן. אַ פאַנטאַסטיש פּובליקום פון יונגע פרויען פון גראַדנע, וועלכע דער פּאָעט האָט אין הייסע ריטמען מיט אַזוי פיל עראָטיק באַזונגען. עס איז פאַרטרויערט־שטיל געזעסן די שפּילערין אויפן רויטן פידל — אַ בלאַסע — מיט רויטע, קופּערנע לאָקן, ווי אַ קרוין אויף איר צאַרטן קאָפּ —

„דו האָסט געשפּילט . . . די פידל האָט געזונגען
פאַר׳חלומ׳ט־צאַרט, ווי צאַרט דו ביסט אַליין;
אַ האַרציגער, אַ מידער טרויער־חן
האָט אין די טענער ציטערדיג געקלונגען”.

צווישן פּובליקום האָב איך דערקענט דעם גאַנצן מאַסקנבאַל פון לייב ניידוס׳עס פּאָעזיע: אַלע מאַסקעס און קאָסטיומען פון פּרינצן און פּרינצעסינס, פון ריטער, גראַפן, מאַרקיזן און שעוואַליערן וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל גאַלאַנטקייט און גלאַנץ אַריינגעבראַכט אין דער אידישער פּאָעזיע — ווי ער וואָלט בענקען נאָך אַן אַריסטאָקראַטיע וואָס מיר, אידן, קענען נישט באַזיצן. דער מיטלאַלטער און רענעסאַנס־פּעריאָד האָט ווידער הייטער און באַקכאַנטיש אָפּגעקלונגען אין זיין ליד, מיט שווערד־דועלן, טונירן, וויין־באָקאַלן, בלוטיגע אַוואַנטיורעס און דאָרט,

אויפן גרינעם טורעם — דאָס בלייכע צעזיכט פון דער איינזאַמער דאַמע . . . אין געלבן גיפּס — אין אַ ים פון מאַסקעס — האָב איך זיי דערקענט. אויסגעמישט מיט גאַסנפּרויען, בלומען־פאַרקויפערינס, שיכורים, שאַנסאָנעטקעס און אַלע פּערסאָנאַזשן פון דעם טעאַטער־און־צירק־פאַנטאָמים, וואָס לייב ניידוס האָט אַזוי ליב געהאַט און רייך און עקסטראַוואַגאַנט, אין זיין ראַפינירט־שאָפּענישן פערז, ווי אַ יונגער אַמאַנט, באַזונגען.

עס איז געווען אַ מאָדנע פּובליקום — אומערדיש, פאַרהילט אין אַ מין בלוי־גאָלדיגן ליכט, באַהויכט פון דעם ריטם, דעם הייליגן ציטער, דעם ריטערלאכן שמערץ, די פּרינצלאַכע עלעגאַנץ, די טראַגיק און די שיינקייט פון אַ גראָדנער איד, וואָס האָט אין דער רייפער, קלאַסישער ליטעראַטור געלאָזט אויפקלינגען זיין ליד — ווי אַ גאַנצן אָרקעסטער, מיט פידל, פּויק, פלייט און וויאָלאָנטשעל . . . דאָס דאָזיגע ריזיגע פּובליקום — מיט פאַרטרויערטע מאַסקעס, ווי אָקטאָבערס הויטע בלעטער; די דאָזיגע געזיכטער פון טענצערינס, אַרלעקינען, פּיעדראָס און קאָלאָמבינעס האָט דער אידישער פּאָעט אַריינגעבראַכט מיט אַזוי פיל גראַציע און ווירטואָזישקייט, מיט אַזוי פיל עסטעטישן חוש און יוגנט־ענטוזיאַזם אין דעם אידישן פּאַרנאַס, וואָס איז ביז דאַן געווען אַ פעלד פון זיפץ און טרויער . . . און איר האָט דאָ באַגעגנט די העלדן פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע — די מאַרמאָרנע געטער און געטינס, און גאַנצן שפּיל פון געטלאכן פלירט . . .

ווי אויף בילדער פון דעם ראָקאָקאָ־מייסטער, אַנטואַן וואַטאָ, האָבן דאָ ווידער אויפגעלויכטן אַפּאָלאָ און נאַרציז, צירצעלע און מעדעאַ, באַקכוס און די נימפן, אנטיגאנא און פּראָמעטעאוס, קעניג עדיפּ און די אין שוים געהילטע אַפראָדיט . . . און אָט זיצן אין אַ ווינקל אַ ריי פיגורן וועלכע מען קען דערקענען לויט זייערע מיט פייער־געשריבענע נעמען אין דער אייראָפּייאישער דיכטונג; פּושקין מיט זיין טונקל־נעגערישן פּנים, מיט זיין טרויעריג־פאַרביסענער ליפּ — און באָדלער, פון וועמענס רונד געזיכט עס פילט זיך דער אָפּיום און דער האַשיש און וועמענס אויגן לויכטן אַרויס ווי גרויסע, שוואַרצע איידלשטיינער; איר דערקענט דאָ דעם עסטעט־מייסטער גאָטיע, און דעם וואָילקלאַנגיגן סעוועריאַנין; לייב ניידוס האָט דירעקט זייערע מעכטיגע און טעאַטראַליש־קלינגענדיגע לידער אַריינגעפירט אינם כאָר פון זיין דיכטונג. די זינלאַכקייט מיט פייער געשריבן אויפן יונגן, לילאַ־בלייכן לייב פון ווירגינען; די עראָטיק — וואָס בינדט ווי אַ פייערדיגע קייט די מענטשהייט און די נאַטור־סימפאָניע, וואו לאַנדשאַפטן, פון האַרצן אַרויסגעצויגענע, ווערן אויף אייביג אַוועקגעשטעלט ווי אין גראַניט געהאַמערט — דורכן יונגן אידישן ליד־מייסטער. די נאַטור־פּאַסטאָראַלע — אַזוי פּרעכטיג אָנגעצונדן אין לייב ניידוס'עס פּאָעמע „די ערד דערוואַכט" — און דעם קולט צום ליד, די פאַרליבטקייט אין דער פאָרם; דאָס אויפקלינגען מיט כוואַליענדיג־זאָרגלאָזע ריטמען, מיט שטורקאַצישע בוקעטן ליכט, מיט אַלע פינקלענדע און שימערירנדיגע דערשיינונגען פון דער נאַטור — אין מאָרגנרויט און אין די מיסטיש־געהיימנישפולע פאַרנאַכטן, ווען דעם פּאָעטס רויזנרויטע נשמה הילט זיך איין אין מיסטישן בלוי און עפנט זיך צו די שאָטנס פון דער נאַכט . . . דאָס אָנציגן דאָס אידיש־קרעכצנדיגע וואָרט צום ציטער פון פאַרליבטע הערצער; צום רויש פון

קרינאַלינעס אויף בעלער; צום פלאַטער פון רויזנרויטע לאַקן אין טאַנץ — צום שעפּטש פון ליבע — צום ענטוזיאַזם פון סטודענטישער יוגנט — וואָס לייענט וועלט־ליטעראַטור, זעט קונסט־אויסשטעלונגען, ליבט מוזיק . . .

עס איז געווען אַ פאַנטאַסטיש פּובליקום. און אַט טאַנצט אויף דער עסטראַדע אַ בלייכע, אָבער זינלאַכע טענצערין. איך דערזע אויף דער בינע לייב ניידוס׳ן — דעם יונגן אַפּאָלאָ. איך פריי זיך מיט זיין גע־זיכט, בלייך ווי מאַרמאָר; געשניטן מיט גרויס כאַראַקטער; די אויגן — ערנסט און גאָלדיג און מיט דער וויזיע פון גאָר דער וועלט. זיי האָבן גע־זען דאָס ליכט און שאָטן. זיי האָבן געזען די וועלט פון אויסגעריבענע טראָטוואַרן און קריסטאַלן. זיי האָבן געזען די אַלטע באַבעשי — מיט אַזוי פיל ליבשאַפט באַזונגען אין זיינע פאָלקסטימלאַכע לידער; זיי האָבן געזען דעם איידעלן ציטער פון דער מאַדאָנאַ — און די אוצרות פון צירונג — פון ביזשוטעריע וואָס צירט די לייבער, די קליידער פון זיינע פּערסאָנאַזשן. און איך זע זיין גריכיש־געשניטענע נאָז — אַ נאָז וואָס האָט דער ערשטער אין דער אידישער פּאָעזיע געהאַט צו טאָן מיט פּאַרפיומען — געפילט דעם ריח פון פּרויענבלייב — דעם אַראָמאַט וואָס שמעקט פון מיידלאַכס פרילינגדיגע בריסט . . . דאָס דאָזיגע געזיכט האָט באַזעסן כאַראַקטער. עס האָט געזען די וועלט — די גאַנצע וועלט. ניין, לייב ניידוס איז נישט געווען קיין מיידלשער פּאָעט — נאָר אַ מאַן, וואָס האָט געהאַט אַ חוש פאַרן לעבן, פאַר די ליידנשאַפטן, און זיין ליד — דאָס איז מענדעלסאָנס אַ מעלאָדיע. דאָס איז שאָפּענס אַריסטאָקראַ־טישער טרויער. דאָס איז די גאַנצע דראַמע פון לעבן. פון אַ לעבן וואָס ער האָט געוואָלט אַריינפירן צו אונז — לויטן מוסטער פון אייראָפּע. לויטן קאַפּריז פון אַ אידישן פּריצ׳ס אַ זון — לויט דער וויזיע פון אַ פּולקאָמענעם זשענטלמאַן און אַ פּול־בלוטיגן ריטער. ער האָט דאָס דאָזיגע גלאַנצפולע לעבן געזען ביי די פעלקער — און ער האָט פאַר־שטאַנען אַז נישט נאָר די אידישע פּאָעזיע, נאָר אויך דאָס אידישע פאָלק האָט אַ רעכט איינצופירן אין די ראַמען פון לעבן דעם פּראַכט און דעם גלאַנץ, די שיינקייט און די פולקייט וואָס עס פעלט אונז . . .

נאָענט צום אין־טרויער־פאַרהילטן לייב ניידוס־געשטאַלט, וואָס האָט מיט נייגער נאָכגעפאָלגט דעם ציטער פון דער טענצערינס גלידער, האָט געטאַנצט די גליענדיגע בראָנז־טענצערין . . . און נאָכפאָלגנדיג אירע באַוועגונגען — האָב איך זי דערקענט . . . די לייב ניידוס־גראַ־ציעזע און ווירטואָזישע פערזן האָבן ווי מיט פייער אויפגעלויכטן אין מיין זכרון:

פאַרלעש די נאַכט אין אומגעדולד אין פרעכער
דעם אָוונטס בלויען, ציטריגן געבעט,
דאַן שליידך איך מיך אַדורך, ווי אַ פאַרברעכער,
צום רופנדיגן ווייטן קאַבאַרעט.
איך זעץ מיך ביי אַ טישל אין אַ ווינקל,
און כ׳וואַרט דאָרט, — פון עלעקטרי־שיין באַשטראַלט —
ביז ס׳טוט אויף דער עסטראַדע העל אַ פינקל
דער טענצערינס עלאַסטישע געשטאַלט.
אַך, גאָט — איר לייב! כ׳גלי אויף, ווען איך דערזע דאָס
אין בראָנזענעם, אין טונקל־גאָלדענעם בלאַנק!
ווי אַ באַגולדעטער שטייפער שווערד טאָלעדאָס —

איז עס געפערלאַך, בייגעוודיג און שלאַנק! . . .
די שפעטע נאַכט־שעה אין מיין כוס שאַמפּאַניער
צינדט רייכער אַן דעם רייץ פון ברוסט און פוס,
וואָס אָטעמען מיט דרייסטן שטאָלץ פון שפּאַניער,
מיט פיבערדיגן וויטאָג פון גענוס . . .
פון יעדן טראַט, דעם זוניגן און קלאָרן,
פון יעדן בייג: דערפילט מיט ליבע־קראַמף, —
בליצט אַפּ די ווילדע פּראַכט פון מאַטאַדאָרן,
בשעת אין צירקוס הילכט דער אָקסנקאַמף . . .
איר יעדער אָרעם־פּאַך, אַ קער אַיעדער
טראָגט אַן אין לופט אַ פּאַליענדיגן ווינט
פון באַרסעלאָנאַס פּאַמעראַנצן־סעדער,
ווי אין דעם טונקל־רייפן פּרוכט און זינד . . .
אָ, שווער איז פון איר שיינקייט זיך צו רעטן,
ווען, צווישן פינגער, צאַפּלען־אויף ביי איר
די תאווה׳דיגע, דראַבנע קאַסטאַניעטן,
צערשיטנדיג אַ פייער־שטויב אין מיר.

אין ווינקל זיפצט פון מידקייט שוין די פּיאַנע,
און ס׳קלאָגט זיך שוואַך די פידל און די פלייט —
נישט מיד אז נאָר די בייגיגע גיטאַנע
און דרייט איר טאַנץ פון ליידנשאַפט באַגלייט . . .״

די טענצערין האָט צום סוף פאַרענדיגט שוואַנענדיג איר טאַנץ — קניענדיג צום אפּאָלאָ־בלייכן, נאַזאַרעניש־ערנסטן, יונגן לייב ניידוס, וואָס איז געווען איינגעהילט אין דער מעלאַנכאָליע פון שטאַרבן . . . בוקעטן בלומען זיינען דערלאַנגט געוואָרן צו דער סצענע — בלומען, וואָס דער פּאָעט האָט אַריינגעפירט אין דער אידישער פּאָעזיע. בלומען — וואָס ער האָט אָנגעצונדן מיט אזוי פיל אידלקייט און סענסיטיווי־טעט . . . בלומען — צו וועלכע לייב ניידוס האָט זיך באַצויגן מיט יענער גראַציע און יענער קאַוואַליערישער אויפמערקזאַמקייט וואָס ער האָט געוויזמעט די צאַרטע פרויענגעשטאַלטן . . .

אַ גרויסע מוזיק איז דורכגעגאַנגען דורכן פּובליקום. אַ זיידענער רויש פון די ריטמען פון לייב ניידוס׳עס דיכטונג. עס זיינען געהאַלטן געוואָרן רעדעס, וועמענס מוזיקאַלישע רייד האָבן געצונדן מיין געמיט. עס זיינען אויך אויפגעטראָטן די קלאַסיקער פון דער אידישער פּראָזע — מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם. לייב ניידוס האָט ליב געהאַט פּרצ׳ן און ער פלעגט פיל רעפעראַטן וועגן דעם אָנגעצונדענעם ראָמאַנטיקער־מיסטיקער האַלטן אין פיל שטעט און שטעטלאַך. לייב ניידוס איז צווישן זיי דערשינען ווי דער פרינץ פון רייכע, פאַנטאַסטישע וועלטן — פּאַ־ראַלעל מיט אַ פּולער, רייפער, מעכטיגער פּראָזע — אין וועלכן פּרצ׳ס קבליסט און שלום־עליכמ׳ס שדכן־קלאָון האָבן קאַלירפול פּאַראַדירט.

עס איז געווען אַ באַנקעט געגעבן פון אַן אומערדיש, פאַרטרויערט פּובליקום צו זייער גרויסן דיכטער. אַ דיכטער, וועמענס באַדייטונג פילט זיך אין דער גאַנצער מאָדערנער פּאָעזיע פון די „יונגע״, פון די „אינזיכיסטן״ ביז צו די סאַמע ראַפינירטע „יונג־ווילנער״ און די גלענצנדיגע, אָריענטאַליש־באַלקאַנישע פערזן־שמידער פון רומעניע...

פיל האָבן רעציטירט לייב ניידוס׳עס פּאָעמען און לידער. איך האָב

זיי גוט געקענט. און צום סוף — איז פאַרגעקומען אַזוינס וואָס האָט מיך אומענדלאַך־טרויעריק געמאַכט . . . די גאַנצע פּאַנאָראַמע פון מאַסקעס האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן . . . קאָלירן האָבן אָנגעהויבן צו צעשמעלצן זיך, צו צערינען . . . די צאַרטע, מעלאַנכאָלישע פּרויען, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט זיינע לידער — און די פאָרמען, די „סאָנעטן, טריאָלעטן, ראָנדאָס, מיניאַרעטן, ווילאַנעלן, גאַזעלן" האָבן שמערצפול אויפגעטאַנצט, אויפגעטאַנצט ווי פון פייער־יסורים באַהערשט, און האָבן זיך אין אַש פאַרוואַנדלט. גראַמען פּרעכטיגע האָבן ווי איידלשטיינער געציטערט און געפּליטערט אין דער לופט און צוזאַמען געזונקען מיט הערלאַך־נאַקעטע פיגורן אין גרינע כוואַליעס און ציטערנדיגע רויכן פון צייט און אינמיטן דעם אַלץ־פאַרגייענדיגן באַנקעט איז געזעסן אַ ווײַלע לייב ניידוס — ווי אַ סטאַטוע — און רואיג צוגעזען דעם זון־אונטער־גאַנג פון זיין דיכטונג, וואָס טאַנצט מולטיקאָלעריק דעם לעצטן פּאַנ־טאָמים־טאַנץ פאַרביי אים — זייער מייסטער . . . דאַן האָט ער אויך אָנגעהויבן פאַנאַנדערצופאַלן — באַהערשט פון צייט, הגם מיין בליק האָט געזוכט גאַנץ צו האַלטן די וויזיע פון אים . . .

עמעץ האָט רעציטירט דאָס ליד, ביי וועמענס ערנסטע און טיף־רירנדיגע ווערטער איך האָב דערוואַכט פון דעם זעלטענעם לייב ניידוס־באַנקעט . . .

„איך האָב געזען אין שלאָף אַ לאַנגזאַמע לויה,
וואָס האָט זיך שטיל באַוועגט אין שאָטן פון פאַרנאַכט;
אין דיך האָב איך געזען, מיין איינציגע, מיין טרייע —
דו ביסט געגאַנגען שטום אין טרויעריגער פּראַכט . . .

דיין בליק האָט זיך געטוקט אין שוואַרצן טול פון מיטה,
און קיינער האָט געזען אין לאַנגער קייט פון קעפּ,
ווי ס'פאַלט דיין טרער אַראָפּ, אַ צווייטע און אַ דריטע,
און זאַפּט זיך איין אין נעץ פון דיין געדיכטן קרעפּ . . .

ס'האָט וואו־ניט־וואו געצאַנקט אַן איינזאַמער לאַמטערן,
און האָט אַ בלאַסן שיין אין אָוונט־לופט געזיפּט,
און טרויעריג געקוקט פון הימל האָבן שטערן,
ווי אויגן וועלכע זיינען אין דעם טויט פאַרליבט . . .
געעפנט האָט זיך וואו אַ פענצטער אין אַ מויער,
אַ קאָפּ האָט זיך באַוויזן איילנדיג און גיך,
„ווער האָט די וועלט פאַרלאָזט" — האָט ער געפרעגט אין טרויער,
און עמעץ, פול מיט לייד, האָט אָנגערופן מיך . . . "

# א וואָרט וועגן רעצענזיעס

עס איז מאָדנע וואָס אין די לעצטע צען־פופצן יאָר, זינט איך האָב אָנגעפאַנגען פּראָפעסיאָנעל צו שרייבן — ווייל אומפּראָפעסיאָנעל שרייבט אַ שרייבער פון זיין קינדהייט אָן — ער שרייבט לידער נאָך אין דער מוטערס בויך, פּונקט ווי אַ מאלער־קינד שמירט מיט קאָלירן פאַרנאַכט אויפן האָריזאָנט נאָך ווען די מוטער האַלט אים אויף איר שויס, אויף איר גרויסן גאָלדענעם קלייד — איז מאָדנע וואָס דורך מיינע צען־פופצן פּראָפעסיאָנעל־ליטעראַרישע יאָרן ראַנגל איך זיך מיט דער רעצענזיע. און דווקא דערפאַר וואָס איך ראַנגל זיך, האָב איך מער געזינדיגט ווי וועלכער עס איז קריטיקער, וואָס ל י ט ע ר אַ ־ ר י ש ע  ק ר י ט י ק איז זיין געשוואוירענער „מעטיער" (פאַך).

איך בין געקומען פון אייראָפּע מיט אַ הייסן גלויבן אין דער אידישער ליטעראַטור און יעדעס אידישע בוך איז מיר געווען הייליג. איך וויל נישט קלינגען צופיל פּאַטעטיש ווען כ׳וועל דערציילן אַז דורך מיינע יאָרן אין סאַנאַטאָריום פלעג איך שווער האָרעווען אויף צו לייענען אַלערליי אידישע ווערק און שפּעטער זיי צו רעצענזירן. נאָך אַ דערפאַרונג פון צען יאָר מיט אידישע ביכער, אידישע שרייבער, אידישע קריטיקער און אידישע ליטעראַטור — מוז איך זאָגן אַז איך רעוואָלטיר לעצטנס זייער העפטיג אויף דעם אָנבאָט צו שרייבן רעצענזיעס מצד רעדאַקטאָרן און שריפטשטעלער — די מחברים פון די ווערק. יאָ, דאָס איז דאָס אומעטיקע אין דער אידישער ליטעראַטור — וואָס נישט דער פאַרלעגער, נישט די יעניגע וואָס זיינען פאַר־אינטערעסירט אין דער סוחרישער זייט פונם בוך — „דערמוטיגן" — איידל גערעדט, צו שרייבן די רעצענזיע אויפן באַשטימטן בוך, נאָר עס איז געוואָרן אַן ענין פון מחבר זעלבסט... דער מחבר שיקט אייך צו זיין ווערק, שרייבט אייך פּריינטלעכע בריוו, בעט ביי אייך די רעצענזיע חלילה נישט צוליבן בוך, אָדער צוליב זיך אַליין א.א.וו. — נאָר...

דאָס אידישע בוך — פאַרלירנדיג זיין קאָמערציעלן ווערט — האָט גאָרנישט מער צו דערוואַרטן ווי אַ גוטע אָדער אַ שלעכטע רעצענזיע. דערצו איז ממש העסלעך דער אופן ווי נאָכדעם ווי דו שרייבסט אָן אַ רעצענזיע, איז אויב זי איז פון נעגאַטיוון כאַראַקטער, וועלן דיך די שונאים פונם באַטרעפנדיגן שריפטשטעלער לויבן און ער אַליין בלייבט דיר אַ שונא אויפן גאַנצן לעבן, בשעת אויב די רע־צענזיע איז אַ פּאָזיטיווע — קריגסטו אַ וועלט מיט שונאים און אים אַליין, דעם גערעצענזירטן, פאַר אַ צייטווייליקן פריינט, ווייל ער איז גרייט דיך באַלד צו פאַרראַטן...

פאַר אַ פרעמדן, נישט־ליטעראַרישן מענטשן קען אויסזען ווילד די דאָזיקע בוכהאַלטעריע. זי איז אָבער וואויל־באַקאַנט צו דעם וואָס האָט אָן אַנונג ווי ענג אונזער ליטעראַריש וועלטל איז. ווי עגאָ־איסטיש! ווי זעלבסט־נוצן און זעלבסט־כבוד שפּילן די הויפּט־ראָלן. און ווי אַזוי דו קענסט זיך ממש נישט פריי באַוועגן אין דאָזיקן וועלטל, ווען דו האָסט נישט קיין מאַכט. ווען דו געהערסט נישט צו קיין פּאַרטיי. ווען דו ביסט אַן ערלעכער מענטש, וואָס נעמט ערנסט די הייליקייט פון וואָרט. וויפיל דו זאָלסט נישט האָבן געשאַפן —

קוואַנטיטאַטיוו און קוואַליטאַטיוו — שטעלסטו מיט זיך גאַרנישט פאַר און דו קענסט ממש אויף גאַרנישט האָפן אין דער דאַזיקער וועלט אונזערער, וואו מען רעכנט זיך מיט טאַלאַנט זייער ווייניג און וואו דו קענסט אויסגיין פאַר פיזישן הונגער גאַנץ „געמיטלעך“.

זאָל אין די דאַזיקע שורות נישט פיל דערציילט ווערן פון אונזער אָרעמקייט און אונזער בראָך. אין אונזער פאָלקס־טראַגעדיע פון די לעצטע יאָרן איז געוואָרן ממש אַ פאַרברעכן צו זאָגן אַ וואָרט פון באַשולדיקונג קעגן אונזערע פעלערן. און איך האָב אַזוי ווייניג גלויבן אין אַלע יענע פּראָפעסיאָנעלע פאָלקס־ליבהאָבער, וועלכע דערקלערן זיך דעם פאָלק אין ליבע בייטאָג און ביינאַכט, ממש זיי פּלאַצן פון גרויסער ליבשאַפט. איך וויל בלויז זאָגן, אַז דער פּראָפעסיאָנעלער קריטיקער האָט זיין טריבונע, און דאָס ברענגט אים פּרנסה. בשעת דער אומפּראָפעסיאָנעלער קריטיקער דאַרף שיקן זיין רעצענזיע אין אַלערליי זשורנאַלן, ער דאַרף זיך ראַנגלען מיט אַלערליי רעדאַקטאָרן, און דאָס מאַכט דעם רעצענזיע־שרייבער היפּש אומעטיק. (איך וויל, אָבער, דאָ צוגעבן, אַז וואָס עס איז שייך יצחק ליבמאַן, דעם חשוב׳ן רעדאַקטאָר פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט“, האָב איך מיט אים די אויסנאַמלאַכע גוטע דערפאַרונג אין שייכות צו מאַנוסקריפּטן.) קיין באַלוינונג פאַר זיין אַרבעט קען ער ניט דערוואַרטן, און וואָס שייך די גייסטיקע סאַטיספאַקציע, איז זי אַ נישטיגע, ווייל נאָכן אָנשרייבן עטלעכע הונדערט רעצענזיעס ביסטו שרעקלעך אומעטיק. עפּעס ווי דו וואָלסט אָפּגעטאָן אַ טרויעריגע אַרבעט. דו האָסט געקראָ־גען דיינע שונאים און דיינע מכלומרשטע פריינט נישט פאַר מאַכן גוטע געשיכטע. דו פילסט זיך אומעטיג פונם פאַקט וואָס מען האָט דיך מיט גוואַלד געמאַכט פאַר אַ קריטיקער. פונקט אַזוי ווי די מענטשן טוען אָן אַ קרוין פון אַ משיח אויפן קאָפּ פונם דעמאַגאָג — אַזוי טוט מען אָן אַ קרוין פון אַ קריטיקער דעם יעניגן, וואָס האָט ליב אין בלויע דעמערונגס־אָוונטן צו שמועסן וועגן קונסט. ווייל איך האָב אָנגעהויבן שרייבן וועגן די אייראָפּעאישע ליטעראַרישע פיגורן. איך האָב געחלומט פון אַריינברענגען פרעמדע אוצרות אין דער אידישער ליטע־ראַטור. וואָלט געווען אַ שטודירנדיגע, אַ לייענענדיגע אידישע יוגנט, וואָלטן זיי געהאָט אינטערעס אין די העלדן פון דער אייראָפּעאישער נאָוועלע און עסיי. איך האָב געוואָלט דעם אידישן לייענער פירן אויף אַ שפּאַציר אין די גערוימע אַלייען פון דער וועלטס־קונסט און ליטעראַטור.

איך האָב מיין „קאַריערע“ פון שרייבן וועגן מאָלעריי אָנגעהויבן ביים באַשרייבן די מאָלערישע קוואַליטעטן פון זאַ גרויסן בלאַט וואָס איז געלעגן צו מיינע פיס אין אַ פּאַרק. איך האָב באַוואונדערט דעם כישוף, די פּאָעזיע, די איידעלע אָדערן, די מענטשלעכקייט פונם בלאַט, וואָס איז געפאַלן פון אַ גרויסן בוים אין מאָנאַט אָקטאָבער.

זייט דעם מאָמענט וואָס די דאַזיקע זאַך איז דערשינען — האָבן מאָלערס מיך אָנגעהויבן איינצולאַדן אין זייערע סטודיאָס און אויסצושטעלן זייערע בילדער. עס איז שרעקלעך אומבאַקוועם ווען דער מאָלער שטייט פאַר דיר און וואַרט צו קריגן דיין דערקלערונג. צו זען דיין רעאַקציע אויף יעדן בילד וואָס ער שטעלט דיר אונטער די אויגן.

און פונקט אַזוי ווי דו זעסט נישט אין דער אמת׳ן דאָס בילד,

ווען דער מאָלער שטייט לעבן דיר און מאָנט דיין רעאַקציע, און ווען דו האָסט נישט קיין צייט צו אָטעמען אין דער אַטמאָספערע און שטימונג פונם בילד — אַזוי אויך געניסטו נישט אַלס לייענער דאָס בוך וואָס דו לייענסט אויף „באַשטעלונג". דער קריטיקער דערמאָנט זיך זשעדנע יענע פריע און ערשטע טעג ווען ער האָט אַ פּאַרכאַפּטער געלייענט די רייזע־באַשרייבונג אין טיבעט אָדער די נאָוועלע וועגן די אינדיאַנער פון נאָרד־אַמעריקע, צי די אצטעקן פון מעקסיקאָ. פאַרשוואונדן איז יענער גרויסער ענטוזיאַזם און גאָלדענער חלום פון דעם אינגן לייענער פון דער וועלט־ליטעראַטור.

דער קריטיקער לייענט די ביכער וואָס מען שיקט אים צו — מעכאַניש, קאַלט, ווייל ער טוט עפּעס אַן אַרבעט. ווייל עס איז נישט מער דאָס גרויסע לייענען פון די ערשטע טעג, ווען דו האָסט געגלויבט דעם קינסטלער, ווען דו האָסט אַ ראָמאַן איבערגעלעבט ווי דיין אייגענע דראַמע, ווען דו האָסט געלעבט ווי העלדן אין דער וועלט־ליטעראַטור האָבן געלעבט, ווען דו האָסט ליטעראַטור גענומען ערנסט און הייליק...

אַ סך פון די שרייבער וואונדערן זיך וואָס מען האָט נאָך זייערע צוגעשיקטע ביכער נישט געלייענט. זיי קענען זיך נישט פאָרשטעלן, אַז נעכטן שפּעט ביינאַכט, ווען איך בין מיד אַהיימגעקומען פון דער שטאָט, אַן אומענדלעך־טרויעריגער, האָב איך גאָר אַריינגעקוקט אין אַנדריי מאָרואַס׳ ביאָגראַפיע פון שאַטאָבריאַן. אָדער אין דער אויטאָ־ביאָגראַפיע פון סאָלאָמאָן מיימון. אַז אַן אָוונט פריער האָב איך גע־מישט די בלעטער פון באַלזאַק׳ס אַ דיקן ראָמאַן. אַז אָט דאָס קליינע, דינע בוך מיט סטעפאַן צווייג׳ס איבערזעצונגען פון עמיל ווער־האַערנס לידער האַלט מיך שוין אַ וואָך צייט געשפּאַנט. אַז איך וועל מיט פאַרגעניגן אויפפּאַקן דאָס פּעקל מיט פינף אַלטע קלאַסישע ביכער, וואָס איך האָב אין נעכטיקן אָוונטיגן רעגן אַהיימגעטראָגן אונטער דער פּאָלע פון מיין מאַנטל. וואָס קומט מיר פאַר אַ שטראָף אַז אַנשטאָט צו לייענען די לידער פון אַן ערשט־דערשינענעם פּאָעט׳ס באַנד — ציט מיך ווי אַ מאַגנעט דאָס אַלטע בוך פון יאַ־זעפוס פלאַוויאוס וועגן אידישע קעניגן. אַז די פּאָעמען פון דעם פּרע־ראַפאַעליטיקער דאַנטע גאַבריעל ראָזעטי ליגן שוין ביי מיר דריי יאָר, איבער טויזנט נעכט, און די בלעטער זיינען אַפילו נאָך נישט אויפגעשניטן געוואָרן. אַז אַ מידער פון דער גרויסער דראַמע פון וועלט־און־ליטעראַטור, לייען איך גאָר אין אַ בלויען באַגינען דעם תנ״ך, אַ גאָלדן קאַפּיטל פון דעם הערלעכן און אָנגסטיגן תהלים.

זיי קענען נישט פאַרשטיין אַז איך האָב ליב צו לעבן מיט ליטע־ראַטור, ווי מיט אַ פּרעכטיגן גאָרטן, פול מיט גרויסע, אַלטע ביימער. אַז איך האָב ליב צו געניסן פריי, אומשולדיג, פון אַ גוטן באַנד דערציילונגען אָדער פּאָעזיע — אָן דער פאַרשאָלטענער טבע צו רעצענזירן. בין איך עמעצענס קנעכט? האָט מיך עמעץ געקויפט? מוז איך שקלאַפן ביי ביכער וואָס מיינען צו מיר פּערזענלעך נישט קיין טרייסט, קיין אונטערהאַלטונג, קיין רעליגיע, קיין פילאָסאָפיע?

אַ שריפטשטעלער מעג וועלן בלייבן אין זיין איינזאַמקייט דער פרייער, טרוימהאַפטער, ראָמאַנטישער לייענער. און פאַרוואָס דען נישט? אויב קיין פּרנסה האָט ער נישט — פאַרוואָס זאָל איך נישט טאָרן מיין גאָט־געבענטשטע צייט פאַרנעמען מיט די ביכער וואָס

איך האָב ליב... און אין געמיטלעכקייט וועל איך דאָך אומ־דירעקט צוקומען צו די ביכער וואָס זיינען מיר צוגעשיקט געוואָרן און איך וועל זיי לייענען...

ווער ווייסט עס נישט אַז שילער פון די שולן האָסן די פּאָעטן און דראַמאַטורגן וועלכע זיי מוזן לערנען אויף אויסנווייניג, וועלכע דער לערער צווינגט אויף זיי אַרויף. עס דויערט יאָרן ביז די אינגלעך און מיידלעך באַפרייען זיך פון דעם פאַראורטייל אין דער שלעכטער שולע־דערינערונג וואָס מאַנכע נאַציאָנאַלע שריפטשטעלער שטעלן מיט זיך פאָר. בלויז די אַנטוויקלונג פון זיין אייגענער פּערזענלעכקייט עפנט פאַר אים יאָרן שפּעטער אויף די וואונדערלעכע וועלט, די באַדייטונג פון אַ פּאָעט, וועלכן ער האָט אין דער יוגנט געהאַסט, ווייל דער לערער האָט דורך אָט דעם פּאָעט׳ס דיכטונגען אים געפּייניקט, אויף אים טרוקענערהייט אַרויפגעצוואונגען זיין ווערק.

אפשר קלינגט עס סנאָביש — דאָס וואָס איך האָב דאָ געזאָגט וועגן רעצענזיעס. אָבער איך רעד זיך אַראָפּ פון האַרצן. און איך וויל נישט מיספאַרשטאַנען ווערן.

איך וויל נישט שרייבן אויף באַשטעלונג. און זאָלן די יעניגע רעדאַקטאָרן פון פּעריאָדישע שריפטן און זשורנאַלן נישט באַשטעלן באַשטימטע רעצענזיעס, אויב זיי קענען נישט דעם קריטיקער געבן די מעגלאַכקייט צו עסן ווי אַ מענטש אין אַן אָנשטענדיגן רעסטאָראַן. מיין צייט געהערט צו מיר, גאָט האָט זי מיר געגעבן און יעדער נאַכט דאַנק איך גאָט מיט טרערן אין האַרצן פאַר דער דאָזיקער וואונדער־לעכער צייט. און איך מעג אין איר לייענען און שרייבן וואָס מיר גלוסט זיך, אַזוי לאַנג ווי איך בין נישט צו קיינעם פאַרקויפט.

און דאָס שענסטע בוך איז נאָך אַלץ פאַר מיר דער הימל מיט זיינע ברילאַנטענע שטערן־אותיות; און די נאַטור מיט אירע מיליאָ־נען וואונדער. און גאָט, מיט דעם ריזיקן באַנוסקריפּט וואָס ער האָט אָנגעוואָרפן אין מעשה בראשית׳דיגער איילעניש — די וועלט — האַלט מיך נאָך אַלץ געשפּאַנט. זאָל דעריבער קיינער נישט דערוואַרטן אַז איך וועל זיך פּרייוויליג פאַרשקלאַפן צו ביכער, וועלכע איך וועל סיי־ווי אין דער צוקונפט לייענען — אָבער לויט מיין אייגענעם געמיט און שטימונג...

און זאָל דאָס דאָזיגע אַרטיקל דינען ווי אַן אויסדרוק פון מיין אינערלעכן רעוואָלט קעגן דעם באַליידיקנדיגן אופן פון לייענען ביכער און שרייבן רעצענזיעס. נאַטירלעך, האָב איך דאָ נישט אָנגערירט דעם אופן ווי די רעצענזיעס ווערן געדרוקט. ווי אַזוי מען טאָר נישט אַן אָטעם טאָן אין די ראַמען פון דער רעצענזיע. ווי אַזוי מאַנכע רעדאַק־טאָרן צווינגען דיך אַריין אין אַ סדום־בעטל אַזאַ, וואָס גיט דיר אַפילו נישט די מעגלעכקייט צו פאַרוואַנדלען אַ רעצענזיע אין אַן עסיי, אין אַ ווערק פון גרעסערער קינסטלערישער באַדייטונג. דער ענין ווי אַזוי מען זינקט קינסטלעריש ביים שרייבן די „קורצע רעצענזיע״, וואָס דער רעדאַקטאָר פאָדערט — איז אַן ענין פאַר אַ צווייטער אַרבעט.

דערווייל זאָל פאַרצייכנט ווערן מיין רעוואָלט, מיין רעאַקציע קעגן דעם רעצענזיע־שרייבן. און זאָל עס דינען אויך ווי אַן „אַדיע״ צו דעם אופן ווי איך האָב ביז איצט געלייענט ביכער און געשריבן רעצענזיעס. אַ מענטש האָט אַ רעכט תשובה צו טאָן... עס איז קיינמאָל

נישט צו שפּעט... פאַרן שעפערישן מענטשן וואַרטן שטענדיג נייע אַוואַנטיורעס — נייע עקספּערימענטן אין דער אומגעהייערער לאַבאָראַטאָריע פון ליטעראַטור.

ניו־יאָרק, נאָוועמבער, 1, 1946.

# דאָס אידישע שטעטל

דאָס שטעטל איז דאָס געבורטסלאַנד פון יעדן קינסטלער. דאָרטן האָט זיך אָפּגעזעצט דורות חכמה און גייסט. אינם פּוילישן שטעטל זיינען געבליבן די עקזיסטענצן פון טויזנט יאָר אידיש לעבן. די אידן, די וואַנזיניקע, די קרומע און לאָמע און שטומע, די קאַליקעס, די הייליקע און די זינדיקע; די רעדנער, פּלוידערער, שמועסער און וויצלינגען; די קלאָונס, די מאַרשאַלעקס, די קבצנים, די טרעגערס, די קברנים, די „נביאים", די שטערנזעערס און „פּאָליטיקער" — די דאָזיקע אַלע געשטאַלטן, אָפּגעגאָסן דורך דעם זשעניע פון טראַדיציע — האָבן אַפילו נישט געוואָלט אַריינגיין אין דר'ערד אַריין. פון בית עולם פלעגן זיי צוריקקומען אין די נעפּלדיקע באַגינענס און ווירקן און שפּילן און טאַנצן אויף דער אידישער חתונה — אויפן אידישן לעבנס־ספּעקטאַקל.

ווען סערוואַנטעס און שעקספּיר; ווען פּרץ און מענדעלי; ווען רייזען און וויסנבערג גייען אין דער וועלט, ווען זיי ווערן רייפע און שעפערישע מענטשן, ווען זיי קוקן זיך צו צום גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע, ווען זיי לייענען די ווערק פון פרעמדע פעלקער — דאַן פאַרטראַכטן זיי זיך איבער די פיגורן און טיפּן פון שטעטל. אָט די קאַליקעס און קאַטערינשטשיקעס; אָט די בדחנים, שדחנים, משוגעים, נאַרן און פּורימשפּילער; אָט די בלינדע, קרומע און שטומע און לאָמע, אָט דער גאַנצער אינווענטאַר פון טויזנט יאָר אידיש לעבן אין פּוילן — גייט אַריין אין זייערע ווערק. באַקומט זין, מיינונג, באַדייטונג — און צוועק. די דאָזיקע האַלבע, צעבראָכענע, נישט־דערגאַנגענע, נישט־פאַרענדיקטע, נישט־אויסגעוואַקסענע, דורכן לעבן צעבראָכענע און אָפּגעהאַקטע כאַראַקטערן, וואָס האָבן געזען, געפּילט, געבענקט, געטראַכט, געליבט און זיך געבראָכן די הערצער און די נשמות אונטער די גרויסע שטערן פון די פינצטערע קליין־שטעטלדיקע הימלען — די דאָזיקע אַלע טיפּן ווערן דער טיפאַזש פון דער וועלט־ליטעראַטור. ווערן די העלדן פון דער וועלט־בינע. דורך די פּריזמעס פון די אוניווערסאַלע קינסטלער ווערן זיי פאַרענדיקט, געלייטערט, גאַנץ געמאַכט, פאַרלאַטעט מיט גאָלדענע לאַטעס.

זיי ווערן גאַנצע און פולע כאַראַקטערן. זיי טוען זיך ווידער אָן אין פלייש. זיי ווערן פולקאָם. דאָס וואָס אַ גלגול בלאָנדזשעט טויזנט יאָר לאַנג דורכן פאָלק, און יעדער דור לייגט צו אַ לאַטע — אַ שטיק ערד — אַ שיכט ליים — אַ פּלאַסטערפּלייש — ביז ער קומט אָן אין די געבענטשטע הענט פון דעם וועלטס־אויטאָר און עס ווערט צו אַ גאַנץ געשטאַלט. צו אַן אוניווערסאַלע פיגור. פון טויזנט משוגעים ווערט איין רעוואָלטירנדיק געשטאַלט קעגן דעם שלעכטס פון דער וועלט. קעגן דער טיראַנישער אָרדנונג פון אַ פרעמדער מאַכט. קעגן די געזעצן פון קאָסמאָס, וואָס לעגן זיך שווער אויפן האַרץ פון די טרוימער, וויזיאָנערן, נביאים און פרייהייטס־העלדן.

יאָרן לאַנג, דורך דער פינצטערער נאַכט פון מיטלאַלטער, האָט איבער די פלאַנדרישע שטעט און דערפער אַרומגעבלאַנדזשעט דאָס געשטאַלט פון דעם נאַרישן יונג און וויצלינג טיילאולנשפיגל, אַזוי ווי אין דער ווילנער געגנט האָט אַרומגעבלאָנדזשעט דאָס אָפּגעריסענע געשטאַלט פון הערשעלע אָסטראָפּאָלער. טיילאוילנשפיגל איז פון זיינע צייט־מענטשן אַוודאי באַטראַכט געוואָרן ווי אַ נאַר, אַן אַלטער בחור, אַ בטלן, אַ נישט־קיין־לייט, אַן אביון און אַ קרומער קאָפּ, וואָס זעט דאָס קאָמישע, דאָס לעכערלעכע פון די מענטשן. איבערהויפּט פון די חשובע בעלי־הבתים, פון די איינגעשטעלטע בירגער און יחסנים. טיילאוילנשפיגל שטאַרבט ערגעץ אויף אַ פעלד אַוודאי אָדער ווערט דערשלאָגן פון שיכורים אין אַ קרעטשמע. ער ווערט פאַרלוירן — אָבער ער אַרבעט נאָך זיין טויט פאַר זיין דענקמאָל. דאָס פאָלק פאַרגעסט נישט זיינע איינזאַמע חכמים. טיילאוילנשפיגל ווערט צו אַ לעבעדיקן סימבאָל. דאָס פאָלק איז אונטערדריקט אונטער פיליפּס טיראַנישער מאַכט, אונטער שפּאַניענס אימפּעריע, וואָס נעמט אַרום צו יענער צייט פיל לענדער פון אייראָפּע. טיילאוילנשפיגלס געשטאַלט דינט ווי אַ רעוואָלוציאָנערע אינספּיראַציע אין קאַמף מיטן טיראַן.

זיינע וויצן באַקומען באַדייטונג. זיי ווערן געוואָרפן אויפן אַדרעס פון די הערשער. מיט אַ הונדערט יאָר צוריק קומט הענרי דא קאָסטאַ, אַ בעלגישער שריפטשטעלער און ער שרייבט אַן דעם עפּאָס פון אוילנשפיגל. צום ערשטן מאָל ווערט טיילאוילנשפיגל אַריינגעפירט אינם פּאַנטעאָן פון דער וועלט־ליטעראַטור, זיין ראָלע ווערט געקרוינט אין דער אייגענער, אין דער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור. טיילאוילנשפיגל ווערט איצט אַוועקגעשטעלט אין איין ריי מיט סערוואַנטעסעס דאָן קיכאָט, מיט געטעס פאַוסט, מיט שעקספּירס האַמלעט — מיט די גרויסע טיפּאַזשן אין דער וועלט־ליטעראַטור און וועלט־דראַמע.—

וועלאַסקעז, דער גרויסער שפּאַנישער מאָלער, האָט געוואוינט אין דעם קעניגלעכן הויף און האָט געמאָלן די קעניגן, די קעניגינען, די פּרינצן און די פּרינצעסינס. פאַר געלט האָבן די רייכע, די פעאָדאַלן, די קעניגן זיך געוואָלט קויפן אייביקן רום, אַן אומשטערבלעכן נאָמען. די עגיפּטישע פּרעהס האָבן זיך צו זייער אָנדענקען געשטעלט פּיראַמידן און האָבן מיטגעשלעפּט אין זייערע קברים זייער גאָלד, זייער מעבל, זייער טראָן, אַפילו זייערע יונגע מעטרעסעס — מיט איין וואָרט: אַ גאַנצע וועלט האָבן זיי מיטגענומען אין דר'ערד אַריין, שוין נישט רעדנדיק פון די טייערע ווײַנען, געבראָטענע „טשיקענס" און גוטע קעכינס. אַלזאָ, וועלאַסקעז האָט פאַרן ביסל חיונה געמאָלן די קעניגלעכע פאַמיליע און ער האָט זיי טאַקע פאַראייביקט, הגם ער האָט זיי געמאָלן פּשוט, אָן קעניגלעכער פּאָמפּע און אַרויסהויבנדיק זייערע פעלערן און פיזישע דעפעקטן. אין פּאַלאַסט פון קעניג, אין אַ ווינקל, זיכער נישט ביים הויפּט־אַריינגאַנג, האָט געוואוינט אַ פאַמיליע פון ליליפּוטן. דעם קעניג און די קעניגין האָבן זיי אַמוזירט. וואָס איז דעם קלאָונס אויפגאַבע: צו פאַרטרייבן די פליגן פון מרה־שחורה פון דעם קעניגס שטערן. די דאָזיקע קאַרליקעס, ווי מען קען זיך אויך פאָרשטעלן, זיינען באַטראַכט געוואָרן ווי אומגליקלעכע, אומעטיקע נפשות, וואָס דאַרפן אין זייער אייגענעם אומגליק אַמוזירן און פריילעך מאַכן די גליקלעכע, די וואויל־געבוירענע די פּרינצלעכע פאַמיליע. זיי דאַרפן צעשטרייען דעם קעניג. זיי דאַרפן זיך שפּילן מיט דער קליינער

פרינצעסין...

בלויז איין מענטש האָט זיי געליבט און פאַרשטאַנען. אין איינזאַמע פאַרנאַכטן, אין מיאוסע וועטערן, פלעגט שלייכן צום טייל פּאַלאַץ וואו די ליליפוטן האָבן געוואוינט, אַן איינזאַמער מאַן. דאָס איז געווען וועלאַסקעז. דאָרטן, אין זייער געזעלשאַפט, פלעגט ער פאַרברענגען. זיי, די ליליפוטן, פלעגט ער מאָלן זייט ביי זייט מיט דער קעניגלעכער פאַמיליע. זיי פלעגט ער מאָלן מיט אַ סך סימפּאַטיע, מיט פאַרשטענדעניש פאַר זייער שיקזאַל, מיט רחמנות צו זייער לעבן. זיי — און נישט די קעניגן — האָט וועלאַסקעז געמאָלן מיט סימפּאַטיע. —

די דאָזיקע קלאָונס און ליליפוטן פאַרנעמען אויך אַ גרויס אָרט אין שעקספּירס טראַגעדיעס. זייט ביי זייט מיט די מאָנומענטאַלע העלדן, מיט די קעניגלעכע פיגורן — שטעלט שעקספּיר אַוועק די איינזאַמע ליאַלקעס, די קרזמע און נישט דערוואַקסענע און טרויעריקע וויצלינגען. זיי דאַרפן דערפרייען, צעשטרייען דעם קעניג. אָבער וויפיל אמת לאָזט זיי שעקספּיר זאָגן. נישט אונטער דעם מאַנטל פון אַ צעזאַר, נאָר אונטער דער פיגור פון אַ קליינעם קלאָון באַהאַלט זיך אָפּט דער ענגלישער דראַמאַטורג, כדי אַרויסצוזאָגן געוואַגטע געדאַנקען. געוואַגט — אַפילו פאַר אַ שעקספּירן צו זאָגן אין זיין צייט, אין זיין עפּאָכע.

אין זייער צייט זיינען די נביאים אַוודאי אויך באַטראַכט געוואָרן פאַר וואַנזיניקע און מאָדנע דערשיינונגען. פאַר בעטלער און ווילדע אָנשיקעניש. ערשט אין די קומענדיקע יאָרטויזנטער זיינען זיי אויסגעהאַמערט געוואָרן צו דער מאָנומענטאַלער גרויסקייט און היסטאָרישן פאַרנעם, צו וועלכע מיר קוקן זיך איצטער צו מיט שטוינונג און מיט רעספּעקט. און וועלכע באַקומען אַלץ אַ גרעסערן זין אין גאַנג פון צייט. ווי די וויזיאָנערן פון אַ גרויסער צוקונפט. ווי די קעמפער פאַר אמת און פאַר גערעכטיקייט. ווי די ערשטע דיכטער, ביי וועמען דאָס וואָרט האָט באַקומען אַזאַ אומגעהויערע קראַפט און רעליגיעזן פייער. וואָס האָבן איבער אַלע קונסטן אַרויסגעהויבן דאָס וואָרט, אין זיין דינאַמישן ווערט און באַדייטונג פאַר די מענטשן. —

די וואַנזיניקע, די נביאים, די הייליקע, די אומאויסגעלעבטע, די טרוימער, די קינסטלער, די פרימיטיווע שטיקער שעפערישקייט, זיי גייען נישט אַוועק פון דער וועלט. זיי קומען ווידער און ווידער צוריק צו דער וועלט, אין אַ נייעם גלגול, ביז זיי דערגרייכן פולקייט, גאַנצקייט און פולקאָמענקייט, אין די הענט פון אַ מייסטער. זיי באַפעלקערן די בלעטער פון „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק“. זיי ווערן ווידער לעבעדיק אין מענדעלעס, שלום עליכמס און פרצעס ווערק. זיי גייען אַריין אין די אָנגעצונדענע בלעטער פון די ווערק פון דער שפּעטערדיקער פלעיאַדע אידישע דיכטער, ווי אַש, ווייסענבערג, רייזען, נאָמבערג און חיימאָוויטש. זיי באַלייכטן די בלעטער פון גרויסע ווערק. זיי טוען זיך אָן אין נייע געשטאַלטן. זיי פאַרקערפּערן און פאַרענטפערן ווידער די העלדן וועלכע זיינען אַוועק צום גרונט פון דער ערד אָן אַ תיקון. זיי בלאָנדזשען אַרום אַזוי לאַנג אויפן עולם התוהו, שאָטנס און געשפּענסטער, ביז זיי ווערן צו פלאַמענדע, ווירקנדיקע געשטאַלטן. זיי דריקן אויס אוניווערסאַלע אידייען. די אַלגעמיינע געפילן פון דער מענטשהייט. זיי גייען אויף אין די גאָלדענע פעלערינעס און נאַציאַ־

נאַל־פּאַרביקע טראַכטן פון זייער פאָלק. אין דעם לאָקאַלן קאָלאָריט פון זייער היימאַטס־לאַנדשאַפט. אָבער זיי דרינגען דורך די גרענעצן און לענדער מיט זייערע נשמות, וועלכע זייַנען אינטערנאַציאָנאַל. ווייל, אין דעם סאַמע תוך איז נישט פאַראַן קיין אונטערשייד צווישן פעל־קער. די מענטשן פון אַלע נאַציאָנען זייַנען פון איין ליים געקנאָטן, פון איין געטלעכן אָטעם באַלעבט און באַהערשט פון די זעלבע שטרע־בונגען נאָך זון, נאָך פרייהייט, נאָך פולקייט פון לעבן, נאָך שיינקייט און נאָך מעגלעכקייט דאָס לעבן צו מאַכן וואָס שענער, גאַנצער, אינ־האַלטסרייכער און צו דינען דעם גרויסן צוועק פון דער גאַנצער מענטש־הייט און גערעכטיקייט וואָס דאַרף הערשן אויף דער ערד. —




אברהם מאַנעװיטש — בראָנקס

# דער שאַנס פון אומשטערב־לאַכקייט

(שטריכן)

עס איז געווען באַלד נאָך דער היטלער־איבערקערעניש אין דייטשלאַנד, ווען די אידיש־דייטשע קינסטלער און אינטעלעקטואַלן האָבן גענומען וואַנדערן איבער אייראָפּע. אויף אַ בינע פון אַ זאַל אין אַנטווערפּן איז געשטאַנען אַ בלייכע, מאָגערע געשטאַלט, מיט אַ אי־דיש־שמערצפולן קווא וואָדיס־פּנים. מען האָט געקענט זען, אַז עפּעס טראַגישעס איז אין אים פאַרגעקומען. ער האָט גערעדט לאַנגזאַם און שטיל, מען האָט אים קוים געהערט. ווי געזאָגט, זיין אידיש פּנים, זיין אידישער שמערץ איז געוואָרן אַקצענטירטער, בולטער. אין סך־הכל איז געשטאַנען אַ קליינער, טרויעריקער איד אויף דער סצענע און איך האָב דערקענט דעם טויט אין זיינע אויגן. איך האָב געזען, ווי ער איז געווען איינגעהילט אין גאַנצן אין טויט, ווי אין אַ שוואַרצן שאָטן.

צוויי וואָכן שפּעטער איז דער מאַן געווען טויט. ער האָט זיך אויפגעהאָנגען אין אַ שטעטל אין האָלאַנד, לעבן זיינע קרובים. דער דאָזיגער איד איז געווען דער באַרימטער אידיש־דייטשער נאָוועליסט יאַקאָב וואַסערמאַן...

איך געדענק שוין נישט אַלץ וואָס יאַקאָב וואַסערמאַן האָט יענעם אָוונט גערעדט און געלייענט. דאָס פּובליקום האָט געהאַט גרויס רעספּעקט פאַרן באַרימטן דייטשן ראָמאַניסט. מען האָט גע־לייענט זיינע ראָמאַנען: „די אידן פון צירענדאָרף", וועגן קאַספּאַר האַוזער, דעם געהיימנישפולן פּרינץ און וועגן קאָלומבוס, וואָס דער נאָוועליסט האָט געזוכט זיך צו דערגרונטעווען צו זיין אידישן שטאַם. יאַקאָב וואַסערמאַן האָט דעם אָוונט גערעדט וועגן זיין קרעדאָ, זיין ליטעראַרישן אַני־מאמין. און איך געדענק ווי ער האָט געזאָגט אומ־געפער:

— אומשטערבלאַכקייט? איך האָב עס שטאַרק האָלד געהאַט אַמאָל. ווען איך בין געווען יינג, ביים אָנפאַנג פון מיין קינסטלערי־שער קאַריערע, בין איך געווען פאַרקאַכט אין אומשטערבלאַכקייט. שפּעטער האָט מיך מיין גוטער פריינט, אַרטור שניצלער, אויסגעלאַכט פאַר דעם. ווירקלאַך — וואָס איז אומשטערבלאַכקייט? מען קאָן לעבן הונדערט יאָר, צוויי הונדערט יאָר, העכסטנס — פינף הונדערט יאָר... אָבער צום סוף מוז מען דאָך אונטערגיין... און איצט בין איך פריי פון דער דאָזיגער קראַנקהייט...

דאָס האָט יאַקאָב וואַסערמאַן גערעדט אין אַ צייט ווען עס האָט געדראָט, אַז דער היטלעריזם וועט אָפּמעקן אַלע מענטשלאַכע ווערטן און אומשטערבלאַכקייט פאַר גרויסע שריפטשטעלער איז געווען אַ קנאַפּער שאַנס. וואַסערמאַנס סוף האָבן אימיטירט אַזעלכע דייטש־אידישע שריפטשטעלער ווי סטעפאַן צווייג און ערנסט טאָלער.

ווען איך האָב אין ניו־יאָרק איינמאָל באַזוכט ריכאַרד־בעער האָפמאַן, האָט ער מיר דערציילט אַז ער פאַרקויפט אויס זיין מעבל. איך האָב מיט פיין באַטראַכט דאָס מעבל: פיינע לואיס־דער־פערצנ־

טער שטיקער קאַמאַדן און שטולן. פּרעכטיגע ראָקאָקאָ־טישלאַך און אַטאַמאַנקעס. וואַזעס און אַנטיקן פון די צייטן פון מאַדאַם דע פּאָמ־פּאַדור און וואַטאָ.

— אַ שאָד! — האָב איך געזאָגט.

— וואָס איז אַ שאָד? איך האָב געלעבט דערמיט? איך האָב עס גענאָסן? איצט בין איך אַלט און גרייט צום טויט. זאָלן עס אַנדערע פון איצט אָן געניסן.

דאָס איז געווען די פילאָסאָפיע פון דער ווינער גרופּע דיכטער, אַלע געבוירן און דערצויגן אונטער פראַנץ יאָזעפס ליכטיגן שטערן. וואַסערמאַן, שניצלער, צווייג, פּעטער אַלטענבערג און ריכאַרד בער־האָפמאַן, זיי האָבן אַלע פאַרטראַטן די ווינערישע אידיליע און וואַל־סער־פילאָסאָפיע. געניס דעם מאָמענט! זיי זיינען געווען קרובים, גייסטיגע, פון דעם קליגסטן פון אַלע חכמים — פון קעניג קהלת... די אידייע פון אומשטערבלאַכקייט האָט זיי ווייניג געטרייסט. זיי האָט אינטערעסירט דער הייטערער, לוסטיגער, מיט מוזיק, מיט ווייו און מיט דאַמען־אַנגעגליטער מאָמענט...

***

אָבער די אידייע פון אומשטערבלאַכקייט איז אַן אוראַלטע. מיר ווייסן, אַז די פּרעהס און די פּערסישע שאַכן איז דאָס אייביגע לעבן שטאַרק אַנגעגאַנגען. אַ רייזע אין עגיפּטן — אָדער ווייניגסטנס אַ שטודיע אין אַ געשיכטע־בוך — וועט אייך דערציילן פון די ריזיגע אַנשטרענגונגען פון די הערשער פון דער ערד צו פאַרמאָנומענטאַלי־זירן זייער נאָמען און זייער רום אויף דעם פּלאַך פונם פּלאַנעט. יענע געוואַלטיגע פּיראַמידן דערציילן, אַז אונטער זיי ליגט דער אויס־געדאַרטער גוף פון אַ פּרעה — וואָס האָט, אין איינקלאַנג מיט זיין רעליגיע, אַז ער לעבט נאָכן טויט זיין קעניגלאַך לעבן, מיטגענומען פאַר זיך אַלע זאַכן וואָס מאַכן דאָס אונטערערדישע לעבן באַקוועם. ער האָט אין דר׳ערד אַריין מיטגעשלעפּט זיינע קליידער, זיין גאָל־דענע צירונג, זיין געשניצטע מעבל, זיינע מוזיק־אינסטרומענטן, זיינע גראַציעזע קעבס־ווייבער, זיינע שיפלאַך צו שווימען דורכן שטורמישן טייך צו יענער וועלט, זיין געלט און זיין זילבער. און איבער זיך האָט ער געלאָזט אויפבויען ביים לעבן אַ פּיראַמידע. אין משך פון יאָרן האָבן הונדערטער טויזנטער שקלאַפן געלייגט זייערע לעבנס אין די מויערן פון דער פּיראַמידע. זי איז מיט מענטשלאַך בלוט גע־שטאַרקט געוואָרן.

דער רום פון די הערשער זאָל געוועלטיגן אויף אייביג — לדורות!

***

נישט אַזוי ברוטאַל און רוי, ווי די הערשער פון די אָריענטאַלישע לענדער, האָבן זיך געוואָלט פאַראייביגן די פּויפּסטן און קעניגן פון רענעסאַנס־פּעריאָד.

מיקל־אַנדזשעלאָס לעבן איז די געשיכטע פון מאַרטירערײ צוליב דעם אומשטערבלאַכקייטס־דראַנג פון די פּויפּסטן און הערשער. ער איז נישט געשלאָפן ביינאַכט. ער האָט נישט קיין צייט געהאַט צו עסן. פאַרפאָלגט פון זיינע ריזיגע פּלענער — פון זיין דעמאָניע פון שאַפן

אויפגעגעסן — האָבן אים די הערשער געטריבן צום אָוועקשטעלן אויף דער ערד ריזיגע מאָנומענטן צו זייער רום. ביז נייַנציק יאָר האָט מיקל־אַנדזשעלאָ געאַרבעט כדי צו באַפרידיקן זייער הונגער נאָך אייביקן רום. נישט קיין אַנדער זאַך קען זיי פאַראייביקן — האָבן די הערשער געוואוסט — נאָר קונסט. דאָס הערגאַישע געשטאַלט פון אַ שטיין — דאָס איז זייער מאָנומענט. דאָס פייער פון קאָלירן — מיט דעם וועלן די מאָלערס זיי לאָזן לייכטן פאַר די דורות אויף אייביק. און זיי לויכטן ביז אויף אונזערע צייטן. די מאָלערס האָבן דעמאָלט געמאָלן מיט די פלאַמען פון דער זון, מיט בלוט און מיט גאָלד.

***

קעניגן, מעכטיגע הערשער האָבן שוין שפּעטער פאַרשטאַנען, אַז כדי צו לעבן — דאַרפן זיי ווערן באַזונגען פון גרויסע שריפטשטעלער און דיכטער. אויגוסטוס — אָדער צעזאַר אָקטאַוויאַן, רוימס קאָנ־סטרוקטיווסטער הערשער, אונטער וועמענס מאַכט רוים איז געווען זאַט אין ברויט און אין גלאָריע — האָט געוואוסט, אַז עס איז גוט פאַר אים וואָס עס זיצן אין רוים ווירגיל און האָראַץ... און אין ווירגילס רואיגע, זאַטע און ברייטע פערזן; אין זיין רייכער אידיליק און נאַטור־שפע שפירט זיך די זאַטקייט פון דער אימפעריע.

דער שטאַט, די אימפעריע, האָבן געזוכט צו פאַראייביקן זיך דורך זייערע גרויסע דיכטער. זיי האָבן געוואוסט, אַז דאַרטן האָבן זיי זייער זכות. דאָרט ווערן זיי אויסגעקויפט פאַר די פאַרברעכנס. און אַזאַ לאַנד ווי פּאָרטוגאַל איז שטאָלץ אויף איר נאַציאָנאַלן פּאָעט קאַמאָענס. קאַמאָענס האָט ביים לעבן געהאַט בלויז איין אויג. ער האָט ביים לעבן נישט געהאַט קיין ברויט. די געליבטע, צו וועמענס פיס ער האָט געקניט און צו וועמען ער האָט געשריבן אַ רירנדיקן באַנד סאָנעטן — האָט אים אַפילו נישט געוואָלט אָנקוקן. קאַמאָענס איז געשטאָרבן אַן איינזאַמער אין די קאָלאָניעס פון פּאָרטוגאַל, וועלכע ער האָט מיט אַזוי פיל דיכטערישן כוח באַזונגען אין זיינע „לוזיאַדן“.

פּאָרטוגאַל האַלט טייער איר פּאָעט, איר עפּיקער — נאָכן טויט. אמת, זי האָט די קאָלאָניעס שוין לאַנג פאַרלוירן, פון אַ גרויסמאַכט איז זי געוואָרן אַן אומבאַדייטנדיקע מלוכה אויף דער אייראָפּעאישער מאַפּע און דיפּלאָמאַטיע. אָבער אין די „לוזיאַדן“ איז זי נאָך אַלץ אַ גרויסמאַכט. דאָרט הערשט זי איבער אירע קאָלאָניעס. דאָרט קניען ביז צום אָפּגרונט — ביז צום טויט — די אונטעריאָכטע פעלקער.

און, עס איז קאַמאָענסעס גליק וואָס ער האָט געהאַט זיין פאָ־טערלאַנד. ווען אַפילו אָרעם, האָט זי געגוג רוים פאַרן רום פון איר פּאָעט. אַ פּאָעט מוז האָבן אַ פאָטערלאַנד. ווען נישט, פאַרלירט ער נישט נאָר זיין אויג, זיין געליבטע, זיין לעבן — נאָר אויך זיין ווערק און זיין אָנדענק.

קעניגן זיינען געווען שטאָלץ אַמאָל צו זאַמלען אַלטערטימלאַכע מאַנוסקריפּטן, אַנטיקן און פאָלקסלידער. אַזאַ פּאָעט ווי פראַנסואַ ווילאָן וואָלט זיכער פאַרלוירן געגאַנגען, ווען נישט דער קעניג וואָס האָט געקליבן זיינע לידער און זיי אַרויסגעגעבן. פראַנסואַ ווילאָן האָט נישט מער געהאַט אויף דער וועלט, ווי זיין האַרץ און זיין העמד. ער האָט געטויטעט אַ גלח און געזעסן אין טורמע. ער האָט באַרויבט די

קירכן פון די טייערע גאָלדענע כלים און קונסטווערק, און ער איז צוויי מאָל פאַרטורטיילט געוואָרן צום טויט. פראַנסוא וויאָן, אַ סברה, האָט פאַרלוירן זיין לעבן אויף דער תליה. וויאָן האָט דער ערשטער, אין קעגנזאַץ צו דער מיטלאַלטערלעכער פּאָעזיע וואָס האָט אימיטירט די גריכן, געשריבן וועגן געטער און געטינס און פאַרנאַסן — באַשריבן די געפילן פון מענטש. די סענטימענטן פון דעם איינצלנעם פּשוטן מענטש. ער האָט באַשריבן די ערד און אירע באַוואוינער — נישט קיין געטער — נאָר אָרעמע מענטשן, מיט ריזיגע אַפּעטיטן. ער האָט פאַר דער פראַנצויזישער פּאָעזיע אויפגעבראָכן דאָס טויער פונם מענטש — פון זיין האַרץ און זיין מאָגן. זיין ווירקונג אויף די גרעסטע ריזן פון דער פראַנצויזישער פּאָעזיע איז פון זגעוואַלטיגער באַדייטונג.

וויאָן וואָלט נישט נאָר פאַרלוירן זיין האַרץ און זיין העמד — נאָר אויך זיינע באַלאַדן, ווען נישט דער קעניג וואָס האָט זיינע לידער געזאַמלט ווי טייערע צירונג־שטיקער. ווען נישט דער פאַקט וואָס ער האָט געהאַט זיין לאַנד, זיין קעניג, זיין פאָלק און זיין ערד.

אַ פּאָעט קען נאָר לעבן אייביג אויף זיין היימישער ערד, דאָ וואו עס רוט זיין געביין און ווען מען לייענט, מען לעבט זיינע לידער. וואו מען מאַכט רעוואָלוציע מיט זיינע לידער. וואו מען מאַכט ליבע מיט זיינע ליבע־לידער.

⁂

וואָלט וויטמאַן, עדגאַר עללען פּאָ, דזשאַק לאָנדאָן — זיינען, אמת, אין זייער לאַנד, אַמעריקע, פריער נישט אָנערקענט געוואָרן ווי אין אויסלאַנד. וואָלט וויטמאַנען האָט די וועלט דערזען ווי דעם ריזיגן באָרד פון אַמעריקאַנער בירגער־קריג, פון לינקאָלנס גרויסע, דעמאָקראַטישע אידייען, פון דער אַנטוויקלונג און אינדוסטריע פון לאַנד. פון דער ברייטער, שטורמישער לאַנדשאַפט און פון דער ליבע צו מענטש און צו אַרבעט. די וועלט האָט אין וויטמאַנען געזען נישט נאָר דעם גרויסן פּראָפעט פון פרייהייט — נאָר דעם גרויסן קינסטלער פון וואָרט.

עדגאַר עללען פּאָ איז פּאָפּולער געוואָרן אין אייראָפּע דורך דעם פראַנצויזישן פּאָעט שאַרל באָדלער, וואָס האָט אים איבערגעזעצט, זיך געשטעלט זיין לעבנס־ציל אַריינצופירן פּאָס פּאָעזיע און פּראָזע אין דער וועלט־ליטעראַטור.

ערשט יאָרן שפּעטער קומען בײדענס רום קיין אַמעריקע, פון וויטמאַן און פּאָ. פּאָ איז נאָך ביז היינט אַן אומאָנערקענטער געניוס. וואָס שייך וויטמאַנען, וואַקסט זיין רום איבער אַמעריקע.

איך בין מיט אַ טאָג צוריק געזעסן אין דער קליינער ביבליאָטעק פון האַנטינגטאָן, לאָנג איילענד, וואו וויטמאַן האָט געלעבט, וואו ער איז געבוירן געוואָרן. דאָס מיידל פון דער ביבליאָטעק האָט פאַר מיר מיט זשעדנעקייט אַרויסגעבראַכט די איינגעבונדענע מאַנוסקריפּטן און בריוו פון וויטמאַנען. אירע הענט האָבן פון ליבשאַפט געציטערט ביים באַרירן זיינע כתבים. (איך האָב דערביי געטראַכט: וואו איז דאָס אידישע מיידל וואָס זאָל מיט דערזעלביגער פּיעטעט באַרירן פּרצס אַ מאַנוסקריפּט ? !...)

ווי עס זאָל נישט זיין דער פאַל, אָבער וויטמאַן, פּאָ און דזשאַק לאָנדאָן האָבן זייער ריזיג לאַנד. זאָל מען נאָך דיסקוטירן איבער

זייערע געניאַלע ווערק. אָבער, זיי האָבן אַ לאַנד וואו מען דיסקר־
טירט וועגן זיי...

⁂

טויזנט יאָר צייט לעבן אונזערע דיכטער: יהודה הלוי, ר׳ משה
איבן עזרא, ר׳ שלמה בן גבירול און ר׳ אברהם איבן עזרא. צוזאַמען
מיט אונזערע קליינע קינדער, מיטן קאַרגן גאָלד, מיט שטיקער אָפּ־
געבראָכענע מצבות פון טאַטע־מאַמע — האָבן מיר מיטגעטראָגן אין
כאַאָס פון דער וועלט זייערע לידער. אָבער די לידער וואָלטן זיכער
אונטערגעגאַנגען, ווען זיי וואָלטן נישט אַריינגעשטעלט געוואָרן אין
אונזער רעליגיעזער ליטעראַטור. צוזאַמען מיט אונזער רעליגיע האָט
זייער פּאָעזיע געלעבט. דאָס ליד איז געוואָרן צו אונזער יאָמער, צו
אונזער תפילה צו גאָט, צו אונזער געשריי און געוויין. אין די געבעטן,
פיוטים, געזאַנגען און ווענדונגען צו גאָט האָבן געלעבט די גרויסע
דיכטער פון שפּאַניש־גאָלדענעם צייטאַלטער אין דער אידישער גע־
שיכטע.

⁂

אַזוי האָט יעדער ליטעראַטור זיין לאַנד, זיין פאָלק, זיינע אוני־
ווערסיטעטן, זיין יוגנט, זיין אינטעליגענץ. מיט דער רוסישער ליטע־
ראַטור איז געמאַכט געוואָרן געשיכטע, איז געמאַכט געוואָרן רעוואָ־
לוציע, פּונקט ווי מיט די ווערק פון וואָלטער, רוסאָ, מאָנטעסקיו און
דידעראָ אין פראַנקרייך. היינריך היינע, ווי אַלט ער איז, וועט קיינמאָל
נישט אויפהערן צו זיין דער דיכטער פון דער רעוואָלוציאָנערער, ראָ־
מאַנטישער יוגנט.

כדי אַ קינסטלער זאָל לעבן, איז נישט שטענדיג דער הויפּט־
באַדינג אַז זיין ווערק זאָל לייכטן פולקאַם ווי דער דורך קאָסמישע
ווינטן געשליפענער שטערן. אין יעדן פאַל פון אַ פּאָעטס אומשטערב־
לאַכקייט זיינען געוועזן פאַקטאָרן, וואָס האָבן דעם פּאָעט אַרויסגערופן
צום לעבן און צו ווירקן אין לעבן. אַ קונסטווערק דאַרף מאַכן — און
מאַכט — געשיכטע, אויב עס וויל לעבן.

די אַלע געדאַנקען זיינען ביי מיר אַרויסגערופן געוואָרן לייענענ־
דיג אין משה נאַדירס „באַדירגאַנג״ פאָלגנדיגן פּאַראַגראַף פון זיין
פאָרוואָרט:

„אַמאָל האָט איינער אַ יצחק רייז זיך גרינג געמאַכט ס׳האַרץ
אַז — מילא איצט ווי איצט: איך שטיי אַ לעבעדיגער (זינדיגער)
מענטש קעגן לעבעדיגע (זינדיגע) מענטשן! אָבער שפּעטער —
(פלעגט זיך דער יונגער יצחק רייז טרייסטן), אַרויסשטעלנדיג זיין
„לאָמפּ אויפן פענצטער״, ער זאָל לויכטן פאַר דעם וואַנדערער אין
דרויסן מער ווי פאַר זיך אַליין אינעווייניג — אַז די פּערזענלאַכע
באַציאונגען פון מענטש צו מענטש וועלן זיין פאַרלאָשן, וועט מסתמא
די „היסטאָריע״ אָפּקלייבן אָט־יענע ווערק זיינע, וואָס זיינען גוט און
שיין און ווערטפול, און זיי ווי אַ בוקעט פון געוויין און געלעכטער
אַריינשטעלן אין דער וואַזע פון דער אייביקייט! איצט, אָבער, אין
חודש אָקטאָבער, 1937, טראַכט איך שוין נישט אַזוי.

איך ווייס, אַז ווי היינט ביי מיין לעבן, וועט אויך שפּעטער,
נאָך דעם ווי מיין לעבן וועט זיין אָפּגעגאַנגען — די „היסטאָריע״
(אַפילו די היסטאָריע פון דער אידישער ליטעראַטור), איינשטיין אין

די הענט פון „לעבעדיגע און פערזענלאַכע" מענטשן... היסטאָריקער און קריטיקער, וועלכע וועלן מיר שווערלאַך קענען פאַרגעבן די זינד פון קליין מאַכן זייער פאַך... און דעריבער האָב איך מורא זיינען דיינע שאַנסן פאַר „אומשטערבלאַכקייט" אויך פאַרשפּילט, יצחק רייז! דו קענסט שוין דערויף אונטערשרייבן דיין נאָמען."

אומשטערבלאַכקייט ווערט געמאַכט! פון די פריערדיגע ביי־שפּילן קען מען זען ווי אַזוי באַדייטנדיגע דיכטער וואָלטן פאַרלוירן געגאַנגען, ווען נישט געוויסע פאַקטאָרן וואָס האָבן זיי געמאַכט צום לעבן און צום ווירקן. עס טרעפט, אַ גרויסע שעפערישע קראַפט ווערט ציטווייליג פאַרשוויגן. קומט אָבער יאָרן שפּעטער אַ רעהאַבילי־טאַציע צו זיין גייסט. אַ רענעסאַנס צו זיין ווערק.

ווען אַ פאָלק לעבט, ווען איר שפּראַך און קולטור איז שעפעריש — געפינען זיך שוין אידעאַליסטן וואָס וועקן אויף פון זיין שטיינער־נעם שלאָף אַ רייז. עס קומען אַ מחנה יוגנטלעכע דיכטער, אין רעוואָלט קעגן קאָנסערוואַטיזם פון זייער צייט, און וועקן אויף אַן אוראַלטן דיכטער און פּראָקלאַמירן אים פאַר זייער לערער און פאַן־טרעגער. זיי באַגרינדן זיך אין זיין ווערק, אין זיין קרעדאָ.

אַלערליי מעגלאַכקייטן פון לעבן און ווירקן זיינען פאַראַן ביי אַ פאָלק וואָס לעבט. טרויעריג איז אָבער אין אונזער אייגענער אידישער מדינה אין אַמעריקע. זייער שוואַכע שאַנסן צו לעבן האָט ביי אונז אַ שעפערישער מענטש ווען ער איז נישט פאַרקניפּט מיט די אָרגאַני־זאַציעס און מענטשן וואָס שטייען ביי דער אָנפירונג פון אונזער קול־טורעלן,ליטעראַרישן שאַפן.

עס פעלט ביי אונז אויפריכטיגע באַציאונג צום שעפערישן מענטש. אַלץ איז פאַרטיילט אין גרופּעס, פּאַרטייען און אָרגאַניזאַ־ציעס. די שרייבער זיינען פאַרטיילט אין מחנות. און דער יעניגער וואָס איז נישט קיין פּאַרטיי־מענטש, קיין „פּאָליטישן", ווערן זיינע ווערק נישט געדרוקט, און ווען געדרוקט — נישט פאַרקויפט אַפילו פאַר דעם געלט וואָס ווערט געזאַמלט ביים פאָלק פאַר דעם צוועק. אַזאַ שעפערישער מענטש איז איינזאַם און הפקר און פאַראורטיילט צום טויט ביי זיין סאַמע לעבן.

אויסער קריטיקער, אויטאָריטעטן, אינסטיטוציעס — איז נאָך געווען אַ גרויסער ריכטער, וואָס זיין משפט איז געווען גערעכט דורך די צייטן. עס איז געווען דאָס פאָלק, וואָס האָט מיט זיין אינ־סטינקטיוון זין פאַר יושר און שיינקייט, פאַר קונסט און עכטקייט — געאורטיילט זייערע דיכטער און קינסטלער אַפילו אָפטמאָל איבער די קעפּ פון די פּראָפעסיאָנעלע ריכטער.

ליידער האָבן מיר נישט דאָס פאָלק — אָט דעם גרעסטן און פאָרכטיגן ריכטער פון אַלע צייטן. די אידישע ליטעראַטור האָט נישט דאָס פאָלק. דעריבער איז אַזאַ אומנאָרמאַלע לאַגע אין אונזער גייסטיגן לעבן, ווייל עס פעלט דאָס פאָלק, דער מאָגן, וואָס דאַרף פאַרדייען די אידישע ליטעראַטור, דאָס אידישע שאַפן.

אָן אַ פאָלק — איז די ליטעראַטור ווי געוואָרפן צום ווינט. און אַלערליי משוגענע שוואָמען מערן זיך אויפן פּלאַץ וואו עס האָט גע־זאָלט זיין דאָס גרויסע, דאָס אייזערנע, דאָס אינסטינקטיווע פאָלק, וועמענס האַרץ איז ערלעך און גרויס אין זיין אייביגן משפט איבער ווערטן און זאַכן.

די אידישע ליטעראַטור האָט נישט קיין שטאָט, קיין לאַנד, קיין פאָלק און דעריבער נישט — קיין האָריזאָנטן, קיין צוקונפט. און די שאַנסן צו לעבן און צו ווירקן פאַר אַ אידישן דיכטער זיינען די סאַמע טונקעלסטע און צווייפלהאַפטסטע.

נאָר, ווי זאָגט משה נאַדיר אין זיין דערמאָנטן פאָרוואָרט:

„אָבער ס׳איז נאָך אַלץ בעסער צו לעקן די ביטערע איינזאַמקייט פון די פעלזן, איידער דאָס זיסע גראָז לעבן שעפּסן־קוואַל; עס איז נאָך אַלץ בעסער צו זיין אַ מאָגערער, אומרואיגער, ברילנדיגער וואָלף, וועלכער וואָרנט מיט די אויגן, איידער אַ פוכנאָטע, זאַטע קאַץ, וואָס דאַנקט מיטן עק.״

דער שעפערישער מענטש, אַפילו ביי אַנדערע פעלקער, אַרבעט נישט שטענדיג ביי די סאַמע אידעאַלע באַדינגונגען. טראָץ טויזנט שוועריקייטן און אַנטוישונגען, גייט ער אָן מיט זיין אַרבעט און מיט זיין ווערק.

ניו־יאָרק, סעפּטעמבער, 16, 1947.



מאַניעוויטש — פאַנטאַזיע אין פאַרבן

# אַן אויסשטעלונג פון באַלזאַקס ווערק

**אַ באַלזאַק-געזעלשאַפט אין אַמעריקע. — אַ פאָרשלאַג צו גרינדן אַ גליצער-שטיין-געזעלשאַפט. — וועגן דעם ענגהאַרציגן עגאָאיזם פון אידישע שרייבער אין ניו-יאָרק.**

איך בין זיך מודה, אַז ווען אַ טייערער פריינט האָט מיך אָפּגע־רופן און מיר געמאָלדן, אַז עס קומט פאָר אַן אויסשטעלונג אין דער פראַנצויזישער קולטור־אַמבאַסאַדע, אויף דער 5־טער עוועניו און 75־טע גאַס, פון די ווערק, מאַנוסקריפּטן, בילדער און אַלערליי אַנדענק־זאַכן פון דעם פראַנצויזישן ראָמאַניסט, אָנאָרעי דע באַלזאַק, האָב איך געצווייפלט צי איך זאָל גיין. ווייל וואָס שייך אַ שריפטשטעלער, אינטערעסירט מיך זיין ווערק, זיין אָנגעצונדן וואָרט. און פאַר איי־ניגע סענטן האָב איך זיך אין משך פון די לעצטע יאָרן איינגעהאַנדלט די מערסטע ווערק פון דער „מענטשלעכער קאָמעדיע". אויב מיינע באַלזאַק־בענדער זיינען פון פאַרשיידענע צייטן און פאַרשיידענע אויס־גאַבן, אַרט עס מיך זייער ווייניג. וואָס שייך די ווערק פון באַלזאַק, איז ערשט לעצטנס דערשינען אין אַמעריקע אַ בוך פון אַ געוויסן וויל־ליאַם האָבאַרט ראָיס, וואָס הייסט: „ווי אַזוי מען דאַרף לייענען באַלזאַק". אין דעם נעמלאַכן בוך ווערן אָנגעגעבן באַלזאַקס ווערק, אַראַנזשירט אין לאָגישער אָרדענונג פון לייענען, הגם אין אַ אומ־כראָנאָלאָגישן סדר, אַזוי אַז דער באַלזאַק־לייענער קען זיי לייענען נישט נאָך די צייטן ווען באַלזאַק האָט זיי געשריבן, נאָר לויט דער אַקציע, לויט דעם אַנטשטייען פון די העלדן, לויט דער ראָלע וואָס די ווערק פאַרנעמען, ווי ציגל אין דער ריזיגער פּיראַמידע וואָס הייסט „די מענטשלאַכע קאָמעדיע". באַלזאַק האָט שפּעטער אַליין אויך רע־אַראַנזשירט זיינע ווערק, זיי אַריינפּאַסנדיג אין דער דאָזיגער געביידע. אין „די מענטשלאַכע קאָמעדיע" האָבן מיר דעם גרעסטן פאַרמעסט פון אַ שרייבערישן גיגאַנט, צו געבן אין אַ סעריע פון צוויי הונדערט ראָמאַנען דאָס בילד פון דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט פון זיין צייט. די דאָזיגע ריזיגע אַמביציעס, די דאָזיגע אומאויפהערלאַכע אַרבעט, האָט אונטערגעגראָבן באַלזאַקס איבערמענטשלאַכן געזונט.

דאָך, אויס בענקשאַפט צו זיין נאָענט פיזיש פון אַ גרויסן קינ־סטלער. צו פילן זיין אָטעם און דעם האַרצנס־ריטם פון די מאַנוסקריפּטן און קאָנטעמפּאָרערי־אויסגאַבן פון זיינע ווערק, וואָס ער האָט מיט זיינע דיקע הענט באַרירט און מיט זיינע קלוגע אויגן געזען, בין איך געגאַנגען זען די אויסשטעלונג.

עס איז געווען אין די שיינע און לעצטע האַרבסטיגע טעג פֿון אָקטאָבער, ווען איך האָב שפּאַצירט אין דער אַריסטאָקראַטישער איסט־זייט פֿון צענטראַל־פּאַרק. אַזאַ טאָג, ווען דער זומער גיט אָפּ דאָס גאַנצע גאָלד און ווען דער האַרבסט טרעט שוין אַריין פֿון די גילדערנע, מאָלערישע קאָלירן אין דעם טונקעלן, אין דעם בלאַטיגן קאָליר פֿון שפּעט־האַרבסט; ווען דער האַרבסט פֿאַרלירט שוין זיין קעניגלעכן אויסזען און ווערט שוין פֿאַרנאַכלעסיגט און פֿאַרשמוציגט; אַזאַ טאָג, האָב איך געטראַכט, איז נישט נאָר מאַטעריאַל פֿאַר מיר, נאָר פֿאַר אַ פֿיל גרעסערן מחבר — פֿאַר באַלזאַקן... דע־באַלזאַק אַליין וואָלט גערן באַשריבן אין זיינעם אַ ראָמאַן דעם דאָזיגן טאָג, די דאָזיגע בלעטער־טעפּיכן, די דאָזיגע זון, וואָס הענגט ווי אַ שטיק צין אין הימל. וועלכער ראָמאַניסט וואָלט זיך אָפּגעהאַלטן פֿון אַזאַ לאַנדשאַפֿט צו באַשרייבן, אַריינצונעמען ווי אַן אינטערמעצאָ, ווי אַן אָפּרו־פּאַזע נאָך דעם געראַנגל פֿון די העלדן אין דער נאָוועלע. דער שרייבער אַליין, נאָכדעם ווי ער פּייניגט זיך אָן מיט די העלדן זיינע דורך די בערגער און טאָלן־נסיונות פֿון זיין ווערק, האָט הנאה ווען ער רוט זיך אָפּ די נערוון ביי אַ שטיקל נאַטור־שילדערונג.

דער זאַל איז געווען שיין. אַ קליינער, קעניגלאַכער זאַל, מיט גרויסע פֿענצטער, וועלכע דעקן רייך אָפּ די גאָלדענע לאַנדשאַפֿטן פֿון צענטראַל־פּאַרק, די ביימער — ווי פֿאַרגליווערטע שטיקער האָניק. דאָס וואַסער, אַרום וועלכן עס זיצן שיין־געקליידעטע דאַמען, מיט זייערע קינדער, מיט זייערע ריין־געוואַשענע הינטלאַך. דער ווינט שפּאַסט היימלאַך מיט די בלעטער. דער ווינט האָט נאָך נישט די ווינ־טערדיגע ברוטאַליטעט. ער שלאָגט נאָך נישט מיטן פֿולן ווינטישן כוח.

דאַמען זיצן אין די טיפֿע, ווייכע פֿאָטעלן אוןריידן דעם פֿיינסטן פֿראַנצויזיש, ווי פֿראַנצויזישע דאַמען קענען. צופֿיל גייסטרייך וועלן דאַמען קיינמאָל נישט ריידן. נאָר מעלאָדישער, געהיימנישפֿולער, ראַפֿינירטער ריידן זיי דאָך ווי מענער... אַזעלכע שלאַנקע דאַמען וואָלט מעסיער דע־באַלזאַק אַליין אויך באַוואונדערט. ער וואָלט זיך נישט אָפּגעהאַלטן מיט זיי צו פֿאַרפֿירן אַ שמועס. באַלזאַק, ווי געזאָגט, האָט געטרונקען קאַווע פֿיר־און־צוואַנציק שעה אין מעת־לעת, אַר־בעטנדיג שווער ביי זיינע ווערק. פֿונדעסטוועגן האָט ער ליב געהאַט זייער פֿיל דאַמען. ער האָט ביז פֿופֿציג יאָר נישט געהייראַט. און ווען ער האָט ענדלאַך געהייראַט מיט גרעפֿין דע האַנסקאַ אין פֿופֿציגסטן יאָר, איז ער דעמזעלבן פֿאַטאַלן יאָר געשטאָרבן... אין דער נאַכט וואָס ער איז געשטאָרבן, איז גרעפֿין האַנסקאַ, צו וועמען ער איז אי־בעריקנס געפֿאָרן קיין בערדיטשעוו עטלאַכע מאָל — געלעגן אין איר צימער און נישט געוואָלט אַריינגיין זען וואָס מיט איר מאַן קומט פֿאָר...

— צען טישן זיינען פֿאַראַן אויף דער אויסשטעלונג. אַלע צען — אויסגעפֿילט מיט זאַכן פֿון דע־באַלזאַקס שרייב־פּראָפֿעסיע.

איך בין געשטאַנען ביי פֿאַרשיידענע זאַכן און זיי אויפֿמערקזאַם באַטראַכט. מיר איז געפֿעלן, צום ביישפּיל, אַ צייכנונג פֿון דאָמיער, וואָס שטעלט פֿאָר באַלזאַקן אין זיין סטודיאָ, ווי ער קוקט אויף אַ רויען קאַנוועז. באַלזאַק איז דאָ אָוועקגעשטעלט הויך און מאָנומענטאַל, ער

איז ווי דער טייוול — שוואַרץ און הויך און ער דערלאַנגט נישט נאָר ביזן סופיט פון דער סטודיאָ, נאָר ביז צום סופיט פון דער וועלט, פון הימל. לויט דער דאָזיגער צייכענונג קען מען זיך פאָרשטעלן, אַז דאַמיער האָט פאַרשטאַנען די גרויסקייט פון זיין פריינט, פון באַלזאַקן.

ווער־ווער, נאָר דער געניוס קוקט אַריין מיט פייער־אויגן אינם געניוס. ראָדען האָט אויפגעבויט זיין ריזיגע באַלזאַק־סטאַטוע אוודאי האָבנדיג פריער געזען די דאָזיגע קליינע דאַמיער־צייכנונג. ראָדען האָט געמאַכט צענדליגער מאָדעלן, האָט באַזוכט באַלזאַקס געבורטס־שטאָט, האָט יאָרנלאַנג געאַרבעט אויף זיין פאָרשטעלונג פון דע־באַלזאַק.

ריינער מאַריא רילקע, וואָס האָט אָנגעשריבן די בעסטע עסיי וועגן קונסט, איך מיין זיין אַרבעט איבער „ראָדען", דערציילט ווי שווער ראָדען האָט געאַרבעט איבער זיין באַלזאַק־ווערק. יאָרן און יאָרן האָט ראָדען געלעבט אין דער דאָזיגער געשטאַלט. ער האָט באַזוכט זיין היימאַט, וואו באַלזאַק האָט זיין קינדהייט, זיין יוגנט פאַרבראַכט. ראָדען באַזוכט די לאַנדשאַפטן פון טורין, וועלכע באַלזאַק האָט ווידער אַרויסגעבראַכט מיט מייסטערשאַפט אין זיינע ווערק. ער האָט געלייענט באַלזאַקס בריוו, די בילדער שטודירט און ער איז דורך זיין ווערק געגאַנגען ווידער און ווידער. אויף אַלע זיינע פאַרצווייגטע וועגן און שטעגן פון דאָזיגן ווערק האָבן אים באַקעגנט די באַלזאַקישע מענטשן, גאַנצע פאַמיליעס און גענעראַציעס, אַ גאַנצע וועלט, וואָס האָט נאָך געשיינט צו גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון איר שעפער, האָט געשיינט פון אים צו לעבן און אויף אים צו קוקן. ראָדען זעט דאָס אַלע די דאָזיגע טויזנט פיגורן, מעגן זיי טאָן וואָס זיי ווילן, זיינען דאָך געווען באַשעפטיגט מיט דעם איינעם וואָס האָט זיי געמאַכט. און ווי מען קען פון די אויסדרוקן פון דעם פובליקום לייענען דאָס שפיל אויף דער סצענע, וואָס קומט פאָר; אזוי האָט ראָדען געזוכט אין אַלע די דאָזיגע מאַסקעס דעם, וועלכער איז פאַר זיי נאָך נישט געוועזן פאַרגאַנגען. ער גלויבט, ווי באַלזאַק, אין דער ווירקלאכקייט פון דער דאָזיגער וועלט, און עס איז אים געלונגען פאַר אַ ווייַלע זיך אין איר איינצואָרדענען. ער האָט געלעבט, פונקט ווי באַלזאַק וואָלט אויך אים געשאַפן. אומבאַמערקבאַר געמישט אין דער רייע פון זיינע עקזיסטענצן. אַזוי אַרום איז ער געקומען צו די בעסטע דערפאַרונגען.

עס וואָלט צו לאַנג פאַרנומען רילקעס באַשרייבונג ווי אַזוי ראָדען איז דערגאַנגען צו זיין ווערק. אָבער מיר דאַכט אַז די אידייע האָט אים געגעבן דאַמיער: דאַמיער שטעלט דאָ אויף באַלזאַקן ווי אַ מאַסע, ווי אַ באַרג, ווי אַ קאָלאָס. און דאָס האָט ראָדען געטאָן: ער האָט אים אויפגעשטעלט ווי אַ פּיראַמידע. און רילקע, ראָדענס סעקרעטאַר און ביאָגראַף, זאָגט ריכטיג, אַז ראָדען האָט נישט נאָר אויפגעשטעלט דעם מאָנומענט פון דעם מאַן וואָס ער איז געווען אין די ערשטע פופציג יאָר פון זיין לעבן — נאָר אויך דעם באַלזאַק, וואָס ער וואָלט געווען, ווען ער וואָלט געלעבט די אַנדערע פופציג יאָר פון זיין לעבן. ראָדען האָט באַלזאַקן געגעבן דאָס, וואָס לאַמאַרטען שרייבט וועגן באַלזאַקן:

„ער האָט געהאַט דאָס געזיכט פון אַן עלעמענט" (נאַטור־סטיכיע). אויך: „ער האָט באַזעסן אַזויפיל גייסט, אַז זי האָט געטראָגן זיין שווערן קערפּער ווי גאָרנישט."

אויף דער פאָרשטעלונג איז פאַראַן, צווישן אַנדערע זאַכן, אַ בילד פון באַלזאַק מיטן סקעלעט פון אַ מענטשלאכן קאָפּ — דער קאָפּ רוימט

איין דעם אויטאָר די סעקרעטן פון לעבן און פון טויט . . . דאָס איז דער מיטלאַלטערלאַכער באַגריף אַז דער קינסטלער נעמט זיינע ידיעות פון די טויטע, פונם טייוול . . . פונם איבערנאַטירלאַכן.

אַזוי האָט מען דערציילט וועגן פּאַגאַניני, אַז דער טייוול מיט זיין האַריקער האַנט פירט די איידעלע האַנט פונם געניאַלן וויאָליניסט . . . שפּינאָזאַ איז פון די גלחים באַשולדיגט געוואָרן אין שטיין אין ערנסטע באַציאונגען מיטן טייוול, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרעפנטלאַכט זיין באַרימטן „טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט“. די אינקוויזיציע האָט פאַראורטיילט דזשיאַרדאַנאָ ברונאָ און גאַלילעאָ גאַליליי פאַר זיין פאַרבונדן מיטן סאַטאַן, וואָס ליפערט זיי שרעקלאַכע ידיעות...

דער געניוס ווי באַלזאַק איז אַ גרויס וואונדער. ווען איך שפּאַציר פאַרביי די ווערק זיינע, ווער איך אויך איבעררעאַשט און פרעג זיך: פון וואַנען ווייסט דער געניוס די אַלע סודות וואָס ער באַשרייבט? ווי אַזוי שטעלט ער צוזאַמען אַ וועלט פון טויזנטער געשטאַלטן, וועלכע פאַראַדירן אין זיינע ווערק? ווי אַזוי ווייסט דער אַלטער בחור באַלזאַק וועגן דעם פיזיאָלאָגישן לעבן צווישן מאַן און ווייב, וועגן וועלכן ער שרייבט אַזוי פיל, מיט אַזאַ טיפער פּסיכאָלאָגיע. ווי אַזוי ווייסט דער שליסלעך א י י נ ז אַ מ ע ר מ אַ ן וועגן אַלע פאַרהעלטענישן און באַציאונגען פון דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט אין זיין עפּאָכע?!

ווען איך האָב געלייענט שפּינאָזאַס „עטיק“, ווי אַזוי ער רעכנט אויס גאָר די סומע פון מענטשלאַכע געפילן, האָב איך זיך אויך געשטעלט די דאָזיגע פראַגן. שפּינאָזאַ, איינזאַם און אַליין, קען אַזוי גענוי דאָס עמאָציאָנעלע לעבן פונם מענטש — גאָרנישט ווי קיין פילאָזאָף — נאָר ווי אַ גרויסער קינסטלער.

דער ענטפער איז, אַז מענער ווי באַלזאַק, און טאָלסטאָי, און שפּינאָזאַ קענען די נאַטור, קענען דעם מענטש. די דאָזיגע גיגאַנטן דערמאָנען אין די אנטיקע מענער, ווי מיקל־אַנדזשעלאָ און דא ווינטשי, וואָס האָבן אַלזייטיק, גרינטלאַך און אוניווערסאַל געקענט אַלע געביטן פון דער וועלט — און הויפּטזאַכלעך זיינען זיי געווען דורכגענומען מיט אַבסאָלוטער קענטעניש פון זייערע געביטן. באַלזאַק געהערט צו יענע ריזיגע געשטאַלטן וואָס האָבן מיט בליציגע אויגן דורכגעקוקט דורך דער נאַטורס גרונטן און טיפענישן.

אָבער מער פון אַלץ האָט מיך גערירט באַלזאַקס איינציגע פאָטאָגראַפיע — גענומען פון אים אַליין. דאָס איז די דאגעראטייפּ־פאָטאָגראַפיע. באַלזאַק שטייט דאָ מיט זיין פינצטערן בליק. פינצטער און טראַגיש. מיט זיין טיטאַנישן פּנים. אַזוי שטייט אַ פעלז אינמיטן ים, אַנטקעגן די בייזע עלעמענטן. אַנטקעגן דעם פינצטערן שטורם. די האַנט אויפן האַרץ — וואָס אַן אָפּדרוק פון איר איז דאָ אויך פאַראַן. דאָס איז די האַנט פון אַ ריז, הגם פאַרהעלטנישמעסיג קליין, נאָר אַנטשלאָסן. די האַנט וואָס האָט מיט דער ענערגישער פעז אָנגעוואָרפן אַ וועלט מיט געשטאַלטן. ווען דו קוקסט אויף באַלזאַקס פאָטאָגראַפיע, זעסטו אַ שטיק עלעמענטאַרע קראַפט. טאַקע „דאָס פּנים פון אַן עלעמענט“. דו זעסט פונוואַנען, פון וועלכע טיפענישן ער האָט געשעפּט זיין וועלט, זיין מענטשלאַכע קאָמעדיע, דו זעסט פאַר זיך אַ ריז — אַ נאַטור־גיגאַנט, ווי בעטהאָוון אין דער פעלזיגער מאַסקע. ווי

טאָלסטאָי אין געדיכטן רוסישן וואַלד פון ספיקות, געראַנגלען, מיסטישע רוחות, זינד, עגאָאיזם, רעליגיע און אינסטינקט. ווי מיקל־אַנדזשעלאָ צווישן די מאַרמאָר־בערג פון קאַראַראַ. ווי נאַפּאָלעאָן ביים ים פון אינזל סאַנקט העלענאַ; נאָכדעם ווי זיינע אַרמייען זיינען צעשלאָגן געוואָרן. דאָס איז דאָס פּנים פון דעם געפּאַלענעם, איינזאַמען געניוס. אַזוי מאָלט גאָיאַ פינצטער און טראַגיש זיין „קאָלאָס"־געשטאַלט. אַזוי זעט אויס דער קרעפטיגער מלאך, וואָס, פאַלנדיג פון הימל צו דער ערד, האָט ער זיך צעשלאָגן און פאַרבלוטיגט דאָס פּנים.

פאַראַן נאָך אַ סך זאַכן דאָ, וועגן וועלכע איך האָב נאָכגעטראַכט און געוואָלט שרייבן. נאָר עס האָט נישט קיין שיעור צו שרייבן וועגן באַלזאַקן.

***

ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָב איך שטודירט די מאַטעריאַלן, וואָס איך האָב מיטגענומען פון דער אויסשטעלונג. איך האָב צונויפגעזאַמלט די שווערע באַלזאַק־בענדער פון מיין באַשיידענער ביבליאָטעק, און זיי געלייענט און געבלעטערט. איך האָב צום ערשטן מאָל דערפאַרן, אַז אין אַמעריקע עקזיסטירט אַ באַלזאַק־סאָסייעטי. די מיטגלידער אירע, דיפּלאָמאַטן, פּראָפעסאָרן, שטאַטסמענער, שריפטשטעלער און קינסטלער, טרעפן זיך, אַמוזירן זיך, אַרבעטן פאַרן אָנדענק פון באַלזאַק, ריידן וועגן זיינע ווערק און פּראָפּאַגאַנדירן זיין וואָרט. גרויסע נעמען און קלענערע נעמען צווישן די מיטגלידער. אין איין נאָטיץ פונם באַלזאַק־ביולעטין, „אונזערע נייע מיטגלידער", לייען איך:

„צווישן אונזערע נייע מיטגלידער זיינען פאַראַן צוויי באַדייטנדיגע אויטאָרן (איך לאָז אויס די נעמען), אַ גרויסער שעקספּירישער אַקטיאָר, צוויי זשורנאַליסטן, פיר בוכהענדלער, אַ גרויסער ביבליאָגראַף, אַ גרויסער פאַרלעגער, פינף פּראָפעסאָרן, פיר סוחרים, צוויי אַדוואָקאַטן, איין דאָקטאָר, איין פּאָעט, איין פאַרמער און אַ קינד, פּאָלעט קאָהען, אונזער אינגסטער מיטגליד, וואָס איז אַלט . . . איין מאָנאַט. און נאָך אַנדערע ליבלאַכע פרויען און שטאַרקע מענער."

איך האָב רעפלעקטירט: וואו זיינען די אידן, די דאָזיגע קולטורעלע גרופּעס, וואָס נעמען זיך אַלס זייער אויפגאַבע צו ווידמען זיך צו אַ קינסטלער. פאַרוואָס זאָל נישט עקזיסטירן אַ גליצענשטיין־געזעלשאַפט, וואָס זאָל זיך אָפט צוזאַמענטרעפן, ריידן וועגן דעם גרויסן סקולפּטאָר און הייסן איד, זיך ווידמען זיין ווערק, זיין לעבן און זיין שיינקייט, זיינע אידייען און זיין קונסט. עס לעבן דאָך אין ניו־יאָרק אַליין אַ סך מענטשן וואָס זיינען געשטאַנען אין באַרירונג מיטן עמינענטן קינסטלער, וואָס איך פערזענלאך האַלט אַלס דעם גרעסטן סקולפּטאָר וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט אַרויסגעגעבן אין פאַרלויף פון איר געשיכטע. אַזאַ גליצענשטיין־געזעלשאַפט וואָלט פיל אויפגעטאָן פאַר דעם אָנדענק פונם גרויסן קינסטלער. און דאָס לעבן פון די מיטגלידער, פאַרברענגענדיג אין צייכן פון גליצענשטיינס גייסט, וואָלט באַלויכטן געוואָרן ווי פון אַ גרויסער זון.

און, פאַרוואָס זאָלן זיך נישט גרינדן בכלל ביי אידן געזעלשאַפטן, אויפן מוסטער פון דער אַמעריקאַנער טאָרא־געזעלשאַפט אָדער סוועדענבאָרג־געזעלשאַפט, וועלכע גיבן אַרויס ביולעטינען, זאַמלען מאַטעריאַלן, פאַרשפּרייטן די ווערק פון זייערע מייסטער.

לאָמיך דאָ אַרײַנוואַרפן אַ וואָרט וואָס קען טרעפן אידישע שריפטשטעלער: אידישע שרייבער דענקען אַז אויב צו פייערן, דאַרף מען זיי אַליין... אַז עס זיינען נישט פאַראַן קיין גרעסערע ווי זיי... זיי זיינען צופיל באַשעפטיגט מיט זיך אַליין, מיט זייערע אייגענע יובילעאומס... זיי וואָלט געדאַרפט טראַכטן פון גרעסערע פון זיך און בכלל — וועגן גורל פון אונזער קינסטלערישער שאַפונג און נאַציאָנאַלער קולטור.

אַ לואיס־לאַמעד־פאָנד וואָלט געמעגט שפענדן פון זיינע פאָנדן פאַר מער אָביעקטיווע, אָבער אַלגעמיין־נוצלעכע צוועקן, ווי צו טיילן די פרייזן צווישן דער קליינער, דורך זיך אַליין אויסגעווײלטער גרופּע שריפטשטעלער. דענקט אויך אָן די אַוועקגעגאַנגענע שעפער פון אונזער קולטור. דענקט אויך אין דעם המשך פון אונזער שאַפן און קולטור־לעבן. זייט נישט אַזוי קאָנצענטרירט אויף זיך, אויף אייערע אייגענע קעפּ. טראַכט אַמאָל וועגן אַנדערע אויך. דער עגאָאיזם פרעסט אייך אויף ווי זשאַווער. ער מאַכט אייך בלינד.

קיין קינסטלער איז נישט פולקאָם, און ווערט צו טראָגן דעם הייליגן טיטול — קינסטלער, שעפער, נביא — ווען ער ווידמעט נישט זיין לעבן און זיין ווערק צום פאָלק, צו דער מענטשהייט, צום אַלגעמיינעם צוועק פון פּראָגרעס פון דער מענטשהייט.

ניו־יאָרק, אָקטאָבער 18, 1947.



אברהם מאַניעוויטש מ ע ר

# דער קינסטלער הערי דאַניעלס

## (אַ באַזוך ביי אַ אידישן מאָלער)

איינזאַם שטייט ביים פענצטער פון זיין סטודיאָ דער קינסטלער הערי דאַניעלס, דאָרט וואו ער מאָלט און וואו דורך צוויי פאַרקאָפּ־טשעטע פענצטער שטראָמט אַריין גאָטס זוניג ליכט — זיין איינזאַם בעט. עס איז דאָס בעט פון אַ קינסטלער. נאָך אפשר איבערגעצויגן מיט אַ קאָלדרע, וואָס זיין מוטער האָט אים בגנבה איינגעפּאַקט צווישן די זאַכן. וואָס טוט ניט אַ מוטער פאַר איר זון וואָס פאָרט אַוועק? דאָס בעט שטייט קליין און איינזאַם פאַרן קינסטלער. עס דערמאָנט אין דעם בעט פון וואַן גאָג. מיד פון אַרבעט — פון ריידן — פון פּראָפּאַגאַנדירן פאַר זיין אייגן ווערק — פון אויסשטעלן די בילדער פאַרן צושויער — פון באַרירן דעם קעניג־שטויב אין אַלע ווינקלען — לייגט זיך דער קינסטלער אַוועק אויפן אייזערנעם בעטל. ער רוט אויס זיין גוף, זיין שווערן גוף. דאָס בעטל שטייט דאָרט — דאָס געלעגער פון דעם מאָלער. און פון שפּינוועבס פון די ווענט וועבט זיך אין חלום אַ גילדערנער לייטער און מלאכים אין זילבערנע שיך גייען אַרויף און אַרונטער...

פּלוצלינג, מיר ווייזנדיג זיינע מאָלערייען, הער איך אַ וויינענ־דיגע, אידישע מעלאָדיע. דאַניעלס שפּילט אויס אויף אַ קליינער אָרגאַנקע אַ מעלאָדיע פון אידישן פּוילן. עס איז מרדכי געבירטיגס ליד וועגן די טאַטע מאַמע וואָס גיבן אויס זייער טאָכטער. ביי דער חתונה פון דער לעצטער טאָכטער בלייבן זיי שטיין — איינזאַמע, פאַרלוי־רענע. די לעצטע טאָכטער פון הויז אויסגעגעבן. דאַניעלס שפּילט אויס מיט אַזוי פיל געפיל די דאַזיגע וויינענדיגע מעלאָדיע... הערי דאַניעלס האָט ליב לירישע מעלאָדיען. האָט ליב דאָס אידישע לעבן — וואָס איז דאָרט צעבראָכן געוואָרן. וואָס איז דאָרט אומגעקומען. דאָס אידישע לעבן, עס איז אים אַריין אין האַרצן.

הערי דאַניעלס האָט זיך ווייניג אַמעריקאַניזירט. ער איז אַרויס פון דער פּוילישער ערד — מיטן פּוילישן וואַלד אויף די פּלייצעס. מיט די גריך־פייכטעביימער אויף די אַקסלען. מיטן פּוילישן סטאַוו אין האַרצן. ער האָט די פּוילישע לאַנדשאַפט ניט פאַרגעסן. אַ אידיש אינגל איז אַוועק קיין אַמעריקע מיט דער פּוילישער לאַנדשאַפט — באַקלעפּט מיט זונען־אונטערגאַנג — אַרומגעהילט אין וואָלקנס — אין פייכטקייט פון אַ פּוילישער נאַכט. אָ, די פּוילישע נאַטור! זי רינט און טריפט מיט איר סלאַווישן אומעט אין אַלע זיינע בילדער. זי שפּילט אין אַלע זיינע פאַרבן. אַ פּוילישער בוים — דאַניעלס קניט און ציטערט פאַר אים און צויבערט אים ווידער אַרויס אויפן קאַנוועז.

עס איז ניט קיין קאָמפּליצירטע קונסט. דער צושויער בלייבט ניט שטיין פאַר זיין ווערק מיט אומבאַקוועמער אומבאַהאָלפנקייט, וואָס קומט פון ניט פאַרשטיין. ער מאָלט ניט קיין אידן ווי רעמ־בראַנדט און אויך ניט ווי שאַגאַל. דאַניעלס מאָלט אידן ווי אידן האָבן אויסגעזען, אָן פאַלשע בערד און ניט פליענדיג איבער די דע־כער. ניט אין באַקסט אָריענטאַלישע דעקאָראַציעס און ניט אין „דיבוק“ קאָסטיומען. דאָס איז דער איד וואָס דו דערקענסט גלייך פון פּוילישן

שטעטל. דאָס איז דער עכטער איד. דו ווילסט צופאַלן צו אים און אים קושן און האַלזן. עס איז דער ייד אַזוי ווי ער איז. אַזוי ווי דו קענסט אים פון דיין קינדהייט. אַזוי ווי ער האָט געלעבט און אַזוי ווי ער איז אַוועק אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין קרעמאַטאָריום — דאָרט וואו עס איז אויך אומגעקומען דאַניעלס׳ ברודער, זיין מאַמע, די זעלבע וואָס האָט אים מיטגעגעבן די קאָלדרע...

ווען דריי אידן זיצן ביי אַ טיש אין דאַניעלס׳ אַ מאָלעריי — איז פאַראַן געמיט. איז פאַראַן שטימונג. די ווענט זיינען נאַקעט. די פּאָדלאָגע איז אויסגעשיט מיט זאַמד, וואָס מען פלעגט שבת פאַר־נאַכט אויסשיטן אויף דער פּאָדלאָגע. דער לאָמפּ לייכט אויף די טרויעריגע, אידישע פּנימער. קיין איין איבעריגע דעקאָראַציע איז דאָ ניט פאַראַן. אַלץ אין בילד איז נאַקעט און אילוזיעלאָז ווי דאָס אידישע לעבן.

אַן אַנדער בילד: דער איד שפּילט אויפן פידל, די פידל איז רויט, נאָר דער איד איז גרוי און איינזאַם. ער שפּילט אויס אויף אַ וואַר־שעווער הויף אַ אידיש פאָלקסליד. אויף אַ גאַנעק שטייט אַ איד — ווי אַ שאָטן — און הערט זיך צו צו דער מעלאָדיע. די שטיינער פון ברוק זיינען געמאָלן מיט פּראָמינענץ. אַן אַלטע וואַנט. קיין ברעקל אילוזיע, קיין זון־שטראַל. ניטאָ קיין האָפענונג אין דער דאָ־זיקער פּוילישער וועלט פאַר אידן. פאַטאַל טראָגט זיך דאָס אומגליק איבערן פּוילישן אידנטום. דער קינסטלער פילט עס פאָרויס — מאָלנדיג מיט אַזאַ טרויער דאָס אידישע לעבן.

דאַניעלס איז ווי אַ דעמב, אַרויסגעריסן פון אַ פּוילישן וואַלד. ער איז אַ נאַטור־קינד. אַ שטיק פּרימיטיווע קראַפט. איבערגעשטעלט אויף דער אַמעריקאַנער טעריטאָריע — שאַפט ער דאָ ווידער זיין וועלט. ער טראָגט מיט זיך, ווי געזאָגט, די סלאַווישע לאַנדשאַפט. עס איז פאַראַן אין זיינע ווערק פייכטקייט און פרישקייט. עס שמעקט פון די ביימער, פון וואַסער, פון די פייכטע פלאַנצן, עס שמעקט מיט נאַטור.

דאַניעלס מאָלט אידן־פּנימער — בלייכע, מיט טרויעריגע, ברע־נענדיגע אויגן, לומדישע קעפּ — געשיידלט אין צוויי־טויזנט־יאָריגן פּיין.

ווי געזאָגט, דאַניעלס רייניגט ניט זיינע זעקס צימערן. ער לעבט ווי אַ באָהעם, אינגאַנצן פאַר זיין קונסט. ער לעבט אינגאַנצן ווי די ראָמאַנטישע באָהעמען פון פאַריקן יאָרהונדערט. דער טיש, ווען איך קום אָן, איז געגרייט מיט אַ גאַלאָן וויין, מיט ווייסע פיש מיט זילבערנע שיפּן, מיט ראַזשינקעס און מאַנדלען. ביים צעבראָכענעם טיש זיצן מיר און מיר עסן דאָס פיינע מאָלצייט, וואָס דאַניעלס האָט צוגעגרייט.

אינמיטן שטוב שטייט אַ שטיק האָלץ. עס איז אַ פראַגמענט פון אַ בוים־שטאַם. די קאָרע איז אַלט, מענטשלעך, צעשניטן. דאַניעלס האָט ליב דאָס שטיק האָלץ אין זיין שטוב. עס איז ווי אַ פאַרטיגע שטיק סקולפּטור. ער רירט עס אָן — און עס איז ווי ער וואָלט אָנגערירט אַ שטיק געדיכטן וואַלד. ווי ער וואָלט אָנגערירט די ערד, די פּשוטע גרויסע און מענטשלעכע ערד. דאָס לייב פון גאָט. דאָס שטיק בוים דערציילט פון זון און לבנה. פון בליצן און פון וואָלקן. עס איז אין זיין לעבן אַדורכגעגאַנגען טויזנטער וועטערן. עס איז געשלאָגן פון אַלע

ווינטן פון דער וועלט. און זיין גורל איז גוט. עס האָט אַריינגעטראָפן אין הויז פון אַ אידישן קינסטלער. עס שטייט דאָ — פאַרגאָסן פון פאַרבן. עס איז צו אַ פּאַרטיגע שטיק קונסט געוואָרן. האָט ניט דער פראַנצויזישער מייסטער פּאָווים דע שאַוואַן געזאָגט: ווען אַ צווייג הענגט אין מיין סטודיאָ — באַריר איך דעם גאַנצן וואַלד...

דאַניעלס׳עס אידייען זיינען גאַנץ געזונטע, דער קינסטלער מוז זיין פאַרבונדן מיט די מאַסן. ער מוז אַרויסוואַקסן פון דעם פאָלק. און ער טאָר זיך דערפון ניט אָפּטיילן. ער דאַרף ניט זיין איבערגע־שפּיצט. קליגער פון די מאַסן. דער קינסטלער דאַרף זיין אין שטענדיגן קאָנטאַקט מיט זיין פאָלק. מיט זיין קלאַס. דעם קאָנטאַקט מיט זיין אידישן פאָלק האָט דאַניעלס קיינמאָל ניט איבערגעריסן, אַפילו ווען דאָס אידישע פאָלק איז אַוועק אין קרעמאַטאָריום, פאַרברענט צו ווערן. זיינע בילדער שווייבלען און גריבלען מיט אידן־פּנימער. אידיש־קייט איז פאַראַן אויף זיין יעדע קאַנוועז. אידן, אידישקייט צו דער פּאָעזיע, צום קאָליר, צו מוזיק געוואָרן. ווי געזאָגט, ווען אידן זיצן ביים ערשט געהובלעווטן, נאַקעטן טיש, איז פאַראַן שטימונג. דאָ וואו אידן זיינען — איז פאַראַן טרויער. ער הויערט געדיכט איבער די קעפּ. ער איז דער עטער פון אידישן הימל: אַ טרויער — אונזער לעבן. טרויער — אונזער לאַנדשאַפט.

שפּעט ביינאַכט, ווען איך קום אַהיים מיט איינע פון דעם קינ־סטלערס ליטאָגראַפיעס, קוק איך זיך גוט איין דערין. עס איז אַ גאַס, אַ פאַרלעגענע גאַס פון דער שטאָט. קיין מענטש איז דאָ ניט פאַראַן צו זען. אָבער דער קינסטלער האָט די גאַס געזען. דער קינסטלער איז דאָך שטענדיג דער יעניגער וואָס זעט די איינזאַמע, די פאַרשעמטע, די טרויעריגע זאַכן פון דער וועלט. און די דאָזיגע גאַס איז דורך אים באַשענקט געוואָרן מיט קאָלירן. יעדער מויער איז אַקצענטירט און באַטאָנט אינם ווערק. יעדער שטיין שטייט דאָ פּראָמינענט אַוועק־געשטעלט. יעדער שטיקל רויטער דאַך ברעכט די מאָנאָטאָניע פון די גרויער טענער. יעדעס פּיצל גרינס — איז אַקצענטירט. יעדער בוים — איז איידל געצייכנט, מיט זיין אייגן לעבן. מענטשן גייען פאַרביי די וועלט — בלינד. זיי זעען ניט דיביימער — זייערע פריינט. זיי זעען ניט די לאַנדשאַפט — אַזוי נאָענט צו זיי טאָג און נאַכט. זיי זעען ניט אַלע יענע זאַכן וואָס בעטן זיך געזעען צו ווערן. עס איז דער קינסטלער וואָס דערזעט די אַלע זאַכן. עס איז דער קינסטלער וואָס איז באַשענקט מיט דער געטלעכער גאָבע צו זען בלויז די מכלומרשט אומוויכטיגע זאַכן. אין אַ וועלט פון פּראָפּיט, פּראַקטישקייט, געשעפט, נוצלעכקייט, מלחמה, פאַרניכטונג, דיפּלאָמאַטיע, שחיטות אויף מענטשן — זעט דער קינסטלער דאָס אומוויכטיגע. דאָס קינדישע. ער איז אַ קינד. ער איז אַ נאַאיוו אינגל — ביז צו זיין גרויער עלטער. ער איז דער פרייוויליגער נאַר. ער מאָלט זיין איינזאַמע לאַנדשאַפט אין זיין איינזאַמען ווינקל פון דער וועלט. ער שטייט אַנטקעגן דעם שרעקלעכן וועלט־בראַנד — מיט זיין סאַמעטענעם פּייזאַזש — טייער האַלטנדיג אַ גרינעם צווייג. דעם שטאַם פון אַ בוים. דעם דינעם שטאַכעט ביי אַ פעלד. ער גלעט און אומהאַלזט יעדעס פּיצל לעבן, קאָליר, טאָן.

דאָס איז אַלץ וואָס איך האָב געזען אין דער סטודיאָ און אין דעם מענטש הערי דאַניעלס. איינער פון יענע קינסטלער, וואָס בלייבן געטריי צו זיך און וואָס קעמפן פאַר זייער קונסט. אָפטמאָל קומט אויס אַ רייכן איד אַריינצוצווינגען מיט גוואַלד צו קויפן אַ בילדל. ווייל רייכע אידן פאַרשטייען נאָך אַלץ ניט די נויטווענדיקייט פון קויפן אַ בילד ביי אַ אידישן קינסטלער. פון העלפן אַ אידישן קינסטלער. עס קומט אויס מיט שאַרפע רייד צו צווינגען אַזאַ מענטש ער זאָל קויפן אַ קונסט־ווערק.

אָבער דער אמתער קינסטלער האָט זיין גרויסע סאַטיספאַקציע — זיין קונסט זעלבסט. דאָס אַריינבויערן זיך מיט גוואַלד און מיט גרויסע אָנשטרענגונג, מיט לעבנס־לאַנגער אַרבעט אין דער וועלט פון קונסט.

# דר. יחיאל קלינג

(צו זיין שטילן יובילעי)

כמעט דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב געהערט פון מיין גוטן פריינט, דר. יחיאל קלינג, איז געווען ביי אַזאַ געלעגנהייט: איך האָב איין צייט ניט געפילט גוט. איך האָב דעמאָלט געוואוינט מיט מיין מוטער אויף ברוק עווענין. מיט הונגער האָב איך אין מערץ געשלונגען די בלאַסע גרינקייט פון איין־און־איינציקן בוים, וואָס איז געשטאַנען ביים אָפּענעם סאָבוויי־וועג. נאָך איין שניט פונם סאָבוויי־פּלאַן און דער בוים וואָלט פאַרשניטן געוואָרן. איין אָוונט באַזוכט מיין קליינע שטוב דער דיכטער ה. לייוויק און זעענדיק אַז איך בין איבערגעשראָקן זאָגט ער צו מיר:

— האָט איר געהאַט אַ דאָקטאָר? איר האָט אוודאי נישט צו באַצאָלן. איך וועל אייך שיקן דעם דר. קלינג. איך וועל אים באַלד אָפּרופן.

— און דר. קלינג באַדאַרף מען נישט צו באַצאָלן?

— ער איז אונזערס אַ דאָקטאָר. אַ דאָקטאָר פון די אידישע שרייבער, ער וועט ניט נעמען ביי אייך קיין געלט.

אַ מאָדנער דאָקטאָר דאָס איז, טראַכט איך. אַ דאָקטאָר פון די אידישע שרייבער, וואָס נעמט ניט קיין געלט. טאָ פון וואָס־זשע לעבט ער? און וואָס טויג אים צו זיין דאָקטאָר, אַז ער נעמט ניט קיין געלט. ערשט ווען איך האָב זיך נעענטער באַקענט מיט דר. יחיאל קלינג, האָב איך מער פאַרשטאַנען אין דעם ענין.

אין אַן אָוונט פון לעצטן יאָר, אין איינעם פון די מידע און טרויעריקע אָוונטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט מיר דר. יחיאל קלינג אַריינגעוואָרפן צווישן אַנדערעס:

— איך האָב פיינט, אַז מען רופט מיך צו פּאַציענטן מיט אַ פאַטאַלער קראַנקהייט. איך קען זיי נישט העלפן. און איך וויל נישט קומען און נעמען געלט ביי זיי, אין דער צייט ווען איך קען זיי נישט ברענגען קיין לינדערונג. ווען איך קען זיי נישט היילן. עס איז זייער טראַגיש ווען מען רופט אייך צו אַ פּאַציענט וואָס איר ווייסט, אַז ער וועט שטאַרבן.

דאָס זיינען נישט געווען קיין צופעליקע רייד. אויך נישט קיין ווערטער פון פּאַזע, דאָס איז געווען אַ שטיק קאָנפעסיע פון אַ דאָקטאָר. דאָס גרויסע תשובה־געפיל פון אַן ערלעכן דאָקטאָר. איך האָב פאַר זיך דערזען אַ מאַן, וואָס איז נישט קאָרומפּירט געוואָרן פון זיין מעדיצינישער פּראָפעסיע, ווי עס טרעפט לײדער מיט פילע אַנדערע, באַזונדערס אין אַמעריקע, וואו די דאָקטוירים־פּראָפעסיע איז היפּש־רעאַקציאָנער אין באַציאונג צו סאָציאַלע פראַגן און באַציאונג צום פאָלק. די דאָזיקע ווערטער פון דר. קלינג האָבן אין מיר שפּעט ביינאַכט אַרויסגערופן אַקאָרדן פון דער וועלט־ליטעראַטור. איך האָב זיך דערמאָנט ווי פאַוסט און וואַגנער גייען שפּאַצירן איין פרימאָרגן איבער אַ פעלד. די פּויערן, אים דערזעענדיק, הויבן אָן צו ריידן וועגן דעם

גרויסן דאָקטאָר פאַוסטוס, און וועגן זיין פאָטער, וואָס איז אויך געווען אַ גרויסער דאָקטאָר, וועלכע וואונדער אין היילן מענטשן זיי האָבן באַוויזן. אָבער טרויעריק בלייבט דר. פאַוסטוס און ער דריקט אויס צו זיין תלמיד זיין סקעפּטיציזם אין זיין אייגענער מאַכט פון היילן מענטשן. מיט יאָרן שפּעטער האָב איך געלייענט ווערסאַיעווס „די ווידוי פון אַ דאָקטאָר", און דאָרט גייט דורך דורכן גאַנצן בוך דער מאָטיוו פון דעם ערלעכן דאָקטאָרס טראַגעדיע, ווען ער שטייט אומבאַהאָלפן קעגן אַ קראַנקער וועלט. ווען פון אַלע זייטן ציען אים די אָרעמע און קראַנקע, די פאַרוואָרלאָזטע און פאַרהונגערטע רוסישע מאַסן, וואָס לייגן אויפן דאָקטאָר די טיפסטע האָפענונגען, אַז ער וועט זיי היילן. ווי זיי דערהויבן דעם דאָקטאָר צו אַן איבערמענטש, צו אַ משיח, אים געבנדיק געטלעכע קוואַליטעטן, צוליב זייערע עגאָאיסטישע אינטערעסן. אײַנזאַם שטייט דער ערלעכער דאָקטאָר אַנטקעגן די פּאַציענטן. ער מאַכט טעותן. ער איז מענטשלעך. ער איז זיך אָפט אַפילו טועה אינם דיאַגנאָז־שטעלן. ער קען ניט היילן קראַנקהייטן וואָס זיינען פאָרגעשריטן. דער ערלעכער דאָקטאָר ליידט ביטער, ווייל ער איז מאַכטלאָז קעגן אַ וועלט וואָס צעברעכט, וואָס פאַראורזאַכט די קראַנקהייטן, וואָס ברענגט ביטערע האַדינגונגען אויף דער באַפעלקערונג, וואָס ברענגט מלחמות, וועלכע ברענגען שפּיטעלער פול מיט אינוואַלידן, מיט גייסטיק־קראַנקע, מיט אַלערליי קראַנקהייטן און עפּידעמיעס.

איך האָב דר. יחיאל קלינג שטענדיק באַאָבאַכט פון אָט־דעם קוקווינקל. איין אָוונט זאָגט ער מיר:

— איך בין היינט געגאַנגען צו אַ לוויה. איך האָב אָנגעקוקט דעם מת — איך האָב אים פּשוט נישט דערקענט. אַזוי שרעקלעך האָט ער אויסגעזען. אַזוי דעפאָרמירט.

איך האָב געטראַכט: וואָס איז עס פאַר אַ דאָקטאָר וואָס האָט זיך אַפילו נאָך נישט צוגעוואוינט אָנצוקוקן די מאַסקע פון אַ מת? ווי אַזוי געוויינט זיך דאָס נישט צו אַ מאַן פון זיבעציק יאָר, וואָס איז די מערסטע פון זיינע יאָרן אומגעגאַנגען צווישן קראַנקע? און איך האָב געטראַכט: דר. יחיאל קלינג איז אַזאַ דאָקטאָר! ווי טראַגיש מוז עס זיין אָנצוקוקן ליידן אויף שריט און טריט — ווען מען קען אויף זיי נישט קוקן. ווי שלעכט מוז עס זיין צו זיין דאָקטאָר — און צו האַסן די פּראָפעסיע. צו שטיין אַנטקעגן אַ וועלט פון ליידן און נאָך נישט זיין צוגעוואוינט צו איר, נאָך נישט זיין ציניש צו איר. נאָך נישט פּרואוון אויסנוצן די דאָזיקע מענטשלעכע יסורים און די נאַאיוויטעט און אומבאַהאָלפנקייט פון די מענטשן — פאַר פּראָפיט, פאַר די הויכע פּרייזן, וואָס אַנדערע דאָקטוירים נעמען מיט אַזאַ לייכטקייט און מיט אַזאַ זעלבסט־צופרידענעם שמייכל.

איך האָב פון די עטלעכע יאָר פון באַקאַנטשאַפט דערקענט דעם דר. קלינג ווי אַ מענטש וואָס האָט זיך נאָך אַלץ נישט צוגעוואוינט צו זיין פּראָפעסיע, און, דערגרייכנדיק גרויס רעפּוטאַציע, זיך פאַרשאַפנדיק אין פאַרלויף פון זיין לעבן אַ ריזיקע פּראַקטיק און באמת פאַרדינענדיק דעם טיטול פון אַ גרויסן דאָקטאָר — האָט דר. קלינג פונדעסטוועגן יעדע פרייע מינוט אויסגענוצט פאַר קולטור. נאָך יעדער וויזיט ביי אַ פּאַציענט פאַלט ער צו צום ספר און פרישט זיך אָפּ. אַנטלויפנדיק, ווי ווייט מעגלעך, פון זיין פּראָפעסיע, האָט דר. קלינג שטענדיק גע־

זוכט דעם יום־טוב פון שאַפונג, די פייערלעכקייט פון ליטעראַטור, די דינאַמישקייט פון שעפערישע מענטשן. איך האָב אַ סך געהערט פון אַ צייט, וואָס איז שוין איצט געשיכטע, ווי אַזוי די פּאָעטן פון דער גרופּע „יונגע" זיינען דערצויגן געוואָרן אינם יום־טובדיקן הויז פון די קלינגס. אינם הויז, וואו אויפן גרויען טיש איז געלעגן אַ גרויס טישטוך, אַזוי ווי אַ בלומענפעלד אינם זון־אויפגאַנג — און אויפן טישטוך פלעגט שטענדיק זיין שבתדיק געגרייט פון כל־טוב. אימיצער פון דער עלטערער פלעיאַדע אידיש־פּראָפעסיאָנאַלן וועט דאַרפן שרייבן וועגן דעם הויז פון דר. יחיאל און בערטאַ קלינג, די דיכטערין, און וועגן דער ווירקונג פונם דאָזיקן הויז אין דער אויסבילדונג פון די יונגע. אַ הויז וואו מענטשן קומען אַריין, וואו ליטעראַרישע שמועסן ווערן געהערט, וואו געדאַנקען ווערן אָנגערעגט, וואו דיכטער ווי מאַני לייב, זישא לאַנדוי, משה לייב האַלפּערן, א. מ. דילאָן פאַרברענגען און ווערן אינספּירירט — אַזאַ הויז, איז נישט קיין פראַגע צי עס האָט נעכטן געהאַט מער געסט ווי היינט, צי עס איז היינט עטוואָס טונקע־לער ווי נעכטן. אַזאַ הויז בלייבט שטיין צוזאַמען מיט דער אידישער ליטעראַטור. אויף אייביק בלייבט דאָרט ברענען דער גרויסער לאָמפּ, וואָס האָט באַלויכטן און געטריפט ליכט אין הערצער פון אידישע דיכ־טער, פון אידישע קולטור־מענטשן.

פון דעם אַלעם, און פון מיין ׳פערזענלעכער באַקאַנטשאַפט פון די קלינגס, און פון מיין געניוס אין זייער הויז — ווינטש איך מיין גוטן פריינט, דעם דאָקטאָר יחיאל קלינג, דעם אמתן אינטעלעקטואַל, און מיין גוטער פריינדין בערטאַ קלינג, די דיכטערין וואָס האָט היפּש ביי־געשטייערט מיט איר פשוטן, ערלעכן און היימיש־מוטערלעכן ליד — מיינע האַרציקסטע ברכות פון אַ סך יאָרן פון לעבן און גוטע טאַטן פאַר אונזער אידישער ליטעראַטור, פאַר אונזער אידישן פאָלק.

# יוסף אפּאַטאָשוס קורצע דערציילונגען

דאָס געשלעכטלעכע לעבן פון די מענטשן — זינט אונזער איינ־זאַמער פּאָטער, אָדם, איז, דינט דער נאַטור אין איר פאַרפלאַנצונגס־פּראָצעס.

דער פּרימיטיווער אופן פון פּאָרקער צווישן מאַן און פרוי, וואָס גייט דורך די גאַנצע מענטשהייט, דורך אַלע דורות און דורך אַלע קרעאַטורן און באַשעפענישן אין דער נאַטור — אויף דער יבשה, אין ים און אין דער לופט — דינט גאָט אויף אַרויסצוברענגען נייע דורות. דינט דער עוואָלוציע־פּראָצעס אויף אָנצוגיין מיט זיין אומדערמיד־לעכער עקספּערימענטאַלער אַרבעט אין קאָסמאָס. אַזוי ווי אין אַ דאָק־טאָרס לאַבאָראַטאָריע, וואו באַשעפענישן ווערן געהאַלטן פאַר אַלערליי צוועקן פון מעדיצינישע עקספּערימענטן — אַזוי לעבן די דורות אין דער קאָסמישער לאַבאָראַטאָריע, דינענדיק דעם צוועק פון עוואָלוציע, וואָס פאָדערט אַלץ נייע און נייע קרבנות פאַר אירע עקספּערימענטן. דאָס לעבן מוז אייביק אָנגיין. און ווי צו דעם וואָס שטעלט זיך אַוועק קעגן דעם פאַרפלאַנצונגס־פּראָצעס פון דער נאַטור. די נאַטור צעברעכט אים פיזיש. זי פאַרוואַנדלט אים אין אַ משוגענעם, וואָס עסט גראָז אין וואַלד, ווי קעניג נבוכדנצר. זי פאַרשטיינערט אים צום טויט. די נאַטור ליידט נישט קיין רעוואָלטירער. עס מוז אָנגיין דאָס אייביקע לעבן. —

קעגן דעם דאָזיקן בלינדן געבאָט פון „פּרוכפּערט איך און מערט איך" — הגם דער מענטש האָט נישט איינגעזען, ווי גאָט, אַז „עס איז גוט", וואָלט דער מענטש אומפאַרמיידלעך רעוואָלטירט. עס וואָלט באַליידיקט דער גראָבער פּראָצעס פון געשלעכטס־אַקט זיינע עסטעטישע געפילן. ער וואָלט זיך אָפּגעשטעלט פון שאַפן נייע דורות, זעענדיק ווי די מענטשן פון זיין קעגנוואַרט ווערן פאַרניכטעט. ווערן פאַרניכטעט פון דער צאָרנדיקער נאַטור, מיט אירע וואולקאַן־אויס־ברוכן, פאַרפלייצונגען און בליצן און טייפונען. ווערן פאַרניכטעט פון דער נאַטור זעלבסט. דער מענטש בליט אַרויס פון דער ערד מיט אומגעהייערע אַספּיראַציעס, מיט שיינע טרוימען, מיט מעכטיקע דראַנגען און אַמביציעס, און ווערט דורך דער גראַניטענער פויסט פונם טויט דערשלאָגן.

די נאַטור האָט אַלזאָ דערפונדן דעם „טריק" פון פאַרגעניגן פאַרן מענטש — דורך דעם געשלעכטלעכן פּראָצעס. ווי פּרימיטיוו עס זאָל נישט זיין דער אַקט — און ווי באַליידיקנדיק צום מענטש, וואָס שאַפט דערמיט דעם נייעם דור און טראָגט דורכדעם אַרויס אַ טויט־אורטייל אויף זיך אַליין און במילא אויף די צוקונפטיקע דורות — פונדעסטוועגן ווערט דער מענטש אַטראַקטירט דורך דעם מעכטיקן געפיל פון תאווה; דורך דער צוציאונג פון די סעקסעס; דורך דעם מאָמענט־תענוג פונם אַקט.

דער מענטש, דער וואָס איז בכוח, אין קעגנזאַץ צו דער חיה — צו דענקען, צו רעפלעקטירן, צו וועגן און מעסטן, צו אורטיילן דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, דאָס שעדלעכע און נוצלעכע — דער מענטש

ווערט פשוט אַריינגעגאַרט דורך דעם טריק פון תאווה אָנצוגיין מיט זיין רעפּראָדוקציע־פּראָצעס און אַזוי אַרום פאַרטראָגן דאָס לעבן פון מענטש אויפן האָריזאָנט פון דער צוקונפט.

דער געשלעכטלעכער אַקט איז ברוטאַל. ער צעבּרעכט דעם מענטשן. די פרוי נעמט נאַקעט אַריין דעם מאַן אין אירע אָרעמס און כישופט פון אים אַרויס דאָס קינפטיקע לעבן. עס איז אַ פּרימיטיווער, ערדישער — און גלייכצייטיק געטלעכער פּראָצעס. מאַן און פרוי — איינזאַמע אויף דער ערד, דערנענטערן זיך, פאַרליבן זיך, זיי פאַר־איייניקן זיך אין אַ כוואַליע פון פייערדיקער לוסט — כדי צו שאַפן די נשמה און דעם גוף פון אַ קינפטיק וועזן, צו ווען די פרוי לענט זיך צו ניין מאָנאַטן צייט מיט אַלע אירע חושים ווי צו אַ גרויסער סימפאָניע פון איר האַרצן.ביידע — מאַן און פרוי — ווערן צו עלע־מענטן. זיי האַנדלען מיט כוחות עלעמענטאַרע, דיקטירטע צו זיי פון דער רויער, עלעמענטאַלער נאַטור. זיי עפענען פון זיך אויס קוואַלן פון פאַרגעניגן און לעבן — פון פערזענלעכן טויט־אורטייל און לעבן פאַר אַ דריטן פערזאָן...

עס איז אַ געוואַלדיקע געשיכטע — אַן עפּיק פון קאַמף און געראַנגל — פון ליידן און לוסט און אומענדלעכן געבורט און אומ־ענדלעכן שטאַרבן. —

דער דאָזיקער קאָנפליקט פון מאַן און פרוי; דער געראַנגל צווישן אָדם און חוה; דער טויט־קאַמף צווישן דער פרוי וואָס באַגערט און איז די פּריסטערין פון דער נאַטור און האָט נאָר איין דעוויז — „פאַר־נאַרן" דעם מאַן אין איר הייל און אַרויסצוזיבערן דאָס וואָס זי האָט נייטיק פאַר איר שוואַנגער ווערן — און דעם מאַנס רעאַקציע צו דער פרוי; דעם מאַנס איינזאַמקייט אויף דער ערד, פּונקט ווי זיין דראַנג צו איינזאַמקייט וואָלט געשטאַמט פון יענער צייט ווען ער האָט גע־לעבט אויף דער ערד פאַר חוהס געבורט — מאַן־איינזאַמער אויף דער וועלט, אין מעשה בראשית, און זינט דעמאָלט טראָגט ער אין זיין געביין די טענדענץ פון זיין אַליין; מאַן מיט זיינע ריזיקע כוחות פון שאַפן און בויען און פון גרויסן שמערץ; ווייל אין קעגנזאַץ צו דער פרוי — אַנאַליזירט ער, טראַכט ער, רעזאָנירט ער און נעמט אַרום מיט זיין שכל די קאָנפליקטן און די טראַגעדיע פון מענטש. דאָס דאָזיקע שפּיל צווישן מאַן און פרוי — אויף דער בינע פון קאָסמאָס — וואָס דויערט נישט קיין דריי אַקטן און נישט קיין נאַכט — נאָר אַן אייביקייט — דאָס אַלץ איז אַריין אין דער וועלט־ליטעראַ־טור. אָנהויבנדיק מיטן תנך, וואו חוה ברענגט דעם טויט אויף דער ערד דורך איר געוואויר ווערן פון עץ הדעת — דורכגייענדיק די ווערק פון דער אַנטיקער צייט — די פראַגמענטן־שפּליטער פון לי־טעראַטורן פון נאָך עלטערע פעלקער ווי די עגיפּטער און גריכן און רוימער — גייען אויף אויף דער וועלט־בינע טיטאַנישע געשטאַלטן — מענער און פרויען־העלדן — וואָס שפּיגלען אָפּ דעם קאַמף און דעם פאַרמעסט צווישן די געשלעכטער; די פלאַמען פון ליבע, אייפערזוכט, פאַראַט, באַטרוג, וואַנזין, נקמה און העראָאיזם. די גאַנצע מענטשלעכע געפילנס־וועלט באַוועגט זיך אין דער ספערע פון עראָטיק. אַנטקעגן דער נאַטורס בלינדן אַקט פון רעפּראָדוקציע — האָט די מענטשהייט געבוירן די אומגעהויער־שיינע בלום פון ליבע. דאָס פייער פון ליבע באַדט אָפּ געשטאַלטן אַזוי ווי זיי וואָלטן דורכגעגאַנגען דורך די

פלאַמען און שנייען פון גיהנום. די וועלט־ליטעראַטור האָט אַרויס־געשטעלט קעגן פּאַראַט און אײַפּערזוכט אַזעלכע קלאַסישע ראָמאַנסן ווי די פון דאַנטע און בעאַטריטשע, פּעטראַרקע און לאַורא, טאַרקוואַטאָ טאַסאָ און זיין געליבטע; אַבעלאַר און העלואיז; פראַנצעסקאַ דאַ רימיני און פּאַאָלאָ, וועלכע באַוועגן זיך אין די הימלישע רוימען — אויף אייביק באַהאַפטן אין אַן אייביקייטס־קוש.

פון דער ליבע איז אַרויסגעוואַקסן ווי אַ גרויסע זון די וועלט־ליריק, די וועלט־דראַמע, דער וועלט־ראָמאַן, די וועלט־ליטעראַטור.

דאָס שפּיל פון מאַן און פרוי איז געוואָרן די דראַמע פון אַלע קונסטווערק — פון טעאַטער, באַלעט, סקולפּטור, מוזיק, רעציטאַציע, מאַלעריי און קולטור בכלל.

די עראָטישע געפילן — אָנגעצונדן דורך די פייערן פון ליבע — האָבן געטריבן מענטשן צו גרויסע טאַטן, צו איבעראַשנדיקע אַנטדע־קונגען, צו בויען און שאַפן און אַרויסשליידערן פון זיך ריזיקע שע־פערישע כוחות מיט וועלכע גאָר דאָס גוטע און אידעאַלע איז גע־בויט געוואָרן.

די אידישע ליטעראַטור האָט, אמת, געהאַט אַ מאַנגל אין עראָטישע ליטעראַטור. ביאַליק פרעגט וואָס איז ליבע און בעט זיך ביים מיידל אים אויסצולערנען צו ליבן. די פּאָעטן פון דער רעוואָלו־ציאָנער־ראָמאַנטישער פּאָעזיע — ראָזענפעלד, עדעלשטאַדט, באָוושאָ־ווער, זינגען וועגן רעוואָלוציע. וועגן ליבע און נאַטור האָבן זיי נישט קיין צייט צו זינגען. דאָס וועט וויסן דער באַפרייטער אַרבעטער — אין דער ווייטער צוקונפט.

רעליגיע און געטאָ האָבן אונז אָפּגעוואוינט פון ליבע. נאַציאָ־נאַלע ליידן און ביטערע באַדינגונגען האָבן אונז אָוועקגענומען פון ראָמאַנס. אָבער דעם ערשטן הייליקן ליבע־ליד האָבן מיר געשענקט דער וועלט — שיר השירים, די ליבע צווישן אַ קעניג און אַ פּאַסטוך־צאַרטע מיידל. קיין שענערע געזאַנגען וועגן דער טענצערין האָב איך ניט געזען, ווי ביי יהודה הלוי און ר׳ שלמה בן גבירול. קיין זיסערע מעלאָדיעס ווי ביי היינריך היינע האָב איך אויך נאָך נישט געלייענט. אידן האָבן אין נאָרמאַלע באַדינגונגען, געקענט ליבן און האָבן שיין און הערלעך געשריבן וועגן ליבע. נעמט אונזער לייב ניידוס — וועט איר זען וועלכע פלאַמענדע עראָטיק זיינע לידער באַזיצן, גע־פּאָרט מיט עסטעטישן עלעמענט, פון וואָס עס איז אַרויסגעוואַקסן די סקולפּטורישע קונסט, מיט איר פּאַרשטעלונג פון ווענוס און אַפראָ־דיטע, די מאָדעל און די פאָרם פון פרויען שיינקייט. וואָס איז די רענעסאַנס־מאַלעריי — אויב נישט די גליענדיקע קאָלירן פון דער נודס פיגור, די שיינקייט פון איר אָנגעצונדן פלייש, די גלאָריפיקאַ־ציע פון פרויענגוף.

און אַזוי, ביזן היינטיקן טאָג, זינגט דער פּאָעט די הייליקייט פון ליבע — די גרויסקייט פון געבורט און קרעאַציע — די דראָמע פון פּיין און געראַנגל, וואו עס זיגט דאָס גוטע און דאָס העראָאישע. די גאַנצע וועלט־קונסט הייבט אַרויס דעם מענטש פון זיין פּרימיטיוון חיהשן צושטאַנד און טראָגט אים אויף די אַקסלען פון די דורות צו דעם הימל — צו דער אידעאַלער צוקונפט — צו האַרמאָניע און שיינקייט און ליבע צו גאָט, צו דעם לעבן און צום נאַטור־באַשאַף.

פון זיין גרויסער ליבע צו דער פרוי — צו דער פאַמיליע — צויבערט דער אידעאַלער קינסטלער אַרויס די ליבשאַפט צום מענטש בכלל — צו דער מענטשהייט — צו גאָר דעם הימלישן באַשאַף און מיט די ערשטע ווערטער פון גאָט „עס איז גאָט" — ווייל דער מענטש קרויינען זיין ביז איצטיק ווערק און שרייבן מיט פלאַמענפאַרבן אויף אַלע „האָריזאָנטן" — „עס איז גוט".

***

פאַראַן אָבער ביי אונז אַ שרייבער, יוסף אָפּאַטאָשו, כמעט מיט אַ וועלט־נאָמען — אין די ראַמען פון אידישער קולטור — וואָס באַ־מיט זיך אין זיין יעדער דערציילונג כמעט, וואָס דערשיינען אין אַ ניו־יאָרקער צייטונג יעדער וואָך און וואָס ער באַמיט זיך צו דרוקן אין אַ אידישער אויסגאַבע וואו נאָר עס דערשיינט ערגעץ אין אַ ווינקל פון דער וועלט — צוריקצובערענגען דעם מין מענטש צו זיין חיהשן צושטאַנד, צו זיין עלעמענטאַלן, אינסטינקטיוון און אַטאַוויסטישן צו־שטאַנד — ווען דער מענטש האָט אַפּילו נישט באַנוצט זיין זע־חוש — נאָר האָט היינטיש, מיט דער נאָז, דערשמעקט די נקבה און זי אַטאַקירט אַ לאַ מאַן פון דזשאַנגל. דער דאָזיקער שריפטשטעלער, וואָס לעבט אין אונזער צייט און לאָזט זיך ברייט פייערן בכל תפוצות ישראל זיין 60־יאָריקן יובילעי — האָט אַ סאַדיסטישע הנאה ווען ער ברענגט צוריק דעם מענטש, נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעגאַנגען אויף דער עוואָ־לוציאָנערער לייטער מיליאָנען יאָרן, אין אוממענטשלעכן געראַנגל, קאָנפליקט, פיין און ווייטיק — טאַשטשעט ער אים צוריק צו זיין זאָאָלאָגישן צושטאַנד, ווען ער דערשמעקט מיטן חוש הריח זיין סעקס־פּאַרטנערקע — חוהן און ער פאַרשלעפּט איר אין וועלדל, הינטער אַ שטאַל, וואו עס גייט אויף דער ריח פון פערדן־מיסט, פון קי־מיסט.

דער חוש־הריח שפּילט ביי אָפּאַטאָשון אַ שטאַרקע ראָלע. נאָר ער שמעקט שטענדיק פערדן־מיסט, שוויס, קו־דואה און אַלערליי זומפּיקע און אומריינע ריחות. געוועזן ביי די פראַנצויזן אַ גרויסער דיכטער, שאַרל באָדלער, איז ביי אים געוועזן דער חוש הריח שטאַרק אַנטוויקלט. אָבער, זייענדיק אַ פראַנצויז, וואָס דאָס מיינט אַן עסטעט, אַ הויך־קולטורעלער מענטש, אַ גרויסער טראַגישער קינסטלער — האָט זיין חוש הריח אים דערפירט צו די איידלסטע פּאַרפיומען, צו די פיינסטע פלאַקאָנען פון בלומענזאַפטן. ער האָט געשמעקט אין עראָ־טיק — דאָס לעבן און דעם טויט פון די פּאַרפיומען. ביי יוסף אָפּאַ־טאָשו שמעקן די העלדן -- פערדנמיסט. פונקט ווי זיי וואָלטן אַלע געווען פערדס־גנבים.

יוסף אָפּאַטאָשו באַנוצט זיך אין זיינע טויזנטער דערציילונגען, וואָס ער טראָגט אונטער דעם אידישן לייענער — מיט ביליגע עפעקטן, מיט נאַרישע המצאות, מיט עקלהאַפטע, אָפּשטויסנדיקע סצענעס, וואָס נישט נאָר אַ סאָלידער שרייבער וואָלט זיך געשעמט צו באַנוצן — נאָר וואָס אַ פּראָפעסיאָנעלער פּאַרנאָגראַף, אַ בורלעסק־מענטש, מיידט אויס. ווייל אַפּילו אָפיציעלע פּאַרנאָגראַף־שרייבער, ווי ביי די פראַנצויזן, האָבן מער ראַפינעריע און געשמאַק ווי יוסף אָפּאַטאָשו, דער אַזוי גערופענער שעפער פון די „פוילישע וועלדער" און „רבי עקיבא". וואָס וואָלט אַ פראַנצויזישער שרייבער, דערצויגן אויף די איידעלע מוס־טערן פון אַנדרעי זשיד, אַלפרעד דע מיוססעי, מאָפּאַסאַן, אַנאַטאָל

פראַנס און פלאָבער — מענער וואָס האָבן זיך אַלע באַנוצט מיטן עראָטישן עלעמענט און האָבן אַרויסגעבראַכט אײדעלע, פּאָעטישע בלומען פון מענטשלעכער טראַגיק און העראָאיזם; פון גרויס־קולטור־קענטניש און דעם שטילסטן, אײדלסטן ליריזם, ווי שאָפּענישע נאָקטורנען — וואָס וואָלט אַ פראַנצויזישער שריפטשטעלער געזאָגט וועגן דער אידישער ליטעראַטור, און וועגן אידן, ווען ער לייענט אַזאַ מין שטעלע פון יוסף אָפּאַטאָשוס אַ דערציילונג:

(„ליבע", „נייע פּרעסע", פּאַריז, פּרייטיק, אָקטאָבער, 1947):

„אין די אָוונטן איז זי געלעגן אויפן בעטל אין דער פינצטער. זי האָט געהערט ווי קאַרמעל שפּרייזט איבער דער וואָנט, לייענט עפּעס אויפן קול. אַזוי עטלעכע אָוונטן. איין מאָל, ווען זי האָט געהערט קאַרמעלן לייענען, האָט זי זיך צוגעשאַרט צו זייער טיר און גענומען אַריינקוקן דורכן לעכל פון שלאָס. די באַלעבאָסטע איז געזעסן אויף דער אָטאָמאַנע. איבער די פּלייצעס אַ סוועטער. ער איז יעדע ווײַלע געבליבן שטיין לעבן איר, עפּעס אַרויסגעלייענט פון אָנגעשריבענע זייטלעך פּאַפּיר. און אַז ער האָט אויפגעהערט לייענען, האָט ער זיך צוגעזעצט צום ווייב, אָנגעשפּאַרט אַן איר שויס דעם קאָפּ, און זיי האָבן זיך גענומען שפּילן ווי פאַרליבטע קינדער".

אַ גאַנצן אויפדערנאַכט, שרייבט יוסף אָפּאַטאָשו, איז זי אַזוי געלעגן ביי דער טיר און אַריינגעקוקט דורכן שליסל־לאָך...

„צומאָרגנס האָט די סטודענטקע צופעליק באַגעגנט קאַרמעלן אין קאָרידאָר. זי האָט פאַרשטעלט מיט די פּלייצעס דעם אַריינגאַנג צו אים אין צימער און אים אַ קוק געטאָן גלייך אין פּנים אַריין:

— וואָס מאַכט איר, מיסטער קאַרמעל? און פאַרוואָס באַקענט איר מיך נישט מיט אייער פרוי?"

שטעלט איך פאַר די אומבאַהאָלפנקייט פון אַ שרייבער, און די גרויסע „קינסטלער־פּסיכאָלאָגיע", אַז נאָך דעם ווי די סטודענטקע קוקט אַריין דורכן שליסללאָך און פילט זיך שולדיק — האָט זי אים גאָר חוצפּהדיק „פאַרשטעלט מיט די פּלייצעס דעם אַריינגאַנג אין צימער" און אים געזאָגט פאַרוואָס ער באַקאַנט זי נישט מיט זיין פרוי. דאָס פּאַרט זיך אַזוי מיט אַן איינזאַמע, פאַרקריפּלטע געשטאַלט. מיט אירע יונגע יאָרן. מיט איר צושטאַנד פון צעמישטקייט און שולדיקייט — ווי עס פּאַרט זיך שונד מיט קונסט. צו וואָס האָט דער שריפטשטעלער פאַרקריפּלט אַ יונגע מיידל, איר מיאוס געמאַכט אויפן פּנים — אַלץ כדי צו דינען זיין ביליגן צוועק פון אַריינקוקן דורכן שליסל־לאָך און זען ווי מאַן און ווייב שפּילן זיך ווי „פאַרליבטע קינדער". אויך דער עפּיטעט: „פאַרליבטע קינדער" איז מאָדנע, ווען מען פאַרגלייכט עס צו די אינטימיטעטן צווישן מאַן און ווייב...

דאָס איז אַלץ וואָס יוסף אָפּאַטאָשו, אַ באַרימטער אידישער שריפטשטעלער, קען קינסטלעריש טאָן מיט אַ אידישער סטודענטקע. זי ליגט ביי דער טיר פון אַ פאַרפאַלק און מאַכט איר אַריינצוקוקן דורכן שליסל־לאָך אַ גאַנצן אויפדערנאַכט. אַן אָנשטענדיקער שרייבער וועט מיט אַזאַ יונגער מיידל, אין פּובערטעטס־פּעריאָד, באַווייזן וואונדער. ער וועט אין איר אָנצינדן אַ וועלט מיט ראָמאַנטיזמען, פאַנטאַזיעס, טרוימען, וואונדער און פאַרביקע רעאַליטעטן.

אַ ביליקער, אַ וואולגאַרער שרייבער וועט די געשלעכטס־לעכצנ־

דיקע מיידל אַרויספירן אויף טאַימס־סקווער און איר דורכפירן אַלערליי אוואַנטורעס און געשעענישן. אָבער יוסף אָפּאַטאָשו דאַרף קיין ליטעראַטור — קיין דראַמע נישט מאַכן. ער איז צו פויל עפּעס אויפצוטאָן ליטעראַריש מיט דער־אָ סטודענטקע. פאַר אים לוינט זיך בעסער זי זאָל ליגן „פּאַסיוו" ביי יענעמס טיר — אַריינקוקן דורכן שליסללאָך — ווייל די זעלבע העלדין דאַרף ער דאָך האָבן פאַר הונדערטער אַנדערע דערציילונגען. דאָס זעלבע אָרעמע מיידל ווערט ממש פאַרפייניקט צום טויט, ווערנדיק געצוואונגען דורכן אויטאָר דורכצוגיין דורך הונדערטער פּוסטע דערציילונגען.

אַ קורצער און אייליקער אַריינבליק אין זיין ביבליאָגראַפיע — יוסף אָפּאַטאָשו פאַרזאָרגט אַלץ ביים לעבן: ער האָט מורא צו געטרויען זיין ליטעראַרישע ירושה צו צוקונפטיקע גריבלער, פאָרשער, קריטיקער און ביבליאָגראַפן. נאָך אין יאָר 1937 — מיט צען יאָר צוריק — דערשיינט אַן „אָפּאַטאָשו־ביבליאָגראַפיע" אַרויסגעגעבן פון (מלאַווער־בענדינער) י. אָפּאַטאָשו־ברענטש 639 פון אַרבעטער־רינג — פאַראַן אַזאַ ברענטש אויך! — און דאָרטן געגוגט איין בליק צו דערפילן אין די טיטולן צו די דערציילונגען מיט וואָס אָפּאַטאָשו פאַרנעמט זיך אין זיי. איך כאַפּ אַרויס פון אין מיטן — גלויבט מיר, איך האָב נישט ספּעציעל געקליבן כדי צו באַקרעפטיקן מיין מעזע. אָט זיינען בלויז אַ קליינע צאָל פון די טיטולן:

„דעם קאָנסולס ווייב", „די שיינע אַנעט", „פאַרהייראַט לעבן", „אַ וואַרשעווער שידוך", „כ'קוש די הענטלעך", „פרייע ליבע", „פעלדמאַרשאַל האַזאַי", „צוויי ווייבער", „מאַמע—טאָכטער", „אַ רב און אַ גלח", „אויסגעלאַסענע", אַ „דינסטמיידל", „אַ פאַריזער מיידל", „אַ לערערין", „אַ טענצערינס", „גערטרוד", „אַ פלימעניצע", „מלכהלע", „רחהלע", „אסתרל", „ס'רעדל דרייט זיך", „אַ ציגאַנקע", „אַ חתונה אויפן בית־עולם", „פייגעלע", „ביים רב", „מאַדאַם דע סוואַן", „אַ קוש", „אַ הונט", „לוסי לי", „פערד", „ליבע", „צוויי שוועסטער" א.אַז.וו., א.אַז.וו.

דאָס איז נישט, מיינע פריינט, קיין גאַלעריע פערסאָנאַזשן פון שמר־שייקעוויטשעס ראָמאַנען. אויך נישט פון געשעצטן דר. הערמאַלין און א. טאַננעבוים... יענע חשובע ראָמאַניסטן האָבן זיכער באַזעסן מער טאַקט און ריינקייט ווי יוסף אָפּאַטאָשו.

די דאָזיקע אָפּאַטאָשו־גאַלעריע פון ציגאַנקעס, קאָרטנלעגערינס, יונגע, דרייצניאָריקע מיידלעך, פאַריזער קאָקאָטקעס, קורטעזאַנעס, גאַסן־פרויען און אַלערליי, פאַרצויגענע נעמען פון פרויען פון אַלע ראַסן באַוועגן זיך „הינטער דילענסי בריק", „אַרום דער מיל", „אויף דער גאַס", „אין קראָטאָנע פּאַרק", „אויפן ים", „אויף קראָכמאַלנע גאַס", „ביים איסט ריווער", „אויף אַ פאַרם" „אין סאַנאַטאָריע", „אין דער נאַכט פון ביטול", „אויף דער גרענעץ", „אין אַ פרילינגס־נאַכט", „אין אַ רעגנדיקן אָוונט", „אין אַ רעגנדיקן פרימאָרגן", „אין אַ קעמפּ", „אין אַ קעלער שטוב" — הכלל, דאָס אַלץ וואָס אָפּאַטאָשוס העלדן טוען אָפּ, געשעט אויף אַלע גוט־באַקאַנטע, פּאָפּולערע פּלעצער, וואו אַזעלכע זאַכן געשעען. מיט אַ חיהשער באַציאונג צו זיינע העלדן — גייט זיי דער אויטאָר נאָך צו די זומפּן, אין די וועלדער, הינטער די בריקן, ביי די מיסטקאַסטנס, און זוכט אויס דווקא — און מיט אַ

באַזונדערער הנאה — זייערע זינד, זייערע אינסטינקטן, זייערע חיה־שע באַגערן — פּונקט אַזוי ווי פֿאַר אַן אַנשטענדיקן אידישן שריפֿט־שטעלער וואָלט נישט געווען מער אין לעבן וואָס צו זען, ווי נאָר עקל און שמוץ. פּונקט אַזוי ווי פֿאַרן קינסטלער וואָלט נישט דורך אַלע ברענענדיקע טעג און נעכט פֿון זיין לעבן נישט געפּלאַמט די אויפֿגאַבע אָנצוטאָן דעם מענטשן אין שיינקייט, צו דערהויבן דעם מענטש, צו שילדערן דאָס העראָאישע פּונם מענטש וואָס איז פֿעאיק איבערצושטייגן די הימלישע מלאכות אין זיין שטאַרבן און קעמפֿן, אין דער קראַפֿט פֿון זיין וואָרט און האַרץ, אין דער גרויסקייט פֿון זיינע אידעאַלן און קאַמפֿן, אין דער שיינקייט פֿון דער ליבע וואָס גיט דעם מענטשן זיינע גאָלדענע פֿליגל, זיך אויפֿצוהויבן הויך איבער אַלע מענטשלעכע ליידן און צווייפֿלען און אָפּצוגעבן צו די הימלען אַ לויב פֿאַר דער פּראַכט פֿון דעם ליבע־געפֿיל.

אַפֿילו ביי אינסעקטן מאָלט דאָך מעטערלינק די גרויסקייט און די שיינקייט פֿון דעם ליבע־מאָמענט, ווען די מענער־בינען יאָגן זיך נאָך דער קעניגין־בין איבער די מאַיעסטעטישע הויכקייטן פֿון די הימלען און אַלע — צוזאַמען מיט דעם זיגער — פֿאַלן טויטע און צעריסענע צום אָפּגרונט — אין טראַגעדיע און אין שיינקייט געהילט.

אַפֿילו אַזאַ נאַטור־פֿאָרשער און וויסנשאַפֿטסמאַן ווי ווילהעלם בעלשע, וואָס שרייבט אין זיין ווערק „ליבע אין דער נאַטור" וועגן אַלע סאָרטן פֿאַרקער צווישן חיות און אינסעקטן — שרייבט אין אַ העכסט־פּאָעטישער שפּראַך, פּונקט ווי איר וואָלט לייענען וועגן דעם טראַגישן ראָמאַנס צווישן אַבעלאַר און העלואיז.

עס שאָקירט דאָך ממש ווען מען לייענט יוסף אָפּאַטאָשוס דער־ציילונגען — טאָג־איין און טאָג־אויס אין דער אידישער פּרעסע — וואו ער פֿאַרוועריטמט און פֿאַרוואולגאַריזירט דאָס מענטשלעכע לעבן און זיינע אינטימיטעטן. וואָר צווינגט יוסף אָפּאַטאָשון צו „וואַטשן" ווי נידעריקע ברואים פֿאָרן זיך און עס אונז צו באַריכטן? אַפֿילו אַזאַ דערהויבענע טעמע ווי „געבורט" קומט פֿון אים אַרויס אַזוי אומקינסט־לעריש און אומעכט.

אין זיין דערציילונג „אַ מענטש ווערט געבוירן" — וואָס קען שוין זיין אַ מער ערנסטע און סאָלידע טעמע פֿאַר אַן אויסגעפּרואוווטן דערציילער ? — איז פֿאַראַן אַ פֿאַרפֿאָלק וואָס ער איז אַ היסטאָריקער און די פֿרוי, אסתר, שוואַנגערט. וואָלט איר דאָך דערוואַרט אַז אַ לערער פֿון געשיכטע וועגן וועלכן דער אויטאָר שרייבט אין באַצוג צו זיינע תלמידים :

„פֿאַרליבט האָבן זיי זיך בלינד געטראָגן נאָך זייער לערער. אי־בער הונדערט יונגע הערצער האָט אייזעק צעאַקערט, צעגראָבן, אויפֿ־געדעקט דורות און תקופֿות. ער האָט זיך געפֿרייט און זיך איבערגע־נומען מיטן אָנפֿאַנג אין די יונגע הערצער, ווי מען פֿרייט זיך מיט אייגענע קינדער".

אַז אַזאַ לערער זאָל נישט זיין, איך בעט אייך איבער, קיין טיפּוש. איז הערט ווי אָפּאַטאָשו לאָזט דעם זעלבן לערער ריידן : „זיין פֿרוי אַ באַאומרואיקטע פֿרעגט אים:

— וואָס דויערט עס אַזוי לאַנג, אייזעק?

— ס'מוז אויסשטיין, אסתרל.

— כ'טראָג דאָך שוין באַלד צען חדשים — האָט זי זיך צע־

לאַכט.

— ס'וועט קומען, אסתרל, ס'וועט קומען — האָט ער זי אַ שאַר געטאָן צו זיך און בשעת מעשה געציטערט ער זאָל איר ניט ווי טאָן."

אַ ווײַלע שפּעטער לאָזט זיך דער מחבר ווידער אַרײַן אין אַזאַ מין חנ'עוודיקער פּראָזע:

„די אַכצן־יאָריקע אסתרל מיט די ליכטיקע האָר איז געזעסן אין מיטן בעט אַן אָפּגעדעקטע, דאָס נאַכט־העמד, וואָס האָט זיך בײַ איר אַראָפּגעגליטשט פֿון רעכטן אַקסל, איז געווען פֿאַרצויגן. אירע קני — דינע, מיידלשע — האָבן געציטערט. דאָס פּנים איז געווען צעקרימט ווי בײַ אַ קינד וואָס קלייבט זיך וויינען:

— ס'טוט ווײַ, אייזעק... ס'טוט ווײַ..."

איך וועט זיך, אַז דאָס איז די זעלבע לאָמע סטודענטקע — וואָס איז אין דער דערציילונג, געדרוקט מיט אַ וואָך שפּעטער — שוין שוואַנגער... אַן אַנשטענדיקער שריפֿטשטעלער וואָלט אָבער נישט גע־פּרוּווט עראָטיש עקספּלואַטירן אַ שוואַנגערע פֿרוי. ער וואָלט זי נישט אָפּגעדעקט און נישט געלאָזט דאָס נאַכט־העמד זאָל זיך בײַ איר „אַראָפּגליטשן"... ער וואָלט אַ שוואַנגערע פֿרוי געלאָזט לעבן און זיך נישט אַרײַנגעלאָזט אין קיין ברעקל עראָטישער שילדערונג — כאָטש אויף אַ מינוט אַ קיצל צו טאָן זײַנע לייענער... די פֿריער־דערמאָנטע שמ"ר, הערמאַלין און א. טאַנענבוים וואָלטן עס זיכער נישט געטאָן.

אין דער דערציילונג „נעמען" („טאָג", 31 אויגוסט, 1947) קען זיך אָפּאַטאָשו אויך נישט אָפּהאַלטן פֿון אויסטאָן אַ פֿרוי נאַקעט, הגם זי שוואַנגערט. איין גליק דערבײַ וואָס זי איז נישט שוואַנגער אין די שפּעטע מאָנאַטן:

„דעמאָלט האָט זי פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן דאָס שטוב־קלייד און איז געבליבן אַ נאַקעטע שטיין פֿאַרן שפּיגל. זי האָט אַנגעקוואָלן פֿונם אייגענעם לײַב — אַ פֿרישע, בויגיקע צווײַג. אַ בויגיקע ליניע האָט זיך געשניטן פֿון איר קאָפּ ביז איבער די קנעכלעך. מיט יעדן דרײַ און בויג האָט די ליניע אָנגענומען פֿאַרשיידענע פֿאָרמען און ס'איז איר לײַכטער געוואָרן. דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַ ווײַל. טיף אין דער נשמה האָט זיך עפּעס געבלעזלט, אונטערגעזאָגט, אַז פּרוּוען אין די העכערע חדשים וו'ערן צעוואוירן, אַז די ליניעס פֿאַרלירן זיך, צעשוואומען, און דער כעס אויפֿן מאַן האָט זיך אַ וועק געטאָן אין איר."

אַגב, פֿאַר וועלכן לייענער שרײַבט עס אָפּאַטאָשו אַזאַ מין „האָט סטאָף?" שרײַבט ער עס פֿאַרן אַלטן איד־לייענער פֿון דער אידישער פּרעסע? מוז עס אַזאַ לייענער שרעקלעך שאַקירן. שרײַבט ער פֿאַרן ראָמאַנטישן מיידל און פֿאַרחלומטן בחור? ווען אַזאַ מין יוגנט־לייענער וואָלט בײַ אונז עקזיסטירט, וואָלט עס זייערע יוגנטלעכע געפֿילן באַ־ליידיקט. שרײַבט ער פֿאַרן אידישן אַרבעטער? פֿאַרן אידישן אינטע־ליגענט? ווער קען נעמען אַזעלכע דערציילונגען ערנסט? מען לייענט זיי פּשוט נישט. צווישן קאָלעגן שריפֿטשטעלער לאַכט מען זיי אויס. נאָר ווער וועט עס וואַגן אַראָפּצורײַסן יוסף אָפּאַטאָשון — שיעור נישט אַ קלאַסיקער? מײַן ווײַניקייט, וואָס האָט בלויז ליבשאַפֿט און לויב צום אידישן שרײַבער — און פֿאַר וועלכן איך ווער אָפּטמאָל פֿאַר־פֿאָלגט — האָט ממש געפּײַניקט יאָרן־לאַנג אַ געפֿיל צו נעמען די פּעדער און שרײַבן דעם אמת, און נאָר דעם אַבסאָלוטן אמת, ווי עס זאָגט זיך אין דער שבועה — וועגן די טויזנטער דערציילונגען פֿון

שריפטשטעלער. —

אין זיין דערציילונג „אַ נאַכט", (געדרוקט אין „טאָג", 10טן אויגוסט, 1942) האָבן מיר, ווי געוויינלעך אין אַפּאַטאָשוס דערציילונגען, צו טאָן מיט מענטש און הונט. און שוין ביים אָנפאַנג פון דער דער־ציילונג ווייסן מיר אַז פּיטער, דער אַקטיאָר, וועט פאַרקריכן צו מרס. ביזשור, אַ שכנטע. די דערציילונג ענדיקט זיך אַזוי — טיפּיש פאַר יוסף אַפּאַטאָשוס אַ דערציילונג:

„פּיטער איז אַראָפּ פון בעט. ער איז אין די פּאַדזשאַמעס אַריין אין די הויזן, אַריין אין די געפלאָכטענע סאַנדאַלן. ער האָט פון אַ שופלאָד אַרויסגענומען אַ געלאָדענעם רעוואָלווער און מיטן שיין־וואַרפער אין דער האַנט איז ער אַרויס פון דער באַנגאַלאָ און זיך געלאָזט צווישן די געדיכטע ביימער. ס'נאַסע גראָז האָט געקילט די פיס. די קילקייט האָט זיך געהויבן איבערן לייב. און דאָס געבילעריי, ווי ס'וואָלט זיך געטראָגן פון אַלע זייטן, האָט נישט אויפגעהערט.

פּיטער האָט געשפּרייזט אָן אָטעם. אָט זעט ער שוין ביזשורס באַנגאַלאָ. ס'איז ליכטיק אין אַלע פענסטער. ס'האַרץ האָט זיך ביי אים אַ הויב געטאָן, ווען ער איז מיט די טרעפּלעך אַרויף אויף דער ווע־ראַנדע און האָט מיט צוויי פינגער אַ קלאַפּ געטאָן אין דעם דראָטענעם געפלעכט פון דער טיר:

— שרעקט אייך נישט, מיסעס ביזשור. דאָס בין איך, אייער שכן דאַנער... אייער הונט לאָזט מיך נישט שלאָפן, בין איך געקומען זען, צי מען איז אייך נישט באַפאַלן.

— אַ דאַנק, מיסטער דאַנער, אַ דאַנק — איז מיסעס ביזשור, אַ האַלב־אָנגעטאָנענע אַרויס אויף דער ווערַאנדע — דאָס בילט נישט מיין הונט קאַרקי, דאָס בילט קאַרקיס „באָי־פרענד", וואָס האָט זיך פאַרבענקט נאָך איר אין מיטן נאַכט, ליגט ערגעץ אונטער דער באַנ־גאַלאָ און רופט זי. און איך קאָן אים נישט אַוועקטרייבן.

פּיטער האָט געקוקט אויף מיסעס ביזשור, וואָס האָט איצט אויס־געזען אַ סך אינגער פון אירע דרייסיק יאָר, און האָט געשמייכלט:

— און איך האָב געמיינט, אַז רויבערס זיינען אייך באַפאַלן.

— וואָס וועלן זיי ביי מיר נעמען?

— אייך.

— כ'בין שוין דאָ דעם פינפטן חודש און קיינער כאַפּט מיך נישט — האָט מיסעס ביזשור אַ לאַך געטאָן, און אין אירע טונקעלע אויגן איז געבליבן שטיין אַ פלעמל, ווי אַ פאַרפיר־ליכטל.

— און איך, מיסעס ביזשור, האָב מיט אַן אמת געמיינט, אַז מ'איז אייך באַפאַלן, און כ'בין געקומען אייך ראַטעווען — האָט פּיטער איר געוויזן דעם רעוואָלווער — ער איז געלאָדן.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק — האָט דאָס פאַרפיר־ליכטל אין אירע אויגן אים צעצונדן — ווי ראָמאַנטיש... דריי ביינאַכט... אַ בילעריי... אַ יונגע ליידי, אַ יונגער דזשענטעלמאַן און אַ רעוואָלווער... אַ טעמע פאַר אַ האָליוואוד מוּאווי... און אפשר, מיסטער דאַנער, וועט איר מיט מיר טרינקען אַ טעפּל קאַווע?

— מיט פאַרגעניגן.

מיסעס ביזשור האָט געעפנט די טיר. פּיטער דאַנער איז איר נאָכ־געגאַנגען. ער האָט אַרויסגעלאָזט קאַרקין, מיסעס ביזשורס הונט, און — ס'בילעריי האָט אויפגעהערט".

איר קאָנט דאָ דערקענען די טיפּישע פלאַכע פּסיכאָלאָגיע. און די וואולגאַריטעט פון די געשפּרעכן צווישן מאַן און פרוי, וועלכע קענען קיין ריכטיקן געדאַנק נישט אַרויסברענגען, ווייל זיי דענקען נישט. ווייל ווי קענען מענטשן אָן כאַראַקטער, אָן יענע פילאָזאָפיש־געשטימטע שעהן וואָס אַ קינסטלער שענקט זיי — ווי קענען זיי דענקען ווען זיי קריכן כסדר צו דער שכנטעס „באַנגאַלאָ" און דער הונט לאָזט זיי נישט שלאָפן ביינאַכט?

אין זיין דערציילונג „אַ שידוך" („טאָג", אָקט. 5, 1947) האָט איר אַזאַ שטעלע:

„מרימל, הויך און בויגיק, האָט זיך אויפגעשטעלט. דער בחור, וואָס איז געזעסן און האָט מיט צוויי בלייכע פינגער זיך געקרייזלט אַ פּאה, האָט איר נאָכגעקוקט. די אויגן האָבן ביי אים געפינקלט, דער ווייסער שטערן האָט זיך דאָ און דאָרט קוים אַ קנייטש געטאָן. האָט ער טאַקע מרימלען נאָכגעקוקט? האָט ער געזען ווי זי פאַרשווינדט אין צווייטן צימער, געזען ווי אַ ווייסער שפּיץ פון איר אונטערקליידל קוקט אַפּער, שלאָגט זיך אָפּ אין דעם שוואַרצן, זיידענעם זאָק? ס'איז שווער געווען צו זאָגן. איבערן בלייכן פּנים האָט זיך מיטאַמאָל צעלייגט אַ שמייכל און אַ שטיקל פרייד, פּונקט ווי אַ קילכלעך ווינטל וואָלט אַ בלאָז געטאָן, ווען די היץ איז אומדערטרעגלעך".

דער בחור וואָס „קרייזלט זיך אַ פּאה" ווערט צונויפגעפּאַרט מיטן „אויפן שפּיץ פון איר אונטערקליידל". דאָס איז נישט קיין צופאַל. דאָס איז אויסגערעכנט און שמעקט מיט וואולגאַרע סצענעס אין שלעכטן אידישן טעאַטער... און וועלכער היינטצייטיקער פּראָזאַאיקער וועט זיך דאָס באַנוצן מיט אַזאַ אויסגעדראָשענעם און וואולגאַרן אופן פון שילדערן: „די אויגן האָבן זיך ביי אים צעפינקלט". וועגן וועמען שרייבט דער מחבר — וועגן אַ מענטש צי אַ קאַץ?

אין אַ דערציילונג „יוגענט" („טאָג", 7טער סעפּטעמבער, 1947), דערציילט זיך וועגן אַ זיבעצן יאָריקן בחור און זעכצן יאָריקע מיידל. נו, דאָ ווייסט שוין דער לייענער גאַנץ גענוי וואָס עס וועט געשען. אַפּאַטאַשו פוילט זיך אָבער נישט און חזרט איבער די וואויל־באַקאַנטע שטיק. וואָס קען שוין זיין פאַר אַ קינסטלער אַ לייכטערע טעמע ווי ליבע צווישן זיבעצן און זעכצן יאָר? אַפּאַטאַשו שטעלט זיך פאַר קיין יאָרן נישט אָפּ... אַלטע לייט, קינדער, חיות, פייגל, הינט, קעץ, אַלץ איז ביי אים סחורה. אין דעם יאָר וואָס מאַרק האָט ניט געהאַט געזען דזשודיטן — שטעלט איך פאַר, ליבע לעזער! — איז זי היפּש רייף געוואָרן.

„די אַקסלען, די ברוסטן, די באַקעס — אַלץ האָט זיך געבערגלט פון הינטערן געבלימטן קלייד.

און באַלד טאַקע פירט זיי דער מחבר — וואוהין? דער לייענער ווייסט עס וואויל:

— „וואָס שטייען מיר?

— לאָמיר דורכשניידן ס'וועלדל.

— גוט.

דזשודיט האָט אים אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם. זיי זיינען אַריין אין וועלדל, וואו ס'איז מיטאַמאָל געוועזן פינסטער. זיי האָבן עס אָבער נישט געפילט. מען האָט צעקנעפּלט דאָס לעדערנע רעקל, צעקנעפּלט דאָס זשאַקעטל".

הכלל, דזשודיט איז נישט קיין נאַר און נישט קיין שעמעוודיקע...
דער מחבר דערציילט געגוי אַז „דזשודיט האָט געפירט. זי האָט געוואוסט יעדעס שטעגל און וועגל אין די בערג". און דער מחבר ווייסט וואויל אַלע טריקס פון דעם סאָרט:

„דזשודיט האָט אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ, די אויגן, ס׳פּנים — אַלץ צעשטראַלט. זי האָט אַרויסגעשטעקט אַ געטאָקטע צונג, געוואָלט אויפכאַפּן אַ טראָפּן רעגן."

און אָט וואָס עס קומט פאַר צווישן זיי פאַר אַ געשפּרעכן:

„אַלץ אין מאַרקן האָט איצט געשריגן:

— דזשודיט!

— וואָס, מאַרק?

— ס׳וואָלט גוט געווען איצט אַ פּלי צו טאָן.

— נו, — האָט זי אַ הויב געטאָן די הענט — לאָמיר פליען.

ביידע האָבן זיך אַרומגענומען און זיך צעלאַכט. ער האָט איר איינגערוימט אין אויער אַריין:

— דזשודיט, פליסט אַמאָל אין שלאָף?

— יאָ, — האָבן אירע אויגן זיך אַ צינד געטאָן, — און דו, מאַרק?

— אויך, — האָט מאַרק, וואָס איז שטאַרק באַהאַוונט אין פּרוידן, צוגעגעבן און נישט צוגעגעבן, און זיין שמייכל האָט פאַר־זיכערט, אַז דזשודיט איז נאָך אַ קינד, אַז ער ווייסט אַזוינס און אַזעל־כעס וועגן פליען אין שלאָף, אַז...

ער האָט אומדערוואַרט זיך העכער צעלאַכט, אַז דזשודיט האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט חידוש.

און דאָ פּייקלט דער דראָבנער רעגן אין די בלעטער, אין די צווייגן, און ס׳וועלדל דערציילט, אַז אונטער דעם בייכיקן בוים קאָן מען זיך אַנידערזעצן, אונטער יענעם בייכיקן בוים קאָן מען זיך אַני־דערזעצן.

מאַרק האָט אַ כאַפּ געטאָן דזשודיטס ביידע הענט, זיי אַ הויב גע־טאָן און געזאָגט:

— כ׳וויל אַ געשריי טאָן!

דזשודיט האָט געלאַכט:

— שריי!

— כ׳וועל אַ געשריי טאָן, מען זאָל הערן אין זיבעטן הימל!"

מיט וואָס מאַרק איז געווען שטאַרק באַהאַוונט אין פּרוידן, ווי דער מחבר פאַרזיכערט, איז מיר נישט אַזוי קלאָר. אויף צו זיין באַ־האַוונט אין פּרוידן וואָלט זיך געפאָדערט מער קענטניש ווי דאָס „פליען אין שלאָף". נאָר אַז אָפּאַטאָשו פאַרזיכערט אונז, מוז מען דאָך גלויבן...

ווי אַזוי יוסף אָפּאַטאָשו אַרבעט אין זיינע דערציילונגען מיטן זעלבן שאַבלאָן, קען מען ברענגען הונדערטער ביישפּילן. זיינע אַ דער־ציילונג הויבט זיך אָן און פאַרענדיקט זיך אין זעלבן טאָן, מיט די זעלבע ווערטער, מיט די זעלבע טריקס. אָט נעם אָך אַרויס צופע־ליק צוויי שטעלן פון צוויי באַזונדערע דערציילונגען צו ווייזן ווי דער מחבר אָפּערירט מיט די זעלבע אומקינסטלערישע, דורך אים אַליין שוין צום טויזנטסטן מאָל אויסגעטראָטענע מיטלען. אין „יוגנט" („טאָג", 7טן סעפּטעמבער, 1947) שרייבט ער:

„זיי האָבן זיך צעלאַכט, זיך געקוקט אין די אויגן און געלאַכט.

דערנאָך איז מען פון זיך אַליין געוואָרן אַזוי שטיפעריש, אַז מען האָט זיך צעקושט. איין מאָל, נאָך אַמאָל, אַ דריט מאָל.
דזשודיט איז אונטערגעשפרונגען און האָט אָנגעכאַפּט אַ צווייג. ביידע האָבן מיטאַמאָל דערפילט אַ ברי און האָבן אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש."
אין דער דערציילונג „ליבע" (טאָג", אויגוסט, 24, 1947) שרייבט ער:
„זיי האָבן זיך צעקושט — איינמאָל, נאָכאַמאָל. דערנאָך האָט פּעליציע אים אַ נעם געטאָן פאַר ביידע הענט, און ס'פּנים האָט ביי איר געשטראַלט:
— גוט, וואָס מיר זעען זיך ווידער.
קונע איז געוואָרן אינגער, אויפגעהייטערטער. ביידע האָבן זיך צוגעזעצט אויף דער קליינער לעדערנער אָטאָמאַנע, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן צימער."
דאָס דאַזיקע קושן זיך, „איינמאָל און נאָכאַמאָל" און די פלאַכע רעאַקציע פונם קוש — האָב איך געזען אין הונדערטער אַפּאַטאָשוס דערציילונגען. די צוויי שטעלן, קליינגען ווי פון איין דערציילונג. זיי זיינען געשריבן מיט די זעלבע ווערטער. זאָל דער לייענער אַליין אורטיילן.
וואָס עס שאָקירט אַממערסטן אין דעם דאַזיקן שריפטשטעלער, איז זיין פלינקע מלאכה, זיין קענען באַקן דערציילונגען אין דער מינוט, זיין צופּאַסן זיך צו יעדעס ווינטל אין דער אידיש־פּאָליטישער וועלט, זיין שרעקלעכער אָפּאָרטוניזם. איז געווען אַ צייט פון איינהייטס־פראָנט אויף דער אידישער גאַס מיט די קאָמוניסטן, אַפּאַטאָשו באַקט דערציילונגען פון דעם סאָרט. האָט מען פאַרשפּרייט די פאַלשע קלאַנגען אַז דאָס פּוילישע פאָלק האָט זיך באַצויגן פריינטלעך צו די אידן, אַז גויים האָבן געראַטעוועט אידישע קינדער, אַז די פּאָליאַקן האָבן געהאַט אַ וואַרעם האַרץ פאַר די העלדן פון טרעבלינקע און מאַידאַנעק, פאַר די קדושים פון דער געטאָ — אַפּאַטאָשו פאַבריצירט אַ גאַנצע רייע דערציילונגען וואָס „שפּיגלען אָפּ" די דאַזיקע זיסע פריינטשאַפט. אַ איד קושט זיך מיט אַ גלח אין די פּיסקלעך — קומט עס פאַר אין איינער אַזאַ דערציילונג. אָט ליגט פאַר מיר אַ פּאַלעסטינער צייטונג „נייוועלט", פון 19טן סעפּטעמבער, 1947.
(יוסף אַפּאַטאָשוס דערציילונגען ווערן געדרוקט וואו נאָר די וועלט האָט אַן עק. אַפּאַטאָשו איז זייער אַקטיוו אויף דעם געביט).
די דערציילונג הייסט „די געלע לאַטע". — אין איר ווערט דערציילט וועגן אַ אידישן איינבינדער, בשעת די שחיטות אויף אידן אין פּוילן. דער דאַזיקער איינזאַמער איינבינדער ווערט ממש פון אַפּאַטאָשון פאַרגוואַלטיקט אַז ער זאָל האָבן צווישן זיינע קונדן „רבנים, לומדים, גלחים און ביבליאָגראַפן". ווי אַזוי צו אַ אידישן איינבינדער, פאַרוואָרפן ערגעץ אין אַ געסל, געוואוינט צו בינדן ספרים און אידישע ביכלעך, זאָלן זיך פאַרן „גלחים" הייב איך נישט אָן צו פאַרשטיין. און ווי אַזוי זיי ווערן דערמאָנט אין איין אָטעם מיט „רבנים, לומדים, גלחים און ביבליאָגראַפן". אין אַ צווייטער שטעלע רעכנט דער מחבר אויס וואָס דער איינבינדער האָט געבונדן: „די טייערסטע ש"סן, די טייערסטע קלויסטער־ביכער און ספרים". אין אַ דריטער שטעלע: „די

ליבע פון די ביכער־זאַמלער, די שיינע איינבונדן, די אַלטע, זעלטענע דרוקן — דאָס אַלץ האָט זיך אין מענדלס איינבינדעריי געפלאָכטן און געפאָרט, ווי לעדער און פּאַרמעט האָבן זיך געפלאָכטן אין זילבערנע קלאַמערס, ווי ר׳ יהודה חסידס אַ וואָרט האָט זיך געפלאָכטן מיט פראַנציסקוס פון אַסיסים".

ווי געשמאַקלאַז — ווי שאַקירנדיק אַפּאַטאַשו שענדעט דאָ דאָס אידישע ספר — דאָס אוראַלטע, דאָס מאַרטירערישע אידישע ספר פון דורות — מיטן קלויסטער, מיט גלחים, מיט פראַנציסקוס פון אַסיסי. פון ווען אָן אַזאַ פריינטשאַפט צווישן אונזערע הייליקע ספרים און די קאַטוילישע ביכער — אויסגעווייקטע אין אידיש בלוט פון מיטל־אַלטער, פון קרייצצוגן, פון די אינקוויזיציעס. ווי שעמט זיך נישט אַ אידישער שרייבער?

אָבער דאָס אַלץ איז נישטיק אין פאַרגלייך צום ווייטערדיקן טעקסט. צו מענדל איינבינדער קומט אַ פּוילישער פּראָפעסאָר וואָס קומט מיט אַ ביסל ביכער צום אידישן איינבינדער.

אָט איז אַ שטעלע:

— „און וואָס מאַכט איר, פּאַניע מענדל? — האָט דער פּראָפעסאָר, אַ זעקס־פוסיקער פּאָליאַק מיט שפּאַרע וואָנסעס, זיך אַרומגעכאַפּט מיטן איינבינדער — כ׳זוך אייך שוין אַרום עטלעכע וואָכן. גוט, וואָס כ׳האָב אייך געפונען.

ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט. אויגן — טרויעריקע, קלוגע האָבן געהאַט צו זאָגן:

מיר האָבן שיין אויסגעווירטשאַפט!

— און דער פּראָפעסאָר האָט נישט געהאַט קיין שווערקייטן אַריינצוקומען אין געטאָ? — האָט מענדל זיך געפרעגט און צוגערוקט אַ שטול — ביטע, זיצט.

— בלויז ביים אַריינגאַנג האָט דער דייטש אויף דער וואַך מיך געפרעגט, וואוהין כ׳גיי. אין דעם געטאָ איז דאָך אַ חיות — מען זעט דאָך קיין דייטש נישט. און ווי, פּאַניע מענדל, איז מיט פּרנסה? שלעכט, האַ?

— מען הונגערט.

— גאַנץ פּוילן הונגערט.

— מיין מיידעלע, — האָט מענדל געוויזן אויפן בעטל, וואו ס׳קינד איז געשלאָפן — ס׳איז אַ מלחמה־קינד. ווייס כמעט נישט דעם טעם פון מילך.

— וואָס, די מענדעלאָווע האָט נישט געהאַט צו זייגן?

— מיין פרוי האָט נישט געהאַט צו זייגן.

— און ס׳ביסל מילך, וואָס איז דאָ אין פּוילן, פירט דער דייטש אַרויס קיין פּרייסן."

מערקט דאָ אַ גאַנצע רייע אָפּשטויסנדע זאַכן — אָפּשטויסנד צו אַ פּשוטן איד, וואָס ווייסט די אמתע פאַקטן פון דער בלוטיקער, רוי־בערישער באַציאונג פון די פּאָליאַקן צו די אידן. קודם כל, ווי דער אינטעלעקטואַל האָט זיך „אַרומגעכאַפּט מיטן איינבינדער". מערקט ווי דער פּאָליאַק פאַרבינדט זיין גורל, דעם גורל פון פּוילן, מיטן אידנס גורל. עס באַקומט זיך דער איינדרוק דאָ אַז נישט נאָר די אידן ליידן — נאָר צוזאַמען מיט זיי, אין געמיינזאַמען יאָך, ליידט דער פּאָליאַק, דאָס פּוילישע פאָלק. ווען דער איד זאָגט אַז „מען הונגערט", ענטפערט

דער פאָליאַק: „גאַנץ פוילן הונגערט". און „דאָס ביסל מילך וואָס עס איז דאָ אין פוילן, פירט דער דייטש אַרויס קיין פּרייסן".

נייַן, נאָר צום געטאָ פון די אידן האָט מען נישט צוגעלאָזט קיין שפּייז. די פּאָליאַקן האָבן געהאַט צו עסן, מיסטער יוסף אָפּאַטאָשו. פאַר אַריבערשמוגלען איבער דער געטאָ־וואַנט אַ זעקל מעל האָט מען אידן געשאָסן. די פּאָליאַקן האָבן געגעסן — אידן האָט מען יאָרן לאַנג אויס־געהונגערט. קינד־און־קייט ווייסן אַז מען האָט די אידן פאַרשלאָסן און מען האָט קיין שום פּראַוויאַנט נישט צוגעלאָזן. לויט דעם אָפּאַטאָשו־פּראָפעסאָר קומט אויס אַז אין דער געטאָ זעט מען נישט קיין דייטש, נאָר די פּאָליאַקן האָבן צו ליידן פון די דייטשן. („אין דער געטאָ איז דאָך אַ חיות, מען זעט דאָך קיין דייטש נישט". דאָס איז אַ טרויעריקער וויץ אַזאַ, יוסף אָפּאַטאָשו!)

אין דער ווייטערדיקער האַנדלונג קומט פאַר ווי מענדל באַקלאָגט זיך אַז ער האָט נישט קיין מאַטעריאַל אויף איינצובינדן דעם פּראָפע־סאָרס ביכער. ענדלעך פאַלט אים איין אַז ער וועט זיך באַנוצן מיט דער „געלער לאַטע", מיט די מגן־דודס, וואָס די קינדער פאַרקויפן אויפן גאַס. דער פּראָפעסאָר כאַפּט זיך דעריך אָן און פירט אַוועק מענדלען אויף אַלט־שטאָט, אויף צו קריגן אַ ביסל וואַרע. אָבער די אידעע מיט די לאַטעס — מיט די מאַרטירערישע אידן־לאַטעס — געפעלט דעם פּראָ־פעסאָר. אָפּאַטאָשו שרייבט און ענדיגט די דערציילונג אַזוי:

„דער פּראָפעסאָר האָט גאַרנישט געענטפערט. דער טרויער אָבער אין זיינע אויגן, אין די געבויגענע אַקסלען, האָבן צוגעגעבן, אַז רייזל איז גערעכט. ס'איז אים געפעלן מענדלס איינפאַל — איינצובינדן פּוי־לישע ביכער אין דער געלער יידישער לאַטע. פאַר מיצקעוויטשעס „דזשאַדי" איז די לאַטע מיטן מגן־דוד דער שענסטער איינבונד.

מענדל האָט אויף זיך אַרויפגעכאַפּט ס'רעקל, וואו אויפן רעכטן אַרבל איז געווען צוגענייט אַן אַרעם־בענד מיט אַ מגן־דוד.

דער פּראָפעסאָר האָט אַרומגענומען דעם איינבינדער און זיך שטיל צערעדט:

— אַז ס'שטאַרבן טאַטע־מאַמע, אַז ס'שטאַרבט אַ ברודער, אַ שוועסטער, אַז ס'שטאַרבט אַ לייבלעך קינד טוט מען זיך אָן אויפן אַרבל אַ באַנד פון שוואַרצן קרעפּ. מען טרויערט... הערט, פּאַניע מענדל — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער אידישער לאַטע — איר האָט נאָך אַזאַ מגן־דוד?

— יאָ.

— זייט אַ גוטער און שפּיליעט אים מיר צו.

און אַז ביידע זיינען אַרויס אַרויס אויף סמאָטשע גאַס, איז דער פּראָפע־סאָר איבערגעגאַנגען מיט מענדלען אויף דו:

— הערסט, מענדל, מיצקעוויטשעס „דזשאַדי" וועסטו מיר איינ־בינדן אין דער לאַטע מיטן מגן־דוד".

די גאַנצע זאַך איז אַ שענדונג פון אידישע ליידן — פון דער אידישער „געלער לאַטע" — ווייל די דאָזיקע פּראָפעסאָרן האָבן נישט עקזיסטירט. אָפּאַטאָשו טראַכט זיי אויס. ער בויט אויף שפּינוועבס. ווער־וועמער, נאָר דער מחבר פון „פּוילישע וועלדער", פון „1863", פון „אַליין", דער „ספּעץ" פון פוילן, האָט געדאַרפט האָבן כאָטש אַזוי פיל חוש וויפיל ס'האָט פאַרמאָגט דער אידישער פאָלקס־מענטש, וואָס האָט געוואוסט אז די פּאָליאַקן זיינען אונזערע טויט־שונאים. נישט

קיין אַרבעט האָבן אונז די פּאָליאַקן געגעבן — נאָר זיי האָבן צערויבט אין אַלע אידישע שטעט דאָס פאַרמעגן, נאָכדעם ווי די נאַציס האָבן די אידן געפירט אין די גאַז־קאַמערן. אָפּאַטאָשו, ספּעציאַליסט פון פּוילישער געשיכטע, פּוילישער פּסיכאָלאָגיע — האָט עס געמעגט וויסן. אָבער אין צענדליקער דערציילונגען — געטריי זיין שנעלע אָריענטאַציע, זיין שטענדיקן אָפּאָרטוניזם, האָט ער געטאָן דאָס פאַרקערטע. ער האָט נאָר געזוכט צו מאַכן דעם איינדרוק אַז די פּאָליאַקן ליידן פון די נאַציס פּונקט אַזוי ווי די אידן. דער פּשוטסטער איד האָט אַנדערש געפילט און האָט מער געוואוסט פון דער היינטישער פּוילישער פּסיכאָלאָגיע און האַס צו אידן ווי אַ אידישער שריפטשטעלער מיט אַ וועלט־נאָמען.

יוסף אָפּאַטאָשו האָט אַ פאַרטיקע פאָרמולע פאַר זיינס אַ דערציילונג. דער לייענער ווערט קיינמאָל נישט איבעראַשט. ער ווייסט פון פאָראויס ווי אַזוי אָפּאַטאָשו וועט אָנפאַנגען: מיט אַ ביסל פאַרעווע שילדערונג — אָן האַרץ, אָן באַציאונג, אָן מי, אָן קינסטלערישן כוח. ער וועט צוזאַמענברענגען צוויי מענטשן פון דער גאַס, וואָס דער מחבר שלעפּט צופעליק צוזאַמען — געוויינלעך: פאַרבלאָזע, פּוסטע פאַרשוינען. די דאָזיקע פאַרשוינען זיינע וועלן צום סוף רעדן עטלעכע פּוסטע רייד. ווייל נישט זיינע העלדן האָבן עפּעס אין זינען. ווילן עפּעס זאָגן. קיין מוחות האָבן זיי נישט. קיין געדאַנק קען מען אין אָפּאַטאָשוס ווערק נישט געפינען. קיין לויט געהירן. קיין ברעקל געדאַנק. און אַזאַ דערציילונג ענדיקט זיך ס׳רוב — אַנעקדאָטיש. מיט אַ פּוסט המצאהלע, ס׳רוב ענדיקט זי זיך מיט אַ גנבה. ווייל יוסף אָפּאַטאָשו האָט ליב האָבן צו טאָן מיט גנבים. ביי זלמן שניאור זיינען זיינע אונטערוועלט־מענטשן — עלעמענטאַלע יונגען, סטיכישע גאַטורן, מיט שטורעם אין די לונגען. יענע קענען זיך דערהייבן צו גרויס מסירת נפש. ביי פראַנסואַ ווילאָן זיינען זיינע גנבים — מאַרטירער, וואָס הענגען ווי קריסטוס אויף דער תליה. צווישן זיי הענגט דער פּאָעט אַליין — ווען ער לייד פאַלט אַראָפּ פון דעם ביטערן גאָלגן ווי גאָלד. אין דעם נייעם טעסטאַמענט זיינען די פישער די בעטלער, די גאַסן־פרויען — הייליקע, זיי רירן אָן גאָט. ביי רעמבראַנדטן זיינען די בעטלער אָנגעטאָן אין גאָלד, אין צירונג. אַ גרויסער טרויער שפּאַרט פון זייערע געזיכטער. דער טויט יאָמערט אין זייערע אויגן. ביי על גרעקאָ זיינען די עוואַנגעלישע בעטלער אָנגעטאָן אין זונען. זייערע קעפּ שטייגן ביז צו די הימלען. און ביי יוסף אָפּאַטאָשו זיינען די גנבים — וויצן. אַנעקדאָטן. דאָס זיינען גאָר קיין גנבים נישט. עס זיינען אויסגעטראַכטע גנבים. נישטאָ אַרום זיי קיין אָרעאָלן. קיין זונען און קיין גאָלד. אין דער דערציילונג „אַרבעט“ קומט צו צו אַ פּושקאַרטפּעדלער אַ יונג און — די גאַנצע דערציילונג איז אָנגעשריבן צוליב דעם דאָזיקן מכלומרשטן „טריק“:

— „און דו, לייזער? — האָט שלמה פון גרויס פרייד נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיטן חבר — ביסט שוין לאַנג אין אַמעריקע?

— לאַנג, לאַנג.

— די גאַנצע צייט אין ניו יאָרק?

— ניין. איך בין געוועזן אין קאַליפאָרניע, געוועזן אין שיקאַגע, אין דעטרויט, אין קליוולאַנד, וואו בין איך נישט געוועזן?

דאָס געשפּרעך צווישן זיי איז פּוסט. פּוסט דאָס אויסרעכענען

שטעט ווי: „שיקאַגאָ, דעטראָיט, קליוולאַנד, קאַליפאָרניע. (אָפּאַטאָשו האָט דאָך אויך געקענט אויסרעכענען די 48 שטאַטן און אַלע זייערע שטעט אין אַמעריקע). פּוסט איז די גאַנצע דערציילונג. מען זעט נישט קיין פּנים פון קיין מענטש. דו ווייסט נישט צו וואָס דער „גנב"(?) האָט זיך באַוויזן צו זיין לאַנדסמאַן. דו ווייסט נישט צו וואָס דאָס פּוסטע ריידן. וואָס האָט דער מחבר „באַצוועקט"? וואָס וויל ער? איין גאָט אין הימל ווייסט(?)

אין אַ צווייטער דערציילונג קומט פאָר עפּעס ענלעכעס. די „טאַטעס" פון דער עדיוקיישאָנעל אַלייענס פאַרזאַמלען זיך און, נאָכן מיטינג גייען זיי אין אַ אידישן רעסטאָראַן אויף איסט־בראָדוויי. הכלל, נאָכדעם ווי די „דייטשע" .טאַטעס און מעצענאַטן קוקן אָן די „געטאָ"־אידן און האָבן גרויס נחת פון זיי, גנבעט מען צו אַ פוטער ביי איינעם פון זיי.

די גאַנצע דערציילונג איז אָנגעשריבן געוואָרן כדי צום סוף זאָל געגנבעט ווערן אַ פוטער... מען זעט נישט קיין גנב. די אָרעמע אידן מאַכן אַ גוטן איינדרוק. צו וואָס ענדיקט אַ אידישער שרייבער זיינע אַ דערציילונג מיט אַן אומנויטיקע גנבה? בפרט ווען די גנבה העלפט נישט ליטעראַריש — גיט נישט צו קיין קינסטלערישן חן צו דער דערציילונג?

***

עס וואָלט אונז צו וייט פאַרפירט צו גיין ציטירן יוסף אָפּאַטאָשוס טויזנטער דערציילונגען. מיר האָבן וויכטיקערע אַרבעטן צו טאָן. דער דאָזיקער „דזשאַב" האָט אונז סיי־ווי היפּש אומעטיק געמאַכט. נאָכן דורכלייענען די אַלע נאַרישע, אַנעקדאָטישע, אומבאַהאָלפענע, פּסיכאָלאָגיש־פאַלשע און גלאַט פּוסטע דערציילונגען — מוז מען זיך ראַטעווען מיט אַ גוט, ליטעראַריש ווערק, כדי זיך נישט צו פאַרדאַרבן דעם גייסטיקן מאָגן. ווייל וואָלט געווען צו אונז ווען מיר דאַרפן לעבן גייסטיק מיט אָפּאַטאָשוס היי־און־שטרוי־ליטעראַטור. אָן גייסט וואָס פלאַמט אין אונז — וואָלט אונז די וועלט שנעל פאַרמיאוסט געוואָרן. נאָכן לייענען אָפּאַטאָשון מוז מען נעמען אַ גייסטיקן „שאַוער", כדי צוריקצוקומען צו זיך. און, צום גליק האָט נישט נאָר די וועלט־ליטעראַטור — נאָר די אידישע ליטעראַטור — ווירקלעכע אוצרות וואָס קענען דערפרישן דעם מענטשלעכן גייסט. צו די דאָזיקע גרויסע דיכטער און פּראָזאַאיקער קומען מיר צוריק נאָכדעם ווי מיר האָבן ביז חלשות געטאָפּטשעט אין דעם זומפּ פון יוסף אָפּאַטאָשוס דערציילונגען.

# נאָטיצן וועגן ספינקס

יעדעס בוך איז טייער זיין שעפער, פונקט ווי עס איז טייער דאָס קינד פאַר דער מוטער, וואָס קוקט דאַרויף מיט גרין־זשעדנע אויגן און זעט דערין איר וועזן, איר נשמה און איר לייב, זעט ווי זי וואַקסט אויפסניי אויף אינם וואונדערלעכן קינד — הגם זי אַליין ווערט אַלט, גרוי און געל און וויאַנעט ווי א בלום וויאַנעט אין קראַנקן האַרבסט.

און דאָך זיינען פאַראַן אונטערשיידן אין דער ליבע פון אן אויטאָר און זיין בוך. די אונטערשיידן וואַריאירן לויט דעם וויפל אינטימיטעט דער שרייבער האָט פאַרקערפערט אין זיין בוך. פשוט'ער גערעדט: וויפל עס איז אין בוך פאַראַן פון דעם שרייבערס פיין און פרייד, וויפל פון זיין פלייש און בלוט, וויפל פון זיין צייט און פון זיין צייט יוגנט, דען ווען מיר ווערן עלטער, ליבן מיר מער אונזער יוגנט און אונזער קינדהייט. אונזער קינדהייט איז אייגנטלאַך מער א פאַסיווע, מיר אַליין האַנדלען נישט, עס האַנדלט זיך אַרום אונז. עס ווערן אין אונז דאַן געפאָרמירט יענע קרעפטן, וואָס וועלן שפעטער האַנדלען און ווי אַזוי זיי וועלן זיך אויסדריקן. מער ליבן מיר אונזער יוגנט, ווייל אין אָט דעם פריען פעריאָד פון אונזער לעבן — האַנדלען מיר אַליין, מיר גיבן אַרויס די ערשטע סימנים פון אונזער כאַראַקטער און גייסט. מיר לעבן אין אונזער וועלט פון טעמפעראַמענט. די קינדהייט איז אונזער פרילינג. די יוגנט איז אונזער זומער . אין האַרבסט, ווען מיר עלטערן זיך, ליבן מיר צו זיצן אונטער די רויטע בוימער און מעדיטירן וועגן אונזער יוגנט, וועגן די געשטאַלטן פון פרויען וואָס האָבן זי אַנגעפילט, פונקט ווי פיש פילן אָן אן אַקוואַריום פון וואַסער און זון. מיר דענקען איבער די מענער־פריינט, וועלכע האָבן אונז באַווירקט און זיך געלאָזן באַווירקט דורך אונז. אַלזאָ: מאַנכע ווערק פאַרן אויטאָר זיינען טייערער צו אים דערפאַר, ווייל זיי זיינען מער פערזענלאַך, מער נאָענט און אייגן זיין קערפער און זיין גייסט, זיין מוח און זיין האַרץ, אָט דעם מעכטיגן מאָטאָר וואָס שאַפט און לאָזט זיך פריי אָוועק אינם שוואונג פון אונזערע עמאָציעס.

פון אַלע מיינע עסייען, דערציילונגען, רעפּאָרטאַזשן און מיניאַטיורן, וואָס איך האָב ביז איצט געשריבן, קען איך דרייסט און אויפריכטיג זאָגן, אז דער „ספינקס" איז מיר אמנאָענטסטן, ווייל דער וואָס וועט לייענען זיינע בלעטער, געשריבן מיט יוגנטלאַכן עקסטאַז און קינסטלערישן ענטוזיאַזם, וועט לייכט דערקענען אז אונטער דעם יונגן קינסטלער, וואָס איז אַזוי העראָאיש פאַרליבט אין דער העלדין פון „ספינקס", גאַלדע — פיגורירט אייגנטלאַך דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות. עס פאָדערט זיך אַ גרויסער מוט צו וועלן מודה זיין זיך אין אָט די אַלע שוואַכקייטן און משוגעת'ן, אין די יוגנטלאַכע טרוימען

און ליבע־חלומות, אין די געשפּרעכן וועגן פילאָזאָפיע און סעקס און אין די פּאַטאַלע שפּילן אַרום אַ געליבטער העלדין. אָבער — איז דען נישט דאָס אַנשרייבן דעם ראָמאַן — אַליין אַ שטיק העלדישקייט? עס איז אַ רעזולטאַט פון אַ ראָמאַן אין לעבן, וואָס איז נישט אין זיך אַליין באַפרידיגט געוואָרן און איז געבליבן הענגען אין האַרצן, ווי אַ גרויס שטיק פייער, ווי אַ געהאַנגענער וואָס אַ שפּיץ פון אַ פעלז האַלט אים אונטער, אַזוי, אַז ער קען נישט שטאַרבן אויפן ביטערן גאַלגן און קען זיך נישט באַפרייען פון זיין לאַנגזאַמען טויט.

אָט די אומבאַפרידיגקייט אינעם יונגן אויטאָרס לעבן און ליבן האָט אים געצוואונגען צו שרייבן אַ ראָמאַן, אַ קאָפּיע פון דעם ווירק־לאַכן ראָמאַן אין לעבן. יאָרנלאַנג האָט ער אין זיך געטראָגן דעם טרוים צו שרייבן די נאָוועלע, וואָס וועט אים געבן ווידער אַ מעג־לאַכקייט איבערצולעבן די שיינע דראַמע פון זיין לעבן און איבער־צולעבן זי אויף אַזאַ אופן, וואָס וועט אים מער באַפרידיגן; דען אויך דאָס לעבן איז אומפּולקאָם, קען עס די קונסט באַווייזן. די קונסט קאָרעגירט און פאַרבעסערט די פעלערן פונם לעבן.

דער שרייבער פון דער עסיי און פונם ראָמאַן „דער ספינקס" האָט געוואָלט פאַראייגנען זיך זיין העלדין, וועלכעס ער האָט גע־מוזט איבערלאָזן אין רוים פון צייט, פאַר אַנדערע מענער. דער העלד אין דער נאָוועלע הענגט זיך אויף, פּונקט ווי דער העלד אין געטעס „די ליידן פון יונגער ווערטער" דערשיסט זיך, ווייל קיין אַנדער אויסוועג איז נישט פאַראַן. די אמת'ע ליבע פאָדערט נישט אַ פאַרבאַנאַליזירונג פון אַ שיינעם ראָמאַן — דורך הייראַט און קינ־דער, נאָר די פאַרניכטונג פון די העלדן, כדי די ליבע זאָל זיגן, ווי אין די גריכישע טראַגעדיעס, וואו עס זיגט דער פאַטום איבער די קעפּ פון די העלדן. און אַזוי — ביים פּראָצעס פון שרייבן אומבאַ־וואוסטזיניג פאַר זיך אַליין — קומט ווידער ענלאַכעס פאַר אין דעם בוך ווי אין „ווערטערס ליידן". געטע, דער פערזאָניפיצירטער אין „ווערטער", בלייבט לעבן — און אויך איך, דער פערזאָניפיצירטער אינעם יונגן קינסטלער פונם „ספינקס" — בלייב אויך לעבן, הגם דער העלד פונם בוך טויטעט זיך ווי „ווערטער". מאָליער, דער אומשטערב־לאַכער פראַנצויזישער דראַמאַטורג, שטאַרבט אויף דער סצענע, אינ־מיטן זיין ראָליע, ווייל „שטאַרבן אויף דער סצענע איז אַ גרויסע קונסט און שטאַרבן אין לעבן קען אַ פּויער אין הויכע שטיוואָלעס אויך"... (דאָס לעצטע לייען איך נאָר־וואָס אין מאָריס שוואַרצס פּרעכ־טיגע טעאַטער־אַרטיקלען אין „וואָכנבלאַט").

דאָס איז וועגן דעם טויט פונם העלד און דאָס ווייטער־לעבן פונם שרייבער. איצט, ווען דער העלד איז לעבן געבליבן — האָט ער גע־וואָלט פאַרענדיגן אין דער קונסט דאָס וואָס איז געבליבן אומפאַר־ענדיגט אינעם לעבן. אויב דער אָריגינאַל פון פלייש און בלוט האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם געליבטן, וועלכער האָט זי געליבט מיט אַזאַ ריזיגן פייער פון זיין גרויסן האַרץ, האָט ער געפילט אַז אין אַ

ראָמאַן קען ער זי באַהערשן פּולקאָם, צווינגען צו זיין אַזאַ ווי ער וויל, צו האַנדלען לויט זיינע באַגערן און צו זיין אינגאַנצן זיינע. אין לעבן איז עס דורך פאַרשיידענע קאָמפּליקאַציעס נישט געלונגען. ער זוכט עס צו רעאַליזירן מיט דער הילף פון זיין אייגענער פאַנטאַזיע. און מיר ווייסן דאָך אַז די פאַנטאַזיע איז נישט זעלטן שטאַרקער פון דער ווירקלעכקייט, בפרט פאַרן קינסטלער איז עס אַזוי, וואָס פילט רעאַלער די העלדן פון דער פאַנטאַזיע ווי די פאַנטאַזיע פון די אמת׳ע העלדן אין לעבן.

דאָס איז געווען דער ציל פון דעם שרייבערס ווילן, זיין ראָמאַן אין לעבן אָנצוטאָן ווידער אין די קאָלירן פון דער קונסט. פּונקט אַזוי ווי לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי פאַראומשטערבלעכט מיט אַ דעמאָנישער קראַפט די דזשיקאָנדאַ, די דאַמע פון פלאָרענץ, וועמען ער האָט געליבט. ווער ווייסט, ווי זי האָט ווירקלעך אויסגעזען און וואָס פאַר אַ כאַראַקטער און וואָס פאַר אַ קאָליר איר האָרץ האָט געהאַט. צו די יאָר־טויזנטער פון דער צוקונפט האָט דער פלאָרענטישער קינסטלער געשילדערט אַ געשטאַלט פון זיין ליבע, געפורמט דורך זיין ווילן און זיין כאַראַקטער, אַזאַ ווי ער האָט געוואָלט זי זאָל ווירקלאַך זיין.

אויסער דעם דראַנג ווידער איבערצולעבן די ליבע, אויסער דעם באַגער צו קאָרעגירן מיטן פּענזל פון קונסט דעם ראָמאַן פון לעבן, און אויסער דעם באַגער זי צו באַזיצן אויף אַ מער־האַרמאָנישן אופן, אין קאָמפּליטער פרייהייט פון זיינע צילן — האָט דער אויטאָר געהאַט נאָך איין מעכטיגן באַגער: געהיימערהייט נקמה צו נעמען אין דער העלדין פאַר די עוולות וואָס ער האָט געליטן דורך איר. עס וואָלט ווידער געווען אומזיניג צו טויטן די העלדין. ער האָט געוואָלט נקמה נעמען אין איר קינסטלעריש, דורך באַצווינגען זי, דורך ווייזן איר אין אַזאַ קאָליר און פאַרב און האַנדלונג, וואָס, ווי דער אויטאָר פאַרשטייט, קען איר דיסקרעדיטירן. און דאָס האָט ער אויסגעפירט אין דעם ראָמאַן „דער ספינקס״, וואָס יעדער לייענער מוז אַליין — ביים לעבן־פּראָצעס — אויסטיילן און פאַרשטיין, דען עס ליגט נישט אין די אייגנטלעכע אינטערעסן פונם אויטאָר צו אַנטפּלעקן דעם ליגן דאָרט, וואו עס איז אַבסאָלוט אמת אין קינסטלערישן זין. אַ זאַך קען זיין ליגן פאַרן לעבן — און אמת אין דער קונסט, ד. ה. אויב דער קינסטלער האָט די קינסטלערישע קראַפט מיט דער הילף פון זיין פאַנטאַזיע צו צייכענען זאַכן וואָס צווינגען אייך צו גלויבן, וועלכע זיינען געוואַלטיג לאָגיש און אויסגעהאַלטן אין באַצוג צום לעבן.

אַלץ וואָס איך האָב ביז איצט געזאָגט, איז געווען וועגן די מאָטיוון אינם קינסטלער, וואָס האָבן אים געטריבן צו שאַפן דעם ראָמאַן „דער ספינקס״. דאָס זיינען אַזוי־גערופענע סודות פון דעם קינסטלערס לאַבאָראַטאָריע, וואָס זיינען אַן־און־פאַר־זיך אינטערעסאַנט נישט נאָר אין שייכות צום „ספינקס״, נאָר צו דעם פּראָצעס פון שאַפן אַ בוך ביים אַלגעמיינעם קינסטלער בכלל.

איצט וועל איך ווייניגער פייניגן דעם לייענער מיט דער עמאַ־צעאַנעל־קינסטלערישער זייט פונם עמבריאָנעלן צושטאַנד פונם בוך — און וועל איבערגיין צו מער קאָנקרעטע פאַקטן וועגן דעם רעאַ־ליזירן און דעם כאַראַקטער פונם בוך אַליין.

---

איינמאָל, זיצנדיג אין אַ מואווי־הויז, האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן די שטאַרקע ענלאַכקייט פון דער אַקטריסע פון דעם פילם — מיט דער העלדין פונם „ספינקס". עס איז געווען אַ מאָדנע ענלאַכקייט. איך האָב געפילט אין מיר אַ באַגער צוצופאַלן צום עקראַן און צו קושן די פרוי, וואָס האָט אַזעלכע מערקווירדיגע ענלאַכקייטן צו מיין העלדין (איך געדענק שוין נישט מער דעם נאָמען פון דער אַקטריסע). זי האָט גערעדט, געזשעסטיקולירט פונקט ווי מיין העלדין. האָט אפילו געהאָט די זעלבע טיף־שוואַרצע אויגן און די גאָלדענע האָר. ווען איך בין אוועק אהיים, האָב איך באַשלאָסן אָנצושרייבן דעם ראָמאַן, אויס בענקשאַפט צו דער העלדין, כדי ווידער איבערצולעבן די גרויסע ליבע. דאָס האָט די אַקטריסע אין מיר דערוועקט דעם אַלטן ראָמאַן.

איך האָב אָנגעהויבן שרייבן יעדן טאָג אַ קאַפּיטל. אין משך פון א חודש האָב איך געהאַט פאַרטיג די עטלאכע און דרייסיג קאַ־פּיטלאַך פון דעם ראָמאַן. איך האָב געשריבן מיט פיבער און געהאַט אַזאַ פאַרגעניגן, וואָס איז באמת אומבאַשרייבלאַך. איך האָב געפילט אַז די העלדין איז מיט מיר, זיצט געגן מיר, קוקט זיך איין ווי איך שרייב וועגן איר, גייט מיט מיט מיר אויפסניי דורכן גאַנצן הערלאַכן איבערלעבעניש פון מיין יוגנט. דער ראָמאַן איז געווען פאַרטיג און איך האָב אים פאַרבונדן מיט א שטריקל און באַהאַלטן אין שראַנק צווישן די אַנדערע קאַנוסקריפּטן.

כדי צו אילוסטרירן ווי טייער דער מאַנוסקריפּט איז מיר געווען, וויל איך דערציילן אַ רייע פאַקטן. איך האָב זיך נישט פאַרגונען אָפּצודרוקן אַן ערגעץ דעם מאַנוסקריפּט. איך האָב אָפטמאָל אַרויס־גענומען דעם ראָמאַן, געוואָלט אים צוגרייטן אַוועקצושיקן צו אַ פאַר־לעגער. אָבער יעדעס מאָל, ווען איך האָב דורכגעקוקט זיינע קאַפּיטלאַך, האָב איך געפילט אַזאַ וואַרעמע ליבע צו דעם ראָמאַן. איך האָב געפילט ווי אַרויסצורייסן מיין האַרץ און עס צו שיקן אין אַ צייט־טונג. ס'איז נישט געווען פון מיר קיין באַציאונג צום „ספינקס" ווי צו אַ קינסטלעריש ווערק — נאָר ווי צו אַן אינטימער, טייערער זאַך, געבוירן אין ווייטאָג. אין דעם גרעסטן ווייטאָג פון אַלע ווייטאָגן — אין יוגנט־ליבע...

איינמאָל האָט מיך באַזוכט אַ מאַן פון „שיקאַגער קוריער", וואו איך אַרבעט־מיט שוין איבער דריי יאָר. איך האָב אים, אויף זיין פאָדערונג, געגעבן צום לייענען דעם מאַנוסקריפּט. ווען ער איז אַוועק צו זיך אַהיים, וואָס איז געווען אין די קאָלאָראַדער בערג, אויף זיין וואַקאַציע — האָב איך פּלוצלונג אָנגעהויבן מורא צו האָבן טאָמער פאַרלירט ער דעם מאַנוסקריפּט. אַזאַ שרעקלאַך געפיל האָט מיך באַ־

הערשט. אין שרעק האָב איך געוואַרט אַ וואָך צייט, ביז איינמאָל איז געקומען אַ בריוו אַז ער און זיין פרוי האָבן דעם ראָמאַן צוזאַמען געלייענט און זיי ליבן אים זייער. ער איז געשריבן שפּאַנענד, סענ־סאַציאָנעל, פאַרכאַפּנדיג. ער איז נאָך לירישער ווי מאַרסעל פּרוסט. ער וואָלט ער זייער וועלן פאַרעפנטלאַכן אין „קוריער". איך האָב ענדלאָך, מיט וויטאָג, איינגעשטימט, פילנדיג אַז צום ערשטן מאָל ווערט געשענדעט די הייליגקייט פון מיין ליבע, ווען איך גיב איבער אירע אינטימע איינצלהייטן דעם פּובליקום.

דער ראָמאַן האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין „קוריער" — אָבער דער מאַן וואָס האָט גענומען דעם מאַנוסקריפּט איז געשטאָרבן, זיך צעברעכנדיג דעם שאַרבן ביים פאַלן אויפן אייז. איצט האָב איך זיך דערמאָנט אַז, ווען ער איז געזעסן ביי מיר אין צימער, האָב איך באַמערקט דעם טויט אין אים. נאַטירלאָך, ער איז געווען געזונט, שטאַרק און לעבנסלוסטיג און ס'איז מיר אוממעגלאָך צו דעפינירן ווי אַזוי איך האָב געזען דעם טויט אין אים. דערפאַר האָב איך זיך געשראָקן אַז מיין מאַנוסקריפּט וועט זיין פאַרלוירן. איך האָב געפילט אַז דער טויט אַליין טראָגט מיין מאַנוסקריפּט אַרום...

צו מיין גליק איז דער ראָמאַן דערשינען — און איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט.

---

אויף וויפיל די העלדן פונם בוך האָבן מיך באַווירקט, איז אינ־טערעסאַנט פאָלגנדער פאַקט: מיט אַ יאָר צוריק האָט מיר אַ פריינ־דין פון באָסטאָן אויפמערקזאַם געמאַכט אין אַ בריוו אַז אַלע מיינע דערציילונגען-העלדינס האָבן רויטע, גאָלדענע האָר... ווי איז דאָס מעגלאָך? האָט מיין מוטער רויטע האָר? האָט מיין ערשטע געליב־טע געהאַט רויטע האָר?...

איך האָב זיך פאַרטראַכט וועגן דעם און זיך דערמאָנט אַז גאָלדע, די „ספינקס"־העלדין, האָט געהאַט רויט־גאָלדענע האָר... דערפאַר, אין אַלע מיינע געשיכטן, גיב איך דער העלדין רויטע האָר...

איך פלעג אין מוזייאומס זוכן איר געשטאַלט. אין יעדער סטאַ־טוע האָב איך אַנטדעקט אירע גלידער. איך פלעג אין פאַרטרעטן געפינען איר שיינקייט. אין יעדער פרוי האָט זיך מיר אַנטפּלעקט די ענלאַכקייט צו מיין געליבטער. איך האָב געליבט אַלע יענע פרוען, וואָס האָבן געהאַט אַן ענלאַכקייט צו איר. איך האָב אין זיי געליבט — מיין העלדין.

איך פלעג, ווי איך דערצייל אין בוך, אָפטמאָל רעדן וועגן איר צו אינטימע פריינט. דאָס פלעגט מיך אַריינוואַרפן אין אַ זעלטן־טיפער, שיינער שטימונג. איך האָב זיך איינגעהערט צו מיינע איי־גענע רייד. איך פלעג אַרויסרופן שטראַלנדיגע עמאָציעס ביים צו־הערער. מיך פלעגט עס פאַרלייכטערן די פּיין און די בענקשאַפט. עס איז ווי איך וואָלט ווידער געווען אין איר אָפּוועזנקייט, גליקלאָך זייענדיג.

אָבער — וועגן דעם אַלעם דערציילט דאָס בוך, וועלכן איך לייענט. איך וויל נאָר באַמערקן אַז אין מיינע שפּעטערדיקע ראָמאַ־נען האָב איך קיינמאָל ניט געליבט די נייע העלדין אַליין; נאָר איך בין געווען פאַרליבט אין דער העלדין פונם „ספינקס", וועלכע איך האָט פאַרפערזאָניפיצירט אין דער נייער געליבטער. איך האָב אין מיינע פרויען־פּריינט — געליבט גאָלדען, מיין ערשטע געליבטע.

און אַזוי האָט איר וועזן און כאַראַקטער אָפּגעשטראַלט אויף אַלע מיינע שפּעטערדיגע ווערק, וואו איך האָב באַשריבן פרויען. און ביים שאַפן אָט די דערציילונגען און עסייען, האָב איך געפילט אַזוי באַגייסטערט, פּונקט ווי איך וואָלט אויפסניי איבערגעלעבט די סענ-סאַציע פון דער ערשטער ליבע.

דאָס איז אַלץ וואָס איך קאָן זאָגן וועגן דעם בוך „ספינקס". די זון פאַרגייט איצט, בשעת איך שרייב די דאָזיגע שורות, אין רויטע פלאַמען. און די גראַנדיעזע בלומען פון ברענעדיגע וואָלקנס לויכט זי אויף פאַר מיר, די ריזיגע פרוי, אין אַן אַרסענאַל פון שטאַרבנדיגע שטראַלן. זי שטייגט רויט איבערן הימל, ווי אַ געטין, פאַרשפּרייט אירע לאָקן איבערן האָריזאָנט, בליקט מיט טרערנפולע אויגן אין דער ריכטונג פון מיר — און פּלוצלונג לעשט זי זיך אויס, פאַרוויאַנעט, ווערט אַלט און גרוי...

איך בין דאַנקבאַר פאַר אָט דער וויזיע. איך האָב צום לעצטן מאָל אין פּאָעטישן זון־אונטערגאַנג געזען די פרוי, אין וועמענס וועזן איך האָב אַזוי פּלאַטערנדיג איינגעוויקלט מיין האַרץ. דורך איר האָב איך דערקענט דאָס מעכטיגע געפיל וואָס הערשט אין דער איי-ביגקייט. זי איז געווען די פאַרקערפּערונג פון מיין אידייע, וועלכע איך האָב געליבט. דען, מיר ליבן פאַרשיידענע אידייען, לויט אונזער טעמפּעראַמענט, געפיל, גייסטיגער קראַפט און פאַנטאַזיע. זי האָט אַנטשפּראָכן מיין אידעאַל — און ווען מיין אידעאַל־סקעלעט האָט באַקומען פלייש, שיינקייט, האָב איך אים געליבט.

און אַזוי גייען מיר אַלע דורך דעם קאַלטן פּלאַנעט מיט אָט דעם פלאַמענדיגן האַרצן. נאָך אַלעם, אויסער ליבע, וואָס איז דען דאָ מער צו באַוואונדערן אויף אונזער טראַגישער ערד? די בלומען זיי־נען שיין! אָבער מיר זעען זייער שיינקייט ווייל מיר זיינען פאַר־ליבט און מיר באַוואונדערן זייער ווייבלאַכע איידלקייט. מיר ליבן און בענקען צו די שטערן, ווייל זייער קאַלטער אומעט טרייבט אונז אין איינזאַמע נעכט צו דער אינטימער וואַרעמקייט און היימלאַכקייט פון אַ פרוי. מיר באַוואונדערן די פּערל אין זייער בלייכער שיינקייט און לויטערקייט — אָבער זיי זיינען קאַלט און פרעמד, ווען זיי זיינען אַליין. ווען די פּערל הענגען אויפן האַלז פון אַ שיינער דאַמע, דאַן קושן מיר דעם האַלז און מיר באַוואונדערן אויך די פּערל וועלכע רעפלעקטירן די פרויען־צערטלאַכקייט. וואָס איז זייד, ווען ער ציר־טערט נישט אויפן בוזים פון אַ פרוי? ווען גאָלד וואָלט נישט צירן די האָר פון אַ דאַמע, וואָלטן מיר צוריקגעוואָרפן דאָס גאָלד אין די טיפסטע שיכטן פון דער ערד, וואו ער איז פאַר׳משפט פון קיינעם

נישט באַוואונדערט צו ווערן. די בלויקייט פון דעמערונג דערמאָנט אונז אין דעם קלייד, וועלכן „זי" האָט געטראָגן אויפן ראָמאַנטישן מאַסקן־באַל... און אַזוי מיט אַלץ! מיינע הערן און דאַמען, די טויטע אין די קברים זיינען נישט טרויעריג ווייל זיי זיינען טויט — נאָר ווייל זיי זיינען נישט אומשטאַנד מער צו ליבן... אַזוי שעמט זיך אויך דער שניי, פארגייענדיג די בלומען פון דער ערד. ווי דאנטע, דער אומשטערבלאַכער איטאַליענער, בלייבט מיר צו זאָגן נאָך אַ יאָרטויזנט פון מעדיטאַציעס — אַז די ליבע באַוועגט נישט נאָר אונזער ערדיש לעבן, נאָר זי איז דאָס וואָס טרייבט אין קאָסמאָס די זונען, די שטערן און — איך בין זיכער, דורך אַ גראַנדיעזער ליבע מיט אייביגקייטן צוריק, צווישן גאָט און אַ געוואַלדיג־שיין, ווייבלאַך וועזן, איז געבאָרן געוואָרן אונזער ערד, אונזער אומענדלאַכער אוני־ווערס...

(ספּיוואַק, דעצ. 1938).

# דער זייגערמאכער וואָס שטאַרבט...

ווי אָפט טראַכט איך וועגן יענעם זייגערמאַכער, וואָס איך האָב געזען אין מיין קינדהייט. ער איז איינמאָל דערשינען אין אונזער היים, אין פולאַווי. ער איז געזעסן שטיל ווי אַ שאָטן. ער איז אינגאַנצן געווען שאָטן — פלאַ־מענדיקער שאָטן. אַ האַלב געזיכט ביי אים איז געווען פאַרברענט און האָט געפלאַמט ווי אַ פייער. דאָס אַנדערע האַלבע געזיכט איז געווען בלייך ווי דער טויט. און דאָס האָט דערמאָנט אין יענע זינדיקע מאַרטירער וואָס ליידן אין גיהנום, די מאַרטירער וואָס שטעקן אויף דער העלפט אין קאַלטן אייז און שניי — און מיט דער צווייטער העלפט אין פייער.

מיין פאָטער פלעגט אָפט רעדן וועגן אים ווי וועגן אַ שווינדזיכטיק־קראַנקן, געניאַלן זייגערמאַכער. ער זאָל האָבן געאַרבעט אין קעניגלעכע פאַלאַצן. ער זאָל האָבן געמאַכט אַ זייגער פאַר דער אַלבאַנישער קעניגין... ער זאָל האָבן געוועבט אַ בראַסלעט פאַר אַן ענגלישער פרינצעסין. . . .

ער זאָל האָבן פון שפּינוועבס אויסגעשמידט אַ דין קייטעלע פאַרן שוואַ־נענהאַלז פון אַ קראַנקער, עגיפּטישער פרינצעסין. . .

און אין דער אמת'ן האָב איך געזען זיינע ציטערנדע הענט. זיי זיינען געווען ווי ליליען־וויס. זיי זיינען געווען אונערדיש. זיי זיינען געווען ווי בלייגע בלעטער וואָס טרינקען דעם דעמער־קאָליר צווישן טאָג און נאַכט. זיי זיינען געווען ווי בלייך־כינעזישע טאַצן אויף פאַרצעליי.

איך בין געווען אַ קליין אינגל. געפאַנגען אין מיין אונגעהויערער וועלט פון רוים. געפאַנגען אין מיין קאָסמאָס פון יאָר־סעזאָנען און דעמע־רונגען. און איך האָב גוט געזען ווי די דאַזיקע הענט געהערן שוין צו אַן אונערדישן גייסט. זיי וועלן באַלד אַרומנעמען מלאכים. זיי וועלן האַלדזן די הימלישע טעכטער. זיי וועלן גלעטן די לאַנגע לאָקן פון וועזנס — צו אײדל צו ווערן באַמערקט מיט אונזערע בלויע אויגן. איך האָב גוט גע־זען אַז די דאַזיקע הענט האָבן פון גאָלד געשמידט אידעלע בלומען. צאַר־טע רינגען פאַר די דינסטע פרינצעסישע פינגער. איך האָב גוט געזען אַז די דאַזיקע הענט זיינען געמאַכט צו וועבן גאָלד פון לופט. צו שמידן פון האַרטסטן מעטאַל די ווייכסטע און דינסטע און פיינסטע מעלאָדיען און בוזשוטעריע. . . . אַז זיי פילן דעם פולס־שלאָג פון די קלענסטע זייגער־לעך. די הענט וואָס האָבן געקענט אַלכעמיש באַשאַפן גאָלד, די הענט זיינען געווען די הענט פון אַ וואַנזיניקן געניוס. . . .

און איך געדענק אַז דער שטאַרבנדיקער זייגערמאַכער־גאָלדשמידט האָט יענעם נאָכמיטאָג, ווען די זון איז פרי און ווינטערדיק אונטערגעגאַנגען און אירע בלוטיק־פלאַמענדע און געשאַכטענע שטראַלן זיינען געגאַנגען דורך די פענצטער — דערציילט אַ מאָדנע געשיכטע. . . . כ'געדענק זי קוים.

זיינע רייד זיינען געוועזן אומגעהויער־שטילע און באַנגע. און עס זיינען מיר בלויז געבליבן אין זכרון שטיקער וואַלד און לבנה. שוואַרצע שטיקער וואַלד, וואָס דו קענסט שנייַדן מיטן לבנהדיקן מעסער. ביימער וואָס וואַקסן אַרויס מיט פאַנטאַסטישע צווייַגן, וועלכע באַרירן די שטערן אין עקסטאַז, ווי מיט ציטערנדע פינגער. דער הימל שניידט זיך אייַן ווי אַ מאַפע פון מאַרמאָר. . . . קענסט אייַנטיילן דעם גאַנצן הימל אין לענדער פון דער ערד. . . . אין בערגער, אָקעאַנען, טאָלן, וועלדער און אינדזלען. . . . אָדער — דער הימל זעט אויס ווי אַ צעשניטענע האַנט פון גאָט. . . . גאָט'ס אומגעהויערע האַנט אין וועלכער עס איז אייַנגעשניטן די הימלישע פּאַנאָראַמע — גאָר די וועלדער און די בערגער און די טאָלן און די וואַסערן און די גערטנער פון הימל. . . . און די האַנט ציטערט און באַוועגט זיך אין רוים — און וואו זי ציטערט און באַוועגט זיך — פאָלגסטו זי נאָך — ווענדסטו דייַן בליק און דייַן האַרץ. . . .

און בשעת די הימלישע האַנט פון רוים ציטערט — שפּאַנסטו דורך דעם טיפן וואַלד. עלנט? שרעק? פאַרלאָזנקייט? אומרו? — דאָס זיינען קיין אויסדרוקן נישט צו מאָלן די שטימונג. און פּלוצלינג ציינדן זיך אין דער פינצטערניש פייערלעך. דו ציטערסט אויף — דיר דאַכט זיך אַז אַ פרייַלעכע קאָמפּאַניע זיצט דאָ אין וואַלד און רויכערט ציגאַרעטן. זיי באַוועגן מיט די הענט. אָט זיינען אידעלע, רייך־געקליידעטע, אין צירונג־פאַרהילטע דאַמען, וואָס באַוועגן גאַלאַנט מיט זייערע ציגאַרעטן. זייערע הענט ציטערן אין דער שוואַרצער נאַכט. . . . זייערע הענט — מיט די פייערן פון ציגאַרעטן — מיט דעם פינקל פון די איידלשטיינער — מיט דעם ציטערן פון דער גאָלדענער, קעניגלעכער צירונג. . . . און אָט זיינען רייכע הערן — אויף יאַגד געגאַנגען? עס גלאַנצן אויף זייערע וועסטן די גילדערנע זי־וויסקעס — עס ציטערן זייערע סיגנעטן און בראַשקעס בריליאַנטענע אין די קראַוואַטן. עס ציטערן זייערע ציגאַר־שפּיצן — לאַנגע און דינע — ווי גילדערנע פּלייטן. . . . און דורכן גאַנצן וואַלד האָט עס געלויכטן און געציטערט. . . .

וואו מיין טריט האָט געטראָטן — האָבן זיך דערוועקט די פייערן פון די קרוזשאַקעס און לעבן אין דער לופט האָט זיך אָנגעפאַנגען. עס איז מיר געוועזן היימלעך. איך האָב געוואָלט זיך וואַרעמען אין דעם אָנגעצונדענעם לעבן. איך האָב געוואָלט מייַנע הענט צולעגן צום פייער פון די ציגאַרעטן.

און — ווען איך בין אַרויס פון וואַלד, האָבן זיך געצויגן בלויע און גרויע און פּורפּורנע שטראַלן פון אַ זון, וואָס איז נאָך געוועזן טיף אונטערן ראַנד פון דער ערד. נאָר איר עקזיסטענץ האָב איך שוין געפילט. . . . און איך האָב פאַרשטאַנען אַז די פייערן פון ציגאַרעטן זיינען געוועזן די פייער־פליגעלעך פון וואַלד, וואָס איך האָב אויפגעוועקט און וואָס האָבן פאַר מיר דורכן גאַנצן גאַנג געטאַנצט און געלויכטן מיט זייערע פאָספאָרישע נשמות...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פילע יאָרן זיינען דורך. און אָפט דערמאָן איך זיך יענעם לעגענדאַרן זייגערמאַכער, וואָס האָט פאַר מיר געלויכטן און געעפנט אַ וואונדערלעך־פּאָעטישע סצענע פון פייער און נאַכט. . . . פון טויט און פון לעבן. . . . ער איז נאָכדעם באַלד געשטאָרבן — און זיין הויכע, גייסטערהאַפטע געשטאַלט קען איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. . . . ווען איך האָב אים געזען — איז ער שוין געווען געוויקלט אין שטיקער וואָלקן, ווי אין זיידענע וואַטע. . . . שטיקער הימל, ווי אָפּגעריסענע פראַגמענטן פון אַ פאַרביקע באַלעט־דעקאָראַציע, האָבן אים פאַרהילט . . . ער איז געווען שוין אַנגעטאָן אין גאָט. . .

ניו יאָרק, נאָוועמבער 8, 1945.

# שלמה לערנער, דער מאַלער פון חסידישן פאָלקלאָר

אין דער באַזונסטעל גאַלערי, אויף דער זיבן־און־פופציקסטער גאַס, די בערזע פון קונסט אין דער מעטראָפּאָליע פון ניו־יאָרק קומט איצט פאָר אַן אויסשטעלונג פון די מאַלערייען פון שלמה לערנער, אַ קינסטלער וואָס איז אפשר נישט צופיל באַקאַנט דעם אידישן פובליקום אין אַמעריקע אָבער אין די אַרטיסטישע, און די פיינערע קרייזן פון פּאַריז, האָט מען געוואוסט פון דער מאַלעריי פון שלמה לערנער, פון זיין קינסטלערישן סטאַזש און פון זיין קולטור.

לערנער איז אַ באַשיידענער מענטש. און טאַקע אָט די באַשיידנקייט איז די אורזאַך וואָס דער קינסטלער איז אפשר ווייניקער באַקאַנט צום ניו־יאָרקער פובליקום ווי מאַנכע אַנדערע קינסטלער, וועמענס ווערט איך וועל איצט ניט גיין אָפּפרעגן, אָבער וועלכע באַזיצן דעם סוד פון סענסאַציע. נאָר איין קוק אויף לערנערן גענוגט צו זען אַז מיר האָבן צו טון מיט אַ מענטש וואָס איז שטיל און באַשיידן. קיין טיפּישער באָהעם פון ״קאַרטיעי לאַטען״. לעבנדיק אין פּאַריז פילע יאָרן, אין דער קרוינשטאָט פון מאָדערנער מאַלעריי, האָבן זיך צו אים ניט צוגעקלעפּט. די אַלע פאַלשע זשעסטן און חנ׳דלעך מיט וועלכע פסעוודאָ־פּאַריזער האָבן אַזוי שטאַרק ליב צו קאָקעטירן. לערנער האָט לאַנג געוואוינט אין פּאַריז, אָבער די מערסטע צייט האָט ער געאַרבעט אין זיין סטודיאָ. ער האָט ליב אַרבעט. ער האָט ליב די פאַליטרע און די קאָלירן און דעם בראַנדזענעם שטראָם פון דער זון וואָס ברעכט דורך די גאַרדינען און גיט די זאַכן אַ רירנדן, באַוועגלעכן ריטם און יענעם סוד פון לעבן און קאָליר וואָס האָט רעמבראַנדט׳ן געמאַכט ציטערן פאַר עקסטאַז ביז צו די פראַנצויזישע אימפּרעסיאָניסטן, ביז צו די סאַמע לעצטע ערלעכע און עכטע קינסטלער.

לערנער האָט פאַרבראַכט זיינע יונגע יאָרן אין אַן אוקראַיניש שטעטל. ער האָט די גרודעס פאָלקלאָר נישט פאַראַטן. ער האָט קליינעהייט — אין דער היים, אין דער גאַס, אין חדר, אין דער ישיבה, אין בית המדרש — זיך איינגעזאַפּט מיט גאָלדענע מעשים פון אידישן לעבן. מיט שטיקער כראָניק אין וועלכע עס בלענדן לעבנס־רעאַליזם און פאַנטאַזיע. מיט אידישער חכמה — אַ רעזולטאַט פון דורות קאַמפן און ליידן מיט דער אידישער דורשטיקייט פון לעבן, פון די שיינע באַציונגען צווישן מענטש און מענטש און איד און גאָט. יעדער דור האָט איבערגעלאָזן אַ גאָלד־אוצר פון פאָלקלאָר, פאָלקסלידער וואָס טריפן ווי האָניק. דאָס אידישע לעבן איז געווען אָרעם, אָבער ריין און ערלעך — אַזוי ווי אַ אידישע שטוב מיט געקאַלעכטע ווענט און מיט גאָלדענע זאַמד אויף דער פאָדלאָגע, מיט אַ ריינעם, קאָלירטן טישטוך אויפן דעמבענעם טיש.

אמת, אָרום די אידען זיינען געווען פרעמדע, בייזע מענטשן מיט זייערע בייזע הינט. ס׳האָבן די ערד פאַרקאַפּט פרעמדע פעלקער. טראָץ דעם האָט דער איד געלעבט אין אַ גרויסער וועלט. דאָס אידישע פאָלק איז געווען פאַרבונדן מיטן קאָסמישן וועלט־באַשאַף. מעשה בראשית האָט זיך אָנגעפאַנגען מיטן איד. אָן אידן האָט קיין וועלט נישט געקענט זיין. גאָט, וועלט און אידן — וועלכע אונגעהייערע איינהייט!

אין אוקראַינע האָט געלעבט ר׳ ישראל בעל שם טוב — דער גרויסער שאַפער פון חסידיזם, וועלכער האָט געפילט און געזען גאָט אין יעדער פּיצל לעבן אויף דער ערד.

אין דער מאַלעריי פון לערנער פילט זיך דער דאַזיקער מעכטיקער גלויבן אינם בעל־שם־טוב. עס פילט זיך די לאַנדשאַפט אויף וועלכע דער הייליקער האָט געטראָטן און מיט גרויס ליבע און רחמים אַרומגענומען די נאַטור, געטרייסט זיינע ליידנדע ברידער און תפלה געטאָן צו גאָט. פילע פון די דאָזיקע לעגענדעס, אין וועלכע עס פיגורירט דער פאַנטעאיסט און פול מיט גאָט־עקסטאַז און מיט זיין ליבע דורכגענומענער ר׳ ישראל בעל שם טוב — האָט שלמה לערער געמאָלן.

די דאָזיקע בילדער צייכנען זיך אויס מיט אַן אייגנאַרטיגער וויזיאָנערישקייט, אַזוי ווי זיי וואָלטן געזען געוואָרן אין אַן אָנגעצונדענעם אָרום — אין אַנדערע דימענסיעס און אויף אַן אַנדערן פּלאַן, דאָס זיינען בילדער, אַרויסגערופן פון דמיון, פון הארצן, פון דער נשמה. געהילט אין שטיקער קאָליר, געבראָכן דורך אַ גייסטיקער, רעליגיעז־עקזאַלטירטער פּריזמע — קען דער צושויער אַריינקוקן אין אַ וועלט ווו נישט נאָר די ערד איז באַפּעלקערט, נאָר אויך די לופט, אַזוי ווי מלאכים און נשמות וואָלטן שטייגן אויף אַן אומזעבאַרער, גאָלדענער לייטער און וואָלטן זיך טראָגן דורך הימלישע ווינטן, אויף אַ ספּיריטועלן פּלאַן. און, ווי געזאָגט, אַלעס איז דורכגענומען מיט רוים. קאָכן זיך קאָלירן אינם קאָליר. עס איז אַ ווירבל ווינט פון פאַרבן, און דאָ קומט צום אויסדרוק דעם בעל שם טוב׳ס גלויבן אַז אַלע וועלטן, הימל און ערד, זיינען פאַרייניקט. אַז אַלע מעשים האָבן אַן אָפּקלאַנג. אַז גוטס איז דאָס העכסטע ווערט און די מלאכים טאַנצן פאַר פרייד ווען דער מענטש טוט גוט.

די דאָזיקע פילאָזאָפיע, דער אונגעהויערער גלויבן אין גאָט, וואָס אָן דעם וואָלטן אידן נישט געקענט עקסיסטירן קיין איינציקע רגע אין אונזער בלוטיקער געשיכטע, באַלייכט די מערסטע בילדער פון שלמה לערנער. יעדע בילד — אַ לעגענדע. אַרויסגעריסן פון דעם גרויסן, בונטן ספר פון אידישן פאָלקלאָר. און באַזונדערס אין דער איצטיקער צייט, ווען אויף אונזער פאָלק איז געקומען די גרויסע נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע, זיינען די דאָזיקע בילדער פול מיט באַדייטונג פאַר אידן.

שוין פילע יאָרן ווי לערנער מאָלט מיט אַזאַ הייליקן עקסטאַז, די דאָזיקע בילדער, פון דעם דאָזיקן מעכטיקן מיסטיציזם, וואָס איז בייגעשטאַנען די אידן אין זייער גרויסן אומגליק. דאָס איז אַ גלויבן און אַ מאַ־

ראל, אין וועלכן מיר נייטיקן זיך אַזוי שטאַרק אין די איצטיקע טעג פון כאַאָס און מיסטרויען.

מאַנכע קריטיקער האָבן אָנגעוויזן אַז לערנער האָט ליב געקריגן די אַמעריקאַנער לאַנדשאַפט. דער אמת איז אַז לערנער האָט ליב די וועלט־לאַנדשאַפט. לאַנדשאַפטן קענען זיך לאָקאַל אונטערשיידן אין וויכטיקע און אונוויכטיקע אייגנשאַפטן. עס איז אָבער איין זון אין דער וועלט — און באַווייזט זיך די זון, לויכטן אויף אַלע פעלדער. דער זון־אונטערגאַנג איז געמאָלן און באַזונגען געוואָרן פון אַ טויזנט מאָלער און פּאָעטן, פון פאַרשידענע לענדער און קאָנטינענטן. עס איז פאַראַן איין וועלט־לאַנדשאַפט — און קאָסמישע לאַנדשאַפט. די לואיזיאַנאַ פּייזאַשן פון דעגאַ שיידן זיך ווייניק אונטער פון די לאַנדשאַפטן פון פראַנקרייך וואָס דערזעלבער קינסטלער האָט געמאָלן. עס איז פאַראַן איין אוניווערסאַלע לאַנדשאַפט.

ווו עס איז יאָ פאַראַן אונטערשייד, איז עס דעם קינסטלערס לאַנדשאַפט. ווייל יעדער קינסטלער טראָגט זיין אייגענע לאַנדשאַפט אין האַרצן. קיין אונטערשייד וואוהין ער וואַנדערט, ער וועט אומעטום אויסשטעלן זיין אייגענעם פּייזאַזש־אַראַנזשירונג. אומעטום וועט ער אָנטון זיין שטימונג אויף אַ גרופּע ביימער. יעדער קינסטלער באַשאַפט פון זיך אַרויס זיין אייגענע מענטשלעכע לאַנדשאַפט.

דאָס איז זיין נאַטור. צום דאַזיקן באַגינען־אויפגאַנג אָדער באַקטורנעם בילד האָט ער געגעבן זיין אייגענעם האַרצנס ציטער — ער האָט דורך טרערן געזען דעם דאַזיקן בוים. ער האָט דורך דער פּריזמע פון זיין פאַרזענלעכקייט געקוקט אויפן דאַזיקן מענטשלעכן פּנים וואָס איז ווי אַ פּייזאַש, אין האַרבסט פאַרוויאַנעט, אין ליידן געשניטן.

שלמה לערנערס לאַנדשאַפט האָט דעם מיסטישן הויך, האָט דעם נעפּל איבער זיך — וואָס פאַרווירט קאָנטורן אַזוי ווי געזען אין מיטנאַכטס חלום. די דאַזיקע לערנערישע לאַנדשאַפט רוט נישט קיין מינוט. זי האַלט זיך כסדר אין ענדערן — אין רירן זיך — אין באַוועגן זיך אפילו אויפן קאַנווע. זי איז ווי די נאַטור — נישט פאַרענדיקט. זי וועט קיינמאָל נישט שטיין בלייבן.

(איך וויל נישט דערמאָנען קיין נעמען פון דער גרויסער אייראָפּעאישער מאָלעריי. יעדער האַלב־אינטעליגענט קען ברענגען אַ טוצענד נעמען פון מייסטער און ריזן. נאָר איך קען זיך דאָך נישט אָפּהאַלטן פון צו דערמאָנען וואַן גאָג. וואַן גאָג׳ס לאַנדשאַפטן גיבן קיין רו נישט. זיי דרייען זיך אַזוי ווי עלעקטרישע נעבולאַס — אַזוי ווי אייביקער געבורט פון וועלטן און ספערן. וואַן גאָג׳ס לאַנדשאַפטן קענען נישט ספּעקולירט ווערן. דאָס האָט די אונרואיקע, נערוועזע האַנט פון אַ ציטערנדיקן מאַרטירער זיי מיט זיין אייגענעם לעבן, מיט זיין אייגענעם שטורם אין כאַאָס געמאָלן.

שלמה לערנער׳ס אונרויִקע לאַנדשאַפטן, דורך מיסטישן געפיל געזען — דערביי באַזיצנדיק אַ איידעלן ליריזם און אַ נאָסטאַלגיע — האָבן מיך געבראַכט צו טראַכטן וועגן דעם טראַגישן האָלענדער . . .

'לאָמיר האָפֿן אַז דאָס אידישע פּובליקום אין אַמעריקע וועט פאַר־
שטיין דעם ווערט — דעם אידישן און דעם קינסטלערישן ווערט פון דער
קונסט פון שלמה לערער.

ניו־יאָרק, אַפּריל, 6, 1947

# דער כישוף פון יום-טוב

## (זכרונות פון שטעטעל)

מיין טאטע פלעגט דאווענען אין דער גרויסער שוהל פון פולאוו, א שטעטעל מיט א פויליש־פעאדאלער פארגאנגענהייט, וואו עס האט זיך געפונען דער שלאס און דער גרויסארטיגער פארק פון דעם גראף טשארטאריסקי. די שוהל איז געווען פאראנקערט אינ׳ם אידישען געגענט, ביי דער ווייכסעל; א גרויסע שוהל, ליכ־טיג, זוניג און שיין געבויט; פון אויסוויינינג האט זי געמאכט דעם איינדרוק פון א פאנטאסטישען שלאס. גרויסע גאלד־קאלירטע קאנ־דעלאברעס האבען געלויכטען אינוויינינג, פון דער הויך אראפ, צוגע־געבען רייכקייט און ליכטיגקייט צום רוים... באלויכטען די יום־טוב׳דיגע אידען, באלויכטען דאס ארעמע און שטילע פאלק, די ארבייטער און בעלי־מלאכות...

איך האב ליב געהאט צו באטראכטען, בשעת׳ן דאווענען, די שוואלבען, וואס פלעגען דארט פלאטערען אויבען, ארום די הויכע ליכטיגע פענסטער; איבער די ארנאמענט־געזימסען; בלוי־דעלי־קאטע שוואלבען, מיט צניעות פלעגען זיי ארומפליען אינ׳ם היי־ליגען רוים, איבער די קעפ פון די מתפללים, ארויסלאזען דינע קלאנגען, זיך באזעצען אין די ליימיגע נעסטען, געלע און שטארק־געבויטע, ארויסשטעקען די שנעבעלעך די ווייסע און — לעבען זייער אייגען, שיין לעבען אין דער גרויסער שוהל. איך האב אומ־ענדלעך ליב געהאט די צארטע, וואונדערשיינע שוואלבען, וועלכע פליהען זייער נידעריג און טוען זיך א דריי ארויף הויך, ווי גרא־ציעזע טענצערינס... שוואלבען זיינען חן־עוודיגע פייגעל...

* * *

אין מזרח־זייט פון שוהל פלעגען זיצען די רייכע און שיינע בעלי־בתים, מיט די טליתים איבער די קעפ, מיט עטרות פון זילבער, וואס פלעגען פון עלטער זיך געלבען און זיך פארוואנדלען ערטער־ווייז אין הארבסטיג־קאלירטען גאלד. עס פלעגען זיצען דער רב מיט׳ן ערליכען, איידעלען געזיכט פון א גרויסען למדן און עטישען גייסט. עס פלעגט דא זיצען דער גבאי — נישט שטענדיג אין פולער באשיידנקייט, ווייל מיר פלעגט זיך אויסדאכטען, אז ער איז אמביציעז און האט ליב צו הערשען. אויך מיין פאטער פלעגט זיצען אויבענאן.

איך געדענק די צוויי ברידער, ר׳ יונה לייווים און ר׳ הערשעל לייווים, עלטערע מענשען; די טליתים איבער זייערע קעפּ האָט זיי געגעבען דעם אויסזען פון לעגענדאַרע קעניגען, גרויסע אידען פון דער גרויסער אידישער געשיכטע. ר׳ יונה׳ס געזיכט איז געווען גרויס, רויט, פול מיט רויטע און בלויע אָדערלאַך, א געזיכט ווי א פאַנצער — און דאָך איידעל און שיין. ר׳ הערשעל׳ס געזיכט איז געווען לייננליך, בלייך, מיט א ווייסער באָרד וואָס האָט זיך שיין פאַראייניגט מיט דער זילבערנער עטרה פונ׳ם טלית. דאָס זיינען געווען שיינע אידען, מעכטיגע אידען, מיט ריזיגע הערצער, מיט א סך געלט, מיט ברייטע זשעסטען און שטאָלצען פּאַרנעם. זיי פלעגען תפילה טאָן מיט ערליכקייט און ערנסט און — צו כל נדרי פלעגען זיי זיך איינהילען אין טליתים, פלעגען אויף מיר ווירקען מורא׳דיג, ווי נביאים, אַנגעצונדענע, לויכטדיג־ביבלישע, מיט קראַפט און פּאַרנעם, ווירקענדיגע געשטאַלטען.

איך פלעג קוקען אויף די אידען פון מזרח־הכּתל ווי אויף לעגענדאַרע פּרינצען. פלעגען זיי זיך אָנטאָן די גרויסע, ברייטע טליתים — האָבען זיי געשטראַלט, באַקומען שוואונג און פאַנטאַזיע, פלעגען פאַר מיר אויסזען ווי די אַלטע אידען פון גרויסע צייטען. עס איז געווען אין זיי אַזוי פיל קראַפט און גלויבען, אַזאַ רעליגיעזער עקסטאַז האָט געשלאָגען פון זייערע פלאַמענדיגע אויגען! דאָס ליכט פון די קאַנדעלאַברעס פלעגט זיך אָנשלאָגען אין זייער בלייכער גרויסקייט און זיי געבען א מאַיעסטעטישען גלאַנץ פון מאַכט... פון גייסטיגער עשירות, פון ספּירימועלער דערהויבנקייט...

* * *

ווען איך בין געווען אין בעלגיע, יאָהרען שפּעטער, האָט מיר א פּולאַוװער איד געשריבען ווער עס איז אַלץ דורך דער צייט געשטאָרבען אין שטעטעל. אין דעם צעטעל פון מתים זיינען אויך געווען ר׳ יונה און ר׳ הערשעל לייווים. מיר האָט עס ווי געטאָן. ווי אָרימער מוז איצט זיין די מזרח־וואַנט פון שוהל, אָן די צוויי מעכטיג־פּאַטריאַרכאַלישע אידען, וועלכע האָבען זיך אַרויסגעהויבען פון דער מאַסע מתפּללים ווי צוויי ריזיגע טורעמס פון מענשליכער שיינקייט און הייליגקייט, ווי צוויי זוניגע צדיקים...

אויפ׳ן זעלבען הויף איז אויך געווען דאָס בית־המדרש. מיין פאָטער פלעגט זעלטען אַריינגיין אַהין. אים האָט געצויגען צום מער דערהויבענעם, קלאַסישען גייסט פון דער ריינער, גרויסאַרטיגער שוהל. מיך אָבער, ווי א ליבהאָבער פון די פאָלקס־שיכטען און פון דינאַמישען לעבען, האָט געצויגען, שוין אַלס קינדיש אינגעל, צום בית־המדרש. דאָ פלעגט עס ליאַרעמען און רוישען. דאָ האָט געדאַווענט דאָס פאָלק, די אָרימע שיכטען, די בעטלערס, די קרע־

מערם, די בעלי־מלאכות און דאָס יונגוואַרג. און אַלטע געביידע, מיט אָפּגעריבענע ווענט, א פיל נידעריגערע ווי די גרויסע שוהל, מיט די געוויינליכע פענסטער. אידען פלעגען דאָ דאַוונען פּשוט׳ער, פרייער, האַרציגער. מען פלעגט כאַפּען א שמועס, אינמיטען דעם דאַווענען, דאָ האָט געהערשט א פרייערער גייסט.

איך געדענק די קאַסטנס מיט שמות ביים אריינגאַנג: געלבע, צוריסענע, פאַרשטויבטע בלעטער פון ספרים און סידורים׳לאַך. די אידען — צוקנייטשטע און דערשלאָגענע. שטענדיג פלעגט זיך דאָ געפינען א מענטש, א זיצער, א לערנער, א משוגענער, א שטאָט׳ס נאַר... די שוהל, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, איז ביינאַכט פול מיט מתים, מיט שדים; דאַגעגען דאָס בית־המדרש איז שטענדיג פול מיט לעבען. דאָ פלעג איך אויך זעהן דעם שטעטעלדיגען באַגרעבער — א הויכער, דאַרער, שווינדזוכטיגער איד מיט א האַרבאַטער נאָז און א געלבען בערדעל. איך פלעג אים זייטיג באַטראַכטען — מיט שרעק און האַס; איך האָב איינמאָל געזען ווי ער טראָגט אַרויס אונטער׳ן אָרעם א טויט קינד, א פאַר־וויקעלטעס. ער שפּרייזט שנעל איבער׳ן ליימיגען וועג, צום בית־עולם, צו זיין מעלאַנכאָלישער קעניגרייך... די מוטער לויפט נאָך, ברעכט די הענט, יאָמערט. שנעל טראָגט זיך דער מעפּיס־טאָפעלישער קברות־מאַן, ווי עפּעס א ציניש־גראָטעסקע געשטאַלט, טראָגט זיך ווינטיג און לופטיג צום בית־עולם־גרינקייט און אונ־טער׳ן דאַרען אָרעם איז געפּאַנגען ביי אים דאָס טויטע, גאָלדענע קינד, דאָס קליינע, ליבע טעכטערל... א בלום פון ליבע... די מוטער פאַלט אוועק אויף א שטיין, רייסט דעם שטיין, וועקט און באַפייכטעט אים מיט טרערען; אָט איז ער שוין איבער׳ן באַרג — ־ער גראָטעסקער טייוועל — קינד פלאַטערט אונטער זיין אָרעם, זיין בערדעל — פייערדיג־שפּיציג... מוטער וועט קיינמאָל שוין ניט מער זעהן דאָס רונדע געזיכטעל פונ׳ם קינד... קברות־מאַן טראָגט זיך איצט שדימ׳דיג באַרג־אַראָפּ, פאַלט אריין אין טאָל פון טויט, פון רוהיגזאַכטע, גרין־פאַרצויגענע קברים מיט בלייכע, גרויע, קרומע מצבות, ווי אין א טאַנץ־באַוועגונגס־פּאָזע, אַזוי פאַר־גליווערט געוואָרען אויף אייביג...

* * *

נאָך כל־נדרי פלעגט מיר זיין טרויעריג אין דער היים. מען איז געוואוינט יום טוב צו פייערען מיט א שיינער סעודה. קומט מען אהיים, טאָר מען ניט עסען, ניט טרינקען... אומעטיג גליהען די ליכט אריינגעזעצטע אין קעסטלאַך מיט זאַמד... די ליכט גליהען, וויינען, רינען אַראָפּ אין געלע טרערען, דרייען זיך אויס אין פּיין, און דאָס געלע זאַמד פונ׳ם קעסטל גליט פון דעם אָנגע־גליטן, צעשמאָלצענעם חלב... אָ, ס׳איז שרעקליך אומעדיג...

איך פלעג זיך דעריבער ארויסגנב'ענען נאך כל־נדרי אין שטעטעל. די לבנה — א געלע לאנטערנע אויפ'ן בלויען, צארטען הימעל, מאלט אירע אייגענע ארעאלען אין פאנטאסטישע קאלירען... די געסלאך עפענען זיך אויף אין לבנה־ליכט מיט פלאסטישער שארפקייט, ווי טעאטער־דעקאראציעס. די געסלעך זעהען אויס ביינאכט ווי שאגאל־מאלערייען... אויף די דעכער רעגנט דאס ליכט פון דער לבנה...

דאך איז דער שמייכעל פון די מיידלאך אן אנדערער; מען פילט די ערנסטקייט פון דעם אווענט... דער שפאציר איז אומעדיג און — ווידער אהיים...

די ליכט ברענען זיך אויס, צאנקען. לבנה צידט אן פאנ־טאסטישע מוראזשען. איך קוק ארויס דורכ'ן פענסטער, זעה דעם געלבליכען ברעג פונ'ם אלטען וואלד, נישט ווייט פון שטעטעל. א גרויסער אומרו הויערט אין מיר. איך פיל, אז דאס קאסמישע באהערשט אונזער שטעטעל... מיין מוטער האט פאר כל־נדרי מיך געדריקט צו זיך מיט א שוידערליך געוויין, אן אייביגען געוויין ארייגעשלאגען אין מיר... וואס פאר א געוואלדיגער מאמענט! גאט גייט משפט'ן די מענטשען! דער קאסמאס גייט אורטיילען די ארימע, נישטיגע מענטשען פון דער ערד!... און, איינדרעמ־לענדיג, וואג איך צו חלומ'ען וועגען גאט. ווי די אלטע נביאים, זעה איך גאט אליין — א גראנדיעזען, גרייז־גרויען, ליקא־בלייכען איד, מיט א געוואלדיג־ווייסער בארד, אזוי ווי די זעלבערנע ווייכ־סעל און — גאט קוקט אריין אין א גיגאנטישען ספר, פול מיט נעמען... עס איז נאכט, נאכט אויך אין הימעל. די נאקעטע, וואונדערשיינע מלאכים שלאפען, ליגען מידע און שווערע, ווי נאך אן אריגע. (עפעס זיינען די מלאכים צו שיין, צו נאקעט, צו הארמאניש — צו זיין אידישע... דאס האב איך זיי צופיל געזעהן אויף קריסטליכע און געצענדינערישען מאלערייען... מלאכים מיט פלאמענדיגע לאקען... מלאכים אין ווייבליכען געשטאלט, הגם מיט מענליכען שטאלץ...)

נאר דער איינזאמער, גרייז־גרויער גאט פון די אידען זיצט איבער'ן ספר, שטודירט די מענשהייט, זוכט אויס די מעלות פון די ארימע און קראנקע, פון טרעגערס, בעטלערס, סטאליארעס, בע־קערס און בלאכארזשעס...

דער גרויער איינזאמער גאט אין גרויסען איינזאמען הימעל זיצט איינגעבויגען איבער דעם ריזיגען ספר פון די מענטשען...

און אין מזרח זייט טאגט שוין, א ריזיגע זון, הונדערט מאל גרעסער ווי אונזער געוויינליכע זון, שניידט זיך ארויס, טוט א

פלייץ מיט אָקעאַנען ליכט און די גאָלד־שטראַלען פאַלען אויפ׳ן טויזענטער־יאָהריגען, גרייז־גרויען, אין ווייסען קיטעל איינגעהילטען, אידישען גאָט — — — — — — — —

וואָס פאַר־א גראַנדיעז־דרייסטער, געוואַלדיגער חלום פון א אינגעל!...

* * *

צו כל־נדרי איז דער הימעל רויט און פלאַמט, א שטיק גראַנ־דיעזער זשאַר, פול מיט הייליגע וואונדען. אָבער סוכות רעגענט אָפט. הארבסט־מעניגין שפּרייזט מיט גאָלדענע שיכלאַך... דער גרויסער הארבסט־קעניג גייט דורך דער וועלט.

ערב סוכות ציט מען זיך ארויס פון די דאָרפישע סעדער; די בוימער זיינען ליידיג, די לעצטע פרוכטען שוין לאַנג אראָפּ־גענומען. די בוימער וויאַנען, געלבען, גאָלדיגען זיך... די פלאַנצען דאַרען און ווערען פאַרצערט. די לבנה ציטערט איבער׳ן הימעל ווי א בייכיגע מאַנדאָלינע... דער פּרינצעסינס פינגער זיינען צו בלייך און צו דין זיי צו קענען זעהן אויף אזא ווייטקייט, צו־פענדיג די געלע, צאַרטע סטרונעס...

רעגען און ווינט, ווינט און רעגען... פונדעסטוועגען איז גוט אין סוכות. די מעלאַנכאָליע איז אנגענעם. עס וועט באַלד קומען דער גרויסער ווינטער, מען וועט איבערטרוימען די זומערדיגע ראָמאַנסען, זיך צייט האָבען צו פאַרטראַכטען און מעדיטירען... און ווינטער רופט ארויס פון זכרון די ברענענדע לאַנדשאַפטען פון זומער, די הערלעכע פּייזאַזשען פון גאָלדענער זומער...

סוכות — ווי אַן עכט מייסטערווערק — האָט א וואַריאַציע פון פאַרשידענע ימים־טובים־טעג, מיט פאַרשידענע שטימונגען און באַדייטונגען; דער טאַנץ פון שמחת תורה; די וואַכעדיגקייט פון הושענא רבה, ווען מען דאַווענט שנעל אָפּ, מען צושלאָגט די הושענות; שמחה און טרויער, יום־טוב און אינדערוואָכען טרעפען זיך, פאַראייניגען זיך. אויך די זעטיגקייט נאָכ׳ן זומער, מיט פרוכטען, שפּייזען, ליבע, שיינע וועטערען, שפּאַצירען; עס גלוסט זיך ווידער לעבען שטיל, רואיג, אין ווינטערדיגער אידיליע...

* * *

צווישען ראש השנה און יום־כפור איז עס געווען, אין א דאָרפישען פאַרנאַכט, אונטער פולאַוו; דער שוחט פון שכנות׳דיגען שטעטעל איז געקומען. נאַכט פאַלט צו, שרעק אין זיינע אויגען, ער דאַרף נאָך דורכגיין דעם וואַלד ביז צום נאָענטסטען דאָרף. איך האָב ליב דעם שוחט — אין געלע, גראָבען פוטער, מיט׳ן געלבען בערדעל וואָס פאַראייניגט זיך מיט די האָר פון פוטער, פאַרלירט

זיך; דער שוחט נעמט ארויס מיט א געוויסער שרעק דעם בלאסען חלף, בארירט מיט'ן נאגעל זיין שארף, ווישט אים איבער מיט א שטיקעל בלויען בארכאנט, לייגט אים אריין אין גלאכען, שוואר־צען פוטלארל און באהאלט אים אין בוזים... דער בליאסק פונ'ם חלף דערשרעקט מיך. רויטע מלאכים פלאטערען אויפ'ן הימעל, נאכ'ן זון־אונטערגאנג; וואלקענס פארמען זיך צו קלאונס און טענצערס, צו וואנזיניגע אקטיארען און פארבלוטיגטע רייטערס... וואלד ווערט טונקעל און בלוט פון הימעלשע וואלקען־אימאזשען רינט אראפ, בלייכט, טונקעלט...

פאנטאסטישער שוחט שרעקט זיך, וויינט, האט מורא זיך צו לאזען אין אונהיימליכען וועג. מיין ליבע מאמע בעט אים צו נעכ־טיגען אין הויז, זיך ארויסלאזען נעקסטען פריהמארגען קיין געני־וואשאף... שוחט ציט צו עפעס פאטאלעס... ניין, ער וועט גיין, ער מוז נאך היינט דערגרייכען געניוואשאף. וועט דורכשפאנען דעם וואלד... וועט דארט נעכטיגען, אינ'ם שטעטעל. ער טאפט זיך דעם חלף און טוליעט זיך אין פוטער, לאזט זיך, א געשוואלענער מיט שרעק, ארויס צום מארגעם, געהיימניספולען וואלד... — — —

מיין אומעט, מיין שרעק באגלייט אים, ווי נאר ער דער־ווייטערט זיך — האב איך שוין אויך מורא פאר'ן שוחט אליין, מיט זיין בלאסען חלף... א שד?... און ווי מאדנע־בלייך איז געווען זיין שארפער חלף!...

צומארגענס האבען פויערים געפונען דעם טויטען קערפער פון איד... אין טיפען וואלד... ער איז געווען געשאכטען מיט זיין אייגענעם חלף... דאס בלוט האט פארגליווערט די האר פונ'ם רויטען פוטער... ווער האט געשאכטען דעם שוחט? איז עס געווען זעלבסטמארד? ניין, א שד האט אים געשאכטען... דעם שוחט האט מאדנע געצויגען צום נאכטיגען וואלד, צום פאטאלען... דער רויש פון די הארבסטיגע בוימער איז פאר אים געווען א שרעקליכע מוזיק... אט די מוזיק האט אים מאגיש געצונדען, אריינגעצויבערט אין וואלד אריין, צום ציניטשען טויט... האבען די טויזענטער געשאכטענע הינער מיט רויטע, בלוטיגע העלזער אין אים נקמה גענומען?...

איך געדענק איצט מיט שוידער דעם איינזאמען שוחט, מיט שרעק אין די אויגען, מיט'ן געלבען בערדעל אויפ'ן פוטער צוא־ווארפען, מיט'ן שרעקליכען בלאסען חלף אין בוזים־קעשענע.

* * *

דאס איז געווען אין א סאניטאריום, נעבען אנטווערפען. גע־קומען א פאציענט פון רוסלאנד, ח. טעמקין, א קאמוניסט. ער

פלעגט אפלאכען פון רעליגיע און פון ריטואלען. געווען אליין א שטיק פרימיטיווע קראפט, אן ענטוזיאסט און שיכור. פלעגט זינגען רעוואלוציאנערע לידער, און אין די אומעדיגע פארנאכטען פון סאניטאריום, פלעגען מיר שפאצירען אין די אלייען. טעמקין פלעגט זינגען מיט רירענדען פאטאס און רוסישען אימפעט צאריסטישע לידער, אומעדיגע און סענטימענטאלע. אבער זייענדיג א רעוואלוציאנער, פלעגט ער אונטערדריקען זיין אייגענעם געפיל, זיין ליב־שאפט צו לירישע לידער, צו דער אלטער ראמאנטיק — און פלעגט זיך צולאזען אין א סאוועטישען ליד מיט קוראזש און שטורעם.

דורך די פאר מאנאטען וואס איך האב אים געקענט, האט ער שטענדיג גע׳חוזק׳ט פון רעליגיע. אבער זיין נאטור איז געווען אן עקסטאטישע, א נישט באלאנסירטע, ער האט געליטען אויף דער „שווערער קריינק". און פלעגט ער באקומען אן אטאקע, איז געווען א שרעקליכער רחמנות צו זעהן ווי אומבאהאלפען ער איז אין פרעמדע, דעמאנישע כוחות.

איינמאל, נאך כל־נדרי, ווען מיר האבען זיך געלייגט שלאפען אין א גרויסען זאל צוזאמען מיט נאך א דרייסיג מאן, דערהער איך פלוצלונג א ביטער געוויין, אזא שוידערליכעס, וואס האט זיכער געהאט אין זיך אן עלעמענט פון אטאוויזם, פון שרעק, פאר׳ן גרויסען אורוואלד, פאר די צובליצטע אויגען פון גרויזאמע חיות. א ווײלע האט זיך טעמקין ביטער געראנגעלט מיט זיין אטאקע, מיט די פסיכישע כוחות אין אים. ענדליך איז ער אויפגעשטאנען פון בעט, צוגעלאפען צו אן אונגארישען יונגען רב, וואס איז אויך געווען א פאציענט און פאר אים אנגעהויבען צו שרייען און צו וויינען: „רבי, איך וויל נישט מער זיין זיין קאמוניסט. איך האב דערזען גאט, רבי זייט מוחל פאר׳ן חוזק׳ן פון רעליגיע, פון איצט אן וועל איך גיין דאווענען, וועל זיין א פרומער איד, רבי, פארגיט מיר מיינע זינד! איך האב געזען גאט!"

דער רבי איז געווען דערשראקען, האט גארנישט געזאגט צו טעמקינ׳ען, וועלכער איז א פארוויינטער אוועק צוריק אין בעט אריין. אבער נעקסטען מארגען האט ער גארנישט געדענקט פון דער סצענע. ער האט געלייקענט אלץ וואס ער האט געזאגט צום רב, אונטער דער ווירקונג פון זיין נעכטיגען חלום — און האט ווידער איראניזירט איבער רעליגיע. און מיט דער צייט — אין קאמף צווישען ניכטערען ציניזם און עקסטאז פון חלום — איז טעמקין טרויעריג געווארען... זיין מח האט קוים אויסגעהאלטען אין

פאנטאסטיק... בייטאג — א מאטעריעלע וועלט, פול מיט פאָ־ליטיק און קאמף... און פארנאכט — נביאישע וויזיאָנען — תנ"ך־חלומות — דער מורא'דיגער כשוף פון די הימלען — דער צויבער פון גאָט...

די אטאקעס און רעליגיעז־עקסטאַטישע חלומות פלעגען זיך איבער'חזר'ן. בייטאָג איז טעמקין געווען אַן איבערצייגטער קאָמור־ניסט. און ביינאכט — א הייליגער, א מארטירער פאר זיין צווייפעל, בעטענדיג פארגעבונג און צוזאָגענדיג צו טאָן תשובה...

און עכט דאָסטאָיעווסקישער טיפ!...

* * *

ווידעראמאל: — ימים־טובים פאראייניגען אונז נישט בלויז מיט'ן קאָסמאָס, מיט גאָט אליין — נאָר מיט די טויטע, פאר־גאנגענע גענעראציעס אויף דער ערד. מיר פייערען די שיינע טעג וואָס זיי האָבען געפייערט — דורכגייענדיג די גרויסען פון אונזער געשיכטע, רוהען מיר אויף די אינזלען פון רוהה און מיר ווייסען אז פאר אונז האָבען די פארגאנגענע דורות פונקט אזוי גערוהט און זיך געטלויעט צם זוניגען יום טוב, כדי צו פארגעסען די איי־גענע פיין, כדי צו זיין זייער נאָהענט צו גאָט און אים דערציילען אינטים וועגען אונזערע איבערלעבענישען און פארלאנגען...

און איצט דערמאָן איך זיך באזונדערס מיט צער און זשעד־נעקייט די אלע הערלעכע געשטאַלטען פון שטעטעל, וואָס דאָס שטייגער־לעבען, די טראַדיציע, די יאָהרהונדערטער פאָלקלאָר האָבען ארויסגעבראכט; איך דערמאָן זיך דאָס אלץ — דעם גאנצען כישוף'דיג־ ראָמאַנטישען מאסקאראד פון שטעטעל — מיט טיפען צער... ווייל עס איז אומגעבראכט געוואָרען, ווייל די שוהל, דאָס בית המדרש, דאָס אידישע הויז — אלץ איז פאַרניכטעט געוואָרען צוזאמען מיט די הערליכע אידען...

און אין שפעטע נעכט רוף איך עס ווידער פון זכרון... און איך נעם די אלע הארציגע, פּאָעטישע און פאַנטאַסטישע געשטאַל־טען — הארציג ארום... איך דריק זיי צום הארצען מיט גרויס ליבשאפט — מיט טרערען אין די אויגען... א וועלט פון אידישען לעבען — טויזענט יאָהר אידישע קולטור — איז אומגעקומען. אָ, גאָט אלמעכטיגער, פארנעם אונזער געוויין. שלים אָפּ פאר אלע צייטן אונזער חורבן — אָ, שמע ישראל!

# באזוך אויפ'ן בית עולם

(רעפּאָרטאַזש)

די יונגע דאַמען, אין זייערע שענסטע קליידער, אין זייזי־געפּילט, אין קאָליר איינגעוויקלט, זיך צירנדיג מיט גאָלד און מיט בלומען — קומען אין בלאָנדן טאָג, וואָס רינט מיט אַן אַראַנזשיגען זאַפט פון דער זון — צו די קברים. יונגע דאַמען, מיט בריליאַנטין־צעפינקעלטע אויגען, מיט טונקעלע ברעמען, מיט מיילער ווי די רויזען, מיט העלזער ווי געבאָרגט ביי די שוואַנען, מיט גופים ווי פון די קלאַסישע מאָלערייען אַראָפּגע'גנב'עט — קומען דאָ, צו די מתים. און אַנשטאָט צו טראַכטען וועגען די הייליגע און מאַרטירער, ווייל דער טויט האָט די אַלע דאָ פאַר־וואַנדעלט אין סעינטס און אין העלדען — אין שרעק און אין פּיין פון אַ גאַזעלע — קוקט מען אויף די שיינע דאַמען און מען טרוימט פון די גוף'ן וואָס קענען זיך אַנטבלויזן פון די אַלע בודואַרישע זאַכן, וואָס זיי טראָגן מיט זיך מיט — און שטיין בלייבן ווי סטאַטוען פון מאַרמאָר — וועלכע עס איז שווער צו מאַכן אויס בתולות.

די שיינע דאַמען קומען דאָ פלירטעווען — אויב נישט מיט די טויטע — איז כאָטש מיט די לעבעדיגע... און די עלטערע פרויען, די עלטערע מענער — זיי מאַכן אַ טרויעריגן איינדרוק. עפּעס רעפלעקטירט זיך אויף זיי דער טויט, דער אומעט פון די קברים, ווי אַלץ איז דאָ שוין געאָרדענט. שטיין אויף שטיין, אין גלייכע ליניעס. יעדער מאָנומענט — האָט דעם זעלבען כאַראַקטער. לייב, מענטשליך פלייש — איז טרויעריג, איז פאַרגענגליך, נאָר שטיין איז סאָליד, אייביג. אייביג? גאָרנישט איז אייביג. פילייכט האָבען די אינדיאַנער שוין דאָ אַמאָל באַגראָבען זייערע מתים. די גאַנצע גאַנצע ערד איז פול מיט פלייש, מיט בלוט. און ווען ניו יאָרק וועט זיך אויסברייטערן, ווען איהר באַפעלקערונג וועט ציילן אַ פופציג מיליאָן איינוואוינער — וועלן די שטילע ערטער דאָ פאַרגאָסן ווערן מיט צעמענט, די שטאָט וועט, ווי אַ ים, אַרויס־מאַרשירען פון אירע ברעגען און די וואָלקענקראַצערס וועלן צו־דעקען די ביינער פון די אַלע מענער און פרויען. אונזערע ביינער. און די אַלע עלטערע פרויען וואָס שפּאַצירען דאָ, זיינען אומעטיג, די אַנונג פון טויט. יעדער איינער זעהט זיין פינאַל, און די שרעק הילט איין דאָס האַרץ אין פינצטערניש.

איך דערנענטער זיך צום קבר פון מיין פאטער און מוטער. פאר צוויי יאָהרען איז מיין מוטער געקומען צום קבר פון איהר מאן, מיין פאטער. עס איז געווען זייער היים, און די אלטע פרוי האט זיך געבראָטען אויף איהרע פיס. זי האט זיך דא אוועקגע־לעגט איבער דער פשוט'ער און קילער ערד. איך האב געזעהן פון־ווייטענס ווי זי ליגט איבער'ן קבר — און איך האב געטראכט; א שלעכטער סימן... עס איז איהר פאטענציעל קבר. צוליב איהרע טרערען — זעהט זי נישט די טאפעלע מצבה מיט איהר נאָמען... עס פעלט בלויז דער דאטום פון איהר טויט... דער דאטום פון איהר געבורט איז שוין אנגעצייכענט... און אט ליגט זי מיט איהר לייב אויף דער ערד, באריהרט די ערד, די פשוט'ע, שווארצע ערד, וואס וועט זי באלד איינגאנצען איינשלינגען... עס איז געווען טרויעריג צו זעהן ווי דער מענטש ווערט אלט און ציט פשוט צו דער ערד, קען מער נישט שטיין, אקצעפטירט די ערד... די זון איז פאר די לעבעדיגע, די שטארקע — — —

און זי איז באלד נאך דעם אוועק צו איהר קבר. איצט שטיי איך דא. ווי פיין און ווי באשיידען זיינען די „נעווער־דאי"־בלומען. אן אינטימער, צארטער בלוי גייט אוועק פון זיי, ווי פון א פיינעם שטיק הימל אין א פיינעם פארנאכט. די גאלדענע בינען זויגען ארוים דעם זאפט, דעם נעקטאר פון די בלומען. און די קליינע גאלדיגע בינען זיינען אין דעם מאמענט מער לעבעדיג ווי די העלדן און די מארטירער, וואס האבן אמאל געטרוימט, געשטרעבט, געפלאמט און געקעמפט.

ווי ענג זיי ליגן דא צוזאמען — טאטע־מאמע! אזוי ווי אין א בעט. אזוי ווי אין דער ערשטער נאכט, ווען דאס ערשטע קינד איז אנגעצייכנט געווארן אין מיין מוטער'ס טראכט. און דו פרואווסט באזייטיגען די אידילע פון בין און בלומען. און די פיין־צונויפגעשארטע ערד, די אייביגע ערד, וואס איז פול מיט'ן פלייש פון די דורות און בליט דאך מיט טויזענט לעבעדיגע פלאנ־צען, און איז עלטער ווי מיר אלע; די ערד, וואס איז עלטער ווי די ערשטע דורות פון די מענטשען. פרואווסט אלץ אוועקשארען און אויפדעקען דיביידע קערפערס, פון די יעניגע וואס האבן אונז געהאט, וואס זיינען געווען פריער פאר אונז, וואס האבן זיך אין אונזערע קינד־אויפן געשפיגלט און זיך געפרייט מיט די ערשטע טריט פון אונזערע קרומע, קינדערישע פיסלעך, ווייכע ווי פלאנצען און אונז אויסגעצוואגן און אויסגעקושט אין טרערן — זיי ליגן דא — אונזער פלייש, פון וואס מיר האבן זיך אפגעריסן און געלאזט דאס פלייש בלוטיגן און — מיר לאזן עס איצט

פוילן, אין באַליידיגנדיגער פּאַסיוויטעט; מיר לאָזען די ערד זיי אויפעסען, פאַרצערען, צו שטויב מאַכען — — —

אָ, ווי דאָס אַלץ איז נישטיג און באַליידיגענד און שווער צו פאַרשטיין און צו פאַרטראָגען. און שיינע דאַמען גייען דורך און עס דאַכט זיך פאַר א ווײַלע אַז דאָס זיינען די מוזיקאַלישע נשמות פון די יעניגע וואָס זיינען דאָ איינגעהילט אין טרויער, אין טויט. עס דאַכט זיך אַז דאָס זיינען די גייסטער פון די מתים, און זיי פאַראַדירען דאָ אין זייד און אין סאַמעט, ווי זיי וואָלטען נאָך אַלץ זיין ערדיש... און די בינען זויגען דעם זאַפט פון די „נעווער־דאַי"... און מען קאָמפּענסירט דעם אייביגען טויט פון די אוועקגעגאַנגענע — מיט דער אונשטערבליכקייט פון די בלויע, דינע, שיטערע בלומלעך... וואָסאַרא טרויעריגער וויץ! וואָסאַרא ראַפינירטע איראָניע. עס איז די איראָניע — וואָס גאָט קען נישט פאַרניכטען אינ׳ם מאַרטירער־מענטש — אינ׳ם הייליגען — מענטש...

און טרויעריג זעהען אויס די אל מלא רחמים־מאַכער... אידען, מיט לאַנגע בערד, ווי די פּראָפעטען — אַרויסגעריסענע פון אילו־סטרירטע תנך"ן. און ווי זייערע שטימען קלינגען ביי אַלעמענס קברים — גלייך... און ווי זיי בעטען ביי אַלעמען און פאַר אַלע־מען... און ווי זיי וואַרטען אויף די בית־עולם־אַלייען — און שלאָ־גען אָן די פאַרבייגייער זייער „סוירווים"... און וואָסאַרא אומע־טיגע מלאכה זיי האָבען דאָס. און ווי זיי טראָגען, אַפילו אין שענסטען בראָנזענעם טאָג, ווי היינט — מיט זייערע פּאַראַ־סאָלען... און מיר דאַכט זיך אַז עס רעגענט — סוגעסטירט פון זייערע שוואַרצע פּאַראַסאָלען, ווי שוואַרצע חופות... ווי קרינאָלינעס ברייטע... און ווי זיי טאָפּטשען אין אַלערליי קברים, אין אַלערליי ערדען, און חזר׳ן אַלערליי נעמען און לייענען אַלערליי מצבות און שטייען אין אַלערליי וועטערען — וואַרטען אין אַלע טעג צווישען די שטיינער, און זעהן אויס ווי עפּעס פאַרשאָלטענע, אונלעבעדיגע מענטשען... און וואו זיינען די קברים פון זייערע נאָענטסטע, פון זייערע אייגענע? וואו זיינען די קברים פון זייערע עלטערען, זייערע פרויען, זייערע קינדער? האָבען זיי צייט צוצוגיין צו זייערע אייגענע?...

און דאָס אַלץ — טראַכט זיך — צו וואָס? עס ווערט טרויעריג דעם מענטש נישט אַזוי דאָס שטאַרבען — ווייל דאָס לעבען איז שטענדיג ביטער און אָנגעפילט מיט מאַטערנישען— ווי דאָס

ליגען אין דר׳ערד. וואָלט נישט שענער זיין — פאַרברענט געווען. איידער פון ווערעם — בעסער אויפגעפרעסען ווערען פון די רויטע מיילער און ציין פון פלאַמען? איז נישט בעסער אויסגיין און פאַרטיליגט ווערען אין פייער — ווי אין דער ערד?...

און דער טאָג רינט מיט גאָלדענעם האָניג אויף אַלעמענס קעפּ. און די מענטשן שעמען זיך גאַרנישט ביי די טויטע — מיט אַט די הילפלאָזעסטע פון די הילפלאָזע — צו בעטען פאַר די לעבעדיגע. אַ מענטשען איהר, ווען די טויטע וואָלטען קענען בעטען — וואָלטען זיי אייך מיט אַלע טרערען אין זייערע הערצער און עלזער געבעטען פאַר דאָס וואָס איהר באַזיצט נאָך — פאַר דאָס לעבען... פאַר כאָטש געציילטע וואָכען און טעג פון מיט זון־גאָלד אָנגעפולטען לעבען...

# דער גיטאַרע־שפּילער

עס איז געווען אין אַן אַלטער גאַס אין ניו יאָרק, וואו נעגערס הויבען זיך אָן אַריינצוציען; די טונקעלע נעגערס, וואָס, עס דאַכט זיך אַז זיי ברעכען זיך אָפּ פון דער נאַכט און טראָגען זיך אַריין אין די אַלטע הייזער, צווישען די אַלטע ווענט, וואו די ווייסע לעבען אויס און ליבען אויס און אַנטלויפען אין מורא צו פאַר־פלעקען זייער ווייסע, זייער אַניקע הויט.

איך האָב געוואוינט אין דער נידער און זיך צוגעהערט צום שפּילען פון גיטאַריסט. מיר האָט זיך געדאַכט אַז בלויז פאַר מיר שפּילט ער, ווייל איך בין פאַרליבט. ער האָט געשפּילט וואונדער־שיינע, מעקסיקאַנישע ראָמאַנסען און אונגאַרישע ראַפּסאַדיעס, הייסע ציגיינער־לידער און אַרישע מעלאָדיעס וואָס קלינגען העברייאיש, ווי פון די תפלות פון אידישע געבעט־דיכטער אַרויסגערופען. אין דער פריה, ווען די פויגלען הייבען אָן צו זינגען און בייגאַכט, ווען די פאַרליבטע טרעפען זיך — פלעגט ער שפּילען, און קיינער האָט אים נישט געזעהן. איך פלעג זיין נייגעריג צו וויסען פון וואַנען דאָס געזאַנג קומט, און איך האָב דערפאַרען אַז ער וואוינט, דער געהיימניספולער גיטאַריסט, אונטער מיין פענסטער, אין קעלער. איך האָב געקוקט אין דעם ברודיגען פענסטער און געזעהן ווי רייך דאָס אָרעמקייט הערשט אין דער וואוינונג — אַ מענטש איז ווי אַ גריל געזעסען צווישען אַלטע מעבעל, אין פענסטער זיינען געווען אויסגעשטעלט נאָטען־ביכער; מוזיק־פּראָגראַמען; בילדער פון מאָצאַרט און שובערט, שומאַן און טשייקאָווסקי, בראַמס און בעטהאָווען, די גוט־באַקאַנטע פּנים'ער פון דער מוזיק־וועלט. און אַן אַלט בילד איז דאָרט געווען, די פאַרבען אָפּגעבליאַקירט, אַ פרוי איז געלעגען אין אַ הייל און געלייענט אַ בוך, דאָס בוך איז אָפען מיט געלבע, מיט אַלטע בלעטלעך, נאָר די ווייסע, בויגיגע, ליליען־בלייכע הענט — מישען די בלעטער מיט אַזוי פיל יוגענט און נייגעריגקייט, און די פרוי איז רונד ווי אַ נימפע, ווי אַרע־נואַרישע ניוד. און וואָס טוט זי דאָ טליין אין דער הייל, וואו די זון שפּאַרט זיך דורך אַן עפענונג און באַגיסט מיט בראָנדז די דאַמע אין איהר גאַנצער לירישער שיינקייט. און — איך דער־מאָן זיך אַז ערגעץ האָב איך דאָס בילד געזעהן אַלס קינד. די דאַמע איז מיר געבליבען אין זכרון מיט איהרע ווייסע מאַרמאָר־בריסט, ווי מען שרייבט אין די באַרימטע ראָמאַנען. מיט איהרע גאָלדענע לאָקען — טאַקע ווי פון גאָלד־פעדים געוועבט און גע־שענקט איהר אַ מתנה, און דאָס בלויע קלייד איהר'ס — אַ פּאַעט

האָט עס אויסגעשניטען פון א שטיק דעמערונג און עס אָנגעצויגען דער בלייכער ניזד. און אָט דאָס בילד און די מעכטיגע געזיכטער פון מוזיק־גאונים — זיינען געווען אין פולן קאָנטראַסט צו דער ארעמקייט פון קעלער.

אומבאוועגליך איז דאָרט דער מאַן געזעסען און געהאַלטען אַ גרויסע, רויטע גיטאַרע אין האַנט, אויפ׳ן האַרצן, ווי אַ שילד און ארויסגעצויבערט אַ ים פון לירישקייט פון זיין ברענענדיגען האַרצען.

עס איז געווען האַרבסט־צייט, ווען די גרילען זעגען הייזעריג צווישען די פייכטע אָקטאָבער־צווייגען. און דאָרט דער מענטש, ווען די בלעטער פלעגען אין שמערצפולען געשאַרך באַרירען זיין טיפעשוועל, אַראָפּגעזעצט אין דער ערד — און ווען די דראַמע פון האַרבסט פלעגט זיך ווי אַ שמערצפולע אגאָניע פון עפּעס שיינעס און גרויסעס אָפּשפּיגלען אין ווינט און אויפגיין און אונטערגיין פון דער זון — פלעגט ער ווידער און ווידער אויפ־שפּילען די ראָמאַנסען פון זיין לירישען האַרץ, און מעלאָדיעס פלע־גען ארויסקלינגען פון דער טיפעניש — — — — — — — — — — —

און איינמאָל, נאָכדעם ווי איך פלעג זיך גרייטען ארונטער־צושטייגען אין דעם קעלער, ווי די מענטשליכע גריל זינגט און זעגט אויף דער גיטאַרע איהרע מעלאָדיען — איז צוגעפאָרען אַ וואָגען — איינער פון די פאַרדעכטיגסטע וועגען, וואָס זאָגען אָן — טויט, און אין אַ ווײַלע ארום האָט מען ארויסגעטראָגען אַ שווערען גוף פון קעלער. עס איז געווען דער גוף פונ׳ם גיטאַריסט וואָס האָט אַזוי שיין געשפּילט. און די קאַר האָט אַ סקריפּע געטאָן און איז אָפּגעפאָרען מיט איהר לאַדונג. די טיר פון קעלער איז געבליבען אָפען, קיינער האָט נישט געוואָלט זיך צו דערנענטערען, אריינשטעקען דעם קאָפּ אַהין.

צומאָרגענס האָט דער שוואַרצער דזשעניטאָר ארויסגעשטעלט אויפ׳ן גאַס דאָס אַלטע מעבעל און בערג מיט נאָטען־ביכער — פאַר׳ן „גאַרבערדזש־מאַן”. צווישען דעם מעבעל איז געווען דאָס בילד פון דער אין בלויקייט־איינגעהילטער דאַמע. די זון, די אָק־טאָבער־אַנעמישע זון, האָט אַ לויכט געטאָן בלייך איבער דעם אַלטען בילד. דער דעמער פונ׳ם קלייד איז אָנגעפילט געוואָרען

מיט בראַנדז־זון. דער ווינט האָט באַרירט איהרע גאָלדענע האָר און ווי אַרויסגעריסען פון זיי דעם לעצטען שטראָם פּאַרפיום פון בעז. איהר הויט האָט דערפילט די קעלט פון הארבסט און האָט זיך ווי צוזאַמענגעצויגען, און איהר שיין, קלאַסיש געזיכט — עס האָט זיך ווי צוזאַמענגעקורטשעט. די דאַמע אינ׳ם בילד איז געווען די איינציגע וואָס האָט געוויינט אויפ׳ן טויט פונ׳ם גע־היימניספולען גיטאַריסט...

# דער ראָמאַנס פון ברויט

(פאַרצייכענונגען)

## ברויט — ווי מן...

אור אַלט איז דאָס ברויט פון דער ערד. אַלע שפייזען ווערען צוגעגעסען צום מענטש, נאָר דאָס ברויט, דאָס הייליגע, דאָס פשוט'ע, דאָס פראָסטע ברויט — ווערט קיינמאָל נישט צוגעגעסען. אַלע שפייזען טראָגען זייער לאָקאַלען קאָלאָריט און כאַראַקטער. יעדער פאָלק אויף דער ערד האָט זיך זיין נאַציאָנאַלען מאכל. נאָר ברויט איז אינטערנאַציאָנאַל. אַלע פעלקער עסען ברויט.

מען עסט צוזאַמען מיט אַלע שפייזען. עס איז אַ פריינט פון אַלע מאכלים. רעוואָלוציעס ווערען געמאַכט צוליב ברויט, נישט צוליב וויין, נישט צוליב קאָמפּאָט, נישט צוליב פאַרביגע און זאַפטיגע פרוכטען. און פרוכטען זיינען שיין. וויין פאַרשיכור'ט דעם בעטלער ווי דעם קעניג, דעם נאַר ווי דעם קלוגען. נאָר אין ביטערען הונגער עפענט דער בעטלער זיין טאָרבע, אַ שטויביגער פון די וועגען און ער ברעכט אָפּ אַ שטיקעל ברויט... און ער קייעט עס מיט גרוים פאַרגעניגען, אין זיין איינזאַמען ווינקעל, אין זיין שטילקייט.

ברויט איז גוט. עס מאַכט זאַט דעם מענטש. עס מאַכט שטאַרק און גליקלעך דעם מענטש. צום אויג — איז ברויט שטענדיג גוט. דו פרייסט זיך מיט ברויט, מיט'ן אומשטערבלעכען ברויט... עס איז ווי דער וואונדערלעכער מן, וואָס איז געפאַלען צו די אידען אין דער מדבר — עס האָט אַלע טעמים. עס איז געשמאַק. די געשיכטע פון דער וועלט, פון דער מענטשהייט, איז די געשיכטע פון ברויט...

## מיין מוטער באַקט ברויט...

איך געדענק ווי מיין מוטער באַקט ברויט. דער אויווען ברענט און פלאַקערט. ווי שיין איז דאָס גאָלדענע פייער, וואָס איך וואָלט וועלען באַרירען. מיט מיינע הענט... עס דאַכט זיך דיר אַז דאָרט לויכטען עוצרות... דער אויווען איז טיף, און דאָס פייער שפּילט זיך דערין. דאָס אומבאַקאַנטע, דאָס געהיימניספולע פייער, וואָס

מענטש באוואונדערט און שטייט פאר דעם אין עקסטאז, ווי פאר א געטליכקייט...

מיין מוטערס געזיכט לויכט אויף, אזוי ווי אין בראנדז. וואס פאר א מענטשליך געזיכט! ווי טראגיש! אלע קנייטשן, די גאנצע געשיכטע פון איהר לעבען, די געבורט פון אלע קינדער איז פארצייכענט אין קנייטשן אויף איהר געזיכט. דאס פייער באלויכט עס, צינדט עס אן, ווי א מאסקע. איך דערזעה כמעט מיין מוטער צום ערשטען מאל. קיינמאל האב איך נישט געזעהן איהר טרויער, דאס אויסגעמוטשעטע, דאס אויסגעדארטע פנים, און איהרע הענט — ארבעטס־הענט פון אן ארעמע אידישע פרוי. אזא געזיכט האב איך אין די שפעטערע יאהרען געזעהן ביים מאלער רעמבראנדט — די פנימ'ער וואס זיינען פול מיט ווייטאג פון פארגיין, פון שטארבען. — פנימ'ער פון אלטע פרויען, פון לעבען מידע און צעבראכענע.

די פרוי וואס ליידט און וואס די געבורטען פון איהרע קינדער קען מען ציילען אין טיפע שניטען אויף איהר געזיכט; און וואס דער טויט פון עטליכע קינדער איז איינגעקארפט אין איהר פנים, ווי איינגעשניטען מיט אנגעגליטע אייזענס...

איך קוק אריין אינ'ם פייער... שטייט דארטען נישט אברהם, אן אנגעצונדענער, אין גאנס פייער געהילט, וואס איז א פאנצער פאר זיין פלייש. אברהם אבינו, אונזער פשוט'ער, גרויסער שטאםפאטער — מיט טרערנפולע אויגען, מיט ווילדע האר, מיט א האריגער ברוסט, אין שרעק און אין צווייפעל, אין גליק און אין טריאומף... ארום אים טאנצען די פלאמען, ווי מיידלעך, ווי אריענטאלישע טענצערינס. די פלאמען קושען אים, זענקען אים אפ די ווילדע האר... — — — —

דאס פריש־געבאקענע ברויט איז ווי לעקאך. פעט און ברוין ווי לעקאך... אכט ברויטען באקט מיין מוטער יעדעס מאל... ברוינע, בראנדזענע ברויטען... געבענטשט זאלען זיין איהרע מי־פולע הענט — די פשוט־מענטשלעכע, די געטלעכע הענט פון א מאמען...

## דאס ברויט פון בודאפעסט...

נאך יאהרען הונגער און קעלט — האט מיין שוועסטער, מירעלע, באזוכענדיג איהר מאן, א געפאנגענעם רוסישען סאלדאט אין בודאפעסט — אהיינגעבראכט א ווייס ברויט...

שוין יאהרען ווי מיר האבען קיין ווייסען ברויט נישט אנגעזעהן... מיר שניידען עס ווי גאלד... און איך, א קליין אינגעלע, מיט רויטע האר, מיט גרינע אויגען, טראכט פון בודאפעסט... די גאסען גייען אויף פון די פארביגע פאסטקארטלאך, וואס מיין

שוועסטער פלעגט קריגען פון איהר מאן, פון בודאפעסט... יעדער קרייץ — האט געמיינט א קוש... יעדעם קארטעל — פול מיט קרייצען... און די בודאפעסטער ברייטע בולווארען און אלייען — גרין געפארבט און אזוי שיין און קלאר, זויבער און צויבערהאפט, אזוי ווי א מאלעריי — נאך נאס פון קאלירען...

בודאפעסט! ווי קלינגט עס שיין! אזוי ווי א ציגיינער־ליד... אזוי ווי א ראפסאדיע פון פאגאניני'ס פריינט — פראנץ ליסט, דעם ליבהאבער פון פרינצעסינס...

איך קאי דאס ווייסע ברויט. ווי זיס עס ברעכט זיך צווישען מיינע ציין. נאר איך טראכט פון בודאפעשט... און מיין שוואגער פירט מיין שוועסטער אין דער גרינער אליע... זי — אין א בלויען, זיידענעם קלייד... ער — אין מיליטערישען שינעל...

דער בודאפעשטער ראבינער קומט זיי אנטקעגען:

— הער מ., ווער איז די דאמע וועלכע איהר פירט אזוי גאלאנט... איך וועל זיין געצוואונגען עס איבערצוגעבען אייער פרוי אין פוילען אז...

— געשעצטער הער ראבינער, דאס איז דאך מיין פרוי...

דער ראבינער קושט גאלאנט, ווי א ריטער, מיין שוועסטער'ס האנט, די קליינע, בלאסע דאמען־האנט.

א, ווי גוט איז דאס ברויט, דאס ווייסע ברויט פון בודא־פעשט.... פון דער שטאט וועמענס הימעל איז אייביג בלוי און די גערטנער און אלייען — אייביג גרין, ווי אויף א מאלעריי, נאך פייכט פון פייכטע קאלירען...

## אלעקסאנדער און די קלוגע פרויען...

עס קומט אין א ווייטער שטאט אין אפריקע דער בלייכער קעניג אלעקסאנדער. ער איז מיד פון דעראבערונגען. מיד פון צוטרעטען פעלקער און לענדער. ער איז ערשט דרייסיג יאהר אלט — און שוין בויגען זיך קעניגען צו זיינע קני, געבראכענע. דינאסטיעס קראכען און שרעקען זיך פאר זיינע טריט איבער'ן ערד־קוגעל. עס ברעכען זיך יארהונדערט אלטע טראנען, אימפעריעס ווערען צעטראטען. אלעקסאנדער דער גרויסער מארשירט מיט זיין אומבאזיגבארער ארמיי אין פרעמדע לענדער און אין בליענדע טעריטאריעס. וואס זוכט אלעקסאנדער אין די ווייטע לענדער — אזש ביז'ן עק פון דער וועלט? וואס זוכט דער מאכט־גיריגער אימפעראטאר אין די אומבאקאנטע מדבריות?

עס איז א גאלדענער טאג. פאראוים־רייט אלעקסאנדער, דער בלאסער בחור פון מאקעדאניען. די שטאט וואס ער האט איצט

איינגענומען — איז באהערשט פון אמאזאניקעס. עס איז געווען א לאנגער קאמף, זיינע ארמייען האבן שווער געקעמפט געגען די דרייסטע פרויען־קעמפערינס, פון קאפ ביז די פיס אין גאלד געפאנצערט... אלעקסאנדער האט זיך געשעמט צו קעמפען געגען פרויען. נאר דער קאמף איז געווען א נויטווענדיגער און, א בלו־טיגער... איצט בויגט זיך דאס אמאזאנען־קעניגרייך צום הער־שער׳ס פיס... מיט קלאפענדיגע הערצער דערווארטען זיינע אר־מייען א סך פארגעניגען אין דער באזיגטער פרויען־מלוכה.

און איצט גייען אלעקסאנדער׳ן אנטקעגען די שענסטע דאמען אין טרויעריגע קליידער. די דאמען בוקען זיך צום בלייכען הערשער פון דער וועלט און בויגען זייערע גאלד־געלאקטע קעפ צו אים. און זיי רייכען אים אויף א גילדערנעם טאץ א גילדערנעם ברויט...

אלעקסאנדער איז מיד, גערייצט און אויפגערעגט. ער איז אויך דער גרויסער דזשענטלמען און, שמייכלענדיג, זאגט ער צו די דאמען:

— צו וואס האט איהר געבראכט א ברויט פון גאלד? קען איך עס דען עסען מיט מיינע ציין?

— א, גרויסער הערשער אלעקסאנדער פון מאקעדאניען, — בוקען זיך די פרויען טיף צו אים און דער אימפעראטאר זעהט ווי בלענדענד־שיין און בלייך ווי דאס בלייכע טאג־ליכט זיי זיינען.

— אויך דער מעכטיגער אלעקסאנדער; וואס האט באהערשט די רייכסטע און די שטארקסטע פעלקער און מדינות, האט פאר־לאנגט פראסט און ערדיש ברויט צום עסען — האט ער עס דאך געקענט קריגען אין זיין אייגען לאנד... האט ער דאך נישט געדארפט צעטרעטען מיט די קאפיטעס פון זיינע פערד איבער אזוי פיל מענטשענלעבענס...

טיף האט זיך דער קעניג פארשעמט. דען ער האט געפילט דעם גרויסען אמת אין דעם זשעסט פון די צארטע און קעמפערישע פרויען. ער האט געקוקט אויף זייערע לאקען אונטער די מעטא־לענע העלמען. ער האט געקוקט אויף זייערע בריסטען, וואס האבן זיך אונטער די גאלדפאנצערס געהויבען...

די זון איז פארגאנגען און שאטענס זיינען ארוים פון די ווינקלען, ווי קריכלען פון דער נאכט... דער גרויסער אלעקסאנדער איז געווען טרויעריג... ער האט געטראכט איבער דעם שטורעם אין זיין הארצען, דעם אומדערזעטליכען דראנג צו מאכט. די טי־ראנישע בענקשאפט פעלקער צו פארשקלאפען און צו טראגען גריכענלאנדס פאן און קולטור צו די ווייסטע ישובים. און ער האט אין דעמערונג געהערט א גרויסען יאמער... דאס האבן די

וואונדערשיינע אמאזאנען געווײנט איבער זײער גורל...

קעניג אַלעקסאנדער איז געווען טרויעריג. און כדי דעם טרויער צו פאַריאָגען, האָט ער באַפוילען צו ברײנגען ווײן. און די ערשט־אויפגײיענדע לבנה האָט זיך געבראָכען אויף די גאָלדענע באַקאַלען, האָט זיך געבאָדען אין דעם טײערען ווײן...

## פ ע ר ל א ש ע ז...

עס איז געווען פאַרנאַכט... די זון האָט געפאַרבט די מאָנו־מענטען פון מאַרמאָר און פון בראָנדז איבער די קברים פון פאַריזער בית עולם פער לאַשעז. איך האָב געוואַנדערט, ווי א בין, פון איין קבר צום אַנדערען, אין רעספּעקט פאַר די העלדען וואָס זײנען דאָ געבראַכט געוואָרען צו זײער אײביגער רו...

איך בין געשטאַנען ביים קבר פון אָסקאַר ווײלד, און באַ־טראַכט יעקב עפּשטיין׳ס גראַניטענע פיגור איבער׳ן קבר, מיט זײנע צעבראָכענע פליגעל. א דאַמע האָט פײכט געמאַכט די ערד מיט טרערען... זי האָט געלאָזען מיט ציטערענדע, בלאַסע הענט א בוקעט פון אומאָרטעלען אויפ׳ן קבר פון ענגלישען עסטעט, טראַ־גישען קינסטלער און ערשטקלאַסיגען דענדי און לעבעאינג...

איך בין געשטאַנען ביים קבר פון דעם דײטשן עמיגראַנט, לוד־וויג בערנע, דעם פרײנט פון הײנריך הײנע, וואָס האָט געשריבען פון פאַריז פלאַמענדיגע בריוו וועגען דער רעוואָלוציע... און ביי ראַשעל׳ס קבר — אונזער גרויסע אידין, מיט איר קלאַסיש־העראָ־אישען רעפּערטואַר פון דער פראַנצויזישער דראַמע און מיט איהר ראָמאַנטיש לעבען — אינגאַנצען געווידמעט צו דער פלאַמענדיגער ליבע צו פרינצען, קעניגען און גרויסע דיכטער און דענקער... און אָט איז דאָס קבר פון דיומאַ דעם אינגערען... א דאַמע וויינט איבער זײן קבר... איז עס די שווינדזוכטיג־פּאַטעטישע קאַמעליען דאַמע וואָס בויגט זיך איבער אים צערטליך אריבער און וויל אים עפּעס אײנרוימען אין אויער...

און אָט דאָ רוהט דער קאָמפּאָזיטאָר פון „האָפמאַנ׳ס דער־ציילונגען" אָפענבאַך, דער איד וואָס האָט זײן מוזיקאַלישען גע־ניוס געווידמעט דער פײנער אָפּערעטע... און אָט דאָ איז דאָס קבר פון פרודאָן און פון לאַפאַרג און פון גרויסע טרוימער פון פרייהייט, די אוטאָפּיסטען, וואָס האָבען אָפּעלירט צום מענטשליכען הארץ.. און דאָס עקס־קבר פון באַלזאַך — פראַנקרייכ׳ס אונ־שטערבליכען ראָמאַניסט, וואָס האָט געוואָלט געבען גאָר די מענטשליכע דראַמע, גאָר דאָס לעבען — אין אַלע זײנע געזעל־שאַפטליכע און קאָסמישע מאַניפעסטאַציעס — אין א זײער

„מענטשליכער קאָמעדיע"... דאָ איז די מויער וואו עס רוען די העלדישע פּאַריזער קאָמונאַרען... און די קרענץ וואָס פּאַריזער אַר־בעטער־דעמאָנסטראַציעס, לאָזען יעדען יאָהר דאָ איבער — ווי אָזען... זיי גייען גייען אַרויס — די פלאַמענדע קאָמונאַרען, און באַגריסען דאָס פאָלק... און די העלדען פון 1871 — זיי לויכטען אויף... זיי זיינען קיינמאָל נישט טויט פאַר די פּראָלעטאַריער פון דער וועלט...

איך האָב געהאַט איין „זו" אין קעשענע, זאָל איך נעמען אַ „מעטראָ" (אונטערגרונט באַן) אהיים — אָדער זאָל איך קויפען יאָהרהונדערטער... מענטשליכע געניוס האָט דאָ געפונען זיי פינאַל. ברויט? איך בין אַזוי מיד. אַ גאַנצען טאָג האָב איך שפּאַצירט צווישען איינזאַמע קברים. זיך איינגעזאַפּט דעם טרויער פון

מענטשלעך־אומרואיגער, סענסיטיווער, נערוועזער און אייביק־זוכנדיגער גייסט איז דאָ צו זיין פינאַל געבראַכט געוואָרן... און עס לויכט איצט, אין זון־אונטערגאַנג, די געוואַלדיגע שטאָט פון טויט.

און אַזוי גייענדיג — האָב איך דערזעהן אַ בעקעריי. איך האָב באַשלאָסן אויסצוגעבן מיין לעצטע מטבע אויף ברויט, עס האָט געשמעקט מיט פרישן ברויט, מיט געבעקס, פון דעם אָפּע־נעם פענצטער האָט געשלאָגן מיט היימישער וואַרעמקייט. איך בין אַריינגעגאַנגען און דערזעהן אַ וויזיע פון ברויט, טויזענטער גאָל־דענע ברויטען האָבען געשילדערט אַ הערליכע פּאַנאָראַמאַ... אַזוי ווי אַ פעלד פון קאָרן וואָלט ווידער אויפגעלויכטען פאַר מיינע אויגען, און אַ יונגע פרוי אין אַ ווייסען פאַרטוך איז דאָ געווען די קעניגין...

די אינטים־וואַרעמע, זיס־צויבערהאַפטע פרוי... דאָס פעלד פון ברויט... די וואַרעמקייט פון דער בעקעריי... אַלץ האָט מיך צויבערהאַפט און זיס געמאַניעט. איך האָב קוים געגלויבט אַז עס איז אַ ווירקלעכע געשעעניש.

איך האָב אין דער קליינער, פאָרבורג, צווישען פּלאַס דע רעפּובליק און בעלוויל... און אַ גאָלד־לבנה האָט אינטים און אידיי־ליש געלויכטן... וואַרפנדיג בלייכע ליליעס צו מיינע פיס...

איך האָב דער קליינער וואַרעמער האַנט פון דער חנ'עוודיגער פראַנצויזישער פרוי געלאָזען די מטבע — מיט'ן קאָפּ פון נאַפּאָ־לעאָן דעם דריטען, היפּש אָפּגעריבען און פאַרמעקט... און איך האָב פאַרלאָזען די בעקעריי מיט אַ גאָלדען „ברויט...

עס איז געווען אַ ווייטער וועג צו מיר אהיים, צום האָטעל אויף רי דע פאָרבורג, צווישען דע רעפּובליק און בעלוויל... און אַ גאָלד־לבנה האָט אינטים און אידיליש געלויכטען... וואַרפענדיג בלייכע ליליעס צו מיינע פיס...

איך בין געגאַנגען פּאַזע דער לאַנגער און טונקעלער מויער פון פּער לאַשעז... און לבנה־ליכט האָבען געלויכטען פאַר מיר די אַנגעצונדענע מאַסקעס פון מענער פון גייסט... די נאַקעטע און מיין גאַנג איז געווען אַ אין אַ אדיסייע אין יאָהרהונדערטער פון מענטשליכען גייסט, פון מענטשליכען שאַפען און שטרעבען...

פּלוצלונג האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אַ דערשראָקענער... איך האָב נישט געהאַט מיט זיך דאָס ברויט. איך בין צוריקגעלאָפען דעם גאַנצען לאַנגען וועג און געזוכט דאָס ברויט. איך בין געווען פאַרצווייפעלט... טרערען זיינען מיר געפלאָסען פון די אויגען... ערשט ווען איך האָב זיך איבערצייגט אַז איך קען דאָס ברויט נישט געפינען — האָב איך זיך דערמאָנט אַז גייענדיג פּאַזע דער מויער און טראַכטענדיג פון פראַנקרייכ'ס און פון דער וועלט'ס גרויסע העלדען און דענקער — האָב איך דאָס ברויט אויפגעגעסען... שטילענדיג קוים אַן אָנפאַנג פון מיין הונגער...

איצט בין איך שוין אַ באַרואיגטער געגאַנגען און די לבנה — ווי אַ גאָלדען ברויט — האָט געלויכטען אין בלוי־פּאַסטעלישען הימעל...

## דאָס בילד פון בלויען טינט־ים . . .

איך בין ערשט געהאַט געקומען פון פּוילען — אַ טויט־הונגעריקער. וויפיל איך האָב געגעסען — איז געווען ווייניג... אַ מאָנסטערישער הונגער איז געווען אין מיר.

איינמאָל, ווען איך בין אַהיימגעגאַנגען אין מיין מאַנסאַרדע, (דאַך־שטוב), אין אַ גאַס פון אַנטווערפּען, נישט ווייט פון דער דיאַמאַנט־בערזע, האָב איך דערזעהן אין אַ בעקעריי־געשעפט — ברויט. איך האָב געקויפט אַ רונד, וויים ברויט און שנעל אַריינגעלאָפען אין מיין צימער.

איך בין געווען גליקליך. דאָס פענצטער פון מיין צימער האָט אַרויסגעקוקט צו אַ קליינעם גאָרטען, וואָס אַן אַרבעטזאַמע האַנט פון אַ פלעמישער פרוי האָט געהאַלטען טייער און ציכטיג. עס איז געווען האַרבסטצייט. איך האָב געקוקט אויף די בלומען, וואָס האָבען געוויאַזעט. אויף די קליינע בלעטער פון גאָלד, ווי מעדאַליאָנען־פּאָרטרעטען פון פאַרגאַנגענע מענטשען. אויף דער ערד האָב איך געקוקט — ליימיגע, גוטע, פּראָסטע ערד — וואָס פרעסט אויף לענדער און שטעט, מענטשען און פעלקער... די אייביגע ערד — וואָס ציט אַריין אין זיך גאָר דאָס לעבען פון דער ערד... איך האָב איצט מיט נערוועזע פינגער געצופּט שטיקער פונ'ם ברויט, אַזוי ווי דער אורווינט האָט געפליקט שטיקער פון דער זון — אין די אורצייטען — און זיי געוואָרפען אין קאָס־

מישען רוים און זיי געלאָזט פאַלן ווי פּלאַנעטען... ווי קאָמעטען... ווי סאטעליטען...

אויפ'ן וואַנט פון מיין צימער איז געהאָנגען א בילד פון „רעד סטאר לאַין" — א בלויער ים, וועמענס כוואַליעס קאָכען זיך... א שיף מיט פיר קוימענס... איך האָב געהאַט א באַגער, ווי יונה הנביא, זיך אריינצוואַרפען אין ים...

קנייפּנדיג און פליקנדיג דאָס ברויט, האָב איך זיך דערמאָנט אין מיין יוגענט... עס איז געווען אויף א פּוילישען וועג, וואו מיר האָבען געהאַט אונזער היים. די צייט פון נאָכ'ן ערשטען וועלט־קריג. פון לאָדז גייען אויפ'ן שאָסיי הונגעריגע אידען... פרויען — שמוגלערינס... אַנטלאָפענע געפאַנגענע סאָלדאַטען — בעטלערס און וואַנזיניגע... אַלערליי צעבראָכענע מענטשען און קריפּלען... עס גייען אין אַן אייביגען מאַרש די אָרעמע מענטשען פון דער ערד...

איין טאָג בלייבט זיצען אויפ'ן אַלטען גאַנעק פון אונזער הויז — א בלאַסער יונגערמאַן. ער נעמט אַרוים א טאָרבעלע און ער ציט פון דאָרט אַרוים א זאַך — א פּירקאַנטיגע זאַך — איינגעוויקעלט אין א שטיקעל בלויען סאַמעט... ווען ער וויקעלט עס אויף — זעה איך א קליין, פיין־פּאַרשניטען שטיקעל ברויט... עס איז געווען ווייך פון זיין שוויס, פון דעם ליב, נעבען וועלכען ער האָט עס געטראָגען, און מיט זשעדנע און טרענפולע בליקען האָט ער עס אָנגעקוקט. זיינע הענט האָבען געציטערט... ער האָט דאָס ברויט אין א ווייַלע אַרום געהאַט אויפגעגעסען... און איצט איז ער געווען נאָך הונגעריגער ווי פריער... זיין אַפּעטיט איז צערייצט געוואָרען... — — —

ווי אָפט דערמאָן איך זיך אין דעם דאָזיגען אָרעמען מענטש מיט זיין שטיקעל ברויט — אין בלויען סאַמעט פאַרהילט... ווי א צירונג־שטיק... אַזוי ווי א פרוי באַהאַלט איהר קאָסטבאַרע ביזשוטעריע... — — —

פון מיין ברויט איז שוין גאָרנישט געבליבען. דאָס ליכטעל אין מיין דאַך־שטיבעל צאַנקט און רופט אַרוים נערוועזע שאָטענס אויף די ווענט. דער בלויער ים ווערט טונקעל — און נאָך טונקעלער דער רויך פון די פיר קוימענס...

און די בלומען, אין זון־אונטערגאַנג, מאַכען זיך צו, אויף דער נאַכט, אויף דער אייביגקייט...

***

ברויט איז דאָס מן פון דער ערד. די מענטשען ווילען עס

אייביג עסען, אַזוי זינגט די אורצייטען אַז, ווען מענטש האָט זיך באַזעצט אין די פרוכטבאַרע טאָלען פון דער ערד; ביי די פייכטע ברעגען פון די גרויסע טייכען און שטורעמדיגע אָקעאַנען; אין די גערדיכטענישען פון געפעדלעכע דזשאַנגלען און אורוועלדער; אויף די שפּיצען פון די הויכע בערג. ברויט — דאָס איז אונזער פּשוט'ער, אונזער געטלעכער מן — וואָס איז געפאַלען פון די הימלען פאַר די הונגעריגע אידען פון דער מדבר, אַזוי ווי עס שטייט געשריבען אין ספר שמות, אין קאַפּיטעל ט"ז:

...„און עס איז געווען אין אָוונט, זיינען אַרויפגעקומען וואַכטעל פויגלען און האָבען פאַרדעקט דעם לאַגער; און אין דער פרי איז געווען אַ שיכט טוי אַרום לאַגער. און אַז די שיכט טוי האָט זיך אויפגעהויבען, ערשט אויפ'ן געזיכט פון מדבר איז דינס, שופּיקס, דין אַזוי ווי פראָסט אויף דער ערד. און ווי די קינדער פון ישראל האָבען דאָס געזעהן, אַזוי האָבען זיי געזאָגט איינער צום אַנדערען: „מן הוא? ווייל זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס דאָס איז. האָט משה צו זיי געזאָגט: דאָס איז דאָס ברויט, וואָס גאָט האָט אייך געגעבען צום עסען."

# זשאַק צוקער

צו זיין אויסשטעלונג אין יאַסאָשיאייטעד אַמעריקאַן אַרטיסט גאַלעריעי

**זשאַק צוקער איז פאַר אַלעם — אַ פּאָעט, אַ פּאָעט מיט דער פּיינסטער, לירישסטער באַציאונג צו וועלט און מענטש. איך וואָלט געזאָגט — אַ ווייבלאַך צאַרטע, ראָמאַנטישע באַציאונג. ער באַרירט די וועלט — ווי זי וואָלט זיין אַ מימאָזא. ער פילט איר הייליגקייט. ער איז וואַך צו די פאַרבאַכטן, צו די שטימונגען פון דעמערונג, צו דעם צויבער פון קאָלירן — צו די קוים־מערקבאַרע האַלב־טענער — צו דעם וואָס פאַרגייט . . .**

**ווייל קיינער איז בישט אַזוי סענסיטיוו צו דער וועלט וואָס פאַרגייט, וואָס שטאַרבט, וואָס צעפאַלט און צעברעקלט זיך, ווי דער קינסטלער.**

**ער — דער קינסטלער — פילט איר שטאַרבן, איר שנעלן פולס, — איר דראַמע, איר וויאַגען.**

**זשאַק צוקער וויסט דעם צויבער פון בלומען. ער איילט זיך זיי אויפצוכאַפּן, ווען זיי גליען נאָך, ווען זיי זייבען נאָך וואַרעם — איינגעהילטע אין גאַנצן לאַר פון זייער קאָלירך־פּאָעזיע. ער וויל פאַנגען זייער מאָמענט ווען זיי לעבן. ער שלאָגט זיך מיטן טויט: ער**

אומארמט דאס לעבן — ער וויל עס פארשטעלן: דין, גליענדיג, איינגעהילט אין זון — ווי אין א רויטן וואואל . . .

זיינע בוקעטן — זשאק צוקערס — דאס זיינען קאנצענטרירטע פלאמען. גאט אליין האט אין זיי ארייגעאטעמט זיין פייער און גליענדיגן אטעם — זיין לײדנשאפט. אזוי פיל פארבן איז אין זיי צעלויכטן — וויפיל די נאטור האט אין זיי געקענט קאנצענטרירן און וואס דער קינסטלער באהערשט, רייניקט, קריסטאליזירט און באנוצט בלויז דעם רוי־מאטעריאל צו זיין קינסטלערישן צוועק: שיינקייט . . .

זיינע לאנדשאפטן — פון ריוועדס־דידרייזי — פון מעטראפאליטען מוזעאום, פון יעדן פלאץ וואו בוימער און בלומען פלאצן און טאנצן ארויס פון דער ערד — זיי אלע זיינען פארטרעטן פון זיינע שטימונגען.

פארבינדט זשאק צוקער׳ן די אויגן און ער וועט אייך מאלן די זעלבע לאנדשאפט: ביימער ווי פאנטאסטישע בלומען — בלומען וואס פארלירן זיך אין נעפל — פורפורנער דעמער וואס הילט אלץ איין אין מעלאנכאליע—און די מויערן, געוויינלאך רויטע, איינגעהילט אין נעפל. דאס איז די טיפישע זשאק צוקער־לאנדשאפט, נישט קלאר, שווער צו זען די קאנטורן. דאס איז די לאנדשאפט וואס זשאק צוקער — דער אידעלער פייזאזשיסט — זעט אויפן דעק — אויפן גרונט פון זיין הארצן.

„אין מיין סטודיא״ איז די סטודיא זעלבסט א פייזאזש. דעם מאלערס אויגן זיינען פול מיט קאלירן. און די פרוי מיט די רויטע לאקן — און די ברענענדיג־רויטע פיס און הענט — און דאס פענצטער, די שאפע, די טירן — אלץ איז פול מיט הייליגן קאליר. דערביי הייזט זיך זשאק צוקער געהיט ארייצופאלן אינם וואולגארן, איבערטריבענעם קאלירן־עקסהיביציאניזם. ער האלט איין, ער צוימט עס, ער שטילט איין.

די זאכן אין הינטערגרונט פון זיינע בילדער ווערן קיינמאל ניט

דערמאלן. זיי זיינען איינגעהילט אין דעמער.

דער סעקרעט פון קונסט איז נאך אלץ — סטיל. איז נאך אלץ די פערזענלאכקייט. די אביעקטיווע באציאונג, דער אייגנארט פון זיין פארבן־שפראך, זיין טאן, זיין קלאנג, זיין ריטם.

און זשאק צוקער האט זיין אייגנארטיגע באציאונג צו דער וועלט, צום פייזאזש, צום פארטרעט. ווען ער מאלט דאס מיידל — ווי איז גערטרוד דימאנד פארטרעט — איז זי ווי א בלייכע, לירישע, מעלאנכאלישע בלום.

אדער ווען ער מאלט דעם פארטרעט פון מאלער א. וואלקאוויטש, מאלט ער נישט דעם מענטש, נאר דעם מאלער, דעם פארבן־פראפעסיאנאל. זוכט דא נישט קיין פאטאגראפישע ענלאכקייט. דער מאלער איז דא אויפגעפאסט ווי א מאלער — איינגעהילט אין קאלירן, שכור פון קאלירן. זיינע רויטע הענט, זיין רויט געזיכט, זיין רויטער קראוואט — ווי איינגעשמירט מיט זון־אונטערגאנג — בראנז — אלץ פלאמט ביי אים און ציי׳גט אן אויפן מאלערישן. אלץ פלאמט —

דער מענטש פיבערט — אַנטקעגן אַ הינטערגרונט פון גריגער און בלויער פאַרטראַכטקייט.

זשאַק צוקער האָט אַ סעקרעט אין זיין פאַרבן־פּאַלעטע: ער קאָמביבירט רויט מיט גרין און בלוי; דער רויט פירט אַריין גלי־זון־בראָנז — ריטם און כאַראַקטער. דער בלוי און גרין פאַרוויכן — מאַכן זיינע מאַלערישע ווערק ליריש, פּאָעטיש, פאַרטראַכט, אידל, צויבערדיק . . .

דורך אַלע זיינע בילדער גייט דורך אַ העמערנדיקע שטימונג — ווי אַ הויפּט־מאָטיוו. עס איז די טיפע שטימונג פון וועלט'ס פאַרנאַכט — ווען זאַכן צעגייען, פאַרלירן זייערע פאָרמען און קאָלירן — ווערן וויך־מטושטש — וואַקסן זיך צונויף ווי שוואָמען מיטן אַרום, מיט דער אַלגעמיינער אַטמאָספערע.

די רעזומע איז: זשאַק צוקער איז אַ מאָדערנער, העכסט־ראַפינירטער קינסטלער, וואָס קאָמבינירט אויף אַ גלענצנדיקן אופן די פרישקייט פון די מאָדערניסטן און דעם ליריזם פון אַן אמת'ן אימפּרעסיאָניסט. מאָדערנע שולן האָבן אים נישט באַוויזן צו צעברעכן. ער בלייבט גאַנץ און פריש און טויאיג און געזונט — ווי די נאַטור — ווי די נאַטור וואָס ער מאָלט מיט אַזאַ דעליקאַטער באַציאונג. זיינע בלומען־בוקעטן — זיינע לאַנדשאַפטן, זיינע פּאָרטרעטן, זיי אַלע זיינען בעגעבן מיט דער כאַראַקטעריסטישער זשאַק צוקערישער,ליריש דעקאָראַטיווער אויפפאַסונג. איר קוקט אויף זיינע בילדער — און דורך די אויגן טויערן פאַלן זיי אַריין אין האַרץ און דערפרייען אייער געמיט . . .

די וועלט רעדוצירט צו דער פינסטער שטימונג — צו אַ ניר־וואַניש־רואיגן דעמער — צו אַן עסטעטישן אימאַזש. דאָס איז זשאַק צוקער'ס וועלט . . . און אין דער דאָזיגער וועלט קעניגט ער . .

# דער גיטאַריסט...

(דערציילונג)

ווי א גריל האָט ער ארויסגעזונגען און ארויסגעשפּילט פון קעלער, אונטער מיין פענצטער. איך האָב זעלטן צייט געהאַט ארויסצוקוקן צו דער גאַס, אויף ברוק עוועניו, וואו איך האָב געוואוינט מיט מיין מוטער אין אַן אָרימען אַפּאַרטמענט. ווען איך קוק איצט ארויס דורכן פענצטער — זע איך אין זכרון די אָרימע גאַס. איך זע זי איצט נאָך קלאָרער, אין רעמיניסענס. דער קרומער מאַן מיט די קוואדראַטנע שטיקער אייז, אזוי ווי טרעפּ, אזוי ווי די שטיינער צו א פּיראמידע. דער קרומער מאַן טראָגט דאָס אייז אויף זיינע פּלייצעס. עס גלאַנצט אין דער זון. עס בענקט צו וועלכן שיינעם טייך, וואָס פליסט צווישן גרינע ברעגן, דורך פעלדער און וועלדער. עס בענקט צו א וואָלקן, וואָס מאַכט טרוימעריש זיין רייזע דורך אומבא-

קאנטע ספערן, איבער לאנדשאפטן וואס זעען פון דער הויך אויס ווי שאך־ברעטער. וואסארא טרויעריקע פיראמידע וואלט עס געווען — טראכט איך — פון אייז... זי וואלט אין איין שיינעם פרימארגן צוגאנגען, ווי א טרוים...

איך זע אויף דער אנדער זייט דאס רויטע הויז, וואס שטייט ביים אפהאנג פון סאבוויי־טונעל; א וואונדער אז דער סאבוויי נעמט עס ניט מיט, רייסט עס אין אן אומרואיקער נאכט נישט אויס. ווען איך האב דאס רויטע הויז באשריבן אין א דערציילונג, האב איך נישט פארגעסן צו דערמאנען די פעטע פרוי מיט די רויטע האר, ווי א קרוין אויפן קאפ, וואס זיצט א מידע אויפן גאנעק און רויכערט איין ציגארעט נאכן צווייטן. און דאס יונגע מיידל, וואס לויכט אויף אין פארביקע קליידער, אזוי ווי א שמעטערלינג. און די צוויי הינט, וואס שטייען שטונדנלאנג ביים טיר אוןווארטן ביז זי וועט זיך עפענען. און די קאץ, וואס האט געדולד צו ליגן אין א ווינקל און טשאטעווען אויף די פייגל, וואס זינגען צווישן די גרינע צווייגן. און דעם קראליק מיט זיינע רויטע, זיינע גאלדענע אויגן. דער ליבער קראליק, וואס באטאפט די לופט מיט זיין נאז, שמעקט זי כסדר און באוועגט זיך פלינק און נערוועז אויף דער ערד, ווי ער וואלט אייביק מורא האבן פארן לעבן...

איך האב אויך נישט פארגעסן צו באשרייבן דעם גארטן, וואו בלומען האבן ארייננגעשפראצט אזוי ווי קליינע פלאמען. און פלאנצן אלערליי, וואס עס דאכט זיך אז זיי וואקסן אן גאטס באראט, לויטן קאפריז פון ווינט און וועטער, פון דער ערד דורך דער זון ארויסגערופן.

נעבן דעם רויטן הויז, וואס איז געשטאנען טיף אין הויף, איז געווען צו זען א קליינער סאלאן, וואו שיכורים זיינען אויסגעלעגן און וואו עס האט זיך, ווי א שטיק זון, ארומגעדרייט די זעכציגיאריקע טאכטער פון טשארלי, אין גאנצן לאר פון אירע זעכצן יאר... זי איז געווען ווי א מאלעריי, אנגעטון אין די פארבן פון זון און הימל. דעם בלוי פון אירע אויגן האב איך געטרונקען ביז וואנזין. און נאך מער — דעם ציטער פון אירע בריסט, מיט וועלכע מיין הארץ האט מיטגעציטערט. זי פלעגט גראציעז עפענען די פארטקע, וואס איז געווען פון פארז[illegible]ערט אייזן און דער רויטער זשאווער פלעגט בלייבן אויף אירע [illegible]זע הענט. זי פלעגט דורכגיין דעם הויף, פארביי די הינט, די קאץ, דעם קרוליק און די בלומען — ווי א קליינע חוה... אזוי — טראכט איך — האט אויסגעזען חוה, ווען זי האט זיך אפגעריסן פון אדם׳ס זייט און האט אנגעהויבן צו לעבן דאס גרויסע שמערצפולע לעבן פון דער פרוי. און דער גראציעזער וויג פון אירע היפטן — דו האסט קיין שענערע נישט געזען אויף די בילדער פון ראפאעל, רובענס און רענואר...

נאך פילע איינצלהייטן פון ברוק עוועניו וואלטן איצט געקענט דערמאנט ווערן. דא וויל איך נאר דערציילן פון דעם איינזאמען גיטאריסט, וואס האט געשפילט זיינע שיינע מעלאדיען אין פייכטן קעלער, אונטער מיין וואוינונג.

איך פלעג זיך זעלטן צוהערן צו זיין געזאנג. נאר איינמאל, ווען מיין מידע פריינדין האט זיך אפגערוט אויף מיין בעט, אוועקגעווארפן

אין דער זיסער נאכלעסיקייט פון לײדנשאפט און טרוים — האָט דער גיטאַריסט אָנגעהויבן צו זינגען און צו שפּילן אויף זיין גיטאַר.

ווי אָנגעצונדן איז זי געוואָרן. זי האָט באַוואונדערט זיינע לי־דער — זיד־אַמעריקאַנישע ראָמאַנען, וואָס טראָגן זיך, רייסן זיך אָפּ פון די סטרונעס און פון זיין האַרץ מיט אַזוי פיל בענקשאַפט און טרויער.

עס איז דאָס געזאַנג נישט פון איין מענטש — נאָר פון אַ ראַסע. —

ווען איך פלעג אָנקומען צו מיין וואוינונג פון דער גאַס, פלעג איך וואַרפן אַ בליק צום קעלער. דאָרט האָט זיך באַוועגט אַ פעטער מאַן, מיט אַ הילצערנעם פוס, ווי אַ פּיראַט. די שויבן פונם שוי־פענצטער זיינען געווען שמוציק. און נאָכן זיינען געווען אויסגעשטעלט, נעלבע און פאַרטרוקנטע פון דער זון. און בלומען, וועמעס קאָליר עס איז געווען אוממעגלעך צו באַשטימען, האָבן זיך געמאַטערט אין אַ וואַזאָן. די ערד פונם וואַזאָן איז געווען טרוקן און באַדעקט מיט שטויב. אין אַ ווינקל פונם שויפענצטער איז געשטאַנען אַ מאַלעריי פון אַ פרוי. איך האָב שוין פילע מאָל די מאַלעריי געזען. אַ פרוי מיט לאַנ־גע, זיידענע האָר, ליגט אויסגעצויגן אין אַ הייל. זי טראָגט אַ זיידענע, בלויע קלייד, ווי זי וואָלט זיין איינגעהילט אין אַ שטיק הימל. אירע וואונדערשיינע הענט מישן די בלעטער פון אַן אַלטן בוך — אוודאי קהלת, דען אין אַ ווינקל פון דער הייל שטייט אַ סקעלעט פון אַ מענטשלעך פנים, אין זשאַנר פון אַ האַמלעט־פאַרשטעלונג. און דורך אַן עפענונג טריפט אַריין גאָלדן ליכט... ליכט פון דער זון... דאָס איי־ביקע ליכט פון דער זון... אינעווייניק אינם קעלער איז געווען שרעק־לעך שמוציק, פאַרוואָרלאָזט. און אַן אַלטער שפּיגל איז דאָרט געשטאַ־נען, וואָס האָט געגרייכט דעם סופיט.

איך פלעג, ווי געזאָגט, זיך זעלטן צוהערן צו זיין מוזיק. נאָר אין האַרבסט, ווען מיין מוטער איז אַוועק אין אַ היים פאַר זקנים, און מיין פריינדין מיט די זשאַרנדיק־טרוימערישע אויגן האָט מיר אויפ־מערקזאַם געמאַכט אויף דער שיינקייט פון זיינע מעלאָדיען, פלעג איך זיך צוהערן צו אים. די בלעטער האָבן ווי רויטע וואַקס געטריפט פון די ביימער. און דער איינזאַמער גיטאַריסט פלעגט קלינגען ווי אַ גריל, ווי אַ ריזיקע גריל, מיט אַ געטלעכן קול פון דער טיפעניש פון קעלער אַרויס. עס איז געווען אַ מעלאָדיע פון זיד־אַמעריקע. פון בו־ענאָס־איירעס און ריאָ דע זשאַנייראָ. פאַר מיר זיינען אויפגעגאַנגען שלאַנקע, זוניק־ברוינע פרויען פון יענע לענדער און פאַלמען,י טונקל־גרינע — און טאַנגאָס פון לײדנשאַפטלעכע פאַרלעך אין די נעכט, אין די טראָפּיש־שיינע נעכט, אונטער הימלען פול מיט שטערן; טאַנ־גאָס צויבערהאַפטע אַזוי ווי די כוואַליעס פון ים טאַנצן אַריין זייערע טאַנגאָס אין דער טיפעניש, אינם אָפּגרונט...

אין קעלער פון דעם גיטאַריסט פלעג איך זען אַן אַלטן, הויכן שפּי־גל, אין אַ ראַם פון בראָנדז־קאָליר. איוואַ, מיין פריינדין, האָט מיר פילע מאָל געזאָגט אַז זי וואָלט וועלן האָבן אַ שפּיגל, אין וועלכן זי זאָל קענען זיך שפּיגלען איינגאַנצן, ווען זי טוט זיך אָן — און ווען זי טוט זיך אויס... איך האָב שטאַרק געוואָלט איר פאַרשאַפן אַ גרויסן שפּיגל, כדי זי זאָל זיך קענען פרייען מיט אים און אָפּשפּיגלען דאָרט

איר צויבערהאַפטע פיגור...

איין פרימאָרגן פון נאָוועמבער, ווען דער ווינט טרייבט די בלעטער מיט רציחה און ווען די קעפּ פון די בוימער ברענען נאָך אין לעצטן הארבסט-גאָלד—אילומינירט אין דעם גאנצן לאָר פון הארבסט-דעקאָראציע — בין איך ארונטער אין קעלער און געמאכט די טראנסאקציע. איך האָב צום גיטאַריסט געגעבן א טיש מיט א מאַרמאָרנער פלאטע. עס איז געווען מיין פאָטערס טיש. זיין קילער מארמאָר איז געווען פאַרקריצט מיט מיין פאָטערס נערוועזיטעט, מיט די שטריכן פון זיין אומרואיקער האנט. דער טיש האָט זיכער געהאט זיין לעבנס-געשיכטע. אָ, ווען זאכן קענען דערציילן — וואָלטן זיי וואונדערלעך גערעדט און געוויינט פון שמערץ און פרייד.

מיט שוועריקייטן האָט דער גיטאַריסט אַראָפּגעטראָגן פון די טרעפּ דעם שווערן טיש — בשעת איך האָב זיך געראנגלט מיטן ריזיקן שפּיגל. ווען דער שפּיגל איז שוין געשטאַנען אין מיין וואוינונג — האָב איך אים באטראכט. די זשאווער-לישייעס, וואס האָבן אויפגעגעסן דעם וואונדערלעכן קוועקזילבער... דער שפּיגל האָט געטראָגן א וועלט אין זיך... די פּאסירונג פון דורות... ער איז געווען אלט — און פילע מענטשן, איר קענט לייכט פאַרשטיין, האָבן זיך צו אים געבוקט און געקניט — דינענדיק צו זיך אליין, באַוואונדערנדיק זיך אליין... דאָ האָט מאנכע דאמע זיך אויסגעטון אינגאנצן נאַקעט און פּאָזירט פאַר זיך אליין מיט אירע ווייבלעכע פּראכטן... דאָ האָט א מאן אין ביטערע ליידן געוויינט — פארן שפּיגל, דאָ האָט זיך א מענטש אין טרויער באהאלטן. אָ, ווען דער שפּיגל קען אין א טאָג עפענען די פּאַנאָראמא פון לעבן וואס ער האָט אין זיך זייט דורות איינגעזאַפּט און שמערצפול-שווייגנדיק געטראָגן אין זיינע טיפענישן — אין זיינע געהיימנישפולע טיפענישן — וואָלט עס געווען א ריזיקע עפּיק. א האָמערישע באַשרייבונג.

דעם נעקסטן טאָג איז געקומען מיין פריינדין — און זיך באַליידיקט, ווען איך האָב איר געוויזן דעם שפּיגל. זי האָט זיך געמיאוסט אין אים צו שפּיגלען, אַזוי ווי זיין עלטער וואָלט פאלן שווער אויף איר... אזוי ווי זי וואָלט זיך באפלעקט מיט זיינע טונקעלע איבערלעבענישן, מיט זיינע זכרונות...

איך האָב דעם שפּיגל געלאָזט שטיין אין דער ליידיקער וואוינונג פון הויז. מאָנאַטן שפּעטער האָבן זיך נעגראָס דאָרט אריינגעצויגן. זיי האָבן זיך זיכער דערפרייט מיטן שפּיגל — און דער שפּיגל איז געווען גליקלעך צו דינען די מענטשן, דינען א נייע טונקעלע ראַסע, צו באַרייכערן זיין לעבנס-באַשרייבונג.

און דער גיטאַריסט — ער איז מיר געבליבן אין זכרון. איך קען נאָך איצט הערן זיינע מעלאַנכאָלישע מעלאָדיען, וואס האָבן געעפנט אומענדלעכע, אָנגעצונדענע פּאַנאָראַמעס פון טראָפּישע לענדער... עס איז גוט זיי ווידער צו הערן... איינצוזאַפּן זייער מוזיק אין מיין גייסט...

און ווען איך הער זיי — גייט אויף ברוק עווענין, מיט אירע שיכורים און היימלאָזע קעץ, מיט די שטענדיקע בירגער-איינוואוינער, מיט טשאַרלי, וואס טראָגט ארוים פון קעלער א גאנצן בינטל מיט רויטע וואורשטלעך, מיט דעם זיכצניאָריקן מיידל וואס גייט ארונטער ווי פון א מאָלעריי און דאָס רויטע הויז ריים אָפּהאנג פון סאָבוויי און

דער בוים ביים הויז — וואָס בליט וואונדערלעך אין פרילינג און צינדט זיך גאָלדן אָן אין הארבסט... און וואס איז געווען פאר מיר א גרויסער גאָרטן — א גרינער נס — און איך טראכט פון דער שיינער דאמע וואס ליגט אין דער היל און לייענט אן אלטן, גרויסן ספר, און די זון שפארט אריין דורך דער שפארונע און דערגרייכט איר גאָלדן לייב...

און איך טראכט פון איווא, מיין פריינדין, וואס פלעגט זיך טוליען הייסער צו מיר — ווען די קלאַנגען פון דער גיטארע האָבן באַרירט איר מיידלש-סענטימענטאל הארץ...

דאָס אלץ איז שוין איצט פארגאַנגענהייט... אבער אין רעמיני-סענס איז עס פרישער, לעבעדיקער ווי אין דער רעאַליטעט...

# און מיר אַלע וועלן אויפגיין קיין ציון

„פאַר דעם געזאַנגמייסטער; אַ מזמור פון דודן.
די הימלען דערציילן דעם כבוד פון גאָט,
און די ווערק פון זיינע הענט זאָגט דער הימל אָן.
אַ טאָג צו אַ טאָג רעדט אַ וואָרט,
און אַ נאַכט צו אַ נאַכט גיט צו וויסן.
ניטאָ אַ וואָרט און ניטאָ קיין געשעעניש
וואו זייערווידערקול ווערט ניט געהערט;
איבער דער גאַנצער ערד גייט אַרויס זייער קלאַנג,
און ביז עק וועלט זייערע רייד.
פאַר דער זון האָט ער געמאַכט אַ געצעלט אין זיי,
און ער גייט אַרויס ווי אַ חתן פון זיין קאַמער.
ער פרייט זיך ווי אַ גיבור צו לויפן דעם וועג.
פון עק פון די הימלען איז זיין אויסגאַנג,
און זיין אַרומדריי איז ביז זייערע עקן,
און ניטאָ קיין פאַרבאָרגנס פון זיין היץ."

איך האָב, אין אַ טרויעריקן מאָמענט, געעפנט דאָס ספר פון תהלים — און עס איז מיר ליכטיק געוואָרן פאַר די אויגן, ווי אַן אומגעהייערע וויזיאָן וואָלט אויפגעשטראַלט.

קודם כל, ווי די הימלען, דאָס קאָלאָסאַלע הימל-געוועלב, דערציילט דעם געוואַלטיקן כבוד פון גאָט. דאָס איז געוואַלטיק. דער קאָסמאָס, גאָטס ווערק, איז אויף אייביק אַוועקגעשטעלט. ווי אַן עדות פון גאָטס גרויסקייט, גאָטס קלוגשאַפט, גאָטס אומצעברעכלעכער אַרכיטעקטור.

אָבער נאָך שענער, גראַנדיעזער, איז די גרויסע פּאָעמע פון טאָג און נאַכט...

„אַ טאָג צו אַ טאָג רעדט אַ וואָרט, און אַ נאַכט צו אַ נאַכט גיט צו וויסן"... אָט־די אומגעהייערע קייט פון טעג און נעכט — זיי ציען זיך ווי איין פאַראייניקטע, גאָלדענע קייט, אין רינגען געבונדן, וואָס האַלטן זיך איינע אָן די אַנדערע און זיי שטעלן צוזאַמען די גרעסטע פּאָעמע אין אוניווערס — די אייביקייט...

אפשר נאָך גרעסער ווי דער מאַטעריעלער פירמאַמעט, וואָס איז די אייביקע שירה צו גאָט און ווי די פּאַעמע פון טעג און נעכט, וואָס בינדן זיך איינע אין די אַנדערע, גיבן זיך די הענט און ציען זיך אין דער אייביקייט אַריין — איז דער געדאַנק: „ניטאָ אַ וואָרט און ניטאָ קיין געשעעניש, וואו זייער ווידערקול ווערט ניט געהערט; איבער דער גאַנצער ערד גייט אַרויס זייער קלאַנג, און ביז עק וועלט זייערע רייד"...

אין די דאַזיקע רייד איז פאַראַן אַ וועלט מיט שיינקייט, וויסן, גערעכטיקייט און וויסנשאַפט, וואָס איז אַפילו אין אונזערע צייטן נאָך נישט קלאָר... נאָך נישט גענוי פעסטגעשטעלט.

קודם כל — די געוואַלטיקע פעסטשטעלונג אַז יעדער עקזיסטענץ יעדער געשעעניש, יעדער וואָרט און וויבראַציע פון מאַטעריע אין רוים און אין צייט — האָט זיין זין, זיין רעכט, ווערט פאַרנומען פון גאָט און זייער עכאָ ווערט געהערט. דאָס איז אַ קאָלאָסאַלע טרייסט צום אידישן פאָלק, צום לעבן. די גאַנצע וועלט־ליטעראַטור, די וועלט־פּאָעזיע, און אַפילו געוויסע ווערק אין די גאָלדענע ראַמען פון תנ"ך גופא איינגעשלאָסן, ווי „ספר איוב" און „קהלת", זיינען באַזירט אויפן געדאַנק אַז אַלץ אין לעבן פאַרגייט, אַז גאַרנישט איז קאָנסטאַנט, אַז אַלץ צינדט זיך אָן אַ ווילע אין אוניווערס און פאַרלעשט זיך שנעל — אָט דער דאַזיקער געדאַנק, וואָס הגם אַ נעגאַטיווער און דעסטרוקטיווער, האָט אָנגעצונדן אונזער גאַנצע ראָמאַנטישע ליטעראַטור און קונסט און האָט באַהערשט די טיפסטע מוחות פון פילאָסאָפן. דער דאַזיקער געדאַנק ווערט אין תהלים מיט איין פערז אָפּגעווישט. פאַרקערט, אַלץ ווערט געהערט. און, אויב געהערט — פ אַ ר ־ ש ט אַ נ ע ן.

קיין לייד גייט נישט פאַרלוירן. קיין טרער ווערט נישט אויסגעטריקנט. קיין בעטלער ווערט נישט גלייך צום שטויב פון דער ערד. ביז עק וועלט ווערן געהערט זייערע רייד. איבער דער גאַנצער ערד גייט אַרויס זייער קלאַנג. איז עס נישט, שוין מיט טויזנטער יאָרן צוריק, אַן אָנדייטונג אויף ראַדיאָ און טעלעוויזיע? און אויף דער טעאָריע אַז דאָס וואָס געשעט, ווערט מיט טויזנטער יאָרן שפּעטער געזען פון די ווייטסטע שטערן און זונען און אַז דאָס געשעענע, די וויזיע, „וואַנדערט אין רוים", איז אייביק אויסגעשטעלט צו די אויגן פון מלאכים...

אין די דאַזיקע פערזן ליגט אַן אומגעהייערער אוצר פון וועלט־קולטור, וועלט־קונסט, וועלט־אמת און וועלט־פאַנטאַזיע.

אין די דאַזיקע פערזן איז פאַראַן דער ענטפער צו אַלע פילאָסאָפישע סיסטעמען און טעאָריעס. אַלץ עקזיסטירט אין אוניווערס — אין גאָט. אַלץ האָט זיין ז י ן, זיין ז י י ן, זיין אייביקע עקזיסטענץ. גאָרנישט גייט פאַרלוירן, קיין לייד און קיין פּיין. קיין זינד און קיין פאַרברעכן. עס ווערט אַלץ געוואויגן אויף די גאָלדענע שאָלן פון גערעכטיקייט. (הגם עס איז פאָרט אוממעגלעך צו באַגרייפן ווי אַזוי גאָט דערלאָזט צום מאַסנמאָרד פון אידן און ווי אַזוי דאָס אַלץ קען ווערן פאַרגעלטעט, באַלוינט?...).

אין די לעצטע פערזן גייט אויף די מאַיעסטעטיק פון דער זונס גאַנג דורך דעם רוים. עס איז אַ קעניגלעכער גאַנג — און איר בליק דערזעט אַלץ אויף דער ערד, אויף די פּלאַנעטן, און זי טוט אַן אַלץ

אין אַ מגעהייערער שיינקייט און גליק. „און ניטאָ קיין פאַרבאַרגנס פון זיין היץ״. ווידעראַמאָל האָט אַלץ זיין תיקון, זיין זין, זיין צוועק. דאָס זונענגעזיכט קושט גאָר די פאָטענצן, די טיפסטע שעפּפערישקייט פון די וועלטן. די זון רופט אַרויס לעבן, זי האָט מאַכט, געטלעכע מאַכט, אַרויסצוכישופן לעבן, אייביקע עקזיסטענצן.

איז נישט אַכנאַטאָנ׳ס זון־הימנע, מיט איר גאַנצער גראַנדיאָזיטעט, אַ קאָפּיע פון דער דאָזיקער קאָנצענטרירטער תהלים־פילאָסאָפיע ? ! — — —

אין גרויען פרימאָרגן, אַן איינזאַמער און אַ טרויעריקער, האָב איך אויפגעמישט די דאָזיקע בלעטער און — ווי רייך, ווי לעגענדאַריש־רייך בין איך באַלוינט געוואָרן. איך בין אַנטהילט געוואָרן פון דער זון — זי האָט מיך געפונען און זי האָט מיט אַ פונק אמת אַריינגעקושט אין מיר אַזוי פיל רואיקייט און גלויבן, די אומגעהייערע, קיינמאָל נישט פאַרגענגלעכע זון פון תהלים...

און איך האָב דערפילט אַז די שרעקלעכע ליידן פון אונזער אַלטן פאָלק האָבן אַ זין. אַז אונזערע מאַרטירער ווערן געקושט פון גאָט אין זייערע וואונדן. אַז ירושלים וועט ווידער אויפגעריכט ווערן און דאָס בית המקדש וועט גאָלדן שטייגן ביזן הימל. אַז פון אַלע מרחקים וועלן ציען אונזערע ברידער און שוועסטער קיין ציון. אַלץ האָט אַ זין, און גאָרנישט גייט פאַרלוירן.

קעניגלעכער פּראָפעסער פון תהלים! דו ביסט מיר געוואָרן נאָענט און איך האָב אין דאַנקבאַרקייט פאַרן גליקזעליקן מאָמענט דיר אויסגעשטרעקט אַ האַנט — איבער צייט־שטרעקעס — איבער די קעפּ פון דורות דריקט זי דיין איידעלע, דיין קלוגע, דיין קעניגלעכע האַנט !...

# דאָן קיכאָט, דער סימבאָל פון אייביגן טרוימער

(עטלעכע ווערטער צו סערוואַנטעס 400־יאָריקן יובילײ)

„אין שפּאַניע וועלן פון 2טן ביזן 9טן אָקטאָבער פּאָרקומען פייע־רונגען לכבוד דעם 400־יאָריקן יובל פון מיגועל סערוואַנטעס געבורט. די פייערונגען וועלן זיך אָנפאַנגען אין אַלקאַלאַ דע הענאַרעס, פאַרן הויז וואו ס'איז געבוירן געוואָרן דער מחבר פון „דאָן קיכאָט".

איך לייען די נאָטיץ אין אַ פּאַריזער אידישער צייטונג מיט וואָכן צוריק. די גאַנצע צייט האָב איך געטראַכט וועגן סערוואַנטעס און זיין ווערק „דאָן קיכאָט". אָבער דאָן קיכאָט שטעקט נישט מער אין זיין ווערק. צום ערשטן איז ער געווען איינער פון די טויזנטער ריטער אין שפּאַניען. דאַן איז ער געוואָרן דער סאָלדאַט און אויטאָר, דאָן מיגועל דע סערוואַנטעס. דאַן האָט אים דער אויטאָר באַשריבן, זיצנדיק אין טורמע, אים איינגעלאַדן אין אַ נאָוועלע — וואָס ווערט פאָררעכנט פאַר די בעסטע לאַנגע דערציילונג אין דער פּראָזע פון דער וועלט. אָבער אויך דאָרט, צווישן די באַגילדעטע טאָוולען, אין די גערוימע בלעטער און אין דעם כוואַליענדיקן געלעכטער פון סערוואַנטעס'ס אומשטערב־לעכן הומאָר — האָט ער זיך נישט געקענט אויפהאַלטן. ריטער דאָן קיכאָט דע לאַ מאַנטשאַ איז נישט קיין פּאַסאַזשיר וואָס בלייבט וואוינען אין אַ בויד, ווי גרויס און ווי באַקוועם עס זאָל דאָרטן נישט זיין. און וואָס איז מכוח די יעניקע וואָס טראָגן זיך אויפן וועג געשמידט אין קייטן. סאַנטשאָ פּאַנטשאָ, דו פּעטער און בייכיקער בחור, ווייסטו דען נישט אַז ריטער דאָן קיכאָט איז באַשאַפן געוואָרן צו באַפרייען די דאָזיקע לייטע, אין קייטן געשמידט. דו זעסט דאָך אַליין אַז זיי טראָגן זיך נישט פון זייער אייגענעם ווילן אין קערקער אַריין, באַוואַכט פון שווער־באַוואָפנטע זשאַנדאַרן. און וואָס איז מכוח די מענער און פרויען וועלכע הונגערן און שמאַכטן אין אָרעמקייט. צו וואָס איז געבוירן געוואָרן איינמאָל אויפן לאַנד אין שפּאַניע, צווישן די גאָלדענע בערג, אַ ריטער — אויב נישט כדי ער זאָל מיט מאַכט און מיט וואָפן באַפרייען די וועלט. אויב נישט צו ברענגען דאָס ליכט פון דער זון אויף דער ערד. אויב נישט אָפּצופאַרבן די וועלט אין אַ נייעם זוניקן קאָליר. דער ריטער מוז קעמפן פאַר פרייהייט. פאַר גערעכטיקייט. פאַר שיינ־קייט. דער ריטער איז געבוירן געוואָרן צו האַלטן די שפּיז אין זיינע הענט, כדי צו פאַטיידיקן די אָרעמע און די שוואַכע, די איינזאַמע און די באַליידיקטע.

דאָן קיכאָט, ווי איר קענט וואויל פאַרשטיין, האָט פאַרלאָזן זיין מחברס נאָבעלן ראָמאַן. דאָן קיכאָט איז דער טרוימער, דער דיכטער, דער לץ און דער נאַר. ער פאַרווישט די קאָנטורן פון זאַכן. ער ווישט אָפּ מיט זיין גאָלדיקן אַרבל דעם רעאַליזם פון דער ערד. ער זעט נישט דאָס גרויע און דאָס קאַלטע און דאָס אָרעמע און מיזעראַבעלע. דאָן קיכאָט פאַרבט די וועלט אין זיין חלום, אין זיין וויזיע, אין זיין העלן, זוניקן ליכט. די וועלט איז נישט ווי זי איז פאַר סאַנטשאָ פּאַנטשאָ — גרוי און קאַלט. כדי מיט הינער אָנצושטופּן דעם בויך. מיט קאַטש־

קעס און מיט אינדיקעס. מיט ווינטמילן און מיט שטאָלן, וואָס דו באַגעגנסט אין וועג. ניין. דאָן קיכאָט זעט ריזן אָנשטאָט ווינט־מילן, פּאַלאַצן אָנשטאָט שטאָלן. אומעטום — געראַנגל. פאַרמעסט. דועל. געפעכט. דאָן קיכאָט צווייפלט נישט ווי זיין ברודער, דער דענישער פּרינץ האַמלעט, וואָס צווייפלט, קרעכצט, פאָרשט, זוכט נאָך, אַנאַליזירט און האַלט דעם שאַרבן מיט רויע ערד אין זיין ציטערדיקע, בלאַס־פּרינצלעכע האַנט. דאָן קיכאָט האָט נישט קיין צייט נאָכצוטראַכטן, בייטאָג וואַנדערט ער איבער די ווּיסטע און איינזאַמע געגנטן, די האַנט, שטענדיק ביים שווערד פעסט געהאַלטן, גרייט צו אַוואַנטורע. צו שלאַכט. צום קריג מיט די שונאים פון גוטס און שיינקייט. דאָן קיכאָט האָט נישט קיין צייט, ווי דער דענישער פּרינץ, געבוירן אין פּאַלאַסט, פאַראַטן פון מוטער און פון נאָענטסטע — צו טראַכטן וועגן גוטס און שלעכטס. מען דאַרף די וועלט גוט מאַכן מיט געוואַלט. מיטן רעיון. מיטן געדאַנק, מיטן געפיל. די וועלט איז די שאַפונג נישט פון גאָט — נאָר פון מענטש. דער מענטש איז דער קעניג פון דער וועלט. דער דיכטער און אַסטראָנאָם, דער דענקער און סאָציאָלאָג, דער טרוימער און עטיקער. דער מענטש — מיינט סערוואַנטעס — שרייט סערוואַנטעס אַרויס פון קערקער — מוז אומענדערן די וועלט. די וועלט געהערט צום מענטש און ער דאַרף זי אומענדערן און מייסטערן.

איינער, סאַנטשאָ פּאַנטשאָ, פּרעסט און רוט. ביינאַכט ליגט ער אַ מידער און אַ צופרידענער. ער שנאָרכט אַזוי הויך אַזש די ווענט פּלאַצן. דאָס איז דער עגאָאיסט, דער זעלבסט־צופרידענער, דער זאַטער, דער פיליסטער, דער בחור מיטן גראָבן בויך, פאַרגאָסן פון פעטס. אָבער דאָן קיכאָט קען קוים איינשלאָפן אויף זיין האַרטן געלעגער. זיינע ביינער טוען אים וויי. דער פיבער פאַרברענט זיין האַרץ. ער טראַכט פון מאָרגנדיקע אַוואַנטורעס. יעדער בוים אַ נייער פאַרמעסט. יעדער סלופּ — אַ שונא. האַלט געשפּאַנט דיין שפּיז און שווערד. שלעכטס איז אין יעדן ווינקל — מען דאַרף דאָס שלעכטס אויסראַטן פון דער ערד.

דאָן קיכאָט, איך חזר איבער, צווייפלט נישט ווי זיין ברודער האַמלעט. האַמלעט וועגט און מעסט. האַמלעט איז בלייך פון אינערלעכער קרענקונג. האַמלעט קען נישט פאַרשטיין אַז די מענטשן זאָלן זיין אַזוי ביטער. אָבער דאָן קיכאָט איז געבוירן געוואָרן מיט זיין באַשלוס: קאַמף ביזן סוף.

דאָן קיכאָט ווערט געטראָגן פון אַן אינערלעכן שטורם און פייער. דאָן קיכאָט איז פאַנאַטיש און רעליגיעז באַהערשט פון זיין דראַנג גוטס צו טאָן. פון זיין ווילן צו דרייסטער טאַט. פון זיין אינערלעכן פייער צו פעכטן דאָס געפעכט פון גערעכטיקייט.

איצט פייערט שפּאַניע פיר הונדערט יאָר זינט סערוואַנטעס איז אויף דער שפּאַנישער ערד געבוירן געוואָרן. צוויי מענטשן וואָלטן אָבער איצט נישט געטאָרט גיין שפּאַצירן אין שפּאַניע: סערוואַנטעס און דאָן קיכאָט. מען וואָלט זיי אין פראַנקאָס שפּאַניע אַרעסטירט און דערשאָסן ווי מען האָט דערשאָסן טויזנטער קעמפער, לאָיאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן פון פאָלק. פראַנציסקאָ פראַנקאָ ווייסט גוט אַז בשעת דעם בירגערקריג איז דאָן קיכאָט געווען אַ סימבאָל פון מוט, באַגייסטערונג און קאַמף פאַר גערעכטיקייט. ער איז געווען די רויטע פאָן פאַר די שפּאַנישע מאַסן.

פייערן זיין אָנדענק — יאָ. אָבער טאָלערירן זיין פּערזענלעכע דערשיינונג אין שפּאַניע — דאָס איז אויסגעשלאָסן. אָבער פאַר העלדן פון ראָמאַנען גילטן נישט קיין גרענעצן, קיין מיליטער־וואַכן, קיין פּאָליציאַנטן און קיין קוילנוואַרפערס. דאָן קיכאָט געפינט זיך אין די אַצטיקע טעג אין שפּאַניע און אַגיטירט די מאַסן. עס קומט דער טאָג און פּאָ, אויס פון די דערוואַכטע מאַסן רייט ריטער דאָן קיכאָט דע לאַ מאַנטשאַ — אויף זיין דאַרער שקאַפּע די ראָסיגנאַנטע — און הויך איבער דעם שפּאַנישן הימל פאָכעט ער מיט דער שווערד, מיט דער שווערד וואָס ער לאָזט קיינמאָל נישט אַרויס פון זיין האַנט.

***

דאָן מיגועל דע סערוואַנטעס'ס זיידע איז געווען אַן אַדוואָקאַט. זיין טאַטע איז געווען אַ דאָקטאָר. סערוואַנטעס איז געווען אַ סאָלדאַט, אַ מחבר פון ראָמאַנען, אַ נביא, אַ טרוימער. עס איז, ווייזט אויס, פאַראַן אַ דירעקטע שייכות צווישן זיין זיידע דעם אַדוואָקאַט, זיין טאַטע דעם רופא און אים אַליין — דעם אַדוואָקאַט פון די ליידנדע, דעם דאָקטאָר פון די פאַרוואונדעטע און שוואַכע, דעם זעער און דעם נביא. וואָרעם די געשיכטע נעמט נקמה. דאָס געוויסן קען נישט דערשטיקט ווערן. ווערט עס דאָ אַרעסטירט און געוואָרפן אין קערקער, געשמידט אין קייטן, פלאַצט עס דאָרטן אַרויס ווי אַ גרויס פייער און ביזן הימל שטייגט דאָס פייער און באַרירט דאָס האַרץ פון גאָט.

שפּאַניען, אין דער צייט ווען סערוואַנטעס האָט פאַרעפנטלעכט ביידע טיילן פון זיין אומשטערבלעכער נאָוועלע (1605 און 1613), האָט שוין געזען געגנוג אויטאָדאַפעען און שייטערהויפנס. הונדערטער טויזנ־טער אידן האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות אין די פלאַמען פון דער אינקוויזיציע. די קאַטוילישע קירכע האָט מיט אַ פאַנאַטיש־אייזערנער האַנט אונטערדריקט יעדן פרייען, הערעטישן און אַפּיקורסישן געדאַנק. איבער שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָט געפלאַקערט אַ גרויס, פאַנאַטיש פייער, וואָס האָט פאַרניכטעט די שענסטע קונסט און קולטור־ווערטן און דאָס לעבן פון די פרייע דענקער און אידעלע מענטשן איז געווען טאָג און נאַכט באַדראָט.

סערוואַנטעס האָט געוואָגט צו קריטיקירן די קאַטוילישע קירכע, דעם פּויפּסט, די אינקוויזיציע און אַפילו דעם תנ"ך. סערוואַנטעס'ס פייערדיקע שטימע לאָזט זיך הערן איבער די יאָרהונדערטער מיט זיין פאַראורטיילונג פון די מערדער און רויבער. דער איין־הענטיקער סאָלדאַט, פאַרלירנדיק אין דער שלאַכט ביי לעפּאַנטאָ זיין לינקן אָרעם — האָט מיט זיין רעכטער האַנט אויף אייביק פאַרשריבן די מעשים פון די הערשער. און די קאַטוילישע קירכע איז געווען אַזוי אידיאָטיש צו צענזורירן דאָס ווערק און עס דורכצולאָזן. די געדאַנקען פון דאָן קיכאָט זיינען דאָך נישט שעדלעך. ווער זאָגט זיי אַרויס? אַ משוגענער! אַ וואַנזיניקער ריטער — דער העלד פון אַ סאַטירע — דאָס אָפּגעריסענע און דאַרע, דאָס ביזן הימל הויכע געשטאַלט פון אַ מאַן וואָס זאָגט אַז ער וויל באַפרייען די וועלט — וואָס רייט מיט זיין בלייכער ראָסיגנאַנטע אַזש ביז צו די גרענעצן פון דער וועלט — וואָס שטאַרבט קיינמאָל נישט, נאָר בלייבט וואַנדערן ביז צום סוף פון דער ערד — אין די באַלאַדישע מדבריות פון ווינט, שניי און נאַכט און אומהיימלעכע וואָלקנס. דער משוגענער ריטער מעג זאָגן

נאַרישע, וואַנזיניקע רייד. עס זאָגט דאָך דאָס נישט סאַנטשאָ פּאַנטשאָ — וואָס איז לאָיאַל צו דער קירך, אָבי ער האָט נאָר זיין שטיק פליש, און זיין באַקוועם געלעגער ביינאַכט.

יאָ, פאַר דער קאַטוילישער קירכע איז נישט וויכטיק וואָס דאָן קיכאָט דער משוגענער זאָגט. עס איז וויכטיק וואָס דער גוטער און פעטער בירגער סאַנטשאָ פאַנטשאָ זאָגט...

סערוואַנטעס האָט געוואגט צו אויסדריקן זיך אין סימפּאַטיע פאַר דער רעפאָרמאַציאָנס־באַוועגונג, וואָס איז געווען צו יענער צייט פּראָגרעסיוו, רעוואָלוציאָנער און קעגן דעם וואַטיקאַן און אַלמעכטיקן פּויפּסט. די רעפאָרמאַציע־באַוועגונג, וועלכע איז פון איר זייט געווען אַ קינד פונם פייערדיקן רענעסאַנס־פּעריאָד, וועלכע האָט געבראַכן די טויזנט־יאָריקע פינצטערניש פון מיטלאַלטער — האָט געבוירן די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, וואָס האָט פון איר זייט אַראָפּגעהאַקט אַ היפּש ביסל קעפּ פון געקרוינטע, פּריסטער, קאַרדינאַלן, דיפּלאָמאַטן, פעאָדאַלן און פּריצים. אין דעם קאַמף פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן נישט נאָר די גרויסע געדאַנקען פון רוסאָ און וואָלטעיר געשפּילט אַ גרויסע ראָלע — נאָר אויך דער גייסט פון טאָלעראַנץ פאַרן פרייען געדאַנק און די פרייהייט פון מיינונג אויסגעדריקט אין די ווערק פון שפּינאָזאַ און, די גרויסע אידעען פון דאָן קיכאָט, די גרויסע טרוימען פון דעם דאָזיקן ריטערס אַנגעצונדענעם מוח און צעפלאַמטע האַרץ. דאָן קיכאָטס חלומות און טאַטן באַווירקן די מענטשהייט און זיינען אַקטיוו ביז אויף אונזערע טעג.

און נאָך עפּעס, וואָס ווייזט ווי אַזוי די געשיכטע שפּינט אירע פעדים, אירע דינען, דעליקאַטע פעדים פון גערעכטיקייט, טראָץ די אייזערנע פעסטונגען און די טורמעס. טראָץ קאַזאַמעטן און פינסטערע גרענעצן. ווירקלעך, דער געניוס פון דער געשיכטע וועבט זיינע נעצן הויך איבער דער אויבערפלאַך פון דער ערד און ער שליידערט זיי דאָרט, וואו זיי דאַרפן געשליידערט ווערן, טראָץ דעם פאַרבאָט פון דיקטאַטאָרס און הענקערס. דער געניוס פון געשיכטע האָט זין פאַר וויץ און איראָניע. ער איז קלוג און געשייט...

***

דאָס איז געווען אַ גרויסע עפּאָכע — די צייט פאַר און נאָך דאָן מיגועל דע סערוואַנטעס. דער רענעסאַנס־פּעריאָד האָט אַרויסגעפירט אויף דער בינע פון דער וועלט־געשיכטע אַ נייע געשטאַלט — דעם ציווילן בירגער. דעם מענטש. די מענטשן פון מיטלאַלטער האָבן, צי זיי האָבן געוואָלט צי נישט, געמוזט הערן וואָס דער פּויפּסט אָדער דער קעניג זאָגט זיי. אין רענעסאַנס־פּעריאָד וואָגט דער מענטש שוין צו דענקען, צו צווייפלען. צו עקספּערימענטירן. ראַפאַעל קען מאָלן וואָס אים געפעלט. לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי מעג דענקען, דיכטן, מאָלן, שפּילן, פאַרפאַסן און, אין פרייער צייט לערנען מעכאַניק, און, אויב ער איז נאָך נישט מיד, אין דער שפּעטער נאַכט, פּאַלמעסן אַ מת, צענעמען זיינע גלידער, אָדערן און נערוון און לערנען אַנאַטאָמיע און מאָלן די מענטשלעכע מוסקולן און, אין דער פרי, ביים אויפגיין פון דער זון, נאָכקוקן ווי דער פויגל צענעמט זיינע פליגל אין דער פרישער לופט און זון־שוואונג. נישט לאַנג פאַר דער צייט פון סערוואַנטעס איז אַנטדעקט געוואָרן דורך אַ געוויסן מאַז, מיטן נאָמען יאָ־

האָן גוטענבערג, די קונסט צו דרוקן ביכער. די ביבל איז איצט נישט מער געווען אין די הענט פון די כהנים און קלער, פון אויסדערוויילטן קלאַס און סתם פּריווילעגירטע. אַלדוס אין ווענעציע; עטיען אין פּאַריז; פּראָבען אין באַזעל; און פּלאַנטיין מאַרעטוס אין דער אַלטער אַנטווערפּן, ביים שעלדע־ברעג, זיינען איצט געווען אימשטאַנד צו דרוקן די קלאַסישע ווערק פון די גריכן און רוימער און פון די פּראָגרעסיווע און ליבעראַלע דענקער פון אייראָפּע, פון אַלטערטום און דעם מיטלאַלטער אָן. דורך דער דרוקעריי־קונסט זיינען די געדאַנקען, די געוואָגטע אידעען פון אוטאָפּיסטן פון אַלע צייטן, די טעאָריעס וועגן אַ שיין לעבן, וועגן אַ גאָט וואָס איז אַיין פאָטער צו אַלע זיינע קינדער — צו אַלע פעלקער — געוואָרן דאָס געמיינזאַמע פאַרמעגן פון אַלע מענטשן. די מאַסן האָבן אָנגעפאַנגען צו נעמען אָן אָנטייל אין קולטור, אין בילדונג, אין ליטעראַטור און קונסט. דער תנ״ך איז שטודירט געוואָרן דורך פישער אין די לאַנגע ווינטער־נאַכט; דורך סטאָליאַרעס און דורך הייזער־בויער. דער אָרעמער מאַן האָט געקענט פון תנ״ך אַרויסלייענען אַן אַנדער אמת ווי די וואָס די רעליגיעזע פירער האָבן געפּריידיקט. די הערשער האָבן זיך געפילט באַדראָט דורך. דער דאָזיקער גרויסער אַנטדעקונג — די דרוקעריי־קונסט.

צוזאַמען מיט דער אַנטדעקונג פון דער דרוקעריי־קונסט, קומט אויך פאַר אַ דראַנג ביי די אייראָפּעאישע פעלקער צו אַנטדעקן ווייטע לענדער. צו זוכן קירצערע און מער דירעקטערע וועגן צו דער אימפעריע פון קיטאַי (כינע), צו די אינזלען פון זיפּאַנגו (יאַפּאַן), צו דער סודותדיקער אינדיע, וואָס איז נייטיק צו דער האַנדלס־דורשטיקער און אימפּעריאַליסטישער אייראָפּע. שוין אַזוי פרי ווי אין דרייצנטן יאָרהונדערט האָבן די ווענעציאַנישע סוחרים, די פּאָלאָ־ברידער, דורכגעשניטן דעם גרויסן מאָנגאָלישן מדבר, זיך קוים דערשלאָגנדיק צו די גאָלדענע פּאַלאַצן פון כינעזישן כאַן, כדי אָנצוקניפּן האַנדלס־באַציאונגען מיט כינע. (און האַנדלס־באַציאונגען צו יענער צייט — און אַפילו אין אונזער אייגענער צייט, מיינט פריער אָדער שפּעטער צו באַהערשן דאָס לאַנד, מיליטעריש, עקאָנאָמיש און אַפילו רעליגיעז און פילאָסאָפיש). מאַרקאָ פּאָלאָס פאַנטאַסטיש אָדיסייען־בוך האָט אָנגעצונדן די מוחות פון אַלערליי ריטער און קאַפּיטאַנען, פון פאַנטאַזיאָרן, וואַנדערער, רויבער און טרוימער. שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, וועמענס ענערגיע איז דערוועקט געוואָרן אין לאַנגן קאַמף מיט די פאַנאַטישע מאָרן, האָבן אומדערמידלעך געקעמפט צו באַרויבן ווייטע לענדער, צו אונטעריאָכן אומבאַקאַנטע פעלקער, צו רויבן דאָס גאָלד פון געהיימניספולע קאָנטינענטן. וועסט־אַפריקע, די אַזאָרישע אינזלען, די קייפּ־ווערדע איילאַנדס, צווישן דעם קאָאָסט פון אַפריקע און בראַזיליע, אַרגענטינע און די פיליפּינישע אינזלען — לענדער, פעלקער און מדינות זיינען איצט אַנטדעקט געוואָרן, ווי אָפּגעדעקט דורך אַ וואָלקן וואָס די זון האָט צעשמאָלצן. די פעלקער פון אייראָפּע, געווינלעך קאַטוילישע, האָבן מכלומרשט מיטן אויסריד אויסצושפּרייטן קריסטוסעס ממשלה איבער דער וועלט — פאַרכאַפּט פרעמדע טעריטאָריעס, פאַרניכטעט די פעלקער מיט זייער קולטורן, אַרויסגעפירט גאָלד און נייע סאָרטן שפּייזן, געווירצן, איילן און מעדיצינען — און די פאַרברעכער און אַרעסטאַנטן וואָס האָבן די לענדער אַנטדעקט, אויב זיי זיינען נישט אויסגעשטאָרבן פון הונגער און קראַנקהייטן, האָט

מען אומגעבראַכט אין די אייראָפּעאישע טורמעס.

דער וועג קיין אינדיע איז געזוכט געוואָרן מיט גרויס קוראַזש, הגם די רייזעס זיינען געווען געפערלעך. עס איז קיין וואונדער נישט אַז די ערשטע מאַטראָזן זיינען געווען גנבים, רויבער, אַוואַנטיוריסטן, סיפיליטיקער און מערדער. פאַרלאָזנדיק די אייראָפּעאישע טורמעס, זיינען זיי אויסגעשטאָרבן פון הונגער, קעלט, טיפוס און אַנדערע קראַנקהייטן. פאַרן אייראָפּעאישן האַנדל; פאַר די אייראָפּעאישע קעניגן, וואָס האָבן אויפן חשבון פון ווייטע לענדער געוואָלט אויסברייטערן זייערע אימפּעריעס און רייך מאַכן די קעניגלעכע קאַסעס, האָט פיל נישט אויסגעמאַכט וואָס די ערשטע פּיאָנערן זיינען אומגעקומען אין קאַמף מיטן ים און מיט מיקראָבן. וואָס שייך די איינגעבוירענע פון די קאָנטינענטן, האָט מען זיי פאַרן גיהנום אויף דער ערד — צוגעזאָגט דאָס קאַטוילישע גן־עדן פון הימל.

די וועלט איז געוואָרן אָנגעגליט. צעהיצטע מוחות האָבן טאָג און נאַכט געטרוימט פון ווייטע לענדער, געהיימע אימפּעריעס, ווי די מיטלאַלטערלעכע לעגענדע פון „פּרעסטער דזשאָן״, און אַנדערע פאַנטאַסטישע מעשׂות האָט זיי געררייצט און געמאַניעט. די ערד איז רונד — און נישט פלאַטשיק, האָט געפּריידיקט אַ געוויסער פּאָליאַק, ניקאָלאַס קאָפּערניק, אין זיין שריפט, וואָס איז ערשט נאָך זיין טויט דערשינען. און אַ סך האָבן געגלויבט אַז די ערד איז ווירקלעך רונד און מען קען איר אַרומגיין פון אַלע זייטן. די קריסטלעכע קירכע האָט דורכדעם פאַרלוירן איר יחוס אַז די ערד איז דער צענטער פון אוניווערס; אַז קריסטוס איז געקומען צום צענטער פון אוניווערס „אָפּשמדן״ די וועלט, אַלע היידנישע פעלקער און די אידן איינגעשלאָסן; אַז די קאַטוילישע קירכע איז אַזוי אַרום די פּעלזיקע קירכע פון דער וועלט; אַז דער פּויפּסט איז דער הערשער פון אוניווערס — נאָך גאָט. ווי געזאָגט, די קאַטאָליקן האָבן געהאַט זייער פיל צו פאַרלירן, פאַרלירנדיק דעם עגיפּטישן אַסטראָנאָם פּטאָלאָמעאוסעס ערד־צענטער, אַרום וועלכן די זון איז זיך מטריח און דרייט זיך קנעכטיש אַרום דער „קליינער״ ערד — אָבער די קאַפּיטאַנען און מאַטראָזן האָבן געוואונען מער פינקטלעכע מאַפּעס און די אייזערנע לאָגיק אַז ווען מען רירט זיך אַרויס פון איין פונקט פון דער ערד — און מען באַוועגט זיך אין אַ גלייכער ליניע, מוז מען אָנקומען צוריק צום דאָזיקן פּונקט פון אַן אַנדער זייט פון דער ערד. אויב די ערד אַלזאָ איז רונד, מוז מען זי קענען אַרומקרייזן פון אַלע זייטן און דערקענען אירע געהיימענישן און געפינען אַ דירעקטן וועג קיין אינדיע, אַ לאַנד אין וועלכן די ענגגעוואָרענע אייראָפּע האָט זיך קאָמערציעל געגלוסטן...

און דאָ גייט אויף אַ מאַן וואָס גייט אַרייַן אין דער געשיכטע ווי דער אַנטדעקער פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, קרישטאָף קאָלומבוס. דער איינזאַמער גענועזער זון פון אַ וואָל־סוחר וועט אַנטדעקן דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט — די נייע וועלט, וואָס וועט אין יאָרהונדערטער שפּעטער ווערן די היים פון אַ מעכטיקן אידישן קיבוץ. פּונקט ווי אַלט־אַמסטערדאַם איז געווען די היים פאַר די געטריבענע אידן פון דער שפּאַנישער און פּאָרטוגעזישער אינקוויזיציע, אַזוי איז ניי־אַמסטערדאַם (ניו יאָרק), די היים פאַר די געטריבענע פון דער דייטשער אינקוויזיציע.

די דאָזיקע גרויסע עפּאָכע איז דער הינטערגרונט פון סערוואַנטעס און פון דאָן קיכאָט. דאָן קיכאָט איז נישט צופעליק אַרויסגעוואַקסן ווי דער זוכער פון גערעכטיקייט און גוטסקייט. דאָן קיכאָט דער טרוימער איז אין דער אמתן די סומע און דער רעזולטאַט פון אַ גרויסע עפּאָכע. —

***

און, דאָ קומען מיר אויך צו דעם וויכטיקן פונקט, פון וועלכן עס איז אין מוח פון סערוואַנטעס געבוירן געוואָרן די אידייע פון דאָן קיכאָט.

סערוואַנטעס, ווי מען זאָגט, האָט אין זינען געהאַט אָפּצולאַכן פון דער ריטער־עפּאָכע. זינט דעם 11טן יאָרהונדערט זיינען די ריטער געווען די געדונגענע סאָלדאַטן אויף צו פאַרטיידיקן דעם בירגער פון די וויקינגס און די טאַטאַרן, פון די מחמדאַנער און די הונען. פון אַלערליי שונאים פון אויסנווייניק און פון אינעווייניק. ער איז געווען דער ריכ־טער און דער פּאָליסמאַן. ער איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אידעאַ־ליסט און אַ וואַנדערער, וואָס באַזינגט מיט זיין גיטאַרע און מיט זיין שטימע די מעשים פון זיינע פריערדיקע ברידער־העלדן. די ריטער האָבן אָנגעהויבן צו אימיטירן זייער קליידונג, מאַניערן, אופן פון אויסדריקן זיך — לויט די פריערדיקע מוסטערן פון גרויסע ריטער. די ריטער האָבן אָנגעפאַנגען צו רעדן גראַציעז און צו ווערן אַן אויס־געאיידלטע קאַסטע. דער פעאָדאַלער פּאַלאַסט האָט געוויזן דער וועלט ווי אַזוי צו קליידן זיך, צו עסן מיט גראַציע, ווי אַזוי איינצולאַדן אַ שיינע דאַמע צו אַ טאַנץ. מיט דער צייט זיינען די ריטער געוואָרן אַן אָרגאַניזירטער קלאַס וואָס האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין פּלאַץ אויף דער ערד, אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

אָבער זיי זיינען געווען פאַראורטיילט צום שטאַרבן. שטעט זיינען אויסגעוואַקסן איבער נאַכט. די בירגער פון די שטעט זיינען געוואָרן רייך. האָבן געקענט דינגען די בעסטע לערער און זיך פאַרשאַפן קול־טור. זיי זיינען געוואָרן אַן ערנסטער קאָנקורענט פון דעם אַריסטאָ־קראַטן־קלאַס. עס איז דערפונדן געוואָרן שיס־פּולווער און דעם ריי־טערס שילדל, שפּיז און שווערד, אַפילו ווי געשיקט דער ריטער האָט זיך מיט זיי באַנוצט, זיינען געוואָרן איבעריק. מלחמות האָבן נישט מער געקענט אָנגעפירט ווערן ווי שאַך־טורנירן. דער ריטער, וואָס איז גרייט געווען יעדער מאָמענט אויסצופירן אַ העלדישקייט פאַר זיין האַרצנדאַמע — איז געוואָרן אַן איבעריקע, לעכערלעכע פיגור, גיכער אַ מוסקעטיר פאַר ראַמאַנען־שרייבער ווי אַ נייטיקער זעלנער פאַר זעלבסט־פאַרטיידיקונג פונם ישוב.

אין דער צייט פון סערוואַנטעס איז געווען אַ רייכע ליטעראַטור, וואָס האָט דערציילט פון די ריטער, פון זייערע העראָאישע מעשים; פון ווייטע רייזעס און אומבאַקאַנטע קעניגרייכן. די יוגנט איז געווען צעהיצט. די לעכערלעכקייט פון די ריטער, די צעהיצטקייט פון די טרוימער און וואַנדערער; דאָס אַלץ האָט סערוואַנטעס דער סאָלדאַט, וואָס האָט העלדיש געקעמפט אויף די שלאַכט־פעלדער פון איטאַליען, גריכנלאַנד, פּאָרטוגאַל און טוניס, געוואָלט אויסראָטן פון די מוחות פון דער יוגנט.

ווער־ווער, נאָר סערוואַנטעס האָט געוואוסט ווי רייך די געזעל־

שאפט באַלוינט פאַר סאָלדאַטישע העלדישקייטן. דער „איינהענטיקער קריפּל פון לעפּאַנטאָ", ווי מען האָט אים גערופן אין שפּאַניע, וואָס איז געווען פינף יאָר צייט אַ געפאַנגענער ביי די אַראַבער, האָט גע־פּרואווט מערערע מאָל אַנטלויפן, איז שרעקלעך באַהאַנדלט געוואָרן פון דער שפּאַנישער רעגירונג, פון זיינע לאַנדסלייט, פון די קאַלעגן־שריפטשטעלער, פון זיין עפּאָכע.

און אין יענע טעג, ווען ער זיצט אין די טורמעס אין שפּאַניע פאַר אַ מכלומרשטן מאָרד; ווען ער ווערט אַ סוחר און אויפמאַנער פון שטייערן; ווען זיינע קאָמעדיעס ווערן געשפּילט אַן דערפאָלג אין מאַ־דריד; ווען זיינע לידער ווערן אויסגעלאַכט; ווען פון די שיינע שפּאַנישע פרויען איז נישט פאַראַן קיין איינציקע פרוי צו טיילן מיט אים זיין לעבן, זיין היים, זיין געלעגער און זיינע מחשבות — אין יענע טעג גייט אויף צו אים דאָס געשטאַלט פון דאָן קיכאָט. דער וואָס וויל די גאַנצע וועלט באַפרייען און האָט נישט פאַר זיך קיין געלעגער. אין דער פינצטערניש פון דער וועלט; אין אַ רייכער אימפּעריע, שפּאַניע, וועלכע שיקט אַרויס אירע קאָלומבוסעס און מאַגעלאַנס און וואַסקאָ דע גאַמאַס צו אַרומקרייזן דעם פּלאַנעט, צו אַנטדעקן נייע קאָנטינענטן און אָקעאַנען — אין יענע טעג גייט אויף אַ גרויס געשטאַלט צו סער־וואַנטעסן — דער לעצטער גרויסער ריטער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנ־טשאַ. —

דאָן קיכאָט ווערט געמאָלן ווי אַ משוגענער, כדי די קירכע זאָל נישט אַכטן אויף זיינע רייד. דאָן קיכאָט איז צעטומלט פון דער ריי־טער־ליטעראַטור, מיט וועלכער ער לייענט זיך אָן.

„דאָס ערשטע, וואָס ער האָט געטאָן איז געווען — אויסצורייניקן דאָס פאַרראָסטעטע געווער, וואָס איז אים פאַרבליבן פון זיינע אור־עלטערן, און וואָס האָט זיך הונדערטער יאָרן געוואַלגערט אין אַ פאַר־געסענעם ווינקל. ער האָט עס גערייניקט און פאַרריכט ווי ער האָט גע־קענט.

צווישן דעם אַלטן כלאָם האָט ער געפונען אַן אַלטן קיווער, וואָס איז אָבער ניט געמאַכט געווען לויט דער פאָרם פון די קיווערס, וועל־כע ריטער טראָגן. דאָן איז אים איינגעפאַלן איבערצומאַכן דעם קי־ווער מיט קאַרטאָן־פּאַפּיר, כדי ער זאָל אויסזען ווי אַ ריטער־קיווער. אום אויסצופּרואוון צי דער איבערגעמאַכטער קיווער איז גענוג שטאַרק און קען באַשטיין אַ זעץ מיטן שווערד, האָט ער אַרויסגעצויגן זיין שווערד פון שייד און צוויי מאָל אַ האַק געטאָן מיט אים אין דעם קיווער. פאַרשטייט זיך, אַז דער קאַרטאָן איז צעשניטן געוואָרן, און זיין אַר־בעט פון אַ גאַנצער וואָך איז געגאַנגען לאיבוד. דאָס האָט אים אויף אַ מאָמענט צעטומלט. ער האָט אָבער באַלד באַשלאָסן איבערצומאַכן דעם קיווער אויפסניי, פאַרזיכערנדיק זיין שטאַרקייט מיט אייזערנע רייפן, וואָס ער וועט איינשטעלן אינעווייניק פון דעם קאַרטאָן. איצט איז ער שוין צופרידן געבליבן מיטן קיווער, און ניט פּרואוונדיק אים ווידער אַמאָל, איז ער פונדעסטוועגן געווען זיכער, אַז ער האָט שוין איצט אַ וואונדערבאַר שטאַרקן און גוטן קיווער.

נאָכהער איז ער אַוועק באַטראַכטן זיין פערד, און הגם דאָס אָרי־מע באַשעפעניש איז געווען דאַר ווי אַ פּלאַציקע מטבעה, האָט זיך דאָך אויסגעוויזן אונזער צוקונפטיקן ריטער, אַז ניט דער באַרימטער בו־צעפאַל פון אַלעקסאַנדער דעם גרויסן, און ניט דאָס פערד באַביעקאַ,

וואָס האָט געהערט צו סידן, קען זיך פאַרגלייכן מיט זיין פערד.

פיר טעג האָט ער געטראַכט וואָס פאַר אַ נאָמען געבן זיין פערד. ער האָט געזאָגט צו זיך אַליין, אַז אַ פערד פון אַזאַ באַרימטן ריטער, ווי ער איז, דאַרף אויך האָבן אַ באַרימטן נאָמען.

אין זיינע צעטומלטע געדאַנקען האָט ער געגנישטערט צווישן די באַרימטע ריטערס, וועגן וועלכע ער האָט אַזוי פיל זיך אָנגעלייענט, כדי אויסגעפינען די נעמען, וואָס זיי האָבן געגעבן זייערע פערד. ער האָט אויפגעשריבן פילע פון זיי, פאַרמעקט און איבערגעשריבן, טראַכטנ־דיק דערביי, אַז ווען ער אַליין, דער ריטער גייט בייטן זיין סאָציאַלע לאַגע און אויך זיין נאָמען, מוז דאָך זיין פערד אויך באַקומען אַ באַ־וואוסטן נאָמען. צום סוף האָט ער באַשלאָסן אָנצורופן אים: ראָסינאַנטע, אַ נאָמען, וואָס, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, קלינגט זייער שיין און דריקט אויס מער געהויבנקייט און באַדייטונג ווי ווען ער איז געווען פּראָסט: ראָסין, ווייל ער איז געווען דער ערשטער פון אַלע ראָסינען אין דער וועלט.

געגעבן זיין פערד אַ נאָמען, וואָס איז אים אַזוי שטאַרק געפעלן, איז ער צוגעטראָטן געבן זיך אַליין אַ נאָמען. די טראַכטעניש וועגן זיין אייגענעם נאָמען האָבן ביי אים ווידער געגומען אַכט טעג. צום סוף האָט ער זיך אַ נאָמען געגעבן: דאָן קיכאָטע, פון וואָס אייניקע מחברים פון דיזער אמתער געשיכטע האָבן אויסגעדרונגען, אַז ער האָט מסתמא געהייסן היכאַדאַ און ניט קעסאַדאַ, ווי אַנדערע האָבן עס גע־וואָלט האָבן. אָבער דערמאָנענדיק זיך אָן דעם, וואָס דער באַרימטער אַמאַדיס האָט זיך ניט צופרידנגעשטעלט מיטן טרוקענעם נאָמען אַמאַ־דיס, נאָר ער האָט צו דעם נאָמען נאָך צוגעגעבן דעם נאָמען פון זיין פאָטערלאַנד, כדי דערמיט באַרימט צו ווערן, און ער האָט זיך דאָן גערופן: אַמאַדיס דע גאַאולאַ. האָט ער אויך, ווי אַ גוטער ריטער, צו־געגעבן צו זיין נאָמען דאָס נאָמען פון זיין פאָטערלאַנד און האָט זיך גערופן: דאָן קיכאָטע דע לאַ מאַנטשאַ. דער נאָמען, ווי אים האָט זיך געדאַכט, באַווייזט זייער קלאָר און אויסדריקלעך זיין אייגענעם יחוס און דעם כבוד וואָס ער פאַרשאַפט זיין פאָטערלאַנד מיט דעם, וואָס ער האָט אָנגענומען דעם פאָטערלאַנדס נאָמען פאַר זיך אַלס צווייטן נאָמען.

איצט, נאָכדעם ווי ער האָט אויסגערייניקט און פאַרריכט דאָס געווער, אויסגעפּאַרטיקט זיין קיווער, אַ נאָמען געגעבן דעם פערד און זיך אַליין, איז ער געקומען צום געדאַנק, אַז אים פעלט נאָך אָפּצוזוכן אַ דאַמע, אין וועלכער ער זאָל זיך פאַרליבן, ווייל אַ וואַנדערנדער ריטער אָן ליבעס איז ווי אַ בוים אָן בלעטער און אָן פרוכט און ווי אַ גוף אָן אַ נשמה. ער האָט צו זיך אַליין געזאָגט: „אויב איך, פאַר מיינע שלעכטע זינד, אָדער פאַר מיין גוטן מזל, וועל דאַרט באַגעגענען עפּעס אַ גיגאַנט, ווי עס טרעפט געוויינלעך ביי וואַנדערנדע ריטער, און איך וועל אים שטירצן מיט איין קלאַפּ, אָדער איך וועל אים אויף צווייען צעשניידן, אָדער, צום סוף, איך וועל אים באַזיגן און ער וועט זיך מיר אונטער־געבן, וואָלט דען ניט גוט געווען האָבן צו וועמען אָפּשיקן אים פאַר־צושטעלן זיך און ער זאָל אַריינקומען, פאַלן אויף די קני פאַר מיין זיסער דאַמע און מיט אַ הכנעהדיקן טאָן זאָגן: „איך, האַרנטע, בין דער גיגאַנט קאַראַקוליאַמבראַ, דער הערשער פון דעם אינזל מאַדינדראַניאַ, וועמען עס האָט באַזיגט אין אַ זאַנדערבאַרן געפעכט דער קיינמאָל ניט גענוג געלויבטער ריטער דאָן קיכאָטע דע לאַ מאַנטשאַ. ער האָט מיך

געשיקט איך זאָל זיך פאָרשטעלן פאַר אייך און איבערגעבן זיך צו אייער גענאָד, כדי אייער גרויסקייט זאָל טאָן מיט מיר ווי אייך געפעלט". אָ, וויפל גליקזעליקייט און רו אונזער גוטער ריטער האָט געפונען, ווען ער האָט אַרויסגערעדט די דאָזיקע ווערטער, און נאָך מער, ווען ער האָט געפונען וועמען אָנצורופן פאַר זיין דאַמע!

מ'ען גלויבט, אַז ניט ווייט פון זיין וואוינאָרט האָט זיך געפונען אַ יונגע אַרבעטאָרין פון זייער אַ שיינעם אויסזען, אין וועמען ער איז איין צייט פאַרליבט געווען, הגם זי, ווייזט אויס, האָט קיינמאָל ניט געוואוסט דערפון. געהייסן האָט זי, אַלדאָנסאָ לאָרענסאָ. און אָט דער פערזאָן איז אים וואויל געפעלן צו געבן דעם טיטל: הערשערין פון זיינע געדאַנקען. זוכנדיק פאַר איר אַ נאָמען, וואָס זאָל ניט זיין נידעריקער פון זיינעם, און ווייט ניט אָפּשטיין פון אַ פּרינצעסין און אַ גרויסער האַרינטע, האָט ער זיך דערטראַכט אָנצורופן זי: דולצינעאַ דע טאָבאָסאָ, ווייל זי איז געבוירן געוואָרן אין יענעם אָרט. אַ נאָמען, לויט זיין מיינונג, אַ מוזיקאַלישער, אַ פּראַכטפולער, אַ פיל־באַדייטנדער, ווי אַלע די איבעריקע נעמען, וואָס ער האָט געגעבן זיך און צו אַלץ, וואָס אים געהערט". אַזוי שרייבט סערוואַנטעס וועגן זיין העלד אינם ערשטן קאַפּיטל, וואָס עפנט זיין גרויסע נאָוועלע.

ווען דאָן קיכאָט שטאַרבט, ווערט זיין שווערד און שפּיז פאַרקויפט, כדי צו באַצאָלן זיינע חובות. אָבער דער דאָזיקער קיוועך ווערט נישט פאַרלוירן. ער גייט איבער בירושה פון האַנט צו האַנט. דער דאָזיקער אייזערנער קיוועך איז געווען טעטיק אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. פילע העלדן און שטרייטער האָבן זיך מ'יט אים באַנוצט. מיראַבאָ האָט אים געהאַלטן אין האַנט, ווען ער האָט מיט אים געפאָכעט קעגן דעם קעניג און דעם פעאָדאַלן סיסטעם. דעם קיוועך האָט טראָצקי געטראָגן ביי זיין זייט, ווען ער איז געווען דער גענעראַל פון דער רויטער אַרמיי. ס'האָט אים ראָזאַ לוקסענבורג אונטער איר מאַנטל געטראָגן, און ווען מען האָט זי געטויט, האָט עמעץ — אַ געהיימע האַנט, אַרויסגערופן דעם קיוועך און ער איז שפּעטער דערשינען אין דער וואַרשעווער געטאָ — אין די הענט פון אַ בלייכן אידישן מיידל — אַ געטאָ־קעמפערין קעגן די נאַציס. שפּעטער איז ער איבערגעגאַנגען צו די אידישע טעראָריסטן, קעמפנדיק קעגן די בריטישע דזשענטלמענער וואָס דערשטיקן מיט טרערן־באָמבעס קינדער פון אידישע פליכטלינגען... דער קיוועך פון דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ האָט נאָך נישט געשפּילט זיין לעצטע ראָלע — האָט נאָך נישט געפאָכטן זיין לעצטע שלאַכט... ער האָט נאָך פילע אויפגאַבן. ער וועט נאָך בליציק דערשיינען אין אַ סך געפעכטן...

דער קבר פון דאָן מיגועל דע סערוואַנטעס איז נישט באַקאַנט צו קיין איינציקן שפּאַניער, פונקט ווי דאָס קבר פון קאַמאָענס, זיין פּאָרטוגעזישער ברודער־דיכטער, שעפער פון גרויסן פּאָרטוגעזישן עפּאָס „די לוזיאַדן", איז נישט באַקאַנט. אָבער דאָן קיכאָט וואַנדערט אַרום יואו נאָר די וועלט האָט אַן עק.

לאָרד בייראָן האָט פיינט געהאַט סערוואַנטעסן, ווייל ער האָט אָפּגעשפּאָט פונם ריטערטום אין שפּאַניען. אָבער ווער איז נאָך אַזאַ טראַגישער ברודער פון דאָן קיכאָט, ווי דער איינזאַמער לאָרד בייראָן, וואָס שטאַרבט אין מוסאָלינגי, פּאַרטיידיקנדיק די גריכישע פרייהייט?! דאָן קיכאָט איז אַריין אין דער וועלט־ליטעראַטור און אין דער וועלט־

מאָלעריי. דאָמיער מאָלט אים אין פילע בילדער און גאָיאַ, זיין לאַנדס־מאַן, פאַרערט אים און דריקט אים צום האַרצן. עדגאַר עללען פּאָו, דער איינזאַמער אַמעריקאַנער ריטער, צייכנט זיינע קאָנטורן אין דעם איינזאַמען ריטער וואָס זוכט דאָס לאַנד עלדאָראַדאָ און ער באַגעגנט אויפן וועג — אין די ווינטן, די גייסטער פון די אומגעקומענע ריטער. עס באַגעגנט זיך יעדער באַדייטנדיקער דיכטער מיטן דאָזיקן געשטאַלט, וואָס קיין שום אומגליק קען נישט אַנטוישן, הגם עס ווייעט איבער אים אַ שטורעם פון ביטערע אַנטוישונגען. ווייל דאָן קיכאָט איז דאָס אמתע געשטאַלט פונם פּאָעט. ווי דער פּאָעט, באַזיצט ער גאַרנישט אין דער דאָזיקער וועלט, אויסער זיין דיכטערישן טאַלאַנט די וועלט אין דיכ־טונג צו פאַרוואַנדלען. צו די פּאָעטן און קינסטלער איז ער אַ הייליקער ברודער, ווייל ער איז דער דיכטער וואָס פּרוּווט ברענגען דיכטונג צו דער וועלט. ווייל ער איז אַן עקשן און ער לעבט זיין אייגן לעבן דיכטעריש. ווייל ער מאַכט מיט געוואַלט די וועלט צו אַ ספר. ווייל ער ווערט מיט געוואַלט דער העלד פון אַ בוך. ווייל ער זעצט איבער רעאַליטעט אין פאַנטאַזיע. ווייל ער אַנערקענט נישט קיין שום קאָנ־פליקט צווישן רעאַליטעט און טרוים. ווייל דאָס וואָס ער טראַכט און פאַנטאַזירט, וואַגט ער צו לעבן. וועלכער העלד אין דער וועלט־לי־טעראַטור איז מער אויפריכטיק ווי דאָן קיכאָט? ווער קען זיך באַרימען מיט מער דרייסטקייט?

פאַוסט, זיין מיטלאַלטערלעכער לאַנדסמאַן, זעט ערשט ביים סוף פון זיין לעבן איין זיין טעות, און ער באַקערט זיך צום גוטן און קאָנ־סטרוקטיוון.

די גאַנצע צייט טרינקט ער די גיפטיקע זיסקייטן פון דעם טייוולס בעכער. האַמלעט וואַנדלט אַרום ווי אַ שאָטן אין די געזרוימע זאַלן פון זיין פּאַלאַץ, וואו די לופט איז פאַרפּעסטעט מיט פאַרברעכן. דער ווינט פון צווייפל מאַכט אים כסדר זיך וואַקלען. אָבער דאָן קיכאָט, צו אים איז קיין צווייפל נישט באַקאַנט. ער איז ווי פון איין מאַטער־יאַל געגאָסן. קיין צווייפל — קיין אַנטוישונג — קיין שמייכל — קיין ציטערניש אין זיין האַנט, וואָס איז שטענדיק וואַך ביים הענטל פון זיין קיווער...

דאָן קיכאָט הערט קיינמאָל נישט אויף צו קעמפן. ער איז דער גייסט פון אייביקן קאַמף קעגן דעם שלעכטס פון דער ערד. דער משוגענער ריטער דאָן קיכאָט איז באַזעסן פון אַ גרויסע אידייע. און ווי אַ וואַנזיניקער ווייסט ער נישט פון טוישן קרעדאָס און רעליגיעס. ער פאַרדינגט זיך נישט צום טייוול פאַר גאָלד און פאַרגעניגנס.

דאָן קיכאָטס ווירקונג אין דער אידישער ליטעראַטור איז מאַ־טעריאַל פאַר אַ וויכטיקער שטודיע. גענוג צו דערמאָנען מענדעלעס „מסעות בנימין השלישי״. באַנטשע שוויג, פון פרץ, איז אויך נישט פריי פון שטריכן פון סאַנטשאָ פּאַנטשאָ און דאָן קיכאָט. נישט פריי פון סערוואַנטעס׳ס ווירקונג איז אויך שלום עליכמס מנחם־מענדל.

אַ סך אידישע פּאָעטן האָבן געשריבן לידער, געווידמעט דעם אײדעלן ריטער דאָן קיכאָט... איינס פון די דאָזיקע לידער, פון זישאַ לאַנדוי, ברענג איך דאָ ווי אַ ביישפּיל ווי אַזוי דער אידישער פּאָעט האָט פאַרשטאַנען די נאָבעלע און באַשיידענע נאַטור — די הייליקע נאַאיוויטעט, פון דעם שפּאַנישן ריטער:

„וואָס דאָן קיכאָט האָט געפּילט ווען מען האָט אים אויסגעלאַכט".

דער שטאָלץ פון ריטערטום, די ערע פון לאַ מאַנטשאַ,
דאָס ליכט, וואָס לייכט אַזוי פיל דורות שוין
צום פרייד פון אַלע גוטע און פון ריינע;
אָ, דער וואָס האָט געזען פאַרשטעלטע ריטער
אין אַרבעטער, גנבים און אין רויבער;
פאַר ווענען די וואָס וואַרטן ביי די שענקען
געווען זיינען הערלעכע פּרינצעסינס,
און יעדע וועשין איז געווען דולציניי —
פאַרגאַנגען איז אַמאָל אין אָוונט צו אַ פּרינץ,
אַן אָרט, וואו אַנצושפּאַרן איבער נאַכט דעם קאָפּ, געבעטן.
געווען איז דער פּרינץ אַן אַכזר, און דאָס שלעכטע האַרץ
האָט אָנגעהויבן זיך און אים פאַר פרייד באַוועגן.
און צוגעטראַכט האָט דער אומגליקלעכער, כּדי זיך מאַכן לוסטיק,
טאַרטורן דינע פאַר זיין וואונדערבאַרן גאַסט.
איין טראַט איז בלויז, ווי יעדער פון אונז ווייסט, פון כּבוד צו בזיון,
האָט ער אַזוי פיל כּבוד אונזער האַר געגומען ווייזן,
און ווילד אַזוי דערביי איבערגעטריבן,
און דאָן קיכאָט געבליבן שטיין איז אומבאַהאָלפן,
און ווי אַ אינגל זיך פאַרלאָרן.
דאָך באַלד האָט אַ ניט־דרייסטער שמייכל צוגעדעקט זיין פּנים,
און זיינע ליפּן האָבן אָנגעהויבן שטיל, פאַר זיך, צו שטאַמלען:
מסתמא איז דאָך דאָ אַזאַ מין מנהג.
אָ, ניט געזען האָט אונזער האַר
(ווי ס'שטיקט זיין ווירט זיך פאַר געלעכטער!
ווייל צו אומשולדיק איז דער האַר געווען!
ווייל ס'איז צו ריין דעם האַרנס האַרץ געווען,
אַז ער זאָל גלויבן, ס'קאָן אַ מענטשלעך האַרץ דערפרייען
דאָס שפּעטן און דאָס לאַכן פון אַ צווייטן".

די נאַכט פאַלט צו. די זון זעצט זיך גרויס און ציטערנדיק. איינ־זאַם אין דער נאַכט אַריין רייט דער הויכער ריטער אויף זיין דאַרער שקאַפּע. אומענדלעך איז דער וועג. אומענדלעך איז די פינצטערניש. ריטער דאָן קיכאָט דע לאַ מאַנטשאַ שרעקט זיך ניט. ער רייט אַריין אין דער פינצטערניש פון דער מענטשלעכער געשיכטע. אַנטקעגן אים רייסן זיך גייסטער און שאָטנס פון געשטאָרבענע ריטער, ווי די פלעג־דערמייז. נאָר ער רייט אַלץ פאָראויס — שטאָלץ אַנטקעגן דעם שיק־זאַל. ער איז איינציק און אַליין — ער איז דער קעמפער און די מלחמה. ער איז דער דיכטער און די דיכטונג. ער איז דער העלד און די נאָ־ווועלע. ער איז דער גלויבן און די רעליגיע. ער איז דער נביא און ער דינט געטריי און העלדיש צו זיין גרויסן גאָט — צום אמת. ער איז דער נביא און די גערעכטיקייט איז זיין תנ"ך. —

# ז. סעגאַלאָוויטש

(דער קבלת פנים פאַרן באַרימטן שריפטשטעלער. — זיין אָרט אין דער אידישער ליטעראַטור. — זיין מיסיע פאַר אידיש).

אַוודאי איז געקומען אַ גרויסער אידישער עולם באַגריסן דעם נאָוועליסט און פּאָעט ז. סעגאַלאָוויטש. אָבער, מיר דאַכט, אַז צען מאָל און צוואַנציק מאָל אַזוי פיל האָבן געדאַרפט און געמוזט קומען צו באַגריסן אַ רעפּרעזענטאַנט פון פוילישן אידנטום. ווייל פון די עלטערע שרייבער איז ז. סעגאַלאָוויטש כמעט דער איינציקער וואָס איז געבליבן לעבן. צופאַל צי נישט צופאַל, אָבער פאַר דיר, אויף דער בינע, איז געשטאַנען אַ שלאַנקער, הויכער און שוואַרצער מאַן, שוואַרץ ווי אייזן, פאַרשטיינערט ווי גראַניט, אַזוי ווי דער נביא ירמיהו איז פאַרשטיינערט געוואָרן ווען ער האָט מיט פאַרטרערטע און פאַרבלוטיקטע אויגן אַראָפּגעקוקט אויפן צעשטערטן ירושלים, אויף אירע פּרינצן און פּרינצעסינס וואָס מען שלעפּט אין קייטן געשמידטע — און ער, ז. סעגאַלאָוויטש, האָט מיט זיך פאַרקערפּערט די שטעטלעך מיט יענער ענטוזיאַסטישער אידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט געלייענט און געלערנט די אידישע ליטעראַטור. וואָס האָט דיסקוטירט איבער מענדעלע און פּרץ. וואָס האָט זיך צו די קליינשטעטלדיקע מיידלעך דערקלערט אין ליבע לויט לייב ניידוס און קולבאַק און בראָדערזאָן, און וואָס האָט מיטגעטראָגן אין די פוילישע וועלדער, אין די שבת נאָכמיטאָגן, די ראָמאַנען פון ז. סעגאַלאָוויטש און שלום אַש, די דיקע בענדער פון איבערזעצונגען פון טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, טשעכאָוו, טורגעניעוו און גאָרקי. די אידישע יוגנט איז געווען דורשטיק נאָך דער וועלט. און זי האָט איר דורשט געשטילט מיט וועלט-ליטעראַטור, מיט רייזע באַשרייבונגען, מיט רעפלעקסן פון פּאַריז און לאָנדאָן, רוים און זשענעוו. און פון צייט צו צייט האָט אַ אידישער נאָוועליסט צי פּאָעט, טאַקע ז. סעגאַלאָוויטש אַליין, געמאַכט אַ רייזע אין צענטראַל-אייראָפּע, צו באַזוכן דעם „לוואורע", צו גיין אין פּאַריזער האַרבסט און טראַכטן פון היינע אויף די בולוואַרן, כדי שפּעטער צו באַשרייבן שפּאַנישע מאָלערס און טעמפּלען פון מאַדריד, גראַנאַדאַ, צי סאַראַגאָסאַ, אַמאָליקע אידישע טעמפּלען, אין די צייטן פון דן יצחק אברבנאל. דעריבער האָב איך דערוואַרט אַ מיליאָן אידן צו קומען באַגריסן דעם פּאָעט וואָס האָט פיזיש ממש באַרירט דאָס פוילישע אידנטום, איידער עס איז געגאַנגען זיין ביטערן, זיין פינצטערן גאַנג צום אָפּגרונט.

אין זיינע אויפריכטיקע ווערטער וועגן דעם פּאָעט, אויף זיין קבלת פנים, האָט ז. קאַזדאַן דערמאָנט, אַז די סטאַטיסטיקס אין די אידישע ביבליאָטעקן אין פוילן האָבן געוויזן אַז די אידישע יוגנט לייענט ז. סעגאַלאָוויטשעס ווערק צום מערסטן. דאָס איז געווען אַ גוט-באַקאַנטער אמת. אָפּטמאָל איז ז. סעגאַלאָוויטש קריטיקירט געוואָרן פאַר זיין מכלומרשטער „לייכטקייט".

י. מ. ווייסענבערג האָט פון צייט צו צייט זיך געטשעפּעט צו ז. סעגאַלאָוויטש, דווקא וועלנדיק ציען אַ פּאַראַלעל צווישן סעגאַלאָוויטש און שעקספּיר. אָבער ווי גוט שעקספּיר איז געווען, האָט דאָס אידישע מיידל ליב געהאַט צו לייענען ז. סעגאַלאָוויטשן. ז. סעגאַלאָוויטש האָט

צו איר געבראַכט דאָס ראָמאַנטישע, די ליבע, דעם יוגנטלעכן שפּיל פון געפילן, דעם טרוים, דעם כישוף פון איר מיידלשער נאַטור. די אידישע שטודירנדע יוגנט האָט געלייענט פּויליש. די אידישע חנעוודי־קע סטודענטקעס האָבן גראַציעז קאָקעטירט מיט יוליאַן טואווימס לידער, וואָס האָט זיך אָפּטמאָל דערלויבט חוזק צו מאַכן פון אידישן „שאַכער־מאַכער". דער סטודענט האָט געליי־ענט קאַזשימיערזש טעט־מאַיער און סטאַפוס לירישע פּאָעזיע. מען האָט געלייענט וויטלין, סלאָנימסקי און דעם פּאַשיסט קאַדען באַנדראָווסקיס ראָמאַנען. מען האָט געלייענט די פּוילישע איבערזעצונגען פון ראָמען ראָלאַנס „זשאַן, קרישטאָף" און האַמסונס „וויקטאָריאַ", „פּאַן" און „די ברכה פון דער ערד".

אָבער דאָס אידישע דינסט־מיידל, דאָס אַרבעטער־מיידל וואָס גייט אין פּראָפעסיאָנעלן פּאַראיין, דאָס שטילע, דאָס ליכטיקע מיידל, געבוירן אין קליינעם שטעטל, וואָס האָט געבענקט קיין וואַרשע — זי האָט די פּוילישע פּאָעטן ניט געלייענט און ניט פּאַרגעטראָגן זייערע פּערזן אַזוי גראַציעז און קאָקעטירנד. איר ראָמאַניסט איז געווען ז. סעגאַלאָוויטש. און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער צו איר געקומען — געקומען פון ווייטן רוסלאַנד, פון פּרעסט, שנייען, רעוואָלוציע, הונגער, טיפוס, משוגעת און טויט. עס איז דעמאָלט געווען די שענסטע צייט פון דער ליטעראַטור פון די יונגע אידישע דיכטער אין פּוילן: משה בראָדערזאָן איז געקומען אַן אויסגעפּוצטער פּראַנט פון מאָסקווע, אַ פוטוריסט־פּאָעט מיט סאָמעטענע „שוואַרץ־שבת"־טריאָלעטן; מלך ראַוויטש האָט געטראָגן זיין באָרד און האָט געהאַלטן רעדעס — מאַניפעסטן פּאַר דער „כאַליאַסטרע" און אַפּאָלאָגיעס פּאַר פּרץ מאַרקישעס דיכטונג; אורי צבי גרינבערג האָט אַרויסגעטראָגן זיין „פּאַרנאַכטנגאָלד" און זיין באַרימטן „מעפּיסטאָ"; פּרץ מאַרקיש איז איבער נאַכט באַרימט געוואָרן מיט זיין פּאַטשן אין ליטעראַטן־פּאַראיין אַ חשובן אידישן דענקער, מיט זיין „ראַדיאָ", די „קופּע" און „סתם". עס האָט זיך דורכגעטראָגן אין פּוילישן לאַנד אַ שעפּערישער ווינט. פון דער ערד זיינען אויפגעגאַנגען זוימען וואָס האָבן זיך צעבליט אין פּרעכטיקע שאָפונגען. עס איז געווען נאָכן קריג, נאָכן חורבן. אַ גרינע, זיידענע גראָז איז אויפגעגאַנגען איבער דער פּוילישער ערד. דורשטיק נאָך ליבע, נאָך דיסקוסיע, נאָך פּאָליטישער אַקטיוויטעט איז געווען די אידישע יוגנט. און די פּאָעטן זיינען געווען די אַקטיאָרן וואָס האָבן אויפגעפירט פּאַרן ענטוזיאַסטישן אידישן פּובליקום דאָס וואונדערלעכע שפּיל — אַ קאַפּיטל אין דער נייער אידישער ליטעראַ־טור. די קלאַסיקער זיינען מכלומרשט אַראָפּגעריסן געוואָרן. פון לייב ניידוסעס פּרעכטיקן פּערזנקראַנץ האָט מען אויסגעריסן די בלומען און די ניט־גראָווירטע בלעטלעך. דוד איינהאָרנס „שטילע געזאַנגען" זיי־נען געוואָרן אינגאַנצן שטיל.

און דאָ איז געקומען ז. סעגאַלאָוויטש — אינגאַנצן אַן איינזאַמער. ער איז געווען מיד פון ליטעראַרישע רעוואָלוציע, ווייל ער איז געווען מיד פון דער רוסישער רעוואָלוציע. און פון טומל בכלל. ער איז ניט געווען קיין מאָדערניסט, ווי מאַרקיש, ווי מאַרק שאַגאַל, וואָס האָט געאַרבעט איבער זיין מאָלעריי אין פּאַריז און געהאַט אומדירעקט אַ שייכות צום דאָזיקן פּעריאָד. ווי אַן איינזאַמער צויבערער, האָט ז. סעגאַלאָוויטש גענומען צויבערן דעם זייד פון זיין מיניאַטור. דעם

פליוש פון זיינע „מאַן־בלומען". די פּוילישע לאַנדשאַפט פון זיינע ראָמאַנען, ראָמאַנען, וועלכע קומען פאַר אין פּוילן, פאַר די אויגן פון די בחורים און די מיידלעך וואָס מאַכן די ראָמאַנען...

עס האָט נאָך דעם וועלט־קריג פאַרשמעקט מיט בעז און מיט אַקאַציע, מיט בלויען בעז און בלייכער אַקאַציע פון זיינע נעטע, דורכ־זיכטיקע בלעטער מיט פּאָעזיע. זאָלן אַנדערע מאַכן רעוואָלוציע. מאָ־דערניזם איז גוט. עס איז אַ סטימול צום שאַפן ליטעראַטור, קונסט. נייע ליטעראַרישע שולן מאַכן געשיכטע. ברעכן טראַדיציע. ברעכן די אייביקע מאָנאָטאָניע פון איינגעשטעלטע און קאָנסערוואַטיווע גע־זעצן, וואָס ווערן מיט דער צייט אַן אָנוואוקס און אַ שטערונג.

נאָר אויף דער זייטיקער, איינזאַמער סטעזשקע — די סטעזשקע פון אייביקייט — גייט אייביק אַ פּאָעט מיט אַ טאָרבע לידער. ער גייט פאַרביי דעם טומל פון עפּאָכן און פּעריאָדן. ער טראָגט זיין צניעותדיק ליד צו צו מענטשן — זיין קריגל ווייַן. יעדער מאָל שטעלט ער זיך אָפּ, טוט אַ שלונג פונעם קריגל ווייַן, אַ נאַכטיגאַל ציטערט צאַרט אויף צווישן די זילבערנע צווייגן — זי זינגט דאָס ליד פון לי־טאַי־פּאָ, פון פּערסער האַפיז, פון איציק מאַנגער, פון לייב ניידוס, פון ז. סעגאַלאָ־וויטש... און אַזוי האָט ז. סעגאַלאָוויטש שטילערהייט געפאַנגען דאָס האַרץ פון זיין לעזער און שיינער לעזערין — פּונקט ווי שמר האָט עס געהאַט געפאַנגען מיט יאָרן צוריק — פּונקט ווי פּרץ האָט עס געפאַנגען ביי דער שטורמישער, ברויזנדער יוגנט פון „זאַקסישן גאָרטן".

דאָס מיידל איז שבת נאָכמיטאָג געלעגן אין פּוילישן וואַלד — און זי לייענט געמיטלעך די בלעטער פון „די ווילדע צילקע", „דאָס אַנאַרכיסטישע מיידל", „אייביק איינזאַם", „די גאָלדענע פּאַווע", „און־זער פּרוי" און „קאַזשימיערזש". און זע — דער פּוילישער וואַלד רוישט מיט זיינע שטאַרקע ביימער אין סעגאַלאָוויטשעס ראָמאַנען. די זעלבע בוימער וואָס רוישן איצט איבער איר בלייכן, צאַרטן אַקסל; הער, עס זינגט די זעלבע קוקאַווקע אין פּוילישן, שבתדיקן וואַלד און אין ז. סעגאַלאָוויטשעס ראָמאַן. און בלומען דרייען זיך צאַרט ביי די לאַנגע האָר פון דעם ליבן מיידל. עס זיינען די בלומען פון סעגאַלאָ־וויטשעס ראָמאַנען. עס איז די טיפּיש־פּוילישע לאַנדשאַפט פון זיינע נאָוועלן. ווייל ז. סעגאַלאָוויטש האָט ניט קיין מורא געהאַט אָפּטמאָל אויף צענדליקער זייטלעך אָפּצולאָזן, צו „פאַרגעסן" אין זיין העלד און זיך פאַרבלאָנדזשען אין פּוילישע וועלדער, אין קאַזשימיערזשער בערג־און־טאָלן־פּייזאַזש; ער האָט ליב געהאַט צו מאָלן די נאַטור צו־ליב דער נאַטור זעלבסט. ווייל פּוילנס נאַטור איז געווען זיין גרויסער ראָמאַנס. ווייל ז. סעגאַלאָוויטש, ווי געזאָגט, האָט פיל איבערגעלעבט, צופיל געליטן פון הונגער, קראַנקהייט, אַנטוישונג אין מענטשלעכע אידעאַלן. און לירישע, עלעגישע, איינזאַמע נאַטורן גייען צו דער נאַ־טור ווי צו גאָט. די אומשולדיקייט פון דער לאַנדשאַפט גלעט זיי דאָס האַרץ. קילט זיי די נערוון.

און וואָס שייך זיין העלד, פון אַלע זיינע ראָמאַנען, מיניאַטורן און פּאָעמען, — האָט ער ניט קיין מורא געהאַט אים צו „פאַרגעסן" אויף עטלעכע זייטלעך פון זיין דערציילונג. דער העלד איז געווען ז. סע־גאַלאָוויטש. צופיל פּאָעט איז ז. סעגאַלאָוויטש געווען — כדי צו קע־נען געבן אַן „אָביעקטיוון" העלד. דער העלד פון אַלע ראָמאַנען —

ז. סעגאַלאָוויטש אַליין. קריטיקער האָבן עס פאַרגעוואָרפן ווי אַ חסרון. ס'האָט זיי געאַרט וואָס דער נאָוועליסט דערציילט אַזוי פיל — און שטענדיק — פון זיך אַליין. פון דעם „אייביק־איינזאַמען" אין זיין ראָמאַן „אייביק־איינזאַם".

אָבער אמתע מבינים וויסן אַז דאָס איז דער אייביקער כישוף אין ליטעראַטור. עס איז דער העלד, דער מחבר, וואָס שפּילט פאַר אונז אַלע אונזערע דראַמען. ז. סעגאַלאָוויטש האָט געשפּילט פאַר דער אידיש־פּוילישער יוגנט זייער לעבן. זייערע ליבעס. זייערע אייפערזוכטן. זייערע אידעאַלן און זייערע טרוימען. מיר האָבן ליב אין דער פּראָזע דעם איך־טאָן, דעם סוביעקטיוון אופן פון דערציילן. דאָס איז אַן איראָ־פּעאישער זשאַנר וואָס די פיינע אינטעליגענץ, די מענער פון געשמאַק, דער לייענער וואָס זוכט בײשפּיל אין זיינע העלדן, דער דורשטיקער נאָך די אויטאָרן און זייער לעבן — זוכט. ווייל אין אונזער צייט האָבן שרייבער באַנקראָטירט. מען זעט זיי יעדן טאָג. דער עולם איז אין זיי אַנטוישט. אָבער די מענטשן פון די קליינע שטעטלעך בענקען נאָך דעם שרייבער. ער איז גרויס פאַר זיי — נעקסט צו גאָט. דעם שריי־בערס קאָנפעסיע טרינקען זיי ווי ווײַן. אָפטמאָל גייט מען אָפּ ריזיקע דיסטאַנצן און אַ וועלט־ראָמאַן, כדי אַנצוקומען אין דעם אָאַזיס וואו דער מחבר ווערט אינטים מיטן לעזער און דערציילט אים אין ערשטער פּערזאָן־פאָרם פון זיין לעבן. מיר האַלדזן דעמאָלט דעם שריפטשטעלער וואָס איז געווען אַזוי פריינדלעך צו אונז...

ז. סעגאַלאָוויטש איז געקומען פון דער בונדישער אַרבעטער־באַוועגונג. אין יאָר 1905 איז ער געווען טעטיק אין דער אומלעגאַלער צוגרייטונג אַראָפּצוואַרפן דעם צאַר, אַרויסצורייסן שטיקער פרייהייט פון דער צאַרישער הערשאַפט פאַר דעם אידיש־פּוילישן פּאָלעטאַריער. געקומען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג כדי אין זיין בוך „ראָמאַנטישע יאָרן" צו דערציילן צו די אידישע אַרבעטער־מאַסן פון „יענע צייטן". דער רעוואָלוציאָנער־געשטימטער פּאָעט, וואָס ווערט וואָס אַמאָל מער אַנטוישט אין רעוואָלוציע, נאָכדעם ווי ער לעבט איבער די רוסישע רעוואָלוציע אין 1917, די שרעקלעכע יאָרן פון בירגער־קריג, ווערט אָבער ניט אַנטוישט אין זיין פאָלק.

ווען מיר הערן אים רעדן איצט, אין פעברואַר, 1948, פון דער פּלאַטפאָרם אַראָפּ וועגן די אידן מיט די בערד, די פּוילישע אידן מיט די בערד וואָס זיינען ניט אַנטלאָפן ווי מיר, די שרייבער, די אינטע־ליגענץ זיינען געלאָפן — זאָגט ז. סעגאַלאָוויטש, נאָר וואָס זיינען געבליבן אין פּוילן, אין זייערע קליינע שטעטלעך, ביז צום לעצטן טאָג, ווייל זיי האָבן זיך ניט געוואָלט צעשיידן. ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט איבערלאָזן אַ מוטער, אַ מומע, אַ באָבע אין אַ פאַרוואָרפענעם שטעטל; די אידן מיט די בערד וואָס האָבן פון אונז, שרייבער, ניט געוואָלט וויסן, נאָר האָבן געלעבט אין זייערע געטאָס, מיט זייער משניות און מיט זייער גמרא, מיט זייער טויזנט־יאָריקער טראַדיציע און גלויבן אין גאָט; די אידן מיט די בערד און לאַנגע פּאות און אַטלאַסענע קאַפּאָטעס וואָס זיינען אויסגעלאַכט געוואָרן אי פון די גוישע אַנטיסעמיטן, אי פון די אידישע ראַדיקאַלן, פון דער אידישער אינטעליגענץ — זיי, וואָס זיינען פאַרבליבן אין פּוילן די העלדישסטע און די געטרייסטע צום אידישן פאָלק —

ווען ז. סעגאַלאָוויטש רעדט איצט וועגן די אידן מיט די בערד,

די געשטאַלטנע און ליכטיקע חסידים, וואָס ער האָט אַזוי פּאַטעטיש און ערלעך באַשריבן אין זיין בוך „טלאָמאַצקע 13“ — דער קדיש נאָך די פּוילישע אידן, נאָך די אידישע שריפטשטעלער, טראַכט איך, אַז ניט ערשט האָט ער דערזען דאָס רייכקייט און דאָס גאָלד פון די אידן נ:יט די בערד. נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה דערשיינט זיין באַנד „די גאָלדענע פּאַווע“. און אין די דערציילונגען פון דאָזיקן באַנד אַנטפּלעקט ז. סעגאַלאָוויטש די רייכע ליבע צו דעם אידישן שטעטל, צו דעם צירונג פון אידישער פאָלקסטימלעכקייט, צו די אײדעלע, בלייכע הענט פון דער אידישער כלה וואָס וועבט די גאָלדענע פּאַווע פאַר איר חתנס „תפילין“־זעקל. אין דער „גאָלדענער פּאַווע“ האָט ז. סעגאַלאָוויטש, צוזאַמען מיט פּרץ און וויסענבערג, אַש און רייזען און נאָמבערג און אַנ־סקי. אַריינגעוועבט דעם טויזנט־יאָריקן חלום פון אידישן לעבן אין פּוילן. שוין דאָרט קענען מיר דערקענען סעגאַלאָוויטשעס דרך ארץ פאַר דער גרויסער מיסטעריע פון אַ גאַנץ פאָלק. פאַר דער אייביקייט פון דעם אידישן לשון. שוין דאָרט לייכט אויף די אידישע טראַדיציע, וואָס פינף־און־פערציק יאָר שפּעטער וועט דער פּאָעט דאַרפן נאָך איר קלאָגן, ווי ירמיהו הנביא, און דער פּאָעט פון „רייזעלע דעם שוחטס“, ווערט דער פּאָעט פון „דאָרטן“, פון „אַ בוים פון פּוילן“ און פון זיין מיט טרערן און מיט בלוט געשריבענעם בוך „טלאָמאַצקע 13“.

ווי געזאָגט, דאָס פּובליקום האָט אין אים געהאַט זיין שריפטשטעלער זיין פּאָעט. דער פּאָעט האָט אין פּוילן געהאַט זיין פּובליקום. זיין פאָלק. ביידע, פּאָעט און פאָלק, האָבן געלעבט אויף איין ערד, אין קעניג קאַזשימיערזשעס מדינה. פון צייט צו צייט זיינען אויסגעבראָכן אַנטיסעמיטישע עקסצעסן, לעצטנס אַפילו פּשיטיקער פּאָגראָמען. אָבער דער אידישער שאַפונגס־פאָדים האָט זיך קיינמאָל, במשך פון די ביטערסטע יאָרן, בשעת דער הערשאַפט פון די וואָיצעכאָווסקיס, פּילסודסקיס, גראַבסקיס, שיקאָרסקיס און וויטאָסעס — ניט איבערגעריסן. פאַרקערט, עס איז געווען דער גלאַנץ־פּעריאָד פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור אין פּוילן.

אָט דאָס הייסט: איינהייט. פּאָעט און פאָלק אויף איין ערד פאַרזאַמלט — געמיינזאַם צו שאַפן זייערע ווערק, וואָס ציט זיך פון טויזנט יאָר אָן, און וואָרצלט טיף אין דעם גרויסן וואַלד פון אידיש־העברעאישן שאַפן — ביז צו די אָנגעצונדענע נביאים, ביז צו משה רבנו. —

ז. סעגאַלאָוויטש איז געשטאַנען אויף דער בינע אַן איינזאַמער און אַ צעבראָכענער. ביז איצט האָבן פעלקער פאַרלוירן — פּאָעטן. פעלקער האָבן געטרויערט אויף זייערע דיכטער. און דאָ שטייט צום ערשטן מאָל אַ פּאָעט וואָס האָט פאַרלוירן זיין פאָלק. אַ פּאָעט טרויערט אויפן גרויסן בראָך פון זיין פאָלק. און עס איז זייער טראַגיש ווען אַ שעפער שטייט אין אַזאַ שרעקלעכער לאַגע. מיר האָבן צום ערשטן מאָל כמעט דערזען ווי אַזוי אַ פּאָעט זעט אויס, ווי אַזוי עס זעט אויס אַ אידישער שריפטשטעלער פון פּוילן, וואָס טרויערט אויפריכטיק נאָך זיינע לייענער, נאָך זיין פאָלק. ביז איצט האָבן מיר באַגעגנט פליכטלינגען, פאַרטיי־מענער, אַלערליי פונקציאָנאַרן, רייכע און אָרעמע. אָבער זייערע פּנימער האָבן זיך דערהאַלט, אַפילו ווען זייער האַרץ בלוטיקט... דאָ, אין סעגאַלאָוויטשן איז געשטאַנען אַ קראַנקער, אַ צעבראָכענער באַרד פון זיין צעבראָכענעם און קראַנקן פאָלק. און

„אומבאַשיידן״ האָט דער דיכטער געוואָרפן זיין זעלבסט־כאַראַקטע־ריסטיק: „איך בין איין שטיק ווייטיק״.

נ. כאַניך, באַגריסנדיק סעגאַלאָוויטשן אין נאָמען פון „אַרבעטער־רינג״, האָט אויפריכטיק געזאָגט, אַז הערנדיק אַז דער פּאָעט גרייט זיך צו קומען אַהער, האָט ער מורא געהאַט... אַז אַמעריקע איז ניט צוגעפּאַסט פאַרן צעווייטיקטן פּאָעט... אין אַמעריקע האָט מען מורא פאַר ווייטיק... מיר דאַכט אַז מען מיידט שוין אומבאַוואוסטזיניק סעגאַלאָוויטשן אויס... ווייטיק איז ניט אָנגענעם... מען שרעקט זיך פאַר ווייטיק. שרייבט דער פּאָעט אברהם לעוו פון ארץ ישראל: „דורך אַלע יאָרן וואָס ער איז דאָ (שוין אוודאי אַ זעקס־זיבן יאָר), איז ער ווי אַן אַ זייט, איז ער ווי אַ ווייטער קרוב וואָס איז געקומען צו גאַסט צו זיינע רייכע קרובים. ער זעט זיך דאָ ניט אַן און מען וויל אים ניט לאָזן זיך אַנזעצן אין דער היגער עפנטלעכקייט. ער איז דאָ כמעט ווי פון אומעטום אַרויסגעשטויסן. דאָ וואַרט מען שוין ניט אויף זיין ראָמאַן אין המשכים, ווי אין פּוילן פלעגט מען וואַרטן פון פרייטיק ביז פרייטיק מיט אומגעדולד און מיט ליבשאַפט צום שרייבער פון טויזנטער לירישע מאמרים און פאַרבענקטע לידער. דאָ, אַז ער גייט דורך אַ גאַס אין תל־אביב, קוקט זיך כמעט קיינער ניט אום, ער איז דאָ עלנט און איינזאַם, און דאָך זיין דיכטערישן וואָרט טראָגט ער דאָ אויס אַ סך שטאַרקער, ווי פיל העברעאישע דיכטער, וואָס וואָרצלען דאָ אין לאַנד״.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, 16טן יאַנואַר, 1948.

ז. סעגאַלאָוויטשן האָט עס געטראָפן אין האַרצן דער בליץ... דער־פאַר זיין שרעקלעכע מרה שחורה... אַזוי האָט מען אַמאָל אין ירושלים געוויכט פון די נביאים. צופיל ווייטיק איז געווען פאַרקלעפּט אין זייערע פּנימער. צו גרויס דער שמערץ. זיילן פון ווייטיק, ביזן הימל הויך, זיינען געווען די נביאים... מיר דאַכט אַז ז. סעגאַלאָוויטש וועט אַ סך ליידן אין אַמעריקע...

ז. סעגאַלאָוויטש וויל דורכזעצן זיין גלויבן אין אידיש. אין זיין רעדע, וואָס איז ניט געווען קיין געפּלאַנעוועטע, (סעגאַלאָוויטש, ווי איך פלעג אים זען שרייבן אין הויז פון שלמה שיינבערג, אין וועמעס זעצעריי מיר פלעגן זעצן אין די יאָרן 1922 — 1925 זיינע ראָמאַנען, פלעגט שרייבן אויף די קני... צוגעוואוינט משמעות צו שרייבן אויף די קני נאָך פון זיין דינען אין דער רוסישער אַרמיי. ער פלעגט שרייבן — אימפּראָוויזירנדיק, „פון קאָפּ אויס״, אָן שום נאָטיצן, אָן אַ געשריבענעם פּלאַן). — האָט זיך געפילט, טראָץ זיין ביטערן ווייטיק, אָפּטימיזם און גלויבן אין אידיש. איך ווייס ניט צי סעגאַלאָוויטש ווייס וואָס עס טוט זיך אָפּ אין אַמעריקע. צי ווייסט ער אַז די טאָכטער, נאָכן טויט פון איר טאַטן, וואַרפט אַרויס זיינע אידישע ביכער אין „גאַרבעדזש״... צי ווייסט ער די אמתע לאַגע פון אידיש אין אַמעריקע.

ז. סעגאַלאָוויטש, ווי מיר האָבן אים געהערט זאָגן אין די „ראָיאַל״, פּלאַנעוועט אויפצובויען אַ היים אין ניו־יאָרק פאַר אידיש „אַזוי גרויס ווי די „פאַרווערטס״־געביידע״. דער אייביק־איינזאַמער, טרויעריקער פּאָעט, דער מקונן פון פּוילישן אידנטום — האָט אַ מעכטיקן גלויבן אין אידיש. האָט אַ קאָנסטרוקטיוון צוגאַנג צו אידישע ליטעראַטור און איר צוקונפט. פון זיינע ליידן וויל ער שמידן גלויבן און כוח

אויף צו בויען און צו שאַפן. מענטשן ווי ז. סעגאַלאָוויטש קענען אַן זייער פאָלק ניט לעבן. ער זוכט זיין פאָלק. ער וויל די אידן פון אַמעריקע פאַרוואַנדלען אין שטאָלץ־באַוואוסטזיניקע אידן, וואָס זאָלן זיך ניט שעמען מיט זייער פּרץ, מיט זייער אברהם רייזען, מיט זייער משה יונה חאַימאָוויטש, מיט זייער איציק מאַנגער און משה לייב האַלפּערין און זישאַ לאַנדוי.

לאָמיר ווינטשן ז. סעגאַלאָוויטשן אַז ער זאָל געפינען אַ פּרוכט־באַרן באָדן אין אַמעריקע. אַז זיינע אידיש־פלענער זאָלן שלאָגן וואָרצ־לען אויף דער אַמעריקאַנער ערד. אַז אים וועט געלינגען אַריינצו־טראָגן אַ שעפערישן ווילן אין אַמעריקאַנער אידן אויף צו בויען דעם אידיש־טעמפּל און אַז דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע וועט אים מוטיקן פאַרטצוזעצן זיין שעפערישן גאַנג אין דער אידישער ליטע־ראַטור.

---

# וואָס איז פאַרט — קונסט

אי האָב געהערט א סך מענטשן רעדן פּאַטעטיש וועגן קונסט פון טריבונעס ארונטער. איך האָב געלעזן אזויפיל ביכער וועגן דער פילאָזאָפיע פון קונסט. איך האָב זיך איינגעהערט אין דער מורמלערייַ פון וואונדער שיינע גייסטער אין לבנה'דיגע נעכט — דערציילנדיג וועגן קונסט. און, וואָס עס איז דער עיקר, אזוי ווי דער דאָקטאָר פאוסט האָט פארזוכט אלע לעבנס־תענוגים דורך די דארע, האָריגע, כישוף'דיגע הענט פון שפּיציגן מעפיסטאָ — האָב איך פארזוכט פון דעם הייליגן און היילנדן וויין פון קונסט, בלויז מיט דער הילף פון די פלאַמענדע גייסטער פון די קונסטווערק אליין. (דען די אויטאָרן פון גרויסע ווערק פארצערן זייערע גופים, כדי זייערע נשמות זאָלן אייביג שמעטערלינגיש טאַנצן אין זייערע קונסטווערק).

— נאָר וואָס איז דער זין פון קונסט? — פרעגט אין מיר דער מיליאָנעניעריגער אלטער גייסט, ווען די לבנה פירט ארוים פון די ווערק זייערע העלדינס און העלדן, ווען האמלעט זיצט איבער מיר און באטראכט מיין שארבן קאלט און טרויעריג און איך זע ווי ליידי מאקבעט ווערט פארצערט פון מאכט־אמביציעס און ווייט, איבער די האָריזאָנטן וועלכע עס בילדן מיינע ווענט, ווי דער באגרענעצטער שטח פון א פּלאַנעטאַריום — ריַיט מיט זיין ריטעריש־פארזשאווערטער שווערד פלאַטערנדיג — דער קעניג פון די טרוימער — דאָן קיכאָט . . און נאָך אים שלעפּט זיך נאָך סאנטשא פּאנטשא — די אייביגע פארקערפּערונג פון דער שמאָלקעפּיגער געזעלשאפט . .

— וואָס איז פאָרט קונסט?

די מענטשן ווערן נישט מיד צו געפינען דעפיניציעס און טעאָריעס. איך לייען זיי אלע. נאָר עפּעס פיל איך, אז אזוי ווי יעדער בליק קען נאָר ארומנעמען א טייל פונם הימל — אזוי נעמט יעדער דעפיניציע בלויז ארום א טייל פון דעם קאָסמאָס וועלכן מיר רופן „קונסט" . .

איז קונסט — דאָס אייביגע האמלעטישע פרעגן אָדער די שטאָלצע קלאָגעריי פון איוב, פון דעם פּאטעטישן און נאאיוון אידן פון עוץ? איז קונסט — דאָס אראָפּרייסן די וואוּאלן פון שיינקייט און ווייזן ווי שיין די וועלט קען זיין? איז קונסט א קאָלאָסאַל שפּילצייג פון דער טראגישער מענטשהייט, וואָס פארן טויט שפּילט זי פייערלאַך דאָס העראָאישע שפּיל פון ליבע און טריאומף? איז קונסט — די פאַרקערפּערונג פון דעם פּראָמעטעאוס־געראנגל פונם העלד קעגן די כוחות פון דער געזעלשאפט? איז קונסט די פארוויילונג פונם לעבן אָדער די העראָאיק פונם שטארבן? וואָס איז פאָרט די געטלאַך־מענשלאכע קונסט, וואָס ווען מיר געניסן זי — פילן מיר ווי זוניגע פליגל וואָלטן אונז טראָגן איבער שטורעמדיגע אָקעאנען, פון בליצן פארוואונדעט — צו ערגעץ א בלויען נירוואנאַ־קעניגרייך? . .

טויזנט דעפיניציעס. דו קונסט אליין איז געוואָרן די בלאסע

העלדין פון דיקע ביכער — און מעכטיגע מוזיק־קאָמפּאָזיציעס. די סקולפּטאָרן שנײַדן אין שטײן די גלידער פון דער מוזע און אין פאַרבן טוען זי אָן די מאָלערס. נאָר וואָס איז פּאָרט קונסט? — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איז נישט קונסט דאָס גראַנדיעזע געפּיל פון פּאָוסט, ווען ער קוקט צום קאָלאָסאַלן זון־אונטערגאַנג, וואו בלוטן ווערן סטאַטיש און פאַרוואַנדלען זיך אין גראַנדיעזע בלומען און — ער זעט די דרות וואָס וועלן קומען און לעבן זייער גרוים לעבן אויף דעם ערדישן גלאָבוס? איז נישט קונסט די גרויסע רו, וואָס מיר פילן אויף ריזיגע בית־עולמ׳ס, ווען מיר בליקן צו די קברים, וואו עס פוילט אין זיינע קעניגלאַכע בגדים דער שטאָלצער קעניג און וואו די ווערים פאַרצערן די שיינע און בלייכע קאָמיליענדאַמע — נאָר פּלוצלונג גייט אויף א וואָלקן איבערן הימל, מיר קוקן צו די ווייטע האָריזאָנטן פון פלאַמען געצונדן און עס גייט אויף אין אונז א געפּיל פון אייביגקייט. דער טויט ווערט אומענדלאָך־אומוויכטיג, מיר טראַכטן נישט מער וועגן אונזער אייגענעם קבר, מיר דערפּילן דעם קוש פון דער אומשטערבלאַכקייט איבערן האַרץ וואָס האָט ערשט אין שרעק געוויינט און איצט איז עס א זון פון שטראַלן אין אונזער ברוסט? . . איז נישט קונסט די וויזיע פון דעם אייביגן גאָט צו וועלכן מיר דערהייבן זיך אין אזוי פיל צער געבאָדן און אין פאַרביגע וואונדן געצירט, ווי מאַרטירער אין אָרעאָלן געהילט? . . איז נישט קונסט די דערקענטעניש פונם אייביגן און אומענדלאָכן? . .

פיל ביכער און צייטונגען און זשורנאַלן דערהאַלט איך. איך לייען אַלץ. נאָר ביטער־פּוסט און אומבאַפרידיגט בלייב איך דאָרט וואו עס באַרירט מיך נישט דער אָטעם פון אייביגקייט. געשטאַלטן, ווען נישט דערהויבן צו דעם געפּיל פון פּלוצלינגן באַנעמען דעם קאָסמישן זין פון אַלץ — לאָזן מיך שרעקלאָך קאַלט. מיין קריטעריאום צו קונסט איז — ווען דאָס ווערק שטראַלט אויף נאָך אַלע ראַנגלעגנישן מיט קאָסמישן באַוואוסטזיין, צו יענעם הערהאַיש־טראַגישען באַוואוסטזיין צו וועלכן עס דערהייבן זיך די זשעניען פון אַלע נאַציאָנען און אין אַלע צייטן. אינם קעניגרייך פון קאָסמישן באַוואוסטזיין טרעפן זיך צוזאַמען שפּינאָזע און דאַנטע, געטע און מייקל אַנדזשעלאָ, טאָלסטאָי און שובערט, בעטהאָווען און רעמבראַנד, ניזשינסקי און קאַנט.

דען די גאַנצע גרויסע קונסט איז אָט דער קאָלאָסאַלער טעלעסקאָפּישער שפּיגל פונם אוניווערז אין גייסט.

אין טריאומף איבער זיינע ליידן דערהייבט זיך בעטהאָווען ווען ער זינגט אוים די ליבע צו אַלע ליידנדע, צו דער הערהאַישער מענטשהייט וואָס איז — גאָט. פּונקט אזוי דערהייבט זיך שפּינאָזע צום זיג איבער אַלע צווייפלען און בלאַנדזשעניש — ווען ער דערהייבט זיך צו דער ליבע פון גאָט און לייזט זיך אינגאַנצן אויף אין דער דאָזיגער ליבע. פּונקט אזוי באַפרייט זיך טאָלסטאָי פון אַלע פּלאָגן ווען, ווי דער גרייז־גרויער איוב, הייבט ער אָן באַגרייפן דאָס גאַנצע, קאָלאָסאַלע, די פאַרבינדונג פון אַלץ אין איינאיינציגן געוואַלטיגן סיסטעם — גאָט אָדער נאַטור.

דאַרף מען דען דערמאָנען אָן עמערסאָן, וויטמאַן, טאָראָ? אָדער מוז מען דערמאָנען א פּרינץ בודאַ, א קעניג קריסטוס, א שבטים־

פירער מאכמעד, אָדער א צעזאר מארקוס אורעליוס? זיי אַלע טרעפן זיך דאָרט צוזאמען וואו אַלע רעאַליטעטן ווערן שטראַלנדיג־קלאָר אין שפּיגל פון אייביגקייט . .

און — דאָס איז נישט קיין טראַקטאַט פון א פּילאָזאָפירנדיגן מעדיטאַטאָר. אויך נישט קיין דיסערטאַציע וועגן קונסט. דאָס איז פּשוט א ווילאַנישע קאָנפעסיע פון אן איינזאַמען מענטשן וואָס באַנעמט קונסט נאָר דורך אָט דעם געפילס־און־געדאַנק־קריטעריאום. מעג מיר זיין ווי ביטער אויפן הארץ וואָס איז אייביג קראַנק מיט צווייפל. מעג איך זיין פארלאָזן פון מענטש און פון אַלץ וואָס טרייסט א מענטשן. אָבער ווי נאָר איך ריר זיך צו צו א גרויסן ווערק — שטראַלט אויף פאַר מיר די דערקענטעניש פונם גאַנצן און דאָס קלייניקאַכע און נישטיגע פאַלט אָפּ אין מיר. איך דערקען דורכן גרויסן ווערק — דעם אוניווערז.

דערפאַר, אין צייטן פון קעניגלאַכן טרויער, טרייסט איך זיך מיט א ליד פון געטע אָדער מיט א זאַץ פון וויטמאַן. דערפאַר ווערט די וועלט־פּאָעזיע — מיין אומשטערבלאַכע געליבטע (אויב עס וועט אין קבר מיין גייסט לעזן — אָ, ברידער גוטע, לייגט אריין אין קבר א באַנד האָמער, א באַנד אַסיאַן און א באַנד שעקספּיר! . . )

קונסט האָט פארשידענע פאָרמען און צווייגן. טעכניש איז סקולפּטור ווייט פון פּאָעזיע, אָדער מאַלעריי איז ווייט פון מוזיק. נאָר — איבער די לאָקאַלע טעכנישע סעלעקציעס — איז קונסט קאָנגנזייטיג פארבונדן צווישן זיך, און טאַקע אין פאָרם, אין העכערן זין פון טעכניק. סקולפּטור איז פאַראַן אין פּאָעזיע. וויזיע איז דער עיקר אין גרויסער ליטעראַטור. מוזיק איז די נשמה פון דער פּאָעזיע. פּאָעזיע איז די נשמה פון מוזיק. דער שוואונג פון טאַנץ וואָס דערהייבט זיך צום אומענדלאַכן — איז איינגן אַלע געביטן פון קונסט. גרויסע געדאַנקען — פילאָזאָפיע — מוז שטראַלן אין פּאָעזיע, ווי זון־ליכט אין רוים. גרויסע פילאָזאָפיע דערהייבט זיך צום פּאָעטיש־אינטואיטיוון באַנעמען די נאַטור, דעם קאָסמאָס. דער קאָליר איז דאָס בגד פון אוניווערז און קאָלירן מוזן זען אַלע קינסטלער אין אַלע פאָרמען. מאַלעריי איז א גרונט-עלעמענט אין מוזיק, ליטעראַטור, טעאַטער, אָפּערע, באַלעט. אָבער — נישט נאָר אין פאָרם זיינען אַלע קונסט־געביטן ענלאַך צווישן זיך — נאָר טאַקע אויך אין אינהאַלט. איר העלד, איר אַקציע, איר האַנדלונג און איר פונקציע איז — דאָס אייביגע, דאָס קאָסמיש־באַוואוסטזיניגע, דאָס געטלאַכע. דאָ — פּאַסט זיך זייער צו ציטירן שפּינאָזעס א זאַץ פון זיין „עטיק״: „וואָס מער מיר דערקענען איינצלנע זאַכן — אַלץ מער דערקענען מיר גאָט״. וואָס מער מיר דערקענען דורך קונסט די וועלט, די זאַכן — אַלץ מער דערקענען מיר גאָט. און אין אָנהויבן, אין אָנווארפן אָט דאָס דערהאַבענע געפיל — איז דער זין פון דער קונסט, פון דער אייגענער גרויסער קונסט וואָס די מענטשהייט שאַפט אין פארשידענע פאָרמען דורך די יאָרטויזנטער.

די קונסט איז דאָס ליד פונם קאָסמישן עוואָלוציע־פּראָצעס. דער צוועק פון דעם עוואָלוציע־פּראָצעס איז — דער טרוים פון דער קונסט. א קונסטווערק איז נאָר דאַן טעכניש פולקאָם, ווען עס איז אין פול־קאָמענער האַרמאָניע. דורך אַלע אונזערע יאָרטויזנטער טעג פון שווי־דער און דיסהאַרמאָניע — האַלט די קונסט אין איין פּרעדיקן, אין

אפשפיגלען די הארמאָניע פון קאָסמאָס. דער עוואָלוציע־פּראָצעס שטרעבט צו אָט דער הארמאָניע, צו דעם קונסט־טרוים — און, איך גלויב, אז מיר דערנעענטערן זיך דורך קאַלאַסאַלע ווייטאָגן און וואונ־דען צו אָט דעם חלום פון הארמאָניע. ווען די וועלט וועט ווערן אין איר רעאַליטעט א הארמאָנישע — דאן וועט רעאל ווערן דער חלום פון דער קונסט. מיר וועלן ווערן — קונסט. גאָט וועט אראָפּנידערן אויף דער ערד, און מיר וועלן זיך דערהייבן צו די הימלען. דאָס איז דער זין פון אלע רעליגיעס, דער טרוים פון אלע העלדן, דער איינ־האלט פון דער קונסט, דאָס ליד פון די מוזיקאלישע גאונים, די וויי־זיע פון דער פילאָזאָפיע, די הארמאָניע פון דער טאנץ־קונסט . .

און נאָר ווען א קונסטווערק דריקט אויס אָט דעם קאָסמיש־עוואָלוציאָנערן חלום פון הארמאָניע און ווען שוין איצט לאָזט עס אונז טרייסטן מיט א בליץ־גלאַנץ פון קאָסמישער הארמאָניע און מיר ווערן שכור פון באגייסטערונג און פון באוואוסטזיין אז מיר זיינען נישט הפקר — נאָר א טייל פון אָט דעם קאָלאָסאלן ספּעקטאקל וואָס דערנעענטערט זיך אלץ מער צו א זוניגער פולקאָמענקייט און הארמאָניע — ווען א קונסטווערק באזיצט אין וועלכער ס'איז מאָס אָן עלעמענט פון דעם קאָסמישן — דאן האלט איך עס פאר א קונסט־ווערק און באשענק עס מיט אינטעלעקטועלע קושן פון דאנקבארקייט.

ניו יאָרק, יאנואר, 1940

# אשר שוואַרצמאַן

(דערינערונגען)

אשר שוואַרצמאַן איז געבוירן געוואָרן דעם 18־טן אָקטאָבער, 1889, און איז אומגעקומען אין אויגוסט, 1919, ווען די באָלשעוויקעס האָבן געקעמפט קעגן פּילסודסקי׳ס אַרמייען. די מערסטע פּאָעטן שרייבן זייערע לידער אין שטילקייט, אין צוריקגעצויגנקייט און אין זייער פּאָעזיע עפענען זיי די פּאַנאָראַמע פון דראַמע און אַוואַנטורע, פון העלדישע מעשים און דועלן מיטן שלעכטס פון דער וועלט. אשר שוואַרצמאַנס גורל איז אַן אַנדערער: זיין לעבן איז פול מיט טאַט. און פון דאָרט, פון טאַטנרייכן שלאַכטפעלד, בענקט ער צו רו, צו שטיל־קייט, צו ליבע, צו נאַטור־אידיליע און צו גליק. מיר דאכט, אַז קיין שום סאָוועטיש־אידישער דיכטער האָט אַזוי צאַרט נישט געפילט די ריינע, פולסירנדיקע זיידענע שיינקייטן פון דער נאַטור. פון די שרפות, פון פאַרברענטע וועלדער און פעלדער, שיילט ער אַרויס לויטערע בלומען, צאַרטע פלאַנצן, אומבאַרירטע ביימער און דאָס געזאַנג פון פייגל.

קלינגען נישט אָט־די פערזן וואונדערלעך־צאַרט:

„אַ שטראַל פון דער זון האָט אַ כוואַליע געקושט\
מיט ליפּן פון ריינעם גינגאָלד;\
אַ שפּרונג האָט די כוואַליע געטאָן ווי צעמישט,\
און לעבן שוין מער נישט געוואָלט.״

דאָס אייביקע אין דער נאַטור וואָס לעבט איבער מלחמות, וועלט־שרפות, דורות, קאַטעדראַלן און מוזעאומס — האָט אשר שוואַרצמאַן געזען. זאָלן די עפּישע פּאָעטן דיכטן גרויסע הימנעס צו די זיגער. זאָלן די העראָאישע דיכטער פאַרפאַסן געזאַנגען וועגן שלאַכטן. נאָר אָט איז אַ פּאָעט וואָס לעבט מיט שוועבל און מיט פולווער פון שלאַכט — און דערזעט אין די שטילע הפסקות, צווישן איין אַטאַקע און דער אַנדערער, דעם צויבער פון דער נאַטור, די גרויסע געטלעכע פלעג־מאַטיק פון טייכלעך, די אינטימיטעט פון פרילינגדיקע געפילן וואָס גייען דורך די ערד — ווי אַ קאָלאָסאַל ווייב פון דער זון, וואָס ווערט אין פרילינג שוואַנגער פון איר גילדערנער זרע...

און אַזוי האָט אשר שוואַרצמאַן געבענקט פון דער טאַט צו דער שטילקייט. אָבער שטילקייט איז דעם צאַרטן ליריקער נישט געווען באַשערט. די פייכטע גראָזיקע גרינקייט האָט ער בלויז געקענט טרינ־קען מיטן אויג אין געווירבל פון רעוואָלוציע און בירגערקריג.

שפּעטער בייט זיך זיין פאַרטראַכטער טאָן. די אמתע שלאַכט־לידער קומען אויף. די פאַרביסענע רייד קעגן בייזן שונא. עס הערן אויף צו טריפן גאָלדיק פון זיין מוזע׳ס ליפּן די לויטערע געזאַנגען וועגן ליבע און יוגנט. אשר שוואַרצמאַנס ליד ווערט איצט די קאָנ־פעסיע פון דער קעמפנדיקער רויטער אַרמיי — פּאָר אַ העלער צוקונפט.

פיזיש אַ ריז — „מיט אַן אומגעהייערער פיזישער קראַפט, מיט אינערלעכן נשמה־שטאָלץ און מיט אַ ווילדן דורשט נאָך גליק אין לעבן״. ער האָט באַזעסן גרויסע לוסט צום לעבן, צום טאַנצן.

און אויך אַ ריזיקע לוסט צום קעמפן. ער פלעגט יאָרנלאַנג רייטן אויף זיין פערד און ווען עס פלעגט רעגענען, פלעגט ער זיצן אונטערן פערדס בויך און שרייבן זיינע לידער, לייענען בריוו פון שטעטל, זיך פאַרטראַכטן איבער מענטש, וועלט און נאַטור.

ווען אַט אַזאַ פיזישער ריז און לעבנסלוסטיקער יונג גייט אַרונטער אין דר׳ערד מיט זיין האַרץ און מיט אַלע זיינע לידער — איז עס אַ גרויסער און אַ ביטערער ווייטיק. און מיר קענען זיך פאָרשטעלן אַז דער פּאָעט קען דאָרט נישט איינליגן. מיר קענען זיך פאָרשטעלן אַז אין לויטערע באַגינענס — ווען די זון גייט לאַנגזאַם אַרויס פון דער טיפעניש פון דעם אַנדערן זייט גלאָבוס — רייט דער פּאָעט דורך וועלדער און טאָלן אויף זיין שיינעם פערד. און ער שרייבט אויף די דאָזיקע האָריזאָנטן זיינע צאַרטע לידער, בענקענדיק צו צו קונפּטיקער פרוי און קינד; צו מוטער און צו שוועסטער; צו חבר און צו פריינט... אויף די בלויע הימלען שרייבט ער זיינע שטאָלצע קאַמפּס־מאַניפעסטן.

***

אין אַן אָוונט האָב איך פאַרבראַכט אין הויז פון אַ אידישער דיכטערין רייזע אָפּער. עס איז געקומען צו רייד וועגן דיכטער וואָס זיינען אומגעקומען אין פוילן, אין דער לעצטער שחיטה איבערן אידנטום אין דער וועלט. און אַט ריידן מיר וועגן אשר שוואַרצמאַן.

עס איז געווען אין זומער פון יאָר 1914. אין אַ זומערנאַכטס־טרוים־אָוונט, אין קולישער פּאַרק. די אַלייען זיינען טונקל. די ביימער זיינען רייך באַהאַנגען מיט בלעטער — מיט טונקל־געלע בלעטער — אַזוי ווי מיט פרוכטן. דאָס ליכט פון דער לבנה דרינגט דורך די צווייגן — באַגיסט מיט זילבער די איידעלע בלעטער, וואָס זיינען אויסגראַווירט דורך אַן איידעלער האַנט. דורך אַ קינסטלערס סענסיטיווע האַנט. אין טונקל זעען זיך די איידעלע פאַרבן פון בלומען, וואָס שלאָפן צעגויפגעטוליעט איינע מיט דער אַנדערער. פונדערווייטנס גלאַנצט דער מעטאַלענער שפּיגל פון אַ טייך, וועלכן די לבנה מיט טויזנט קינסטלערישע הענט שניצט און פּאָלירט. עס זעגן די גרילן זייער איינטאָניק ליד — זייער זילבערן ליד — זייער איינזאַם קברים־ליד. און דאָס ליד פון אינסעקטן הערט זיך אין דער כישופדיק־ציטערדיקער, אין דער פול מיט נביאה און מיט חלום און מיט געשפּענסטיקער נאַכט.

די גרופּע וואָס איז געזעסן אין פּאַרק, האָט געזונגען אידישע לידער. ציגיינערישע ראַפּסאָדיעס און אוקראַינישע ראָמאַנסן. עס האָט זיך דער קולישער יוגנט געבענקט נאָך דער וועלט, נאָך ליבע, נאָך אַוואַנטורע. און די שטערן אין הימל האָבן מיט זייער קאַלטן ליכט באַגאָסן די פּנימער, זיי געמאַכט צו מעטאַלענע מאַסקעס. און אינם טונקעלן פּאַרק וואו ס׳האָט שטיל געשלייכט אַ פּאָרל — אין כישוף פון דער נאַכט — אין באַלדאַכין פון די שטערן — אַ פּאָרל — צו איין פיגור לעגענדאַר און פּאָעטיש פּאַראייניקט.

פּלוצלונג דערנענטערט זיך צו דער גרופּע אַ פיגור אין מיליטעריש־צאַרישער קליידונג. אַלע שטעלן זיך אויף פאַרן אָפיצער...

— שטעלט זיך נישט אויף, מיינע פריינט, נאָר זינגט. איך קען אויך אַביסל זינגען... מיין נאָמען איז — אשר שוואַרצמאַן...

און אשר שוואַרצמאַן, מיט וואונדערלעכע אויגן פון סאַמעט־

ווייכקייט; מיט געדיכט־שוואַרצע וואָנסעס; אַ הויכער און אַ שלאַנ־קער — שטייט לעבן דער גרופּע און ער זינגט מיט. און אין זיין קול איז אַזאַ האַרציקייט, אַזאַ איידל ציטערן — אַזאַ וואונדערלעך שפּילן מיט זיינע עמאָציעס — אַזאַ איידעלער באַוועג מיט די סטרונעס פון זיין האַרץ. און דער ווינט באַרירט די געדיכטע האָר פון זיין רונדן אַפּאָלאָ־קאָפּ. מען דערקענט אַז דאָ שטייט אַ דיכטער — און אַ טרויער כוואַליעט פון אים אומעטיק אַראָפּ — אַ שניי פון טרויער כוואַליעט שוואַרץ פון זיין קאָפּ — פון זיין טרויעריקן קאָפּ. און דער פּאַרק — די ביימער, די בלומען, אַלץ — די גאַנצע נאַטור פילט אז אַ דיכטער איז דאָ אָנוועזנד. נאַטור ווייסט פון דער עקזיסטענץ פון אַ פּאָעט. פּאָעזיע — דאָס איז דאָס אומשטערבלעכע וואָס בלייבט פון דאָס שטערבלעכע. און דעם קאָפּ פון פּאָעט בענטשן און אילומינירן אַלע שטערבלעכע. נאַטור פילט אַז זי האָט אין דעם דיכטער — דעם העכסטן זין. איר צוועק דערגרייכט זי. זי ב ל י י ב ט — אין זיין ווערק. און ווען אשר שוואַרצמאַן זינגט — קומען צו די מלאכים נאָענט, פון אים צו הערן די שטימע, הגם זיין שטימע גייט דורך דעם חלל — צו די ווייטסטע שטערן.

***

עס איז געווען פּורים. און די יוגנט אין שטאָט האָט פּאַראַדירט איבער די גאַסן. עס זיינען פאַרקליידט און געפאַרבט די ביימער אין גאָרטן. עס זיינען מאַסקירט די בלומען. ווי קליינע פּרינצעסינס פון געמאָלטע בילדער פּאַראַדירן דורך די מיידלעך — די צאַרטע פּנימער, וואונדערלעך געשניצט פון אַ קינסטלער וואָס האָט ליב דאָס לעבן און האָט ליב צו שניצן מיידלעך. און די בחורים גייען דורך, ווי יוסף דער שני למלך, ווי יוסף — קלוג און שמערצפול — דאָס פּנים באַ־זעלט דורך ליידן — די שיינע שטריכן דורך אידישן פּיין געלייטערט — די טונקעלע האָר דורך דעם פלאָם פון דער גילדערנער קרוין שיין געמאַכט; יוסף — דער איראַנישער העברייער־פּרינץ צווישן די מעכטיקע פון דער ערד...

און פאַרנאַכט, ווען די גרופּע האָט זיך געגרייט צו גיין אין פּאַרק — פאַלט איין אַ חבר זיך אָנצוטאָן אין אשר שוואַרצמאַנס מיליטערישן אָנצוג מיט די מעשענע קנעפּ, מיטן שטייפן רוסישן מונדיר — מיט דער לאַנגער, אייזערנער שווערד... אין די ציווילע קליידער וועט אשר שוואַרצמאַן אין פּורים פּאַראַדירן... ביידע וועלן זיין „פאַרשטעלט": שוואַרצמאַן — אין די ציווילע קליידער; זיין חבר — אין צאַרסקן קאָסטיום...

אשר שוואַרצמאַן האָט נישט גערן אויסגעטאָן זיין מיליטערישע קליידונג, זיין לאַנגע שווערד. ער האָט זיך געשראָקן... שפּעטער זיצט די גרופּע אין פּאַרק — און דער פּאָעט — אַ בלייכער, אַ טרוי־עריקער...

פּלוצלונג גייט פאַרביי אַן אָפיצער און קוקט שאַרף אויף דעם אידישן יונגנמאַן אין מיליטערישער קליידונג... עפּעס איז דער מונ־דיר צו לויז אויף אים... און די שווערד באַמבלט זיך אַן די שטיינער פון־ברוק...

מיט גרויס אָנשטרענגונג האָט זיך דער „סאָלדאַט" אויפגע־שטעלט און געגריסט... דער אָפיצער האָט אַ בייזער צוריק גע־

ענטפערט און איז אַוועק.

אשר שוואַרצמאַן איז צוגעלאָפן צום חבר אַ טויט־בלייכער:

— דו האָסט מיך געראַטעוועט, פריינט. איך וואָלט אַוועק אויף פינף יאָר אויף קאַטאָרגע... און איך וויל אַזוי שטאַרק פאָרן צו מיין מוטער... זען מיינע צאַרטע שוועסטער... אומהאַלדזן מיינע נאָענטסטע...

***

איינמאָל קומט אשר שוואַרצמאַן צו איינעם פון דער גרופּע. ער לייגט זיך אויפן אייזערנעם בעטל און ער מורמלט:

— אָ, חברים, איר ווייסט נישט ווי גוט עס איז צו זיין צווישן אייך. ווי איך האָס ביטער די קאַזאַרמע... ווי איך שטיק זיך צווישן אירע ווענט...

אויסגעצויגן איבערן אייזערנעם בעטל — איז ער געלעגן ווי אַ ריטער. דער קאַלנער פון זיין ענגער מאַרינאַרקע איז געווען צוגע־קנעפּלט און זיין האַרץ האָט געשמאַכט נאָך אָטעם. אויפן פענצטער איז געשטאַנען אַ וואַזאָן — אַ פול־צעבליטער וואַזאָן — און אשר שוואַרצמאַן האָט געצויגן צום וואַזאָן — געשמאַכט צו די אָנגעצונ־דענע בלומען — צום ברענענדיקן כישוף פון די רויזן.

פול מיט ציטער און מיט שרעק איז געווען זיין ציען צו די בלומען...

***

פילע מאָל פלעגט אשר שוואַרצמאַן קומען צו ריינה׳ן מיט רייך־קאָלירטע בוקעטן בלומען — וואָס ער פלעגט אָנרייסן אַרום די קאַ־זאַרמעס, ביים וואַלד, און דערלאַנגענדיק אַ בוקעט מיט בלומען — פלעגט ער זאָגן:

— זינגט מיר מיין ליד, ריינה, טייערע...

און ריינה זינגט מיט איר שטילן, נאַקטיורנעם קול זיינע וואונ־דערלעכע לידער. די בענקשאַפט פון זיין ליד און די בענקשאַפט פון איר שטימע — פאַראייניקן זיך. און ווען זי זינגט— וועלכער אויס־דרוק אויף זיין אידיש־שמערצפולן געזיכט... און וועלכער ווילן איינצוזאַפּן אין זיך אויף אייביק אַלע קלאַנגען...

***

איין אָוונט, ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — קומט ער זיך געזעגענען... מיר אַלע האָבן געוויינט ביים שיידן זיך מיטן דאָזיקן פרעכטיקן פריינט... און ער אַליין איז געווען ווי איינגעהילט איז שטאַרבן... ער איז געווען געוויקלט אין אַן אומ־געהויערער, שוואַרצער פאָן פון שטאַרבן...

נאָך פיר יאָר האָט ער צום לעבן — צום אָטעמען — צום וואונ־דערלעך דיכטן זיין ליד — צום חלומען און צום זינגען זיינע פאַר־בענקטע ראָמאַנען. פיר יאָר פון מלחמה — בירגערגריג — מאַרש אויף פוילן אין 1920 — און טויט איז קיעוו, אין אַ שלאַכט מיט פּילסודסקי׳ס מיליטער...

— — און אין דער נאַכט זינגט ריינה מיט גרויס בענקשאַפט זיינע וואונדערלעך־מענטשלעכע, זיינע לירישע לידער — לידער גע־שריבן ביי ברענענדיקע שטעט — ליגנדיק אין קילע אָקאָפּעס, גע־פרעסט מיטן לייב צו דער מאַמע־ערד — לידער ווען טראַכטנדיק צו

זען און אומצואָרמען זיין מוטער — לידער אין פרילינג און אין קריג, ווען עס בענקט דאָס לייב און נפש צו אַ פרוי וואָס פלאַמט מיט כוואַליענדיק־צעלאָזטע האָר און טויזנט חלומות — לידער געשריבן ביים ליכט פון שטערן אין די טיפע נעכט — ערב אַ שלאַכט — ערב דעם טויטלעכן פאַרוואונדעט ווערן...

מיט טרערן האָב איך געהערט ריינה׳ס זינגען זיינע לידער — ווען דער רעגן האָט אומהיימלעך גערעגנט — ווען שטיקער בלוי געשוואָלענע הימל האָבן מיט בליצן געבליצט — ווען די וואַזאָנעס ביים פענצטער האָבן געציטערט — און מיט טרערן פאַרשרייב איך די דאָזיקע רעמיניסענסן נאָך אַ ברודער־פּאָעט...

---

# דער ראָמאַנס פון ארץ ישראל

„ארצנו ועמנו", פון שאול ראַסקין־אַלבום — גרויס פאָרמאַט — 360 זייטן.

איך בין זיך מודה, אַז קליינערהייט, ווען פאַר מיינע אויגן איז געלעגן אַן אָפענער דער גרויסער תנ"ך און איך האָב געלערנט חומש ביים גרייז־גרויען מלמד פון אונזער פוילישן דאָרף — האָב איך ניט געגלויבט אַז דאָס הייליקע לאַנד פון ארץ ישראל עקזיסטירט טאַקע ווי אַ טייל פון דער ערדישער וועלט־מאַפּע. ארץ ישראל איז אַריין אין תנ"ך מיט טויזנטער יאָרן צוריק, און פון דאָרט, פון די אָנגעצונדענע פּאַסטאָראַלע בלעטער, פון דער געוואַלטיקער פּאָעזיע, פון די נביאימס פייערדיקע וויזיאָנען — האָט זי ווי אַ פלאַם אַריינגעשטראָמט אין יעדן אידנס איינזאַמען האַרצן. ארץ ישראל — האָב איך געטראַכט, איז אין האַרצן, אין דער וויזיאָן, אין בענקשאַפט. אין די וואונטשן ביים פינאַל פון די יום־כיפּור־תפילות: „לשנה הבא בירושלים". ארץ ישראל איז ניט פאַראַן אין דער ווירקלעכקייט. אַזוי ווי משה רבנוס גוף — האָט זי גאָט אויפגעהויבן צו די הימלען און זי אַוועקגעשטעלט צו־זאַמען מיט אירע הייליקע נביאים, צדיקים, אָבות און העלדן לעבן זיך — ווי אַ טייער שטיק גאָלדענע צירונג.

בשעת דער היסטאָרישער באַלפור־דעקלאַראַציע, ווען דאָס אי־דישע שטעטל אין פוילן האָט אַ ווייע געטאָן, ווי אַ זוניקן שניי, מיט אונ־זערע נאַציאָנאַלע פענער; ווען די אידישע יוגנט האָט געטאַנצט צום ערשטן מאָל אַ מאָדנעם, התלהבהדיקן טאַנץ — די הורא; ווען דאָס פוילישע אידנטום איז דערוועקט געוואָרן פון אַן אַלטן פאַרלאַנג טאַקע צו באַטרעטן די יאָרטויזנטער יאָרן פאַרלאָזענע און איינזאַמע ערד פונם הייליקן לאַנד — ערשט דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן געוואויר צו ווערן אַז ארץ ישראל, ווי אַלט און איינזאַם זי איז — לעבט און צי־טערט אין אירע טיפענישן אויס בענקשאַפט נאָך אירע קינדער...

פונדעסטוועגן האָב איך געציטערט ווען איך האָב, אַזוי פיל יאָרן נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע און נאָך דעם ערשטן ציטערדיקן באַ־ריר מיט די אָנגעצונדענע בלעטער פון תנ"ך — געמישט די בלעטער פון שאול ראַסקינס גרויס־זייטיקן, פראַכטפולן אַלבום, וואָס ער עפנט פראָמינענט מיט אונזער אברהם אבינוס געשטאַלט, ווען ער שטרעקט אויס זיינע פאָטערלעכע הענט צום הימל מיט זיינע גרויסע שטערן, אין דער זייט פונם לאַנד כנען. דאָס איז דער סימבאָלישער אויסשטרעק פון יעדן אידנס אָרעמס צו דער זייט פון ארץ ישראל — אין דער גרויסער פינצטערער נאַכט פון אונזער מאַרטירער־געשיכטע. מעגן מיר זיין צעשפּרייט איבער אַלע טעריטאָריעס פון דער ערד, אונזער האַרץ, ווי יהודה הלוים, ציט קיין ירושלים, דער הייליקער שטאָט...

די אידן ציען אין לאַנד כנען; אברהם אָבינו גייט איבער דער זו־ניקער, ליימיקער ערד פון כנען מיט זיין וואונדער־שיינער ווייב שרה און מיט זיין הויז־געזינד און מיט זיין גאַנצער רייכער משפּחה; מיט זיינע קנעכט און מיט זיינע פּאַסטוכער; מיט די פּילצאָליקע, ווייכע שאָף וואָס כוואַליען אַריין ווי אַ ים אין כנען און גרויס איז די זון אויפן באַרג — די זון פון די ערשטע טעג פון בראשית ביז אויף אונזערע

ציטן. אָט איז משה רבינו מיט שטראַלן פון הימל, פון גאָטס פּנים, וואָס עמאַנירן פון זיין פּלאַמיקן קאָפּ, דעם מאַן פון די געזעצן — און אָט גייט משה פּאַראויס פון די אידן. דער ירדן טרעט אָפּ פאַר דער מחנה פון ישראל, די וואָלקנס שטייגן הויך ווי פּיראַמידן; גאָטס באַשיצנדיקע האַנט הענגט איבער די אידן און באַשירעמט און באַשיצט; יהושוע בן־נון גייט אויף מיט זיין שווערד און מיט זיין שילד; אָט זיצן די אידן ביי די ברעגן פון בבל — שוין צו יענער צייט אַן אַלט פאָלק — די האַרפן מיט זייערע גילדערנע סטרונעס הענגען אויף די געבויגענע ווערבעס — טויזנטער יאָרן שפּעטער וועט ישראל נאָך אַלץ געצוואונגען ווערן צו זינגען און צו שפּילן פאַר מערדערישע פעלקער זיין ליד — מיט געוואַלט און מיט פּיין...

פון די דאָזיקע ברייטע, ביבלישע, רחבותדיקע פּייזאַזשן, וואָס שאול ראַסקין וואַרפט אָן מיט זין פאַר ביבלישער גרויסקייט, פאַר פּאַטריאַרכאַלישקייט און היסטאָריש־לעגענדאַרן געבורט און אָנפאַנג פון אַ פאָלק — טריפט עס מיט אונזער גלויבן, מיט אונזער אַמאָליקער גרויסקייט, מיט אונזער פלאַמענדער געשיכטע, מיט אונזער אייביקן גאָט. —

און אָט זיינען די בלעטער פון ירושלים. מיינע הענט ווערן נערוועז; מיינע נאָך אַלץ קינדישע הענט; אָט איז דאָך טאַקע אונזער אַלטע ירושלים וואָס יעדער איד קושט אין דמיון און דריקט צום האַרצן.

ירושלים, וואָס דעם נביאס שפּרוך איז אַריינגעקריצט אין דעם אידישן האַרצן: „אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים, זאָל אָפּגעדאַרט ווערן מיין רעכטע האַנט". ירושלים פון חומש. ירושלים פון די נביאים. ירושלים פון אונזערע הייסע, מיט טרערן פאַרגאָסענע תפילות. ירושלים פון אונזערע שפּאַניש־העברעאישע דיכטער מיט אַזוי פיל קרעכץ און שמערץ און שיינקייט באַזונגען. ירושלים — דר. טעאָדאָר הערצלס, אחד־העמס, ביאַליקס און א. ד. גאָרדאָנס טרוים...

ירושלים — שרייבט שאול ראַסקין און זיינע זייער נוצלעכע, אינפאָרמאַטיווע און וואַרעמע. דורך פּערזענלעכן באַריר מיטן לאַנד און ישוב — קלאָרע קאָמענטאַרן ציים בוך, איז פאַנטאַסטישער פון יעדער פאַרשטעלונג. ירושלים איז געשאַפן, געוועבט, געטורעמט, געבויט, צעשטערט און ווידער אָנגעוואָרפן געוואָרן דורך הונדערטער דורות, ירושלים איז אַן אוצר פאַרן מאָלער. די קינסטלער־האַנט ווייסט ניט וואו פריער אָנצוהייבן צו מאָלן. ירושלים איז אַ חלום פון דער וועלט געשיכטע. ירושלים איז אַ סימפאָניע פון שטיינער.

ירושלים האָט אַלע ראַסן — אַלע שטיקער אָריענט און קאָלאָריטן — אַלע פעלקער האָבן דאָ זייערע עקזעמפּלאַרן, זייערע קאָפּיעס, זייערע פאַרשטייער און טיפן און הייליקע. אידן ברענגען דאָ ווי די פּנימער פון די נביאים. ירושלים האָט גרופּעס, מאַסן, קוואַרטאַלן, קאָלעקטיוון — און אויך איינזאַמע מענטשן, יחידים, אינדיווידן וואָס שטייען ווי פאַרשטיינערטע אין דער אוראַלטער נעץ פון שטיינער וואָס הייסט ירושלים. ירושלים איז פול מיט בתי־מדרשים, שולן, סינאַגאָגן. ירושלים האָט טויזנטער געבעט־הייזער — דאָ טראָגן זיך כסדר וואָלקנס זוניקע פון הייסע תפילות צום רבונו של עולם.

ניט שאול ראַסקינס קאָמענטאַרן — אין אידיש און אין ענגליש — בין איך אַגב אויסן צו ציטירן. נאָר איך וויל אָנוואַרפן מיינע אייגענע איינדרוקן פון די בילדער. די בילדער — דורך וועלכע שאול ראַסקין

באַמיט זיך אַנצואוואַרפן אַן אַלגעמיין בילד פון לאַנד, באַדינגונגען, באַוועגונג און לאַגע.

ירושלים ביינאַכט; ירושלים פון אַלטן קוואַרטאַל; ירושלים מיט אַ וואָלקן פאַרהילט, ווי מיטן אַרעם פון גאָט אַרומגענומען. ירושלים מיטן מגדל דוד; ירושלים די קריסטלעכע, נאָך פון די צייטן פון די קרייץ־צוגן; ירושלים די אַלטע שטאָט — פון דער אידישער יוגנט באַלעבט און אָנגעצונדן — באַהערשט פון די ענטוזיאַסטישע חלוצים, פון פיאָנערישן ברען; ירושלים פון דוד המלך און קעניג שלמה; פון די אידישע קעניגן פון „דברי הימים״ — ביז צו אונזער צייט, ווען ס'האָבן זיך צעבליט מסחר און קולטור; ביז צום העברעאישן אוני־ווערזיטעט און העברעאישן רענעסאַנס — ביז שבת־רו און שפּאַציר־גאַנג און רויזן ביים טיש און פלירט פון דער יוגנט — ביז צו בצלאל־שולע פון אידישער, סטיליסטישער קונסט —

איך בין זיך מודה אַז דורך שאול ראַסקינס רוימפּולע, גערוימע בלעטער האָב איך ווידער באַזוכט מיין אַלטע ירושלים; איך האָב דאָרט אין לבנה־נאַכט געוואַנדערט — איך האָב זיך מיט דער בלייכער און ציטערנדיקער שולמית באַגעגנט — איך האָב אין דער נאַכט דערזען לייכטן אַן אַלטע, גאָלדענע קרוין, די קרוין פון די אידישע קעניגן, די אידישע קיסרלעכע קרוין וואָס טויזנטער יאָרן שפּעטער האָט דער שטאָטסמאַן־ראָמאַניסט לאָרד ביקאָנספיעלד דערזען איר גאָלדערנעם גלאַנץ און זי ווידער געלאָזט אָנצינדן אין זיין פּרעכטיקער נאָוועלע „דוד אלראי״. —

איך האָב אין דער פליושענער, „אינדישער זומערנאַכט״ געמישט די בלעטער פון שאול ראַסקינס אַלבום מיט גרויס נייגעריקייט און ליבשאַפט און ערפורכט צום לאַנד; וואָס לעבט איבער אַ איד ווען ער זעט שטיין אַן אַלט פאָלק ביי זיין אַלטער וואַנט — די „כותל מערבי״ — פון זיינס אַן אוראַלטן, געטלעכן טעמפּל — פון קעניגלעכן בית המקדש און עס ציטערט דאָס אַלטע פאָלק אין גרויס ציטערניש פאַר גאָט. —

אין משך פון זיינע פינף רייזעס קיין ארץ ישראל האָט שאול ראַסקין זיך געענוי באַקאַנט מיט דער היסטאָרישער, ביבלישער, און מאָדערנער רענעסאַנס־דערשיינונג פון דעם לאַנד. איר האָט אין דעם אַלבום פון יעדער וויכטיקער שטאָט פון ארץ ישראל צענדליקער צייכענונגען, קאָלירטע בילדער — און אַלערליי וואַריאַציעס, אויסזיכטן און לאַגעס פון דאָס געזעענע. דאָס איז ניט קיין ערשטע און איינציקע און איילעקע שטימונגס־אימפּרעסיע פון אַ קינסטלער אויף זיין קורצער און שנעלער טוריסטן־רייזע. שאול ראַסקין האָט דאָרט געוואוינט, דאָרט געלעבט, דאָרט באַאָבאַכטעט, דאָרט געקומען אין קאָנטאַקט מיטן ישוב, דאָרט געמאָלן און געצייכנט און זיך אַריינגעלעבט אין דעם רעאַליזם און אין דער היסטאָרישער גרויסקייט פון אונזער אַלט־נייעם לאַנד. —

איר מישט די בלעטער פון דעם לאַנד, אַזוי ווי עס וואָלט אייך געטראָגן אַ בליץ־שנעלער אָמניבוס איבער זיינע שטחים; תל־אביב — די מאָדערנע שטאָט, מיט איר ריטם פון אַן אייראָפּעאישער גרויס־שטאָט; מיט איר טומלדיקער באַוועגונג און באַוועגונגס־טעמפּאָ; מיט אירע פּרנסות און פּראָפעסיעס; מיט איר שפּרודלדיקער אַקטיוויטעט און פּאָליטיק. מיט איר קאָנסטרוקציע — איר קונסט־שאַפונג — אירע

אידעאַלן, מיט איר האָפן און שיפבוי און קעמלען און האָריזאָנטן. מיט אירע ריטמישע אידן און ענטוזיאַסטישער יוגנט — מיט זייער באַוועגונג און פלירט. —

חיפה; טבריה, די אוראַלטע שטאָט פון אידישע קברים, בראש מיטן קבר פון ר' מאיר בעל הנס; צפת — די שטאָט פון די מקובלים, פון פרומע אידן, פון באַרימטן קבר פון ר' שמעון בן יוחאי; חברון, מיט איר גוטן קלימאַט און זיסע קוואַלן, שטעט וואָס לעבן אויף מיט אַ נייעם גייסט און נייעם האַרץ־פולס — און שטעט וואָס זינקען אַריין, ווי זייערע קברים, אין דער ערד, אין דער ידישער פאַרגאַנגענהייט, אין דעם שפינגעוועבס פון אידישער געשיכטע, לעגענדע און חלום.—

און אָט איז אויך דאָס קבר רחל — דאָס קבר פון אונזער שענסטער, אונזער נאָבלסטער תנ"ך־געשטאַלט רחל, וואָס מיר האָבן ליב ווי אַ צאַרטע, וואונדערלעכע, פּאָעטישע העלדין — דעקאָרירט אין צירונג פון לעגענדע און יונג־שטאַרבן. רחל, וואָס אונזערע פיינסטע קינסטלער מאָלן, באַשיינען און טוען אָן אין גוטסקייט און אין אידלקייט און קאָלירן. און וויפל וואַריאַציעס צייכנט שאול ראַסקין דאָס קבר פון רחל. איך שפּאַציר דאָ אַרום. איך באַטראַכט די שטיינער, די בערגלעך, די וואַנדערער, די פּילגרימען. איך צי אַרויס פון דער טיפעניש אונזער מוטער רחל און איך קוש איר אין די בלאַסע באַקן, איך קוש אירע טרערן־פאַרגאָסענע אויגן...

און אָט שטייגן אַרויס קאָלאָניעס פון גדרה; עקרון; רחובות; מגדל; כפר סבא; רעננה; רמת; זכרון יעקב; דאָס זיינען בלויז עטלעכע פון די אידישע קאָלאָניעס; און קבוצות, קאָלעקטיווע פאַרמס; און די יוגנט — די מעכטיקע לייבער פון אידישע מענער און פרויען — וואָס שטעלן פאַר די זיכערקייט פון אונזער לאַנד; די באַשיצונג פון דער ערד; די אַרבעט, די בויאונג, די צוקונפט פון פאָלק און די אייזנפעסטע גע־שיכטע וואָס איז געצייכנט אויפן האָריזאָנט פון ארץ ישראל פאַר די אידן פון אַלע לענדער.

שאול ראַסקין האָט געצייכנט די פּנימער פון די חלוצים; איטאַ־ליענישע, רוסישע, פּוילישע, קאַנאַדישע, אויסטראַלישע, גריכישע, רו־מענישע — די חלוצים און די חלוצות וואָס זיינען מיט זייערע האַר־צער און מיט זייערע מאַזאַליעס געקומען בויען ארץ ישראל. טיפּן וואָס טראָגן יעדער די כאַראַקטעריסטיק פון די ראַסן און פעלקער און קלי־מאַטן וואו זיי האָבן געלעבט די לעצטע צוויי טויזנט יאָר; אָבער וואָס האָבן סוף כל סוף דערהאַלטן דעם ביבליש־סעמיטישן קענצייכן, דעם נאַציאָנאַלן סטיל; דאָס אַלט־אידישע פּנים פון די נביאים; אַלע אידי־שע פּנימער זיינען שליסלעך דאָס פּנים פון אברהם אבינו וואָס הייבט אויף די אויגן צו גאָט — און די הענט צום לאַנד כנען...

שאול ראַסקין מאָלט און צייכנט בונט־און־בולט דעם פּייזאַזש; די לאַנדשאַפט וואָס דאַרף ווידער שטראָמען מיט האָניק און מיט מילך און מיט גאָלד־ און מיט ליבשאַפט. ער מאָלט די אוראַלטע ערד און די אוראַלטע לאַנדשאַפט, וואָס ווערט בייטאָג אויפגעוועקט דורך אידישער אַרבעט, אונטער דער ברענענדיקער זון — און ביינאַכט דורך טענץ, אונטער דער קאָלעכדיקער לבנה. ער מאָלט די אידישע לעגענדע; די גלאָררייכע היסטאָריע; און די אידישעווירקלעכקייט; די אַרבעט, דעם טאַנץ און דעם העראָאישן קאַמף פונם ישוב קעגן זיינע שונאים — פאַר זיין נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. —

***

פינף מאָל האָט שאול ראַסקין באַזוכט ארץ ישראל. דער דאָזיקער אַלבום איז אַ רעזולטאַט פון זיינע באַזוכן און פון זיין ענטוזיאַזם פאַרן לאַנד. ארץ ישראל האָט אַ גרויסע באַדייטונג פאַרן קינסטלערס שאַפן. זינט זיין ערשטן באַזוך, אין יאָר 1921, האָט שאול ראַסקין באַשלאָסן צו ווערן דער קינסטלער פון זיין פאָלק. דער באַזינגער פון זיין לאַנד. און דאָס דאָזיקע בוך איז דער רעזולטאַט פון זיין יאָרנלאַנגער, אינטענסיווער אַרבעט פאַרן דאָזיקן צוועק. עס איז אויך זיין דאַנק־מתנה צום לאַנד פאַר דער באַדייטונג וואָס עס האָט געשפּילט אין זיין קינסט־לערישער פאָרמאַציע און קרעאַטיווער אַרבעט — שאול ראַסקינס אַלבום „אַרצנו ועמנו“ דאַרף זיך געפינען אין יעדן אידישן הויז, ביי יעדער אידישער פאַמיליע — צו וועמען עס זיינען טייער די אידישע טראַדיציעס און דאָס לעבן און דער קיום פון די אידן אַלס פאָלק אין דער טראַגישער קעגנוואַרט און אין דער צוקונפט. —

# די ביכער קאָלעקציע פון ל. ווייץ

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט, ווען איך האָב באַזוכט די פיינע צימערן פון מר. ל. ווייץ׳ס בוך־קאָלעקציע, אויף מעדיסאָן עווענױ. די קאָלטע שטראַלן פון יאַנואַרס פאַלשער זון האָבן זיך דורכגעשלאָגן דורך די פענצטער. באַרירט די פּלייצעס — די רוקנס — פון די צויבערהאַפטע ביכער. דער פיינער, פאַרבנרייכער לעדער־הויפּטזאַכלאַך אַ דאָמינירנדיקער רויט — האָט ווי אויפגעלעבט און וויברירט אין דער זונס קילן ליכט. איך בין געזעסן אין אַ פיינעם פאָטעל און אַ לייכטע מידקייט איז מיך באַפאַלן. מיר ווייסן קיינמאָל נישט ווען מיר שלאָפן איין. די זיסע געטין פון שלאָף — זי וויגט אונז איין און וועקט אונז אויף ווען זי וויל — — —

אַ דינער, שלאַנקער מאַן האָט מיר געוויזן איינציקוויז זיינע ווערק. און בשעת ער האָט געמישט די בלעטער פון די אין רויטן־לעדער־געבונדענע ביכער — האָב איך אַריינגעקוקט אין דער דינער פּראָזע. איך האָב באַמערקט דערציילונגען ווי „דער אוואַלער פּאָרטרעט", „די מאַסקע פון רויטן טויט", „בערעניקע". עס איז געווען אַ זיסע מעלאָדיע אין די ווערטער וואָס איך האָב אַרויסגעלייענט אַ בענקשאַפט צום טויט. די העלדן זיינען אַלע געגאַנגען שטאַרבן — דאָס מיידל וואָס פאַזירט שטאַרבנדיק פאַרן פּאָרטרעט, כדי דער קינסטלער זאָל אַריינטריפן איר לעבן אין פּאָרטרעט. און די פאַרזאַמלטע אַריסטאָקראַטן אין וואונדערשיינעם פּאַלאַץ, זיך היטנדיק די פּעל פון רויטן טויט — די פּעסט. און בערעניקע — וואָס שרימפּט איין פון אַ מיסטעריעזער קראַנקהייט.

דער מאַן וואָס האָט מיר זיינע ווערק געוויזן — האָט זיך טיף פאַרבויגט פאַר מיר און זיך פאַרגעשטעלט:

— עדגאַר עללען פּאָו.

נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט אויסצודריקן מיין פרייד אים צו קענען, מיין באַליבטן פּאָעט, די זעלטענע דערשיינונג אין אַמעריקאַנער בעל־לעטער, איז ער ווי אויסגערונען פאַר מיר. ווי אַ דינער קוים די ערד־באַרירנדיגער שאָטן — איז ער אַנטרונען.

אַ שלאַנקער מאַן, אַן דער רעכטער האַנט, מיט אַ שמערצפולן אויסדרוק אויף זיין סאַרדאָניש־בליכן, קלוגן געזיכט — האָט פאַר מיר געמישט די בלעטער פון אַלטע אויסגאַבן פון „דאָן קיכאָט".

די בלעטער זיינען געווען געלע און פון טויזנט פינגער באַרירטע. די פינגער וואָס האָבן באַרירט די געלע בלעטער — פון דורות פאַרגאַנגענע. די צייכענונגען פון דעם הויכן, זייער גוטן ריטער דאָן־קיכאָט, וואָס האָט נישט געשלאָגן זיך מיטן צוויפל — נאָר הערא‌איש געקעמפט, און פונם צוגלייך גוטן און טייערן סאַנטשאָ פאַנטשאָ — זיינען געווען גלענצנדע. אַ צויבערהאַפטער טרויער האָט געוויעט פון דעם ריטערס געשטאַלט, ווי ער טראָגט זיך סקעלעט־אַרטיג אויף זיין ראָסיגנאַנטע, מיטן בלייכן געזיכט אַרומגעבונדען מיט וואָלקן־באַנדאַזשן, טרוימענדיג זיין אויסגעטראַכטער געליבטע.

— איר זענט מיר עטוואָס באַקאַנט — האָב איך געזאָגט צום שלאַנקן זשענטלמאַן, — איך האָב אייך ערגעץ וואו געמוזט באַ־

געגענען.

— מיגועל דע סערוואַנטעס סאַוועדראַ איז מיין נאָמען! — האָט ער געזאָגט, זיך בויגנדיג פאַר מיר און אין זעלבן מאָמענט פאַרשווינדנדיג, ווי מען וואָלט אים פון אויבן גישט דערלויבן צו־פיל צו פאַרווײלן אין אַן ערדישער אַטמאָספערע. מיר איז אָבער געבליבן דער טעם פון די געשמאַקע בענדער „דאָן קיכאָט" — מייסטערהאַפט געבונדן — אויסזעענדיג ווי די געלע טייטש־חומש'ן פון אונזער קינדהייט, ווען די מאַמע פלעגט מישן די ברייטע בלעטער אין אידיליש־שבת'דיגן נאָכמיטאָג, ווען די זון פלעגט זיך גאָלדהאַפטיג שפּרייטן אין גרויען, טיפן סאָד . . .

שנעל לויפט פאַרביי אַ דינע פיגור, הויך און אויסגעבויגן, ווי אַ פיגור פון על גרעקאָ. ער טראָגט אונטער די אָרעמס גאַנצע פעקלאַך מיט בענדער פון דר. סינטעקס וואַנדערונגען אין פרויען־לאַנד — אין פאַריז — אין לענדער ווייטע — זוכנדיג דאָס פּיק־טורעסקע, ליבנדיג דאָס ביזאַרע.

און נאָכלויפנדיג נאָך אים — זע איך אַנאַטאָל פראַנס, מיט דער גרייז־גרויער באָרד און דעם יאַרמולקע אויפן קילן, רואיגן קאָפּ. אַנאַטאָל פראַנס און מאַפּאַסאַן און מאַפּאַסאַנס לערער — פלאָבער. „די טעמפּטאַציעס פון סט. אַנטואַן" לייכט אויף פאַר מיר מיט דער גאַנצער קינסטלערישער שיינקייט פון אַ קונסטווערק.

דער פראַנצויזישער איינבינדער האָט דאָ — אָנשטאָט אין אַ הילצערנער טרונע פון אַ פרישן בוים — פאַרהאַלטן זיין לעבן, זיינע יאָרן, זיינע שטונדן פון די שפּעטע נעכט. אַ קינסטלער האָט דאָ זיין לעבן באַהאַלטן. דורך דעם גאַנצן ווערק — דורך אַלע וויניעטן און ווייכע מאַטע קאָלירן — אַן אַ סימן פון וואולגאַריטעט — גייט דורך דער דראַנג צום אַסקעטישן און מיט דער דראַנג צום צויבערהאַפטן לייב.

ווי אַ שוואַרצער גייסט האָט שנעל דורכגעשפּאַנט פאַר מיר אַן אומבאַקאַנטער מאַן און האָט מיר צוגעוואָרפן פיינע בענדער אין ווייכע בויגיקע לעדער געבונדן. בויגיקע עלאַסטישע לעדער — ווי דאָס לייב פון אינטימע פרויען.

— פאַרוואָס פאַרווײלן זיי בלויז לעבן מיר אַ קורצע ווײלע? פאַרוואָס זיינען זיי אַזוי שאָטנהאַפט? האָבן זיי מורא דאָ צו זיין? — האָב איך זיך אַליין געפרעגט. און אָט האָט זיך די טיר געעפנט און אַ מאַן, אין אַ פיינעם העלן אנצוג, מיט אַ ליכטיגן געזיכט און קלוגע אויגן, איז דערשינען.

— שעמט איר זיך נישט צו שלאָפן אין מיין ביבליאָטעק? — האָט דער מאַן געזאָגט.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. יאָ, איך בין ווירקלאַך געשלאָפן. פאַר מיר איז געשטאַנען מר. ל. ווייז, דער אייגנטימער פון דער זעלטענער קאָלעקציע. איך האָב זיך מיט אים דערפרייט. אין דערזעלבער צייט האָב איך באַדויערט וואָס ער האָט מיך אויפגעוועקט. ווען נאָך אין לעבן באַווייזן זיך צו אונז די געערטע אויטאָרן, די קלאַסיקער פון דער וועלט־ליטעראַטור?! ווי דאַנקע, האָב איך אַ ווײלע פאַרבראַכט מיט די אַלטע שריפטשטעלער און דיכטער פון גריכנלאַנד און רוים, פון איראָפּע און אַמעריקע. מר. ווייז האָט מיר אָנגעהויבן צו ווייזן זעלטענע ביכער, אוצרות, זעלטענע ערשטע אויסגאַבן.

פּראַכטיק־געבונדענע ווערק פון דער ליטעראַטור אין אַלע שפּראַכן. בייקאָן, שעקספּיר, דיקענס, שאָוסער, סוויפט א.אַז.וו. — פון דער ענג־לישער. און — רוסאָ, וואָלטעיר, פּיער לאָטי, פּאָל בורזשעי, סטענ־דאַל, באַדלער, ווערלען, רעמבאָ — פון די פראַנצויזן און פילע אַנ־דערע ווערק — גריכישע, רוימישע, רוסישע, דייטשע. אַלערליי ביכער — פאַנטאַסטיש געבונדן. רייך, עקסטראַוואַגאַנט. אויסגאַבן פון מאַדאַם דע פּאָמפּאַדורס אינטימער ביבליאָטעק. מיט וויניעטן פון פראַגאָנאַר, בושעי, ל׳אַנקרע, פוסען, וואַטאָ אין ראָקאָקאָ־גייסט.

מר. ווייץ איז פאַרליבט אין זיינע געהיימע אוצרות. דער סוחר קעמפט אין אים מיטן קאָלעקציאָנער. ווען איר וועקט אים אויף אינ־מיטן נאַכט, צו קויפן ביכער — וועט ער אויפשטיין און טרוימען פון קאָלירן, פון טייערע, זעלטענע ביכער, פון ביזאַרע מאַנוסקריפּטן.

ווי יעדער עכט־פאַרליבטער, ווידמעט ל. ווייץ זיין גאַנצע צייט צו זיינע ביכער. אָפט מוז ער זיך שמערצפול שיידן מיט זיי — צוליב „ביזנעס". דאָס קאַפּיטאַל ליגט פאַרגליווערט אין אַנטיקן. און די וועלט גייט אַלץ ווייטער אַוועק פונם עסטעטישן און עטישן.

ל. ווייץ האָט אַ ברייטע באַקאַנטשאַפט מיט מענטשן. ער קען ניט בלויז די רייכע, וואָס האָבן אָפט ליב צו געניסן דעם זעלטענעם לוק־סוס פון אַנטיקוואַרע ביכער, נאָר אויך די באַהעמישע קבצנים וואָס לעבן דורך דעם טאָג מיט ברויט און טיי און פאַרשפּענדן די לעצטע גראָשנס אויף אַן איינציקאַרטיקן בוך. עס איז אַ וועלט: די וועלט פון אַלטע, שיין־געבונדענע און טייערע ביכער — אַ וועלט וואָס האָט איר רעאַליזם און ראָמאַנטיק, איר שכרות און איר ניכטערקייט, איר משוגעת און איר לאָגיק.

זעלטענע ביכער — זיי זיינען אָפט די איינציקע איבערבלייבעכצן פון עפּאָכן גאַנצע; פון געשיכטלאַכע עראָס. זיי זיינען די מיילשטיינער פון דעם מענטשנס קולטורעלער אַנטוויקלונג. זיי זיינען דער צייט־ווייזער פון דער געזעלשאַפט.

און ל. ווייץ מוז לעבן אַ זייער רייך, פאַנטאַסטיש לעבן.

# קאנווערזאציע מיט דורות

(וועגן דעם ערשט־פאַרשטאָרבענעם מיכל קאַפּלאַן)

בשעת דער לעצטער בריוו פון מיכל קאַפּלאַן, דאַטירט פון יולי 1, 1944, ליגט ביי מיר אויפן שרייבטישל, כדי ווידער־געלייענט און גע־ענטפערט צו ווערן — איז מיכל קאַפּלאַן מער נישטאָ צווישן די לעבע־דיגע . . . ער האָט מיך עטלעכע מאָל איינגעלאַדן צו קומען צו אים אין הויז. זיין פאָדערונג צו זיין פּרעציז און פּינקטלעך — האָט מיך עט־וואָס אָפּגעשראָקן. און איך האָב אַלץ אָפּגעלייגט דעם באַזוך.

ער שרייבט:

„אַ דריי טעג איידער איר קומט צו מיר, זאָלט איר מיר שרייבן אַ פּאָסט־קאַרד און באַשטימען דעם טאָג און די שעה ווען איר ווילט קו־מען. אָבער, למען־השם, למען־השם מיך ניט פאַרפירן און ניט לאָזן מיך וואַרטן אויף אייך אַפילו איין מינוט.

כדי ניט מאַכן קיין טעות, נעמט אין באַטראַכט אַז עס וועט אייך נעמען אַרום צוויי שעה צו קומען צו מיר, דעריבער אַז איר ווילט קומען למשל צו מיר 5 אַ זייגער — מוזט איר אַרויספאָרן דריי אַזייגער, ניט שפּעטער. והכל על מקומו יבוא בשלום".

מיכל קאַפּלאַן שרייבט מיר גענוי אַרויס דעם פּלאַן ווי אַזוי צו פאָרן, א.אז.וו. ווי נישטיק זעט דאָס אַלץ אויס—איצט, ווען מיכל קאַפּ־לאַן טרעפט זיך ווידער אין די הימלישע אַלייען מיט אַלע יענע מיסטי־קער, אַלכעמיקער, קבלה'יסטן און אויטאָרן — וועמענס ווערק ער האָט אַזוי אומדערמידלעך געזאַמלט און פאַרבראַכט מיט זיי . . . ווידער טרעפט זיך אַן ענערגישער איד מיט די אידן פון די ביבלישע צייטן, פון גרויען אַלטערטום, פון מיטלאַלטער און רענעסאַנס־פּעריאָד — און מיט די מחברים פון פוילן, ליטע און רומעניע — אומגעבראַכט אין אונזערע טעג . . .

נישט זעלטן האָבן זיך באַוויזן אויף די שפּאַלטן פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" זיינע עסייען איבער אַלט־העברייאישע ספרים. פון זיין פּרעציזן און מיט ליבשאַפט־געשריבענער פּראָזע — פון דער גענויער איבערזעצונג פון טעקסט — פון דער רעפּראָדוקציע פונם אַלטן שער־בלאַט אָדער וויניעט — פון אַלע האָט געשטראַלט מיט ליבשאַפט און אינטימער באַציאונג צום ספר — צו דער אַלט־העברייאישער קולטור — צו זיינע אומשטערבלעכע שעפער — און צום אידישן פאָלק.

מיט אַ טראַגישן געפיל לייען איך די פאַרצייכענונג וואָס איך האָב געמאַכט אין וואַרם־ווינטיגן אַפּריל, 1943 — ווען מיכל קאַפּלאַן האָט מיר צוגעשיקט דעם קאַטאַלאָג פון זיין קאָלעקציע ספרים, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן צום ניו־יאָרקער אוניווערזיטעט — וואָס פּרעזער־ווירט איר ווי אַ באַזונדערע איינהייט, אויפן נאָמען פון מיכל קאַפּלאַן — זיין אידעאַליסטישן קאָלעקציאָנער און שריפטשטעלער . . .

"Panorama of Ancient Letters." Four and a half centuries of Hebraica and Judaica. Compiled and edited by Mitchell M. Kaplan, New York, 1942.

„אין דער דאָזיגער שווערער צייט, ווען עס דוכט זיך, אַז אַט ווערט פון דער גרויסער מענטשהייט אַש און שטויב, ווען די פינצטערע כוחות האָבן זיך פאַרנומען אין אַ ברוטאַלן קאַמף געגן די כוחות פון ליכט און ציוויליזאַציע, דערלויב איך זיך אָפּט אַרונטערצעוואַרפן פון זיך די שווערע משא וואָס דריקט מיין האַרץ, און איך גיב זיך איבער צו דער ליבלאַכער קאַמפּאַניע פון אַ הערלאַכער פאַרזאַמלונג. דאָס איז אַ רואיג־שטילע אסיפה פון אַלטפאַרצייטיגע זעלטענע העברייאישע ספרים, וואָס איך האָב געזאַמלט מיט ליבע און איבערגעבנהייט פאַר פילע יאָרן. אַט־די נאָבעלע אַנטיקן וואָס זיינען פאַרבליבן פון מיין פאָלקס פאַרגאַנגענהייט, לויכטן מיט אַ הערלאַכער פּראַכט, באַרויִקן מיין געמיט און ברענגען מיר שטונדן פון גייסטיגער פרייד . . . ״

מיכל קאַפּלאַן.

---

עס איז געשען אַ מאָדנע זאַך: איך האָב שפּעט ביינאַכט, ווי אַ וואַנזיניגער, גענומען מיכל קאַפּלאַנ׳ס גרויס־פאָרמאַט־בוך — די פּאַנאַראַמע פון אַלטע ליטעראַטור — און איך האָב געוואָלט מאַכן די נאָטיצן פאַר אַ רעצענזיע. נאָר פּלוצלינג האָט מיר אָנגעהויבן שווינדלען דער קאָפּ. פאַר מיר האָט זיך געעפנט אַ פאַנטאַסטישע לאַנדשאַפט פון אַלטע ליטעראַטור, אַרומנעמענדיג אַלע געביטן פון מענטשלאַכן שאַפן. איך האָב באַלד איינגעזען אַז ציטירן און ברענגען נעמען פון ווערק איז פּונקט אַזאַ אַרבעט ווי זיך אָוועקזעצן ביים ברעג פון ים, אין גאָלדענעם זון־אונטערגאַנג און ציילן די כוואַליעס, די גאָלדענע, די בראָנזענע כוואַליעס פון ים.

40 יאָר האָבן די אידן געבלאָנדזשעט אין מדבר, טרוימענדיג פון טעפּ פלייש ביי די פּיראַמידן פון עגיפּטן. 40 יאָר צייט האָט מיכל קאַפּלאַן, אין אַזאַ פּראַקטישער און וועלטלאַכער מעטראָפּאָליע ווי ניו־יאָרק, געקליבן זיינע אוצרות. אַ גאָלדשמיד האָט נישט מער פאַרגעניגן פון זיין גאָלדוואַהג און דעם איידעלן, פּעמיניסטישן צויבער פון איידלשטיינער. דאָ, אין אַט־די זעלטענע ביכער פון טויטע צייטן, וואָס זיינען געבליבן לעבן בלויז אין די געלבע בלעטער פון די אין געלבן לעדער איינגעהילטע ווערק — האָט מיכל קאַפּלאַן געמאַכט אַ ראַנדעוואָז מיט דער געשיכטע. דאָ, דורך יעדן בוך פון אַ לאַנג־שוין פאַרגעסענעם מחבר — האָט ער אַריינגעקוקט, ווי דורך אַ קרישטאָלענער שויב פון אַ פענצטער, אין אַ פאַרגאַנגענער עפּאָכע. דאָ האָט ער געפירט זיין קאָנווערזאַציע מיט די דורות.

דער קולטורעלער ניוואָ פון אַ לאַנד, צו אַ באַשטימטן צייט־אָפּשניט; דער אופן פון דעקאָרירן ביכער, בינדן זיי; דער צושטאַנד פון דער קונסט; דער אַרט געדאַנקען־גאַנג פון אַ קלאַס; די פּאָליטישע אַטמאָספערע; די שווערינקייט פון די אידן — אין זייער געדריקטן רעליגיעזן, פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן; די ווירקונג פון פרעמדער קולטור און רעליגיע אויפן אידישן פאָלק אין יעדן לאַנד באַזונדער —

דאָס אַלץ קען מען אין טויזנט הינזיכטן אַרויסלייענען פון די ביכער פון מיכל קאַפּלאַנ׳ס זאַמלונג, פאַנטאַסטישער קאָלעקציע. די מערסטע ביכער זיינען דעקאָרירט מיט אַ שער־בלאַט, אין וועלכן פיל קונסט איז אַריינגעלייגט געוואָרן. איר קענט דערקענען לויטן שער־בלאַט צי איז עס פון ווענעציע אָדער סטאַמבול, פון באָלאָניאַ אָדער פּאַריז. די גאָלדענע טויערן אויפן שער־בלאַט, וואָס פירן אַריין אין די שיינע פּאַלאַצן פון אַ גרויסן פאַנטאַסטישן ספר, אָדער פון אַ ווערק וואָס באַהאַנדלט דעם צויבער און די פאַנטאַסטיק פון די 613 (תרי״ג) מצוות—אויף אַ קבלאיסטישן אופן באַהאַנדלט — אַזאַ שער־בלאַט איז נישט קיין צופאַל — נאָר פאַררעדט די קונסט־שטרעמונגען פון דער צייט. פון דעם לאַנד. אַ פאַכמאַן וועט פון דעם אַרויסלייענען די געשיכטע פון דער וועלט. פונקט ווי אַ געניטער ביזשוטעריע־קענער וועט אין די איידעלע, צאַרטע, קינסטלעריש־געשמידטע צירונגס־שטיקער — דערזען די געשיכטע פון לענדער און פעלקער. בפרט נאָך אין ביכער — וואָס נישט נאָר דערציילן זיי אויסערלאַך, מיט זייערע פּנים׳ער, די היסטאָריע פון מענטשען. נאָר אינערלאַך רעדן זיי מיט לשונות וואָס געלערנטע און למדנים פאַרשטייען און שעפּן פולע הויפנס גאָלד ווי ווילדע, גאָלדענע, ברוטאַלע בינען — שעפּן האָניק פון צויבערהאַפט־צעלויכטענע בלומען.

יעדעס ווערק האָט זיין פאָטער, זיין מחבר; יעדער מחבר האָט זיין געשיכטע, זיין לעגענדע; פאַראַן אין דער פּאַנאָראַמע פון אַלטער ליטעראַטור — נעמען, וואָס זייער קלאַנג פאַר׳שיכור׳ט: נעמען פון דענקער און דיכטער; פון פּאָעטן און וויין־טרינקער; פון מיסטיקער און גראַמאַטיקער; פון מענטשן וואָס האָבן אין זייער פאַבלהאַפטער רייכקייט און פאַנטאַסטישער, לעגענדאַרישער אָרעמקייט — זיך איבערגעגעבן דער פאָרשונג פון דער העברייאישער שפּראַך. איר האָט דאָ הונדערטער תלמודיסטן, קאָמענטאַטאָרס פון דער תורה, יוריסטן און קאָדיפיקאַטאָרס — מענטשן וועמענס נעמען זיינען איינגעקריצט אינם הימל פון מיטלאַלטערלאַך־העברייאישער ליטעראַטור, ווי שטערן אין אַ טונקעלער נאַכט — מיט זייער שאַרפקייט פאַרוואונדעריג דאָס סענסיטיווע אויג. אַסטראָנאָמיע, מעדיצין, געזעץ, רייזע־באַשרייבונג, קבלה, אַלעגאָריע, פּאָעזיע, מערכען, פילאָלאָגיע, פילאָזאָפיע — דאָס זיינען די געביטן — אויבערפלעכלאַך דערמאָנט.

אַ טייל שער־בלעטער זיינען פּראַכטפול און מאַיעסטעטיש. רייך אין דראַמע, אין אַקציע וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין די זייטן־מיניאַטורן פון דער אָרנאַמענטאַציע. משה ואהרנ׳ס געזיכטער — ברענענדיגע זונען; פיגורן — מאָנומענטאַל, ווי מיקלאַנדזשעלאָס געשטאַלטן. די סימבאָליש־באַפליגלטע פיגורן, מיט געזיכטער פון שמערצפולע מענטשען — זייער פּאָעטיש. משה׳ס קאָפּ איז איינגעהילט אין פילע פלאַמען. און אהרנ׳ס אָפּטמאָל — זעט אויס ווי אַ פריץ פון די אַלטע, פעאָדאַלע צייטן. (אוהל יעקב, פון יעקב כהן שאַפּיראָ, פראַנקפורט, 119).

אידן האָבן געוויינלאַך נישט אילוסטרירט דעם טעקסט — אויסער אין דער נאָוועליסטישער, דערציילערישער הגדה און אין דער קאַרניוואַליש־שפּילעווודיגער מגילת אסתר. דעריבער זיינען בלויז די שערבלעטער אַזוי רייך אילוסטרירט, מיט ביימער, אייביג גרינע, סימבאָליזירנדיג די אייביגע פרישקייט פונם אידישן פאָלק. אינם שער־בלאַט האָט מען געצייכנט געזיכטער — אַלטע, טרויעריגע, שווער־געמיטפולע,

מאַרטירערישע; אָפּטמאָל אויך מיט איראָניע, מיט קרומען, סאַרדאָנישן זשעסט; אָפּטמאָל — קלאָונישע מאַסקע; פאַרצווייפלט און ביטער. מיט פליגל — ריזיגע, שווערע, קאַלאָסאַלע. („כלי יקר", פון שלמה אפרים לענטשיץ, פּראַג, 1603). אפילו דאַמען־געזיכטער האָבן זיך די אידן דערלויבט אין די שער־בלעטער; פאַרטרויערטע פרויען־געזיכטער — ווי קאַריאַטידן — אונטערהאַלטנדיק די זיילן, וואָס זיינען אַזוי רייך דעקאָרירט מיט בוקעטיש־עקסטראַוואַגאַנטע בלומען און צווייגן, פרוכטן און פלאַנצן; וואָס אָטעמען מיט דופט, און צירט די געשטאַלטן פון מאַן און פרוי (אָדם וחוה?) וועמענס געזיכטער דערציילן פון שמערץ און פיין, (שו"ת ר' שמואל די מודינא, סאַלאָניקי 1596).

פיינע צייכענונגען פון אינגלאַך, אין גריכישן סטיל, זעט זיך אין אַ שער־בלאַט פון 1552, פון סאַדיאָנעטאַ, חזות קשה, פון יצחק ארמה, באַרימטער פילאָסאָף, פּריידיגער און געלערנטער. זיין ספר איז אַ דיסקוסיע וועגן די שייכות'ן צווישן פילאָסאָפיע און טעאָלאָגיע. די דאָזיגע טעמע, אַזוי אַקטועל און רייך באַהאַנדלט אין אַלטערטימלאַכער ליטעראַטור — ווערט טאַקע אילוסטרירט דורך די צוויי אינגלאַך וואָס האַלטן שאַרפע שפּיזן אין די הענט. דיסקוסיע און — שפּיזן. וואָרטגעפעכט . . .

איר האָט דאָ אַ ספר פון שמואל וואַלעריאָ, דאָקטאָר און דענקער — באַהאַנדלענדיק ספר דניאל. און דריי גרויסע, גאָלדענע קרוינען איבערן שער־בלאַט פון אַן אַלט־קבליסטיש ספר — דערשינען אין וועניציע אין 1586. פאַר אייך גייען אויף פּערל פון דער אַלט־אידישער ליטעראַטור — אַ ליטעראַטור נישט וועגן מענטשן אליין — נאָר וועגן גאָט. וועגן דער תורה פון גאָט — געגעבן צו די מענטשן. אין די 4,000 ספרים זיינען פאַראַן הונדערטער וועגן דער תורה — קאָמענטאַרן פון רש"י, דעם פראַנצויזישן בירגער, און פון דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם דאָקטאָר רמב"ם . . . און פון געהיימניספולע דענקער און קבליסטן — מענטשן וואָס זיינען פאַרצערט און בלאָס געוואָרן, און פון טראַכטן און אריינטראַכטן אין יעדער אות פון דער תורה — אַ וועלט מיט ליכט, מיט דראַמע, מיט וויזיע און מיט משיח־האָפענונג. די תורה — דער תנ"ך — איז געווען די הייל פון אַלע געהיימנישן. אין אירע בלעטער האָבן זיך לעבנס געצונדן און אויסגעלאָשן. און ווערק פון געשיכטע — ווי פון דוד גאַנז, „די פלאַנץ פון דוד", פראַנקפורט, 1692, מיט אַ שער־בלאַט וואָס האָט טויזנט חנ'ען און ווייזט צוויי שטרייטער סימבאָליזירנדיק געשיכטע. און ביכער פון גלחים איבער טעאָלאָגיע — דיסקוטירנדיק פּראָבלעמען פון עטיק און תנ"ך. און אריינקוקנדיק אין דעם זעלטענעם קאַטאַלאָג — גייט אויף די פּאַנאָראַמע פון אידישע געשיכטע — פאַרבונדן מיט דער גאַנצער ערד — דורך אַלע צייטן — מיטן אוניווערז.

פערציק יאָר האָט מיכל קאַפּלאַן פאַרבראַכט זאַמלענדיק זיינע אוצרות. אָנשטאָט צו זיצן אין קאַפע ראָיאַל און שרייבן לידער — האָט מיכל קאַפּלאַן זיך גענומען צו אַ מער סאָלידע, מאָנומענטאַלע אַרבעט: זאַמלען חכמת ישראל. קאָנצענטרירן ווערק פון אידישן גייסט — אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צום אידישן געדאַנק. איצט איז די דאָזיגע זאַמלונג געוואָרן אַ טייל פון דער ביבליאָטעק פון ניו־יאָרקער אוניווערזיטעט — מיטן מעשענעם שילד, וואָס צייכנט דעם נאָמען פון מיכל

קאפלאן. סטודענטן וועלן די ווערק שטודירן. דאס וואס איז ביז איצט געווען אידעאליזם, „פערזענלאכע ליבע", אומדערמידלאכע ארבעט און שפאנונג — איז איצט רעאל געווארן. איז איצט צו נוצלאכקייט געבראכט. צום נוצן פון אידישן פאלק. פון דער וועלט.

פאר מיר איז „פאנאראמע פון אלטע שריפטן" — א וואונדערלאכער פארטען, וואו איך באקען זיך מיט די שער־בלעטער — די געזיכטער פון די אלע זעלטענע ספרים וואס צייט איז געווען אזוי קאפריציעז, ניט צו פארניכטן, אדער וואס האבן דערהאלטן א דאנק אזעלכע ליבהאבער, ווי מיכל קאפלאן — „דורכגייענדיג" דורך די יארהונדערטער און בשלום אנגעקומען צו זייער תיקון אין דער ניו־יאקער אוניווערסיטעט.

דעם אלבום פון אלטע שריפטן — קאמפילירט און פארזען מיט פאסיגע דערקלערונגען און ארויסגעגעבן דורך מיכל קאפלאן — איז פאר זיך אליין א וויכטיג ווערק און — א שליסל צו די טויזנט באהאנדלטע אלטע ספרים און מאנוסקריפטן.

מיכל קאפלאן האט די באלוינונג פאר זיין זעלטענער טוגנט — אין דער רעאליזאציע פון זיין זעלטענער ביבליאטעק זעלבסט.

# די קאָמעדיע פֿון 14־טע סטריט

(צו דער אויסשטעלונג פֿון דזשאַק לעווויטץ'ס מאָלערייען, אין „נאָרליסט גאַלעריע" — פֿון דעצעמבער 30־טן ביזן 15־טן יאַנואַר, 1947)

צו זען די אויסשטעלונג פֿון דזשאַק לעווויטץ — איז צו לייענען די נאָוועלע פֿון אונזער צייט. איז צו לייענען דעם רעפּאָרטאַזש פֿון אַמעריקע. איז צו לייענען דעם מאָנטאַזש־ראָמאַן פֿון דער גרויסער שטאָט. איז אַרײַנצוקוקן אין אַ וועלט — נישט דורכן שליסל־לאָך פֿון איר גאָלדענער טיר — נאָר אַרײַנצוקוקן אין איר ברייט־אויפֿגעריסענער פּאַנאָראַמע. אָפּגעדעקט דורך דעם פֿלאַמענדן פּענזל פֿון אַ מעכטיקן קינסטלער (און דער אַדיעקטיוו „מעכטיק" איז דאָ נישט קיין וואָרט וואָס פֿילט אויס אַ שטיקל ליידיקן רוים פֿון אַן אַרטיקל — דזשאַק לעווויטץ איז אַ מ ע כ ט י ק ע ר  ק י נ ס ט ל ע ר).

מען דאַרף שטיין פֿאַר יעדן בילד באַזונדער, פֿאַר יעדן פֿון די איין־און־צוואַנציק בילדער וואָס צירן די ווענט פֿון דער נאָרליסט גאַלעריע, כּדי צו זען מיט וועלכן מוט און דרייסטקייט לעווויטץ מאָלט. כּדי צו זען ווי דזשאַק לעווויטץ מיסטיפֿיצירט נישט און איז זיך קיינמאָל נישט טועה. ווי אַזוי ער קען דאָס לעבן — אַזוי ווי דאָמיער האָט עס געקענט. ווי אַזוי ער קען די אַמעריקאַנער פּאָליטישע מאַשין און אירע פֿאַרשטייער. ווי אַזוי ער פֿאַרקאַשערט די אַרבל און וואַרפֿט אַן אַ פֿרעסקאָ פֿון אַ צייט— אין עפּישער גרויסקייט. אין טעאַטראַלן מאַסקאַראַד, אין קאָמעדיאַנטישן קאַרנאַוואַל, אין דעם שווידער און מיזערע פֿון אונזער עפּאָכע. זיין קונסט האָט אַלס באַזיס דעם סאָציאַלן הינטערגרונט פֿון דער געזעלשאַפֿט.

זיין קונסט פֿאַרשלעפּערט נישט מיט קיין ראָמאַנטישן חלום. זיין קונסט — דאָס איז די ווירקלעכקייט פֿון לעבן. זיין קונסט — זי וויגט נישט איין מיט קיין קינדער־ליד. גיכער — פּראָטעסטירט זי. גיכער דעקט זי אָפּ די משוגענע שוואָמען — די פֿאַרשימלטע בלומען פֿון שלעכטס — די זומפּן און „סלאַמס", וואו עס בליט זינד און פֿאַרברעכן.

מען וואָלט באַדאַרפֿט, ווי געזאָגט, שטיין פֿאַר יעדן בילד באַזונדער; ווייל יעדעס בילד דעקט אָפּ — רייסט אויף אַ ווינקל פֿון אונזער געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. באמת, זיי וואָלטן געדאַרפֿט הענגען אין ביידע הייזער — אין קאָנגרעס און אין סענאַט, פֿאַר די מענער וואָס מאַכן געזעצן און זאָרגן זיך פֿאַרן וואוילזיין פֿון לאַנד; אַזאַ בילד ווי „עוואָלוציע פֿון פֿאַרברעכן" וואָלט געדאַרפֿט הענגען פֿאַר זיי. עס דערציילט ווי אַזוי פֿאַרברעכן ווערט געמאַכט. עס איז אַ דערציילונג פֿון פֿאַרברעכן; ווייל בשעת אין פֿאָדערגרונט שטייט די טרומנע מיטן דערשאָסענעם פֿאַרברעכער, ווייזט דער הינטערגרונט זיין סביבה; די חברים — מינדערווערטיקע פֿאַרברעכער; פֿריינט — האַלב־אידיאָטן; געליבטע — רויט־האָריקע פּראָסטיטוטקעס. טאַנצנדיקע פּרויען אין בורלעסק־הייזער. די גאַסן, די שטיינער פֿון ברוק, די טראָטואַרן, די ווענט, די קרומע טרעפּ — וואו עס וואַקסט

און עס שפּראָצט פאַרברעכן ווי אַ פייער. וואו עס בליט און עס בושעוועט פאַרברעכן אין יעדן ווינקל. דאָס איז דער גאַנג צו פאַרברעכן פון קינדהייט ביז צום „עלעקטריק־טשעיר".

אַזאַ בילד ווי „זין פון אַמעריקאַנער רעוואָלוציע" האָקט אויס ווי אין קופּער דעם פּאָרטרעט פון דריי געשטאַלטן: דער ערשטער באַהאַלט זיין פּנים. קיין כאַראַקטער. קיין מוח און קיין נשמה. ער איז איינער פון די „באָיעס", וואָס וואַרט אויפן „קילל"־באַפעל פונם „באָס". צו ברעכן אַ סטרייק — אָדער ברעכן דעם רוקנביין פון אַ מענטש. דער צווייטער איז אַ דעגענעראַט, צעטומלט און פאַרטשאַדעט פון ליקער, דעם ווילן צעבראָכן פון זויפן און די פיס ברעכן זיך אונטער איינגענער לאַסט. אַ „בלום" פון דער אונטערוועלט. דער דריטער — ווידעראַמאָל: מאָרד. גרייט צו אַלעם. גרייט צו צינדן און צו ברעכן. צו פאַרניכטן און צו אַרבעטן מיט אַ מאַשין־געווער. דאָס זיינען די זין פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע. פאַרשטייט די מעכטיקע סאַטירע אויף אַמעריקאַנער מאָראַל און דערציאונג. אויף אַמעריקאַנער טעמעני־האָל־פּאָליטיק און קאָרופּציע. אויף קו־קלוקס־קלען־טעראָר און געגנסטעריזם!

דזשאַק לעוויטץ איז געווען אַ פאָטאָגראַפיסט. פאַראַן צוויי בילדער אויף דער טעמע: איין בילד שטעלט פאָר ווי חתן־כּלה פאָטאָגראַפירן זיך. דאָס גאַנצע ליכט שטראָמט — ווי אַ מעטעאָרישער שטראָם — אין דער ריכטונג פון דער. גרינער, פרילינדיקער, צאַרטער כּלה און שלאַנקען חתן. דאָס גאַנצע ליכט הילט זיי איין. זיי טרעטן אויף אַ גרינעם קאַרפּעט פון כּישוף. דער כּלה'ס בלייכע שלעפּט אין טויזנט מאָל שענער ווי אַ פּאַווע'ס בונטער עק. נאָר אין די זייטן שטייען געשטאַלטן — וואָס זיינען דער קאָנטראַסט צו דער פרילינגדיקער כּלה; פרויען מיט צעבויגענע פיגורן, מיט פּנימער ווי פון בליי; פרויען — קרומע, צעבראָכענע, אָפּגעבלאַקירטע און פאַרזשאַווערטע. דאָס איז די ר ע אַ ל י ט ע ט.

דאָס צווייטע בילד ווייזט די וויסטאַווע פונם פאָטאָגראַפער. אַ סך ליכט אין די שויפענצטער. פּרעכטיקע בילדער. נאָר די מענטשן אויפן גאַס — ווי אַזוי זעען זיי אויס? אַ פּאָרל שטייט אין אַ טירעפענונג פון אַן אַלטן, פאַרזשאַווערטן הויז — מען הערט שיעור זייערע געהויבענע רייד... אין פראָנט פון די אָנגעצונדענע שויבן שטייט אַ פּאָרל — צוויי אינוואַלידן — פון דער מלחמה פון לעבן פאַרוואונדעט. דאָס איז די רעאַליטעט וואָס דזשאַק לעוויטץ מאָלט. מאָלט — מיט גרויסער קינסטלערישער קראַפט. מאָלט מיט גליענדע פאַרבן. מאָלט מיט פּלאַסטישער, מיט סקולפּטורישער רעליעפקייט. מאָלט אַזוי, ווי דאָס לעבן וואָלט אין זיין אייזערנער האַנט געהאַלטן אַן אייזערנעם פּענזל און טונקענדיק דעם פּענזל אין מענטשלעכע בלוט און טרערן — אָנגעוואָרפן די פרעסקאָ פון אונזער צייט.

אויף ניו־יאָרק'ס פּערצענטע סטריט האָט רואַק לעוויטץ געוואוינט. דאָ האָט ער געזען אין משך פון יאָרן פּאַראַדירן דאָס עלנטע, דאָס דעגענערירטע, דאָס צעבראָכענע לעבן; פּערצענטע סטריט האָט געפונען אין לעוויטץ איר געטרייען קינסטלער. בילדער ווי „סטריפּטיז אויף 14־טע סטריט" און „טעקסי־סטרייק אויף 14־טע סטריט" שניידן זיך איין אין זכרון מיט די מאַסנסצענעס, מיט די

שטומע סטאַטיסטן פון דער גרוויליקער קאָמעדיע, מיט די געפאַלענע פרויען, מיט די גענגסטערישע מאַסקעס ווי פון אייזן; מיט דעם „דזשאַנק" פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

פאַראַן אַ בילד „גענגסטערס חתונה" — איז עס אַ הויך־קינסטלערישע שאַפונג. די דאָזיקע חתונה האָט די פּאַטאַליטעט פון אַ לויה; פון איין זייט באַוועגן זיך צום צענטער, וואו דאָס פּאָרל שטייט פאַרן גייסטלעכן — די פרויען. און פון דער צווייטער זייט — די מענער. די פרויען — אין העלע קליידער, גייען שטום און קאַלט און שווייגנדיק. די מענער — אין טונקעלע אָנצוגן — באַוועגן זיך שטום און קאַלט און שווייגנדיק. אין יעדן איינעם געשטאַלט — מורא. שרעק. פּאַטאַליטעט, אומקום. מאָרד. אַלץ קומט פאָר אין אַ מאָדנער, שרעקלעכער אַטמאָספערע. אין דער אַטמאָספערע פון טויט.

דזשאַק לעוויטץ מאָלט זיין אויטאָפּאָרטרעט — מיט יענעם כוח מיט וועלכן ער מאָלט מענטשן בכלל. אַ כוח פון אַ ריז. אַליין פיזיש גוט געבויט — לייגט ער אַריין אין זיין מאָלעריי זיין מאַרך און בלוט. עס איז אַ קינסטלער וואָס אַרבעט מיטן גאַנצן כוח פון זיין לעבן איבער זיין ווערק. ער שפּילט זיך נישט סענטימענטאַל. קונסט —איז אַרבעט. און ווי אַ שווער־אַרבעטער אַרבעט לעוויטץ איבער זיין ווערק. אַזוי ווי די העלדן האַלטן זיך אין באַלזאַק'ס אַ בלאַט פּראָזע — אַזוי האַלטן זיך זיינע מענטשן אויפן קאַנווע. וואו ער שטעלט אַוועק זיינע מענטשן — שטייען זיי ווי מאָנומענטן.

די דאָזיקע קונסט איז אַן אוראַלטע. דאָס גראָטעסקע און דאָס סאַרדאָנישע: דער ברוטאַלער נאַטוראַליזם און סאַטירע אויף די מענטשן גייט האַנט ביי האַנט מיט די גרויסע ראָמאַנטיקער און טרוימער אין דער געשיכטע פון קונסט. זי האָט אירע גרויסע פאָר־שטייער אין אַזעלכע ווי האָגאַרט אין ענגלאַנד און דאָמיער — אין פראַנקרייך. עס איז אַ קונסט וואָס האָט אַ גרויסן סאָציאַלן „מע־סעדזש": אויפדעקן — דעמאַסקירן די איבלען פון דער געזעלשאַפט. עס איז אַ קונסט וואָס האָט די זעלבע אויפגאַבע ווי די נביאים האָבן געהאַט: אָפּדעקן דאָס שלעכטע פון מענטשן, פעלקער און רעזשימען.

און דזשאַק לעוויטץ גייט — מיט זיין אייגענעם גרויסן טאַלאַנט, מיט זיין פלאַמענדער איראָניע און מעכטיקער סאַטירע; מיט זיין **פאַרבנליידנשאַפט און אייזערנער לאָגיק** — אין די פוס־טריט פון די דאָזיקע מענטשן פון אַלע צייטן וואָס האָבן געשטראָפט די געזעל־שאַפט און גערופן די גערעכטיקייט פאַר די געפאַלענע קינדער פון גאָט.

# אַ וואָרט וועגן דזשאָן קיטס

צו דער פּאָעטישער גרויסקייט פון דזשאָן קיטס, איז ער ביי מיר נאָך מער געשטיגן, ווען איך האָב אַריינגעקוקט אין אַ זאַמלונג פון זיינע בריוו צו פריינט. איך האָב קיינמאָל נישט געגלויבט אַז אַ פּאָעט קען שטאַרבן ווייל די קריטיק פון זיין צייט האָט אים באַהאַנדלט נעגאַטיוו. עס ווערן געשאַפן לעגענדעס אַז די און יענע קינסטלער זיינען פיזיש און גייסטיק פאַרניכטעט געוואָרן פון דער קריטיק. אַזאַ לעגענדע עקזיסטירט ביזן היינטיקן טאָג וועגן דזשאָן קיטס. קיטס איז געשטאָרבן אין דעם אינגסטן עלטער פון שווינדזוכט. אין אַ צייט ווען שווינדזוכט איז געווען די געפערלעכסטע און די טויטלעכסטע קראַנקהייט. דער גרויסער פלאַם פון קיטס געניוס האָט זיכער נישט אָפּגעקילט דעם פראַגרעס פון דער פיבער־קראַנקהייט.

אין אַ בריוו פון 9טן אָקטאָבער, 1818, שרייבט דזשאָן קיטס אומגעפער אַזוי: איך קען זיך נישט העלפן צו זיין דאַנקבאַר צו די מענטשן וועלכע האָבן מיך פאַרטיידיקט. אין אַלגעמיין, ווערן פאַר מיר קלאָר די כוחות פון מיין שטאַרקייט און פון מיין שוואַכקייט. לויב אָדער טאַדל האָבן בלויז אַ מאָמענטאַלן עפעקט אויף דעם מאַן וועמעס ליבע צו שיינקייט אין אַבסטראַקט מאַכט אים פאַר אַ שטרענגן קריטיקער פון זיין אייגענעם ווערק.

מיין אייגענער היימישער קריטיציזם האָט מיר געגעבן ווייטאָג אומפאַרגלייכלעך צו די ליידן וואָס „בלעק וואוד" אָדער די „קוואָטערלי" האָט מיר געקענט פאַראורזאַכן. און אויך ווען איך פיל אַז איך בין גערעכט, קען קיין שום אויסערלעכער לויב מיר נישט געבן אַזאַ פייער ווי מיין אייגענע ראַטיפיקאַציע און רעפּערצעפּציע וואָס איך פיל אין איינזאַמקייט פאַר דאָס אמת־פיינע.

אין די דאָזיקע פאַר ווערטער האָבן מיר אַן אָפּלייקענונג פון דער לעגענדע אַז קיטס איז געשטאָרבן פון דער בייזער קריטיק. אמת, די נאַרישע קריטיק טוט אָן אַ סך שאָדן אי דעם געניוס, אי דעם פּובליקום, אי דער פאַרשטענדעניש און דער אינטעליגענץ פון זיין צייט. אָבער דער אמתער געניוס שטייגט הויך אַרויס איבער דער קריטיק פון זיין צייט. בפרט איבער די קליינע, ליליפּוטישע קעפּ פון קריטיקער, וואָס האָבן אָלערליי דאָקטאָר־ און פּראָפעסאָר־טיטולן — אָבער פאַרבלייבן טאַלאַנטלאָז — און די צייט קערט זיי אויס ווי מיסט.

געטריבן דורך מעכטיקע כוחות, געטריבן דורך אַן עלעמענטאַרן געוואַלט — איז די דאָזיקע קראַפט פיל מעכטיקער ווי דעם קריטיקערס אָרעמע מיינונגען. דער געניוס קומט פון גאָט. דער קריטיקער קומט פון די מענטשן. און ווי אַ פלאַמענדער מלאך — טראָגט דער געניוס דורך שטורעם און דורך פינצטערניש פאַראויס זיין ווערק.

דזשאָן קיטס איז נישט געווען קיין שוואַכלינג, וועלכער שטאַרבט פון אַ קריטיקערס טעמפּער פעדער־קריץ. אָט שרייבט ער אין זעלבן בריוו:

„י. ס. איז זיכער גערעכט וועגן געוויסע דורכפאַלן אין „ענדימיאָן". דער פאַקט אַז עס איז אַזוי, איז נישט מיין שולד. ניין, הגם

עס קען קלינגען היפש־פּאַראַדאָקסאַל, איז „ענדימיאָן" אַזוי גוט ווי איך האָב געהאַט טאַלאַנט עס אַזוי צו מאַכן. וואָלט איך געווען נערוועז איבער זיין פּולקאָמענקייט, און איך וואָלט געבעטן עצות, און איך וואָלט געציטערט איבער יעדעס בלאַט — וואָלט עס אינגאַנצן נישט געשריבן געוואָרן. וואָרים עס איז נישט אין מיין נאַטור צו ציטערן. איך וועל שרייבן אומאָפּהענגיק. איך האָב געשריבן אומאָפּהענגיק — און אַ געדעכטער קריטיק. איך וועל שרייבן אומאָפּהענגיק, און מיט אַ געדעכטער קריטיק — שפּעטער. דער געניוס פון פּאָעזיע מוז אויסאַרבעטן זיין אייגענע גערעכטפאַרטיקונג אין אַ מאַן. עס קען נישט רייף ווערן דורך געזעצן און פּרעצעפּטן, נאָר דורך אַרבעט און אויפמערקזאַמקייט אין זיך אַליין. דאָס וואָס עס איז שעפעריש, מוז זיך אַליין שאַפן. אין „ענדימיאָן" בין איך איבערן קאָפּ אַריבער אַריין אין ים, און בין דורך דעם בעסער באַקאַנט געוואָרן מיט די טענהות, די זאַמדן, און די פעלזן, ווי איך וואָלט געשטאַנען אויפן גרינעם ברעג און גערויכערט אַ נאַרישע ליולקע און כ'וואָלט גענומען טיי און באַקוועמע עצות. איך האָב קיין מאָל נישט קיין מורא געהאַט פאַר דורכפאַל. וואָרים איך וויל גיכער מאַכן פעלערן, ווי נישט צו זיין צווישן די גרעסטע."

דאָס זיינען אומגעפער דזשאָן קיטס ווערטער פון יאָר 1818, סך־הכל דריי יאָר פאַר זיין טויט (1795—1821). פון די דאָזיקע ווערטער איז קלאָר אַז דזשאָן קיטס איז קיין שוואַכלינג נישט געווען, ווי די זעלבע קריטיקער, וואָס האָבן אים געפּרואווט טויטן אַלס אַ פּאָעט, ווילן אים אויך, פאַר זייער באַקוועמלעכקייטסוועגן — טויטן אַלס אַ כאַראַקטער. דער שעפערישער מענטש קען קיין שוואַכלינג נישט זיין. ווי געזאָגט, ער קומט פון אַ העכערן און פיל אומגעהייערן מקור ווי די מענטשן שטעלן מיט זיך פאָר. שוואַכלינגען זיינען די אומשעפערישע קריטיקער, די דאָקטוירים און פּראָפעסאָרן, וואָס האָבן אַזאַ שייכות צו קונסט ווי אַ פיש צו מאַלעריי. שוואַך אין גוף — טראָגט קיטס אין זיך דאָס פייער פון גאָט. דאָס דאָזיקע פייער קומט שרייבן זיין גרויסע דיכטונג אויף דער ערד, נישט קוקנדיק אויף טויזנט הינדערנישן. דער דאָזיקער געניוס ווילט גיכער אויס דעם גרויסן וועג פון געפאַרן, דורכפאַלן און געראַנגלען און אַנטגילטיקן טריאומף, דעם וועג פון פאַלן און שטייגן הויך, ביז צו די שטערן; די עוואָלוציע פון אונטערמעסלעכן שמערץ און גיין צום זיג — ווי דאָס שרעקן זיך פאַר אַלע דורכפאַלן און בלייבן אין שאָטן דערשטיקט און צעבראָכן.

דזשאָן קיטס, זייט זיכער מיינע פריינט, איז פון קיין שלעכטער רעצענזיע נישט געשטאָרבן. עס איז פונקט פאַרקערט — די אַלע קריטיקער זיינען פון זייערע שלעכטע רעצענזיעס געשטאָרבן. זיי האָבן זיך אַליין אויפגעגעסן פון חרטה און פון שאַנדע. זיי האָבן זיך אַליין פאַרסמט מיטן קלאַפּער שלאַנגישן סם פון זייער פּוסט, אָבער פול מיט שנאה אָנגעפּילטן וואָרט.

# חיים קרול

(צו זיין ערשטן יאָרצייט)

נאָך טויזנטער יאָרן פון פּאָעטישער שאַפונג זעט מען זיך אַרום אַז דער פּאָעט מוז דינען אַן אידעאַל. מוז ווערן דורכגענומען פון מיט־געפיל צו די ליידנדע. דען די דאַזיקע וואָס גרויסן זיך מיט פלינקער פאָרם, מיט דעגענערירטער ראַפינעריע און מיט שטעכנדיקן ציניזם — קענען דערגיין דעם מאַרינעטישן פאַרהערלעכן דעם קריג און דאָס פאַרגלייכן אַ באָמבן־אויפרייס אויף דער ערד — פון אַן עראָפּלאַן געזען — צו אַ ריזיקער רויז וואָס צעוואַקסט זיך בליץ־שנעל מיט אירע שוואַרצע בלעטער אין דער לופט.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך אין די „ליט. בלעטער" גע־לייענט לידער פון אַ געוויסן ניימאַן וואָס האָט, אין זעלבסטצופרידנ־קייט, באַזונגען זיין גליקלעכן טאָג — פון אָנפאַנג פון באַגינען, ווען ער נעמט אַ באָד, ביז צום שלוס פון אָוונט, ווען ער פאַלט אַ גליקלעכער אין בעט — באַהערשט פון דער קלעפּיקער מידקייט. די דאָזיקע לידער זיינען געווען אימיטאַציעס פון אַ רוימישן פּאָעט און האָבן דערמאָנט אין די זאַטע פּאַטריציער — זיך באָדנדיק אין גרויסן זוניקן נאָכ־מיטאָג, אין די בעדער פון פּאָמפּיי — נישט פילנדיק דאָס אָנקומען פונם רויטן טויט — נישט פילנדיק דעם אויסברוך פונם וואולקאַן.

דיכטונג מוז באַהערשט ווערן פון ליידן און פון ליבע. זאָלן מאַנכע פּאָעטן דענקען אַז זיי זיינען קלוג און גליקלעך און ציניש גענוג אָפּצו־לאָכן פונם אייביקן נאַאיוון. אָבער חיים קרול איז פון דעם שטאַנד־פּונקט פון ליבע און פון ליידן, דער פּאָעט וואָס האָט זיינע לידער אַרויסגעריסן ווי שטיקער פלאַמענד פלייש פון זיין פלייש. די דאָזיקע לידער זיינען געבוירן געוואָרן אין פּערזענלעכן שמערץ. און אין גרוי־סער ליבע. פאַרשטיינערט ביים לעבן — ציטערן זיינע לידער ווי גרויסע טראָפּנס טרערן אין זיינע אויגן. די דאָזיקע לידער זיינען גע־שריבן געוואָרן צו אַן אויסגעטראַכטער פרוי, בשעת די וויהקלעכע פריינדין האָט געלעבט, געהייראַט, געבוירן קינדער, זיך געעלטערט. אָבער איז דען דאָס דער איינציקער פאַרראַט צום פּאָעט?

יעדער טאָג איז פול מיט פאַרראַט צום פּאָעט. און דאָך פאַרלייקנט ער נישט זיין אמת און זיין אידעאַל. ווען בעאַטריטשע שטאַרבט — הייבט זי ערשט אָן איר גרויס לעבן צו דאַנטען. און אַזוי איז חיים קרול געבליבן געטריי זיין ליבע — זיין גאָט — זיין האַרצן. אייביק־פאַרליבט — שטייט ער הילפלאָז אונטערן הימל מיט זיינע גרויסע שטערן און זינגט זיין סערענאַד דער געליבטער. אין אַ וועלט פון פאַר־לייקענונג און אומגלויבן און ציניזם — בלייבט קרול רעליגיעזער פּאָעט און זינגט געטריי זיין ליד צו גאָט. זיין קליין, ציטערנדיק, טרערנ־פול ליד צו דעם אומגעהייערן גאָט אין די הימלען — וועלכן ער נעמט אַרום מיט די הענט פון זיין נשמה — בשעת די הענט פון זיין גוף זיינען ליימיק און מאַכטלאָז. אין אַ וועלט וואו אַלע האָבן אים פאַרגעסן און וואו מען לאָזט דעם פאַרשטיינערטן צו זיין שטיינערנעם גורל — זינגט ער פונדעסטוועגן וועגן פריינדשאַפט.

און ווי דערציילט זיין איינציק־געטרייער קאָלעגע, דער פּאָעט י. ה. ראַדאָשיצקי — ער איז געשטאָרבן מיט אָפענע, צעפלאַמטע אויגן,

אזוי ווי ער וואָלט זיך טראָגן אין הימל אַריין.

נאָר דער וואָס לעבט זיין לעבן אָפּן און אָן זינד — נאָר דער מאַר־טירער און דער הייליקער קען זיך טראָגן מיט אָפענע אויגן אַנטקעגן גאָט — קען שטיין נאַקעט און אומדערשראָקן פאַר די מחנות מלאכים און קען זאָגן צו גאָט מיט זיין גרויסער שטימע: אורטייל מיך! נעם מיך אויף! איך האָב נישט קיין מורא. ווי אויף צוויי גרויסע שאָלן פון אַ וואָג נעם מיין לעבן אויף דיינע גרויסע הענט און וועג מיך אָפּ און אויב דו קענסט זיך איינהאַלטן פון וויינען — וויין נישט, ווי איך האָב קיינ־מאָל נישט געוויינט ווען דאָס לעבן האָט מיך ביטער געשלאָגן און געפּאַטשט!

חיים קרול בלייבט שטיין אין דער אידישער דיכטונג — ווי אַ הייליגער.

ערע דעם גרויסן אָנדענק פון חיים קרול.

# מיניאַטור

אויף „יוניאָן סקווער" שטייט אַ מאַן מיט אַ גרינעם פּאַפּוגאַי, וואָס טיילט צעטלאַך מיט'ן מענטשלאַכן גורל פאַר אַ ניקעל. פאַר אַ ניקעל ווייסטו דיין גורל! דאָס איז אזוי לייכט און אזוי שיין! דאָך — איך וויל ניט וויסן מיין גורל! איך וויל ניט וויסן! דער גרינער פּאַפּוגיי מיט פּרעכטיק־גרינע, קלאָרע פעדערן און אומעטיקע אויגן קוקט מיך אָן... מיר קוקן זיך ביידע אָן! אַרעמער פויגל! מען מאַכט דיך פאַר אַ „ביזנעס־מען"... דו ווייסט ניט דיין אייגענעם גורל — און ווילסט דערציילן דער מענטשהייט אירע סודות... אבער אפילו ווען דו זאָלסט וויסן — ווייל איך גאָרנישט וויסן וועגן מיר... עס איז האַרבסט, איך וועל גיין אין גאָרטן, זען ווי עס פאַלן די גאָל־דענע בלעטער, טרוימען מיינע טרוימען מיט פליגל פון „אַמעריקאַנער נאָלד"...

אַן אַרמיי פון שיך־פּוצער איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק! אויך אַרבעטסלאָז! און איך וועל זיך קויפן אַ פּודלע מיט געלן פאַמילין און פּוצן דער לבנה'ס רויטלאַכע פיס, וועלכע קיינער זעט ניט — אָבער איך זע זיי, איך וויים אַז זיי שטעקן אין די בלויע הויזן פון אַ וואָלקן! איך וועל פּוצן אירע געלבע לאַקערקעס פון צאַרטע לעדער — די הויט פון מיינע טרוים־וועזנס וואָס שטאַרבן אזוי און ווי די שווינדזיכטיקע פּאָעטן...

נעגער־אינגלאַך און ווייסע פּוצן שיך; שלאַנקע דאַמען שטעלן אַמאָל צו זייערע דינע פיס צו אַ נעגער־אינגל — איז ער גליקלאַך; וואַגט ניט צו קוקן העכער פונ'ם שפּיץ־שוך — און דאָך — ביים נעמען דעם ניקעל גנב'עט ער אַ בליק העכער...

# מיניאַטורען

## פון ש. טענענבוים

אַז איך בין לאַנג אין אַ דאָרף אָדער אין אַ קליין שטעטעל, קען איך געוויינליך אַלע קליינע קינדער ביי די וועגען, וואָס מאַכען הייזלאַך פון ליים און שפּילען זיך מיט גלעזער; איצט בין איך אין האַנטיגנטאָן, און פיל איטאַליענער וואוינען דאָ; ווען איך גיי פאַרנאַכט שפּאַצירען, קענען מיך שוין די איטאַליענישע שוואַרצ־אויגיגע קינדערלאַך, מיך קענען די קליינע נעגערלאַך מיט די דיקע ליפּלאַך, גרויסע אויערען און גלאַנציגע, גנבישע אויגעלאַך. איך ליב אַלץ אַרום מיר. פאַרוואָס זאָל איך דען נישט ליבען די חנעוודיגע מענשען־באַשעפענישען?

איך קען די פויגעל מיט די רויטע בייכלאַך; זיי שפּרינגען אויף די צווייגען, יעדע באַוועגונג זייערע איז פלינק און טאַנצענדיג; פויגעל זיינען וואונדער שיינע, פליענדיגע וועזענס; איך בין מקנא זייערע לייכ־טע קערפּערלאַך און פעדערדיגע פליגעל. ווען איך וואָלט געוועזען אַ פויגעל, וואָלט איך קיינמאָל ניט געוואָלט ווערען צוריק אַ מענש. אַמאָל, אַמאָל האָב איך געלעזען אַ געשיכטע וועגען אַ פּערסישען שאַך, וואָס איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פויגעל — און האָט פאַרגעסען דעם שפּרוך ווי אַזוי צו ווערען צוריק אַ מענש; אָבער יענער איז דאָך נישט געוועזען קיין מענש — נאָר אַ קעניג . . . און איך האָב, אַלס קליין, פאַרטרוימט אינגעל, אַזוי הייס געליבט דעם קעניג און באַדויערט זיין ביטערען גורל . . .

פויגעל זיינען דאָ אַלערליי; געוויינליך ליב איך די פלינקע, די שיינע, די וואָס זינגען שיין. אָבער דאָס איז אַ גרויסער טעות. איך ליב אויך די, וואָס זינגען פּונקט אַזוי שיין ווי די אַנדערע — און וועלכע דאַכטען זיך אויס נאָך מיין מענשליך אויג, אַז זיי זיינען מיאוס . . .

די וואָראַנע קומט צו נאָענט צו מיר און שרייט „קראַ־קראַ" און וויל מיך פיליכט מיטנעמען צו די בלאַנדע ראָקי בערג פון קאָלאָראַדאָ; איך קען די וואָראָנעס נאָך פון די פוילישע דערפער, פון די טונקעלדיגע וואַלד פאַרנאַכטען.

די פלעדערמויז דערמאָנט מיך אָן די קינדערשע יאָהרען, ווען איך בין געזעסען אין וואַלד מיט דער מאַמען, די פלעדערמויז האָט

געפלאַטערט אַרום אונזערע קעפּ און די מאַמע האָט מיך געשראָקען אַז די פלעדערמויז וועט אַריין אין די האָר און וועט קיינמאָל מער נישט אַרויס . . .

די גרילען לאָזען אַרויס די נישט־מוזיקאַלישע קלאַנגען אין דער לופט; די פריילינגס־מאָטילען פליען מידע. זוכען אַ רוה־אָרט פּאָר זייערע שווערע, גרויסע, לופטיגע פליגעל; די פאַרשידענע מינים פליגעלאַך דרייען זיך נאָענט לעבען מיר, פול מיט מידער צופרידענקייט.

אויפן הימעל צינדט די זון גרויסע וואָלקען־טורעמס, ווי הויכע, אַלטע האָלענדישע מילען פון פייער, די בלומען גייען שלאָפען, ווע־רען אומעטיג, די טולפּאַנען און דער בעז טרויערט אין דער פייכטער לופט פון הייסען אָווענט. די סלופּען אויף די וועגען מאַרשירען צו די לופטיגע שמעטערלינג שלעסער, וואָס הענגען אויף די צווייגען פון די בוימער ווי שפינוועג־זעק; די צווייגען זיינען אָפּגעפּרעסען פון אי קליינע מיילער פון די ווערימלאַך וואָס ווערען באַלד־באַלד באַקומען פליגלען און פליהען פראַנק און פריי אין דער דינער לופט. די נאַטור בליט צו געבען שפּייז צו אַנדערע לעבעדיגע באַשעפענישען. די נאַ־קעטע, אָפּגעריסענע צווייגען דרימלען מיט זאַטקייט באַלאָדען אין אָווענט; די זון פאַרבט רויט די בערגלאַך און די בלומען און פלאַנצען.

איך מייד אויס, כדי נישט צו צוטרעטען די קליינע, שיינע, רויט געפלעגטע ווערים; מיינע אויערען פאַרנעמען די מוזיק פון טויזענטער־ליי פאַנטאַסטישע באַשעפענישען. דאָס איז אַ מעכטיגע נאַטור־סימפאָניע!

מיינע לונגען טוען מיר אַביסעל וויי, אָבער די לופט איז קיל און פריש, די בוימער פון בעז פאַרוואַנדלען זיך אין לופט און דרינגען אַריין אין מיינע לונגען.

די נאַטור ליבט מיך — איך ליב די גאַנצע נאַטור. דער טויט, דאָס לעבען, די ליבע און די ליידען ווערען מיר ליב! אַלץ וואָס איך פיהל, פיהלט די גאַנצע נאַטור. ווי איך, איז יעדער וועזען און פלאַנץ אַן אייביגער, פאַרענדערליכער קוש פון דער גרויסער ליבע צווישען דער נאַטור און דער נאַטור . . .

## קברים פון ליבע

ווי אָפט דערמאָן איך זיך אָן יענעם קראַנקען קעניג, וואָס לעבט אין קעניגרייך פון מיין פאַנטאַזיע . . . ער האָט געליבט אַ סך פרויען, די צערטליכסטע, די קינדערשיסטע . . . דער קעניג האָט געליבט, זיך געעלטערט און האָט איינציגווייז אַליין באַגראָבען די פרויען אין גרינעם, טונקעלען גאָרטען . . . אַלע זיינען זיי געוואָרען אַלט, מיאוס, געשטאָרבען, באַגראָבען. אויך דער קעניג איז אַלט

שוין און מיד . . . ער זיצט ביינאַכט אין גאָרטען און זעט זיינע יונגע פרויען, וואָס ער האָט אַמאָל אַזוי פלאַמעדיג געליבט . . . קברים אַרום אים, צווישען די געדיכט־באַבלעטערטע צווייגען. די לבנה רינט צווישען די טרויעריגע צווייגען. דיזעלבע לבנה. נאָר זי אַליין, די אייביגע איראַניע־קעניגין, בלייבט יונג און שיין . . . זי באַלייכט פורפורנע אָוועגטען און צינדט אָן פלעקען פון ליבע אויף דער צאַרטער הויט פונם האַרץ — וואַסאַראַ אייביגע, טרויעריגע איראַניע! זי קושט די, וועלכע מען לאָזט אַרונטער אין די קברים מיט געוויין און מיט טרערען . . .

דער קעניג! דער קעניג! ער זיצט מיט דער גאָלדענער קרוין אויף זיין גרויען קאָפּ און ער וויינט. אָט זיינען זיי אַלע אַרויס פון די קברים און זיי נעמען איהם אַרום, פרייען זיך מיט זייער יונגען קעניג . . .

אין דרויסען איז אַזוי זוניג גרין. אויפן גראָז פאַלען רויטע שפּיך־פלעקען פון זון־שקיעה. איך ליג אין בעט און קוק דורך די פענסטער. זע ווי שיין די וועלט איז נאָך אַלץ . . . ווידער זיך באַנייט . . . אויטאָס טראָגען זיך אין די בערג. אַהין און צוריק. איך טראַכט פונם אַלטען קעניג, וואָס איך האָב היינט אויסגעטראַכט. ווי ער פילט און זיצט געבויגען אין טרויעריגען פּאַרק. קניט פאַר זיינע געליבטע. די יוגענט, די שיינקייט, די ליבע איז באַגראָבען אין דער ערד . . . ניין, די ווערים פון צייט האָבען צופרעסען נאָךביים לעבען זייערע שיינע געזיכטער. זיי גאָל געמאַכט, ווי פאַבסקע פנימלאַך, ווי אַ בלעטער אין מידען האַרבסט. טראַגישער קעניג! אָרעמער קעניג ! אַלע דיינע ווייבער זיינען טויט . . . און דו נייגסט דיינע געלע אויערלאַך צו דער ערד, הערען צו זייערע הערצער קלאַ־פּען, צו זיי לאַכען דאָרט אָדער וויינען . . .

איך ליב נעבען פענסטער און באָד מיינע אויגען אינם גרינס. אַ גאַנצע וואָך געהאַט פיבער, געבענקט נאָך דער פעדער, געוואָלט שריי־בען. ווי אַ שיכור ציט צום טראָפּען פון צייטווייליגער שיכרות־משוגעת, ציט מיך צו מיין גאָלד־פּען . . . און איצט, אין פאַרנאַכט זיך פלוצלינג גענומען שרייבען וועגען דעם אויסגעטרוימטען קעניג, וועגען דעם גרינעם, רואיגען, שטילען ליבע־בית עולם . . . ווי מאָדנע! טיילמאָל שיינט מיר דער אמת פון אַ בית עולם אַלס דער העכסטער אמת. דער לעצטער, גרויסער אמת, פון ליבע, לעבען, האָפען, קעמ־פען און שאַפען . . . דער אמת פון נירוואַנאַ . . .

פאַרוואָס זאָל מענש זיך אַזוי שרעקען פאַרן טויט? עס מיינט דאָך אייביגער אָפּרו, קאָסמישע שטילקייט, פאַרוואָס זיך שרעקען פאַרן אונפאַרמיידליכען? פאַרוואָס זיין קינדער? . . .

# גרינע גראָז...

**— מיניאַטור —**

אויפן באַרג איז געשטאַנען דער „פּוילישער קאַסטיאָל". אויף אַ הויכן באַרג, ביי דער ווייכסל. גרינע, טיף־גרינע, פעט־טייכלטע גראָז איז געוואַקסן אַרום קאַסטיאָל. איך בין געווען אַ קליין אינגל און מיט מורא געקוקט צום באַרג. קיינמאָל בין איך נישט געווען אינעווייניג אין גאָרטן. דאָרטן האָבן אויך בלוט־רויטע רויזן געבליט און געוואַנעט. איך פלעג שטיין ביי די שטאַכעטן און בליקן מיט טרערנפולע אויגן אהין. ווי שיין דאָרט איז געווען! ווי רירנדשיין! דאָס גרינע גראָז איז געווען אַזוי ריין און קלאָר און ווי מיט אַ געטלאַכן הויך באַהויכט... אַ רעליגיעזע שטילקייט האָט געהערשט. איך האָב קיינמאָל נישט באַזוכט אינעווייניג אין קאַסטיאָל... ווי מוז דאָרטן לייכטן, שימערירן און שיינען... זיי מוזן דאָרטן גרויסע בריליאַנטן בליקן צו אונז און שמייכלען... ווי מוזן דאָרטן די יויזלאַך זיין שיין, קלאָר געוואַשן, שמעקנדיג...

אין קריסטלאַכע ימים־טובים פלעגן בעטלער זינגען ביים אַריינגאַנג; פּויליש־כאַראַקטעריסטישע בעטלערס, טייל פלעגן זינגען טרויעריגע לידער, טייל — שפּילן אויף האַרמאָניקעס, צעציען און צוציען, אַרויסלאָזן מעלאַנכאָלישע קלאַנגען פול מיט געבעט און אומעט. קליינע מיידלאַך מיט קרומע הענטלאַך, אָדער מיט אַנדערע מומים, פלעגן בעטן גראָשנס. די בעטלער זיינען געווען באַוואַקסן מיט רויטע בערד, ווי אין די לעגענדעס. די מיידלאַך — אין פלאַקס'ענע האָר, ווי אין גערמאַנישע מערשנס... עס איז געווען אַזוי רירנד. דאָס פאָלק האָט געטרונקען, די טעכטער פלעגן אַזוי פרעכטיג־רייצנד זיין אין די סטענגעס פון אַלערליי קאָלירן, אין די פאַרביגע קליידלאַך...

אָבער איך האָב ליבער געהאַט די טיפע, שטילע, עלאַסטישקראַנקע גרינקייט פונם פרומען גראָז, וויפיל וואָלט איך געגעבן פאַר קענען מיט מיינע זינדיגע הענטלאַך אַ גלעט טאָן דאָס גראָז, דאָס טיף־גרינע גראָז און פאַראייגוועגס אַ קוש טאָן מיט זינדיגע, אידישע ליפּן די רויטע, די לײדנשאַפטלאַכע, די הייסע רויזן — ענלאַך צו די רויטע אויגן פון די בעטלער, צו די רויטע טיכלאַך אויף די פּוילישע פּאַניענקאַס קעפּלאַך... אך בין געווען פול מיט סענטימענטן פאַרן שטילן, אייביג־דאַוונענדיגן באַרג...

און איך בין אַוועק פון פּולאַוו, מיין שטעטל. נישט געקענט באַזוכן דעם באַרג־גאָרטן פון קאַסטיאָל. אַ טראַגישע בענקשאַפט! איך וועל שוין קיינמאָל נישט באַזוכן דאָס גרינע גראָז... איינמאָל, פאַר מיין אַוועקפאָרן, בין איך דורכגעגאַנגען דעם קאַסטיאָל מיט אַ אידיש מיידל און זי איז אַריין דורכן אָפענעם טויער, אירע באָרוועסע פיס האָבן באַרירט דאָס גראָז. זי איז מיט שרעק צוריק אַרויס, זיך דערשרעקנדיג פאַר מיינע געשרייען. דאַן האָב איך זי געקושט! זי איז געווען פאַר מיר אַ הייליגע. איך האָב אין איר רויטן מויל געקושט דאָס וואונדערבאַרע גראָז... זי האָט טאַקע באַקומען מער טעם און רייץ פאַר מיר, דאָס געהייליגטע, אומפרומע

מיידל, די זינדיגע אידישקע... אָבער אירע ראָזע פּסלאַך האָבן באַרירט דאָס גראָז... איך בין געווען זיכער אַז אירע פיס זיינען איצט הייליג און זיי האָבן מיך טאַקע מער און מער גערייצט...

# דער לעצטער האַרבסט

(אימפּרעסיע)

עס איז האַרבסט און איך טרוים דעם לעצטן האַרבסט אויף דער ערד. דאָס וועט זיין אַ גוואַלטיגער טויט אין אוניווערזום. גוואַלדיגע ביימער ועלן ווערן געל און רויט און וואַרפן רויטע בלעטער צו דער בלאָטיגער ערד; אויף יעדער בלאַט וועט זיין אַ מענטשנס געזיכט, וואָס איז געווען אויף דעם טרויעריגן פּלאַנעט. ריזיגע רויזן און טולפּאַנען וועלן בליען אין לעצטע פלאַמען, דען זייער וויאַנען וועט אויסזען ווי בליאונג... פאַרשיכורט פון שיינ־קייט וועל איך ליגן אונטער די בלעטער פון אַ בוים, וואָס וועט זיך אויסשפּרייטן איבער מיר און מיך באַהאַלטן...

דער לעצטער האַרבסט! דער לעצטער טרויער! די בענק מיט האַרבסט־לידער און די פּיראַמידן מיט האַרבסט־פּייזאַזשן וועלן ווערן שטויב. די בלעטער וועט דער ווינט אַוועקטראָגן מיט זיך אין דער אייבינקייט און די זון וועט אונטערגיין אומעטיג, מיט רויטע פלאַ־מען גילדנדיג דעם האָריזאָנט און פאַרוואַנדלען דעם טונקל־בלויען הימל אין אַ רויט זיידן קלייד פאַרן נייעם גאָט — און דאַן וועט די זון אַליין, אַ קאָלאָסאַלער קערפּער, זינקען אין ים... טונקעלע שאָטנס וועלן אויפגיין איבער דעם ערד־קויל...

און דאַן וועט קומען דער אייביגער פרילינג; דאַן וועט קומען דאָס גליק איבער די נייע מענטשן. די ערד וועט זיך אָנטאָן אין אַ קאָלאָסאַלן קלייד פון ווילדע בלומען און פאַנטאַסטישע פלאַנצן. די זון וועט אַ נייע ווידער אויפגיין און אַ קוש טאָן מיט ריזן־רויטע ליפּן דעם אוניווערזום! דער קוש וועט זיין דער סוד פון אייביגן לעבן... ביימער מיט קרומע צווייגן וועלן אויף זיך ארויפציען גרינע מאַנטלען און וואונדערלאַכע קנאָספּן ווי שטיקער פייער — וועלן בליען אויף די צווייגן, צווישן די נייע, שטאַרקע בלעטער...

אויף אַ שיף, ווייט, ווייט אין אָקעאַן וועט טרויעריג שווימען דער לעצטער האַרבסט, דער ווינט וועט טרייבן די געלע זעגלען איבער די אָקעאַנען און דער קאַפּיטאַן — די נאַכט — וועט שפּילן אויף אַ שוואַרצע האַרף זיין לעצטע ליד... און אויפן ברעג פון דער ערד וועלן שטיין די גליקלאַכע מענטשן און מיט טרערן אין די אויגן נאָכקוקן דער רויט־פאַנטאַסטישער שיף, און שלאַנקע, צאַרטע פרויען וועלן פּאָכן מיט ראָזע טיכלאַך צו דער שיפס אומעטיגע זעגלען...

די קאַלטע ערד וועט ווערן וואַרים און דער פרילינג וועט שוין אייביג הערשן אויף דער ערד. קיין בלום וועט ניט וויאַנען און קיין מענטש וועט ניט זיין אָרעם און אומגליקלאַך. דאָס לעבן וועט זיין אייביג און אייביג... די יוגנט וועט רוען אויף דער ערד, צווישן די מענטשן און טאָג און נאַכט וועט אַ גרויסע, קאָלאָסאַלע זון וואַרפן פלאַמען־כוואַליעס אויפן אַמאָל־טרויעריגן פּלאַנעט...

די מענטשן וועלן דאַך אַמאָל זיין גליקלאַך!...

# מיניאַטיורן

## צוויי שיכורים אויף דריטער עוועניו

אויפֿן אייזערנעם בולוואַר שטייט אַ בוים מיט רויטע בלעטער און גריסט זיך צו דער לבֿנה, בוקט זיך, נויגט זיך, רווישט מיט די קראַנקע בלעטער און מאַכט קונצן ווי אַ שיכור'ער פּאַיאַץ וואָס וויינט און איז היסטעריש.

די לבֿנה — אַן אַלטע, בלאַסע מויד מיט אַ פּורפּורנער באָרד פֿון וואָלקנס, איז גלייכגילטיק צום בוים־פּאַיאַץ, שמייכלט נאַריש און פֿאַרציט ענדלאַך דאָס פֿאַרהענגל פֿון אַלקערל.... טונקל.

אַ רייע לאַמטערנס — געלע בעטלער אין גאָלדענע טראַנטעס — גלאָצן מיט די אונטערגעהאַקטע אויגן און טאַנצן אין זילבער־לייכטן נעפּל אַ משונה'דיגן, קראַנקן טאַנץ...

אויף פֿינף־און־צוואַנציגסטער סטריט עלעוויי־טער־סטיישאָן שטייט אַ שיכור'ער מאַן, הוסט, קאָפּ אַראָפּגעבויגן, ברעכט אויס, קוקט זיך אום ווי אַ פֿלעגמאַטישער סטאַטיסט צום פּובליקום אונטער זיך; דינע דאַמעס מיט טאַליעס פֿון הילצערנע מאָדעל־ביוסטן, קוקן צום שיכור'ן; פֿאַרפּיום שלאָגט פֿון זייערע בוזעמס; שטיקער לאָקן וויינען אונטער די דעכער פֿון זייערע היטעלאַך; ווידער קוקן די וויאָלעטע אויגן פֿונם שיכור אָן נייגיריגקייט אַרום; לבֿנה לאַכט...

ביסלעכווייז ווענדן אַלע זייער אויפֿמערקזאַמקייט צום שיכור. פֿון אונטן קוקט אַרויף דער געלער בוים און גריסט זיך, בויגט זיך ווי אַ משוגע'נער. דער שיכור פֿילט זיך חשובֿ; ער — אַן איינציגער פּרינץ איצט, ווייל ‫„דאָס פּובליקום"...

אַ דאַמע מיט אַ בלויער בלום אויפֿן לאַץ — פֿילייכט דאָס האַרץ פֿון איר ערשטן געליבטן — קומט אָן און נאָך איר אַ צווייטער שיכור, אין אַ געלן מאַנטל. ער קרעכצט און מאַכט מאָדנע קונצן. איצט שענקט דאָס פּובליקום זיין אויפֿמערקזאַמקייט דעם צווייטן פּרינץ. (דער ערשטער פּרינץ־סטאַטיסט האָט אָפּגעשפּילט זיין ראָלע...)

ווי אַ ווייסער פֿויגל גלאַנצט דעם שיכור'ס ליסער קאָפּ; די דאַמע מיט דער בלויער בלום — לעבן אים... אָבער אַביסל אָפּגע־רוקט... איז עס איר מאַן? איר געליבטער? ס'הייסט: זי קען אים ניט...

אַן עלעוויי־טאָר קומט אָן; איצט נעמט די בלום־דאַמע דעם ‫„ליסע קאָפּ" אונטערן אָרעם; זיי פֿאַלן אַריין אין דעם אָפֿענעם וואַגאָן, ווי שמאַטעס צו שמאַטעס... טירן גיבן זיך די הענט און האַלזן זיך... צוג פֿליט איבער די שטאָלענע סטרונעס...

איך און ערשטער שיכור אַליין אויפֿן סטיישאָן. קיינער מער. איצט שטרעקט דער שיכור אויס די דאַרע הענט צו דער לבֿנה, רייסט זי אָפּ פֿון הימל־בייט און פֿאַרשפּיליעט איר אויפֿן קראַוואַט... (נאַ־טירלאַך, דאָס דאַכט זיך אים אַז עס גייט צו אַזוי לייכט...)

דער בוים גריסט זיך גאַלאַנט צום הימל... אַ פֿרוי מיט אַ בלויען געזיכט קומט אַרויף, דאַר און דין ווי אַ לאַמטערן. דער שיכור גריסט

זיך צו איר ווי אַן אַלטער באַקאַנטער. ביידע גייען אַראָפּ, זייערע דומפּע טריט „קלינגען" ווי פינגער אין אַ בלעכענעם פּאַס...

דריטע עווניו — אַן אייזערנע דעקאָראַציע פון אַן אָרגאַניס־טישן מאָלער — ווערט ווייס... די לבנה גייט צוריק אַרויס פון אַל־קערל, פאַרשוויצט, און פאַרשנייעט די דעקאָראַציע... די געלע בוים־בלעטער כוואַליען זיך שיכור'ע אין ווינט ווי לאָקן פון אַ באַנדע כוואַליעס אין זון־פאַרגאַנג...

# דריי מיניאַטורן

## אַ געסל אין סעמינאָל

רויטע ערד, קופּערנע און ברוינע, ווי דאָס גאַנצע לאַנד וואָלט זיין פון גאָלד. הייזעלאַך, פון בלעך און זאַמד, פון האָלץ און ציגל, פון אַלץ צו ביסלאַך. אַ קרומע לבנה גייט אַרום אויפן הימל. עס הערן זיך געשרייען, געוואַלדן, געלעכטער און היסטערישע אויסברוכן. עס איז דאָס געסל פון נעגערישע גאַסן־פרויען און אינדיאַנישע מייד־לאַך וואָס וואוינען דאָ, אין קליינע שטיבעלאַך, וויזן זייערע אומע־טיגע מאַסקעס דורכן ברודיגן פענצטערל, זיצן אויף נידעריגע בענ־קלאַך, לעבן רויכערדיגע אויוועלאַך. עס איז קאַלט, קאַלט. עס איז אַזוי קאַלט די אָרימע מענטשן...

אַרבעטער פון די אויל־קוואַלן דרייען זיך דאָ אַ גאַנצע נאַכט, טונקעלע נעגערס, ווייסע, נאַכלעסיגע מענטשן, אינדיאַנער געקליידעט אין אייראָפּייאישע שמאַטעס. די פרויען רופן זיי אַריין, שטייען אונטער דער קרומער לבנה און ציטערן פון קעלט. עס איז אַזוי אומעטיג. אין די שטיבעלאַך שטייען ערדענע קרוגן אויף הילצערנע טישלאַך, מיט קאַלטע וואַסער.

די מענער חוזק'ן פון די פרויען; די פרויען שפּייען אויס, שעלטן און לאַכן העפלאַך. דאָס געסל ציט זיך באַרג אַרויף, דורך קרומע הייזלאַך. צום ענדע פון געסל — אַ קליינע קירכע. דריי בלינדע בעטן טאָג און נאַכט צו אַ טויטן גאָט. אַ לאָמער שמש שטייט ביי דער טיר. איבער אַ מאָזאַאיק פון אַ פענצטער זעט מען אין בלויע און רויטע קאָלירן ווי קריסטוס פּאַשעט ווייסע שעפעלאַך, מען זעט ווי דער ווינט כוואַליעט די גאָלדענע קרויזן פון דעם גוטן מענטש... און ווידער אין דרויסן — קרומע לבנה שניידט זיך איין אין אַ שטיקל גרויען הימל, עס גייט בלוט...

ווען וועט דער גוטער מענטש אַראָפּגיין פון דער בלויער שויב און גלעטן און צערטלען די זינדיגע פרויען און זאָגן אַז זיי זיינען ריין און אומשולדיק?

# ענריקאָ גליצענשטיין

(שטריכן)

דאָס לעבן פון ענריקאָ גליצענשטיין איז שוין זייט יאָרן א לעגענדע. אין די קליינע פוילישע שטעטלאך פלעגט מען זיך דערציילן מעשות וועגן דעם טורקער איד וואָס האָט אין רוים פאָרטרעטירט און סקולפּטירט דעם פויפּסט, דעם קייסער פון איטאַליע, איז אויפגענומען געוואָרן פון בייערישן פרינץ־רעגענט, האָט געאַרבעט פאַר די קאַרדינאַלן און פאַר מיניסטאָרן. האָט זיינע ווערק אין בריטישן מוזעאום און אויף די אינטערנאַציאָנאַלע אויסשטעלונגען קריגט ער גאָלדענע מעדאַלן. גליצענשטיין איז געוואָרן א לעגענדע שוין אין זיין יוגנט און אזוי איז ער פאַרבליבן ביז איצט. דאָס איז גליצענשטיין געווען פאַר די אידן פון פוילן, פון וואַנען ער שטאַמט און וואו ער איז געבוירן געוואָרן דעם 24טן מאַי, 1870.

אָבער פאַר דער גרויסער וועלט פון קונסט איז גליצענשטיין געווען רעאַלער ווי א לעגענדע. די קונסט־קריטיקער און די קאָלעקטאָרס פאַר די אייראָפּייאישע מוזייען האָבן אין אָט דעם קליינעם איד פרי דערקענט א גאון פון דער סקולפּטור־קונסט. א נייע פּאָעטישע דערשיינונג אין שטיין און אין בראָנז, און זיי איז געבליבן בלויז אים צו פאַרוואַרפן מיט אַרבעט און פונקט ווי אמאָל מיקל־אַנדזשעלאָ — אים ניט צו געבן קיין מאָמענט רו . . . טויזנטער ווערק אין אַלע מאַטעריאַלן פון סקולפּטור ציילט אָט דער מעכטיגער קינסטלער, וועלכע די היגע אידישע פרעסע און די היגע געזעלשאַפטלאכקייט איז אזוי אומפאַרשעמט און באַהאַנדלט אים ווי א פרעמדן, ווי א וווּיטען . . . דורשטיג פון דעם חוני המעגל׳שן שלאָף פונם אידישן פאָלק, וואָס האָט קיין זין פאַר פלאַסטישער קונסט, קיינמאָל נישט ארויסגעוויזן צוליב איר רעליגיעזן פאַרבאָט, איז עס פונקט ווי דער גיגאַנטישער ריז וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון א יאָרטויזנט אַלטן שלאָף און מיט אן אומענטשלאכן פיבער געזוכט זיך אויסצודריקן, אויסצודריקן דאָס גאַנצע פאָלק אין זיינע וויזיעס, אין זיין דראַנג פלאַסטיש צו רעאַליזירן דעם טרוים פון א פאָלק. ער האָט צווישן זיינע ווערק — מיטאָלאָגישע העלדן, וועלכע דריקן אויס דאָס אייביגהעראָאישע פון דער מענטשהייט אין איר קאַמף מיט דער נאַטור און מיט דעם מענטשלאך־מאָנסטערהאַפטער פערזענלאכקייט . . . ער וועט אָנטאָן אין בראָנז זיין וויזיע פון נאַרציז, פון דעם צאַרטן זינגער אָרפעאוס, ער וועט שמידן א בעטהאָוון מיט דעם ענערגישן, אינטענסיוון און שטאָלץ־פּאָעטישן געזיכט פון א פּראָמעטיי. ער וועט שליידערן דער וועלט א שפּינאָזא — א קעמפער, א רעוואָלטירער, א מאַכטיקע געשטאַלט — אין קעגנזאַץ צו אַנטאָקאָלסקי׳ס פאַרקלערטן, איינזאַמען און מעלאַנכאָלישן שפּינאָזא. דען — אַנטאָקאָלסקי איז געווען באַרימט אלס דער אָפיציעלער קינסטלער פון דעם צאַרישן רוסלאַנד — נישט פאַר זיין קינסטלערישן ווערט, נאָר ווייל דער צאַר האָט פאַרשטאַנען ווייניק קונסט. אין קעגנזאַץ צו

אנטאקאָלסקי'ס נאַטוראַליזם און דער שולע פון זאָלאַ אין דער לי־
טעראַטור, דער קאַלטער קאָפּירונג פון לעבן און פון די פאַקטן —
קומט ענריקאַ גליצענשטיין ווי אַ וויזיאָנער פון דער נשמה. די באַ־
וועגונג פון דעם מאָדעל, איר אינערלאַכע שטימונג, איר אידעאַליזם
— ברענגט ארויס ערשט דער קינסטלער פון זיין אינערן און נישט
קאָפּירנדיק בלינדערהייט דעם מאָדעל. גליצענשטיין רעוואָלטירט
קעגן דער שולע פון שטרענגן רעאַליזם. פאַר אים עקזיסטירט די
מאַטעריע, כדי זי איינצוהילן אין גייסט. כדי זי צו דערהויבן צום
אוניווערסאַלן. דער קינסטלער מוז פאַרקערפּערן אין זיין קונסט די
גרויסע פּראָבלעמען פון דער מענטשהייט אין איר אַטלעטישן גע־
ראַנגל מיט זיך זעלבסט, אין איר קאַמף מיט אירע עלעמענטן, אין
איר מעכטיקן דראַנג זיך צו רייניקן און זיך צו איבערווינדן. דער
קינסטלער מוז באַפרייען די מאַטעריע פון איר אומבאַוועגונג און
שטומקייט. העכער לעבן מוז ער געבן צו דער נאַטור. דאָס אי־
דעאַלע, דאָס קאָסמישע און דאָס העראָאישע דאַרפן זיין די אָרעאָלן
פון לעבן . . .

עס איז די גרויסע צייט אין פּוילן ווען די אידייען פון מיצקער
וויטש, די גלאָריפיצירטע היסטאָרישע העלדן פון מאַטייקאָ, די מוזיק
פון שאָפּען — טראָגן זיך אין דער לופט ווי פלאַמען פייער. אין דער
אידישער וועלט קומט פאָר אַן אַסימילאַציע־פּראָצעס — באַווירקט
פון דער השכלה־עפּאָכע. די אידישע קינסטלער דערפילן אין זיך
די מיסיע צו שאַפן. גליצענשטיין איז פול מיט די עכאָס פון מיצ־
קעוויטשעס גרויסע אימפּראָוויזאַציעס, מיט קאַרשינסקיס אירידיאָן־
העלד, מיט סלאָוואַצקיס דערלייזונגס־וויזיעס, מיט מאַטייקאָס פלאַ־
מענדיגע פאַרבן און פּוילישע נאַציאָנאַלע העלדן. דערצו איז ער אַ
רעליגיעזער איד און דער דורות־לאַנגער משיח־טרוים צינדט אָן זיין
פאַנטאַזיע. דער ראָמאַנטיקער אין אים וועט געבן דער וועלט אַ נייע
אַרט קונסט, ער וועט שליידערן דער וועלט זיין משיח אין קייטן. ער
וועט גיין קיין רוים און דאָרט, אין דער אַלטער שטאָט פון געצנדי־
נעריי און קריסטנטום, דאָרט וואו עס טונקלען אין שאָטן די געטער
פון מיטלאַלטער און די געצן פון רענעסאַנס — דאָרט וועט דער איד
שאַפן זיינע משיח־געשטאַלטן. פונם קליינשטעטלדיגן בית עולם וואו
ער זאַפּט אין זיך איין דעם אומעט פון די איינגעפאַלענע, צעבראָכע־
נע, פאַרזשאַווערטע מצבות — דערגייט ער קיין רוים און ווערט דער
עפּיציעלער קינסטלער פון די גרויסע פון אייראָפּע, פון די קעניגן, פון
די קינסטלער. דען ער מאָדולירט די קעפּ פון די באַרימטע לייט, פון
ד'אַנונציע, גרעפין לאַנצעלאָטי, פּאַדערעווסקי, רוזוועלט, הערמאַן
קאָהען — און גיט זיי צוריק זייער גייסט, ברענגט ארויס אין זיי
כיי דאָס וואָס זיי באַזיצן אינערלאַך. טוט זיי אָן אין אָרעאָלן און
ווייזט ווי הויך מענטש איז . . .

אַט אזוי שטילט זיך דער הונגער פון אַ איד וואָס האָט פּלוצלינג
אָנגעהויבן צו שאַפן. די וועלט ווערט זיין מאָדעל, די גאַנצע וועלט.
ער זאַפּט זיך אָן מיט קולטורן, שפּראַכן, שטרעמונגען, לעבנס־וויי־
הייטן און — בלייבט דאָך דער באַשיידענער, שטילער איד . . . זיין
זכרון איז די כראָניק פון אַ ריזנלעבן. ער איז געקומען אין קאָנ־
טאַקט מיט די גרעסטע מענטשן פון זיין צייט און ער רעדט וועגן זיי

מיט פשטות פון געוויינלאכקייט. אן אינטימער פריינט פון דעם מייסטער ראָדען. א קאָלעגע פון מארקס ליבערמאַן. א בן־בית אין איטאַליענישן קעניגס־פאַלאַץ. גייט ער דורך די וועלט ווי א שטורם. ער זעט קוים די אַלע פערזענלאכקייטן. ער ווייסט אז ער איז אין רוים . . . לוקסוס האָט נישט קיין שום אָנציאונג פאַר אים. מיט א וואולקאנישער קראפט ארבעט ער און דאָס איז זיין איינציגער דערוויז אין לעבן: צו געבן דעם מענטשלאכן העלד אין דער קונסט. צי איז עס מילטאָן אָדער משה. צי איז עס בעטהאָווען אָדער טאָלסטאָי. יאָ, ערשט לעצטנס מייסטערט ער א נייעם טאָלסטאָי — דעם גרויסן זייער, אין פויערישער קליידונג, אין שטארקע שטיוול, מיט זיין מעכטיגען קאָפּ — ווי ער גייט איבער די פעלדער פון דער וועלט און זייעט גייסט און קראפט . . . ווי אינטענסיוו און ווי ענערגיש זיינע העלדן זיינען! עס איז א מורא צו שטיין לעבן זיין בעטהאָווען־מאַסקע! א צעאוס־גאָט בליצט מיט בליצן פון ענערגיע. עס איז די מאַסקע פון אייביקן געניוס. און — זיין גרויסע פיגור פונם אייביגען איד, וואָס דער קינסטלער שניידט אויס אין א ריזנבוים. דער אַלטער מענטש — דער איד אָדער דער מענטש, וואָס בויגט זיך נישט פאַר יאָרטויזנטער לײדן, וואָס שטייט שטאָלץ און מעכטיק אויף דעם גלאָבוס און אָקעאַנען ריזלען פאַר אים און ערד־ציטערנישן ברעכן אויס און וואולקאנען שפריצן מיט פייער . . . אָבער — זיין רו איז אומדערשעפלאך. מענטש איז אייביק און זיין טריאומף איז געצייכנט מיט פייער אויפן שטערן פון זיין אַלטן פנים. ענריקאָ גליצענשטיינס ענערגיע איז אומפארגלייכלאך אין דער קונסט. זיינע געשטאַלטן באַזיצן גרויסע עלעמענטארע קראפט, רעוואָלט, אומצעשטערבארן גלויבן און מאַסיוווקייט. צי איז עס משיח אין קייטן, וואָס בייסט פאַר׳עקשנ׳ט די ליפּן אין פיין — צי איז עס „מאַן און פרוי”, וואו דאָס אינטימע רירט ביז טרערן, אָדער צי איז עס אָרפעאוס זינגענדיג זיין גרויס ליד דער מענטשהייט — אָדער צי איז עכ רוזוועלט וואו דאָס מענטשלאכע פלאַמט ארויס מיט אזוי פיל איידלקייט — אין אַלע זיינע ווערק דערשיינט ער מיט קראפט און אייזערנעם ריטם. זיין סקולפּטור קען נאָר פארגליכן ווערן צו באַכ׳ס טיפקייט און אינטימיטעט מיט גאָט, צו בעטהאָווענס און וואגנערס קראפט און פארנעם, צו מאָצארט׳ס שפּילעוודיגקייט און צו בייראָנס וועלט־שמערצלערישן זוכן און רעוואָלטירן און זיך טראָגן איבער די אָקעאַנען ווי א שווארצער בליץ. גליצענשטיינס ווערק איז די סומע, דער רעזולטאַט פון א סך דורות. די אידן זיינען בלויז ביז אים געווען אימשטאנד צו געבן סקיצן, לייכטע אויסדרוקן. זיי האָבן קיין רו, קיין קולטור און קיין אויסדויער נישט געהאט. דאָ קומט צום ערשטן מאָל א מאַן וואָס איז מאָנומענטאַל. איז דורשטיק ווי א וואולקאן נאָכן ים. צייכנט צום ערשטן מאָל גרויסע, גראַנדיעזע געשטאַלטען מיט א זיכערער האַנט, גיט דאָס גרויס־ראָמאַנטישע צו דער אייראָפּייאישער קונסט און מיט רעכט ווערט ער אויפגענומען פון ראָדען ווי זיינס אַן עקוואַל, און פון דער וועלט ווערט ער אויפגענומען ווי זייער גראַנדיעזער קינסטלער.

אָט דאָס איז אין קורצן די פערזענלאכקייט פון ענריקאָ גליצענשטיין. צו יעדער גלאָריע קומט דער אָוונט און מאכט ביטער דאָס

טראגישע געמיט פון קינסטלער. אייראָפּע איז אין זיין צייט געווען ליבעראַל, דורשטיג נאָך קונסט. אונטער דעם צאַר האָבן דוקא גע־בליט גרויסע קינסטלער ווי פּושקין און לערמאָנטאָוו, טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי. עס איז געווען די צייט פון גרויסע פריי־הייט־אי־דייען און דאָס וואָס די פראַנצויזישע אוטאָפּיסטן און די רוסישע טעראָריסטן האָבן געפּלאַנצט אין דער וועלט פון סאָציאַליזם, דאָס האָט גליצענשטיין איבערזעצט אין זיין קונסט. לײַדער איז די וועלט געוואָרן פינצטער. דער אַלטער ריז מוז קומען אין אַמעריקע, וואו עס זיינען קיין קינסטלערישע טראַדיציעס, לײַדער, נישט פאַראַן. דאָ ווערט ער שרעקלאַך פאַרנאַכלעסיקט. דאָס אידישע פאָלק האָט אין אים געבוירן איר ריזן־קינסטלער — ווייסט אים אָבער נישט ווי אַזוי צו באַהאַנדלען. עס איז לייכט צו נערן לעגענדעס . . . אָבער אַ לעבעדיגן קינסטלער איז „שווער” אויסצוהאַלטן, אים געבן זיין גע־העריגען פּלאַץ אַלס גרעסטער אידישער קינסטלער פון אַלע צייטן . . .
די אידישע פּרעסע האָט זיין זיבעציק־יאָריקן יובּיליי פאַרשוויגן. די העררן פון דער פּרעסע מעגן זיך שעמען מיט אַזאַ באַהאַנדלונג. זיי וועלן זיך שטענדיג אָפּרופן איבער די שוואַכסטע פּראָבלעמען . . . אָבער דאָ וואו עס פאָדערט זיך אַביסל קענטעניש און וואו עס פאָ־דערט זיך אָפּצוגעבן כבוד אַן אַנדערן אויסער זיך — אַ ריז צו ווע־מען אין פאַרגלייך זיי זעען זיך ווי נישטיגע קאַרליקעס — דאָ נע־מען זיי אָן אַ פּול מויל מיט וואַסער און פאַרשווייגן קינסטלער מיט וועלכן דאָס אידישע פאָלק וועט אין יאָרהונדערטער זיין שטאָלץ צו דערמאָנען אַלס איינעם פון אירע זין . . .

וועגן ענריקאָ גליצענשטיין — דעם סקולפּטאָר און דעם פּונקט אַזוי שטאַרקן און ווערטפולן גראַפיקער — מוז ווערן געשריבן אַ גרויסע אָפּהאַנדלונג. דאָס איז בלויז אַן אָנדייטונג, אַ קוים־מערק־לאַכע סקיצע צו אַן אַרטיקל וועגן אים. עס ליגט אויך נישט אין דער קאָמפּעטענץ פון דעם שרייבער פון די דאָזיגע שורות צו געבן אַ גענויע, אַ קריטישע אַרבעט איבער דעם גיגאַנט ענריקאָ גליצענ־שטיין. מיין ציל איז בלויז געווען צו זאָגן אַ וואָרט פון רעספּעקט צו דעם מייסטער און צו דערמאָנען ווי פּוסט אונזערע געזעלשאַפט־לאַכע טוער און „גייסט”־מענטשן זיינען — פאַרזעענדיג בכיון (!) אַ גרויסן מאַן צווישן אונז!

כבוד און — מיין טיפסטע, מיין אַריסטאָקראַטישסטע פאַר־נויגונג צו אייך, מאַעסטראָ ענריקאָ גליצענשטיין!!!

# מיכל ליכט

עס איז געווען לײדיקלעך אַרום די טישלעך פון קאַפע ראַיאַל. נאָר שטענדיק ווען עס איז גערוים אין קאַפע ראַיאַל, האָב איך שטימונג און צייט און דאָס געמיט צו טראַכטן וועגן יענע וואָס זײַנען דאָ נישטאָ. ווען עס איז גערוים, פיל איך די אַנוועזנקייט פון אַ סך גייסטער פון פּאָעטן און שריפטשטעלער. קאַפע ראַיאַל ווערט אַלץ לײדיקער און פּוסטער. די אידישע ליטעראַטור שטאַרבט. גרויס איז די גאָלדענע זון וואָס זעצט זיך ביים מערב־ראַנד פון האָריזאָנט. מיט דער ליטע־ראַטור שטאַרבן אירע דיכטער, אירע שעפער. איך טראַכט וועגן די אַוועקגעגאַנגענע קאָלעגן. דורך בלויע רינגען רויך זע איך זייערע פּנימ־ער. אַ סך פּאָעטן, אַ סך פּראָזאַאיקער האָבן זיך מיט אונז געזעגנט. איך פיל זייער אַנוועזנקייט. עס איז קאַלט און גרוי אויף סעקאָנד עוועניו. אָבער זיי קומען מיט פאַרגילדערטע פליגל. עס טריפט פון זיי שטי־קער הימל־בלויקייט. דאָך איז זיי ליב דער שניי, דער ווייכער, ער־דישער שניי, וואָס איז פול מיט דערינערונג. מען האָט געפירט דורך שניי אַ געליבטע, און זי געקושט וואָרעם אינם פאַרשנייטן געזיכט. דער ערדישער שניי — עס איז גוט צו כילן זיין נאַסן באַריר, ווי פון אַ פריינדינס פאַרטרערט פּנים. אין הימל שנייט עס ניט. עס איז אין הימל אייביק שיין.

נאָר אויף דער ערד שנייט עס און עס רעגנט. און דאַן שפּראָצט אין פרילינג די רויטע רויז. עס ברעכט זיך אַרויס אַ גאָלדענע לאַנד־שאַפט פון דער ערד. אַ מאַלעריי קומט צום לעבן. די פאַרבן פון דער וועלט־מאַלעריי ווערן צו ממשותדיקער רעאַליטעט. —

מען האָט ביים טיש גערעדט וועגן מיכל ליכטס פּאָעזיע. איינער האָט געוואָרפן דאָס גוט־באַקאַנטע וואָרט: „מען פאַרשטייט נישט זיין פּאָעזיע״. הייסע רעפּליקעס זיינען געפאַלן. קאָלעגן האָבן אים פאַר־טיידיקט, ניט ווי מען פאַרטיידיקט אַ מיטלמעסיקייט, נאָר אַ גרויסן דיכטער. קאָלעגע יצחק ליבמאַן האָט געזאָגט: אָבער וועגן מיכל ליכט קען מען זיך נאָר אויסדריקן אין גרויסע טערמינען: איינער רייסט אים אַרונטער אַלס גרויסן „פלאָפּ״. אַ צווייטער רימט אים אַלס גרויסן פּאָעט. יעדנפאַלס — גרויס.

וואָס אַן אמת, איך האָב זיך כמעט גאָרנישט אַנגערופן, אויסער וואָס איך האָב געוואָרפן דעם עפּיטעט „אַריסטאָקראַט״. אַז מיכל ליכט איז אַ נאָבלמאַן פון רייִנסטן בלוט. איך בין בכלל ניט געניגט צו דיס־קוסיע. שוין צען טויזנט יאָר ווי די דורות דיסקוטירן, און דער מענטש האָט זיך ווייניקעס אויסגעלערנט. פאַרן אמת איז פּושקין אָדער טראָצקי געשטאָרבן מיט פּונקט אַזאַ טראַגישן טויט ווי זכריה הנביא אָדער סאָקראַטעס. פאַר פרייהייט פון געדאַנק דאַרף מען אין אונזערע צייטן פּונקט אַזוי קרעפטיק קעמפן ווי ס׳האָבן אין זייער צייט געקעמפט פאַר טאָלעראַנץ מענער ווי שפּינאָזאַ, עראַזמוס און זשאַן זשאַק רוסאָ.

און וואָס שייך דער שיינקייט און טיפקייט פון געדאַנק, האָט ער גאָרנישט פּראָגרעסירט. דער מענטשלעך־געניאַלער מוח איז געווען פּונקט אַזוי אַנטוויקלט ביי קעניג קהלת, ישעיהו, פּלאַטאָ און אַריסטאָ־טעל ווי ביי אַלבערט איינשטיין און בערנאַרד שאָו. עס איז אויך ניט נויטיק אויפצווייזן אַז אין היינזיכט פון שיינעם און פלאַמענדיקן

וואָרט זיינען די נביאים געווען גרעסערע מייסטער ווי די פּאָעטן פון אונזער צייט. די מאָלערס פון רענעסאַנס קענען היפּש קאָנקורירן אין דער קוואַליטעט פון זייערע פאַרבן און אין דער הערזאַישקייט פון זייערע געשטאַלטן מיט די בעסטע קינסטלער פון אונזער צייט.

דיסקוסיע איז דעריבער אַן אומנייטיקע זאַך. נאָר ווער איז אַזאַ איבערמענטש וואָס קען זיך פריי אָפּזאָגן פון דעם גיפט און פיבער און צאָרן פון דיסקוסיע?

דאָס וואָס מענטשן פאַרשטייען נישט אַליין, איז אוממעגלעך זיי צו געבן צו פאַרשטיין. אין יעדער דור לעבן די איינזאַמע פּרינצן פון גייסט — וואָס הגם ניט קיין סנאָבן, האַלטן זיי זיך אָבער היפּש אָפּגעזונדערט פון המון. די דאָזיקע גייסטיקע פּרינצן פאַרשטייען זיך גלענצנד מיט חכמים פון ווייטע לענדער, הגם מיט די געשעצטע בירגער פון זייער פאָטערלאַנד לעבן זיי ניט בשלום. זיי שטייען אין אַ מער האַרמאָנישן קאָנטאַקט מיט די דענקער וואָס האָבן געלעבט מיט יאָרטויזנטער צוריק, ווי מיט די מענטשן פון זייער אייגענעם דור. עס איז פאָראַן אַן אַריסטאָקראַטיע פון גייסט, וואָס וואָרצלט אין די טיפע יאָרטויזנטער פון דער מענטשלעכער געשיכטע און האָט זיינע עבשטע מיטגלידער צווישן יענע גייסטיקע פּרינצן וואָס האָבן געדענקט הויך און נאָבל אין אַ צייט ווען די ערד איז נאָך געווען ווייט פון קולטור און ציוויליזאַציע. דער געניוס וואָס דענקט טיף און פילט שיין, געהערט צו אַ קאַסטע וואָס איז אומאָפּהענגיק פון צייט און אָרט.

וואָס איז דאָ צו פאַרטיידיקן מיכל ליכטן? וואָס טויג מיר דאָס פאַרשטיין פון אַ סך פּאָעטן, ווען זיי האָבן מיקראָסקאָפּישע געדאַנקען? די מערסטע דיכטער שרייבן קלאָר. נו, זיינען זיי דערפאַר פון אַ העכערער קוואַליטעט? די פּאָעטן וואָס איך פאַרשטיי, געפעלן מיר ווייניקער ווי די פּאָעטן וואָס איך פאַרשטיי נישט. עס איז דאָס אומבאַוואוסטע וואָס האַלט דעם קינסטלער און דעם אינטעליגענט געשפּאַנט. קונסט איז נישט דער גרויסער טאָג. נאָר די אידעלע שטימונג פון דעמערונג. די מיסטעריע פון דער נאַכט. עס איז אין דער טיפער וואַלפּורגיס־פינצטערניש אין וועלכער דער אמתער קינסטלער שפּאַנט און זוכט דעם זין פון זיין עקזיסטענץ. עס איז דאָס קוים־מערקלעכע באַגינען־ליכט, וואָס שפּרייט זיך ווי בלייכע פלעקן פון אַ מאָלעריי, אין דעם עכטן און אידעלן ליד פון אַ פּאָעט. עס איז די טונקלקייט וואָס הערשט אין דער וועלט־פּאָעזיע. די טיפע מרה־שחורה. די איינזאַמקייט און די פינצטערניש פון דער נשמה. עס איז דאָס וואַנדלען דורך וואָלקן און וויזיע, דאָס קינדערשע שטאַמלען און דאָס נביאישע אַנען פון דער שיינקייט און דעם זין און דאָס געטלעכע. פּאָעזיע איז דאָס ליד פון דער אורמאַסע, פון דער נעבולאַ, פון דעם קאָסמישן קראַנץ פון אומגעהייערע כוחות, פון דעם שטורעם פון די אור־עלעמענטן.

און, מיין ליבער פריינט, איך בעט אייך, פאַרשטייט איר מוזיק? און בעטהאָווען, וואַגנער, גלוקן — פאַרשטייט איר? איז עס ניט די מיסטעריע וואָס נעמט אייך אָרום פאַר אַ גרויס ווערק? איז עס ניט דאָס אַריינקוקן אין אַ גרויסן, טיפן און אימהדיקן וואַלד? איז עס ניט דאָס שרעקן זיך פאַר דעם אָפּגרונט פון אַ ים, אין וועלכן עס שלאָפן גיגאַנטישע בערג און טאָלן? איז עס ניט די אימה ווען פינצטערע וואָלקנס שצירן מיט בלוטיקע ציין ערב שטורעם? איז עס ניט דער

פּחד פאַרן אומגעהייערן, שוואַרצן וואַלקן וועלכער פאַרציט די לעצטע פלאַמען פון זון־אונטערגאַנג? איז עס ניט דאָס באַרירן דאָס אור־האַפּטע, דאָס קאָסמישע?

פאַרשטיין קען מען לייכט אַן אידיאָט. גאָט און דעם געניוס דאַרף מען זיך אָנשטרענגען צו פאַרשטיין. אין טויזנט שלייערן פון נעפּלען זיינען פאַרהילט זיינע געדאַנקען. ווי פּשוט איז דער תנ״ך. דאָך קומען מענטשן פון אָנגעצונדענע זעלן און זיי פאַרשטייען אים טיפער. שע־נער. דערהויבענער. אַ געוויינלעכער מענטש וועט שטיין פאַר אַ פּאַ־נאָראַמע און ער וועט בלויז באַוואונדערן די שיינקייט. צו אַ רעליגיעזע, עקזאַלטירטע נאַטור וועט די לאַנדשאַפט אַנצינדן דאָס פּנים פון גאָט. צו אַ פּאָעט וועט די לאַנדשאַפט זיין אַ גרויסע פּאָעמע. צום רעזשיסאָר — אַ בינע, וואו געטער וועלן באַלד אַרויפגיין שפּילן אַ גראַנד־ספּעק־טאַקל. צום מאָלער שטראָמען און וויברירן קאָלירן אין אַ דינאַמישן טאַנץ. צום וויסנשאַפטסמאַן וועט עס זיין אַ וואונדערלעכע כעמישע קאָמבינאַציע פון אַטאָמען וואָס בילדן לויט זייער קוואַליטעט און קוואַנ־טיטעט — פאַרבן, טענער, ליניעס און פאָרמען. צו פאַרשטיין העגנט אויך אָפּ פונם כאַראַקטער וואָס וויל פאַרשטיין. אַ גאון וועט אין אַ קינד זען אַ גאָט. אַ מיטלמעסיקייט וועט אין אַ גאָט זען אַ קינד.

דיכטונג געהערט צו די גרויסע מיסטעריעס פון מוזיק, מאָלעריי, סקולפּטור און באַלעט. די אויפגאַבע צו רעדוצירן צום בלויזן פאַר־שטיין — מיינט דעגראַדירן. אַפילו אין דער פילאָסאָפיע, די העכסטע מאַניפעסטאַציע פון געדאַנק, ווייסט מען זייער גוט אַז מען קען מיט אינטואיציע טיפער באַנעמען גאָט ווי מיטן אינטעלעקט. פאַרוואָס זאָל מען וועלן פּאָעזיע, אַ זאַך וואָס איז לויטער אור־באַנעם, אינסטינקט, אינטואיציע, אַנונג, פילן, באַנעמען מיט דער נשמה — וועלן אורטיילן בלויז פונם שטאַנדפּונקט פון „קלאָרקייט״, פון פאַרשטיין? פאַרשטייט מען דען אין אונזער וועלט די סאַמע „עלעמענטאַרע״ זאַכן? איז ניט אונזער גאַנצע עקזיסטענץ אַן אייביקער סעקרעט צו אונז, וועלכן מיר טראָגן מיט אין קבר אַריין...

און ווי זאָגט טאַקע דער זעלבער מיכל ליכט, אין איינעם פון זיינע לידער פון דער לידער־זאַמלונג „פּראַצעסיעס״:

„לידער זאָלן זענגען זאָלן קלאַפּן זאָלן שטעכן זאָלן שפּילן
זאָלן שיינען זאָלן שיסן זאָלן שפּאַסן זאָלן קוצקען זאָלן שמעקן
לידער זיינען מורא פאַרן טויט.
טרייסט ביים לעבן.
אָנזאָג פון אַן אייגנמאַכט.
דער אייביק־הערמעטישער פּאַראַיצטיקט.
אַ קרוין דער אָנמאַכט.
אַ פייג דעם צעשטערער.
דע־פּראָוואַנס פאַר די אומגעהיילטע וואונדן.
אַ פייערפונק קעגן דער קעלט פון קעלט.
אַ צאַצקע דער גאָל.
לידער ווי דראַבעס אויף שבת ביי זיי בלייב עס —״

איך בין זיך ערלעך מודה: איך וויל בעסער ניט פאַרשטיין מיכל ליכט — ווי פאַרשטיין אַ סך פּאָעטן. נאַטירלעך האָב איך ליב צו לייענען און צו פאַרשטיין אַברהם רייזען. זישאַ לאַנדוי. משה לייב האַלפּערן. משה נאַדיר. ראובן לודוויג. פריידל. אָבער אַ סך פּאָעטן וואָס איך פאַרשטיי,

די פּאָעטן וואָס ווערן ביי אונז געהאַלטן ווי די גרעסטע, שאַקירן מיך מיט זייער געדאַנקענלאָזיקייט. דאַקעגן די אויבנדערמאָנטע פּאָעטן, ווי פּשוט זייער ליד איז, גנבית איך עס. אברהם רייזענס אַ ליד נעמט מיך שטענדיק דורך מיט אַ ציטערניש. איך דערפיל אין אים דעם וועלט־מיטלייד, וואָס ניט קיין אַנדערער ווי דער קינסטלער באַזיצט עס. דאָס כסדרדיק דורכגיין אַ וועלט וואָס שטאַרבט, וואָס פאַרגייט, און גלעטן צאַרט יעדעס פּיצל לעבן. דאָס טוט דער גרויסער דיכטער.

און מיכל ליכטס לידער־בוך האָב איך ליב צו לייענען אין שפּעטע נעכט, ווען דער בראָנז פון דער לבנה קילט מיין בעט. דאָס בוך ליגט שוין ביי מיר עטלעכע שיינע יאָר. אַ סך ביכער, נייערע פון מיכל ליכטס בוך, זיינען צו מיר גרוי, אַלט און קאַלט געוואָרן. מיכל ליכטס לידער האָבן די פרישקייט פון בלאַנדע, קינדישע קעפּ, פול מיט זון, ווי בלומען אין מאַי. יעדעס מאָל אַז איך לייען זיינס אַ ליד, טוט עס אַ ווייע אויף מיר מיט גאַנצע זשמעניעס אידיש־לשון. אידיש־לשון — אַ מחיה. מיר דאַכט אַז דער פּאָעט האָט די ווערטער ניט געשריבן. ער האָט אין מיטן העלן טאָג אַנגעכאַפּט אַ וועלט מיט זאַנגען פון אידישע גילדענע רייד און זיי איינגעלאַדן מיט שמחה אין זיין ליד. עס שמעקט מיט באַקסערבוים און טייטלען פּעטע און דאָס גאָלד פון פייגן פון אידיש לשון. און אין יעדן ליד קומט אים צו דער האַנט דאָס אידישע לשון, דאָס גאַנצע רייכע און פאַבלהאַפטע לשון מיטאַמאָל. ער האָט עס קנעכטיש צו דער האַנט און צום געמיט און צום הארצן. און נישט קיין אימפּאָטענט אידיש לשון. ביי מיכל ליכט האָט די שפּראַך — קלאַנגען, פּאָטענץ. די שפּראַך אַליין איז ביי אים אַ גאָלע רייכקייט. פול מיט קרעפטיקע טענער. פול מיט מעטאַל, פול מיט פעטע פאַרבן און בלוט אין די אָדערן. זיינס אַ ליד איז ווי אַ צעשניטענער אַראַנדזש — עס איז פעט. זאַפטיק. עס גיסט זיך פון אַלע זייטן דער גאָלדיקער האָניק. זיין שפּראַך האָט מענלעכקייט און ווייבלעכקייט. די ווערטער פאָרן זיך אויף די ווייכע, פלושענע געלעגערס פון זיין ליד.

„אָקאָרשט האָבן די צווייגן זייערע אָרעמס געהויבן
און פּירוואָרף דעם מינדסטן דורך־ און פאַרבייגייער
אָט ערשט; זאָג איך. איצט אומשפּראַצן בלוטן,
איינגלעך אויף גלייך, צעעפנט, פאַרמאַכט.
און דער ברודנער מאָך ליישט זיך טרויעריק
פון פעלז אָפּ. מיט דעם געקאָלטנס פעט בלוט
האָט זיך די ריקע אַנגעטרונקען
און זינגט באַזויפן קאָמישע שאַנסאָנס
פון אַפּגעהאַקטע וואָדעווילן.
דער שניי וועט אים קילן
מיט שטורמישן אָרגאַזם
בעת דאָרטן אין דעם מירטנבוימס נעסט
וועט דער אַלטער ליגן מיט צעריטשעטע לייב
און זיך קראַצן פון אומפלוט און עליזיע.“

אַוודאי אַ וועלט פון סיורפּריזן, געוואַגטקייטן, אימאַזשן, פילאָ־סאָפיעס, אומגערעכטיקייטן. אַוודאי אַלט־פרענקישקייטן, חתונה־לשון, מאָדערניזמען, אינטעלעקטואַליזמען און איבער אַלץ — איראָניע. מען פילט אין יעדן ליד אַז ווי אַ סאַטיר שטייט דער פּאָעט און שמייכלט איבער דעם לעבנס־ספּעקטאַקל. איבער דער וועלטס קאָמעדיע דעל

ארטע. מען פילט אין די לידער די אבסאָלוטע אַנוועזנקייט פון אַ פּאָעט. און דאָס איז ניט קיין קליניקייט: אין וויפל לידער איז דער פּאָעט נישטאָ אין דער היים... אין וויפל לידער מערקט זיך ניט דער קאָלער אָדער די פאַרב פון דער שטוב. ווי אַ מענטשלעכער דעמאָן וואָס קאָרטשעט זיך אַליין אין וואונדיקן שמערץ שטייט אונטער זיינע לידער־אימאַזשן דער פּאָעט און קוקט זיך צו ווי די קלאָונען, די קליינע קאָסטיומירט־פאַרביקע ווערטער־קלאָונען פון זיין ליד טאַנצן צום קאָסמישן פאַנטאָמים.

יעדער ליד פון מיכל ליכט האָט אימאַזש, געשניצטע בילד, פּלאַסטיק, אָבער ניט קיין קאַלטע, סקולפּטורישע פּלאַסטיק. איר האָט דאָ צו טאָן מיט אַ פּאָעט וואָס מאָלט ווייך מיט ווערטער ווי מיט זיידענע פּענדזלען. זיינען פאַראַן ביי אידן אַ סך פּאָעטן וואָס קענען אַזוי מאָלן מיט אידיש־לשון־פּענדזל:

„אין אַ בערגלס גרינעם טעלער ליגן
קומט דער נעגל־פאַרסקאַרוזלעטער צאַפּ
מיט די קאַלטענעס און באָרד. די קופּערנע זון
פיבערט אין זיינע שלשלת־געפלאָכטענע הערנער
ווען טאָג הייבט אָן פאַרמאָלן פעלערן
און פאַרליישן שטיקלעך אָפּגעלושעטע קאָלירן
רוקן פינגער זיך אַרויס פון בערגלס וועלדל,
פינגער פון פאַרשפּינוועבטע שאָטנס,
ביז אַ זיסער טראָפּן פונם הימל
וואַשט אַרום דעם אַלטן
פון זיין אויסערלעכן שימל.
די האַרטהייסע הענט ביי אים מיט בייזן מאַך געל —
געל ווי אַמבער אין דעם זון־געשפּיל.‟

ווי אַזוי מיכל ליכט קען עס וואַריאירן אויף אַ העכסט־פּאָעטיש־דערפרישנדיקן אופן מיט גאָלד פון זון. „ווי די זון האָט שטיל געשיינט מיט ליאַנדע אויגן פון אַ פּאַפּעליאָטן טאָג‟. אָדער: „די שאַרפע אַמבער־האַק פון זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף הונט און באַק מיט רויטע ריקעס בילן‟. אָדער: „קילער צויבער פון געפליאַמטער זון‟. אָדער: „גרויסער אַלטער הערמעטישער שלאָס — ווייז פונם צאַפּן טרינקט די זון: „פאַררויטלטע מיידלשע באַק‟.

אוודאי איז דער געוויינלעכער לייענער ניט דערוואַקסן צו געניסן מיכל ליכטס נייעם סאָרט אַדיעקטיוו. ווען מיכל ליכט באַשרייבט אַ מענטש אָדער די נאַטור, דערפינדעט ער „נייע‟ ווערטער, נייע אימאַזשן, נייע מעטאַמאָפאָרן, נייע פערז־קאָמפּאָזיציע. זיינע ווערטער זיינען אי מאָלעריי, אי מוזיק. ער וואַרפט אָן די שטימונג און דעם אימאַזש מיטן וואָרט. זיין וואָרט האָט פּליוש. האָט פוטער. האָט זייד. האָט פעטקייט און פאַרביקייט. אוודאי פילט זיך דער לייענער באַקוועם אין די ראַמען פון אַ גראַמאַפּאָניש־צוגעבאַקן ליד. אָבער דער וואָס האָט זיך אויסגעלערנט הנאה צו האָבן פון פּאָעזיע, וועט מיכל ליכטס לידער ניט פאַרטוישן פאַר ס׳רוב פיל־באַזונגענע לידער פון הויך־פּרעמירטע דיכטער. ווי אַזוי מיכל ליכט באַהאַנדלט אַ שטיקל נאַטור, דערביי, צי ער מאָלט מענטשן צי נאַטור — פאַרלירט ער זיך ניט דעריין, נאָר שטייט שטענדיק ווי אַ רעזשיסאָר ביים ספּעקטאַקל, קאָנטראָלירט זיין כישוף־שפּיל, איז שטענדיק וואַך און באַוואוסט־

זיניק פון זיין דיכטערישער אַרבעט און איר געפינט אים שטענדיק אַנוועזנד אין ליד — קען אילוסטרירן אַ שטיקל מוסטער־ליד:
„דער טייך איז ניט דער קרעטשמעס שרעק.
דער ווינט שפּרייט דושנע טעפּיכער אונטער באָקן פּיס.
דער ווינט אין געפלעכטס פון אויסגעפּראוווטע צווייגן.
די סוקעוואַטע ביימער זיינען יאַדעשליווע מיט דעם ווינטצוג.
אַוואַרע לייכט דאָס מאָל צו דעם זשום פון קילע שפּריגלעך
דער אַפּפלוס פון די וועלן מיט פרישן שיין געפליאַמט.
די בערג צעגרינען קאַלאַמוטנע אין מיסטישן מינימוס פון זון.״
— — — — — — — — — — — — — —
אַ רעגנבויגן אין אַ זומער נאָכמיטאָג,
נאָך גרייפלדיקן רעגנס פאַרפלייצן די שפּאַרעס
פון פעלזן, און געוויטער פאַרטאַפּיענדיק
גראָז הייכן און טאָלן — אַ לאַקנדע דערשיינונג.
פון פעלזן, און געוויטערן פאַרטאַפּיענדיק
פאַרוואַנדלט ערשט־ווייליקן תוהו אין כישוף־אָרדענונג
אָדער נאַרמע־געשפּילט אויף די קלאַווישן פון זמרדיקן כאַאָס״.

נאַטור און מענטש — עס ווערט אין מיכל ליכטס ליד געמאָלן ניט מיט אויבערפלעכלעכער קענטעניש, מיט וואַסערדיקע וואַסער־פאַרבן, מיט דושעלאַ־זיסקייט און צוקערדיקער אַנגענעמקייט און באַ־קוועמלעכקייט. זאָל דער לייענער דאָס ניט דערוואַרטן פון מיכל ליכטס ליד. זיין ליכט ברעכט די מאַנאַטאַניע פון דעם דאַזיקן סאָרט פּאָעזיע.

מיכל ליכט כאַפּט אָן זיין אַביעקט ביי די קנאָכן. ער שליידערט דעם קינסטלערישן אימאַזש — קאַריקאַטוריסטיש, איראָניש, ביזאַר, שטענדיק קינסטלעריש באַהאַנדלט. שטענדיק דורכן קינסטלער געזען.

מיך אימפּאָנירט באַזונדערס ווי אַזוי מיכל ליכט פירט אַריין די „שיך״ אין זיין ליד. די „שיך״, און די ״לאַמעד״ און דעם ״צדיק״. און זיי בילדן וואונדערלעכע, צאַרטע קלאַנגען. זיי גלעטן ווי שטיקלעך פּליוש, ווי פאַרנאַכטיקע זון אויף נעפּלדיקע לאַנקעס. און וועלכע וואַריאַציע איז אין זיין ליד. ער וואַריאירט כסדר כדי צו ברעכן דעם מינדעסטן אָנדייט אויף מאַנאַטאַניע און זאַטע באַקוועמלעכקייט. ער איז שטענדיק הונגעריק נאָך נייעם וואָרט־קלאַנג, ער צעברעכט כסדר זיין אייגענע אידיליע. מיכל ליכט גייט נישט אין די אויסגעטראָטענע וועגן פון די מערסטע דיכטער. ער באַנוצט זיך נישט מיטן לייכטסטן ווידערשטאַנד. פּאָעזיע איז נישט פאַר אים קיין אידיליש־געמאָלן פעלד. נאָר אַ לאַנד פון פעלזן און בערגער, וואו דער פּאָעט דאַרף שווער אַרבעטן אויף צו זאַמלען און קריצן זיין ליד־איידלשטיין. אַוודאי זייַנען פאַראַן מיליאַנען לידער וועגן פרילינג, וואָס וועגן אַ היפּשע פאַר טאָן. עס איז דאָך די לייכטסטע זאַך צו שרייבן וועגן פרילינג. טויזנטער פּאָעטן האָבן עס אויסגעפּלאַסטערט דעם וועג מיט זון, מיט בלומען, מיט שיינע בלעטער, מיט רויטן צוקער, מיט ליבע און מיט גאָלד־פּלייץ. אָבער מיכל ליכט שרייבט אַנדערש וועגן פרילינג — און דו מוזט אָנערקענען אַז ער דערפרישט דיין אויער מיט אַ נייעם טאָן און אַ נייעם אימאַזש. (און נייקייט אין פּאָעזיע קאָסט בלוט און טרערן און די שטראָף איז — אַבסאָלוטע איינזאַמקייט). — — —

דאָס ליד וועגן פרילינג האָב איך אויסגעלאָזן, הגם אין מיין ערשטן מאַנוסקריפּט ציטיר איך דערפון גאַנצע שטיקער לאַנדשאַפט,

שטיקער פריילינגס־לאַנקע. דער פּאָעט ווייסט וואויל אַז צום אָג־שטענדיקן, סאָלידן, קאָנסערוואַטיוון לייענער איז מיכל ליכטס ליד וועגן פרילינג — כינעזיש אָדער טערקיש. ער ווייסט מיט וועלכער איראָניע דער לייענער לייענט מיכל ליכטס אַ ליד — קיין וואָרט נישט צום פאַרשטיין. און אַזוי שרייבט מען עס וועגן פרילינג? „וואָס איז פרילינג? מינדסט גרעזל וואָס קאַלופּעט זיך אַרויס פון דער (גראַ־מיק) מוטער־ערד־שויס, אַ גרעלער רויער, פויזנדיקער וואָרים". אַזוי ציניש און אומראָמאַנטיש? „הנאהדיקער בליק וואָס שניידט אַוועק אַ היפּשלעך רייפּטל הימל און שלינגט עס, מיט האַרץ־סובסטאַנץ גע־ווירצט, שטאָט קימל" פון דעם דאַזיקן לאַנגן און אומרעגלמעסיקן ליד וועגן פרילינג פיל איך אַרויס שטיקער פליושענעם פרילינג — שטיקלעך פלייצנדיקן שניי — די רויע אַלטע שוואַרצע ערד מיט איר אייביקן מענטשלעכן, חיהשן, עקדישדיקן, פּיפּערנאַטישן און אינ־סעקטנדיקן לעבן. אויף דער דאַזיקער ערד קריכט די שלאַנג און דער ראָץ און שפּינאַזאַ און ניוטאָן. די זון אין דאַזיקן ליד גייט אויף און גייט אונטער אַזוי ווי טאָקע אין „אמתן" פרילינג. ווען וואָלקן דעקן צו און דעקן אָפּ די זון נאָקעט. פרילינג איז ניט רעגולער ווי פּעטראַרקעס אַ סאָנעט. פרילינג ברעכט זיך, טומלט זיך, פלייצט, גייט אויף און גייט איין — און אָפּט איז אַ גרויסע בלאָטע און דער שניי, שמוציק און ברודיק, ליגט נאָך היפּש צעלעגט, אַ צעריסן טיש־טוך גאָרנישט ווי קיין טערקישער אָדער פּערסישער טעפּיך. מיכל ליכט ווייסט ווי מען שמייכלט סאַרקאַסטיש איבער זיין ליד און ער איראָניזירט:

„... און דאָס, מיט אייער גאַלאַנטער דערלויבעניש,
איז אַ פאַרזוך אויף אַ פרילינג־אָדע.
וואָס, געפעלט אייך נישט?
אייך קומען אויפן זין
שידנערליי באַרימטע געדיכטן פון סעזאָן —
זיינע טעג,
זיינע נעכט —
(לידערשע, ביכלדיקע)
(איר ווייסט, איך אַליין טראַכט אָפטמאָל
פון דער רייכקייט פון דער צייט וואָס
דיכטער, אַלע צוזאַמען, האָבן געמאַכט
פון אַלע פרילינגס אין ראַנישן, פראַנקן, פּעזאָס, לעיס, רובלס,
מאַרקן, יענעס, דאָלערס, פונטן).
וואָס געפעלט אייך נאָקע איינמאָל פאַר אַלעמאָל ניט?"

וועלכער דיכטער פון אונזערע געקרוינטע וואָלט זיך דאָס דער־לויבט אויף זעלבסטשפּאָס? די דאָזיקע דיכטער, אויסער א. לוצקי, יעקב גלאַטשטיין און משה נאַדיר, זיינען זיי דאָך טויט־ערנסט, ווי די שטיינערדיקע מאָנומענטן אויף פּעלזיקע פּיעדעסטאַלן. מיכל ליכט האָט אין זיין ליד — אויסער הומאָר, איראָניע, שפּאַס־און־שפּיל אויך געמיטלעכקייט. עס איז דאָ צייט אין זיין ליד. עס איז פאַראַן רוים־עקספּאַנסיע, פּלאַץ. איר קענט זיך דאָרט געמיטלעך אַוועקזעצן, און אויב איר ווילט, שפּאַצירן אין די אַלייען פון וואַקסענע בוימער. די אַטמאָספערע איז נישט אַנגעגליט ביז נביאישן פּאַטאָס. די זון איז נישט שטענדיק רויט ווי פייער. זי איז אַמאָל ענלעך צו דער בלייענער

לבנה. נישט געפּערלעך, איר קענט אָטעמען אין מיכל ליכטס ליד־אַט־מאָספעריע. שרעקט אייך נישט, עס איז דאָרט פאַראַן גענוג אָקסידזשען.

מיכל ליכט אַליין ווייסט זיין ראָלע, זיין ווערט, זיין גורל און זיין איינזאַמקייט. עס איז נישט מער ווי נאַטירלעך אַז דער „באַשולדיקטער" זאָל זיך כסדר באַמיִען צו „פאַרענטפערן". אָט איז אַ שטיקל קרעדאָ:

„מיינע גליקן: איך וויל געפינען די געהויבענע, סטאַטעטשנע, ניכטערע ווערטער און זיי צוזאַמענפּאַסן מיט מיינע אייגענע, אויסגעטראַכטע, פאַרקלערטע — אפשר וועט מיר געלינגען אָפּשפּיגלען דאָס לעבן — דאָס אידישע לעבן דערהויפּט: כאָטש קונסט האָט גאַרנישט צו טאָן מיט לעבן, קעגן אַלע אַנאַכראָניזמען, נישט אַכטנדיק אויף שעקספּירס פּאָעטיק און באַטעטישע בורשטייניזמען. ביי מיינע ווירדיקע חברים ליגן אין שאַכטלעך האַלב פאַרשטויבט די שמעמפּלען „טאַלענט" און גראַפאָמאַניע. שוין פון די באַלדיקע ריסן אין דעם געוועב זיינען די ווידערשפּרוכן. דער ערשטער ביסן, שווער אַראָפּצושלינגען, זיינען די אויסגעטראַכטע ווערטער. קעגן זיי שטייען — (מיט גאָלדענע עטרות און כשר געבונדענע ציצית, אין אַלטע זיידענע טליתים, געוויקלט אין רצועות, באַשולחן־ערוכט, פאַרזהרט מיט עולם הבא תכליתים, די ווערטערבוך־ווערטער. אין אַלפאַבעטיש אויסגעסאָרטירטע רייען שאָקלען זיי זיך פלאַנמעסיק איבער אונזערע קעפּ האָר, ווי פּרוכט ביימער רייפע. און איך וויל זיין בבחינת נאַטור און שאַפן די רעגימענטאַציע פון שפּראַך וואָס פאַראַנרזאַכט אַ נייע אָרדענונג אין דער מענטשלעכער דערקענטעניש. מיט וואָס, ניט דאָ געדאַכט, איז אַן עפּל פּאָעטישער, כאָטש ניט זינלעכער, ווען געגראַמט מיט אַ קרעפּל ווי דאָס וואָס גראַמט זיך ניט אין קלאַנג — נאָר איז אויסגעקנאָטן אינם נעפּל פון אייגנגעשאַפענער אָרדענונג? און וויפל זינד קעגן ווערטער וואָס גראַפאַלאָגיש זיינען זיי זיך סותר, כאָטש גאַנץ און גרינטלעך פילאָלאָגיש? „פליישׁ און שטיק און גאָלד און שיינע געביידעס" זיינען מער דער מאָטיוו פון אימפּעטיקן וואוקס אין דער מענטשלעכער שפּראַך ווי זון און לבנה און שטערן."

***

הכלל מיר האָבן היפּש ציטירט און פאַרבלאָנדזשעט אין מיכל ליכטס ראַפינירטן און געצנדינערישן און אידיש־טייטש־לשון־וואָלד פון פּאָעזיע. אוודאי ווייס איך נישט דעם באַטייט פון אַ סך ווערטער־געוויקסן. איך גלויב אַז די לאַנדסלייט פון ראָבערט בוירנס האָבן אויך נישט פאַרשטאַנען אַלע פּראָווינציאַנאַליזמען פון זיינע פאָלקסטימלעכע געזאַנגען; בפרט שוין די לאָנדאָנער בירגער, דערצויגענע אויף מילטאָן און שעקספּיר. אויף פּאָופּ און דריידן. אַ שפּראַך מוז כסדר באַנייט ווערן. אַרכאַאיזמען און לעצטנס־געשאַפענע ווערטער מוזן זיך כסדר פּאָרן. אימאַזשן מוז געענדערט ווערן, כדי דאָס אויג זאָל נישט בלינד ווערן. זאַלקסטימלעכקייט און אולטראַ־מאָדערניזמען מוזן זיך האַלדזן. וואַריאַציע איז דער אייביקער כישוף פון קונסט. אין פּאָעזיע מוז זיך כסדר פילן דער אוראַלטער אָנאָנים פון פאָלק — צוזאַמען מיטן באַוואוסטזיניקן מאָדערנעם פּאָעט. און מעג מיכל ליכט זיין ליד קלאַפּן אויף אַ „טייפּרייטער" — פילט איר דאָך אַז זיין פּאָעזיע האָט דעם טעם פון יענע אוראַלטע לידער, געשריבן מיט גענדזענע פעדערס אויף געלן פּאַרמעט. און אַז איר האָט דאָ צו טאָן מיט אַ פּאָעט פון כאַראַקטער.

# שיר השירים

(פאַרצייכענונגען איבער קעניג שלמהס ליבע־ליד)

ווען מען לייענט שיר השירים, וואונדערט מען זיך ווי קומט אַריין אַזאַ עכטע, לירישע ציקל לידער — אינם הייליקן, ערנסטן, עפּישן תנ״ך. דאָס ליד שיר השירים האָט אַלע רייצן פון אַן אָריענטאַלישן ליבע־ליד. דער איינפלוס פון אָריענט פילט זיך אין יעדן וואָרט. פונדעסטוועגן איז עס ניט בלויז אָריענטאַליש — עס איז דאָס אוני־ווערסאַלע ליבע־ליד. ווייל דאָס ליבע־ליד ביז אויף אונזערע טעג, באַהאַנדלט די זעלבע טעמע. באַנוצט די זעלבע ווערטער. האָט די זעלבע פאָרם. האָט דעם זעלבן אַראָמאַט. איז פול מיט דער פאַרשיכורנדיקער שיכרות פון ליבע.

דער ת״נך מיט זיין ליריק און זיין עפּיק, זיין טראַגעדיע און קאָמעדיע, זיין ריטם און זיין רו; זיין כראָניק פון שטאַמען און פאַמיליעס, וואָס זיינען געוואָרן פעלקער, זיין אומגעהויערן אַרומנעמען דאָס דראַמע פון דער מענטשהייט, אין זיין געבן קאָנטראַסטן און די קאָנפליקטן פון אוניווערס זעלבסט — און אַלץ צו בינדן אין אַן איינהייט — פאַר אייביקייטן לאַנג. אָט־דער תנ״ך האָט זיך געענויטיקט אין אַ ליבע־ליד, אין אַן עסענץ פון אַ ליבע־ליד, וואָס איז דער סימבאָל צו אַלע ליבע־לידער אין דער וועלט, און די צוזאַמענשטעלער פון תנ״ך, שטענדיק אויסוויילנדיק פאַר זייער גרויסער זאַמלונג דאָס וואָס טראָגט אַן אוניווערסאַלן כאַראַקטער — דאָס וואָס איז אַ געוויסער שטריך פון דער מענטשהייט אַלס גאַנצעס — האָבן דערקענט אין קעניג שלמהס ליבע־ליד אַן אייביק ווערק. ווייל ביז אויף אונזערע טעג ריידן די פאַרליבטע די זעלבע שפּראַך — די זיסע שפּראַך פון ליבע...

***

לאָמיר אַנאַליזירן דאָס ווערק שיר השירים, וואָס באַשטייט אינגאַנצן פון הונדערט און זיבעצן פּסוקים, און וואָס איז אין תנ״ך אויף אייביק אַוועקגעשטעלט געוואָרן צווישן דער דראַמע פון מענטש מיט גאָט — ספר איוב — וואָס איז פול מיט בליץ און געדונער — און דער אומשטערבלעכער אידיליע אין דער וועלט־ליטעראַטור — דאָס דינע ספר טיפער מענטשלעכקייט — רות — וואָס באַהאַנדלט דאָס פּראָבלעם פון קענען קומען צו אַ פרעמדן פאָלק, ווערן אַן אייגענער פון דעם פאָלק, ווייל דאָס האַרץ איז ריין און קען אָננעמען די עטיק און די געבאָטן פון אַ ריינעם פאָלק.

די מערסטע ליבע־לידער, ביז אויף אונזערע טעג — שילדערן די נאַטור. רעדן וועגן די יאָר־סעזאָנען און ווענדן זיך דאַן צו זייערע פּערזענלעכע עמאָציעס. אָט ווי עס זינגט דער פאַרפאַסער פונם ליבע־ספר צווישן אַ פראַסטער דאָרפס־מיידל, אַ פּאַסטושקע, און אַ קעניג.

„וואָרן זע, דער ווינטער איז אַריבער,\
דער רעגן — פאַרמיטן, פאַרגאַנגען.\
די בלומען באַווייזן זיך אויף דר׳ערד;\
די צייט פון געזאַנג האָט גענעענט,\
און דאָס קול פון דער טירטל טויב\
לאָזט זיך הערן אין אונזער לאַנד.

דער פייגן־בוים צייטיקט זיינע פייגן,
און די ווײַנשטאָקן בליִען, גיבן אַרויס אַ ריח.
שטיי אויף, דו, מיין פריינדין,
מיין שיינע, און קום דאָך״.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איר האָט דאָ די גאַנצע וועלט. דעם ווינטער, דעם רעגן, די בלומען, די טורטל־טויב, דעם פייגנבוים מיט זיינע יונגע פייגן, די ווײַנשטאָקן מיט פריצייטיקע ווײַנטרויבן. און צום סוף פונם זאַץ קומט — די געליבטע, די „שיינע פריינדין״.

דאָס קאַפּיטל ג. דערציילט וועגן שולמיתס חלום. זי איז געלעגן אויפן בעט — אין דער אָריענטאַליש־פּאַרפיומירטער נאַכט, וואָס איז פייכט פון ראָסע (טוי) און איז פול מיט ליכט פון דער לבנה. די נאַאיווע פּאַסטושקע, אַן אומרואיקע, לויפט אַרויס אין די גאַסן, אין אָפענעם געמאַרק. זי זוכט דעם, וועמען איר נשמה האָט ליב. זיכער, די וועכטער פרעגט זי: „האָט איר געזען דעם, וועמען מיין נשמה האָט ליב?״. די וועכטער דאַרפן ניט וויסן זיין נאָמען. איר האַרץ איז פול מיט אים. פאַרוואָס זאָלן זיי אים ניט קענען? איר נשמה ליבט דאָך אים — וויסן זיי עס ניט? ווען זי געפינט אים ענדלעך — כאַפּט זי אים אָן און לאָזט אים ניט מער אַוועק. ניין. זי שפּילט זיך ניט אין באַהעלטעניש. זי כאַפּט אים ווייל זי האָט אים ליב. זי פלירטעוועט איצט ניט. זי שפּילט ניט קיין ראָמאַנען מיטן קעניגלעכן געליבטן.

אין דער קאַמער וואו איר מוטער האָט מיט איר געטראָגן — דעם טייערסטן פּלאַץ — אַ מין בודואַר — דאָרטן אַהין פירט זי אים, די גוטע, די מיט ליבע־באַטרונקענע שולמית.

די דאָזיקע סצענע איז אַזוי זעלטן־שיין אין איר נאַאיוויטעט און אין איר אויסגעשפּראָכנקייט. זי גילט פאַר אַלע פאַרליבטע. אַזוי טרויערן אַלע ליבע־שיכורע. די אויפריכטיקייט רירט ביז טרערן. עס איז ווי אַ ליבע־ליד — געשריבן אין מאָרגנרויט פון היינטיקן טאָג, ווען די זון איז אויפגעגאַנגען און האָט באַלויכטן דאָס פּאַפּיר און דעם טינט פונם מאָדערנעם דיכטער.

איצט קוקט זיך צו צו די מעטאַפאָרן. דאָס בוך איז פול מיט מעטאַפאָרן. איך ווייס ניט פון קיין שום אַנדער ווערק וואָס זאָל האָבן אַזוי פיל מעטאַפאָרן — פּראָפּאָרציאָנעל צו זיין גאַנצן טעקסט. די מעטאַפאָרן, די פאַרגלייכונגען זיינען שוין היפּש פאַרפלאָנטערט. היינריך היינע, וואָס האָט ליב געהאַט דעם תנ״ך, האָט אָפּגעלאַכט פון די מעטאַפאָרן פון שיר השירים. פונדעסטוועגן האָבן זיי טויזנט חנען, זיי זיינען פול מיט דער צויבערהאַפט־זיסער נאַאיוויטעט פון שיר השירים.

אין אָנהויב פון קאַפּיטל ד׳ לאָזט דער פאַרפאַסער רעדן דעם קעניג וועגן זיין דאַרפישער געליבטע. קיין שום אויטאָר האָט שענער, פּאָע־טישער און איידעלער ניט באַזונגען זיין געליבטע. די מעטאַפאָרן זיי־נען פּראַכטפול:

„דיינע אויגן זיינען טויבן הינטער זיין שלייער;
דיינע האָר זיינען ווי אַ הערט פון ציגן,
וואָס לאָזן זיך אַראָפּ פון באַרג גלעד.
דיינע ציין זיינען ווי אַ הערט פון ערשט־געשוירענע,
וואָס זיינען אַראָפּגעקומען פון דעם וואַש־טייך,

וואָס זיי אַלע האָבן צווילינגען,
און קיין פאַרוואָרפענער איז ניטאָ צווישן זיי
ווי אַ רויטער פאָדים זיינען דיינע ליפּן,
און דיין מויל איז ליבלעך;
ווי אַ צעשפּאָלטענער מילגרוים איז דיין שלייף
הינטער דיין שלייער.
ווי דער טורעם פון דוד איז דיין האַלז,
געבויט מיט טעראַסן;
טויזנט שילדן הענגען אויף אים,
אַלע פּאַנצערס פון די העלדן.
דיינע צוויי בריסט זיינען ווי צוויי יונגע הירשן,
צווילינגען פון אַ גאַזעל,
וואָס פּיטערן זיך צווישן די ליליעס.״

היינריך היינע האָט זיך נאַטירלעך געוויצלט וועגן שולמיתס האַלז, וואָס איז אַזוי ווי דודס טורעם, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן צום וואָפנהויז, פאַר די פאַנצערס, שילדן, און שווערדן פון די שטאַרקע מענער. דאָס ווייבלעך־אידעלע, דינע, סענסיטיווע און צאַרטע האָט דער פאַרפאַסער צעשטערט דורך אַריינברענגען דעם מענלעכן עלע־מענט פון קריג און וואָפן. אָבער דאָס ווערט אָפּט געטאָן אין די אָריענ־טאַלישע ליבע־לידער.

די וויטערדיקע מעטאַפאָרן — פון זעלבן קאַפּיטל ד׳ — באַ־וויזן אויף נאָך אַ וויכטיקן עלעמענט אין דער אַלוועלטלעכער ליבע־ליריק. אויף דער ראָלע פונם חוש הריח אין — ליבע. דער חוש הריח איז שטאַרק אַנטוויקלט ביי חיות. ביי מענטשן איז ער געווען זייער שטאַרק — אָבער ער איז ווי איגנאָרירט געוואָרן אין דער ליטעראַ־טור. ערשט די פראַנצויזיש־דעקאַדענטישע ליטעראַטור, און איר מייס־טער שאַרל באָדלער, האָט געבראַכט צום אויסדרוק אין זיינע שטאַרקע לידער דעם חוש הריח. ביי באָדלערן איז עס וואָך ביז צום עקסטרעם. טאָלסטאָי, אין זיינע לעבנס־געטרייע, גרויס־רעאַליסטישע ראָמאַנען, דערמאָנט פילע מאָל די ראָלע פון דעם דאָזיקן חוש. אין אידיש האָט אין דער אידעלער ליריק אַריינגעבראַכט די סענסיטיוויטעט פאַר פּאַרפיומען, בלומען, דאָס פּרויענלייב — דער פיינער ליריקער זישא לאַנדוי. אָבער „שיר השירים״ — טויזנטער יאָרן פריער — גיט די זיס־סטע דיכטונג וועגן דעם:

„דיינע צווייגן זיינען אַ גאָרטן מילגרוימען,
מיט קעסטלעכע פּירות,
ציפּערבלומען מיט נאַרדן;
נאַרד און זאַפרען, געווירץ־שטעקעלעך און צימערינג,
מיט אַלערליי ווייראַך־בוימער;
מירע און אַלאָיען,
מיט אַלערליי טייערסטע בשמים.
אַ קוואַל פון גערטנער,
אַ ברונעם פון לעבעדיק וואַסער,
און שטראָמען פון לבנה.״

— — — — — — — — — — — — — —

ווי עכט און ווי זאַפטיק און ווי גליִענדיק און אידל דאָס איז גע־שילדערט. באַרירנדיק דעם עסענץ פון ליבע — בלייבט עס דערהויבן

און סובליים, געבנדיק דעם טאָן פון דער פיינסטער ליריק. אָט־דאָס איז די שיינקייט פון דעם נאַאיוון און העכסט־ראַפינירטן שיר השירים.

אין קאַפיטל ו׳ האָבן מיר ווידער אַ קראַנץ פון אידעלע פאַר־גלייכונגען: —

„ווער איז די, וואָס קוקט אַראָפּ ווי דער מאָרגנשטערן?
שיין ווי די לבנה,
לויטער ווי די זון,
שרעקלעך ווי באַוואָפנטע?"

— — — — — — — — — — — — —

דאָס זעלבע קומט פאָר אין קאַפיטל ז׳ וואו דער מאַן, קעניג שלמה, ווערט געשילדערט העכסט־קינסטלעריש; ווי מענלעך און פּלאַסטיש איז דער שילדערונג פונם מאַן.

„דיין קאָפּ אויף דיר איז ווי דער כרמל,
און די האָר פון דיין קאָפּ ווי פּורפּור;
אַ מלך געבונדן אין לאָקן."

— — — — — — — — — — — — —

דאַן גייט דער אויטאָר איבער צו דער שילדערונג פון דער דאַ־מע — און עס איז ווידער די פיינסטע דיכטונג, ניט איבערגעשטיגן אין געפיל און קראַפט פון אויסדרוק, אין אמת און אין עכטקייט פון די ווערטער — דורך קיין שום דיכטער. ניט דורך די בינענזינגער, טרו־באַדורן און מאָדערנע ליבע־פּאָעטן. אָט ווי זי ווערט געשילדערט:

„די וואונדן פון דיינע לענדן זיינען ווי רינגען,
דאָס ווערק פון די הענט פון אַ קינסטלער.
דיין נאַפּל איז אַ קיילעכדיקער בעקן,
וואו ס׳פעלט ניט קיין געמישטער געטראַנק;
דיין בויך איז אַ הויפן ווייץ,
אַרומגערינגלט מיט ליליעס.
דיינע צוויי בריסט זיינען ווי צוויי יונגע הירשן
צווילינגען פון אַ גאַזעל.
דיין האַלז איז ווי אַ טורעם פון העלפאַנטביין;
דיינע אויגן — טייכן אין חשון,
ביי דעם טויער פון בית־רבים;
דיין נאָז איז ווי דער טורעם פון לבנון,
וואָס קוקט קעגן דמשק.
ווי שיין דו ביסט און ווי זיס דו ביסט,
דו געליבטע פון פאַרגעניגנס!
דאָס איז דיין וואוקס — געגליכן צו אַ טייטלבוים,
און דיינע בריסט — צו הענגלעך וויינטרויבן."

— — — — — — — — — — — — —

די ראָלע פון צירונג און סעקס — קומט שוין צום אויסדרוק אין אָט דעם ביבלישן ווערק; דו האָסט מיר דאָס האַרץ גענומען מיט איינעם פון דיינע אויגן, מיט אַ קייט פון דיין האַלז. צירונג און וויין; בשמים און בלומען־ריחות — דאָס גייט דורך דער גאַנצער פּאָעמע. מען זעט ווי שטאַרק עס איז געווען אַנטוויקלט דער זין פאַר שמוק, פאַר דעקאָ־אַציע, פאַר קליידער און ביזשוטעריע — אַ זאַך, וואָס איז געבליבן אומפאַרמינערט ביז אויף אונזערע טעג און ווערט איצט אַלץ מער ראַפינירטער, אַלץ לעבנסנויטווענדיקער. „זיין קאָפּ איז אַזוי ווי

דאָס פײַנסטע גאָלד״. איך צווייפל צי אַן אַמעריקאַנער מיידל וועט מאַכן אַזאַ פאַרגלײַך. ווייל די פּרימיטיווע שולמית האָט מער סענס פאַר קונסט, פאַר שמוק, ווי אַ מיידל פאַר אונזער צייט. קונסט צו יענער צייט איז נאָך לעבן. דאָס לעבן זעלבסט, איז ניט אָפּגעטיילט פון די טעגלעכע באַדערפעניש. איז נאָך אָרגאַניש פאַרבונדן מיטן לעבן. איז נאָך ניט דערגאַנגען צו דעם דעקאַדענס פון ווערן אַ צוועק פאַר זיך. אַ וועלט פאַר זיך. אָט ווי דער קינסטלער שילדערט דעם קעניג־העלד — אים זעענדיק מיט די אויגן פון אַ סקולפּטאָר:

„זיינע קינבאַקן זיינען ווי אַ בייט בשמים,
טערעמער פון געווירצן;
זיינע ליפּן זיינען ליליעס,
זיי טריפן פליסיקע — מירע.
זיינע הענט זיינען וואַלדן פון גאָלד,
געפּאַסט אין תרשיש;
זיין לייב איז געטאַקטער עלפאַנט־ביין,
באַדעקט מיט סאַפּירן.
זיינע שענקלען זיינען זיילן פון מאַרמאָר,
באַפעסטיקט אויף געשטעלן פון גינגאָלד;
זיין אויסזען איז ווי דער לבנון,
אויסדערוויילט ווי די צעדערן.
זיין גומען איז זיסקייטן;
און ער אינגאַנצן — גלוסטיקייטן.
דאָס איז מיין געליבטער, און דאָס איז מיין פריינט,
טעכטער פון ירושלים.״

— — — — — — — — — — — — —

אין קאַפּיטל ז׳ זאָגט דער דיכטער:

„די רונדן פון דיינע לענדן זיינען ווי רינגען —
דאָס ווערק פון די הענט פון אַ קינסטלער.״

די אַרבעט פון די הענט פון אַ קינסטלער זיינען אַלזאָ באַקאַנט און נאָענט צו די העלדן פון שיר השירים. ניט נאָר צום קעניג שלמה, לעבנדיק אין אַ מיראַקולערן פּאַלאַץ — נאָר צו שולמית, וואָס האָט געלעבט אין אַ בליענדיקן סאַד, איינגעהילט אין זון, צווישן רייפע מילגרוימען און פליסנדיקן ווייַן פון פלאַצנדיקע פּרוכטן.

אין דער פּאָעמע ווערט געבראַכט צום אויסדרוק די קראַפט פון ליבע אין אַזעלכע שטאַרקע ווערטער, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען די וועלט־ליטעראַטור און וועלן זיין ניי, מאָדערן און אַקטועל ביזן לעצטן טאָג פון דער ליבע. אין קאַפּיטל ח׳ שילדערט דער פּאָעט אַזוי רירנד שולמיתעס ליבע:

„איך בין אויפגעשטאַנען צו עפענען מיין געליבטן;
און מיינע הענט האָבן געטריפט מירע,
און מיינע פינגער — פליסיקע מירע
אויף די הענטלעך פון דעם ריגל.״

— — — — — — — — — — — — —

ווי הערלעך איז אָט די שטעלע. „איך בין קראַנק פון ליבע״ — זאָגט זי. קראַנק פון ליבע — עס איז דאָס טיפסטע און דאָס אויסשעפּנדיקסטע וואָס מען קען זאָגן וועגן ליבע:

„וואָרן שטאַרק ווי דער טויט איז ליבע,

גרויזאַם ווי דער גרוב איז קנאה;
אירע פונקען זיינען פונקען פון פייער,
אַ פלאַם פון גאָט.״

וועלכער פּאָעט האָט געקענט זאָגן עפּעס באַדייטנדיקער ווי דאָס וואָס עס איז דאָ געזאָגט געוואָרן? „איך בין אַ מויער און מיינע בריסט זיינען ווי טערעמער״. ווי געוואַלטיק דאָס איז! וויפל ליידנשאַפט ליגט דאָ. „וואַסערן אַ סך קענען ניט אויסלעשן די ליבע און טייכן וועלן זי ניט פאַרפלייצן.״

קאָלאָסאַלע פּראָזע, וואָס נאָר אין דער אורפרישקייט פון תנ״ך קענען זיי אויפלייכטן ווי פלאַמען. ליבע איז שטאַרק ווי דער טויט — און די שרעקלעכקייט פון אייפערזוכט — איר האָט דאָ די הויפּט־קנופּ פון דער געוואַלטיקער ליבעס־דראַמע פון אַלע צייטן.

און אַפילו דער ציניזם פון די זייטיקע, פון די שטענדיקע פּלוידער־ווייבער, איז דאָ פאַראַן. אין קאַפּיטל ה׳ זאָגט דער פּאָעט:

„וואָס איז דיין געליבטער מער
פון אַן אַנדער געליבטן,
דו שענסטע צווישן פרויען?
וואָס איז דיין געליבטער מער פון אַן אַנדער געליבטן,
וואָס דו האָסט אונז אַזוי באַשוואוירן?״

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דער אייביקער ציניזם פון די יעניקע וואָס זאָגן: אַ מאַן איז אַ מאַן — אָדער אַלע פרויען זיינען גלייך...

אין די מערסטע ראָמאַנען ווערט געשילדערט די ליבע צווישן אַ קעניג און אַ פּראָסטע מיידל. עס איז די אייביקע אָפּערע. די אייביקע דראַמע. דער קעניג וואָס האָט מאַכט און גלאַנץ. און דאָס מיידל וואָס האָט — שיינקייט. דער קעניג פאַרליבט זיך אינם אָרעמען מיידל און — מאַכט זי פאַר די קעניגין פון לאַנד.

אָבער שולמית קערט זיך אום צו די פעטע וויינגערטנער פון אירע ברידער, וועלכע שלאָגן איר פאָר זיין פאַרליבט אינם קעניג... מיר קענען זיך פאָרשטעלן, אַז שולמית ווערט שפּעטער „פּראַקטיש״ און פראַזאַאיש און זי פאַרליבט זיך אין אַ געוויינלעכן פּאַסטוך, פון אירס גלייכן... זי פאַרשווינדט — ווען זייער ראָלע, זייער שיינקייט, זייער ליבע — פאַרשווינדט... ווי עס פאַרשווינדן די העלדן פון אַלע ראָמאַנען.. פון אַלע ליבעס־לידער... פון אַלע דראַמען...

עס איז געווען שפּעט ביינאַכט ווען איך האָב געענדיקט לייענען די פערזן פונם וואונדערלעכן ווערק שיר השירים. גרויסע שטערן האָבן געלויכטן אין הימל — אַלט און ווייז, ווי די געזיכטער פון די גרייז־גרויע חכמים... און מאַנכע פון די שטערן האָבן געלאָזן טרערן אין זייערע טיפע, שיינע אויגן... איך בין געווען מיד. בין איינגעשלאָפן. און געזען אין חלום דעם טיפן סאָד, דעם סאָד פון היימישן פוילן, און דאָרטן, שפּאַצירן אַרום קעניג שלמה און שולמית... און די זון בינדט זיי אין שטראַלנדע קייטן און אַלע מילגרוים־שטענגלעך בויגן זיך נידעריק צו זיי אַרונטער און אַלע בלומען שטרעקן זיך אויס הויך צו זייערע קעפּ — און דאַן לעשט זיך אַלץ אויס... אימיץ פאַרמאַכט אַ גאָלדן ספר און שליסט עס צו מיט אַ גאָלדענעם שלאָס...

די ציטאַטן פון שיר השירים זײַנען געמאַכט געוואָרן פון נפתלי גראָס׳ גלענצנדע איבערזעצונג פון „פינף מגילות“, (אַרויסגעגעבן פון אַ קאָמיטעט פון שרייבער און קולטור־טוער, ניו־יאָרק, 1936). שיר השירים, אין נפתלי גראָס׳ס איבערזעצונג — וואָס זאָג איך „איבער־זעצונג“ — אין זײַן אידעלער, זאַפטיקער, פאָלקסטימלעכער און פּאָעטישער איבערדיכטונג — איז זיס און באַלזאַמיק און האָט אַלע עלעמענטן פונם העברעאישן טעקסט. פון קינדהייט אָן האָט דער פּאָעט אין זיך אײַנגעזאַפּט די זיסע און צויבערהאַפטע שײַנקייטן פון שיר השירים, ווי פון די אַנדערע מאָנומענטאַלע ווערק פון דער אומשטערב־לעכער תנ״ך־זאַמלונג — און האָט די איבערדיכטונג געמאַכט פאַר זײַן לעבנסווערק.

# דער נאַקטורנישער שריפטשטעלער

(כאַראַקטעריסטיק פון מ. י. חאַימאָוויטש)

די מוזע פון מ. י. חאַימאָוויטש האָט געמוזט מיט א סך יאָרן צוריק האָבן געלעבט אין די אָריענטאַלישע לענדער. אויב מיר זאָלן גלויבן אין אינקאַרנאַציע, איז זי געווען אין אינדיע, אין בענגאַליען, פּערסיע און עגיפּטן; איז אויך געווען אין פּאריז, און פון זינד און זון, פון עלטער און אומעט איז איר הויט געל געוואָרן, ווי אַן אַלטע סטאַטוע אין ערגעץ א טונקעלן מוזעאום, איז פּאַרגעלבט געוואָרן ווי זי וואָלט זיין אָנגעטאָן אין א דינעם שטאָף פון רויטע, הארבסטיגע לבנה־בלעטער.

:: : ::

און אזוי זינגט זי אריין דעם מידן מ. י. חאַימאָוויטש אירע אַלטע לידער פון מאָרגנלאַנד, דעם אומעט פון פּוילקייט; זי רוימט אים איין סודות פון פּאריז, דעקלאַמירט פאַר אים אַלט־פראַנצויזישע באַלאַדן און ראָמאַנסן..

א טרויעריגע מוזע, אזא! איר איז שרעקלאַך אומעטיג און זי קושט אריין איר געל־גאָלדענעם אומעט אינם זשאַווערדיגן האַרץ פון דעם אידישן פּראָזע־מייסטער.

היינט אינדערפרי האָב איך שפּאַצירט אין דער מעקסיקאַנישער געגנט; דער הימל איז געווען זייער נידעריג צו דער ערד־פלאַך, געשוואָלן מיט בלייערנע, מידע, גלייכגילטיגע וואָלקנס. ס'איז נישט געווען צו זען קיין שפּאַרונע אינם אַלטן הימל, וואָס זאָל שיינען מיט דער אַלט־נייער זון; איך האָב געטראַכט אז אָט אזא טאָג קומט נאָענט צו דער שטימונג פון דעם עסייאיסט און דערציילער מ. י. חאַימאָוויטש. ס'הויערט אין אים דאָס שווערע, אומבאַשטימטע, קאַלטע און גרויע; ס'איז אים שרעקלאַך קאַלט אין אָט דער גרויעסטער פון די וועלטן. ס'איז אים שרעקלאַך קאַלט, ווייל ערגעץ, אין דער גרויער פאַרגאַנגענהייט, האָט ער געמוזט זיין זייער נאָענט צו דער רויטער זון. דאַן איז ער געפאַלן אין אָט דער נאָרדישער קעלט. ווי איקארוס, איז ער געווען צו נאָענט צו דער זון — און עס איז אים קאַלט אין די בלייערנע כוואַליעס פונם אָקעאַן...

:: : ::

גאָרנישט קען דערפרייען מ. י. חאַימאָוויטשן, ווייל ער איז געוואַלטיג קלוג און, במילא, איראָניש. וואָלטער און היינע זיינען געווען זייער קלוג — און דערפאַר טירויעריג און איראָניש. אזוי אויך סערוואַנטעס, דיקענס און שלום־עליכם. (זיי זיינען שרעקלאַך

סענסיטיוו און דעליקאט — און ס'איז זיי גאַנץ אומעטיג). מ. י.
חאימאָוויטש קאָן בלויז שמייכלען טרויעריג. ער איז פון נאַטור
פּעסימיסט, הגם ער קאָן אויך אָפּשפּאָטן עלעגאַנט פונם פּעסימיזם.
דער מאַן וואָס איז קלוג, איז שרעקלאַך אומבאהאָלפן — און דאָך
קאָן ער אָפּלאַכן פון אַלץ, אפילו פון העלדן. די ראָלע פון מ. י.
חאימאָוויטשן אין דער אידישער ליטעראַטור איז אין א געווייסן זין
דאָס אָפּלאַכן פון העלדן, אפילו היסטאָרישע, פּעסט־אָנגענומענע, אויף
הויכע פּעדעסטאַלן אוועקגעשטעלטע. ער האָט זייער שאַרפע נעגל,
און טוט ער נאָר א קראַץ מיט אָט די קופּערנע נעגל, פאַלט אוועק
די ערשטע גאָלדענע שיכט פון פאַרב און ליאַק, און דאָס פאַלשע, די
אימיטאַציע, ווייזט זיך קלאָר ארויס. ס'פּאָדערט זיך א סך אינטע־
לעקט און קלוגשאַפט צו קענען דערטאַפּן דאָס פאַלשע און פּוסטע
אין דעם היסטאָריש־פּאַמפּעזן און באָמבאַסטישן. די מענטשלאַכע
עובדה איז אויסצוקנעטן העלדן פון ליים, דאַן גיבן זיי די קינסטלער
פאָרם, זשעסט, גראַנדיעזע פּאָזע, פאַרריסנקייט און העראָאישער האַל־
טונג. מען פאַרדרייט זייערע אויגן צום קאָסמאָס און — ער איז
קאַנאָניזירט פאַר אַלע קומענדיגע דורות.

לאָמיר גלייך אויפן שטעל אויסבעסערן עטלאַכע פעלערן: מ. י.
חאימאָוויטש איז נאָר פאַראינטערעסירט אינם אָריענט בלויז אַלס
דעקאָראַציע ס'איז מער א קאַרניוואַל־דעקאָראַציע, ווי א קינסטלערי־
שע; ער פאַרוואַנדלט אָבער דאָס קאַרנאַוואַליש־וואולגאַרע אין קינסט־
לעריש־עסטעטישן: ער האָט אויך פון דעם אָריענטאַלער — דאָס
מעדיטאַטיווע־פּעסימיסטישע; דאָס אומעטיג־פלעגמאַטישע. חאי־
מאָוויטש איז ווי א שפּיגל. ער שפּיגלט אָפּ דאָס ספּעקטאַקל פון
דעם לעבן, ווי ברונגל שפּיגלט אָפּ אין זיינע מאַלערייען דאָס פאָלקס־
טימלאַך־קאַרנאַוואַלישע.

וואָס שייך דעם גרויען פרימאָרגן — באַזיצט חאימאָוויטש ניט
אליין דעם גרונט־טאָן פון זיין פּערמאַנענטער שטימונג; — גרויקייט,
נאָר אויך קאָלירן. נישט „אויך" קאָלירן — נאָר מ. י. חאימאָוויטש
איז טאַקע דער גרעסטער אידישער מאַלער אין פּראָזע.

פון זיין פּראָזע־מאַלעריי ווערט מען פאַר'כישופ'ט און פאַרשפּו־
נען אין א נעץ פון אומעטיגע מוראַזשן! ער איז געלאַסן און רייך.
ער איז נישט קיין עקספּרעסיאָניסט — נאָר אַן אימפּרעסיאָניסט. ער
האָט צייט. ער מאָלט דאָס איינדרוקספולע פון א פּייזאַזש, פון א ניו־
יאָרקער גאַסן־לאַנדשאַפט. אַזוי מאָלן אין שטילע, ווייכע און סובּ־
טילע קאָלירן, מאָלט קיינער נישט! איר זוכט נישט דעם אינהאַלט
אין זיינס א דערציילונג. דער אינהאַלט איז די פאָרם, די אימפּרעסיע,
די מוזיק פון קאָלירן אין שטילע גאַמען. לייענט זיינס א בלעטל
פּראָזע פון „מיט צייט און זון" — און, איר מוזט'ס לייענען, ווייל
זעלטן־עמעץ קען אַזוי שיין מאָלן אין ווערטער אַן אורבאַניסטישע
לאַנדשאַפט. די מאַלעריי פון א ניו־יאָרקער פאַרנאַכט איבער דער
בוועריי איז אַזוי קלאָר: — זאַך נאָך זאַך געשלידערט, מיט מעטאַ־
ליש־שאַרפער פּלאַסטיק. ממש מאַלעריי און סקולפּטור פאַראייניגן
זיך ביי חאימאָוויטשן אין טיפער, קלאָרער, שטראַלנדיגער וויזיע.
וואָסאַראַ פיינקייט פון פּלאַן! ווי איר קענט אַלץ זען באַזונדער! ווי
דאָס גאַנצע גיסט זיך אין אייער געמיט צוזאַמען אין איין האַרמאָניש־

גאנצן און שטימונגספולן.

די טונקעלע שטימונג פון געאיידלטער, פיינער, געליטערטער מעלאנכאָליע דרינגט אריין אין אייך ווי א נארקאָז, וואָס איז אין אָנהויב מילד און ווארעם, אָבער אָט צעגיסט עס זיך אין אלע אָדערן מיט א שארפן אראָמאט און אבסינטישער ווירקונג...

מ. י. חאימאָוויטש האָט א דערציילונג „ביום ההוא" — דאָב איך זי צווישן מיינע אייגענע זאכן באהאלטן. איך האָב זי עטלאכע מאָל געלייענט. עס איז א שטיק פּראָזע וועגן איינעם א מאן ישוע, יוסף דעם סטאָלערס זון פון נצרת — קעניג פון די אידן, וואָס איז געקרייציגט געוואָרן אין א נאָכמיטאָג מיט נאָך צוויי רויבער אין ירושלים... די גאנצע זאך דערמאָנט אין אנאטאָל פראנס'ס א דער־ציילונג אויף אן ענלאכער טעמע „דער פּראָקוראטאָר פון יהודה".

דאָס העראָאיש־גראנדיעזע ווערט פשוט צוריקגעפירט צו דער פארגאנגענער צייט, ווען עס איז געשען: הויך און שטיל, אידיליש און פשוט שילדערט חאימאָוויטש די עוואנגעליש־בארימטע סינענע: ווי קריסטוס ווערט געקרייציגט און ווי שמעון איש קוריני ווערט צופעליג געצוואונגען צו טראָגן דעם קרייץ. דאָס גאנצע ווערט כמעט א שטיק כראָניק. דאָס באַמבאַסטישע פאלט אָפּ. די טראַגע־דיע ווערט א קליינער עפּיזאָד אין א וואָכעדיגן טאָג. דאָס איז די קונסט פון מ. י. חאימאָוויטש:

ער פארוואנדלט דאָס גראנדיעזע אינם געוויינלאכן.

אָבער — וואָסאָרא אומעט ס'הויערט איבער אָט דער דערציי־לונג. וואָסאָרא נאַקטורן מוזיק! ווי טיף מען ווערט איינגעהילט אין טרויער. אמת, דאָס רעליגיעז־געוואלטיגע פארשווינדט, אָבער דאָס גרויס־מענטשלאכע בלייבט. איר ווערט אָנגעפילט מיטן אומעט פון טראגעדיע. איר פילט אז אָט דאָס גאנצע, געוואלטיגע, בלוטיגע, שוידערלאכע, די אלע אינקוויזיציעס, מיטלאלטערס, מל־חמות און רדיפות, וואָס דאָס קריסטנטום האָט מיט זיך געבראכט, איז עפּעס א רעזולטאט פון א פאטאלן טעות...

אפילו אין די באליבטע קלאסיקער פון זיין יוגנט איז חאימאָ־וויטש אנטוישט. אָט נעמט ער ווידער לייענען ווילליע דע ליל אדאַן, דאָסטאָיעווסקין — און ווידער פאלן אָפּ די לאָרבערקרענץ פון די וואָס האָבן דעם יונגן לעזער אמאָל באגייסטערט, און ווען די וועלט־מייסטערס פארלירן זייער רייץ פאר אים, ווי קען חאימאָוויטש ליבן די אידישע ליטעראטור, די אידישע קולטור?

ער איז אפילו נישט איבעראשט פון די גרויל־טאָטן פון אונזער צייט. אים איז באקאנט שוין לאנג דאָס פינסטערע אינם מין מענטש. קיין זאך קאָן אים ניט איבעראשן.

מ. י. חאימאָוויטש — צו רעזומירן מיין כאראקטעריסטיק — איז א מין גרויער סקעפּטיקער, וואָס ליבט דאָס עקסטרעם־שיינע, ווי א גוטער, אלטער אלקאָהאָליקער, וואָס ליבט דעם שטאַרקסטן גע־טראנק. אנדערש וועט זיין האלז נישט בראנדיג גערייצט.

א סקעפּטיקער, א ראָמאנטיקער, אן איראָניקער און עלעגאנטער גייסט, פראנצויזיש־מאנירלאך, מיטן בעסטן געשמאק פארן שיינעם.

א מאן וואָס שרייבט אליין מיט אזוי פיל אָפּגעהיטקייט און סטיל, א קינסטלער וואָס שניצט אויס אזוי געלונגען זיין קלענסטן פעליעטאָן אפילו — אזא קאָן נישט זיין לייכט באפרידיגט פון אונ־

זער אידישער קולטור. דערצו געהערט מ. י. חאימאָוויטש נישט צו די גייסטיג־רוחניות'דיגע, רעליגיעז־ספּירוטואַליסטישע קרעכצער און איוב־קלאָגער. חאימאָוויטש איז דורך און דורך א פּאַגאַניסטישער גייסט. מיט א רייכער קולטור, מיט אריסטאָקראַטיש־אינדיווידואַ־ליסטישער איבערגעזעטיגטקייט. דאָס משיחיסטיש־אויסלייזעריש, די מאָטיוון וואָס האָבן אין דער אידישער ליטעראַטור לעצטנס פאַר־נומען אזא גרויסן אָרט — זיינען אים פרעמד און אפילו פאַרהאַסט. חאימאָוויטש ליבט דעם בלענדן פון דער האַרמאָנישער פאָרם. ווידער־אמאָל: די אָריענטאַלישע מעלאַנכאָליע, דאָס שווייגזאַמע בליקן צו די קאַלטע שטערן, דאָס פּאַסיוו־מעדיטאַטיווע — זיינען די עלעמענטן פון זיין וועזן. ער האָט ליב דאָס קינסטלעריש־פּיקטורעסקע, דאָס שאַרמאַנט־פראַנצויזישע, און זיין גאַנץ אָרט שרייבן, זיין סטיל, איז א מין לאַטיינישער.

דאָס זיינען מיינע אימפּרעסיעס איבער מ. י. חאימאָוויטש.

חאימאָוויטש וועט לעזן די ציילן און איראָניש שמייכלען. ער וועט טראַכטן: וואָס וויל ער? וויל ער צולייגן א ציגל צו מיין אומ־שטערבלאַכקייט?

מ. י. חאימאָוויטש שמייכלט איבער אומשטערבלאַכקייט. ער דערמאָנט עס אָפּט מיט טיפער איראָניע און טיפער מעלאַנכאָליע, פאַראַטנדיג שטענדיג אן איינגעהאַלטענעם, דאָך בולט'ן פאַרדרוס. דאָס איז דער פאַרדרוס פון דעם אריסטאָקראַט וואָס זעט ווי עס רעש'ט און עס טומלט זיך, ווי די קליינע פּליוסקען און ראַיען זיך... דער בייראָניסטיש־איראָנישער מ. י. חאימאָוויטש שמייכלט... ער קוקט צום בלויען קאָסמאָס אין גרויסער רו און ווייסט אז נישט איינ־צעלנע שרייבער — נאָר גאַנצע קולטורן מוזן שטאַרבן, ווייל אלץ ווערט אויפגעלייזט אין אוניווערז, בפרט אן אומפּאָפּולערער אידי־שער שיינשרייבער.

מ. י. חאימאָוויטש ווייסט דעם גרויסן סוד פון אוניווערסאַלן טויט. דעריבער קוקט ער צו דער לבנה פון מעש און באַטראַכט רו־איג, ווי בייראָנס א העלד, די טונקעלע וואָלקנס, וועלכע ציען פאַרביי דער לבנה, ציען און פאַרציען זיך ערגעץ אין דער אומענדלאַכקייט אריין.

די וואָס ווייסן און קוקן אריין אין דער אייביגקייט — קענען נאָר טרויעריג שמייכלען... דעריבער איז איראָניע און מעלאַנכאָליע די נשמה פון מ. י. חאימאָוויטשעס שאַפן. א נאָענט אָפּ'חוזק'ן און ווידער אריינגעבליקט אין דער אייביגקייט...

# דערינערונג

(דערציילונג)

עס איז געווען זונטיק נאָכמיטאָג, ווען איך האָב דערוואַרט מיינס אַן אַלטן פריינט, מיט וועלכן איך בין צוזאַמען געווען אין סאַנאַטאָריום. דער נאָכמיטאָג איז געווען אַ ווינטערדיקער און ד׳י צאַפּנס פון די דעכער־ראַנדן, וועלכע די בייטאָגיקע זון האָט געזויגן און געלעקט, האָבן איצט זיך געשטאַרקט. דאָס אייז האָט פאַרלוירן זיין בלאַסע דורכזיכטיקייט. האָט זיך גענומען שטאַרקן און פאַרוואַנדלען אין אַ מין צינענעם מעטאַל. די זון איז אַ רויטע געזונקען איבערן געלן, אָרימען טייך, באַלייכטנדיק די אַלטע, צעפוילטע שיפן, וועלכע זענען געשטאַנען ביים מידן ברעג און געחלומט ווייטע, פאַנטאַסטישע רייזעס אין סינגאַפּור, האָנקאָנג, באָמ־ביי און — איך האָב אַרויסגעקוקט דורך דעם פענצטער, ווען שויבן האָבן זיך פאַנטאַסטיש צעלויכטן, ווי ווערנדיק באַהויכט מיט די דינע פאַרבן פון אַן אַגאַניעדיקן רעגנבויגן...

אַ דינער קלאַפּ אין טיר און — מיין פריינט דערשיינט. אַ, מיר האָבן זיך האַרציק באַגעגנט אויפסניי, הגם מיר האָבן זיך פונקט אַזוי שוין געפרייט אין דער סאָבוויי, ווען איך האָב אים פלוצלונג דערזען זיצן אין אַ ווינקל. איך בעט אים אַריין אין שטוב און שוין זיצט ער אין דער ברייטער שטול, אויף וועמענס פלייצע עס הענגט שטענדיק אַ קליינער טע־פּיך, וואָס שטעלט פאָר אַן אָריענטאַלישע סצענע, ווי אַ מאַן אַ חשובער

און אַ שלאַנקער זיצט אויף אַ פלעגמאַטישן דראָמאַדער, ער האַלט אין האַנט אַ פּיקע. די פּרויען אַרום אים — וויינען און ווישן זיך די אויגן, אַ דינער אויף אַ קעמל רייט נאָך דעם מייסטער. אויף אַ דריטן קעמל פירט מען אַ פּאַק מיט זאַכן. ביים שוועל פון הויז זיצט אַ בלינדער אַלטער און שפּילט זיין געזעגענונגס־ליד אויף אַ קליינער גאָלד־האַרף. די פּאַל־מען וויגן זיך אומעטיק אין ווינט. די בערגלעך ווייט גאָלדיקן אין זונען־ליכט, וואָס פאַרלאָזט די ערד. אויפן ווייטן האָריזאָנט הענגען דינע, טרוימענדיקע וואָלקנס, ווי פייגל פון אומבאַקאַנטער פאָרם... דאָס גאַנצע בילד האָט די כאַראַקטעריסטישע מעלאַנכאָליע פונם אָריענט... דאָס אונ־טערוואָרפן זיך הכנעהדיק צום אַלמעכטיקן גורל...

— ווייסט איר, — זאָג איך צו מיין פריינט, וואָס ז׳צט טרויעריק און זיין געזיכט איז בלייך, — טיילמאָל, אין אַט אַזעלכע טעג ווי היינט, בענק איך נאָכן סאַנאַטאָריום. איך וואָלט געגעבן וויפל צו קאָנען איצט דורכגיין די בילדינגס ווו די קראַנקע ליגן, אַריינגיין צו זיי אין די צי־מערן, זיצן שטיל נעבן זייערע בעטן, זען ווי די לבנה רינט אַריין אין צימער און דאָס גאָלד לעשט זיך אויף די ווייסע בעטן. עס איז גוט אַזוי, די טרויעריקע אַטמאָספער איז אָפּט אַ באַלזאַם אויפן האַרץ. עס איז אמתער ווי דאָס לעבן אין שטאָט, וואָס איז האַסטיק, פאַלש, באַטריגעריש און זעלבסטגענאַרעריש. אין דער אַטמאָספער פון טויט דערפילט מען שטאַרקער דעם ווערט פון לעבן. דאָס לעבן איז דאָרט עכטער, אמתדיקער, רעאַליסטישער ווי דער מכלומרשטער שטאָט־רעאַליזם.

מיין פריינט הערט אויס און שווייגט. פיליכט האָט ער אויך אַזאַ געפיל. נאָר ער איז נישט געננוג אויפריכטיק עס מודה צו זיין...

מיין פריינט דערציילט פון פרויען, וועלכע ער האָט אין שטאָט באַ־געגנט. דאַן רעדן מיר איבער פרויען־פּאַציענטינס. מיר האָבן זיי גוט גע־קענט. איך פיל גוט צו רעדן איבער זיי, איבער די, וואָס זענען שוין לאַנג אַוועק און וועמען דער פרילינג באַרירט אין זייערע קברים, ברענגט אַרויס שיינע בלומען אויף דער רויער ערד פון זייערע לייכטע בערג־לעך. מיר רעדן וועגן די, וואָס זענען נאָך דאָרט פאַראַן. וועגן די, וואָס זענען מער־ווייניקער געזונט געוואָרן און פירן אַ נאָרמאַל לעבן...

— נאָרמאַל? — כאַפּט אונטער מיין פריינט — איך גלייב נישט, אַז זיי זענען נאָרמאַל. עפּעס קומט פאָר אין זייער פּסיכיק ווען זיי ווערן קראַנק. זיי זענען שרעקלעך סענסיטיוו, לייכט אויפרייצבאַר. עס איז אין זיי פאַראַן אַ דראַנג צום לעבן. אָבער שנעל ווערן זיי מיד.

— יאָ, — זאָג איך, — שנעל ווערן זיי מיד. איך פלעג אויסגיין מיט מאַרסעלאַ. זי האָט דאָך געהאַט אַזאַ מעכטיקן דראַנג צום לעבן. זי האָט געפלאַמט. ווען איך פלעג קומען צו איר, פלעגט זי אויסלעשן דאָס ליכט,

אַנשטעלן אויפן ראַדיאָ סימפאָנישע מוזיק, טיפע, טראַגישע, גרויסע מוזיק און — האַלטנדיק מיינע ביידע הענט אין אירע, פלעגט זי זיין אַ פלאַ־מענדיק שטיק סקולפּטור. זי פלעגט מיט איר גאַנצן קערפּער זיך דריקן צו מיר און ליידנשאַפטלעך לייכטן אין טויזנט באַגערן. באַלד אָבער פלעגט זי צוריקפאַלן — מיד און טרויעריק, אויסגעשעפּט פון באַגער און אַ פלעג־מאַטישע פלעגט זי אַוועקפאַלן פון מיר. אַ שווייס האָט באַגאָסן איר שטערן. אָדער — איך בין אָפּט אַרויסגעפאָרן מיט עמיליען. פריילעך, לוסטיק, טאַנצנדיק, סאַטיריש און ציניש פלעגט זי זיין. דאָס לעבנסלוסטיקע מיידל — דאַכט זיך דיר — איז זי. נאָר פּלוצלונג ווערט זי בייז, אומע־טיק, פילסט, אַז די כוחות לעשן זיך אין איר אויס .צום ערשט וענען זיי געניייגט דיך צו לויבן אָן אַ גרענעץ. באַלד באַליידיקן זיי זיך און וואַרפן דיר פאָר זאַכן, וואָס דו ביסט נישט פעאיק צו פאַרשטיין ווי אַזוי דאָס מיידל האָט זיי געקאָנט אַזוי שנעל אויסטראַכטן, זיי אָננעמענדיק פאַר אמתן.

דער אָוונט איז אין מידן דעמער געוואָרן טונקעלער און שווע־רער, ווי אַן אומגעהייערער שפּין וואָלט אויסגעוועבט אַ גראַנדיעזע סיס־טעם פון שפּינוועבס. מיין פריינט זיצט באַקוועם אין שטויב און איך טראַכט, אַז אויב איך וועל נישט שטאַרבן צו פרי — וועט ער זיכער שטאַרבן פאַר מיין טויט נאָך... אַ לייכטער, זיידענער שווייס שלאָגט אי־בער זיין שטערן און פאַרוואַנדלט זיך אין דינעם אייז. די אויגן לייכטן מיט פיבער. ער זאָגט:

— האָסטו געקענט אַננאַ, דאָס מיידל, וואָס האָט שטענדיק געלעבט אין אַ בלומען־אַטמאָספער. זי איז לעצטנס געשטאָרבן. געדענקסט איר צי־מערל — אַזוי נעט, ריין, הימליש־ריין, מיט בלומען דעקאָרירט, עס האָבן געמוזט זיין די פרישסטע בלומען, יעדן טאָג — נייע בלומען...

— נאַטירלעך האָב איך זי געקענט. אָ, זי איז געשטאָרבן? ווי שרעק־לעך דאָס איז! אַזאַ פּאָעטישע געווען. ריין און שיין געלעבט. טרוימעריש געשטאָרבן. ווי אַ מלאך איז זי געווען — שטענדיק רעדנדיק כמעט קינ־דערישע רייד נאָך...

אַ דינער גאָלד ווייעט פון דער אויפגייענדיקער לבנה. די וואַזאָנען זענען פלעגמאַטיש־קאַלט אינם ווינטערדיקן אָוונט. אַ רויטער, סעזאָני־שער עפּל, אָנגעהויכט איבער די באַקן מיט אַ טרוימערישן רויט, וואָס מיניעט זיך מיט לייכטן גרין — זעט אויס ווי אַ לאַנדשאַפט. אַ פּאַלעטע הענגט אויפן וואַנט. דער מאָלער האָט פשוט אָנגעלייגט קאָלירן און פון זיי געמאָלן. נאָר, ווען ער איז אַוועק — האָב איך געזען, אַז די פּאַלעטע אַליין איז אַ מין לאַנדשאַפט, ווו אונטן כוואַליעט זיך אַ וויטער, אָקעאַני־שער גרין און אויבן ווייעט אַ בלויקייט פון אַ הייליקן, דורכזיכטיקן

הימל. אַזוי פורעמט די נאַטור בלינדערהייט — סקולפטורן, פּיזיאַזשן, אומענדלעכע האָריזאָנטן — מאָלעריש אַנגעצונדן...

אַ געדיכטער טרויער ווייעט פונם וועזן פון מיין פריינט.

— דערהאַלט איר בריוו פון הערמאַנען?

— יאָ, איך באַקום בריוו פון אים. ער איז ווידער קראַנק, געפינט זיך אין שפּיטאָל איצט. ווען ער איז געקומען אַהיים — האָט ער באַגעגנט אַ זיך־שרעקנדיקע פאַמיליע. זיי האָבן אים געליבט — אָבער זיך דער־שראָקן פאַר זיין קראַנקייט, פאַר אים. דעם יינגל האָט עס ביטער גע־קרענקט, ער איז פאַר צרות קראַנק געוואָרן. דאַן האָט ער זיך באַקענט אין שפּיטאָל מיט העלען, די משוגענע „קינסטלערין". זי האָט אים צום ערשט איינגערעדט, אַז זי ליבט אים. דאַן האָט ער זי אָנגעהויבן ליבן... און, איר ווייסט דאָך, פאַראַן פרויען, וואָס זענען געפּערלעכע שפּינען. זיי באַציען זיך אַזוי לאַנג שיין צו אייך, ווי לאַנג זיי פילן נישט, אַז איר זענט פאַרליבט. דערפאַרן זיי אָבער, אַז איר ליבט זיי — ווערן זיי ווי שפּינען, זויגן אַרויס דורך זייערע ראַפינירטע טריקס דאָס ביסל בלוט און מאַרך, ווי אַ שפּין. אָ, פרויען זענען טיילמאָל גרויזאַמע, חייסע, שלאַנקע שפּינען — אין זייד געהילט... איצט שטאַרבט ער. דער ליבער, יונגער מענטש הערמאַן. ער האָט צופיל געליבט. ער רעדט אפילו נישט מיט איר... זי האָט שוין פאַרוואָרפן איר נעץ אויף אַן אַנדערן...

עס איז נאַכט. מיר רעדן אַ סך — כראַניק, זאַכן, וועלכע זענען נישט וויכטיק פאַר דער וועלט. בלויז פאַר די דאָזיקע, וועלכע זענען מיט די אַלע פּלעצער און לעבנס — באַקאַנט, איז אָנגענעם צו רעדן וועגן זיי, רעדן לאַנג, אומעטיק, ביז אין דער שפּעטער נאַכט. עס איז אַ באַרוישנ־דיקער אַלקאָהאָל, אַן אָפּיום, וואָס שלעפערט איין. מיר צינדן נישט אָן קיין עלעקטרי, זיצן אין דער פינצטער. ווידער רעדן מיר איבער ניו־יאָרקער מיידלעך, פריינט, וועלכע מיר באַגעגענען. די געזונטע פרויען שרעקן אונדז אָפּ. די קראַנקע זענען — משוגע, אומנאַטירלעך.

ווען איך געזעגן זיך מיט מיין פריינט, זענען די שטערן גרויס און געשליפן, שאַרף און גיפטיק, ווי אויגן פון פאַנטאַסטישע פרויען, פון ווייטע פרויען אין די הימלישע ספערן, פלירטנדיק מיט געטער און מלאכים — די שקלאַפן פון די געטער... לייכטע וואָלקנס, ווי טראַנס־פּאַרענטע גאַז־מאַסן, שוועבן אין לבנה־ליכט, שווימען ווי מאָנסטעראַר־טיקע פיש מיט וווּנדערלעך־שימערירנדיקע שיפּן, גאָלדענע רעגנבויגן־פראַגמענטן. אַרום דער לבנה ברעכן זיך די וואָלקן־ברעגן, בלוטיק און שווער. עס איז ווי די נאַכט וואָלט שטראָמען פיש צעשניידן, די שיפּן וואָלטן לייכטן, ברענען און שימעריו־ן, דאָס בלוט וואָלט שטראָמען טונקל, געדיכט און שווער...

— קומט צו, ווען איר האָט צייט.

— יאָ, איך וועל צוקומען — זאָגט ער — און ער פאַרשווינדט אומעטיק אין דער נאַכט. איך גיי צוריק אַריין אין שטוב, זעץ זיך אויפן זעלבן בענקל, צינד אָן דאָס ליכט, קוק אויפן טעפּיך און די מעלאַנכאָליע גיסט זיך שווער פון דער אָריענטאַלישער סצענע. מיין פריינט — מיר דאַכט — אַ דורכזיכטיקער, זיין אַסטראַל־קערפּער, איז דאָ געבליבן זיצן, איך רעד צו אים. דאַן לייג איך זיך אין בעט און עס רינט מיט גאָלדן ליכט די לבנה, די אייביקע לבנה, דער עדות פון די גרויסע ליבעס אויף דער גרויסער, טראַגישער ערד...

# קונסט און קאמף

(ווי־אזוי מיר זעען דאָס לעבן דורך דער פּריזמאַ פון קונסט)

עס איז מערקווירדיק, ווי־אזוי ליטעראַרישע פיגורן ווערן אָפט פאַרוואַנדלט אין דראַמאַטישע, אָדער לעגענדאַרע העלדן — אין מו־טעקע ריטער פון קאַמף קעגן שיקזאַל — און זיי פאַרבלייבן אָפט מיט זייערע פּערזענלעכקייטן אפילו זייערע גרויסע שעפער גופא.

מיט דער צייט, אין גאַנג פון יאָרהונדערטער, ווערן די סימ־באָלישע העלדן פון זייערע ווערק פאַרוואַנדלט אין לעבעדיקע העלדן וואָס קומען פון פאָלק, וואָס שטאַמען פון לעבן און זענען דורך דעם גערדאַנק פון דורות, דורך די געפילן פון גענעראַציעס, אויסגעשליפן און אויסגעוואַרמט געוואָרן. די ליטעראַרישע העלדן ווערן אַקטוּ־עלע, דינאַמישע און לעבעדיקע העלדן, וואָס פירן אָן אַ קאַמף קעגן דעם שיקזאַל, קעגן פּאָליטישער אונטערדריקונג און זיי גיבן־צו די מאַסן מוט און קראַפט צו קעמפן פאַר זייערע עלעמענטאַרע רעכט. מיר קענען אין דער וועלט־ליטעראַטור אַזעלכע טיפּן ווי פאַוסט, דאָן קישאָט, האַמלעט און טילל אוילנשפּיגל. דאָס זענען אַלע געוועזן מענטשן וואָס זענען געקומען פון פאָלק און האָבן געשפּינען חלומות און געוועבט פאַנטאַזיעס. די גרויסע שריפטשטעלער — געטע, שעקס־ספּיר, סערוואַנטעס און דע קאָסטער — האָבן געשאַפן אַזעלכע טיפּן און די ווייטערדיקע דורות האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין וועלט־סימ־באָלן און געגעבן זיי אַן אוניווערסאַלן זין.

לאָמיר, למשל, נעמען אַלס ביישפּיל אַזאַ העלד ווי טילל אוילנ־שפּיגל. ער ווערט אָוועקגעשטעלט אין איין רייע מיט דאָן קישאָטן, אָדער מיט ראַבלײ'ס פאַנטאַגרועל, וואָס געהערן צו די מאָנומענטאַ־לע געשטאַלטן פון דער וועלט־ליטעראַטור. זיבן הונדערט יאָר לאַנג האָט אינם פאָלק געלעבט די פאָלקלאָריסטישע שאַפונג פון טילל אוילנשפּיגל. אין די נידערלענדישע לענדער און אין דייטשלאַנד, האָט זיך די לעגענדע געשאַפן און יעדער דור האָט צוגעגעבן זיין וויץ, זיין גלייכווערטל, זיין גערדאַנקען־בליץ, וואָס איז דורכן זשעניע פונם גאַנצן פאָלק, אויסגעפיינערט און אויסגעשליפן געוואָרן ביז צו פּערפעקציע.

טילל אוילנשפּיגל איז אַ סימפּאַטיש יינגל וואָס וויצלט־זיך און מאָראַליזירט זיינע מיטצייטלער. ער שליידערט די רייכע דעם אמת אין פּנים־אריין און וואַרפט מיט שטעכווערטלעך צו די הערשער קעגן וועלכע ער פירט אַן אַקטיוון קאַמף פאַר זייערע שלעכטיקייטן. ער מאַכט זיך כלומרשט צום נאַר, אָבער צום סוף זעט מען גאַנץ גוט, אַז נישט ער איז דער נאַר — נאָר זיין אָפּאָנענט. ער ווערט דער סימ־באָל פון זיין דור, וואָס ווערט דערנאָך דורכן ראַפינירטן פאָלקס־זשעניע פאַרוואַנדלט אין אַ סימבאָל פאַר אַלע דורות.

שאַרל דע־קאָסטער, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין בריסעל, די הויפּטשטאָט פון בעלגיע, האָט זיך אין דער יוגנט געמוזט אַ סך אָנ־

הערן ווען טילל אוילנשפּיגל, ווען פּאַטער איז, לויט דער לע־
גענדע, אלס אפּיקורים פאַרברענט געוואָרן דורך די שפּאַניער און
ווען אש דער יונגער טילל אוילנשפּיגל טראָגט אויף זיין ברוסט.
דע־קאָסטער מאכט זיין העלד פאַרן סימבאָל פון רעוואָלוציאָנער־
פאָלקס־גייסט קעגן די שפּאַנישע הערשער אינם 16־טן יאָרהונדערט.
די שפּאַניער קעמפן ברוטאַל קעגן די פלעמער — אָבער דער יונגער
טילל אוילנשפּיגל ווייסט, אַז די אינקוויזיציע וועט סוף־כל־סוף אונ־
טערגיין און אַז די שווערדן מיט די שפּיזן וועלן פאַרזשאַווערט ווערן.
די ברוטאַלע מאַכט וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין רואינען און נאָר
דער וויץ, די איראָנישע באַמערקונג, דער קריטישער הומאָר, וועט
אייביק בלייבן, ווי אייביק עס זענען די מאָנומענטן פון שטיין און
פון בראָנדז . . .

שילדערנדיק דעם רעוואָלט קעגן שפּאַניען, שילדערט דע־קאָס־
טער דאָס פלעמישע פאָלק — דעם בעל־מלאכה און דעם פּויער,
דעם קלאָון און דעם וואַנדערנדיקן ליץ, דעם סאָלדאַט און דעם קעמ־
פנדיקן רעוואָלוציאָנער. אין דע־קאָסטערס שאַפונגען גייט־אויף פאַר
אונז דאָס 16טע יאָרהונדערט — געזען דורך א קינסטלער וואָס
האָט זיך פּסיכיש אָנגעזאַפּט מיט דער דראַמע פון א פאַרגאַנגענעם
יאָרהונדערט און וואָס האָט מיט זיין וואונדערבאַרן בליק צויבער־
האַפט אַריינגעדרונגען אין א פאַרגאַנגענער עפּאָכע.

טילל אוילנשפּיגל איז אַן אינסטינקטיווע פאָלקשאַפונג. ער
איז דער מענטש, וואָס פילט וואָס עס איז רעכט און אומרעכט. ער
אורטיילט מיטן געוויסן פון גאַנצן פאָלק. ער שליידערט דעם אמת
— מיט געוואַגטקייט. ער, טילל אוילנשפּיגל, איז אַרויסגעוואַקסן פון
די וואָרצלען פון מיטלאַלטער און אַזעלכע זענען אויך אַלע אַנדערע
פאָלקסהעלדן: זיי האָבן ליב דאָס לעבן און האָבן שטאַרקע חושים.
זייער סאָפּיזם איז דער סאָפּיזם פונם גאַנצן פאָלק, ווייל זיי זענען די
שאַפונג פון פאָלק.

טילל אוילנשפּיגל, איז פאַר די בעלגישע מאַסן ביז היינט־צו־
טאָג, א סימבאָל אין קאַמף מיט די פאַרהאַסטע נאַצים — א ביישפּיל
ווי אַזוי העלדן מיט געזונטע חושים, ווירקן און שאַפן.

פּונקט אַזוי איז פאַר די שפּאַנישע רעוואָלוציאָנערן, אין זייער
קאַמף מיטן בלוטיקן פראַנקאָ־רעזשים, געוועזן א דערמוטיקונג די
דראַמאַטישע געשטאַלט פון דאָן־קיכאָט — וואָס גייט־אויף אין דער
פאַנטאַזיע פון דעם אייגהענטיקן סערוואַנטעס, זיצנדיק אין טורמע —
ווי א מאַן וואָס פאַרפירט אַן אַטלעטישן קאַמף קעגן שלעכטס און
דאָן קישאָט ווערט דער סימבאָל פון קאַמף פאַר מענטשלעכע רעכט.

אויך אין דער יידישער ליטעראַטור, ובפרט אינם יידישן פאָלק־
לאָר, זענען פאַראַנען העלדן און טיפּן, וואָס זענען מיט דער צייט

**פּערצן**

געוואָרן סימבאָלישע פיגורן. אַזעלכע זענען, למשל, פּרצ׳ס באַנציע שוויַיג, אָדער שלום-עליכמס מנחם-מענדל. דער יידישער פאָלקלאָר, ווידער, האָט אַזעלעכע מאָנומענטאַלע טיפּן ווי מאָטקע כאַבאַד און הערשעלע אָסטראָפּאָליער, וואָס אין זיין נאָמען קורסירן אין אַלע יידישע ישובים די סאַרקאַסטישסטע און וויציקסטע מעשיות וועגן גבירים, תקיפים און גבאים, וועלכע האָבן אינם 18 און 19־טן יאָר־הונדערט געהערשט אינם יידישן לעבן. אָבער — וועגן דעם וועט נויטיק זיין אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג.

עס זענען פאַראַן אַ סך ביישפּילן ווי אַזוי ליטעראַרישע העלדן שטייען אויף תחית־המתים. דאָס פאָלק דערקענט אין זיי זייער בלוט און פלייש און נעמט זיי אויף ווי לעבעדיקע סימבאָלן און מיט־קעמפער אין זייער טויזנט־יאָריקן אַלטן קאַמף.

אין דערזעלבער צייט ווען ליטעראַרישע העלדן ווערן דינאַמישע פיגורן — פאַרוואַנדלען זיך היסטאָרישע געשטאַלטן אין ליטעראַרישע העלדן, אין דראַמאַטישע בינע־פיגורן, אָדער אין מומיפיצירטע העלדן, אַרום וועלכע דער פאָלקס־זשעניע וועבט און שפּינט פאַרשידענע שלייערן און מיסטישע וואָאַלן, ביז זייערע לעבעדיקע געשטאַלטן באַקומען אַ טויזנט מאַסקעס און זייערע אייגנטלעכע פיגורן ווערן פאַרוואַנדלט אין פאַנטאַסטישע שאָטנס, אַזוי אַז זיי דאַרפן ערשט שפּעטער אַ נייעם אויטאָר, וואָס זאָל זיי צוריק לעבעדיק מאַכן און זיי אויספורעמען אין לעבעדיקע געשטאַלטן.

אַזעלכע פאַלן זענען אין דער ליטעראַטור פאַרגעקומען אַ סך. אָבער, מיר ווילן דאָ דערמאָנען בלויז עטלעכע נעמען: דער פראַנצויזישער פּאָעט פראַנסואַ ווילאָן — שטייענדיק אויפן שוועל פון מיטלאַלטער — האָט באַווירקט די גאַנצע פראַנצויזישע פּאָעזיע מיט זיינע אינדיווידואַליסטישע מאָטיוון. דער מיסטיקער־פּאָעט און מאָלער, וויליאַם בלייק — און נאָך פילע אַנדערע — זענען אַלץ מענטשן וואָס האָבן געלעבט און געווירקט, אָבער זיי זענען שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מומיעס, אין אויסגעטראַכטע העלדן. מיר זעען אַלזאָ, אַז העלדן וואָס אויטאָרן פלעגן אויסטראַכטן, האָבן געלעבט — בעת לעבעדיקע אויטאָרן זענען געוואָרן — דראַמע, פאַנטאַסטיק, סימבאָל און צויבערשפּיל. —

עס קומען אָבער אויך פאָר מערקווירדיקע דערשיינונגען: לעבעדיקע אויטאָרן, וואָס זענען מומיפיצירט געוואָרן, וואָס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צויבערשפּיל, אין לעגענדע, לעבן אָפּ זייערע עטלעכע הונדערט, אָדער טויזנט יאָר, ביז די מומיע צעפאַלט־זיך און ווערט רווישטאָף און עס קומען פלוצים נייע קינסטלער וואָס פורעמען־אוים פונם רוי־מאַטעריאַל, פון דער לעגענדע, די היסטאָרישע ווירקלעכקייט און די אַמאָליקע העלדן ווערן צוריק אויפגעלעבט. די נייע דורות דערקענען די היסטאָרישע פיגורן און זיי באַקומען צוריק זייער תיקון — אָבער שוין אַלס קינסטלערישע געשטאַלט — וואָס דער קינסטלער האָט פון אים געמאַכט.

אָט דאָס איז דער מאָדנער גורל פון קונסט און לעבן.

אָסקאַר ווײַלד האָט געזאָגט, אַז מיר לערנען זיך פון דער קונסט — צו זען דאָס לעבן אין אַ באַשטימטן ליכט. ווען מיר גייען אַרויס

פון א קונסט־אויסשטעלונג, קוקן מיר אויף די לאנדשאפטן אין פארק, לויט די בילדער וואס האבן מיט א ווײַלע צוריק בארירט אונ־זער אויג־רעטינא. מיר זעען די לאנדשאפט לויט פיסארא, סעזאן, אוטרילא, וואן־גאג, מאטיס שאגאל און סוטין. ווען מיר קוקן אויף פרויען — זעען מיר זיי, ווי זיי זענען געזען געוואָרן דורך ראפאעל, טיציאן, רובענס, וואטא און רענואר. ווען מיר זעען דאס לעבן — זעען מיר עס דורך דער פריזמע פון דאסטאיעווסקי, טאלסטאי, אדער ווי באדלער, מאפאסאן, פרץ און שלום עליכם האבן עס געזען. דאס לעבן — ווי דער קינסטלער האט עס געשאפן, קאארדינירט, געגעבן אים זין און דימענסיע.

און אזוי פארגעסן מיר אויך די לעבעדיקע העלדן — די ווירקנ־דיקע און שעפערישע אויטארן — און מיר דערזעען זיי ערשט ווי דער קינסטלער האט זיי געזען.

א בײַשפּיל ווי־אזוי לעבעדיקע אויטאָרן זענען צוריק געוואָרן ליטעראַרישע העלדן, האבן מיר אויך אין דער פאָרם פון בעלעט־ריסטישע ביאָגראפיעס, אין וועלכער עס צייכנען זיך באזונדערס אויס: עמיל לודוויג, סטעפאן צווייג, אנדרעי מארוא א.א.

דאס פרואוון אויפלעבן א היסטאָריש־קרעאטיווע פערזאָן און איר געבען דעם אָטעם פון לעבן, פון דראמע און פון האנדלונג, איז באזונדערס די שעפערישע אייגנשאפט פון שריפטשטעלער וואס זע־נען געבענטשט מיטן יידישן אוניווערסאליזם. דאס אקלימאטיזירן זיך אין פרעמדע קולטורן, דאס וועלן און קענען זײַן די בריק פון קולטורן — ווי בראנדעס, לארד ביקאנספיעלד, היינע, מארקס, זאנג־וויל, לאסאל — גיט זיי דאס אוניווערסאלע, דאס קאסמאפאליטישע און אינטערנאציאָנאלע געפיל און מאכט זיי פעאיק ארײַנצודרינגען אין דער פסיכיק פון היסטאָריש־קינסטלערישע העלדן און זיי צו באלעבן מיט זייער גאנצער לײַדנשאפט, מיט זייער סטיכיע און מיט אלע זייערע מעלות און חסרונות.

אָבער, דאס פראָבלעם פון דער ליטעראַרישער ביאָגראפיע, איז בלויז א נעבן־פראגע. דאס אייגנטלעכע פראָבלעם באשטייט אין דעם ווי־אזוי העלדן ווערן ווידער דראמאטיזירט און פארוואנדלט אין פיקציע, דורך וועלכן זיי שטייען אויף א גלאָררײַכן תחית־המתים.

דער פאָטער פון די דאָזיקע עסייאיסטן־ביאָגראפן איז פלוטארך, וואס האט גענומען לעבעדיקע שטיקער ווירקלעכקייט און איבערגעטראָגן אין זײַנע היסטאָרישע בלעטער, מיט דעם גאנצן רוי־שטאָף פון פיקציע, לעגענדע, געשיכטע, דראמע, פּאָעזיע, ליריק און עפּיק. ער האט צונויפגעפּאָרט סאָלדאטן פון קריג, מיט קעניגינס און מעטרעסעס, וואס באָדן זיך אין פורפורנעם זון־אונטערגאנג פון זייער דעמערנדיקער הערשאפט. ער האט געגעבן מענטשן אלע מעגלעכ־קייטן זיי זאָלן ווערן ליטעראַרישע העלדן. און אזוי ווערט דאס לעבן פארוואנדלט אין געשיכטע, אין דראמע, אין פּאָעזיע. דער עסענץ פון לעבן ווערט דורכן כראָניק־שרײַבער איבערגעטראָגן צו די קו־מענדיקע דורות און דערנאָך געשעט דער נס פון איבערראשונג. נײַע קינסטלער רירן זיך צו מיט פרישע, ווארעמע הענט צום אור־

שטאָף און די אורכראָניק בליט ווידער־אויף און זי וואקסט־ארויס צו דער זון ווי א בוים.

די אויפגאבע פון דער קונסט איז צו ווייזן דאָס איצטיקע, אין א שוין געשעענעם צושטאנד, פארענדיקט, גאנץ און איינהייטלעך. דער מענטש האָט גרויס הנאה צו זען ווי זיינע אייגענע פּראָבלעמען, וואָס מאטערן אים, ווערן געשטעלט אין דער פארגאנגנהייט, כדי געזען צו ווערן אין דער פּערספּעקטיוו, אין דער קינסטלערישער און פילאָסאָפישער לייזונג. —

אָט דאָס איז דער סוד פון און דער שפּיל צווישן קונסט און לעבן. קיינער פון זיי ווייסט נישט ווער פאר ווּעמען עס איז געשאפן. יעדנפאלס, דאָס לעבן פארגייט און שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם אומגע־הויערן שפּיגל פון קונסט. דאָרטן גייט עס נישט פארלוירן. עס פאר־וואנדלט זיך אין עסענצן, אין סימבאָלן. דער רעזשיסאָר פון קונסט קאָמפּאָנירט די פאקטן. ער שיילט אויס און ווארפט ארויס דאָס אומ־נויטיקע און בינדט־צונויף דאָס ווערטפולע, ביז עס קומט־ארויס דאָס מאָנומענטאלע ווערק אין וועלכן אלע דורות פילן זיך פאראיי־ניקט און קאָנצענטרירט דורך א געוואלטיקן מיסטעריעזן כח . . .

# דר. יעקב קלאַצקין

**1882 — 1948.**

(דער גרויסער דענקער און שריפטשטעלער איז טויט. —
אַ באַזוך ביי אים אין אַ ניו־יאָרקער האָטעל. —
אַן אויסוואַל פון דר. יעקב קלאַצקינס געדאַנקען)

ווען איך האָב אין די לעצטע טעג געזען אין די צייטונגען דעם ערשטן באַריכט, אַז דר. יעקב קלאַצקין איז אין עלטער פון זעקס און זעכציק יאָר געשטאָרבן אין דער שווייץ — האָב איך שטאַרק געצווייפלט צו דאָס איז אמת. ווייל דער גרויסער דענקער, דער מחבר פון צוואַנציק סאָלידע בענדער פילאָסאָפיע און אַרום־פילאָסאָפיע, איז געווען אַ לעבנס־לוסטיקער, אַמוזירנדיקער, אימפּולסיווער מענטש. געוויינלעך זיינען די מענטשן פון דער פילאָסאָפישער קאַסטע — איינזאַם, צוריקגעצויגן, קאַלט און פלעגמאַטיש. דר. קלאַצקין, וואָס האָט אין זיין פילאָסאָפיע געזונגען אַ הימנע צום לעבן, איז אַליין געווען די פאַרקערפּערונג פון זיין פילאָסאָפישן סיסטעם. ער האָט אַמוזירט מיט זיינע וויצן און חסידישע מעשיות, אין וועלכע עס לויכט שטענדיק חכמה און גוטסקייט. ער איז געווען דורך און דורך מענטשלעך און האַרציק. ער האָט זיך ניט געהאַלטן גרויס, ווי אַ פילאָסאָפישער יופּיטער.

ווען איך לייען איצט וועגן זיין טויט, קער איך זיך אום צוריק צו דער צייט, ווען איך האָב אים באַזוכט אין אַ ניו־יאָרקער האָטעל. איך אַליין בין ממש נייגעריק אַריינצוקוקן אין מיין טאָג־בוך, צו זען וואָס איך האָב דעמאָלט פאַרצייכנט וועגן דר. יעקב קלאַצקין.

ווי אָפט, ווען עס שטאַרבט אַ ליבער מענטש, אָדער אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט, וועמען איך האָב אין לעבן באַגעגנט, קער איך זיך אום צו מיין טאָג־בוך. דאָרטן לעבן די מענטשן און דער טויט האָט צו זיי ניט קיין שום אַריינגאַנג, קיין צעבראָכענעם טויער...

***

דר. יעקב קלאַצקין, דער מעלאַנכאָלישער דענקער אין דער פילאָסאָפיע, דער מאַן פון גלענצנדן סטיל, אַן אור־איניקל פון דעם אומעטיק־רעאַליסטישן קעניג קהלת — קומט אַרויס פון דער סאָבוויי־סטאַנציע. ער פרעסט מיר וואַרעם די האַנט און מיר שטייגן אַריין אין עלעוויטאָר פון זיין האָטעל. דער נעגער־פּאָרטער וויצלט זיך און קלאַפּט דעם פּראָפעסאָר איבער דער פּלייצע. פּראָפ. קלאַצקין געהערט ניט צו די אַנגעבלאָזענע דייטשע פילאָסאָפן...

דאָס צימער פון דר. קלאַצקין — צו מיין איבעראַשונג — איז אָן ביכער. איך האָב דערוואַרט צו געפינען אַן אמתן שטודיר־צימער פון אַ גרויסן געלערנטן, וואו עס זיינען אָנגעוואָרפן אַ סך ביכער, צייטשריפטן, אויף אַן אמת פּראָפעסאָרישן אופן. דורכן פענצטער זעט זיך דאָס טורעמדיק־בבלישע מאַנהעטן. קאָנצענטרירט אין אַ גרופּע שטיינערנע גבורים — זיינען די ריזיקע וואָלקנקראַצערס. אַ גרויסער נעפּל ציט זיך ווי אַ שפּינוועבס איבער אַלץ. ווי קליינע בינען — זעען אויס די פאַרביקע ראָמען אויפן טראָטואַר. עס ווילט זיך אויס־בייגן וואָס טיפער, וואָס מער איבערן פענצטער ראַנד אַריבער, דער־פילן דעם זאַלץ פון טויט וואָס נעמט אַרום דעם גאַנצן וועזן. פון

יענעם טויט — וואָס הויערט שטענדיק אין דער פילאָסאָפיע פון דר. יעקב קלאַצקין, דער טויט אַלס דער סוף פון אַלץ, וואָס לייגט זיך אייזיק און זשאַווערדיק אויף אַלץ...

די היץ איז גרויס און דר. קלאַצקין ווישט זיך דעם שוויס פון זיין געזיכט, זיין האַלדז. זיין פיגור איז נידעריק און מאַסיוו. זיין געזיכט — פריש, מיט קליינע וואָנצעס, אַ מילד געזיכט פון אַ גוטן מענטש. פאַראַן אין זיין אויסזען אַ סך נאַבלקייט. ער זעט טאַקע אויס ווי אַ טיפּישער פּראָפעסאָר — אָבער, נישט נערוועז.

איך בין נישט געקומען צו דר. קלאַצקין מיט קיין צוגעגרייטע פראַגן. איך האָב אַזוי פיינט דעם אָפיציעלן אינטערוויו. פאַרוואָס ניט זיצן אַ ווײַלע, לאָזן די קאָנווערסאַציע אַנטעמען וועלכע עס איז ריכטונג און זיך צוהערן. דר. קלאַצקין איז פון די מענטשן וואָס צווינגען ניט אַרויף אויפן צוהערער דווקא דאָס אין וועלכן זיי זיינען צום בעסטן געאייניקט, מיט אַ נייגונג צו גייסטיקן עקסהיביציאָניזם. ער וואַרט זיין מיטשמועסער זאָל קירעווען דאָס געשפּרעך.

ווען איך בין ביינאַכט אַהיימגעקומען, האָב איך אַנגעוואָרפן די סקיצע פון מיין געשפּרעך מיט אים.

***

וועגן ר׳ שלמה מיימון. איך פרעג דר. קלאַצקין:

— איז ער בלויז אַ שאַרפער מוח — אָדער אויך אַ קרעאַטיווע פערזענלעכקייט געווען?

דר. קלאַצקין זאָגט:

— סאָלאָמאָן מיימון איז טאַקע זייער אַ שאַרפער מוח. אָבער ניט שעפעריש. ער איז געווען גרויס אַלס קריטיקער, אַנאַליזאַטאָר, קאַנטס בעסטער תלמיד. ווען זיי וויסן אַז ער וועט זיין אַזוי גרויס אַמאָל, זיינע פריינט און מעצענאַטן — וואָלטן זיי אים נאָבל באַהאַנדלט. טראַגיש איז ער געווען אין זיין פּוילישקייט, אין זיינע זשעסטן. קומענדיק פון אַ פּראָווינציעלער סביבה — האָט ער זיך ניט געקענט אַריינפּאַסן צווישן די דייטשע אינטעלעקטועלע קרייזן.

איך הער דר. קלאַצקינס רייד. און דערמאָן זיך אין סאָלאָמאָן מיימונס אויטאָביאָגראַפיע. געטע האָט עס געלויבט אַלס קלאַסיש ווערק. ווי אַ מין רוסאָ, דערציילט דער פּוילישער איד זיין גאַנץ לעבן. ער איז געווען אַ היפּשער ציניקער, באַזונדערס צו פרויען. דער באַרימטער דענקער פלעגט אויך באַזוכן אויסגעלאַסענע פרויען, און ווען אַ פרוי פאַלט אין ליבע מיט אים — לאַכט ער פון איר אָפּ. אַ טיפּישער איד פון דער פּוילישער געטאָ וואָס ווערט מגולגל אין אַ פרעמדער סביבה און וואו ער קעניגט מיט דער קראַפט פון זיין געדאַנק.

און רעדנדיק וועגן סאָלאָמאָן מיימון, פאַלט מיר איין צו רעדן אויך וועגן דעם צווייטן גרויסן איד אין דער דייטשער ליטעראַטור — היינריך היינע.

דר. קלאַצקין זאָגט:

— ניטשע — אין זיין „עצקע האָמאָ״ — איז גערעכט געווען ווען ער האָט געזאָגט, אַז בלויז צוויי מענטשן קענען שרייבן דייטש: היינריך היינע און ניטשע. קעגן קריסטנטום האָט קיינער אַזעלכע שאַרפע רייד ניט געשליידערט ווי היינע. די דייטשן קען מען נאָך איצט דערקענען אין זיינע ווערק. ער איז נאָך אַלץ אַקטועל. ער איז וויזיאָנער,

פראַפעט. בערנע איז ווייניקער אַקטועל. אָבער היינע איז אַ גאָר גרויסער דיכטער, דער גרעסטער דיכטער.

איך דערמאָן דעם פילאָסאָף קלאַצקין, אַז היינע האָט גלענצנד געשריבן איבער פילאָסאָפיע. ער איז געווען אַ וואונדערבאַרער פאָלקלאָריסט. ער איז געווען דער נייער ווײַן — אַריינגעגאָסן אין דער דייטשער ליטעראַטור.

— איז טאַקע ניטשע גרויס? — פרעג איך דר. קלאַצקין.

ניטשע איז גרויס ווייל ער האָט געגעבן אַ קינסטלערישע פאָרם זיינע געדאַנקען. געדאַנק איז — אַבסטראַקט. ער לאָזט זיך ניט אָנקליידן אין פאָרם, אין קאָליר. ניטשע האָט זיינע געדאַנקען געקענט געבן לבוש, בילדלעכקייט, פאַרב. ער מאַכט זיין פילאָסאָפיע אויסערגעוויינלעך בילדלעך און אָנציִענד. עס איז די גליקלעכע הייראַט צווישן פילאָסאָפיע און פּאָעזיע. צוליב דער שיינקייט — באַנעמט מען ניט אָפט די טיפקייט פון געדאַנק. ער איז באמת געוואַלטיק גרויס. דער פילאָסאָף, כדי אויסצודריקן זיינע געדאַנקען, שלאָגט זיך מיטן וואָרט. פּלאַטאָ איז לאָגיקער.

דר. קלאַצקין — אין דער ליטעראַטור — האַלט שטאַרק פון באַלזאַק. ער איז אַ פּיראַמידע. ער גיט די קאָמעדיע און די טראַגעדיע. ער גיט די גאַנצע וועלט.

דר. קלאַצקין דערציילט מיר דעם אינהאַלט פון פילע פון זיינע ווערק. עס וואַקסט אויס פאַר מיר דער גיגאַנט באַלזאַק, ווי ראַדען האָט אים אָנגעוואָרפן — אַ זייל פון קאָנצענטרירטקייט, וואָס איז אָנגעשטרענגט, אינטענסיוו, איז געדאַנק און געפיל, איז אַ פּיראַמידע פון גייסט.

דר. קלאַצקין ליבט שטאַרק שלום אַשן.

— איך האָב געלעזן „די נאַזאַרין". קיין איין וואָרט איז דאָרט ניטאָ וועגן דער אידישער אמונה — וואָס איז קעגן איר. ער פאַרשטייט פשוט ניט ווי אַזוי דער פאָלקסמענטש אַש, קען שרייבן אַזוי גרינגלעך. ער נעמט אַרום די אידישע רעליגיע. ער שיילט קלאָר אַרויס דאָס אידנטום. עס איז אַ געוואַלטיק ווערק. אַ סך אידישע שריפטשטעלער האָבן קענטעניש, קולטור, ווירטואָזיטעט פון שפּראַך, פאַרנעם. אָבער שלום אַש איז דער גרויסער שפּראַך־מייסטער. ווען ער באַשרייבט ווי אַזוי אַ מוטער באַווײַנט איר קינד, איז עס געוואַלטיק עכט. ער קען אַרויסברענגען גרויסע געשטאַלטן. ער איז דער גרעסטער שרייבער ביי אידן, גרעסער ווי מאַנכע באַרימטקייטן אין דער וועלט־ליטעראַטור.

און אברהם רייזען — דר. יעקב קלאַצקין רעדט פון אים מיט גרויס ליבשאַפט. ער געדענקט אים גוט. אַ מענטש מיט אַ גאָלדן הארץ. אַ גוטער מענטש. ער איז שטענדיק קינסטלער. שטענדיק באַהעם.

אַזוי דערמאָנט דר. יעקב קלאַצקין אויך דוד איינהאָרן — אַלס גרויסן פּאָעט. גרויסן אינטעליגענט. האָט ליב אַפילו ווינסנשאַפט. ער שרייבט אין אַ רייכער שפּראַך. ער האָט אַ סך ערודיציע.

דר. קלאַצקין איז גוט באַקאַנט מיט דער אידישער ליטעראַטור. מיר רעדן נאָך איבער פילע אידישע שרייבער.

ווען איך גיי אַהיים — שפּאַן איך דורך צענטראַל־פּאַרק. די שוואַנען זיינען אין טיפן שווייגן. זיי זויגן איין דעם טאָג אין זיך, דעם שטאַרבנדיקן טאָג. ראָבן וויקלען אויף די נאַכט, די טונקעלע נאַכט.

דער גרויער נעפּל צירט פלעגמאַטיש די ביימער. דאָס וואַסער. די פעלזן ווערן סאָלידער נעפּל. דער נעפּל — ליקווידע פעלזן. די ביימער זעען אויס ווי זאַכטע, טונקעלע בוקעטן בלומען. ביים שיין פון לאָמ־טערן זיצט איינער און וויינט, אַריינקוקנדיק אין ציַיטונג (דערזען אַ נעקראָלאָג?) אַ צווייטער לאַכט און קייכט, אַריינקוקנדיק אין דער צייטונג — (דערזען אַ חתונה־אַנאָנס?)

איך גיי אַרויס פון צענטראַל־פּאַרק און זע ביי אַ בלומענגעשעפט — פולע קוישן מיט בלומען. טונקעלע, וויאָנענדיקע, איינגעהאַלטענע. אין זיך פאַרטיפט. שטיקער טיפע פליוש. שטיקער סאַמעט. שטיקער נאַכט — אויפגעשוואָלענע נאַכט...

איך דערמאָן זיך וועגן וואָס מיר האָבן נאָך גערעדט: וועגן אָסקאַר ווײַלד — וועלכן דר. קלאַצקין האָט געליבט אַלס גרויסן שריפט־שטעלער. ער פרעגט זיך נאָך אויפן פּאָ־הויז אין די בראָנקס, וועלכן ער וואָלט וועלן באַזוכן.

דר. קלאַצקין איז אַן עסטעט, אַ קינסטלער — אין זיין פילאָ־סאָפישן שאַפן. דערמיט דערקלערט זיך זיין ליבשאַפט צו אַלע זעלטענע גייסטער און כאַראַקטערן. אַזוי איז ער אויך פאַראינטערעסירט אין י. י. טרונקס פיינע, קולטורעל־עסטעטישע עסייען, געדאַנקענרייכע. ער האָט אויך ליב די שאַפונגען פון יעקב גלאַטשטיין, משה נאַדיר, נפתלי גראָס, א. אַנד. ער רעדט וועגן זעליק העללער מיט גרויס פריינטשאַפט. ער דערציילט מיר ווי זעליק העללער האָט אים באַ־האַנדלט בשעת זיין באַזוך אין שיקאַגאָ. ווי ער האָט אים באַדינט ווי אַ חסיד און ווי ער טראָגט מיט זיך שטענדיק אַרום אַ באַנד היינריך היינע...

אַ נאָבעלער מענטש, דר. יעקב קלאַצקין. אַ פיגור פון אַן אוני־ווערסאַל־אינטעלעקטועלן קינסטלער און דענקער — וועמענס פּער־זענלעכקייט איז אַנגענעם און האַרציק און וואָס שטראַמט מיט וואַרעמע זון־שטראַלן — מיט הערלעכע געדאַנקען, לייכט און עלעגאַנט און הומאַניסטיש...

***

עס האָט שטאַרק גערעגנט ווען איך בין אַהיימגעקומען פרי און זיך צוגעהערט צו דעם פאַלן פון בלייערנעם וואַסער אויף דעם בויך פון דער ערד. ניט קיין אונטערשייד צו די שטורעם־דערשיינונגען עקסיסטירן שוין פאַר די פאַר מיליאָן יאָר — און וואָס מיר האָבן שוין געהערט די מעלאָדיע פון רעגן אָדער זיך צוגעקוקט צו די דעקאָראַציעס פון פאַרשטיינערטן שניי מיט פילע, פילע גענעראַציעס צוריק, ווען מיר האָבן עקזיסטירט אין אַן אַנדער געשטאַלט — דאָך שטייען מיר ווי פאַר אַ פאַרשטעלונג פון דער נאַטור, ווי זי וואָלט זיך צום ערשטן מאָל צו אונז באַוויזן. אין דער איינזאַמקייט און אומעט פון דער אָק־טאָבער־נאַכט — האָב איך לאַנג געזוכט אַ פּאַסיק בוך, אין וועמענס ווייזהייט און פריינטשאַפט איך וואָלט קענען אינטים פאַרברענגען. און אָט האָב איך אָנגעטראָפן אויף דר. יעקב קלאַצקינס בוך — „אין לויב פון ווייזהייט".

איך האָב פיין פאַרבראַכט אין דער אינטעלעקטועלער געזעלשאַפט פון קלאַצקינס געניוס. ער געהערט צו די דענקער וואָס זאָגט אַרויס טיפע געדאַנקען — אָבער ער מאַכט ניט קיין שום אָנשטעל. זיינע

ווייזהייטן זיינען ווי קלאָרע פּאַנטאַן־וואַסערן, וואָס די לבנה אָדער די זון רעפלעקטירט זיך אין זיי שטענדיק. און הגם ער באַוועגט זיך לייכט און גראַציעז, אַנרירנדיק ווי אַ בין יעדער מאָל אַ נייע בלום — אַ ניי פּראָבלעם — און אַזוי אַרום דורכגייענדיק די רייע פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון לעבן — דאָ לייכטע און טאָג־טעגלעכע; דאָ אינטע־לעקטועל־עיקרדיקע; דאָ אָפּגרונטיק־טיפע — טויכט ער שטענדיק אַרויס פון ים פון געדאַנקען מיט אַ שמייכל, אָן אָנשטרענגונג. און — הגם, ווי געזאָגט, די געדאַנקען רירן אָן די שפּיצן פון דער וועלטס־פאַרשיידענע פּראָבלעמען — דאַך מערקט זיך אַז איין מוח און איין סטיל שאַפט, רעפלעקטירט און וואַרפט אַרויס די אַפאָריזמען אין זייער פאַרענדיקטער און פּאָלירטער שיינקייט און גראַציע. עס מערקט זיך אין גאַנצן בוך דער שפּילעוודיקער, גראַציעזער גייסט, וואָס כאַפּט אויף פראַגן, ווי אַ פּילקע — און וואַרפט זיי ווייטער צוריק, קוים זיי באַרירנדיק, אָבער צום פונקט צוריק וואַרפנדיק און צילנדיק. און דורכן גאַנצן בוך גייט דורך אַ חנעוודיקער באַצי צום לעבן. טיפער רעספּעקט צום מענטשלעכן גייסט און זשעניע, וואָס אַפּלאָדירט אייגנט־לעך אין דער פּערזאָן פון קלאַצקין — זיך אַליין.

קלאַצקין איז אַזוי פול און מילגרוימיק־שיכור מיט קולטור — אַז אים רייצט דער פשטות, די זיסקייט אָפּטמאָל פון פאָלקסטימלעכקייט און הומאָר. קיינמאָל ניט קיין גאַליק־ביטערער, סאַרדאָנישער הומאָר — נאָר מענטשנפריידלעכער, גראַציעזער, פּאָזיטיווער הומאָר.

אַפאָריזמען זיינען ביים אינטעלעקט — דאָס שניצעכץ פון ווערק־שטאַט. די דינע פּאַסמעס ־ווייסע האָלץ, וואָס פאַלן אַוועק אונטערן מעסער פונם סטאָלער. די טראַשצינעס פון אַ דענקערס ווערקשטאַט. אַפאָריזמען זיינען אָביעקטיוו, אומפּערזענלעך, אוניווערסאַל. יעדער זאָגט זיי איבער — ביז זיי ווערן פולקאָם. זיי ווערן צו פאָלקס־ווייזהייטן — פּאָלירט דורך אַ טויזנט דורות. געמייסטערט אין שטראָם פון לעבן.

ביי דר. יעקב קלאַצקין זיינען די אַפאָריזמען — דאָ לייכט און דאָ טיף; דאָ אינטעלעקטועל — און דאָ פון דער פאָלקס־חכמה און פאָלקס־לאָגיק געירשנט; דאָס זיינען די רעזולטאַטן פון דענקען און רעפלעקטירן; די פּראָדוקטן פון אָבסערוואַציע און לעבנס־פּראַק־סיס; די בלומען פון מעדיטאַציע אין אינט־מע, לירישע שטונדן, ווען דער מענטש פאַרווייל אין די אָפטע ראַנדעוואוען מיט זיין גייסט.

עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער וואָס טאַמאַס מאַן האָט גע־שריבן:

„אין לויב פון חכמה", פון יעקב קלאַצקין, האָב איך געלייענט מיט גרויס פאַרגעניגן. איך גלויב אַז אַזאַ קאָליררייכע און גלענצנדע זאַמלונג פון אַפאָריזמען איז ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן זייט ניטשען. און אַפילו קלאַצקינס פּראָזע איז גלייך צו ניטשעס אין מער ווי אין איין פּרט. עס איז שטוינענד צו זען דעם סיסטעמאַטיזאַטאָר פון ביאָ־פילאָזאָפיע זיך אַנטפּלעקן אַלס אַזאַ מייסטער פון פּאָלירטע און קאָנ־צענטרירטע פאָרם פון פּראָזע.

„אין לויב פון חכמה" איז די שאַפונג פון אַ מאַן מיט גרויס וויסן פון לעבן און גייסט, וועמעס דיקציע איז עלאַסטיש און פריינטלעך, און וואָס קען אָפּערן הילף, באַלויכטונג און טרייסט צו פילע".

איך האָב אין דעם בלוי־פּאַעטישן אָקעאַן פון געדאַנקען — בלויז

אַרויסגעשריבן איינצלנע בריליאַנטן און זיי איבערגעגעבן דאָ — אויב ניט אין אַ ווערטלעכער איבערזעצונג — איז כאָטש אַרויסצוברענגען דעם תמצית פון די געדאַנקען.

***

אַ פילאָזאָפיע וואָס איז פּריוויליק אויסגעפּלאַנירט צו די מינדסטע איינצלהייטן, אַ דאָקטרין וואָס איז קלאָר אויסגעהאַמערט און אָוועקגעשטעלט ווי בלומענבייטן — אַזאַ פילאָזאָפיע קען ווערן פאַרדעכטיקט אין איר באַגער צו סיסטעם און מעכאַניזם. אַ גרויסע אינטעלעקטועלע שאַפונג, וואָס נעמט אַרום אוניווערסאַלע דימענסיעס — וועט קיינמאָל ניט גלאַטיק מאַכן און אויסגלייכן איר גרונט, כדי אויסצומיידן פעלזן און געבירג. אַזאַ פילאָזאָפיע דרינגט דורך אַלע הויכן און אָפּגרונטן, פעלזן און זומפּן, בערגקייטן און טייך־געלעגערס און עס דערהאַלט זיי איינהייטלעכקייט צווישן געוואַלטיקע עקסטרעמען און ווייטע פאַליוסן.

מאַכן אַ סיסטעם איז אַן אַרבעט פאַר קאָמפּילאַטאָרס און עקלעקטיקער. אָבער עס איז שווער פאַר אַ מאַן צו רעדוצירן די גייסטיקע עשירות, די אָריגינעלע געדאַנקען, צו אַ סיסטעם. מולטי־קאָלירטע בלי־אַנטפּלעקונגען איז שווער צו אָרגאַניזירן.

***

אָבער אין געוויסע צייטן דערשיינט אַ גרויסע, קאָסמאָס־אומפאַסנדע דאָקטרין, וואָס באַהאַלט אירע געבורטס־ווייען, פאַרמאַכט טיר און טויער, באַהאַלט די שפורן פון איר געשיכטע, אירע אַדוועןטיורס און אַנטוישונגען, איר פאַלן און שטייגן, און הילט איין אַלע אירעליידן און ווייען אין אַ מעטאַלענעם קלייד פון אַבסאָלוטן סיסטעם. אַזאַ סיסטעם, ווי שפּינאָזאס צום ביישפּיל, פאָדערט אַ סך קאָמענטאַר און דערקלערונג, כדי איר האַרטע שאָל זאָל קענען צעקנאַקט ווערן אין איר שטראָם פון אונטערדריקטע מיסטעריעס, זריעות און אַנטפּלעקונגען זאָל קענען אויפגעדעקט ווערן.

***

אַ גרויסע פּערזענלעכקייט קומט צו זיין פאָלקאָמענקייט דורך אַ סך ליידן און אַנשטרענגונגען, קאַמף צווישן קעגנגעזעצטע טענדענצן, ליידן פון ליידנשאַפט און אַסקעטיזם, הינדערנישן פון דואַליזם און מולטיפּליציטעטקייטן...

וואָס גרעסער די פּערזענלעכקייט, איבער אַלץ גרעסער אינערלעכע קאָנטראַסטן מוז ער טריאומפירן, איידער ער ווערט איינהייטלעך — און גאַנץ. אויך, וואָס גרעסער ער איז — אַלץ מער קראַפט האָט ער דורכצוטראָגן די דאָזיקע קאָנטראַסטן און ניט דעקאָרירן זיי, פאַרדעקן מיט קינסטלעכע דעקאָראַציעס.

***

אויב דו ווילסט וויסן, ווי טיף דיין פריינט ליבט דיך — געפין אויס וויפל ער ליבט אין אַלגעמיין, דאָס הייסט, אויף ווי ווייט ער איז פעאיק צו ליבן אַלע מענטשלעכע וועזנס. וויסנדיק די מאָס פון זיין אַלגעמיינער ליבע, וועסטו אימשטאַנד זיין זיך פאַרצושטעלן ווי גרויס זיין ליבע איז צו דיר אַליין.

***

אמתע פריינטשאַפט ווערט אויסגעדריקט ווען עמיץ טוט אַ זאַך פון פריינטשאַפט לויט זיין אייגענעם פאַרשטאַנד, ניט אַכטנדיק אויף זיין פריינטס מיינונג. צום ביישפּיל, אַ רעליגיעזער מענטש טוט תפילה פאַר דער זעליקייט פון זיין אַטעאיסטישן פריינטס נשמה. דאָס איז אמתע פריינטשאַפט.

***

דו ביסט גאַנץ פאַרטיפט אין די געדאַנקען. פלוצלונג פרעגט דיך עמיץ: „וואָס מאַכסטו? ווי איז ביזנעס? וואָס איז דיין מיינונג וועגן דעם און יענעם?" אַלע דיינע געדאַנקען לייזן זיך אויף און פאַרשווינדן. ווען מענטשן וועלן זיין גענוג ציוויליזירט, וועלן הערשן געזעצן וואָס וועלן באַשיצן די רעכט פון מענטשן צו דענקען — און צו ווערן געשטערט. שאָדן צו געדאַנקען וועט ווערן שטרענג באַשטראָפט.

***

ווען דו דענקסט: „ווי איך בין מקנא שעקספּירס געניוס. ווי וואָלט איך וועלן זיין ווי ער." — ווינטשסטו אַ זאַך און צוגלייך דיין קעגנזאַץ — דו ווילסט באַזיצן דיין אייגענעם עגאָ און שעקספּירס עגאָ גלייכצייטיק. דו וואָלסט ניט וועלן עקזיסטירן אַלס שעקספּיר, וואָרעם אין דעם פאַל וואָלט שעקספּיר עקזיסטירט, און ניט דו.

***

האָט עמיץ פון אונז ווען געהערט זיך צו וואונדערן און צו פרעגן וואָס פאַר אַ צוועק עס קען זיין אין די באַוועגונגען און וואַנדערונגען פון אַ זאַמדעלע ביים ברעג פון ים? פאַרוואָס פרעגן מיר קיינמאָל ניט די דאָזיקע פראַגע? איז עס ניט דערפאַר וויל אַ מיינונג פון דעם סאָרט שיינט אונז צו זיין ניט וויכטיק גענוג. די גאַנצע עקזיסטענץ פון דעם זאַמדעלע גייט אונז ניט אָן, וויל מיר נעמען עס ניט אַריין אין אונזער אינטערעס ווי וויכטיקע ווערטן. מיר האָבן ניט קיין אינטערעס אין איר עקזיסטענץ אָדער אויפלייזן זיך. אין שייכות צו אונזער אופן פון לעבן זיינע אַלע באַוועגונגען פון דעם זאַמדעלע ווי גאַרניט... „גאַרניט" בייטיקט זיך ניט אין קיין שום אורזאַך פאַר זיין עקזיסטענץ.

איצט באַטראַכט אונזערע לעבנס אין שייכות צום אוניווערס אין זעלבן אופן ווי דו האָסט באַטראַכט דעם זעמדעלעס עקזיסטענץ אין שייכות צו אונזער לעבן.

זיינען מיר ניט אויך ווי גאַרניט? צו וואָס־זשע באַמיען מיר זיך צו געפינען אַ פאַרענטפערונג פאַר דעם זין און צוועק פון אונזער לעבן?

נאָך מער — אַזוי ווי אין אונזער וועג פון לעבן איז פאַראַן אַ נויטווענדיקע עקוויליבריום און באַלאַנס צווישן באַגער און באַפרידיקונג, צווישן נויטווענדיקייטן און שלוסן, אויך צווישן פאַרשידענע טיפן אין גראַדן פון סאַטיספאַקציע — מוזן מיר שליסלעך אָנקומען צו דער פראַגע: וואָס איז דער שלוס פון אַלע שלוסן? וואָס איז דער זין פון דעם גאַנצן סיסטעם פון אויפגאַבן, שוין ניט רעדנדיק פון אייגעם פון זיינע אָרגאַנען בלויז?

די דאָזיקע פראַגע, אויף וועלכן עס איז אופן עס ווערט געפרעגט, איז ניט באַגרינדעט. מיר קענען פרעגן: „פאַרוואָס לעב איך? וואָס פאַר

אַ זין און צוועק איז פאַראַן צו מיין עקזיסטענץ?״ אָדער מיר מעגן עקספּאַנסירן דעם פּאַרנעם פון אונזערע פראַגן און פרעגן: „פאַרוואָס עקזיסטירט דער אוניווערס? צו וועלכן צוועק עקזיסטירט יעדער צוועק? וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס זיין אַלס אַ גאַנצעס?״ דאָס זיינען פראַגן וואָס קענען ניט פאַרענטפערט ווערן. דאָס זיינען וואַרצלאָזע פראַגן, ניט האָבנדיק קיין שום שייכות צו די וויטאַלע קוואַלן וואָס גיבן זין צום לעבן. דאָס זיינען איבערפלעכלעכע געדאַנקען, געבונדן צום לעבן זעלבסט. זין האָט אַ באַדייטונג אין דעם סיסטעם פון לעבן — ניט אויסער איר.

מיר קענען צוגעבן, אַז דער פאַקט פון שטעלן אַזעלכע פראַגן באַווייזט אַן אָפּשוואַכונג פון לעבן, אַ פאַרלוסט פון צוועקפולער אַמביציע. אַ מאַן פול מיט צוועק האָט ניט קיין פּלאַץ אין זיין נאַטור פאַר צוועקלאָזע פראַגן וועגן צוועק. ווען דער עלטער באַהערשט אַן אינדיווידועלע נשמה, אָדער אַ געמיינשאַפט, און זי הייבט אָן צו פרעגן וועגן דעם זין פון דער גאַנצער עקזיסטענץ, קענען זיינע פראַגן ניט געענטפערט ווערן. זיי קענען בלויז איינגעשטילט ווערן דורך אַ דאָזע פון פאַרשיכורונג; אָדער די שיכרות פון ליידנשאַפט, די שיכרות פון רעליגיע.

***

די הויפּט־דיפערענצן צווישן אַ שרייבער און אַ פּסיידאָ־שרייבער, אין אַנדערע ווערטער, צווישן אַ שרייבער פון טאַלאַנט און אַ שרייבער פון קיין טאַלאַנט, באַשטייט דערין: דער ערשטער דריקט אויס זיינע געדאַנקען און געפילן מיט אַ גרויסער מאָס פון דירעקטקייט און אַדעקוואַסי, בשעת דער צווייטער דרייט זיך אַרום און אַרום זיין סוביעקט.

אַוודאי, דירעקטקייט און אַדעקוואַסי פון אויסדרוק זיינען פאַראַן אין אַ סך גראַדאַציעס, וואָס גיט אונז אַ יאַרדשטיק צו מעסטן און קלאַסיפיצירן דעם טאַלאַנט.

***

קיין געזעלשאַפט איז ניט אַזוי לאַנגווייליק ווי אַ פאַרזאַמלונג פון שרייבערס. דאָס גאַנצע ליכט און וואַרעמקייט פון זייערע נשמות איז פאַרצערט געוואָרן פון זייערע ליטעראַרישע אַרבעטן. זיי זוכן קאַמפּאַניע בלויז צו אויסלופטערן די ווערטלאָזע גייסטיקע איבערבלייבענישן פון זייערע זעעלן. טיפּיש איינזאַמע, קומען זיי זיך צוזאַמען בלויז ווען זיי ווילן זיך אָפּרוען פון אינטעלעקטועלער אַנשטרענגונג. יעדער לאָזט איבער זיין אינספּיראַציע אין דער היים. און קומט צו דער געזעלשאַפט פּוסטלעך און אויסגעליידיקט.

דאָס איז די אורזאַך פאַרוואָס זייערע שמועסן ביים טיש זיינען היפּש אויסגעדראָשן.

געוויינלעכע מענטשן אָבער געפינען ניט קיין אויסדרוק אין צוריקגעצויגענער איינזאַמקייט. ווען זיי קומען זיך צוזאַמען אין געזעלשאַפט, זיינען זיי פול מיט אומאויסגעדריקטער רייכקייט. זיי שענקען צו זייערע פריינט דאָס בעסטע וואָס איז אין זיי, נערן זיך אינטעלעקטועל דורך אַ קעגנזייטיקן געבן־און־נעמען. —

ניו־יאָרק, אַפּריל, 1948.

# שאַטנס אין נעפּל

אַרום דריי בייַנאַכט האָב איך זיך געפֿונען אינעם פֿיַנעם צי־מער פֿון מיַין פֿראַנצויזישער פֿרייַנדין, אַרלען.

ס'איז געווען אַ ניו־יאָרקיש פֿיַכטע נאַכט, ווען מען קען שניַידן דעם נעפּל אין דער לופֿט. ווי שפּינען האָבן זיך געראַנגלט די ביי־מער צוויַיגן מיט דעם געדיכטן און רואיקן נעפּל. פֿיַערן אין די פֿענצטער האָבן זיך איינציקוויַיז אויסגעלאָשן — ביז איך מיר אַרויף צו מיַין פֿרייַנדין, אַ בלאָס מיידל, אַ דיכטערין, זיך אַנגעגעבעם איינגע־מאַסטשעט און געמיטלעך געשמועסט. בשעת מיר האָבן גערעדט האָב איך דערווייל באַטראַכט באַנאַרס אַ בילד, וואָס האָט פֿאַרגע־שטעלט דריי בלומען, ווי דריי קליינע פֿלעמלעך, אין וועלכע אַ וואַנ־זיניקער מאַרטירער־גאָט האָט זיין האַרצנס בלוט אַריינגעטריפֿט — האָבן זיי, די בלומען, געלויכטן אומפֿאַרלעשבאַר, דורך די צייַטן גע־לויכטן. און ברענענדיק—האָבן זיי געליטן. אין שמערץ און אין וואַנ־זין האָבן זייערע דינע, איידעלע בלעטער זיך געקאַרטשעט. איך האָב געהאַט מיטלייד מיט זיי.

אויף אַ וואַנט, דעקאָרירט מיט שטיקלעך זייד און בודואַרישע מיניאַטור־קונסטווערק — איז געהאַנגען אַ בילד פֿון קאַראָ — ווי אַ בלויער שטראָם, וואָס שטראָמט אריין אין דער בלויער אייביקייט; אַ מיסטישער שטראָם, ווי אימאַזשן פֿון ביימער, פֿון נימפֿעס אין זוניקן ציטער. איך האָב זיך געוואָלט ווי מיטטראָגן מיטן בלויען שטראָם, וואָס זעגט און ריזלט דורך אומבאַקאַנטע שטראָמען, רייסט זיך דורך אַלטע פֿעלזן, באַקלעפּטע מיט אינזעקטן און טראָגט זיך סוף־כל־סוף אַריין אין דער ענדלאָזיקייט.

און בשעת איך בין אַזוי געזעסן ביי מיַין בלאַסער פֿרייַנדין אין צימער און באַטראַכט די בילדער אין דעם גאַנצן לאַר פֿון זייערע קיינמאָל־נישט־וויאַנענדיקע קאָלירן — און פֿון צייט־צו־צייט מיט די ליפּן קוים באַרירט דעם שלאַנקן האַלדז אירן — האָט, דאַכט זיך, עמעץ אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. עס איז געווען אַ נישט־דרייסט קלאַפּן, פּונקט ווי אַ פֿויגל וואָלט אין דער שפּעטער נאַכט מיט זיין פֿליגל די טיר באַרירט. צוליב דער נישט־דרייסטקייט פֿונעם קלאַפּן האָבן מיר דערצו נישט געשענקט קיין אויפֿמערקזאַמקייט.

אַרלענס צימער האָט זיך געפֿונען אין דער הויך, אויפֿן דריטן גאָרן, אין אַן אַלט הויז פֿון פּאַרק עוועניו, וואָס איז אַמאָל געווען אַ קאַטוילישע קירכע.

ווען מיר זיינען אַ שטונדע שפּעטער אַרונטערגעגאַנגען, און ווען די דינע און ציטערנדיקע אַרלען האָט געעפֿנט די אַלטע, מיט דעקאָראַטיוון אייזן־באַשלאָגענע טיר — איז זי בליצשנעל אָפּגע־שפּרונגען. אין דער אָפֿענער טיר, ווי אין אַן אַלטער ראָם, איז געווען איינגעראַמט אַ פּאָרל און עפּעס געמורמלט. אַ דינער, מאָגערער שפּאַ־נישער בחור, פֿון אַ יאָר צוואַנציק, האָט געמורמלט וועגן אַ פּריסטער...

מיך איז באַפֿאַלן אַ מיסטישע אומהיימלעכקייט. אין דער שפּע־טער נאַכט, שוין אין פֿורפֿורנעם באַגינען, ווען די אור־שאָטנס הייבן אָן צו צעפֿליסן, זיך אויסצולעשן, זינקען אין דער ערד ווי טונקעלע אינסעקטן — שטייט אַ שפּאַנישער בחור און מורמלט עפּעס. איך

האָב געמיינט אַז עמעץ איז געשטאָרבן אין זיין פאַמיליע און אין דער אומהיימלעכער נאַכט, וואָס רינט מיט טוי און וואָס וועט זיך באַלד אָנפילן מיט בראַנדז פון אויפגייענדיקן טאָג, רופט ער דעם גלח צו דעם גוססדיקן . . . דער פחד פון טויט, פון פאַטאַלן טויט — האָט איבער מיר געוויייעט . . .

אַביסל ווייטער, צו דער וואַנט צוגעטוליעט, איז געשטאַנען אַ קליינע יונגע פרוי, אַ שאַטנדיק־טונקעלע שפּאַניערין. די האָר אויף איר קאָפּ זיינען געווען פאַרפּיומיק־פּייכט און האָבן ווי בלומען גע־רוען מיט טוי. איר געזיכטס־הויט האָט געהאַט אַ ברוינעם זייד־קאָליר, ווי פון רייפע פרוכטן, ווען די גראַוויטאַציע פון דער ערד ציט זיי צו מיט דער גאַנצער קראַפט און דער שפּעט־זומער פאַרבט זיי אויף אַ ברוינעם קאָליר, וואָס פאַלט אריין אין וואַרעמען בראַנדז. זי איז געווען איינזאַם און טרויעריק. טרויעריק פון דערוואַרטונג.

איך האָב פאַרשטאַנען אַז זי האָט אַ שייכות צום שפּאַנישן בחור, און נישט דער טויט איז איצט די סיבה פון זייער נאַכפרעגן אויף אַ פּריסטער . . .

מיין פריינדין, אַ נייגעריקע, האָט אין אַ גוטן שפּאַניש אויסגע־פרעגט דעם בחור. דער בחור האָט אָנגענומען דאָס הויז, וואו אַרלען האָט געוואוינט, פאַר אַ קירכע. ווען מיר האָבן אים צוגעפירט צום טויער פון אַ ריזיקער קאַטוילישער קירכע, וואָס איז געווען פאַראַנ־קערט אין דער ערד ווי אַ מיטלאַלטערלעכע פעסטונג, האָט ער גע־קלאַפּט מיט זיינע נערוועזע הענט אין דער טיר, אין דעם קאַלטן איינזן. אָבער, עס איז שוין געווען באַגינען. וויזט אויס אַז דער פּריס־טער נעמט נישט אויף אַזוי שפּעט קיין באַזוכער. און בשעת ער האָט געקלאַפּט אין דער טיר, האָט מיין פריינדין מיר דערציילט אַז ער זוכט דעם פּריסטער, כדי חתונה צו האָבן. ער קען נישט וואַרטן לענגער . . . און אַזוי ווי זיי זיינען רעליגיעזע מענטשן — קענען זיי נישט האָבן קיין פאַרקער אָן דעם גלחס צושטימונג . . . און אין דער שפּעטער נאַכט, איינזאַמע, פון פיבער געציטערט, איינגעהילט אין נעפּל — פון גורל געבונדן — זוכן זיי דעם פּריסטער . . . — — —

ווען איך בין אַוועק פון מיין פריינדין, גייענדיק דורך דעם טוי־פייכטן צענטראַל־פּאַרק, האָב איך געטראַכט וועגן דער פּאַסירונג. איך האָב געזען ווי בײדע, דאָס שפּאַנישע פּאָרל, זיינען אַוועק אין דער טונקלקייט — אויפגערייצטע, אַנטוישטע, מידע און אומגעדולדיקע. די ליידנשאַפט האָט זיי אויסגעמאַטערט. און הגם עס איז אַוועזנד גע־ווען די גאַנצע ערד מיט אירע ביימער, פלאַנצן און בלומען — און דער גאַנצער הימל מיט זיינע שטערן — און אַלע פּאָעטישע צויבע־רייען פון דער נאַכט — האָבן זיי נישט געהאַט געבונג. זיי האָבן זיך געניייטיקט איבעם גלח וואָס זאָל זיי פאַראייניקן . . . און — איך האָב געזען ווי די נאַכט איז גערונען אויף זיי מיט איר טוי . . . און ווי זיינע אויגן האָבן געברענט, ווי ביים אורמענטש, ביים אודמאַן, ווען ער האָט אין דעם אורדזשאַנגל דערזען די ווייבע, די בלייכע, די פּאַסיווע, די אין גורל רואיק־דערוואַרטנדיקע חוה — און ער האָט זי געגריפּט אין זיינע מעכטיקע אָרעמס און זי צו זיך געדריקט און זי צו זיך געטוליעט. און ווי אַלץ האָט אין דעם שפּאַניער געציטערט — דער שפּאַניער, וואָס איז פּיליכט אַן אור־אור־אייניקל פון אַ

ציגישן אינקוויזיטאָר, וואָס האָט בערדיקע, הילפלאָזע און פאַר־צווייפלטע אידן געברענט אויף אויטאָדאַפעען.

און פאַרוואָס האָב איך זיך אַזוי דערשראָקן ווען איך האָב אים אין דער נאַכט דערזען — אין דער נעפּל־און־טוי־פייכטער נאַכט?... האָב איך אַמאָל — אַן אַנגעצונדענער ווי אַ שטורקאַץ, פון די פּלאַ־מען פון מיין קלעפּיק אַון הייס לייב, געקוקט אויף זיין ציגיש געזיכט, געזען—מיט פולע הונדערטער יאָרן צוריק, דער אייגזאַמער געגוזער איד קאָלומבוס האָט זיין טרויעריקן בליק געטונקען אין דעם שוים פון די אַטלאַנטיק־כוואַליעס? . . .

אַ מאָמענט. אַ בליץ־אויפשיין. אַ ראַקעט פון נאַציאָנאַלע אור־געפילן. ווייל יעדער איז סוף־כל־סוף צוגעבונדן, צוגעקרייציקט צו זיין פאָלק ווי צו אַ גרויסן פעלדז. ווי דער מושעל, וואָס רוישט און יאָמערט מיטן געזאַנג און מיטן כאָר פון אָקעאַנס טיפעגישן — אַזוי זינגט עס אין יעדן מיטן אָרקעסטער פון זיין פאָלק. און יעדעס פאָלק קלינגט מיטן אָרקעסטער פון דער וועלט. פון דער אוראַלטער מענטש־הייט, וואָס איז אַמאָל געווען איין משפחה, איין פּאָרל — אדם און חוה . . .

און — אַ צווייטער געדאַנק האָט אויפגעבליצט: אפשר זיינען זיי די אוראייניקלעך פון אונדזערע מאַרטירער אַנוסים? אפשר פליסט אין זיי אידיש בלוט? האָבן זיי נישט אין דער נאַכט געלויכטן מיט אַ מאָדנעם שיין, דעם שיין פון שייטערס? האָבן זיי נישט פאַרראַטן אין זייער בערוועזיטעט — אידישן אומרו, דעם אומרו פון די נביאים? . . .

איך האָב געהאָט אַ געפּיל צוריקצולויפן און זיי צו אומאַרמען — אין דער אומהיימלעכער נאַכט — די אייניקלעך פון אברהם, יצחק ויעקב . . . די אייניקלעך פון שרה, רבקה, רחל און לאה . . . — — —

דער באַגינען האָט זיך געעפנט ווי אַ ברייטע אַפערע־דעקאָראַ־ציע — אויפלייכטנדיק און אַפּדעקנדיק קלאָרער די קאָנטורן.

די זון — ווי אַ געניטער מייסטער — האָט געמאָלן אויפן נאַכ־טיקן הימל רויטע רויזן, פון אומגעהייערער שיינקייט, וועמענס בליצ־אַרטיק וואַקסן און שפּראָצן מען האָט דייטלעך געקענט נאָכפאָלגן.

און די בלומען — עלעקטרישע — פון דער מאַלעריי פון באַ־נאַר — זיינען פאַר מיר אויפגעגאַנגען. און — דאָס פאָרל, ווי זיי זוכן זייער גליק, ווי זיי טרעטן דורשטיקע און פיבערדיקע אויף דער ערד — דער אייביקער אדם און די אייביקע חוה, — פייכט, מיט אַ מידע רויז אין אירע פאַרפיומיקע, לויזע לאָקן . . . — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס לעבן פון דער שטאָט האָט זיך אויפגעוויקלט, ווי עס וואָלט אַנטצויבערט געוואָרן פון זיין צויבערהאַפטן, שטיינערנעם שלאָף און עס וואָלט זיך אַנטבלויזט ווי אַ ים מיט זיינע אומרואיקע כוואַליעס . .

און אַלץ איז געוואָרן מוזיק. און אַלץ איז געוואָרן — באַוועגונג, ריטם, אַקציע, טאַט . . .

און צוזאַמען מיט די שפּינוועבסטיקע שאָטנס פון דער נאַכט האָבן זיך פון מיין געהירן אויסגעוועפּט די צווי פיגורן פון די שפּאַ־נישע ליבע־דורשטיקע, רעליגיעזע קינדער — קינדער פון אינקווי־

זיטאָרן מיט דעמאַניש־בלעכענע מאַסקעס — אָדער פון אידן־מאַר־טירער, מיט ברענענ־בראַנדז־בערד — איינגעהילט אין פלאַמען . . .

ניו־יאָרק, סעפטעמבער 4, 1943.

# ב. א. ווײַנריב—ב. ריווקין—מאַרק טאַלעראַז...

(נעקראָלאָג)

ערשטער פסעוודאָנים — ב. א. ווײַנריב — וואָס גאָט האָט אים געגעבן.

ב. א. ווײַנריב איז געווען אַ קורצער און אַ קרעפּטיגער — אַ קליי־נער הערקולעס. מענטשן האָבן געזאָגט אַז ער באַזיצט אַ ריזיגן כוח. די האָר געשוירן ווי ביי אַ פּוילישן פּויער. ער שלאָגט זיך מיטן וואָרט — מיט זיין גאַנצער פיזישער גבורה — שוימט דאָס מויל אומבאַהאָלפן אין געשלעג מיטן וואָרט. ער איז מער אַטראַקציע ווי רעדנער. ער זשעס־טיקולירט מיט די הענט. שפּאַצירט און לויפט אַרום ווי אויף אַ סצענע. דו זעסט — אין מויל ברענט און דאָס וואָרט ווערט פאַרברענט. פּלוצ־לינג — ווי פון אַ גרויסן חלום — אַ פאַרשוויצטער, צעשיינט ער זיך ווי אַ קינד. ער האָט דאָס וואָרט ענדלאַך אַרויסגעבראַכט. אָט פאַכעט ער דערמיט הויך — ווי יענער אַצטעקישער פּריסטער וואָס פלאַטערט הויך מיטן בלוטיגן האַרץ — אַרויסגעריסן פון דער ברוסט פון זיין אינדיאַנער־קרבן.

ב. א. ווײַנריב האָט הומאָר. ליכטיגע אויגן פון אַ סאַטיר. און אַזוי האָט טרויעריג אָפּגעלעבט זיין לעבן ב. א. ווײַנריב — דאָס לעבן פון אַ אידישן שרייבער — אָן פרנסה. אין געשלעג מיטן שיקזאַל. און ב. א. ווײַנריב איז אין אַ טאָג געגאַנגען שלאָפן אין דר׳ערד — זיין אייביגן שלאָף. דאָרט וואו עס שלאָפן שמשון הגיבור און דוד המלך — און זיינע טויזנט ווייבער . . .

⁂

ב. א. ווײַנריב פאַרלאָזט זיין נאָמען, וואָס די נאַטור האָט אין אים מיט פייער אויף אַלע זיינע ביינער אויסגעקריצט — און טוט אָן אַ מאַסקע־און־קאָסטיום פון אַ מאַן מיטן נאָמען „ב. ריווקין״.

—ב. ריווקין — ליטעראַטור־קריטיקער. טרוימער. מיסטיקער. פילאָ־סאָף, רעליגיע און ליטעראַטור — איינס. „גלויבנס־אַקט און שאפונגס־

אַקט זיינען אידענטיש . . . די פרייד פון שאַפן — איז רעליגיעזע פרייד".

דער גלויבן — ווי די ליטעראַטור — ברענגט אַרויס פון גאָרנישט — אַ יש, אַן עקזיסטענץ, אַ קאָסמישן באַשעפער. די ליטעראַטור עפנט קוואַלן פון אייביגקייטס־לערע. אויף די העכסטע שפּיצן פון קאָסמאָס פאַראייניקן זיך רעליגיע, פּאָעזיע, וויסנשאַפט, טרוים און מוזיק. עס גייט אַ טאַנץ צום אומענדלאכן — אין העכסטן **עקסטאַז**.

די אידישע ליטעראַטור דאַרף איבערנעמען אַ גרויסע מיסיע — „צוצוגרייטן אַ נייע גלויבנס־מאַניפעסטאַציע פאַר מענטש און וועלט־איבערשאַף".

ב. א. ווײַנריב האָט זיך ביטער געשלאָגן מיטן וואָרט. ביידע זיינען פון געפעכט אַרויס שטראַלנדיג־פאַרבלוטיגט. אָבער צו ב. ריווקינס דיספּאָזיציע ליגט אַ רייך לשון. ער לאַדט עס איין אין זיין געדאַנקען־אָפּערע. שרייבנדיג וועגן איינשטיין און וואַגנער, וועגן ווערפעל און ברענער, וועגן פּרץ און לייוויק — שרייבנדיג וועגן אידישע געשיכטע און פילאָסאָפיע — איז ער צעשויבערט, צעכוואַליעט, בליצאַרטיג, פלאַמענוואַרפנדיג — דו האָסט צו טאָן מיט אַ וואולקאַנישן כאַראַקטער וואָס טוט אַלץ אָן אין יום־טוב. וואָס צווינגט אַרויף זיין אָנגעצונדענעם געדאַנק, זיין גאָט־האַלוצינאַציע אויף אַלץ. ער טוט אָן אין געטלאכקייט יעדן קינסטלער. ער גייט אַרום איבער די רעדאַקציעס און טיילט לעקאַך פון גאָט־גלויבן.

ליטעראַטור — קריטיק — דאַרף דינען דעם העכסטן צוועק. קריטיק דאַרף דערציען — עפענען פלאַמענדיגע האָריזאָנטן. דאַרף שטורעמען די ענערגיע־פּאָטענצן. דאַרף קלאַפּן אין די מוחות פון אַטאָמען. דאַרף צעלויכטן די כוחות פון פאָלק. די אידן — אַ פאָלק וואָס האָט זיין גורל איבערגעגעבן צום וועלט־באַשעפער. צום הימל־גלויבן. זיי האָבן די געשיכטע זייערע פאַרוואַנדלט אין טאַט. אין געשלעג מיט זיך זעלבסט. אין העראָאישער דראַמע. —

***

פון ב. ריווקין האָט אין אַ שטורעם־נאַכט זיך אָפּגעבראָכן — ווי דורך כישוף — אַ מאַן מיטן נאָמען „מאַרק טאַלעראָז". דאָס וואָס ב. ריווקין האָט געפּרעדיגט הויך־דעקלאַמאַטאָריש — אין פייער פון עקסטאַז — האָט מאַרק טאַלעראָז האַלב אין ערנסט — האַלב אין הומאָר — אַרלעקיניש אויפגעפירט אויף דער סצענע פון אַ צייטונגס־קאָלום. עס טומלען דאָ שוואַרצע נאָנעס מיט ביטערע גרימאַסן און פרויען וואָס לויפן ווי ברענענדיגע וואַלקיריעס — פון פייער. עס גייען אויף פאַנטאָמען און גייסטער. אָפּגעריסענע געשטאַלטן און פאַרזעענישן. שדים, רוחות און בלאַסע געשפּענסטער. שאָטנס און ספּעקטערן פון „יענער וועלט" און שטיקער שפּינוועבסדיגער חלום.

עס איז אַ שפּיל מיטן גאַנצן ספּיריטועל־אָקולטיסטישן קלאַפּערגעצייג. און אַלץ וויל דער נאַאיווער מארק טאלעראָז דעקן — אלע חלומות פון דער וועלט. ער שווימט דאָ — דער מאָדערנער פּרינץ דניאל מיטן ברייטן שטראָם. אין דער וועלט פון אַבסטראַקטן געדאַנק איז נישטאָ קיין אַקציע. ווען ב. א. ווײַנריב רעדט — קלאַפּן ביי אים אלע איברים. ער איז ווי אַ צירק־קלאַון צום פּובליקום. ווען ב. ריווקין שרייבט — טוט זיך עס מיט וואַגנערישער מיטאָלאָגיע־געטער און מיט אורוואַלד־עלעמענטן. ער וואַרפט זיינע ווערטער ווי אַ שניי פון פייער־

לאַוועַ. ווי אַ האָגל פון גאָלדענע גלאָקן. נאָר מאַרק טאַלעראַז — ער לייגט קלאַפּטערס אויפן ברייטן שטראָם. וואו נאָך האָט ער עס אַרום זיך אַזוי פיל גייסטער און רוחות. ער טראָגט זיך אין אַ וועלט פון נישט־גוטע — און גוטע זיידעס און באָבעס, וואָס קומען ראַטעווען זייערע נאָענטסטע פון אומגליק. ער גלויבט אַז „דער חלום איז דער פענצטער פון מענטשנס נשמה. דער חלום איז דער זעלבסט־פּאָרטעט פון מענ־טשענס אינערלאַכן לעבן. וואָרום בלויז איין צענטל וואָס דער מענטש ווייסט וועגן זיך ליגט אויבנאויף אין זיין באַוואוסטזיין. ניינצענטל איז פאַרזונקען אונטער זיין באַוואוסטזיין — אין זיין אונטערבאַוואוסטזיין, ווי מען רופט עס". —

הכלל — מאַרק טאַלעראַז וויל היילן די ליידנדיגע — דורך זייערע חלומות. פּותר חלום זיין — איז היילן. גייסטיג קורירן. שיר נישט אַ נייער פרויד . . . מאַרק טאַלעראַז פּראָפּאַגירט היפּש ב. ריווקינען . . . אָבער אויך אין די דאָזיגע פּאָפּולערע שטיקער פּראָזע — לויכט אויף ב ריווקין דער קאָסמיש־באַוואוסטזיניגער עסייאיסט, דער מיסטיקער און דענקער. — — — — — — —

און ביי דעם אַלעם — קיין איינציג בוך נישט אַרויסגעגעבן. ווי האָט ער אין טאָוולען געקענט אַריינצווינגען און אַריינ׳סדום׳ען זיין צעשויבערט וואָרט — ווי אין אַ סדום־בעטל?

ער האָט זיך צעשריבן איבער אַלע צייטונגען און זשורנאַלן — מיט זיין האַלוציניִרט, העלזעעריש, שטראַלנדיג וואָרט. זיין וואָרט — וואָס האָט געלויכטן מיט פּאַספאָר, מיט גלויבן. מיט זיין אינערלאַכער גייסט־ענערגיע. — — — — —

און אין אַ טאָג האָט ב. א. וויינריב זיך רירנדיג געזעגנט מיט מאַרק טאַלעראַז — מיט ב. ריווקין — און איז געגאַנגען נאָקעט און איינזאַם אין דער נאָקטורנער אַלייע — אין דער אַלייע פון מאַרמאָרנע שוואַרצע בוימער — מיט אַ שוואַרצער לבנה אויפן שוואַרצן האָריזאָנט.

ניו־יאָרק, יוני 30, 1945.

# פלאסטישע שטימונגען

(צום 20 יעריגן ליטעראַרישן יובילײ פון יעקב סטאָדאָלסקי)

מען איז געוואוינט אָנצוהויבן „די וועלט פייערט איצט" — אָדער: „די אידישע ליטעראַטור פייערט דעם יום־טוב", א.אז.וו. עס איז אָבער א פאַקט, אז א קליינע, אינטימע גרופּע פייערט דעם ליטעראַרישן יובילײ פון יעקב סטאָדאָלסקי, א מאַן וואָס וואַגט אין אונזער טראַגישער צייט צו דיכטן . . . פאַר מיר פּערזענלאַך איז עס ווירקלאַך א יום־טוב. איך וועל קויפן א נייעם, רויט־צעלויכטענעם קראַוואַט פון דינסטן זייד, ווייך און בויגעוודיג ווי דאָס לייב פון דער פיינסטער פרוי — און קומען צו זיין יום־טוב פייערלאַך און טרויעריג. איך וועל אים זאָגן עטלאַכע צאַרטע ווערטער, אין האַרצן לאַנג געוואָרעמט און — וועל פילן זייער גערירט . . .

יעקב סטאָדאָלסקי איז מיין אינטימער פריינט און — אינטימער דיכטער. עס מאַכט נישט אויס וואָס איך האָב נאָך אַנדערע דיכטער, אין וועלכע איך בין ראָמאַנטיש פאַרליבט. פאַראַן אין אידיש זעלטענע ליריקער, וואָס ווען זיי וואָלטן שרייבן ביי אַנדערע פעלקער — וואָלטן ראָמאַנטיש־דעלירישע מיידלאַך זיי געשיקט זייערע דינע לאָקן-פראַגמענטן און בריוולאַך פול מיט לירישע סענטימענטן. נאָר ווען איך ליב אויך די אַנדערע דיכטער, איז הייליג מיין ליבשאַפט צו א יעקב סטאָדאָלסקי, ווייל דער וואָס ליבט דאָס גוטע ליד — דעם דאַרף מען דאַנקבאַר זיין און געשעצט ווערן פאַר אזא אינטים־געליבט ווערן . . .

איז די מוזיק פון סטאָדאָלסקי'ס לידער — א לירישע, א צאַרטע, א ווערלעניש־האַרבסטיגע? ניין. ערגעץ אין א ליד דיסקוטירט ער מיט ווערלען:

„לעגאַבע דיין מוזיק־טעאָריע
שלאָג איך פאָר — גייסט!"

ס'איז נישט די מוזיק פון א פידל וואָס דיכטעט אויס א רעליגיעזע באַך־מעלאָדיע און אויך נישט די פיאַנא וועמענס קלאַווישן שלאָגן אויס א נאָקטיורן. עס איז גיכער א מעלאָדיע אויסגעקלאַפּט דורך קאַסטאַניעטן. עפּעס האַרטעס איז אין אים. עפּעס מעכאַנישעס אין זיין מעלאָדיע. אָבער אין מאָמענטן פון טיפער אינטימיטעט, ווען די מוזע זיינע קושט זיך טיף איין אין זיין האַרץ — קלינגען דאַן זיינע פערזן צאַרט און ליריש, אָבער — אויך געלייטערט. סענטימענט דערהויבן צו ריינער דיכטונג, וואו דאָס וויזיאָנערע און געדאַנקלאַכע דאָמינירן איבער דער עמאָציע און מעלאָדיע. אין דעם זין געהערט ער צו די סאַמע מאָדערנסטע דיכטער, פאַר וועמען דאָס וואָרט מוז זיין געשליפן און אויסגעשמידט, שאַרף ווי א שווערד און פאַר וועמען דאָס געפיל מוז ווערן באַהעפט מיט געדאַנק. העכסט־ראַפינירטע פאָרם, דעסטילירט, קלאָר־קרישטאָליג געפיל און מוח־שאַרפקייט בילדן א גוט ליד.

סטאָדאָלסקי איז מיר נאָענט אין דעם זין וואָס ער איז מאָ־

דערן, באַווירקט פון דעם גלענצנדן פראַנצויזישן אינטעלעקט, פון דעם עלעגאַנץ, ראַפינירטעט און עסטעטיציזם פון דער ווייַן־און־לוסט־שטאָט פּאַריז. זיין ליד איז אַ מעטאַלענע קאָמפּאָזיציע. איר פילט אַז די פערזן זיינען געשניטן, געהאַמערט, געפורעמט געוואָרן אין דער קוזניע פון אַ מאַן וואָס דענקט און פילט פּלאַסטיש, פאַר וועמען די פאָרם איז אַזאַ וואָס איר קענט זען און אָנטאַפּן. דאָס סקולפּטורישע גיט צו זיין ליד פּלאַסטיק, קראַפט, מעכטיקן אויס־דרוק. דאָס ליד פון אָט דעם מאָדערנעם דיכטער באַזיצט — מע־טאַל, מאַרמאָר, קיזל־שטיין און — עס שטראַלט אָפּ, עס שלאָגט זיך אָפּ אין אַ פּערמאַנענטן לבנה־ליכט, ווי שוואַרצע, פאַרגליווערט־מאַרמאָרנע מצבות וואָרן בולט אין די נעכט, ווען אַ גרויזאַמע לבנה בייסט זיך איין אין זייערע בוכשטאַבן און פילט זיי אָן מיט אַ שרעקלאַך־בלוטיגן גאָלד.

ווען דער פּלאַץ פאַר מיין אַרטיקל וואָלט נישט זיין באַגרעניצט — וואָלט איך דאָ ציטירט הונדערטער פערזן פון זיינע ביידע ליד־דער־ביכער („אירליכט״, ניו־יאָרק, 1933, און — „ליכט פאַר די לאָדנס״, ניו־יאָרק 1938).

„די קוזניע פון טאָג איז שוין אָפּן.
דער פּאָטאַלער שמיד אין בראָנזענע קליידער
(פּראָמעטעאוס־ליכט גריסט זוניג זיינע אויגן)
איז שוין אין סאַמע פלייס פון זיין אַרבעט.
פון אונטער זיין קאָוואַדלעס פּייער־בעט
קומען מיר אַלע, ווי מיר זיינען, אָפיר:
ווער גאַנץ פאַרמירט ווער האַלב פאַרמירט,
ווער ווי די לעצטע ברוכשטיקער
אין אַן אַטעליע פון אַ שיקזאַליגן סקולפּאָרט״.

פאַראַן אין יעקב סטאָדאָלסקי׳ס לידער אַ מין ראָמאַנטיזם פון אַ מאָדערנעם מענטשן, אַן אור־ליידנשאַפט, אַן אינסטינקטיווע קראַפט, אַן אַטאַוויזם — וואָס ווערט אָבער געצווימט און געמייסטערט דורך אַ מאַן וואָס איז ראַפינירט און — אַן עסטעט, אַן אומסענטימענטאַ־לער מענטש. ווי דער ווילדער מענטש וואָס פרייט זיך און וויינט ווען ער געפינט אין וואַלד דעם צעלויכטענעם שפּיגל — אַזוי פרייט זיך, וויינט, טומלט זיך דער סטאָדאָלסקי מיט זיינע אייגענע כוחות, מיט די אור־אינסטינקטן, מיט די טראַגישע איבערלעבענישן, מיט די עמאָציעס, וועלכע ער אַנטדעקט אין זיך אין מיטן העלן טאָג פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט. דערפאַר אַזאַ כאַאָס אין זיינע ליד־דער־טעמעס. דערפאַר — אַזויפיל קאָנפעסיע, אַזויפיל וואונדער, אַזויפיל געצווימטער ענטוזיאַזם. אַזויפיל דראַמאַטישעס, אַזוי פיל קאָנפליקט, פאַרצווייפלונג, ווייל דער פּאָעט פילט זיך כסדר אין ציר־קוס פון דער וועלט — און ווי דער ווילדער מענטש און ווי דער מאָדערנער אייראָפּייער וואָס שטוינט איבער די קולטור־דערגרייכונ־גען און איבער די ווילדקייטן פון אונזער צייט. זיינע לידער דער־מאָנען מיך אין דעם גאַניאַלן מאָלער רוסאָ, אין וועמענס בילדער די לבנה שמידט די פאָרמען פון דער ערד, וואו די אור־אַטמאָספערע הויערט איבער אַלץ, וואו דאָס קאָסמישע ליכט פאַרגליווערט אַלץ און מענטש דרימלט און טרויימט דעם אור־וואַלד, די שרעק. און חיה גייט אַרום איבער דער ווייסער אויבערפלאַך און איר פעל גלאַנצט

זילבערדיק אין לבנה־ליכט . . . רוסא האט אזא ווילדע, מעכטיגע ענערגיע, אז איך פיל: די בילדער וועלן אויפרייסן, פלאצן, זיך אנ־צינדן ווי בליצן. דאס זעלבע פיל איך ביי יעקב סטאדאלסקי: זיינע לידער באזיצן קאלטן פייער, א געהיימען דינאמיט. דערוויייל טוט ער זיי אן אין אייזערנע פאנצערס . . . ער איז מענלאך אין די לידער. א ווילדער מענטש שרייבט זיי אינם צירקוס פון אונזער צייט. דערפאר זיין דראנג — צו פורעמען אין שטיין, צו שניידן פעלזן, צו שליידערן וויזיעס אין גראניט . . . ס׳איז דער אור־מענטש וואס קריצט אין דער הייל מיט פיילן פון זיין קאלאסאלער בענקשאפט.

אפטמאל איז יעקב סטאדאלסקי — פובליציסטיש אין זיינע לי־דער, וועלכעס מערקט זיך שארף אין זיין צווייטן בוך „ליכט פאר די לאדנס". דאס איז א פעלער. דאס ליד פארטראגט ניט קיין פראַ־זאאיזמען. ריין ווי א שפיגל א קרישטאלענער — איז ווי נאר דער ערשטער לישיי צעגליט זיך בלוי און גרין, צעשטערט עס די קלאר־קייט, די הארמאניע. און עטוואס אויפגערעגטער, טראגיש דער־בליקנדיק אז מיר זיינען די לעצטע מאהיקאנער אין און אפשטארבנ־דיק קעניגרייך — דרייט זיך דער פאעט ארום אין שטייג ווי א טיגער און פארלירט אפט פון זיין גלענצנדיגער מאיעסטעטישקייט. אין „עטל׳ס אימענינעס", אין דעם שיינעם ליד צו עדעלשטאטן, פילט זיך דאס פערזענלאך־פובליציסטישע. אין זיין צווייטן בוך פארלירט בכלל סטאדאלסקי די פאעטישע רואיגקייט און ווערט היינטצייטיג, שטעקט זיך אן מיטן כאאטישן, בשעת אין „אירליכט" האט איר די ריינסטע מעלאדיעס. און גערן גיי איך צוריק צו זיינע פיינע בלעטער:

„עס טוט מיר ווי דער לאנגזאמער טויט
פון דעם קאלאסאלן בוים".

אדער אין א ליד צו דער שיינקייט זינגט ער:

„עס האט דיך א בייזער גאט
פאר זיין לוסט באשאפן
און זוכט דיך אצינד צו צעשטערן".

אדער אזעלכע דינע פערזן:

„די סענסיטיוויטעט
פון דיין פיגור,
וואס פלעגט דערפילן
דעם קלענסטן ניואנס פון א פרעמדן פארלאנג —
דערמאנסטו מיך אן דיין לעבן
דערמאנען מיך אן דיין טויט".

דאס „אפריל־ליד" וויזט דעם מעכטיגן ציטער פון פרילינג און פאר׳כישוף׳ט רייסט אויס דאס דינסט־מיידל אלע שטויבן,

„רייסט אויף יעדן פארכאסמעטן ווינטער־זיגל
און ווישט אויס דעם לעצטן פארטויטן שפיגל" . . .

און ווי טראגיש קלינגט עס:

„עס האט ווער שווארצע וואלן

איבער די קעפּ פון די טעג פאַרוואָרפן".

פּרעכטיג איז די אימפּרעסיע, ווי ווילדע פערד טראָגן זיך איבער א שטורעמדיגן ים. אַט וועלן זיי ארויף אויפן פּאַעט — נאָר די לבנה

„האָט זילבערנע לייצעס
איבער זייערע קעפּ פאַרוואָרפן
אויף די הינטערשטע פיס זיי אויפגעשטעלט.
דורך די כוואליעס,
וואָס שלאָגן איבער זייערע קעפּ,
זען אַצינד זייערע אויגן אויס
ווי איבער גרינעם מאַרמאָר
וואָלטן וואסערן שטראָמען,
פון זייערע אָפענע מיילער פאַלט
א זידנדיגער שוים
און שווימט
אין הויפנס אָפּגעפּליקטע ווייסע בלומען
צו מיינע פיס".

מיר איז באַזונדערס ליב אין יעקב סטאָדאָלסקי'ן — דאָס אמת'ע אין דער קונסט, מער נאָך ווי דער אמת פון לעבן. ווי אַן עכטער קינ־סטלער, ווייסט ער אַז די קונסט מוז פאַרפולקאָמען דאָס לעבן, מוז „אויסטראַכטן" דאָס שיינע, כדי צו באַפרידיגן אונזער **עסטעטיש־**דיכטערישן פאַרגעניגן. יעדער קינסטלער איז א שעפער, א קרעאַטי־ווער מענטש וואָס שאַפט איבער און שאַפט נייע פאָרמען, גיט נייע אַספּעקטן און אַנטפּלעקט דאָס איראַציאָנאַלע אונטערבאַוואוסטזי־ניגע פון דעם לעבן וואָס איז אַזוי געטלאַך־רייך אַז די וויסנשאַפט, די קונסט, די ליטעראַטור האָלטן אין איין גראָבן אירע לעגענדאַרע אוצ־רות און האָבן דאָך נאָך נישט באַוויזן זיך צו דערגרונטעוועט צו אירע טיפערע שיינקייטן. „אויסטראַכטן" הייסט — טרעפן, אינטואיטיוו געפינען, אימאַזשינעריש געשטאַלטיגן, דערפילן און וויזיאָנעריש דערזען דאָס לעבן אין אַלע זיינע אַספּעקטן.

אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" — דער זשורנאַל וואָס האָט סטאָ־דאָלסקי'ן געגעבן א מעגלאַכקייט צו פאַרעפנטלאַכן די לעצטע שאַפונ־גען פון זיין פעדער — באַווייזן זיך פון צייט צו צייט פּאָעמען פון דעם דיכטער, וועלכע האָבן קינסטלעריש באַזינגט די צעצווייגנקייט, כאַ־אָטישקייט, טענדענציעזקייט און לענג פון די פּאָעמען אין „ליכט פאר די לאָהנס". סטאָדאָלסקי, אין זיינע לעצטע פּאָעמען, דערשיינט ווי א עפּיקער, ווי א פּאָעט, וואָס פאָרמט אוים געשטאַלטן, ווי אין „פּרעלוד צו דער סימפאָניע" גיט ער א פיגור פון ר' ישראל — א פּולער, גאַנ־צער, טיפער מענטש, א דענקער, א באַשטעטיגער פון וועלט, מענטש און גאָט. אַזא פיגור וואָס שטייגט אויף ווי א סקולפּטור — געטע־אַרטיג רואיג, באַלויכטן פון די פלאַמען פון א גרויסער זון, א מאַן וואָס דערהייבט זיך צו קאָסמישער רו איבער אַלע בייראָניסטישע און לעאָפּאַרדישע פעסימיזם־מעלאָדיעס. דאָס איז דער חסיד, דער איד — וואָס שליידערט זיין פילאָזאָפישן, גרויסן אָפּטימיזם אַנטקעגן אַלע שפּאַלטן, אומפולקאָמענקייטן.

און — דאָס דאַרף זיין דער וועג פונם דיכטער. אין זון־אונ־טערגאַנג אפילו — אויב עס איז דער לעצטער זון־אונטערגאַנג —

טאָר מען נישט פאַרלירן די שטייפע מאָנומענטאַליטעט, פון סקולפּטור. עס פּאַסט נישט צו יאָמערן, נאָך ווייניגער זיך אויפצורעגן. טשיילד האַראָלד מיט זיין שוואַרצער האַרף וואָס שטורעמט אויס איבער די אָקעאַנען זיין פינצטערע מעלאַנכאָליע — איז שוין אוממאָדערן. אי־בער אַלע מעלאַנכאָליעס איז שענער זיך מעגלאַך צוקוקן צו דער זון וואָס רופט אַרויס אומענדלאַך לעבן איבער די פּלאַנעטן. מעג דער פעלז זיך שטירצן אין שטורעמדיגן ים אַריין. די אָבער וועלכע זיצן אויפן פאַלנדיגן פעלז — בלייבן שטום און שטאַר, ווענדן זייערע בליקען הערצאַיש צום רויטן האָריזאָנט און באַוואונדערן די הימל־פּאַנאָראַמעס . . . זיי טרינקען ווייַן און טאַנצן בראַנזיג־נאַקעטע אַרום דעם באַקכוס־גאָט פון די גאָלדענע וויינטרויבן; יעקב סטאָדאָלסקי איז אַן עכטער פּאָעט — און אַלס אַזאַ דאַרף ער שאַפן נאָר פּאָזיטיווע ווערטן, אָן אַ ברעקל גאַל, אָן טענדענציעזקייט. רואיג, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ ענערגישן מענטשן, מוז ער זינגען קאַלט און שטאָלץ.

# דער ראטן־פיטער

(דערציילונג)

איך בין געקומען ארום הארבסט־צייט אין סאניטאריום „ברעכט". דעם נאכמיטאג פון מיין אנקומען איז די זון פארגאנגען רויט איבער די פעלדער, און האט צוגעפארבט מיט א גאלד־פארביגן ריזן־פענזל די געלע בלעטער פון די שווארצע ביימער, וואס דער ווינט האט אראפגעריסן. די צווייגן האבן ווי פיאלעטע פליטן געיאמערט אין ווינט; איך בין געגאנגען איינער אליין איבער די רויטע אלייען פון אומעטיגן גארטן, געזען די קליינע גערטנדלאך וואס די קראנקע האבן פאר זיך געמאכט, ריין געהאלטן, בלומען פארפלאנצט, וועלכע האבן איצט, אין הארבסטיגן זון־אונטערגאנג, אומעטיג און קאלט געוויאנעט, זיך בויגנדיג צו דר'ערד ווי רויט גאלד.

פלוצלינג איז מיר פון אן אלייע אנטקעגנגעקומען א מאן, א הויכער, א טונקעלער, דארער און מעלאנכאלישער מאן; ער האט עטוואס געשמייכלט, ווי יענע מענשן וואס האבן שוין אלץ אין לעבן פארלארן און שמייכלען נאר איבער די לעצטע, לעצטע ביטערע ליידן, וואס א קאפריזנער גאט ווארפט זיי צו. ער האט זיך צו מיר באגריסט, איך האב אים געענטפערט און ווייטער בין איך געגאנגען; די זון האט געגאלדיגט מיין שווארצן סאניטאריום־מאנטל, עס פארוואנדלט אין פיאלעט־בלוי און אין בלאנד־רויט; דער שאטן פון מאן איז פארשוואונדן צווישן די לייכטנדיגע ביימער און איך האב געטראכט: דער מאן איז שוין צוגעוואוינט אודאי צום דאזיגן פאנטאסטישן גארטן.

די זון איז פארזונקען אין רויטן, איינגענעם בלוט; פליושענע וואלקנס האבן געשוועבט איבערן הימל, ווי ווערנדיג באלויכטן פון דער זון וואס איז שוין געוועזן טיף, טיף אונטער דער ערד און ווי צעריסענע זיידענע, פארבלוטיגטע העמדער האבן זיי געפלאטערט אין פוסטן רוים; איך בין אומעטיג געגאנגען צווישן די אלייען און דאך אריין אין ווייסן הויז, וואו די קראנקע האבן זיך פארזאמלט; איך האב געזען זייערע בלאסע, פיבערנדע געזיכטער, ווי דער פיבער וואלט רויטע ארכיפעען געצונדן אויף זייערע באקן; אין זייערע מיילער האבן געשטעקט ווייסע, זילבערנע טערמאמעטערס; א שוועסטער אין ווייסן מעקלייד, האט זיי געהאלטן דעם פולס, פארצייכנט און דורכגעגאנגען פארביי יעדן פאציענט; יעדער איינער, ווען זי איז צוגעקומען צו אים, האט זיך באמיט איר אריינצוקוקן אין די אויגן, איר צו פאראינטערעסירן; צו טייל פלעגט זי שמייכלען; זעלטענער — רעדן; נאך זעלטענער — עטוואס לענגער פארווײלן; ווען זי איז צוגעגאנגען צו דעם טונקעלן מאן מיטן שמייכל, האט ער קיין שום אויפמערקזאמקייט נישט ארויסגעוויזן צו איר. זי איז געווען בייז.

זון־שקיעה איז געקומען און פארגאנגען; דעם מארגן־רויט האב

איך יעדן טאָג באַגעגנט, דען איך פלעג אויפשטיין זייער פרי; איבער דעם בלויען האָריזאָנט האָט די זון זיך געשניטן, מיט שטראַלן ווי מיט רויטע שטילעטן געשניטן די לופט, און ווי נאָר איך פלעג אַרויס — פלעגט שוין פאַר מיר שפּאַצירן דער געהיימניספולער מאַן מיטן שמיכל...

שפּעטער אביסל האָב איך שוין מיט אים גערעדט; ס'איז געווען א פלעמער, פון א יאָר 40, מאַקס דיל האָט ער געהייסן; פון פאַך — א מאָלער, א קינסטלער; זיין פרוי איז געווען א ווילדשיינע, מיט רוֹיטע, געלאָקטע האָר, א טענצערין אין דער שטאָטישער אָפּערע־הויז. זי פלעגט טיילמאָל, הויפּטזעכלאך זונטאג, צו אים קומען; זיצן נעבן זיין בעט, זייער ווייניג רעדן — און ווען יאָ, פיינטלאך צו אים און אויפגערעגט; איך האָב באַאָבאַכטעט די דאָזיגע באַזוכן. איך האָב באַמערקט, אַז ווי נאָר זי פלעגט קומען, פלעגט ער שפּעטער, נאָך איר אַוועקפאָרן, אַרויסגיין אַליין אין גאָרטן, שפּאַצירן לאַנג, זיין אומעטיג, און, טיילמאָל, אַריינשטעקן דעם קאָפּ צווישן ביידע הענט און וויינען, וויינען, זיצנדיג אין חער נאַכט. דאַן פלעגט ער צומאָרגנס און איבערמאָרגן בלייבן ליגן אין בעט, מיט פיבער, און שמייכלען מיט זיינע רויטע באַקן און טונקלגלאַנצנדיגע אויגן. איך האָב אויך באַמערקט, אַז ער ווערט פון טאָג־צו־טאָג דאַרער, אומעטיגער, פאַרוויאַנעטער; דאַגעגן, זיין פרוי — זי ווערט שענער, בליענדיגער, איינגער און פריילאַכער; דאָס איז מיר אויסגעקומען מאָדנע אומפאַרשטענדלאַך, ווי אַלע ניט פּשוטע זאַכן.

מאַקס דיל פלעגט מאָלן לאַנדשאַפטן, נאַקעטע פרויען־פיגורן, געזונטע קערפּערס, מאַסיוו, שטאַרק און קרעפטיג. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער לעבט זיך אויס סעקסועל אין די דאָזיגע נאַקעטע פיגורן, וועמענס ברוסטן ער שאַפט מיט פעטע פאַרבן און וועמענס האָר ער לאָזט פאַלן ווי רויטע פלאַמען אויף זייערע נאַקנס. כמעט אַלע פרויען־פיגורן פלעגן זיין ענלאַך צום געזיכט פון זיין פרוי; דאָס, ווידער, האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זי ליבט אים ניט, אַז ער באַזיצט זי נישט, אַז איר קען ער נאָך דעראָבערן אין דער פאַנטאַזיע, אין דער פאַרב, אין דער דעמאָניש־שיינער קונסט; ווען איך פלעג אַמאָל צוקומען צו זיין אַטעליע, פלעגט ער זיך פילן שלעכט, ווערן אומהיימלאַך, פאַרלירן דעם שמייכל און ווערן טרויעריג. ענדלאַך פלעגט ער צומאַכן די טיר... דער דאָזיגער אומגליקלאַכער העלד האָט נישט געקענט ליידן אַז מען שטערט אים ווען ער באַשאַפט זיינע פרויען, מיט וועלכע ער וויל זיין אַליין, ווען זייערע קערפּערס בלישטשען נאָך מיט די נאַסע פאַרבן אין חער נאָכמיטאַג־זון...

פאַרנאַכט פלעג איך מיט אים גיין איבער די אַלייען; מיר האָבן געהערט ווי הינטערן פלויט זינגען און שרייען די קינדערלאַך, טאַנצן, שפּרינגען; דאָס האָט אונז דערמאָנט אין א געזונטער וועלט, וואו די מענשן מעסטן נישט יעדע דריי שעה זייער פיבער מיט גלעזערנע טערמאָמעטערס; די נעכט פלעגן זיין בלוי און שוואַרץ, ווי טונקעלע פאַוועס. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער ליידט אויף אַסטמאַ שוין 10 יאָר; אין שטאָט קען ער נישט לעבן קיין צוויי טעג; ער ווערט באַלד קראַנק. דער שטויב שטיקט אים. ער איז שוין דאָ צוגעוואוינט. ער דערוואַרט זיין טויט גאַנץ רואיג, מיט סטאָאישן געדולד. ער מאָלט בילדער פון פאַרגעניגן. אויב איך וויל, קען איך

אים געבן אַ בילד, וועט ער עס רעפּראָדוצירן, פאַרגרעסערן און איך וועל אים ווייניג באַצאָלן דערפאַר...

איך האָב געהאַט אַ קליין בילדל פון אַ אידיש מיידל אין פוילן, מיין שוועסטערס אַ טאָכטער, וועלכע איך האָב געליבט אַזוי שיין. אויפן בילד האָט זי געהאַט דעמאַניש־שיינע אויגן, ווי פון דעלפינען; איהרע האָר זיינען געווען טונקל־בלאָנד און זיינען ווי שלאַנגען אין צעפּ ארויסגעהאַנגען; איר מויל האָט געשמייכלט, די ליפּן האָבן זיך ווי צוויי בולטע פּיאָוועס, קליינע, געלייגט איינע איבער דער אַנדערער, זיך געשלאָסן; איר גאַנץ פּנימל איז געווען קליין, רונד און פול מיט טויזנט חנ'ען. איך האָב אים געגעבן דאָס בילדל — און ווען ער האָט עס רעפּראָדוצירט, האָב איך דערזען אַ שרעקלאַכן פּאָרטרעט פון צוויי ווענגם: די קאַלטע שטריפן פון מיין געליבטע און דאָס דעמאָנישע פון זיין אייגענער פרוי... אויסער דעם האָט ער אַלע שטריכן שטאַרק פאַראיידלט, פאַראידעאַליזירט און פאַרשענערט... מער האָב איך מיט אים איבער זיין פּאָרטרעט נישט גערעדט. איך האָב ערשט איצט פאַרשטאַנען ווי ליב ער האָט זיין פרוי.

9 יאָר צייט איז ער אין מעלאַנכאָלישן סאַניטאַריום; אויסער זיין מאָלעריי־אַרבעט, איז ער ביבליאָטעקאַר פון דער ביבליאָטעק, וואָס שטייט אין שפּיל־סאַלאָן מיט איהרע שוואַרצע רוקנס אויף די ביכער; ער איז אַ ראַזירער און ווער נאָר עס דאַרף זיך ראַזירן, גייט צו אים; זיינע הענט זיינען שווערע, הילצערנע, געליימטע; ער פאַרבלוטיגט שרעקלאַך; דאָס געלט פון זיין אַרבעט גיט ער יעדן זונטאַג אוועק זיין פרוי און זי דאַנקט אים אפילו נישט דערפאַר...

איינמאָל בין איך ארוים הינטערן גאָרטן, ווייט, ווייט, צו דער געצטער געביידע וואָס דינט אַלס אַ טויטן־שטיבל פאַר די שטאַר־געצטער פּאַציענטן; לעבן אַ רויטער וואַנט איז געשטאַנען אַ ריזינע, ענדרע פּאַציענטן; לעבן אַ רויטער וואַנט איז געשטאַנען אַ ריזינע, הילצערנע שטייג און אין איר האָב איך אָפּגעציילט אין צוויי עטאַזשן ערציג ווייסע, שוואַרצע און געפּלעקטע ראַטן; זיי האָבן זיך באַוועגט לעבהאַפט און שנעל, אריינגעגאַנגען אין זייערע קליינע געצלטן, ארויסגעשטעקט די קעפּלאַך מיט די זייער לעבעדיג־גלאַנצנדע אייגלאַך; זיך געשפּילט ווי קינדער און געטאַנצט, ארויסגעלאָזט ציטנווייס זייערע דינע קולות; איך האָב זיי מיט נייגעריגקייט באַטראַכט, געפונען פאַר גאַנץ ריין, עסטעטיש; באַלד איז צוגעקומען מאַקס דיל, מיט אַ ראַזיר־מעסער, האָט אָפּגעשניטן גראָז, זיי אריינגעגעבן אין דער שטייג; זיי האָבן באַלאַגערט זיין האַנט, געריסן דאָס גרינע גראָז פון אים און ער אליין איז געווען צופרידן, אַנטציקט פון דאָזיגן ספּעקטאַקל...

שוין יאָרן, האָט ער מיר דערציילט, ווי ער באַדינט די ראַטן, וועלכע דינען פאַר ווויסנשאַפטלאַכע עקספּערימענטן, וואָס דער דאָקטאָר מאַכט איבער זיי; ער איז געווען צופרידן מיט זיין מיסיע, און האָט מיר דערציילט, אַז אָן זיי וואָלט אים געווען זייער אומעטיג. זיי קענען אַלע זיינע ליידן און זיי דערציילט ער דאָס אומעטיגסטע און, טיילמאָל, אויך דאָס פריילאַכסטע אין זיין לעבן...

איינמאָל, ווייזט אויס אין אַן אָנפאַל פון געוואַלטיגן אומעט, האָט ער מיר דערציילט, אַז זיין פרוי פאַראַט אים מיט אַ פרעמדן מאַן; אַז זי קומט צו אים נאָר נעמען דאָס געלט, אַז זי טאַנצט נישט מער אין דער אָפּערע, דען איהרע פיס ווערן געשוואָלן, און ווען ער קומט

אין שטאָט אריין, טריבט זי אים ארויס פון שטוב, צונעמענדיג דאָס געלט; איר געליבטער, א רוס, שיכור'ט כסדר און ער האָט איר שוין געוואָלט פארזעצן א מעסער אין האַרץ, אין אַן אַנפאַל פון שכרות...

איך האָב זיך צו אים צוגעהערט און געקוקט צו דער זייט וואו די זון איז פארזונקען; דאַן זיינען מיר צו צו א שטיינערנער באַנק, זיך געזעצט; א קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן; צווישן די בוימער האָבן די שאָטנס זיך ארומגעפאַרעט, ווי פון די טויטע טור־בערקולאָזע, וואָס ליגן נישט ווייט, אויפן קליינעם בית־עולם נעבן קלויסטערל, און קענען זיך נישט שיידן מיטן געליבטן, האַרבסטיק־שיינעם גאָרטן. קראַנקע פויגל האָבן געזונגען און געקרעכצט; די בלעטער האָבן געראַשט און ווידער האָבן איבערן הימל געצויגן טונקעלע טינט־כמאַרעס, שווערע און אומעטיגע, גרויסע און אומ־געלומפערטע; געהאַנגען ווי טויטע, צופוילטע קערפערס פון ווינטן באַוועגטע, זוכענדיג א קבר אין די בערג; איך האָב געזען מאַקס דיל לעבן מיר, א קאַלטן, שווייגנדן און איינגעקראַכענעם אין זיך...
איך האָב אים געלאָזט זיצן און בין אוועק צום ווייסן הויז, וואו איך האָב געזען די קראַנקע פלעמער מיט רויטע פיבער־רויזן אויף די בלאַסע פנימער...

צומאָרגנס בין איך ארויס גאַנץ פרי אין גאָרטן, געזען ווי די זון, ווי א ריזן־גרויסע קנאָספּע פון אן אומגעוויינלאַך־קאָסמישער בלום, עפנט זיך, טיילט זיך אויס פון די וואָלקנס און באַלייכט דעם גאַנצן אוניווערס מיט קוואַלן ליכט; איך בין פאַרטראַכטערהייט צוגעגאַנגען צום טויטן־שטיבל און — איך האָב געזען ליגן א מאַן אויף דער ערד, אומבאַוועגלאַך־שטום און שווער.

מאַקס דיל איז רואיג געלעגן אויף דער ערד, מיטן פנים צום הימל געווענדט, אין זיין רעכטער האַנט איז געלעגן א פאַרבלוטיגטע בריטווע; זיין האַלז איז געווען צעשניטן, מיט בלוט פאַרגאָסן; אין אויג ביי אים האָט האַלב־אָפן געגלאָצט צום הימל; דאָס צווייטע איז געווען געשלאָסן — און ארום אים, אויף זיין קערפער, האָבן זיך די ראַטן אין זוניגן פרימאָרגן געשפּילט, געטאַנצט און מאָדנע שטימען ארויסגעלאָזט... די שטייג איז געווען אָפן...

מאַקס דיל האָט געשוויגן, געשמייכלט מיטן אייביגן, איראָנישן שמייכל און די קאַלטע האַרבסט־זון האָט אַלץ ארום און ארום גע־גילדעט מיט בראָנז איז שטראַלענדיגן גאָלד...

# מ. י. חײמאָװיטש

(מיניאַטור)

אין אײראָפּע האָב איך קײנמאָל נישט געלעזן מ. י. חײמאָװיטשן. ער איז נישט באַקאַנט אין אײראָפּע. עס ליגט אין זײַן סאַמע נאַטור נישט צו זײַן פּאָפּולער. ער שרײַבט אין אַ העכסט מוזיקאַלישער, ראַפינירטער שפּראַך, אַ שפּראַך װאָס באַװײַזט װי אינטעלעקטועל־עסטעטיש אידיש לשון קען זײַן. אָבער — די מאַסן קענען אים נישט לעזן. זײַן שפּראַך איז בײַ אים װי אַן אַלטע סטראַדיװאַריוס, גוט געװעבט. אַ פּרעכטיגער אינסטרומענט פאַר דער מעלאַנכאָלישער נשמה פון אַט דעם שײן־גײסט.

מ. י. חײמאָװיטש איז אַן עסײאיסט, װי איך קען אים פון זײַנע עסײען. דאָס זײַנען מוסטערן פון רײנער, קלאָרער, טײלמאָל צאַרט־הומאָרפולער פּראָזע. גאַלאַנט און טרויעריג. כמעט דעקאַדענטיש. עס פילט זיך אין זײַן שאַפן אַ פּאַרדרוס, אַ טיפע פּײַן. ער, דער עסטעט, פילט זיך געקריװודעט אין אַ װעלט פון „ביזנעס" און פאַלשקײט. אַ געװיסע אײפערזוכט פילט זיך אין זײַן גאָלדענער מעלאַנכאָליע, אין זײַן טיפער, סטעפּאַן געאַרגעשער אײנזאַמקײט.

חײמאָװיטש איז קלוג און ביטער. סקעפּטיש און מעלאַנכאָליש. פאַר אים איז די אידישע ליטעראַטור — באַגרענעצט. ענג. הגם ער דענקט נישט אַז ס'איז געװען אַ גרױסער זון־אױפגאַנג אין דער אידישער ליטעראַטור — לעבט ער אָבער דאָך אין איר זון־אונטערגאַנג. ער זיצט און שװײגט בײַ די גרױע, קאַלטע פעלזן פון ים. די זון מיט איר האַרבסטיג גאָלד פון טױט קען נישט װאַרעמען. אים איז קאַלט, װי אַ גרױען נזיר. די כװאַליעס שלאָגן זיך אינם ברעג, יאָמערן װײטאָגפול, װערן פול מיט זון־בלוט, פאַרזינקען צוריק אין ים מיט אַ רױשיגן גאָלדן־געװײן. מ. י. חײמאָװיטשן איז אומעטיג. אַ צאַרטער שמײכל ניקלט אױף, זילבערט זיך אױף זײַן געזיכט. ער נעמט די פּען אין האַנט, שרײַבט מיט פּורפּור־טינט אַ פײַנע, עלעגאַנטע, עלעגישע עסײ, סקעפּטיש און קאַלט און טרויעריג...

אַזױ עמפּינד איך דעם װאונדערלאַכן פּאָעט־עסײאיסט מ. י. חײמאָװיטש. איך ליב זײַן שפּראַך, זײַן סטיל, זײַן אומעט. אַלץ איז מיר נאָענט און אײגן. איך קען ליבן אַזאַ מעלאַנכאָליע אין זון־אונטערגאַנג. איך זע אין חײמאָװיטשן: אַ קאַפּריזנער־מיניענדיגער שפּיגל, װעלכער רעפלעקטירט די װעלט אין זיך אױף אַזאַ װאונדערלאַך־אײגנאַרטיגן אופן.

# איינזאמע פרויען

(דערציילונג)

אין אן אָוונט פון סעפּטעמבער, ווען די בלעטער פון די ביימער ווערן רויט געצונדן פון דעם גאָט פון הארבסט, וואָס בייסט זיי איין מיט זיינע גילדענע ציין — האָב איך גענומען דאָס אלטע, דאָס געלע אדרעסן-בוך. איך טראָג עס זינט יאָרן ארום מיט זיך. עס איז געבונדן אין רויטע לע־דער, און ווי א תנך, האָט עס א מעשענעם שלאָס. דערין זענען פארשריבן די אדרעסן פון די טייערע פריינט, פילע פון וועלכע עקזיסטירן נישט מער אויף דער ערד. פילע פרויען פון דעם אדרעסן־בוך — האָבן געהייראַט און האָבן שוין קינדער און זענען אלט און גרוי געוואָרן. פילע זענען נאָך אלע איינזאם און זיי זוכן א פריינט, מיט וועמען צו פאר-טרייבן דעם בייזן שד פון צייט...

אין עטלעכע יאָר ארום ווערט דאָס שענסטע אדרעסן־בוך פארניכטעט. אזוי ווי זיינע בלעטער ווערן אָפּגעריבן, אזוי ווערן אויך אָפּגעריבן די פּערסאָנאַזשן. די העלדן, די אק־טיאָרן פון דער קליינער דראמא — דאָס אדרעסן-בוך.

אין דאָזיקן סעפּטעמבער־אָוונט איז מיר געווען אומע־טיק. איך האָב באשלאָסן אין דריי פּאַרטזשצונגען צו בא-זוכן מיינע דריי פריינדינס — איין אָוונט נאָך דעם אנדערן. אָט אין די באשרייבונג פון דעם ערשטן אָוונט...

* * *

איך האָב אָנגעקלונגען צו מירא בערקאָוויטש... וואָס מאכט מירא בערקאָוויטש? איך האָב זי שוין לאנג נישט געזען -- זייט דעם טויט פון איר מוטער לעצטן יאָר... אין טעלעפאָן האָט זיך דערהערט איר דינע, איידעלע שטימע, ווי פון א פערצן יאָריק מיידל... מיידלש-סענטימענטאל... די שטימע איז פייכט ווי ביי א פרוי ווען זי בליט און זי בא־גערט....

זי הייסט מיך צוקומען אין סטודיאָ.

איך נעם דעם ערשטן סאַבוויי-צוג און פֿאָר צו צו איר אין די בראָנקס. עס איז ווייט אַוועק אין די בראָנקס. און ווען איך גיי אַריין אין דעם קאָרידאָר, אין דעם ריזיקן הויז, דערזע איך די קאַלטע, נאַקעטע ווענט. די סטודיאָ איז ערגעץ טיף פֿאַרשטעקט צווישן די ווענט, ווי אין אַ מיפֿער גראָטע, צווישן געהאַקטע פֿעלזן. אין קילקייט פֿון מאַר־מאָר, וווּ קיין מענטשלעכע שטימע דערגרייכט נישט.

דאָס הויז האָט דער מאָלער, מיראַס פֿאָטער, געלאָזט בויען. און ער האָט געהאַט אַ חוש פֿאַר אַרטיסטישער קרעאַ־ציע... ער האָט די ווענט געלאָזט רויערהייט, ווי אין אַ קאַ־טעדראַלע, נישט געפֿאַרבטע. איך געדענק גוט דעם פֿאָטער, אַן ענערגישן, יידיש־רוסישן מאָלער, וואָס האָט שטודירט אין רוים און אין פֿלאָרענץ, האָט געוווינט און באַריממט געוואָרן אין פּאַריז. איך געדענק ווי ער פֿלעגט מיר אין דער דאָזיקער סטודיאָ ווייזן זיינע בילדער, ווי אָריענטאַלישע באַלדאַכינען; זיי זענען געווען רייך דעקאָרירט, אין דער סימפֿאָניע רויט.

שטאַמענדיק פֿון רוסלאַנד, האָט זיך אין זיין קונסט גע־פֿילט די רוסישע „סקאַזקאַ", דאָס כישוף-מעשהלע, רייך דע־קאָרירט אין ביזאַנטינישן דעקאָר, אין איקאָנישן רויט. זיינע לאַנדשאַפֿטן זענען געווען נישט פֿון דיזער וועלט — נאָר פֿון אַן אויסגעטראַכט, קעניגלעך לאַנד...

איך קלאַפּ אָן אין טיר. און דער רויער, הילצערנער טיר. מיראַ עפֿנט זי — און איך געפֿין זיך אין פֿראָנט פֿון אַן אימגעהייערער סטודיאָ.

איך קען גוט די סטודיאָ. און דאָך איז זי שטענדיק פֿאַר מיר אַ נייעס. איך בין דאָ פֿילע מאָל געווען — צום ערשט ווען דער מאָלער האָט געלעבט און געמאָלן. דאַן, ווען די פֿרוי האָט געלעבט און דערציילט פֿון איר מאַן. זי איז געווען פֿאַרליבט אין איר מאַן יעדע מינוט פֿון זייער לאַנגן לעבן. און די סטודיאָ איז זינט דער צייט קיין שום פֿאַרענ־דערונג נישט דורכגעגאַנגען. מיראַ וועט נישט וואַגן איבער־צוטראָגן אַ פֿאַרוויאַנעטע רויז אפֿילו פֿון איין פּלאַץ אויף אַן אַנדערן אָדער טוישן די פּאָזיציע פֿון אַ בילד אָדער בוך. ווען איך בין דאָ דאָס ערשטע מאָל געווען, צוליב אַ טעות, זוכנדיק דאָס הויז פֿון אַ געוויסן יידישן שריפֿטשטע־לער, איז מיראַ געווען יונג. איך געדענק ווי זי איז געלעגן אויף אַ טעפּיך, אויף אַן אָריענטאַליש־געפֿאַרבטן טעפּיך. אין פֿראָנט פֿון איר איז געהאַנגען אַ פּאָרטרעט פֿון איר. זי האָט אויסגעזען, מילד געערדט, ווי אַ ראַפֿאַעלישע נוד, מיט דעם רונדן געזיכט, מיט די געדיכטע טונקעלע לאָקן אַרונטער־פֿאַלנדיק אויף אירע אַקסלען, מיט דעם גרין פֿון אירע גרוי־סע, רונדע און פֿרישע אויגן — פֿריש ווי פֿייגלען אויף אַ זומערדיק־פֿאַרביקן פֿעלד. זי איז געווען אָנגעטון אין זייד־בלויע פּידזשאַמאַס, וואָס האָבן געוויזן די קאָנטורן פֿון אירע

יינגע בריסט, פון אירע פול אין רונדע גלידער. און איר נאַטער אויפן פאַרטרעט — מען קען עס זען קלאָר — איז אין זיין טאָכטער געווען פאַרליבט. ווי דער יינגער ראַפאַעל, האָט ער אין הינטערגרונט פון אין אוועקגעשטעלט בוימער ווי בוקעטן. און פּראַכטיקע ווילאַס, ווי עס וואָלט זיין ערגעץ אין ווענעציע אָדער נעאַפּאָל — צי גאָר דאָס לאַנד פון דער רוסישער סקאַזקאַ. מירא איז אויפן בילד געווען רייצנד און לוסטפול ווי אַ ציגיינערין. און אויפן טעפּיך איז זי געווען נאָך שענער. איך האָב זיך אין איין אויגנבליק פאַרליבט אין איר. איך האָב געהאַט פיבער. דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָב איך געהאַט געזען די גרויסע אויסשטעלונג פון וואַן גאָג — און איך בין געווען באַגייסטערט פאַר מאַלעריי און האָב גערעדט לויטער פּאָעזיע, אין אָנבליק פון דער בליענדער דאַמע. מירא איז געווען פאַרקילט. און דער פיבער האָט איר געשענקט נאַטירלעכע קאָלירן און אירע אויגן האָבן געברענט ווי נאָבעלע איידלשטיינער אין די אויגן פון געטינס, צו ווען עם דינען עקזאַלטירטע מאַסן. איך בין געווען גרייט צו וואַרפן זיך צו אירע פיס און קניען...

איר פאָטער איז געווען אין קאַנאַדע. יעדן האַרבסט פאַרט ער אין די פּרעכטיקע געגנטן פון קאַנאַדע, צו מאָלן דעם דאָרטיקן רייך־קאָלאָריסטישן פּייזאַזש. און איך האָב געזען די בילדער פון אים — ברענענדיקע לאַנדשאַפטן — באַהויכט פון דעם עכטן קינסטלערס איידעלן געמיט — פון נאַקטיורנער שטימונג...

פיר יאָר בין איך אין דער סטודיאָ נישט געווען. איך האָב דורך דער צייט געוואַנדערט. ווען איך בין איין אָוונט געקומען צו דער סטודיאָ — איז דער ראַפּאַעלישער פּאָרטרעט פון מירא געווען נאָך אַלץ אַזוי פּרעכטיק... ער האָט פון זיין פאַרבנפרישקייט גאָרנישט פאַרלוירן. נאָר איך בין געווען איבעראַשט ווי מירא איז אין די פיר יאָר געוואָרן אַנדערש. עס איז ווי דו האָלסט זען אַ פלוים אויף אַ צווייג — אין בלויען און טויש־מאַטן טוי געהילט און געשמינקט. נאָר פליקסט דו זי אַרונטער און הייבסט זי אָן צו באַטאַפּן מיט די פינגער — ווערט אָפּגעווישט דער טוי... אַזוי בלייבט אויך דאָס גאָלד פון אַ שמעטערלינג אויף דיינע הענט, ווען דו באַרירסט זיינע זייד-ווייכע און נאָבעלע פליגל... עמעץ האָט געמוזט דורך דער צייט אָפּרייסן מיראַן פון דעם וווּנדערלעכן בוים פון לעבן..

איך געדענקט די סטודיאָ ווען דער פאָטער איז געווען אין איר קעניג איך האָב אַרויסגעקוקט דורך די פינף גרויסע פענסטער — און ווי טעלעסקאָפּן האָבן זיי מיר געוויזן ריזיקע לאַנדשאַפטן — די בראָנקסער פעלדער און הימלען — רייך געלאָדן מיט דעם גאָלד פון אַ מיליאָן יאָר זון־שטראַלן — און בוימער וואָס וויגן זיך ריטמיש אין ווינט. די פינף פענצטער זענען געווען פינף גרויסע לאַנדשאַפטן. די ווענט פון דער סטודיאָ זענען געווען באַהאַנגען מיט בערקאָוויט־

שעם בילדער — פייזאזשן פון קאנאדע, פון פיקסקיל, פון לאנג איילאנד, פון ניו-יאָרק סטייט... ווי די ווייסע ציין פון א וואלפיש האָבן געלויכטן די ביינערנע קלאוויש פון א ריזיקער פארטעפיאנא, צו וועלכע מירא פלעגט יעדער מאָל צוגיין און אוסציטערן א טייך מיט קלאנגען וואָס זענען געווען ווי פארגליווערט — נאָר איין קליין שטיינדל אינם וואסער האָט זיי, די כוואליעס-קלאנגען, ווי באלעבט און אנט־כישופט פון גליווער. אנטקעגן די בילדער, ווי קטורת פאר די אלטארן פון געטינס, זענען אין קופערנע קריגן געשטא־נען פארגליווערטע רויזן — ארכידייען — לעווקאָיען — די קליינע און ליבלעכע אַנעמאָנעס — בונטע בלומען־בו־קעטן וואָס זענען געשטאָרבן אין עקסטאז פון ליבע מיט די קאָלירן פון די אויל-בילדער... און דורך די פענצטער־טע־לעסקאָפּן האָט די זון ארייגעלויכטן און באַרירט די בילדער מיט לופטקע, ציטערנדע הענט, באַרירט די פארוועלקטע בו־קעטן מיט א געפיל פון ליבע און האָט זיי ווידער צעפינקלט און צעצונדן — האָט געמאָלן מיט בונטע פענזלען מולטיקאָ־לירטע פלעקן אויף די ווענט — האָט דאכט זיך א ציטער געטון פון די קלאוויש און אָפּגעריסן א כוואליע קלאנגען ווי גילדערנע פייגל פון שלאָף; האָט באלעבט די טעפיכן אויפן באָדן פון דער סטודיאָ און האָט געלייגט נייע קאָלירטע קא־בריצן אין יעדן ווינקל. און האָט די מענטשן אין הויז אָנגע־טון אין כאלאטן פון גאָלד — אין קימאָנאָס פון לבנה־שטראלן — האָט אלעמען פארוואנדלט אין בלוי-בלוטיקע מאנדארינען און פארחלומטע כינעזער... — —

ווען מירא האָט מיך איצט ארייגעבעטן אין סטודיאָ, האָט טאקע די סעפטעמבערדיקע זון געלויכטן דורך די פענ־צטער. ביי א גרויסן שטיינערנעם טיש איז געשטאנען מירא און צוגעגרייט דעם מאָלצייט. אירע זייער דעליקאטע הענט האָבן געמישט מיט אויל און מיט בלייכער סמעטענע די גרינע, די טונקל-גרינע סאלאטן — די פייכט־פעטע, פריש־אַפּעטיטלעכע פּאָמידאָרן; די גרינע אוגערקעס וואָס האָבן אין זייער אינעװדן געהאַט טויזנטער קליינע אוגערקע־זוימען און וועמענס גרינקייט האָט אויסגעזען ווי די אויף אלט-פערסי־שע וואזעס; רויטע בוראקעס זענען געווען דורכזיכטיק ווי רו־בינען; און אלץ האָט אויסגעזען ווי א פרישער יינגער, צע־בליטער גאָרטן — בשעת די אונטערגייענדיקע זון האָט באַ־רירט מיט איר צאנקענדיק ליכט דעם טיש מיט פרעכטיקער גרינצייג. מירא איז געווען אָנגעטון אין „סלעקס” פון גרינער קאָליר, אזוי ווי די סאלאטן, און זי האָט זיך געהאלטן ווי א חנעוודיק יינגעל — גלויבנדיק אָפּצונארן דעם צושויער...

מיר האָבן שפּעטער געגעסן אין דער גערוימער סטו־דיאָ. איך האָב געמישט די גרויסע בלעטער פון אן אלבום פון דעם רוסישן מאלער רעפּין. די קאָלירן האָבן ארויסגע־טריפט פון די בלעטער. ביי א פענצטער זענען געלעגן רי־זיקע בענדער מיט ארייגעקלעפּטע אויסשניטן וועגן די אויס־

שטעלונגען פון פאָטער. די ארבעט האָט מירא אָנגעפאנגען נאָך ביים פאָטערס לעבן. איך געדענק די פּיראמידן מיט אַלטע צייטונגען און זשורנאלן. שפּעטער מיט טעלעכע יאָר האָב איך געזען ווי די מוטער העלפט אין דער ארבעט. מיט גרויס געדולד האָבן די צוויי פרויען אויסגעשניטן טויזנטער אַר־טיקלען און זיי אריינגעקלעפּט אין די סאָלידע בלעטער פונם אלבום.

די מוטער איז שוין געווען אלט. און זי פלעגט נאָר רעדן וועגן די לעצטע וואָכן פון איר מאַן. ווי אזוי ער האָט עטלעכע טעג פארן טויט זיך אויפגעהויבן מיט אימפּעט און איר געהייסן אָנטון דעם מאנטל און גיין מיט אים אויף שפּאַ־ציר דאָס איז געווען זיין באַליבסטע זאך — גיין דורך לאַנד־שאַפטן אין בערג — צונויפקייטלען פּייזאזש מיט פּייזאזש — און זיך ערגעץ ווו פאַראנקערן. זיך אוועקשטעלן און אָנפּאַנ־גען פיבעריש צו מאָלן. דאָס איצטיקע מאָל איז ער געלאָפן ווי א ווילדער מענטש. דער טויט האָט זיך מיט אים געיאָגט. ער האָט געפילט דעם טויט אָט — ביי דער סאמע שוועל פון סטודיאָ. אָט שוין — ביים הארצן.

עס איז געווען א ווינטיקער אקטאָבער־טאָג. די ביימער זענען געווען פארפלאמט. די האָריזאָנטן — פייער. און די ווינטן האָבן אָפּגעריסן כוואליעס פייער פון די האָריזאָנטן און געשפּרייט איבער די ביימער. און בערקאָוויטש לויפט און ברענט... ברענט און לויפט.. און אָט שטייגט ער אויף צו די האָריזאָנטן — א שטיק פייער... שפּעט ביינאכט איז ער ווי א שאָטן אהיימגעקומען. ער האָט אלע זיינע כוחות פארשפּארט אינם ווילדן און פאטאלן שפּאציר... ער איז צו־געפאלן צום בעט — און איז מער נישט אויפגעשטאנען... עס איז געווען זיין לעצטער גרויסער שפּאציר דורך דער נאטור... צומאָרגנס איז ער אויסגעגאנגען מיט א ווילדן כריפּ פון זיין הארצן...

בשעת מיר עסן איצט דעם מאָלצייט, דערמאָן איך זיך ווי די מוטער איז דאָ מיט אונדז געזעסן און געגעסן. איינזאם איז מירא געבליבן אין דער סטודיאָ — זי איז ווי א שאָטן... זי איז אלט געוואָרן מומיפיצירט... באלזאמירט, דאַכט פּנימל — צוזאמענגעצויגן. זי איז ווי א קאריקאטור צום ראפאע־לישן בילד וואָס הענגט נאָך אלץ אויף דער וואנט — אומ־געענדערט.

שפּעטער גייען מיר שפּאצירן דורך דעם פּארק, דורך דער ווילדעניש.

מיר גייען פארביי וויאנענדיקע לאנדשאפטן. שטיקער פון זיי האָט איר פאָטער אָפּגעריסן און ארויפגעקלעפּט אויף זיינע קאנוועסעס. מירא רעדט עפּעס פון א פּאָעט וואָס איז געשטאָרבן און צו וועמען זי פלעגט גיין מיט איר מוטער... און דער שטארבענדער פּאָעט האָט זייערע הענט געהאלטן — ביזן לעצטן מאָמענט, געצויגן פון זיי דאָס לעבן ארויס, ווי האָניק, ווי זאפט, ווי מילגרוימען־זאפט...

מיר גייען פארביי דעם ווילדן פארק — צו א טויטן טייכל, וואָס איז פארזשאווערט-רויט און דערמאָנט מיראן אין איר יוגנט.

מיר זיצן ביים טייכל און זי רעדט עפּעס מאָדנע רייד... זי רעדט פון טויט... איך באמערק אז זי לעבט אויף ווען מען דערמאָנט א פארשטאָרבענעם קינסטלער — איינעם פון קרייז פון איר פּאָטער... איך באמערק מיט שרעק ווי מאָדנע אירע אויגן בליצן אין דער נאכט... ווי וואנזיניק עס איז איר פּנים... איך זע אז מירא — אין דער געראָיכער, אין דער ריזיקער סטודיאָ — ווערט משוגע...

זי איז שוין משוגע...

ווען מיר גייען צוריק אין דער סטודיאָ — איז נאכט. די לבנה טריפט מיט הייסן הלב אויפן וועג, אויף די פעלדער... מירא שווייגט מאָדנע, קאלט, פארגליווערט... די גאנצע לאנדשאפט איז לבנהדיק־פארגליווערט...

ווען איך פיר אריין מירא אין איר סטודיאָ — טוט א שלאָג פון די וועגט דער שטויב — א ווינטיקע קעלט. און אין ליכט פון דער לבנה ברענען מיר אין דער סטודיאָ די פלאמענדיקע לאנדשאפטן און טויטע, וועלקע בוקעטן. און מירא דערלאנגט מיר א טויטע, קאלטע האנט... און זי פארמאכט הינטער זיך די טיר... אזוי ווערט א טרומנע פארמאכט — פארקלאפּט — און דער טויטער בלייבט אינעווייניק פארגליווערט ליגן...

ווען איך גיי שפּעט ביינאכט אהיים — זע איך ווי מירא — א שאָטן — פאָרעט זיך ארום צווישן די שאָטנס פון דער ריזיקער סטודיאָ... מיט די ריזיקע, ווינטיקע פאָרהאנגען... אָט פאלט זי, פארטשעפּעט זיך אין דער שווארצער פארמע־פּיאנאָ... עס טון א ציטער די קלאווישן... א שטראָם קלאנגען רייסן זיך אָפּ...

זי דערשרעקט זיך און בלייבט ליגן ביז באגינען אין ווינקל פון דער אטאמאנקע — — — ביז די זון שטעכט דורך די פאָרהאנגען מיט אירע פייערדיקע שטראלן...

די איינזאמע און וואנזיניקע מירא איז א קרבן פון דער סטודיאָ — פון דער קונסט. זי האָט פארגעסן צו לעבן — זייענדיק פארכישופט פון דער דראָמא פון קונסט...

* * *

דעם נעקסטן אָוונט האָב איך געמישט דאָס געלע ביכל מיט אדרעסן... און — מיין פינגער איז געפאלן אויפן אדרעס פון אן אלטער פריינדין.

ווען איך בין אהין אָנגעקומען, איז געווען נאכט. דורך דער טיר האָט זיך געהערט דער הייזעריקער רוף פון אן איינזאם מיידל „ווער איז?" איך האָב געזאָגט מיין נאָמען און דאָס מיידל איז געוואָרן פריילעך. זי האָט געעפנט די טיר — אין ביים ערשטן קוק האָב איך געזען וואָס צייט טוט מיט

א מענטש. לידיא איז אין דעם יאָר עלטער געוואָרן מיט גאַנצע צוואַנציק יאָר.

זי איז געווען מאָדנע אין אומנאַטירלעך געקליידערט. זי האָט געטראָגן רייטע פּידזשאַמאַס און א גרינעם מאַנטל מיט בלומען און מיט אָרנאַמענטן געוועבט. זי האָט געטראָגן גריכישע סאַנדאַלן און איז געווען אומגעווייגלעך־הויך, זי האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן א שרעק.

איך בין דאָ אין די פאַרגאַנגענע יאָרן פיל מאָל געווען. איך קען גוט די שטיב אין א פאַרוואָרפענעם געגנט אין ברוקלין. ווען א גאַסט קומט, נעמט זיך לידיא אָנצינדן די וואַקסענע, געלע און רויטע ליכט. לידיא האָט א מאַניע פאַר לייכטער און ליכט. יעדעס מאָל אז זי גייט ערגעץ ווו אויס — איז איר גרעסט פאַרגעניגן אהיימצוטראָגן א לייכטער. אין איין ווינקל שטייען צוויי לייכטער פון מאַסיוון אייזן. דאָס האָט זי געקריגן א מתנה פון א פראַנצויזישער פריינדין. די געלע ליכט טריפן אַראָפּ זייער הייסן חלב אויף די אייזערנע לייכטער, וואָס דערמאָנען אין די קאַטאַקאָמבן ווו די ערשטע קריסטן האָבן זיך אויפגעהאַלטן. און אָט זענען צוויי לייכטער, וואָס ברענען אַנטקעגן דעם בילד פון מאָנא ליזא. א פריינט האָט איר אַמאָל געבראַכט א בילד פון דער אומשטערבלעכער מאַדאַם דע דזשיאָקאָנדאַ, פון פלאָרענס... לעאָנאַרדאָ דא ווינטשי האָט איר מיט גרויס ליבשאַפט געמאָלן, ברענגענדיק אין איר הויז אַן אָרקעסטער פון זינגער און מוזיקאַנטן, וואָס האָבן געשפּילט בשעת זי האָט פּאָזירט צום מייסטער. געזונגען און געשפּילט — כדי אויפצוהייטערן דער טרויעריקער דזשיאָקאָנדאַ, וואָס האָט נישט געוואָלט שמייכלען. לעאָנאַרדאָ האָט גוט געוווּסט אז כדי א פּאָרטרעט זאָל זיין גוט — איז נייטיק אַרויסצוברענגען דאָס מענטשלעכע פּנים אין אַלע זיינע ניואַנסן. און דאָס קען נאָר דערגרייכט ווערן ווען דער מאָדעל איז הייטער; ווען דער מאָדעל שמייכלט... און די דזשיאָקאָנדאַ — ווען זי האָט זיך שוין יאָ צעשמייכלט — איז עס אַרויסגעקומען מאָדנע מיסטעריעז — געצוווּנגען. און איצט, בשעת די ליכט טריפן זייער הייסן חלב און לויכטן לכבוד דער מיסטעריעזער פלאָרענטינערין — איצט זע איך ווי מערקווירדיק־ענלעך לידיא איז צו דער דאָזיקער פרוי פון איטאַליע — פון 15טן יאָרהונדערט... לידיא איז פּונקט אזוי סאַרקאַסטיש־ביטער ווי די מאָנא ליזא. איר פּנים איז פּונקט אזוי געפּאָרמט — גערינגלט — און די אויגן קוקן דיך דורכדרינגלעך אָן... איז עס מעגלעך, אז לידיא האָט דורך די נעכט שטודירט דעם מאָנא ליזא־פּאָרטרעט און זיך אַריינגעלעבט אין איר שטימונג, פּאָזע, געמיט און שמייכל?

אין א ווינקל, ווו עס שטייט אַן איינציקער, פאַרגילדעטער לייכטער — שטייט א בילד פון לידיא מיט א דרייסיק יאָר צוריק. און עס איז מערקווירדיק ווי לידיא האָט אויכגעזען ענלעך צו דער מאָנא ליזא! נאָר ביי איר זענען די

לאנגע, ברוינע האָר צעלאָזן אין ברייטע כוואליעס. דאָס עט־וואָס לענגלעכע פּנים איז בלייך און אילומינירט דורך יוגנט און ראָמאַנטיק. און די אויגן — די גרינע, דורכזיכטיקע אויגן זענען קאָנצענטרירט אויף דיר — דיך דורכצוועמען... וואָלסט שווערן אַז דו זעסט פאר זיך מאַנא ליזא — אין איר יוגנט... נאָך איידער דער סקעפּטיש־קלוגער, דער איבער־ערגעוויינלעך־טאלאנטפולער לעאָנאַרדאָ האָט זי באַגעגנט. און די איצט־טרויעריקע און פארעלטערטע לידיא שטעלט אַוועק אַ ליכט צום בילד... אַ ליכט צו איר יוגנט... אַ פּייער אין רעספּעקט צו איר אַמאָליקער שיינקייט...

אָבער ווי די זאַך זאָל נישט זיין — קיין אַרקעסטער איז דאָ נישט פאראַן... און אַרקעסטער וואָס זאָל שפּילן און זינגען און באַוועגן לידיאַן צו שמייכלען פאַר מאָלער... אַן אַרקעסטער וואָס זאָל פאַרטרייבן לידיאַס טרויער... אַזוי ווי יענער אַרקעסטער וואָס האָט פאַרטריבן דעם טרויער פון מאָנא ליזא...

און אויף אַ צווייטער וואַנט, אַנטקעגן דער אָטאָמאַנקע הענגט אַ בילד פון פראַנץ האַלס. איך דערמאָן זיך, אַז איינמאָל, ווען איך האָב באַזוכט לידיאַס הויז, בין איך אַהיימגעגאַנגען און אַנגעשריבן פאָלגענדע אימפּרעסיע וועגן דעם בילד...

* * *

ביי דעם אַלטן מיידל הענגט דאָס בילד פון פראַנץ האַלס. ער שטעלט פאַר אַ האָלענדיש מיידל מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק. און בשעת אין אַ רויטער פּייער־קימאָנאָ זיצט די מויד אין דער שטול, ווי אַ תליון, און זוכט צו געפעלן מיט איר אַנוועזנקייט — און בשעת די לייכטער ברענגען מיט פאַרביקע ליכט און אין דרויסן יאָמערט אַ ווינט — קוק איך אויף פראַנץ האַלס פאַרטרעט פון מיידל. איר שמייכל איז פיל האַרציקער, מיידלשער און אינטימער ווי די פון מאָנא ליזאַס — די פריינדין פון לעאָנאַרדאָ. — אירע בריסטן — צוויי פולע, צוויי בלייכע און ציטערנדיקע עפּל. צייט האָט גאָרנישט געקענט אָראָפּגריזשן פון די דאָזיקע איידעלע בריסט, מיט אַזוי פיל ליבע געמאָלן. די יוגנטלעכע קאָלירן אין איר פּנים בליען. און עס איז שווער אויסצודריקן וועלכן כישוף זי פאַרשפּרייט — מיט די איידעלע אויגן, וואָס קוקן אַזוי קלאָר אין דער טונקעלקייט — און אירע בלייכע, קלאָרע הענט, וואָס דו ביסט גרייט צו קושן.

איך ליג אויף דער קאַנאַפּע. אין אַ ווינקל שטייט אַ ברוינע פאָטאָגראַפיע פון דער מויד ווען זי איז געווען „יונג"... אָבער זי איז קיינמאָל נישט געווען יונג. זי איז שטענדיק געווען אַלט — אַזוי ביז צו אונזערע טעג. כוואַליעס ברוינע האָר כוואַליען פון איר קאָפּ. אַן אומעט צירט איר קאָפּ. אַן אומעט צירט איר געזיכט. אַן איידעלער, ראָמאַנטישער אומעט — וואָס איז איצט אויפן לעבעדיקן אָריגינאַל פאַרוואַנ־

דעלט אין איראָניע, אין ציניזם. און ווידער ציט זיך מיין בליק פון דער אומהיימלעכער מויד, פול מיט ווינט און מיט נאכט — צום פּאָרטרעט־אינזל אויפן וואנט. צום אינזל פון ווייבלעכקייט. איבער מיר הענגט זי און עס איז נאָענט זי צערטלעך אָנצורירן. דו באקומסט ליב דאָס ליבלעכע האָלאַנד, מיט די קליינע הייזער און רויטע דעכער, מיט די וואזאָנען אין די פענצטער, מיט די פלאָראַליען־גערטנער...

פראַנץ האלס האָט איר געמאָלן מיט גרויס חן און ליבלעכקייט, פונקט ווי ער האָט אלע זיינע מענטשן געמאָלן פרייליכע און גליקלעכע. זיי טרינקען, זיי רויכערן, זיי ליבן זיך, זיי שמייכלען וווּנדערלעך. זיי זענען אלע געמאָלן מיט גרויס אינדיווידואליטעט און מיט דינאַמיק פון לעבן. אין פראַנץ האלס, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אנטווערפן, (1572), האָט געמוזט דאָס חנעוודיקע מיידל דערזען אין זיין יוגנט ערגעץ אין א גאס אין אנטווערפן... און מיר דאכט, אז איך האָב איר געשטאלט ערגעץ־ווו געזען — אין אן אנטווערפענער עסטאַמינעי... זי האָט געטרונקען פעטן פלעמישן „באָק” און אירע ליפן זענען געוועזן פייכט פון ביר...

און איינמאָל, אין א פרילינגדיקן טאָג, אינמיטן חודש מאַי, ווען די קנאָספן עפענען זיך — גייט דאָס וווּנדערלעכע מיידל ארויס אויף שפּאַציר. די קליידער ציטערן אויף איר אין ווינט און אין דער גרויסער גאָלדענער זון. עס וויגן זיך ריטמיש אירע בריסט צום גאַנג פון אירע גוטע, געזונטע פיס. די זון באפאלט איר און קושט איר אויס דאָס לייב. און ווי הייטער זי שמייכלט! און די גאָלדענע אויגן פול מיט בראַנז. און די ליבע גאָמבע — און דער ליבער האַלז — אָט דאָס שטיקל זוניקע לעבן — אָפּגעבראָכן פון גרויסן לעבן פון דער נאַטור — איז זיס און פּאַטעטיש. און פון הימל ווארפט איר וואָט זעלבכט צו זיינע גאָלדענע רויזן...

און דער מאָלער — דער קינסטלער — וואָט יויל וואָס מער פונם לעבן באהאלטן אויף זיין קאַנוועז — וואָס קעמפט מיטן טויט און רייסט ארויס שטיקער כוואַליענדיק און פינקלענדיק לעבן און פּאַראייביקט עס אויפן קאַנוועז — דער מאָלער האָט אויפגעכאפּט דער איידעלער מאַריקיע פון אנטווערפן און האָט איר אויף אייביק אריינגעמאָלן אין זיין בילדער־אלבום. און איצט כישופט זי צו מיר אראָפּ פון איר נישע — פון איר היים אין דער גילדענער ראַם — פון איר פּאָרטרעט...

שפּעטער אין יאָרן האָט מאַריקיע געמוזט הייראטן מיט א פיינעם האָלענדישן בירגער און האָבן א סך קינדער — וואָס זענען נאַקעטע אין זומערדיקע טעג ארומגעלאָפן אין גרינעם גאָרטן — געהילטע אין זון — און זיי האָבן זיך געשפּילט מיט קעץ און מיט הינט און מיט בלומען און מיט פייגל. מאַריקיע האָט ליב געהאט אירע קינדער — זי איז געווען א גוטע פרוי — א גוטע מוטער — און זי האָט געמוזט שטאַרבן אלט און זאט אין יאָרן. אָבער דאָס בילד

דערציילט נאָר פון איר ווייבלעכער שיינקייט וואָס בישופֿט אַראָפּ אויף מיר און מאַכט מיר צום גלויבן אַז זי זאָגט מיר עפּעס צו — אַז אין אַ טאָג וועל איך זי באַקעגנען ווידער ערגעץ אויף אַ קאַרנאַוואַל אין האָלאַנד — אירע 18 יאָר האָבן זיך נישט געענדערט און זי איז פֿאַרבליבן יינג ווי אין די ערשטע טעג — אַזוי דאַכט זיך מיר אין מיין איינזאַמקייט...

די אַלטע מויד זעט ווי מיך ציט צו איר קאָנקורענט, צו איר געמאָלענעם „ריוואַל". די ליכט טריפֿן טרויעריק זייער הייסן חלב — דער מוידס טרערן. און אין דער אָנוועזנקייט פֿון דער אַלטער מויד דרימל איך איין. ווער קושט מיך היים מיט הייסע, מיט װוּנדערלעכע ליפּן — ווער רעדט צו מיר וווּנדערלעכע סאַמעט-רייד — ווער לייגט אירע הענט ווי זייד אויף מיינע שלייפֿן — ווער זיצט געבן מיר מיט דער גאַנצער ליבלעכער ווייבלעכקייט אירער? —

עס איז די וווּנדערלעכע מאַריקיע, אויף אַ ווײַלע פֿון דער ראַם אַרויסגעגאַנגען, אויף אַ ווײַלע זיך אין איר גאַנצן מיידעלשן בישוף פֿון פֿראַנץ האַלס בילד זיך אַרויסגעגנבעט.. עס איז מאַריקיע פֿון אַנטווערפּן — ווען איך האָב אין אַ מאַיאָון טאָג געטראָפֿן אויף אַ טוי-פֿייכטן פֿעלד אין פֿלאַנדריען, זיך פֿרייען מיט דער נאַטור — זיך פֿרייען מיט ערד און מיט הימל — מיט דערזעלבער ערד און דעם זעלבן הימל וואָס האָט ברוך שפּינאָזאַ געמאַכט צו דענקען און צו פֿילן אַז אַלץ אין דער נאַטור — איז גאָט. און אַז מאַריקיע איז פֿאָלגלעך — אַ שטיק פֿון גאָט, אַ פֿראַגמענט פֿון דעם גרויסן בישוף פֿון גאָט. —

* * *

לידיא איז שרעקלעך איינזאַם. איר איינציקער אינטערעס איז צו רעדן וועגן ליבע. און דאָס פּירט איר נאַטירלעך צו צו דער טעמע וועגן אירע אַמאָליקע ליבעס. און איינער נאָך דעם צווייטן גייען אַרויס די העלדן פֿון אירע ראָמאַנען. העלדן — וועמענס ליבע זי האָט געגאָסן מיט אַ ברייטער האַנט. — בער איינער נאָכן צווייטן זענען זיי אויך אַוועק... איינער איז געשטאָרבן אַ טאָג פֿאַר דער חתונה. אַ צווייטער איז אַוועק מיט אַן אַנדער געליבטער און האָט חתונה געהאַט און איצט איז ער שוין אַ זיידע... אַ דריטער האָט ערגעץ אַוועקגעוואַנדערט אין מרחקים... און זי איז דאָ געבליבן וווינען אין איר איינזאַמען הויז — אין דעם איינזאַמען צימער — און ווי אַ באַלזאַמירטע פֿרוי זעט זי אויס — ווי איינע פֿון די באַלזאַמירטע קעניגינס פֿון עגיפּטן — וואָס פּאָרעט זיך אַרום צווישן די ברענענדע ליכט און אימאַזשינער שפּילט ערגעץ אין הימל אַ קאַפּעליע — די קאַפּעליע פֿון איר חתונה, די קאַפּעליע וואָס ווי זי האָפֿט, וועט נאָך אַמאָל קומען און שפּילן אויף איר חתונה...

אין הויז זענען פאראן עטלעכע ביכער — וואָס לידיא ליענט קיינמאָל נישט... צווישן זיי — די ביכער פון די אַלטע חורים שאָפּענהויער, אטא ווייניגער און שפּינאָזא... אַמאָל נעמט לידיא ארויס איינעם פון די בענדער. דער שטויב איז געדיכט. נאָר זי האָט נישט קיין געדולט צו לייענען... זי לעגט עס שנעל אוועק אויפן טיש — און זיינע בלעטער בלייבן אויפגעמישט אין דער לופט — און ווערן פון נאכט־גייסטער געלעזן.... אַמאָל דרייט זי אויף דעם ראַדיאָ און ווערט באלד מיד פון דער מוזיק און פארדרייט אים צוריק... שוין בעסער די געדיכטע, די אייזערנע שטילקייט.

לידיא רויכערט א סך... זי רויכערט מיט זערוועזיטעט און מיט סארקאזם. זי רויכערט די ציגארעטן מיט א געווינן זשעסט — ווי גיבנדיק צו פארשטיין:

— עט, דאָס לעבן איז נישט מער ווערט ווי דער רויך, ווי דאָס אש פון דאָזיקן ציגארעט... און איך רויכער עס אויס... איך האָב נישט קיין מיטגעליד מיט זיך. און אודאי נישט קיין מורא. אין בין פריי פון אלע משוגעתן! איך ווייס וואָס דאָס לעבן איז -- א ציגארעט, וואָס מען דאַרף אויס־רויכערן...

פון די אַמאָל בלאָנדע כוואליעס האָר איז ביי לידיאן געבליבן א קאָפּ מיט שטרויענע, שיטערע האָר... זיי קריכן אויס... און זי קעמט זיי אזוי, צעפּלאָשעטערהייט, כדי זיי זאָלן מאכן דעם איינדרוק פון א סך האָר...

אָבער עס איז קוים מעגלעך צו מאכן דעם דאָזיקן איינ־דרוק... דען דורך די שיטערע, אָפּגעמאגערט־פארבלאָזע האָר זעען זיך ארויס די ווייסע ברעגן פון איר „סקאַלפּ"...

אויפן קליינעם טישל ליגט דאָס ביינערנע קעסטעלע, וואָס א רוסישע גרעפין האָט ביי איר פארזעצט, ווען זי האָט באַשטעלט א הוט ביי לידיאן. דעמאָלט האָט לידיא נאָך געהאַט אן אייגענעם הוטן־געשעפט. דער גרעפין איז געפעלן א בלויער טורבאן און זי האָט פארזעצט דאָס קעסטעלע. זייט פילע יאָרן איז דאָס קעסטעלע דאָ פארבליבן... און עס ליכט מיט זיין אמאליע — פאַרשטעלנדיק א רוסישן דאָרף. הייזער מיט שטרויענע דעכער... שניי איבער די פעלדער און וועגן... און אויף די אקסלען טראָגן צוויי פרויען נאָסעס מיט עמערס וואסער... און ווי שווער די צוויי פרויען זענען אָנגעטון — קענען די קליידער דאָך נישט פארהוילן די שיינקייט פון די צוויי דאמען... פון די צוויי רוסישע פּויערטעס — אזוי שיין איז אַמאָל געווען די רוסישע גרעפין... און אזוי שיין איז אמאל געווען -- לידיא....

עס איז שפּעט ביינאכט. איך פאָר אהיים אין סאבוויי. עס פאָרן מידע די מענער און די פרויען. אויף דער קני פון אן איינזאמער דאמע ליגט א בוקעט מיט בלומען — מיט פייכטע בלומען — אויף דער קינ פון דער דאמע שמאַר־בען די שמערצפול־סענסיטיווע בלומען... און דורך דער ערד שניידט זיך די אייזערנע סאָבווי מיט מענטשן. און די לאנד־

שאפט פון רוסלאנד גייט אויף — מיט לופטיקן ישניי — און מיט די צוויי יינגע, בליענדע פּויערטעס — און לידיא גייט אויף — אין איר פאַרביקער קליידונג. און וואָס מער זי פאַרבט זיך אין די לופטיקע קאָלירן — אלץ מער ווערט אקצענטירט איר עלטער... איר מידע עלטער... און איינזאַם דרייט זי זיך ארום אין איר צימער — אין איר מיט חלד־ליכט פאַרטריפטן צימער — א באלזאַמירטע עגיפּטישע פּרינ־צעסין וואָס האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט — און איר צימער איז ווי א ריזיקע טרומנע — אין וועלכער זי פּאַרעט זיך ארום א טויטלעך-באלזאַמירטע...

שפּעט ביינאַכט.

ראָמאַנטיש שטאַרבן אויף דער קני פון דער דאַמע אין סאבוויי די שמערצפול־סענטימענטאלע, די פיל־קאָלירטע און רייך־באַגילדעטע בלומען...

* * *

דעם נעקסטן אוונט האָט דער ווינט פון מיין געמיט ווידער געמישט די בלעטלעך פונם אדרעסן-בוך — און מיין בליק איז געפאַלן אויף אַן אדרעס פון מיינער א פריינדין...

עס איז געווען נאַכט ווען איך בין אהין אָנגעקומען. ליזא איז געווען אליין און איר אפּאַרטמענט. דערזעענדיק מיך, איז זי געווען איבעראַשט. פונוואַנען האָב איך זיך פּלוצלינג גענומען צו איר? —

די ערשטע זאַך וואָס איך האָב באַמערקט, איז אַז ליזא איז שרעקלעך אלט געוואָרן. זי איז קיינמאָל נישט געווען קיין צו גוטע. נאָר איצט זענען די יאָרן אויף איר ארופגעקראָכן — און צוזאַמען מיט די יאָרן — איז ארויס דאָס שלעכטס, וואָס איר יוגנט האָט אַמאָל געקענט מאַסקירן. עס איז געשטאַנען פאַר מיר אַן אלטע, צעקרעכטע נקמה. פיל מיט שלעכטס אין אירע אויגן — אין די קנייטשן פון פּנים — ארום איר מויל מיט די דינע ליפּן.

ליזאַן האָב איך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן אויף אַן אוונט פון יידישע פּאָעטן. זי איז נאָך דאַן געווען יינג. איך האָב פיל יאָרן באַזוכט איר אפּאַרטמענט ארום צענטראַל פּאַרק יועסט. זייט דאַן האָט זי געענדערט עטלעכע מאָל אירע אפּאַרטמענטן — ביז זי האָט זיך צוריק פאַרקליבן צו צענ־טראַל־פּאַרק וועסט...

איך זיץ אין דער ווייכער, זיך וויגנדיקער שטול. איך באַטראַכט דאָס מעבל — די זאַכן — די ביכער — ווי אלץ איז מיר גוט באַקאַנט. אַזוי ווי איך וואָלט דאַ געקומען הונדערט יאָר לאַנג....

עס איז נאָך פאַראַן א לעבעדיקער דער זייגער מיט די וואָגעס געוויכטערן, וואָס זעט אויס ווי א קליינע קאַטע־דראַלע, מיט צוויי טורמס — צוויי הערנער — צוויי שפּיצן פונם טייוול... דער זייגער איז אלט איבער הונדערט יאָר. ליזא. האָט אים געקויפט פאַר א שיבוש אויף א ליציטאַציע.

זייט דאַן הערט ער נישט אויף געטריי צו דינען זיין באַלעבאָסטע. ער קלאַפּט האַסטיק. און ליזא איז שוין צוגעווינט צום קלאַפּן פֿונם זייגער. עס איז ווי א לעבעדיקע זאַך. ווי א מענטש אין שטוב. איינמאָל, אין שלאָף האָט ליזא דערפֿילט א שרעקלעכע שטילקייט — זי האָט זיך דערשראָקן — זי האָט נישט געהערט דאָס קלאַפּן פֿונם זייגער. אין דער פֿרי האָט זי אים שנעל אויפֿגעטראָגן צו א זייגערמאַכער, וואָס האָט אים ווידער געלאָזט אין גאַנג... האָט ער ווידער געגעבן זיין אָטעם. דער זייגער איז רירנד. זיין ציפֿערבלאַט איז ווי פֿון א מענטשלעכן געזיכט. און די ווייזערס ווי צוויי וואָנסעס. און ווען ער קלינגט — איז ווי ער וואָלט הוסטן — וואָלט כראָפּן שווער און הייזעריק. קיין יינגערמאַן איז ער דאָך נישט — דער אַלטער זייגער... דער אינטימער פֿריינט פֿון ליזא...

און נעבן זייגער הענגט נאָך אַלץ דער טיבעטישער הייליקער. עס איז דער פֿאַרביקער, אָפּגעבלאַקירטער פּאָרטרעט פֿון א הייליקן. אין לעבן איז דער הייליקער אויך געווען א בלייכער, שמייכלענדער, גייסטער־האַפטער מענטש. בודאָס גליקזעליקייטס־שמייכל לויכט פֿון אים אַרויס. און אויפֿן בילד איז ער אַרויסגעקומען ווי א ב׳אכער שטראַל. מען קען קוים אָנזען די קאָנטורן פֿון זיין עקזיסטענץ. ער איז ווי געמאָלן מיט מילך אויף בלייכן קאַנוועז און די גוטסקייט לויכט פֿון אים אַרויס. גוטמוטיק לויכט דער הייליקער — צופֿרידן וואָס ער האָט דאָ זיין ווינקל אין זיין לעבן.

און אָט איז די עטשינג פֿון ליזאס געליבטער בעטהאָווען. עס איז א גראַווויר פֿון א יידישן קינסטלער. און די בעטהאָווען־מאַסקע איז אָנגעשטרענגט. קאָנצענטרירט. די פֿייער־שטורמענדע מאַסקע פֿון א צעאוס. דאָס איז דער מאַן, וואָס שלאָגט זיך מיט זיין גורל. וואָס האַמערט מיט אייזערנע קלעפּ איבער זיין שיקזאַל. דאָס איז דער מאַן וואָס ליזא האָט ליב. פֿון פֿאַך א פּיאַניסטקע, איז ליזא פֿאַרליבט אין בעטהאָווענען — אין זיין קאַמף — אין זיין מוזיק — אין זיין טיטאַנישער פּערזענלעכקייט. פֿון יוגנט אָן פֿילט זי א באַוווּנדערונג פֿאַר דעם דאָזיקן מעכטיקן גאון — און אירע ווענט זענען באַהאַנגען מיט אַנדערע בילדער, אין פֿלאַמענדע פֿאַרבן, פֿון דעם מוזיקאַלישן גאון.

און עס הענגען אויך אַנדערע בילדער דאָ: וואַן גאָג מיט זיין פֿאַרבאַנדאַזשירטער באַק, נאָכדעם ווי ער האָט געבראַכט זיין אָפּגעשניטן אויער א מתנה צו א דאַמע... רעמבראַנדט מיט זיין ערשטער פֿרוי סאַסקיאַ — ווען רעמבראַנדט איז נאָך געווען יונג און רייך און פֿול מיט דערפֿאָלג און ער מיט סאַסקיאַ טרינקען א באָקאַל מיט וויין — א טאָאַסט פֿאַר זייער גליק. און עס הענגט א מאַלעריי פֿון א טונקעלע לאַנדשאַפֿט פֿון איינעם א יינגען מאַלער, וואָס איז מיט יאָרן צוריק געשטאָרבן. ער איז געווען איר געליבטער. און ווען נאָר ליזא האָט א שאַנס — רעדט זי וועגן אים מיט

מרויער און מיט האס. ווייל זי האט אים פייערדיק געליבט — און ער האט זי געפייניקט....

ליזא האט מורא טאמער וועט זי באשולדיקט ווערן אלס אן אלטע מויד. זי הויבט דעריבער שטענדיק אן צי רעדן וויפיל מאל זי איז געווען פארהייראט. „פארהייראט זיין" — מיינט פאר איר צו האבן א ראמאנס מיט א געלבטן, וואס האט זיך געענדיקט מיט געשלעכטלעכן פארקער. ליזא איז ראדיקאל געשטימט און זי האלט, אז עס איז נישט נויטיק אז דער רב זאל בענטשן חתן־כלה — כדי ערשט דאן זאלן זיי זיין פארהייראט... דאס ראטעוועט איר פון דער בייזער אידעע, אז מען נעמט איר אן אלס אן אלטע מויד...

בשעת ליזא רעדט וועגן איר פארגאנגענהייט, וואס זי באמיט זיך מיט גרויס אנשטרענגונג צו באפלעקן מיט זינד, צו באפלעקן מיט געליבטע — שווימען ארום די דינע, פינקלענדע פישלעך אין וואסער פון א קליינעם אקוואריום. און מיט זייער אומשולד אקצענטירן זיי ליזאס אומשולדיק לעבן. איר רייד וועגן זינד זענען אויסגעטראכט — נישט איבערצייגנדיק. זי באמיט זיך אומזיסט ארייגצופירן „זינד" און „הייראט" אין איר לעבן.

איצט האט זיך ליזא פארקליבן אויפן צוועלפטן גארן — אויפן לעצטן גארן, אין א מאדנעם און ביזארן אפארטמענט. זיי דו קוקסט אראפ פון דעם פענצטער ביינאכט — דאכט זיך דיר, אז דו ביסט נענטער צו די שטערן ווי צום ערדישן לעבן. אונטן — טויזנטער ליכטער פון ניו־יארקס הייזער. יעדעס ליכט באדייט — א פרוי, א מאן, קינדער, א פאמיליע, א הויז, אינטימיטעט... יעדעס ליכט קען דערציילן די עפיק פון א פאמיליע. די היימלעכקייט פון א היים. די אידילישקייט פון ליבע. און די ליכט קומען פון אלע גאסן ארום — פון די נאענטסטע און וויטסטע הייזער. דאס ליכט איז קאלט — עס ווארעמט זיך נישט —

פונקט ווי עס ווארעמט דיך נישט דאס קאלטע, ווייטע און איינזאמע ליכט פון די שטערן. פאר ליזאן, אין איר איינזאמקייט, זענען די ביידע ליכטער פון דערזעלבער באדייטונג. קוקט זי ארונטער — פינצטערניש און פרעמדקייט. קוקט זי ארויף — א שטורעם, א קאכן זיך פון וואלקנס, פון נעבולאס, פון ווייטע שטערן־וועלטן, פון גאנצע וועלט־גאלאקסיעס. וואס טויגן די ווייטע וועלטן — ווען דא אויף דער ערד איז אזוי קאלט און פרעמד.

און ליזא זאגט:

— מיט טויזנטער יארן צוריק האט די מענטשהייט געלעבט ווי איין גרויסע פאמיליע. זיי האבן זיך צוזאמען געטוליעט אין די דזשאנגלס. זיי האבן צוזאמען געקעמפט קעגן דער חיה. זיי האבן צוזאמען זיך געפרייט מיט זייערע דערפאלגן און צוזאמען געטרויערט אויף זייערע אומגליקן. מענטש

איז נישט געווען איינזאם. אין קאמף און אין טריומף איז מען געווען צוזאמען. מענטשן איז געווען געשטארקט און געמוטיקט דורך דעם אָנשפאר אויף דער גרויסער מענטשנפאמיליע.

— שפעטער, אַז די קומענדיקע יאָר טויזנטער, מיטן אויפקומען פון קולטור, איז דער מענטש געוואָרן איינזאם, אייזיק-איינזאם. די מענטשן האָבן זיך אויפגעבויט נעסטן. הייזער. פאלאצן. וואלקנקראצערס. די מענטשן האָבן זיך פארקליבן אין אָפגעזונדערטע היימען — פארהוילן פון דעם אויג פון זיין חבר, זיין שכן, זיין פריינט. מיטן אָנקומען פון דער נאכט לאָזט מען ארונטער די פאָרהאנגען, די זשאַלוזן. מען פארמאכט די לאָדנס. מען שליסט זיך אָפּ פון דער וועלט — יעדער מיט זיין ביסל גליק, מיט זיין ביסל ליבע, מיט זיין ביסל היימלעכקייט. מען קוקט נישט ארונטער דורכן פענצטער צו זען ווי אין פארק זיצט דער טרעמפּ און גריזשעט א שטיקל ברויט פון א שטיקל צייטונגס-פאפיר ארויס מען וויל נישט זען ווי ביים גארבעדזש-קען שטייט דער מאן און זוכט צוזאמען מיט די הימלאָזע קעץ אַן אָפּגעגריזשעטע און צעפוילטע מאראנץ; מען וויל נישט האָבן מיטלייד מיט דעם קינסטלער וואָס גייט ארום אויפן טראָטואַר — אונטן — א לבנה-באַנאָסענער און אן איינזאמער מאן, ווי אין א וויסטעניש. מען האָט נישט קיין מיטלייד מיט דעם איינזאמען מאן פון דער ערד — מען טרייבט אים צו פארצווייפלונג און צו זעלבסטמאָרד — מען טרייבט אים אראָפּ פונם בויך פון דער ערד. די מענטשהייט איז געוואָרן ענגהארציק — ענגאָאיסטיש — אינדיווידואליזירט — מיסטרויאיש — קראנק. די מענטשהייט — האָט פארלוירן דעם געפיל פון פאראנטוואָרטלעכקייט פארן מיטמענטשן וואָס פאלט. יעדער שליסט זיך אָפּ אין זיין גראניטענעם טורעם — ווי בשעת א מגפה — און מען העלפט נישט די דאָזיקע וואָס בעטן און שרייען נאָך הילף פאר די שוועלן פון די טירן און פאר די פענצטער. די מענטשהייט איז דעגענערירט געוואָרן... —

אזוי רעדט ליזא און איך פיל ווי גערעכט זי איז. און ווען איך גיי שפעט ביינאכט אהיים — זע איך ווי אין הימל קאָכט זיך א מאגיש געקעכטס פון וואָלקנס — און אויף דער ערד הילט א גרויער נעפל איין אלע הייזער — אלע ווילאַס — אלע פאלעסטער — אלע וואלקנקראצערס...

און אין זכרון גייט מיר אויף א בילד וואָס איך האָב געזען אין הויז פון ליזא. עס איז א בילד פון ליזא — ווי זי האָט אויסגעזען ווען זי איז געווען 18 יאָר אלט. יינג — אידעאליסטיש — פארקלערט — מיט גרויסע, ליכטיקע אויגן וואָס קוקן ווי זונען אין דער וועלט — אין דער צוקונפט אריין. דאָס פנים אירס איז ריין פון טרויער. עס איז דאָס פנים פון א רייצענדער פרוי...

און אָט איז דיזעלבע פרוי — אין לעבן. צעפרעסן פון איינזאמקייט. אלע אילוזיעס — פארלוירן. פאר איר שטייט איר גרויע, שטיין קאלטע רעאליטעט — וואָס האָט איר שלעכט

און בייז געמאכט. וואָס האָט איר אויסגעקרימט און צעבראָכן.

עס איז איינע און דיזעלבע פרוי — ביים אָנפאנג פון איר פרויען־לעבן און אין אירע רייפע יאָרן — ווי זי האָט פארבליט און פארוועלקט...

איך גיי אין דער נאכט — און דער טרויער הילט מיך איין ווי א געדיכטער וואלקן און הענגט מיך אויף אינמיטן רוים — אויף א גיגאנטישער תליה. און אלע ווינטן פון דער וועלט וויגן מיך — הין און צוריק — ווי אן אומרו — ווי אן אומרויקער אומרו אין דעם גרויסן זייגער פון קאָסמאָס. —

דעם נעקסטן טאָג האָב איך דאָס אדרעסן־בוך מער נישט געעפנט... מיינע ווייטערדיקע באזוכן וואָלט נאָר געווען אן איבערחזרונג פון דעם שוין־באשריבענעם...

# דער יידישער ראצנפארטיליקער...

(דערציילונג)

קענט איר די געשיכטע פון דער גערמאנישער מיטאלאָגיע וועגן דעם ראצנפאנגער פון האמעלן? איך געדענק ווי איינמאָל האָב איך זי געהערט דערציילן פון מיין חבר, אין גרויסן פּולאווער פארק. מיר זענען אין א רייפן זומער־טאָג געלעגן ביים וואסער. צווישן די צווייגן האָבן זיך געזען די מאָנומענטן, די קאָלומנען, די באלקאָנען און געזומסן פון א פרעכטיק־מירמלשטיינערנעם שלאָס, וואָס האָט געלויכטן מיט זיינע פענצטער אין זון־אונטערגאנג. רויטע ראָזן האָבן געבליט און געוויאנעט אין דעם אלטן גאָרטן. עס האָט זיך געדאכט, אז די ראָזן און די ליליען זענען ארויסגעוואָקסן פון די ווענט פון שלאָס, האָבן זיך צו אים געטוליעט און זענען צוריק פארלוירן געוואָרן אין זיינע טיפעניש. א קליינער בית־עולם מיט זיינע אָנגעקרישלטע מצבות האָט זיך געזען אין הינטערגרונט פונם שלאָס... דאָ ליגן אוודאי גראפן און גראפינעס, וואָס האָבן וואונדערלעך דאָ אמאָל געטאנצט... איך זע נאָך דער דאמעס ברייטער קרינאָלינע — ווען זי טאנצט א מאזורקע פאר די גאלאנטע פראנצויזישע אָפיצערן פון נאפּאָלעאָנס גראנד־ארמיי...

דער פארנאכט איז א מייסטערווערק. די זון צינדט אָן די ביימער ווי בראָנזענע לייכטער, ווי צו אן אילומינאציע־קרוינונג פון א צאר... צינדט אָן די וואָלקנס מיט פייער און — אין אָט דער צארטער שטימונג, ווען דער טאָג האָט געכרעכצט און געשליקערצט און זיך געמוזט אנטבונדן פון דער

ערד, מיט אלע זיינע טויזנטער מיליאנען װארצלען און נאפלען װאס פארבינדן אים מיט דער גרויסער װעלט — בין איך געלעגן אויפן זון־באטרונקענעם גראז מיט מיין פריינט, דעם דיכטער, דענקער און מיסטיקער. ער האט גערעדט:

— דאס איז די געשיכטע פון א צויבערער, אן אויסגע־בלייכטן, שווינדזוכטיקן צויבערער, װאס האט געקענט אזוי שיין שפילן, אז ער האט פארנארט מיט די טענער פון זיין כישופדיקער פידל די ראצן צום טייך רהיין און זיי דארטן געלאזט דערטרונקען װערן.

איינמאל איז ער געקומען אין א שטעטל ביים רהיין. די איינוואוינער, באפאלענע פון די בייזע ראצן, אין די טויזנטער, האבן אים אנגעבאטן א געוויסע סומע דוקאטן אויסצוראטן די ראצן פון זייערע הייזער. דער ביזארער און קראנקער צויבערער האט די מיסיע גלענצנד אויסגעפירט. אבער די שלעכטע בירגער פון דער שטאט האבן נישט געהאלטן װארט און האבן אים נישט צוגעשטעלט די צוגעזאגטע סומע געלט. דאן האט ער באשלאסן נקמה צו נעמען אין די איינוואוינער פון דער שטאט און די נקמה איז געװען א גרויזאמע.

איינמאל, אין א שיינעם, זוניקן פרימארגן, װען די זון האט געשליידערט שטיקער גאלד אויף דער ערד און אנגע־צונדן אלע לאנדשאפטן — איז דער אָרעמער ראצנפאנגער געקומען אין דער שטאט, האט זיך געשטעלט ביי די טויערן שפילן א הערלעכע מעלאדיע. די קינדער האבן דערהערט די צויבערהאפטע מעלאדיע און אין די הונדערטער געשטראמט צום װונדערלעכן שפילער. דאן האט דער צויבערער ארויסגע־לאזט דעם רהיין פון זיינע ברעגן און די שטורמדיקע כװאַ־ליעס האבן פארשלעפט צום אפגרונט די אומגליקלעכע קינ־דער.

די געשיכטע איז פון א שלעכטן צויבערער, װעמענס נקמה איז צו ברוטאל און טרויעריק. און בשעת די בלעטער נעבן מיר האבן זיך פארטראכט, זיך פארקנייטשט װי שטערנס פון חכמים און די בלומען האבן זיך באהאלטן צווישן די הייכטע גראזן — האב איך זיך דערמאנט אין א װונדערבארן מאן פון מיין קינדהייט, װעלכן איך האב געפרוווט אפשיילן פון די שפינוועבסן פון צייט, אים װידער עפענען צו מיין אויג און אים אנצינדן אין זיין גאנצער שיינקייט.

אין מיין קינדהייט האבן מיר געהאט א װאסער־מיל. פון די ארומיקע דערפער און װייטע קאנטן פלעגן די פויע־רים קומען צו אונזער מיל און מאלן זייער װייץ און זייער קארן. געזונטע, שטארקע יונגען, מיט גלאנציקע, בראנזענע לייבער, װי האלב־געטער, האבן ביי אונז געארבעט און איך האב, זייענדיק א קליין יינגל, ליב געהאט דאס װאסער, װאס האט פארנומען עטלעכע סקווער מיילן, װאס פלעגט שטרא־מען שטורמיש און פאנטאסטיש אין די זומער־טעג פון זומער; שווימען אין רויטלעכע כוואליעס אין די הארבסטיקע טעג

פון יאָר, ווען די זון גייט אונטער נידעריק צו דער ערד, א רויט־אַנגעצונדענע, פאַרבנדיק אויף רויט די פיסקעלעך פון די פיש וואָס פלעגן זייערע קעפּלעך ארויסשטעקן פון וואַבער. ווינטער־צייט איז דאָס וואסער געווען שטורעמדיק און בייז און זיין אָטעם איז געווען אייז־געפרוירן, ווי דער אָטעם פון פראָסט. דאַן פלעגט די מיל זיך אָפּשטעלן און מען האָט אין איר נישט געקענט מאָלן.

עס איז געווען אומעטיק און שיין זיך צו שפּילן נעבן דער מיל. איך האָב ליב געהאַט אין דער נאַכט, ווען די ווייעלט הערט זיך צו צום טיק־טאַק פון איר אייגענעם ריזנהאַרץ, אין דער גרויסער קאָסמישער שטילקייט — זיך צוצוהערן צום ריטם פונם וואסער, וואָס דער ווינט יאָגט און טרייבט און וואָס אן אינערלעכער אומרו באַוועגט עס הין און צוריק, אזוי ווי דער אומרו פון א זייגער. איך פלעג נישט גלויבן אז די לבנה הענגט א גאָלדענע אויפן בלויען הימל, ווי אן „אַבראַז" (א פּאָרטרעט), פון א שיינער פרוי... מיר האָט זיך גיכער געדאַכט אז דער הימל שפּיגלט זי אָפּ. רעפלעקטירט איר פון וואסער, אין וועמענס טיפעניש זי באַהאַלט זיך און ווינט זייט מיליאָנען יאָרן. אין דער אמתן שווימט די לבנה ארום — א וואונדערשיינע פרוי, א נאַקעטע, א פּערלמוטערנע, אין טיפן וואסער — און אן אומשטערבלעכער אומעט צירט איר רונד געזיכט, אזוי ווי אן אומהיילבארע וואונד וואָלט שניידן איר האַרצן...

דאָס לעבן איז זיך געפלאָסן אומעטיק, מאָנאָטאָן. ארום זענען געשטאַנען רואיקע, פאַרגליווערטע וועלדער, וואָס האָבן אין דער ווייטקייט זיך געהילט אין גרוי־בלויע נעפּלען, זיך רויט געצונדן אין האַרבסט. וואָס ווייטער זיי זענען געווען — אַלץ גרויער און בלויער און פאַנטאַסטישער... און וואָס נענטער — אַלץ טיפער און אומענדלעכער... וועלדער וועגן וועלכע דו האָסט געהערט מעשיות וועגן רויבער און פּריגצעסינס; וועגן בייזע יאַגד־הינט און וואַלד־היטער; וועלדער אין וועלכע דו האָסט געוואָלט אַמאָל, אין א פאַטאַלן פאַרנאַכט, אויף אייביק פאַרלוירן ווערן; ווערן א נאַכטיגאַל און שפּילן טרויעריקע לידער אין די אָוונטן... ווערן דעם וואַלדס און אומשטערבלעכע נאַכטיגאַל...

אין דער מיל האָבן זיך מיטאַמאָל באַוויזן ראַצן. גרויסע, פלינקע און בייזע ראַצן, וואָס האָבן זיך געיאָוועט פון ערגעץ אן אַלטע חורבה, פון א פאַרלאָזטן שלאָס וואַרשיינלעך. זיי פלעגן אין דער נאַכט צעלעכערן זעק מיט קאָרן, פלעגן אויפרייסן פולע זעק מיט מעל, פלעגן זיינמאַכן געוואַלטיקע שאָדנס. ווי בונטאַרן, ווי מחנות הונגעריקע שלעכטער און וואַגאַבונדן, וואָס נישטערן אום הייזער און פאַרצערן אַלץ אין דעם מאַרש פון זייער הונגער. די ראַצן פלעגן זיך מערן זייער שנעל, ווי א וואַנזיניקע מחנה. זיי פלעגן זיך מיט דער צייט באַווייזן נישט בלויז ביינאַכט, נאָר אויך אין די טעג און האָבן זיך ווי עס שיינט נישט מער גע־

שראַקן פאַר קיין מענטשן. זיי פלעגן אטאקירן אין באנדעם פון הונדערטער און עס איז געווען אויסער דעם שרעקלעך־גרויסן שאָדן — א שרעק צו ווינען אין דער אלטער מיל.

אָפט פלעגט מען אויפהענגען אויף דראָט: פלייש און ברויט, כדי די ראַצן זאָלן עס נישט קענען פארצערן. אָבער אין דער פרי איז קיין סימן דערפון נישט געבליבן. זיי פלעגן קריכן איבער די ווענט און האָבן ווי די היישעריקן, וואָס ווערן דערמאָנט אין תנ"ך, אלץ אויפגעפרעסן און פארניכטעט. עפּעס רויבערישעס — ווילדעס — פאנטאסטישעס איז געווען אין דעם רויבערישן אפעטיט פון די דאָזיקע ערדישע פאראזיטן. ווי א ווילדע אומה, האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף אלץ וואָס קען פארצערט ווערן. מיט זייערע שאַרפע ציין האָבן זיי געגריזשעט דאָס געלע, פארפוילטע האָלץ פון דער פייכטער, אלטער געביידע. זיי האָבן פארפלייצט די ברעגן פון טייך, די זומפּן אין די שטאַלן און סטאַדאָלעס, אָנפאלנדיק אויף די פערד און די קי. עס איז געווען קענטיק דער כאראקטער פון זייער לעבן: קיין מורא פאר קיינעם. און געוואגטקייט איז די פרוכט און די באלוינונג. און עס האָט זיך געפרעגט: צוואָס האָט זיי גאָט באשאפן? האָט ער געהאט א ציל אין זייער עקזיסטענץ?

און איך האָב אלס קליין ייִנגל געקענט אָבסערווירן די אומלאָגיק פון דער נאטור. די עקזיסטענץ פון קרעאטורן וועמענס זין פון עקזיסטענץ וועט אויף אייביק בלייבן טונקל. און אין די נעכט, ווען גרויסע שטערן גריזשען מיט זייער בענקשאפט די ערד — פלעגט מיך באפאלן א מורא אויף מיין געלעגער. איך האָב געוואָלט זיך הויך אויפהויבן צו די שטערן, כדי די ראַצן זאָלן מיך נישט קאָנען דערגרייכן. דאָס איז געווען אין מיר די קינדישע אורשרעק פאר די שוועריקייטן פון לעבן.

און אזוי האָט עס אָנגעהאלטן א לענגערע צייט. אָבער אין א געוויסן טאָג איז דורכגעגאנגען פארביי דער מיל א בעטלער, א ייִד וואָס איז געווען געהילט אין שמאטעס. מיט א ווייט־אָנגעצונדענער, שפּיציקער באָרד, וואָס האָט געלייכטן ווי בורשטין אין דער זון. זיינע אויגן זענען געווען טרויעריק, אָבער האָבן געברענט מיט סאטאנישעס, מיט כישופדיקעס.

זיין פּנים איז געווען בלייך ווי פון פערגאמענט און ער האָט אויסגעזען ווי איינער פון יענע טרויעריקע בעטלער אויף די בילדער פון רעמבראַנדט, וואָס זענען איבערגעטאָן אין רייכע, קעסטלעכע קליידער, באדעקט מיט גאָלדענע קייטן און קעניגלעך צעלויכטן — הגם געפאנגען אין די טונקעלע נעגער־הענט פון טרויער. דער אלטער ייִד, וואָס האָט געקענט אלט זיין פופציק, הונדערט אָדער א יאָר טויזנט — איז געווען אויסגעדארט און קבליסטיש־שלאנק, ווי די געשטאלט פון דעם פידל־ווירטואָז פאגאניני. דער אלטער בעטלער האָט הויך געהוסט און פון צייט צו צייט האָט ער ארויסגעוואָרפן

פון זיין מויל ווי פארגליווערטע שטיקער בלוט. שמערצפולעס פלעגט זיך דאן פארציען אויף זיין פנים, ווי די מארטירער־אויסדריקן אויף די הייליקע פון על גרעקאס אנגעצונדענע עקסטאז־בילדער...

דער אלטער ייד האט זיך ביי אונז געבעטן איבערצונעכטיקן און מיר האבן אים געגעבן א נאכטלעגער. אין דער פרי איז ער אויפגעשטאנען און איך האב געזען ווי ער רעדט מיט מיין פאטער. זיינע טרוקענע ליפן, פון הונגער פארגערט און בלוי, האבן זיך באוועגט מיט געהיימנישפולע רייד. מיין פאטער האט שפעטער דערציילט, אז דער פרעמדער ייד האט אים פארטרויט אז ער ווייסט פון אזעלכע קרייטעכצער וועלכע וואקסן אין געוויסע טאלן און אויף די ברעגן פון טייכן. ווען מען עסט די דאזיקע זעלטענע פלאנצן, קען מען לעבן אייביק... איינמאל, ווען ער איז געגאנגען שפעט ביינאכט דורך א וואלד, איז אנגעריטן א קאטיש מיט אכט פערד נאשפיץ... פון דארט איז ארויסגעגאנגען דער קעניג פון די שדים, אינגאנצן אין גאלד געקליידעט, מיט א גרויסע גאלדענע קרוין אויפן קאפ, וועמענס אומגעהויערע בריליאנטן האבן בלינד געמאכט די אויגן פון א שטערבלעכן. אט דער קעניג פון די שדים האט צום אלטן ייד פארטרויט דעם סוד פון די געהיימע פלאנצן... נאך עפעס האט דער פרעמדער ייד געזאגט:

אזוי ווי אין דער אלטער מיל זענען פאראן טויזנטער געפערלעכע, גרויסע ראצן, וועלכע שרעקן זיך אפילו נישט פאר קיין מענטשן — איז אויב מיין פאטער איז איינפארשטאנען, קען ער זיי מיט געוויסע שפרוכן פארניכטן, פארטרייבן פון דער מיל.

מיין פאטער איז געווען צופרידן פונם פארשלאג. מען האט דעם אלטן ייד אנגעבאטן א ביסל געלט און צו עסן די גאנצע וואך. דערצו — פעטע, פרישע און שוימיקע מילך, וואס מען פלעגט מיטן בלויען, שאמפאניערדיקן באגינען אין דער ווארעמער שטאל אויסמעלקן פון דער קו. דער פרעמדער ייד האט זיך באקלאגט, אז ער ליידט אויף די לונגען. אז עס איז אים שווער צו אטעמען און די מילך האט אים געדארפט היילן און שטארקן.

א גאנצע וואך איז דער אלטער ייד ביי אונז געוועזן. מיר האבן נישט געזען ווי אזוי ער פארטיליקט די ראצן. ער האט קיין שטייגלעך נישט אויפגעשטעלט און נישט מיט קיין סם זיי פארניכטעט. מען האט יעדן אוונט געזען ווי דער ייד שטייט אין דער מיל, נעבן די פולע זעק מעל, איינגעהילט איז זיין צארטע און ציטערנדיקע פיגור אין א טלית און ער ציטערט, וויגט זיך, און מורמלט א טרויעריקע תפלה אזוי וויינענדיק, ווי שטיקער קרעכץ וואלטן זיך אפרייסן פון זיין הארץ. עס איז געווען שווער צו פארשטיין ווי אזוי דאס זיידענע געבעט פון אן אלטן ייד וואס ציטערט ווי א בוים אין

ווינט — פֿאַרט זיך מיט דער פאַרניכטונג פֿון די ראָצן...

אָבער דער אמת איז געווען, אַז פֿון די ראַצן איז געוואָרן אַליין ווייניקער. מיט דער צייט זענען זיי ווי אָפּגעווישט געוואָרן פֿון דער אַלטער מיל. גאַנצע מחנות טויטע ראַצן האָבן זיך געוואַלגערט אין די שפּייכלערס, אין די לעכער, איבער די פּאָדלאָגעס און אויפֿן בוידעם. דער פרעמדער ייד האָט געהאַלטן וואָרט.

מיין פֿאָטער האָט אים שיין באַלוינט. און נאָך דער וואָך פֿאַרווײַלן ביי אונז אין הויז — האָט ער אויסגעוויזן צו זיין שענער און געזונטער. זיינע אויגן האָבן איצט געלויכטן מיט דעם גלאַנץ־פייער פֿון א שטאַרקן מאַן. זיין דאַרע, געהויקערטע און איינגעפאַלענע נאָז האָט איצט באַקומען פֿאָרם, איז געוואָרן פולער און חשובער. און עס איז געווען קענטיק אַז דער מאַן האָט געעפֿנט א מעכטיקן כישוף־קוואַל, פֿון וואַנען א טויטלעכע ענערגיע האָט פאַרניכטעט די ראַצן... און אַז ער אַליין, אָט דער צויבערהאַפטער ייד, איז ווי באַזעלט געוואָרן מיט א פֿלאַמענדיי כוח.

אין אַן אָוונט, אומבאַמערקט פֿאַר אונז אַלע, איז דער פרעמדער ייד אַוועק — אַפֿילו אָן א זייגעזונט. אָן מיטצונעמען א ברויט אין זיין לייוונטענער טאָרבע. אָן אָפּצועסן דאָס לעצטע אָוונט־מאָלצייט, ווען די זון לעשט זיך אין די שטערן צינדן זיך...

מיר האָבן אַלע דעם פרעמדן יידן באַדויערט, דען ער איז געווען א גוטער, ליבער מענטש, טראַצדעם וואָס קיין איבעריק וואָרט איז פֿון זיינע ליפּן נישט געפֿאַלן און א שווייגן האָט אים איינגעהילט — האָבן מיר אים ליב געהאַט. אַמאָל, ביים טיי־טרינקען, ווען אין דרויסן פֿלעגט יאָמערן דער ווינט — פֿלעגט ער אונז דערציילן זעלטענע און צאַרטע געשיכטן, וואָס האָבן אונז שטאַרק פֿאַראינטערעסירט. ביינאַכט פֿלעגן, איך און מיינע צוויי שוועסטערלעך, זיך איינהערן אין זיינע רייד, וואָס זענען געפֿלאָסן ווי האָניק פֿון זיין מויל, אין א זעלטענער פּאָעזיע און קאָלירן־פּאַנאָראַמע. ער האָט וואונדער־שיין גערעדט... און אין די פּויזעס — וואונדערלעך געשמייכלט און געשוויגן...

**יאָרן זענען דורך און איך בין שוין אויסגעוואַקסן א** גרויס יינגל. עס איז געווען האַרבסט אין דאָרף. פונדערווייטנס האָבן איצט די וועלדער אויסגעזען ווי מיט גאָלד באַצירט. יעדער בוים האָט זיך צעלויכטן פֿאַרן אַראָפּוואַרפֿן זיינע בורשטיין געלע בלעטער. בלויז נאַקעטע בלייבן שטיין אין הפקרדיקן ווינט — מיט זיינע קרומע און אין פּיין־צעבויגענע צווייגן־הענט — הויך אויפֿגעהויבן צו די וואָלקנס און צו די הימלען. די פֿעלדער האָבן איצט זיך דעקאָרירט אין געלע בלעטער, ווי אין פֿערסישע טעפּיכן. מער ויעלן זיך היינטיקן יאָר נישט אָנצינדן עלעקטריש די בליטן — דאָס רייכע גאָלד אויף די פֿייערלעך־גרויסע בוימער, ווי

מנורות אן אן אומגעהייערן טעמפל. עס איז דורכגעגאנגען דורך דער נאטור א גרויסער וועלט־אומעט, וואס האט ביים הארצן פארקלעמט און געמאכט צו וויינען.

און — מיטן הארבסט זענען אין א טאג צוריקגעקומען די ראצן אין דער אלטער מיל. דאס איצטיקע מאל זענען עס געווען א נייער מין וואסער־ראצן, וואס פלעגן זיך פריי אויפהאלטן אין וואסער און אויף דער יבשה. פלעגן אומפויזן ווי אמפיביעס אין די זומפן און האבן געלויערט אין די היילן פון דער אלטער מיל. אונזערע היימישע מייזלען, ווי פולאפקעס און סם־קיכלעך האבן נישט געהאלפן. די ווילד־פרעמדע געסט האבן זיך אפילו נישט צוגערירט דערצו. ווי א ווילדע, הונגעריקע ארמיי פו שלעפערס — האבן זיי זיך איינגעבירגערט אין אונזער מיל.

און, מיר האבן שוין געוואלט פארלאזן דאס אלטע הויז, די באלאגערטע מיל. מען האט געקענט דייטלעך דערקענען אז עס קומען אן שלעכטע צייטן פאר די מענטשן און אז מען מוז זוכן א נייע געגנט וווהין זיך צו ציען און צו ציען חיונה.

אבער איינמאל, אין א שטארקן רעגן, שוין שפעט אין דער נאכט, ווען ווי געשפענסטער האבן זיך אפגעריסן טונקעלע ביימער פון דער ערד און פלאמענדע בליצן האבן אפגעדעקט די פינצטערניש, האט זיך ביי די פארגאטענע שויבן פון די פענצטער באוויזן א בלייך געזיכט פון אן אלטן ייד. מיר, קליינע קינדער, זענען דערשראקן געווארן. מיינע שוועסטערלעך זענען אריינגעלאפן אין די בעטן, זיך באהאלטן אין דעם בעטגעוואנט. מיין פאטער איז ארויסגעגאנגען און דעם געהיימנישפולן ייד אריינגערופן.

צום ערשט האבן מיר אלע געשוויגן. אבער ביסלעכווייז האבן מיר זיך איינגעקוקט אין זיינע אויגן, וואס זענען געווען זייער אומעטיק. און אין זיין לאנגער, געלער און שפיציקער בארד, וואס איז געווען ווי צוגעקלעפט פון פייכטקייט צו זיין בלייכן פנים. מיר האבן אלע דערקענט, אז דאס איז דערזעלבער ראצנפאנגער, וואס האט אמאל פארטיליקט די ראצן פון דער מיל.

— ר׳ ישראל! — האבן פלוצלונג אלע אויסגעשריגן צו אים. און דער פרעמדער ייד האט מיט אנשטרענגונג א שמייכל געטאן. אבער, ווי עס איז געווען דער פאל מיט אים, האט ער גארנישט געוואלט דערציילן. פונקט ווי ער וואלט זיין איינער פון יענע ל״ו צדיקים (זעקס און דרייסיק פארבארגענע צדיקים, וואס באהאלטן זיך אונטער פרעמדע נעמען. זיי זענען שניידערס, שוסטערס, סטאלארעס און אפילו בעטלערס. וואס אין זייער זכות שטייט די וועלט. ווי מיין מאמע פלעגט מיר אפט דערציילן.)

דיזעלבע נאכט האט אים מיין פאטער שטילערהייט דערציילט וועגן די נייע ראצן. (וועגן מייז און ראצן טא־

מען הויך נישט רעדן אין א הויז ווו זיי געפינען זיך, דען עס איז פאראן א געפאר... עס קען ארויסקומען שלעכטס דערפון... — פלעגט מיין מוטער זאגן.)

דער אלטער ייד איז איצט געווען נאך שוואכער ווי אמאל. עפעס האט ער געציטערט מיט די פלייצעס, פונקט ווי ער וואלט צווייפלען צי אים וועט געלונגען צו פאריאגן די ראצן.

איך ווייסט דאך!... מען איז אפגעשוואכט פון די ווייטע וועגן... נישטא די אמאליקע כוחות... — האט ר' ישראל געזיפצט.

און דאן איז דער אלטער מאן ארויף שלאפן אויפן בוי־דעם.

מיר, קליינע קינדער, זענען געגאנגען שלאפן אין אונזער קליינעם שטיבל. ביינאכט האט עס מוראדיק געוואיעט אין דרויסן. דער שטורם האט געריסן דעם שטרויענעם דאך. מחנות ראצן זענען ארומגעלאפן איבער די פאדלאגעס, איבער די ווענט. עס איז געווען ווי עמיצער וואלט מיט זיי מלחמה האלטן — א פארעקשנטער קריג. די דאזיקע ראצן, האט זיך געדאכט זענען באלאדן מיט די ענערגיעס פונם טייוול און אין די נעכט האבן זיי אויסגעזען ווי א פינצטערע ארמיי, וואס ווערט קאמאנדירט דורך א בייזן גייסט, חרוב צו מאכן די וועלט. עס האט געשיינט אז די גאנצע מיל גייט אוועק מיטן ווינט און די ראצן פארשלעפן איר אויף אלע ווייטע פעלדער. וועלדער און מדבריות.

אין דער פרי האבן מיר געזען ר' ישראלן איינגעהילט אין א טלית ווי ער ציטערט און ציטערט, און עס הערט זיך פון אים א וויינענדיק, טיף־טרויעריק קול, ווי פון אלע טיפע־נישן פון זיין נפש.

דאן האט דער פרעמדער ייד זיך געזעצט צום טיש, גע־טרונקען א גלאזווארעמע מילך, זיך באקלאגט אז ער קען נישט עסן. ער האט די גאנצע צייט געקוקט אויף מיינע צוויי שוועסטער און געזאגט, אז זיי זענען ווי צוויי טראפנס וואַ־סער ענלעך צו זיינע צוויי טעכטער, וועלכע ער האט ערגעץ געלאזן, איז אן איינזאמען פלאץ אין דער וועלט — האט ער געזאגט.

דעם צווייטן אוונט איז ר' ישראל ווידער ארויף אויפן בוידעם אוועקצולייגן זיינע מידע קנאכן. עס איז געווען קענ־טיק, אז ער איז מיד. אז דאס גייסטיקע וואס איז אין אים געווען אנגעצונדן, האלט אין פארלאשן ווערן. אז דער צווי־בער פון זיין נשמה האט זיך אפגעטאן. און דאס פיזישע איז שוין לאנג אויסגעשעפט און טרויעריק. אויסגעשעפט פון דעם טראגישן און טרויעריקן לעבן. א לעבן, וואס איז נישט געווען רעדוצירט צום גאנג איבער דער ערד. עס איז געווען קענטיק, אז אויסער די פינצטערנישן פון ווינטער־נעכט, די איינזאמקייטן פון וועלדער אין פארנאכט, דעם

אומעט פון וועגן אומענדלעכע — אויסער דעם טרויער פון דער ערד, באהערשט אים אייביק דאס הימלישע. אז אייגנטלעך גייט ער ארום אויף דער ערד — מיטן קאפ אין די בלויע הימלען. אז אנגעטאן דאס פלייש פון א שטערבלעכן האט ער צוליב א געוויסער שליחות. און איצט, ווען דאס דאזיקע שליחות איז ווייזט אויס געווע דערפילט, האבן די כוחות אים אנגעהויבן צו פארלאזן. און אז אט דער איינזאמער צוויבערער דערנענטערט זיך צו דער אגאניע — צו דעם לעצטן פראצעס פון שטארבן, וואס הענגט שווארץ און פינצטער ביים סוף פון יעדן מענטשנס לעבן. אז אגאניע, וועמענס שאטן פארהילט דאס ניי־געבוירענע קינד...

ווען דער אלטער ייד איז ארויף אויפן בוידעם, האט זיך ווידער געעפנט א מוראדיקע שלאכט צווישן אים און די טייוולישע ראצן. דער ווינט אין דרויסן האט זיך געריסן, ווי אויף אייזערנע קייטן, צוגעבונדן צו די פעלזן. א גאנצע נאכט האבן ווילדע, אור־מעכטיקע עלעמענטן געקעניגט און געשיכורט...

אין דער פרי איז דער ייד מער נישט אראפגעקומען צום דאווענען, צום איבערבייס.

מיר האבן זיך געוואונדערט. מיר האבן אין שרעק געווארט ביזן האלבן טאג, ווען די זון איז ווי א גלאק פון גאלד שוין געשטאנען אינמיטן הימל. ווער ווייסט — אפשר איז דער ייד איינגעשלאפן? אין פארנאכט, ווען די זון האט זיך אנגעהויבן זעצן און פארבן די שפיצן פון די ביימער אויף רויט, זענען מיר ארויפגעגאנגען אויפן בוידעם, טרויעריק איז געווען דאס בילד,

דער אהעמער ייד איז געלעגן אן אטעם, ווייט אוועקגעשלעפט פון זיין געלעגער. זיין קערפער איז געווען צעביסן און צעבלוטיקט. נעבן אים זענען אין גרויסע קופעס געלעגן טויטע ראצן, וואס זענען ווייזט אויס געפאלן אין קאמף מיטן אלטן ייד. זיין פיגור האט פארגעשטעלט מיט זיך א שרעקלעכע נקמה־טאט פון די ראצן, וואס האבן אוודאי דעם אלטן דערקענט אלס זייער פארטיליקער, זייער שונא.

מיר האבן פיל באדויערט דעם גורל פונם אומבאקאנטן מענטשן. ווייל אומבאקאנט איז ער דאך געבליבן צו אונז. מיינע שוועסטער, מיינע בלאסע שוועסטער, האבן געוויינט נאך אים, נאך דעם וואס האט זיי אמאל שיינע געשיכטעס דערציילט... און וואס האט זיך נישט פארגינען זיי אנצוקוקן מיט זיינע אלטע אויגן, וואס האבן אין זיי געזען זיינע צוויי טעכטערלעך..

מיר האבן זיך אוועקגעצויגן פון דער אלטער מיל. שפעטער איז די מיל אפגעברענט געווארן, און צוזאמען מיט איר — די ראצן. נאר דאס וואסער, מיט זיינע פלאנצן און גרויעריקע ביימער אויף די ברעגן, מיט זיינע לעגענדארע באשעפענישן און צאפלענדיקע פיש, דאס וואסער איז גע־

בליבן שטיין אין זיין ערדישן בעט. פארן זכר פון דער מיל און דעם געהיימנישפולן ייד...

און איך פלעג אפט טראכטן וועגן דעם זעלטענעם היי־ליקן... זיין געזיכט — עס האט זיך אין מיין זכרון ווי מיט פייער איינגעשניטן... דאס געזיכט פון א מארטירער... און ווען ער פלעגט רעדן וועגן זיינע קינדער, האבן טרערן פול פארגאסן זיינע אויגן... האט דער מאן געמוזט גיין איבער די וועגן — אויס תשובה צו גאט? איז ער געווען איינער פון די ל"ו, וואס מוזן אייביק וואגלען און נע־ונדעווען? איז ער געווען א מלאך, וועמענס נשמה האט געלויטערט ווי בריליאנט — און גאט האט אים געשיקט אויף דער ערד, זיך אנצוזאפן מיט ערדישער מיזערע? איז ער געווען א הייליקער, וואס האט געהאט א פלאמענדע מיסיע אין זיין הארצן?

---

דער ראצנפאנגער פון האמעלן איז געווען פיל גליקלע־כער. אבער א שלעכטער, א גרויזאמער צו די אומדאנקבארע איינוווינער פון דער שטאט, דערטרינקענדיק אין די ראמאנ־טישע כוואליעס פון רהיין זייערע בליענדע קינדער.

דער ראצנפאנגער פון מיין קינדהייט האט נישט גע־קענט אזוי שפילן אויף די האניק־געלע סטרונעס פון א פידל, אבער זיין הארץ איז געווען גוט. צארט און גוט ווי א ליד, ווי אן איידעלע מעלאדיע...

און נאך היינט ליב איך דעם הויכן, אפגעצערטן ייד מיט דער געלער בארד וואס טריפט אראפ פון זיין בלאסן פנים ווי צונגעגליטער וואקס. ווער ווייסט... אפשר איז ער דאך געווען א גלגול פון יענעם אוראלטן ראצנפאנגער פון האמעלן, וואס האט געמוזט אפקומען אויף דער ערד פאר זיינע זינד, און פאלן א קרבן פון די ראצן, וועלכע ער האט געוואלט פארניכטן פון דער ערד...

מיין מאמע פלעגט שטענדיק זאגן, אז עס איז גלייכער וועגן די זאכן נישט צו רעדן. זי פלעגט זאגן, אז גאט האט זיך איבער אונז מרחם געווען און אונז געראטעוועט פון דעם שרעקלעכן פייער פון דער אלטער מיל. לויט מיין מאמען איז ר' ישראל גארנישט געווען ר' ישראל... און אז די גאנצע זאך, די ראצן, די מיל, דער ראצנפאנגער און דער אומהיימ־לעך־וואיענדיקער ווינט ביינאכט — אלץ איז געווען א שפיל פון די שדים... אזא מין בייזע שפיל, וואס זאל אויסגיין צו אלע וויסטע פעלדער און וועלדער...

# צווייטע פּערט

# ווידמונגען

## דאָס וואָרט

גע װידמעט די העלדן פון וואַרשעווער געטאָ־אויפ־שטאַנד — די אומשטערבלעכע זין און טעכטער פון אונזער יידנפאָלק —

---

עס איז דאָס זעלבע וואָרט. דאָס פלאַמענדיקע וואָרט, וואָס גאָט האָט עס באַשאַפן ווי א צויבערהאַפטן אַלאַדין־לאָמפּ — און דערמיט געשמידט און געמייסטערט וועלטן און דערמיט באַלויכטן ווי מיט זינען פון בריליאַנט — די לאַנד־שאַפטן און די פּאַנאָראַמעס פון אוניווערס. א. דאָס וואָרט, וואָס גאָט האָט עס באַהאַלטן אונטער דער צונג פון מענטש און עס געלאָזט שטראַלן ווי א פלאַם אין זיין האַרץ — אויפן מעלאַנכאָלישן אָפּגרונט פון זיין געמיט. דאָס הייליקע וואָרט! און מענטש האָט עס צו פייער געמאַכט אין: פּראָמעטעאוס האָט עס ווידער גערויבט גנבענען ביי די געטער. און מענטש האָט עס ווי א קאַמפּאַס פאַרויסגעטראָגן דורך שטורם און בייז געוויטער, דורך טייפון און דורך טאָרנאַצאַ. דאָס הייליקע, דאָס שטורעמדיקע, דאָס שעפערישע און מיראַקולערע געטער־וואָרט!

מענטש — אַרבעטסמאַן דורך די יאָרטויזנטער — שקלאַף און רעוואָלוציאָנער — קעמפער און שטרייטער אין דענקער און דיכטער און ערד־אַקערער און ביימער־זעגער און מאָלער און מוזיקער — אורמענטש פון דזשאַנגל און מאַ־דערנער מאַן פון די שטעט — האָט דערמיט געשניטן די וועגן און די טונעלן דורכן איינגעווייד פון דער ערד און די וועל־דער אויסגעהאַקט און די ימים דורכגעקרייצט — ווי א גלע־זער שניידט גלאָז מיט דעם דינעם שפּיץ פון א דימענט.

מענטש האָט געמאַכט רעוואָלוציע, געצינדן קריגן, צע־פלאַקערט שלאַכטן, געזייעט פייער פון רעוואָלטן איבער די ערדישע שטרעקעס. דאָס צויבערהאַפטע אַלאַדין־לאָמפּ — וואָרט — אָנגעצונדן אין זעלבסטבאַשוץ.

ווי דאָס פייער אין אורדזשאַנגל — אין דער אורצייט — ווען די נאַכט איז אַרויפגעפאַלן אויף דער ערד ווי א שטיק חושך — ווי א שוואַרצער ים.

מענטש האָט דורכן וואָרט געזייעט און געשפּרייט ליבע צווישן פעלקער — דורך פעלז־געבירג און סקאַלעס און אָקע־אַנען און דורך טאָלן און בערג אָפּגעטיילטע. און דורכן וואָרט האָבן זיך נאַציאָנען געליבט און געהאַלזט. מענטש האָט דורכן

וואָרט צעבלאָזן האָט און האָט עס פון גיפטיקע ליפן ארונטערגעוואָרפן און אנגעמאלט דערמיט חרבנות און טראגעדיעס. דאָס געטער־מעכטיקע און אנגעצונדענע וואָרט — מיט וואָס גאָט האָט וועלטן פון כאָאָס ארויסגעצויבערט — און אָפּגעדעקט דורות און קולטורן — ווי א שטורם דעקט אָפּ פון ים לאנג־פארטרוקענע קאָנטינענטן און שטעט.

עס פלאמט דאָס וואָרט אין הארץ פון מענטש — און דער וואָס טראָגט ליבע אין הארץ — צינדט ליבע אין דער וועלט. און דעמאגאָגן וויסטע טריפן אריין אינם וואָרט זייער האַס און פארשפרייטן עס איבער מדינות און לענדער.

אין שפעטע נעכט דערזע איך דעם גורל פונם וואָרט, ווי עס האָט געפלאמט דורך די גרויסע דיכטער — דורך מילטאָן און שעקספיר, שעללי און בייראָן; דורך פעטראַרקע א.ז. דאנטע, טאסאָ און אריאָסטאָ; דורך האָמער און העסיאָד, סימאָנידעס און סאפאָ; דורך ווירגיל און האָראַץ, ליקרעץ און אָוויד; דורך מיצקיעוויטש און סלאָוואצקי, שיענקיעוויטש און נארוויד; דורך פושקין און לערמאָנטאָוו, טאָלסטאָי און גאָרקי; דורך ירמיהו און יחזקאל; דורך יהודה הלוי און ר' שלמה אבן גבירול; דאָס העראָאישע, דאָס דראמאטישע, דאָס אייביקע וואָרט! און ווי דאָס זיידענע און שטאָלצע, דאָס געטלעכע און הומאניסטישע וואָרט האָט פון די מיט בלוט־שוימיקע מיילער פון פראָפעטן — דעגענערירט צו צינישע, בייזוויליקע, פון מענטשנפלאכנדיקע וואָרט פון דעמאגאָג; און פארעמער — פון פוסטע עפּיגאָנען און רענעגאטן. ווערטער, וואָס ברעכן זיך אָפּ פון גרויסע, קעניגלעכע קרוינען און ווערן פוריבנארנמיצן אויף געהירנלאָזע קעפּ פון פּאָליטישנס און שארלאטאנען.

ווי צום וואָרט, ווײ צום ביטערן גורל פון וואָרט — וואָס פלאמט עפּיש און ליריש, דראמאטיש און סאָליד --- אין תנ"ך; און גלאנצט ביליק און וואולגאר, קריגעריש און ציניש אין היטלערס „מיין קאמף". דאָס וואָרט — וואָס האָט געצונדן און געשניטן קרייצן אין מענטשלעכן לייב און האָט געלאָזט טיפע שפורן אין דער הארצנכהויט. דאָס וואָרט — וואָס א געניוס באָדט עס אין בלוט פון זיינע הארץ־טריפנדיקע וונדן — און דאָס וואָרט וואָס א טייוול פאראדירט דערין ווי אין ביליקע אונטערוועש — א קורטעזאנע. דאָס וואָרט, וואָס ווערט באנוצט צו לויבן גאָטס גלאָריע און צו לויבן די געמיינע טאטן פון „טעמעני־האל"־לידערס און גענגסטער־לייט — — — — — א, איך וויין ביטער אויף דיין גורל, טראגיש־גרויסארטיק, ווי זון געשליפן, אין גיהנום פון איינזאמקייט און פיין געריינקט וואָרט — וואָס ברענט אויף א טויזנט שייטערן און קען דאָך נישט פארברענט ווערן!

א וואָרט, ברודער מיינער! מיר ביידע זענען געשמידט אין קייטן און מיר פארשמאכטן דא אין דער ערדישער געפאנגענאפשט. נאר, פון צייט צו צייט הייב איך דיך הויך

אויף, ווי א פלאַמענדיקע פאַן — און איך פּראַקלאַמיר דיך
פייערדיק און בלוטיק — און די שמראַלסט ווידער אויף, אין
דיין גאַנצער קאַסמישער שיינקייט, ווי אין יענעם גרויסן
מאָמענט ווען גאָט האָט דיך אַראָפּגעריסן פון זיך, פון זיין
ריזנהאַרץ, אַזוי ווי אדם האָט אַראָפּגעריסן חוה'ן פון זיין
לייב און מיטן פייכטן בלוט זי אויפגעהויבן אנטקעגן דער
זין און געלאָזט זי טרוקענען און רייפן און גאַנץ און שיין
ווערן.

א וואָרט, צייטנווייז פלאַמסטו אין מיר אויף — און דו
באַלייכסט מיין גאַנץ לעבן, ווי אין די עלעקטרישע הערצער
פון פּראָפעטן — ווי אין די צייטן ווען די מענטשהייט האָט
דיך נאָך נישט געהאַט באַליידיקט — ווען דו ביסט געווען
פּאַטענט און האָסט נאָך ווי א פלאַמענדער אקער געשניטן און
געאַקערט די קאָסמישע לאַנדשאַפטן און האָסט פון אורנעבו־
לאַרישן כאַאָס ארויסגעצויבערט פלאַמענדע וועלטן.

אין שפּעטע נעכט כאַפּן מיר זיך ארום, פאַרצווייפלטע
ווי האַמלעט, ווי ירמיהו הנביא — און אין טיפער ליבע ווערס־
טו ווידער פּאַטענט און מעכטיק און דיין אַלטע קראַפט
קערט זיך צו דיר ווידער אום — און דו פלאַמסט אויף שטור־
קאַציש און בלענדיק, אַלאַדיניש צויבערפייער־וואָרט!

# דער, וואָס שפּילט די מאַרסעליעזע

נעווידמעט די העלדן וואָס האָבן געהאָלפן די אַלי־
אירטע ארמייען צו באַפרייען פּאַריז — געווייד
מעט די פילע יידישע אונטערגרונט־העלדן.

אין די שיינע טעג, ווען די זון שפּרייט אויס דאָס
גאַנצע גאָלד פון איר האַרץ, הער איך דאָס שפּילן פון א
קאַטערינקע. עס זענען פיר ראָמאַנטיש־סענטימענטאַלע מע־
לאָדיעס און איינע — די מאַרסעליעזע.

איך ווייס שוין ווער עס שפּילט. מיטן פרילינג, ווען די
זון־בלומען איילן זיך ארויסצוטאַנצן פון דער ערד ווי קליינע,
לוסטיקע פלאַמען, בונטע און רייך צירנדיק די ווייבלעך־וויי־
בע ערד — איז ער אָנגעקומען, דער קליינער איטאַליענער,
ערגעץ פון די קאָרסיקאַנער פעלזן, וווּ אַ איִמפּעראַטאָר איז
אין א שטורעמדיקער נאַכט געבוירן געוואָרן, כדי שטורם צו
שלײדערן אויף דעם בויך פון דער ערד. אָבער דער קאָרסי־
קאַנער איטאַליענער, מיט פראַנצויזיש בלוט אין זיינע הייסע
אָדערן — ער ברענגט נישט קיין שטורם און קיין אומרו. זיין
קאַטערינקע, אויפריכטיק און אָרעם ווי זי איז, נישט גיבנדיק
קיין שום אילוזיעס פון קאַמער־מוזיק, אָן פּאָזע און אָן
זשעסט — אין שוואַרצן פאַרהילט, ווי א טרומנע, וואָס טראָגט

איז זיך אין אפגעוואשענעם לאבוז אדער א פון לעבנסמידער פּראָסטיטוטקע — עפּנט די שוואַרצע קאַטערינקע איר האַרץ און שפּילט אויף אירע אָרעמע עטלעכע מעלאָדיעס. געפאַלן פאַרשעמט, עטוואָס געבויגן — שטייט דער קאָרסיקאַנער אי־טאַליענער און דרייט די קאַרבע. אין איין האַנט האַלט ער זיין געלן הוט, צעביסן מיט ברייטע ציין פון צייט. דער הוט פאַר די זילבערנע און ניקלנע מטבעות, וואָס געלע הענט פון פריען וואַרפן אים פון די פענצטער מיט זשעסט, ווי זיי וואָלטן זיין קעניגינס און גרעפינס און זיי וואָלטן רואיק אָב־סערווירן א טורניר־קאַמף פון ריטער — אין זייער כבוד וועג;

דרייענדיק די קאַרבע — אינמיטן פון די זיסע און די ראָמאַנטישע לידער, אהערגעבראַכט פון די קילע ווינקלען אַרום דעם מיטללענדישן ים, דאָרט ווו פּאַגאַניני האָט אין לבנה־נעכט צויבערהאַפט געשפּילט אויף זיין דינער, ליריי־שער פידל; דאָרט ווו די גייסטער פון צעזאַרן דערוואַכן אָפט, כדי זיך דורכצושפּאַצירן דורך זייער אימפּעריע מיט א קור־טעזאַנע געאָרעמט — אינמיטן פון אָט די זיסע, ראָמאַנטישע מעלאָדיעס, כאַפּט דער איטאַליענער אוועק די האַנט, כדי אויפצוהייבן א ניקל פונם טראָטואַר. און דאָס ליד, ווי א זיידענע קלייד, וואָס א משוגענע קעניגין צערייסט אויף זיך אין פּוריע, ווי א וואַלקיריע וואָס צערייסט אירע איידעלע פליגל — דאָס ליד רייסט זיך איבער און א שטראָם טענער, ווי גאָלדענע פינקען, טון זיך א צעשאָט, באַוועגן זיך פלינק ווי גאָלדענע פישלעך אין א גרינעם אַקוואַריום. דאָס ליד בלוטיקט. עס איז ווי א שטאַרקער אָדלער וואָלט איבערגעריסן געוואָרן אינמיטן זיין האַרץ.

שנעל נעם די קאַרבע, קאָרסיקאַנער מוזיקאַנט, קאַטער־רינקע כלי־זמר, און לאָז נישט דאָס הייסע בלוט שטראָמען אָן נוצן פונם קוואַלנדיקן אָדער...

ער גרייפט ווידער די קאַרבע אין מעכאַניש ציען זיך די לידער, ווי זיי וואָלטן זיין איין ליד, איין פאַרבענקטע ראַפּ־סאָדיע — אַרויסגערופן פון דער טיפעניש פון דער שוואַר־צער קאַטערינקע.

און אָט אַזוי, ציענדיק די לידער מיט דער קאַרבע — טון זיך פלוצלינג א צעפלאַם די טענער פון דער מאַרסעליע־זיע. אומדערוואַרטעט, ווי א מאַרש פון סאַנקיולאָטן — זיך אַרויסגעריסן פון א פּאַריזער מיטלאַלטערלעך־פּיטאָרעסקער געסל — עפנט זיך די געוואַלטיקע פּאַנאָראַמע פון דער מעכ־טיקער היסטאָרישער מעלאָדיע. עס זעענען די פּאַריזער מאַסן, וואָס שטורעמען די באַסטיליע. עס זענען די איינוווינער פון פראַנקרייך וואָס רייסן אַראָפּ די קעפּ פון ווייס־פּאַרוקירטע טיראַנען און קאָטעזאַנעם אַריסטאָקראַטישע — מיטן בלויען מעסער פון דער גילאָטינע. און ווער טראָגט זיך דאָרט אויפן ברייטן וואָגן — א גרויער, מיט זילבערנע לאָקן באַהאַנגען, מיט א פּנים ווי א מומיע — א גייסט פון קעניגטום — א

ספעקטער פון פּעדאַלן קלאַס — וואָס איז געבליבן זאַרגלאָז אויף די בילדער פון וואַטאַ און וואָס רינט אָפּ אין בלויען בלוט אויף דער גילאָטינע — ווער איז די בלייכע פרוי וואָס וואַגט נישט צו קוקן דירעקט אין די פלאַמענדע געזיכטער פון דעם שימפּנדיקן פעבל. — איר דערקענט זי דאָך.. דאָס איז דאָך איר מאַיעסטעט מאַריא אַנטואַנעט, מיט וועמען מיר האָבן זיך אָפּט געטראָפן אויף ראַנדעוווען אין די אַלטע, גע־לעבלעטער פון היסטאַרישע ביכער. און ווער איז דער ווע־מענס גרויער קאָפּ איז ווי פאַרבונדן אין אַ באַנדזשאַ און וועמענס אויגן בליצן נערוועז און וועמענס מויל — קרום און ביזאַר, פאַרדערט דאָס לעבן פון צוויי הונדערט טויזנט בירגער פון אַלטן קלאַס? — דאָס איז דאָך דער פּריינט פון פּאָלק — דאָקטאָר מאַראַט אַליין..

די מעכטיקע מאַרסעליעזע שטורמט און פירט די מאַסן אין שטרייט, אין גרויסן, היסטאָרישן שטרייט, אַזוי ווי אין די טעג פון דער גראַנד־רעוואָלוסיאָן, ווען די מאַרסעילער מי־ליטערישע טרופּן האָבן דאָס העראָאישע ליד אַריינגעשטורמט אין פּאַריז. — די גילאָטינע האָט נאָך נישט באַוויזן אָפּצו־האַקן דעם דראַכנקאָפּ פונם טיראַן — און ספּעקטערדיק, זע איך, ווי עס ציען די מאַסן — ציען ווי שטראָמען, ווי כוואַ־ליעס־רייען אויפן אָקעאַן, זינקענדיק צום גרונט. און נייע מאַסן שטייען אויף און גרייפן די פענער און שטאַנדאַרן און טראָגן זיך פאָרויס מיט דעם אומקאָמפּראָמיסלעכן לאָזונג — „מאָר אַ טיראַן!" (אַ טויט די טיראַנען!). און צווישן זיי — די בלייכע, שלאַנקע און הויכע פיגור פון רוזשעי דע ל'יזל, וואָס האָט אין דער נאַכט פון 25־טן אַפּריל, 1792 — אַז אַנגעצונדענער דורך דער רעוואָלוציע, אַז אומגעכאַפּטער פון אירע פלאַמען — אויסגעריסן פון זיין האַרץ די ווערטער פון דער מאַרסעליעזע און צוגעפּאַסט איר אומשטערבלעכע מעלאָדיע — אַ מעלאָדיע וואָס וועט אייביק פלאַמען אין די הערצער פון רעוואָלוציאָנערע מענער און פרויען... — — —

— — — — — — — — — — — — — —

דער קאָרסיקאַנער האָט שוין געמוזט זיין זייער ווייט — נאָר די טענער פון דער מאַרסעליעזע האָבן מיר עלעקטריש געצונדן און איינגעהילט אין פלאַמען — אין פייערדיקע פּע־נער. איך האָב זיך געפילט ווי אַ גייסט, וואָס קוקט אַריבער איבער די דורות און זעט דעם היסטאָרישן שטרייט וואָס עס פירן אומאויפהערלעך די אַוואַנגאַרדן פון דער מענטשהייט.

און ערשט ווען די מעלאָדיע איז ביסלעכווייז אָפּגעטראָ־טען — האָב איך ווידער געזען אין זכרון דעם קליינעם אַי־טאַליענער, ווי ער דרייט די קאַרבע פון זיין אָרעמער קאַטע־רינקע און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער דרייט אַ מער־וויכ־טיקן אינסטרומענט — אַז ער באַוועגט דעם מאָטאָר פון דער רעוואָלוציע. — — — — — — — — — — — —

# דער סלאַי מיט האָניק

איך דערמאָן זיך דעם רויטן סלאַי מיט האָניק. ער איז געשטאַנען אין מיין צימער — און די זון האָט אים אינמיטן טאָג באַלויכטן און אָנגעצונדן, דעם פלאַמענדן סלאַי מיט האָניק. ווי דורכזיכטיק פלעגט ער ווערן, אַזוי ווי בורשטין, אַזוי ווי דורכזיכטיקער, גאָלדענער האָניק...

איינמאָל האָב איך געטראָפן מיינס אַן אַלטן פריינט. דאָס איז געווען אַ קראַנקער, הימלאָזער מענטש. אַן אַרבעטער, וואָס האָט שוין מער נישט געקענט אַרבעטן. איך האָב אים איינגעלאַדן און געשענקט אים דעם סלאַי מיט גאָלדענעם האָניק.

און מיין פריינט, אַן אויסגעהונגערטער, האָט זיך דערפרייט מיטן סלאַי מיט האָניק. ער איז אַראָפּ אין פּאַרק, אין קליינעם פּאַרק, וואָס איז געווען פאַר מיין פענצטער. ער האָט מיר געקושט די הענט, איידער ער איז אַוועק. זיינע הענט, האַלטנדיק דעם האָניק, האָבן געציטערט. איך האָב מורא געהאַט ער זאָל נישט אַראָפּלאָזן דעם גלעזערנעם סלאַי אויף די שטיינער. .

איך געדענק דעם טאָג, דאָס וועטער, די וואָלקנס. עס איז געווען אַ נעפּלדיקער האַרבסט־טאָג. ס'האָבן די בלומען פונם נעפּל אַרויסגעלויכטן, ווי קליינע פלאַמען, וויאַנענדיק, אַריינפלאַמענדיק אין טויט. ס'האָבן צו די פיס פונם קראַנקן פריינט, ווי רויטע פייגל, זיך פאַרזאַמלט די בלעטער פון די ביימער. ס'האָט די נאַטור — פאַרן שטאַרבן, ווי אַ צום טויט פאַרמשפּטער פאַרברעכער — היים און וויינענדיק געקניט. און מיין פריינט, מיטן סלאַי פון האָניק אין זיינע רויטע, ציטערנדיקע הענט, האָט זיך געפרייט.

זיין מאַרטירעריש אַרבעטער־געזיכט האָט אויפגעלויכטן רויט און פלאַמענדיק, ווי ער וואָלט זיין אַ טייל פון האַרבסט. און ווי אַ פיגור פון ברויגעלס אַ בילד, זשלאַקנדיק פון אַ קרוג פול מיט וויין, האָט ער געזשלאָקעט דעם רויטן האָניק. עס איז געווען ווי ליקידער פלאַם, וואָס גיסט זיך אַריין אין זיינע אינגעווייד. עס איז געווען ווי דער האַרבסט וואָלט זיך אין אים מיט פייער אַריינגעטריפט — אַריינגעפלאָסן אין זיין קאַלט און טרויעריק געביין.

עס איז געווען אַ האַרבסטיקער טאָג. ס'האָט די זון געגליט אין גרויען, קילן נעפּל, אַזוי ווי אַ בלום, וועמענס רויט ווערט קוים אין פלאַמען געמאָלן אויפן פאַסיוון קאַנוועז. אַ מוזיק האָט זיך געהערט — אַזוי ווי פון באַך און בראַמס און בעטהאָווען. אַ גרויסע, אַ העראָאישע מוזיק. און אַלץ איז געווען אַ דעקאָראַציע צום שטאַרבן פונם דאָזיקן געפייניקטן מאַרטירער פון דער ערד. —

אויסגעטרונקען דעם האָניק, האָט ער זיך געזעצט רוען. זיין פּנים האָט אָנגענומען די פאַרב פון הארבסט, פונם האָ־ניק, זון די געלע בלעטער פון דעם בונטן און קאַלירנרייכן הארבסט. די גאַנצע רייכע אָפּערע פון דער נאַטור האָט זיך אין אַ כאָר צעזונגען. אַ ווינט האָט באַוועגט די גרויסע בלעטער, אַזוי ווי ציגיינערישע הענט באַוועגן די טאַצן און אין אָרקעס־טער — די גרויסע, מעשענע טאַצן. ס'האָט אויף די צווייגן אַ גייסט געזונגען — אויף די צווייגן־פליטן האָט געשפּילט אַ כישופמאַכער און האָט אַרויסגעבראַכט פלאַמענדע טענער.

קיין רויבער זענען נישט געווען ביים זייט. קיין שטומע, קראַנקע, שטיינערנע רויבער. און נישט קיין פּרויען, וואָס ציען זיך מוזיקאַליש אויס צום טויטן גוף און ווישן מיט זיי־ערע לאַנגע, בלויע לאָקן אויס די טרערן פון דעם געקרייציקטן און לויכטן נישט אַריין אין זיינע אויגן מיט זייער שוועסטער־דיקער ליבשאַפט.

עס איז געווען מיין פריינטס לעצטע מאָלצייט פון רויטן האָניק. נעבן זיינע דינע קני איז געלעגן דער סלאָי — און טראָפּנס פליסיקייט אין רויטן זענען ווי ליקידער בראָנז גע־רונען אין דר'ערד, אין דער פייכטער, רויטער ערד. און רואיק איז ער געשלאָפן, מיין שטילער פריינט, אַן איינגעבויגענער, אַן אין דרייען איינגעדרייטער — אַ פאַרגלייווערטער — מיט אַ שמייכל פון גליקזעליקייט — אַזוי ווי אַ בראָנזענע בודא־מאַסקע...

עס איז געווען זיין לעצטער מאָלצייט — אָן אָפּאָסטאָ־לישן צערעמאָניאַל אַרום אים. ס'האָט קיין בלייכע, רויט־האָ־ריקע מאַגדאַלענאַ נישט געוויינט ביי אים צופוסנס. ס'האָט בלויז ווי אַ זילבער־פליגל די נשמה פון זיין מוטער יאָמערנדיק אַרומגעפלאַטערט אַרום זיין קאָפּ — ווי אַ שמעטערלינג — אין טיפן פיין...

ווי אַ הונט האָט מען אים אוועקגעפירט אין אַ גרויען וואָגן. און אויף דעם אָרט וווּ מיין פריינט האָט אויסגעהויכט זיין נשמה, איז גאַרנישט מער געוואַקסן דורך די יאָרן. די ערד איז דאָרט געבליבן נאַקעט און הויל. ס'האָט גאָט אַליין דאָרט געוויינט און דאָרט הויך האָט גאָט געיאָמערט...

## דער בלינדער

גייענדיק אויף דער גאַס, נאָך די שרעקלעכע רעגנס, האָב איך געזען ווי אַ בלינדער שטייט און טאַפּט די שטיינער פון ברוק מיט זיין שטעקן — מיט זיין קרומען שטעקן, וואָס איז אַמאָל געווען אַ גרינע צווייג... איך האָב זיך אָנגעבאָטן אים אַריבערצופירן...

און אָט גייען מיר איבערן שאָסיי. קוים שטעלן זיך אָפּ די אויטאָס נעבן אונז. עס גייען מיט אונז אויך מיט יונגע מאָ־

טערס, וואָס האָבן דורכן היינטיקן ווינטער געבוירן זייערע ערשטלינג־קינדער. זיי פירן די קינדער אין וועגעלעך. און זיי זעען אוים שענער ווי די מלאכים אויף די טויזנטער פארבי־קע אַבראזן (מאָלערייען), וואָס איך האָב אין מיין לעבן גע־זען. זיי זענען ריינער, ערלעכער, צארטער ווי די מיט פארב־באַשמירטע מלאכים, וואָס לייכטן צו אונז ארוים פון די גאָל־דענע ראַמען פון אַלטערטימלעכע קונסט־ווערק.

עס גייט מיט אונז אַן אַלטער מאַן, וואָס קען קוים שלעפּן זיינע אַלטע פיס. איך האָב געפילט טרויעריק, וואָס איך פיר דעם בלינדן מאַן. אָבער ער זאָגט צו מיר:

— עס איז היינט אַזאַ ווונדערשיינער טאָג. אַזאַ ליכטי־קער... דאָס ליכט פארבלענדט די נשמה. און זע ווי די בלעטער פון די ביימער, פון גראָז, איז פריש און צארט, ווי זייד. אַך, ווי די קינדער לויכטן היינט, אַזוי ווי מלאכים פון ריינעם גאָלד. און ווי די לופט איז דורכזיכטיק... אַזוי ווי אַ קרישטאָל — געוואַשן אין טוי... דו קענסט זען דורך דער ריינער לופט, ווי דורך קרישטאָל, די בערג אין דער דיסטאַנץ, אַזוי ווי דו וואָלסט זיי אָנרירן מיט דער האַנט. די פעלזן לויכטן ווי גיגאַנטישע בריליאַנטן אין דער זון. די ביימער זען אוים ווי באַגאָסענע מיט פערפום. דאָס גיסן אויף זיי מלאכים טייערע פערפומען פון זילבערנע פלאַקאָנען. די פייגל שוועבן היינט הויך, ווי זיי וואָלטן וועלן אויספרווון די קראַפט פון די פליגל... מיין גור־מער פריינט, זאָרגט נישט! עס איז היינט אַ גרויסער, אַ מאַ־יעסטעטישער טאָג, ווען דאָס ליכט שיינט פון דער זון — פון דעם הארצן פון גאָט...

איך בין געווען איבערראַשט פון זיינע רייד. דער מאַן האָט געזען פיל, פיל מער ווי די, וואָס זענען משוגענע געפלויגן אין די אויטאָס... דער מאַן האָט מיט זיינע אויגן געזען אומ־ענדלעכע וועלטן — די גאַנצע שיינקייט, די גאַנצע פּאָעזיע פון זומער, פון אַן אין הייסן גאָלד געבוירענעם טאָג...

איך האָב זיך דערמאָנט אין אַ סקולפּטור פון גרויסן מייסטער, ענריקאַ גליצענשטיין. זי שטעלט פאָר מילטאָן, דעם בלינדן ענגלישן פּאָעט.

בלינד — האַלט ער דעם קאָפּ פאַרריסן אין דער הויך. זיינע הענט דריקן זיין ברוסטקאַסטן. אין עקסטאַז האָט ער דערזען די גאַנצע באַוועגונג פון די ספערן... די דראַמע פון די הימלען... דעם קאַמף פון געוואַלטיקע רוחות... דאָס לויכטן פון זונען און שטערן...

דער בלינדער פּאָעט, מילטאָן, האָט געזען די גאַנצע וועלט — אין הימל... מיט די פלאַמענדע אויגן פון זיין גייסט...

געבענטשט זענען די יעניקע, וואָס זעען מיט די אויגן פון בריליאַנט, מיט די אויגן פון זייערע מענטשיקע זעלן...

און איך האָב געטראַכט: פיל זענען בלינד. זיי זעען נישט מיט זייערע אָפענע אויגן די שיינקייט פון טאָג. די גרויסקייט פון אוניווערס. די הערלעכקייט פון דער נאַטור. נאָר דער וואָס איז פיזיש בלינד — ער זעט די גאַנצע שיינקייט. ער איז איינגעהילט אין ליכט, ווי אין א גרויס פייער, וואָס טריפט ווי האָניק פון די הימלישע קאַנדעלאַבערס...

# יעקבס חלום

(וויזיע פון א מאַידענעקער אוצטראַציע)

עס איז א לייטער פון אייזערנע טרעפּ. פון די שענדיקע סאָבוויי־טרעפּ, וואָס איך גיי דורך אין מיין לעבן. און אָפטמאָל, זיך באַוועגנדיק אויף די אייזערנע טרעפּ, דאַכט זיך מיר אז איך טו א פאַל אַרונטער. איך חלש. איך שלאָף איין פון מידיקייט.

און אָט הייבט זיך אָן דער מאַסקאַראַד פון מלאכים. זיי גייען אַרויף און אַרונטער. עס גייען מלאכים מיט פּנימער אַלטע, ווי אָפּגעקלאַפּטע טעפּ. עס גייען מלאכים — נעגערס און נעגערטעס, וואָס חלשן אין עקסטאַז צו גאָט מיט געזיכטער — קופּערנע בודאַ־מאַסקעס; נאָך אַלץ מיט דעם גליקזעליקייטס־שמייכל פון בודאַ; נאָך אַלץ מיט דעם גרויסן וועלט־שמייכל פון דעם קראַנקן און איינזאַמען פּרינץ בודאַ. עס גייען אַרויף און אַרונטער סלאַווישע אַרבעטער; דו זעסט ווי דער ווינט פון סטעפּ האָט רויט געפאַרבט זייערע פּנימער; סלאַווישע פּראָלעטאַריער, אַזוי ווי הייליקע, אַזוי ווי די הייליקע פון איקאָנעס, וואָס סאַזע אין אויל־לאָמפּן האָבן לאַנג געטונקלט און געוואָלט פאַרטונקלען דאָס וואָניקע גאָלד און דעם ליכטיקן בראַנדז. הייליקע — ווי אַרויסגעריסן פון דאָסטאָיעווסקי „ברידער קאַראַמאַזאָף". רויט־אַרמייער — ווי אויף די העראָאישע בילדער פון קריג.

די טרעפּ זענען פון אייזן. דורות האָבן דאָ געטראָטן און אויסגעריבן די אייזערנע טרעפּ. און די זון זעצט זיך איבער די וואָלקנקראַצערס. און אירע שטראַלן, ווי רויטע וואַלן, הילן איין די קעפּ פון מלאכים. עס גייען אַרויף און אַראָפּ פּראָסטיטוטקעס, ווי נאָר די נאַכט לאָזט אָפּ די שוואַרצע, סאַמעטענע פלעדער־מייז און אין הימל צינדט זיך די פאַרקאָפּטישע שמערן ־ קאַנדעלאַבערע. פּראָסטיטוטקעס — די הייליקע פון די גרויסע און קליינע שטעט. די וואָס זענען געווען די פריינדינס פון נביאים. און פון מאַן גאָג און פון רעמבאַ און פון עדעלשטאַדט. פּראָסטיטוטקעס — אַלט ווי די וועלט, אַלט ווי אדם און חוה... (דען אדם, אין זיין גרויסער איינזאַמ־

קייט אין אוניווערס, ווען ער איז געווען קעניג פון „דיזער וועלט", האט אפגעריסן פון זיך א ווילד־פרעמדע ווייב, וואס האט אים פארפירט — פארפירט צו זינד און טויט. פארפירט צו די בייזע רייד פון דעם שלאנג־דעמאגאג, פון וועלכער די וועלט קען זיך ביז איצט נישט באפרייען). עס גייען ארויף און אראפ פראסטיטוטקעס — די זינדיקע פריינדינס פון הייליקע. די וואס וויינען אין תנך — אין אלע לידער פון די פראפעטן. עס גייען די בעטלערס. די אייביקע ארעמע לייט פון דער ערד, די לומפנפראלעטאריער, די קאליעס, די דעקלאסירטע — די הונגעריקע פון אלע צייטן — זיי גייען אין אן אומענדלעכער דעמאנסטראציע.

איך ליג צונויפגעדרייט אין א ווינקל. אונטער די האב־וויי־טרעפ. לאסט־וועגענער לויפן דורך מיט שווערער לאדונג און מאכן ציטערן די שטיינער פון ברוק. עס לויכט אויף די לבנה — א סלאי מיט האניק, פאר די בעטלערס און פאר די הינט פון דער ערד. און מלאכים־ארבעטער מיט וואנזיניק־צעפלאמטע געזיכטער און צעפלאשעטע האר גייען דורך, גייען ארויף און אראפ, צו די טיפע טאלן פון דער ערד, צו די גריבער פון זינד, צו די הייל פון פאלשקייט. זיי גייען צו די גאלד־מינעס און קוילן שאכטן, צו די טיפענישן פון דער ערד, וווּ מענטשנס לעבן ברענט אויס אין שקלאפישער ארבעט. וווּ מענטשלעכע כוחות ברענען אויס אין ארבעט פאר די מעכטיקע, פאר די געלט־באראנען. עס גייען מענטשן ארויף — צו די וואלקנס, וואס קאכן זיך אין דער זון, צו די כוואליעס פון וואלקנס אין הימל, וואס איז ווי א ווילדער ים. זיי גייען אין פארמעסט מיט דער סטראטאספערע. אין דועל מיט דער נאטור אין קאמף פארן מענטש — וואס איז קעניג פון דער ערד.

עס גייען דורך סקאנדינאווער ווי פון איבסענס אינדיווידואליסטישע דראמען און די ערנסטערע ביערהאנס שארפע דערציילונגען פון די בערג און פעלזן. יעדער פון זיי — א געשטאלט אין דער וועלט ־ ליטעראטור. עס גייען ארויף און אראפ — מעקסיקאנער, מיט אויסגעבויגענע געזיכטער. ווי נישט־רייפע לבנות, מיט הונגעריקע בליקן — אזוי ווי געמאלן אויף די פרעסקאס פון דיעגא ריווערא. און פאליאקן — ערשט ארויס פון אונטערערדישן קאמף, מיט אפגעברענטע געזיכטער, מיט בליקן ווי פון פארפאלגטע חיות. און — יידן, מיט געזיכטער פון היינריך היינע, שפינאזא, טראצקי און — הירש לעקערט. איך דערקען זיי גוט. עס זענען די יידן, וואס זענען געשטאנען איינגעהילט אין פלאמען ביים בארג סיני ווען משה דער געזעץ־געבער האט געבראכט די געזעצן פון גערעכטיקייט פאר די ארעמע און די שקלאפן. עס זענען די יידן, וואס האבן אין עגיפטן געבויט די פיראמידן, די ספינקסן און די פאלאצן פאר דעם רום פון די פרעה'ס. געבויט צוזאמען מיט הונדערטער טויזנטער שקלאפן פון פרעמדע פעלקער,

שבטים און שטאמען — און זיי האָבן אין די שטיינער און מויערן פאַרמויערט זייער געביין, זייער פלייש און זייער בלוט. קוק זיך גוט איין אין זייערע געזיכטער — דו דערקענסט די יעניקע עקס־שקלאַפן, וואָס האָבן מיט דער נאָמור זיך גע־שלאָגן פערציק יאָר צייט אין מדבר און זענען פון הונגער און קראַנקייטן אויסגעשטאָרבן אויף די בראַנדזענע זאַמדן. עס זע־יען די זעלבע יידן, וואָס די פעלקער שלאָגן דורך די יאָר־טויזנטער. די יידן פון דער אינקוויזיציע — ברענענדיק און שאַלנדיק קאַפּיטלעך תהילים אין דער אימפּעראַליסטישער און קאַטוילישער שפּאַניע, זאַט מיט בלוט און גאָלד פון די פרעמ־דע באַרויבטע פעלקער. עס זענען די קינדער פון די נביאים געפירט דורך רוימס טריומף־בויגנס, צוגעטשעפּעט צו די גאָלדענע וועגן פון טיטוס, דעם גענעראַל פון רוימס אימפּער־ריע. עס זענען דיזעלבע יידן, וואָס האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט אויף אוקראַינעס פעטע פעלדער. עס זענען די יידן פון דער צייט פון די קרייץ־צוגן, ווען גערמאַנישע ריטער האָבן זיך גע־טראָגן אין ווילדן עקסטאַז צום קבר פון א טרויעריקן, פּאַעטישן ייד, א רעוואָלוציאָנער קעגן רוימס מאַכט־פּאָליטיק; א צאַר־טער ייד, ערגעץ אין ירושלים באַגראָבן.

איך הער זייערע טריט! די לבנה לאָזט זיך נידעריק אַרונ־טער — א לאָמפּ מיט נאַפט אָנגעפולט — און אין יעדנס גע־זיכט פון א ייד זע איך טויזנט שניטן — מויזנט פאַרטרוקנ־טע וואונדן. עס זענען דיזעלבע יידן, וואָס האָבן רעוואָלטירט אין דער וואַרשעווער געטאָ קעגן נאַצי־מאָנסטער — איך דערקען זיי גוט — די יידן פון תנך — די גרויסע און היי־ליקע יידן פון דער תורה און פון אַרבעט; די יידן פון אונזער אוניווערסאַלער מאַרטירער־געשיכטע — וואָס האָבן אין די הענט גענומען די מאַשין־ביקס און דערשאָסן נאַצישע זשאַנ־דאַרמען און שטורם־טרופּער. די יידן פון די פאַבריקן — פון די פּוילישע שטעט — וואָס האָבן געברענט אויף די שייטער־הויפנס פון מאַידאַנעק און אָשוויענטשים...

אַזוי ליג איך צונויפגעדרייט ווי יעקב אין באר־שבע, ער־לעבט טויזנט יאָר שפּעטער, ווי יענער גאָלד־האַריקער יעקב, וואָס האָט פון זיין גרויסער ליבע אויסגענייט דאָס זיידענע העמדל פאַר זיין זון יוסף — אַזוי ליג איך איבערן בריק צו־נויפגעדרייט און ציטער פון שמאַרץ און טרערן באַגיסן מיך אינגאַנצן ווי א שטראָם. און די מלאכים — די טרויעריקע מלאַ־כים פון דער ערד — גייען אַרויף און אַראָפּ — איינגעהילט אין שאָטנס און אין וואָלקנס; איינגעהילט אין זייערע היימי־שע נאַציאָנאַלע לאַנדשאַפטן; איינגעהילט אין שמיקער פעלד־און־וואַלד־און־גראָז, פייכט פון ראָסע; אין שמיקער פרילינג — אין אין גרינע פעדער — אין שטורמדיקע און געפערלעכע

כיוואַליעס און וואַלקאַנען; עס גייען פאַרביי פאַר מיינע אויגן די רעוואָלוציאָנערן פון אַלע צייטן, מיט פּעטליעס אויף די העלזער; עס גייען פאַרביי די דורות פון דער ערד, קעמפנדיק פאַר פרייהייט; די פעלקער און נאַציאָנען, די שבֿטים און די שטאַמען — עס גייט דורך די גאַנצע פּראָצעסיע פון דער מענטשהייט, וואָס האָט געשמידט פאַר זייערע רעכט, וואָס איז געבונדן אין זייער שיקזאַל, און אייביק געשלעג מיט דער נאַטור, און שלאַכט מיט די דעספּאָטן און טיראַנען, און קאַמף מיטן טויט זעלבסט...

דער לבֿנה־האָניק רינט איבער מיר ווי גאָלד. איך עפן די אויגן. עס איז שפּעטע נאַכט. און די שטערן — די זעלבע לויכטנדע שטערן, וואָס האָבן געלויכטן צו יעקבֿ אָבֿינו — לויכטן אויך איצט...

— אָ גאָט, אַלמעכטיקער קעניג פון די הימלען, ווו איז דיין גרויסער צוזאָג צו יעקבֿן, דעם פּאַסטוך פון ישׂראל? אָ, גאָט, איך זע דיין געזיכט אויפשטראַלן איבער מיר. נאָר עס איז איינגעשמירט אין בלוט... אין בלוט פון דיין פאָלק! אָ גאָט, ביסטו שוין אַלט? ביסטו קראַנק און שוואַך? ביסטו מיד פון גיין איבער די טרעפּ פון קאָסמאָס — איבער די בערג און טאָלן פון צווייפל און אַנטוישונג? וואָס איז מיט דיר געשען, הערשער פון די הימלען, ווען קרוין אַלע שטערן־דימאַנטן שמעלן צוזאַמען. טרייסט מיך, באַשטעטיק די אייביקע פאַבווי־טרעפּ און באַנײַ דיין גרויסן צוזאָג... — — — — — — —

די זון גייט אויף — אַ פלאַמענדיקער קאָפּ איבערן מזרח־האָריזאָנט. אַ באַר שווימט אויף מיט אַ מעכטיקן געזאַנג צו די הימלען... דאָס זינגט די אייביקע מענטשהייט איר אייביק פרײַהייטס־ליד...

# די אלטע פרוי...

עס איז אין א ראַם פון גרויע פאַרהאַנגען, פאַרײַמוויבטע, און אין אן אלט, פון מילבן־צעפרעסענעם פענצטער, ווו איך זע אָפט דאָס פנים פון דער אלטער פרוי. אין בייזע שטורעמס, און מיאוסע געוויטערן, ווען ווי קאָנפעטי אויף א משוגענעם קאָנצערט — טראָגט זיך דער אומענדלעכער שניי אין האַגל, ווען איך זע דאָס געזיכט, דאָס געשטאַלט פון דער אלטער פרוי.

איך קען דערציילן די נאָוועלע פון איר לעבן — לויט אירע אויגן. איך קען אָנשטרייבן איר „אָלד ווייפס טעל" — (אַרנאָלד בעננעטס א ראָמאַן־טיטול) — לויט די העראָגליפישע שטריכן אין איר געזיכט. און עס איז רירנד ווי זי פאַרראַט מיך קיינמאָל נישט. ווי זי היט מיך שטענדיק אָפּ ביים פענצטער. איך פיל, אז איך בין איר אטראַקציע, איר דערשטרייאונג, איר „דאָן זשואַן". ווען איך קום מיט א פאַרשוויצט און צעשויבערט געזיכט שפעט ביינאַכט אהיים, טרויעריק און ענטוזיאַסטיש פון דער דאַמע — דערזע איך פלוצלונג איר אלט געזיכט, ווי עדגאַר עללען פאָו האָט אין א שפעטער נאַכט געזען די ראָב — און מיר דאַכט זיך ווי זי זאָגט: „אזוי זעט זי אויס — ווי איך — אין דער ווירקלעכקייט. אזוי וועט דיין פריינדין, דיין יונגע דאַמע, ווערן, ווען זי וועט אלט ווערן ווי איך". און איך ווער אין כעס אויף איר. מיר דאַכט זיך, אז זי רויבט צו מיין „פריוואַסי", נאָר באַלד באַרואיק איך זיך און איך קריג רחמנות אויף דער אלטער פרוי און איך בין גרייט איר אונטערצוהאַלטן און צו קושן. און טיילמאָל דאַכט זיך מיר, אז עס איז מיין מוטער, וואָס זיצט דאָרט דורך די טעג און נעכט און היט מיך אָפּ, עס זאָל מיר קיין שום שלעכטס נישט געשען. זי היט מיך אָפּ — די אייביקע מוטער, וואָס ווען איך בין נאָך נישט געווען, האָב איך, אין די כוואַליעס פון קאָסמישן אור־כאַאָס געזען איר געזיכט, אירע אויגן, איר מינע, וואָס האָט אויסגעדרוקט אזויפיל ליבשאַפט און שרעק פאַר מיין גורל. און איך הויב זיך אָן צו דערמאָנען — קוקנדיק אויף איר געזיכט — און רעמיניסענסן פון אורצייטן גייען אויף — און זכרונות פון מיליאָנען יאָרן צוריק...

עס טרעפט, אז איך ברענג אריין אין מיין צימער א שיינע פרוי, א ליבע פריינדין. און ווען זי טוט זיך אויס דעם ווייכן מאַנטל און ווען זי נעמט אראָפּ דעם הוט — מיט א פאַל אירע גאָלדענע האָר אין דער לופטן, ווי א שטראָם שטראַלן פון דער זון. איך גיי דאַן צו צום פענצטער און לאָז אראָפּ פאַר דער נאָז פון דער אלטער, טרויעריקער פרוי — די זשאַלוזן, די פאַרהאַנגען.. אָרעמע פרוי! מיר דאַכט, אז זי וויינט... און איך זע איר בליק פון פאַראַכטונג,

פונקט ווי איך זאָל זי פאַרראַטן... אָבער, שפּעט בײַנאַכט, ווען איך ציִ ווידער אַרויף די זשאַלוזיעס — זע איך, אַז זי איז אײַנזאַם, פאַרלאָזן, אומגליקלעך. זי איז די גאַנצע צײַט געזעסן בײַם פענצטער — און טרערן טריפן פון אירע אויגן. זי איז גרייט איצט זיך איבערצובעטן מיט מיר. און — זי **איז דאָך מײַן מוטער, די אור־חוה, וואָס לעבט מיט אירע זין** דורך די יאָרטויזנטער, וואָס פאַרצערט אירע זין, וואָס איז פאַרליבט אין אירע זין..

די אַלטע פרוי איז פּאַראַליזירט. און מיר דאַכט, אַז זי שלאָפט שטענדיק אין דער שטול, אין וועלכער זי פאַרשווענדעט אירע לעצטע יאָרן. ווען זון־שטראַלן פאַלן אויף איר געזיכט, קען וועלכע זי קען זיך נישט ווערן, דערקען איך די גאַנצע טראַגעדיע אירע. איר געזיכט איז אַלט א יאָרטויזנט און עס דריקט אויס אַזוי פיל שרעק און טרויער. אַזוי פיל טראַגעדיע. און עס איזווירקלעך ווי איך וואָלט דערזען דאָס געזיכט פון דער אור־חוה — ענלעך צום געזיכט פון א חיה — וואָס איז דורך פילע דורות געוואַקסן געוואָרן — דורך אָקעאַנען מיט ביטערע לײַדן און דערפאַרונגען פאַרענדערט געוואָרן — וואָס איז דורכן פלײַען פון גליענדיקן שטאָל פון פײַן — געוואָרן דאָס, וואָס זי איז איצט — אַן אַלטע, אײַנגעשרומפּן געזיכט, ווי א לבנה — אַלט... און איך דערזע אין איר מײַן אָפּשטאַם — און דעם גורל פון דער פרוי — די פּריסטערין פון דער נאַטור. די גרויסע פּריסטערין פון גאָט — וואָס טראָגט די מענטשלעכע דורות אין איר טראַכט — דורך וועלכער די גענעראַציעס גייען דורך ווי דורך א גלאָררײַך טויער — א טריומף בויגן — צו די וויסטאַס פון דער וועלט. צו די האָריזאָנטן פון דער וועלט. עס איז א קאָלאָסאַל טויער — צום וועלט־ספּעקטאַקל.

— — — — — — — — —

און אַזוי קוק איך אויף דער אַלטער, און אַנשטאָט אײַנצושלאָפן מיט דעם בילכן, ראָזן פּנים פון א זינדיקער מאַדאָננאַ — פון א שטראַלנדיקער דאַמע — שלאָף איך אײַן מיט דער טרויעריקער, פון צײַטן־צעשניטענער, און פון דורות־צעפרעסענער מאַסקע פון דער אור־פרוי — פון דער אור־חוה — אויפן הינטערגרונט פון זיך רויכערנדיקע און פלאַמענדיקע אורלאַנדשאַפטן — פון אור־פלאָראַ־פײַזאַזשן — פון אורגעאָלאָגישע פּעריאָדעס אינם האַרץ פון דער ערד — אונזער בינע אין קאָסמאָס. —

# דער מענטש — א שרעקנס געשפענסט...

מיר פלעגן וווינען אין נאוואגורא — אין ביטערער שרעק, בשעת דעם ערשטן וועלט־קריג. די וועלדער זענען פיל געווען מיט באנדיטן, אנשטאט מיט מערענהאפטע פיגורן, ווי א נארמאל קינד דארף זיך פארשטעלן דעם וואלד. די עסטרייכישע אקופאציע־מאכט האט כסדר געהאנגען. איינמאל האט מיין פאטער אהיימגעבראכט א בילד, ווי אזוי מען הענגט זיבן פוילישע באנדיטן אינם דערבייאיקן שטעטל, פולאוו. צווישן די באנדיטן — צוויי יונגע פרויען. די תליות זענען פון ריינעם, ערשט — אפגעהיבלעוועטן האלץ. א י ך געדענק די שארפע שטיינער פונם ברוק. דער לופטיקער, קאנפעטי־ארטיקער שניי, וואס פאלט אויף אלמענס מאנטלען און היטן און דאס "פובליקום" — וואס קוקט זיך צו, יעדער מיט זיין אויסדרוק, צו א ווירקלעכע, צו א „רעאליסטישע" סצענע, וואס קומט פאר „אין לעבן", אין דעם פארשאלטענעם און ביטערן לעבן. און דער קאלטער ווינט פארוואַרפט די קעפ פון די געהאנגענע. זייערע פיס — הענגען אין דער לופט, אויסגעשטרעקטע, דינע, פון א פארשידנארטיקער דיסטאנץ פון דער ערד. פיס — טויטע, בארפוסע, פון מענטשן, וואס האבן מיט מינוטן צוריק געלעבט. די פנימער פון די געהאנגענע — שווארץ. ביטער. די פנימער פון די עסטרייכישע זשאנדארן — ערנסט. זיי זענען עס וואס באשטימען דאס לעבן און דעם טויט פון מענטשן — אנשטאט גאט...

אין יענע טעג, אז איך פלעג ארויסקוקן דורכן פענסטער פון אונזער וווינונג און איך פלעג דערזען ווי א מענטש גייט אויפן וועג — פלעג איך צו אלעמען ארויסשרייען פול מיט שרעק:

— א מענטש גייט!

אלע פלעגן צולויפן צו די טירן און זיי פארריגלען. א מענטש — איז געווען א שרעקנסווארט.

א מענטש — האט געקענט מיינען א מערדער, א רוצח, א וואנזיניקער סאדיסט, וואס האט ליב צו פארגיסן דעם גאלדענעם שטראם פון לעבן. און מיר פלעגן זיך באהאלטן אין די ווינקלען פון די צימערן, ווייט פון די פענצטער, אונטערן אלטן מעבל, אונטער די בעטן. א מענטש — האט אונז געקענט אלעמען אומברענגען... נאטור — נאטור — ווען אפילו ווילדע, רויע, ברוטאלע — איז ערלעך. וועט אונז נישט פארניכטן. אבער א לעבעדיקער מענטש, מיטן פארקרומטן פנים פון גאט — קען אונז אומברענגען...

איך פלעג זיך צעוויינען פון שרעק, ווען א מענטש פלעגט זיך באווייזן אויפן וועג. חיות פלעגן מיך נישט שרעַ־קען. אפילו נישט ווילד־פאַרוואַרלאָזטע הינט. נאָר דאָס מענ־טשען־געשטאַלט פלעגט זיין פאַר מיר א גרויזאַם געשפּענסט, וואָס מאַכט אומזיכער, וואָס קען אונז ברענגען שוידער און מאָרד...

און — די שרעק פאַרן מענטש איז אין מיר געבליבן ביז אויף אונזערע וויסטע טעג. מיר פלעגן שטענדיק לעבן אין שרעק. אפילו נאָך פאַרן קריג, געדענק איך ווי מיין מו־טער פלעגט אריינלויפן, פאַרשליסן די טיר און הייסן אונז, קליינע קינדער, זיך באַהאַלטן אין די ווינקלען. וואָס איז גע־ווען די אורזאַך? — א מענטש האָט זיך באַוויזן אויפן קרוי־מען, פוילישן וועג, אויפן פּאָעטיש־פאַרביקן האָריזאָנט... א מענטש — א שוידערהאַפט געשפּענסט... האַלט ער אין האַנט א מעסער? ער קען אונז אַלעמען אויסשעכטן...

די דאָזיקע שרעק — זי איז נאָך אַלץ געבליבן וואַך אין מיר. זי הויערט אין מיר ווי א ווינט אין קוימען... איך האָב מורא פאַרן מענטש. איך ציטער פאַר זיין בלאַסער מאַסקע. פאַר די גיריקע אויגן. איך ווייס אַז ער קען אויסזען ווי א פייערדיקער נביא. אָבער דאָס האַרץ זיינס קען זיין ווי פון א טיגער. א משוגענעם טיגער...

איך געדענק ווי יעדע אָרעמע פרוי, מיטן אויסזען פון א בעטלערין, האָט אונז געשראָקן ווען זי פלעגט דורכגיין אונזער הויז און מורמלען:

„ניעך בענדזשיע פּאָכוואַלאָני, יעזוס, אמען!" (זאָל זיין געלויבט יעזוס — אמן!) — האָבן מיר געמיינט, אַז זי איז א פאַרקליידעטע רויבערין...

— — — — — — — — — — — — —

און אזוי הערשט איצט ווידער א צייט ווען נישט די חיה — נאָר דער מענטש איז א שרעק פאַרן מענטשן. מענטש איז דער משוגענער הערשער פון דער ערד — אין זיין שנאה, א פאַטאַלע, א רויבערישע, א פאַרצערנדיקע — איז געווענדט קעגן מענטש זעלבסט, קעגן זיין ברודער און זיין שוועסטער, קעגן זיין אַלטן פאָטער און זיין קינד — קעגן גאָר דער מענמשלעכער פאַמיליע. זיין האַס איז געווענדט צו זיין גלייכן, וואָס איז די פיזישע רעפלעקסיע פון גאָט...

דער מענטש — דער פאוסט, איז פיל מיט דעסטרוק־טיווע כוחות אין זיין בלוט...

אפילו די חיה אין דזשאַנגל האָט מורא פאַר אים...

דער מענטש לעשט אויס אין זיך יענעם גרייסן פלאַם — וואָס איז גאָט אין אים. ער פאַרלעשט אין זיך די הימלישע אילומינאַציע און זיין אומשטערבלעכן גייסט...

# די האנט

עס איז אַן אַלטע, קליינע האַנט פון א פרוי. עס איז ניט ראָדענס׳ האַנט וואס האָט בערג און גראַניטן און טאָלן און ים-ברעגן געקנאָטן. נישט ראָדענ׳ס האַנט, וואס האָט די וואָלקנס אויפגעהויבן אין דער הויך פון ים, און האָט די נעפּלען געצווינגן פון דר׳ערד און דעם אוניווערס געפאָרמט צו זיין געשטאַלט, — עס איז די האַנט פון א ניינציק-יאָריקער, קליינער פרוי, וואס האָט דורך איר לעבן לאַנג געאַרבעט. די האַנט וואס האָט אַלץ איז הויז געטאָן. האָט געריבן די טעפּ און געשקראָבעט די פּאָד-לאָגע. האָט די ווענט געקאַלעכט און האָלץ געהאַקט. די האַנט איז איצט אַלט און קליין — גרייט צום קבר. אין דער האַנט איז געקריצט, ווי אין גראַניט, איר דראַמע — די דראַמע פון אַרבעט. דער נאָוועליסט פון דער נאַטור האָט אין דער האַנט געשריבן זיין נאָוועלע. די האַנט איז פול באַדעקט מיט בלויע, מיט פּורפּורנע אָדערן, וואס צעפירן דאָס בלוט צוריק צום האַרץ — די דער גרויסער זון פון מענטש-קאָסמאָס. די קאָסמישע האַנט, זי איז ווי א מייסטער-ווערק, וואס א סקולפּטאָר האָט א גאַנץ לעבן געפאָרמט, און וועט נישט דער טויט זיך שעמען צו טויטן די דאָזיקע ערנהאַפטע האַנט? די דאָזיקע האַנט וואס האָט געבויעט און געשניטן איר גראַניטענעם מאָנומענט אין אַרבעט. די האַנט וואס האָט אויסגעפּאַנצערט איר לעבן מיט אַרבעט. זי איז איצט קליין און פאַרוועלקט. זי האָט אָפּגעטון איר אַרבעט, איר ווערק. זי קען גיין אין דער אייביקייט אַריין. שוין וויאַנעט זי אַריין אין טויט. די דאָזיקע האַנט — די אור-האַנט — וואס איז א פּאָרטרעט פון א שטאָלצן, אַרבעטסזאַמען כאַראַקטער. זי האָט נישט געבעטן, די דאָזיקע האַנט. זי האָט איר גורל מיט מאַכט אויסגעקעמפט און אין צייט געשניטן איר פעלזיקן מאָנומענט. די קליינע האַנט — זי איז שטאָלץ. גאָט האָט נישט אַזעלכע הענט.

דאָס איז די האַנט פון טראַגיש-גרויען, מעכטיקן מענטש — וואס באַפעלט און שמידט זיין גורל. די האַנט פון מענטש — וואָס בויעט אַליין זיין געצעלט. די האַנט וואס שלאָגט זיך מיט די פאַנטאָמען פון דער מענטשהייט. די טראַגיש-גרויסע האַנט. די האַנט וואס איז שטאָלץ צו זיין אַן אַרבעטס-אינסטרו-מענט. —

איך קוש די האַנט, ווי מען קושט א בלום. א ליכטיקע, דעליקאַטע, ווייכע און נאָבעלע בלום.

די דאָזיקע אײדל־געצײכנטע האַנט איז דער שטאָלץ פון דער מענטשהײט...

ניו־יאָרק, מערץ, 11טן, 1944

# טויטע פּיס

אין דער בלויער טונקעלקײט פון צימער דערצײלט מיר דאָס ליבע מײדל:

— איך גײ דורך אויף וועסט ענד עוועניו און איך זע אַ יונגע פרוי זיצט אין אַ וואָגן. זי איז געווען וואונדערשײן. אַ פּנים — פריש ווי אַ בלום. ווי אַ גאָלדענע בלום. און אַ בוזים — אַ פולער, מיט די פײנסטע ברוסט... אַ מאַן קען שטאַרבן פאַר איר פיגור. און איך באַטראַכט אירע שיך. זי האָט געטראָגן אויסערגעוויינלעך־שיינע שיך. געשניטן פון אַ ווייכער טונקעלער לעדער. איך האָב נאָך אַזעלכע שיך אין מיין לעבן נישט געזען. און פּלוצלונג האָב איך זיך ווי דערשראָקן. אירע פיס זיינען געווען פּאַראַליזירט. זי האָט געטראָגן די שענסטע, קינסטלעריש־פיינסטע שיך — אויף טויטע פיס... זי האָט אויסגעזען ווי אַ קעניגין וואָס האָט קיינמאָל די ערד נישט באַרירט... וואו האָט געלעבט אַזאַ קעניגין? אינ׳ם לעגענדן־לאַנד. אַ קעניגין וואָס באַרירט קיינמאָל נישט די ערד...

אַ פאַנטאַסטישע, אַ צאַרטע, אַ טויטע קעניגין...

איך בין געשטאַנען אין אַ ווינקל און באַטראַכט די פרוי. באַטראַכט די וואונדערלעכע פרוי, די טרויעריקע פרוי, וועמענס וואונדערשיינע פיס זיינען געווען — טויט. —

— איז זי וועגן טרויעריק? — פרעג איך מיין ליבע פריינדין.

— ניין, זי איז געווען ווי אַ ליאַלקע. טײלמאָל האָט זיך מיר געדאַכט אַז עמעץ האָט זי דאָ פאַרגעסן, די וואונדערשיינע ליאַלקע. זי האָט אויסגעזען ווי פון פּאָרצעליי. זי האָט אפילו געשמייכלט.

— ווי גוט עס איז וואָס זי האָט געשמייכלט — האָב איך באַמערקט — ווען די דאָזיקע שיינע פרוי זאָל האָבן געוויינט, וואָלט איר דאָ נישט געקענט דערציילן וועגן איר. איך וואָלט נישט געקענט לעבן...

— ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָב איך פאַר איר געוויינט. איך האָב אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין.

עס איז געווען נאַכט. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער; מאָטילן האָבן זיך אָנגעצונדן און אויסגעלאָשן...

אַט די גאָלדענע פונקען האָבן געלויכטן אין מיין קינדהייט מיטן זעלבן פייער.. .האבן געלויכטן מיט א טויזנט יאָר צוריק, מיט א מיליאָן יאָר צוריק... ווען די מענטשהייט איז נאָך געווען קינד, אורקינד... און זיי וועלן לויכטן ווען די מענטשהייט וועט שוין זיין פארגעסן. ווען איינזאם וועט וואנדערן אין הימלישן רוים די דאָזיקע ערד, א טויטער פּלאנעט, וואס וועט ווערן איינגע-הילט אין רויטן זשאווער, אין אָנגעצונדענעם זשאווער, ווי אין פליוש...

## רענואר אויף דער בויערי

א קליין בילד פון רענואר, א נוד — א גאָלדענע פרוי, מיט הויט ווי האָניק-קאָליר, באָדט זיך ביים ברעג פון ים. האָבאָס און טרעמפּס, מיט רויטע נעז פון שיקערס, אין שמאָ־טעם געהילט, גייען דורך און אין זייער טרויער ווארפן זיי א בליק אויף דער פלאמענדער נוד...

עס גייען דורך גאסן פרויען און קוקן אויף דער גאָל־דיקער שיינקייט. עס גייען דורך אלערליי ברואים, געפאלענע מענטשן, זינדיקע מלאכים, קראנקע קרעאטורן, אוועקגעוואָר־פענע פון לעבן — און זיי קוקן אויף רענוארס נוד... די העלע, זוניקע פארבן דערפרייען זיי. ווי שטראלט וואונדער־לעך די פרוי....

און איך טראכט:

רענואר, אָט דער געטלעכער מאָלער פון שיינקייט, האָט קיין אנדער אידעע נישט געהאט ווי צו ברענגען טרייסט צו די אומגליקלעכע. .ער האָט געוואָלט צינדן מיט פארבן שיינע פרויען אויף זיינע בילדער. ער האָט געוויזן די וועלט פון שיינקייט. דער נביא שטראָפט. רענואר וויל טרייסטן.

ער וויל אריינברענגען ליכט אין דעם טרויער פון דער וועלט. און נישט דורך א צופאל לויכט זיין קליינער רע־נואר־בילד אויף דער בויערי. עס איז ווי ער וואָלט עס דאָ אליין אוועקגעשטעלט. עס איז ווי ער וואָלט זיך געפרייט, וואָס דאָס בילד מיט דער שיינער פרוי רופט ארויס אנטצי־קונג אין פארזשאווערטע הערצער פון די באליידיקטע, פון לעבן באַעוולהטע און צעבראָכענע באשעפענישן. עס הענגט דאָ, זיין בילד, כדי אין דער נאכט פון לעבן צו לויכטן ווי די לבנה צו די ליידנדיקע...

# דער ברענענדיקער ייִד

איך געדענק, אַז איך האָב וועגן אים געלייענט אַ מעשהלע אין מיינע קינדער־יאָרן. עס איז געווען אַן אַלט, פאַרגעלט און פאַרזשאַוועט בוך פון אַנגעצונדענע לעגענדעס און פאָלקס־פאַנטאַזיעס. און נאָכדעם ווי איך האָב געלייענט אין זון־אונטערגאַנג אַלערליי פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן צדיקים איינזאַמע, וואָס לעבט מיט גאָט און מיט זייער אָרימקייט — ביז איך פּלוצלונג אַריינגעפאַלן אין קעניגרייך פון מיפן שאָטן אין דאָרטן איז אויפגעגאַנגען אַ ייִד — לויטער פייער. איך האָב, אַז איינגעהילטער אין זיידענע וואָלקן־וואָלן, אונטער אַנגעצונדענע ביימער־קאַנדעלאַברעס, געלייענט וועגן דעם ייִד, וואָס פאַרלאָזט יעדע נאַכט דאָס גיהנום, כדי אַנצוקלייבן אין וואַלד אַ בינטל מיט פאַרטרוקנטע צווייגן און דאַן טראָגט ער עס אויף זיינע מידע, אָפּגעריבענע אַקסלען, אויף דער בלוטנדער הויט, אין טויזנט איינזאַמקייטן פון דער נאַכט, אין גיהנום אַריין — פאַרברענט צו ווערן אויף זיין אייגענעם אַנגעקליבענעם האָליץ — פאַר זיינע זינד...

אַלע צדיקים־געזיכטער האָבן זיך אויסגעלאָשן פאַר דער טראַגישער מאַסקע פונם דאָזיקן אומגליקלעכן ייִד. איך האָב אין שרעק געוואַנדערט דורך וועלדער און פעלדער. איך האָב מיין הויט און מיין געזיכט צעקראַצט און צעוווּנדיקט אין די שאַרפע דערנער און צווייגן פון די פוילישע וועלדער; אין דורך דעם וואַלד — ווי אַ שטורם — טראָגט זיך דער רויטער, אַנגעצונדענער ייִד. ער האָט נישט מער דעם ערדישן גאַנג אין זיינע פיס, — נאָר ער פליט. ער פליט נישט — נאָר ער טראָגט זיך מיט אַ דעמאָניש־ווילדן אימפּעט דורך די וועלדער. ווי אַ בליץ ברעכט ער צווייגן און ביימער. איך בעט אים זיך אָפּצישטעלן אַ ווײַלע — נאָר ער קען נישט. ער, דער זינדיקער, טראָגט זיך מיט אַ הימלישער קראַפט איבער דער ערד. די בגדים אויף אים סמאַליען זיך פון פייער. און דאָס פלייש אויף אים איז רויט און פאַרברענט. זיין געזיכט איז אש־בלוי, איינגעהילט אין דעמערונג, ווי אַ רויער קאַנוועז — ערשט מיט פאַרבן אָנגעוואָרפן. נאָר די אויגן — די אויגן פון אומגעהייערן וויטיק, בליצן אַרויס פון אים ווי פייער. די האָר, אינמיטן קליינעם ייִדיש־פּויליש היטל, אָפּגעסמאַליעטע. ער שמעקט מיטן ריח פון געבראָטן פלייש.

— שטעל זיך אָפּ אַ ווײַלע, אומערדישער ייִד! — שריי איך צו אים. — דו ברענסט. טרינק דעם טוי פון די גראָזן. וואַרף דיך אַריין אין אַ שטראָם מיט וואַסער. פאַרלעש די פלאַמען אויף דיר. קיל דיך אָפּ אַ ווײַלע!

— איך קאָן נישט! איך מוז קומען צו דער צייט! מען וואַרט אויף מיר כדי אָנצוצינדן דאָס פייער מיט דעם בינט האָליץ, וואָס איך טראָג אויף מיינע פּלייצעס!

— כדי דיך צו פארברענען! — שריי איך. — האסטו נישט גענוג געברענט דורך די צייטן, דו, פארשטאלטענער ייד?! זענען דיינע איברים און דיינע ביינער נישט דורכגעברענט פון א טויזנט שייטערהויפנס? פלאצן דען נישט ארום אומגעהויער־רע פלאמען פון דיין הארץ און צינדן אן אלע וועלדער?! די ביימער, וואס דו האסט געברענט אין זיי — זיי זענען, ווי דו, נישט פארברענט געווארן. זיי לויפן ארום — די אנגעצונדענע ביימער — איבער דער ערד, און שרייען און קלאגן א גרויס גע־שריי. שטעל דיך אפ, דו אלטער, דו גרייז־גרויער ייד, שטעל דיך אפ א ווײַלע. זע, די לבנה צינדט זיך אן מיט די פלאמען פון דיינע שייטערהויפנס — מיט טויזנט יאר צוריק! עס ברע־נען די האריזאנטן — די ווענט פון גאטס קעניגרייך. עס צינדן זיך אן הימל און ערד. די גאנצע נאטור מאנט גערעכטיקייט ביי גאט! שטעל זיך אפ, ציטער נישט, ווארף אראפ דעם בינט האלץ פון דיינע אקסלען, שליידער דעם קרייץ פון דיינע פלייצעס, אזוי ווי משה האט די לוחות געשמעטערט אן די פעלזן. שליידער און צעברעך און לייג דיך נישט מער אויפן מזבח!

דער ייד האט זיך צוגעהערט צו מיין געבעט. געציטערט האבן אין שרעק פאר מיינע ווערטער — זיינע שלייפן. איך האב געהערט דעם רויש פון פליגל. דאס האבן מלאכים אים מיט בייטשן געשמיסן איבערן לייב, אים געיאגט דורך דעם וואלד. דער ייד האט זיך אויף איין מינוט אפגעשטעלט און אזא גרויס געוויין, אזא שרעקלעכער יאמער האט זיך געריסן פון זיין פארבלוטיקטער ברוסט — אזא שרעקלעכער קלאג האט אויפגעבראכן פון זיין הארץ — ווי א דונער־קראך און, ער איז פארשוווּנדן פאר מיינע אויגן — איבערלאזנדיק אן אייביקן ווייטיק אין מיין הארצן. — — — — — — — — — — — —

און יעדן פארנאכט, ווען די זון גייט אונטער, זע איך לויפן דעם אלטן, צוויי־טויזנט יאריקן ייד איבער די אנגעצונדענע האריזאנטן. ער טראגט אויף די פלייצעס דעם בינט האלץ, מיט וועלכן מען צינדט אים אן, ווי א שטורקאץ. דער ייד ברענט און איך טראכט: אין א פינצטערער נאכט וועל איך ארויפ־קומען אויף די הימלען און וועל צעווארפן דעם מזבח און ארייסרייסן דעם ברענענדיקן ייד, דעם גרייז־גרויען אלטן ייד, פון די ווילדע מלאכים און מיט מיינע טרערן פארלעשן די פלאמען פון זיין לייב — — —

# דער איינשליננער פון צייט

ווען איך גיי אריין אין דעם קארידאר פון דער „ביאליס-טאקער היים" — זע איך שטיין א מאנומענטאלן זייגער. די צוויי מעשענע וואגעס — זיי פאמפן צייט-לוקער פונ׳ם גרויסן טייך פון צייט... און זיין אומרו — זיין הארץ, באוועגט זיך נערוועז הין-און-צוריק, און פון יעדער באוועגונג רינען רעגעס, מינוטן, שטונדן, טעג און נעכט...

דו קוקסט אויף זיין ציפערבלאט — ווי א מענטשנגעזיכט... די ווייזערס — דאן זשואנישע וואנסעס... די ציפערן — פאס-פארישע אויגן... און עס איז אינגאנצן מענטשלעכעס אין אים — ווי א קעניג, ווי אונזער אלמעכטיקער האר...

פארביי דעם זייגער דרייען זיך שאטנס — מענער און פרוי-ען... דער זייגער האט איינגעשלונגען זייערע יארן... אלע זייערע יוגנט-ראמאנסן. די ווערלדער מיט ווילדע גראזן און טייכן פון געזאנג און וואונדער פון דער גרינער ערד... דער זייגער האט אויסגעטרונקען — ווי שוימיקן שאמפאניער — זייערע לעבנס... דעם גוף און דעם מעכטיקן צויבער פון לעבן... און איצט, שוין אן מורא, מיט רעזיגנאציע אין די אויגן, דרייען זיי זיך נאענט צום זייגער — צום מאנסטער וואס זופט צייט פון די מענטשן...

און וואוהין טראגט ער דאס אלץ אוועק — דער מאנומענ-טאלער זייגער? אין וועמענס הענט גיט ער איבער ברענענדיקע טעג — בלויע שטערנגנעכט — שטונדן פון טאט און מאנאטא-ניע — רגעס ווי זיפצן פון אלטע לייט — מינוטן פון אגאניע?

וואוהין טראגט ער דאס אלץ — דער דאזיקער מאנסטער מיטן מענטשנגעזיכט — וואס זופט קאלט און אכזריות׳דיק די צייט — די גרויע אייביגקייט — די מיליאנען שטונדן פון דורות?!... אויף וועמענס גאלדענעם טיש — און וועלכן אונ-געהייערן טעמפל שטעלט ער אוועק — ווי ברענענדע מנורות — ווי אנגעצונדענע קאנדעלאבערס — די שטיקער צייט — גע-רויבטע פון מענטשן, וואס באוועגן זיך אין צייט ווי אויף אן אלייע פון פייער...

איך האב מורא צוצוגיין נאענט צום זייגער... איך האב מורא פאר זיין באריר. איך וויל מיין צייט אנהאלטן אין זיך ווי א האניק-שטראם — איך וויל די צייט זאל ווי א באטעריע אן

עלעקטרישע — אויסגענוצט ווערן פון מיר אליין — די טראָפּנס צייט זאָלן אויסגעבדענט ווערן אין מיר און ווערן אַש — אין מיינע מענטשלעכע טאָטן...

איך האָב מורא פאַרן מאַנסטעריעזן זייגער — וואָס זויפּט און שיקערט מיט צייט פון דורות — וואָס פאַרטרונקט בע־כערס שוימיקע צייט אין דעם קאַבאַרעט פון אוניווערס...

## די מענטשן זיינען גוט!...

— די מענטשן זיינען גוט! . . . — האָבן די זילבער־שופּיקע פיש געשעפּטשעט אין בלוי־פּיאַלעטן ים, ווען גרינע אונערקעס זיי־נען זיי געפאַלן פון דער אויבערפלאַך . . . — אהא, די מענטשן ווייסן ווי הונגעריק מיר זיינען . . . ענדלעך הייבן זיי אָן אונז צו פאַרזאָרגן מיט שפּייז . . . — די מענטשן זיינען באַרמהאַרציק — האָבן די פאַנטאַסטיש געפאָרמטע, פאַרביקע דעלפינען און חיות פון ים־גרונט געוואָרטשעט, ווען זיי האָבן געזען ווי עס פאַלן געלבע, גאָלדענע, געטריקנטע פיש, מיט מאַטע, רויטע אויגלעך, מיט שופּן ווי רויטע זשאַווער און פאַרברענטע, טונקעלע פלוספעדערן . . . ווי זיי זיינען גוט! אָט בראָטן זיי פאַר אונז אונזערע שוואַכע שכנים — און גיבן זיי אונז צוריק . . .

— די מענטשן, די מענטשן, אַזוי ליבלעך! — האָבן אַלע באַ־שעפענישן אין איין קול געלאַרעמט, ווען קאַווע און טיי האָט זיך גע־שיט אין ים און דער בלויער אָקעאַן איז געוואָרן אַ בעבער מיט קאַווע, האָט אַזוי געשמאַקפול פאַרשיכורט די ים־וועזנס, אַזש אַלע האָבן אָנגעהויבן צו דיכטן אויפן ים־גרונט פון מענטשלעכער גוטסקייט . . .

— די מענטשן זיינען גוט! — האָבן אַלע וועזנס געשריגן, ווען זיי האָבן זיך אָנגעקליידט אין די פאַרביקע שטאָפן, ווען זיי האָבן זיך איינגעהילט אין זייד און דעם ים־גרונט־סאַלאָן פאַרוואַנדלט אין אַ מאַסקאַראַדן־טאַנץ . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ערגעץ אויף אַ סקווער אין אַ שטאָט זיינען אין אַ קאַלטער נאַכט מיליאָנען הונגעריקע געזעסן, מיט ליידיקע מאָגנס, אין שמאַ־טעס געהילט, ווי ווערם גרויסע, און געטרוימט אַ בלאָנד גלעזל קאַ־ווע — אָדער אַ וואַרעמע, פּיאַלעטע טיי־גלעזל . . .

# דאָס ווײדענע געלעגער

עס טרעפט, דו גייסט אָוונטצייט איבער א טונקעלער גאַס ערגעץ אין א האַפן־שטאָט. האַרבסט, רעגן, געלע בלעטער איבער די טראָטואַרן, טונקעלע שאָטנס פון שטאָטישע טובערקולאָזעביימער; צו דיר ווינקען פייערלעך פון פענצטער, אַזעלכע אידיליש־היימלעכע אין דיין אומהיימלעכקייט. דו בליקסט אין דער טרויעריקער האַרבסט־וויזיע און טראַכסט: מיין גאָט, מיין גאָט! וואו שלאָפט מען היינטיקע נאַכט? ווער וועט אויסבעטן דיר א געלעגער פון גאָלדענע שטרוי? . . .

פלוצלונג — א ווייס־באַלויכטענע פענסטער פון א ריזיקן מאַגאַזין, די עלעקטרי — וואַרם, מילך־ווייס און אַנגענעם, אַלע ווינקלען אין דיינע שמאַטעס ווערן באַלויכטן, דו קוקסט זיך איין אין קלאָרגעוואַשענעם פענסטער: א פּרעכטיגע בילד! א גרין־ווײדענע ברייטע, קאָמפּאָרטאַבעלע בעט, א בעט ווי פאַר די קעניגן אַמאָל, אָדער פאַר די דיע קעפּס־ווייבער, וואָס זיינען דאַרויף געווים געלעגן אין דער ברייט און, אין שלאָף געדעדט הויף־אינטריגע־דייד... ווי שיין דיר גלוסט זיך דיין לײדיקן, בלאָנדן קאָפּ צו לייגן אויפן גרין־גלאַנצנדיקן קישן פון שימערירנדיקן זייט, דיר גלוסט זיך איינצודעקן דיין האַרבסטיקן קערפּער מיט דער ווייכער, פּלושענער קאָלדרע; און דאָס ליכט גאָלדיקט דיינע אויגן און מאַכט דיך אַזוי שיכור און פאַרבענקט. דו זעסט: אויפן וואַנט, אַנטקעגן דעם בעט, א פּאָרטרעט פון דער שענסטער פרוי אין דער וועלט. זי קעמט זיך די גאָלדענע לאָרעליי־האָר פאַרן שפּיגל. אַך, ווי זי איז שיין . . .

און — דו שלאָפסט איין זיצנדיק אונטערן פענסטער; רעגן קאַפּעט אויף דיר; ניין, ס'איז נאָר פאַרפום וואָס די פרוי גיסט אויף דיר. זי עפנט דיר דאָס גרינע בעט, שטייגסט זאַכט אריין אין גרינעם, פאַנטאַסטיש־גליקלעכן געלעגער. דו ביסט א קעניג . . . זי קומט נאָך דיר אין בעט. א, ווי דיינע פיס זיינען קאַלט — שעפּטשעט זי און אירע פינגערלעך ווי פּליוש אָדער כראָם וואַרעמען זיי . . . דו ביסט גליקלעך . . . עמעצער לעשט אויס דאָס ווייסע קאַלעך־ליכט. דיר איז אַזוי גוט . . . דערפילסט אירע ליבע, צאַרטע, טיף־אָטעמדיקע בריסט . . . — — — דערפילסט אירע ליבע, צאַרטע, געלע בלעטער האָט דער ווינט געוואָרפן צו דיינע פיס . . . עס רעגנט . . . דיר איז אַזוי אומעטיק — — — — — — — — —

# דער שפּיל אין מאַסקעס

געהאַלטן אין שרייבן אַן עסיי וועגן דזשיאָרדזשיאָנע. בײַם באַשרײַבן דעם „שטורעם״ — איז געוואָרן פֿינצטער. איך האָב געמוזט אָנצינדן די עלעקטריק. די וואָלקנס האָבן זיך, ווי שטיקער מאַרמאָר, געבראָכן. איך האָב באַשריבן דזשיאָרדזשיאָנעס מאָלעריי „דער שטורעם״ — אַזוי ווי דער אמתער שטורעם, ווי ער איז געווען אײַנגעראַמט אין מײַן פֿענצטער. איך האָב געזען ווי דער בייזער ווינט רײַסט אָפּ שטיקער פֿלאַמען פֿון אַ וואַזאָן אויף אַ שכנותדיקן פֿענצטער. עס איז אַרײַנגעקומען די הויז־פֿרוי און געריניקט מײַן צימער. איך האָב געזען אַז די פֿרוי איז ענלעך צו דער נאַקעטער פֿרוי אויף דזשיאָרדזשיאָנעס בילד. איך האָב זי אַלזאָ אַרײַנגעשריבן — אָט אַזוי ווי די שאָטנס פֿון שטורעם זענען אויף איר געפֿאַלן — בשעת זי איז געווען באַגאָסן מיט ליכט פֿון מײַן עלעקטרישן לאָמפּ. זי האָט גוט געפּאַסט צו מײַן עסיי. —

אַנטקעגן מיר, אויף דער אָפּגעקאַלעכטער, לישייעדיקער וואַנט, איז געהאַנגען דער קאַלענדאַר. איך האָב געטראַכט אַז אויב דער שטורעם קען געשען אין חודש יוני, האָט ער דאָך אין 15־טן יאָרהונדערט, אויך געקענט געשען אין יוני. איך האָב דעריבער אַרײַנגעפּאַקט דעם זוניקן, דעם ליכט־מיליאָנערישן חודש יוני אין דער לאַנדשאַפֿט. דער שטורעם האָט דערווײַל נאָכגעלאָזן. דער טינטער האָט זיך איבערגעקערט און פֿאַרגאָסן מײַנע הענט. איך האָב איצט געשריבן וועגן אַ צווייט בילד פֿון דזשיאָרדזשיאָנע, ווי אַזוי עס לייטערט זיך אויס און עס ברעכט זיך אַרײַן דער טאָג מיט גאָלדענע רייטערס — יונגע העראָלדן, וואָס בלאָזן פֿריילעכע לידער אויף בראָנדזענע טראָמפּעטן.

אַזוי האָב איך אין מײַן עסיי אַלץ באַשריבן אַרום מיר — און דאָך האָט עס געבילדעט אַ נאַטירלעכע אַטמאָספֿער צום אַלטן, ווענעציאַנישן מאָלער, וואָס איז געשטאָרבן אויס ליבע צו זײַן אומגעטרייער געליבטער.

איך פּאַס אַרײַן אין מײַנע עסייען און דערציילונגען מײַנע טעגלעכע פּאַסירונגען; די רייד פֿון די מענטשנשאָטנס, וואָס גייען

פארביי און בלייבן עפּעס וואָס שטעקן אין דעם ראָמאַנס פון מיין שרייבן. —

ווען איך האָב מיט אַ פּאָר חדשים צוריק אויפגעמישט די געלע בלעטער פון אַ ספר, האָב איך באמערקט אַז ר' משה אבן־עזרא איז געווען פאַרליבט. איך האָב באַשלאָסן אים צו געבן איינע פון מיינע געליבטע, אַ מיידל פון אַנטווערפּן. ווי ווייט איז עס דען פון אַנט־ווערפּן קיין גראַנאַדאַ? און, ווי ווייט פון יאָר טויזנט ביז, לאָמיר זאָגן, 1927? איך האָב אָנגעצונדן אין מיין מעמאָרי־אַלבום די פאָ־טאָגראַפיע פון דעם ראָמאַנטישן מיידל. איך האָב איר באַקענט מיטן שפּאַניש־יידישן פּאָעט, מיט די לאַנגע סאַמעט־לאָקן. איך בין געשטאַנען אין אַ ווינקעל, ווי מעפיסטאָפעלעס, און געזען זיי זאָלן ווערן אינטים. —

שפּעטער האָב איך באַשריבן דעם ראָמאַנס. רחל איז אַריינ־געוואַקסן אין דער אַטמאָספערע פון שפּאַניש־מאַרישן צייט־אַלטער. ר' משה אבן־עזרא האָט זיך געשפּיגלט אין מיין פּאָרטרעט און איך האָב אים געמאַכט אַלעס טאָן אַזוי ווי איך טו. און דעם פרילינג פון ראָמאַנטישן חודש מאי האָב איך אים צוגעשריבן. איז דער פרילינג מיט טויזנט יאָר צוריק דען געווען אַן אַנדערער? דיזעל־בע רויזן האָבן דאַן געבליט אויף דער קילער, פייכטער ערד. און ווי אַ קליינע, רויטע פיילכן־בלום איז געווען דער געליבטערס מויל — געפּאַרבט פון לעבן זעלבסט . . .

אַזוי ווי די אַקטיאָרן פון דער קאָמעדיע „דעל אַרטע”, וואָס טראָגן מאַסקעס, באַצייכנענדיק די כאַראַקטערן וואָס זיי שפּילן — אַזוי טו איך אָן מיינע העלדן מאַסקעס. אין מידע שעה'ן, ווען דאָס ליטעראַרישע שפּיל ענדיקט זיך און ווען פּיעראָ און אַרלעקין און איזאַבעללאַ און פלאַמיניאַ פאַלן אַוועק — דערקענט מען אין זיי מיך אַליין מיט מיינע היימישע מידלעך. איך האָב זיי פּאַר אַ ווײַלע איבערגעטאָן אין אַרלעקינישע און קאָלאָמבינישע קליידער — דאָס פּובליקום זאָל זיי ניט דערקענען. אין איינזאַמקייט, אונטער די קוליסן, זענען מיר דיזעלבע מענטשן וואָס מיר זענען געווען מיט אַ טויזנט יאָר צוריק.

אַזוי מאַסקיר איך זיך כסדר. איך שפּיל מיט זיך זעלבסט. איך בין דער אומעטיקער אַקטיאָר אויף דעם מאַסקאַראַד פון קונסט. מיט טרויעריגע טריפן אונזערע מאַסקעס אין דעם ליכט פון אָנגע־צונדענע אילומינאַציעס. און טרערן טריפן ווי וואַקס אונטער די מאַסקעס — פון אונזערע קילע אויגן.

ענריקאַ גליצענשטיין האָט אַן עטשינג פון אַ קלאָון וואָס זיצט ביים אָפּגרונט פון געדרייטע טרעפּ און קוקט טרויעריק אויף זיינע מאַסקעס, וועלכע ליגן פאַר אים אויף דער ערד, ווי טויטע בלעטער. ערשט האָבן זיי געלאַכט און געוויינט. ערשט האָבן זיי געלעבט און געליבט. ערשט איז ער געווען פּרינץ און בעטלער — פּיעראָ און פּאַנטאַלאָן. נאָר איצט, אין דער לעצטער, מידער שעה — אויס־געטאָן פון אַלע מאַסקעס — זיצט ער איינזאַם — ביים לעצטן סך־הכל פון געדרייטע שווינדל־טרעפּ — און מען קען זען זיין אייגן געזיכט — טרויעריק, מיד און איינזאַם. ער איז צוריק געוואָרן דאָס, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון דער ערד און גאָט האָט דערין

זיין גייסט ארייגגעאָטעמט, כדי עס זאָל לעבן און ליידן. —

דאָס איז דער גורל פון אַלע אונזערע שפּילערייען. פון אונזערע טויזנט ספּעקטאַקלען. ווי בלעטער ארום אונדז, רוישן אין ווינט פון צייט, די אויסגעטרוקנטע מאַסקעס — אויסגעטרוקנטע פון טרערן.

און עס קומט א מאָמענט, ווען מיר בלייבן מיט אונזער אייגן געשטאַלט און מיר בענקען שרעקלעך ווידער עס אָנצוטאָן אין מאַס־קעס — אין מאַסקעס פון קינדהייט, יוגנט, ראָמאַנטיק, לוסט, ליבע און אינטריגן־שפּיל . . .

**(ניו־יאָרק, 19־טער יוני, 1944).**

# די פּאַסאַזשירען פון אַ הויז

## (דערציילונג)

פון אָפּשטאַמונג אַ פראַנצויזישע, איז מערי אַ קליינע פרוי, מיט ביטרע, טונקעל־סאַמעטענע אויגען, מיט אַ פּנימ'ל — אַ בלום, עס איז די וואונדערלעכע סינטעזע פון קינד, פון מינדעריאָריג מיידל, פון רייפע פרוי, פון מוטער... וואָס גאָט שרייבט אַלץ אָן אין אַ מענטשענס געזיכט! און מערי האָט אַ קליינע, ליבע, היפּשע פיגור. די דעקאָלטע אַנטפּלעקט שטענדיג דעם דינעם, שאַרפען שפּאַלט צווישען איהרע בריסט... איהרע בריסט — פולע, רונדע, קאָנצענטרירטע, שפּאַרען אַרויס דורך דער בלוזע — צוויי שטייפע טורעמס. און מערי האָט אַ סך חן, אַ סך „סעקס־אַפּיל".

זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ שפּאַניער, וואָס האָט געשפּילט אין אַ נאַכט־קלוב. אויס מורא צו לאָזען זיין פרוי אַליין, פלעגט ער מיטנעמען מערי'ן אין נאַכט־לאָקאַל. זי פלעגט זיצען ביים אָרקעסטער און קוקען אויף אים, אויף זיינע קאָלעגען, וואָס פלעגען מעכאַניש שפּילען דזשאַז־לידער, אָנגעטאָנענע אין טונקעלע סמאָ־קינגס, מיט ווייסע קראַגנס און שטייפע מאַנזשעטען. אַלע זיינען געווען גלאַט געראַזירט, ווי יוונוכן פון עגיפּטישע טעמפּלען.

אין נאַכט־לאָקאַל איז אָנגעגאַנגען דאָס אייביגע שפּיל פון טאַנץ און ליבע. דאַמען — פולע, גראַציעזע, ערדישע מלאכים, אָט ווי גאָט וואָלט זיי ערשט אַראָפּגעשיקט פון הימלישען ווערק־שטאַט — איינגאַנצען אין אַ רגע אויסגעוואַקסענע. און הערען — שטייפע שלאַנקע, הויכע און טונקעלע, אין געפּרעסטע אָנצוגען. די אייביגע שטייפקייט פון מאַן וואָס אַמוזירט דער ווייכער, בענ־קענדער און רונדער פרוי... אַן אויסשטעלונג פון מענטשליכע גלי־דער — אין באַוועגונג. אַן עקסהיביציע פון מענטשלעכע פאָרמען — געמייסטערט דורכ'ן גרויסען קינסטלער־סקולפּטאָר פון די הימ־לען — גאָט.

און די מוזיק עפענט זיך כסדר צו די פּאָרלאָך. ווען גרויסע שטערן לייכטען — טריפט די ליבע אַראָפּ אויף דער ערד ווי אַ הימלישער עליקסיר. און דאַן פלאַמען די פאַרליבטע, בענקען איינער צום אַנדערען — ביז זיי פאַלען זיך אין די אָרעמס, גיסען און פליסען זיך צוזאַמען — ווערען איין וועזען...

מערי איז געווען אומגליקליך. צו איהר איז דאָס נאַכט־לעבען אין קאַבאַרעט געווען לאַנגווייליג. זי איז געבוירען געוואָרען אין

א קליין שטעטל אין לואיזיאַנאַ סטייט, און דאָס גרויסשטאָטישע לעבען אַמוזירט איהר ווייניג. זי האָט ליב וואַלד און פעלד. וואַלד וואָס צעשפילט זיך אין פרילינג ווי אַן אָרקעסטער, מיט טויזענט שיכור'ע שטימען, מיט וואונדערליכע פייגל־כאָרן, און פעלדער — פול באַדעקט מיט זון־בלומען, ווי שטיקער גאָלד, מיט אַלערליי קרומע פלאַנצען. פעלדער — אויף וועלכע עס איז אויסגעשפרייט די אידיליע פון גרויסען זומער. פעלדער — ווי בלעטער פון גרויסען ספר פון נאַטור, ווי אידיליעס פון תנ"ך. מערי, דאָס ליבע, פראַנצויזישע מיידל — האָט ליב די נאַטור אין איהר גאַנצער שיינקייט און רייכקייט. אין איהר גאַנצער וואונדערלעכער דראַמאַ.

די קריג איז אויסגעבראָכן. די אייביגע קריג, וואָס באַדעקט מיט הרוגים פון יונגע מענטשען די בליענדע טעריטאָריעס פון דער ערד. מערי'ס מאַן, דער מוזיקאַנט, איז אַוועק צום מיליטער. אָנשטאָט די איידעלע, די רויטע פידל — האָט ער גענומען אַ ביקס אין דער האַנט. אָנשטאָט פאַר פאַרליבטע און עקסטאַטישע פאָרלעך — האָט ער איצט געשפּילט אין אַ נייעם אָרקעסטער — אין ווילדע שלאַכטען — געשפּילט דעם שרעקליכען מלחמה־מאַרש — ווען פעלקער האַלזען זיך — נישט אין ליבע, נאָר אין האַס. ווען מענטשען נעמען זיך אַרום — נישט אין קוש — נאָר אין שטעכען, אין שטיקען, אין מאָרדען זיך...

און מערי האָט דערפילט אַז זי ווערט פול — זי ווערט באַזעלט — ווערט וואָך מיט אַ קינד, מיט אַ וואונדערלעכן קינד. און עס איז אַזאַ גרויס, אַזאַ אונענדליך געפיל. די גאַנצע פּאָעזיע אין דער וועלט איז אָרעם אין פאַרגלייך צום דאָזיגען געפיל, וואָס פלאַמט אויף אין דעם קליינעם, ליבען קערפער פון אַ פרוי פון דער וועלט — אַן אור־אור־אייניקל פון דער מוטער פון דער וועלט — חוה...

די מוטער רוט — און ווען זי רוט, ווען זי שלאָפט, ווען גרויסע שטערן רינגלען איהר אַרום — פילט זי ווי איהר ווערזען, איהר אומבאַקאַנט און איהר הימליש ווערזען, נאָך וועלכען זי בענקט שוין אַ פּאָר מיליאָן יאָהר — נעמט אַן פלייש. טרינקט זיס איהר לעבען, איהרע זאַפטען, איהר עקזיסטענץ. זי רוט — די קליינע פרוי — און אין איהר פאַרעמט זיך אַ מענטש. ווערט אַלץ בולט'ער, ווערט אַלץ רייפער. בולט'ער, וואַקסט. ווערט חשוב'ער, גרעסער, מעכטיגער, ווי זי. דער נייער מענטש — נאָך אונטער איהר האַרץ — וואַקסט איהר, דער מוטער, אַריבער. ע ר ווערט דער ק ר ן. און זי — די שאָף. זי וועט באַלד אַוועקפאַלן פון אים — ווי אַן אויסגעדאַרטע אָראַנדזש־שאָל. און ער וועט זיך אַרויסשיילן —

אויפשטיין, ווי א רעגנבויגן שטייט אויף הויך און שיין איבער די הימלען... בויגט זיך אריבער פון איין עק וועלט צום אנדערן עק וועלט...

עס איז א וואונדערלעך געפיל. עס איז ווי דו וואלסט מיט־וואקסן, ווי דיין אייגענע עקזיסטענץ וואלט ווידער אנגעהויבן צו וואקסן. דו שליסט צו די אויגן — און דו זעהסט עס. דו מאכסט עס געבוירן ווערן נאך פאר דעם געבורט. דו טרינקסט עס אן מיט לעבן. דו זעהסט עס — עס לויכט אויף פאר דיר. עס שמייכלט צו דיר ארויס, פרוי, פון דער טיפעניש פון דיין טראכט. עס איז אומבאקאנט צו דיר, פרוי. אבער דו טראגסט עס אייביג אין דיין וועזן. עס איז געווען מיט דיר — ווען דו ביסט געווארן, ווען דו ביסט געווען עמבריאן. עס האט געלויכטן אין דיר. דו ביסט ג ע ו ו א ר ן — ווייל די צוקונפט אין דיר, א טויזנט גענעראציעס — האבן געדארפט געבוירן ווערן אין דיין טראכט. ווייל גאט האט דיך אין אן אנפאל פון קרעאציע, פון שעפעריש־קייט, געכאפט פון צווישען די מענטש־פרויען און דיך שוואנגער געמאכט און דיך אויסדערוויילט צו זיין די פריסטערין פון דער צוקונפט. —

און אין הויז וואו מערי וואוינט, זיינען אלע געווארן אויפ־מערקזאם צו איר. יעדער פון די איינוואוינער, אן איינזאמער אין דער וועלט פון גרויער רעאליטעט — האט דערפילט אין מערי'ן זיין פאטענציעלע פרוי, זיין שוואנגער ווייב... און דאס קינד, דאס אומבאקאנטע וועזן — האט צו אלעמען געהערט. יעדער האט זיך געפילט פאראנטווארטליך פאר דעם. עס איז אלעמען אנגעגאנגען. א גרויסע פרייד, א גרויסער יום־טוב איז געקומען אויף אלעמען. ווידער איז אויפגעגאנגען חוה — די מוטער פון די פעלקער, אין וועמענס טראכט אלע צוקונפטיגע נאציאנען האבן זיך באהאלטען...

עס איז געווען דער אידישער זשורנאליסט פון פאריז, קרי־ווינסקי, א ראמאנטיקער און דיכטער אין זיין פיינעם, ראפינירטען זשורנאליזם, אזא וואס איז פארליבט אין דער פרוי — אן איי־ביגער בחור, וואס זעהט אין יעדער שיינער פרוי דעם מלאך, די פאנטאסטישע געשטאלט נאך וועלכער ער בענקט; און וואס האט אין מערי'ן איצט דערפילט די פרוי וואס ער טראגט אלע יאהרען אין זיין בענקשאפט, אין זיין פאנטאזיע. א קינד — רעפראדוקציע פון אים, פילייכט פון זיין טאלאנט און זיין ראמאנטיק, פון זיינע אספיראציעס און טרוימען... א טאכטער, וואס זאל וואקסען שיין און זוניג, מיט גאלדענע בראנדז־לאקען, און מיט וועלכער ער

וועט זיך דורכשפּאַצירען די גאַס, און אַלע וועלען איהר דורשטיג באַוואונדערען. און איהרע האָר וועלען זיין פול מיט בלומען, מיט רויטע, מיט פלאַמענדע בלומען. און איצט טראָגט מערי — פון א פרעמדען מאַן — א קינד, וואָס וועט זיין א מיידעלע... עס האָט געקענט זיין זיין טאָכטער...

— מערי, איך וויל אַז דו זאָלסט האָבען א מיידעלע! — זאָגט קריווינסקי אין געלעכטער צו דער קליינער, שאַרמאַנטער פרוי.

— ניין, איך וועל האָבען א אינגעלע. איך בין זיכער אַז עס איז א אינגעלע, און איך האָב שוין א נאָמען פאַר דעם... עס וועט הייסען פּיער, נאָך מיין עלטער־עלטער־זיידן, וואָס איז געפאַלן אין דער פּאַריזער קאָמונע...

און פון איהרע ווערטער זעלבסט דאכט זיך מערי'ן אַז עס וועט זיין א אינגעלע. זיכער, א זוהן... עס איז א מאַן וואָס אָטעמט מיט איהר אָטעם. עס איז א מאַן — וואָס וואוינט איצט אונטער איהר הארץ. עס איז א מאַן, וואָס וואַקסט אַרויס ווי א ריזבוים, מיט געוואַלדיגע צווייגן — פון איר טראַכט...

דאָס איז אין געגענזאַץ צו די ווינטשען פון די מערסטע מענער. אין זייערע ווינטשען — זעהען זיי א טאָכטער... די טרעמפּס און די היימלאָזע, די איינזאַמע קינסטלער און די ליידענדע — זיי זעהען פאַר זיך זייער כלה, זייער אויסדערוויילטע. זייער ווייב־ליכען אידעאַל.

און אָט זיינען פאַראַן אינ'ם הויז צוויי מיידלאך, וואָס האָבען די גאַנצע צייט זיך באַצויגען צו מערי'ן מיט איראָניע. עס זיינען צוויי איירישע מיידלאך מיט געפאַרבטע לאָקען, געפאַרבט אויף א העלען גאָלד. מיט צוויי דינע, רייצנדע, פּראָוואָצירנדע פיגורען. אין זייערע אויגען דערקענט מען א טיפען טרויער, ווי זיי וואָלטען זיין פאַרפאַלגט פון דער נאַטור. דאָס זיינען די פרויען וואָס ווערען פאַרפאָלגט פון די אורצייטען אָן. די וואָס ווערען דערמאָנט אין תנ"ך, ווי די געליבטע פון נביאים, ווערען דערמאָנט אין אַלע אַלטע ווערק. די פרויען וואָס באַפרידיגען דעם געשלעכטליכען הונ־גער פון די אייביג־הונגעריגע; די וואָס שטילען די ליידענשאַפט פון די היימלאָזע און וואַגאַבונדען; די ליידענדע און די קרומע; די נישט־אַנטוויקעלטע און די באַליידיגטע, און די צוויי מיידלאך, וואָס שלאָפען דעם גאַנצען טאָג, נאָר אין אָוונט דערוואַכען זיי און ווערען די מאַרטירערינס פאַר דער אומבאַפרידיגטער מענטש־הייט; אין אָוונט צינדען זיי זיך אָן און לייכטן אויף ווי מלאכים. ווי די אומגליקליכע מלאכים וואָס גאָט האָט אַרונטערגעשליידערט פון די הימלען — זיי האָבען די גאַנצע צייט שטילערהייט אָפּגע־

לאכט פון מערי׳ן. עס איז די איראָניע פון דעם באַהעם צום פיליסטער.

יעדעס מאָל, ווען מערי פלעגט זיך מיט צוויי מיידלאַך באַגעגענען, האָט זי געפילט דעם ברי פון חוזק אין זייערע בריליאַנטענע־גלאַנציגע אויגען. די פּראָפעסיאָנעלע העטערעס לאַכען אָפּ פון דער וואָס האָט איהר לעבען געווידמעט צו איין מאַן... צו אַ קינד...

נאָר מיט דער צייט האָבען אויך די העטערעס געענדערט זייערע באַציאונגען צו מערי׳ן. זיי האָבען נישט געקענט ווידערשטיין דעם געוואַלדיגען דרוק פון די איינוואוינער פון גאַנצען הויז. מערי איז געוואָרען די העלדין פון הויז, ד י ה י י ל י ג ע, און זי האָט געצויגען אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. עס איז געוואָרען אַ גרויסער יום־טוב אין הויז. אַ גרוים ליכט איז אויפגעגאַנגען פאַר אַלעמען, און דאָס ליכט האָט יעדען איינעם אָנגערירט, ווי אַ רייכער, אַ געוואַלדיגער זון־אונטערגאַנגג, וואָס באַרירט מיט טויזענטער איידעלע הענט די ביימער, די פלאַנצען, די בלומען... און די צוויי הייליגע, די צוויי מאַרטירער־מיידלאַך האָבען ביסלאַכווייז דערפילט אַ טיפען באַדויערען אויף זייער פאַרלוירענער יוגענט; מיידלשע חלומות זיינען אויפגעגאַנגען. דינע, ציטערענדע האָפענונגען... און די דאָ, די יונגע, קינפטיגע מוטער, — זי איז די רעאַליזירונג פון זייערע חלומות; זי האָט צוריקגעבראַכט פון ים פון צייט־שפּינעוודיגע דעראינערונגען; ראָמאַנטיזמען, שטיקער פּאָעזיע...

עס איז געווען אָנגענעם צו זעהן מערי׳ן — צו דערקענען איהר — צו פילען די נאָענטקייט פון מענטשענגעבורט — צו אַלעמען אין הויז. אָבער אויך די מרס. וויליאַמ׳ס. זי איז געווען אַ פרוי איבער די זעכציגער, אַ הויכע, אַ גרויע און אַ נערוועזע. זי האָט געשטאַמט פון אַלטע, פראַנצויזישע אַריסטאָקראַטען און צו איהר איז מערי געווען אַ געוויינליך פויערן־מיידעל, ערגעץ פון דער זוניגער פּראָווינס. עס איז געווען ערד־קאָליר אין איהרע אויגען; דער ים האָט זיך רעפלעקטירט אויף איהר טונקעל לייב; איהרע געזונטע פים האָבען דערציילט פון אור־אַלטער פויערן־פאַמיליעס. מערי איז פאַר איהר, דער נערוועזער אַריסטאָקראַטקע, געווען די פאַרקערפּערונג פון פאָלק. און מערי פלעגט יעדעס מאָל, דורכגייענדיג פאַרביי מרס. וויליאַמ׳ס, פילען אַז די לעצטע באַציט זיך צו איהר ווי צום „דריטען שטאַנד״, נאָך אין די צייטען ערב דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ווען ראָבעספּיער און מאַראַט האָבען שטודירט יורי און מעדיצין. זי פלעגט פיהלען אַז מרס. וויליאַמ׳ס איז איינע פון די אור־אייניקלאַך פון יענע דאַמען, וואָס האָבען גאַנץ היסטעריש געלעגט דעם גאָלדענעם קאָפּ אויף דער גיליאָטינע און זייער בלוט איז פאַרגאָסען געוואָרען דורך און פאַר דער רעוואָלוציע.

א נקמה־געפיל בליצט אויף אין מרס. וויליאמס אויגען. אין איהר אפארטמענט איז אלץ פעאדאל־פראנצויזיש. די פארטרעטען פון זשאן ד׳ארק, פון רישעליע, פון מאריא אנטואנעט, פון שארלעמאן — צירען די ווענט.

און דאך האט מרס. וויליאמס, א האלב־פאראליזירטע, זיך אנגע־שלאסען אין די איבעריגע איינוואוינער פון הויז. און אויך איהר האט דער גרויסער יום־טוב, דאס גרויסע פייער פון ליבע באריהרט. מערי איז געווען די אורזאך פון איהר חשבון הנפש, פון אן איבער־טראכטונג און איבערוועטונג פון די פאסירונג פון איהר גאנץ לעבען. עס איז כמעט ביים סוף פון איהר לעבען, ווען זי האט גענומען רעווידירען די פרטים, די דעטיילן, די פאקטן פון איהר גאנץ לעבען.

און אלע האבען מיט קנאה און מיט ליבע באטראכט מערי׳ן. מערי, א געוויינליך קינד פון פאלק, האט פאר זיך דערזעהן נייע מענטשען. זי האט קיינמאל נישט געוואוסט אז מענטשען האבען אזוי פיל שיינקייט, אזוי פיל איידעלקייט און גוטסקייט. מענטשען האבען זיך צו איהר באוויזען אין א שענערען, א בראווערען, א הערלאישען ליכט. אומבאוואוסטזיניג פאר זיך אליין האט זיך אין איהר געוועקט דאס גוטע, און דאס זעלבע האט זי געוועקט אין אנדערע. זי איז געווארען די מוטער פון דער וועלט. זי האט זיך ווידעראמאל דערזעהן אין א נייעם ליכט — אין דעם ליכט פון חוה, דער ערשטער מוטער, וואס האט געבראכט געבורט צום מענטש, און דורכדעם — טויט צום מענטשען. איהר הויז, מערי׳ס, איז געווארען די גאנצע וועלט, די אור־לאנדשאפט. די זון איז אויפ־געגאנגען, די זון איז אונטערגעגאנגען. עס איז געבוירען געווארען א נייע מענטשהייט אויף דער ערד.

מערי פלעגט מיד ווערען ביים שלום פון טאג. ביז שפעט ביינאכט האבען איהר די איינוואוינער ארומגערינגעלט מיט צערט־ליכקייטען. מערי איז געווען מיד, און ווען זי פלעגט זיך לעגען שלאפען — פלעגט איינשלאפען א געוויינליך מיידעל פון פאלק. אבער עס פלעגט זיך ברייט עפענען די דראמא פון געבורט און טויט. א גרויסער כאר האט אין איר געזונגען. פעלקער האבען דערוואכט. דאס געוויינליכע מיידעל איז געווארען א קאסמישע העלדין. איהר טראכט — א טריאומף־טויער, דורך וועלכע דורות גייען דורך. איהר גייסט האט דערוואכט, פראבלעמען זיינען גע־ווארען לעבהאפט, די אפערא פון געבורט און טויט האט זיך אנגעפאנגען — בשעת דאס קליינע מיידעלע איז געשלאפען — אן אונוויכטיגע, אונבאדייטענדע מיידעל. אבער — דינערין פון גאט, א פריסטערין אין דעם גראנדיאזען טעמפעל פון דער נאטור

— און אויך זיי אליין, די סטאַטיסטען, איז באַלויכטען געוואָרען פון דעם גרויסען ליכט, וואָס האָט באַלויכטען איהר קערפּער. אויך זי אליין האָט ענדליך דערפילט עפּעס גרויסעס פּאַרקומען אין איהר, אַזוי גרויס, אַז זי האָט זיך זעלבסט באַטראַכט, זיך זעלבסט דערזעהן ווי נישטיג, ווי פאַרגענגליך, ווי שפּינוועבסטיג — אנטקעגן דעם וואָס איז אין איהר פאָרגעקומען.

און איינמאָל אין אַ נאַכט פון מאַי, ווען די נאַטור וועקט זיך צום גרויסען, צום אומערדישען, צום געוואלדיגען לעבען; ווען יעדעס גרעזעל ווערט גייסט; ווען יעדער בלום ווערט באַלויכטען פון אַ געוואַלדיגען גייסט; ווען די ספּיריטועלע שיינקייט באַלויכט גאָר די ערד; ווען די שטערען באַנייען זיך מיט נייע פלאַמען; אין אַזאַ בלויער נאַכט, ווען דער הימעל עפענט זיך ווי אַ בלויער קופּאָל, איז מערי, די קליינע פרוי, געלעגען אין בעט און זיך דערפילט ווי צוגענאַגעלט צו דער ערד, צוגעקרייצעלט צום פלאַנעט. איבער איהר האָט זיך דערהויבען אַ הימעל — דער ווייכסטער טיול, דער דינסטער זייד. עס איז געווען אַ היבעל וואָס גאָט אַליין האָט געוואָשען און אויפגעהאַנגען איבער דער ערד — נידעריג צו דער ערד, וואָס זאָל באַרירען מערי'ן אין איהר גרויסען שלאָף. פלוצלינג האָט מערי דערפילט שניידענדע שמערצען אין איהר טראַכט. זי האָט אויסגעשריגען. אין אַ מאָמענט זיינען די נאָענט־סטע שכנים געווען לעבען איהר, און אין אַ קורצער צייט אַרום, אין דער זעלביגער נאַכט, האָט דער אַקושער־דאָקטאָר אָפּגענומען פון מערי'ן אַ זוהן.

איצט האָט זיך מערי, אַן אויסגעמאַטערטע, געפרייט. עס איז צו איהר געקומען אַ זוהן פון די הימלען. זי איז געבליבען ליגען — אַ קליינע, שוואַכע פרוי. די פרייד פון דער לייזונג האָט איהר באַלויכטען. נאָר זי איז ביסלאַכווייז צוריק געוואָרען דאָס, וואָס זי איז שטענדיג געווען — מערי, דאָס מיידעל פון די פּראָווינסאַלישע פעלדער. די הייליגקייט אַלס מוטער איז פון איהר אָפּגעטאָן גע־וואָרען, ביז אַ נייער צייט. דאָס פּראָזאַישע איז איינגעטראָטען אין הויז. די איינוואוינער האָבען זי איצט באַטראַכט ווי אַ פרעמדע. עמעץ האָט אין הויז אַראָפּגעצויגען דאָס גרויסע, יום־טוב'דיגע טישטוך פון טיש. און דאָס נייע קינד — עס וועט דערזעהן אַ פאַנטאַסטישע וועלט, וואָס ווערט ביסלאַכווייז רעאַל. אַ וועלט פון אדווענטיור און צויבער, וואָס ענדערט זיך גראַדועל צו אַ וועלט פון פיליסטעריזם און טויזענט באַגרענעצונגען. — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

נאָר דער פּאָעט האָט געזעהן געטליכקייט און פּאָעזיע אין

מערי'ן — אפילו נאָך איהר געבורט. אין דעם קינד, וואָס וואַקסט. און איז נישט וואַקסען — די וואונדערלעכסטע זאַך? און די איינוואוינער, וואָס בענקען יעדער צום שיינעם און צום גליקליכען. דער פּאָעט האָט אין ערדישען פיל געזעהן די גרויסע מאַני־פעסטאַציע פון דעם אייביג־געטליכען.

# נאַקטורן

די שיינקייט פון דער נאַטור אין קאָלאָראַדאָ מאַכט מיך משוגע. איך בין ווילד און אומגליקלעך. אַלץ גייט פאַרלוירן. איך וואָלט וועלן דאָס אַלץ פאַרזערווירן. אויב ערגעץ אין די קאַלטע, מידע הימלען איז פאַראַן אַ גאָט, מוז ער דאָך די אַלע פלאַמענדיקע וויזיעס פון זון־אויפגאַנגען און זון־פאַרגאַנגען באַהאַלטן אין מלוכה־אוצר פון די הימלען. עס קאָן דאָך נישט זיין די נאַטור זאָל אַזויפיל נאַטור־אוצרות פאַרשווענדן. ערגעץ מוז דאָך די שיינקייט ווידער לעבן איר אומשטערבלעך לעבן..

די געלע בלעטער אונטער מיינע פיס יאָמערן און שרייען אויס זייער לעצטן קאָסמישן „אַדיע"!

*

אַ ריזיק פעלד פון בלומען — אַ רויטע, פאַרבלוטיקטע אַרמיי נאָך אַ שלאַכט...

*

פון איין זייט הימל: — נעפּל און נאַכט. פון דער צווייטער זייט הימל: — רויטער, פלאַמענדער זון־אונטערגאַנג. אַזוי בין איך אויך — פיבער און אומעט, פלאַם און נאַכט, טרויער און פרייד, ליבע און ביטערער האַס...

*

איך גיי איבער די פעלדער, נענטער צו די רויטע זון־בערג, זיך אַריינוואַרפן אין פייער, ווערן אַש צוזאַמען מיט די קאָסמישע טרוימען... עס איז גוט צו שטאַרבן אין זון־פאַרגאַנג, נאַקעט און ענטוזיאַסטיש, אין דער שלאַכט פון משוגענע קאָלירן...

*

דער אוניווערס באַרירט מיך מיט רויטע הענט און שטאָלערנע ציינער; איך בין די האַרפע; דער אוניווערס שפּילט אויף מיר אַ ליד פון קאָסמישן טרויער...

*

איך בין פיבער־קראַנק; דאָס רויטע זון־מויל פון פיבער פרעסט מיך מיט קופּערנע ריזן־ציין; איך פאַרבלוטיק אין די פלאַמען פון רויטן זון־מויל...

# רעמיניסענסן וועגן פוילן

## דורכגעלעבט און אויפגעצייכנט אין דער צייט פונם וואַרשעווער הערשאישן אויפשטאַנד

אין פאַרפאָרענעם פאַרנאַכט גיי איך אַרום עווניו בי, אין די דאַון טאַונער גאַסן. דאָס ליכט פון דער זון, ווי שטיקלעך זייד, ווי וואָלן, פאַלן אויף די אָרעמע מענטשן, באַגילדן זיי. עס זענען פּאָלאַקן און אוקראַינער און רוסן וואָס זיצן דאָ. עס זיצט דאָס פאָלק און שמועסט דעם אייביקן שמועס. עס זענען די אייביקע פּלעביייער וואָס זיצן אויף די געמאַרקן און פּלוידערן. פאַראַן אַ פרוי וועמענס פּנים עס איז ווי אַ קיזלשטיין און וועמענס מויל עס איז פאַראַליזירט. און פאַראַן אַ יונג מיידל וואָס האָט ערשט אירע האָר געפאַרבט. זי זיצט אין גאָלד פון דער זון און שטיקער זון רינען פון אירע פייַנע, רונדע און ווייכע גלידער. זי איז די יוגנט, וואָס וועט דאָ באַלד וויאַנען. און שווערע אַרבעטער מיט ליולקעס רויכערן דעם אייביקן טאַבאַק, און פייגל טאָן זייער „מענטשלעכע פליכט" אויפן מאָנומענט פון עפּעס אַ גענעראַל אין גרינעם שימל. דער גוטער, גע־דולדיקער גענעראַל! די ליבע פייגל, וואָס גיבן־צו צום מאָנומענט דאָס ביסל לעבן, ברעכן זיין מיליטערישע שטייפקייט און מאָנאָטאָנ־קייט, מאַכן ווי באַוועגלעך זיינע גלידער, זיינע אָרעמס. די גוטע פייגל — וואָס דער גענעראַל האָט אַלס קליין יינגל אין זיין היימשטעט־טל געוואָלט פאַנגען, קומען צו אים ווידער, ווען ער איז אַלט און באַרימט. און זיי שפּילן־זיך מיט זיין טויטן שאַרבן . . .

הגם עס איז נאָך אויגוסט, שפּעט־קופּערנער אויגוסט, פאַלן שוין די בלעטער — די אייביקע בלעטער פון דער ערד. די ביימער ווערן טונקעלער, צייכענען זיך שאַרפער אויס אינם פאַרפאָרענעם אָוונט, ווי די שוואַרצע שאָטנביימער אויף כינעזישע מאָלערייען, וואָס זענען דאָס איינציק־בולטע אין אַ לאַנדשאַפט פון שווערמעריי און פאַרגענגלעכקייט . . .

וואָס איז דאָס פאָלק? וואָס זענען מענטשן? דער ים פון צייט שווענקט זיי אָפּ און טראָגט זיי אַוועק אין טיפן אָפּגרונט פון נישט־זיין, איך זוך דאָ אומזיסט אַ צייכן פון אַ לאַנד, פון אַ פאָלק . . . אפילו די אַלטע רוסישע קירך מיט איר טאָפּעלן קרייץ פון רויטן מעש, מיט אירע גרינע קופּאָלן, ווי איינגעהילט אין שימל — דער־ציילט מיר גאָרנישט פון גרויסן רוסלאַנד.

פּלוצלינג דערזע איך אַ בוכהאַנדלונג. די שויפענסטער זענען דעקאָרירט מיט ביליקע ביכער, בראָשורן, זשורנאַלן, קאַלענדאַרן און בילדער. און איך זע יוזעף פּולאַסקי, דעם פּוילישן גענעראַל, ווי ער איז געמאָלן מיט אַ פּנים פון אַ צוואַנציק יאָריק מיידל; פריש איז די הויט פון זיין געזיכט, פריש און רויט און גליענדיק. זיינע אויגן זענען קליינע, קלאָרע, מאַנדל־גוטע אויגן. זיין האַלטונג איז רואיק און אַריסטאָקראַטיש. און אָט איז יוזעף פּילסודסקי — מיט

זיין נערוועזן, דארן געזיכט, ווי ער וואָלט געליטן אויף האמלעטישן צווייפל — הגם זיין גאנצע פּאָזע איז ווילן און אנטשלאָסנקייט. ווי די מערסטע פון די פּוילישע קעניגן — דרוקט ער פעסט די שווערט מיט זיינע ביידע ביינערדיקע הענט. די אלטע שווערט — פון האניבאל, סציפּיאָ, ציצערא, יוליוס צעזאר, אָקטאוויאן, קארל דער גרויסער, אלעקסאנדער און נאפּאָלעאָן. פּילסודסקין פעלט אָבער דאָס אריסטאָקראטיש־קעניגלעכע אויסזען פון פּולאסקין . . . די מעדאלן און עמבלעמען קלעפּן זיך עפּעס נישט צו אים. און צוליב־דעם וואָס דער קינסטלער האָט אים יום־טובדיק רוזשירט — זעט ער אויס אביסל קאמיש . . .

און אָט שטייען דאָ ביידע איינגעהילט אין קאָלירן פון זון־אונטערגאנג — וואשינגטאָן און קאָשציושקאָ. אין מיין קינדהייט האָב איך שוין געזען דאָס בילד פון קאָשציושקאָן, מיט זיין ערלעכן פּנים, מיט די גוטע, בלויע אויגן און מיט זיין דיקלעכער, פּויליש־פאריסענער נאָז. קאָשציושקא — דער מאן וואָס איז אין מיין פּסיכיק געוואָרן לעגענדע, ראָמאנטישער העלד און רעוואָלוציאָנער. וואָס האָט זיין גורל פארבונדן מיטן קאמף פאר אומאָפּהענגיקייט אין אמעריקע, איז אריין אין דער געשיכטע מיט זיין פּאָרטרעט — נעבן דזשאָרדזש וואשינגטאָנס גליענדיק־רויטן, פלעגמאטישן פּאָרטרעט . . .

קאשציושקא האָט יינגערהייט פארבראכט אין מיין געבורטס־שטעטל פולאוו. דער פירשט טשאַרטאָריסקי איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דערקענט אינם יינגן קאשציושקא — מיליטערישע פעאיקייטן און ער האָט אים געשיקט קיין אויסלאנד שטודירן. ווען איך פלעג שפּאצירן אין אלטן פולאווער פארק, האָב איך געזען אויפגיין קאשציושקא, א פארקלערטן, אן ערנסטן . . . אויף זיין הויכן שטערן איז געווען געשריבן די געשיכטע פון זיין צוקונפט. איך האָב אים געזען אין לבנה־נעכט, ארום דעם ווייסן שלאָס, וואו דער יינגער קאשציושקא האָט געוואוינט. האָט געליטן ליבעס־ווייען, דען, ווי אלע גרויסע נאטורן, איז ער געווען דער יעניקער וואָס האָט פלאמענדיק געליבט זיין געליבטער, בשעת זי איז געבליבן קאלט צו אים. אין טרויער, איז ער אוועקגעפאָרן קיין אייראָפּע — זיך צעשטרייען מיט שלאכטן, מיט וועלט־געשיכטע, וואָס ער האָט שפּעטער געמאכט . . .

און — אָט איז פּאדערעווסקי, ערשט נישט לאנג נאָך געווען צווישן די לעבעדיקע — א בלאסער, א צערפּולער, ווי פארפּאָלגט פון די געטער — שטייט ער דאָ צווישן די מלוכה־מענער, היסטאָרישע און לעגענדארע — און עפּעס פון שאָפּענס טרויער הויערט אין אים, אין זיין סענסיטיוו־קינסטלערישער פערזענלעכקייט.

און אָט איז א בילד פון יאן סאָביעסקין ביי די טויערן פון ווין. ער איז דאָ פארהילט אין אזוי־פיל פענער און פארבן, אז איך דערקען אים קוים — אונזער היימישן סאָביעסקי, וואָס האָט די טערקן פארטריבן צוריק אין טערקנלאנד.

אלס קינד בין איך, אין מיין דמיון, מיט יאן סאביעסקין גע־

ווען אינטים און איך האָב פאַר אים שטאַרק דרך־ארץ געהאַט — הגם אין האַרצן בין איך נישט געווען צופרידן מיט זיין פאַריאָגן די טערקן קיין סטאַמבול . . . טערקיי . . . קאָנסטאַנטינאָפּאָל . . . די סולטאַנען און זייערע האַרעמס . . . דער אַראָמאַט פונם אָריענט און די פלאַמנדע וויזיעס פון קאָראַן — זיי האָבן היפּש געריצט מיין פאַנטאַזיע . . . לויט מיין קינדערשער אויפפאַסונג וואָלט איך געווען מער צופרידן ווען דער סודותפולער אָריענט, מיט זיין ראָמאַנ־טיק און זיין מיסטיק, וואָלט זיך פאַרשפּרייט איבער די גרינע און פעטע פעלדער פון פוילן. אַ נייע ראָמאַנטיק וואָלט אויפגעגאַנגען איבער אייראָפּע . . . און ווער ווייסט? אפשר וואָלטן אויפגעשטאַנען נייע פּאָעטן, ווי ר' שלמה איבן גבירול, ר' יהודה הלוי און ר' משה אבן עזרא און זיי וואָלטן געזונגען וועגן זילבערנע בעכערס מיט גאָלדענעם וויין . . . אַזוי צו אַזוי — יאַן סאָביעסקי האָט מיר צע־שטערט אַ גרויסן קינדישן חלום . . .

און אָט איז אַ פּאָרטרעט פון טאַראַס שעווטשענקאָ, מיט דער ברייטער פּאַפּאַכע ווי אַ רבניש שטריימל און מיט דעם שפּיציקן בערדל — דער צאַרטער און מעכטיקער זינגער פון אוקראַינעס האַרץ און אוקראַינעס פאָלקלאָר. פאַר מיר גייען אויף מעלאָדיעס וואָס קאָבזאַרן פלעגן אויסזינגען אויף די יאַרידים אין די קליינע שטעטלעך. לאַנגע, צעצויגענע מעלאָדיעס וועגן העלדן פון פאָלק און וועגן דער שיינקייט פון אוקראַינישן פייזאַזש . . . רעמיניסענסן — וואָס דער פאַרבענקטער נאַציאָנאַלער פּאָעט האָט געזונגען אין די פאַרשנייעטע ווייטקייטן פון צאַרישן סיביר . . .

פאַר מיינע אויגן גייען־אַדורך אַלטע פּוילישע קעניגן — קעניגן פון אַמביציע און שטאָלצע כאַראַקטערן, וואָס האָבן שטענדיק געחלומט פון דניעפּר און פון די ברעגעס ביים שוואַרצן ים . . . און איצט רוען זיי אַלע אין פּוילישן פּאַנטעאָן — אין די זילבערנע און גאָלדענע טרומנעס אויפן וואַוועל אין קראָקע . . .

אין מיין דמיון שווימען־אַרויף די פּוילישע מלכים — באַ־קאַנטע פון דער פּוילישער געשיכטע, וואָס איך פלעג לערנען אין שולע: באָלעסלאַוו כראָברי, לאָקיעטעק, קאַזשימיערש דער גרויסער, מיט אַ ברייטער, שוואַרצער באָרד און מיט גליענדיקע אויגן . . . און מיעשקאָ דער ערשטער, וואָס האָט אין 966 אָנגענומען דאָס קריס־טנטום. און דער לאָמער וולאַדיסלאַוו יאַגיעללאָ, וואָס האָט חתונה־געהאַט מיט דער חנעוודיקער ,זיבעצניאָריקער, בלאָנדער קעניגין יאַדוויגאַ . . . און וואַנדאַ, וואָס האָט זיך דערטרונקען אין דער ווייסל — כדי נישט חתונה־צו־האָבן מיט אַ דייטשן פּרינץ און כדי נישט צו מוזן איבערגעבן פּוילן אין דייטשע הענט . . .

די צאַרטע, בלייכע און ראָמאַנטישע וואַנדאַ — וואָס מען זעט אין לבנהדיקע נעכט אַרומשווימען אויף די כוואַליעס פון דער ווייסל, מיט אַ בלישטשעדיק־גאָלדענער קרוין אויף איר קאָפּ מיט גאָלדענע האָר . . .

און אָט לייכטן אויף די פּאָרטרעטן פון מיצקיעוויטשן און סלאָוואַצקין — פּוילנס נביאים און גרעסטע דיכטער. מיצקיעוויטש

— פוילנס מעכטיקער ליריקער, וואָס האָט געשריבן אין נביאישער באגייסטערונג, שטארבט געהיימנישפול אין סטאמבול און סלאוואצ־קי — דער גרויסער קינסטלער, מיט א גייסט ווי א בליץ, צארט, סענסיטיוו און פארהילט אין אן אייביקן טרויער . . .

---

אין די מאַלערייען פון דער בוכהאנדלונג גייען אויף די פוי־לישע דערפער. דאָס פוילישע מיידל, דעקאָרירט אין סטענגעס, האָט דאָס שענסטע אויסזעען פון אלע דאמען אין דער וועלט. וויפיל מאָל האָב איך געזען די פוילישע ווענוס טאנצן אין די דערפער, אין די היסטאָרישע פארקן, ביי די טרעפ פון אמאָליקע קעניגלעכע שלע־סער. די פוילישע ווענוס, ארויסגייענדיק פון די אוראלטע וועלדער און לאנדשאפטן, איז קיינמאָל נישט אלט־געוואָרן אין מיין זכרון.

די זון פארגייט נאָך אלץ אויף עווניו בי און אירע שטראלן פאלן אין די שוי־פענסטער, צינדן אָן פוילנס לאָר — איר היסטאָ־רישע פארגאנגענהייט — אזוי הערלאיש געשילדערט אין די ווערס פון הענריק שיענקיעוויטש. די קליינע דערפלעך, שטראלן אויף, דאָס גרינס ווערט פרישער, יינגער, שטראלנדיקער. א פייגעלע טאנצט פון צווייג צו צווייג. א מידע, קראנקע סאווע בלייבט שטיין פאר־קלערט מיט איר מענטשלעך־טרויעריקן פנים און מיט אירע מעלאנ־כאָלישע אויגן, פונקט ווי זי וואָלט געווען א גילגול פון א פוילישן קעניג פון מיטלאלטער . . .

און איך דערמאָן זיך פוילן. איך גיי אהיים א באָרוועסער מיט מיין מאמען, פון פולאוו קיין נאָוואגורא, און ווי נאָר מיר גייען דורך די בריק, עפנט זיך א ברייטע פאנאָראמא פון צעאַקערטע פעלדער. דאָ און דאָרט זוניקט אויף א רויט מאָן־בלימל. בונטע קאָלירן לויכ־טן־אויף און פון אלע זייטן אנטפלעקן־זיך אלטע ביימער — קרומע און א טייל אויסגעהוילטע — ווי דאָס הארץ און די געדערים וואָלטן ביי זיי ארויסגענומען געוואָרן און מען וואָלט זיי באלזאמירט ווי עגיפּטישע פּרינצן; און אָט באווייזן־זיך אינם האָריזאנט סעדער מיט נידעריקע, ווייס־געקאלעכטע קארשנבוימער — נידריקע, כדי די האנט פון א קליינעם יינגל זאָל זיי קענען דערלאנגען און פליקן די רויטע קארשן . . . א ליבער פויגל פליט פלוצלינג פארביי מיין מו־טערס אקסל. מיין אלטע, טייערע מאמע דערשרעקט זיך און הייבט אָן צו וויינען פאר שרעק. איך, דער קליינער „העלד", נעם זי ארום, כדי זי צו בארואיקן און מיר בלייבן אזוי שטיין ארומגעהאלזט ווי א פארייניזאמטע פיגור אין פוילישן פעלד . . .

און גייענדיק איבערן שאָסיי, דעקט זיך טיפער אָפּ די פוילישע לאנדשאפט. זי וועט קיינמאָל נישט אָפּבלאקירט ווערן אין מיין זכרון. איך טראָג זי טיף אינם הארצן באהאלטן . . .

אן אינסעקט רוישט אין דעם בין־השמשות און א בלעטל שמועסט זיך דורך מיט א צווייטן בלעטל . . . א לייכטער ווינט בלאָזט און גאָט אליין באגלייט אונז אומגעזעענערהייט אויפן וועג אהיים . . . אונז קומט אנטקעגן אן אלטער בעטלער מיט א טאָרבע. פאר מיר זעט ער אויס ווי א פארקליידעטער מלאך . . . און אָט קומט אונז אנטקעגן אן אלטע בעטלערין, וואָס זעט־אויס אין מיינע

אויגן ווי די מאמע רחל וואָס מיט זיך פאר אונז . . . די זון פארגייט אין אירע לעצטע קאָלירן, וואָס טוישן זיך אין א גרויען אש־קאָליר און מיר גייען אלץ טיפער אין דער נאכט־אריין . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אָט קוק איך ווידער אינם פענסטער פון דער בוכהאנדלונג, און מיין בליק פאלט אויף די אלטע ביכער, בילדער און זשורנאַלן. פאר מיר גייען אויף מאטעיקאָס לאנדשאפטן. אָט זע איך די שלאכט ביי גרונוואלד אין 1410, ווען די פאראייניקטע ארמייען פון פוילן און ליטע האָבן העלדיש באזיגט דעם טעווטאנישן אָרדן פון די ריטער פון קרייץ — די זיידעס פון די מאָדערנע טעווטאָנער . . . פאָנען, צלמים און שווערטן — רייך געמאָלן און אין ברייטן פארנעם — פלאטערן אין דער זון. וויטאָלד, אויף זיין פירשטלעכן פערד, געק־ליידט ווי א ריטער אין בונטן סאמעט, איז אין צענטר.

און אָט איז א בילד פון מאטעיקאָ, פוילנס קינסטלער־גלאָרי־פיקאטאָר, פאָרשטעלנדיק דעם קינסטלערס קינדער — דריי זיסע טעכטערלעך מיט גאָלדענע לאָקן, וואָס דערמאנען אין וואן דיקס איידל־געמאָלטע פרינצעסינס און פרינצן . . .בלויז איין זון מיט בראנדזענע לאָקן און דער קעניגליכער הונט — אוועקגעזעצט ווי א ספינקס, מיט אלע זיינע גלענצנדע קאָלירן. עס דאכט זיך אז די טעכטערלעך זענען קיינמאָל נישט אויסגעוואקסן. זיי זענען אויף אייביק געבליבן יינג און שטראלנדיק, אין זייערע זיידענע קליידער, אין א שטוב וואָס איז רייך דעקאָרירט מיט בונטע און פארביקע טעפיכן . . .

און אָט איז דאָס היסטאָרישע בילד ווי מאציעק באָרקאוויטש ווערט ארונטערגעלאָזט אין קערקער. זיין רויטער, פלאמענדיקער מאנטל גליט ווי פראָטעסטירנד. די ריטער זענען באפאנצערט אין אלטע, מעטאלענע קאָסטיומען. עס גייען אויף בילדער פון ריזיקע העלדן . . . עס איז די אטמאָספער פון פוילן, וואָס די פוילישע דיכ־טער האָבן אזוי רומרייך באזונגען.

און וויפיל פויליש־יידישע קינסטלער — גאָטליב, הירשענ־בערג, גליצענשטיין און אנדערע — האָבן געקוקט אויף די דאָזיקע בילדער און האָבן זיך באגייסטערט צו זייערע אייגענע שאפונ־גען . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז שוין געווען שפעט ווען איך האָב פארלאָזט די בוכ־האנדלונג, מיטנעמענדיק אין זכרון א בילד פון סלאָוואצקין, ווי ער האלט אין דער האנט א רויז — ווי א זון אין מיניאטור — און זיין גליענדיק, פיבערנדיק הארץ בענקט פארשמאכט צו דער רויז, וויל זי ארומנעמען און וויל אליין ווערן די רויז . . . ער וויל זיין גאנצן ראָמאנטישן און ליידנדיקן וועזן אריינטריפן אין דער פלאמנדיקער זונען־רויז . . .

פלוצלינג איז מיר, אין דער טונקלקייט פון דער נאכט אנטק־עגנגעקומען א שיכורער מאן. זיינע לאנגע־טונקעלע האָר האָבן וויג־טיק געפלאטערט איבער זיין בלייך־רעמבראנדטישן פנים. ער האָט אויסגעזען ווי טיטוס, רעמבראנדטס זון, וואָס דערשיינט אויף זיין

פּאַטערס פּאַרטרעט ווי פון אן אנדערער וועלט . . . פּונקט ווי ביי טיטוסן האָט דאָס יונגטלעכע און דאָך שטאַרבנדיקע פּנים פונם שיכורן מאַן אויסגעזען צוויבערהאַפט און טראַגיש, ווי עס וואָלט געווען איינגעהילט אין טויט . . . ווי שרעקלעך! זיין בילד האָט מיך געפאַנגען און זיין בליק האָט געלויכטן ווי מיט א טויטלעכער וואונד אין זיין ברוסט . . .

שיכור — און צו דער בלאַטע פאַלנדיק — איז דאָך עפּעס קעניגלעכס געווען אין דעם דאָזיקן איינזאַמען פּרינץ . . . גייענדיק צווישן די בוימער, האָבן די צווייגן אים פאַרוואָרפן מיט געלע בלעטער,ווי מיט א פאַרביקן קאָנפעטי־רעגן. דער טרעמפּ־פּרינץ האָט מיך שטאַרק פאַראינטערעסירט און ווען איך האָב אים געפרעגט ווער ער איז — האָט ער מיר געענטפערט, אז ער איז דער גייסט פון ציפּריאַן נאָרוויד און ער איז באַלד פאַרשוואונדן . . .

איך האָב אויפגעציטערט, איך האָב זיך דערמאַנט אז ציפּריאַן נאָרוויד, דער פּוילישער פּאָעט, האָט דאָ געלעבט, האָט דאָ געאַרבעט אלס זעצער אין א דאַון־טאַונער דרוקעריי און איך בין געווען צופרידן וואָס דער גרויסער דיכטער האָט זיך באַוויזן צו מיר . . .

---

שפּעט ביינאַכט בין איך אהיימגעקומען, אַן אומעטיקער. איך האָב געקוקט אין שפּיגל און כ'האָב דערזען, אז איך בין פּלוצים אלט געוואָרן, צוליב דער רייזע, וואָס איך האָב אין מיין פאַנטאַזיע געמאַכט קיין פּוילן — אין דעם לאַנד פון מיין קינדהייט . . . איך בין געווען גלייך פּונקט ווי טיטוס אין רעמבראַנדס בילד און פּונקט ווי ציפּריאַן נאָרוויד אין דערווירקלעכקייט . . .

פּלוצים האָב איך דערזען אין שפּיגל אַן אלטן ייד און פאַר מיר זענען אויפגעגאַנגען דורות פון מיינע זיידעס און באָבעס, וואָס האָבן געלעבט ביי די זילבערנע וויסל־ברעגעס . . .

טויזנט יאָר פון יידישן לעבן אין פּוילן, איז אויפגעגאַנגען פאַר מיר אין א וויזיע. צענדליקער יידישע דורות, וואָס האָבן מיט זייער בלוט פעט געמאַכט די פּוילישע ערד און וועמען דאָס פּוילישע פאָלק האָט אמאָל גוט באַהאַנדלט און אין אסך פאַלן באַעוולהט, זענען אויפגעגאַנגען אין מיין זכרון . . . און איך האָב דערזעען די מיליאָנען יידן — זקנים, מענער, פרויען און קינדער — וואָס האָבן איצט אויף דער פּוילישער ערד אָפּגעבלוטיקט אין א מבול פון בלוט און פייער . . .

אלע שווערט־העלדן און קעניגן זענען מיט אמאָל פאַרשוואונדן פון מיין זכרון און פאַר מיר האָט אויפגעלויכטן דאָס אלטע, טראַגישע און אייביקע פאָלק פון תנ"ך . . . און א ביטער געוויין האָט ווי א שטורעם אויסגעבראָכן אין מיר . . . א געוויין אויפן גרויסן חורבן פון יידישן פאָלק אויף דער פּוילישער ערד . . .

(ניו־יאָרק, 31־טער אויגוסט, 1944).

# טראַמוויי־פּאַסאַזשירן

## (דערציילונג)

פּלוצלינג האָט זיך דער טראַמוויי, אַ פולער מיט פּאַסאַזשירן, אָפּגעשטעלט. דער קאָנדוקטאָר איז צוגעגאַנגען צום אַנטקעגנאיבערדיקן אַפּאַראַט, וואָס פירט דעם טראַמוויי — האָט אָנגעהויבן צו זוכן אינסטרומענטן, אַלטע שטיקער אייזן, אויסגעריבענע פון באַניצן זיי, מיט אַ פוסטן גלאַנץ. — ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם טראַמוויי, באַריכט די שינעס — די שינעס — ווי אַדערן, וואָס ער האָט קונציק איבערגעדרייט. עס איז אָנגעקומען אַ מאַסיווער פּאָליסמאַן. נישט וויסנדיק נאָך וואָס צו טון, האָט ער זיך באַוועגט, גלויבנדיק מיט באַוועגונגען צו מאַכן דעם איינדרוק אַז ער טוט עפּעס. דער קאָנדוקטאָר — אַ פעטער מאַן, עטוואָס שווער, אומבאַהאָלפן, צעמישט, האָט דורך דער גאַנצער צייט קיין קוק נישט געטון אויפן עולם, אָט ווי זיי וואָלטן זיין קעלבער. אָבער דאָס פּובליקום איז געוואָרן נערוועז. דער טראַמוויי האָט אָנגעהויבן גיין צוריקוועגס — אַנשטאָט קיין אַפּ־טאַון צו דאַון־טאַון... דער עולם האָט געבורטשעט. איין פרוי האָט געזאָגט:

— מיר וועלן באַלד זיין ווער ווייסט וווּ דאַון־טאַון...

אַ צווייטער האָט געזאָגט:

— דער קאָנדוקטאָר איז משוגע.

דער קאָנדוקטאָר האָט דאָס אַלץ געהערט. אָבער ער האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט. אַ העכערע אויטאָריטעט באַפעלט אים וואָס צו טון אָן אויטאָריטעט, וואָס ער וואָגט נישט בייצושטיין, און וואָס שייך דאָס פּובליקום — איז עס זאַמד פון דער ערד. עס טוישט זיך כסדר. עס איז אַ פרעמד, מאָדנע, אומבאַקאַנט פּובליקום — וואָס שטראָמט פאַר אים דורך און וואָס בלייבט אים אייביק פרעמד.

דער טראַמוויי האָט אָנגעהויבן צו גיין צוריק — ביז ער איז אַרויף אויף די שינעס וואָס פירן דאַון־טאַון. איצט האָט ער אָנגעהויבן צו גיין אַפּ־טאַון. אָבער ווי אַזוי? אַלע טעקסיס קומען אַנטקעגן — וואַרטן — ווילן זיך נישט רירן; — קענען נישט פאַרשטיין די מאָדנע האַלטונג פון אַ קאָנדוקטאָר וואָס פאָרט אַפּ־טאַון. ווי אַ וואַנזיניקער, ווי אַ צעזאָר, האָט דער קאָנדוקטאָר כסדר געהויבן די האַנט אין דער הויך, אָנגעוויזן די טעקסיס צו גיין פאָרויס, אים אויסצומיידן. עס איז געווען אַ שמערצפולע אויפגאַבע, ווייל אַ גאַנץ לעבן האָבן די שאָפערן געזען ווי די סטריט־קאַר דאַרף גיין דאַון־טאַון. עס איז ווי אַ מת. פיין געראַזירט, וואָלט פון זיין טרונע זיך אויפגעהויבן און גענומען זיך בוקן צום עולם.

פונדערווייטנס איז אָנגעקומען אַ טראַמוויי. אויך דער קאָנדוקטאָר פון דעם טראַמוויי האָט נישט געוווסט וואָס עס

באַדייט אונזער טראַמוויים זיך טראָגן פֿאַרויס. ביידע טראַמווייען האָבן זיך דערנענטערט. די פּאַסאַזשירן האָבן אַ גאַנץ לעבן געלייענט ווי אַזוי צוגן, עראָפּלאַנען, באַסעס און טעקסים טרעפֿן זיך איינע מיט דער אַנדערער — און אַז אורקאַמף פֿאַנגט זיך אָן, אַ געוואַלטיקער קאַמף, ווי צוויי פֿאַרמבולדיקע גיגאַנטן וואָלטן זיך באַקעגנט — און ביידע צדדים בלייבן ליגן — צעשמעטערטע, מיט אויפֿגעריסענע בייכער און לונגען. און דאָ — פֿאַטאַל, פֿאַר אַלעמען אין די אויגן — קומען זיך ביידע קאַרס צוזאַמען — איינע אַנטקעגן די אַנדערע, ווי שונאים, און זיי שיינען זיך אַפֿילו נישט אָפּצושטעלן. זענען די קאָנדוקטאָרן משוגע? וויל מען אונדז אומברענגען אויף אַ באַוווסטזיניקן אופֿן? איז די וועלט וואַנזיניק געוואָרן?

אַ מינוט שפּאַנונג. ביידע טראַמווייען באַרירן זיך כּמעט. ביידע בלייבן שטיין. דער קאָנדוקטאָר קוקט אָן מיט שמייכלונג דעם צווייטן קאָנדוקטאָר. יענער עפֿנט קוים דאָס פֿענסטער, ווייסט פֿון גאָרנישט. ביידע קאָנדוקטאָרן רעדן זיך קורץ איבער און עס קומט אַ באַפֿעל:

— איבערשטייגן אין דעם צווייטן טראַמוויי.

מאָדנע און אומפֿאַרשטענדלעך איז די לאַגע. דאָס פּובליקום איז איצט ווי צוגעווינט צום קאָנדוקטאָר, צו וועמען מיר האָבן דאָך באַקומען צוטרוי. ער האָט אונדז אַרויסגעפֿירט בשלום פֿון דער געפֿערלעכער לאַגע. און דער טראַמוויי — אויך ער איז אונדז היימיש געוואָרן. אַ שאָד צו פֿאַרלאָזן די אויסגעוואַרעמטע „סיטס". און די מענטשן, צו וועמענס לייב מיר מוליען זיך אומפֿאַרמיידלעך. און צוזאַמען מיט דער שרעק איז געווען „פֿאַן". עפּעס איז פֿאָרגעקומען אַזוינס. וואָס האָט אויף אַ ווײַלע געבראָכן די טראַדיציע, די לאָגיק פֿון געזעצן. אַלע האָבן זיך געפֿילט פֿאַראייניקט אין געמיינזאַמען גורל מיר זענען געוואָרן באַקאַנט. נאָענט כּמעט היימיש. מען רירט זיך פֿון די פּלעצער. שווער ציט זיך דער עולם אַרויס פֿון די אָפֿענע טירן. און ווען מיר שטייגן אַראָפּ די טרעפּלעך — ווערן מיר געוווויר פֿון אַ דרויסן, וועגן וועלכן מיר האָבן ביז איצט נישט געטראַכט. די ברודיקע שיך טרעטן אויף דער ערד — וואָס איז ברוקירט מיט היימישע שטיינער. און דער שניי איז געמישט מיט ערד און וואַסער. ווער געדענקט נישט דעם שניי פֿון נעכטן — ווי ווייס ער איז געווען, ווי קלאָרער, אַלבאַסטערדיק לייב פֿון אַ גריכישער געטין, ערגעץ אין אַ פּעאָדאַלן פּאַרק, אויפֿן הינטערגרונט פֿון אַ מאַרמאָר־פּאַלאַסט. דאָ איז דער שניי שמוציק געוואָרן — דורך ווינט און רעגן, דורך מענטשנטריט, וואָס לאָזן זייערע צייכנס אויף דער ערד און פֿאַרשווינדן מיטן אויסדרוק פֿון באַגינען. און די לופֿט איז געמישט מיט ווינט, מיט קעלט און מיט לינדקייט. מיט לאַרעמקייט. פּילסט אין דער לופֿט דעם קוש פֿון פֿרילינג אין סאַמע מיטן פֿון דיין האַרץ. און די זון — זי ברעכט זיך דורך די עלעוויטאַר־

קאָנסטרוקציעס, דורכן זשאווער פון אלטע אייזן, דורכן ראָסט פון דער שטאָט — און טוט אַ באַריר, טוט אַ לייכט מיט איר דעמאָקראַטישן ליכט, וואָס באַרירט מיט דער זעלבער צערטלעכקייט פעלקער און ראַסן. אָ, געערט פובליקום, מיר זענען געוויר געוואָרן פון אַ דרויסן -- אַזוי פּאָעטיש, אַזוי ליריש, אַזוי ראָמאַנטיש — אין די רעאַליסטישע גאַסן פון דאַון־טאַון, נעבן גרענד סטריט, נעבן ברום סטריט, נעבן בליקער סטריט, ווו עס איז די אַלטע רעליעף־געביידע, ווו אָרעמע מענטשן באַוועגן זיך אויף און אָפּ — מיט געבראָכענע הערצער, מיט קראַנקע לונגען, מיט צעצווייגענע פורפור־אָדערן — איינגעהילט אין שמוציקער זון, אין אַלטע שמאַטעס, אין באַנדאַזשן פון טאָג, אין שאָטנס פון אָוונט

אָבער דאָס וועטער לאָזט זיך נישט לאַנג רעפלעקטירן. אויפן קורצן שפּאַן צו דעם צווייטן טראַמוויי — קומט אָן אַן אומבאַקאַנטער עולם. דאָס האָט דער נייער קאָנדוקטאָר — אַ רואיקער, מיט אַ געהיימניספולן ציניש כמעט, שמייכל — באַפוילן זיינע פּאַסאַזשירן זיך אַריבערצופּעקלען אין „אונ־זער” סטריט־קאַר. די עמיגראַציע גייט אָן אין פולן שוווּנג. און די „נייע” פּאַסאַזשירן קוקן אויף אונדז מיט שטוינונג — ווי מיר וואָלטן זיין עלטער, ווי מיר וואָלטן וויסן גענוי וואָס עס איז געשען. און, מיר ווילן נישט לייקענען — הגם די זאַך איז אַזוי אומבאַקאַנט צו אונדז ווי צו זיי — דאָך נעמען מיר אָן אונדזער ראָלע, אַלס סעניאָרן, מיט שטאָלץ. יאָ, מיר זענען אַ שטונדע עלטער אין דער פּאַסירונג. מיר ווייסן זאַכן פון פריער. און מיט אַ געוויסער איראָניע באַטראַכטן מיר די נייע פּאַסאַזשירן.

אַריינקומענדיק אין דער נייער קאַר — צעלייגן מיר זיך איבער די פּלעצער. מיר דרייען איבער פון רעכטס צו לינקס די זיץ־פּלעצער. מיר — די נייע הערשער. עטלעכע איינגעשפּאַרטע פּאַסאַזשירן, צוגעוווינט, היימיש געוואָרן צו זייערע זיץ־פּלעצער, צו דער אַטמאָספערע, ווילן זיך אפילו נישט אַ ריר טון מיט אַ זשעסט, ווי מיר וואָלטן ווירקלעך זיין די בעלי־בתים פון דער נייער וועלט — באַפעלן מיר זיי זיך אויפצוהייבן. אָבער זיי, פּאַנאַטיקער, קענען נישט באַגרייפן וואָס עס איז געשען. זיי פּאָרן דאַון־טאַון. און דאָס גאַנצע לעבן זייערס פּאָרט דער טראַמוויי דאַון־טאַון. און ווען אפילו דער טראַמוויי וועט פּאָרן אָפּ־טאַון — אָדער אין הימל אַריין — זענען זיי זיכער אַז זיי וועלן אָנקומען דאַון־טאַון...

עס פּאַנגט זיך איצט אָן אַ פּראָצעס — ענלעך צום ער־שמיצן. דער נייער קאָנדוקטאָר קירעוועט דעם טראַמוויי אָפּ־טאַון. די טעקסים קוקן אויפן קאָנדוקטאָר ווי אויף אַ משוגענעם. ער באַוועגט כסדר מיט די הענט — די טעקסיס זאָלן גיין פּאַראויס. און יעדער בלאָק וואָס מיר פּאָרן אַזוי אָפּ — איז אַ געוווּנענער. און מאָדנע ווי צייט ווערט איצט טייער. די מענטשן זענען אומרואיק און יעדער פון זיי איז געוואָרן אַ וויכטיקער מענטש און ער פאַרלירט „צייט”. רואיק. מיטן

געהיימניספולן שמייכל, טראָגט זיך דער קאָנדוקטאָר פאָרויס. ער שיינט צו זיין א מענטש וואָס ווייסט עפּעס מער ווי דאָס וואָס מיר ווייסן... ער קען די ספּרונזשינעס וואָס באַוועגן דעם לעבנס־מעכאַניזם. ער איז דערפאָרן. און ווען ער שטעלט זיך אָפּ הויבן אָן ארויסצושליייכן די דאון־טאון־פּאַסאזשירן — פארלוירענע, באליידיקטע, ווי זייער עקשנות וואָלט געבראָכן געוואָרן... און די קאר באוועגט זיך דאָך אָפּ־טאון... ווי שאָטנס — ברייבן זיי אויף דעם בלאָטיקן וועג, אויף די ־רודיקע, פון צייט, ווי פון ווערם־צעגרעסענע קופּעס שניי, וואָס שמעלצט זיך און שטארבט מיט א מיאוסן, א ברודיקן טויט. און פונדערווייטנס דערזעט זיך א נייער טראמוויי, און ער טראָגט זיך מיט שנעלקייט אויף אונז.

ווידער ווערט דער עולם דערשראָקן. פארוואָס פארלאנגזאמען נישט ביידע טראמווייען זייער שנעלקייט? וואָסארא ציניזם פון די קאָנדוקטאָרן! און, ווי צוזאמענגעטריבן אויף א שיף אין א ים־שטורם, ווי אויף יענער באַרימטער שיף וווּ יונה הנביא איז געפארן, איז אנטלאָפן פון דער מאכט פון גאָט — אזוי פילן מיר זיך איצט דערשראָקן. אָבער, ווען די טראמווייען קומען נענטער, פארלאנגזאמען זיי זייער גאנג אויף די אייזערנע, אָפּגעפּוצטע רעלסן.

און — ווידער דיזעלבע פּראָצעדור. און אומבאקאנטער עולם — קומט אונז אנטקעגן. מענער און פרויען... די אייביקע מענער און פרויען פון דער געשיכטע... דאָס אייביקע פּובליקום פון ערד און יבשה... די אָקעאנען און די ערד האלט עס אין איין עסן, אין איין גריזשן — און דאָס פּובליקום שטארבט קיינמאָל נישט. עס איז געוועזן ביי צעזארס לויה. עס האָט געזען ווי דער קלאָון־קעניג פון די יידן — יעזוס פון נאזארעט — איז צוגעקלאפּט געוואָרן מיט טשוועקעס צו א יונגען, פרישן, מיט האָניק־זשיווער־צע טריפנדיקן בוים; עס האָט געזען סאקראטעסן ארייגלעגן אין דער ערד — אומפארענדערט, ווי ביים לעבן, ווען ער האָט מיט גרויסע, ליכטיקע געדאנקען „פארפירט" די אטענער יוגנט; עס האָט געזען די אימפּעריע פון שארלעמאן דעם 5־טן; עס האָט מיט אלעקסאנדער געקעמפט קעגן מיסטעריעזן עגיפּטן און עס ליגט אויף אלע שלאכטפעלדער צעוואָרפן — מיט גראָז פארהילט, מיט מאָנומענטן געערט. עס רוט אין די אָפּגרונטן פון די אָקעאנען און פאָספאָרישע פיש, עלעקטריש באלייכטנדיק די נאכט פון ים־גרונט, שיילט זייערע סקעלעטן. עס האָט געזען די וועלט־געשיכטע — נאקעטערהייט, ווען דאָס בלוט איז גערונען פון אירע הייסע אַרטעריעס. דאָס איז דאָס פּובליקום — געקנאָטן פון זיין מאיעסטעט — דעם אייביקן גאָט...

**און מיר — מיר זענען איצט פיל עלטער. זעט, מיר זענען כמעט גרוי געוואָרן אין צייט פון שטונדן. מיר ווייסן** אלעס איצט. מיר האָבן שוין געטוישט טראמווייען פילע

פון אונז איז מיד געוואָרן פון שפּיל — און זיי זענען אָפּגעפאלן אויף די וועגן. זיי האָבן אונז נישט פאראטן — אָבער זיי זענען אוועק... און אין דעם נייעם טראמוויי טרעפן מיר ווידער די אייביקע פאנאטיקער — זיי ווילן נישט פארלאָזן דעם טראמוויי. זיי פאָרן דאון־טאון... און מיר זענען זיי פרעמדע — א קעגנערישער קלאס — א פיינטלעכע קאַסטע — מיר פאָרן דאָך אַפּ־טאון...

אין דעם נייעם טראמוויי זענען מיר געדולדיקער, ווייל מיר ווייסן שוין די מעכאניק פון די פּאסירונגען. די לאָגיק פונם אומלאָגישן. אָבער עס איז שפּעט איצט... או: ווי לאנג וועלן מיר זיך אזוי שלעפּן אויף די רעלסן וואָס פירן דאָך דאון־טאון. כּוף כּל סוף איז עס א שפּיל. א חלום. אמת, מיר האָבן זיך אמוזירט. עס איז געווען ני. אָבער — מיר האָבן דאָך נישט קיין צייט, מיר, בירגער פון דער מעכטיקסטער וועלט־מעטראָפּאָליע — ניו־יאָרק...

א נייער קאָנדוקטאָר — א הזיכער, מיט א רויטן געזיכט, ווי ער וואָלט זיין א פישער־יונג פון אמסטערדאם. זיינע עלטערן זענען זיכער געווען פישער־יונגען ביי די ברעגעס פון אטלאנטיק... עס איז דאָך דערזעלבער אטלאנטיק, דורך וועלכן מיר פאָרן דורך. אָט די גאסן, אָט די אלטע הייזער, פון ווינט און פון רעגן צעווייקט און צעריסן, מיט ווענט ווי געזיכטער פון האָבאָס — פול מיט לישייעס, זענען דאָך געבויט געוואָרן אויפן ברעג פון אטלאנטיק... דער געזונטער האָלענדער פירט דעם טראמוויי — ווי א שיפל מיט זעגלען, קעגן שטראָם... אין שיפל ליגן די שווערע פיש — שווער מיט זאלץ־וואסער, שווער מיט לעבן — און נאָך שווערער מיט שטארבן. מיר זענען די דאָזיקע פיש... מיר צאפּלען זיך... אָנשטאָט ברילאנטענע שופּן — שמאטעס. יעדער איינגעהילט אין זיין וועש, אין זיינע קליידער, אין זיין הוט און שיך...

זעט דער פישער־יונג איצט די פּרעכטיקע, פּאסטאָראַל־אידילישע לאנדשאפטן פון האָלאנד? קעמפט ער איצט מיט די צעשטורמטע כוואליעס פון אטלאנטיק?

און בשעת דער האָלענדישער קאָנדוקטאָר טרייבט דעם טראמוויי אָפּ־טאון — און איך בין שוין נישט ווייט פון מיין ציל — קוק איך זיך אום אויף צוריק, אין טראמוויי איצט באטראכט איך די פּאסאזשירן. פּאסאזשירן — פון אלע ראסן. מיט זייערע באזונדערע קענצייכנס — ווי די נאטור האָט זיי געקנאָטן. איך קוק זיך איין אין יעדן פון זיי — איך דערקען זיי, איך קען זיי גוט, נאָך פון די צייטן ווען מיר האָבן געלייגט ציגל נאָך ציגל ביים טורם פון בבל — ביים פאנטאסטישן טורם, וואָס הייבט זיך ביזן הימל אריין און פארלירט זיך אין דעם רויך פון די וואָלקנס, אין דעם ליכט פון די שטערן, באריַרט דאָס לייב פון דער לבנה.

מיר זענען אמאָל היימיש געווען. מיר האָבן צוזאמען געקרעכצט — ליגנדיק ציגל נאָך ציגל, און מיר האָבן מיט פאַרטרערטע, שלאָפלאָזע אויגן, געקוקט אין הימל אריין, צי מיר באַרירן שוין די בלויע געוואַנטן פון גאָטס קעניגרייך. און דאָן איז א שטורעם געקומען פון אַלע פיר זייטן פון דער ערד. האָט אונז פאַרמישט. האָט אונזערע צינגען פאַרענדערט, האָט אינז צעשפּרייט איבער אַלע זיבן ימים — און דאָ, טויזנטער יאָרן שפּעטער, קוק איך ווידער אויף אייך, מענטשן פון בבלישן טורעם, פעלקער פון איין פאָלק — פון איין אומגעהייערע מענטשהייט...

איך קוק אויפן דאַרן, בלייכן פּאָליאַק, וואָס זעט אויס ווי דער ראָמאַנטיקער סלאָוואַצקי, פּוילנס טראַגישער פּאָעט. זענען עס סלאָוואַצקיס אויגן, וואָס קוקן אַזוי טרויעריק דורך דער מוטנער שויב אין דער גאַס אַריין? — און די אַלטע יידישע פרוי, מיט צעפּלאַשעטע האָר, פון א מושב זקנים אויף א מינוט אַרויס, אין אַן אָפּגעטראָגן־קאַלירלאָזן מאַנטל — מיר דאַכט זיך אַז איך קען זי גוט... איז עס דען נישט מרים הנביאה וואָס האָט ביים טריאומף פון די יידן דאָס זיגער־ליד געזונגען און געטאַנצט פאַרויס פון מחנות סעמיטישע פרויען — די יידישע פרויען — פון וועמענס טראַכטען מיר ציען, מיר, יידישע דורות — אין דער וועלט אַריין. און די אַלטע פרוי וואַקסט איים אין מיינע אויגן צו א העלדין פון תנ״ך. נאָך א ווײַלע — און זי וועט אַרויס פון טראַמוויי, זי וועט זיך צוריק אַוועקשטעלן אונטער הייליקע אותיות — אונטער די פלאַמענדיקע נביאים־געשטאַלטן. — און אָט איז אַן אַלטע פרוי מיט א פּורפּורנעם טוך אויפן גרויסן קאָפּ. זי איז אַריינגעקומען אינמיטן דער אָדיסייע. שמיצער האָט איר געוואָלט העלפן ביים אַרויפשטייגן. זי האָט אָפּגעזאָגט די הילף און האָט אַלעמען געדאַנקט, ווי מיר וואָלטן זיין א פּובליקום — און זי, אַן אַקטריסע. אפשר איז זי א יוגאָסלאַווישע אָדער א טשעכישע אַקטריסע. איר שמייכל איז ווי פון א דאַמע פון א באַלאַדע. זי איז טויט — און זי שמייכלט... זי איז נישט פון „דיזער וועלט" — און דאָך רינגלט איר אַרום דאָס ערדישע. און דאָס ליכט פון פּורפּורנעם טוך — ווי א געהיימער לאָמפּ, פון אַבאַזשורן אַרויס — ווי פון וואָלקנס — רעפלעקטירט זיך אויף איר פאַרוויאַנעטן געזיכט. און א גאָלדענער צאָן — נאָך פון די גוטע צייטן — גאָלדיקט אַרויס פון איר פאַרקרומטן, טרויעריקן מויל. — און אָט איז אַן אַלטער מאַן מיט א ביבלישן שטעקן. ער איז אומגעפאַלן בשעת דער טראַמוויי האָט זיך האַסטיק פאַרקירעוועט. עטלעכע אַלטע פרויען האָבן אים אויפגעהויבן און ווי די אַמאָליקע בלאַסע פרויען, קושנדיק די לייכע פון דעם נאַזאַרענער — האָבן זיי אים צוריק אַוועקגעזעצט אויפן בענקל. דער אַלטער מאַן, א בלאַסער, א הילפלאָזער, ווי א מומיע — האָט זיך געשעמט מיט זיין עלטער... א שטראַל זון־ליכט האָט

א פלייץ געטון אויף אים, אים צערטלעך באריִרט. ווי א רעמבראנדטישע פיגור — איז ער איצט געווען אָנגעטון אין גאָלד. אין וויאנענדיק גאָלד. אין אלטע קייטן פון גאָלד. —

איך האָב געקוקט אויף די אלע העלדן. עס איז געווען א פובליקום — פון אלע פעלקער — אין דעם קליינעם טראַמוויי. און אלעמען האָט פאראייניקט דער געמיינזאמער אינטערעס. און דער טראַמוויי איז אלץ געגאנגען אָפּ־טאון — אויף די רעלסן וואָס פירן דאון־טאון... און די האָבאָס, מיט בלעכענע געזיכטער, מיט רויטע נעז, ווי קלאָונס; מיט לאנגע, אומנוצלעכע הענט, ווי די מאלפּעס, האָבן באטראכט דעם פארקערטלויפנדיקן טראַמוויי און האָבן פון אונז אָפּגעלאכט. און אזוי — ביי יוניאָן סקווער, איז פּלוצלינג די קאר ארויפגעלאָפן אויף די אָפּ־טאון־שינעס... איצט איז די קאר שנעל געלאָפן — ווי נאָך א לאנגער קראנקהייט. די פּאסאזשירן האָבן אויפגעיובלט. מיר זענען געווען דערלייזט, נאָר מאנכע זענען געווען אנטוישט. ווער ווייסט... ערגעץ טיף האָט פיליכט עמעץ געבענקט נאָך אן אומגליק. אומבאוווסטזיניק זוכן מענטשן די זעלבסט־פארניכטונג. טייל האָבן זיך סוף כל סוף דערמאָנט, אז זיי דארפן צוריק פאָרן — דאון־טאון... פילע האָבן זיך די גאנצע צייט אמוזירט מיטן אומגעוויינלעכן, אומלאָגישן... די וועלט איז צוריק געוואָרן א נאָרמאלע. די ערד האָט זיך ווידער געדרייט ארום איר אייגענער אקס — אין דער פון גאָט אָנגעצייכנטער אָרביטע ארום דער זון...

---

# דער גוטער מענטש

(דערציילונג)

עס איז געווען אין אן אָוונט פון אפּריל. דורך די אָפענע פענצטער האָט זיך געטראָגן דער ריח פון בעז. פון דאָרטן אין גאָלדיקן בעז, וואָס האָט פארשיכורט. ער האָט דערציילט, מיין פריינט:

— עס איז געווען מיט פילע יאָרן צוריק, נאָך אין ערשטן וועלט־קריג. מיר זענען געוועזן, א מאסע רוסישע געפאנגענע, אין א דייטשן לאגער, אויף דייטשער ערד. מיט שטעכעדיקע דראָט, ווי חיות, זענען מיר געווען ארומגערינגלט. יעדער איינער פון אונז — געקרייציקט מיטן שטעכעדיקן דראָט, וואָס איז געווען רויט פארזשאווערט און האָט זיך געצויגן ארום דעם צאַרטן און פרילינגדיקן פעלד, וואָס האָט געשפּראָצט מיט גרינס, מיט זיידענעם גרינעם גראָז, מיט בלומען, אזוי ווי קליינע פלאמען, ארויסטאנצנדיק פון דער ערד. די ערד איז געווען ווייך און צארט, אזוי ווי דאָס לייב פון א פרוי. און מיר זענען געווען שמוציק. די זון האָט אונז נישט געקענט אָפּוואשן. אין זון־ליכט האָבן מיר אויסגעזען ווי אלט גאָלד. ווי טרויעריקע סטאטועס פון אלטן

גאָלד...

איינמאָל, אין א שיינעם אפריל־טאָג, ווי היינט, איז צו־געקומען צו די שטאַכעטן פון אונזער געפאנגענלאגער א פּויליש מיידל. זי האָט פארקויפט צו די געפאנגענע רוסן — ציגארעטן. זי איז געווען א יונגע מיידל, פון א יאָר פופצן. נאָר טראָץ מיזעריע און מלחמה. איז זי געווען צעבליט. א קינד — וואָס איז געווען א רייפע פרוי. דער פולער בוזים האָט גערייצט די געפאנגענע, וואָס האָבן פאר יאָרן לאנג קיין פרוי נישט אָנגעזען. אירע פולע ברוסט — אין א גרינער בלוזקע, ווי אין זייד־גראָז געהילט. און דער גאָלדיקער גלאנץ פון אירע צעפּלאָשעטע האָר; דער צויבער פון אירע ווייסע, דינע און קינדישע ציין. דער צארטער האלדז — ווי א שטענגל פון א בלום. איר געזיכט — א גאָלדענע בלום.

זי איז געשטאנען אונטער די פארזשאווערטע דראָטן און האָט פארקויפט ציגארעטן. און פּלוצלונג איז צו דער פארצווימונג צוגעלאָפן א רוסישער סאָלדאט, א פּויערניק, און האָט מיט דער האנט א כאפּ געטון א גאנצע זשמעניע ציגארעטן פון איר העלצערנעם קיישל. דאָס מיידל האָט ארויסגעלאָזט א פּיינלעכן געשריי, ווי א שלאנג וואָלט איר א ביס געטון — און זי איז געפאלן אויף דער ערד, זיך שלאָנג־דיק מיט די פויסטן אין קאָפּ און ווערנדיק וואָס אמאָל מער היסטערישער.

איך בין שנעל אריבערגעשפּרונגען די פארצווימונג, אונ־טער דער געפאר דערשאָסן צו ווערן דורך די דייטשע שטרענ־גע זשאנדארמען. כ'האָב ארויסגענומען עטלעכע גרויסע זיל־בערנע מטבעות און אָנגעהויבן מיט זיי צו קלינגען פאר קינדס אויגן. דאָס פּוילישע מיידל האָט געוויינט. נאָר זעענ־דיק דורך די טרערנפולע אויגן דעם גלאנץ פון זילבער, הערנ־דיק דורך איר אייגן געוויין דעם קלאנג פון געלט — איז איר געוויין געוואָרן אלץ שוואכער און שוואכער, ביז זי האָט זיך איינגאנצן בארואיקט און איז אוועק מיט מיינע לעצטע זילבערנע מטבעות...

איך בין געווען גליקלעך. שוין יאָרן ווי איך האָב נישט געהאט געטון קיין גוטע זאך. און דאָ האָט מיין טאט געלויכטן אין אלעמענס אויגן, ווי ריינע גאָלד.

* * *

איך און מיין גוטער פריינט זיצן מיר אויף א קליינעם סקוועער —, און איך קוק זיך צו צום בוים וואָס גרינט אויפן סקוועער. נאטור איז וואונדערלעך. איינגעפּרעסט פון איסט־בראָדוויי־הייזער־זוענט, פינצטערע און מיט ווינט־און־וועטער־פארצייכנטע, אין טרויעריקן קלעם — ברעכט דער בוים ווי א שטורם פון גרינע צווייגן ארויס פון דער ערד — און גרייכט אין זיין הערלעכער גרינקייט ביז צו די וואָלקנס. וועל־כער אייזערנער כוח! וועלכע קראפט די נאטור באזיצט — ארויסצוברעכן ווי א פייער פון דער ערד, ווי אזוי און ווו זי

וויל — לויט איר געטלעכן קאפריז. און וועלכע שיינקייט הויערט פון דעם שטארקן בוים ארונטער — שטארק, ווי יענע ריזיקע מענטשן, מיט אייזערנע ברוסטקאסטנס, געבוירן ווי דער בוים אין ארימקייט.

— פארוואס גרינט ער נישט ערגעץ אין א פארק? — פרעגט מיין פריינט.

— ווייל אין א פארק וואלט ער זיך אליין געגאסן. דא געניסן אים די אומגליקלעכע פון דער ערד. די ארימע און די ליידנדע.

און דערווייל פאלט צו די נאכט. דער ווינט באוועגט ווי מיט לופטיקע הענט דעם פארהאנג — ציטערט אויף אים ווי איבער א הארף די מענטשן; ארום ווערן איינגעהילט אין דעמערונגס־בלוי, וואס עסט אויף זייערע פארבן, זייערע קאנטורן. ציט ארויס דעם צויבער פון קאלירן, פון לעבן. און א גרויסער הימלישער ארגל גייט אויף פאר מיר, צו וועלכן איך פאל צו און וויין אריין מיין גרויסן שמערץ...

מיין פריינט דערציילט:

— דאס איז געווען מיט פילע יאר פריער. איך בין דאן געווען א יונגער סאלדאט אין דער צארישער ארמיי. און א געוויסן ווינטערדיקן אוונט בין איך געווען איינגעלאדן צו א רייכער פאמיליע, א יידישן גוטסבאזיצער, קאנאטאפסקי. עס איז געווען נישט ווייט פון אונזערע קאזארמעס. דאס הויז איז געווען רייך־מעבלירט. אויף די ווענט האבן אראפגעלויכטן די בילדער פון רוסישע מאלער און פראנצויזישע קינסטלער. די לאמפן האבן העל געברענט און באלויכטן די פריילעכע געזעלשאפט, באזונדערס די טעכטער פון דעם יידישן פריץ — וואונדערשיינע ברויען, אזוי ווי זיי וואלטן אראפגעגאנגען פון די גאלדענע ראמען פון די בילדער און וואלטן געלויכטן אין זייערע קאלירן. מיר האבן גוט פארבראכט, אונטער דעם געלעכטער פון די פרויען און מענער; אונטער דער מוזיק פון טשייקאווסקי, רימסקי־קארסאקאף און באראדין; אין פייער פון שוימיקן שאמפאניער, וואס האט געלויכטן אין גאלדענע כוסות וואס זענען געווען גראווירט מיט דינע מגן־דודס, און מיט די איניציאלן פון דער רייכער פאמיליע.

יענעם ראמאנטישן אוונט האבן מיר זיך פארווײַלט אין א שיינעם שפיל, וואס האט פארפליכטעט דעם געווינער ארונטערצוביינגן זיין קאפ אונטערן טיש, צו דער איידעלער דאמעס פיס און אויסשרייען א פראזע. דער געווינער אין איצטיקן פאל איז געווען א יונגער סטודענט, וואס האט זיך ארונטערבייגנדיק, אנגעהויבן צו האוקען ווי א הונט און צו בייסן דעם שיינעם פוס פון דער דאמע, איינע פון די טעכטער פון דעם גוטסבאזיצער. איך ווייס נישט ביז היינטיקן טאג וואס עס איז געווען די כוונה פון דעם יונגן סטודענט. עס האט געמוזט זיין א וויץ אזא — דיקטירט פון אן אטאווויסטיש געפיל. אין דעם מאמענט וואס דער סטודענט האט

געהאַווקעט ווי אַ הונט, האָט ער זיך פאַרשעמט און רויט גע־וואָרן. ער איז געווען לעכערלעך אין דער געזעלשאַפט, וואָס כדי צו אַקצענטירן דעם סטודענטס דורכפאַל, איז פּלוצלונג געוואָרן טויט־שטיל און ערנסט און מכלומרשט זייער וויר־דיק. אין דעם מאָמענט בין איך אַרויסגעטראָטן און געזאָגט:

— איר מיינט, אַז איר קענט אימיטירן דאָס האַווקען פון אַ הונט. אָט וועל איך עס בעסער באַווייזן...

איך האָב אָנגעהויבן צו האַווקען און אַלע האָבן זיך צעלאַכט. דער סטודענט איז געווען געראַטעוועט פון דער שרעקלעכער פאַרלעגנהייט. אַלע האָבן איצט געלאַכט, גע־האַווקעט, זיך אַמוזירט און — וואָס עס איז דער עיקר, מען האָט פאַרגעסן דאָס אומגליקלעכע אויפפירן זיך פונם סטו־דענט...

אין אַ ווײַלע אַרום רופט מיך צו דער פּריץ, הער קאָנאָ־טאָפּסקי, אַ ייִד מיט אַ גרויסער, גאָלדענער באָרד און אַ גע־זיכט ווי פון קלאָרן פּאַרמעט און ער זאָגט צו מיר:

— יונגערמאַן, איר האָט אַ גרויס, מענטשלעך האַרץ. איר האָט זיך הײַנטיקן אָוונט פאַרשאַפט דעם אויבנאָן אין גן־עדן... דאָס וואָס איר האָט נישט געלאָזט פאַרשעמט זײַן אַ מענטשן — איז אַ גרויסע זאַך... איר זענט אַ גרויסער מענטש.

איך האָב אים האַרציק געדאַנקט און געזאָגט, אַז איך האָב אַליין נישט געוווּסט וואָס איך טו. אַז איך האָב עס געטאָן ספּאָנטאַן... — —

* * *

בשעת מיר זענען געזעסן אויפן קליינעם סקווער, איינ־געהילט אין דעם אַפּריליש־וואַרימען אָוונט, האָב איך געזען סילועטן פון אַלערליי פיגורן אַרום, אויף די בענק. איך האָב געזאָגט צו מײַן פרײַנט:

— צווישן די טרעמפּס פּאָרען זיך אַרום פּיליכט גרויסע טענצער. איינער פון זיי איז ייִכעד אַ זשאַן זשאַק רוסאָ. איינער — אַ לאָרד בײַראָן. איינער — אַזאַ טענצער ווי ניזשינסקי. איינער — אַ דענקער ווי שפּינאָזאַ. נאָר בײַם דענ־קער פוילט דער קאָפּ. בײַם טענצער ווערן פּאַראַליזירט די פיס. בײַם וויזיאָנער טריפט עס מיט טרערן פון די אויגן. דאָס לעבן האָט זיי אויפגעגעסן לעבעדיקערהייט.

וואָס איז דען אייגנטלעך דער קינסטלער? ער נעמט צוזאַמען אַלע מענטשנס ווייטיקן און ער מאַכט אַ ליד. יעדער מענטש בענקט, טרוימט, פאַרלאַנגט, שטרעבט און צילט. ער שטרעבט צום גרויסן און אידעאַלן. אַפילו אַ חיה באַנעמט די שיינקייט פון זומער. דעם טרויער דעם גילדערנעם פון דעם האַרבסט. דער הונט, העפּפּי, וואָס האָט געהערט צום הויז־אייגנטימער אין לאָנג־אײַלאַנד, האָט זיך צוזאַמען מיט מיר אָפּגעשטעלט באַטראַכטן פּרעכטיקע שטיקער לאַנדשאַפט. אַ שטיק הימל מיט אַ בריליאַנטענער שטערן־גרודע. — יעדער

מענטש ליבט. ווען ער ליבט גרויס, איז ער אזוי גרויס ווי שעלי. נאָר דער גאָט־געבענטשטער קינסטלער קען אויס־דריקן זיין שמערץ. דער סקולפּטאָר זעט א ווינט פון מענטשן־פּנימער. טויזנט מאסקעס — ווי בלעטער אין הארבסט. קרו־מע, פארברענטע, צעבראָכענע, ווילדע, וואנזיניקע פּנימער. פון די דאָזיקע פּנימער שמידט ער אויס איין ריזיקע מאסקע — וואָס סימבאָליזירט אלע מענטשן־פּנימער — און וואָס שטראַלט אויף מיט קעניגלעכן שמערץ — אין א געזיכט פון גאָט זעלבסט.

מיר זענען איצט געזעסן אין הויז פון מיין פריינט. דורך די פענצטער בלאָזן אריין פרישע שטראָמען לופט, געמישט מיטן פארפום פון בעז; דער וואזאן אויפן פענצטער איז איג־נאנצן גריז. מיין דערציילערס געזיכט איז מיר גוטע מענטשן האָבן אלטע, טרויעריקע און פארצערטע פּנימער, פון ארבעט און פיין. איך האָב געקוקט אויף מיין פריינט ווי אויף א הייל־ליקן, ווי מען קוקט אויף די הייליקע, וואָס שטראַלן אראָפּ פון די צוויבערהאפט־געמאָלטע איקאָנעס...

מיין פריינט הייבט פּלוצלונג אָן צו רעדן:

— אָפטמאָל, ווען דער מאן וואָס טיילט גיפט צו די אינסעקטן, קומט אריין — זאָג איך צו זיך אליין: פארוואָס ניט ער בלויז גיפט צו די ווערעם? זענען דען נישט פאראן געוויינלעכע מענטשן, וואָס וואָלן באדארפט דעם דאָזיקן גיפט — מענטשן, וואָס דאָס לעבן איז מיאוס צו זיי און זיי וואָלטן געוואָלט פארגיפטעט ווערן? פארוואָס גייט ער נישט ביי־נאכט, דער דאָזיקער גיפטמאן, אונטער די דעכער, אין פינצ־טערע קעלער־שטובן, צווישן מאנסארדעס און לעכער, און ער פארסמט די יעניקע, וואָס קרעכצן אין שלאָף, ארומגעגנו־מען אין פיין און וואָס ווערן אויפגעגעסן פון ווערעם לעבע־דיקערהייט. וואָלט ער נישט באדארפט זיי פארסמען — די מידע און די ליידנדע? —

— מיין פריינט, איר האָט מיר ביז איצט דערציילט מעשהלעך וועגן אייער גוטסקייט. דאָס וואָס איר זאָגט איצט, קלינגט ברוטאל. — און בשעת איך זאָג צו אים, אז ער איז ברוטאל, טראכט איך אליין — פארוואָס זאָל נישט זיין דער גרויסער פארגיפטער, וואָס זאָל פארגיפטן דאָס שלעכטס פון דער וועלט? פארוואָס איז נישט פאראן דער גרויסער פאר־גיפטער, וואָס זאָל ארומגיין מיט פלאמען ארומגענומען, און וואָס זאָל פארברענען די זינדיקע פון דער ערד? וואָס זאָל אויסברענען אלע פינצטערע שפּארונעס פון דער ערד — מיט א פייער? — און די פראגע עגבערט מיר טיף אין מוח ווי מיט אן אייזערנעם עקבער...

און שפּעט ביינאכט גיי איך אהיים. עמעץ, א שווארצע האנט, צעמישט און צעריים די טונקעלע וואָלקנס, כדי יעדער ווילע אָפּצודעקן דאָס טונקל־באפלעקטע געזיכט פון דער

לבנה, וואָס בליקט נערוועז אַראָפּ אויף דער ערד. און מיר דאַכט, אַז איבער די האָריזאָנטן גייט דער ריזיקער, שוואַר־צער מאַן און זאַמלט גיפט, זאַמלט סם פאַר די פייניקער און נישט־גוטע פון דער ערד; פאַר דעם שלעכטס פון דער ערד.

## דער גאָלדהאָריקער איזי

דער קליינער איזי גראָבט מיט די ראָזע פינגערלעך אין דער ערד און — זוכט גאָלד... און איך שטיי לעבן אים און שמייכל:

— נאַרישער איזי מיט די גאָלדענע, צעפלאָשעטע האָר! צו וואָס זוכסטו גאָלד אין דער ערד? די בלומען בליען מיט אַזוי פיל גאָלד... אַלע פלאַנצן און גראָזן זענען פול מיט גרינעם גאָלד... און די פייגעלעך מיט גאָלדענע בייכלעך און די זונען־שטראַלן אויף אַלץ, אַלץ... איז עס דען נישט אָן אַ שיר גאָלד?...

דער קליינער איזי גראָבט אין דער ערד... און די זון גייט אונטער און פאַרבט אין גאָלד די בערג און די פעלדער און די וואָלקנס אויפן הימל צינדן זיך אָן ווי גאָלדענע פייגל און בוימער און בערג... און דאָס גאָלד רינט אומע־טום, אין אַלע ווינקלען און אויף איזי'ס פּנימל און אויף די גאָלדיקע האָר זיינע און רינט ווייטער און טיפער אַוועק אין דער נאַכט, אין דער אייביקייט...

## ח ו ה׳ ל ע

ווען חוה'לע גייט פאַרביי די שוי־פענצטער פון די קליידער־געשעפטן, האָט זי ליב צו שטיין שעה'נלאַנג און אַריינקוקן אין זיי; ס'איז דאָרט דאָ אַזוי פיל שיינע זאַכן; איר געפעלן די פאַנטאַסטישע קאָלירן; ווי שיין איז דער גלאַנציקער זייד פון טיפן בלוי; ווי שיין די צאַרטע שטאָפן מיט צעבליטע בלומען, וואָס זענען שטענדיק פול מיט לעבן, אונטער די גאָלדענע זון־שטראַלן; ווי שיין די וואונדערבאַרע האַלדז־טיכער, מיט גרינע אינזלען אויף פעטן געל און מיט מאָלערישע פאַרבן־פלעקן... שעה'נלאַנג שטייט חוה'לע, קוקט אַריין מיט גיריקע, נייגעריקע בליקן פון די טונקעלע אויגן און ציערט זיך אין די אַלערליי שטאָפן, זיידן, בענדער און געוואַנטן...

# ביים היינריך היינע־מאָנומענט

(צום 150־יאָריקן געבורטסטאָג פון גרויסן דיכטער—1797־1856)

אין אַ ניו יאָרקער אידישער צייטונג האָב איך געלייענט וועגן אַ היינע־מאָנומענט, וועלכער איז ווייניק באַקאַנט צו אידישע שרייבער און אידן בכלל. ווי נאָר איך בין געוואויר געוואָרן דעם אַדרעס — בין איך פאַרנאַכט, אין זעלבן טאָג וואָס איך האָב די נאָטיץ געלעזן — אַהין אַוועק.

קומענדיג אויף דער שיינער, גערוימער, מעכטיגער גרענד קאָנקורס, האָב איך געפרעגט אויף דעם היינע־מאָנומענט. קיינער האָט נישט געוואוסט. אויפן שיינעם קילמאַר־סקווער זיצן אַ רייע דאַמען און גאַפּן אין גרויען הימל אַריין, וואָס איז מיט וואָלקן צעפלאַשעט, ווי אַ ים מיט זיינע כוואַליעס. ענדליך דערזע איך דעם ווייסן מאָנומענט.

עס איז געווידמעט דעם דיכטער היינע. אָט ווי די דייטשע שריפט לעזט זיך:

"Dem grossen Dichter-D'e
Deutschen in America"

עס ווערט מיר היימיש, וואַרם... הייסט עס אַז עס געפינען זיך דייטשן וואָס האָבן ליב די גלענצענדע פּאָעזיע פון היינריך היינען — דעם קלוגסטן דייטשן שריפטשטעלער... דעם איד וואָס האָט שענער באַזונגען דעם רהיין און דעם נאָרד־ים, ווי וועלכער עס איז דייטשער דיכטער און וועלכער האָט געקענט די דייטשע נשמה נאָך טיפער ווי גאָטע און ווי ניטשע... ווי בורגער און וויעלאַנד... ווי הערדער און קלאָפּשטאָק...

אין יאָר 1897 האָבן זיך די בירגער פון היינריך היינעס געבורטסטאָג, דוסעלדאָרף, מישב געווען און האָבן דעם פּאָעט געוואָלט שטעלן אַ מאָנומענט, צו זיין 100 יאָריקן געבורטסטאָג. אָבער דער פּרייסישער רעגירונג האָט נישט געפּאַסט אַז מען זאָל דורך אַ דענקמאָל פאַראייביגן דעם אָנדענק פון איינעם וואָס האָט גוט געקענט די ביוראָקראַטן, די פאַרריסענע נעז פון דער פּרייסישער רעגירונג. מען האָט דעם שוין־פאַרטיג־געמאַכטן מאָנומענט געמוזט פירן אַזש קיין אַמעריקע...

פון זיין געבורטסשטעטל דוסעלדאָרף האָט מען פאַר אים געמוזט אויסטיילן אַ פּלאַץ אַזש אויף גרענד קאָנקורס...

דאָס לאָרעליי־ליד וואָס דאָס פאָלק האָט אַזוי לאַנג געזונגען — איז ביי די נאַציס געווען פאַרווערט אין דייטשלאַנד, ווי אַלץ פון היינריך היינען, אין ווען די היטלעריסטן פילן מיט רעכט אַ שונא.. היינע האָט פיינט געהאַט דעם דייטשן יונקערטום, די אויפגעבלאָזנקייט פון באַאַמטענטום, דעם שטאָלץ פון אירע מיליטער־לייט, די געהיימראַטן און די דייטשע צענזור. היינע האָט פאַראַכט דעם דייטשן גייסט, וואָס איז אין דער אמתן געווען — געדאַנקענלאָזיגקייט, גייסטלאָזיגקייט. זיי האָבן נאָך אין יענע צייטן אים פאַרטריבן, פאַרווערט זיינע ווערק, צוזאַמען מיט דער גרופּע „יונג־דייטשלאַנד", פון וועלכן היינע און גוצקאָוו זיינען געווען די פירער.

פון אַן אַרטיקל פון רבקה רובין, מאָסקווע (אין „אידישע קול־

טור,״ פעברואַר, 1948), נעם איך אַרויס ציטאַטן וועלכע אילוסטרירן היינריך היינעס באַציאונג צו דער דייטשער מיליטערישער ביוראָקראַטיע. אין זיין „דייטשלאַנד, איין ווינטער-מערכען,״ אין וועלכן ער האָט צום שאַרפסטן קריטיקירט די דייטשע מיליטאַריסטן-קאַסטע, וואָס האָט מיט הונדערט יאָר שפּעטער געפירט צום נאַציזם, שרייבט ער ווי אַזוי די אונטערזוכונג קומט פאָר אין פּרייסישן צאָל-אַמט:

אַרומגעשמעקט און באַטאַפּט אַלצדינג,
די העמדער, די הויזן, די שיכלעך,
ברילִיאַנטן ביי מיר און שפּיצן געזוכט
און אויך פאַרבאָטענע ביכלעך.

איר שוטים, וואָס זוכט איר אין מיין טשעמאָדאַן,
אין אַלע שפּאַרונעס און שפּאַלטן? —
די קאָנטראַבאַנדע וואָס כ׳פיר מיט זיך,
האָב איך אין קאָפּ באַהאַלטן.

היינע האָט גוט געקענט די דייטשע גאווה, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון דער איינגעגלויבטקייט אַז דאָס דייטשע פאָלק איז די הערן-ראַסע פון דער וועלט. ער האָט געהאַסט דאָס פּרייסישע יונקערטום, וואָס האָט מיט לייב און לעבן זיך איבערגעגעבן צו היטלערס רויבערישע מלחמות און אויסמאָרדונג פון פעלקער. ער האָט פאָראויסגעזען די גראָבקייט און די בלוט-דורשטיגקייט פון די דייטשע מאַסן, פון זייער נקמה און פאַרניכטונגס-דראַנג. ווען היינע גיט אַ פּאָרטרעט פון אַ דייטשן אָפיציר, איז עס גענוי געמאָלן ווי פון אַן אָפיציר פון היטלערס אַרמיי:

דאָס זעלבע האָלציק-פּעדאַנטישע פאָלק,
גראָדפינקלנדיקע און שטייפע,
אין יעדער באַוועגונג און אין געזיכט —
די איינגעפרוירענע גאווה.

אויף שטאָלצן שפּאַנען זיי שטענדיק אַרום,
די קעפּ, ווי ליכט פאַריסן,
אַזוי ווי זיי וואָלטן פאַרשלינגען דעם שטאָק,
מיט וועלכן מען האָט זיי געשמיסן.

די דייטשן האָבן שטענדיק ליב געהאַט צו צירן זיך אין סאָלדאַטיש-שטייפע, מעטאַלענע און קאָלירטע קאָסטיומען און העלמען. אַ דייטשער קאַוואַלעריסט האָט אויסגעזען ווי אַ גענעראַל. און אַ גענעראַל — ווי יופּיטער אַליין. עס האָט באַדאַרפט אויף דער דייטשער ערד אויפגיין אַ איד, אַ קליינער, שלאַנקער און וויציקער איד, וואָס האָט דערזען ווי פּאָמפּעז, ווי פאַרריסן, ווי פּאַזעריש, ווי אָנשטעלעריש די דאָזיקע דייטשע קאָסטיומירונג און פּאָזירונג זעט אויס. קיין דייטש האָט עס נישט געקאָנט זען. ניטשע און העלדערלין האָבן געקענט זען נעגאַטיווע זייטן אין דייטשן כאַראַקטער. העלדערלין דער גריך האָט פיינט געהאַט די דייטשע גראָבקייטן. אָבער בלויז אַ איד האָט געקענט זען ווי לעכערלעך זיי זיינען, די גאווהדיגע דייטשן. אָט ווי היינע שרייבט וועגן דעם העלם פון די קאַוואַלעריסטן:

יאָ, יאָ, דער העלם — ער געפעלט מיר, ער ווייזט,
אַז דער אַלערהעכסטער איז וויציק.
אַ קעניגלעכער איינפאַל געווים,
עס פעלט ניט די שאַרף און ס'איז שפּיציק.

כ'האָב מורא נאָר, דער געוויטער קומט אָן,
וועלן גרינג אויף די זעלבע שפּיצן
אַראָפּציען אויף אייער ראָמאַנטישן קאָפּ
דעם הימלס מאָדערנסטע בליצן.

און טרעפט זיך אַ קריג, וועט איר מוזן דאַן
פיל לייכטערע היטלען קויפן.
דער מיטלאַלטערלעכער שווערער העלם
פאַרשווערן קאָן אייך דאָס לויפן.

קלאָר אַז היינריך היינע מיינט נישט „דאָס לויפן" — נאָר דאָס „אַנטלויפן"... די דייטשע אַרמיי האָט שוין פיל מאָל דעמאָנסטרירט צום סוף פון קריג דעם טאַלאַנט צו לויפן... הגם אין אָנפאַנג ברענגט זי אויס ווי אַ נאַטור־אויסברוך און בליץ־קריג.

היינריך היינע האָט געהאַסט דעם דייטשן אַדלער, דעם סימבאָל פון פרייסישן יונקערטום און מיטלאַלטערלעכער פינצטערניש. ער שרייבט אַזוי:

דו העסלעכער פויגל, וועסטו אַמאָל
אין מיינע הענט זיך פּאַקן,
וועל איך די פעדערן אויסצופּן דיר
און די נעגל אָפּהאַקן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

און ווער עס שיסט דעם פויגל אַראָפּ,
וועט די קרוין און דעם סצעפּטער האָבן.
נאָר גלייך ביי דער תליה דער שינדער זאָל
די טויטע נבלה באַגראָבן.

עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער אַז היינעס שאַפונגען האָבן געפלאַקערט אין דעם שייטערהויפן פון ביכער פון „אידישן גייסט" וואָס געבעלס האָט אין אָנפאַנג פון נאַצישער הערשאַפט פאַראַנשטאַלטעט (1933). פון די פלאַמען פון שייטער־הויפן האָט מען געקענט הערן היינעס האַרציק געלעכטער. מען האָט געקענט זען היינעס אידל, שמערצפול פנים — זיך קנייטשן אין אַ פיינפולער גרימאַסע. אבער דער שמייכל האָט אים קיינמאָל נישט פאַרלאָזן.

און ווען מען האָט פאַרט נישט געקענט אונטערדריקן דאָס לאָרעליי־ליד, וואָס איז געזונגען געוואָרן אין דייטשן לאַנד זייט פילע יאָרן, האָט מען צוגעשריבן צום ליד: מחבר אומבאַקאַנט". דאָס פּאָפולערע, טיפּיש־היינעשע „לאָרעליי־ליד" האָט פלוצלונג פאַרגעסן אין זיין טאַטן...

אַט דאָס לאָרעליי־ליד, צערטלעך געשריבן, ווי אַלץ וואָס היינע האָט געשריבן — אַ סינטעזע פון זיין סוביעקטיוון אומעט און ליריזם און דער דייטשער לעגענדע, די פאַנטאַסטישע זאָגן, די נאָרדישע

מיטאָלאָגיע — אָט דאָס ליד ווערט פאָרגעשטעלט אין דעם מאָנומענט... אויבן קעמט זיך אַ צאַרטע לאָרעליי־געשטאַלט מיט אַ גילדערנער קאַם די גילדערנע האָר... אַ האַרפּע ביי איר זייט, פאַרשלייערט און פאַרוויקלט — זינגט זי צו די שיפער און פישער איר כישופדיק געזאַנג... די לאָרעליי האָט אַ קליין געזיכט, צאַרט און אומעטיק. איינע פון היינעס געליבטע, וועלכע ער האָט אַזוי ראָמאַנטיש געליבט...

אונטער די לאָרעליי געשטאַלט — אַ באַזרעליעף־מאַסקע פון היינע... אין זיין יוגנט. איידל געזיכט, ענלעך צו דעם געקרייציקטן, אידיש־קרומלעכע, לאַנגע, זיידענע לאָקן. שטאָלץ און באַוואוסטזיין שטראַלן פון אים... אָט איז היינע — דער גלענצענדער פּאָליטישער זשורנאַליסט און קענער פון קונסט. שרייבט אין פּאַריז וועגן מאַלעריי־קונסט ווי אַ פאַכמאַן און שעצט אָפּ פּאַגאַניני — אָט דעם טייוולישן ווירטואָז פון דער סטרונע, וואָס שפּילט מיט פאַרוואָקסן דעמאָנישע הענט. אָט איז היינע וואָס איז געווען הייטער ווי אַ גריך און האָט אויך געקענט שאַפן די אַטמאָספערע פון דער העראָאישער טראַגעדיע און — די איראָניע פון דעם געפייניגטן איד, וואָס לאַכט איבער זיינע וואונדן און זאָגט ביטערע וויצן אויפן אַדרעס פון די פעלקער. אָט איז היינע — וועלכער שמד'ט זיך כדי אַריינצוגיין אין גאָרטן פון דער דייטשער קולטור און ליבט דאָס אידישע פאָלק מיט אַ רירנד־נאַזאַרענישער ליבשאַפט און בעט זיך אויף זיין מאַטראַצן־קבר ווידער איבער מיט דעם אידישן, דעם גרויסן גאָט פון די הימלען — הגם אין זיין לעצטער פּאָעמע זעט ער ווידער די וויזיע פון גריכישע געטער, וועלכע ער האָט אַזוי פּאָעטיש געליבט און אין ועמענס סביבה זיין נשמה האָט שטענדיג פאַרקערט — ווי וואַגנערס צווישן די העלדן פון דער דייטשער זאָגע. אָט איז היינע דער מאַן וואָס האָט ווי אָמאַר כאַיאַם און ווי קעניג קהלת — געלעבט זיין לעבן פול און גאַנץ, מיט אַלע פאַרגעניגענס — און האָט ווי איוב געשמאַכט ניין יאָר צייט אויפן „מאַטראַצן־קבר" — און האָט אין „ראָמאַנצערא" פאַרצייכנט די שענסטע לידער פון מענטשלעכע ליידן. אָט איז היינע — דער אינדיווידואַליסט, רעוואָלוציאָנער, טעראָריסט, קעמפער, פליכטלינג, פאַרטריבענער פון זיין לאַנד, וואָס נעמט אַ נדבה פון דער פראַנצויזישער רעגירונג און וואָס איז פאַרליבט אין שיינקייט... אָט איז היינע — דער מאַן מיט טויזנט קאָנטראַסטן. דער פּאָפּולאַריזאַטאָר פון געשיכטע, פילאָזאָפיע, פאָלקלאָר. דער מאַן מיט דער לייכטער פעדער וואָס פאַרוואַנדלט אַלץ — ווי קעניג מידאס — אין גאָלד. וואָס באַשאַפט די לייכטע, דייטשע פּראָזע, דעם פּאָליטישן פעליעטאָן, די קריטיק איבער קונסט, די אָפּהאַנדלונגען וועגן עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, דער נביא פון אונזער צייט — וואָס האָט מיט הונדערט יאָר צוריק פאָראויסגעזען דעם גרויסן קריג פון די דייטשן קעגן דער וועלט און האָט שטענדיג געפילט אַז די דייטשן זיינען טייטאָנער, וואָס וועלן אַמאָל דערוואַכן ווי די אַלטע, שטיינערנע געטער און וועלן חרוב מאַכן אַלץ וואָס איז שיין און קולטורעל.

די נימפן אַרום לאָרעליי ווערן פאָרגעשטעלט: איינע, אַ שלאַנקע, דייטשע מיידל, מיט לאַנגע, געראַדע האָר, ווי פלאַקס. מיט אומשולד אין איר בלייך געזיכט. דעם דאָזיקן טיפּ האָט היינע אָפט באַזונגען אין זיינע ליבע־לידער. אין דעם גלענצנדן בוך פּאָעזיע „בוך דער

לידער"... וואָס האָט אַ שפּריץ געטאָן ווי אַ פאָנטאַן — פריש און פרילינגדיק — נאָך צען טויזנט יאָר עראָטישער ליבע — און איז אין די לעצטע הונדערט יאָר פון קיינעם נישט איבערשטיגן געוואָרן.

די צווייטע דאַמע, וואָס ווענדט איר בליק צו היינעס בילד — איז אָן אַ האַנט... זי דערמאָנט אין ווענוס פון מילאָס, וועלכע איז אויך אָן הענט... היינע איז איינמאָל, שוין זייענדיג ערנסט קראַנק, אַוועק אין „לוואַרע" און געשטאַנען נעבן דער ווענוס, טרערן האָבן אים געשטיקט אין האַלדז, און — אים האָט זיך געדאַכט אַז אירע הענט וואַקסן איר אָן און זי נעמט אים צאַרט אַרום און דריקט אים צו איר זיס, ווייבלעך האַרץ... דער פּרינץ היינע האָט קוים געקענט עפענען דאָס רעכטע אויג — כדי צו זען די שיינקייט פון דער גריכישער דזשיאָקאָנדאַ... די מער־הייטערע, אָבער אויך ערנסטע „גע־ליבטע" פון פּראַקסיטעלעס... איצט דאַכט זיך מיר אַז די ווענוס האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון „לאַוור" וואו היטלער האָט מיט אַ ווילדע צוריק געהערשט אַזוי ברוטאַל, אַרעסטירט די קונסטווערק, וויל ווענוסן פאַרפירן קיין בערלין, אין ספּאָרט־פּאַלאַסט... זי האָט זיך אַרויסגעגנבעט און קומט אַרומנעמען דעם אומשטערבלעכן איד... איר גייסט שטראַלט פלוצלונג אויף אַרום דער סטאַטוע... זי קומט אַרומ־נעמען, אומהאַלדזן דעם אומשטערבלעכן איד — און גרויסע טרערן פאַלן איבער אירע מאַרמאָרנע באַקן...

די דריטע פרוי — אין קעגנזאַץ צו דער דייטש־גערמאַנישער און גריכישער — זעט אויס ווי אַ רוימערין... זי איז הויך און שלאַנק און מעכטיק. אַ קראַנץ צירט איר שטערן. זי קוקט אין דער ווייט־קייט, פאַראויס, צו די גלענצנדיגע האָריזאָנטן פון זון־פאַרגאַנג... זי זעט אַ פריי דייטשלאַנד — וואו זוניגע היינע־מאָנומענטן צירן אַלע דייטשע שטעט... די זון בראַנדזט זייערע פיגורן. שטראַלן גליען אין זייערע אויגן. זיי זיינען געצירט... אַלע דריי פרויען זיינען שטאַרק גערירט — איך זע טרערן אין זייערע אויגן...

אַ רעגן הייבט אָן לייכט צו טראָפּיען. אָבער די רעמבראַנדטישע זונען־ליכטיקייט גליט. וויל זיך נישט אויסלעשן. די וואָלקנס דערמאָ־נען אין יענע בילדער פון נאָרד־ים וואָס היינע האָט באַזונגען מיט אַזוי פיל קראַפט און לירזים. אַ העלע ליכטיגקייט שטראַלט אויף ווי היינעס נשמה וואָלט באַלעבן דעם ווייסן מאַרמאָר, זיין סטאַטוע, די געטרייע וואַסער־פרויען, די איינציקע פרויען וואָס וועלן אים קיינ־מאָל נישט פאַרלאָזן און — די מעלאַנכאָליש־פאַרקלערטע לאָרעליי. איך שפּאַציר אַרום דעם מאָנומענט, אין אַ הייליקער שטימונג און פיל ווי היינעס גייסט איז אַנוועזנד, נעמט מיך אַרום. די פרויען וואָס זיצן אַרום אויף די בענק — קוקן מיך אָן און גאַפן. צום ערשטן מאָל זעען זיי עפּעס אַ יונגען מענטשן אַזוי נאָענט אַרומגיין אַרום די שטיינערנע פרויען, זיי אַזוי דעליקאַט און פריינטלעך אַריינקוקן אין די טרערנפולע, גילדערנע אויגן...

דאָס וואַסער פונעם פאָנטאַן קלינגט הייטער און לוסטיג. עפּעס דערמאָנט עס אין דער פרילינגדיגער פרישקייט, ריטם, מעלאָדיע פון היינעס מונטערע, זוניגע און מעלאַנכאָליש־ראָמאַנטישע פּאָעזיע. אייביג קלינגט דאָס וואַסער... עס איז אַן עכאָ פון יענע לידער וועגן די פּרינצעסינס עלזעס, די דאָננאַ קלאַראַס, די לידער צו דער מוש,

די ווידמונגען צו דער פּאָעטיש־רירנדער פרוי מאַטילדע, די אייפער־
זוכטיגע פראַנצויזישע שיך־פאַרקויפערין... דאָס וואַסער קלינגט אויס
די אַלטע מערכען, ראָמאַנסן, שפּילן, רהיין־געשיכטן און באַלאַדן —
וועלכע היינע האָט באַזונגען אין זיינע גערדיכטען, אין דער „האַרצ־
רייזע", אין „פלאָרענטינער נעכט", אין זיינע היסטאָרישע פּאָעמען און
באַלאַדן. היינע האָט נאָך שענער, נאָך לעבעדיגער, נאָך שטראַלענדי־
גער, אויפגעלעבט די דייטשע ראָמאַנטיק, די אַלטע רואינען וואו
אין לבנהדיגע נעכט דערוואַכן ווידער די ריטער, גראַפן און שלאַנקע
דאַמען, אין ראקאקא־קלײדער און טאַנצן מינועטן און טאַנגאָס. אַט
די אַלע מעלאָדיען דערמאָנט מיך דאָס הייטער רוישן פון דעם פאָנטאַן...

וואָס מיך רירט באַזונדערס אין אַט דעם מאָנומענט — איז דאָס
וואָס פייגעלעך פליען יעדער ווײַלע צו. האָבן נישט קיין מורא פאַר
די דיאבאלישע חיות־קעפּ, ווערמענס מײַלער רינען מיט וואַסער. זיי
טרינקען דאָס וואַסער, שלינגען די טראָפּנס צאַרט אַרונטער, אַזוי,
אַז איר זעט ווי זייערע העלדזעלעך, זייערע שלינגעלעך — ציטערן
ווייך... זיי שטעלן זיך אויף די ווייסע, צאַרטע אָרעמס פון די
דאַמען, אויף זייערע רונדע, פּרעכטיק־געפאָרעמטע בריסטן, אויף
זייערע באַצירטע און באַקראַנצטע קעפּ. זיינען עס נישט די זעלבע
פייגעלעך וועלכע היינע באַזינגט אַזוי שיין אין יעדן פרילינג? זיינען
עס נישט די לופטיגע, לייכטע, פּאָעטישע פייגל פון זיינע לידער, פון
זיינע מאַי־געזאַנגען. און מיר דאַכט אַז עס זיינען נאָך דיזעלבע פייגל...
און, אויב נישט — זיינען זיי זיכער זייערע אוראייניקלעך... די פייג־
געלעך האָבן ליב היינריך היינע וואָס איז אַליין די ראָמאַנטיש־היי־
טערע נאַכטיגאַל אין דער דייטשער ליטעראַטור. און היינע האָט
זיי וואונדערלעך ליב...

— ווייל אין היינען גייט דורך די גאַנצע וועלט אין אַלע אירע
אַספּעקטן. ער איז, ווי שוין דערמאָנט, העדאָניסט און מאַרטירער,
גריך און נאַזאַרענער, קעניגן־באַזינגער — אין פּאָעטישן זין —
און שטירצער פון טראָנען, רעוואָלוציאָנער און בירגער אין זיינע ראָ־
מאַנטישע פליטערלעך, קונסט־קריטיקער און דענקער, פאַנטעאיסט
און קאַנטיאַנער; אין היינען שפּיגלט זיך אָפּ די גרויסע נאַטור, אַלע
פעלקער, אַלע ליבעס־ניואַנסן און אַלע מענטשליכע שוואַכקייטן. ער
האָט פיל געררייזט און פיל געזען. ער איז דער איינזאַמער און טראַגי־
שער „טשיילד האַראָלד" פון דער דייטשער ליטעראַטור. ער איז העכסט
אינטעלעקטועל און ער איז דורכגעדרונגען מיט אַלע אידעאַלן און
פּראָבלעמען פון זיין צייט. ער קען די מוזיקערס, מאלערס, פּאָלי־
טיקער, טעאָרעטיקער — ביז סען סימאָן און קאַרל מאַרקס. ער איז
קעניג אין זיין דיכטונג און — באַווירקט פון קאַרל מאַרקסן. זיינע
„די וועבער" א. א. זיינע פּאָליטישע באַטראַכטונגען, זיינע קאָרעס־
פּאָנדענצן פון פּאַריז צו דער דייטשער אויגסבורגער צייטונג. היינע
איז בייראָניסט און אַלץ גייט דורך דורך זיין טראַגישער נשמה, ווי דורך
אַ פינצטערן, זון־פאַרגענגלעכן פּריזם. היינע איז אַ פאַרערער פון
נאַפּאָלעאָן, פון זיין גוואַלטיגער דערשיינונג און אונטערגאַנג... (היינע
האָט געזען ווי נאַפּאָלעאָן, אויף זיין ווייסן פערד — איז געריטן אי־
בער די גאַסן פון דוסעלדאָרף און ער האָט געזען, פיל יאָרן שפּעטער,
די לויה אין פּאַריז — ווען מען האָט דעם גרויסן נאַפּאָלעאָנס ביינער

געבראַכט אין דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט.) היינע שטעלט מיט זיך פאָר אַ טייוּוליש־קלוגן מאַן, אַ מענטש וואָס איז איינגעליבט אין זיינע פרייהייטס־אידעאַלן — אָבער נישט קיין פאַנאַטיקער. אַ פיגור וואָס שטרעבט צו זיין די בריק וואָס פאַרבינדט בײדע קולטורן — דייטשלאַנדס און פראַנקרייכס. אין דעריין, אין זיין מיסיע, האָט ער באמת געגלויבט. היינע האָט באַזעסן פראַנצויזישע עלעגאַנץ, געשמאַק, פיינקייט און עספּרי.

פילע האָבן היינעס פאַרגעוואָרפן זיינע קאָנטראַסטן און קאָנפליקטן, די שפּאַלטן אין זיין פערזענלעכקייט. היינעס אַלײן האָט עס געוואוסט און האָט נישט געמאַכט קיין סוד דערפון. מאַנאַליטיש איז דער דיקטאַטאָר, דער הערשער, דער הענקער, דער פאַנאַטיקער, דער אידיאָט, דער וואַנזיניקער. פּאָעטן ווי היינע זיינען ווי די פּריזמע וואָס צעברעכט דעם שטראַל אויף טויזנט קאָלירן. היינע דער אָנהענגער פון די גרויסע אידעאַלן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט פאַרערט נאַפּאָלעאָן. דאַכט זיך אַ סתירה! אָבער צו אַלע פּאָעטן האָט נאַפּאָלעאָן פאַרגעשטעלט מיט זיך די רעפלעקציע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, פון אירע פלאַמיקע אידעאַלן. היינע האָט ליב זיך צו באַרימען אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין דער נאַכט פון 1799 און 19־טן יאָרהונדערט... אַ בליץ איז דורך זיין האַרץ און האָט געמאַכט דאָרט אַ טיפן שפּאַלט... היינע האָט ליב די פאַרגעניגנס פון לעבן — און דאָך שרייבט ער זיינע לידער מיט אַ געפיל ווי די וואונד וואָלט שטענדיק געפלאָסן מיט בלוט אין האַרצן. היינע האָט פאַראַכט די דייטשע גראָבקייט, אָבער נישט קיין אַנדער דייטשער פּאָעט האָט אַזוי שיין באַזונגען איר ראָמאַנטיק, אירע פּאַלאַצן, אירע אַלטע שלעסער, איר פּאָעזיע און איר ליריק... זיין פאָלק האָט היינע קיינמאָל נישט פאַרראַטן. הגם ער באַטראַכט איינמאָל זיין שמד ווי אַן „אַריינטריט־בילעט צו דער אייראָפּעאישער קולטור" און אַ צווייטן מאָל, ווען מען האָט אים געפרעגט וואָס ער מאַכט, האָט ער געענטפערט: „אויף אַלע משומדים געזאָגט געוואָרן." ווען מען לייענט וועגן געאָרג בראַנדעס, ווערט מען געוואויר אָט ווי אַזוי ער האָט געפילט צו אידן: „איך... ווי באַקאַנט, בין אַ איד לויטן געבורט. איך פיל אַן אַנטיפּאַטיע צו אידן. איך בין געווען אין מיין לעבן — ווי אַלע מענטשן — פופציג מאָל פאַרליבט... אָבער קיין איינמאָל נישט אין אַ אידישקע... און אַפילו אין מיין אָפּשטאַמונג בין איך זיכער נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל מען קען זיין זיכער אין דעם, וויסנדיג, ערשטנס, אַז זייער ווייניג פרויען זיינען געטריי זייערע מענער, און צווייטנס, אַז אַלע רוסישע אידן שטאַמען אָפּ פון די כאַזאַרן, און כמעט אַלע מערבדיגע — פון פראַנצויזן, וועלכע זיינען אין דער תקופה פון גרעגאָר פון טור אַריבער צום אידנטום".

היינריך היינע וואָלט אויף אַזאַ זאַך קיינמאָל נישט פּעאיג געווען. פאַרקערט, דער דורך און דורך אייראָפּייער און קענער פון דייטשער קולטור — מער ווי וועלכער עס איז אינטעלעקטועלער דייטש פון זיין צייט (און אין היינעס צייט האָט געלעבט אַ דייטש מיטן נאָמען יאָהאַן וואָלפגאַנג פאָן געטע...) האָט קיינמאָל נישט געפּרוּווט פאַרמאַסקירן זיין אייגענע אידישקייט. ער האָט שטענדיג פאַרטיידיגט דעם איד, אַפילו זיין הלבשה, זיין מכלומרשטע „אָפּגע־

שטאַנענקייט", וואָס האָט געמאַכט אַז די דייטשע אידן זאָלן באַ־טראַכטן זייערע פּוילישע ברידער ווי בלויז „גלויבנס־ברידער"...

אין היינעס אַלע לידער וועגן אידן ברעכט זיך אַרויס אַ פיינלעכער אויסגעשריי, דער אויסגעשריי וואָס איז אַזוי גוט באַקאַנט צו די אויערן פון אַ איד — זינט די נביאים אָן... צי איז עס אין זיין „דער רבי פון באַכאַראַך", וואו עס ווערן געמאָלן די ביטערע לײדן פון די אידן אין מיטלאַלטער — צי זיינען עס זיינע אַלטע לידער אויף אידישע טעמעס — אין אַלע שרייט אַרויס דער פאַרוואונדעטער איד...

היינע שרייבט: „צייטנווייז פיל איך מיך שטאָלץ וואָס איך געהער צו דעם געאַדעלטן, אוראַלטן שטאַם, וואָס האָט אַזוי פיל געקענט אויסליידן און אַריבערטראָגן כדי זיין יחוס ניט צו פאַרקויפן. — — — איך זע די גריכן, זיי זיינען נאָר שיינע אינגלעך געווען, די אידן אָבער זיינען מערער געווען, גבורים, וואָס לאָזן זיך נישט בויגן, נישט נאָר אַמאָל, אָבער טאָקע ביז היינטיגן טאָג, כאָטש זיי האָבן אַזוי פיל פאַרפאָלגונגען און צרות געהאַט. און וואָלט איך ניט האָלטן דאָס וואָס לייט נעמען זיך איבער מיט זייער יחוס, פאַר אַ גרויס נאַריש־קייט, וואָלט איך מעגן אמת שטאָלץ זיין דערמיט וואָס מיינע על־טערן געהערן צו דער „בית ישראל" און קומען אַרויס פון העלדן וועלכע האָבן זיך געלאָזט פייניגן און זיינען אין פייער געגאַנגען אויף קדוש השם, וואָס איך קום אַרויס פון יענע, וועלכע האָבן די מענטשן מיט גאָט באַקאַנט געמאַכט און זיי די ערשטע מוסר געלערנט; פון דעם פאָלק וואָס האָט אויף אַלע געדאַנקען־פעלדער זיינע העלדן אויסגעשטעלט און פאַר יעדן ליכטיגן שטראַל געגנוג בלוט און קרבנות געגעבן!"

היינע האָט טויזנט מאָל באַטאָנט זיין אידישקייט. אים האָט נישט געררייצט קיין שום פרעמד ליכט, שרייבט ער אין זיין „מאַ־טראַצן־קבר"־פעריאָד. די קירכע האָט אים נישט אינטערעסירט, קיין שום שיין פון דער קירכע, קיין שום אַלטאַר האָט אים געכישופט. „מיין רעליגיעזע אנשויאונג און איבערצייגונגען זיינען געבליבן פריי פון יעדער קירכנטום". איך בין נישט מער איצט דער צווייטער דייטש נאָך געטע.

איך בין איצט נישט מער דער גליקלעכער העלענער וואָס לאַכט פריילעך אַרונטער אויף די מעלאַנכאָלישע נאַזאַרענער. איך בין איצט אַן אָרעמער, פאַטאַל־קראַנקער איד, אַ מיזעראַבעלע בילד פון ווייטיק, אַן אונגליקלעכער איד..."

ווען מען לייענט די פאָלגענד־ציטירטע ווערטער, קען מען זיך קוים פאָרשטעלן אַז זיי קומען אַרויס פון אַ געטויפטן איד, וואָס האָט געלעבט נישט אין אונזער צייט פון צוריקגאַנג צו רעליגיע:

„די אידן קענען זיך טרייסטן וואָס זיי האָבן נאָר ירושלים און דעם בית הקמדש פאַרלוירן, אַנטקעגן די תורה וואָס זיי האָבן אַרויסגע־ראַטעוועט איז זייער אבדה כמעט ווי גאָרנישט! וואָס אין מיר האָט זיך צוריק אויפגעכאַפּט דאָס געפיל פאַר אמונה, האָב איך צו פאַר־דאַנקען אַט דעם הייליקן ספר! די ביבל איז פאַר מיר ניט נאָר אַ טרייסט אַליין, אָבער אויך אַ זאַך וואָס איך באַוואונדער. אין דער

יוגנט האָב איך משה רבינון נישט ליב געהאַט. עס קען זיין ווייל איך בין פאַרבלענדט געווען פון די גריכישע קונסט. און איך האָב משהן נישט געקענט מוחל זיין, וואָס ער האָט פאַרבאָטן בילדער און סטאַטוען צו מאַכן. איך האָב אָבער נישט איינגעזען, אַז כאָטש משה האָט אַלע געקינסטעלטע בילדער פיינט געהאַט, איז ער אַליין אָבער דער גרעסטער קינסטלער אין דער וועלט געווען. ער האָט אין קונסט-גייסט באַנוצט, אַזוי ווי די עגיפּטישע קינסטלער, נאָר וואָס גרויסעס, אונצעשטערבאַרעס אויפצובויען. און אַזוי ווי יענע האָבן פון שטיינער אייביגע פּיראַמידן געבויעט, האָט משה, וואָס איז נאָך מער קינסטלער פאַר זיי געווען, גענומען אַ פאַמיליע פון פאַסטוכער און האָט פון איר אַ פאָלק אויפגעבויעט, אַ פאָלק וואָס האַלט זיך און וועט זיך פיל לענגער האַלטן פאַר די פּיראַמידן, אַ גרויס אייביג פאָלק, גאָטעס פאָלק, וואָס דינט אַלע אַנדערע פעלקער אַלס מוסטער. יאָ, וואָס איז באמת אַ מוסטער פאַר דער גאַנצער מענטשהייט! משה האָט דאָס פאָלק ישראל באַשאַפן! און אַזוי ווי איך האָב אין אָנהייב משה'ן נישט פאַרשטאַנען, אַזוי האָב איך זיין ווערק, די אידן, ערשט שפּעטער באַגריפן. די אידן וועלכע די וועלט האָט איר באַגריף פון איין איינציגן גאָט צו פאַרדאַנקען, די אידן, וואָס האָבן גאָטס געבאָט און זיין הייליגע לערע געראַטעוועט פון אַלע שטורעמס און מלחמות, גיכער ווי זייער לאַנד און לעבן, ווי זייער פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט. אוי זיי, די אידן האָבן דעם טייערן אוצר דער וועלט געגעבן, דער מענטשהייט טרייסט און גליק צו פאַרשאַפן".

דאָס האָט היינע געשריבן אין אַ צייט ווען די גאַנצע דייטשע ביבל-קריטיק האָט געזוכט צו צעשמעטערן דאָס קאָלאָסאַלע געשטאַלט פון משה — אַ געשטאַלט וואָס דאָמינירט איבער דער וועלט-געשיכטע מיט זיינע געבאָטן. אַ געשטאַלט קעגן וועלכן די מענטשהייט בונטעוועט זיך מיט אַלע אירע זינד און שחיטות — אַ געשטאַלט וואָס אַלע קינפּטיקע רעוואָלוציעס, ביז די פראַנצויזישע און די רוסישע רעוואָלוציעס — ביז מאַרקס און לאַסאַל און באַקונין און קראָפּאָטקין — זיינען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון זיין ווערק! דאָס האָט היינע געשריבן בשעת אין דייטשלאַנד איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסער אַסימילאַציאָנס-פּראָצעס, אַן עפּידעמיע פון שמד און פאַרלייקענונג פון אידן האָט געהערשט. די גרויסקייט און ערלעכקייט פון היינע ווערט ערשט ריכטיג אָפּגעשאַצט, ווען מען שטעלט אים אַריין אין די ראַמען פון זיין עפּאָכע, ווען זיין באַוואוסטזיין פון זיין אידישקייט, פון זיין שטאַם, איז געווען, מילד גערעדט, גאַנץ נישט מאָדערן, גאַנץ נישט באַקוועם, איינגאַנצן אַנטקעגן דעם שטראָם און שטרעמונגען פון זיין סביבה און געזעלשאַפט...

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן אַז היינע האָט זיין שמד-נאָמען „יאָהאַן קריסטיאַן היינריך" קיינמאָל נישט באַנוצט. ער האָט זיינע ווערק געדרוקט אונטערן נאָמען „ה. היינע." און איינמאָל איז עס אפילו געקומען צו אַ קאָנפליקט צווישן אים און זיין פאַרלעגער,, וואָס האָט צו די ווערק זיינע צוגעגעבן דעם קריסטלעכן נאָמען „היינריך"... — — —

די אַלע געדאַנקען און ציטאַטן פון היינע באַפאַלן מיך, שטייענדיק ביים מאָנומענט. שוין רעגנט, שוין ווערט דאָס זון-גאָלד בלייי-

כער אויף די ווייסע, פּרעכטיקע לייבער פון די נימפן. פון דעם מאָנומענט שטורעמט נישט מיט קיין מאַכט, קיין באָמבאַסטיק. נאָר אין גייסט פון היינע, לייכט ער ליכטיג און ווייס. דער מאַרמאָר — געבראַכט פון די „לאַאַס מאַרמאָרווערקע, טיראָל" — איז דורכ־זיכטיק ווי פרויען־לייב. עס שטראָמט ליריזם, שלום און רו פון דעם אידעלען מאָנומענט, וואָס האָט אין דייטשלאַנד נישט געהאַט קיין פּלאַץ, טראָצדעם וואָס ער איז געשאַפן געוואָרן פון אַ דייטשן קונסט־פּראָפעסאָר, אַ פאַרערער פון היינען און אַ באַרימטער סקול־פּטאָר. אין ניו יאָרק איז ער שוין איין מאָל אַטאַקירט געוואָרן פון דייטשע וואַנדאַלן, וואָס האָבן טאַקע, ווי עס ווייזט אויס — איבער־געבראָכן די הענט פון דער גריכין און די היפּטן פון דער דייטשער מיידל... בלויז די רוימערין מיט אירע נעצן איבער איר שויס, מיט די שטריכן צווישן אירע בריסטן — איז געבליבן גאַנץ און שטאַרק. די אונטערשריפט לייענט זיך: „פּראָפ. א. הערטער, בערלין, 1897".

שיין זיינען די ים־גרונט דעקאָראַציעס, מיט אַ זין און פאַר־שטענדניש פאַר היינעס לידער. צווי טייבעלעך קושן זיך... שטיינער־נע רויזן, לאָרבערן, בלעטער, שטענגלעך און פלאַנצן. סקאָרפּיאָנען, זשאַבעס, אָקטאָפּוסן, בלומען... דאָס שענסטע איז דער שאַרבן, דער פּנים־סקעלעט אויפן גרונד פון ים... אַ שלאַנג שטעקט אַרויס איר קאָפּ פונעם שאַרבן... היינע האָט אין זיין הייטערקייט און לוסטיקייט — געהאַט מאָרבידע שטימונגען, באַזונדערס ווען ער איז געלעגן פּאַ־ראַליזירט, געלעגן יאָרנלאַנג — אַ פּרעמדער אין פּאַריז. געבענקט נאָך זיין היימלאַנד, פון פיינט געהעצט און פאַרשפּאָט, אַרומגערינגלט פון אַ וועלט מיט שונאים, פאַרהאַסט אַפילו פון אייגענע פריינט... דער שאַרבן מיטן שלאַנג אילוסטרירן גלענצענד דעם דייטשן פּאָעטס שטי־מונגען... יענע נאָקטורנע און סאַטירישע שטימונגען פון די שמערצ־פולע לידער פון דעם באַנד „ראָמאַנצעראָ"...

די פיינע באַז־רעליעפן פונעם מאָנומענט זיינען אויך אין גייסט פון היינע — אַ באַפליגלטע פרוי, מיטן קערפּער פון אַ לייב, קושט אַ שלאַנקען, יונגען מאַן, היינען... דערמאָנט עס נישט אין זיינע אַ שטעלע וואו ער דערציילט אַז ווען ער איז געווען זייער קליין — האָט אין אים אַ געטין אַריינגעקושט די גאַנצע פּאָעזיע פון דער וועלט, אַלע צויבערן, שיינקייטן, ליריזמען און פאַנטאַזיעס... און זייט דאַן איז ער אונטער איר מעכטיקער ווירקונג... נאָך שיכור, נאָך באַטרונקען פון יענער געטינס פלאַמענדיגע קישן...

עס פאַלט צו בלויערהייט דער אָוונט. די דאַמען פון די בענק ציען אַהיים, ווי שאָטנס... עס דערמאָנט מיך בכלל אין אַ פּאַריזער סקווער. איך זעץ זיך אַנידער נעבן דער רוימישער, דער נישט איבער־געבראָכענער דאַמע און דערמאָן זיך אַז איך האָב היינעס קבר באַ־זוכט אין פּאַריז... געווען דעמאָלט אַ רעוואָלוציאָנערע שטימונג... מיר האָבן געהאָפט אויף גרויסע וועלט־געשעענישן. איראָפּע איז געווען אין גרויס דערוואַרטונג. ס'האָבן הויך די פליגל פון רעוואָלוציע גע־פלאַטערט. איצט, יאָרן שפּעטער, קום איך צו היינעס מאָנומענט... היינעס וויזיע פון אַ שטורמדיג, ברוטאַל, גרויזאַם דייטשלאַנד איז מקוים געוואָרן — אויף אַ שרעקלעכן אופן. אָבער — אויב אַזוי, וועט דאָך היינעס נביאות אויך מקוים ווערן. זיין טרוים פון אַ פרייע

**וועלט, זיינע גן־עדן־וויזיעס, זיין געזאַנג וועגן דעם גוטן מענטש און ווי אַלץ איז מיט זון באַגאָסן און בלומען שטראַלן אין יעדן ווינקל...**

**אויב אַזוי — וועט דאָך אויך די נביאות פון זיין אונשטערב־לעכן פּאָעטישן ווערק — מקוים ווערן... און דאָס טרייסט מיך אַביסל...**

★

דער פּרינץ פון די דייטשע ראָמאַנטיקער, היינריך היינע, באַ־שרייבט ערגעץ אין זיינע פּראָזע־שריפטן אַ זון־אונטערגאַנג. געטריי דער אלט־מיטאָלאָגישער פאָרשטעלונג פוז די נאַטור־קרעפטן און דערשיינונגען אין דער פאַרקערפּערונג פון מענטשלעכע פיגורן — אַפילו די געטער אַנטוענדיג אין רייצנדן, באַגערנדיגן פלייש — זעט היינריך היינע אַ וואַנזיניגע פּרינצעסין וואָס רייסט שטיקער פאַר־ביגע זייד, ברעכט פאַיאַנס און טייערע כינעזישע פאָרצעליי. אַ הער־לאַכע וויזיע פון זון־אונטערגאנג. די צאַרטע, פאַנטאַסטישע פּרינצעסין רייסט און ברעכט אַלץ מיט אירע נערוועזע הענט און — דערפון אזא מיראַזש פון גאָלד און בראָנז אויפן פלאַמענדיגן האָריזאָנט . . .

מיר דאכט אַז אין אָט דער פּרינצעסין האָט היינריך היינע אומ־דירעקט פאַרקערפּערט ז י ך , זיין אייגענעם הערלאָישן גייסט־און געניוס. דען ווער נאָך ווי ער אַליין האָט אַזוי שיין און אזוי גלענצנד געריסן שטיקער פון די משוגענע אוצרות, וואָס האָבן אין דער טיפעניש פון זיין נשמה געפלאַמט. ווער נאָך האָט אזוי פאַר־שווענדעריש־רייך געוואָרפן ביזשוטעריע־פראַגמענטן צום גאָט פון שיינקייט. ווער נאָך ווי ער האָט זיך אַזוי פאַרביג, אזוי פּאָעטיש און אזוי קינסטלעריש־עכט געקריגט מיט אַ גאַנצע וועלט און אין ווילדן כעס געשמעטערט גאָלד און זילבער און שיינקייטן באַשאַפן פון גע־שמעטער און פון די בערג מיט „דזשאָנק" האָבן ארויסגעשפּראָצט ריי־זיגע בלומען, וואָס האָבן געאָטעמט הייס און אימפּעטיג ווי חיות אין דזשאַנגל . . .

# אַנשטאָט אַ פאָרוואָרט

דאָס בוך „שניט פון מיין פעלד,״ ווי דער לייענער קען לייכט דערקענען, איז געדרוקט געוואָרן אין „פאָטאָ־אָפסעט.״ עס איז, ווי מיר דאַכט, דאָס ערשטע בוך אין אידיש פון דעם מין. אין ענגליש זיינען שוין דערשינען אַזעלכע בוך־אויסגאַבן. אין אַ משך פון לאַנגע חדשים האָב איך געשניטן מיטן זשיליעט, געשוירן, געקלעפּט און צוזאַמענגעשטעלט דאָס בוך. עס איז אַ מאָנאָטאָנע אַרבעט. אָבער וואָס טוט נישט אַ יונגער, אַמביציעזער שרייבער בדי צו רעאַליזירן זיינס אַ נייעם בוך? (מיין פּען האָט געלאָזט פאַלן דאָס וואָרט „יונגער״ און איך האָב געשמייכלט... אינם אַנטקעגנאיבערדיקן שפּיגל זע איך שוין, גרויע האָר אין מיין קאָפּ...).

וואָס איז טאָקע דער טרייב־כוח פון אַרויסגעבן דאָס בוך אין „פאָטאָ־אָפסעט״?

עס איז דער באַוואוסטזיין פון אומגעהויערער איינזאַמקייט אין דער אידישער ליטעראַטור. עס איז די האָפנונגסלאָזיקייט פון אַ אידישן שרייבער, וואָס ווייסט אַז ער איז שרעקלעך איינזאַם. אַז עלטערע קאָלעגן פירן טיש פאַר זיך, גיבן אַרויס זייערע אייגענע ווערק, נעמען פאַר זיך די פּרעמיעס, נוצן אויס פאַר זיך און פאַר זייערס גלייכן די לעצטע עטלעכע אידיש־מעצענאַטן, זאָרגן נישט פאַרן המשך פון אידישער קולטור אויף אַן אמת־אידעאַליסטישן שטייגער, קוקן זיך נישט אום אויף אַ יונגערן שרייבער, שענקען אים נישט קיין גוט וואָרט. מיט קליינע אויסנאַמען זיינען די עלטערע אידישע שרייבער פיינטלעך צום יונגערן אידישן שרייבער אין אַמעריקע.

דאָס אַלץ געשעט בשעת אין די צייטונגען ווערן יעדן טאָג גע־דרוקט נעקראָלאָגן פונם אָפּשטאַרבנדיקן אידיש־פּובליקום. בשעת די באַזע פון אידישער קולטור שמעלצט זיך יעדן טאָג אַזוי ווי שניי.

אָט־די אַבסאָלוטע איינזאַמקייט איז דער טרייב־כוח פון אַר־בעטן, קלעפּן, שרייבן, צוזאַמענשטעלן, אַרויסגעבן, אַליין פאַרקויפן, אַליין פאַרשפּרייטן דאָס אידישע, דאָס אייגענע בוך, וואָס מען ברעכט אָפּ פון אייגענעם בלוט און פלייש. די איינזאַמקייט פון אַ מענטשן וואָס שרייבט, גיט אַרויס און פאַרשפּרייט זיין ווערק מיט אַ מין רע־ליגיעזן ברען, מיט יענעם עקסטאַז, מיט וועלכן נביאים און פּרעדי־קער פאַרשפּרייטן אַ נייע רעליגיעזע לערע. אָן דעם דאָזיקן עקסטאַז וואָלט נישט מעגלעך געווען פאַרן שרייבער דורכצוגיין די שבעה מדורי גיהנום פון אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן זיין ווערק. ער טוט עס ווי אַ היילקע מיסיע. ער שפּרייט פאַנאַנדער די בלעטער פון זיין ווערק ווי אַ גרויס פייער.

ביי אַנדערע באַדינגונגען, ווי געזאָגט, וואָלט דער שרייבער זיין בוך נישט אַרויסגעגעבן אין דער פאָרם פון „פאָטאָ־אָפסעט״... וואָלט אַ יונגערער אידישער שרייבער געהאַט אַ האָפנונג אַז עמעץ וועט אים איינלאַדן אַרויסצוגעבן זיינס אַ ווערק, וואָלט ער זיך אַבסאָלוט נישט פאַרנומען מיט דער מלאכה פון אַליין אַרויסגעבן זיין בוך. דאָס איז קלאָר געגוג. נישט האָבנדיק די דאָזיקע מעגלעכקייטן, זוכט דער שרייבער אַלע מיטלען כדי זיין ווערק זאָל קומען אויף דער

ליכטיקער שיין.

***

איצט, אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם בוך און די „איינהייטלעכקייט“ פון זיין אינהאַלט. איך זע שוין פאָראויס די באַמערקונגען פון די קריטיקער אַז דאָס בוך איז נישט איינהייטלעך אין מאַטעריאַל. עס איז אַ מעלאַנזש פון פאַרשידענע ליטעראַרישע פאָרמען און אינהאַלט. דערויף קען איך ענטפערן אַז די איינהייטלעכקייט פון אַ ווערק ווערט נישט דעצידירט דורך דעם באַטרעפנדיקן ליטעראַרישן זשאַנער און אינהאַלט, נאָר דורך דער פעדער וואָס האָט זיי אַלע געשריבן. די עסייען, אַרטיקלען, דערציילונגען און מיניאַטורן פון מיין איצטיקן בוך זיינען געשריבן געוואָרן אַלע אין די לעצטע יאָרן. איין פען, איין ציטערנדיקע האַנט, האָט זיי געשריבן אין די לעצטע טראַגישע יאָרן. טראַגיש — פאַר אונדזער פאָלק, טראַגיש — פאַר דער וועלט. עס זיינען אַרטיקלען און עסייען וועגן אידישע שרייבער, וועגן אידישע פּראָבלעמען, געשריבן אין דער שטימונג און אַטמאָספערע פון די לעצטע יאָרן, לעצטע חדשים, לעצטע וואָכן. דאָס בוך איז דעריבער אַן אַקטועל בוך, אויב אַקטואַליטעט בכלל האָט וועלכן עס איז ווערט. (ליטעראַריש איז אַקטואַליטעט נאָר דעמאָלט אַ קוואַליטעט, ווען עס האָט אַן עלעמענט פון דאָס אייביקע, פון דעם פילאָסאָפישן אייביקייטס־אויג געזען). אין דעם דאָזיקן בוך, דיאַפּאַזאָניש, זיינען אויך פאַרזאַמלט אַלע מיינע פעלערן און טוגענטן. און ביידע זיינען מענטשלעך — די טוגנט און דער פעלער. דער קינסטלער ראַנגלט זיך זיין גאַנץ לעבן מיט זיינע פעלערן. פעלערן טרייבן אים צו אַרבעט און צו זעלבסט־קאָנטראָל. עס זיינען די פעלערן וואָס צינדן זיין אַמביציע און זיין קאַמפס־געפיל צו גיין באַרג־אַרויף. די גאַנצע וועלט־קונסט איז אַ גאַנג צו באַזיגן, צו טריאומפירן איבער די פעלערן. די יעניקע שרייבער וואָס דערגרייכן פולקאָמענקייט, הערן אויף צו שאַפן, ווייל זיי הערן אויף זיך צו שלאָגן מיטן דעמאָן פון קונסט. אויך גרויסע ווערק האָבן גרויסע פעלערן. דאָסטאָיעווסקי און באַלזאַק זיינען רייך אין פעלערן. פלאָבער איז קלאָר ווי אַ דימענט. פלאָבער האָט טאַקע ווייניק געשאַפן. פלאָבער האָט זיך סאַדיסטיש גערייניקט און געפייניקט און רעדוצירט זיין „סאַלאַמבאָ“ צו אַ פינקלענדיקן דימענט. אָבער מען לעבט נישט מיט דעם ליכט פון קאַלטע איידלשטיינער. אין לאַנגע ווינטער־נעכט וואַרעמט מען זיך די געפרוירענע הענט ביים פייער פון קאַמין, אין וועלכן עס קרעכצן די פייכטע צווייגן פון וואַלד, וואָס אַן אָרעמע און טרויעריקע האַנט האָט אָנגעקליבן. עס זיינען די גרויסע רעליגיעס, די פלאַמענדיקע נביאים, די אָנגעצונדענע קינסטלער, די העראָאישע נאַטורן, ביי וועמעס ליכט מען וואַרעמט זיך אין די גרויסע ווינטערדיקע נעכט פון מענטשלעכן יאוש און צווייפל.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות גייט דערמיט זיינע פעלערן נישט באַרעכטיקן. ער וויל נאָר אָנווייזן, אַז ער דעמאָנסטרירט זיינע פעלערן מיט דער זעלביקער אויפריכטיקייט ווי זיינע טוגענטן. דאָס פולקאָמענע און אָפגעפוצטע, דאָס שטייפע, גלאַטע און פּאַצעטישע האָט מיך אויך אין דער ליטעראַטור נישט אַטראַקטירט. מיך האָט שטענדיק געצויגן צו די יעניקע וואָס קעמפן אין דער גרויסער נאַכט מיט זייער פינצטערן שיקזאַל. די שטילע, שעמעוודיקע, גע־

בראָכענע און געשטראָפטע האָבן מיך שטענדיק אינטערעסירט, אין דער ליטעראַטור ווי אין לעבן. אַ שיינרעדנער און גלאַט־שרייבער האָט מיך שאָקירט. דאָרט וואו די שטימע ברעכט זיך איבער, פון אומזיכערקייט, געראַנגל און טרערן, דאָרט האָב איך זיך שטענדיק מיט פאַרזיכטיקייט צוגעהערט. די ליטעראַטור, ווי דאָס לעבן — אַלץ באַוועגט זיך אין אַן עוואָלוציאָנער־שמערצפולן און טראַגישן גאַנג צו פולקאָמענקייט. אָט דער דאָזיקער פיינפולער פראָצעס איז וויכטיקער ווי דער פולקאָמענקייטס־צוועק. דאָס געשריי פון שמערץ איז אונדז מענטשלעך־טייערער ווי דער שאַל פון פרייד פון ענדלעכער דערגרייכונג, וואָס וועט צו אונדז, איינזאַמע און פאַר־שאָלטענע, זיין סיי ווי פרעמד און פאַנטאַסטיש.

די עסייען, אַרטיקלען און דערציילונגען וואָס זיינען אַריין אין דאָזיקן בוך, זיינען דערשינען אין ניו־יאָרקער „וואָכנבלאַט,” אין די יאָרן 1935־1948, אַ חשבון פון אַרום דרייצן יאָר פון מיין מיטאַר־בעטערשאַפט אין דאָזיקן זשורנאַל. איך דריק דאָ אויס מיין האַר־ציקן פריינט און קאָלעגע, דעם דיכטער יצחק ליבמאַן, דעם רעדאַק־טאָר פון ניו־יאָרקער „וואָכנבלאַט,” מיין טיפסטן דאַנק פאַר דער דער־לויבניש זיך צו באַנוצן מיט די דאָזיקע זאַכן פאַר מיין בוך. איך קען בלויז צוגעבן אַז אין ניו־יאָרקער „וואָכנבלאַט,” מיטן באַוואוסט־זיין אַז דער זשורנאַל ווערט געלייענט אין ניו־יאָרק און איבערן לאַנד, אין ליטעראַרישע קרייזן, אין אַן אַטמאָספערע פון די לעצטע מאָהיקאַנער פון אידיש, האָב איך זיך באַמיט צו געבן די בעסטע פראָדוקטן פון מיין פעדער, וויסנדיק באַזונדערס אין פאָראויס, אַז קאָלעגע יצחק ליבמאַן שאַנעוועט דאָס אידישע וואָרט און רירט זיך נישט צו צו דעם מיט יענער טיפּישער אומליטעראַרישער ברוטאַ־ליטעט, מיט וועלכער עס צייכנען זיך אויס געוויסע אַנדערע רע־דאַקטאָרן. און פאַר דעם קומט קאָלעגע יצחק ליבמאַנען אַ ספּעציעלן דאַנק. עס איז גוט צו קענען זאָגן, אַז דאָס בוך איז דערשינען אַזוי ווי איך האָב עס געשריבן.

איך דערמאָן אויך מיט דאַנק פאָלגנדע זשורנאַלן, פון וועלכע איך נעם אַרויס פאַר מיין בוך עטלעכע פון מיינע זאַכן: „דער פאָרויס,” מעקסיקע, רעדאַקטאָר ש. יעזשאָר; „דער וועג,” שיקאַגע, רעדאַקטאָר נתן קראַוויץ; „דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק,” ניו־יאָרק, רעדאַקטאָר יעקב קענער; „די ביאַליסטאָקער שטימע,” ניו־יאָרק, רעדאַקטאָר דוד סאָהן; „די אידישע שטימע,” ניו־יאָרק.

עס מוזן אויך דערמאָנט ווערן מיט דאַנק יענע אײדעלע מענטשן, מיינע גוטע פריינט און פאַרערער, וואָס אָן זייער מאַטעריעלער ביי־שטייערונג וואָלט דאָס בוך אַבסאָלוט נישט געקענט דערשיינען. יעדער אויף זיין אופן און שטייגער האָט צוגעטראָגן זיין ציגל צום בנין. זיי אַלע דריק איך האַרציק זייערע אײדעלע הענט. אויף זייער פריינטשאַפט שטיצט זיך דאָס אידישע בוך. פאַראַן אָבער אויך אַזעלכע וואָס, ווען דאָס בוך איז ענדלעך פאַרטיק און ווערט פאַנאַנ־דערגעשיקט צו אונדזערע אידיש־לייענער, וואַרפן זיי זיך דערמיט אַרום גאָרנישט אויף קיין סימפּאַטישן שטייגער. צו די דאָזיקע מעג געזאָגט ווערן אַ וואָרט פון מוסר. עס דאַרף זיי געזאָגט ווערן, אַז מיר אידן זיינען אַן עם־הספר. אַז אונדזער ליבשאַפט צום ספר האָט

אונדז געקרוינט פאַר דאָס וואָס מיר זיינען. און אַז עס איז אין דער אידישער טראַדיציע אַליין פאַנאַנדערצוטראָגן דאָס אידישע בוך איבער שליאַכן און וועגן צום אידישן הויז. נישט קיין אַנגענעמע זאַך איז עס צו גיין מיט אייגענעם בוך אויף די פּלייצעס און עס פאַרשפּרייטן אין אידישע הייזער. אָבער די טריט פון פאָרגייער דערקענט מען אויפן זעלביקן וועג — די טריט פון יענע וואונדער־לעכע מחברים, וואָס האָבן זייערע ספרים און חיבורים געטראָגן צום פאָלק. מען דערקענט די טריט פון די הייליקע געשטאַלטן פון אידישע אויטאָרן — פון פאַרגאַנגענע צייטן, אַזש ביז צו די דיכטער, דענקער און טרוימער פון שפּאַנישן גאָלדענעם פּעריאָד...

און איצט בלייבט מיר בלויז צו ווינטשן מיין ווערק — אַלאַ משה נאַדיר׳ס אַ רירנד ליד צו זיין נאָמען — צו גיין זיין וועג און האָבן זיין ווירקונג און זיין דערפאָלג. נאַקעט, אין דעם קלייד פון זיין אייגענעם ליכט און קאָליר, גייט עס זיין וועג צו אים, צו מענטש און צו גאָט. איינמאָל דיך אַרויסגעלאָזן פון מיינע הענט, מיין גע־ליבט ספר, איינמאָל דיך אָפּגעבראָכן פון מיין האַרצן, אַזוי ווי אָדם האָט אָפּגעבראָכן חוה׳ן פון זיין פלייש און פון זיין חלום, ביסטו פריי צו גיין דיין אייגענעם וועג אין דעם אומעטיקן אידיש־וואַלד. דו וועסט זיכער אויסזוכן פאַר זיך די שענסטע, די איידלסטע שטעגן. דו וועסט זיכער געפינען מענטשן־אינזלען, וואָס וועלן דיך אויפ־נעמען שיין און וועלן מיט דיר פאַרברענגען אין די טונקעלע שטונדן פון טרויעריקן, פון לירישן געמיט. זיי נישט טרויעריק, מיין טייער בוך, דו וועסט געפינען גוטע פריינט אין לעבן. דו וועסט אויף דער וועלט נישט פאַרלוירן גיין. דו קענסט דאָך אייביק נישט אָפּהענגיק זיין אין מיר. די צייט איז טייער און איך קען זיך דאָך נישט מיט דיר פאַרנעמען דאָס גאַנצע לעבן.

טאָ זיי געזונט און שלאָג זיך דורך דיין וועג אין לעבן. אַ גוטן טאָג דיר, מיין טייער בוך, וואָס כ׳האָב אָפּגעבראָכן פון מיין פלייש און בלוט, אַזוי ווי גאָט האָט אָפּגעבראָכן די וועלט פון זיין גרויסן האַרצן.

ניו־יאָרק, 22־טער אַפּריל, 1948.

# אינהאַלט

# ביכער פון ש. טענענבוים

1) „עאופאריאן"
פאעמע, אנטווערפן, 1931.

2) „ביי דער וועלט צו גאסט"
רעפארטאזשן און דערציילונגען, ווארשע, 1937.

3) „דער ספינקס"
נאוועלע, שיקאגא, 1938.

4) „קינדער פון דער זון"
עסייען, מעקסיקא סיטי, 1942.

5) „גאלד און זשאווער"
דערציילונגען, מעקסיקא סיטי, 1943.

6) „די שריפט אויפן האריזאנט"
דערציילונגען און עסייען, ניו-יארק, 1947.